# די יידן אין פוילן

## פון די עלטסטע צייטן ביז דער צווייטער וועלט-מלחמה

ערשטער באַנד

אַרויסגעגעבן דורך דעם קאָמיטעט
פאַר דער אויסגאַבע „די יידן אין פוילן"
ניו־יאָרק, 1946

# אַ פּאָר ווערטער פון די אַרויסגעבער

אין 1941 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאָמיטעט פאַר דער אויסגאַבע „די יידן אין פוילן". דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון אַ ריי אַמעריקאַנער יידישע אַרבעטער־טוער, יידישע שרייבער און יידישע סאָציאַליסטישע טוער פון פוילן. דער ציל פון דעם קאָמיטעט איז געווען צוגרייטן און אַרויסגעבן אַ גרינדלעכע אויסגאַבע, וועלכע זאָל געבן אַן אויסשעפּנדיק בילד פון לעבן, שאַפן און קאַמף פון דער 3־מיליאָניקער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן צווישן די 2 וועלט־מלחמות. נישט צופעליק איז אויסגעקליבן געוואָרן דער דאָזיקער צייט־אָפּשניט, איז ער דאָך געווען אָנגעלאָדן מיט אַזאַ אומגעהויערער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער דינאַמיק. אין משך פון די 20 יאָר האָבן די יידישע מאַסן אין פוילן אַזויפיל געשאַפן אויף אַלע געביטן — סאָציאַל, פּאָליטיש, ווירטשאַפטלעך, קולטורעל — אַז די דאָזיקע יאָרן — נישט געקוקט אויף דעם, וואָס עס איז אויסגעקומען אַזוי שווער זיך צו ראַנגלען פאַר דער אייגענער עקזיסטענץ — וועלן באַצייכנט ווערן ווי די „גאָלדענע תקופה" אין דער קרוב 1000־יאָריקער געשיכטע פון יידן אין פוילן.

דאָס יידישע לעבן אין פוילן פאַר דעם פּעריאָד האָט אויסגעשטראַלט איבער גאָר דער וועלט. ניטאָ קיין יידישער ישוב אויף דער וועלט, וואָס האָט זיך אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן נישט געפונען אונטער דער השפעה פון דעם קאָכיקן יידישן לעבן אין פוילן.

אין 1941 האָט נאָך קיינער נישט געוואוסט, אַז 6 מיליאָן יידן וועלן אויף אַזאַ אומגלויבלעכן אופן פאַרברענט ווערן אין די אויוונס פון מאַידאַנעק, טרעבלינקע, א. א. וו. אַלע האָבן אָבער געפילט, אַז עס דערנענטערט זיך אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע, אַז די נאַצישע בעסטיע וועט פּראָדוצירן בלוטדורשטיקייט און אכזריות, וועלכע די געשיכטע פון דער מענטשהייט האָט נישט געקענט. און עס איז דעריבער געווען אויך קלאָר, אַז אַ געוויסע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק שליסט זיך אָפּ. אַן עפּאָכע אַ רייכע, פול מיט שעפערישער שפע. אַן עפּאָכע פון וועלכער מען וועט דאַרפן אַ סך, אַ סך לערנען, כדי פון איר צו לערנען, מוז מען זי קענען.

אין דעם אויסגעאַרבעטן דורכן קאָמיטעט פּלאַן איז געווען פאָראויסגעזען אַ גרעסערע היסטאָרישע איינלייטונג. עס איז אוממעגלעך צו פאַרשטיין דאָס יידישע לעבן אין פוילן אין 20־טן יאָרהונדערט, צו באַנעמען די גרויסע פּראָצעסן, וואָס זיינען פאָרגעקומען — אָן דעם היסטאָרישן אונטערגרונט. העכער



800 יאָר קאַמף און לעבן, נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע און נאַציאָנאַלן שאַפן האָבן געלייגט אַ שטעמפּל, האָבן אויסגעבילדעט דעם אייגנאַרטיקן כאַראַקטער און שטאָלצן באַוואוסטזיין פון פוילישן ייד.

וואָס מער מיר האָבן זיך דערוואוסט וועגן פאַרנעם פון חורבן פוילן, אַלץ בולטער איז געוואָרן ווי וויכטיק עס איז פאַנאַנדערצוואוויקלען דעם היסטאָרישן פאָן. דערפאַר איז דער היסטאָרישער טייל אויסגעוואַקסן אין אַ גאַנצן באַנד. ער האָט געזאָלט זיין נאָך גרעסער. נישט צוליב אונזער שולד איז נישט אַריין אין דעם באַנד — אַן אויספירלעכע אַרבעט פון דעם יידישן היסטאָריקער א. מענעס וועגן דער קולטור־געשיכטע פון די יידן אין פוילן, און דער מחבר האָט זיך באַגרענעצט בלויז מיט אַ קלענערער אַרבעט וועגן די פוילישע יידן אין דער יידישער געשיכטע.

עס זיינען כמעט נישטאָ קיין סינטעטישע אַרבעטן וועגן דער יידישער געשיכטע אין פוילן. דאָס האָבן געפּרואווט טאָן דר. ר. מאהלער און דר. יעקב שאַצקי. הגם וועגן די אָדער יענע אויספירן פון די מחברים קענען זיין געוויסע מיינונג־פאַרשידנקייטן, דאָך האָבן מיר געהאַלטן פאַר נויטיק און נוצלעך צו לאָזן די מחברים פריי אַרויסצוזאָגן זייערע מיינונגען, כדי צו געבן זיי די מעגלעכקייט דורכצופירן די ליניע און גאַנג פון יידישן לעבן, וועלכע זיי האַלטן פאַר ריכטיק.

דער ערשטער באַנד, וועלכן מיר גיבן יעצט אַרויס, דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַן איינלייטונג, ווי אַן אָנהויב. דער עיקר איז דאָך — אין די ווייטערדיקע בענדער צו שילדערן דעם וואונדערלעכן פאַרמעסט אויסצובויען אַן אייגן מאָדערן־יידיש קולטור־לעבן, צו באַקענען דעם יידישן לייענער מיט דער העראָאישער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, מיט דער פאַרבנרייכער יידישער ליטעראַטור א. א. וו.

אין אונזער טעקע געפינען זיך שוין פאַרטיק צום דרוק פאָלגנדיקע אַרבעטן: ח. ש. קאַזדאַן - - די געשיכטע פון דער יידישער שול־באַוועגונג אין אומאָפּהענגיקן פוילן (ציש"א, תרבות, בית יעקב און אַנדערע); י. י. טרונק — די יידישע ליטעראַטור אין פוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות; אהרן צייטלין — די יידישע פּאָעזיע; פ. שוואַרץ — אַנטיסעמיטיזם און קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם אין אומאָפּהענגיקן פוילן; ל. בראַנדעס — די רעכטלעכע לאַגע פון יידן אין פוילן; אל. ערליך — יידן אין

דער אינדוסטריע; י. ש. הערץ - די ייד. סאָצ. יוגנט־באַוועגונג אין פּוילן, א. א.

עס ווערן געגרייט אַרבעטן וועגן „בונד" אין פּוילן, פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, א. אז. וו.

פון אונזערע פריינט איז אָפּהענגיק דאָס דער־שיינען פון די ווייטערדיקע בענד.

העכער 4 יאָר האָט געדויערט ביז עס איז אונז געלונגען אַרויסצוגעבן דעם ערשטן באַנד. בעת די מורא'דיקע שחיטות אויף יידן איז שווער געווען זיך צו קאָנצענטרירן און זיך פאַרנעמען מיטן נעכטן — אַלע חושים זיינען געווען פאַרנומען מיטן היינט.

אין אָנבליק אָבער פון דעם גרויסן אומגליק ווערן אונזערע פליכטן באַזונדער גרויס לגבי דעם עבר. ווען מיר יעצט טאַקע אָנשטרענגען אַלע קרעפטן די אויסגאַבע צו דערפירן ביזן סוף. זי איז פאַרטראַכט ווי אַ 3־בענדיקע.

מיר ווילן אויסדריקן אונזער דאַנק אין דער ערשטער ריי די מחברים — א. מענעס, דר. ר. מאהלער, דר. י. שאַצקי און וויקטאָר שולמאַן. דאַן די חברים, וועלכע האָבן באַזונדערס געהאָלפן און מיטגעווירקט, אַז דער פּלאַן זאָל רעאַליזירט ווערן — די חברים ב. צביון, מ. וואַסער, ע. נאָוואָגרודסקי, ל. האָדעס, י. ש. הערץ, ש. מענדעלסאָן, י. ווינבערג און נ. כאַנין.

מיר דריקן אויס אונזער דאַנק די אינסטיטו־ציעס, וועלכע האָבן מעגלעך געמאַכט אַרויסצוגעבן דאָס בוך: אינטערנעישאָנעל לײדיס גאַרמענט וואָר־קערס יוניאָן, דזשאָינט, יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט און אַמעריקאַנער רעפּרעזענטאַנץ פון „בונד" אין פּוילן.

קאָמיטעט פאַר דער אויסגאַבע „די יידן אין פּוילן"

# דער פּוילישער ייד אין דער יידישער געשיכטע

## פון א. מענעס



דן זיינען אָפט באַצייכנט געוואָרן ווי דאָס פאָלק פון בוך, דאָס עם הספר. די חכמה פון לייענען און שרייבן איז, אמת, ווייט ניט קיין יידישער אויפטו און ווען די בני ישראל האָבן נאָך אָקאָרשט אָנגעהויבן צו שטעלן זייערע ערשטע טריט אויף דער אַרענע פון דער וועלט־געשיכטע, האָבן די מצריים און בבלים שוין געהאַט הינטער זיך מער ווי אַ צוויי־טויזנט־יאָריקע געשיכטע פון קולטור און מלוכה־לעבן. עס איז אָבער אַבּ־סאָלוט ריכטיק, אַז יידן זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געשאַפן דאָס בוך פון פאָלק. דער תנ״ך איז געווען דער ספר, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון פאָלק און וואָס האָט דאַן ווידער געהאָלפן צו פורע־מען און געשטאַלטיקן דאָס יידישע פאָלקסלעבן. ווען מען וויל זיך פאַרטיפן אין דער יידישער געשיכטע טאָר מען אָבער ניט אַרויסלאָזן פון זינען דעם פאַקט, אַז די תורה שבעל־פה האָט אָפט אין יידישן לעבן געשפילט ניט קיין קלענערע ראָלע ווי די תורה שבכתב, און אַז די סאַמע שעפערישסטע תקופות אין דער יידישער געשיכטע זיינען אָפט געווען גראדע יענע פעריאָדן, ווען מען האָט זיך אַמווייניקסטן פאַר־נומען מיט שרייבן. דאָס איז, למשל, ריכטיק בנוגע דער תלמודישער תקופה, וואָס האָט איבערגעלאָזן אַזוי ווייניק מאָמענטן פון אַ ריין ליטעראַרישן כאַ־ראַקטער, און דאָס איז אויך אין גאָר אַ גרויסער מאָס ריכטיק בנוגע דער געשיכטע פון יידן אין פוילן.

נאָכן גירוש שפּאַניע (1492) גייט די גייסטיקע פירונג אין יידישן לעבן אַלץ מער אַריבער צום יידישן קיבוץ אין פוילן. שוין אין 16טן יאָרהונדערט ווערן די פוילישע ישיבות דער צענטער פון תורה פאַר אַלע איבעריקע יידישע ישובים אין אייראָפּע. פוילן איז אָבער פאַר דער יידישער וועלט געווען אַ סך מער ווי בלויז אַ מקום תורה. עס איז לחלוטין ניט קיין גוזמא צו זאָגן, אַז קיין שום יידישער גלות־ישוב (מיטן איינציקן אויסנאַם פון בבל) האָט ניט גע־שפילט אַזאַ אנטשיידנדיקע ראלע אין דער יידישער געשיכטע ווי דער ישוב פון פוילן. אָן פוילן וואָלטן מיר היינט ניט געקענט רײדן וועגן אַ ייִדיש פאָלק. עס וואָלטן אין בעסטן פאַל פאַרבליבן צעשפרייטע רעשטלעך יידן. דער עיקר אין אַזיע און אַפריקע, אָבער אָן גרויסע שעפערישע כוחות און אָן נאַציאָ־נאַלע אַמביציעס.



דער איבערגאַנג פון מיטלעלטער צו דער נייער צייט איז געווען אַ באַזונדערס קריטישער מאָמענט אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק. מיטן 13טן יאָרהונדערט הייבט זיך אָן אַ סדרה פון קאַטאַסטראָ־פעס, פאָגראָמען און גירושים, וואָס האָבן געפירט צו דעם כמעט פולשטענדיקן חורבן פון די באַדייטיק־סטע יידישע קיבוצים אין מערב־אייראָפּע און אין נאָענטן מזרח. די אינוואַזיע פון די מאָנגאָלישע שבטים אין מעסאָפּאָטאַמיע, וועלכע האָבן געמאַכט אַ תל פון די פרוכטבאַרסטע געביטן צווישן פרת און חידקל, האָט ממילא אויך רואינירט דעם יידישן ישוב אין בבל, דעמאָלט דער באַדייטנדיקסטער יידישער צענטער אין דער איסלאַמישער וועלט. דאָס לעגענ־דאַריש פרוכפעריקע לאַנד „צווישן די טייכן״ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מדבר און באגדאד — די שטאָט פון טויזנט און איין נאַכט — וואָס האָט אין דער בלי־תקופה פון אַראַבישן קאַליפאַט געציילט לכל הפחות אַ האַלבן מיליאָן איינוואוינער, האָט, לויט די עדות פון אייראָפּעאישע רייזנדיקע, אין 17טן יאָרהונדערט געציילט ניט מער ווי 15,000 נפשות. פון די פריער־באַרימטע גרויסע יידישע ישובים אין דער אַראַביש־איסלאַמישער וועלט זיינען נאָך דער מאָנגאָלישער אינוואַזיע פאַרבליבן ניט מער ווי קליי־נע און פאַראָרימטע רעשטלעך. אפשר נאָך קאַטאַ־סטראָפאַלער איז געווען דער חורבן פון די וויכטיק־סטע יידישע קיבוצים אין דער קריסטלעך־אייראָפּע־אישער וועלט. אין יאָר 1290 ווערן די יידן פאַר־טריבן פון ענגלאַנד. בערך אַ יאָרהונדערט שפּעטער ווערן די יידן כמעט אינגאַנצן פאַרטריבן פון פראַנק־רייך, פון דעם לאַנד, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ פירנ־דיקע ראָלע אין דעם רענעסאַנס פון יידישן גייסטיקן לעבן אין אייראָפּע און וואו עס האָבן געלעבט און געווירקט אַזעלכע גרויסע יידישע אויטאָריטעטן ווי רבינו גרשם, רש״י און די בעלי התוספות. אין משך פון 14טן און 15טן יאָרהונדערט ווערן אויך חרוב דער גרעסטער טייל פון די יידישע קהילות אין דייטשן שפראַך־געביט. די טרויעריקע קייט פון גזירות, גירושים און קאַטאַסטראָפעס פאַרענדיקט זיך סוף 15טן יאָרהונדערט מיטן גירוש ספרד, מיט דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון דעם עקאָנאָמיש איינגעפונדעוועטן און גייסטיק אַזוי שטאָלצן יידישן ישוב אין שפּאַניע.

אין אַלטע כראָניקעס, ווי אין די מאָדערנע

לערנביכער פון יידישער געשיכטע, ווערט כידוע דערציילט ווי די פאַרטריבענע פון דייטשלאַנד, שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָבן געפונען אַ זיכערן מקום מקלט אין פּוילן, טערקיי און אַנדערע מזרח־לענדער. דער אמת איז אָבער אַז געראַטעוועט האָט זיך בלויז אַ מינדערהייט. גאָר אַ סך פון די מערב־אייראָפּעאישע יידן זיינען אומגעקומען בעת די פאַרשיידענע רדיפות און פּאָגראָמען, אַנדערע (דער עיקר אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל) זיינען געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן דעם גלויבן פון זייערע עלטערן און האָבן זיך מיט דער צייט פאַרמישט מיט דער אַרומיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג. און אפילו פון די וואָס האָבן גענומען דעם וואַנדערשטעקן אין האַנט, זיינען ניט ווייניק אומגעקומען אונטערוועגס פון הונגער און קראַנקייטן.

אויב יידן זיינען פונדעסטוועגן אין משך פון 5—6 דורות ווידער געקומען צו זיך, האָבן מיר עס צו פאַרדאַנקען אויסשליסלעך דעם נס פּוילן.

מען גיט זיך נאָך ביי אונז ביז צום היינטיקן טאָג ניט אָפּ קיין חשבון וועגן דער גורלדיקער ראָלע, וואָס דאָס פּוילישע יידנטום האָט געשפּילט אין יידישן לעבן זינט דעם אָנהויב 16טן יאָרהונדערט. פּוילן איז געוואָרן דער מקום מקלט דער עיקר פאַר די דייטשישע, די אַזוי גערופענע אַשכנזישע יידן, בעת די ספרדים, די יידן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָבן זיך באַזעצט אין די לענדער פון דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע (טערקיי). אָנהויב 16טן יאָרהונדערט האָבן נאָך די ספרדים, סיי אין איכות, סיי אין כמות, זיכער פאַרנומען ניט קיין ווייניקער וויכטיקן פּלאַץ אין יידישן לעבן ווי די אשכנזים. מיט דער צייט ווערט אָבער די ראָלע פון די ספרדים אין אַלגעמיין יידישן לעבן אַלץ קלענער. די שעפערישע כוחות פון ספרדישן יידנטום האָבן אין די נייע היימען ניט געפונען דעם געהעריקן באָדן פאַר זייער אַנטוויקלונג.

גאָר אַן אַנדער מזל איז געווען באַשערט דעם יידישן קיבוץ אין פּוילן. עס איז לחלוטין ניט קיין גוזמא צו זאָגן, אַז לכל הפּחות איבער 80 פּראָצענט פון די יידן אין דער גאָרער וועלט ציען זייער יחוס פון אַלטן פּוילן. אין פאַרגלייך מיט דעם בילדן די ספרדים היינט צו טאָג ניט מער ווי 4־5 פּראָצענט פון יידישן כלל. אָנהויב 16טן יאָרהונדערט האָבן אין פּוילן געלעבט ווייניקער ווי צען טויזנט יידישע משפּחות. 400 יאָר שפּעטער, ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, זיינען פון די 16־17 מיליאָן יידן לכל הפּחות 13־14 מיליאָן געווען פון מזרח־אייראָפּעאישן, ד. ה. פון פּוילישן אָפּשטאַם. דער געוואַלטיקער וואוקס און די עקספּאַנסיע פון פּוילישן יידנטום דערקלערט זיך דער עיקר מיט דעם אויסערגעווינלעכן טעמפּ פון דער נאַטירלעכער פאַרמערונג אין די יידישע קהילות אין פּוילן. עס קען אין פלוג אמת אויסוויזן, אַז אַ גרעסערע נאַטירלעכע פאַרמערונג איז בכלל ניט קיין גרויסער אויפטו, און בכל אופן אַ קנאַפּער באַווייז פון אַ העכערן קולטור־מצב. עס איז דאָך כידוע היינט אַן אָנגענומענער כלל, אַז גראַד די קולטורעל־הינטערשטעליקע פעלקער צייכענען זיך אויס מיט זייער לפי ערך גרויסער צאָל געבורטן. דאָס איז אָבער אַ טעות, ווי עס באַווייזט די גאַנצע געשיכטע פון מיטלעלטער און דער נייער צייט ביז צום 20טן יאָרהונדערט. גרינדן פאַמיליעס, אויפהאָדעווען און דערציען קינדער איז גאָר ניט געווען אַזאַ פּשוטער ענין, ווי מען שטעלט עס זיך געווינלעך פאָר. אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער אָרעמער שטאָטישער באַפעלקערונג פלעגט בכלל ניט חתונה האָבן. אויסערגעווינלעך גרויס איז אַ חוץ דעם נאָך געווען די שטאַרביקייט פון קינדער. אַלע ידיעות, וואָס מיר פאַרמאָגן וועגן דער דעמאָגראַפישער אַנטוויקלונג פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג אין מערב־אייראָפּע באַווייזן, אַז דער וואוקס פון די שטעט איז צום ווייט גרעסטן טייל געגאַנגען אויפן חשבון פון דאָרף. אין די שטעט גופא האָט גראַד אין מיטלעלטער און אין אָנהויב פון דער נייער צייט די צאָל טויטפאַלן אָפּט ווייט איבערגעשטיגן די צאָל געבורטן. די אַלגעמיינע סאָציאַלע און היגיענישע באַדינגונגען אין די שטאָטישע ישובים ביז צום אָנהויב 19טן יאָרהונדערט זיינען געווען גאָר ווייניק גינסטיק פאַרן אויפהאָדעווען און דערציען פון אַ נייעם דור. אין די יידישע קוואַרטאַלן זיינען די היגיענישע תנאים בדרך הכלל געווען זיכער ניט בעסער ווי ביי דער אַרומיקער ניט־יידישער באַפעלקערונג. צו דעם מוז מען נאָך האָבן אין זינען די מאַסן־שחיטות בעת די גזרות ת״ח־ות״ט. אויב דער יידישער ישוב אין פּוילן האָט פונדעסטוועגן געהאַט צו פאַרצייכענען אַזאַ געוואַלטיקן נאַטירלעכן צוואוקס, דאַן איז דאָס בלי ספק געווען אַ רעזולטאַט ניט פון פּרימיטיווער „אומבאַהאָלפנקייט“, נאָר גראַד פאַרקערט. די דעמאָגראַפישע אַנטוויקלונג פון יידן אין פּוילן איז אַ רעזולטאַט פון דער לפי ערך זייער הויכער סאָציאַלער קולטור פון יידישן ישוב.

דער גאַנצער יידישער לעבנסשטייגער, דער בוי פון דער יידישער פאַמיליע, די אינסטיטוציעס פון סאָציאַלער הילף אין די יידישע קהילות און דער סאָציאַלער אחריות־געפיל פון יידישן יחיד האָבן אין דעם פּרט געשפּילט גאָר אַ וויכטיקע ראָלע. צו דעם איז אָבער צוגעקומען נאָך אַ מאָמענט, וואָס איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַרן פּוילישן יידנטום: אין קיין שום לאַנד אין אייראָפּע האָבן זיך יידן ניט געפילט אַזוי אין דער היים ווי אין פּוילן. אַזוי, למשל, שרייבט דער באַרימטער ראש ישיבה פון פּראָג, ר׳ משה איסערליש (רמ״א), צו זיינעם אַ תלמיד, וואָס איז פון פּוילן געפאָרן קיין דייטשלאַנד זוכן אַ שטעלע אויף רבנות און האָט זיך דאַן אומגעקערט

צוריק קיין פוילן: „איך האָב מיך געפרייט, ווען איך בין געוואויר געוואָרן, אַז דו ביזט בשלום געקומען צוריק, הגם איך האָב געהאָפט, אַז דו וועסט פאַרבלייבן אַ רב און אַ וועג־ווייזער אין איינער פון די קהילות. אָבער אפשר איז בעסער טרוקענע ברויט און אַ לעבן בשלוה אין אונזערע מדינות . . . וואו די שנאה צו אונז איז ניט אַזוי גרויס ווי אין דייטשלאַנד. הלוואי זאָל עס דאָ אַזוי בלייבן ביז משיח וועט קומען" (שו"ת הרמ"א, צ"ה).

דאָס יידישע לעבן האָט דערפאַר ערגעץ ניט דערגרייכט אַזאַ מדרגה פון אינערלעכער שלמות ווי אין פוילן. עס האָבן דאָ קודם כל געפעלט די אויסערלעכע סימנים פון יידישער רעכטלאָזיקייט און העגראַדירונג ווי דאָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די יידישע ישובים אין די דייטשע לענדער. אויך עקאָנאָמיש איז דער פוילישער ייד געווען מער איינגעגלידערט אין אַלגעמיינעם לעבן ווי זיינע ברידער אין מערב־אייראָפע. יידן זיינען געווען פאַרנומען ניט נאָר אין כמעט אַלע צווייגן פון האַנדל און מלאכה, נאָר אין גאָר אַ היפשער מאָס אפילו אין לאַנד־ווירטשאַפטלעכע פרנסות. וואָס דיפערענצירטער עס איז געוואָרן די יידישע עקאָנאָמיק און וואָס קאָמפּאַקטער עס זיינען מחמת דעם געוואָרן די יידישע קהילות אַלץ מער האָט זיך דער ייד געפילט זיכער, אַלץ רואיקער איז ער געוואָרן בנוגע זיין פערזענלעכן גורל און דעם גורל פון זיינע קינדער. ער האָט געוואוסט, אַז אַ ייד וועט צווישן יידן ניט פאַרפאַלן ווערן און דער יידישער ציבור האָט אויך גאָר אַ סך געטאָן, אַז יידן און באַזונדערס יידישע קינדער זאָלן ניט פאַרפאַלן ווערן.

ערשט אין פוילן זיינען יידן ווידער געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער קיבוץ, מיט אַן אייגענער שפּראַך, אייגענע פאָרמען פון סאָציאַלן לעבן און באַזונדערע אויטאָנאָמע אינסטיטוציעס. יידיש־טייטש איז דאָ געוואָרן יידיש לשון. דער יידישער קוואַרטאַל, וואָס איז אין מערב־אייראָפע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געטאָ, איז אין פוילן געוואָרן אַ יידישע גאַס, אַ מין יידישע טעריטאָריע. אין קיין שום אַנדער לאַנד אין אייראָפע האָבן די אינסטיטוציעס פון יידישער אויטאָנאָמיע זיך ניט אַזוי ברייט אַנטוויקלט ווי אין פוילן. דער פוילישער ייד איז מחמת דעם געווען אַ ייד אין דער היים און אַ ייד אין גאַס, אַ ייד אין בית מדרש און אַ ייד אין מאַרק. דער באַקאַנטער עסקן יעקב ליפשיץ באַשרייבט אין זיין ספר „זכרון יעקב" דעם אַלטן יידישן לעבנסשטייגער בזה הלשון: „די יידן האָבן ניט געוואוסט, וואָס הייסט אַזוינס זיך שעמען מיט יידישקייט פאַר ניט יידן . . . ווען די מתפללים פון די בתי מדרשים פלעגן ביינאַכט אַרויסגיין אויפן גאַס צוזאַמען, פלעגן זיי גיין און זינגען און עס איז זיי קיינמאָל ניט איינגעפאַלן, אַז די קריסטן וועלן פון זיי אָפּלאַכן". וויטער לייענען מיר אין דעם זעלביקן צוזאַמענהאַנג אַ שילדערונג פון יידישן שטעטל שמחת תורה: „אויף די גאַסן פלעגן זיין באַלויכטן; מען פלעגט אָנצינדן אויפן שולהויף פעסלעך מיט פעך, כדי די גאַנצע שטאָט זאָל זיין ליכטיק לכבוד דער תורה . . . אין די גאַסן און אויפן מאַרק פלעגן יידן פריי אַרוממאַרשירן און קיינער פלעגט זיי ניט שטערן. יידן פלעגן זיך פרייען און טאַנצן אויף די אָפענע פלעצער און קיינער פלעגט פון זיי ניט שפּאָטן."

דער פוילישער ייד האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין בטחון, מיט זיין אָפּטימיסטישן צוגאַנג צום לעבן. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ ברייט פאַרצווייגטן און אין תוך טיף־דעמאָקראַטישן ציבור־לעבן, וואָס איז, ניט געקוקט אויף אַלע זיינע חסרונות און שאָטן־זייטן, געווען אַ מוסטער פון סאָציאַלן צוזאַמענלעבן.

דאָס יידישע פוילן האָט אָבער געהאַט גאָר ווייניק מזל אין אונזער יידישער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור. צום טייל איז דאָ שולדיק דער פאַקט, וואָס די חכמת ישראל, אַ קינד פון דער דייטשער רעפאָרם־ און עמאַנציפּאַציע־באַוועגונג, האָט דעם פוילישן יידן כלל ניט פאַרשטאַנען און האָט אייגנטלעך אפילו ניט געמאַכט קיין ערנסטן פּרוּוו אים צו פאַרשטיין; צום טייל איז דערין אויך שולדיק דער גאָר באַזונדערער כאַראַקטער פון יידישן לעבן אין פוילן. ווי די בעלי משנה און בעלי התלמוד אַזוי זיינען אויך די פוילישע רבנים און ראשי ישיבות געווען דער עיקר לערער און זאָגער, וואָס האָבן געווירקט דורך זייער לעבעדיקן וואָרט אין ישיבה און בית מדרש. די באַגרינדער פון דער תלמודישער לומדות אין פוילן, ר' יעקב פּאָליאַק פון קראָקע און ר' שלום שכנא פון לובלין, האָבן נאָך זיך אפילו קיין ספרים ניט איבערגעלאָזט. די רבנים און לומדים, וואָס האָבן יאָ פאַרצייכנט זייערע חידושי תורה, זיינען אויך בדרך כלל געווען גאָר שוואַכע און אָפט אומבאַהאָלפענע שרייבער. די גרעסטע אַמביציע פון אַ תלמיד־חכם אין פוילן איז געווען צו שטיין אין שפּיץ פון אַ ישיבה און אויפצושטעלן אַ דור פון תלמידים.

אין אונזער מאָדערנער ליטעראַרישער תקופה איז אָבער שווער אָפּצושאַצן די גרויסע ראָלע פון דעם לעבעדיקן וואָרט און פון דעם דירעקטן שקלו וטריא אין די ישיבות. פאַר אונז פאַלט קולטור כמעט צונויף מיטן געדרוקטן וואָרט. די קולטור פון יידישן פוילן איז אָבער געווען אַ סך מער אַ קולטור פון לעבן, אַ קולטור פון מעשים, אַ קולטור פון אינסטיטוציעס און פליכטן. גרויסע יידישע פערזענלעכקייטן האָבן געווירקט ניט מיט זייערע שריפטן, נאָר מיט זייערע מעשים, מיט זייער לעבעדיקן ביישפּיל. די העלדן פון די יידישע קהילות אין פוילן זיינען געווען „חסידים ואנשי מעשה", וואָס זייער גאַנץ לעבן איז געווען אַ מוסטער פון צדקות און קדושה.

אָבער ניט נאָר יחידי סגולה האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע מעשים טובים. פוילן האָט אויסגעפורעמט דעם טיפּ פון דעם גייסטיק אַריסטאָקראַטישן יידישן פאָלקסמענטשן, וואָס האָט ניט צו זיך קיין גלייכן אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע. אין „סדר אשמורת הבוקר" פון אהרן ברכיה ממודינה ווערט פוילן כאַראַקטעריזירט ווי אַ לאַנד „אשר שם העדה כלם בכלל, קדושים הם" („וואו אַלע יידן זיינען אין דער בחינה פון קדושים"). קנאַפּע דריי הונדערט יאָר שפּעטער האָט אַ ניט־יידישער געלערנטער בערך אויף דעמזעלביקן אופן כאַראַקטעריזירט די פּוילישע יידן. דער פּסוק אין שמות: „ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש" (און איר וועט מיר זיין אַ קעניגרייך פון כהנים און אַ הייליק פאָלק), פּאַסט זיך באמת אויף די יידן אין פוילן. שרייבט פּראָפ. אַלפרעד יערעמיאַס, וואָס איז געוועזן געוואַלטיק איבערראַשט, ווען מען האָט אים אין וואַרשע איינמאָל אַריינגעפירט אין אַ שטיבל פון בעלי עגלות וואו ער האָט בין מנחה למעריב אָנגעטראָפן אַן עדה פשוט'ע יידן זיצן ביים שיעור און שמועסן אין תורה.

דער אויפבלי פון יידישן קולטור־לעבן אין פוילן אין 16טן יאָרהונדערט גייט אונטערן צייכן — צוריק צום תלמוד. דאָס איז לחלוטין ניט געווען קיין צופאַל. דער תלמוד האָט געבילדעט דעם יסוד פון יידישן אויטאָנאָמען לעבן אין אייראָפּע און וואָס מער די אינסטיטוציעס פון יידישער אויטאָנאָמיע האָבן זיך אַנטוויקלט אַלץ אַ גרעסערן אָרט האָט ממילא אין יידישן לעבן געמוזט פאַרנעמען די תלמודישע הלכה. אויב דער חורבן פון יידישן קהילה־לעבן אין דייטשלאַנד האָט געפירט צו דער ירידה פון דער תלמודישער לומדות, האָט פאַרקערט דער אויפבלי פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין פוילן געבראַכט מיט זיך אַ רענעסאַנס פון דער חכמת התלמוד.

„אין קיין שום לאַנד — שרייבט נתן נטע האַנאָווער, דער כראָניקער פון גזרות ת"ח, — איז ניט געווען אַזוי פיל תורה ווי אין פוילן. אין אַלע קהילות פלעגט מען אויסהאַלטן ישיבות און געבן אפילו שכירות דעם ראש ישיבה, בכדי ער זאָל קענען זיך אָפּגעבן צו זיין ישיבה אָן דאגות און פאַרנעמען זיך גאָר מיט דער תורה. און דער ראש ישיבה פלעגט ניט אַרויסגיין אַ גאַנץ יאָר מפתח ביתו, נייערט פון בית מדרש אין שול אַריין, און איז געזעסן יומם ולילה און עוסק געווען אין לערנען. און איטלעכע קהילה פלעגט אויסהאַלטן בחורים און זיי צאָלן קצבה, וואָכן־געלט, כדי זיי זאָלן לערנען ביי דעם ראש ישיבה און פאַר יעדן בחור פלעגט מען אויסהאַלטן צוויי יינגלעך אויף אויסלערנען ביי אים אויף אויסווייניק גמרא, פירוש רשי און תוספות פון דעם, וואָס ער האָט געלערנט, כדי דער בחור זאָל זיך צוגעוואוינען צו פּלפּול, און מען פלעגט די יינגלעך געבן עסן פון דער צדקה־פּושקע אָדער פון דער קהלשער קיך. און אויב די קהילה האָט פאַרמאָגט ניט ווייניקער פון פופציק בעלי בתים, פלעגן זיי אויסהאַלטן ניט ווייניקער פון דרייסיק בחורים און יינגלעך, איטלעכער בעל־הבית פלעגט האַלטן ביי זיך איין בחור מיט צוויי יינגלעך. און הגם דער בחור פלעגט קריגן זיין באַדערפעניש פון דער קהילה, פונדעסטוועגן פלעגט אים דער בעל הבית זעצן צו זיין טיש, פּונקט ווי זיין זון, און אים געבן עסן און טרינקען, וויפיל ער האָט באַדאַרפט. און טייל בעלי בתים, פון די נדיבים, פלעגן זעצן אויך די יינגלעך צום טיש, און אַזוי פלעגן דריי נפשות זיין ביי אים אויף קעסט אַ גאַנץ יאָר. און אין דער גאָרער מדינה פוילן איז ניט געווען קיין איין שטוב, וואו מען זאָל ניט לערנען תורה: אָדער דער בעל הבית אַליין איז געווען אַ למדן, אָדער זיין זון, אָדער זיין איידעם זיינען געווען לומדים, אָדער אַ בחור איז געווען ביי אים אויף קעסט, און צייטנווייז איז דאָס אַלץ אין איינעם געווען אין איין שטוב" . . .

די פּוילישע יידן האָבן איבערגענומען און ווייטער אַנטוויקלט די בעסטע טראַדיציעס פון די פּרושים און פון דער תלמודישער צייט בכלל. יוסף פלאַוויוס האָט אַמאָל פאַרגליכן די פּרושים מיט די סטאָאיקער. עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס גענוי דאָסזעלביקע זאָגט שלמה מיימון וועגן דער מאָראַל פון די יידן אין פוילן. דער איינפלוס פון דער דאָזיקער מאָראַל— באַטאָנט ווייטער שלמה מיימון, וואָס איז געווען גאַנץ ווייט פון אויבערפלעכלעכער אַפּאָלאָגעטיק — לאָזט זיך שטאַרק שפּירן אויך אין פּראַקטישן לעבן:

„די פּוילישע יידן, וואָס האָבן פון תמיד אָן געהאָט אַ פרייען צוטריט צו אַלע פּרנסות און זיינען ניט געווען אָנגעוויזן אויסשליסלעך, ווי אין אַנדערע מלוכות אויפן אומגליקלעכן שאַכער־האַנדל און געלט־געשעפטן, קומט אויס זעלטן צו הערן דעם פאָרוואורף, אַז זיי מאַכן אַ לעבן פון שווינדל."

די פּרושים זיינען אין דער צייט פון בית שני געווען ניט מער ווי אַן אָרדן, וואָס האָט אַרומגענומען על פּי ערך קליינעם טייל פון פאָלק. אין פוילן האָט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק געלעבט לויט דער תורה און לויט די פאָדערונגען פון די פּרושים: „אין אונזער צייט — שרייבט דער רמ"א — זיינען ניטאָ קיין עם הארצים, עס איז ניטאָ קיין ייד, וואָס זאָל ניט קענען לערנען אָדער חומש אָדער משנה."

שלמה מיימון, וואָס האָט די פּוילישע יידן אַ סך בעסער פאַרשטאַנען ווי דער גרעסטער טייל פון די שפּעטערדיקע משכילים אין מערב און מזרח־אייראָפּע, לויבט באַזונדערס די יידישע חברות און אינסטיטוציעס פון ביקור־חולים און גמילות חסד של אמת.

דאָס איז ווייט ניט קיין צופאַל. דער עצם ענין פון געבן צדקה איז ביי יידן בכלל געווען ניט גאָר קיין גרויסער אויפטו, דערצו זיינען יידן געוויינט געווען פון דורות. די פּוילישע יידן אָבער האָבן דעם ענין

צדקה פונקט ווי די ענינים פון תורה און עבודה, געבראַכט צו אַ מדרגה פון העכסטער געלייטערטקייט. וויכטיק איז ניט אַזוי דער עצם ענין לערנען אָדער דאַוונען, נאָר דער עיקר — ווי מען לערנט און ווי מען דאַוונט, די כוונה פון לערנען און דאַוונען. דאָסזעלביקע איז געוואלטיק וויכטיק ניט דער ענין צדקה פאַר זיך, נאָר ווי מען גיט צדקה. אין אַ יידיש שפּאָט־ליד פון 17טן י״ה אונטערן טיטל: „די באַשרייבונג פון אַשכנז און פּאָליאַק״ (פאַרעפנטלעכט פון מ. ווײַנרייך אין פילאָלאָגישע שריפטן III, ווילנא, 1929) קריטיקירט דער מחבר זייער שאַרף די דייטשע יידן פאַר זייער אומפריינדלעכקייט לגבי די אורחים פון פוילן. מען קוקט אויפן פוילישן ייד ניט ווי אויף אַ גלייכן, נאָר ווי אויף אַ שנאָרער:

קומט דער פּאָליאַק אין אשכנז זיין הויז,
אַזוי שפּילט ער מיט אים אַז איין קאַץ מיט
דער מויז,
ער טוט אים האַלב שליכם (שלום עליכם)
געבן פון וייטן
אָבער רואה גנבה שומרים פון אַלע זייטן.

טוט מען דעם אורח אַ טובה און מען לאָזט אים איבערנעכטיקן אין אַ אויבערשטיבל אונטערן דאַך, פאַרשליסט מען די טיר פון אויסנוויניק. דער שרייבער דערמאָנט, אַז ווען יידישע פליטים פון דייטשלאַנד זיינען בעתן 30יאָריקן קריג געקומען קיין פוילן, האָט מען זיי גאָר אַנדערש אויפגענומען. און וואָס איז בכלל דער יחוס מיט אייך דייטשע יידן? — טענהט דער מחבר:

איר וועט אין דער תורה אלש וויא די שטומן,
ווען אויז פוילן די מלמדים ניט זעלטן צו אייך
אין אשכנז קומן!

פוילישע יידן האָבן געוואוסט, אַז עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע מדרגות אין אָפּהיטן מצוות און טאָן מעשים טובים. מען דאַרף וויסן ווי אויפצונעמען אַן אורח און ווי צו באַגלייטן אַן אורח. נאָך וויכטיקער אָבער איז דער אופן ווי מען איז מקיים די מצוה אין פאַל פון ביקור חולים און גמילות חסד של אמת. אַן אויסצוג פון די תקנות פון דער חברה קדישא אין סטאַראָדוב, וועלכע האָט אגב אויך אויסגעפירט די פונקציע פון אַ חברה ביקור חולים, וועט דאָס אונז אילוסטרירן אויף אַ באַזונדערס דייטלעכן אופן. די סטאַראָדובער חברה קדישא, געגרינדעט אין יאָר תק״נט (1799), האָט אויך באַזאָרגט די ישובים אַרום שטאָט, אַזוי, אַז אויך די דאָרפס־יידן האָבן זיך געקענט פאַרשרייבן אין דער חברה. די תקנות זיינען געשריבן אין אַ פאָלקסטימלעכן העברעאיש. מיר גיבן זיי דאָ אין אַ יידישער איבערזעצונג:

תקנה א. אויב עס וועט זיין אַ חולה (ר״ל) אין אונזער סביבה און מען וועט געבן צו וויסן דעם גבאי פון חברה קדישא, איז דער גבאי מחויב צו שיקן צוויי מענטשן על פי גורל זיי זאָלן נעכטיקן ביים חולה איין נאַכט, און אויב זיי וועלן אַליין ניט קענען גיין נעכטיקן, האָבן זיי רשות צו דינגען אַן אַנדער מענטשן אויף זייער פּלאַץ. און אויב אויף איינעם פאַלט אויס דער גורל און ער איז ווייט פון דעם חולה מער ווי 15 וויאָרסט, איז ער ניט מחויב אַליין צו פאָרן צום חולה, נאָר ער דאַרף באַצאָלן פאַר איין שונה. און דער מענטש, וואָס וועט דאַרפן גיין אויף אַ לינה און ער וועט ניט וועלן טאָן זיין חוב מוז ער באַצאָלן קנס לטובת החברה דריי גילדן, אַ חוץ דעם, וואָס ער איז מחויב צו באַצאָלן פאַר דער לינה פון איין נאַכט.

תקנה ב. יעדער חבר פון דער חברה, ווען מען וועט פאַרבייפירן אַ „בר מינן״ דורכן דאָרף, וואו ער וואוינט, איז מחויב זיך אָנצושליסן אָן דער לויה און באַגלייטן דעם פאַרשטאָרבענעם ביז צום בית עולם.

תקנה ג. יעדער חבר פון דער ח״ק, וואָס וואוינט ניט וייטער ווי צען וויאָרסט פון אַן אבל, ליגט אויף אים אַ הייליקער חוב צו קומען צום אבל און אים צו טרייסטן, און באם ער וועט ניט דערפילן זיין חוב מוז ער באַצאָלן קנס איין גילדן.

אויך אין נאָרמאַלע צייטן האָט דער דאָרפסייד אין זיין פאַרוואָרפענעם ישוב שטאַרק געפילט און שטאַרק איבערגעלעבט זיין איינזאַמקייט און אָפּגעריסנקייט פון יידישן כלל. דאָס געפיל פון עלנטקייט איז אָבער געווען באַזונדערס אינטענסיוו אין צייטן פון פערזענלעכן אומגליק. באַזוכן אַ קראַנקן אָדער באַטייליקן זיך אין צער פון די אבלים איז אין אַזאַ פאַל געווען אַ סך מער ווי אַ מצוה, עס איז געווען דער אויסדריק פון הייליקער ברידערלעכער סאָלידאַריטעט, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט צו דערהאַלטן די משפחות פון די פאַראיינזאַמטע דאָרפסיידן ביי זייער יידישקייט. מען נויטיקט זיך ניט אין קיין באַזונדערס רייכער פאַנטאַזיע, כדי צו באַגרייפן וואָס ביקור חולים און ניחום־אבלים האָבן באַדייט אין די שווערע באַדינגונגען פון יידישן דאָרפסלעבן.

אין דער וואונדערבאַרער באַשרייבונג פון זיין געבוירנשטעטל, וואָס איז געווען געדרוקט אין צווייטן באַנד פון „רשימות״ אונטערן טיטל „עירתי מוטילי״ גיט אונז חיים טשעמערינסקי (ר׳ מרדכעלע) אַ ריי בילדער פון יידישע פאָלקסמענטשן. באַזונדערס פאַרדינט דערמאָנט צו ווערן די קורצע כאַראַקטעריסטיק פון אַ יידישן דאָרפסשמיד, וואָס האָט געוואוינט ניט ווייט פון זיין שטעטל. דער דאָזיקער ייד, חיים דער שמיד, ווי מען האָט אים גערופן, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ערלעכקייט און פרומקייט. די אָרימע ווייסרוסישע פויערים פלעגן אים געווינלעך באַצאָלן ניט מיט מזומנים, נאָר מיט פּראָדוקטן: „און ווען

די פויערים פלעגן אים יעשן־צייט ברענגען זייער געצאָלט — תבואה און בולבעס — פלעגט חיים דער שמיד זיך נוהג זיין אָפּצוגעבן מעשר פון זיין פאַרדינסט און עס צו פאַרטיילן צווישן די אָרימע לייט אין דעם שכנותדיקן שטעטל לאַהישין. און אויפן קאַרק פלעגט ער ברענגען זיין מעשר אין שטעטל און פלעגט גיין זוכן די אָרימע לייט כדי זיי צו געבן אַ טייל פון זיין תבואה און זיינע בולבעס.״

מען האָט אין אונזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור אָפט באַשריבן דעם דלות אין דעם יידישן שטעטל. מיר דוכט, אַז מען איז דערמיט באַגאַנגען אַ גרויסע עוולה לגבי אונזערע פאָלקסמענטשן. דער אמת איז, אַז יידישע פאָלקסמענטשן אין פוילן און רוסלאַנד זיינען געווען פונקט אַזוי ווייט פון קבצנות ווי פון קמצנות. מיר זיינען אין אמתן געווען אַ פאָלק פון גבירים אדירים, דאַן ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן הוצאות אויף דערציאונג, קולטור און יידישקייט. דער אָרימסטער ישובניק האָט ניט געשפּאָרט קיין מי און קיין געלט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער דערציאונג פון זיינע קינדער. אין דעם פּרט זיינען אפשר אונזערע היינטיקע פאַרמעגלעכע יידן אַ סך גרעסערע קבצנים ווי זייערע עלטערן אין דער אַלטער היים.

כאַראַקטעריסטיש פאַר מזרח־אייראָפּע איז באַזונדערס דער פאַקט, וואָס די אַנטוויקלונג פון יידישן לעבן אין דער נייער צייט, אין 19טן און 20טן י״ה, האָט דאָ אַנגענומען גאַנץ אַנדערע פאָרמען ווי אין מערב־אייראָפּע. דער גרויסער אונטערשייד לאָזט זיך קורץ כאַראַקטעריזירן דורך די ווערטער: אַסימילאַציע אָדער נאַציאָנאַלע רענעסאַנס. מזרח־אייראָפּע האָט געמאַכט דעם וואונדערלעך־מוטיקן און איינציקאַרטיקן פּרוּוו אין דער געשיכטע פון אונזער צייט צו שאַפן אַ פילפאַרביקן אויטאָנאָמען קולטור־לעבן פון אַ נאַציאָנאַלער מינאָריטעטס־גרופּע אָן אַ באַזונדער מלוכהשער אָדער טעריטאָריאַלער באַזע. דאָס יידישע לעבן אין פוילן און רוסלאַנד אין דער נייעסטער צייט — דער אויפבלי פון אַ מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, דער אויפקום פון די מאָדערנע יידישע פּאָליטישע באַוועגונגען און די פילפאַרביקייט פון יידישן קולטור־לעבן — איז אפשר דער סאַמע וואונדערלעכסטער קאַפּיטל אין דער יידישער געשיכטע. דאָס איז אָבער געוואָרן מעגלעך נאָר אַ דאַנק דעם פאַקט, וואָס דאָס יידישע לעבן אין פוילן האָט זיך גלייך פון אָנהויב אָן אַנטוויקלט אין אַ סך אַ פרייערער און מער נאַטירלעכער אַטמאָספער ווי אין מיטעלעלטערלעכן מערב־אייראָפּע. שלמה מיימון, וועמען מיר האָבן שוין אַ פּאָר מאָל ציטירט, טיילט אין די באַפעלקערונג פון מדינת פוילן אין זעקס קלאַסן, אָבער נאָר צוויי קלאַסן, די פויערים און די יידן — זיינען לויט שלמה מיימונס מיינונג — ניצלעך פאַרן לאַנד. זיכער איז בכל אופן, אַז די יידן אין פוילן האָבן אויסגעפירט גאָר וויכטיקע עקאָנאָמישע פונקציעס און עס איז דערפאַר פאַרשטענדלעך וואָס דאָ זיינען אויך די באַציאונגען צווישן די יידן און דער ניט־יידישער באַפעלקערונג געווען אַ סך נאַטירלעכער און געזינטער ווי אין שכנותדיקן דייטשלאַנד. אויך די פּערזענלעכע באַציאונגען צווישן יידן און ניט־יידן, באַזונדערס אָבער די פּערזענלעכע באַציאונגען צווישן די דאָרפס־יידן און די פויערים, זיינען דאָ געווען אַ סך נאָרמאַלער און פריינטלעכער ווי אין מערב־אייראָפּע. געווען אוודאי פאַלן, ווען יידישע הענדלער פלעגן ווייט ניט אָפּהיטן די פּרינציפּן פון משא ומתן באמונה מיט דער פויערשער באַפעלקערונג. עס מוז אָבער מיט דער גרעסטער שאַרפקייט באַטאָנט ווערן, אַז די גאַנצע טעאָריע וועגן דער „יידישער״ עקספּלואַטאַציע פון דער פויערשער באַפעלקערונג איז ניט מער ווי אַ פּראָדוקט פון אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע. ווי וואָלט דען מעגלעך געווען די פיזישע עקזיסטענץ פון יידישע ישובניקעס און אַרענדאַרן, ווען די פויערים וואָלטן אויף זיי געקוקט ווי אויף אינסטרומענטן פון עקספּלואַטאַציע. דער אמת איז, ווי דאָס האָבן אגב אויך איינגעזען ערנסטע ניט־יידישע פאָרשער, אַז גראַד די דאָרפס־יידן האָבן אויסגעפירט אויסערגעוויינלעך וויכטיקע עקאָנאָמישע פונקציעס פאַר דער פויערשער באַפעלקערונג בפרט און פאַרן גאַנצן לאַנד בכלל. אין משך פון דורות און דורות האָבן דאָרפסיידן אין פוילן געלעבט צוזאַמען און געאַרבעט צוזאַמען מיט זייערע ניט־יידישע שכנים און עס איז כדאי צו פאַרצייכענען דעם פאַקט, אַז אין פאַלן פון סיכסוכים און קאָנפליקטן פלעגן קריסטן גאָר אָפט זיך ווענדן צום יידישן רב.

אויך אין דעם פּרט האָט נאָך די יידישע פאָרשונג אַ סך, גאָר אַ סך צו טאָן. דאָס וואָס מיר האָבן דאָ געזאָגט בנוגע די דאָרפס־יידן, איז אויך חל אויף די שטאָט־יידן. דער יידישער אַרבעטס מענטש אין פוילן — און דער רוב בנין ורוב מנין פון יידן אין פוילן זיינען געווען אַרבעטס־מענטשן — איז געווען אינערלעך עמאַנציפּירט נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פאַר עמאַנציפּאַציע אין מערב־אייראָפּע. דערפאַר האָט דאָ אויך די אַנטוויקלונג פון מאָדערנעם יידישן לעבן מיטן קאַמף פון יידישן פאָלקס־מענטשן פאַר זיינע בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט אָנגענומען גאָר אַנדערע פאָרמען ווי אין מערב־אייראָפּע.

# די יידן אין אמאָליקן פּוילן

פון ד״ר רפאל מאהלער

# I. יידן אין פוילן בעת דעם מיטלאַלטער

## 1. ווען און פון וואַנען זיינען יידן געקומען קיין פוילן

י פראַגע — ווען און פון וואַנען זיינען די יידן געקומען קיין פוילן — איז אין ליכט פון די שפּאַרעוודיקע ידיעות, וואָס עס גיבן אונז די עלטסטע היסטאָרישע פאַרצייכענונגען, נאָך אַלץ אומפאַרענטפערט. די שוועריקייט פון פאַרענטפערן די דאָזיקע פראַגע נעמט זיך קודם־כל דערפון, וואָס בעת בפירוש ווערן יידן דערמאָנט ווי באַוואוינער פון פוילן ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 12טן יאָרהונדערט, איז פאַראַן אַ שלל אומדירעקטע ראיות, אַז יידן האָבן זיך באַזעצט אין יענעם לאַנד לכל הפחות מיט צוויי הונדערט יאָר פאַר דעם, אָדער נאָך פריער.

היסטאָרישע לעגענדעס, וואָס זיינען געווען פאַרשפּרייט ביי יידן אין פוילן צום סוף פון מיטלאַלטער, ציִען דעם יחוס פון די יידן אין פוילן נאָך פון די פאַרהיסטאָרישע צייטן. לויט איין לעגענדע, איז אַ ייד מיטן נאָמען אברהם פּראָכאָווניק באַשטימט געוואָרן פאַרן ערשטן פוילישן קיניג, נאָכן טויט פון לעגענדאַרן פירשט פּאָפּיעל, נאָר ער האָט זיך אָפּגעזאָגט לטובת פּיאַסט, דעם (אויך לעגענדאַרן) באַגרינדער פון דער ערשטער היסטאָרישער מלכים־דינאַסטיע אין פוילן. לויט אַן אַנדער לעגענדע, האָבן אין יאָר 893 די דייטשע יידן, וואָס האָבן דעמאָלט געליטן פון רדיפות, געשיקט אַ דעלעגאַציע צום פוילישן (אַ סברא, אויך לעגענדאַרן) פירשט לעשעק מיט דער בקשה וועגן אַ דערלויבעניש צו באַזעצן זיך אין זיין לאַנד. נאָכדעם ווי לעשעק האָט זיי אויסגעפרעגט וועגן די יסודות פון דער יידישער רעליגיע, האָט ער זיי דערלויבט צו באַזעצן זיך אין דער גאַנצער מלוכה, צו באַאַרבעטן די ערד, צו האַנדלען בהמות און באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה און אויך באַוואָרנט זיי מיט פּריווילעגיעס.

די דאָזיקע לעגענדעס שטאַמען פון סוף מיטלאַלטער, ווען עס האָט זיך צעפלאַקערט דער ערשטער קאַמף צווישן די פוילישע שטאָטבירגער (מיעשטשאַנעס) און די יידן. דורך אַזעלכע לעגענדעס האָבן די יידן געוואָלט באַווייזן, אַז זיי שטייען נישט אָפּ אין זייערע היסטאָרישע רעכט פון אַנדערע באַוווינער פון לאַנד. כאָטש די דאָזיקע לעגענדעס צייכענען זיך אויס מיט



אויסגעוויינלעך נאַאיווע און אומגעלומפּערטע אַנאַכראָניזמען — אברהם פּראָכאָווניק איז געווען אַ לייוועראַנט פון פּולווער (בעת די דערפינדונג פון פּולווער איז געקומען אַ סך שפּעטער); די דעלעגאַציע פון יידן פון „אשכנז" איז באַשטאַנען פון יידן מיט אַזעלכע צונעמען ווי „עסטרעמאַדורער", ספרדי, „באַרצעלאָני" און „אשקלוני" — איז די היסטאָרישע ריכטיקייט פון זייער טעזע וועגן דער אַלטקייט פון יידישן ישוב אין פוילן דורכדעם גופא כלל נישט אָפּגעפרעגט. פונקט אַזוי האָבן די דייטשע יידן אין מיטלאַלטער געשאַפן לעגענדעס מיטן דורכזיכטיקן ציל צו באַווייזן, אַז דער יידישער ישוב אין דייטשלאַנד הויבט זיך אָן נאָך אין די רוימישע צייטן, נישט וויסנדיק, אַז היסטאָרישע דאָקומענטן באַשטעטיקן עס גאַנץ קלאָר.

דער גרונט־מאָטיוו פון דער לעגענדע וועגן אברהם פּראָכאָווניק באַשטייט אין דעם, אַז די פּיאַסט־דינאַסטיע אין פוילן איז געקומען צו דער הערשאַפט נאָכדעם ווי יידן האָבן שוין געשפּילט אַן אָנזעענדיקע ראָלע אין לאַנד. און לויט דער מיינונג פון געוויסע היסטאָריקער, פאַרמאָגט אין זיך אָט דער מאָטיוו אפילו אַ קערן פון אמת. עס איז נאָך אַ שטרייט־פראַגע אין דער היסטאָרישער וויסנשאַפט וועגן דעם, ווי ווייט קיין מערב עס האָבן געגרייכט די גרענעצן פון דער כוזרישער מלוכה, וואו די יידישע רעליגיע איז געווען די הערשנדיקע. אויב מיר זאָלן אָננעמען פאַר ריכטיק די מיינונג, אַז די כוזרים האָבן געהערשט אויף אַ טעריטאָריע וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט ביז צו די קאַרפּאַטן, וועט אויסקומען, אַז יידן האָבן טאַקע אין פאַרהיסטאָרישן פוילן פאַרנומען אַ הערשנדיקע שטעלונג. די דאָזיקע פראַגע וואַרט נאָך אַלץ אויף איר לייזונג, פונקט ווי די פראַגע, וואָס ווערט אַרויסגערוקט פון אַ טייל היסטאָריקער, צי שטאַמען נישט העברעאישע מטבעות אין פוילן, וואָס דער רוב פון זיי איז אָן אַ ספק אויסגעקלאַפּט געוואָרן ערשט אין 12טן יאָרהונדערט, נאָך פון דער תקופה פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון קריסטנטום אין פוילן.

לאָמיר אָבער אַריבערגיין פון דער ספערע פון לעגענדעס און השערות צו מער פעסטע היסטאָרישע, ווען אפילו אומדירעקטע, באַווייזן וועגן עלטסטע יידישע ישובים אין פוילן. צוויי פאַקטן קען מען פעסטשטעלן מיט זיכערקייט וועגן דער תקופה ביז צום סוף 11טן יאָרהונדערט. שוין אין דער דאָזיקער תקופה האָבן יידן געוואוינט אין שכנותדיקן דרום־רוס־

לאַנד (אוקראַינע); יידן פון מערב־אייראָפּע פלעגן אין דער דאָזיקער תקופה מאַכן נסיעות קיין פוילן אָדער פאַרבייפאָרן פוילן צוליב האַנדלס־צוועקן.

אין אוקראַינע האָבן יידן געלעבט נאָך אין 8טן און 9טן יאָרהונדערט, ווען דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון די כוזרים, וואָס האָבן געהאַט די הויפּטשטאָט אין איטיל (אַסטראַכאַן) און וואָס האָבן צום שפּעטסטן אין 8טן יאָרהונדערט אָנגענומען דעם יידישן גלויבן. נאָך דער צעשטערונג פון דער כוזרישער מלוכה דורך די רוסן, אין דער צווייטער העלפט פון 10טן און אין אָנהויב פון 11טן יאָרהונדערט, האָבן יידישע פליטים זיך באַזעצט אין דער רוסישער מלוכה. אין 11טן יאָרהונדערט איז נאָך אַלץ די רעליגיעזע השפּעה פון יידן אין קיעוו געווען אַזוי גרויס, אַז די אָנגעזעענסטע גייסטלעכע האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק אַרויסצוטרעטן אין זייערע דרשות און שריפטן קעגן יידן און אַ טייל פלעגן מיט זיי אָפּהאַלטן וויכוחים. אין קיעוו זיינען אין אָנהויב פון 11טן יאָרהונדערט געווען צוויי יידישע קוואַרטאַלן. עס לייגט זיך אויפן שכל, אַז די פאַרשפּרייטונג פון יידן אין די סלאַווישע לענדער, נאָך דעם צוזאַמענברוך פון דער כוזרישער מלוכה, האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט ביי די מערב־גרעניצן פון דער רוסישער מלוכה, נאָר האָט געגרייכט אויך ווייטער, אין שכנותדיקן פוילן.

יועגן נסיעות פון מערב־אייראָפּעאישע יידן אין סלאַווישע לענדער צוליב מסחר הערן מיר שוין אין 9טן י"ה. דער אַראַבישער געאָגראַף, דער פּאָסטמייסטער אבן קאָרדאַדבעי דערציילט, אַז אין זיין צייט (די צווייטע העלפט פון 9טן י"ה) פלעגן די סוחרים „ראַדאַניטן" (ווייזט אויס, אַז דאָס וואָרט שטאַמט פון פּערסישן ראַה־דאַן, ד. ה. דערפאָרענע אין נסיעות און נישט פון פראַנצויזישן טייך ראָדאַנוס) פאָרן פון פראַנקאָניע אין די סלאַווישע לענדער און פון דאָרט אין כוזרים־לאַנד. זיי קויפן איין אין מזרח־אייראָפּע שקלאַפן און פוטערס. אין 906 ווערן דערמאָנט אין צאָל־טאַריף פון פּאַסוי (אויף דער גרענעץ פון בייערן און עסטרייך) „יידן און אַנדערע סוחרים", וואָס פאָרן אין די מזרח־לענדער און ברענגען צו פירן שקלאַפן און אַנדערע סחורות. אין יאָר 965 איז געווען אין פּראָג דער אַראַביש־יידישער געאָגראַף איבראַהים אבן יאַקוב. ער האָט דאָרט געטראָפן סוחרים פון דער שטאָט קראָקע, פון רוסלאַנד און אַנדערע סלאַווישע לענדער, ווי אויך יידן און מוסולמענער, וואָס זיינען געקומען פון אונגערן און געהאַנדלט מיט שקלאַפן און מעטאַלן. דער וועג פון אונגערן קיין פּראָג האָט געפירט איבער די קאַרפּאַטן־פּאַסן, קראָקע און איבער דעם מערישן טויער. עס איז בכן נישט קיין ספק, אַז די יידישע סוחרים פון יענער צייט פלעגן פאַרבייפאָרן פוילן. דער זעלבער איבראַהים גיט איבער

גענויע פּרטים וועגן דער ווירטשאַפט און מלוכה־אָרגאַניזאַציע פון דער פּוילישער מדינה פון „משקי" (מיעשקאָ). ידיעות וועגן יידישן שקלאַפן־האַנדל אין די סלאַווישע לענדער דערגייען צו אונז אויך פון סוף 10טן י"ה. וועגן בישאָף אַדאַלבערט (דער הייליקער וואָיטשעך, וואָס האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין פוילן) ווערט איבערגעגעבן אַז אין יאָר 989 האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַמט אין פּראָג צוליב דעם, וואָס ער איז נישט געווען ביכולת אויסצוקויפן ביי קריסטן אַזויפיל שקלאַפן, „וויפיל איין יידישער סוחר האָט געקויפט פאַר דעם פאַרשאָלטענעם גאָלד". נאָך מיט הונדערט יאָר שפּעטער הערן מיר וועגן יידישן שקלאַפן־האַנדל. דער פירשטין יודיטע, דער פרוי פון פּוילישן פירשט וולאַדיסלאַוו הערמאַן, ווערט נאָכגעזאָגט אַ שבח, אַז אין די לעצטע טעג פאַרן טויט (1085) האָט זי אויסגעקויפט אַ סך קריסטלעכע שקלאַפן פון יידן.

אפילו די דאָזיקע נאָטיץ איז נאָך אַלץ נישט קיין דירעקטער באַווייז וועגן דעם, אַז יידן האָבן צו יענער צייט געוואוינט אין פוילן. די יידן, ביי וועמען די פּוילישע פירשטין האָט אויסגעקויפט שקלאַפן, האָבן נישט געמוזט דווקא זיין תושבים אין פוילן; דאָס האָבן געקענט זיין יידן פון שכנותדיקן ביימען און דייטשלאַנד, אָדער גאָר פון פראַנקרייך, וואָס האָבן בלויז צייטווייליק פאַרבראַכט אין פוילן אין שייכות מיט מסחר.

כאָטש עס פעלן דירעקטע באַווייזן וועגן יידישע ישובים אין פוילן ביז צום סוף 11טן י"ה, מעגן מיר עס אָבער אָננעמען מיט דער גרעסטער וואַרשיינלעכקייט. עס לייגט זיך גאָר נישט אויפן שכל, אַז אין דער תקופה, ווען יידן האָבן געוואוינט אין לענדער, וואָס האָבן אַרומגערינגלט פוילן פון מזרח (רייסן) און פון מערב (דייטשלאַנד, ביימען), און ווען זיי פלעגן קומען קיין פוילן צוליב האַנדל, זאָלן זיי דווקא האָבן אויסגעמיטן צו באַזעצן זיך אין דעם דאָזיקן לאַנד.

אָנגעהויבן פון סוף 11טן י"ה האָבן מיר שוין דירעקטע ידיעות וועגן יידישן ישוב אין פוילן. פון יאָר 1098 האָבן מיר אַזאַ ידיעה: אַ טייל פון די יידן פון ביימען, וואָס זיינען געהאַט געצוואונגען געוואָרן צו שמד בעת דעם ערשטן קרייצצוג אין יאָר 1096, זיינען אַנטלאָפן פון לאַנד און האָבן אַרויסגעפירט זייערע אוצרות קיין פוילן און אונגערן. דער ביימישער פירשט וורַאטיסלאַוו איז געוואָרן זייער אויפגעבראַכט איבער דעם און האָט געשיקט זיינע זעלנער זיי זאָלן צונעמען ביי די יידן, וואָס האָבן נאָך נישט באַוויזן צו אַנטלויפן, זייער גאַנץ פאַרמעגן אַחוץ די נויטווענדיקסטע לעבנסמיטלען.

די דאָזיקע ידיעה באַשטעטיקט קלאָר דאָס, וואָס מיר וואָלטן געמעגט אָננעמען אפילו על פּי סברא, אַז די רדיפות אויף יידן אין דייטשלאַנד און

ביימען בעת דעם ערשטן קרייצצוג האָבן געבראַכט אַ כוואַליע פון יידישע אימיגראַנטן קיין פוילן.

אויב אין דער פריערדיקער תקופה איז די אימי־גראַציע פון יידן קיין פוילן געגאַנגען פון צוויי זייטן, פון מזרח (פון כאַזאַרנלאַנד און רייסן) און פון מערב, באַטייט פון איצט אָן די יידישע איינוואַנדערונג כמעט אויסשליסלעך פון דייטשע און ביימישע יידן. די רדיפות אויף יידן אין דייטשלאַנד בעת די דריי קרייצ־צוגן ביז צום סוף פון 12טן י"ה און די שווועריקייטן, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין וועג פון דער ווירט־שאַפטלעכער טעטיקייט פון דאָרטיקע יידן אין רע־זולטאַט פון דער אַלץ מער וואַקסנדיקער קאָנקורענץ מצד די קריסטלעכע בירגער, האָבן באַוואויגן אַלץ אַ גרעסערע צאָל דאָרטיקע יידן אויסוואַנדערן קיין מזרח, אין דעם לאַנד, וואָס איז נאָך געווען ווירט־שאַפטלעך שטאַרק אָפּגעשטאַנען און וואו מען האָט זיך אין זיי שטאַרק געניטיקט.

פון 12טן י"ה און פון דער ערשטער העלפט פון 13טן י"ה האָבן מיר טאַקע אַ רייע פּינקטלעכע ידיעות וועגן יידן אין פוילן.

וועגן דעם פוילישן פירשט מיעשקאָ דעם דריטן (וואָס האָט געהערשט אין גרויס־פוילן פון 1173—1202 און אויך אין קראָקע מיט איבעררייס) דערציילט דער קראָניקאַר קאַדלובעק, אַז ער פלעגט פסקענען פאַר הרגענען אַ ייד די שטראָף פון „זיבעציק", ד. ה. פּונקט אַזאַ הויכע שטראָף ווי פאַר מאַיעסטעט־באַליי־דיקונג, אָדער חילול־הקודש. דער זעלבער קראָניקאַר דערציילט, אַז פונקט אַזאַ הויכע שטראָף פלעגט מיעש־קאָ באַשטימען פאַר עלטערן פון סטודענטן („זשאַקעס") וואָס זיינען אָנגעפאַלן אויף יידן, און אויב זיי זיינען נישט געווען ביכולת צו באַצאָלן, פלעגן זיי פאַרשיקט ווערן אין די גרובנס. אונטער דער הערשאַפט פון דעם זעלבן מיעשקאָ און פון זיינע נאָכפאָלגער קאַזי־מיערזש דעם גערעכטן (1177—1194) און לעשעק דעם ווייסן (1206—1227) האָבן יידן געפּאַכט די מינץ פון דער מלוכה. פון דער דאָזיקער צייט שטאַמען די העברעאישע מטבעות, וואָס מען האָט אויסגעגראָבן אין עטלעכע ערטער אין שלעזיע, גרויס־פוילן און אין דער געגנט פון וולאָצלאַוועק. די מטבעות זיינען בראַקטעאַטן, ד. ה. דינע זילבערנע בלעכלער, וואָס צוליב זייער דינקייט זיינען זיי אויסגעקלאַפּט בלויז פון איין זייט. די מטבעות פאַרמאָגן אויפשריפטן על־פּי־רוב אויף העברעאיש, אָדער אויך אויף פויליש מיט העברעאישע אותיות, ווי למשל, משקא קרל פולסקי (מיעשקאָ דער פוילישער קיניג), קרל לישקוס (קי־ניג לעשעק) און דאָס גלייכן. לויט דעם אינהאַלט פון די אויפשריפטן קען מען איינטיילן די מטבעות אויף די ווייטערדיקע פיר גרופּעס: 1) מטבעות, וואָס אַנט־האַלטן דעם נאָמען פון פירשט, ווי למשל, משקא, מישקא, משקה, משקה דוכוס, משקוי מלך שלם *) און אַזוי ווייטער; 2) מטבעות מיט ברכות און גליק־וואונטשן, ווי למשל ברכה, ברכה טובה, מזל טוב, טוב מזל, ברכה כהשי (כהשי איז אַ קיצור פון קאַזשימיעזש), הצלה; 3) מטבעות מיט יידישע נעמען, ווייזט אויס די נעמען פון די מינצער: אברהם דבית יצחק, יוסף, אברהם היה ברכה, יעקב, דבי אברהם בר יצחק נגיד, יוסף קאַליש; 4) מטבעות מיט פאַרשידענע אויפשריפטן, וואָס בלויז אַ טייל פון זיי לאָזן זיך דער־קלערן: כדהלך (אַזוי ווי ער גייט?), כהמלך (אַזוי ווי דער קעניג?), גנזדן (גנעזן, איינע פון די הויפּט־שטעט אין גרויספוילן); אַ טייל פאַרשער לייענען אפילו איין אויפשריפט ווי קרקוב, ד. ה. קראָקע, וואָס וואָלט געמיינט, אַז די יידישע מינצער האָבן געהאַלטן אין פּאַכט אַחוץ דער גרויספּוילישער מינץ אויך די מינץ אין קראָקע.

יידישע ישובים אין פוילן גופא, וואָס ווערן פאַר־צייכנט אין יענער צייט, האָבן זיך געפונען אין דעם מערב־טייל פון לאַנד. יידן אין שלעזיע ווערן דער־מאָנט אין אָנהויב פון 13טן י"ה (איין ידיעה גרייכט צוריק ביז צו דער מיט פון 12טן י"ה) סיי ווי באַזי־צער פון גאַנצע דערפער, סיי ווי ערד־אַרבעטער, וואָס צאָלן אָפּ פאַר דער קירך מעשר גלייך מיט אַלע פריי לאַנדווירטן. אין גרויספוילן ווערן פאַרצייכנט אין דער זעלבער צייט דריי דערפער מיטן נאָמען „זשידאָ־וואָ". וואָס באַדייט, אַז די דאָזיקע דערפער האָבן גע־הערט צו יידישע גרויס־גרונטבאַזיצער, אָדער זיי זיינען געווען באַוואוינט פון יידישע לאַנדווירטן. אַז יידן האָבן אָבער דעמאָלס אויך באַוואוינט גרויספוילישע שטעט, איז קלאָר שוין פון דעם פאַקט, וואָס יידישע מינצער זיינען געווען באַזעצט אין גנעזן און אַ סברא אויך אין פּויזן. ווי ווייט דאָס פעלן פון בפירושע נאָטיצן וועגן יידן אין איינצלנע שטעט טאָר נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ ראיה, אַז זיי האָבן דאָרט נאָך נישט געוואוינט, באַווייזט די צופעליקע נאָטיץ פון יאָר 1237, וואָס האָט אַ שייכות צו יידן אין פּלאָצק: אין יענעם יאָר האָט פעטער, דער בישאָף פון פּלאָצק, באַזעצט קאָלאָ־ניסטן אין זיין שטאָט. די גרענעצן פון דעם נייעם ישוב, וואָס ער האָט אָנגעצייכנט, זיינען צווישן אַנדע־רע באַשטימט דורך צוויי ברונעמס, פון וועלכע איינער הייסט דער „יידישער ברונעם". אויב יידן האָבן בכן צו יענער צייט שוין געוואוינט אין קויאַווישע שטעט אין צפון פון פוילן, איז גאָר קיין ספק נישט, אַז זיי האָבן אויך געהאַט זייערע ישובים אין די שטעט פון צענטראַל־טייל און פון מערב־פוילן, ד. ה. אין גרויס־פוילן, כאָטש די דאָזיקע ישובים ווערן בפירוש דער־מאָנט ערשט מיט צענדליקער יאָרן שפּעטער.

וועגן יידישע ישובים אין מזרח־טייל פון אייגנט־

*) לויט בראשית י"ד, יח, „ומלכי צדק מלך שלם . . .".

לעכן פּוילן (קליינפּוילן און מאַזאָוויע) הערן מיר נאָך גאָרנישט אין דער דאָזיקער תּקופה. מיר דאַרפן אָבער ווידער נעמען אין אַכט, אַז ביי דער עקזיסטענץ פון יידישע ישובים אין מערב־פּוילן, פון איין זייט, און אין אוקראַינע פון מזרח, לייגט זיך שווער אויפן שכל, אַז יידן זאָלן האָבן אויסגעמיטן אין זייער אימיגראַציע פון מזרח אָדער פון מערב דאָס דאָזיקע געביט, בפרט אַז דער יבשה־האַנדל פון יידישע סוחרים מיטן מזרח, וואָס האָט נאָך אַלץ געבליט אין יענער תּקופה, האָט געפירט איבער דעם דאָזיקן טייל פון פּוילן. וועגן יידישע ישובים אין די רייסישע לענדער (אוקראַינע) הערן מיר אין דער דאָזיקער תּקופה אַ סך מער, איידער אין 11טן י״ה. וועגן קיעוו האָבן מיר ידיעות, אַז עס האָט דאָרט געבליט אַ גרויסער יידישער ישוב, וואָס איז געשטאַנען אין אַ קולטורעלער פאַרבינדונג סיי מיט דער ישיבה אין באַגדאַד, סיי מיט די בעלי־תּוספות אין צפון־פראַנקרייך (ר׳ משה מקיוב). אין יאָר 1113 איז פאָרגעקומען אַן אָנפאַל אויף די יידן אין קיעוו אין שייכות מיט די אומרועו נאָכן אויסוויילן פאַר אַ פירשט וולאַדימיר מאָנאָמאַך, און די יידן זיינען אויסגערויבט געוואָרן. אין 1124 איז פאָרגעקומען אַ שׂרפה אין קיעוו, אין וועלכער עס זיינען אויך פאַרברענט געוואָרן יידישע הייזער. אין דער מיט פון 12טן י״ה ווערט דערמאָנט אַ „יידיש טויער” אין קיעוו. אין טשערניכאָוו האָט אויך עקזיסטירט אַ יידישע באַפעלקערונג, וואָס דרינגט אַרויס פון פאַקט, אַז אין יאָר 1181 קומט אָן אין דער לאָנדאָנער ישיבה אברהם פון טשערניכאָוו. אין יאָר 1171 ווערט אויך דערמאָנט אַ ייד בנימין פון וולאַדימיר, וואָס האָט געהאַנדלט אין דייטשלאַנד, אין דער שטאָט קעלן, אין דעם דאָזיקן פאַל איז אָבער נישט זיכער, צי מען מיינט דאָ וולאַדימיר אין וואָלין, אָדער צי איז עס אַ פאַרגרייזטער נאָמען פון אַ שטאָט אין דייטשלאַנד.

יידישע למדנים פון פּוילן און רייסן ווערן דערמאָנט אין אָנהויב פון 13טן י״ה אין די שריפטן פון מערב־אייראָפּעאישע רבנים. בדרך־כּלל איז אָבער דער קולטור־מצב ביי די דעמאָלטדיקע יידן אין פּוילן, פּונקט ווי אין שכנותדיקן רייסן און אונגערן געווען באַקאַנט אין מערב־אייראָפּע ווי אַ נידעריקער, און דאָס באַווייזט אויך אומדירעקט, אַז די צאָל יידן אין פּוילן אין יענער צייט איז געווען נאָך אַלץ אומבאַדייטנדיק. נאָר אין ליכט פון דעם אומשטאַנד, וואָס עס זיינען דעמאָלט נאָך אַלץ נישט געווען אין פּוילן קיין גרויסע יידישע קהילות קען מען דערקלערן די נידעריקע קולטורעלע לאַגע פון פּוילישע יידן, וואָס ווערט אויסגעמאָלט אין דער וויטערדיקער שאלה ותשובה: ר׳ יהודה החסיד (אַרום דעם יאָר 1200) האָט זיך באַקלאָגט פאַר ר׳ אליעזר פון ביימען אויף דעם, וואָס חזנים ציען זייער הכנסה צווישן אַנדערע אויך פון פּורים־געלט א .ד. גל. בעת דאָס דאָזיקע געלט וואָלט באַדאַרפט פאַרנוצט ווערן בלויז אויף צדקה. דערויף ענטפערט אים ר ׳אליעזר פון ביימען:

„אויב דו וועסט פאַר זיי [די חזנים] בטל מאַכן [דאָס רעכט צו זאַמלען] אָפּצאָלן אום פּורים, נדבות אום שׂמחת־תּורה און נדבות פון חתנים, טאָ [דאַרפסט דו נעמען אין אַכט], אַז אין דעם רוב מקומות אין פּוילן, רייסן און אונגערן, וואָס דאָרט איז נישטאָ קיין לומדי־תּורה, צוליב זייער דחקות [פון דער יידישער באַפעלקערונג] און זיי דינגען זיך אַ מענטש, וועמען זיי געפינען, און ער איז ביי זיי אַ שליח־ציבור און אַ מורה־צדק [אַ דיין] און אַ מלמד פאַר זייערע קינדער און מען פאַרזיכערט אים די אַלע [הכנסות] און אויב דו וועסט זיי מבטל מאַכן, וועלן זייערע שׂכירות נישט גענוג זיין פאַר זייער חיונה און זיי [די דאָרטיקע יידן] וועלן בלייבן אָן תּורה און אָן תּפילה און אָן אַ מורה־צדק . . .”.

די אָנפאַלן פון די טאָטערן אויף פּוילן זינט 1241, און בעיקר, דער ערשטער, וואָס האָט חרובֿ געמאַכט דעם דרומדיקן און צענטראַלן טייל פון לאַנד, האָבן אָן אַ ספק אויף אַ געוויסער צייט צוריקגעהאַלטן דעם שטראָם פון אימיגראַציע פון יידן פון מערב. עס איז גאָר אַ סברא, אַז אַ גרויסער טייל יידן פון די רייסישע לענדער האָט געזוכט פאַר זיך אַ מקלט אין פּוילן און דערנאָך, ווען די פאַרוויסטונג האָט זיך אויך דאָרט אויסגעשפּרייט, אַנטלאָפן קיין דייטשלאַנד און קיין ביימען צוזאַמען מיט די יידן פון דרום־פּוילן. אין דער צווייטער העלפט פון 13טן י״ה, ווען פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן צוריק אויפצובויען נאָך דעם חורבן פון די טאָטערן, איז צוזאַמען מיט דער כוואַליע קאָלאָניסטן פון דייטשלאַנד אויך אָנגעקומען פון דאָרט אַלץ אַ גרעסערע צאָל יידן. די כסדרדיקע פאַרשאַרפונג פון דער לאַגע פון די יידן אין דייטשלאַנד אין דער תּקופה, ווען זיי פלעגן זיך דאָרט פאַרנעמען בעיקר מיט וואוכער, האָט געווירקט, אַז די אימיגראַציע פון דייטשע יידן קיין פּוילן איז געוואָרן מיט דער צייט אַלץ שטאַרקער. די מוראדיקע רדיפות אויף יידן אין דייטשלאַנד צום סוף פון 13טן י״ה (גזירת רינדפליייש), אין דער ערשטער העלפט פון 14טן י״ה (גזירת אַרמלעדער) און, ועל־כּולם, די קאַטאַסטראָפע פון שוואַרצן טויט אין דער מיט פון 14טן י״ה (1348—1352) האָבן געבראַכט אַלץ גרעסערע שטראָמען יידישע פליטים. עס איז אויך מעגלעך, אַז אַ געוויסער טייל פון די יידישע פליטים פון רייסן, וואָס זיינען געהאַט אַנטרונען געוואָרן פון די טאָטערן, האָט זיך אויך נישט אומגעקערט אין דער אַלטער היים, נאָר באַזעצט זיך אויף שטענדיק אין מערב־טייל פון פּוילן. בכל אופן דאַרף מען אָבער דעם אָנטייל פון די דאָזיקע רייסישע יידן אין דעם וואוקס פון יידישן ישוב אין פּוילן אין 13טן און 14טן י״ה נישט הויך שאַצן. אויך

אין די רייסישע לענדער געפינען זיך יידישע קהילות (אין קיעוו און אין אַנדערע פירשטנטימער) אין 13טן און 14טן י״ה און געניסן פון פריווילעגיעס אונטער דער טאָטערישער אויבערהערשאַפט. די אויסשפרייטונג פון יידישע ישובים אין פוילן אין 13טן און 14טן י״ה איז קודם־כל געווען אַ רעזולטאַט פון דער איינוואַנדערונג פון דייטשלאַנד. אין 13טן י״ה ווערט בפירוש דערמאָנט די יידישע קהילה אין קאָליש, אין יאָר 1287 ; יידן קויפן דעמאָלט אַ פלאַץ אויף אַ בית־עולם, פאַר וועלכן זיי דאַרפן צאָלן יערלעך 6 טאַלענטן פעפער און צוויי טאַלענטן זאַפערן. אַ יידישע קהילה אין קאַליש האָט אָבער זיכער עקזיסטירט שוין אַ סך פריער, ווייל די ערשטע פריווילעגיע פאַר פוילישע יידן, פון יאָר 1264 איז געגעבן געוואָרן פון קאַלישער פירשט, מן הסתם אַדאַנק דער השתדלות פון קאַלישער יידן. אין 13טן י״ה האָט אויך שוין עקזיסטירט אַ יידישע קהילה אין קראָקע, אויב אין יאָר 1304 ווערט דאָרט דערמאָנט אַ יידישע גאַס. אין 14טן י״ה באַווייזן זיך אַחוץ די דערמאָנטע, די ווייטערדיקע קהילות אין פוילן: אין גרויספוילן: פויזן 1386, פייזערן (פיזדרי) 1387. אין קליינפוילן: צוויזמיר (סאַנדאָמיערזש) 1367. אין רייסן: לעמבערג 1356; אין דער כעלמער געגנט: לובאָמל 1370—1382; אין ליטע: בריסק 1388, גראָדנע 1389.

ווי מיר זעען, זיינען שוין אין 14טן יאָרהונדערט געווען יידישע קהילות כמעט אין אַלע גרעסערע שטעט פון פוילן, אַריינגערעכנט רייסן און ליטע, נאָר דער געדיכטסטער יידישער ישוב לויט דער צאָל קהילות איז נאָך אַלץ געווען אין גרויספוילן!

אין 15טן י״ה האָבן די רדיפות אויף יידן אין דייטשלאַנד דערגרייכט דעם העכסטן פונקט. שוין אין דער ערשטער העלפט פון 15טן י״ה זיינען יידן פאַרטריבן געוואָרן פון דעם רוב שטעט ביים ריין (קעלן, שפייער, מיינץ), אַרום דער מיט פון יענעם יאָרהונדערט פון דרום־דייטשע שטעט (בייערן, שוואַבן) און צום סוף פון יאָרהונדערט פון דעם רוב שטעט אין איבעריקן דייטשלאַנד און פון די עסטרייכישע לענדער. אין דער זעלבער צייט זיינען פאָרגעקומען גירושים פון יידן פון שלעזיע (ברעסלוי און אַנדערע שטעט) און רדיפות אויף יידן אין שכנותדיקן ביימען און אונגערן. דער „גירוש פון מיטל־אייראָפע״, וואָס האָט זיך געצויגן אַ גאַנצן יאָרהונדערט, האָט בכן אָנגענומען דעם גרעסטן אויסמעסט דווקא אין דער זעלבער צייט, ווען עס איז פאָרגעקומען אין מערב־אייראָפע די גרוילעכע קאַטאַסטראָפע פון גירוש שפאַניע־פאָרטוגאַל. די יידישע גולים פון פירענעיִשן האַלבאינדזל האָבן געפונען פאַר זיך אַ מקלט אין די לענדער אַרום דעם מיטללענדישן ים, צפון־אַפריקע, איטאַליע, ארץ־ישראל, דער עיקר אָבער, אויפן באַלקאַנישן האַלבאינדזל, וואָס איז געווען אינגאַנצן אונטער טערקישער הערשאַפט. בלויז אַן אומבאַדייטנדיקע צאָל פון יחידים און גרופעס פון ספרדישע יידן איז אין איר וואָגלעניש אָנגעקומען קיין פוילן. זי האָט נישט געהאַט קיין שום השפעה נישט אויף דער צאָל, נישט אויף דעם עקאָנאָמישן לעבן און נישט אויף דער קולטור פון די יידן אין פוילן. דאָס, וואָס טערקיי איז געוואָרן פאַר די שפאַנישע פליטים, איז פוילן־ליטע געוואָרן פאַר די פליטים פון גירוש דייטשלאַנד, און אין אַ גרויסער מאָס צוליב די זעלבע סיבות! פונקט ווי טערקיי איז געווען צו יענער צייט עקאָנאָמיש אומאַנטוויקלט און האָט זיך גענויטיקט אין דעם יידישן האַנדל־עלעמענט און בעלי־מלאכישע שיכטן אין איר ווירטשאַפטלעכן קיום, אַזוי האָט אויך די עקאָנאָמיש־אָפגעשטאַנענע פוילישע מלוכה צוליב עקאָנאָמישן נוצן אַריינגעלאָזט די כוואַליע יידישע פליטים פון די שכנותדיקע לענדער פון מערב. דער מאַסנצענטער פון יידן אין אייראָפע האָט זיך איבערגעטראָגן פון מערב און מיטל־אייראָפע אויף דעם מזרחדיקן טייל פון קאָנטינענט, קיין דרום־מזרח (טערקיי) און צפון־מזרח (פוילן). להיפוך אָבער צום פלוצימדיקן גירוש שפאַניע, איז דער גירוש פון יידן פון דייטשלאַנד־ביימען נישט געווען פאַרענדיקט צום סוף מיטלאַלטער. ער האָט זיך געצויגן ווייטער אין משך פון גאַנצן 16טן י״ה פון פאַרשידענע טיילן פון דייטשלאַנד, בעיקר מזרח־דייטשלאַנד (בראַנדענבורג, ברוינשווייג, עסטרייך און ביימען). היות גרויסע קהילות פון יידן אין דייטשלאַנד זיינען געראַטעוועט געוואָרן פון גירוש אַפילו אין יענער צייט (פראַנקפורט, וואָרמס, פראָג און אַנדערע), איז די אימיגראַציע פון דייטשע יידן קיין פוילן באַשטאַנען נישט בלויז פון פליטים, נאָר אויך פון עמיגראַנטן, וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט צוליב עקאָנאָמישן דוחק און צוליב בעסערע עקאָנאָמישע אויסזיכטן אין פוילן.



כאָטש די אימיגראַציע פון דייטש־ביימישע יידן קיין פוילן איז בכן נאָך נישט געווען פאַרענדיקט אין 15טן י״ה, און זי איז געוואָרן אַ סברא אַפילו קלענער לויט דער צאָל איידער די איינוואַנדערונג, וואָס איז געקומען שפעטער, אין 16טן י״ה, איז זי אָבער געווען אַ סך באַדייטנדיקער איידער אַלע ביזדעמאָלטדיקע וואַנדערונגען פון דייטשע יידן, וואָס האָבן געהאַט אַריינגעשטראָמט קיין פוילן אין די פריערדיקע יאָרהונדערטער. אויב אין די אַקטן פון 14טן י״ה ווערן נישט דערמאָנט מער ווי איין צענדליק יידישע קהילות אין פוילן, וואָס אַ העלפט דערפון איז נאָך אַלץ געווען קאָנצענטרירט אין גרויספוילן, פאַרמאָגן מיר פון 15טן י״ה ידיעות וועגן יידישע קהילות אין העכער זעכציק שטעט, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַלע פראָווינצן פון דער פאַראייניקטער פויליש־ליטווישער מלוכה. עס איז

איבעריק צו באַמערקן, אַז אַ טייל פון די דאָזיקע יידי־שע קהילות האָט אָן אַ ספק עקזיסטירט שוין אין די פריערדיקע צייטן און בלויז צופעליק באַווייזן זיך די ערשטע ידיעות וועגן זיי ערשט שפּעטער. אויב, למשל, די עלטסטע ידיעה וועגן יידן אין וואַרשע שטאַמט פונם יאָר 1414, באַדייט עס לחלוטין נישט, אַז טאַקע ערשט אין יענעם יאָר האָבן יידן זיך באַ־זעצט אין דער שטאָט. נאָר אַדאַנק דעם, וואָס אין יענעם יאָר האָט אַ קריסטלעכער וויין־סוחר פון טשערסק, אַ געוויסער פּיאָטר, אָפּגעצאָלט אַ חוב דעם וואַרשעווער ייד לאַזאַרוס, פאַר בהמות, וואָס ער האָט ביי אים געקויפט, נאָכדעם ווי ער האָט מיט אים גע־האַט אַ סכסוך, איז דער ענין פאַרנאָטירט געוואָרן אין געריכט־אַקטן. אָבער אפילו ווען מיר נעמען אין אַכט די דאָזיקע באַוואָרעניש אין פאַלן פון אַ רייע שטעט, קען מען דאָך אויסטייטשן נאָר אין ליכט פון דער גרויסער איינוואַנדערונג, וואָס אין 15טן י״ה ווערן דערמאָנט מער ווי זעקס מאָל אַזויפיל יידישע קהילות, איידער אין פאָריקן יאָרהונדערט. עס איז אויך כאַ־ראַקטעריסטיש, וואָס די ידיעות וועגן יידישע קהילות אין 14טן י״ה האָבן אַ שייכות בלויז צו גרעסערע שטעט (מיטן אויסנאַם פון גרויספוילן), בעת אין 15טן י״ה באַווייזן זיך יידן אין אַ גאַנצער צאָל קליינע שטעט־לעך. אין די באַזונדערע פּראָווינצן פון פוילן־ליטע איז די צאָל יידישע קהילות אין 15טן י״ה געווען די ווייטערדיקע: גרויספוילן — 12, מאַזאָוויע און קויאַוויע — 12 (וואַרשע, אינאָווראַצלאַוו, בריסק קויאַ־וויע, פּלאָנסק, ראַווע, טשעכאַנאָוו, בלוינע, ווישאָגראַד, פּולטוסק, פּלאָצק, זאַקראָטשים), פּאָמערן — 2 (דאַנ־ציק, צערעקוויצע), קליינפוילן — 10 (באָכניע, טאָר־נע, סאַנדז, לובלין, יאַסלע און אַנדערע), רייסן — 18 (כעלם, לובאָמל, דראָהאָביטש, בעלז, יעראָסלאַוו, פּרע־מיסלע און אַנדערע), פּאָדאָליע — 3, (בוטשאַטש, קאַמעניעץ־פּאָדאָלסקי, מעזיבוז), וואָלין — 3 (אָסטראָ, לויצק, לודמיר), ליטע — 4 (בריסק, גראָדנע, קאָוו־נע, טראָק), אוקראַינע (קיעוו).

די אַלגעמיינע צאָל יידן אין פוילן צום סוף פון מיטלאַלטער לאָזט זיך נישט גענוי באַרעכענען. אויפן יסוד פון דער צאָל דערמאָנטע יידישע קהילות, ווי אויך לויט דער גרויס פון דעמאָלטדיקן יידישן שטייער פון הייזער באַרעכענען אַ טייל היסטאָריקער, אַז די גאַנצע פּוילישע מלוכה האָט דעמאָלט געציילט בערך אַ 25 טויזנט יידישע נפשות *).

*) אין זיין אַרבעט וועגן „צעשפּרייטונג פון יידן אין פוילן און ליטע" (אין „היסטאָריאַ יעווריעיסקאַוואָ נאַראָדאַ", פאַרלאַג „מיר", פּעטערבורג, 1913) באַרעכנט שיפּער די צאָל יידן אין פוילן און ליטע צום סוף פון 15טן י״ה אין דער הויך פון 12,000 נפשות. שיפּער רעכנט אָבער נישט אַריין אוקראַינע, וואו עס האָט דעמאָלט געבליט אַ גרויסע יידי־שע קהילה אין קיעוו (פון רבנישע יידן און פון קראים) און

## 2. די ווירטשאַפטלעכע לאַגע פון די יידן אין פוילן אין דער צייט פון מיטלאַלטער

וועגן דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון די יידן אין פוילן אין דער עלטסטער תקופה, ביז צו דער העלפט פון 13טן י״ה, האָבן מיר פונקט אַזעלכע אָפּגע־ריסענע ידיעות, ווי וועגן דעם דעמאָלטדיקן יידישן ישוב אין פוילן בכלל. פונקט ווי אין אַלע אייראָ־פּעאישע לענדער אין אָנהויב פון מיטלאַלטער, האָבן אויך די יידן אין פוילן אין דער עלטסטער תקופה אין אַ באַדייטנדיקער מאָס זיך מן הסתם פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט, סיי ווי אַ הויפּט־באַשעפטיקונג, סיי ווי אַ נעבן־באַשעפטיקונג. די שטעט גופא אין פוילן האָבן צו יענער צייט נאָך געטראָגן אַ בולטן לאַנד־ווירטשאַפטלעכן כאַראַקטער, און פונקט ווי אַנדערע שטאָט־באַוואוינער האָבן יידן נישט געקענט אויסקומען אָן אַ שטיקל פעלד און מילכווירטשאַפט. די אויבנ־דערמאָנטע דערפער אין גרויספוילן מיט די נעמען זשידאָוואָ אין אָנהויב פון 13טן י״ה, פונקט ווי ענלעכע נעמען פון אַ גרעסערער צאָל דערפער אין אַנדערע פּראָווינצן (רויטרייסן, קויאַוויע און קליינפוילן) פון 14טן און 15טן י״ה, באַרעכטיקן די השערה, אַז אַ געוויסע צאָל יידן איז אין דער עלטסטער תקופה גע־ווען באַזעצט אויף ערד סיי ווי אייגנטימער פון גרויסע גיטער, סיי ווי קליינע פּויערים. אַ רייע דערפער מיטן נאָמען 'קאַזאַרי" אָדער נעמען פון דעם זעלבן שורש (קאַזאַרזשאָוו) גיבן אַ יסוד פאַר דער טעאָריע, אַז די אימיגראַציע פון יידן קיין פוילן פון דעם כאַזאַרנלאַנד איז באַשטאַנען פון אַן עלעמענט ערד־אַרבעטער *). מיר האָבן אויבן ציטירט אין שייכות מיט שלעזיע ידיעות וועגן יידישע באַזיצער פון דערפער אין אָנהויב פון 13טן י״ה און וועגן „יידן וואָס אַקערן די ערד" **אין דעם גראַד־דיסטריקט פון בייטן אין דער זעלבער צייט (1227). עס איז פאַראַן יעדער גרונט אָנצו־**

וואו עס האָבן מן הסתם אויך שוין דעמאָלט עקזיסטירט אַנ־דערע יידישע קהילות. אין זיין אָפּהאַנדלונג: „זשידזשי וו פּאָלסצע אָדראָדזאָנע", (וואַרשע, 1934) קאָרעגירט שיפּער די דאָזיקע צאָל אויף 24,000 (18,000 אין קרוינפוילן און 6,000 אין ליטע). מ'דאַרף אויך נעמען אין אַכט, אַז אַחוץ די שטעט, וואו יידן ווערן בפירוש דערמאָנט, האָבן שוין אין פינפצענטן יאָרהונדערט מן הסתם אויך געוואוינט יידן אין אַ רייע אַנדערע שטעט, וואו ידיעות וועגן יידן ווערן פאַרצייכנט אין אָנהויב זעכצנטן יאָרהונדערט. מיר מעגן בכן אָננעמען, אַז די פאַקטישע צאָל יידן אין דער פּויליש־ליטווישער מלוכה צום סוף פון מיטלאַלטער האָט זיכער דערגרייכט לכל־הפחות 30,000 נפשות.

*) וואָס שייך נעמען פון געגענטן קאַוויאַרי, וואָס ווערן דערמאָנט אין אָנהויב פון 15טן י״ה, איז די טעאָריע וועגן זייער אָפּשטאַמונג פון נאָמען פון כאַזאַרישן שבט „קאָבאַראַי" שטאַרק אָפּגעפרעגט. עס איז דאָך נישט קיין צופאַל, וואָס איןביידע פאַלן ווערן די ערטער באַצייכנט אין שכנות מיט יידישע בית־עלמנס, ד. ה. פון יידישע „קברים"!

נעמען, אַז אויף אַן ענלעכן אופן זיינען ייִדן געווען טעטיק אין דער לאַנדווירטשאַפט אויך אין די אַנדערע פּראָווינצן פון פּוילן.

נישט קיין סך מער ידיעות איידער וועגן ייִדישער לאַנדווירטשאַפט פאַרמאָגן מיר וועגן דעם האַנדל פון ייִדן אין פּוילן אין יענער צייט. נסיעות פון ייִדישע סוחרים פון מערב קיין רייסן (קיעוו) אויף וועגן איבער פּוילן און אויך דירעקטע נסיעות פון ייִדישע סוחרים קיין פּוילן, ווערן דערמאָנט אין העברעאישע מקורים אין 12טן און 13טן י״ה. די באַשטימונגען וועגן צאָל אין די שלעזישע שטעט ראָזענבערג און שיעוויערזש אויף דער גרענעץ פון פּוילן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יאָר 1226 דורך דעם בישאָף פון ברעסלוי, דערמאָנען סיי ייִדישע סיי קריסטלעכע סוחרים, וואָס פאָרן איבער דער גרענעץ מיט סחורות. לויט די וועגן פון די ייִדישע סוחרים אין פּוילן קומט אויס, אַז זיי האָבן געהאַנדלט אין דער עלטסטער צייט מיט שקלאַפן און שפּעטער בעיקר מיט בשמים פון מזרח, ווייַן פון אונגערן און זאַלץ פון רייסן. די העברעאישע מטבעות פון פּוילן פון 12טן י״ה באַווייזן, אַז ייִדישע קאַפּיטאַליסטן פלעגן שוין דאַמאָלס אין פּוילן שפּילן די זעלבע ראָלע ווי אין שכנותדיקע לענדער (דייטשלאַנד, ביימען און אונגערן) ווי פּאַכטער פון מלוכהשע הכנסות.

די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון ייִדן אין פּוילן אין דער תקופה פון שפּעטן מיטלאַלטער האָט זיך אויסגעפורעמט אין רעזולטאַט פון צוויי פאַקטאָרן: פון איין זייט, זיינען עס געווען די באַשעפטיקונגען פון ייִדן אין די לענדער פון זייער אויסוואַנדערונג, דייטשלאַנד, ביימען, וואָס האָבן לכתחלה געשטויסן די ייִדן אין פּוילן אין אַ באַשטימטער ריכטונג פון ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט, נאָך מער דעצידירנדיק איז אָבער געווען די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור פון פּוילן, וואו די אָנגעקומענע ייִדן האָבן אויסגעפילט די יעניקע עקאָנאָמישע פונקציעס, אין וועלכע דאָס לאַנד, אָדער די הערשנדיקע קלאַסן פונם לאַנד, האָבן זיך גענויטיקט.

די מאַסנאיינוואַנדערונג פון דייטשע ייִדן קיין פּוילן איז פאָרגעקומען אין 14טן און 15טן י״ה, ד. ה. אין אַ צייט, ווען אין דייטשלאַנד האָט זיך שוין לאַנג געהאָט געענדיקט די בלי־תקופה פון ייִדישן מסחר און וואוכער איז געוואָרן די ייִדישע הויפּטבאַשעפטיקונג. ערשט צום סוף מיטלאַלטער, ווען ייִדן זיינען אין דייטשלאַנד שטאַרק באַגרענעצט געוואָרן אין וואוכער, סיי דורכדעם וואָס זייערע געלט־הלוואות האָבן שוין נישט געשפּילט קיין באַדייטנדיקע ראָלע אין עקאָנאָמישן לעבן, סיי דורך גוואַלט־קאָנפיסקאַציעס פון זייערע פאַרמעגנס, האָט דער האַנדל ווידער פאַרנומען אַלץ מער פּלאַץ אין זייער עקאָנאָמישן לעבן. די דאָזיקע באַרופסטרוקטור פון די ייִדישע אימיגראַנטן פון דייטשלאַנד האָט אין אַ געוויסער מאָס געפונען איר המשך אין פּוילן. דער ייִדישער וואוכער האָט געשפּילט די גרעסטע ראָלע אין פּוילן אין 14טן און אין דער ערשטער העלפט פון 15טן י״ה, און אין דער אַנדערער העלפט פון 15טן י״ה פאַרלירט ער אַלץ מער די באַדייטונג לטובת דעם ייִדישן האַנדל. אָבער אָט דאָס פאַרנעמען זיך ווייטער מיט די באַשעפטיקונגען פון דעם אויסוואַנדערונג־לאַנד איז געווען בלויז אַ זייטיקער פאַקטאָר ביים באַשטימען די עקאָנאָמישע ראָלע פון די ייִדן אין פּוילן. די וויכטיקסטע ראָלע האָט געשפּילט די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון איינוואַנדערונג־לאַנד, און דערפאַר האָט טאַקע אין משך פון דער גאַנצער תקופה פון שפּעטן מיטלאַלטער דאָס ווירטשאַפטלעכע בילד פון די פּוילישע ייִדן, נישט געקוקט אויף דער אויבנאויפיקער ענלעכקייט, אויסגעזען אין תוך אַנדערש איידער אין דייטשלאַנד.

פּוילן איז געווען שטאַרק אָפּגעשטאַנען אין דער ווירטשאַפטלעכער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג אין פאַרגלייך מיט דעם שכנותדיקן דייטשלאַנד, און די באַזונדערע פאַזן פון ווירטשאַפטלעכן פּראָגרעס זיינען דאָ געקומען אַ סך שפּעטער. אין פּוילן איז ערשט אין 13טן און 14טן י״ה פאָרגעקומען די אַנטוויקלונג פון שטעט ווי צענטרען פון האַנדל און מלאכה און די געלט־ווירטשאַפט האָט ערשט דעמאָלט אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין דאָרף. אין דער דאָזיקער תקופה איז דער ייִדישער קרעדיט געוואָרן אַ נויטווענדיקער באַשטאַנדטייל פון דעם ווירטשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד. אין ייִדישן קרעדיט האָט זיך גענויטיקט דער פּוילישער אַדל־קלאַס, די שלאַכטע, סיי כדי צו הויבן די פּראָדוקטיווקייט פון די ערד־גיטער, סיי כדי צו דעקן די געלט־שטייערן פאַר דער מלוכה און פאַר דער קירך. אויך אין די נייגעגרינדעטע שטעט האָבן געמוזט אָנקומען צו הלוואות ביי ייִדן סיי די סוחרים אין זייער האַנדלס־טעטיקייט און סיי די האַנטווערקער, וואָס האָבן געדאַרפט ערשט אויפבויען אָדער אויסברייטערן זייערע וואַרשטאַטן. זייער אָפט האָבן זיך אויך די פּויערים גענויטיקט אין הלוואות, טיילווייז צוליב ענלעכע סיבות ווי די גרויס־גרונטבאַזיצער — כדי אַריבערצופירן די ווירטשאַפט אויף אַ העכערן שטאַפּל פון פּראָדוקטיווקייט, אָבער אויך צוליב די באַדערפענישן פון צאָלן שטייערן דער מלוכה און צינזן דעם פּריץ. די באַשעפטיקונג פון פּוילישן ייִדן מיט וואוכער איז אָבער אויך געלעגן אין די אינטערעסן פון די פירשטן: די הערשער זיינען געווען פאַראינטערעסירט, אַז ייִדן זאָלן אָנזאַמלען וואָס גרעסערע קאַפּיטאַלן אויפן וועג פון הלוואות, כדי זיי זאָלן קענען דינען ווי אַ שטייער־קוואַל פאַר דער מלוכה, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין אַלץ גרעסערע געלט־סומעס אויף אויסצוהאַלטן אַ באַוואָפנטע מאַכט און דעם מלוכה־אַפּאַראַט

(נישט געקוקט דערויף, וואָס די הויכע באַאַמטע פלעגן אין פּוילן באַלוינט ווערן נישט מיט קיין געהאַלט נאָר מיט מלוכהשע גיטער). די פירשטן פון די מאָדערנע פּראָווינצן און די מלכים פון פּוילן פלעגן אויך אַליין אין אָפטע פאַלן באָרגן גרעסערע סומעס ביי יידישע באַנקירן.

בקיצור, דער יידישער וואוכער אין פּוילן האָט אין משך פון 13טן י"ה ביז צום אָנהויב פון 15טן י"ה געשפּילט אין פּוילן אַן ענלעכע ראָלע ווי דאָס באַנקוועזן אין דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. פונקט ווי אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע האָבן יידן באַזאָרגט די ווירטשאַפט פון לאַנד און אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג מיט מזומן־געלט, אין וועלכן זיי האָבן זיך געניטיקט. דער חילוק איז נאָר, וואָס אין די מערב־ און צענטראַל־אייראָפּעאישע לענדער איז די דאָזיקע פינאַנציעלע ראָלע פון יידן אויפגעקומען אַ סך פריער איידער אין פּוילן און האָט זיך פאַרענדיקט אַ סך פריער. אין דער תקופה פון די גירושים האָט דער יידישער וואוכער אין דייטשלאַנד און אין די שכנותדיקע לענדער שוין געהאַט פאַרלוירן די באַדייטונג פון פּראָדוקטיוון קרעדיט, וואָס האָט פינאַנסירט די ווירטשאַפט פון לאַנד, און ער איז איינגעשרומפּן געוואָרן בעיקר צו אַ קאָנסומציע־קרעדיט פאַר נויטבאַדערפטיקע, ד. ה. צו וואוכער אין ענגן זין פון וואָרט. אין ווירטשאַפט־לעך־פאַרשפּעטיקטן פּוילן פאַלט אויס אין דער זעלבער צייט דער אויפבלי פון יידישן פּראָדוקטיוון קרעדיט. צוליב דער פּאַמעלעכדיקער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג איז וואוכער אין דער פּוילישער מלוכה אפילו אין דער דאָזיקער תקופה, להיפוך צו דייטשלאַנד, נישט געווען די הויפּט־באַשעפטיקונג פון רוב מנין ובנין יידן. אין דייטשלאַנד, פונקט ווי פריער אין פראַנקרייך און אין אַנדערע מערב־אייראָפּעאישע לענדער, האָט זיך וואוכער פאַרשפּרייט ווי די וויכטיקסטע באַשעפטיקונג פון יידן, נאָכדעם ווי זיי זיינען געהאַט אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון האַנדל און בפרט פון לאחדים־האַנדל דורך דעם אַלץ מעכטיקערן קריסטלעכן בירגערטום. אין פּוילן איז דאָס בירגערטום פון די ניי־אויפגעקומענע שטעט לכתחילה געווען צו שוואַך כדי צו מאָנאָפּאָליזירן דעם האַנדל אין זיינע הענט. מחמת דעם האָבן אין דער זעלבער תקופה, ווען עס האָט געבליט דער יידישער וואוכער אין פּוילן, די דאָרטיקע יידן גענומען אַ באַדייטנדיקן אָנטייל אויך אין אַלע צווייגן סיי פון אויסערלעכן האַנדל, סיי פון אינערלעכן האַנדל.

ווי גרויס עס איז געווען ביז צו דער מיט פון 15טן י"ה די פּראָפּאָרציע יידן אין פּוילן, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט האַנדל, לגבי די יידישע פּראָפעסיאָנעלע געלט־לייער, איז אויפן יסוד פון די פאַראַנענע היסטאָרישע מקורים זייער שווער צו באַשטימען. אמת, מען וואָלט געקענט אָנווייזן אויפן פאַקט, אַז שוין אין דער ערשטער פּריווילעגיע פאַר פּוילישע יידן אין קאַלישער סטאַטוט פון יאָר 1264, זיינען פאַראַן 13 פּאַראַגראַפן, וואָס־האָבן אַ שייכות צום יידישן קרעדיט, בעת בלויז 2 פּאַראַגראַפן רעגולירן די פראַגע פון יידישן האַנדל. ענלעך שטעלט זיך פאָר די פּראָפּאָרציע אין די שפּעטערדיקע פּריווי־לעגיעס פאַר די יידן אין פּוילן. מען וואָלט אין פלוג אויך געקענט פעסטשטעלן די גרויסע איבערוואָג פון יידישן וואוכער לגבי דער יידישער באַשעפטיקונג מיט האַנדל אויפן יסוד פון דעם, וואָס די צאָל געריכט־לעכע אַקטן, וועלכע האָבן אַ שייכות צום יידישן האַנדל, איז לפי־ערך גאָר קליין לגבי די אַקטן, וואו יידן קומען אין געריכט מיט זייערע תביעות פאַר הלוואות. אַזאַ אויספיר איז אָבער אין גרונט גע־נומען נישט באַגרינדעט. די קרעדיט־טעטיקייט איז אַ געביט, וואָס פאָדערט אַ סך מער אויספירלעכע געזעצן איידער דער ענין פון האַנדל. דאָ האָבן זיך געפאָדערט אַ רייע געזעצלעכע באַשטימונגען וועגן דעם, וועלכער צד דאַרף שווערן אין פאַל פון אַ סכסוך, וועלכע חפצים מען מעג נעמען פאַר אַ משכון, וואָס פאַר אַן אחריות עס טראָגט דער מלווה אין פאַל, אויב דער משכון ווערט ביי אים צוגעגנבעט אָדער פאַר־ברענט, וויפיל וואוכער עס איז דערלויבט צו נעמען פון אַ הלוואה, צי מעג דער יידישער מלווה צונעמען פאַרזעצטע הייזער און גיטער א. ד. גל. להיפוך, בנוגע האַנדל, איז גענוג געווען צו באַשטימען מיט וועלכע אַרטיקלען מען מעג האַנדלען, און וויפיל צאָל מען דאַרף אָפּצאָלן ביים אַדורכפירן סחורות. צוליב די זעלבע סיבות איז ממילא אויך אין געריכטלעכע אַקטן דער קרעדיט שטאַרקער אָפּגעשפּיגלט איידער דער האַנדל. אין האַנדל קומט פאָר דער משא־ומתן קירצער און שנעלער און בלויז אין אויסנאַמפאַלן קומען פאָר סכסוכים, אויב די סחורה איז נישט צוגעשטעלט געוואָרן לויטן אָפּמאַך, אָדער דער קונה האָט נישט געסילוקט זיין חוב, אין לאחדים־האַנדל זיינען אפילו אַזעלכע סכסוכים אַן אויסערגעוויינלעכע זעלטנקייט. דער ענין פון הלוואות סיי אויף משכנות, סיי אויף געלט־בריוו און היפּאָטעק איז עלול געווען בטבע אַרויסצורופן סכסוכים, וואָס האָבן געמוזט אויסגעגליכט ווערן דורכן געריכט. אויפן יסוד פון געריכטלעכע אַקטן טאָר מען אויך נישט מאַכן דעם אויספיר, אַז יידן, וואָס האָבן געהאַט אַ משפּט בנוגע הלוואות זיינען אַלע פּראָפעסיאָנעלע וואוכערניקעס און פאַרנעמען זיך מיט וואוכער ווי אַ הויפּט־באַשעפטיקונג. אין אַ טייל פאַלן קען מען אויפן יסוד פון אַנדערע אַקטן מיט זיכערקייט פעסטשטעלן, אַז די יידישע מלווים האָבן זיך פאַרנומען מיט מסחר, אָדער זיינען געווען בעלי־מלאכות, דאָקטוירים און דאָס לייען געלט איז ביי זיי געווען אַ נעבן־פּרנסה. דאָסזעלבע האָט געקאָנט זיין

דער פאַל אויך מיט אַנדערע יידישע מלווים, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געריכטלעכע סכסוכים אין שייכות מיט זייער הויפּט־באַשעפטיקונג אויפֿן געביט פון מסחר, אָדער אויף אַן אַנדערן געביט, און דערפאַר זיינען צו אונדז נישט דערגאַנגען קיין שום ידיעות וועגן זייער עיקרדיקער עקאָנאָמישער טעטיקייט.

נעמענדיק אין אַכט די אַלע באַוואָרענישן, דאַרפן מיר אויך פעסטשטעלן דעם חילוק צווישן דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון די יידן, פון איין זייט, אין פוילן גופא (גרויספוילן, מאַזאָוויע און קליינפוילן) און אין רייסן (מזרח־גאַליציע), וואָלין און ליטע פון דער אַנדערער זייט. עס איז זיכער נישט קיין צופאַל, וואָס אין מערב־פוילן איז דער איבערוועגנדיקער רוב ידיעות וועגן יידן אין די געריכטלעכע אַקטן נוגע זייער טעטיקייט אין וואוכער, בעת דער האַנדל ווערט לפי־ערך אַ סך זעלטענער דערמאָנט. אין די אַקטן אין רייסן און אין וואָלין געפינען מיר אַ פאַרקערטע דערשיינונג: יידן ווערן על־פי־רוב דאָרט דערמאָנט אין שייכות מיט זייער האַנדל, און אַפילו די דאָרטיקע יידישע באַנקירן זיינען אין אַ רייע פאַלן באַקאַנט ווי באַדייטנדיקע סוחרים. אין ליטע האָט דער יידישער וואוכער צו יענער צייט געשפּילט נאָך אַ קלענערע ראָלע איידער אין רייסן: די פּריווילעגיע פאַר די יידן פון גראָדנע פון יאָר 1389 דערמאָנט נישט לגמרי קיין וואוכער, נאָר באַשטימט די רעכט אויפן געביט פון האַנדל, שענקעריי, מלאכה און לאַנדווירטשאַפט. דער דאָזיקער חילוק צווישן מערב, דרום־מזרח און מזרח פון דער פּוילישער מלוכה אין שייכות מיט יידן איז געווען אַ רעזולטאַט פון דעם חילוק אין דער דערגרייכטער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונגס־מדרגה פון די באַזונדערע געביטן. אין גרויספוילן און קליינפוילן האָבן זיך אַמפּריסטן אַנטוויקלט די שטעט און אין שייכות דערמיט איז דאָרט אויך פריער אויפגעקומען די געלט־ווירטשאַפט איידער אין די געביטן אין מזרח. פון איין זייט האָבן יידן דאָרט, צוליב דער פאַרהעלטעניסמעסיק גרויסער צאָל פון דער קריסטלעכער שטאָטישער באַפעלקערונג נישט געהאַט אַזעלכע ברייטע מעגלעכקייטן אויפן געביט פון האַנדל ווי אין רייסן און אַ פּשיטא אין ליטע; פון דער אַנדערער זייט, איז דאָרט דער דוחק אין געלט־מיטלען געווען גרעסער, איידער אין די מזרח־געביטן. בלויז בנוגע מערב־פוילן קענען מיר בכן אָננעמען, לויט אַלע פאַראַנענע ידיעות, אַז ביז צום ערשטן פערטל פון 15טן י״ה האָט דער רוב דאָרטיקע יידן זיך פאַרנומען מיט וואוכער ווי אַ הויפּט־באַשעפטיקונג אָדער ווי אַ נעבן־באַשעפטיקונג. אַרום דעם ערשטן פערטל פון 15טן י״ה האָט אָבער אויך אין גרויספוילן און קליינפוילן די באַשעפטיקונג פון יידן מיט וואוכער אָנגעהויבן צו פאַלן לטובת דער באַשעפטיקונג מיט מסחר. דער קריסטלעכער שטאַנד פון סוחרים איז שוין צו יענער צייט געווען אַזוי שטאַרק פינאַנציעל, אַז ער האָט שוין זעלטן געדאַרפט אָנקומען צו יידישע קאַפּיטאַלן אין זיין האַנדלסטעטיקייט. אין דער זעלבער צייט ווערן אויך אַלץ זעלטענער יידישע הלוואות פאַר דער רייכער שלאַכטע. די שלאַכטע האָט שוין דעמאָלט באַוויזן צוצופאַסן די אַדמיניסטראַציע אין אירע גיטער צו דער אַנטוויקלטער סחורה־ווירטשאַפט. זי האָט אויך מורא באַקומען פאַר דער פּאָליטישער סכנה פאַר איר מאָנאָפּאָל אויף פרייען גרונט־באַזיץ דורך דער ביזדעמאָלטדיקער פּראַקטיק פון פאַרמשכונען יידן גיטער אויף היפּאָטעק. דער צווייטער סטאַטוט פון יאָר 1423, וואָס האָט פאַרבאָטן יידן צו באָרגן געלט אויף שטר־חובות און אויף היפּאָטעק, האָט געבראַכט צום אויסדרוק דעם איבערברוך אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון יידן אין פוילן. יידן זיינען פון איצט אָן געווען באַגרענעצט בלויז צו הלוואות אויף משכונות און דערמיט איז דער וואוכער אַלץ מער רעדוצירט געוואָרן צו קאָנסומציע־קרעדיט און דערמיט אַלץ ווייניקער פאַרגעשטעלט אַ יידישע הויפּט־באַשעפטיקונג. אין מאַזאָוויע, וואו די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג איז געגאַנגען פּאַמעלעכער, איידער אין גרויספוילן אָדער קליינפוילן, האָט דער יידישער וואוכער מיט אַ פערטל־יאָרהונדערט שפּעטער, אַרום דעם העלפט פון 15טן י״ה, אַדורכגעמאַכט די זעלבע ירידה. צוליב דער ירידה פון וואוכער האָט אַלץ אַ גרעסערע צאָל יידן אין 15טן י״ה זיך געווענדט צו האַנדל ווי אַ הויפּט־באַשעפטיקונג. דעם דאָזיקן פּראָצעס פון אַלץ גרעסערן אָנטייל פון יידן אין האַנדל איז נישט אימשטאַנד געווען אָפּצושטעלן אַפילו די אָרגאַניזירטע אַקציע פון קריסטלעכן בירגערטום צום סוף פון 15טן י״ה, וואָס איז געווען אויסן צו עלימינירן יידן לחלוטין ווי קאָנקורענטן אין מסחר, אָדער לכל־הפחות צו באַגרענעצן דעם יידישן האַנדל ביז צו אַ מינימום. די אַטאַקע אויף דעם רעכט פון פרייען האַנדל האָט בלויז געהאַט די פּעולה, וואָס אַ גרעסערע צאָל יידן איז אַריבערגעגאַנגען צו מלאכה ווי אַ הויפּט־באַשעפטיקונג. מלאכה איז אָבער אויך ביז דעמאָלט געווען פאַרשפּרייט ביי יידן אין פוילן אַ סך מער, איידער ביי די דייטשע יידן אין מיטלאַלטער, וואו מיר געפינען יידישע האַנטווערקער דערמאָנט בלויז אין זעלטענע פאַלן.

### די רעכטלעכע לאַגע פון די יידן אין פוילן אין דער צייט פון מיטלאַלטער

די ווינציקע ידיעות וועגן די יידן אין פוילן אין דער עלטסטער צייט ביז צום 13טן י״ה וואַרפן אויך אַ בינטל ליכט אויף זייער רעכטלעכער לאַגע. דער פאַקט, וואָס מיר האָבן אויבן דערמאָנט, אַז די פּוילישע פירשטין יודיטע, די פרוי פון וולאַדיסלאַוו הערמאַן, פלעגט (אַרום יאָר 1085) אויסקויפן שקלאַפן פון יידישע הענט, זאָגט עדות נישט נאָר וועגן דעם,

Kalish Statute



אַז יידן האָבן געהערט צו די פרייע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, היות די אונטערטעניקע פויערים האָבן ניט געקאָנט באַזיצן קיין שקלאַפן. פון דעם דאָזיקן פאַקט קענען מיר אויך אַרויסדרינגען, אַז יידן האָבן צו יענער צייט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער סאָציאַל־פּאָליטישער היעראַרכיע פון לאַנד: נאָר אַזוי לאָזט זיך דערקלערן, פאַרוואָס די פירשטין האָט נישט געהאַט די מאַכט צוצונעמען די קריסטלעכע שקלאַפן ביי יידן, נאָר זי האָט זיי געמוזט אויסקויפן פאַר איר אייגן געלט. די ידיעות וועגן יידן אין פוילן אין דער צווייטער העלפט פון 12טן י"ה, אונטער דער הערשאַפט פון פירשט מיעשקאָ דעם דריטן און פון זיינע נאָכפאָלגער, אַנטהאַלטן שוין מער פרטים וועגן זייער רעכטלעכער לאַגע. לא די וואָס יידן האָבן געפאַכט די מינץ אונטער עטלעכע פירשטן נאָכאַנאַנד, האָבן זיי אויך אויסגעקלאַפט די מטבעות מיט העברעאישע אויפשריפטן. אַזאַ פרייהייט פון גיסן העברעאישע מטבעות האָבן יידן נישט פאַרמאָגט אין שכנותדיקן דייטשלאַנד, כאָטש זיי פלעגן אויך דאָרט פאַכטן די מינץ אין אַ טייל געגנטן. מיר ווייסן אָבער אויך, אַז אין דער זעלבער צייט פלעגט דער פירשט מיעשקאָ דער דריטער באַשטראָפן אָנפאַלן אויף יידן ווי אַ מאַיעסטעט־באַליידיקונג אָדער ווי חילול הקודש. אויך דערפון וואָלט מען געקאָנט אַרויסלערנען, אַז יידן אין פוילן זיינען בכן באַטראַכט געוואָרן דעמאָלט פאַר דירעקטע מיטהעלפער פון דעם הערשער פאַר אַ הערשנדיקן קלאַס, ווי דער אַדל און די קירך. עס איז אָבער גיכער אַ סברא, אַז פונקט ווי אין אַ ריי מערב־איראָפּעאישע מלוכות זיינען זיי אויך אין פוילן שוין דעמאָלט געווען אָנגעהעריק צו דער פירשטלעכער שאַצקאַמער. יעדער שאָדן וואָס איז אָנגעטאָן געוואָרן אַ ייד איז ממילא געווען גלייך ווי אַ היזק וואָס מען האָט גורם געווען מלוכה־פאָנדן. אַ באַשטעטיקונג פון דער דאָזיקער סברא קען מען געפינען אין אַנדערע ביישפילן פון דער שטרענגקייט פון מיעשקאָס אַדמיניסטראַציע, וואָס עס ברענגט דער קראָניקאַר ווינצענטי קאַדלובעק אין דעם זעלבן שייכות. פונקט אַזאַ הויכע שטראָף („זיבעציק", ד"ה מן הסתם זיבעציק פעלעכלעך, בערך זיבעצן זילבער־מאַרק) ווי פאַר באַשעדיקן יידן פלעגט דעמאָלט צוגעפסקנט ווערן פאַר הרגנען אַ בער אין וואַלד, היות געיעג איז געווען אַ הכנסה־מאָנאָפּאָל פון פירשט, אָדער פאַר צונעמען אַן דערלויבעניש פון פירשט אַ פרעמדן צו דער אַרבעט, נישט קיין חילוק צי אַ פרייען, צי אַ שקלאַף.

די רעכטלעכע שטעלונג פון יידן ווי אַ גרופּע באַפעלקערונג וואָס שטייט דירעקט אונטערן שוץ פון פירשט איז קלאָר פאָרמולירט אין דער עלטסטער פּריווילעגיע פאַר יידן אין פוילן, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן באָלעסלאַוו דער פרומער פון קאַליש אין יאָר 1264. די דאָזיקע פּריווילעגיע, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „קאָלישער סטאַטוט", האָט זיך נישט דערהאַלטן אין אָריגינאַל, נאָר אין דער באַשטעטיקונג פון שפּעטערדיקע פוילישע הערשער. צום ערשטן מאָל איז דער טעקסט געדרוקט געוואָרן אין יאָר 1506, אין דער געזעץ־זאַמלונג פון פוילישן קאַנצלער יאַן לאַסקי.

דער קאָלישער סטאַטוט, וואָס באַשטייט פון 36 פּאַראַגראַפן איז בדרך כלל אַן איבערחזרונג פון די פּריווילעגיעס, וואָס יידן האָבן מיט אַ קורצער צייט פריער געהאַט באַקומען אין מיטל־איראָפּעאישע לענדער: אין יאָר 1244 האָט דער פירשט פון עסטרייך, פרידריך דער צווייטער, דער קעמפערישער, אַרויסגעגעבן אַ פּריווילעגיע פאַר יידן פון זיין לאַנד. לויט דעם מוסטער פון יענער פּריווילעגיע האָט דער אונגערישער קיניג בעלאַ דער פערטער אַרויסגעגעבן אַ פּריווילעגיע אין יאָר 1251 און דער טשעכישער קיניג פּרשעמיסלאַוו אָטאָקאַר דער צווייטער אין יאָר 1254.

די יסודות פון דער רעכטלעכער לאַגע פון יידן אין גרויס פוילן ווערן לויטן קאָלישער סטאַטוט באַשטימט אויף דעם ווייטערדיקן אופן:

דאָס לעבן און פאַרמעגן פון יידן איז אונטערן שוץ פון פירשט. פאַר פאַרוואונדן אַ ייד קומט, אַחוץ אַנטשעדיקונג דעם געליטענעם, אַ געלט־שטראָף לטובת דעם פירשט. פאַר הרגנען אַ ייד קומט, אַחוץ דער „גערעכטער שטראָף", קאָנפיסקאַציע פון פאַרמעגן פון מערדער לטובת דעם פירשטלעכן אוצר. פאַר צעשטערן אַ יידישן בית עולם קומט אַ שטראָף און קאָנפיסקאַציע פון פאַרמעגן. פאַר וואַרפן שטיינער אויף אַ יידישער שול קומט אַ שטראָף פון צוויי שטיין *) פעפער לטובת דעם וואָיעוואָדע, דעם פאַרטרעטער פון פירשט. פאַר צונעמען יידישע קינדער מיט געוואַלט (מן הסתם, כדי זיי צו שמדן) קומט אַ שטראָף ווי פאַר גנבענען. פאַררופנדיק זיך אויף דער באַר־מטער בולע פון פויפסט אינאָצענץ דעם פערטן ווערן פאַרבאָטן עלילות דם אויף יידן. טאָמער וועט אָבער יאָ פאָרקומען אַ באַשולדיקונג, אַז אַ ייד האָט דערהרגעט אַ קריסטלעך קינד, דאַרף זי באַוויזן ווערן דורך דריי קריסטלעכע און דריי יידישע עדות. אויב די באַשולדיקונג וועט זיך אַרויסווייזן פאַר אַ בלבול, דאַרף דער קריסטלעכער אָנקלאָגער באַשטראָפט ווערן מיט אַזאַ שטראָף, וואָס האָט געדראָט דעם באַשולדיקטן ייד. אויב אַ קריסט איז אין חשד אַז ער האָט דערהרגעט אַ ייד, דאַרף ער באַווייזן זיין אומשולד דורך אַ דועל־קאַמף און דאָס געריכט דאַרף אים צו־

*) 1 „שטיין" = 32 פונט.

שטעלן אַ קעמפער צום דועל. אויב יידן פירן איבער לויט זייער מנהג מתים פון איין שטאָט אין אַן אַנדערער, אָדער פון איין פּראָווינץ אין אַ צווייטער, טאָרן די צאָל־פאַכטערס פון זיי נישט אויספּרעסן קיין שום אָפּצאָל, אין קעגנפאַל ווערן זיי באַשטראָפט ווי רוצחים. אויב אַ ייד ווערט באַפאַלן ביינאַכט און שרייט געוואַלט, זיינען די קריסטלעכע שכנים אונטער אַ געלטשטראָף מחוייב צו לויפן אים צו הילף.

די יידן זיינען אַרויסגענומען פון משפט פון דער שטאָט און אונטערליגן אין פּרינציפּ דעם משפט פון פירשט. שטראָף־פּראָצעסן צווישן יידן און קריסטן משפט דער וואָיעוואָדע ווי דער פאַרטרעטער פון פירשט, אָבער דער פירשט איז די אַפּעלאַציע־אינסטאַנץ ווי אויך די ערשטע אינסטאַנץ אין אַלע פאַלן וואו ער וויל דעם ענין אַליין משפטן. און שטראָף־פּראָצעסן צווישן יידן גופא, און אין ציוויל־פּראָצעסן צווישן יידן און קריסטן משפט אַ ריכטער פון וואָיעוואָדע וועלכער הייסט „יידישער ריכטער". דער זעלבער ריכטער משפט אויך אין אַלע ענינים צווישן יידן, ד. ה. אויך אין ציוויל־פּראָצעסן צווישן אַ ייד און אַ ייד, אויב מען ווענדט זיך צו אים מיט אַן אַנקלאַגע. דער יידישער ריכטער" דאַרף אָפּהאַלטן דעם משפט אין דער שול אָדער אין אַן אַנדערן פּלאַץ וואָס יידן וועלן אויסקלויבן. בלויז דער פירשט און דער וואָיעוואָדע האָבן אַ רעכט צו רופן יידן צום משפט צו זיך. מען טאָר ניט משפטן די יידן אין די טעג פון זייערע יום־טובים. אַ ייד דאַרף אָפּגעבן אַ שבועה אויף אַ ספר־תורה נאָר, ווען עס האַנדלט זיך וועגן גרויסע ענינים, אין קלענערע ענינים דאַרף ער שווערן פאַר דער טיר פון דער שול. אויב אַ קריסט טרעט אַרויס אין געריכט קעגן אַ ייד סיי אין שטראָף־זאַכן, סיי אין געלט־זאַכן, דאַרף ער ברענגען אַחוץ אַ קריסטלעכן עדות אויך אַ יידישן עדות. די מינצערס ווערט פאַרבאָטן צו פאַרהאַלטן יידן אויף דער באַשולדיקונג, אַז זיי האָבן פאַלשע מטבעות, נאָר דער וואָיעוואָדע אָדער אַנדערע הויכע באַאַמטע פונם פירשט האָבן דערצו אַ רעכט.

אין 13 פאַראַגראַפן פון דער פּריווילעגיע ווערט בפרטיות רעגולירט די פראַגע פון יידישן וואוכער. גאָר וויכטיק איז די תקנה, אַז אויב אַ קריסט טענהט, אַז ער האָט פאַרזעצט ביי אַ ייד אַ משכון פאַר אַ קלענערן סכום, ווי עס גיט אָן דער ייד, דאַרף דער ייד באַווייזן דורך אַ שבועה, אַז ער זאָגט אמת. אויף אַזאַ אופן האָט די געזעצגעבונג באַוואָרנט די קאַפּיטאַלן פון די יידישע געלט־לייער. אויסגעשלאָסן אַלס משכנות זיינען בפירוש קירכלעכע כלים און פאַרבלוטיקטע מלבושים. אַ ייד מעג אָננעמען אַ פערד פאַר אַ משכון בלויז בייטאָג, כדי עס זאָל נישט זיין קיין חשד, אַז דאָס פערד שטאַמט פון אַ גנבה. דאָס רעכט צו באָרגן געלט אויף שטר־חובות און אויף אומבאַוועגלעכע גיטער (היפּאָטעק) ווערט בפירוש באַשטעטיקט אין אַ באַזונדערן פאַראַגראַף *).

צוויי פאַראַגראַפן האָבן אַ שייכות צום יידישן האַנדל. אין איין פאַראַגראַף ווערט באַוואָרנט, אַז יידן וואָס פירן סחורות צאָלן נישט קיין העכערן צאָל ווי אַנדערע בירגער פון דער שטאָט פון וועלכער זיי קומען. אין אַן אַנדער פאַראַגראַף ווערט דערלויבט יידן פריי צו פאַרקויפן שפּייז־פּראָדוקטן.

אַ פאַרגלייך פון דער קאַלישער פּריווילעגיע פון יאָר 1264 מיט איר ערשטן מוסטער, דער פּריווילעגיע פון פירשט פרידריך דעם צווייטן פון עסטרייך פון יאָר 1244, באַווייזט באַשיימפּערלעך, אַז אין פוילן איז לכתחילה די רעכטלעכע לאַגע פון יידן באַשטימט געוואָרן אַ סך גינציקער. קודם־כל נעמט אַריין דער קאַלישער סטאַטוט די הוספות לטובת יידן וואָס זיינען פאַראַן אין די פּריווילעגיעס פאַר די ביימישע און אונגערישע יידן. פון יענע פּריווילעגיעס האָט דער קאַלישער סטאַטוט איבערגענומען דעם פאַראַגראַף וואָס פאַרווערט צו באַשולדיקן יידן אין ריטועלן מאָרד. דער פאַראַגראַף פון קאַלישער סטאַטוט וועגן רעכט פון יידן צו האַנדלען מיט עסנוואַרג איז בכלל נישט פאַראַן אין קיין איינעם פון די פּריווילעגיעס פון די הערשער פון עסטרייך, ביימען אָדער אונגערן. ער איז נאָכקאָפּירט געוואָרן פון אַ פּריווילעגיע וואָס דער קיסר פרידריך דער צווייטער האָט אין יאָר 1238 געהאַט אַרויסגעגעבן פאַר די יידן אין ווין. די קאַלישער פּריווילעגיע אַנטהאַלט אָבער אויך אַזעלכע אויסברייטערונגען פון יידישע רעכט, וואָס זיינען לגמרי אָריגינעל און זיינען בכלל נישט פאַראַן אין די פריערדיקע פּריווילעגיעס פון מיטל־אייראָפּע. לויט יענע פּריווילעגיעס ווערט גענוי באַשטימט די הויך פון פּראָצענטער וואָס יידן מעגן נעמען פון הלוואות. אין דער עסטרייכישער פּריווילעגיע פון יאָר 1244 ווערט דערלויבט צו נעמען צינזן פון דער הלוואה ביז 173 פּראָצענט. דער קאַלישער סטאַטוט אַנטהאַלט בכלל נישט קיין שום באַשטימונג וועגן דער הויך פון פּראָצענטער, ווייזט אויס מיט דער בפירושער כוונה צו סטימולירן דעם יידישן קרעדיט. אין דער פּראַקטיק

*) אין דעם טעקסט פון לאַסקי פון יאָר 1506 ענדיקט זיך דער פאַראַגראַף 25 גאָר מיט אַ באַשטימונג, אַז דאָס געריכט דאַרף ניט צופּסקענען דעם ייד די פאַרמשכונטע גיטער. סיי פון דער פאָרמולירונג פון דעם דאָזיקן פאַראַגראַף, סיי פון די שפּעטערדיקע פּריווילעגיעס, וואָס קיניג קאַזימיערזש האָט אַרויסגעגעבן פאַר יידן, דרינגט אָבער אַרויס אומצווייפלהאַפטיק, אַז אין אָריגינאַל־טעקסט פון פירשט באָלעסלאַוו דעם קאַלישער, איז דער דאָזיקער פאַראַגראַף אַריינגעשטעלט געוואָרן ווי אַ בפירושע באַשטעטיקונג פון רעכט פאַר יידן צו באָרגן אויף היפּאָטעק. אַ סברא, לאַסקי האָט דעם דאָזיקן פאַראַגראַף, פּונקט ווי עטלעכע אַנדערע, בכיוון פאַרדרייט, כאָטש ער האָט ניט געהאַט די העזה צו ענדערן די פאָרמולירונג פולשטענדיק לויט זיינע כוונות.

האָט דער וואוכער אין פּוילן באַטראָפן אַ סך וויניקער, ווי די נאָרם אין עסטרייך, בערך 108 פּראָצענט ביי קלענערע און 54 פּראָצענט ביי גרויסע הלוואות; אין מאַזאָוויע אַ סך וויניקער — פון 43 פּראָצענט ביז 86 פּראָצענט. בעת לויט די מיטל־אייראָפּעאישע פּריווילעגיעס איז דער פאַרטרעטער פון פירשט וואָס דאַרף משפטן יידן דער שאַצמייסטער, איז לויט דעם קאַלישער סטאַטוט דער קאָמפּעטענטער פאַרטרעטער אין אַלע פאַלן דער וואָיעוואָדע. די באַשטימונג פון וואָיעוואָדע פאַרן אויבער־שופט האָט נישט בלויז געזיכערט יידן אַ מער אָביעקטיווע באַהאַנדלונג איידער זיי וואָלטן געהאַט ביים משפט פון שאַצמייסטער, זי ווייזט אויך אָן, אַז אין פּוילן האָט מען ניט באַטראַכט יידן אין ענגן זין פון וואָרט פאַר אַן אייגנטום פון דער שאַצקאַמער, נישט געקוקט דערויף וואָס דאָס הרגענען אַ ייד ווערט באַשטראָפט ווי אַ פאַרברעכן פון „צע־שטערן אונזער שאַצקאַמער". דער פּאַראַגראַף פון קאָלישער סטאַטוט וואָס לייגט אַרויף אויף די קריסטלעכע שכנים דעם חוב צו לויפן צו הילף אַ ייד וואָס שרייט געוואַלט ביינאַכט, ווי אויך דער פּאַראַגראַף וואָס פאַרווערט די מינצער צו אַרעסטירן יידן אונטערן חשד פון פעלשן מטבעות, געפינען זיך נישט אין קיין שום פריערדיקער פּריווילעגיע פאַר יידן אין מיטל־אייראָפּע. אויך דער פּאַראַגראַף וואָס דערלויבט נישט אָנצונעמען ביינאַכט אַ פערד ווי אַ משכון איז אַן אָריגינעלע באַשטימונג פון קאַלישער סטאַטוט. ער איז, ווייזט אויס, אַרויסגעדרונגען פון די ספּעציפישע פאַרהעלטענישן אין פּוילן, וואו פערד פלעגן אָפטער פאַרזעצט ווערן צוליב דעם אַגריקולטורעלן כאַראַקטער פון לאַנד.

אין סך־הכל קומט בכן אויס, אַז דער קאָלישער סטאַטוט נעמט אַ סך ברייטער אין אַכט די אינטערעסן פון יידן איידער אַלע פּריווילעגיעס וואָס האָבן אים געדינט ווי אַ מוסטער. דער דאָזיקער פאַרהעלטנישמעסיקער ליבעראַליזם לגבי יידן, וואָס קומט צום אויסדרוק שוין אין דער עלטסטער געזעצגעבונג אין פּוילן, איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער וויכטיקער עקאָנאָמישער ראָלע, וואָס זיי האָבן אויסגעפּילט אין דער אַנטוויקלונג פון לאַנד ווי געלט־לייער און סוחרים.

די עפנטלעך־רעכטלעכע שטעלונג פון די יידן אין פּוילן האָט זיך בכן לויטן קאָלישער סטאַטוט געשטאַלטיקט אויף אַזאַ אופן:

יידן זיינען געווען אונטערגעוואָרפן דעם פירשט (שפּעטער דעם קיניג) אָדער זיין פאַרטרעטער דעם וואָיעוואָדע *). זיי זיינען געווען אַרויסגענומען פון

*) דער וואָיעוואָדע איז געווען דער העכסטער באַאַמטער פונם פירשט. ווען פּוילן איז פאַראייניקט געוואָרן אין אָנהויב פון 14טן י"ה איז געבליבן די איינטיילונג פון דער מלוכה בערך אויף אַזוי פיל וואָיעוואָדשאַפטן, וויפיל עס זיינען פריער געווען באַזונדערע פירשטנטימער. פאַקטיש איז דע־מאָלט פאַר דעם וואָיעוואָדע געבליבן ווי די וויכטיקסטע אַמטלעכע פונקציע די השגחה און יוריסדיקציע איבער יידן. די פאַקטישע אַדמיניסטראַציע פון לאַנד אין די איינצלנע וואָיעוואָדשאַפטן איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון די סטאַראָסטעס. אין מאַזאָוויע, וואָס איז געבליבן ביז 1527 אַ זעלבסטשטענדיק פירשטנטום, איז דער פאַרטרעטער פונם פירשט אין ענינים פון יידן געווען דער סטאַראָסטע.



דער געריכטלעכער קאָמפּעטענץ פון דער שטאָט. די דאָזיקע באַשטימונג איז געווען אויסערגעוויינלעך וויכטיק פאַר די יידן שוין אין שפּעטן מיטלאַלטער בעת די שטאָטישע מאַגיסטראַטן האָבן געפּרואווט אונטערצוּוואַרפן די יידן זייערע פאַראָרדענונגען און אַרויסשטויסן זיי פון האַנדל כדי פּטור צו ווערן פון קאָנקורענטן. דער משפט צווישן יידן אין שטראָף־זאַכן, אָדער צווישן יידן און קריסטן, דאָרט וואו דער ייד איז געווען דער אָנגעקלאָגטער, האָט געהערט צום „יידישן ריכטער", וואָס האָט פאַרטראָטן דעם וואָיעוואָדע. אין דער פּראַקטיק פלעגט דער „יידישער ריכטער" משפטן אין אָנוועזנהייט פון יידישע אַסעסאָרן „בייזיצער", וואָס האָבן אים געדאַרפט אויפקלערן וועגן דעם יידישן דין.

משפטים צווישן יידן אין ציוויל־ענינים זיינען אין דער פּראַקטיק געמשפט געוואָרן דורך דעם יידישן בית־דין, כאָטש אין קאָלישער סטאַטוט ווערט אַזאַ בית־דין נישט דערמאָנט. עס איז באַשטעטיקט געוואָרן דאָס פולע רעכט פון יידן צו פאַרנעמען זיך מיט געלט־לייען (אויך אויף היפּאָטעק) און מיט מסחר.

— די דריי שטאַנדן, וואָס האָבן דעמאָלט געהאַט אַ דעה אין מלוכהשן לעבן — די גייסטלעכקייט, דער אַדל און די בירגער — האָבן געפּרואווט באַגרענעצן אָדער בטל צו מאַכן די דאָזיקע רעכט פון יידן. די קירך האָט אַרויסגעלאָזט אירע גזירות קעגן יידן שוין אין 13טן י"ה, באַלד נאָכן אַרויסגעבן דעם קאָלישער סטאַטוט, אָבער, ווי מיר וועלן זען, אָן אַ ממשותדיקן דערפאָלג. דער שלאַכטע האָט זיך איינגעגעבן שוין אין 14טן י"ה און מיט נאָך אַ גרעסערער פעולה אין 15טן י"ה צו באַגרענעצן אויפן געזעצלעכן וועג די רעכט פון יידן אויפן געביט פון קרעדיט. די קריסטלעכע שטאָטלייט (מיעשטשאַנעס) זיינען אַרויס מיט אַ גענעראַלן אָנגריף אויף די רעכט פון יידן צו האַנדלען צום סוף פון 15טן י"ה.

איידער מיר וועלן אָבער באַטראַכטן דעם קאַמף פון די דערמאָנטע דריי שטאַנדן קעגן יידן, לאָמיר זען, ווי אַזוי עס האָט זיך ווייטער אַנטוויקלט די רעכטלעכע לאַגע פון יידן אין מיטלאַלטערלעכן פּוילן נאָך דעם אַרויסלאָזן דעם קאָלישער סטאַטוס.

די פּריווילעגיע פון פירשט באָלעסלאַוו פון קאָליש איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם קיניג קאַזימירזש דעם 3טן (קאַזימיר דער גרויסער) אין יאָר 1334, אַ יאָר נאָך זיין קרוינונג, ווי אַ געזעץ

פאַר יידן פון דער גאַנצער פּוילישער מלוכה. ניט געקוקט דערויף, וואָס אין יאָר 1347 זיינען אַדאַנק די באַמיאונגען פון דער שלאַכטע באַגרענעצט געוואָרן די רעכט פון יידן צו פאַרנעמען זיך מיט וואוכער, האָט דער קיניג אין יאָר 1364 נאָך אַמאָל אַרויסגעגעבן באָלעסלאַווס פּריווילעגיע פאַר די יידן פון גאַנץ פּוילן. דאָס איז געשען נאָכדעם, ווי עס זיינען פאָרגעקומען רדיפות אויף יידן בעת דער מגפה פון יאָר 1360, און זיי האָבן מן הסתם פאַרלאַנגט פון קיניג ער זאָל זיי גאַראַנטירן די זיכערקייט פון לעבן און פאַרמעגן. כדי אויסצושפּרייטן די רעכט פון יידן אויך אויף דער פּראָווינץ רייסן מיט דער הויפּטשטאָט לעמבערג, וואָס קיניג קאַזימיערזש האָט געהאַט איינגענומען אין יאָר 1340, האָט ער אין יאָר 1367 אַרויסגעגעבן אַ פּריווילעגיע פאַר די יידן פון קליינפּוילן, דערמאָנענדיק בפירוש אויך לעמבערג. די דאָזיקע פּריווילעגיע, וואָס ווערט אָנגערופן די „קאַזימירישע פּריווילעגיע”, גאַראַנטירט יידן ברייטערע רעכט איידער די באָלעסלאַוו־פּריווילעגיע, וועלכע ער האָט געהאַט צוויי מאָל באַשטעטיקט. דאָס אילוסטרירן עטלעכע וויכטיקע שינויים אין באַזונדערע פּאַראַגראַפן: ביי אַ שטראָף־פּראָצעס, וואָס אַ קריסט פאַרפירט קעגן אַ ייד, פאָדערן זיך צוויי יידישע און צוויי קריסטלעכע עדות, בעת פריער איז געווען פאָראויסגעזען בלויז איין עדות אַ קריסט, און אַ ייד. פאַר הרגענען אַ ייד ווערט אַחוץ קאָנפיסקאַציע פון פאַרמעגן בפירוש באַשטימט טויט־שטראָף און נישט אַ „גערעכטע שראָף”, ווי עס איז געווען פאָרמולירט אין קאָלישער סטאַטוט. פאַר פאַרוואונדן בלוטיק אַ ייד ווערט פאָראויסגעזען די זעלבע שטראָף ווי פאַר פאַרוואונדן אַן אַדלמאַן (אַ שלאַכטשיץ) בעת דער קאָלישער סטאַטוט פון באָלעסלאַוו האָט די שטראָף געהאַט פאָרמולירט אומבאַשטימט „לויט דעם מנהג פון אונזער לאַנד”. עס ווערט צוגעגעבן אַ בפירושער פּאַראַגראַף, אַז דער „יידישער ריכטער” טאָר ניט פּסקענען אָן דער באַטייליקונג פון יידן אין משפּט.

ווייזט אויס, אַז די דאָזיקע פאַרשטאַרקטע גאַראַנטיעס פון זיכערקייט פאַר יידן אין דער קאַזימירער פּריווילעגיע פון יאָר 1367 זיינען געווען אַ פּועל־יוצא דערפון, וואָס בעת דער שוואַרצער מגפה אין די יאָרן 1348—1349 און בעת דער מגפה אין יאָר 1360 זיינען פאָרגעקומען בלוטיקע אָנפאַלן אויף יידן און עס האָבן זיך דערפאַר געפאָדערט פעסטערע באַוואָרענישן קעגן רדיפות און שיקאַנעס.

די ברייטסטע פון אַלע פּריווילעגיעס פאַר פּוילישע יידן איז אַ פּריווילעגיע וואָס קאַזימיר דער גרויסער האָט אַרויסגעגעבן אָן אַ דאַטע פאַר די יידן פון גרויספּוילן, פאָרמעל ווי אַ באַשטעטיקונג פון דער פּריווילעגיע פון פירשט באָלעסלאַוו דעם קאָלישער. די דאָזיקע נישט־דאַטירטע פּריווילעגיע ווערט אָנגערופן די „באָלעסלאַוו־קאַזימירישע” פּריווילעגיע.

די נייע פּריווילעגיע אַנטהאַלט 24 באַריכותדיקע פּאַראַגראַפן.

לויט דער דאָזיקער פּריווילעגיע ווערן אויפסניי פאָרמולירט לטובת די יידישע געלט־לייער אַ ריי פּאַראַגראַפן וועגן לייען אויף משכנות. עס ווערט אויספירלעך פאָרמולירט דאָס רעכט פון יידן צו באָרגן געלט אויף היפּאָטעק פון גיטער פון אַדלקלאַס. דאָס רעכט פון פרייען האַנדל פאַר יידן גלייך מיט קריסטן אומעטום אין גאַנצן לאַנד ווערט בפירוש אונטערגעשטראָכן, און די קריסטן (קריסטלעכע סוחרים) וואָס ווילן נישט פאַרקויפן יידן זייערע סחורות ווערן באַדראָט מיט האַרבע שטראָפן. יידן ווערט אויך בפירוש דערלויבט צו שחטן בהמות פאַר זייער באַדאַרף און צו פאַרקויפן טרפה פלייש די קריסטן. נישט בלויז אין שטראָף־פּראָצעסן, נאָר אויך אין ציוויל־פּראָצעסן פון אַ קריסט קעגן אַ ייד, דאַרף דער אָנקלאַגער צושטעלן צוויי יידישע צוזאַמען מיט צוויי קריסטלעכע עדות. אין אַלע פאַלן פון באַשולדיקן אַ ייד אין פאַרברעכן און ניט בלויז אין פאַל פון חשד וועגן מטבעות פעלשן, טאָר קיינער אים נישט אַרעסטירן, אַחוץ דעם וואָיעוואָדע אָדער זיין שטעלפאַרטרעטער. דער ייד דאַרף אויך אין אַזאַ פאַל אַרויסגעלאָזט ווערן אויף קויציע. פאַר דעם פאַרברעכן פון אָפּזאָגן זיך צו לויפן צו הילף אַ ייד וואָס שרייט ביינאַכט, ווערט באַשטימט די שטראָף פון קאָנפיסקאַציע פון פאַרמעגן, אַחוץ דעם רעזערווירט זיך אויך דער קיניג דאָס רעכט צו באַשטראָפן אין אַזעלכע פאַלן מיט טויט־שטראָף. עס ווערט אויך באַשטימט (ווייזט אויס כדי בפירוש בטל צו מאַכן די גזירות פון דער קירך), אַז יידן מעגן באַנוצן גלייך מיט קריסטן שטאָטישע בעדער און אַז זיי דאַרפן דערפאַר נישט צאָלן מער איידער אַנדערע שטאָט־באַוואוינער.

די מאָטיוון פון קיניג אין אַרויסגעבן די דאָזיקע ברייטע פּריווילעגיע ווערן אָפן אַנטפּלעקט אין אַזאַ פאָרמולירונג: „ווייל די יידן וואָס זיינען אונזערע אונטערטאַנען, דאַרפן זיין גרייט מיט זייער געלט צו דינען אונז ווען מיר זאָלן באַדאַרפן”.

דער פאַקט וואָס די דאָזיקע פּריווילעגיע פאַרמאָגט נישט קיין דאַטע און קיין חתימות האָט ביי אַ ריי היסטאָריקער געוועקט דעם חשד, אַז זי איז אַ געפעלשטע. פון דער אַנדערער זייט ווערט אָבער ריכטיק אָנגעוויזן, אַז אַ געפעלשטער דאַקומענט איז באַוואָרנט אויסערלעך אַזוי, אַז ער זאָל אויסזען ווי עכט און אַז עס לייגט זיך ניט אויפן שכל, אַז די נאָכמאַכער פון דאָקומענט זאָלן נישט האָבן פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט פון צוגעבן לכל הפּחות אַ דאַטע. דאָס וואָס עס פעלט אין דאָקומענט סיי אַ

דאַטע סיי די חתימות פון די העכסטע קיניגלעכע באַאַמטע, לאָזט זיך לייכט דערקלערן דווקא ווען מען נעמט אָן, אַז דער דאָקומענט איז אויטענטיש: די פאָרשטייער פון דעם הויכן פוילישן אדל און די באַאַמטע פון דער מלוכהשער קאַנצעלאַריע האָבן זיך אָפּגעזאָגט דעם דאָקומענט אונטערצושרייבן און אויסצופאַרטיקן טאַקע דערפאַר, וואָס דאָרט ווערן געגעבן יידן אַזעלכע ברייטע רעכט, בפרט אין באָרגן געלט אויף גיטער פון דער שלאַכטע.

פון אַלע פיר פריווילעגיעס פון קיניג קאַזימיערזש דעם גרויסן איז דווקא די ברייטסטע פּריווילעגיע אָן אַ דאַטע באַשטעטיקט געוואָרן דורך שפּעטערדיקע פוילישע מלכים, אָנגעהויבן פון קאַזימיערזש דעם יאַגיעללאָנער, ביז צום לעצטן פוילישן קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי *). זי איז אָנגערופן געוואָרן די „גענעראַל פּריווילעגיע" פון פוילישע יידן, ווייל זי האָט געהאַט אַ שייכות צו יידן אין גאַנץ פוילן, בעת פאַר יידישע קהילות פון איינצלנע קיניגלעכע שטעט פלעגן אַרויסגעגעבן ווערן ספּעציעלע פּריווילעגיעס. די גענעראַל פּריווילעגיע האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר יידן ווי אַ מין קאָנסטיטוציע פון יידישע רעכט אין לאַנד, אויף וועלכער זיי האָבן זיך געקאָנט פאַררופן אין פאַלן פון קאַמפּאַניעס, וואָס די שטאָטישע בירגער פלעגן כסדר קעגן זיי אונטערנעמען. יידן האָבן טאַקע דערפאַר אָפּגעקויפט מיט גרויסע סומעס די באַשטעטיקונג פון דער גענעראַל־פּריווילעגיע דורך יעדן נייעם פוילישן מלך. די וויכטיקסטע באַשטימונגען פון דער פּריווילעגיע בפרט די, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום עקאָנאָמישן לעבן פלעגן אָבער ניי׳ט אויסגעפירט ווערן אין דער פּראַקטיק און נאָך אין 15טן י״ה זיינען דורך די פוילישע הערשער שטאַרק באַגרענעצט געוואָרן די רעכט פון יידן סיי אויפן געביט פון דער באַשעפטיקונג מיט קרעדיט, סיי אויפן געביט פון האַנדל און אפילו בנוגע דעם רעכט צו וואוינען אין אַלע שטעט פון דער מלוכה.

די באַגרענעצונגען פון יידישן רעכט אויף פאַרנעמען זיך פריי מיט קרעדיט זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַדאַנק די באַמיאונגען פון דער שלאַכטע. אין יאָר 1423 האָט די שלאַכטע אַדורכגעפירט אַ סטאַטוט אין דוואָרטע (וואַרטאַ), וואָס האָט להיפך צו די באַשטימונגען פון דער גענעראַל פּריווילעגיע פאַרבאָטן יידן צו באָרגן געלט אויף שולד־בריוו און היפּאָטעק און באַגרענעצט די יידישע קרעדיט־אָפּעראַציעס בלויז צו הלוואות אויף משכנות. די אינטערעסן פון דער קיניגלעכער מאַכט האָבן אָבער געפאָדערט, אַז יידן ווי אַ וויכטיקער קוואַל פון הכנסה פאַרן קיניגלעכן אוצר (ווי קיניג קאַזימיערזש דער גרויסער האָט עס בפירוש פאָרמולירט) זאָלן זיין וואָס שטאַרקער פינאַנציעל. אַזוי דערקלערט זיך, וואָס קיניג קאַזימיר דער יאַגיעללאָנער האָט אין יאָר 1453 באַשטעטיקט די ברייטסטע פּריווילעגיע וואָס קאַזימיערזש דער גרויסער האָט געהאַט אַרויסגעגעבן פאַר יידן. די דאָזיקע פּריווילעגיע האָט אויפסניי באַשטעטיקט אומבאַגרענעצטע רעכט פון יידן אויפן געביט פון לייען געלט אויף היפּאָטעק. די וואַקסנדיקע מאַכט פון דער שלאַכטע און די השפּעה פונם קלער האָט אָבער גובר געווען די לכתחילהדיקע כוונות פון קיניג וואָס האָט געשטיצט די יידן כדי צו פאַרשטאַרקן זיין אייגענע שטעלונג אין דער מלוכה. אין יאָר 1454 האָט דער קיניג אויף די פאָדערונגען פון דער שלאַכטע, וואָס איז געווען פאַרזאַמלט צו דער מלחמה קעגן די קרייצריטער (קרזשיזשאַקעס), אַרויסגעגעבן די ניעשאַווער סטאַטוטן. אין די דאָזיקע סטאַטוטן איז צווישן אַנדערע באַשטימט געוואָרן, אַז דער קיניג מאַכט בטל אַלע פּריווילעגיעס פאַר יידן „וואָס זיינען אין סתירה מיט דעם געטלעכן רעכט און מיט די לאַנד־געזעצן". דערמיט איז צוריק באַשטעטיקט געוואָרן דער דוואָרטער סטאַטוט פון יאָר 1423 בנוגע יידישע קרעדיט־געשעפטן. אַ ווייטערדיקער עטאַפּ אין פאַרשטאַרקן די פּאָליטישע און סאָציאַלע מאַכט פון דער שלאַכטע זיינען געווען די פּיעטריקאָווער סטאַטוטן, וואָס קיניג יאַן אָלבראַכט האָט אַרויסגעגעבן ערב זיין מלחמה מיט די וואָלעכן. די דאָזיקע סטאַטוטן האָבן פאַרבאָטן אַלע פּלעבייער, ד״ה סיי קריסטלעכע מיעשטשאַנעס, סיי יידן, צו באַזיצן לאַנד נישט קיין חילוק צי אייגנטום אָדער פאַכט. אויף אַזאַ אופן איז צום סוף מיטלאַלטער ענדגילטיק בטל געוואָרן איינס פון די וויכטיקסטע רעכט, וואָס יידן האָבן אַמאָל געהאַט אין פוילן, נישט געקוקט דערויף וואָס די יידישע גענעראַל־פּריווילעגיע פלעגט שפּעטער נאָך אַלץ באַשטעטיקט ווערן דורך די פוילישע מלכים.

די אָפּשוואַכונג פון דער מאַכט פונם קיניג איז אויך געווען די סיבה, וואָס צום סוף מיטלאַלטער זיינען נאָכגעגעבן געוואָרן די פאָדערונגען פון די מיעשטשאַנעס (קריסטלעכע שטאָטבירגער) בנוגע באַגרענעצן דעם יידישן האַנדל. צום סוף מיטלאַלטער ווערן אויך די יידן צום ערשטן מאָל אַרויסגעטריבן פון אַ שטאָט אין פוילן: אַחוץ דער גאַנצער פּראָווינץ פּאָמערן, (בידגאָשטש, טאָרן, דאַנציק) וואו

*) דער עלטסטער אָריגינאַל דאָקומענט פון דער גענעראַל פּריווילעגיע באַשטעטיקט פון אַ פוילישן קיניג, וואָס האָט זיך דערהאַלטן ביז היינט, איז דער אַקט געשריבן אויף פּאַרמעט, אַרויסגעגעבן פון קיניג יאַן סאָביעסקי אין יאָר 1676. פאַר דער איצטיקער מלחמה האָט זיך דער דאָזיקער דאָקומענט מיט אַ זאַמלונג אַנדערע פּריווילעגיעס געפינען אין אַרכיוו פון דער יידישער קהילה אין קראָקע.

יידן האָבן נישט געטאָרט וואוינען פונקט ווי אַמאָל אונטער דער הערשאַפט פון די קרזשיזשאַקעס, זיינען יידן פאַרטריבן געוואָרן אין יאָר 1483 פון וואַרשע (זיי האָבן זיך דאָרט צוריק באַזעצט נאָך דריי יאָר) און אין יאָר 1495 פון קראָקע (זיי האָבן זיך באַזעצט אין דער פאָרשטאָט קאָזמאַרק).

מיר זעען באַשיימפּערלעך, אַז שוין צום סוף מיטלאַלטער איז די רעכטלעכע לאַגע פון די יידן אין פוילן פאַקטיש געווען באַשטימט נישט דורך דער גענעראַל־פּריווילעגיע, נאָר דורך די סאָציאַלע און פּאָליטישע כוחות־פאַרהעלטענישן פון לאַנד.

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז דער עיקר אינטערעס פון קיניג אין די יידן באַשטאַנען אין די שטייערן, וואָס זיי האָבן אים געצאָלט. דער וויכטיקסטער יידישער שטייער האָט געהייסן דער „יערלעכער צינז”. דער דאָזיקער שטייער פלעגט אין קרוינפּוילן אַרויפגעלייגט ווערן קאָלעקטיוו אויף גאַנצע קהילות. אַזוי האָט למשל די יידישע קהילה אין פּויזן געצאָלט צום סוף מיטלאַלטער בערך 200 פלאָרען, אין קראָקע 100 פלאָרען, אין לעמבערג 200 פלאָרען, אַ קלענערע קהילה — גנעזן, 40 פלאָרען, אין מאַזאָוויע, וואָס איז געווען אַ זעלבסטשטענדיק פירשטנטום, האָט יעדע יידישע פאַמיליע געדאַרפט צאָלן 2 פלאָרען אַ יאָר „פירשטלעכן צינז”, און אַחוץ דעם האָט יעדער ייד געדאַרפט געבן „צאָלונגען” („סאָלוציאָנעס”) (אין יאָר 1423 האָבן אַלע וואַרשעווער יידן סך־הכל געצאָלט 30 פלאָרען „סאָלוציאָ”). אין מלחמה־צייטן האָבן יידן פונקט ווי מיעשטשאַנעס און פּויערים (די שלאַכטע איז געווען באַפרייט פון שטייערן!) געדאַרפט צאָלן אויסערגעוויינלעכע שטייערן פון יעדן קאָפּ. אַחוץ נאָרמאַלע שטייערן פלעגן אָבער סיי אַלע יידן, קאָלעקטיוו, סיי יחידים געבן גרעסערע סומעס דעם קיניג ביי דער געלעגנהייט פון זיין קרוינונג, און ווען זיי האָבן געוואָלט באַקומען אַ באַשטעטיקונג פון דער גענעראַל־פּריווילעגיע, אָדער פון ספּעציעלע פּריווילעגיעס פאַר איינצלנע קהילות אָדער יחידים.

אין אַ רייע שטעט זיינען יידן געווען מחויב אַחוץ שטייערן אין געלט צו ליווערונגען אין נאַטור און צו פאַרשידענע אַרבעטן פאַרן קיניג. אַזוי למשל האָבן יידן אין לעמבערג געדאַרפט אויסאַרבעטן לעדער פאַרן קיניג, צושטעלן פאַר אים פערד און וואָגנס און שפּייז־אַרטיקלען פאַר זיין קיך. צושטעלן מענטשן אויף באַוואַכן גנבים א״אַ. זיי האָבן אויך געדאַרפט צאָלן צינזן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון קיניגלעכן שלאָס און פאַר דער פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט גלייך ווי אַלע דאָרטיקע בירגער. אויך אין אַנדערע שטעט (לובלין) האָבן יידן געדאַרפט באַטייליקן זיך אין די אַרבעטןביים קיניג־



לעכן שלאָס, אין רעגולירן דעם טייך, אין באַפעסטיקן די שטאָט־מויערן א. ד. גל.

די אַלע שטייערן און אָפּצאָלן האָבן שווער געדריקט אויף דער יידישער באַפעלקערונג, בפרט, אַז דווקא די רייכסטע יידן וואָס האָבן געפירט געשעפטן מיטן קיניג אָדער מיטן פירשט (אין מאַזאָוויע) פלעגן זייער אָפט אינגאַנצן אָדער טיילווייז באַפרייט ווערן פון שטייערן (געוויינלעך אויך פון צאָל ביים אַדורכפירן סחורות).

שוין אין מיטלאַלטער זיינען די קיניגלעכע שטייערן ניט געווען די איינציקע, וואָס יידן האָבן באַדאַרפט אויסטראָגן. די גענעראַל־פּריווילעגיע דערמאָנט טאַקע בפירוש, אַז יידן זיינען נישט מחויב צו צאָלן קיין שום „מתנות” די הויכע קיניגלעכע באַאַמטע ווי וואָיעוואָדעס און סטאַראָסטעס, סיידן זיי טוען עס „פרייוויליק”. די פאָרמולירונג גופא פון דעם דאָזיקן פאַראַגראַף באַווייזט אָבער, אַז די „מתנות” פאַר די וואָיעוואָדעס און סטאַראָסטעס זיינען געווען גראָד דער היפך פון „פרייוויליק”. פאַראַן שטעט ווי די הויך פון יידישע אָפּצאָלן פאַר די באַאַמטע ווערן שוין דעמאָלט גענוי באַשטימט. אויך די קירך פלעגט נעמען ביי יידן „מעשר” פון הייזער און גיטער, בפרט פון אַזעלכע, וואָס זיינען אָפּגעקויפט געוואָרן ביי קריסטן: די קירך האָט געטענהט, אַז זי טאָר נישט היזק האָבן אירע הכנסות דורכדעם, וואָס אומבאַוועגלעך אייגנטום גייט אַריבער פון קריסטלעכע צו יידישע הענט. ניט געקוקט אויף די באַשטימונגען פון די גענעראַל פּריווילעגיעס, לויט וועלכע יידן זיינען געווען אַרויסגענומען פון רשות פון די שטאָט־מאַגיסטראַטן, זיינען נאָך אין מיטלאַלטער יידן אין אַ טייל שטעט (קראָקע, פּויזן) געווען געצוואונגען צו צאָלן שטאָטישן שטייער פון די פלעצער, וואָס זיי האָבן געהאַט אָפּגעקויפט ביי קריסטן. להיפך צו די גענעראַל־פּריווילעגיעס וואָס האָבן אונטערגעשטעלט אַלע יידן אין פוילן דירעקט אונטער דער מאַכט פונם קיניג, האָבן יידן נאָך אין מיטלאַלטער אין אַ טייל פּריוואַטע שטעט (טאָרנע) געמוזט צאָלן אַ יערלעכן שטייער פאַר די מאַגנאַטן, די אייגנטימער פון יענע שטעט.

אין סך־הכל זעען מיר, אַז פונקט ווי בנוגע עקאָנאָמישע רעכט, אַזוי איז אויך בנוגע שטייערן שוין אין מיטלאַלטער די גענעראַל־פּריווילעגיע געבליבן בלויז אַ פאָרמעלער דין. אין דער פּראַקטיק האָבן שוין דעמאָלט די קירך, די באַאַמטע, די מאַגנאַטן און די שטעט ביסלעכווייז אַרונטערגענומען די יידן אין זייער רשות. די אַלץ גרעסערע אָפּשוואַכונג פון דער מאַכט פון קיניג אין די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער האָט כמעט לגמרי בטל געמאַכט דעם פאַר די יידן גינציקן פּרינציפּ פון די מיטלאַלטערלעכע גענעראַל־פּריווילעגיעס. לויט וועלכן זיי האָבן געזאָלט

זיין אונטערגעאָרדנט אויסשליסלעך דער צענטראַלמאַכט פון דעם הערשער.

## 3. די קהילה אין מיטלאַלטערלעכן פּוילן

די אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע פון יידן אין פּוילן איז אויפגעקומען צוליב די זעלבע סיבות ווי אין אַנדערע לענדער בעת דעם מיטלאַלטער. די קהילה איז געווען דער אויטאָנאָמער אָרגאַן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ צוועק צו באַוואָרענען אירע אינטערעסן כלפּי חוץ, לגבי די מאַכטאָרגאַנען פון דער מלוכה, קירך און שטאָט. די מאַכט כלפּי־פנים, אין יידישן קיבוץ, האָט די קהילה אויסגעפירט דורך באַהערשן אַלע געביטן פון יידישן לעבן. די קהילה האָט געהאַט די אויפזיכט איבער אַלע יידישע רעליגיעז־קולטורעלע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען על־פּי־רוב אַנטשטאַנען פריִער, איידער עס האָט זיך קאָנסטיטואירט די קהילה־אָרגאַניזאַציע: שולן און כלי־קודש (רבנים, דיינים, חזנים, שוחטים), מקוואות, בית־עולמס, חדרים און מלמדים. פונקט ווי די מיטלאַלטערלעכע שטאָט און די קירך, האָבן אויך די קהילות, נאָך בעת דעם מיטלאַלטער, אַריינגענומען אין זייער טעטיקייט סאָציאַלע פאַרזאָרגונג. אין קראָקע ווערן דערמאָנט שוין אין יאָר 1469 עטלעכע הייזער אין יידישן קוואַרטאַל (גאַס פון דער הייליקער אַננאַ), וואָס האָבן געדינט ווי אַ „שפּיטאָל", ד. ה. זיי האָבן מן הסתם אַרומגענומען אַ שפּיטאָל, אַ הקדש פאַר אָרימעלייט און אַ מושב־זקנים.

אין דער פעאָדאַלער מלוכה, וואָס איז געווען געבויט אויפן סיסטעם פון דעצענטראַליזאַציע און קאָרפּאָראַציע האָט אָבער די יידישע קהילה אויך פאַרמאָגט מלוכהשע פונקציעס אויף דעם געביט פון אַדמיניסטראַציע און געריכטוועזן. די קהילה טרעט אַרויס כלפּי־חוץ לגבי דעם שטאָט־ראַט און לגבי דער מלוכה, ווי דער אָנערקענטער מאַכט־אָרגאַן פון דער יידישער באַפעלקערונג. זי פאַרהאַנדלט מיטן קיניג וועגן פּריווילעגיעס און שליסט אָפּמאַכן מיט דער שטאָטפאַרוואַלטונג. די קהילה טראָגט אויך די אחריות פאַר דער מלוכה בנוגע שטייערן, וואָס די יידישע באַפעלקערונג דאַרף צאָלן. די קהילה האָט אויך צווישן אירע אויפגאַבן דעם רוב פאַלן פון משפּטים צווישן יידן און באַטייליקט זיך דורך אירע פאָרשטייער אויך אין משפּטים פון יידן, וואָס קומען פאָר פאַר דעם „יידישן געריכט" פון דער מלוכה־מאַכט.

שוין לויט דער באַשטימונג פון דער עלטסטער פּריווילעגיע פאַר פּוילישע יידן, פון יאָר 1264, אַז משפּטים צווישן יידן דאַרפן פאָרקומען פאַרן „יידישן ריכטער" (דעם שטעלפאַרטרעטער פון דעם וואָיעוואָדע) נאָר דעמאָלט, ווען די יידישע צדדים ווענדן זיך צו אים מיט דער אָנקלאַגע, דרינגט אַרויס, אַז אין אַנדערע פאַלן איז לויטן מלוכה־געזעץ אין ציווילע ענינים צווישן יידן געווען קאָמפּעטענט דער יידישער בית־דין. אין דער באָלעסלאַוו־קאַזימירישער פּריווילעגיע (אָן אַ דאַטע), וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן אין יאָר 1453, ווערט בפירוש דערמאָנט אַ געריכט פון יידישע „עלטסטע" („אַנטיקוויאָרעס") וואָס משפּט אַלע שטרייט־ענינים צווישן יידן, אַחוץ אַזעלכע, ווי וועגן קערפּערלעכער באַשעדיקונג, וואָס דאַרפן פאָרקומען פאַרן וואָיעוואָדע, אָדער פאַרן „יידישן ריכטער". אין דער „קאַזימירישער" פּריווילעגיע פון יאָר 1367 ווערט אויך צום ערשטן מאָל בפירוש באַשטימט, אַז דער „יידישער ריכטער" טאָר נישט אַרויסטראָגן קיין פּסק־דין אָן דער באַטייליקונג פון יידן אין משפּט. די דאָזיקע בייזיצערס פון „יידישן ריכטער" זיינען מן הסתם געווען יידישע „עלטסטע". אויך אין דער פּריווילעגיע וואָס דער זעלבער קיניג קאַזימיר דער גרויסער האָט געהאַט אַרויסגעגעבן נאָך פריִער, אין יאָר 1356, פאַר דער שטאָט לעמבערג, ווערט פאָראויסגעזען, אַז דער שטאָט־וואָיט דאַרף משפּטן צוזאַמען מיט יידן זייערע שטרייט־ענינים, פונקט ווי ער דאַרף צוציִען אַרמעניער, טאָטערן און רוטענער צום משפּט צווישן אָנגעהעריקע פון זייערע נאַציעס. דער אָנטייל פון די יידישע בייזיצערס האָט געהאַט דעם צוועק צו אינפאָרמירן דעם ריכטער וועגן די באַשטימונגען פון יידישן דין; דאָס איז געווען אין הסכם מיטן מיטלאַלטערלעכן פּרינציפּ פון משפּט, לויט וועלכן יעדער האָט געזאָלט געמשפּט ווערן לויטן דין פון דער נאַציע, רעליגיע און שטאַנד, צו וועלכער ער געהערט. אין דער פּריווילעגיע פאַר לעמבערג ווערט קלאָר אַרויסגעזאָגט, אַז יעדע נאַציע דאַרף געמשפּט ווערן לויט איר נאַציאָנאַלן רעכט.

די באָלעסלאַוו־קאַזימערישע נישט דאַטירטע פּריווילעגיע באַוואָרנט אויך די יידישע קהילה־אָרגאַנען מיט סאַנקציעס קעגן יענע יידן, וואָס ברעכן זיך אַרויס פון זייער דיסציפּלין. עס ווערט דאָרט פאָראויסגעזען, אַז אַ ייד וואָס פאָלגט נישט זיינע „העכסטע" („סופּעריאָרעס") ווערט באַשטראָפט מיט דריי מאַרק לטובת זיי און באַזונדערע דריי מאַרק לטובת דעם וואָיעוואָדע.

די אָרגאַניזאַציע־פאָרם פון דער יידישער קהילה אין מיטלאַלטערלעכן פּוילן איז פונקט ווי די קולטור פון פּוילישע יידן בכלל געווען אַ המשך פון די גרייטע פאָרמען, וואָס זיי האָבן מיטגענומען פון דייטשלאַנד. אַן ענלעכער אָרגאַניזאַציע־סיסטעם פון יידישע קהילות האָט דעמאָלט אויך עקזיסטירט אין די שכנותדיקע לענדער ביימען און אונגערן.

פונקט ווי אַלע מיטלאַלטערלעכע מלוכה־און זעלבסטפאַרוואַלטונג־אינסטיטוציעס, איז אויך די קהילה געווען אויפגעבויט נישט אויף דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ, נאָר אויפן פּרינציפּ פון היעראַרכיע. די

מאַכט אין דער קהילה האָט געהערט צו די פאַרמעגלעכע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די באָלעסלאַוו־קאַזימירישע פּריווילעגיע דערמאָנט פון יידישע מאַכט־אָרגאַנען אַחוץ די „עלטסטע" פון דער קהילה אויך אַ ראש פון דער קהילה (סעניאָר יודעאָרום) און אַ שמש פון דער שול (סערוויטאָר סכאָלע). אַנדערע דאָקומענטן גיבן אונז אַ פולער, כאָטש אויך נישט קיין פולשטענדיק בילד, וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון די דעמאָלטיקע יידישע קהילות אין פוילן.

אין דער שפּיץ פון דער יידישער קהילה איז געשטאַנען, ווי עס ווערט דערמאָנט וועגן פּויזן און קראָקע, פּונקט ווי אין דייטשלאַנד, דער יידן־בישאָף (עפּיסקאָפּוס יודעאַרום). לויט ווי עס ווייזט אויס, האָט דער „יידישער בישאָף" נאָך אין 14טן י"ה פאַראייניקט די פונקציעס פון ראש־הקהל און רב. אין דער ערשטער העלפט פון 15טן י"ה ווערט דערמאָנט אַחוץ אַ „יידן־בישאָף" אויך אַ „יידן־דאָקטאָר" (דאָקטאָר יודעאָרום). דער „יידן־דאָקטאָר" איז אַ סברא געווען דער רב, בעת ביים „יידן־בישאָף" איז שוין צו יענער צייט בלויז געבליבן די פונקציע פון אַ ראש־הקהל. סיי דער פּויזנער יידן־בישאָף (פּערנאָ), סיי דער קראָקעווער יידן־בישאָף (סמאָיל, ד. ה. שמואל) אין 14טן י"ה ווערן דערמאָנט אין די דאָקומענטן אין שייכות מיט זייערע הלוואות־געשעפטן. דער זון פון דעם קראָקעווער יידן־בישאָף שמערל (סמערלין) איז אַ גרויסער באַנקיר, אַ שותף פון דעם יידישן גרעסטן גביר לעווקאָ און אַ באַזיצער פון עטלעכע הייזער. עס זיינען אויפגעהיט געוואָרן ידיעות אויך וועגן שפּעטערדיקע רבנים אין מיטלאַלטערלעכן פוילן, אָדער וועגן געלט־געשעפטן וואָס זיי האָבן אַליין געפירט (ישראל פאַלקען אין קראָקע, דוד אין וואַרשע), אָדער וועגן זייער מתחתן זיין זיך מיט רייכע באַנקירן־פאַמיליעס: דער באַרימטער יעקב פּאָלאַק, דער פאָטער פון דער שיטה פון פּלפּול אין פוילן איז געווען אַן איידעם פון דער הויף־באַנקירין רחל־ראַשקאַ, אַן איידעם פון דיין דוד פראַנק, וואָס האָט זיך באַזעצט אין פוילן (פּויזן, דערנאָך קראָקע), איז געווען דער הויף־באַנקיר פון דער קיניגין באָנאַ, אשר פון אָפּאָטשנע.

די פאַרוואַלטונג פון דער קהילה איז באַשטאַנען פון ראַט פון פיר „עלטסטע" („סעניאָרעס"), ווי אין קראָקע, אָדער פון דריי, ווי אין לעמבערג. אין לעמבערג זיינען די דריי „עלטסטע" פּערזענלעך געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יידישע שטייערן, און מען האָט זיי אַריינגעזעצט אין תפיסה, אויב עמיצער פון דער קהילה האָט נישט באַצאָלט זיין שטייער צו דער צייט.

אין קראָקע חתמענען אין יאָר 1465 אַ דאָקומענט אין נאָמען פון דער קהילה אַחוץ די עלטסטע נאָך צוועלף אַנדערע מיט די נעמען אויסגערעכנטע יידן. די צוועלף זיינען מן הסתם געווען דער בייראַט פון די „עלטסטע", פּונקט ווי שפּעטער די „טובים". פאַר דער סאָציאַלער היעראַרכיע פון די צוויי אינסטאַנצן איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס צווישן די „עלטסטע" ווערט דערמאָנט לויט דער פּראָפעסיע אַ דאָקטאָר מעדיצינער, בעת צווישן די צוועלף איז אַריינגענומען אויך אַ „בעל־מלאכה".

אין וויכטיקע ענינים פלעגט, ווייזט אויס, פאָרקומען אַן אסיפה פון אַלע מיטגלידער פון דער קהילה. אין אָפּמאַך פון יאָר 1485 צווישן דער יידישער קהילה אין דעם קראַקאָווער שטאָט־ראַט וועגן פאַרבאָט אויפן יידישן האַנדל, דערקלערן די פיר „עלטסטע", אַז זיי חתמענען לויט אַן איינשטימיקן באַשלוס פון דער גאַנצער קהילה.

די היעראַרכיע פון די דריי אינסטאַנצן, עלטסטע, צוועלף־ראַט און אסיפה, האָט אָפּגעשפּיגלט דריי קלאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג לויט דעם פאַרמעגן־צושטאַנד. אין דעם אָפּמאַך פון דער קראָקעווער יידישער קהילה פון יאָר 1469 וועגן פאַרקויפן דאָס קהילה־אייגנטום דעם קראָקעווער אוניווערסיטעט, ווערט געשלאָסן „אין נאָמען פון אַלע יידן: מיטעלע, עלטסטע און נידעריקסטע". די מיטלמעסיק פאַרמעגלעכע יידן האָבן בכן געהאַט אַ פאַרטרעטערשאַפט אין צוועלף־ראַט, אָבער נישט צווישן די עלטסטע, די אָרעמע שיכטן האָבן זיך געקאָנט באַטייליקן בלויז אין דער אַלגעמיינער אסיפה פון דער קהילה אין אויסערגעוויינלעך וויכטיקע פאַלן.

וועגן אַ גרויסער צאָל עלטסטע פון קראָקע און פון לעמבערג איז טאַקע באַקאַנט זייער באַשעפטיקונג און סאָציאַלע פּאָזיציע: זיי זיינען אָדער באַנקירן (ירדן, אַן אייניקל פון לעווקאָ, משה פישל, דער מאַן פון דער הויף־באַנקירן ראַשקאַ און אַנדערע), אָדער גרויסע סוחרים און מוכסים (אין לעמבערג). אין אַ דייטשן דאָקומענט פון יאָר 1492 ווערן אָנגערופן די פרנסים „די איידלסטע יידן פון קראָקע".

דער פאַקט פון אָנטייל פון האַנטווערקער אין צוועלף־ראַט און פון צוזאַמענרופן אַלגעמיינע אסיפות, באַווייזט, אַז אין מיטאַלטער פלעגט נאָך די יידישע קהילה אָפּהיטן געוויסע אויסערלעכע סימנים פון אַ דעמאָקראַטישער אינסטיטוציע.

אָנגעזעענע פונקציאָנאַרן פון דער קהילה זיינען נאָך געווען אין מיטלאַלטער די חזנים און שמשים. ווי עס איז צו זען פון פאַקט, וואָס זייערע חתימות געפינען זיך אונטער וויכטיקע דאָקומענטן פון דער קהילה (קראָקע 1465). דער שמש (שקאָלניק, סערוויטאָר סכאָלע) איז געווען אַן אָנגעשטעלטער ביים יידישן געריכט; צו אים האָט געהערט דאָס צונויפשטעלן פּראָטאָקאָלן, מאַכן אויספאָרשונגען ביי יידן וועגן פאַרמשכונטע זאַכן, עדות זאָגן וועגן קהלשע ענינים אאַ"וו. דער וואַרשעווער „שמש" (חנא שקאָל־

ניק) פאַרנעמט זיך אויך אַחוץ זיין אַמט מיט באָרגן געלט אויף משכונות.

ווייזט אויס, אַז שוין אין מיטלאַלטער איז פאָרגעקומען אַ דיפערענצירונג פון פונקציעס צווישן שמש דעם „שקאָלניק" און צווישן אייגנטלעכע שמשים־באַדינער פון דער שול און פון דער קהילה. דער אַמט פון שמש־שקאָלניק איז אין שפּעטערדיקע צייטן אויסגעוואַקסן אין דעם אָנגעזעענעם אַמט פון אָפּיציעלן שתדלן (סינדיק).

אין וואַרשע, דער הויפּטשטאָט פון זעלבסטשטענדיקן פירשטנטום מאַזאָוויע, איז די אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער קהילה געווען ענלעך ווי אין איבעריקן פוילן. אין דער שפּיץ פון דער קהילה שטייען דריי עלטסטע („פּאַקטאָרעס"). די עלטסטע (צוויי, אָדער אַלע דריי) פאַרטרעטן אויך די יידישע קהילה ווי אַסעסאָרן אין „יידישן געריכט". פּונקט ווי אין קרוינפּוילן הייסט אויך דאָרט דער רב „דאָקטאָר" (דאָקטאָר יוריס עבראַיצע, ד. ה. דאָקטאָר פון יידישן רעכט). חוץ דעם דערמאָנט אַ דעקרעט פון יאָר 1469 פון מאַזאָווישן פירשט קאָנראַד אַ יידישן „סכאָלאַסטיקוס", אָדער „סכאָלאַסטיקוס־מיניסטער", וועמען ער הייסט בכבוד האַלטן און צאָלן אים געהאַלט. דער דאָזיקער „סכאָלאַסטיקוס" דאַרף לויטן דעקרעט אויך משפּטן אין ענינים צווישן יידן. ווייזט אויס, אַז דאָס איז געווען אַן אַמט פּאַראַלעל צום אַמט פון „יידישן בישאָף" אין קרוינפּוילן, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס ער איז געווען דירעקט אָפּהענגיק פון פירשט און מן הסתם אויך דורך אים נאָמינירט און נישט געוויילט דורך דער קהילה.

אין קראָקע און אין לעמבערג האָבן עקזיסטירט צום סוף מיטלאַלטער מער ווי צו איין יידישע קהילה. אין לעמבערג איז אַזאַ צושטאַנד געווען אַ פּועל־יוצא פון דעם טעריטאָריאַלן וואוקס פון דער שטאָט. אין דער מיט פון 14טן י"ה איז אויסגעבויט געוואָרן די נייע שטאָט לעמבערג און די אַלטע שטאָט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָרשטאָט. עס זיינען זינט דעמאָלט געבליבן באַזונדערע צוויי קהילות אויף דער פאָרשטאָט, אַ רבנישע און אַ קראַאימישע (דער בית־עולם איז געווען בשותּפותדיק!) אַחוץ דער דריטער קהילה, וואָס איז אויפגעקומען אין דער נייער שטאָט.

אין קאָזמאַרק, דער פאָרשטאָט פון קראָקע, וואוהין יידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון קראָקע אין יאָר 1495, האָבן די יידישע תושבים פאָרמירט אַ באַזונדערע יידישע קהילה און נישט פאַראייניקט זיך מיט דער אַלטער קהילה פון קאָזמאַרק. צו דעם דאָזיקן סיכסוך צווישן די נייע און אַלטע יידישע תושבים פון קאָזמאַרק איז צוגעקומען דער קאַמף צווישן אָרטיקע יידן און צווישן די רייכע טשעכישע יידן, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט דאָרט באַזעצט אין אַ גרויסער צאָל. נאָך אַנהויב פון 16טן י"ה האָבן טשעכישע יידן אין קאָזמאַרק געהאַט אַ באַזונדערע קהילה.

## 4. יידן אין ליטע בעת דעם מיטלאַלטער

די ערשטע ידיעות וועגן יידן אין ליטע דערגרייכן צו אונז ערשט צום סוף פון 14טן י"ה, דעמאָלט ווען די ליטווישע מלוכה איז פאַראייניקט געוואָרן מיט פוילן. יידישע קהילות אין די ליטווישע לענדער ווערן דערמאָנט אין יענער צייט אין בריסק, גראָדנע, טראָק, לוצק, לודמיר (וולאַדימיר וואָלינסק) און קיעוו. פאַראַן אָבער אַ יסוד אָנצונעמען, אַז עס האָבן נאָך עקזיסטירט קלענערע און גרעסערע יידישע ישובים אין אַנדערע שטעט. חוץ דעם איז אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן אין ליטע געווען צעשפּרייט אויך אין דערפער.

די ווירטשאַפטלעכע און רעכטלעכע לאַגע פון די יידן אין ליטע איז געווען שטאַרק פאַרשידן פון דעם מצב פון יידן אין קרוינפּוילן. דער דאָזיקער חילוק איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער עקאָנאָמישער און סאָציאַל־פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון לאַנד, וואָס איז געווען שטאַרק פאַרשפּעטיקט אין פאַרגלייך מיט פוילן גופא. גרויסע שטחים פון ליטע זיינען נאָך געווען צו יענער צייט באַדעקט מיט וועלדער, און זייער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרנומען מיט ערדאַרבעט בלויז טיילווייז, אָפּגעבנדיק זיך בעיקר מיט פישן, בינצוכט און געיעג. אויפן שטח פון גאַנצן לאַנד האָט זיך אָבער שוין דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט. די צעשפּרייטע שטעט אין ליטע זיינען לויט זייער עקאָנאָמישן כאַראַקטער מיט ווינציקע אויסנאַמען נישט געווען שטאַרק פאַרשידן פונם דאָרף, און די באַפעלקערונג האָט זיך דאָרט ווינציק פאַרנומען מיט האַנדל און אינדוסטריע, ציענדיק חיונה בעיקר פון לאַנדווירטשאַפט; אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער עקאָנאָמישער אָפּגעשטאַנענקייט איז געווען דער פּאַמעלעכדיקער פּראָצעס פון דער סאָציאַל־פּאָליטישער אַנטוויקלונג. נאָך צום סוף 14טן י"ה איז דער קלאַס פון די באָיאַרן, וואָס האָט אַנטשפּראָכן דער פּוילישער שלאַכטע געווען שטאַרק אונטערטעניק צום גרויס־פירשט. אָן זיין דערלויבעניש האָבן די באָיאַרן נישט געטאָרט איבערגעבן בירושה זייערע גיטער אָדער חתונה מאַכן אַ טאָכטער. ערשט נאָך דער פאַראייניקונג מיט פוילן האָבן די באָיאַרן אויסגעקעמפּט פאַר זיך אַלע ברייטערע פּריווילעגיעס, אָבער אפילו צום סוף פון 15טן י"ה איז נאָך זייער לאַגע ניט געווען אויסגעגלייכט מיט דער פּוילישער שלאַכטע. צוליב דער שוואַכער אַנטוויקלונג פון האַנדל האָבן אויך די שטאָט־באַוואוינער נישט פאָרגעשטעלט קיין באַזונדערן פּריווילעגירטן שטאַנד פון שטאָט־בירגער, ווי אין פוילן. די שטאַרקע מאַכט פונם גרויס־פירשט האָט אויך ניט דערלאָזט, אַז די שטאָט־בירגער זאָלן זיך באַוואָרענען מיט ברייטע

פּריווילעגיעס. ביז צום סוף פון 15טן י״ה (ביז צום יאָר 1496) האָבן בלויז בריסק, ווילנע און קאָװנע געהאַט דאָס מאַגדעבורגער רעכט, ד״ה שטאָטישע אויטאָנאָמיע.

אין די דאָזיקע סאָציאַל־עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען האָבן ייִדן אין ליטע געשפּילט גאָר אַן אַנדער ראָלע אין עקאָנאָמישן לעבן איידער ייִדן אין פּוילן. פון איין זייט, האָט די שוואַכע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון לאַנד געצוואונגען ייִדן צו פאַרנעמען זיך אין אַ גרויסער מאָס מיט פאַרשידענע צווייגן פון דער לאַנדווירטשאַפט, וואָס זיינען געווען דער יסוד פון חיונה אויך פאַר דעם גרעסטן טייל פון דער קריסטלעכער שטאָטישער באַפעלקערונג. פון דער אַנדערער זייט האָבן די ייִדן אין ליטע נישט געהאַט קיין מניעות אין פאַרנעמען זיך מיט האַנדל, און די רייכע אויבערשטע שיכט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג האָט געקאָנט אומגעשטערט פירן אירע געלט־געשעפטן פון קרעדיט און פאַכט פון מלוכהשע הכנסות. נישט די מיעשטשאַנעס, נישט די באָיאַרן זיינען געווען גענוג שטאַרק פּאָליטיש כדי צו באַגרענעצן די דאָזיקע רעכט פון ייִדן, אַזוי ווי אין שכנותדיקן פּוילן. די פירשטן האָבן זיך גערן באַדינט מיט ייִדן ווי אַ פאַקטאָר פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד, און זיי האָבן אויך געמוזט אָנקומען צו ייִדן אין דער אַדמיניסטראַציע פון די מלוכה־פינאַנצן.

די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון די ייִדן אין ליטע כאַראַקטעריזירט אַמבעסטן די פּריווילעגיע, וואָס דער פירשט וויטאָווט האָט אַרויסגעגעבן פאַר די גראָדנער ייִדן אין יאָר 1389. ער דערלויבט זיי צו פירן האַנדל אומגעשטערט אין די געוועלבער און אויף די גאַסן גלייך מיט אַנדערע שטאָטס־לייט; זיי מעגן אויסאַרבעטן משקאות און האַנדלען מיט אַריינגעפירטע משקאות; עס איז זיי דערלויבט צו פאַרנעמען זיך מיט כלערליי מלאכות; ייִדישע קצבים מעגן האַנדלען מיט פלייש אומבאַגרענעצט; ייִדן מעגן פריי געניסן די אַקערפעלדער און לאָנקעס וואָס זיי פאַרמאָגן און מעגן פריי צוקויפן נייע נחלאות, אָפּצאָלנדיק דערביי דעם זעלבן שטייער וואָס אַנדערע בירגער.

לויט פאַראַנענע ידיעות, האָט נישט אַנדערש, ווי אין גראָדנע, אויסגעזען די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון ייִדן אויך אין אַנדערע שטעט אין ליטע. בלויז אין בריסק, וואָס איז געווען אַ גרויסער האַנדלסצענטער, אַמווייטסטן אַרויסגערוקט צום מערב, זיינען די הויפּט־באַשעפטיקונגען פון ייִדן געווען האַנדל און וואוכער. אַזוי קען מען דערקלערן דעם פאַקט, אַז דער זעלבער פירשט וויטאָווט האָט מיט אַ יאָר פריער, אין יאָר 1388, אַרויסגעגעבן אַ פּריווילעגיע פאַר די בריסקער ייִדן וואָס איז געווען מיט עטלעכע אויסנאַמען אַן איבערחזרונג פון קאָלישער סטאַטוט: עס רעדט זיך דאָרט נישט בכלל וועגן מלאכה און ערד־אַרבעט, נאָר וועגן וואוכער און האַנדל.



אַ באַדייטנדיקע צאָל פון ייִדישן מיטלקלאַס אין ליטע האָט זיך פאַרנומען מיט פאַכטן קרעטשמעס, בריק־אָפּצאָל, וועג־שטייערן אדג״ל. גרויסע ייִדישע סוחרים פון בריסק, גראָדנע, לודמיר און לויצק האָבן געפירט אַ ריירעוודיקן האַנדל מיט קרוינפּוילן און דערגרייכט אויך קיין דאַנציק און אַפילו קיין מאָסקווע. אַ טייל פון די דאָזיקע סוחרים האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט פאַכטן מלוכהשע הכנסות, ווי שטייערן, צאָל און זאַלץ־גרובן. די וויכטיקסטע צאָל־קאַמערן אין גאַנץ ליטע זיינען געווען פאַרפאַכט ייִדישע מוכסים. נישט זעלטן פלעגן ייִדישע מוכסים, וואָס זיינען איינצייטיק געווען סוחרים, צאָלן דעם פירשט זייער צינז פאַר דער פאַכט אין סחורות, ווי זיידענע שטאָפן, פערד, פוטערס און אַנדערע. צום סוף מיטלאַלטער וואַקסט אויך אַלץ מער די ראָל פון ייִדישע באַנקירן, וואָס באָרגן די פירשטן גרויסע סומעס. די נאַטוראַל־ווירטשאַפט איז אָבער אין ליטע געווען נאָך אַזוי שטאַרק צו יענע צייטן, אַז די פירשטן פלעגן אָפט אָפּצאָלן אַ טייל פון די חובות אין פּראָדוקטן: לעדער, פעל, האָניק, פערד, רינדער אאַז״וו. ייִדישע גבירים פלעגן אָבער אויך גאָר אָפט אינוועסטירן זייערע קאַפּיטאַלן אין גיטער און ממילא פאַרנעמען זיך מיט לאַנדווירטשאַפט. זיי פלעגן איבערנעמען פון פירשט פאַר אַ באַשטימטן איינמאָליקן אָפּצאָל (אַזאַ אָפּצאָל האָט געהייסן אין ליטע „בוקן זיך מיטן שטערן”) גאַנצע דערפער, אַמאָל אויך עטלעכע דערפער מיט אַמאָל, צוזאַמען מיט לאָנקעס, פיש־טייכן, מילן אאַז״וו. ייִדן פלעגן איבערנעמען גיטער פון די באָיאַרן, אָדער זיי פלעגן איבערנעמען אַזעלכע גיטער, וואָס זיינען געווען פאַרמשכונט פאַר הלוואות. די גיטער פלעגן ייִדן איבערגעגעבן ווערן צוזאַמען מיט די פויערים, וואָס זיינען דאָרט געווען באַזעצט, און די ייִדישע גרונד־באַזיצער האָבן דעריבער געהאַט די זעלבע שליטה איבער די פויערים, ווי פריער די באָיאַרן. אַ טייל פון די גרויסע ייִדישע גרונד־באַזיצער האָבן אויך אויסגעפירט אַ קאָלאָניזאַטאָרישע ראָלע אין ליטע: עס ווערן פאַרצייכנט פאַלן, ווען ייִדן האָבן באַקומען פון פירשט שטחים ערד וואָס זיינען נישט געווען באַזעצט.

שוין פון די אַלע פאַקטן וועגן דער עקאָנאָמישער פּאָזיציע פון די ייִדן אין ליטע דרינגט אַרויס, אַז זייער רעכטלעכע לאַגע איז געווען זייער אַ געהויבענע. דאָס ווערט אויך בפירוש באַשטעטיקט דורך די פּריווילעגיעס, וואָס די פירשטן האָבן געגעבן ליטווישע ייִדן. אין דער פּריווילעגיע פאַר בריסקער ייִדן פון פירשט וויטאָווט פון יאָר 1388 ווערט באַשטימט, אַז פאַר פאַרוואונדן אָדער שלאָגן אַ ייִד קומט די זעלבע אַנטשעדיקונג ווי פאַר פאַרוואונדן אָדער שלאָגן אַ שלאַכטשיץ. אַזאַ באַשטימונג איז

נישט געווען אין קאָלישער סטאַטוט פאַר פּוילישע יידן פון יאָר 1264, זי ווערט ערשט דערמאָנט אין דער קאַזימירישער פּריווילעגיע פון יאָר 1367. אין דער פּריווילעגיע פאַר די טראָקער יידן, קראַימער, וואָס קיניג קאַזשימערזש דער יאַגיעללאָנער האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1441, האָבן זיי באַקומען דאָס פולע מאַגדעבורגער רעכט, אגב דער איינציקער פאַל וואו יידן האָבן געהאַט מאַגדעבורגער רעכט אין דער פּוילישער מלוכה. דער וואָיט פון דער קראַימישער קהילה אין טראָק האָט געהאַט די פולע יוריסדיקציע אפילו אין ענינים וואו עס איז געקומען טויט־שטראָף. די אויטאָנאָמיע פון דער קראַימישער קהילה איז געווען די זעלבע ווי די אויטאָנאָמיע פון אַ שטאָט. דאָס סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אויסגלייכן זיך פון דעם קלאַס פון יידישע גבירים אין ליטע מיט דער אָרטיקער שלאַכטע האָט אויך געהאַט קאָנסעקווענצן אויפן געביט פון קולטורעלער און אפילו רעליגיעזער אַסימילאַציע. אַזוי הערן מיר אין 14טן י״ה וועגן שמד פון מוכס פון פירשט וויטאָווט, שעיה פון לודמיר. אין 15טן י״ה האָט זיך געשמדט דער מנבס פון קיעוו מיטן נאָמען אַהרן.

דער קיום פון בליענדיקן יידישן ישוב אין ליטע, וואָס האָט נישט געפונען זיין גלייכן אין אייראָפּע סיי לויט דער פּריווילעגירטער שטעלונג פון יידן, סיי לויט זייער פּראָדוקטיווער עקאָנאָמישער סטרוקטור, איז איבערגעריסן געוואָרן פּלוצים אויף אַן אַכזריותדיקן אופן. דורך דעם גירוש אין יאָר 1495. דאָס איז געווען דער איינציקער גירוש פון יידן פון אַ גאַנצער טעריטאָריע אין דער פּוילישער מלוכה און איז פאָרגעקומען אין זעלבן יאָר, וואָס דער גירוש פון יידן פון קראָקע קיין קאָזמאַרק. די סיבה פון דעם דאָזיקן גירוש לאָזט זיך דערקלערן מיט די פינאַנציעלע שוועריקייטן פון דעמאָלטיקן ליטווישן גרויס־פירשט אַלעקסאַנדער. אַלעקסאַנדער האָט מן הסתם געהאָפט אַז דורך דעם גירוש וועט ער סאַנירן זיינע פינאַנצן אויף אַ צווייפאַכיקן אופן: זיינע חובות ביי יידישע קרעדיטאָרן וועלן בטל ווערן, און ער וועט נאָך האָבן אַן איבריקע הכנסה פון קאָנפיסקירטן פאַרמעגן פון יידן. וואָס שייך דער אַנטוויקלונג פון האַנדל און מלאכה אין לאַנד, האָט ער געהאָפט, אַז ער וועט קענען אויסקומען אָן יידן דורך אַ פאַרשטאַרקטער קאָלאָניזאַציע פון די עקזיסטירנדיקע שטעט מיט איינוואַנדערער פון דייטשלאַנד, שוועדן און פון אַנדערע לענדער. אַזוי אַרום דערקלערט זיך, וואָס באַלד נאָכן גירוש פון די יידן, אין יאָר 1496, האָבן די מייסטע שטעט אין ליטווישן גרויס־פירשטנטום באַקומען מאַגדעבורגער רעכט, ד״ה שטאָטישע אויטאָנאָמיע לויט דעם מוסטער פון דייטשלאַנד און קרוינפּוילן. אין דעם זעלבן יאָר האָט דער גרויס־פירשט געגעבן די פּריווילעגיע פון מאַגדעבורגער רעכט די שטעט בריסק, גראָדנע, לוצק, פּאָלאָצק, מינסק, קיעוו און אַ רייע אַנדערע. אין אַ טייל פון די דאָזיקע פּריווילעגיעס רעדט זיך בפירוש וועגן רעכט צו באַזעצן אין דער געגעבענער שטאָט נייע קאָלאָניסטן.

די גיטער און דערפער, הייזער און גערטנער פון די פאַרטריבענע יידן האָט דער קיניג צעטיילט צווישן גייסטלעכע און מאָנאַסטירן, באָיאַרן און שטאָטס־לייט און אויך משומדים, סיי אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געהאַט געשמדט פאַרן גירוש, סיי די, וואָס האָבן זיך געשמדט כדי צו ראַטעווען זייערע גרויכע פאַרמעגנס פונם גירוש. פונקט אַזוי איז די פאַכט פון מלוכהשע הכנסות איבערגעגאַנגען אין די הענט פון די באָיאַרן, משומדים און פון אַראָפּגעבראַכטע קאָלאָניסטן, דייטשן און שוועדן. די פאַרטריבענע ליטווישע יידן האָבן געפונען אַ מקלט אין די יידישע קהילות אין גרויספּוילן.

שוין אַכט יאָר נאָכן גירוש, אינם יאָר 1503 האָבן זיך די פאַרטריבענע יידן אומגעקערט צוריק קיין ליטע. די דאָזיקע ווענדונג איז טיילווייז פאַרבונדן מיט די זעלבע סיבות, וואָס האָבן געהאַט אַרויסגערופן דעם גירוש. די האָפענונגען אויף אַ ברייטער קאָלאָניזאַציע פון ליטווישע שטעט דורך דייטשן האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. פונקט ווי פריער האָט זיך בכן ליטע גענויטיקט אין יידן אויף צו הויבן איר עקאָנאָמישן מצב. דער באַשלוס פון פירשט צוריק אַריינצולאָזן די יידן איז אויך צוגעאיילט געוואָרן דורך זיינע פינאַנציעלע נויטן, וואָס זיינען לחלוטין נישט פאַרלייכטערט געוואָרן דורך דעם איבערנעמען פון דער שטייער־און צאָל־פאַכט דורך קריסטן און משומדים. די מלחמה צווישן ליטע און מאָסקווע האָט נאָך מער געמאַכט דרינגענדיק די אויפגאַבע פון אויספילן די דעפיציטן אין די מלוכה־פינאַנצן. אַחוץ דעם אַלעם האָט דאָס אָפּשליסן פון ליטע פאַר יידן סיי ווי סיי נישט געקאָנט געדויערן לאַנג צוליב דער פאַראייניקונג פון פּוילן מיט ליטע אונטער איין הערשער. דער ליטווישער גרויס־פירשט אַלעקסאַנדער איז אין יאָר 1501, נאָכן טויט פון זיין ברודער יאַן אָלבראַכט, געקרוינט געוואָרן ווי קיניג פון פּוילן. און עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ סטאַטוט, אַז פון דעמאָלט אָן זאָל תמיד דער קיניג פון פּוילן זיין דער גרויס־פירשט פון ליטע. נישט אַריינלאָזן יידן קיין ליטע וואָלט בכן געווען געשאַפן אַ משונהדיקע לאַגע, אַז יידן, וואָס מעגן פריי וואוינען אויף איין טעריטאָריע פון הערשער, טאָרן בכלל זיך נישט באַזעצן אויף אַן אַנדערער טעריטאָריע פון דעם זעלבן הערשער. אין יאָר 1503 האָבן זיך די פאַרטריבענע יידן צוריק באַזעצט אין ליטע. דער גרויס־פירשט האָט באַשטימט, אַז יידן

באַקומען צוריק זייערע הייזער, געוועלבער, גערטנער, פעלדער און זייער גאַנץ אומבאַוועגלעך אייגנטום. זיי האָבן בלויז באַדאַרפט אַנטשעדיקן די קריסטן, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט, די סומע וואָס זיי האָבן באַצאָלט דעם פירשט פאַר זיינע „מתנות“. יידן האָבן אויך באַקומען דאָס רעכט אויפצומאָנען די חובות, וואָס זיי האָבן געהאַט אין ליטע פאַרן גירוש. פאַר דעם אַלעם האָבן יידן אין ליטע געדאַרפט צאָלן אַ נייעם יערלעכן שטייער „פּאָוואָראָטנע“ (שטייער פאַר אומקערן זיך צוריק).

דאָס מבטל מאַכן די גזירה פון גירוש ליטע צום סוף מיטלאַלטער וואַרפט אַ ליכט אויף דער עקאָנאָמישער ראָלע פון יידן אין דער פוילישער מלוכה אין יענער צייט. נישט דער חסד פון די מושלים איז געווען די סיבה, וואָס יידן זיינען נישט פאַרטריבן געוואָרן פון פוילן אַזוי ווי פון מערב־אייראָפּעישע לענדער און וואָס די גזירה פון גירוש ליטע האָט געדויערט סך־הכל עטלעכע יאָר: יידן זיינען שוין צום סוף מיטלאַלטער געווען אַזאַ נויטווענדיקער עקאָנאָמישער פאַקטאָר אין דער פויליש־ליטווישער מלוכה, אַז דאָס אויסשליסן זיי וואָלט געווען אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דעם גאַנצן לאַנד. די ראָלע פון יידן אין עקאָנאָמישן לעבן פון פוילן־ליטע איז נאָך מער אויסגעוואַקסן אין דער נייצייט.

# II. יידן אין פוילן אין 16טן און 17טן יאַרהונדערט

(פון סוף מיטלאַלטער ביז גזירת ת״ח)

## 1. די צעשפּרייטונג פון יידישן ישוב אין פוילן אין 16טן און 17טן י״ה



ין משך פון 16טן י״ה איז דער יידישער קיבוץ אין פוילן געוואַלטיק אויסגעוואַקסן אין פאַרגלייך מיט דער תקופה פון מיטלאַלטער סיי לויט דער אַלגעמיינער צאָל נפשות סיי לויט דער צאָל ישובים. נאָך אַרום דעם העלפט פון 16טן י״ה איז אין פוילן געווען דער צווייטער גרעסטער מאַסן־ישוב אין דער וועלט נאָך טערקיי, וואוהין עס האָבן אויסגעוואַנדערט די פאַרטריבענע יידן פון שפּאַניע. אין דער מיט פון 17טן י״ה, פאַר גזירת ת״ח, האָט שוין דער יידישער ישוב אין פוילן ווייט איבערגעשטיגן לויט דער צאָל דעם יידישן ישוב אין טערקיי און איז געווען דער גרעסטער יידישער ישוב אין דער וועלט.

ביז צום סוף פון 16טן י״ה איז די צאָל יידן אין פוילן אָן אויפהער געוואַקסן; אַחוץ דער נאַטירלעכער פאַרמערונג האָט זיך די צאָל פאַרגרעסערט צוליב דעם וואָס עס האָבן כסדר אַריינגעוואַנדערט יידן פון די שכנותדיקע לענדער אין צענטראַל־אייראָפּע. די גירושים פון יידן אין 16טן י״ה פון גאַנצע פּראָווינצן פון דייטשלאַנד, ווי ברוינשווייג, בראַנדענבורג, פון עסטרייך, פון טשעכיע (צייטווייליק אין 1542) און פון שלעזיע, ווי אויך גירושים פון אַ רייע שטעט האָבן געבראַכט קיין פוילן גרויסע כוואַליעס פון פּליטים, וואָס האָבן איבערגעשטיגן לויט דער צאָל די אימיגראַציע אין 15טן י״ה. גאָר באַדייטנדיק איז אָבער אויך געווען די פרייוויליקע עמיגראַציע פון יידן פון יענע לענדער צוליב עקאָנאָמישע מאָטיוון: די אויסזיכטן אויף בעסערע עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן אין פוילן האָבן צוגעצויגן סיי יידישע קאַפּיטאַליסטן סיי יידישע אָרעמקייט פון די שכנותדיקע לענדער.

אין רעזולטאַט פון דער גרויסער איינוואַנדערונג איז שטאַרק געוואַקסן די צאָל יידן אין די אַלטע יידישע קהילות אין פוילן. לויט די ציילונגען פון יידן פון די יאָרן 1550, 1552, וואָס זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן צוליב באַרעכענען דעם יידישן קאָפּשטייער, האָט יעדער פון די שטעט פּויזן, קראָקע, לעמבערג, לובלין, געהאַט אַ יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט כמעט דערגרייכט אָדער איבערגעשטיגן די צאָל פון 1000 נפשות. היות די דעמאָלטיקע ציילונגען זיינען געווען זייער ווייט פון פּינקטלעכקייט, דאַרף מען אָננעמען, אַז דיווירקלעכע צאָל איז געווען ווייט גרעסער איידער די אָנגעגעבענע. נאָך מער איידער אין די אַלטע קהילות איז געוואַקסן די צאָל יידן אין די קהילות, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן אין די מערב־געביטן פון פוילן און באַזונדערס אין די דרום־מזרח אוקראַאינישע פּראָווינצן. בעת צום סוף פון מיטלאַלטער האָט די צאָל יידישע קהילות אין גאַנץ פוילן און ליטע קוים דערגרייכט 60, האָט, אין דער אַנדערער העלפט פון 16טן י״ה די צאָל יידישע קהילות בלויז אין עטנאָגראַפישן פוילן, גרויספוילן, מאַזאָוויע און קליינפוילן איבערגעשטיגן די דאָזיקע צאָל. גרויספוילן און מאַזאָוויע האָבן דעמאָלט געציילט צוזאַמען בערך 52 קהילות, קליינפוילן (די וואָיעוואָדשאַפטן פון קראָקע, לובלין און לאָדמיר) אַרום 14 קהילות און די אוקראַאינישע לענדער, רייסן (מזרח־גאַליציע), וואָלין און פּאָדאָליע — בערך 80 קהילות! אין דער זעלבער צייט זיינען אויך אַנטשטאַנען נייע יידישע ישובים אין דער אייגנטלעכער פּראָווינץ אוקראַאינע, אין דער אוקראַאינע ביים דניעפּר, אין די וואָיעוואָדשאַפטן קיעוו און בראַצלאַוו. אין ליטע איז די צאָל יידישע קהילות פּראָפּאָרציאָנעל נאָך באַדייטנדיקער געשטיגן, איידער אין קרוינפוילן. די צאָל יידישע קהילות אין ליטע, וואָס האָט צום סוף מיטלאַלטער נישט געהאַט דערגרייכט אַ צענדליק, האָט אַרום דער העלפט פון 16טן י״ה שוין באַטראָפן מער ווי 20. לויט דער פּראָפּאָרציע פון קאָפּשטייער, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף ליטווישע יידן קומט אָבער אויס, אַז די צאָל יידן אין ליטע האָט אין סך־הכל, פּונקט ווי שפּעטער ביז צום סוף פון 18טן י״ה, נישט באַטראָפן מער ווי אַ דריטל פון דער צאָל יידן אין קרוינפוילן.

די אויבן־געבראַכטע ציפערן, כאָטש פראַגמענטאַרישע, באַווייזן צוויי פּראָצעסן אין שייכות מיט דער צעשפּרייטונג פון יידן אין דער פּוילישער מלוכה אין 16טן י״ה. עס איז פאָרגעקומען אַ וואַנדערונג פון יידן פון די גרויסע שטעט אין קליינע שטעטלעך אויפן

גאַנצן שטח פון דער מלוכה. נאָך מער כאַראַקטעריסטיש איז אָבער די אינערלעכע מאַסנוואַנדערונג פון יידן אין מערב־פוילן, אין דער ריכטונג פון די דרום־מזרח פּראָווינצן. די וואַנדערונג אין די אוקראַינישע פּראָווינצן איז טיילווייז פאָרגעקומען צוליב די זעלבע סיבות, וואָס די וואַנדערונג אין די קליינע שטעטלעך: דער פאַרשאַרפטער קאָנקורענץ־קאַמף מיט דעם פּוילישן בירגערטום אין די גרויסע שטעט, וואָס האָט דערפירט צו אַ ריי שווערע גזירות קעגן יידישן האַנדל און מיט דער צייט אויך קעגן יידישן האַנטווערק, האָט גורם געווען אַן אָפּפלוס פון יידישער באַפעלקערונג סיי אין די קליינע שטעט, אין די זעלבע פּראָווינצן, סיי אין די פּראָווינצן, וואָס זיינען געווען ווייניקער באַוואוינט דורך יידן. אין דער אינערלעכער וואַנדערונג אין די דרום־מזרח פּראָווינצן אַנטפּלעקט זיך אָבער אויך אַ טענדענץ, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יידישער ווירטשאַפטס־געשיכטע אין אַמאָליקע צייטן. יידן פלעגן ביז צו דער העלפט פון 17טן י״ה און טיילווייז אויך נאָך אין 18טן און 19טן י״ה וואַנדערן פון עקאָנאָמיש העכער אַנטוויקלטע לענדער אין לענדער, וואָס זיינען געווען פאַרהעלטנישמעסיק עקאָנאָמיש אָפּגעשטאַנען. צוליב דער זעלבער עקאָנאָמישער טענדענץ, וואָס האָט אין מיטלאַלטער און אין משך פון 16טן י״ה געצוואונגען יידן צו וואַנדערן פון מערב קיין מזרח, פון דייטשלאַנד און ביימען קיין פוילן, האָבן אויך יידן געוואַנדערט פון די עקאָנאָמיש מער אַנטוויקלטע מערב־פּראָווינצן פון פוילן אין די שוואַכער באַפעלקערטע און עקאָנאָמיש אָפּגעשטאַנענע געביטן פון דער אוקראַינישער באַפעלקערונג. די זעלבע טענדענץ האָט אויך גורם געווען, אַז אין יענער צייט איז אַלץ מער געשטיגן די וואַנדערונג פון פוילישע יידן אין די ליטוויש־ווייסרוסישע לענדער.

אין דער אַנדערער העלפט פון 16טן י״ה האָבן אויך יידן אין פוילן, באַזונדערס אין די דרום־מזרח געביטן, אָנגעהויבן צו באַזעצן זיך אין דערפער, בעת אין דער פריערדיקער תקופה זיינען דאָרפס־יידן געווען אין פוילן גאָר אַ זעלטענע דערשיינונג. אין דער ערשטער העלפט פון 17טן י״ה איז שוין אין פוילן די צאָל יידן אין די דערפער געווען גאָר באַדייטנדיק.

די מיגראַציע פון די גרויסע שטעט אין די קליינע שטעטלעך און דערפער און פון מערב־פוילן אין די מזרח־געביטן פון דער מלוכה איז געווען פאַרבונדן מיט וויכטיקע ענדערונגען אין דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון יידן. אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט געפונען באַשעפטיקונג אין נייע, פריער אומבאַקאַנטע צווייגן פון פרנסה. נישט געקוקט אויף דעם גרויסן אָפּפלוס פון



דער יידישער באַפעלקערונג אין די מזרח־פּראָווינצן איז נאָך אַלץ אין 16טן י״ה דער רוב מנין ובנין פון יידן אין פוילן געווען קאָנצענטרירט אין דעם מערב־טייל פון דער מלוכה. לויט דער פּראָפּאָרציע פון קאָפּ־שטייער פון יידן אין באַזונדערע פּראָווינצן אין יאָר 1578 קומט אויס, אַז אין די ריין פוילישע מערב־פּראָווינצן (גרויספוילן און קליינפוילן) איז די צאָל יידן געווען בערך טאָפּלט אַזוי גרויס, ווי אין אַלע אוקראַינישע פּראָווינצן (רייסן, וואָלין, פּאָדאָליע און אוקראַינע ביים דניעפּר) צוזאַמען. אין די שפּעטערדיקע יאָרן ביז צו דער העלפט פון 17טן י״ה, אין שייכות מיט דער כסדרדיקער וואַנדערונג קיין מזרח — איז די דאָזיקע איבערוואָג אין דער צאָל פון פוילישע יידן לגבי אוקראַינישע יידן געוואָרן אַלץ קלענער.

סיי די אַלגעמיינע צאָל יידן, סיי ממילא די פּראָפּאָרציע פון יידן לגבי דער גאַנצער באַפעלקערונג פון דער מלוכה איז שווער צו באַרעכענען צוליב מאַנגל אין גענויע סטאַטיסטיקעס פון יענער צייט. עס איז קרוב צו אמת דער חשבון, (באַרעכנט דורך ד״ר שיפּער), לויט וועלכן עס קומט אויס, אַז די צאָל יידן אין דער גאַנצער פוילישער מלוכה האָט באַטראָפן אין יאָר 1578 העכער 100,000 נפשות. אין פאַרגלייך מיט די השערות וועגן דער צאָל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון דער מלוכה קומט אויס, אַז יידן האָבן באַטראָפן לפי ערך צוויי מיט אַ האַלבן ביז דריי פּראָצענט. די פּראָפּאָרציע פון יידן בלויז לגבי דער שטאָט־באַפעלקערונג האָט דערגרייכט בערך פון 10 ביז 15 פּראָצענט אין קרוינפוילן און ביז 20 פּראָצענט אין ליטע. מיט אַ דרייפערטל יאָרהונדערט שפּעטער, אַרום דער העלפט פון 17טן י״ה, פאַר גזירת ת״ח, איז אָבער שוין די צאָל יידן אין פוילן אַדאַנק דער כסדרדיקער איינוואַנדערונג און גרויסן נאַטירלעכן צוּוואַקס לכל הפחות דריי מאָל אַזוי גרויס, און באַטראָפן בערך אַ 300,000 נפשות *).

## 2. די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור פון יידן אין פוילן אין 16טן—17טן י״ה

אין אָנהויב פון דער נייצייט זיינען פאָרגעקומען באַדייטנדיקע ענדערונגען אין דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער סטרוקטור פון די יידן אין פוילן. די דאָזיקע ענדערונגען זיינען געווען אַ פועל יוצא פון אַ

*) ד״ר שיפּער באַרעכנט (אין דער דערמאָנטער געשיכטע פון יידן אין פוילן, אויסגאַבע „מיר״) אויפן יסוד פון קאָפּ־שטייער, אַז די צאָל יידן אין פוילן אין די 60ער יאָרן פון 17טן י״ה האָט באַטראָפן 182,000, בעת פאַר דער תקופה ערב גזירת ת״ח נעמט ער אָן, אַז די צאָל יידן האָט דערגרייכט אַ האַלבן מיליאָן! לויט דעם דאָזיקן חשבון וואָלט אויסגעקומען, אַז צוליב די הריגות און עמיגראַציע בעת דער גזירת ת״ח און בעת די שחיטות אין 1655 האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג פון פוילן פאַרמינערט מער ווי אויף 300,000!

רייע פאַקטאָרן סיי פון דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד, סיי פון געוואַלטיקן וואוקס פון דער צאָל יידן און פון זייער נייגעשאַפענער רעכטלעכער לאַגע. אין פאַרגלייך מיט דער תקופה פון מיטלאַלטער איז דאָס בילד פון יידישן עקאָנאָמישן לעבן אין דער נייצייט אַ סך פילפאַרביקער און, דער עיקר, די יידישע פרנסות אַ סך פּראָדוקטיווער. און צוזאַמען מיט דעם ווי עס ווערט פילפאַכיק פאַרגרעסערט די צאָל יידן און אין שייכות מיט דעם, וואָס זיי שפּרייטן אויס זייער טעטיקייט אויף נייע ווירטשאַפטלעכע צווייגן, וואַקסט אויך באַדייטנדיק זייער ראָלע אין עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד.

דער האַנדל, וואָס האָט שוין צום סוף מיטלאַלטער פאַרנומען דעם אויבנאָן צווישן די באַשעפטיקונגען פון יידן אין פוילן, איז אין דער נייצייט געוואָרן די הויפּט־באַשעפטיקונג פון דעם רוב מנין ובנין פון דער ברייטער יידישער באַפעלקערונג, נישט געקוקט דערויף וואָס די מניעות מצד דעם פוילישן בירגערטום זיינען דווקא אויף דעם דאָזיקן געביט געוואָרן אַ סך שווערער. דער אויפבלי פון יידישן האַנדל איז בעיקר צושטאַנד געקומען אַדאַנק דער אַנטוויקלונג פון עקספּאָרט פון אַגראַר־פּראָדוקטן, אין וועלכן יידן האָבן אויסגעפירט די פונקציע פון אַרויסהעלפער פון דער שלאַכטע. די באַשעפטיקונג פון יידן מיט וואוכער איז אין דער נייצייט אַלץ מער רעדוצירט געוואָרן צו אומבאַדייטנדיקע אָפּעראַציעס מיט קליינע הלוואות מצד אַ נישטיקער צאָל יידן. דערפאַר וואַקסט אָבער אין 16טן און נאָך מער אין 17טן י״ה די ראָלע פון האַנטווערק אין יידישן עקאָנאָמישן לעבן. אין דער דאָזיקער תקופה איז מלאכה נאָך האַנדל די צווייטע צום מערסטן פאַרשפּרייטע באַשעפטיקונג פון יידן. דאָס בהדרגהדיקע אַריבערגיין פון אַ גרויסן טייל יידן צו האַנטווערק איז אַרויסגערופן געוואָרן אין דער ערשטער ריי דורך דעם, וואָס די גרויסע צאָל יידן אין שטעט און שטעטלעך האָט נישט געקאָנט געפינען פאַר זיך קיין עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן אויסשליסלעך ביי האַנדל. אָבער אויך די גזירות פון די מיעשטשאַנעס מיט די שטאָט־מאַגיסטראַטן אין דער שפּיץ, וואָס זיינען אַלץ שאַרפער געווען געווענדט דווקא קעגן קליינהאַנדל און גאַסנהאַנדל, האָבן געצוואונגען אַלץ גרעסערע מאַסן פון יידישע האָרעפּאַשנע הענדלער צו פאַרנעמען זיך מיט מלאכה. מען דאַרף אויך אין אַכט נעמען, אַז די צענטראַליזאַציע און קאָנצענטראַציע פון יידישן האַנדל דורך די גרויסע סוחרים האָט פּויפּעריזירט אַלץ אַ גרעסערע צאָל פון יידישן מיטעלן סוחר. די יידישע בעלי־מלאכות האָבן געהאַט אויסצושטיין מצד די קריסטלעכע צעכן און שטאָט־מאַגיסטראַטן נאָך שטרענגערע גזירות און שווערערע רדיפות איידער די יידישע סוחרים מצד זייערע קריסטלעכע קאָנקורענטן. די דאָזיקע מניעות זיינען אָבער געווען ביכולת אָפּצוהאַלטן די יידן בלויז פון געוויסע צווייגן פון האַנטווערק, וואו די מאַכט פון קריסטלעכע צעכן איז געווען אַמשטאַרקסטן און די יידישע האַנטווערק־טראַדיציע אַמשוואַכסטן. בדרך כלל האָט אָבער די צאָל יידישע האַנטווערקער געהאַלטן כסדר אין וואַקסן, און די ראָלע פון יידן אין דער אינדוסטריע פון לאַנד איז מיט דער צייט געוואָרן אַלץ באַדייטנדיקער.

אַ ניי געביט פון ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט האָט זיך אין דער נייצייט געעפנט פאַר יידן אין רעזולטאַט פון דער אַנטוויקלונג פון דער משקאות־אינדוסטריע. אין משך פון 16טן און 17טן י״ה פאַרשפּרייט זיך אַלץ מער צווישן פוילישע יידן די באַשעפטיקונג פון שענקעריי ווי אַ דריטע כאַראַקטעריסטישע פרנסה נעבן האַנדל און האַנטווערק. צו שענקעריי נעמט זיך אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער יידישער שטאָטישער און בעיקר קליינשטעטלדיקער באַפעלקערונג: קודם־כל פאַרשפּרייט זיך אָבער שענקעריי אַלץ מער ווי די הויפּט־פרנסה פון די דאָרפס־יידן, וואָס זייער צאָל און פּראָפּאָרציע לגבי שטאָטישע יידן האַלט כסדר אין וואַקסן. די רייכערע עלעמענטן פון יידן סיי אין די שטעטלעך, סיי אין די דערפער באַטייליקן זיך אין דער ניי־אַנטוויקלטער משקאות־אינדוסטריע דירעקט ווי פאַכטערס פון בראָנפן־ברענערייען (גוראַלניעס) און בריי־הייזער (ברוויזן).

די אַרענדע פון מלוכה־הכנסות איז אין 16טן י״ה נאָך אַלץ אַ וויכטיקע באַשעפטיקונג פון רייכע יידן בפרט אין ליטע און אין דרום־מזרח־געגנטן פון פוילן, אין די אוקראַאינישע לענדער, אין 17טן י״ה פאַלט אָבער אַלץ מער סיי די צאָל סיי די רעלאַטיווע ראָלע פון יידן אויף דעם דאָזיקן געביט. דער געוואַלטיקער וואוקס פון דער סאָציאַלער און פּאָליטישער מאַכט פון דער שלאַכטע האָט גורם געווען, אַז דער דאָזיקער הערשנדיקער שטאַנד האָט אַלץ מער אַריינגענומען אין זיינע הענט די פּאַכט פון צאָל, זאַלץ־גרובן און פון אַנדערע מלוכהשע הכנסות. די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע שטאַרקונג פון דער שלאַכטע גיט אָבער אַ מעגלעכקייט יידן צו געפינען אין דער אַרענדע פון די פּריצישע הכנסות אַ סך אַ ברייטערן פעלד פון טעטיקייט, איידער פריער אין דער פּאַכט פון מלוכהשע הכנסות. אַחוץ שענקען, קרעטשמעס, בראָנפן־ברענערייען און בריי־הייזער נעמען מיטלפאַרמעגלעכע און אויך האָרעפּאַשנע יידן אין אַרענדע אַנדערע הכנסות פון פּריצים, ווי מילן, שטאָטישע אָפּצאָלן אין די פּריוואַטע שטעטלעך, פיש־טייכן, בריק־אָפּצאָלן אאַז״וו. גרויסע יידישע גבירים נעמען געוויינלעך איבער אַרענדעס נישט נאָר פון די אַלע אויסגערעכנטע פּריצישע הכנסות צוזאַמען, נאָר אויך די אַרענדע פון די הכנסות פון גאַנצע גיטער, דער־

פער און אָפט אפילו פון אַלע באַזיצונגען פון מאַגנאַטן, אַריינגערעכנט זייערע פּריוואַטע שטעט. דער דאָזיקער טיפּ פון יידישע גרויסע אַרענדאַרן, פאַרהאַלטערס פון גאַנצע גיטער, איז בעיקר געווען פאַרשפּרייט אין דרום־מזרח פוילן, אין די אוקראַאינישע פּראָווינצן פּאָלעשיע, וואָלין, רייסן און פּאָדאָליע און באַזונדערס אין דער ניי־קאָלאָניזירטער אוקראַאינע ביים דניעפּר.

לאַנדווירטשאַפט ווי אַ הויפּט־באַרוף איז אין דער דאָזיקער תקופה נאָך אַלץ פאַרשפּרייט צווישן יידן אין די מזרח־פּראָווינצן פון דער מלוכה, בפרט אין ליטע. לאַנדווירטשאַפט ווי אַ יידישן נעבן־באַרוף טרעפן מיר אָן אין אַלע פּראָווינצן פון פוילן.

נאָך דער דאָזיקער אַלגעמיינער כאַראַקטעריסטיק פון דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון יידן לאָמיר איצט באַטראַכטן נאָכאַנאַנד די איינצעלנע ווירטשאַפטלעכע צווייגן מיט וועלכע יידן האָבן זיך פאַרנומען.

## א) דער האַנדל

אין 16טן און 17טן י״ה איז דער אָנטייל פון יידן אין האַנדל פון פוילן אויסגעוואַקסן אין אַזאַ מאָס, אַז זיי האָבן באַקומען די איבערוואָג אויפן געביט פון אויסערלעכן האַנדל און אין אַ גאַנצער רייע צווייגן פון אינערלעכן האַנדל.

פוילישע און ליטווישע יידן באַגעגענען מיר אין דער דאָזיקער תקופה אויף נסיעות צוליב מסחר אין די וויטסטע שטעט פון אייראָפּע: זיי פאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און קיין אַדריאַנאָפּאָל און קרים, קיין ווענעציע און פלאָרענציע, קיין ריגע, קעניגסבערג און קיין האַמבורג; זיי באַטייליקן זיך אין די ירידים אין פראַנקפורט ביים מיין, לייפּציק און ברעסלוי, זיי דערגרייכן ביז קיין מאָסקווע, גריכנלאַנד און מצרים. פוילישע און ליטווישע יידן פירן אַרויס פון פוילן האָלץ, תבואה, פּאָטאַש, סמאָלע, וואַקס, פעלן, פּוטערס, לייוונט, וואָל, האָניק, חלב, טשערוויעץ, (רויטע פאַרב) און אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. באַזונדערס גרויס איז דער אָנטייל פון יידן אין עקספּאָרט פון לעדער, פעל, פּוטערס און אָקסן־האַנדעל. אָקסן ווערן איינגעקויפט אין די דרום־מזרח געגענטן פון פוילן בעיקר אין פּאָדאָליע, אָבער נאָך גרעסער איז די באַטייליקונג פון יידן אין טראַנזיט־האַנדל מיט אָקסן, וואָס פלעגן אין די טויזנטער איינגעקויפט ווערן אין דער וואָלעכיי. דער וויכטיקסטער וועג פון עקספּאָרט איז געווען מיט דער ווייסל קיין דאַנציק. אויף צו טרייבן די טראַטוועס אויף דער ווייסל מיט תבואה, אָקסן און אַנדערע פּראָדוקטן פלעגן יידישע סוחרים דינגען סיי יידישע סיי קריסטלעכע שיפערס. אַחוץ דעם דאָזיקן וויכטיקסטן וואַסער־וועג האָבן יידן זיך אויך באַנוצט מיט יבשה־וועגן אין עקספּאָרט פון לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, בעיקר פון אָקסן, לעדער, לייוונט, פּוטערס קיין דייטשלאַנד. דער עקספּאָרט פון פוילישע היימישע פּראָדוקטן איז צום טייל געווען פאַרבונדן מיט די אַרענדעס פון פּריצישע גיטער אין די מזרח־געביטן פון פוילן. אַזוי פלעגן למשל יידישע פאַכטער פון ריזיקע פּאַשעפּעלדער אין פּאָדאָליע פאַרנעמען זיך מיט עקספּאָרט פון אָקסן, וואָס זיי האָבן אַליין געהאָדעוועט. יידישע פאַכטער פון גיטער און פון מילן פלעגן איינצייטיק זיך פאַרנעמען מיט מסחר מיט זייער אייגענער תבואה, די אַרענדאַרן פון וועלדער פלעגן זיך אויך פאַרנעמען מיט עקספּאָרט פון קלעצער און ברעטער, סמאָלע און פּאָטאַש. דער ריזיקער אָנטייל פון יידן אין עקספּאָרט־האַנדל פון פוילן איז אָבער קודם־כל געווען אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס דער עקספּאָרט פון די פּראָדוקטן פון פּריצישע גיטער איז על־פּי־רוב פאָרגעקומען דורך זייער פאַרמיטלונג.

נישט קלענער איידער אין עקספּאָרט איז געווען די ראָלע פון יידן אין אימפּאָרט־האַנדל. על־פּי־רוב פלעגן די זעלבע גרויסע סוחרים זיך פאַרנעמען מיט עקספּאָרט און אימפּאָרט: מען פלעגט פירן קיין דאַנציק און ברעסלוי, קיין ריגע, קעניגסבערג און עלבלינג תבואה, אָקסן, לעדער, פּוטערס אד״גל. און צוריקוועגס פלעגט מען ברענגען סחורות פון מערב־אייראָפּע, פון נאָענטן מזרח און קאָלאָניאַל סחורות. דער אימפּאָרט פון גריכישע ווינען, ראָזשינקעס, זיידענע שטאָפן און בשמים פון טערקיי איז געלעגן אין די הענט פון יידן און אַרמעניער. פון דאַנציק פלעגן יידן אַריינפירן קאָלאָניאַל־סחורות, פלעמישע וואָל־שטאָפן, פיש און הערינג, פון דייטשלאַנד וואָלענע שטאָפן, מעטאַל־אויסאַרבעטונגען און יואַוועליען, פון מיירן — שטאָפן, פון אונגערן — ווין, פערד און זאַלץ, פון קעניגסבערג — זאַלץ, פון מאָסקווע — פּוטערס, פון איטאַליע — יואַוועליען, ספרים אאַז״וו. זייער באַדייטנדיק איז אויך געווען דער אָנטייל פון יידן אין טראַנזיט־האַנדל: זיי פלעגן אַדורכפירן דורך פוילן מערב־אייראָפּעאישע סחורות קיין וואָלעכיי און טערקיי, פּוטערס פון מאָסקווע קיין דייטשלאַנד און אַזוי ווייטער.

די באַטייליקונג פון יידן אין אויסערלעכן האַנדל האָט אָבער לחלוטין נישט דערגרייכט אַזאַ פאַרנעם, אַז זיי זאָלן האָבן באַהערשט דעם דאָזיקן האַנדל פולשטענדיק: שוין דער פאַקט אַליין, וואָס קראַקאָווער, פּויזענער און אַנדערע גרויסשטאָטישע קריסטלעכע סוחרים באַקלאָגן זיך פאַרן קיניג אויפן יידישן אויסערלעכן האַנדל, באַווייזט, אַז זיי אַליין האָבן זיך אויך באַדייטנדיק באַטייליקט אין עקספּאָרט און אימפּאָרט. באַדייטנדיק איז אויך צו יענער צייט געווען

דער אָנטייל אין אויסערלעכן האַנדל סיי פון אַרמעניער, סיי פון שקאָטן, אונגערן און אַנדערע אויסלענדישע סוחרים, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין פּוילן. די פּוילישע שטאָטס־לייט פלעגן אָפט אַרויסטרעטן צום קאַמף קעגן יענע אויסלענדישע סוחרים פונקט ווי קעגן יידן. דער איבערוויגנדיקער אָנטייל פון יידן אין אויסערלעכן האַנדל פון יענער צייט ווערט באַשטעטיקט דורך די ציפערן פון די צאָל־ביכער. צוליב זיינע האַנדלס־פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד פלעגן פּוילישע מלכים נאָמינירן יידן פאַר זייערע הויפּט־סוחרים („סערוויטאָרן” „דינערס”) וואָס האָבן זיי געליווערט שטאָפן, פוטערס, טייערע שטיינער אאַז״וו. אויך באַדייטנדיקע קריסטלעכע סוחרים פלעגן פירן מסחר מיט יידן, אָפּקויפנדיק ביי זיי אויסלענדישע סחורות, אָדער באַנוצנדיק זיך מיט זיי ווי מיט פאַרמיטלערס.

אין אינערלעכן האַנדל פון פּוילן איז דער אָנטייל פון יידן געווען באַזונדערס וויכטיק אין סחורה־אויסטויש צווישן די פאַרשידענע געביטן און פּראָווינצן פון דער מלוכה. יידישע סוחרים פלעגן זיין דער דעצידירנדיקער פאַקטאָר אויף די ירידים פון לובלין, וואָס האָבן פאַרבונדן ליטע מיט קרוינפּוילן; אויף די ירידים פון לעמבערג, יערעסלאַוו, פּרעמישלע און אַנדערע שטעט פון רייסן, וואָס זיינען געווען דער פאַרבינדונגס־פונקט צווישן די דרום־מזרח און די מערב־פּראָווינצן פון פּוילן; אויף די ירידים פון טוירן, וואָס האָבן פאַרבונדן די צפון־געביטן מיט די דרום־געביטן פון לאַנד. אָבער אויך אויף די ירידים וואָס זיינען געווען דער צענטער פון האַנדל פון די באַזונדערע פּראָווינצן איז דער אָנטייל פון יידן געווען גאָר גרויס. יידישע סוחרים באַזוכן רעגולער די ירידים פון גרויספּוילן אין פּויזן, גנעזן, און לויוויטש, די ירידים פון רייסן אין קאָלאָמיי, שניאַטין, ראָהאַטין, די ירידים פון וואָלין אין קרעמענעץ, די ירידים פון ליטע אין מיר, זעלווע און אַנדערע שטעט. די ראָלע פון יידן אויף די ירידים און מאַרק־טעג איז געווען פון אַזאַ פאַרנעם, אַז די פּוילישע מלכים, וואָס פלעגן אָפט נאָכגעבן די פאָדערונגען פון די קריסטלעכע שטאָטס־לייט וועגן באַגרענעצן דעם יידישן האַנדל האָבן בפירוש פאַרבאָטן צו באַשטימען די טערמינען פון ירידים און מאַרק־טעג אויף שבת אָדער אין־טעג פון אַ יידישן יום־טוב. אין די אָפּמאַכן וועגן באַגרענעצן דעם יידישן האַנדל, וואָס די שטאָטראַטן פלעגן אַרויפצווינגען אויף יידן, פלעגט געמאַכט ווערן אַן אויסנאַם פאַר די ירידים. אויך אין די שטעט, וואָס האָבן געהאַט אַ פּריווילעגיע וועגן נישט אַריינלאָזן יידן, פלעגט זיי על־פּי־רוב דערלויבט ווערן צו קומען אויף די ירידים. אין יאָר 1539 זיינען פאַרגעקומען רדיפות אויף די יידן אין ליטע און זיי האָבן מורא געהאַט זיך אַרויסצולאָזן אויף די ירידים סיי אין ליטע סיי אין לובלין. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען אַזאַ שאָדן פאַרן האַנדל, אַז די ליטווישע מאַגנאַטן האָבן זיך איינגעשטעלט ביים קיניג ער זאָל אָפּשטעלן די רדיפות אויף יידן.

אַ פראַגמענט פון אַ צאָל־רעגיסטער פון יאָר 1580 פון דער צאָל־קאַמער אין ביעלסק (פּאָדלאַשע) וועט אונז אילוסטרירן דעם כאַראַקטער און פאַרנעם פון האַנדל פון יידן אויף די ירידים. שמעון פון גראָדנע, איינער פון די קלענסטע יידישע סוחרים פון גראָדנע לויט זיין סכום סחורות, דעקלאַרירט פאַר דער צאָל־קאַמער אויף זיין וועג קיין לובלין: 8 פּאָר „אַנעלנעס” (פעלעכליעך פון לעמער), 8 איילן סאַמאָדעל (פויערישע לייוונט), 90 „טימצעס” (רוסישע פעלן), 4 פּאָר יוכטעס, 3 נורקעס. אַנדערע יידן פון גראָדנע פירן אַחוץ די אויסגערעכנטע סחורות אויך וואַקס, באָקפעלן, פוטערס פון טכוירן און ווידרעס. אויפן וועג צוריק פון לובלין דעקלאַרירט דער זעלבער שמעון פון גראָדנע: 4 שאָק היט, 4 פּאָסטאַוו ביירישן שטאָף, 8 ריז פּאַפּיר, 2 פונט זאַפרען, 2 שטיק קעלנישן שטאָף, 2 פונט נעגעלעך־געווערץ, פאַר 15 גילדן קרעמעריי, 6 שטיין*) שטאָל, 2 פונט מושקאַטבליט, 1 שטיין ראָזשינקעס, 1 שטיין רייז, אַ האַלבן שטיין אינגבער, 1 שטיין כשרע זייף, 2 פונט זייד, אַ האַלבן שטיין צוקער, 8 שטיין פלוימען און 2 קעסלעך. דער טראַנספּאָרט וואָס דער דאָזיקער סוחר פון גראָדנע האָט איינגעקויפט אויפן יריד אין לובלין האָט סך־הכל באַטראָפן אַרום 253 גילדן, וואָס דאָס איז געווען גאָר אַ גרויסע סומע געלט אין יענער צייט. פון די אויסגערעכנטע סחורות איז קלאָר אין וואָס עס איז באַשטאַנען די האַנדלס־ראָלע פון יידישע הורט־סוחרים פון ליטע, וואָס פלעגן פאָרן אויף די לובלינער ירידים: זיי פלעגן אַרויספירן ליטווישע פּראָדוקטן, אַזעלכע ווי וואַקס, פעלן, לעדער און פוטערס און פלעגן ברענגען אַהיים מערב־אייראָפּעישע שטאָפן, קאָלאָניאַל סחורות און טיילווייז אויך אַרטיקלען פון דער מעטאַל־אינדוסטריע.

בדרך כלל באַווייזן די צאָל־רעגיסטערס, אַז יידן האָבן די איבערוואָג אין אינערלעכן האַנדל מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, מיט קאָלאָניאַל־סחורות און מערב־אייראָפּעישע אינדוסטריע־אַרטיקלען, בעיקר שטאָפן. דאַקעגן קומט אויס פון די זעלבע צאָל־רעגיסטערס, אַז דער אָנטייל פון יידן איז געווען קלענער אין האַנדל מיט געווויסע היימישע אינדוסטריע־אַרטיקלען, ווי קאָסעס און שערפּעס, טעפּ, שיך און גלאָז, מיט אָרטיקע מעטאַלן, ווי אייזן, בליי און קופּער, מיט פויערישע פּראָדוקטן, ווי ליינען, מיט מאַסן־אַרטיקלען, ווי זאַלץ, הערינג, פיש, האָפּן אד״גל. דאָס לאָזט זיך טיילווייז דערקלערן דערמיט,

*) 1 „שטיין” האָט געוואויגן 32 פונט.

וואָס די קריסטלעכע בעלי־מלאכות און גרובן־אייגנטימער, פונקט ווי פויערים, פלעגן אַליין זיך פאַרנעמען מיטן הורט־האַנדל פון זייערע אויסאַרבעטונגען. מען דאַרף אָבער אויך נעמען אין אַכט, אַז יידישע סוחרים פלעגן אין אַ טייל פאַלן אַרויסשיקן וועגענער מיט סחורות דורך גוישע פורמאַנעס, בפרט אַזעלכע אַרטיקלען, ווי זאַלץ, אייזן, הערינג, גלעזער, טעפּ אד״גל, וואָס האָבן פאַרנומען אַ סך פּלאַץ און פלעגן אָנגעלאָדן ווערן אין גאַנצע וואָגנס. אין אַזעלכע פאַלן פלעגט דער יידישער סוחר נישט מיטפאָרן מיטן טראַנספּאָרט, נאָר אַרויסשיקן אים פאָרויס מיט איינעם אָדער עטלעכע פורמאַנעס. ווען מען נעמט דערפאַר אַריין אין חשבון, אַז אַ סך פון די קריסטן, וואָס דעקלאַרירן זייערע סחורות פאַר די צאָל־קאַמערן, פלעגן פירן סחורות אין שליחות פון יידישע סוחרים, דאַרף מען שאַצן דעם אָנטייל פון יידן אין אינערלעכן האַנדל פון פוילן אין יענער צייט אַ סך גרעסער, איידער עס קומט אויס אויפן יסוד פון די נעמען פון די צאָל־דעקלאַראַנטן.

די קאָנקורענץ־פעאיקייט פון יידן לגבי די קריסטלעכע סוחרים איז קודם־כל געווען אַ רעזולטאַט פון זייער דורות־לאַנגער דערפאַרונג און באַהאַוונטקייט אויפן געביט פון הורט־האַנדל. דער אויסערלעכער האַנדל פון פוילישע יידן איז אַחוץ דעם באַגינציקט געוואָרן דורך די פאַרבינדונגען וואָס זיי האָבן געהאַט מיט יידן פון אַרומיקע און אפילו פון ווייטע לענדער. אַ געוויסע סאָלידאַרישקייט פון פוילישע יידן צווישנאַנאַנד לגבי די קריסטלעכע קאָנקורענטן אין מסחר האָט אויך פאַרשטאַרקט זייער פּאָזיציע אין קאָנקורענץ־קאַמף. אַזוי, למשל, איז אונז באַקאַנט אַ תקנה פון ליטווישן וועד פון יאָר 1628 (תקנה רי״ג), אַז די יידישע הויפּט־פאַכטער פון צאָל אויף גאַנץ ליטע האָבן זיך מתחייב געווען פאַרן וועד נישט צו נעמען פון יידישע סוחרים מער ווי אַ העלפט פון געזעצלעך באַשטימטן צאָל. פון די איבערגעבליבענע תקנות פון וועד ארבע ארצות און פון פּראָווינציעלע וועדים (גרויספוילן) דרינגט אַרויס, אַז אויך די יידישע פאַכטערס פון צאָל אין קרוינפוילישע פּראָווינצן פלעגן מאַכן צאָל־הנחות פאַר יידישע סוחרים. אַזעלכע הנחות האָבן איבערגעוואויגן די טענות פון אַ טייל יידישע סוחרים, אַז זיי ווילן ליבער האָבן צו טאָן מיט גויישע מוכסים, איידער מיט יידישע. די יידישע מוכסים אַליין פלעגן אויסנוצן זייער פּאָזיציע און אָנפירן אויף אייגענער האַנט אַ ברייט־פאַרצווייגטן האַנדל. גאָר אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דעם וואוקס פון יידישן האַנדל האָט געהאַט בלי ספק די פּראָטעקציע מצד דער מעכטיקער שלאַכטע: יידן, וואָס האָבן אַרויסגעפירט פּראָדוקטן פון פּריצישע גיטער, אָדער אַריינגעפירט סחורות פאַרן געברויך פון דער שלאַכטע, האָבן נישט אָפּגעצאָלט קיין שום צאָל, ווייל די שלאַכטע איז לויטן געזעץ



פּטור געווען פון צאָל. עס פלעגט זיך אויך אָפּט טרעפן, אַז יידן האָבן לויט אָפּמאַכן מיט איינצעלע פּריצים דעקלאַרירט ווי פּריציש־אייגנטום אויך אַזעלכע סחורות, וואָס זיי האָבן געפירט אויף אייגענעם חשבון.

עס איז איבעריק צו באַמערקן, אַז די דאָזיקע יידישע הורט־סוחרים, וואָס האָבן פאַרבונדן פוילן מיט די אַרומיקע לענדער און אַנטוויקלט דעם אויסטויש צווישן די פאַרשידענע ווייטסטע פּראָווינצן פון דער מלוכה, האָבן פאָרגעשטעלט בלויז אַ קליינעם סעקטאָר פון דער גרויסער מאַסע פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט מסחר. קודם־כל איז די צאָל יידישע קרעמערס אין יעדן שטעטל געווען גרעסער איידער די צאָל אָרטיקע יידישע גרויס־סוחרים. דאָס אילוסטרירט אונז אַ ביישפּיל פון דער געשיכטע פון יידן אין פּלאָצק: פון אַלע פּלאָצקער יידן, וואָס זייערע נעמען ווערן דערמאָנט אין די אַקטן פון 16טן יאָרהונדערט, קען פעסטגעשטעלט ווערן בלויז וועגן אַ זעקסטל, אַז זיי האָבן געפירט אַ מסחר אויף אַ גרויסן פאַרנעם! דער ווערט פון די סחורות פון אַ יידיש געוועלבל אין בריסק (פון יצחק איזראַעלעוויטש) איז אָפּגעשאַצט געוואָרן אין יאָר 1557 אין דער הויך פון 30 און אַ פערטל שאָק ליטווישע גראָשן. דערביי האָט דאָס געוועלבל פאַרמאָגט בערך די זעלבע סחורות מיט וועלכע עס פלעגן האַנדלען די גרעסערע סוחרים אויף די ירידים: מיר געפינען דאָרט פון ליטווישע פּראָדוקטן פאַרשידענע מינים פעל, לעדער און האָניק, פון אימפּאָרטירטע סחורות — פאַרשידענע מינים שטאָפן (צווישן זיי אויך מיירישן שטאָף), קליידער, היטלעך, ווי אויך כלים פון קופער און צין. אין פאַרגלייך מיט דעם ווערט פון סחורות וואָס דער קלענסטער יידישער הורט־סוחר פון גראָדנע, שמעון, האָט געפירט פון לובלין אין יאָר 1580 (פגל. אויבן) באַטרעפט דער ווערט פון אַלע סחורות אין אָרטיקן בריסקער געוועלבל אפילו נישט קיין פערטל! פון 16טן יאָרהונדערט ווערן אויך פאַרצייכנט (למשל, אין גראָדנע) אָפטע פאַלן פון יידישע קליינע סוחרים וואָס פלעגן באָרגן אומבאַדייטנדיקע קאַפּיטאַלן אויף מסחר ביי דער שלאַכטע, ביי שטאָטישע באַאַמטע און קריסטלעכע מיעשטשאַנעס און ביי גלחים. די קליינע יידישע סוחרים זיינען אויך געווען פאַרחובעט ביי די יידישע הורט־סוחרים און באַנקירן. מיר הערן אויך אין דער דאָזיקער תקופה וועגן יידישע קליינע סוחרים, וואָס פלעגן נעמען סחורה ביי הורט־סוחרים אין קאָמיסיע.

אויף אַ נידעריקערן סאָציאַלן שטאַפּל, איידער די קרעמער, זיינען געווען יידישע גאַסן־הענדלער, „מאַרק־זיצערס״, באַזונדערס „מאַרק־זיצערקעס״ („פּרשעקופּקעס״), דאָרפס־גייער, וואָס פלעגן איינקויפן אין די דערפער פּראָדוקטן פאַר די יידישע הורט־סוחרים; אויפקויפער („פּירקויפּערס״), וואָס פלעגן

אויפקויפן פּראָדוקטן ביי די פּויערים אויף די וועגן, וואָס האָבן געפירט אין שטאָט אַריין; פּעדלערס און פּעדלערקעס. די פּעדלערס און בפרט די פּעדלערקעס פלעגן אַרומגיין איבער די הייזער און נאָך אָפטער איבער די גאַסט־הייזער מיט קערבלעך און פאַרקויפן לייוונט, געווירצן, זייד און אַנדערע סחורות. שוין אין יאָר 1590 האָט דער וועד ארבע ארצות אַרויסגעגעבן אַן איסור צוליב מאָטיוון פון צניעות קעגן דעם וואָס יידישע פרויען פלעגן אַרומגיין „אין די גאַסן און אין די הייזער פון גוים וואו עס געפינען זיך נישט קיין יידן, אָן אַ געהעריקן שומר״. אין יאָר 1628 האָט אַ תקנה פון ועד מדינת ליטע פאַרבאָטן צוליב די זעלבע מאָטיוון יידישע פרויען אַרומצוגיין מיט זייערע סחורות אין גוישע הייזער אָן דער באַגלייטונג פון צוויי יידן, אַ חתונה געהאַטן און אַ יינגל: עס ווערט דערביי בפירוש דערקלערט, אַז די שמירה מוז באַשטיין פון צוויי מאַנספּאַרשוינען, כדי די פרוי זאָל נישט בלייבן אַליין, אין פאַל אויב זי שיקט אַוועק דאָס יינגל מיט אַ שליחות נאָך באַשטעלטע סחורות. ענלעכע תקנות זיינען שוין דעמאָלט אויך אָנגענומען געוואָרן מצד באַזונדערע יידישע קהילות (לעמבערג, זשאָלקווע). אַז די דאָזיקע תקנות פלעגן נישט אָפּגעהיט ווערן, באַווייזט דער פאַקט, וואָס זיי פלעגן נאָך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט ווערן ביז אין דער אַנדערער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט.

נישט אַזוי ווייט קעגן די יידישע הורט־סוחרים, ווי בעיקר קעגן די יידישע קליינע סוחרים און קרעמער, הענדלער, פּרזשעקופּקעס און פּעדלערקעס זיינען געווענדט די שאַרפסטע אַטאַקעס מצד די שטאָטס־לייט און מצד די שטאָטישע מאַגיסטראַטן. פון זייער קאָנקורענץ האָט מען דאָס געוואָלט פּטור ווערן אין די גזירות קעגן יידישן האַנדל וואָס פלעגן יעדע עטלעכע יאָר באַנייט ווערן דורך אָפּמאַכן מיט דער יידישער קהילה!

גאָר באַדייטנדיק איז אויך דעמאָלט געווען די קאַטעגאָריע יידישע מעקלערס, וואָס האָבן פאַרמיטלט סיי צווישן יידישע סוחרים צווישנאַנאַנד, סיי צווישן יידישע און קריסטלעכע סוחרים. לויט תקנות פון די וועדים און פון די איינצעל קהילות (קראָקע אין יאָר 1595, פּויזן אין 17טן יאָרהונדערט) איז אפילו באַשטימט געוואָרן דער פּראָצענט (בערך פון אַ האַלבן ביז אָנדערטהאַלבן פּראָצענט, לויט דעם סכום פון פאַרקויף) פון ווערט פון דער סחורה וואָס איז געקומען די מעקלערס פאַר זייער פאַרמיטלונג. גרעסערע יידישע קהילות פלעגן אויך שיקן אויף די ירידים ספּעציעלע קהילה־מעקלערס, על פּי רוב שמשים פון בית־דין.

ביי גרויסע יידישע סוחרים פלעגן שוין אין 16טן יאָרהונדערט זיין באַשעפטיקט יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע. לויט די תקנות פון דער יידישער קהילה אין קראָקע פון יאָר 1595, האָט סיי דעם בעל־הבית סיי דעם אָנגעשטעלטן פאַרפליכטעט אַ טערמין פון פיר וואָכן ביים אָפּזאָגן פון דער אַרבעט.

אין שייכות מיטן אויפבלי פון יידישן מסחר איז אַ גרויסע צאָל יידן אַריינגעצויגן געוואָרן אין טראַנספּאָרט און קאָמוניקאַציע: מיר הערן וועגן יידישע בעלי־עגלות וואָס פלעגן פירן סחורות אויף די גרויסע ירידים און אפילו אין ווייטע לענדער, קיין דייטשלאַנד און אין דער וואָלעכיי. אַזעלכע בעלי־עגלות פלעגן געוויינלעך באַשעפטיקן יידישע פאַראָבקעס, וואָס האָבן זיך גערופן „שמייסערס״. צו די דאָזיקע יידישע פורמאַנעס האָט מן הסתם געהאַט אַ שייכות די תקנה פון וועד מדינות ליטע פון יאָר 1637, וואָס לויט איר איז געווען יידן פאַרבאָטן אָנצוטאָן אַ מלבוש, אָנגערופן „פורמאַנקע״ („פור־מנקש״). ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, פלעגן אויך די טראַטוועס אויף דער ווייסל, אָנגעלאָדן מיט סחורות קיין דאַנציק, געטריבן ווערן סיי דורך יידישע, סיי דורך קריסטלעכע שיפערס. אין דער ערשטער העלפט פון 17טען יאָרהונדערט איז שוין אין די דרום־מזרח־קאַנטן פון פוילן (מזרח־גאַליציע, פּאָלעסיע) די אומזיכערקייט אויף די וועגן געווען גאָר געפערלעך: פּריצים פלעגן אַוועקשטעלן אויף זייערע באַזיצונגען ראָגאַטקעס און, אונטערן אויסרייד פון חשבונות פאַר וועג־אָפּצאָלן, באַראַבעווען די פאַרבייפאָרנדיקע יידן. עס פלעגן אויך פאָרקומען געוויינלעכע רויב־אָנפאַלן אויף האַנדל־קאַראַוואַנעס מצד פּריצים באַנדיטן (סטאַדניצקי, דער „טייוול״) וואָס זיינען גאָר נישט געווען ווייניקער אכזריותדיק, איידער די „רויב־ריטער״ אין דער תקופה פון „פויסט־רעכט״ אין מיטלאַלטער. יידישע פורמאַנעס פלעגן פון אַזעלכע נסיעות קוים אַנטרונען ווערן מיטן לעבן...

## ב) קרעדיט

אין אָנהויב פון 16טן יאָרהונדערט הערן מיר נאָך וועגן גרויסע יידישע באַנקירן אין קראָקע — די פאַמיליעס פון די פישלס און טשעכס — און אין רייסן. אין דער זעלבער צייט איז נאָך אַלץ געווען באַדייטנדיק די צאָל יידישע באַנקירן און קליינע וואוכערניקעס אין ליטע. אין דער אַנדערער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט איז אָבער שוין געלט לייען געבליבן די הויפּט־באַשעפטיקונג בלויז פון קליינע יידישע וואוכערניקעס, וואָס האָבן געבאָרגט געלט אויף משכנות, און דער טיפּ פון אַ יידישן באַנקיר וואָס האָט זיך פאַרנומען בעיקר מיט קרעדיט־אָפּעראַציעס, איז געוואָרן גאָר אַ זעלטענע דערשיינונג. די רעכטלעכע לאַגע פון יידן איז געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר וואָס האָט געווירקט אויף דער רעדוקציע פון דער באַשעפטיקונג מיט וואוכער. דאָס אויסלייען געלט אויף היפּאָטעק

פון פריצישע גיטער איז געווען פאַרשוועורט דורך די געזעצן פון סוף מיטלאַלטער. אויך גרויסע הלוואות אויף היפאָטעק פון שטאָטישע הייזער זיינען פאַרשוועורט געוואָרן דורך דער אָרגאַניזאַציאָנעלער שטאַרקונג פון די שטאָטסלייט. עס טרעפן זיך גאָר פאַלן, ווען יידן, וואָס האָבן געבאָרגט געלט אויף משכנות פון הייזער, האָבן זיך געמוזט מתחייב זיין, אַז זיי וועלן דאָס פאַרמשכונטע הויז באַלד פאַרקויפן אַ קריסט. אויף אַזאַ אופן האָבן זיך די מיעשטשאַנעס באַזאָרגט, אַז יידן זאָלן נישט פאַרגרעסערן זייער באַזיץ פון הייזער. נאָך מער איידער די רעכטלעכע באַגרענעצונגען האָט די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון לאַנד גורם געווען, אַז דער יידישער וואוכער זאָל באַגרענעצט ווערן צו אַן אומבאַדייטנדיקער פרנסה. אין שייכות מיט דעם געוואַלטיקן וואוקס פון עקספאָרט פון לאַנדווירטשאַפטלעכע פראָדוקטן האָט זיך די שלאַכטע אַלץ מער באַרייכערט און געשטאַרקט זיך עקאָנאָמיש. די גרויסע און מיטעלע שלאַכטע האָט איצט זעלטענער באַדאַרפט אָנקומען צו יידישע הלוואות, פאַרקערט, זי האָט איצט פאַרמאָגט גרויסע קאַפיטאַלן, וועלכע זי האָט אויסגעבאָרגט איינצעלע יידן און גאַנצע יידישע קהילות אויף פראָצענטן. פון דער אַנדערער זייט, האָבן יידן אין זייער ברייט־פאַרמאָסטענעם האַנדל און אין זייערע אַרענדע־געשעפטן זיך אַליין גענויטיקט אין קאַפיטאַלן און געבאָרגט געלטער ביי פריצים, גלחים און יעזואיטן, פונקט ווי ביי יידישע קאַפיטאַליסטן. אויך צום סוף 16טן און אין 17טן יאָרהונדערט טרעפן זיך נאָך גרויסע יידישע באַנקירן, ווי, למשל, די פאַמיליע נחמנאָוויטש אין לעמבערג, וואָס פאַרנעמען זיך מיט קרעדיט־געשעפטן. די זעלבע באַנקירן פאַרנעמען זיך אָבער בעיקר מיט מסחר אָדער מיט אַרענדעס פון מלוכהשע הכנסות און פון פריצישע גיטער, אָדער מיט ביידע צוזאַמען. נאָך וויכטיקער איז וואָס די זעלבע באַנקירן־אַרענדאַרן און באַנקירן־סוחרים באַנוצן אַליין על פי רוב קאַפיטאַלן וואָס זיי האָבן אויסגעבאָרגט אויף א קלענערן פראָצענט ביי פריצים און גלחים. די ראָלן האָבן זיך לחלוטין געביטן: אין מיטלאַלטערלעכן פוילן האָבן יידן פאַרזאָרגט די פריצים און קריסטלעכע סוחרים מיט קאַפיטאַלן, וואָס זיינען געווען נויטיק פאַר הויבן די לאַנדווירטשאַפט און אַנטוויקלען דעם מסחר. אין די ערשטע יאָרהונדערטער פון דער נייצייט זיינען שוין יידן בדרך כלל די בעלי־חובות פון דער שלאַכטע, פון קלער און טיילווייז אפילו פון פאַטריציאַט, בפרט פון דאַנציקער און שקאָטישע סוחרים.

די געענדערטע לאַגע אויפן געביט פון קרעדיט ווערט קלאָר אילוסטרירט אויך דורך די ווייטערדיקע פאַקטן: עס אַנטוויקלט זיך ביי יידן אַ ספעציעלער באַרוף פון מעקלערס פון הלוואות, און תקנות פון קהילות (פויזן, קראָקע) באַשטימען דעם פראָצענט, וואָס אַזעלכע מעקלערס דאַרפן נעמען, לויט דער גרויס פון געבאָרגטן קאַפיטאַל. די תקנות פון דער ערשטער אסיפה פון וועד מדינת ליטא, אין יאָר 1623, באַהאַנדלען שוין אין עטלעכע פאַראַגראַפן די פראַגע פון הלוואות וואָס ווערן געמאַכט ביי פריצים אָדער קריסטלעכע סוחרים סיי דורך איינצעלע יידן, סיי דורך קהילות: אויף די מנהיגים פון דער קהילה ווערט אַרויפגעלייגט אַ פליכט צו וואָרענען דעם פריץ אָדער גוישן סוחר קעגן אַ ייד, וואָס באָרגט ביי זיי געלט אָדער סחורה און האָט לכתחילה נישט בדעה צו באַצאָלן; אַ ייד וואָס פאַרמשכונט פאַרן חוב זיין ווייב אָדער די קינדער, ווערט באַדראָט מיט אַ חרם; די קהילות ווערן געוואָרנט, אַז זיי זאָלן נישט מאַכן קיין חובות, סיידן אין נויט־פאַלן און בלויז מיטן תנאי, אַז דער חוב וועט געדעקט ווערן אין משך פון אַ יאָר. אין יאָר 1628 האָט דער וועד פון ליטע בפירוש געאסרט צו מאַכן הלוואות ביי אַ פריץ אָדער ביי אַן אַנדערן גוי אָן דעם הסכם פון ראש בית־דין און פון איין פרנס, אָדער פון צוויי פרנסים. אַ תקנה פון וועד ד׳ ארצות פון דער זעלבער צייט מאָלט די פאַרחובונג פון די קהילות ווי אַ קאַטאַסטראָפע. די קהילה איז שוין צו יענער צייט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די חובות פון אירע מיטגלידער.

נישט געקוקט דערויף וואָס די ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט פון יידן איז געווען אָפהענגיק בעיקר פון קרעדיט ביי נישט־יידן, פריצים, גלחים און מאָנאַכן, האָבן זיך אין דער דאָזיקער תקופה אויך שטאַרק אַנטוויקלט די קרעדיט־געשעפטן צווישן יידן גופא. נישט בלויז סחורות פלעגן אָפט גענומען ווערן אויף קרעדיט, נאָר אויך קאַפיטאַלן, וואָס זיינען נויטיק געווען צום האַנדל אָדער צו אַנדערע געשעפטן, פלעגן אויסגעבאָרגט ווערן אויף פראָצענט. דאָס איז פאָרגעקומען אין היפך צו דעם בפירושן איסור פון דער תורה (שמות כ״ב, 25; ויקרא כ״ה, 36; דברים כ״ג, 20—21) לויט וועלכן עס איז געווען פאַרבאָטן צו לייען אַ יידן געלט אויף פראָצענטן. כדי צו געבן אַ היתר אויף דער פאַרשפרייטער פראַקטיק, וואָס איז אַרויסגעדרונגען פון די באַדערפענישן פון עקאָנאָמישן לעבן, האָט דער לעמבערגער רב יהושע פאלק כוהן אין אָנהויב פון 17טן יאָרהונדערט מתקן געווען אַ תקנה וואָס האָט זיך גערופן היתר עיסקא (היתר צוליב געשעפט): עס איז דערלויבט געוואָרן צו נעמען פראָצענטער, אויב דאָס געלט איז אויסגעבאָרגט געוואָרן פאַר געשעפט־צוועקן. דער מלווה ווערט באַטראַכט אין אַזאַ פאַל פאַר אַ שותף צום געשעפט פונם לווה. דאָס שותפות דאַרף פאָרמעל געשלאָסן ווערן דורכדעם, וואָס דער מלווה גיט צו דעם לווה איין גראָשן און ווינטשט זיך און אים גוטע געשעפטן... די דאָזיקע תקנה פון יהושע פאלק כוהן (אָנגערופן דער „סמ׳ע״, לויט די ראשי תיבות פון זיין חיבור

אויף דעם חושן משפט, „ספר מאירת עינים") איז אין יאָר 1607 באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם וועד ארבע ארצות, קעגן דער אָפּאָזיציע פון אַ טייל דעמאָלטיקע אָנגעזעענע רבנים.

דער וואוכער צווישן יידן האָט שוין צו יענער צייט אָנגענומען אַזאַ אויסטערלישן פאַרנעם, אַז תקנות פון איינצעלנע קהילות און די וועדים פון די מדינות פוילן און ליטע האָבן געמוזט אָננעמען מיטלען כדי צו פאַרהיטן אַ ווירטשאַפטלעכן צוזאַמענברוך. די פויזנער קהילה האָט אין יאָר 1628 באַשטימט דעם מאַקסימאַלן פראָצענט פון הלוואות פאַר יידן אין דער הויך פון 25%, אין שפּעטערע יאָרן פון 22 ביז 50% אָפּהענגיק דערפון צי די הלוואה איז געווען אויף אַ לאַנגן, אָדער אויף אַ קורצן טערמין. אין יאָר 1667 האָט דער וועד מדינת ליטא באַשטימט די הויך פון דערלויבטן פראָצענט פון יידישע (און קריסטלעכע) הלוואות 52% (איין פראָצענט אַ וואָך) מיט דעם מאָטיוו, אַז די פראָצענטן וואָס יידן פלעגן נעמען איינער פון צווייטן זיינען אַזוי הויך, אַז פאַר דעם לווה בלייבט נישט קיין שום ריווח פון געבאָרגטן קאַפּיטאַל. די דאָזיקע תקנה האָט, ווייזט אויס, נישט קיין סך געהאָלפן, אויב אין יאָר 1670 האָט דער וועד מדינת ליטא נאָכאַמאָל מתקן געווען אַ תקנה וועגן וואוכער: אין דער תקנה ווערט אָנגעוויזן, אַז די פראָצענטער „פרעסן אויף די בעלי־חובות אַזוי ווייט, אַז זיי קענען עס נישט אויסהאַלטן" און די קהילות ווערט איבערגעגעבן, זיי זאָלן איינשטעלן אַזעלכע נאָרמעס פון פראָצענטער, אַז די באַפעלקערונג זאָל זיי קענען נאָכקומען. אין יאָר 1673 האָט אויך דער וועד פון פוילן (וועד ד' ארצות) אָנגענומען אַ תקנה וואָס האָט פעסטגעשטעלט דעם מאַקסימאַלן פראָצענט פון סוחרישע הלוואות אויף 30%.

דער טייערער קרעדיט איז געווען איינע פון די הויפּט־סיבות וואָס האָבן גורם געווען די אָפטע פאַלן פון באַנקראָטן פון יידישע סוחרים. דער וועד מדינת ליטא האָט שוין אין יאָר 1623 אָנגענומען תקנות קעגן „בורחים", ד. ה. „אַנטלאָפענע", באַנקראָטירער. דער וועד ד' ארצות האָט אין יאָר 1624 אָנגענומען וועגן באַנקראָטירער אַן אויספירלעך געזעץ, וואָס איז באַשטאַנען פון 38 פאַראַגראַפן. די סאַנקציעס זיינען געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז פאַר נישט באַצאָלן אַ וועקסל, וואָס איז אויסגעשטעלט געוואָרן אויף אַ באַשטימטן טערמין פון אַ יריד, איז פאָראויסגעזען געוואָרן די שטראָף פון חרם. צווישן אַנדערע איז אויך באַשטימט געוואָרן, אַז אַ יונגערמאַן ביז צוויי יאָר נאָך דער חתונה, אָדער יינגער ווי 25 יאָר, טאָר ניט אויסשטעלן קיין וועקסל. אויך די תקנות קעגן באַנקראָטירן זיינען איבערגעחזרט געוואָרן דורך ביידע וועדים פון פוילן און ליטע אין די שפּעטערדיקע יאָרן, וואָס באַווייזט, אַז די פלאָג פון באַנקראָטן האָט לחלוטין נישט אויפגעהערט.

### ג) מוכסים און פאַכטער פון אַנדערע מלוכה־הכנסות

די פאַכט פון מלוכהשע הכנסות דורך יידן איז שוין אין 16טן יאָרהונדערט געוואָרן אַ זעלטענע דערשיינונג אין מערב־טייל פון קרוינפוילן, אין גרויס־פוילן, אין קליינפוילן און מאַזאָוויע. שוין אין יאָר 1505 האָט די שלאַכטע אויפן סיים אין ראַדאָם פאַרבאָטן יידן צו נעמען אין פאַכט דעם צאָל און אַנדערע מלוכהשע הכנסות. דער דאָזיקער פאַרבאָט איז איבערגעחזרט געוואָרן אויף עטלעכע סיימען אין משך פון 16טן יאָרהונדערט. אין דער פּראַקטיק האָבן אָבער די דאָזיקע פאַרבאָטן בלויז געהאַט אַ פעולה אין דעם מערב־טייל פון פוילן, וואו די שלאַכטע האָט די דאָזיקע הכנסות כמעט מאָנאָפּאָליזירט אין אירע הענט. ווען דער וועד ארבע ארצות האָט אין יאָר 1580 אַרויפגעלייגט אַ חרם אויף יידן, וואָס וועלן אַנטקעגן דעם געזעץ נעמען די פאַכט פון צאָל, פון דער מינץ, זאַלץ־גרובן און אַנדערע מלוכה הכנסות, איז דער חרם בפירוש געווען חל נאָר אויף די פראָווינצן פון גרויס־פוילן, קליינפוילן און מאַזאָוויע. אין דעם דאָזיקן טייל פון פוילן האָבן יידן זינט דעמאָלט על פי רוב אַרענדירט בלויז אומבאַדייטנדיקע עפנטלעכע הכנסות, ווי פראָווינץ־צאָלן, מאַרק־אָפּצאָל, אָפּצאָל פון משקאות, און אויך אין די דאָזיקע פאַלן זיינען זיי געווען נישט קיין דירעקטע פאַכטער, נאָר אונטערפאַכטער פון מאַגנאַטן און פון קיניגלעכע באַאַמטע. זעלטענער זיינען אין די דאָזיקע פראָווינצן געווען פאַלן וואו יידן האָבן אַרענדירט דעם הויפּט־צאָל פון אַריינגעפירטע סחורות. אַז אַזעלכע פאַלן פלעגן דאָך פאָרקומען נישט געקוקט אויף דער דערמאָנטער תקנה פון וועד ארבע ארצות, באַווייזן שפּעטערדיקע תקנות פון דעם דאָזיקן וועד גופא, ווי אויך תקנות פון פראָווינציעלן וועד פון גרויספוילן. אַזוי ווערט דערמאָנט אין אַ תקנה פון וועד ארבע ארצות פון יאָר 1595 דער מוכס מענדל פרנס. אין דער זעלבער צייט (1597) פאַרנעמען זיך עטלעכע תקנות פון דעם דאָזיקן וועד מיט אָנקלאָגעס מצד יידישע קהילות (פויזן) קעגן מוכס שלמה בן מרדכי פון גנעזן, דערפאַר וואָס ער נעמט אַ העכערן צאָל, איידער עס קומט לויטן אַלטן מנהג. אויך אין שפּעטערדיקע צייטן האָט געהערט צו די פונקציעס פון די מנהיגי־מדינה פון גליל גרויספוילן די קאָנטראָל איבער די יידישע מוכסים בנוגע דעם צאָל וואָס איז זיי דערלויבט צו נעמען פון יידן.

אַנדערש איז געווען די לאַגע אין ליטע און אין די רייסישע דרום־מזרח־געביטן פון דער מלוכה. אויך אין ליטע האָט אין דער אַנדערער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט (1569) די שלאַכטע אָנגענומען אַ באַ־

שלוס, וואָס האָט אויסשליסלעך פאַר איר רעזערווירט די פאַכט פון מלוכה־הכנסות. דאָך האָט מען אין דעם דאָזיקן ווירטשאַפטלעך אָפּגעשטאַנענעם טייל פון דער מלוכה אויך אין דער אַדמיניסטראַציע פון מלוכה־הכנסות זיך נישט געקענט באַגיין אָן יידישע קאַפּי־טאַלן און אָן דעם אונטערנעמערישן גייסט פון יידן. אין דער ערשטער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט פאַר־נעמען יידן דעם אויבן אָן אין דער פאַכט פון ליטווישע מלוכה־הכנסות. צום סוף פון 16טן און אין 17טן יאָרהונדערט איז שוין די ראָלע פון יידן אויף דעם דאָזיקן געביט אויך אין ליטע געוואָרן באַדייטנדיק קלענער, אָבער זיי זיינען נאָך אַלץ געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער פאַרוואַלטונג פון מלוכה־פינאַנצן.

אין דער ערשטער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט זיינען יידן געווען די הויפּט־פאַכטערס פון צאָל אויף גאַנץ ליטע. די וויכטיקסטע מוכסים זיינען געווען די ברידער גבירים עזאָפּאָוויטש (יוספאָוויטש) פון בריסק. אברהם עזאָפּאָוויטש האָט אין שייכות מיט זיין צאָל־פאַכט דערגרייכט די שטעלע פון ליטווישן פינאַנץ־מיניסטער („פּאדסקארבי") נאָכדעם ווי ער האָט זיך געשמדט. זיין ברודער מיכאל עזאָפּאָוויטש און טיילווייז אויך דער צווייטער ברודער יצחק האָבן געפאַכט די וויכטיקסטע צאָל־קאַמערן אין ליטע. אברהם עזאָפּאָוויטש האָט אויך אַ געוויסע צייט גע־האַלטן אין פאַכט די שטייערן פון אַלע ליטווישע יידן. שפּעטער האָבן די יידישע גבירים פון גראָדנע (יהודה באָגדאַנאָוויטש) געהאַלטן אין פאַכט אַלע וויכטיקסטע צאָל־קאַמערן. איינצעלע צאָל־געביטן, ווי, למשל, דעם צאָל־ראַיאָן פון טראָק האָבן אַרענדירט יידן פון טיק־טין. אין אָנהויב פון דער אַנדערער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט, אין די צייטן פון קיניג זיגמונט אויגוסט, האָבן אַ ריי יידישע באַנקירן פון בריסק, בער יצחק בראָדאווקא און מענדל איזאַקאָוויטש, געפאַכט די וויכ־טיקסטע ליטווישע צאָל־קאַמערן. די זעלבע צוויי יידישע פינאַנץ־מאַגנאַטן האָבן אויך געפאַכט די מינץ פון ליטווישן גרויס־פירשטנטום. אַ גאַנצע ריי קלע־נערע יידישע מוכסים, אַ טייל פון זיי באַנקירן פון קראָקע האָבן געפאַכט איינצעלע צאָל־קאַמערן אָדער וועג־אָפּצאָלן. אַזוי האָט, למשל, דער יידישער גאָלד־שמיד פון קראָקע און קיניגלעכער ליוועראַנט פעליקס געפאַכט דעם וועג־אָפּצאָל אין די ראַיאָנען פון פּאָלאָצק און וויטעבסק און ווייטן ווייסרוסלאַנד. דער רוב פון די יידישע מוכסים אין יענער צייט האָבן געפירט זייערע געשעפטן בשותפות מיט קריסטן. אויך אין 17טן יאָרהונדערט איז די פאַכט פון צאָל אין ליטע נאָך אַלץ פאַרנומען בעיקר דורך יידן. אין יאָר 1627 באַשטעטיקט דער וועד מדינת ליטא דעם אָפּמאַך מיט די יידישע מוכסים פון בריסק משה בן אליעזר און זיינע צוויי זין ישעיה און אליעזר: די דאָזיקע דריי יידן און זייערע שותפים האָבן די חזקה אויף דער פאַכט פון אַלטן צאָל (אויף דער גרענעץ פון פּראָ־ווינצן) און פון אַזוי גערופענעם „נייעם צאָל" („פּאָ־באָר") וואָס איז געהאַט איינגעפירט געוואָרן אין יאָר 1501 ווי אַן אָפּצאָל פון עקספּאָרטירטע סחורות. אַ ייד וואָס וועט פרואוון אויסדינגען דעם דאָזיקן צאָל פון די דערמאָנטע שותפים, וועט אַריינגעלייגט ווערן אין חרם. די דריי שותפים פאַרפליכטן זיך דערפאַר צו געבן אַ הלוואה דעם וועד אין דער גרויס פון 5500 גילדן. אַ יאָר שפּעטער האָבן זיך די דריי מוכסים פאַרפליכטעט אַחוץ דער דאָזיקער הלוואה צו געבן אין משך פון דריי יאָר אַ נדבה פאַר די דריי הויפּט־קהילות אין ליטע — בריסק, גראָדנע און פּינסק — אין סך־הכל 2100 גילדן אַ יאָר. די גרויס פון דער דאָ־זיקער „נדבה" באַווייזט, וואָס פאַר אַ ריזיקע סומעס עס האָט אַריינגעבראַכט די פאַכט פון צאָל. די זעלבע מוכסים האָבן אין משך פון לאַנגע יאָרן געהאַט די חזקה אויף דער פאַכט פון צאָל פון גאַנץ ליטע: נאָך אין יאָר 1639 באַשטעטיקט דער וועד מדינת ליטא די חזקה פון די דריי שותפים אויף דער פאַכט פון אַלטן צאָל ביז 1643 און אויף דער פאַכט פון נייעם צאָל ביז צו אַ נייעם באַשלוס.

די פאַכט פון „מויט" („מיטאָ"), אַן אָפּצאָל, וואָס פלעגט אויפגעמאָנט ווערן פונקט ווי צאָל אויף שייד־וועגן, בריקן, ביים אַריינפאָר אין אַ שטאָט אָדער אין אַ פּראָווינץ, האָבן יידן אין ליטע כמעט פולשטענדיק באַהערשט. פון זעקס אַרענדע־קאָנטראַקטן אויסשליס־לעך וועגן מויט, וואָס זיינען געשלאָסן געוואָרן מיטן פירשט ליעוו סאַפּיעהא אויף דער שוועל פון 16טן און 17טן יאָרהונדערט, זיינען אין פינף פאַלן די אַרענדאַרן געווען יידן און אין איין פאַל אַ שלאַכטשיץ. דער דאָזיקער שלאַכטשיץ האָט אָבער געהאַט דאָס „אַלטע מויט" פון גאַנצן גרויס־פירשטנטום ליטע און עס איז דערפאַר אַ סברא, אַז ער אַליין האָט זיך באַדינט מיט יידישע אונטערפאַכטער פאַר באַזונדערע דיסטריקטן. יידן פון בריסק, פּינסק, וויטעבסק און מאָהילעוו האָבן געפאַכט דאָס מויט אין פּינסק, בריסק, מינסק, סלאָ־נים, פּאָלאָצק, וויטעבסק, באָברויסק, מאָזיר, אָרשע און מאָהילעוו. פאַר דער פאַכט פון מויט אין פּאָלאָצק, וויטעבסק און דינאַבורג האָט דער יידישער אַרענדאַר יעקב איליניטש פון וויטעבסק באַצאָלט ניין טויזנט שאָק ליטווישע גראָשן, ד. ה. 23 טויזנט פּוילישע גילדן פאַר דריי יאָר. די אַנדערע אַרענדעס פון מויט האָבן באַטראָפן בערך אַ דריטל, אָדער אַ פערטל פון דער דאָזיקער סומע, ד. ה. נאָך אַלץ ריזיקע סומעס לויט יענער צייט.

די צווייטע וויכטיקסטע מלוכה־הכנסה וואָס יידן אין ליטע האָבן כמעט מאָנאָפּאָליזירט, איז געווען „טשאָפּאָווע", דער אָפּצאָל פון משקאות. אַ גאַנצע ריי תקנות פון וועד מדינת ליטא באַהאַנדלען די פראַגע פון אַרענדע פון דעם דאָזיקן אָפּצאָל. פון אַ תקנה פון

יאָר 1632 ווערן מיר געוואָר, אַז יידן פלעגן אַרענדירן טשאָפּאָווע פון גאַנץ ליטע און פאַרדינגען ווייטער אונטערפּאַכטערס דאָס טשאָפּאָווע פון איינצעלע פּאָוויאַטן. די אונטערפּאַכטערס פון פּאָוויאַטן פלעגן ווידער אין איינצעלע שטעט איבערגעבן די פּאַכט דער קהילה־פאַרוואַלטונג. די אַרענדאַרן פון טשאָפּאָווע זיינען געווען מחוייב לויט אַ תקנה פון יאָר 1649 אָפּצוגעבן 4% פון זייער הכנסה פון דער פּאַכט לטובת דעם וועד פון דער מדינה ליטע. פונקט ווי די פּאַכטער פון צאָל זיינען געווען מחוייב לויט דער תקנה פון וועד צו מאַכן הנחות אין אָפּצאָל פאַר יידישע סוחרים (לכתחילה אַ דריטל, דערנאָך אַ העלפט), אַזוי האָבן אויך די אונטערפּאַכטערס פון טשאָפּאָווע לויט די תקנות געדאַרפט נעמען פון יידישע שענקערס בערך מיט אַ פערטל ווייניקער אָפּצאָל, איידער פון נישט־יידישע. אין יאָר 1652 האָט דער וועד פון ליטע מתקן געווען, אַז די אונטערפּאַכטערס פון טשאָפּאָווע האָבן אַ רעכט צו מאַכן אַ הנחה פאַר יידישע שענקערס קלענער ווי אַ פערטל בלויז אין די מקומות, וואו עס האָט זיך שוין פריער איינגעשטעלט אַ מנהג, אַז די הנחה באַטרעפט נישט קיין פערטל.

אַ וויכטיקער מאָנאָפּאָל אין ליטע וואָס פלעגט בעיקר אין 16טן יאָרהונדערט און טיילווייז אויך אין 17טן יאָרהונדערט געפּאַכט ווערן דורך יידן איז געווען דער זאַלץ־מאָנאָפּאָל. אין יאָר 1571 האָט אַ בריסקער מוכס יצחק בן שלמה („סלאָמיטש") געפּאַכט זאַלץ־זשופּעס אין ליטע. יידן האָבן אויך אין יענער צייט אַרענדירט דעם מאָנאָפּאָל אויף זאַלץ־פאַרקויף אין איינצעלע שטעט און פּאָוויאַטן. אין 16טן און אין 17טן יאָרהונדערט האָבן אויך יידן געפּאַכט אין אַלע געגנטן פון ליטע דעם וועג־אָפּצאָל, בריק־אָפּצאָל און זייער אָפט אויך אַנדערע מלוכהשע הכנסות, ווי צינזן פון מלוכהשע וועלדער און פעלדער, אָפּצאָלן פון פישפאַנג און מלוכהשע גיטער, שטייערן פון שטעטלעך, אָפּצאָלן פון וואַקס, פון דער שטאָטישער וואָג, פון יריד, פון פאַרקויף אויפן מאַרק א. אַ. אויך די הכנסות פון קהילות פון זייערע אַרענדעס, ווי טשאָפּאָווע אָדער פון זייער חלק אין שטאָטישע הכנסות, פלעגן איבערגעגעבן ווערן אין אַרענדע רייכע יידישע גבירים.

די גרויסע פּאַכטער פון מלוכה־הכנסות פלעגן אָפט פאַראייניקן אין זייערע הענט די פּאַכט פון עטלעכע מלוכה־הכנסות צוזאַמען אָדער פון אַלע וויכטיקסטע מלוכה־הכנסות פון אַ גאַנצן געביט. אַזאַ מוכס ווי ברוך נחמנאָוויטש פון פּינסק האָט אין יאָר 1640 פאַר דער אַרענדע פון משקאות־מאָנאָפּאָל און אַנדערע מאָנאָפּאָלען אין שטעטלעך און מלוכהשע גיטער אָפּגעצאָלט לטובת דער מלוכה העכער 30 טויזנט גילדן. די מוכסים פלעגן אויך על פי רוב פירן גרויסע האַנדלס־געשעפטן און באָרגן געלט אויף פּראָצענטער.

אויך אין דרום־מזרח־פוילן בעיקר אין רייסן (מזרח־גאַליציע) פלעגן יידן אין 16טן און אין 17טן יאָרהונדערט האַלטן אין פּאַכט וויכטיקע מלוכה־הכנסות. אין 16טן יאָרהונדערט האָבן גרויסע יידישע גבירים פון קראָקע (די ספרדישע פאַמיליע קאַלאַהאָראָס), פון לעמבערג (דער גביר יצחק נחמנאָוויטש), פון לובלין (דר. יצחק מאַי) און פון בריסק (יצחק בראַדאַווקאַ, דוד שמערלאָוויטש און דיין דון שמורל) געהאַלטן אין פּאַכט די וויכטיקסטע זאַלץ־זשופּעס אין רויט־רייסן (דראָהאָביטש, דעלאַטין א. אַ.). די פּאַכט פון צאָל אויף די וויכטיקסטע צאָל־קאַמערן פון רייסן און מאַזאָוויע האָט אין 16טן און אין 17טן יאָרהונדערט נישט געקוקט אויף די געזעצלעכע פאַרבאָטן געהערט צו יידן און אַרמעניער („אַרמיאַנער"). דער פאַקט, וואָס די אַרמענישע סוחרים זיינען געווען אין יענער פּראָווינץ שטאַרק באַטייליקט אין דער צאָל־פּאַכט, האָט ממילא אויך פאַר יידן לייכטער געמאַכט איבערצוטרעטן דאָס געזעץ. דער אָפּצאָל טשאָפּאָווע פלעגט אין רייסן אין 16טן און אין 17טן יאָרהונדערט געפּאַכט ווערן כמעט אויסשליסלעך דורך יידן, אָדער דורך יידן שותפות מיט פּריצים, סיי אין פאַרנעם פון גאַנצע געביטן, סיי אין איינצעלע שטעט. אפילו אין דער שטאָט לעמבערג גופא האָבן יידן אין 16טן יאָרהונדערט און אין דער ערשטער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט (יצחק נחמנאָוויטש, דער יינגערער) געהאַלטן אין פּאַכט די דאָזיקע הכנסה. אין פּאָדאָליע האָבן יידן צו יענער צייט אויך געפּאַכט געוויסע מלוכה־שטייערן. אויך די שטאָט־פאַרוואַלטונגען פלעגן איבערגעבן יידן די פּאַכט פון געוויסע שטאָט־מאָנאָפּאָלן. אין דער צווייטער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט זיינען מאָנאָפּאָלן פון דער שטאָט דראָהאָביטש, ווי אַרענדע פון בראַנפן, פון זאַלץ־קאָכן און פון אַריינפירן האָלץ און בוימאַטעריאַל אַלע יאָר געווען פאַרדונגען יידישע פּאַכטער. אין לובאָמלע (כעלמער לאַנד) האָט אין דער ערשטער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט שמואל אַראָנאָוויטש געפּאַכט די אַרענדע פון בראַנפן און אַנדערע שטאָטישע הכנסות. אין יאָר 1611 האָט אַ קיניגלעכער דעקרעט פאַרלענגערט זיין פּאַכט אויף ווייטערדיקע 20 יאָר; דער אַרענדאַר פון בראַנפן אין רובישויוו (הרובעשאָוו, אויך אין כעלמער לאַנד), אברהם האָט אין יאָר 1518 אויף דער בקשה פון דער שטאָט באַקומען דאָס רעכט צו האַלטן די דאָזיקע אַרענדע אויפן גאַנצן לעבן. סיי אין רובישויוו סיי אין אַנדערע שטעט, ווי קאַמיענעץ פּאָדאָלסק, איז די שטאָטישע אַרענדע פון בראַנפן איבערגעגעבן געוואָרן יידן מיט דער בפירושער באַגרינדונג, אַז אַ טייל פון זייער הכנסה דאַרף פאַרווענדט ווערן אויף באַפעסטיקן די שטאָט.

די פּאַכט פון מלוכהשע הכנסות אין דעם מזרח־טייל פון פוילן האָט געגעבן באַשעפטיקונג נישט נאָר אַ קליינער גרופּע יידישע גבירים. פונקט ווי ביי

טשאַפּאָווע, וואו דירעקטע אַרענדאַרן פלעגן פאַרדינ־
גען דעם מאָנאָפּאָל אויף איינצעלע געביטן, שטעט און
שטעטלעך צו אונטערפּאַכטערס, אַזוי איז אויך געווען
מיט דער אַרענדע פון צאָל, מויט, וועג־אָפּצאָל, בריק־
אָפּצאָל א. אַ. וו. ביי דער אַרענדע פון צאָל זיינען אַחוץ
אונטערפּאַכטערס אויך געווען באַשעפטיקט אין אַ
גרויסער צאָל יידישע צאָל־באַאַמטע, וועלכע האָבן זיך
גערופן „שרייבערס". די באַשעפטיקונג פון צאָל־
שרייבערס איז אין ליטע נאָך אין 17טן יאָרהונדערט
געווען אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט, אַז תקנות פון וועד
ליטע פון די יאָרן 1623, 1627 (תקנות פ"ו, קכ"ד)
באַשטימען דאָס רעכט פון חזקה אויף דער דאַזיקער
פּרנסה אין שייכות מיט דער חזקה אויף דער צאָל־
פּאַכט. אויך אין רייסן פלעגן די שרייבערס פון די
צאָל־קאַמערן אין 17טן יאָרהונדערט זיין יידן. נישט
נאָר די יידישע צאָל־פּאַכטער, נאָר אפילו די מאַגנאַטן
וואָס האָבן גענומען אין פּאַכט ביי דער מלוכה דעם
צאָל פון גאַנצע פּראָווינצן, פלעגן זיך באַדינען מיט
יידישע אונטערפּאַכטערס און מיט יידישע צאָל־שריי־
בערס. דעם צאָל פון פּאָדלאַשע, וואָלין און אוקראַינע
האָט געהאַלטן אין פּאַכט פון יאָר 1569 ביז 1581 דער
קראַקעווער וואָיעוואָדע פּיאָטר זבאָראָווסקי. אַלע איינ־
צעלע צאָל־קאַמערן אין פּאָדלאַשע זיינען סיי ביים
לעבן פון דעם דאַזיקן מאַגנאַט, סיי אויך שפּעטער,
געווען באַזעצט דורך יידישע שרייבערס. אויף עטלעכע
צאָל־קאַמערן (ווי בעלסק, לוקאָוו, סוראַזש) זיינען גע־
זעסן בלויז יידישע שרייבערס, אויף אַנדערע (טיקטין,
ליוו) זיינען געווען באַזעצט אַ יידישער מיט אַ קריסט־
לעכן שרייבער צוזאַמען. אין דער זעלבער פּראָווינץ
פלעגן יידן אויך זיין די הויפּט־פאַרוואַלטערס פון צאָל
און פאַרטרעטערשאַפט פון מאַגנאַט. ביים לעבן פון
מאַגנאַט זבאָראָווסקי האָט אַ ייד פון ווילנע מיטן
נאָמען אברהם געהאַט די דעה ביים באַזעצן מיט
שרייבערס די צאָל־קאַמערן פון פּאָדלאַשע. נאָכן טויט
פון זבאָראָווסקין איז דער שרייבער פון לוקאָווער
צאָל־קאַמער, יעקב לעווקאָוויטש, אַרומגעפאָרן אין
שליחות פון צאָל־פאַרוואַלטער, זיין פריץ קאָנצקי, כדי
צו באַזעצן די איינצעלע צאָל־קאַמערן. פּונקט ווי אין
פּאָדלאַשע פלעגן אויך אין ליטע די מאַגנאַטן באַזעצן
די צאָל־קאַמערן מיט יידישע באַאַמטע. אין יאָר 1602
האָבן צווישן אַנדערע זעקס קאַמערן פון „אַלטן מויט"
אין ליטע, דהיינו נאָוואָהראָדעק, לאַכאָוויץ, מינסק,
וויטעבסק, דזשיסנע און פּאָלאָצק געהערט צום פירשט
לעוו סאַפּיעהא. פון די דאַזיקע זעקס קאַמערן קען
מען וועגן דריי באַשטימט פעסטשטעלן, אַז זיי זיינען
געווען פאַרוואַלטעט דורך יידישע שרייבערס; אַ פער־
טע קאַמער איז געווען באַזעצט דורך צוויי שרייבערס,
פון וועלכע איינער איז, ווי עס ווייזט אויס לויטן נאָמען,
מסתמא געווען אַ ייד.

צאָל־רעגיסטערס, וואָס האָבן זיך אויפגעהיט אין



פוילישן מלוכהשן הויפּט־אַרכיוו אין וואַרשע, באַווייזן,
אַז די יידישע שרייבערס פון צאָל אין פּאָדלאַשע פלעגן
פירן די צאָל־ביכער אויף העברעאיש, אָדער אויף
יידיש. אָדער אין ביידע שפּראַכן געמישט. אויך אין
רייסן הערן מיר אין יאָר 1614, אַז די יידישע צאָל־
שרייבערס פלעגן אויסשטעלן אין העברעאישן כתב
קבלות פון צאָל אפילו פאַר קריסטלעכע סוחרים. נישט
אַנדערש איז, אַ סברא, געווען אין דעם פּרט די לאַגע
אין אַנדערע פּראָווינצן, ווי ליטע, וואָלין און אוקראַינע.
וועגן די יידישע צאָל־שרייבערס פון פּאָדלאַשע ווייסן
מיר פון די אַקטן, אַז זיי פלעגן באַקומען אַ שטענדיק
וועכנטלעך געהאַלט (איין גילדן ביז אַנדערטהאַלבן
גילדן אַ וואָך) אַחוץ הוצאות אויף משרתים, אויף דער
וואָך, אויף האָלץ, טינט, פּאַפּיר א. אַ. וו.

## ד) די אַרענדעס פון פּריצישע הכנסות

די שטאַרק אַנטוויקלטע קאָמערציאַליזאַציע פון
די פּריצישע גיטער אין שייכות מיט דעם וואוקס פון
עקספּאָרט פון לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן און
באַזונדערס אין פאַרבינדונג מיט דער אַנטשטייאונג
פון אַ באַדייטנדיקער משקאות־אינדוסטריע האָט שוין
אין 16טן יאָרהונדערט און באַזונדערס אין 17טן יאָר־
הונדערט אַריינגעצויגן אַ גרויסע צאָל יידן אין דער
אַרענדע פון פּריצישע הכנסות. די אַרענדעס זיינען
געווען לרוב פאַרשפּרייט אין דרום־מזרח־טייל פון
קרוינפּוילן, אין די לענדער וואָלין, רייסן (מזרח־גאַ־
ליציע), פּאָדאָליע און אוקראַינע און אין די מזרח־
געביטן פון דער מלוכה, אין ליטע. איינע פון די
סיבות, וואָס די אַרענדע האָט זיך פאַרשפּרייט דווקא
אין די דאַזיקע מזרח־געביטן, איז געווען די זעלבע,
וואָס איז שוין געהאַט דערמאָנט געוואָרן אין שייכות
מיט דער יידישער פּאַכט פון צאָל און פון אַנדערע
מלוכהשע הכנסות: אין די מזרח־געביטן, וואָס זיינען
געווען לפי ערך ווירטשאַפטלעך אָפּגעשטאַנען, האָט
זיך די שלאַכטע מער געניטיקט אין יידישע מזומנע
קאַפּיטאַלן און אין דער געניטקייט פון יידן אין גע־
שעפטן, איידער אין די מער אַנטוויקלטע מערב־פּראָ־
ווינצן פון דער מלוכה. אין די מזרח־געביטן און בפרט
אויף די ריזיקע שטחים פון ניי־קאָלאָניזירטן אוקראַינע,
זיינען אויך געווען אַ סך אָפּטער ריזיקע פּריצישע
גיטער, לאַטיפונדיעס, וואָס האָבן נישט געקענט פאַר־
וואַלטעט ווערן פערזענלעך פון די מאַגנאַטן, נאָר האָבן
געמוזט איבערגעגעבן ווערן אין פּאַכט אָדער אין
אַדמיניסטראַציע איינצעלע אַרענדאַרן, סיי פון דער
שלאַכטע, סיי יידן. דערצו איז צוגעקומען דער אומ־
שטאַנד, וואָס אין די אָפּגעשטאַנענע מזרח־געביטן
האָבן יידן נישט געהאַט אַזאַ ברייט פעלד פאַר באַ־
שעפטיקונג אין האַנדל און אין אינדוסטריע ווי אין
די מערב־פּראָווינצן.

שוין אין יאָר 1590 האָט דער וועד ארבע ארצות,

לויטן פאַרשלאַג פון קראָקאָווער רב משולם פייבוש, אָנגענומען תקנות וועגן אָפּהיטן שבת בעיקר אין שייכות מיט פאַרשידענע אַרענדעס. דער דערמאָנטער לעמבערגער רב יהושוע פאַלק כוהן, דער מחבר פון סמ"ע (ספר מאירת עינים) באַמערקט אָבער בפירוש וועגן די דאָזיקע תקנות, אַז ער האָט נישט געהאַלטן פאַר נויטיק זיי איבערצוחזרן, ווייל „אין די געגנטן פון די קהילות פויזן, קראָקע און אין אַנדערע דיסטריקטן פאַרנעמט מען זיך נישט מיט אַרענדעס, מילן, צאָל און בריי־הייזער". אין די דאָזיקע תקנות ווערן דערמאָנט די ווייטערדיקע מינים פון יידישע אַרענדעס: בריי־הייזער און מאַלץ־הייזער, גוראַלניעס, וואָס האָבן זיך דעמאָלט גערופן „ווינניצעס", „אַרענדעס" אין ענגן זין פון וואָרט, ד. ה. די פאַכט פון אויסשליסלעכן רעכט צו פאַרקויפן בראָנפן אין אַ באַשטימטער שטאָט, אָדער אין אַ גאַנצן קרייז; אַרענדע פון צאָל; אַרענדע פון מילן; אַרענדע פון פיש־טייכן, אַרענדע פון גיטער און אַרענדע פון גאַנצע דערפער און פון שטעטלעך.

שוין דער פאַקט גופא, וואָס אין די דאָזיקע תקנות, פונקט ווי ביים מחבר פון „סמ"ע", ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען „אַרענדע" סתם בלויז די פאַכט פון רעכט צו פאַרקויפן בראָנפן אין אַ באַשטימטער אָרטשאַפט באַווייזט, אַז די דאָזיקע קאַטעגאָריע אַרענדע איז געווען אַממ׳ערסטן פאַרשפרייט פון אַלע מינים אַרענדעס. מיט דער פראַגע פון חזקה פון „אַרענדעס" פאַרנעמט זיך דער וועד ארבע ארצות אין תקנות פון יאָר 1596 און דערביי ווערן די דאָזיקע תקנות באַצייכנט בלויז ווי אַן איבערחזרונג פון עלטערע תקנות וואָס זיינען שוין פריער געהאַט פאַרשריבן געוואָרן אין פנקס. מיט „אַרענדעס" סתם פאַרנעמט זיך אויך דער וועד מדינת ליטא אין אַ גרויסער צאָל תקנות אָנגעהויבן פון יאָר 1623, ווען ליטע האָט אָרגאַניזירט אַ באַזונדערן וועד, ביז צום יאָר 1644, ד. ה. ביז צום סוף פון דער תקופה וועלכע מיר באַהאַנדלען דאָ. די הויפט־פראַגע וואָס איז באַשטימט געוואָרן אין די דאָזיקע תקנות איז די פראַגע פון חזקה: סתם חזקה פון אַן אַרענדע איז געווען גילטיק דריי יאָר. עס ווערן דערמאָנט אויך לעבנסלענגלעכע אַרענדעס. די פראַגן פון אַרענדעס האָבן פאַרנומען אַזאַ וויכטיקן פלאַץ אין יידישן עקאָנאָמישן לעבן, אַז דער וועד מדינת ליטא האָט אַרויפגעלייגט אַ פליכט סיי אויף די איינצעלע קהילות, סיי אויף דער אָנפירונג פון וועד, צו פאַרשרייבן אַלע תקנות און אַלע פסק דינים און סכסוכים וועגן אַרענדעס אין ספּעציעלע פנקסים.

וועגן דער אַרענדע פון בריי־הייזער דערוויסן מיר זיך פון די תקנות, אַז זי פלעגט אויסגעפירט ווערן אויף צווייערליי אופנים: דער אַרענדאַר פלעגט אַליין פראָדוצירן ביר, ער פלעגט אָבער אויך פאַר אַן אָפּצאָל פאַרדינגען דאָס בריי־הויז יעדן טאָג אַן אַנדער קרעטשמער ער זאָל דאָרט אויסקאָכן ביר פאַר זיין באַדאַרף.

אויך די יידישע אַרענדאַרן פון מילן אין יענער צייט, פונקט ווי די קריסטלעכע אַרענדאַרן פון מילן, פלעגן, ווי עס באַווייזן די תקנות, זעלטענער אַליין פאַרנעמען זיך מיט מאָלן, איידער אָנפירן די מיל מיט דער הילף פון אַ גוישן מילנער, וואָס פלעגט דערפאַר נעמען אַ חלק פון מיל־אָפּצאָל, אָדער אַ באַשטימט געהאַלט.

פונקט ווי אין דער אַדמיניסטראַציע פון צאָל און אַנדערע אָפּצאָלן פלעגן מאַגנאַטן באַשעפטיקן יידן אויך אַלס באַאַמטע ביי אַנדערע זייערע הכנסה־צווייגן. א־ז די ריזיקע גיטער פון פירשט לעוו סאַפּיעהא, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן איבער ליטע, אוקראַינע און אַנדערע פראָווינצן, איז אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט צווישן די אָנגעשטעלטע געווען אויך אַ צאָל יידן. יידן, פונקט ווי קריסטלעכע שטאָטסלייט, פלעגן פאַר אַ באַשטימטן געהאַלט פירן קלעפקעס פון דעם פירשטס וועלדער קיין דאַנציק. אַנדערע יידישע באַאַמטע האָבן פאַרוואַלטעט מיט די אַש־ברענערייען אין די וועלדער און אַרויסגעפירט פּאָטאַש קיין ריגע, דאַנציק און קעניגסבערג. פאַר דעם געלייזטן געלט פלעגן זיי דאָרט איינקויפן זאַלץ און אַנדערע סחורות פאַר דער גיטער־אַדמיניסטראַציע. אַזעלכע „פאַקטאָרן" פלעגן זיין אָנגעשטעלט על פי רוב אויף דריי יאָר. זיי האָבן געוואוינט אין וואַלד אין דער „בודע" און געהאַט די השגחה איבער די אַרבעטער ביים שניידן האָלץ, ברענען אַש, סמאָלע א. ד. גל. דער זעלבער פירשט האָט אויך געהאַט אָנגעשטעלטע „פאַקטאָרן", וואָס פלעגן שטענדיק זיך אויפהאַלטן אין דאַנציק, ריגע און קעניגסבערג. זיי פלעגן אָפּנעמען די פראָדוקטן פון זיינע גיטער, אָוועקפירן זיי אין לאַגער, פאַרקויפן און איינקויפן אַנדערע סחורות. דווקא די דאָזיקע קאַטעגאָריע „פאַקטאָרן" איז על פי רוב באַשטאַנען פון דייטשן.

די גרויסע יידישע אַרענדעס אין ליטע און אין די רייסישע און אוקראַינישע פראָווינצן זיינען אָבער באַשטאַנען אין דער פאַכט פון אַלע אָפּצאָלן און מאָנאָפּאָלן וואָס האָבן געהערט דעם פריץ אין אַ שטעטל, אַ דאָרף אָדער אין אַ גאַנצן מאַיאָנטעק, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ צאָל דערפער און שטעטלעך. אַזעלכע אַרענדאַרן פלעגן פאַכטן אַחוץ דעם אויסשליסלעכן רעכט צו ברענען בראָנפן און צו קאָכן ביר, אַלע קרעטשמעס, בריי־הייזער, מילן, אַש־ברענערייען, פיש־טייכן, מויט־אָפּצאָלן, מאַרק־אָפּצאָלן און יריד־אָפּצאָלן, וועג־אָפּצאָלן און בריק־אָפּצאָלן, און אַלע אַנדערע הכנסות וואָס דער פריץ האָט אַריינגענומען אין מזומן געלט אויפן שטח פון זיינע גיטער. אין אַזעלכע פאַלן איז דער יידישער אַרענדאַר געווען דער פינאַנציעלער אַדמיניסטראַטאָר פון פריץ און אַדאַנק דעם אויך געהאַט אַ גרויסע מאַכט איבער דער דאָרפישער און שטעטלדיקער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען אונטערטעניק דעם פריץ. עס פלעגט זיך אויך טרעפן, סיי

אין ליטע, סיי אין פּאָלעסיע, וואָלין, רייסן, פּאָדאָליע און בפרט אין אוקראַינע, אַז די מאַגנאַטן פלעגן צוזאַמען מיט דער פאַכט פון די הכנסות אין מזומן, איבערגעבן דעם יידישן אַרענדאַר די גאַנצע אַדמיניסטראַציע פון זייערע ריזיקע גיטער אַריינגערעכנט די שטעטלעך. אַזעלכע אַרענדאַרן פון גיטער פלעגן ממילא אַליין, מיט דער הילף פון „עקאָנאָמען" (פאַרוואַלטערס), יידישע און קריסטלעכע, אָנפירן אויך מיט דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט אין די גיטער און געוועלטיקן אויפן אָרט פונם פּריץ איבער די לייבאייגענע פּויערים. נאָך אין 16טן יאָרהונדערט הערן מיר וועגן רייכע יידן אין ליטע, ווי, למשל, אברהם שמאַילאָוויטש (דער זון פון שמואל), וואָס פלעגן דינגען ביי מאַגנאַטן אַלע זייערע מאַיאָנטקעס צוזאַמען מיט די שטעטלעך און שלעסער. אין צוויי אַזעלכע אַרענדע־אָפּמאַכן פון אברהם שמאַילאָוויטש ווערט בפירוש באַוואָרנט, אַז ער באַקומט אין די אַרענדירטע גיטער אַלע רעכט פונם פּריץ, אַריינגערעכנט דאָס רעכט צו משפּטן פּויערים אָן אַפּעלאַציע־מעגלעכקייט און אַפילו דאָס רעכט צו באַשטראָפן מיט טויט. פאַר איינע פון אַזעלכע אַרענדעס, וואָס האָט אַרומגענומען די וואָלינער שטאָט האָראָכאָוו מיט דער גאַנצער געגנט, האָט דער זעלבער שמאַילאָוויטש באַצאָלט אַ ריזיקע סומע פון 40 טויזנט גילדן. אויך אין 17טן יאָרהונדערט הערן מיר אין ליטע וועגן יידן, איינצעלנע, אָדער שותּפים, וואָס האָבן אַרענדירט פון פּריצים זייערע מאַיאָנטקעס מיט אַלע הכנסות אָן אַן אויסנאַם און מיט די פּויערים. אין אַ טייל פאַלן זיינען די מאַיאָנטקעס באַשטאַנען פון עטלעכע דערפער (אין איין פאַל זיבן דערפער) אָדער גאָר פון עטלעכע דערפער און שטעטלעך. פאַר איינער אַזאַ אַרענדע האָבן פיר שותּפים, יידן פון פּינסק, באַצאָלט די סומע פון 16 טויזנט גילדן פאַר דריי יאָר. אויך אין די אַרענדע־קאָנטראַקטן פון יענער צייט טרעפט זיך, אַז דער יידישער אַרענדאַר באַקומט בפירוש דאָס רעכט פון משפּטן די דאָרפישע באַפעלקערונג.

אויך אין רויטרייסן (מזרח־גאַליציע) איז אין 16טן און אין 17טן יאָרהונדערט די פאַכט פון פּריצישע מאַיאָנטקעס דורך יידישע גבירים, גרויסע סוחרים און באַנקירן געווען אַן אָפטע דערשיינונג. אַזעלכע פאַכטער פון פּריצישע און קיניגלעכע גיטער („סטאַראָסטוועס") זיינען געווען די פאַרשטייער פון דער גבירישער פאַמיליע נחמנאָוויטש פון לעמבערג, אין 16טן און אין 17טן יאָרהונדערט. אַ לעמבערגער גביר ישראל זלאָטשעווער (אגב, דער שווער פון לעמבערגער רב יהושע פאלק כוהן, וואָס האָט מתקן געווען דעם היתר עיסקא) האָט אַרענדירט אין יאָר 1595 דעם גאַנצן מאַיאָנטעק פון זלאָטשעווער פּריצים, אַריינגערעכנט פיר פיש־טייכן, וועג־אָפּצאָל, פאַשע־אָפּצאָל, מאַרק־אָפּצאָלן, אַדורכפיר־אָפּצאָל (מויט), מילן, בריי־הייזער, מאַלץ־הייזער, דעם מאָנאָפּאָל אויף ברענען און פאַרקויפן בראָנפן און די פאַנשטשיזנע (פּויערים־אַרבעט פאַרן פּריץ) פון גאַנצן שטח פאַר פיר טויזנט גילדן אַ יאָר.

בדרך כלל פלעגט אָבער די אַרענדע פון גיטער אַ סך זעלטענער איבערגעגעבן ווערן יידן איידער די אַרענדע פון קרעטשמעס, מאָנאָפּאָלן און אָפּצאָלן. דאָס קען מען זען קלאָר לויטן ביישפּיל פון דער אַדמיניסטראַציע פון פּירשטעט לעוו סאַפּיעהאַס גיטער. צווישן 19 אַרענדע־אָפּמאַכן וועגן אַלע הכנסות צוזאַמען פון קרעטשמעס, מילן, מויט, מאַרק־אָפּצאָלן א. ד. גל. אין פאַרשידענע געגנטן פון ליטע און אוקראַינע, וואָס זיינען געשלאָסן געוואָרן דורכן פּירשט אויף דער שוועל פון 16טן און 17טן יאָרהונדערט, זיינען אין 11 פאַלן (אָדער גאָר 12 לויט די נעמען) די פאַכטער געווען יידן, איינצעלנע אָדער שותּפים. דאַקעגן איז צווישן 40 פאַרצייכנטע אָפּמאַכן פון זעלבן פּירשט וועגן אַרענדע פון גיטער, קיין איין אַרענדאַר נישט געווען קיין ייד.

ווען דער אַנטיסעמיט פּרזשעצלאַוו מאַיעצקי רעדט אין יאָר 1589 וועגן יידישע אַרענדאַרן און מוכסים רעכנט ער אויס די פּראָווינצן ליטע און רייסן. אויך דער גיפטיקסטער אַנטיסעמיט פון 17טן יאָרהונדערט, סעבאַסטיאַן מיטשינסקי, ווייזט אָן אויף ליטע, רייסן, וואָלין, פּאָדאָליע, ווייסרוסלאַנד, ווי די געביטן, וואו יידן זיינען מוכסים און אַרענדאַרן „פון שטעט, דערפער, אפילו גאָר פון גאַנצע מדינות און פירשטנטימער". אונטער דעם נאָמען רייסן, נעמען אַרום די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע שרייבערס סיי רייסן גופא, סיי אוקראַינע, וואָס איז געווען באַוואוינט דורך דער זעלבער רייסישער באַפעלקערונג. אויך נתן האַנאָווער, דער מחבר פון דער כראָניק וועגן גזירת ת"ח, „יון מצולה", רופט אָן אוקראַינע מיטן נאָמען „מדינת רוסיה". פון אַלע פּראָווינצן פון מזרח־פּוילן איז די יידישע אַרענדע צום מערסטן געווען פאַרשפּרייט אין אוקראַינע.

דער ריזיקער שטח פון אוקראַינע איז געווען אַ סך שוואַכער באַפעלקערט איידער די אַנדערע פּראָווינצן פון פּוילן. צום סוף פון 16טן יאָרהונדערט איז אין אוקראַינע אויסגעקומען נישט מער ווי דריי באַוואוינער אויף אַ קוואַדראַט־קילאָמעטער, בעת אין שכנותדיקן רייסן האָט די אַנטשפּרעכנדיקע פּראָפּאָרציע באַטראָפן אַכט און אין גרויספּוילן 14. אין אוקראַינע האָט זיך אָבער זינט דער אַנדערער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט אָנגעהויבן אַ שטאַרקע קאָלאָניזאַציע, דורכגעפירט דורך די מאַגנאַטן, באַזיצער פון לאַטיפונדיעס. עס אַנטשטייען נייע שטעטלעך און דערפער וואָס ווערן באַזעצט על פּי רוב מיט פּויערים אַנטלאָפענע פון אַנדערע געגנטן פון פּוילן צוליב דער וואַקסנדיקער אונטערדריקונג מצד די פּריצים. צוזאַמען מיט

דער אוקראַינישער און טיילווייז אויך פוילישער באַפעל־
קערונג פלעגן אויך וואַנדערן קיין אוקראַינע יידן,
וואָס זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זייערע פּאָ־
זיציעס אין האַנדל און אין מלאכה, ווי אויך רייכע יידן,
וואָס האָבן געזוכט אויף דעם ניי־קאָלאָניזירטן געביט
אַן אינוועסטיציע פאַר זייערע קאַפּיטאַלן. די לאַגע פון
די פּויערים אין אוקראַינע איז אין 16טן יאָרהונדערט
נאָך געווען אַ סך בעסער איידער ערגעץ־אַנדערש אין
פוילן. כדי צוצוציען קאָלאָניסטן פלעגן די מאַגנאַטן
ערדבאַזיצער זיי גאַראַנטירן פרייהייט פון פּאַנשטשיז־
נע, פרייהייט פון צינזן אויף צען יאָר, פרייע לאַנקעס,
פרייען פיש־פאַנג, דאָס רעכט צו מאָלן תבואה און צו
קאָכן משקאות אָן אַן אָפּצאָל אאַז"וו. צום סוף פון
16טן יאָרהונדערט און אין אָנהויב פון 17טן יאָר־
הונדערט האָט זיך די לאַגע פון די פּויערים אין
אוקראַינע אַ סך פאַרערגערט. וואָס מער עס איז
געוואַקסן די באַפעלקערונג פון די אוקראַינישע שטעט־
לעך און דערפער, אַלץ מער האָבן די פּריצים אין
זייערע פּריוואַטע גיטער און די פאַרוואַלטערס פון
קיניגלעכע שטעטלעך און דערפער אַרויפגעלייגט אויף
די פּויערים די זעלבע שווערע לאַסטן, וואָס אין אַנ־
דערע פוילישע פּראָווינצן. מיט דעם וואוקס פון דער
באַפעלקערונג איז די ערד געוואָרן אַלץ טייערער, און
די מאַגנאַטן און זייערע פאַכטערס האָבן זיך באַמיט
אַרויסצושלאָגן פון די גיטער וואָס מער ריוח.

כדי צו קאָמערציאַליזירן זייערע ריזיקע באַזי־
צונגען פלעגן די מאַגנאַטן און קיניגלעכע סטאַראָס־
טעס פונקט ווי אין אַנדערע מזרח־פּראָווינצן איבער־
געבן אין פאַכט די הכנסות סיי פּריצים, סיי יידן, אָדער
פּריצים און יידן בשותפות. גרויסע יידישע אַרענדעס
זיינען אָבער אין אוקראַינע געווען נאָך אָפּטער, איידער
אין רייסן אָדער אין ליטווישע פּראָווינצן. נאָך צום
סוף פון 16טן יאָרהונדערט אַרענדירט אַ גראָדנער ייד
יצחק בן ניסן אַלע קרעטשמעס, מויט־אָפּצאָל און וואַקס־
אָפּצאָל אין טשערנאָביל. אין 17טן יאָרהונדערט קומט
דער אויפבלי פון דער יידישער אַרענדע אין אוקראַינע.
אַ ייד קאָפּל פון ביעלאָצערקעוו (שוואַרץ־טומאה) האָט
אַרענדירט די סטאַראָסטוועס פון קאַניאָוו און באַ־
הוסלאָוו מיט אַלע מילן, קרעטשמעס, פּאָטאַש־ברע־
נערייען, צינזן, פיש־פאַנג, אַדורכפאָר־אָפּצאָלן, מויט־
אָפּצאָלן און אַלע אַנדערע הכנסות. אין דער זעלבער
צייט האָבן אַנדערע יידן פון ביאַלאָצערקעוו אַרענ־
דירט בשותפות דריי דערפער אין דער קיעווער געגנט.
אַ ייד פון פּאַוואָלאָטשק, מיכל, האָט אַרענדירט צוויי
שטעט, אַלט־ און ניי־ברוסילאָוו מיט די שכנותדיקע
וועלדער און דערפער. די ביאַלאָצערקעוו גופא
צוזאַמען מיט אַ ריי פאָלוואַרקעס און דערפער איז גע־
ווען אַרענדירט דורך פיר יידישע שותפים. יידן אין
פאַרשידענע געגנטן פון אוקראַינע האָבן אַרענדירט
דערפער, מילן, קרעטשמעס, פיש־טייכן, דאָס רעכט אויף

געיעג אין וועלדער א. אַ. פונקט ווי אין אַנדערע
מזרח־פּראָווינצן פון דער מלוכה, איז אויך אין אוק־
ראַינע באַדייטנדיק גרעסער, איידער די צאָל גרויסע
יידישע אַרענדאַרן, געווען די צאָל פון קליינע אַרענ־
דאַרן, וואָס האָבן ביי די מאַגנאַטן, אָדער ביי די פּרי־
צישע און יידישע פאַכטער אַרענדירט איינצעלנע הכנסות,
בעיקר דאָס רעכט צו ברענען און פאַרקויפן בראַנפן.

די מאַכט פון די יידישע אַרענדאַרן אין אוקראַינע
לגבי דער פּויערישער באַפעלקערונג ווערט בפירוש
דערמאָנט דורך דעם קראָניקער פון גזרת ת"ח, נתן
האַנאָווער. אין דער הקדמה צו זיין ווערק „יון מצולה"
דערציילט ער, אַז „די יונים (אוקראַינער) זיינען גע־
וואָרן אַלץ מער פאַראָרעמט, מבוזה און דערנידעריקט
און זיי זיינען געווען קנעכט און שפחות ביים פּוילישן
פאָלק און ביי יידן להבדיל", „און אפילו די אומה
וואָס איז געפאַלן מער ווי אַלע אומות האָט איבער
זיי געוועלטיקט". אין שייכות מיטן אַרענדאַר פון
טשעהרין, זכריה סאָבילענקי, דערציילט האַנאָווער,
אַז פונקט ווי ער איז געווען אַ „מושל און פקיד", אַ
געוועלטיקער און אַ באַאַמטער, אַזוי זיינען אַלע יידן
אין דער מדינה „רוסיה" געווען „שרים און מושלים"
(שררות און געוועלטיקערס) אין אַלע מקומות פון
„רוסיה".

די ערשנדיקע שטעלונג פון די יידישע אַרענ־
דאַרן לגבי דער פּויערישער באַפעלקערונג אין אוק־
ראַינע איז אָבער אין תוך נישט געווען פאַרשידן
פון דער שטעלונג פון דעם זעלבן קלאַס יידישע גבירים
לגבי פּויערים אין אַנדערע פּראָווינצן אין מזרח. שוין
אין די דערמאָנטע תקנות של איסור שבת ויו"ט פון
וועד ארבע ארצות פון יאָר 1590 ווערן אויסגערעכנט
יידישע „אַרענדאַרן פון פעלדער, וויינגערטנער, שטעט־
לעך און דערפער", וואָס די פּויערים אַרבעטן פאַר
זיי „עבודת עבד ועבודת פרך", ד. ה. פּאַנשטשיזנע,
„אַקערן, זייען, שניידן און טוען אַלע אַרבעטן, וואָס די
בעלי־בתים באַפעלן זיי". די תקנה באַשטימט, אַז די
דאָזיקע אַרענדאַרן זאָלן אַזוי איינאָרדענען די פּאַנ־
טשיזנע־אַרבעט פון די פּויערים, אַז זיי זאָלן נישט
דאַרפן אַרבעטן אין שבת. די תקנה פאַרענדיקט זיך
מיט אַזאַ אַפּעל: „מה דאָך יידן אין גלות מצרים,
ווען זיי זיינען געווען עבדים משועבדים, האָבן זיי
אָפּגעהיט שבת, כאָטש דאָס איז נאָך געווען פאַר מתן
תורה, מכל־שכן דאַרפן יידן מקיים זיין די מצוות „אין
דעם מקום וואו דער גוי איז משועבד צו זיי"...
וועגן יידישע אַרענדאַרן אין ליטע וואָס האָבן געפאַכט
שטעטלעך און דערפער צוזאַמען מיט די פּויערים
האָבן מיר שוין דערמאָנט. ווי ווייט די פּאַנשטשיזנע־
אַרבעט פאַר יידישע אַרענדאַרן איז נישט געווען קיין
זעלטענע דערשיינונג אויך אין ליטע, באַווייזט דער
פאַקט, וואָס דער וועד מדינת ליטא האָט צוויי מאָל,
אין יאָר 1628 און אין 1632 אָנגענומען תקנות

(תקנות קל״ז, רס״א) וועגן אָפּהיטן שבת דורך די דאָזיקע אַרענדאַרן. אויך רעדט זיך דאָרט בפירוש וועגן יידן, וואָס „האַלטן גיטער און עס געהערט צו זיי די אַרבעט פון אַקערן, זייען, שניידן און אַנדערע מלאכות עטלעכע טעג אין דער וואָך פון די גויים וואָס וואוינען אין די שטעטלעך און דערפער״.

אוודאי האָבן יידישע אַרענדאַרן נאָך מער איידער די פריצים פאַרבונדן די עקספּלאָאַטאַציע פון גיטער מיט מסחר. זיי פלעגן עקספּאָרטירן די תבואה, אָקסן, אַש, סאַלעטרע און אַנדערע פּראָדוקטן פון זייערע אייגענע געפּאַכטעטע גיטער. ווען די גרויסע יידישע אַרענדאַרן פון גיטער אין רייסן, ווי יצחק נחמנאָוויטש, ישראל זלאָטשעווער, איז אונז באַקאַנט, אַז זיי האָבן זיך גערעכנט צווישן די גרעסטע יידישע סוחרים פון לאַנד. אָבער אפילו ביי זייער מסחר פלעגן זיי זיך באַדינען מיט דער פּאַנשטשיזנע־אַרבעט פון די פויערים. אין די דערמאָנטע תקנות פון וועד פון יאָר 1590 איז דאָ אַ באַזונדער פּאַראַגראַף וועגן אָפּהיטן שבת דורך די יידישע אַרענדאַרן פון גיטער וואָס פאַרנעמען זיך מיט מסחר: די פויערים „וואָס זיינען מחויב עטלעכע מאָל אין יאָר צו פירן תבואות און סחורות אין ווייטע לענדער״, מעג מען נאָר דעמאָלט לאָזן פאָרן אום שבת, אויב זיי פאָרן אַרויס אינדערוואָכן... וועגן דעם, אַז די יידישע אַרענדאַרן פון דערפער און שטעטלעך פלעגן זיך אַליין פאַרנעמען מיט דער פאַרוואַלטונג פון דער לאַנדווירטשאַפט אין די גיטער זאָגן עדות אויך אַנדערע תקנות פון וועדים פון פוילן און ליטע, אַחוץ די תקנות וועגן פּאַנשטשיזנע־אַרבעט אום שבת: סיי דער וועד ד׳ ארצות אין די תקנות פון 1590, סיי דער וועד ליטע אין אַ תקנה פון 1628 (תקנה קל״ז) פאַרנעמען זיך מיט דער פראַגע, וואָס זאָלן טאָן יידישע אַרענדאַרן מיט די חזירים „וואָס זיי באַקומען אין אינווענטאַר״ און מיט דעם ענין פון קאַסטרירן בהמות און הענער, וואָס איז פאַרבאָטן לויטן יידישן דין. די עלטערע תקנה פון וועד ד׳ ארצות גיט אַן עצה, אַז דער אַרענדאַר זאָל זיך לכתחילה באַוואָרענען אין אָפּמאַך בנוגע די חזירים און זאָל די בהמות און עופות איבערנעמען אין אַרענדע בשותפות מיט זיין עקאָנאָם („מיט דעם גוי וואָס איז ביי אים״), בדי עס זאָל אויסקומען, „אַז דער גוי טוט עס (די קאַסטראַציע) פון זיין אייגענער איניציאַטיוו; די תקנה פון וועד מדינת ליטא הייסט אין אַזעלכע פאַלן זיך באַראָטן מיט דעם אָרטיקן ראש בית־דין.

די באַציאונג פון די יידישע אַרענדאַרן צו זייערע אונטערטעניקע פויערים איז סיי אין אוקראַינע, סיי אין רייסן, וואָלין און ליטע, ניט געווען בעסער און אויך נישט ערגער, איידער די באַציאונג צו די פויערים מצד די קריסטלעכע אַרענדאַרן, אָדער מצד די פריצים גופא. יידישע אַרענדאַרן פון גיטער האָבן זיך געפירט ווי פריצים סיי אין זייערע מלבושים און מנהגים, סיי אין זייער עקספּלאָאַטאַציע פון פויערים. פינסקער יידישע גבירים פלעגט מען אַפילו אָפיציעל טיטולירן "פּאַן", אַזוי ווי פריצים. דער אַרענדאַר פון די גיטער פּאָהאָסט און לונין, יעקב שימשיטש (בן שמשון) האָט אין ווינטער 1646 איינגעאָרדנט אין זיינע וועלדער אַ גרויס געיעג, צו וועלכן ער האָט מאָביליזירט פויערים פון זיינע דערפער און שטאָטסלייט פון זיין שטעטל פּאָהאָסט. די לעמבערגער גבירים יצחק נחמנאָוויטש און זיין שותף יצחק מארקאָוויטש (בן מרדכי) האָבן זיך געפירט ווי פריצים נישט נאָר בלויז אין זייער טייערער קליידונג. יצחק נחמנאָוויטש האָט אַזוי ווייט אונטערדריקט די פויערים אין די גיטער דורך העכערונג פון צינזן און פאַרגרעסערונג פון התחייבות צוצושטעלן פערד און וועגענער, אַז די פויערים האָבן זיך צעבונטעוועט. די פויערים פון זיינע גיטער אין דער דראָהאָביטשער סטאַראָסטווע (קיניגלעכע גיטער) האָבן אויסגענוצט זייערע רעכט פון קיניגלעכע פויערים און זיינען געגאַנגען צום קיניג זיך באַקלאָגן. דער פּאָדסטאַראָשטשי (פאַרטרעטער פון סטאַראָסטע) האָט זיי אָבער אויף יצחק נחמנאָוויטשעס באַפעל געכאַפּט אין מיטן וועג און באַשטראָפט מיט מלקות, מיט תפיסה און מיט צונעמען זייערע בהמות. אין אַן אַנדער דאָרף נעבן קאָמאַרנע, וואו יצחק נחמנאָוויטש איז געווען דער אונטערפאַכטער, האָבן זיינע הײדוקעס דערשאָסן דעם אָנפירער פון די צעבונטעוועטע פויערים. פון דער זעלבער צייט איז אויך פאַרנאָטירט אַ פאַל, וואו אַ יידישער אַרענדאַר פון אַ נייעם ישוב פּירלעיאָווקע איז אין דער שפּיץ פון עטלעכע צענדליק באַוואָפנטע רייטערס אָנגעפאַלן אויף אַ דאָרף (וואָס האָט געהערט צו לעמבערגער גלחים) און מיט געוואַלט אַוועקגעפירט אַלע פויערים מיט זייערע פאַמיליעס און מיט זייער אינווענטאַר און שטוב־זאַכן, כדי זיי צו באַזעצן אין ניי־געגרינדעטן שטעטל.

אוודאי זיינען די אַנטיסעמיטישע שרייבער פון יענער צייט געווען פאַראינטערעסירט צו דערמאָנען בלויז די עוולות פון די יידישע אַרענדאַרן קעגן די פויערים און אין דער זעלבער צייט נישט דערמאָנען קיין איין וואָרט וועגן דער ברייטערער סאָציאַלער פראַגע, וועגן אונטערדריקונג פון פויערים דורך דער שלאַכטע. דער דערמאָנטער אַנטיסעמיט מיטשינסקי באַקלאָגט זיך אויף די יידישע אַרענדאַרן פון ליטע און פון די רייסישע לענדער, אַז זיי רייסן די הויט פון די פויערים דורך שווערע לאַסטן און צינזן אין פּאַנשטשיזנע. ער איז אָבער אַליין מודה, אַז די יידישע אַרענדאַרן צאָלן ריזיקע סומעס פאַר דער אַרענדע און אַז זיי עקספּלאָאַטירן די פויערים קודם־כל, כדי אַרויסצושלאָגן די ריזיקע סומע פאַר דער פּאַכט, כאָטש ער גיט צו, פאַרשטייט זיך, אַז זיי

ציען אַרויס פאַר זיך אַ סך אַ גרעסערן ריוח ווי דער באַטרעף פון דער פאַכט.

וואָס שייך דער עקאָנאָמישער עקספלאָאַטאַציע פון די שטעט און שטעטלעך דורך די אַרענדאַרן פון משקאות־מאָנאָפאָל, וועג־אָפצאָלן, בריק־אָפצאָלן און אַנדערע הכנסות קענען מיר ווידער אַ סך אַרויסלערנען פון די דערמאָנטע דאָקומענטן פון פירשט לעוו סאַפיעהאַס גיטער. דאָרט איז פאַרצייכנט, פון איין זייט, אַ פאַל, וואו דער פירשט האָט צוליב די טענות פון די שטאָטסלייט וועגן אונטערדריקונג אַוועקגענומען די אַרענדע (אין סלאָנים) ביי אַ ייד, ווי אויך אַ פאַרקערטער פאַל: דער פירשט טוט צוליב די שטאָטסלייט און זעצט אַראָפ אַ קריסטלעכן אַרענדאַר צוליב זיינע עוולות קעגן זיי.

אין אָנבליק פון די אַלע פאַקטן וועגן יידישע אַרענדאַרן אין אַלע מזרח־געביטן פון פוילן, מוזן מיר קומען צום אויספיר, אַז די עקספלאָאַטאַציע פון פויערים מצד יידישע אַרענדאַרן אין אוקראַינע איז לויט איר כאַראַקטער נישט געווען שווערער, איידער אין אַנדערע געגענטן. פונקט אַזוי איז אין אוקראַינע דאָס אַכזריות פון פריצים לגבי די פויערים נישט געווען שרעקלעכער איידער אין איבעריקן פוילן. נתן האַנאָווער איז אַוודאי גערעכט, ווען ער זאָגט אין שייכות מיטן דערמאָנטן פאַקט וועגן יידישע „מושלים אין אַלע מקומות פון רוסיה" (אוקראַינע), אַז „פון דאַנען האָט זיך גענומען די בייזע גזירה", ד. ה. די שרעקלעכע שחיטות פון גזירת ת"ח. אויב אָבער די שרעקלעכע פאָגראָמען זיינען אויסגעבראָכן דווקא אין אוקראַינע, איז עס געשען ניט נאָר צוליב דעם, וואָס די צאָל יידישע אַרענדאַרן איז דאָרט געווען לפי־ערך אַ סך גרעסער, איידער אין אַנדערע פראָווינצן. דער עיקר איז, וואָס דער סיסטעם פון פאַנשטשיזנע און פון פאַרשטאַרקטער פינאַנציעלער עקספלאָאַטאַציע פון פויערים איז דאָרט געווען אַ נייער און דאָס באַוואוסטזיין פון די פויערים און בפרט פון די קאָזאַקן וועגן זייערע פאַרלוירענע פרייהייטן איז נאָך געווען פריש און שטאַרק. עס איז געווען די ספעציפישע טראַגעדיע פון אוקראַינישע יידן, וואָס זיי האָבן זיך געלאָזט באַנוצן דורך די פריצים ווי אַ געצייג אין אונטערדריקונג פון פויערים, וואָס זיינען דווקא געווען צוגעוואוינט צו מער רעכט און פרייהייט.

## ה) שענקערס, קרעטשמערס און מילך־פאַכטערס

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז פון אַלע מינים פון יידישע אַרענדעס איז געווען אַם מערסטן פאַרשפרייט די אַרענדע פון משקאות, בפרט פון בראָנפן. די דאָזיקע אַרענדאַרן פלעגן אין אַ סך פאַלן אַליין אויך האַלטן די שענק אין שטעטל אָדער אין דאָרף, וואו זיי האָבן געפאַכט די אַרענדע. אין די תקנות פון וועד ארבע ארצות פון יאָר 1590 ווערט דערציילט וועגן אַרענדאַרן, אַז זייער מאָנאָפאָל אויף בראָנפן אין דער שטאָט גרייכט אַזוי ווייט, אַז נישט בלויז קויפן בראָנפן, נאָר אויך טרינקען איז דערלויבט בלויז ביי זיי אין דער שענק. אַזאַ רייכער אַרענדאַר, ווי זכריה סאָבילענקי, וואָס האָט געפאַכט די הכנסות פון דער שטאָט טשעהרין, האָט אַליין אָנגעפירט מיט אַ שענק, וואו עס פלעגט אַריינקומען שכורן כמיעלניצקי מיט זיין חברותא. די גרויסע מאַסע יידישע שענקערס און קרעטשמערס אין די מזרח־פראָווינצן פון דער פוילישער מלוכה איז אָבער באַשטאַנען נישט פון אַרענדאַרן, נאָר פון יידן, וואָס האָבן אַחוץ דער שענק, אָדער קרעטשמע נישט געהאַט קיין שום אַרענדע און קיין שום אַנדערע פרנסה. אין די זעלבע תקנות פון וועד פון יאָר 1590 ווערן אַחוץ אַרענדאַרן אויך בפירוש דערמאָנט קרעטשמערס וואָס פאַרנעמען זיך מיט פאַרקויפן ביר, מעד און בראָנפן. אַזעלכע שענקערס און קרעטשמערס זיינען געווען פאַרשפרייט אין ליטע, רייסן און אוקראַינע, סיי אין די דערפער, סיי אין די שטעטלעך (זשאָלקווע) און אַפילו אין די גרעסטע שטעט. אפילו אין לעמבערג, וואו דער פאַרקויף פון בראָנפן איז געווען אַ מאָנאָפאָל פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, האָבן יידן אויף דער פאַרשטאָט, אונטערן שוץ פון סטאַראָסטע געהאַלטן אין יאָר 1618 זעקס שענקען. אין די שטעט פון מערב־פוילן איז יידן שווער געווען אַדורכצוברעכן דעם שטאָטישן מאָנאָפאָל אויף בראָנפן־פאַרקויף, אָבער אין ליטע און אין רייסן פלעגן יידן על־פי־רוב באַקומען פון קיניג און בפרט פון פריצים אין די פריוואַטע שטעט בפירושע פריווילעגיעס אויף פראָדוקציע און פאַרקויף פון משקאות. אין די דערפער פון ליטע, רייסן און אוקראַינע זיינען שוין צו יענער צייט די קרעטשמעס און שענקען לרוב געווען באַזעצט דורך יידן. לויט ווי עס ווייזט זיך אַרויס פון די תקנות פון וועד מדינת ליטא (תקנות תע"ה פון יאָר 1650 און תפ"ז פון יאָר 1652), זיינען דעמאָלט געווען אין ליטווישע שטעט דריי סאָציאַלע קאַטעגאָריעס פון יידישע בראָנפן־פאַרקויפער: לפי־ערך די רייכסטע זיינען געווען די קרעטשמערס, זיי פלעגן אַחוץ דער שענק אויך האַלטן אַן אכסניה; די צווייטע קאַטעגאָריע זיינען געווען די גרויסע שענקערס; די דריטע קאַטעגאָריע, די גרעסטע לויט דער צאָל, איז באַשטאַנען פון „קליינע שענקערס". די שווערע לאַגע פון די קליינע שענקערס ווערט גענומען אין אַכט אויף אַזוי ווייט, אַז זיי דאַרפן צאָלן דעם שטייער „פאָדימנע" (פון „רויך", ד. ה. פון הויז) בלויז אַ האַלבן גילדן, ד. ה. אַ העלפט פון דעם, וואָס די גרויסע שענקערס און אַ פערטל פון סכום פון די קרעטשמערס. די תקנה באַצייכנט בכלל די, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער פרנסה פון שענקעריי, ווי אָרעמלייט און באַ־

שטימט דערפאַר, אַז זייערע שטייערן זאָלן טיילווייז געדעקט ווערן פון עודף פון דער באַשטייערונג אויף די פאַרמעגלעכע בעלי־בתים. פון אַנדערע, פריערדיקע תקנות פון וועד מדינת ליטא (תקנות רפ"ד און ש"ח פון 1635, 1637) ווערן מיר געוואָר, אַז די יידישע שענקערס פלעגן אָפט רואינירט ווערן צוליב די בראַנפן־מאָנאָפּאָלן פון די יידישע אַרענדאַרן. עס ווערט דאָרט דערציילט, אַז קליינע יידישע קהילות אין ליטע פלעגן אונטערגיין, און די דאָרטיקע יידן פלעגן אויסוואַנדערן צוליב מאַנגל פון פרנסה ביי אַלץ שווערערע שטייערן „אין דער דאָזיקער שווערער צייט פון דעם דאָזיקן ביטערן גלות". כדי אויפצוהאַלטן דעם קיום פון די קהילות, וואו עס איז נאָך דאָ לכל־הפחות 15 בעלי־בתים, אָדער וואו עס פלעגט זיין פאַר דער אויסוואַנדערונג אַזאַ צאָל בעלי־בתים, איז מחויב דער אַרענדאַר צו מאַכן אַ הנחה די איבעריקע יידן פון דער שטאָט: דער ראש־בית־דין דאַרף אַדורכפירן אַן אָפּמאַך פון אַרענדאַר מיט די איבעריקע יידן פון שטעטל: דער אַרענדאַר דאַרף פאַר אַ באַשטימטער סומע אָפּזאָגן זיך פון מאָנאָפּאָל אויף שענקען און ברענען בראָנפן לטובת די אָרטיקע יידן, אָדער ער דאַרף מאַכן פאַר זיי אַזאַ הנחה, אַז זיי זאָלן אויך קענען זיך מפרנס זיין . . .

אין די דערפער זיינען אַחוץ שענקערס, שוין דעמאָלט געווען באַזעצט, כאָטש ווייט נישט אין אַזאַ גרויסער צאָל מילכיקערס. זיי פלעגן צושטעלן כשר מילכיקס דער יידישער באַפעלקערונג אין די שטעט. אַ תקנה פון וועד מדינת ליטא פון יאָר 1628 (תקנה ק"מ) באַוואָרנט דאָס כשרות לגבי „די וואָס מאַכן קעז און פוטער אין די הויפן פון פריצים און אין די דערפער": זיי דאַרפן זיין חתונה־געהאַטע און זיי דאַרפן זיין אָפּגעהיטן אין פאַרשליסן און אפילו פאַרחתמענען זייער שטוב ביים אַרויסגיין.

נאָך אויף אַ מער דירעקטן אופן איידער די אַרענדאַרן, זיינען די דאָרפישע יידן שענקערס געווען אַ געצייג אין די הענט פון די פריצים פאַר עקספּלאָאַטירן די פאַרשקלאַפטע פויערים. ווייניק וואָס דער פויער האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו ברענען משקאות, אָדער צו טרינקען ערגעץ אַנדערש, ווי אין פריצס שענק: דער פריץ פלעגט אויך צווינגען די פויערים צו טרינקען אַ באַשטימטן קאָנטינגענט בראָנפן אין דער שענק פון יידישן קרעטשמער. ביי דער געלעגנהייט פון חתונה מאַכן אַ קינד אָדער טויפן אַ נייגעבוירן קינד האָט דער פויער געמוזט קויפן אין דער שענק אַ באַשטימטע צאָל קוואַרט בראָנפן. עס פלעגט זיך אויך טרעפן, אַז דער גלח האָט נישט געטאָרט אַדורכפירן די רעליגיעזע צערעמאָניע אין דער צערקווע, איידער דער פויער האָט געבראַכט אַ קוויטל פון קרעטשמער וועגן דער קניה פון בראָנפן. די דאָזיקע מיסברויכן זיינען באַזונדער געווען פאַרשפרייט אין די דרום־מזרח־געביטן, אין רייסן און אוקראַינע. דער האַס פון אוקראַינישן פויער צום יידישן שענקער, וואָס האָט אַליין קוים אַרויסגעצויגן פרנסה פון זיין קרעטשמע איז נישט געווען קלענער, איידער דער האַס צום יידישן אַרענדאַר, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין די הכנסות פון פריץ. די פאַרשפרייטע פרנסה פון קרעטשמעריי ביי יידן אין אוקראַינע איז שטאַרק אויסגענוצט געוואָרן בעת די מוראַדיקע שחיטות אין די צייטן פון גזירת כמיעלניצקי.

## ו) בעלי־מלאכות

סיי אויפן געביט פון האַנדל, סיי אויפן געביט פון אַרענדע און שענקעריי האָבן יידן אין פוילן געמוזט בייקומען אויסערגעוויינלעכע מניעות מצד מלוכה־געזעצן און שטאָטישע מאַגיסטראַטן. די גרעסטע מניעות און די שווערסטע רדיפות האָבן אָבער געהאַט אויסצושטיין אין 16טן און 17טן י"ה יידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט מלאכה. בעת אין האַנדל האָבן יידן אין פוילן געהאַט אין דער דאָזיקער תקופה אַ טראַדיציע פון הונדערטער יאָרן, און זייערע קריסטלעכע קאָנקורענטן זיינען אַליין געווען געצוואונגען צו מאַכן מיט זיי געשעפטן, איז די לאַגע אין מלאכה געווען אַנדערש: אין מיטלאַלטער איז נאָך מלאכה לפי־ערך ווייניק געווען פאַרשפרייט צווישן יידן אין פוילן. דאָס מאַסנווייזע אַריינדרינגען פון יידן אין האַנטווערק איז ערשט פאָרגעקומען אין 16טן און בפרט אין 17טן י"ה, בעת די קריסטלעכע האַנטווערקער זיינען שוין בדרך כלל געווען אָרגאַניזירט אין געשלאָסענע צעכן (גילדיעס). להיפוך צום האַנדל, איז אויפן געביט פון מלאכה נישט געווען קיין שום קאָאָפּעראַציע צווישן יידישע און נישט־יידישע קאָנקורענטן. יעדער יידישער שניידער, קירזשנער, קצב, אָדער אַן אַנדער בעל־מלאכה האָט ממש מיט די ציין געמוזט אויסקעמפן פאַר זיך די מעגלעכקייט אָפּצוגעבן זיך מיט זיין אַרבעט. און דאָך איז אויך אויף דעם דאָזיקן געביט דאָס געזעץ פון דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג געווען שטאַרקער איידער אַלע גזירות און רדיפות מצד די שטאָט־ראַטן און קריסטלעכע צעכן. די צאָל יידישע בעלי־מלאכות אין אַלע פּראָווינצן פון דער פוילישער מלוכה האָט געהאַלטן כסדר אין שטייגן און יידן זיינען אַריינגעדרונגען אַפילו אין אַזעלכע צווייגן פון האַנטווערק, וואו מען האָט זיי בכלל נישט אָנגעטראָפן אין מיטלאַלטער. דער שטאַרקער וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן סיי דורך אימיגראַציע, סיי דורך נאַטירלעכער פאַרמערונג און די באַגרענעצטע מעגלעכקייטן אויפן געביט פון האַנדל זיינען געווען איין וויכטיקער פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון יידישן האַנטווערקער־עלעמענט. דער אינטערעס פון דער

ברייטער מאַסע פון קונים, שלאַכטע, שטאָטסלייט און פויערים איז אָבער געווען דער יעניקער ווירטשאַפטלעכער כוח, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט, אַז דער דראַנג פון יידישע מאַסן צו האַנטווערק זאָל גובר זיין אַלע צוימען: יידישע בעלי־מלאכות האָבן אויסגעפירט די זעלבע ראָלע, וואָס קריסטלעכע „פּאַרטאַטשן" (פּושערס), וואָס זיינען געשטאַנען מחוץ די צעכן: זיי האָבן געהאָלפן אַדורכברעכן אָדער לכל־הפחות אָפּשוואַכן דעם מאָנאָפּאָל פון צעכן און דערמיט געבראַכט אין רעזולטאַט די פאַרביליקונג פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע.

אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון יידישן האַנטווערק האָט אויך געשפּילט דער פאַקט, וואָס יידן האָבן שוין דעמאָלט אָנגעהויבן אָנצוואַווענדן נייע פאָרמען פון פּראָדוקציע. יידישע שניידער, היטלמאַכער און אַנדערע בעלי־מלאכות האָבן געאַרבעט נישט בלויז פאַר דעם באַשטעלער, נאָר אויסגעאַרבעט מאַסן־אַרטיקלען, וועלכע זיי פלעגן אַליין פירן אויף די ירידים. אויף אַ טייל געביטן אַנטוויקלען יידן שוין דעמאָלט דעם סיסטעם פון היים־אַרבעט פאַר פאַרלעגער. אַזוי דערציילט דער אויבן ציטירטער אַנטיסעמיט מיטשינסקי, אַז קירזשנער־אַרבעט, זייד־אַרבעט, יואַווועלן (גאָלדשמידעריי) און פּאַסמאַניק (פּאַזאַמענטירער) אַרבעט ווערט פּראָדוצירט אין קראָקע דורך יידישע בעלי־מלאכות, מענער און פרויען, און אַמאָל אויך דורך קריסטלעכע פּאַרטאַטשעס, אויף באַשטעלונג פון גרויסע יידישע סוחרים („משה דער רייכער"). אויך מעבל ווערן אויסגעאַרבעט דורך סטאָליאַרעס אין די קליינע שטעטלעך אויף באַשטעלונג פון קראָקעווער סוחרים.

פון דעם זעלבן מקור דערוויסן מיר זיך אויך, ווי אַזוי יידן פלעגן אַריינדרינגען אין נייע צווייגן פון האַנטווערק. ער דערציילט, אַז קראָקעווער יידן פלעגן אויפנעמען ביי זיך קריסטלעכע געזעלן און אפילו מייסטערס און אויסלערנען זיך ביי זיי נייע פאַכן, ווי פּאַסמאַניקעריי. אויך אין אַנדערע שטעט (לעמבערג) פלעגן קריסטלעכע געזעלן אַרבעטן ביי יידישע בעלי־מלאכות, טיילמאָל אפילו מיט דער דערלויבעניש פון צעך (גראָדנע).

די שטאַרק פאַרשפּרייטע טעאָריע, אַז יידן זיינען אַריינגעדרונגען אין האַנטווערק קודם־כל דורך די יעניקע צווייגן, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דינים פון כשרות, ווי קצבים־פאַך און שניידעריי (צוליב דעם איסור פון דער תורה וועגן שעטנז פון וואָל מיט לייוונט) ווייזט זיך אַרויס לחלוטין פאַלש אין ליכט פון היסטאָרישע פאַקטן. מיר האָבן געזען אין פאַריקן קאַפּיטל, אַז נאָך אין מיטלאַלטער ווערן יידן דערמאָנט אין פאַרשידענע געגענטן פון פוילן אין אַ גאַנצער רייע אינדוסטריע־צווייגן, וואָס האָבן גאָר נישט געהאַט קיין שייכות מיט כשרות, ווי קירזשנעריי, גאַרבעריי, גלעזעריי, שטריקמאַכעריי און אַנדערע. אמת איז בלויז, אַז די קריסטלעכע צעכן האָבן זיך באַמיט צו באַגרענעצן די פּראָדוקציע פון יידישן האַנטווערק בלויז אין די ראַמען פון די באַדערפענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אַזעלכע פאַכן ווי פליישהאַקעריי און שניידעריי, בעת אין אַנדערע פאַכן האָבן זיי געפאָדערט דעם פולשטענדיקן פאַרבאָט פון יידישער מלאכה. פונקט אַזוי פלעגן די שטאָט־פאַרוואַלטונגען זיך באַמיען צו באַגרענעצן די פּראָדוקציע פון בראָנפן, ביר און מעד ביי יידן בלויז פאַר זייער אייגענעם געברויך. די ווייטערדיקע רשימה פון צווייגן פון יידישער אינדוסטריע אין פוילן אין 16טן און אין דער ערשטער העלפט פון 17טן י״ה באַווייזט ווי ווייט האַנטווערק איז געווען פאַרשפּרייט ביי יידן נישט געקוקט אויף אַלע מניעות.

אין קראָקע: קצבים, שניידער, היטלמאַכער, קירזשנער, פּעטליצער (שנירלעכמאַכער) און שמוקלער, פּלאַטנער און בענדערמאַכער, פּאַסמאַניקעס (פּאַזאַמענטירער), גאָלדשמידן, גלעזער, איינבינדער, קאַנענגיסער, זייפנזידער, באַלבירער (שערער). די סטאַטוטן פון קראָקעווער קריסטלעכע צעכן אַנטהאַלטן אָבער אויך פּאַראַגראַפן קעגן פּושערס (פּאַרטאַטשעס) און יידן אין אַ רייע אַנדערע פאַכן, ווי רימעריי, געווער־אויסאַרבעטונג, בעדנאַרעס. אין אַ טייל פאַכן איז שוין די צאָל יידישע בעלי־מלאכות געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן פאַרמאָגט אייגענע צעכן (חברות). אין צעכן זיינען געווען אָרגאַניזירט: קירזשנער (זינט 1613), שנירלמאַכער און שמוקלער („החבורא קדישא דפעטליצר ושמוקלר"), פּלאַטנער און בענדערמאַכער צוזאַמען מיט די קרעמער פון זייערע אַרטיקלען („חבורא קדישא פלאטקיר מכיר, ובענדר מכיר וקרעמר"), פּאַסמאַניקער (פּאַזאַמענטירער), טרייבעטער („מנקרים") און באַלבירער („החבורה של האומנים בלבירר"). די קצבים האָט קהל נישט דערלויבט צו גרינדן אַן אייגענעם צעך, אָבער זיי זיינען דאָך געווען אָרגאַניזירט אין אַ חברה, וואָס אין איר שפּיץ זיינען געשטאַנען „ראשי־הקצבים". אין אַ טייל פאַכן, ווי פוטערנע היטלמאַכעריי, פּאַסמאַניקעריי, זיינען געווען באַשעפטיקט יידישע פרויען על־פּי־רוב ווי היים־אַרבעטאָרינס אויף באַשטעלונג פון פאַרלעגער.

אין לעמבערג: קצבים, מנקרים, שניידער, קירזשנער, שמוקלער, פּאַסמאַניקעס, גאָלדשמידן און „זילבער־ברענער", קאַנענגיסער, גאַרבערס און שוסטער, וואַקסגיסער און ליכטציער. יידישע שניידער און קירזשנער אין לעמבערג פלעגן נאָך אין דער ערשטער העלפט פון 16טן י״ה אויסאַרבעטן פויערשע מלבושים און אַרומפאָרן מיט דער סחורה אויף די ירידים. אין יאָר 1627 האָט שוין עקזיסטירט אין לעמבערג אַ יידישער צעך פון שניידער. אין שכנות־

דיקן שטעטל זשאָלקווע ווערט אין דער זעלבער צייט (1626) דערמאָנט אַ יידישער היטלמאַכער. אין אַ טייל פאַכן, ווי למשל גאָלדשמידעריי, פלעגן יידישע היימאַרבעטער אַרבעטן פאַר קריסטלעכע אונטערנעמער, און אויך פאַרקערט, קריסטלעכע גאָלדשמידן פלעגן אַרבעטן אויף באַשטעלונג פון יידישע אונטערנעמער. עס ווייזט אויס, אַז אין גאָלדשמידעריי זיינען די אַרמעניער געווען בעסערע פאַכלייט איידער יידישע בעלי־מלאכות, בעת זילבערברענעריי איז אַ געוויסע צייט געווען אויסשליסלעך אַ יידישער פאַך.

אין פויזן ווערן דערמאָנט שוין אין 16טן י״ה יידישע שניידער און איינבינדער און אין 17טן י״ה אויך יידישע בעקער, שוסטער און הענטשקעמאַכער.

אין פרזשעמישל ווערן דערמאָנט אין 16טן י״ה אַחוץ יידישע קצבים יידישע גלעזער, גאַרבער און קירזשנער, אין דער ערשטער העלפט פון 17טן י״ה אויך יידישע שניידער, קירזשנער, היטלמאַכער, שמוקלערס, פאַסמאַניקעס, שוסטער, גאָלדשמידן, קאַנענגיסער, מאָלער, בעקער, באַלבירער.

אין פלאָצק ווערן דערמאָנט אין 16טן י״ה יידישע קצבים, אויך 3 יידישע וועבער, 2 גלעזער און 1 שווערדמאַכער. אין אָנהויב 17טן י״ה איז דאָרט געווען אַ גרעסערע צאָל יידישע שניידער (9 פון זיי האָבן געהערט צום קריסטלעכן צעך), בעקער און שמוקלער.

די שטאָט מעזריטש אין גרויספוילן האָט אין דער ערשטער העלפט פון 17טן י״ה פאַרמאָגט אַ באַדייטנדיקע צאָל יידישע טוכוועבער. וועגן דעם ווערן מיר געוואָר פון אַן אָנפאַל, וואָס איז אויף זיי געמאַכט געוואָרן דורך קריסטלעכע וועבער אין יאָר 1636: בעת דעם אָנפאַל האָט מען ביי זיי צוגערויבט זייערע אַרבעטס־מכשירים.

ווי ווייט האַנטווערק איז שוין אין 16טן י״ה געווען פאַרשפּרייט ביי יידן אפילו אין קליינע שטעטלעך, קענען מיר זען לויטן ביישפּיל פון שטעטל נייקאָרטשין (קיעלצער געביט). לויטן אָפּמאַך פון יידן מיט דער שטאָט־פאַרוואַלטונג פון יאָר 1585 האָבן יידן דאָרט געמעגט באַוואוינען 4 הייזער אין דער שטאָט גופא און 4 הייזער אין דער פאָרשטאָט. עס ווערן דאָרט דערמאָנט יידישע תבואה־סוחרים, 3 יידישע קרעמער, און יידישע בעלי־מלאכות: 5 קצבים, 1 היטלמאַכער, 1 גלעזער און 1 זייפנזידער.

אין די מזרח־געביטן פון דער פוילישער מלוכה, אין ליטע, וואָלין, פּאָדאָליע און אוקראַינע, האָבן די יידישע בעלי־מלאכות בלויז אין די גרויסע שטעט געהאַט אויסצושטיין שווערע נגישות און רדיפות. אין די קלענערע שטעט האָבן יידן בדרך־כלל געהאַט דאָס רעכט צו פאַרנעמען זיך מיט מלאכה, און אין געוויסע פאַלן אפילו אָנגעהערט ווי מיטגלידער אין די אַלגעמיינע צעכן.

אין ליטע איז לויט דער קיניגלעכער פּריווילעגיע פון יאָר 1629 געווען דערלויבט יידן צו באַשעפטיקן זיך מיט אַלע מלאכות און דערביי נישט אָנגעהערן צו די קריסטלעכע צעכן. אָבער אין די גרעסערע שטעט האָבן די צעכן געשטעלט שווערע מניעות יידישע האַנטווערקער און די מלכים אַליין פלעגן דאָרט אין ספּעציעלע דעקרעטן באַגרענעצן יידישע מלאכה. אין גראָדנע זיינען יידישע שניידער און קירזשנער אין 16טן י״ה געווען מחויב צו אָפּצאָלן לטובת די קריסטלעכע צעכן, זיי האָבן אָבער געמעגט באַשעפטיקן קריסטלעכע געזעלן און לערנ־ייִנגלעך. אין ווילנע האָבן יידן לויט אַ קיניגלעכן דעקרעט פון יאָר 1633 געמעגט זיך באַשעפטיקן מיט די מלאכות, וואו עס זיינען נישט געווען אָרגאַניזירט קיין קריסטלעכע צעכן, ווי למשל, קירזשנעריי, גלעזעריי און שמוקלעריי. יידישע שניידער איז דערלויבט געווען צו אַרבעטן בלויז פאַר יידישע קונים, אַחוץ קצבים, ווי אין אַלע יידישע ישובים, איז אין ווילנע צו יענער צייט אויך געווען אַ צאָל יידישע פאַסמאַניקעס.

אין פינסק זיינען פאַרנאָטירט געוואָרן אין יאָר 1650 ווייטערדיקע יידישע בעלי־מלאכות: 2 גאָלדשמידן, 2 שניידער, 1 איינבינדער, 1 שאַכטלמאַכער און 1 שערער. אַז די דאָזיקע רשימה איז אָבער פראַגמענטאַריש, קענען מיר לייכט אַרויסדרינגען פון דעם פאַקט, וואָס עס פעלן דאָרט לחלוטין יידישע קצבים!

אין לויצק, אין וואָלין, פלעגן יידישע שניידער און קירזשנער נאָך אין אָנהויב פון 16טן י״ה פאַרקויפן זייערע אויסאַרבעטונגען סיי אויפן אָרט, סיי אויף ירידים אין די אַרומיקע שטעטלעך. אַ קיניגלעכער דעקרעט פון יאָר 1539 האָט זיי באַפוילן אָפּצוצאָלן יערלעך אַ סומע פאַר די קריסטלעכע צעכן. אַזאַ פאַרפליכטונג האָבן אויך געהאַט יידישע שניידער און קירזשנער אין קאָוועל און אַנדערע וואָלינער שטעט, לויט אַן אָפּמאַך פון 1614. אין זעלבן אָפּמאַך ווערן אויך דערמאָנט יידישע בעקער און בעקערינס. אין בראָד ווערן אויסגערעכנט אין דער זעלבער צייט די ווייטערדיקע יידישע בעלי־מלאכות: קצבים, שניידער, קירזשנער און גאָלדשמידן.

אין די שטעטלעך פון אוקראַינע האָבן יידישע בעלי־מלאכות אין דער ערשטער העלפט פון 17טן י״ה זיך פאַרנומען מיט שניידעריי, שוסטעריי און אַנדערע, אַחוץ דעם אומעטום פאַרשפּרייטן פאַך פון קצבים. אין ביאַלאָצערקווע („שוואַרץ־טומאה") זיינען אין יאָר 1641 צווישן 16 מייסטערס פון שניידער־צעך געווען 2 יידן און צווישן 22 מייסטערס פון קצבים־צעך אויך צוויי יידן. פונקט ווי די פאַקטישע צאָל יידישע קצבים האָט לכל־הדעות באַטראָפן מער, איידער די צוויי, וואָס זיינען געווען פאַרשריבן אין צעך, אַזוי מעגן מיר אָננעמען, אַז אויך שניידער־

און אַנדערע יידישע בעלי־מלאכות האָבן נישט אַלע אָנגעהערט צו די צעכן.

אין 16טן י״ה האָבן מיר אויך די ערשטע יידישע דרוקערייען אין פוילן, דהיינו אין לובלין און קראָקע. איינצלנע יידישע דרוקער ווערן דערמאָנט אויך אין אַנדערע שטעט, ווי למשל, אין בריסק (1566).

ווי מיר זעען פון די געבראַכטע רשימות, איז מלאכה שוין אין אָנהויב פון 17טן י״ה געווען נאָך האַנדל די צווייטע הויפט־באַשעפטיקונג פון יידן אין אַלע טיילן פון פוילן, ליטע און אוקראַינישע לענדער. פון די באַזונדערע צווייגן פון מלאכה איז אומעטום ביי יידן אַממערסטן פאַרשפּרייט דאָס קצבים־פאַך, שניידעריי און קירזשנעריי, און אין אַ קלענערער מאָס אויך היטלמאַכעריי, גאָלדשמידעריי און שמוקלעריי (גאַלאַנטעריע). זיי זיינען אָבער אויך שוין אַריינגעדרונגען אין פאַרשידענע אַנדערע פאַכן.

די סאָציאַלע דיפערענצירונג צווישן די פאַרשידענע גרופּעס יידישע בעלי־מלאכות איז שוין דעמאָלט געווען גאָר גרויס. דעם אויבנאָן האָבן פאַרנומען יידישע גאָלדשמידן און פּאַסמאַניקעס, וואָס זיינען על־פּי־רוב געווען גלייכצייטיק סוחרים און פאַרמאָגט גרויסע געוועלבער (קראָקע, לעמבערג). אָבער אויך אין שניידעריי, קירזשנעריי און היטלמאַכעריי טרעפן מיר אָן אין דער דאָזיקער תקופה, אַחוץ דעם רוב קליינע זעלבשטענדיקע בעלי־מלאכות, אויך גרויסע אונטערנעמער, פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט, פאַראָרעמטע היים־אַרבעטער (כאַלופּניקעס), וואָס אַרבעטן אויס צוגעשטעלטע רוישטאָפן. צווישן די אָרימסטע שיכטן יידישע בעלי־מלאכות האָבן זיך אויך געציילט די וואָקסגיסער, ליכטציער, זייפנזידער אד״גל אין די גרעסערע שטעט: אין לעמבערג האָבן זיך זייערע וואַרשטאַטן געפונען אין די קעלערס און אויף די בוידעם־שטיבלעך.

אין אַלע צווייגן פון האַנטווערק פלעגן די יידישע מייסטערס באַשעפטיקן יידישע לערניינגלעך און געזעלן, על־פּי־רוב בלויז צו איינציקע, אין אויסנאַמפאַלן, אויך מער, אָבער דערויף פלעגט מען געווינלעך מוזן האָבן די דערלויבעניש פון יידישן צעך. אַפילו יידישע אַפּטייקער (אין קראָקע) האָבן געהאַלטן יידישע לערניינגלעך.

## ז) פרייע באַרופן

מיט דעם באַדייטנדיקן וואוקס פון דער צאָל יידן אין פוילן אין אָנהויב פון דער נייצייט האָט זיך אויך שטאַרק געהויבן דער מצב פון דער יידישער קולטור. אין 13טן י״ה איז נאָך דער קולטור־מצב פון יידן אין פוילן פאַררעכנט געוואָרן פאַר איינעם פון די נידעריקסטע, אַזוי ווייט, אַז אין אַ יידישער קהילה פלעגט דער רב זיין גלייכצייטיק אויך דער חזן און מלמד. אין 16טן און 17טן י״ה ווערט פוילן דער צענטער פון שטודיום פון תלמוד ביי יידן אין דער גאָרער וועלט.

אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן האָט אין יענער צייט געפונען באַשעפטיקונג סיי ביי די רעליגיעזע און קולטורעלע אינסטיטוציעס, סיי ביי דער אַדמיניסטראַציע פון דער קהילה. אַחוץ רבנים, דיינים און שוחטים, איז געווען אין יעדער קהילה אַ באַדייטנדיקע צאָל פון חזנים און שמשים. שמשים זיינען געווען באַשעפטיקט סיי אין די שולן, סיי ביי דער קהילה־אַדמיניסטראַציע און ביים בית־דין, סיי אין די באַזונדערע חברות פון בעלי־מלאכות און אין די ישיבות. די סאָציאַלע גראַדאַציע צווישן רב, חזן און שמש אילוסטרירט די תקנה פון דער קראָקעווער קהילה פון יאָר 1595: דעם רב איז געקומען פון יעדער חתונה איין פּראָצענט פון נדן (רח״ש), דעם חזן און שמש — צו אַ האַלבן פּראָצענט. אין גרעסערע קהילות פלעגן אויך זיין באַשעפטיקט יידישע שרייבער („סופר העיר״), וואָס האָבן געפירט פּראָטאָקאָלן און אויסגעשטעלט דאָקומענטן. אין קלענערע קהילות פלעגן די דאָזיקע פונקציע אויספירן די חזנים אָדער די שמשים (תקנה נ״ד פון וועד מדינת ליטא פון יאָר 1623). אין גרעסערע קהילות האָבן זיך געפונען מלמדים פון פאַרשידענע קאַטעגאָריעס און מדרגות: דרדקי־מלמדים, וואָס האָבן געלערנט עברי און חומש, און גמרא־מלמדים, מלמדים אין די תלמוד־תורות און ראשי־ישיבות. דער גמרא־מלמד פלעגט בעסער באַצאָלט ווערן איידער דער דרדקי־מלמד: לויט דער תקנה פון דער קראָקעווער קהילה פון יאָר 1595 האָט אַ דרדקי־מלמד געדאַרפט באַקומען 6 גילדן אַ זמן, בעת פאַר אַ גמרא־מלמד האָט דער שכר־לימוד באַטראָפן 8 גילדן. גרויס איז געווען די צאָל מלמדים, וואָס האָבן נישט געקאָנט געפינען קיין באַשעפטיקונג אין דער היים און געזוכט פרנסה אין ווייטע מקומות פון ליטע. אַ תקנה פון וועד ליטע פון יאָר 1623 האָט געפאָדערט פון אַזאַ מלמד אַ באַשטעטיקונג פון זיין פרוי, אַז זי האָט אים דערלויבט אַוועקצופאָרן. די דאָזיקע תקנה איז שפּעטער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט געוואָרן.

באַדייטנדיק איז אויך צו יענער צייט געווען די צאָל יידישע מוזיקאַנטן. זיי פלעגן שפּילן סיי ביי יידן, סיי ביי קריסטן. אין לעמבערג האָט אַפילו דער קריסטלעכער צעך בפירוש דערלויבט אין יאָר 1629 יידישע מוזיקאַנטן צו שפּילן אויף גויאישע חתונות און פאַרווײַלונגען. אָפיציעל זיינען דעמאָלט געווען פאַרנאָטירט אין לעמבערג 13 יידישע מוזיקאַנטן. אַ טייל פון זיי האָט זיך פאַרנומען מיט מוזיק ווי אַ נעבן־פאַך: מיר געפינען צווישן זיי אַ פּאַסמאַניק, אַ שמוקלער און אַ היטלמאַכער.

די צאָל יידישע דאָקטוירים איז געווען שוין דעמאָלט אַזוי גרויס, אַז די אַנטיסעמיטן פון יע־

נער צייט (די דערמאָנטע מאָיעצקי און מיטשינסקי)
פלעגן זיי ווידמען אין זייערע בראָשורן אַ סך פּלאַץ.
אַ קריסטלעכער דאָקטאָר סעבאַסטיאַן שלעשקאָווסקי
האָט אין יאָר 1623 אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע בראָ־
שור פול מיט אויסטערלישע רכילות אויף
יידישע דאָקטוירים, כדי אָפּצוריידן קריסטן פון באַ־
נוצן זיך מיט זיי. היות ווי די קראָקאָווער אַקאַ־
דעמיע האָט נישט אָנגענומען קיין יידישע סטודענטן,
פלעגן יידן לערנען מעדיצין אין איטאַליענישע אוני־
ווערסיטעטן, על־פּי־רוב אין פּאַדוא. אַ טייל באַרימ־
טע יידישע דאָקטוירים אין פוילן זיינען געווען אימי־
גראַנטן פון שפּאַניע און שפּעטער פון איטאַליע. סיי
דער פּוילישער קיניג און קיניגין, סיי די מאַגנאַטן
פלעגן זיך באַנוצן מיט יידן ווי הויף־דאָקטוירים.
צום סוף 16טן און אין אָנהויב 17טן י"ה האָבן
געלעבט אין קראָקע אַ רייע יידישע דאָקטוירים מיט
וועלט־באַרימטע נעמען, ווי ד"ר שלמה אשכנזי, פון
איטאַליע; דער הויף־דאָקטאָר פון קיניג זיגמונט
אויגוסט, ד"ר שלמה קאַלאהאָראַ, אַ הויף־דאָקטאָר פון
דעם זעלבן קיניג און פון קיניג סטעפאַן באַטאָרי, ד"ר
גרשון ראַפּאָפּאָרט, ד"ר דוב מאַרפּורגאָ און אַנדערע.
אין לעמבערג ווערן דערמאָנט אויף דער שוועל פון
16טן און 17טן י"ה פיר יידישע דאָקטוירים פון
מעדיצין. אַפילו אין אַ לפי־ערך קליינער יידישער
קהילה ווי פּלאָצק, זיינען אין דער צווייטער העלפט
פון 16טן י"ה כמעט אין איין צייט געווען 5 יידישע
דאָקטוירים מיט דעם טיטל „דאָקטאָר מעדיצין", אָדער
„פיזיקוס".

די דאָקטוירים האָבן פאַרנומען אַ הויכע סאָציאַ־
לע פּאָזיציע אין דער יידישער קהילה. זיי פלעגן אויס־
געקליבן ווערן פאַר פּרנסים (קראָקע, פּלאָצק) און
אַמאָל פלעגן זיי אויך פאַרנעמען די שטעלע פון
רבנים. צו אַ נידעריקער קאַטעגאָריע רופאים האָבן
געהערט די פעלדשערס, וואָס פלעגן אַמאָל זיין גלייכ־
צייטיק אויך באַלבירער. אַזעלכע באַלבירער פלעגט
אויך אָנשטעלן די יידישע קהילה אין יידישן שפּיטאָל
(„הקדש"), אַחוץ קראַנקען־וועכטערס, „הקדש־לייט".

## ח) לאַנדווירטשאַפט

לאַנדווירטשאַפט ווי אַ הויפּט־באַשעפטיקונג איז
נאָך אין דער ערשטער העלפט פון 16טן י"ה, פּונקט
ווי אַמאָל אין מיטלאַלטער געווען שטאַרק פאַרשפּרייט
צווישן יידן אין ליטע. אין יענער תקופה טרעפן מיר
אָן אין ליטע יידישע גרויס־גרונטבאַזיצער, ווי די פאַמי־
ליעס עזאָפאָוויטש פון בריסק, כאַצקעלעוויטש פון
גראָדנע, וואָס פאַרמאָגן גאַנצע גיטער מיט פעלדער.
וועלדער, גערטנער און לאַנקעס און אפילו גאַנצע דער־
פער. אַ טייל פון די דאָזיקע פאַמיליעס האָבן געהאַט
באַקומען צוריק די ערד־שטחים, וואָס זיי, אָדער
זייערע עלטערן האָבן פאַרמאָגט פאַרן גירוש ליטע.

נאָך גרעסער איז אָבער געווען דעמאָלט אין ליטע די
צאָל שטאָטישע יידן, וואָס האָבן, גלייך ווי אַנדערע
שטאָט־באַוואוינער, געצויגן זייער חיונה פון ערד־אַר־
בעט. די ערד פלעגן זיי באַקומען צוגעטיילט פון גרויס־
פירשט אויף די זעלבע באַדינגונגען וואָס אַנדערע
מיעשטשאַנעס. אין אַזעלכע שטעט ווי בריסק, גראָד־
נע, קלעצק קאָברין האָבן יידן באַקומען פון פירשט
חלקים ערד, וואָס האָבן באַטראָפן צו 25 מאָרג (14
העקטאַר) און מער. נאָך אין אָנהויב פון דער
צווייטער העלפט פון 16טן י"ה האָבן יידן אין פּינסק
פאַרמאָגט בערך 16 פּראָצענט פון ערד־פאַרמעגן פון
דער דאָרטיקער באַפעלקערונג. לויט דער ציילונג
פון די יאָרן 1552—1555, זיינען אין פּינסק געווען
30 יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן געהאַט ערד־אייגנטום,
דערפון האָבן 10 געהאַט, אַחוץ גערטנער אין דער
שטאָט, אויך פעלדער מחוץ דער שטאָט. אין יאָר
1562 האָבן 14 יידישע פאַמיליעס אין פּינסק געהאַט
גערטנער, און עטלעכע רייכע יידן האָבן אויך פאַר־
מאָגט פעלדער פון אַ פּאָר מאָרג ביז 60 מאָרג.

די לובלינער אוניע פון ליטע מיט פוילן, וואָס
האָט אויסגעגלייכט די ליטווישע שלאַכטע מיט דער
פּוילישער בנוגע פּריווילעגיעס, האָט אויך אין ליטע
איינגעשטעלט די פולע העגעמאָניע פון דער שלאַכטע
איבער דער איבעריקער באַפעלקערונג. זינט דעם
סוף פון 16טן י"ה איז לאַנדווירטשאַפט אין ליטע די
הויפּט־באַשעפטיקונג בלויז פון יענע יידישע אַרענ־
דאַרן, וואָס פאַכטן גיטער ביי די פּריצים. אַזעלכע
יידישע אַרענדאַרן, פאַכטער פון גיטער, זיינען דע־
מאָלט, ווי מיר האָבן דערמאָנט, נאָך מער איידער אין
ליטע, געווען פאַרשפּרייט אין די דרום־מזרח־פּראָווינצן
פון פוילן, אין וואָלין, רייסן, פּאָדאָליע און אוקראַינע.
מיטן אויסנאַם פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע אַרענ־
דאַרן האָט לאַנדווירטשאַפט אין 17טן י"ה בדרך כלל
אין דער גאַנצער מלוכה אויפגעהערט צו זיין אַ הויפּט־
באַשעפטיקונג ביי יידן. לאַנדווירטשאַפט איז אָבער
נאָך אַלץ געווען פאַרשפּרייט ווי אַ נעבן־באַשעפטי־
קונג פון יידן סיי אין די דערפער סיי אין די שטעט
אין אַלע געגנטן פון פוילן.

אין די דערפער פלעגן די קרעטשמער, מילנער,
פיש־טייך־אַרענדאַרן און אַנדערע קליינע אַרענדאַרן,
אַחוץ זייער הויפּט־באַשעפטיקונג, אויך פירן אַ קליינע
מילך־ און אַקער־ווירטשאַפט. אָבער אויך אין די
שטעט, בפרט אין די מזרח־פּראָווינצן פון פוילן, פלעגן
יידן פאַרמאָגן פעלדער און גערטנער. אין 16טן
י"ה צאָלן כעלמער יידן דעם דאָרטיקן גלח אַן אָפּ־
צאָל פון זייערע פעלדער. אין דער זעלבער צייט האָבן
יידן פאַרמאָגט גערטנער אין בראָד, דעמאָלט נאָך אַ
קליין שטעטל, אין מיטן מאַרק. אַ פּריווילעגיע פאַר
די פּינסקער יידן פון יאָר 1632 באַשטימט דעם אָפּ־
צאָל, וואָס די יידן דאַרפן געבן דעם סטאַראָסטע

פון זייערע נחלות. . און אין 17טן י״ה האָבן יידן
געהאַט סעדער אין שטעטל באַלעכאָוו. אפילו אין טי־
שאָוויץ, אַ שטעטל אין צענטראַל־פּוילן, האָבן יידן לויט
אַ קיניגלעכער פּריווילעגיע פון יאָר 1657, באַקומען
באַשטעטיקט זייערע רעכט אויף צו פאַרמאָגן גערט־
נער און פעלדער, גלייך ווי די קריסטלעכע שטאָטס־
לייט. אין פּלאָצק זיינען פאַרנאָטירט אין יאָר 1621
2 יידן, וואָס האָבן געדונגען פעלדער פון דער
שטאָט. פון דער צייט פון זיגמונט אויגוסט זיינען
פאַרנאָטירט צוויי פאַלן, וואו דער קיניג האָט יידן
געשענקט קליינע חלקים ערד. דער ייד יעקב דער
גלעזער פון פּרעמישלע האָט באַקומען אַ גאָרטן מיט
אַ האַלבן לאַן (אַ לאַן — 30 מאָרג) פעלד פאַר זיינע
פאַרדינסטן ביים רעמאָנט פון קיניגלעכע שלעסער;
אַן אַנדער ייד, אייזיק, האָט באַקומען פון דעם זעלבן
קיניג אַ לאַן אַקערפעלד, אַ לאָנקע און אַ מיל איז
דער געגנט פון סאָקאָל. דער קליינער שטח פון
דער געשענקטער ערד ווייזט אָן, אַז די יידישע בעלי־
בתים האָבן באַקומען די נחלות כדי זיי אַליין צו
באַאַרבעטן. אַ סך מער, איידער גערטנעריי און
קליינער ערד־באַזיץ, איז געווען פאַרשפּרייט ביי
שטאָטישע יידן אין גאַנץ פּוילן, אַפילו אין די
גרעסטע שטעט, די מילך־ווירטשאַפט. אין אַרכיוו פון
דער יידיש׳ער קהילה אין פּויזן האָט זיך אויפגעהיט
אַ העברעאישער טעקסט פון אַ קיניגלעכער פּרי־
ווילעגיע פאַר יידן, וואָס אַנטהאַלט אַזאַ פּאַראַגראַף
(15): „יידן מעגן פּאַשן זייערע שאָף און רינדער
אין אַלע ערטער, וואו זיי וואוינען אויף די זעלבע
פּאַשע־פעלדער, וואָס די קריסטן און לויט די באַ־
שטימטע פריהייטן". לויט אַן אָפּמאַך פון יאָר 1553
צווישן קראָקעווער קהל און צווישן דעם מאַגיסטראַט
פון קאַזמאַרק און סטראַדעם, האָבן יידן געהאַט דאָס
רעכט צו פּאַשען זייערע בהמות אויף דעם פּאַשע־
פעלד פון דער שטאָט פאַר אַן אָפּצאָל פון 2 גראָשן
פון אַ בהמה. יידן פון פּלאָצק האָבן פאַרמאָגט אין
16טן און 17טן י״ה סטאַדעס רינדער און שאָף, וואָס
האָבן זיך געפּאַשעט אויף די שטאָטישע לאָנקעס. די
דערמאָנטע קיניגלעכע פּריווילעגיע פאַר די יידן אין
פּינסק פון יאָר 1632 באַשטעטיקט זייערע רעכט צו
באַנוצן זיך מיט שטאָטישע פעלדער אויף צו פאַר־
אַקערן און אויף צו פּאַשן בהמות „לויטן אַלטן מנהג"

אין אַ סך שטעט און שטעטלעך, וואו יידן האָבן דאַן
געמוזט פירן אַן עקשנותדיקן קאַמף פאַרן רעכט, אַז
זיי זאָלן מעגן דאָרט בכלל וואוינען, איז אוממעגלעך
געווען פאַר זיי נישט בלויז צו פאַרמאָגן פעלדער און
גערטנער, נאָר אפילו צו האָדעווען בהמות, ווייל די
מאַגיסטראַטן האָבן זיי נישט דערלויבט צו באַנוצן זיך
מיט שטאָטישע פּאַשע־פעלדער. בדרך־כלל איז אָבער
אין יענער צייט נישט בלויז די דאָרפישע, נאָר אויך
די שטאָטישע יידישע באַפעלקערונג פון פּוילן, גע־
ווען פאַרבונדן מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע באַשעפטי־
קונגען, וואו אין אַ גרעסערער און וואו אין אַ קלע־
נערער מאָס. דער פּריצישער מאָנאָפּאָל אויף פרייען
ערד־באַזיץ האָט נישט דערלאָזט, אַז לאַנדווירטשאַפט,
וואָס איז געווען אַן עלעמענט פון יידישן עקאָנאָמישן
לעבן, זאָל זיך אַנטוויקלען ווי אַ ברייטע באַזע פון
באַשעפטיקונג פאַר אַ גרויסער צאָל יידן אין דער
מלוכה.

### 3. די רעכטלעכע לאַגע

די גענעראַל־פּריווילעגיע פון קיניג קאַזימיר
דעם גרויסן, וואָס איז געווען דער יסוד פון דער
רעכטלעכער לאַגע פון די יידן אין פּוילן בעת דעם
שפּעטן מיטלאַלטער, איז פאַרמעל געווען חל אויף
זיי אויך אין דער נייצייט. כמעט אַלע פּוילישע מלכים
פון 16טן און 17טן י״ה, זימונט אויגוסט, סטעפאַן
באַטאָרי, זיגמונט דער דריטער, וולאַדיסלאַוו דער
פערטער, האָבן די דאָזיקע פּריווילעגיע בפירוש באַ־
שטעטיקט. דער קיניג זיגמונט אויגוסט פאַררופט זיך
גאָר אין יאָר 1548, אין דער הקדמה צו דער באַ־
שטעטיקונג פון דער גענעראַל־פּריווילעגיע, אויף
דער שבועה, וואָס ער האָט געהאַט אָפּגעגעבן נאָך
ביים פאָטערס לעבן, מיט 12 יאָר צוריק, וועגן אָפּ־
היטן די פרייהייטן און פּריווילעגיעס פון אַלע זיינע
אונטערטאַנען אין דער מלוכה. די דאָזיקע הקדמה
אילוסטרירט די פּרינציפּיעלע שטעלונג פון פּוילישע
מלכים פון יענער צייט בנוגע די רעכט פון יידן:
יידן זיינען באַטראַכט געוואָרן פאַר אונטערטאַנען, ווע־
מען עס דאַרפן פונקט אַזוי גאַראַנטירט ווערן געוויסע
רעכט און פּריווילעגיעס, ווי אַלע שטאַנדן אין דער
מלוכה. פונקט אַזוי פאַררופט זיך נאָך דער קיניג
וולאַדיסלאַוו דער פערטער אין דער באַשטעטיקונג
פון יידישע פּריווילעגיעס אין יאָר 1633 אויף דער
שבועה, וואָס ער האָט געהאַט אָפּגעגעבן מיט עטלעכע
טעג צוריק, בעת דער קרוינונג, וועגן אָפּהיטן די
רעכט, פּריווילעגיעס און פרייהייטן פון אַלע „גייסט־
לעכע און הדיוטות אָדער מענטשן פון וועלכער נישט
איז אַנדערער פּראָפעסיע אָדער שטאַנד".

כמעט אַלע פּוילישע הערשער האָבן אָבער די
גענעראַל־פּריווילעגיע אויך אויסגעברייטערט דורך
נייע פּריווילעגיעס, וואָס זיינען געווען נויטיק צוליב
געענדערטע עקאָנאָמישע און סאָציאַל־פּאָליטישע באַ־
דינגונגען, כדי צו באַוואָרענען די עקאָנאָמישע רעכט,
די זיכערקייט פון לעבן און פון פאַרמעגן און די
אויטאָנאָמיע פון יידן אין דער גאַנצער מלוכה. אין
יאָר 1527 האָט קיניג זיגמונט דער ערשטער, אין
הסכם מיט אַ באַשלוס פון סיים, אַרויסגעגעבן אַ
דעקרעט, אַז יידישע סוחרים דאַרפן נישט צאָלן קיין
העכערן צאָל און בריק־אָפּצאָל, איידער קריסטלעכע
סוחרים. אין יאָר 1532 האָט דער זעלבער קיניג

אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט, וואו ער דערלויבט יידן אין דער גאַנצער מלוכה זיך צו פאַרנעמען מיט האַנדל „אויף דער וואָג, אויף דער אייל און אויף דער מאָס”, ד. ה. סיי אין הורט, סיי לאחדים. דערביי גיט דער קיניג אָן דעם מאָטיוו, אַז היות די יידן צאָלן שטייערן און טראָגן אויס אַנדערע לאַסטן לטובת דער מלוכה, דאַרפן זיי אויך געניסן פון די רעכט פון אַנדערע אונטערטאַנען.

וואָס שייך די עקאָנאָמישע רעכט פון יידן האָט קיניג סטעפאַן באַטאָרי אין דער פריווילעגיע פון יאָר 1576 באַשטימט, אַז יידן האָבן גלייכע רעכט ווי די קריסטלעכע שטאָטסלייט ; מען טאָר יידן נישט שטערן צו דינגען בעלי־מלאכות כדי צו בויען הייזער ; יידן מעגן פריי און אומגעשטערט זיך באַשעפטיקן מיט אַלע מלאכות.

אין יאָר 1578 האָט דער זעלבער קיניג אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, לויט וועלכן עס ווערן בטל אַלע באַגרענעצונגען, וואָס אַ טייל שטעט האָבן אַדורכגעפירט בנוגע דעם רעכט פון יידן צו וואוינען און צו האַנדלען. דער קיניג זיגמונט דער דריטער האָט אין יאָר 1588 אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, וואָס באַרעכטיקט יידן צו קויפן עסנוואַרג און אַנדערע סחורות אין אַלע שטעט, שטעטלעך און דערפער פון דער מלוכה אָן אַ שום מניעה. יידן ווערט בלויז פאַרווערט אויסצוקויפן סחורות אויף די וועגן וואָס פירן אין שטאָט אַריין. אין דעקרעט ווערט אויך בפירוש אָנגעגעבן דער מאָטיוו, אַז עס איז רעכט, אַז יידן, וואָס באַטייליקן זיך באַדייטנדיק אין צאָלן שטייערן פאַרן קיניג און פאַר דער מלוכה, זאָלן האָבן גלייכע רעכט ביים איינקויפן עסנוואַרג און סחורות. זיין זון, קיניג וולאַדיסלאַוו דעם פערטער, באַשטעטיקט אין יאָר 1633 אַלע ביזאַהעריקע רעכט פון יידן צו האַנדלען און צו באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה, ווי אויך צו בויען הייזער. ער חזרט אויך איבער די באַשטימונג, אַז יידן צאָלן דעם זעלבן צאָל ביים אַדורכפירן סחורות, וואָס אַלע אַנדערע סוחרים פון דער מלוכה.

אַזוי ווי יידן זיינען אין דער דאָזיקער תקופה געוואָרן אַלץ מער אָפּהענגיק פון קרעדיט פון שלאַכטע און גלחים, האָבן קיניגלעכע פריווילעגיעס גענומען אין שוץ יידישע בעלי־חובות קעגן זייערע קרעדיטאָרן. אין יאָר 1551 האָט קיניג זיגמונט אויגוסט באַשטימט, אַז בנוגע אַ יידישן בעל־חוב דאַרף מען פאָרגיין אויפן געזעצלעכן וועג און נישט מיט געוואַלט. אויב דער ייד האָט נישט קיין געלט צו באַצאָלן דעם חוב, דאַרף ער איינלייגן אַ משכון ביי אַ ייד און נישט ביי קיין קריסט. אין יאָר 1564 האָט דער זעלבער קיניג אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט אויפן סיים אין פיעטריקאָוו, אַז אַ יידישער בעל־חוב, וואָס שטעלט צו אַן ערבות־מאַן, טאָר נישט אַריינגעזעצט ווערן אין תפיסה. אויב ער שטעלט



נישט צו קיין ערבות־מאַן, מעג מען אים איינזעצן אין אַ געוויינלעכער תפיסה, אָבער נישט אין אַן אונטערערדישער תפיסה. אַלס אַן ערבות־מאַן מעג פאַר אים האַפטן סיי אַ ייד, סיי אַ קריסט. קיניג סטעפאַן באַטאָרי האָט באַשטימט אין דער פריווילעגיע פאַר יידן פון יאָר 1576, אַז נאָכן טויט פון אַ יידישן בעל־חוב דאַרף זיין אלמנה קודם־כל אָפּנעמען איר נדן און ערשט דערנאָך מעגן די קרעדיטאָרן אָפּנעמען זייער חוב. קיניג וולאַדיסלאַוו דער פערטער האָט באַשטימט אין אַ פריווילעגיע פון יאָר 1635, אַז דער עלטסטער פון דער קהילה (דער פרנס) און די קרובים פון אַ ייד, וואָס האָט באַנקראָטירט, זיינען נישט מחוייב צו סילוקן זיינע חובות און אויך נישט צוצושטעלן דעם אַנטלאָפענעם באַנקראָטיר צום געריכט, סיידן זיי האָבן זיך דערצו בפירוש געהאַט מתחייב געווען.

די רעליגיעזע פרייהייט פון יידן איז גאַראַנטירט געוואָרן דורך קיניג סטעפאַן באַטאָרי אין יאָר 1576 אין די ווייטערדיקע פאַראַגראַפן : אַ ייד איז מחוייב צו שווערן בלויז אויף אַ ספר־תורה ביי וויכטיקערע ענינים, ביי דער קייט פון דער טיר פון דער שול ביי ווייניקער וויכטיקע ענינים. די דאָזיקע איבערחזרונג פון דער באַשטימונג פון קאָלישער סטאַטוט איז נויטיק געווען צוליב דער פראַקטיק פון געוויסע בייזוויליקע באַאַמטע, וואָס האָבן אַריינגעטייטשט אין דעם פאַראַגראַף פון סטאַטוט, אַז אַ ייד דאַרף שווערן שטייענדיק אויף אַ פעל פון אַ חזיר *). אַ ייד טאָר נישט געלאָדן ווערן אין געריכט אום שבת אָדער אום יום־טוב. אויב אַ ייד שמדט זיך און האָט חתונה נאָך אַמאָל מיט אַ קריסטין, האָבן די קינדער פון זיין ערשטן ווייב די בכורה צו ירשענען זיין פאַרמעגן לגבי די קינדער פון זיין צווייטן ווייב.

די אויטאָנאָמיע פון יידן איז באַוואָרנט געוואָרן אין די ווייטערדיקע פריווילעגיעס : אין יאָר 1551 האָט קיניג זיגמונט אויגוסט אַרויסגעגעבן אין ווילנע אַ פריווילעגיע פאַר די יידן פון דער מלוכה, וואו עס ווערט באַשטימט, אַז יעדע יידישע קהילה האָט אַ רעכט זיך אויסצוקלייבן אַן אייגענעם רב („דאָקטאָר”), וואָס זאָל די יידן משפטן. אַ ייד, וואָס פאָלגט נישט דעם פסק־דין פון רב, וועט באַשטראָפט ווערן דורך דעם קיניג מיט טויט און מיט קאָנפיסקאַציע פון פאַרמעגן. דער רב איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר קיין שום משפט נאָר פאַר דעם קיניג אַליין. דער דאָזיקער דעקרעט איז איבערגעחזרט גע־

---

*) „ראָדאַלע” הייסט אויף לאַטייניש דאָסזעלבע, וואָס אויף העברעאיש „מגילה”, אַ צוזאַמענגעוויקלטער פאַרמעט, ד. ה. די תורה. בייזוויליקע באַאַמטע אין פוילן, פונקט ווי אין דייטשלאַנד נאָך פריער, בעת דעם מיטלאַלטער, פלעגן אַריינטייטשן אין דעם וואָרט די באַדייטונג „חזיר־פעל”. אַזוי אַרום האָבן זיי זיך באַמיט צו מאַכן די צערעמאָניע פון דער שבועה ווי ווייט מעגלעך דערנידערנדיק פאַרן ייד.

וואָרן אין דער פריווילעגיע פון קיניג סטעפאַן באַטאָרי אין 1576. אין דער זעלבער פריווילעגיע האָט קיניג סטעפאַן באַטאָרי באַשטימט, אַז דער וואָיעוואָדע און זיין שטעל־פאַרטרעטער טאָר נישט משפטן יידן אָן דעם אָנטייל פון יידישע בייזיצערס (אַסעסאָרן) און אַז ער מעג אַרויסטראָגן דעם פסק ערשט נאָך דעם, ווי ער האָט אויסגעהערט זייער מיינונג. דער שרייבער פון דעם דאָזיקן יידישן געריכט מעג באַשטימט ווערן און אויך אַראָפגעזעצט ווערן נאָר מיט דעם הסכם פון דעם יידישן עלטסטן (פרנס).

שוץ פון יידן קעגן עלילת־דם איז פאַרזיכערט אין די ווייטערדיקע פריווילעגיעס: אין יאָר 1557 האָט קיניג זיגמונט אויגוסט אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, לויט וועלכן פראָצעסן פון עלילת־דם אָדער וועגן שענדן די האָסטיע טאָרן נישט פאַרקומען ערגעץ אַנדערש, ווי נאָר פאַר דעם געריכט פון סיים, אין בייזיין פון קיניג און פון זיינע העכסטע באַאַמטע. אין די יאָרן 1564 און 1566 האָט דער קיניג אַרויסגעגעבן נאָך צוויי דעקרעטן, וואו ער פאַררופט זיך אויף בולעס פון פויפסטן ווי אַ באַווייז, אַז דאָס באַשולדיקן יידן אין באַנוצן בלוט איז נישט מער ווי אַ בילבול. דער קיניג באַשטימט, אַז אויף להבא זאָלן עלילת־דם־פראָצעסן קענען פאַרקומען בלויז דעמאָלט, ווען די באַשולדיקונג שטעלט צו 4 קריסטלעכע און 3 יידישע עדות. דערביי ווערט איבערגעחזרט די באַשטימונג, אַז דעם ענדגילטיקן פסק־דין מעג אַרויסגעבן בלויז דאָס סיים־געריכט מיטן אָנטייל פון קיניג. דער קיניג סטעפאַן באַטאָרי האָט אין יאָר 1576 אַרויסגעגעבן צוויי דעקרעטן, וואָס האָבן נאָך מער געזאָלט באַשיצן יידן קעגן עלילת־דם: פאַר אַ בילבול וועגן ריטואַל־מאָרד און אפילו פאַר פאַרשפרייטן קלאַנגען וועגן ריטואַל־מאָרד קומט די זעלבע שטראָף, וואָס האָט געדראָט דעם אומשולדיקן ייד, דהיינו טויט־שטראָף. מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דער קאַטוילישער רעאַקציע צום סוף פון 16טן און אין 17טן י״ה, אונטער דער הערשאַפט פון די מלכים זיגמונט דעם דריטן און וולאַדיסלאַוו דעם פערטן, זיינען אַזעלכע בפירושע דעקרעטן קעגן עלילת־דם שוין נישט איבערגעחזרט געוואָרן. דאָך האָט דער קיניג וולאַדיסלאַוו, וואָס איז געווען מער ליבעראַל, איידער זיין פאָטער זיגמונט, באַוואָרנט אין דער פריווילעגיע פאַר יידן פון יאָר 1633, אַז די שטאָטישע געריכטן טאָרן נישט משפטן יידן פאַר פאַרברעכנס: משפטן דאַרף אין אַזעלכע פאַלן דאָס געריכט פון סטאַראָסטע בשותפות מיטן געריכט פון וואָיעוואָדע און מיטן אָנטייל פון אַ קיניגלעכן קאָמיסאַר.

כדי אַנטקעגנצוווירקן אָנפאַלן אויף יידן און פאָגראָמען, האָט קיניג זיגמונט אויגוסט אין יאָר 1571 באַשטימט, אַז די שטאָט־מאַגיסטראַטן זיינען פאַראַנטוואָרטלעך אין אַזעלכע פאַלן, אויב זיי האַלטן זיך אָפּ פון פאַרטיידיקן יידן. די שטעט, וואָס זיינען שולדיק אין אָפּגעלאָזנקייט אין אַזעלכע פאַלן, פאַרלירן דאָס ערבות־געלט פון 10 טויזנט פוילישע מאַרק, וואָס זיי זיינען שוין פריער געווען מחוייב איינצולייגן. פאַר הרגענען אַ ייד קומט טויט־שטראָף און קאָנפיסקאַציע פון פאַרמעגן. אויך קיניג וולאַדיסלאַוו דער פערטער האָט אין דער דערמאָנטער פריווילעגיע פון יאָר 1633 געדראָט די שטעט מיט פאַרלירן דאָס ערבות־געלט, אויב זיי וועלן נישט פאַרטיידיקן יידן קעגן אָנפאַלן.

אַחוץ די דאָזיקע אַלגעמיינע פריווילעגיעס פאַר די יידן פון דער גאַנצער מלוכה האָבן די פוילישע מלכים אין דער דאָזיקער תקופה אַרויסגעגעבן אַ גרויסע צאָל ספעציעלע פריווילעגיעס פאַר יידן פון באַזונדערע קהילות. די מערסטע פון די דאָזיקע ספעציעלע פריווילעגיעס פלעגן געגעבן ווערן די יידישע קהילות אין די גרעסטע שטעט פון פוילן און ליטע, ווי קראָקע, פויזן, לעמבערג, בריסק, גראָדנע, ווילנע אאַז״וו. יעדע גרויסע יידישע קהילה פלעגט זיך משתדל זיין ביי יעדן נייעם קיניג, ער זאָל באַשטעטיקן די פריווילעגיעס, וואָס זי האָט געהאַט פון די פריערדיקע מלכים. אַזוי האָט, למשל, די יידישע קהילה אין קראָקע פאַרמאָגט צום סוף פון 18טן י״ה אין איר באַזיץ עלף ספעציעלע פריווילעגיעס, וואָס זיינען איר געגעבן געוואָרן פון אַ רייע פוילישע מלכים. אָבער אויך קלענערע יידישע קהילות אין די קיניגלעכע שטעט אויפן שטח פון דער גאַנצער מלוכה האָבן געהאַט באַזונדערע פריווילעגיעס פון פוילישע מלכים. אַפילו אַזעלכע קליינע שטעט ווי פאַרטשעוו, טישאָוויץ, שניאַטין, בוסק, העליטש און אַנדערע האָבן פאַרמאָגט ספעציעלע פריווילעגיעס פון זייערע יידישע קהילות, נישט מער, וואָס די דאָזיקע קליינע קהילות האָבן זיך נישט באַמיט אַזוי אָפט ווי די גרויסע וועגן נייע באַשטעטיקונגען פון זייערע פריווילעגיעס. די ספעציעלע פריווילעגיעס האָבן על־פי־רוב אַנטהאַלטן נישט מער ווי די בפירושע באַשטעטיקונג פאַר דער געגעבענער קהילה פון יענע רעכט, וועלכע דער קיניג האָט סיי ווי געהאַט באַשטימט אין דער אַלגעמיינער פריווילעגיע פאַר יידן פון דער גאַנצער מלוכה: דאָס רעכט פון פרייען האַנדל און האַנטווערק, די גלייכקייט מיט אַנדערע שטאָטסלייט אין ענין פון צאָל, שוץ קעגן אָנפאַלן און פאָגראָמען, אויטאָנאָמע יידישע געריכטן אד״גל.

שוין דער פאַקט אַליין, וואָס יעדע קהילה פון אַ קיניגלעכער שטאָט האָט באַזונדער געמוזט אויספועלן פאַר זיך די יעניקע רעכט, וואָס זיינען געהאַט גאַראַנטירט געוואָרן פאַר יידן פון גאַנץ פוילן דורך

אַלגעמיינע פריווילעגיעס, ווייזט אָן, אַז עס איז נויטיק געווען אַ באַזונדערער חיזוק פאַר די באַשטימונגען פון די אַלגעמיינע פריווילעגיעס, כדי זיי זאָלן אויסגעפירט ווערן אין דער פראַקטיק. סיי די אַלגעמיינע, סיי די ספעציעלע פריווילעגיעס, וואָס די מלכים האָבן אַרויסגעגעבן פאַר יידן, זיינען על־פי־רוב געווען אין אַ בפירושער סתירה מיט די פריווילעגיעס, וואָס די זעלבע מלכים פלעגן אַרויסגעבן פאַר די באַזונדערע שטעט און פאַר איינצלנע צעכן פון בעלי־מלאכות. ביידע צדדים, די יידן און די שטאָט־ראַט, אָדער די יידן און די צעכן, פלעגן דערפאַר יעדע עטלעכע יאָר זיך ווענדן צום קיניג וועגן אַן אַנטשיידונג אין זייערע סיכסוכים. דער קיניג פלעגט אין אַזעלכע פאַלן אַמאָל אַנטשיידן לטובת איין צד, אַמאָל לטובת דעם אַנדערן. נאָך אָפטער פלעגט זיין אַנטשיידונג באַשטיין אין באַשטעטיקן אַ קאָמפראָמיס צווישן די פאָדערונגען פון ביידע קעמפנדיקע צדדים. דער קאָמפראָמיס פלעגט על־פי־רוב געשלאָסן ווערן דורך די צדדים גופא, אַמאָל מיט דער באַטייליקונג פון אַ ספעציעלן קיניגלעכן קאָמיסאַר. היות ווי אַזאַ קאָמפראָמיס האָט תמיד באַגרענעצט די יידן בנוגע דעם רעכט צו וואוינען אין דער שטאָט, צו האַנדלען און צו באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה, פלעגט ער תמיד האָבן אַ פראָוויזאָרישן כאַראַקטער: יידן האָבן נישט געקאָנט קיינמאָל אויסקומען מיט דער צאָל הייזער, וואָס איז פאַר זיי באַשטימט געוואָרן, בפרט נאָך אַ געוויסער צייט, ווען די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרמערט; יידן זיינען נישט אימשטאַנד געווען אָפצוהיטן די באַגרענעצונגען פון זייער רעכט אויף האַנדל און מלאכה, ווייל דאָס זיינען געווען זייערע הויפט־קוואַלן פון פרנסה אין די שטעט. זייער אָפט פלעגן די אָפמאַכן צווישן דעם שטאָט־ראַט און צווישן דער יידישער קהילה לכתחילה געשלאָסן ווערן בלויז אויף אַ באַשטימטער צייט, אויף עטלעכע יאָר און נאָך דעם דאָזיקן טערמין פלעגט מען זיך אויפסניי דינגען וועגן אַלע באַזונדערע פראַגן, איידער מען האָט געשלאָסן אַ נייעם אָפמאַך. אַזוי פלעגן די קעמפנדיקע צדדים אומאויפהערלעך זיך ווענדן נאָך אינטערווענץ צו דער קיניגלעכער מאַכט און פאַר דער אינטערווענץ פלעגט סיי דער קיניג, סיי זיינע באַאַמטע, נעמען יעדעס מאָל אַ באַדייטנדיקע געלט־סומע . . . די סיכסוכים צווישן די יידן און די איינצלנע שטעט, אָדער איינצלנע צעכן, וואָס זיינען אויסגעבראָכן אין אָנהויב פון דער נייצייט, האָבן זיך געצויגן בערך 300 יאָר און זיינען ערשט איבערגעריסן געוואָרן דורך דער צעטיילונג פון דער פוילישער מלוכה.

לאָמיר איצט באַטראַכטן די באַזונדערע שטרייט־פראַגן צווישן די שטעט און די יידן און די רעזולטאַטן פון אומאויפהערלעכן קאַמף:



## א) דאָס וואוינרעכט אין די שטעט

דאָס מאַקסימאַלע פראָגראַם פון מיעשטשאַנעס בנוגע יידן איז באַשטאַנען אין אַבסאָלוטן פאַרבאָט פון וואוינרעכט אין דער שטאָט. פון די גרעסטע שטעט אין פוילן האָבן יידן אין דער דאָזיקער תקופה געמעגט וואוינען בלויז אין פויזן און אין לעמבערג. אין קראָקע גופא האָבן יידן נישט געטאָרט וואוינען זינט דעם גירוש פון 1495, ווען זיי האָבן זיך באַזעצט אין דער פאַרשטאָט קאַזמאַרק. אין וואַרשע איז נאָך עטלעכע גירושים יידן פאַרבאָטן געוואָרן צו וואוינען זינט 1527, ווען דאָס פירשטנטום מאַזאָוויע איז פאַראייניקט געוואָרן מיט קרוינפוילן. אין לובלין האָבן יידן געמעגט וואוינען בלויז אויף דער פאַרשטאָט פאָדזאַמטשע („אונטערן שלאָס”), אָבער נישט אין דער שטאָט גופא. אין ווילנע האָט דער שטאָט־ראַט אין יאָר 1527 באַקומען אַ פריווילעגיע פון קיניג וואָס האָט פאַרווערט יידן צו וואוינען און צו האַנדלען אין דער שטאָט. אין קיעוו האָבן די מיעשטשאַנעס אין 17טן י״ה געשטערט יידן צו באַזעצן זיך אין דער שטאָט און אין יאָר 1619 האָבן זיי אפילו אויסגעפועלט ביים קיניג זיגמונט דעם 3טן אַ דעקרעט וואָס האָט באַרעכטיקט זייערע פאָדערונגען און פאַרבאָטן יידן צו וואוינען אין דער שטאָט.

נאָך אין משך פון 16טן י״ה, ווען די פאָליטיק פון די מלכים לגבי יידן איז בדרך כלל געווען אַ סך ליבעראַלער איידער אין די שפעטערדיקע יאָרהונדערטער, האָבן אַחוץ די אויסגערעכנטע גרעסטע שטעט, אויך אַ רייע גרעסערע שטעט און שטעטלעך פון פוילן אַרויסבאַקומען קיניגלעכע דעקרעטן, וואָס האָבן פאַרבאָטן יידן דאָרט צו וואוינען. אַזעלכע פריווילעגיעס האָבן געהייסן „פריווילעגיע וועגן נישט טאָלערירן יידן (Privilegium de non tolerandis Judaeis) אַזעלכע פריווילעגיעס האָבן שוין דעמאָלט פאַרמאָגט די שטעט: קראַסניסטאַוו, בידגאָשטש (בראָמבערג), וויעליטשקע, סאַמבאָר, וויעלון, בייטש (ביעטש), קראָסנע, פילזנע, דראָהאָביטש, אָפאָטשנאָ, לאָמזשע, לוויוויטש (אונטער דער הערשאַפט פון אַרצי־בישאָף) א״אַ. אין 17טן י״ה איז נאָך צוגעקומען אַ רייע אַנדערע שטעט וואָס האָבן פאַרטריבן יידן אָדער באַקומען פון קיניג אַ באַשטעטיקונג פון דער פריווילעגיע וועגן נישט טאָלערירן יידן: באָכניע, פיעטריקעוו, ראַדעם און אַנדערע. בלויז אין דעם מערב־־טייל פון דער פראָווינץ גרויספוילן זיינען צום סוף פון 18טן י״ה געווען לכל־הפחות 30 שטעט און שטעטלעך, וואו יידן האָבן לויט די שטאָטישע פריווילעגיעס נישט געטאָרט וואוינען.

קעגן די דאָזיקע ברוטאַלע גזירות האָבן זיך יידן אָבער אין אַ גרויסער מאָס אַן עצה געגעבן סיי אַדאַנק זייער ראָלע אין האַנדל און האַנטווערק, סיי

אַדאַנק דעם שוץ מצד דעם הערשנדיקן שטאַנד פון דער שלאַכטע. אפילו די שטעט וואָס האָבן געהאַט די פריווילעגיעס וועגן נישט טאָלערירן יידן זיינען געווען געצוואונגען אַריינצולאָזן יידן אין דער צייט פון ירידים: דאָס איז געשען נישט בלויז אַדאַנק בפירושע קיניגלעכע דעקרעטן, וואָס האָבן באַרעכטיקט יידן צו באַזוכן ירידים אין אַלע שטעט פון דער מלוכה; די שטעט אַליין האָבן איינגעזען, אַז די ירידים וואָלטן נישט געהאַט קיין פעולה אָן דער באַטייליקונג פון יידישע סוחרים און בעלי־מלאכות. יידן, וואָס האָבן געהאַט אַ צוטריט אין דער שטאָט אין דער צייט פון יריד, פלעגן זיך באַמיען מיט אַלע המצאות צו בלייבן דאָרט אויך נאָכדעם ווי דער יריד האָט זיך געענדיקט. אין די גרעסערע שטעט האָבן יידן געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַזעצן און צו עפענען געוועלבער און וואַרשטאַטן אין די שטאָט־טיילן וואָס האָבן געהערט צו פריצים, אין קלענערע שטעט פלעגן יידן זיך באַזעצן אין די פאָרשטעט וואָס האָבן געהערט צו די פאַרוואַלטערס פון פאָוויאַט, די סטאַראָסטעס. די דאָזיקע באַזיצונגען פון די פריצים, סטאַראָסטעס, גלחים און מאָנאַכן־אָרדנס (יעזואיטן א"אַ) זיינען געווען אויסגעטיילט אין „יורידיקעס", ד"ה זיי זיינען נישט געווען אונטערגעוואָרפן דער מאַכט פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, און דאָס שטאָטישע רעכט איז אויף זיי ניט געווען חל. פון די דאָזיקע יורידיקעס פלעגן יידן מיט דער צייט זיך אויסשפרייטן אויך אין די שכנותדיקע גאַסן און קוואַרטאַלן, וואָס זיינען געווען פאַרוואַלטעט דורך דער שטאָט. אַ קלאָרע אילוסטראַציע פון אַדורכברעכן די פריווילעגיע וועגן נישט טאָלערירן יידן איז די שטאָט ווילנע. אין ווילנע האָבן יידן אַדאַנק דעם שוץ פון די באַזיצער — פון יורידיקעס, די סלוצקער פירשטן, שוין אין יאָר 1573 אויפגעבויט אַן אייגענע שול, און אין יאָר 1592 ווערט שוין דאָרט דערמאָנט אַ יידישע גאַס. אין משך פון דער צייט איז די יידישע קהילה אין ווילנע אַזוי שטאַרק אויסגעוואַקסן, אַז שוין אין 17טן י"ה האָט זי זיך געציילט צווישן די גרעסטע יידישע קהילות אין לאַנד. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען מיט דער יידישער קהילה אין לובלין, איינער פון די הויפט־קהילות אין קרוינפוילן. אויך אין וואַרשע האָבן יידן אָנגעהויבן זיך צו באַזעצן אין 17טן י"ה אַדאַנק דעם געזעץ, וואָס האָט זיי דערלויבט אַריינצוקומען אויף דער צייט פון די באַראַטונגען פון סיים, אָבער ערשט אין 18טן י"ה איז דאָרט אַנטשטאַנען אַ גרויסע יידישע קהילה. אין די קלענערע שטעט, ווי סאַמבאָר, דראָהאָביטש, ראַדעם, פיעטריקעוו, בידגאָשטש, לאָמזשע, לוויוויטש, האָבן יידן זיך באַזעצט אין די פאָרשטעט און אין אַ טייל פון זיי (דראָהאָביטש, סאַמבאָר) אַריינגעדרונגען אין דער שטאָט גופא, וואו זיי האָבן מיט דער צייט געהאַט גרויסע קהילות. בלויז אין די גאָר קליינע שטעטלעך, ווי באָכניע, קראַסנע, בייטש, יאַסלע א"אַ, וואו יידן האָבן נישט געקאָנט געפינען קיין שוץ אין פריצישע יורידיקעס, האָבן זיי ביז צום סוף פון 18טן י"ה אָדער בכלל נישט געוואוינט, אָדער אין אַ צאָל פון ווינציקע משפחות.

אָבער אויך אין די קיניגלעכע שטעט, וואו יידן האָבן געמעגט וואוינען, זיינען זייערע וואוין־רעכט על־פי־רוב געווען באַגרענעצט סיי לויט די גאַסן, סיי לויט דער צאָל הייזער. די מיעשטשאַנעס האָבן זיך באַזונדערס באַמיט, אַז יידן זאָלן נישט וואוינען אין מאַרק און אין די גאַסן וואָס פירן צום מאַרק, כדי זיי זאָלן נישט באַהערשן דעם האַנדל פון דער שטאָט. אפילו אין אַ טייל קליינע שטעטלעך פלעגן די שטאָט־ראַטן אויספועלן פריווילעגיעס, וואָס האָבן יידן נישט צוגעלאָזט צו עפענען געוועלבער אין מאַרק. אין די גרויסע שטעט, ווי פויזן, קראָקע (קאַזמאַרק), לעמבערג האָבן די יידן געוואוינט אין באַזונדערע קוואַרטאַלן, געטאָס, וואָס זיינען אפילו געווען אָפגעטיילט דורך מויערן (קראָקע) אָדער דורך טויערן. די טויערן פון געטאָ פלעגן פאַרמאַכט ווערן אויף ביינאַכט, בעת קריסטלעכע פראָצעסיעס און בעת אָנפאַלן. אפילו אין אַ טייל קליינע שטעט, ווי שניידעמיל (פילאַ) איז דער יידישער קוואַרטאַל געווען אָפגעגרענעצט דורך אַ גרוב.

דער יידישער קוואַרטאַל פלעגט אומעטום זיין באַגרענעצט לויט די גאַסן, וואָס ער האָט אַרומגענומען, על־פי־רוב אויך לויט דער צאָל הייזער, וואָס יידן האָבן געמעגט באַוואוינען. אין קראָקע האָט זיך געפירט אַ קאַמף פון יידן מיט דעם מאַגיסטראַט פון קאַזמאַרק וועגן די גרענעצן פון דער „יידישער שטאָט" אין משך פון גאַנצן 16טן י"ה. נאָך אַן אָפמאַך אין יאָר 1553 איז געקומען אַ נייער אָפמאַך אין יאָר 1583 און ערשט אין יאָר 1608 זיינען סטאַביליזירט געוואָרן די גרענעצן פון יידישן געטאָ. אין לעמבערג האָבן יידן געפירט פראָצעסן דורך צענדליקער יאָרן אין 16טן און 17טן י"ה מיט דער שטאָט און מיט די יעזואיטן וועגן די גרענעצן פון געטאָ און וועגן רעכט צו פאַרבויען באַשטימטע פלעצער. אין פויזן איז די צאָל יידישע הייזער פאַרגרעסערט געוואָרן לויט אַן אָפמאַך פון יאָר 1558 פון 49 אויף 80 און אין דער ערשטער העלפט פון 17טן י"ה אויף קרוב 140. אויך אין קלענערע שטעט ווי פלאָצק, בריסק קויאַווסקי, ווייסליץ (ווישליצע), שניידעמיל (פילאַ) א"אַ איז דער יידישער קוואַרטאַל געווען באַגרענעצט סיי בנוגע דעם פלאַץ, סיי בנוגע דער צאָל הייזער וואָס יידן האָבן געמעגט אויפבויען. יעדער נייער פלאַץ, וואָס יידן האָבן פאַרבויט, יעדעס נייע הויז, וואָס יידן האָבן אָפגעקויפט ביי אַ קריסט, איז געווען אַ סיבה פון נייע יאָרנלאַנגע פראָצעסן צווישן

דער שטאָט און צווישן דער יידישער קהילה. נישט אַנדערש איז אין דעם דאָזיקן פּרט געווען די לאַגע אין גרעסערע שטעט, וואָס זיינען געווען אַן אייגנטום פון פּריצים. אין דער שטאָט ליסע (לעשנאָ), וואָס האָט געהערט צו די מאַגנאַטן לעשטשינסקיס, האָבן יידן געמעגט וואוינען בלויז אין די גרענעצן פון באַזונדערן יידישן קוואַרטאַל.

צוליב דער באַגרענעצונג פון וואוין־רעכט פון די יידן אין די גרעסערע שטעט איז די ענגשאַפט אין די יידישע קוואַרטאַלן געווען אויסטערליש. אין פּויזן זיינען אין יאָר 1619 לויט דעם באַריכט פון אַ קאָמיסיע געווען יידישע הייזער, וואו עס האָבן געוואוינט 12 פאַמיליעס אין 5 שטובן און אפילו 10 פאַמיליעס (38 פּערזאָנען) אין 3 שטובן. צוליב דעם דוחק אין פּלאַץ פלעגט מען בויען אפילו הילצערנע הייזער צווייסטאָקיקע און נישט זעלטן אויך דרייסטאָקיקע. די רעזולטאַטן פון דער ענגשאַפט זיינען געווען קאַטאַסטראָפאַלע: עס פלעגן אָפט אויסברעכן שׂרפות, וואָס האָבן חרוב געמאַכט די יידישע גאַס ביז צום גרונט, און עס פלעגן זיך לייכט פאַרשפּרייטן מגפות וואָס האָבן פאַרטיליקט הונדערטער לעבנס.

כדי כאָטש טיילווייז צו באַרעכטיקן דאָס אַריינקוועטשן די יידישע באַפעלקערונג אין געטאָ, פלעגן די מלכים אין אַ רייע שטעט גיבן די יידן די פּריווילעגיע וועגן נישט באַזעצן אין זייערע קוואַרטאַלן קיין קריסטן (privilegium de non tolerandis Christianis). אַזאַ פּריווילעגיע האָט פאַרמאָגט די יידישע קהילה אין קראָקע שוין אין 16טן י״ה, די יידישע קהילה אין פּויזן און אַ רייע גרעסערע יידישע קהילות אין ליטע — אין 17טן י״ה. די יידישע קהילות אין לובלין און אין לעמבערג האָבן נישט געהאַט קיין רעכט צו פאַרווערן קריסטן צו באַזעצן זיך אין יידישן קוואַרטאַל: עס האָבן געוואוינט אין דאָרטיקע געטאָס פּריצים, גלחים און מיעשטשאַנעס, עס האָבן זיך אויך דאָרט געפונען קירכעס און קלויסטערס און דאָך האָבן יידן נישט געהאַט קיין רעכט אויסצוברייטערן דעם ענגן תחום פון זייערע געסלעך.

## ב) דער קאַמף פאַר רעכט צו האַנדלען

דער עקשנותדיקער קאַמף צווישן די שטאָט־ראַטן און די יידן האָט זיך געפירט קודם־כל וועגן די רעכט פון יידן צו האַנדלען. די מיעשטשאַנעס האָבן געשטרעבט מיט אַלע כוחות צו באַגרענעצן די קאָנקורענץ מצד די יידישע סוחרים און קרעמער ביז צו אַ מינימום. צום סוף פון 15טן י״ה זיינען נאָך די גרעסטע שטעט, ווי לעמבערג, קאַזימיר, קראָקע, פּויזן, אַרויסגעטרעטן מיטן מאַקסימאַלן פּראָגראַם פון פאַרבאָטן דעם יידישן האַנדל בכלל. אין 16טן י״ה האָט שוין דער יידישער האַנדל געשפּילט אַזאַ געוואַלטיקע ראָלע אין דער ווירטשאַפט פון לאַנד, אַז עס וואָלט געווען אַן אַבסורד מצד די שטעט אַרויסצושטעלן די פאָדערונג פון פולשטענדיקן פאַרבאָט פון יידישן האַנדל. זייט דעמאָלט באַמיען זיך די שטאָט־ראַטן צו באַגרענעצן דעם יידישן האַנדל אויף אַלע מינים אופנים. די מאַקסימאַלע פאָדערונג איז געווען, אַז יידן זאָלן מעגן האַנדלען בלויז אין די טעג פון ירידים, עווענטועל אויך אין מאַרק־טעג. היות די דאָזיקע פאָדערונג איז שווער געווען אַדורכצופירן, האָט מען אַרויסגעשטעלט ווייטערדיקע פאָדערונגען: פאַרווערן לחלוטין אָדער כמעט אינגאַנצן דעם יידישן האַנדל לאחדים; באַגרענעצן דעם הורט־האַנדל בלויז צו באַשטימטע אַרטיקלען, באַזונדער פאַרווערן דעם האַנדל מיט תבואה, האָבער, עסנוואַרג, מיט רוישטאָפן, ווי לעדער און פעל, מיט באַשטימטע אַרטיקלען וואָס קריסטלעכע בעלי־מלאכות פלעגן אויסאַרבעטן, ווי שיך, פוטערס, קליידער מיט געוויסע טייערע זייד — און וואָל־שטאָפן; פאַרווערן דעם האַנדל מיט משקאות אָדער באַגרענעצן אים בלויז צום יידישן געברויך; פאַרווערן יידן צו עפענען געשעפטן און מאַגאַזינען אין מאַרק אָדער אין אַנדערע גאַסן פון דער שטאָט; פאַרבאָטן יידן איינצוקויפן עסנוואַרג און רוישטאָפן אויפן מאַרק ביז אַ באַשטימטער שעה אין טאָג, כדי די קריסטלעכע קונים זאָלן פריער מאַכן זייערע איינקויפן; פאַרווערן פעדלעריי אין די גאַסן און אין די הייזער; פאַרווערן האַנדל אום זונטיק און קריסטלעכע חגאות אאַז״וו.

די שאַרפסטע קאָנצענטרירטע אַטאַקע קעגן יידישן האַנדל איז אַדורכגעפירט געוואָרן אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן דורך אַלע גרעסערע שטעט אין פוילן, ווי פּויזן, קראָקע, לעמבערג, לובלין, פּלאָצק א״אַ אין יאָר 1521. די גרעסערע שטעט האָבן דעמאָלט געשיקט זייערע דעלעגאַטן אויפן סיים קיין פּיעטריקעוו און דער קיניג, זיגמונט דער 1טער, האָט אַרויסגעגעבן דעקרעטן וועגן די באַזונדערע שטעט, וואָס האָבן כמעט אינגאַנצן פאַרבאָטן דעם יידישן לאחדים־האַנדל און באַגרענעצט דעם הורט־האַנדל פון יידן סיי לויט די סחורות סיי לויט דער סומע. אַזוי האָט למשל דער קיניגלעכער דעקרעט וועגן לעמבערג באַשטימט, אַז יידן טאָרן נישט האַלטן קיין געוועלבער, זיי מעגן פאַרקויפן וואָל־שטאָפן אויפן לעמבערגער יריד אָבער בלויז אין הורט, נישט לאחדים, זיי טאָרן נישט האַנדלען מיט קיין אַנדערע סחורות און טאָרן זיך נישט פאַרנעמען מיט גאַסן־האַנדל. אין פּויזן איז לויטן קיניגלעכן דעקרעט (פון יאָר 1523) פאַרבאָטן געוואָרן יידן צו האַנדלען לאחדים כמעט מיט אַלע וויכטיקסטע סחורות און צו פעדלען מיט סחורות איבער די הייזער. וועגן קראָקע האָט דער קיניג דעקרעטירט, אַז דער אָפּמאַך פון יאָר 1485, וואָס האָט געהאַט אינגאַנצן פאַרווערט דעם

יידישן האַנדל, אַחוץ האַנדל מיט משכונות און מיט אויסאַרבעטונגען פון יידישע בעלי־מלאכות (פוטערנע קאָלנערס און היטלעך), איז ווייטער אין קראַפט. אין פּלאָצק האָט דער קיניג באַגרענעצט דעם יידישן האַנדל מיט שטאָפן, וואָל און מיט בשמים בלויז צו הורט־האַנדל.

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז די גזירות קעגן יידישן האַנדל האָבן נישט געקאָנט אַדורכגעפירט ווערן אין דער פּראַקטיק, כאָטש זיי האָבן פאַרשווערט די פּרנסה פון די יידישע סוחרים בפרט פון די קרעמער און הענדלער. די מלכים אַליין זיינען געווען געצוואונגען צו נעמען אין שוץ דעם יידישן האַנדל נישט נאָר צוליב זיין באַדייטונג פאַר דער ווירטשאַפט פון דער מלוכה נאָר אויך צוליב זייערע אייגענע פּי־נאַנציעלע אינטערעסן. ווען די גזירות קעגן יידישן האַנדל וואָלטן געווען אויסגעפירט געוואָרן לויטן בוכשטאַב פון געזעץ מיט זייער גאַנצער שאַרפקייט, וואָלט דער קיניג געווען פאַרלאָרן איינעם פון די וויכטיקסטע מקורים פון די שטייער־הכנסות. די שלאַכטע, וואָס האָט געהאַט די דעה אין דער מלוכה, האָט על־פּי־רוב געשטיצט די פאָדערונג פון פרייע האַנדלסרעכט פאַר יידן, ווייל דאָס איז געלעגן אין אירע אינטערעסן פון פאַרביליקן דעם פּרייז פון די סחורות. נאָך דער ערשטער שטאַרקסטער אַטאַקע קעגן יידישן מסחר, אין יאָר 1521, זיינען געקומען אַ רייע קיניגלעכע דעקרעטן, וואָס האָבן אַלץ מער אויסגע־ברייטערט די רעכט פון יידישן האַנדל אין באַזונדערע שטעט און אפילו דעקרעטן, וואָס האָבן בפירוש פעסט־געשטעלט דאָס רעכט פון יידן אויף אומבאַגרענעצטן האַנדל. דער מאַנגל אין אַ פּרינציפּיעלער ליניע אין דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, דער סיסטעם פון פּרי־ווילעגיעס, וואָס פלעגן דורך ביידע צדדים אָפּגע־קויפט ווערן פאַר גרויסע געלט־סומעס לטובת דעם קיניג, האָט אָבער גורם געווען, אַז אין 16טן און 17טן י"ה האָבן די זעלבע מלכים אויך אַרויסגעגעבן פאַר די שטעט פּריווילעגיעס, אָדער באַשטעטיקונגען פון פּריווילעגיעס, וואָס זיינען געווען געווענדט קעגן יידישן האַנדל. די רעכט פון יידן צו האַנדלען זיינען רעגולירט געוואָרן אין יעדער באַזונדערער שטאָט לויט אָפּמאַכן צווישן דעם שטאָט־ראָט און צווישן דער יידישער קהילה. אַזעלכע אָפּמאַכן האָבן געשלאָסן די יידן אין קראָקע אין די יאָרן 1609, 1615, 1645, אין לעמבערג 1581, 1592, 1601, 1629, אין פּרזשע־מישל 1645, אין פּלאָצק 1617, אין יאַוואָראָוו (ביי לעמבערג) 1641.

אין קראָקע איז לויט די דאָזיקע אָפּמאַכן און לויט אַ קיניגלעכן דעקרעט פון יאָר 1608 פאַרבאָטן געוואָרן יידן צו האַנדלען מיט אַ רייע טייערע שטאָפן: מיט גאָלד, זילבער, טייערע שטיינער, מיט אָקסן, פערד; האָבער, היי, מעד און ביר האָבן זיי געמעגט פאַרקויפן בלויז יידן. אין לעמבערג האָבן יידן נישט געטאָרט זיך פאַרנעמען מיט לאחדים־האַנדל, דער האַנדל מיט טערקישע סחורות און מיט וואָלעכישע סחורות איז באַגרענעצט געוואָרן צו אַ באַשטימטער סומע (פאַר 2000 גילדן אין משך פון אַ קוואַרטל); זיי האָבן נישט געטאָרט מאַכן שותפות אין מסחר מיט יידן פון דער לעמבערגער פאָרשטאָט אָדער מיט יידן פון אַנדערע שטעט. אין פּרזשעמישל האָבן יידן געמעגט פאַרקויפן קרעמערישע (א. ג. נירנבערגער) סחורות בלויז אין דער יידישער גאַס, נישט אין מאַרק; לייוונט האָבן זיי געמעגט פאַרקויפן בלויז אין הורט; מעטאַלן און מעטאַלענע מכשירים האָבן זיי געמעגט איינקויפן ערשט דריי טעג דערנאָך, ווי די קריסטלעכע בעלי־מלאכות האָבן געמאַכט זייערע איינקויפן, דאָס זעלבע איז געווען שייך געוויסע מינים לעדער (יוכטע); זיי האָבן געמעגט פאַרקויפן בלויז די מינים לעדער ווי סאַפיאַן, זאַמש, קורדיבאַן; פיש האָבן זיי געמעגט פאַרקויפן בלויז מיט דער דערלויבעניש פון בירגערמייסטער. אין פּלאָצק זיי־נען יידן באַגרענעצט געוואָרן אין האַנדל מיט משקאות; פיש האָבן זיי געמעגט פאַרקויפן נאָר אין משך פון 2 וואָכן, דערנאָך האָבן זיי געדאַרפט אָפּ־צאָלן דעם מאַגיסטראַט פון יעדן פעסל; זיי האָבן נישט געטאָרט האַנדלען מיט תבואה (אַחוץ האָבער פאַרן אייגענעם געברויך) און מיט זאַלץ, מיט שעפּ־סענע פוטערס און פאַרטיקע שטיוול, מיט אייזן־שטאַ־בעס, העק און סאָכעס; זיי האָבן נישט געטאָרט האַנד־לען זונטיק און בעת חגאות. אין יאַוואָראָוו האָבן יידן נישט געטאָרט האַנדלען מיט ברויט, מעל, גרויפּן און אַנדערע שפּייז; לעדער האָבן זיי נישט געטאָרט קויפן אויפן אָרט, נאָר אין אַנדערע שטעט, זיי האָבן נישט געטאָרט קויפן קיין תבואה פריער, איידער די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט זיך דערמיט פאַר־זאָרגט; זיי האָבן געמעגט האָבן בלויז אין ברויי־הויז און פאַרקויפן ביר און מעד בלויז אין 4 הייזער.

אַ פאַרגלייך פון די אַלע אָפּמאַכן באַווייזט, אַז די באַגרענעצונגען פון יידן האָבן על־פּי־רוב געהאַט אַ שייכות צום לאחדים־האַנדל, און אין די גרעסערע שטעט, ווי לעמבערג, קראָקע, אויך צום האַנדל אין הורט מיט געוויסע סחורות, ווייל דאָרט זיינען געווען גרויסע קריסטלעכע סוחרים, וואָס האָבן קאָנקורירט מיט יידן אויך אין הורט־האַנדל; דער פאַרקויף פון משקאות איז אין אַלע אָפּמאַכן געווען באַגרענעצט צוליב דעם וואָס די שטאָט האָט געהאַט אַ מאָנאָפּאָל אויף דעם דאָזיקן האַנדל. דער איינקויף פון שפּייז־אַרטיקלען, תבואה, אד"גל איז געוואָרן באַגרענעצט צוליב דעם, וואָס די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט געוואָלט האָבן די מעגלעכקייט אויסצוקויפן עס צו ביליקע פּרייזן. זיי האָבן נישט געטאָרט האַנדלען מיט רוישטאָפן (לעדער) און פוטערס, כדי נישט צו

קאָנקורירן מיט די קריסטלעכע בעלי־מלאכות; צוליב דעם זעלבן טעם האָבן זיי אויך נישט געטאָרט האַנדלען מיט שיך, און אייזערנע מכשירים.

עס איז איבעריק צו באַמערקן, אַז יידן זיינען נישט געווען אימשטאַנד אָפּצוהיטן די דאָזיקע אָפּמאַכן, וואָס זיינען געווען בלויז אַ צייטווייליקער וואָפנשטילשטאַנד אין קאַמף מיט די מיעשטשאַנעס. כמעט אין יעדער שטאָט וואו די דאָזיקע און ענלעכע אָפּמאַכן זיינען געשלאָסן געוואָרן, הערן מיר שוין אין משך פון עטלעכע יאָר וועגן נייע טענות קעגן יידישן מסחר מצד די קריסטלעכע שטאָטסלייט; אין דער תקופה נאָך גזירת ת"ח האָט זיך דער קאַמף פון די מיעשטשאַנעס קעגן יידישן האַנדל נאָך מער פאַרשאַרפט צוליב דער שטייגנדיקער עקאָנאָמישער ירידה פון די שטעט.

### ג) די רעכט פון יידן צו באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה

נאָך בולטער איידער בנוגע דעם האַנדל, זיינען בנוגע מלאכה די קיניגלעכע דעקרעטן און פריווילעגיעס פאַר שטעט און צעכן געשטאַנען אין אַ בפירושער סתירה לגבי די אַלגעמיינע קיניגלעכע פריווילעגיעס פאַר יידן פון דער מלוכה. כמעט אַלע צעכן פון בעלי־מלאכות אין גרעסערע שטעט האָבן געהאַט אין זייערע סטאַטוטן פּאַראַגראַפן, וואָס האָבן פאַרבאָטן יידן, פונקט ווי פושער (פאַרטאַטשעס) צו פאַרנעמען זיך מיט זייער צווייג פון מלאכה. די דאָזיקע סטאַטוטן פון די צעכן פלעגן על־פי־רוב ווערן באַשטעטיקט דורך די מלכים. אויך אין די סיכסוכים פון די יידישע קהילות מיט די שטאָט־ראַטן פלעגט די פראַגע פון רעכט פון יידן צו באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה פאַרנעמען אַ וויכטיקן אָרט, אַחוץ דער פראַגע וועגן פאַרנעם און קאַטעגאָריעס פון דערלויבטן יידישן האַנדל. אין קאַזמיערז, דעם טייל פון קראָקע, וואו יידן האָבן געמעגט וואוינען, האָבן יידן לויט אַן אָפּמאַך פון יאָר 1609 זיך געמוזט אָפּזאָגן פון רעכט צו באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה. אין קראָקע גופא האָט אַ קיניגלעכער דעקרעט פון יאָר 1608 פאַרבאָטן יידן יעדן צווייג פון מלאכה, אַחוץ פלייש־האַקעריי. אין לעמבערג האָט דער קיניג אויף דער בקשה פון די קריסטלעכע שניידערס און קירזשנערס אין יאָר 1543 פאַרבאָטן יידן צו נייען קליידער, באַזונדער פויערישע און צו פאַרקויפן זיי אויף די מערק און ירידים. אין יאָר 1642 האָט אַ קיניגלעכער דעקרעט פאַרבאָטן יידן אין לעמבערג קירזשנער־אַרבעט. אין יאָר 1600 האָט דער קיניג פאַרבאָטן יידן אין לעמבערג צו פאַרקויפן גאָלד־און זילבער־אויסאַרבעטונגען אפילו בעת די ירידים. אין פּויזן האָט דער זעלבער קיניג זיגמונט דער 3טער פאַרבאָטן יידן צו נייען קליידער פאַר קריסטן און צו פאַרקויפן ברויט. אין



פּרזשעמישל אין לויטן אָפּמאַך פון דער יידישער קהילה מיט דעם שטאָט־ראַט פון יאָר 1645 פאַרבאָטן געווען יידישע שניידערס צו אַרבעטן פאַר קריסטלעכע קונים, יידישע שוסטערס זיינען באַגרענעצט געוואָרן בלויז צו באַשטימטע מינים לעדער, אַנדערע צווייגן פון מלאכה זיינען אין אָפּמאַך אפילו נישט דערמאָנט געוואָרן, אַזוי ווייט האָט מען געהאַלטן פאַר זעלבסטפאַרשטענדלעך דעם מאָנאָפּאָל פון די קריסטלעכע צעכן. אין ווילנע איז לויט אַ קיניגלעכן דעקרעט פון יאָר 1633 פאַרבאָטן געווען יידן צו פאַרנעמען זיך מיט מלאכות פאַר קריסטלעכע קונים אין די אַלע צווייגן, וואו עס האָבן עקזיסטירט קריסטלעכע צעכן.

שוין פון די געבראַכטע ביישפּילן איז קלאָר, אַז ביי אַלע שטרענגסטע באַגרענעצונגען איז מען געווען געצוואונגען צו מאַכן אויסנאַמען בנוגע צוויי וויכטיקע צווייגן פון האַנטווערק, פלייש־האַקעריי און שניידעריי. קודם־כל האָט מען געמוזט דערלויבן אַרבעטן יידישע קצבים, צוליב די דינים פון כשרות. היות אָבער יידישע קצבים האָבן געמוזט פאַרקויפן קריסטן די הינטערשטע טיילן פון דער בהמה, וואָס זיינען טריפה, אויב זיי ווערן נישט געטרייבערט, זיינען כמעט אין אַלע שטעט פאָרגעקומען שאַרפע קאַמפן צווישן די יידישע און די קריסטלעכע קצבים. אַמאָל פלעגן די קריסטלעכע קצבים אפילו אַרויסבאַקומען קיניגלעכע דעקרעטן, וואָס האָבן לחלוטין פאַרבאָטן יידישע קצבים צו פאַרקויפן פלייש קריסטן. אַזעלכע דעקרעטן האָט אַרויסגעגעבן פאַר דער שטאָט לעמבערג אין די יאָרן 1580 און 1585 דער קיניג סטעפאַן באַטאָרי, וואָס האָט בדרך כלל געפירט אַ ליבעראַלע פּאָליטיק לגבי יידן. על־פי־רוב פלעגן זיך די סיכסוכים ענדיקן מיט צייטווייליקע אָפּמאַכן, וואָס האָבן באַגרענעצט די צאָל יידישע קצבים אין שטאָט: אין קראָקע איז דערלויבט געווען זייט 1494 די צאָל פון 4 יידישע קצבים, אין יאָר 1562 האָט אַ קיניגלעכער דעקרעט פאַרגרעסערט זייער צאָל ביז 8, אין יאָר 1622 האָבן זיך די קריסטלעכע קצבים באַקלאָגט פאַרן וואָיעוואָדע, אַז די צאָל יידישע קצבים באַטרעפט פאַקטיש 15 און דעמאָלט האָט ער געפּסקנט, אַז עס טאָרן נישט זיין מער ווי 4. פאַקטיש האָט די צאָל יידישע קצבים אין קראָקע אין יאָר 1634 ווידער באַטראָפן 18, אַחוץ מנקרים און שוחטים. אויך אין לעמבערג איז אין יאָר 1608 די צאָל יידישע קצבים לויט אַן אָפּמאַך באַגרענעצט געוואָרן צו 8, נאָכדעם ווי עס זיינען דאָרט פונקט ווי אין קראָקע, פאָרגעקומען בלוטיקע אָנפאַלן פון קריסטלעכע קצבים אויף זייערע יידישע קאָנקורענטן. פאַקטיש איז אַ וואָך נאָכן אָפּמאַך פעסטגעשטעלט געוואָרן בעת אַ רעוויזיע, אַז די צאָל יידישע קצבים האָט באַטראָפן 27 און צוויי יאָר שפּעטער, אין 1610, האָבן די קריסט־

לעכע קצבים זיך באַקלאָגט, אַז עס זיינען דאָ אין דער שטאָט 70 יידישע קצבים, וואָס שעכטן פאַר דעם געברויך פון קריסטן אַכט מאָל אַזוי פיל אָקסן, ווי פאַרן יידישן געברויך.

אויך פאַר יידישע שניידערס פלעגן סיי די קיניג־לעכע דעקרעטן, סיי די צעכן לכתחילה מאַכן די הנחה, אַז זיי מעגן נייען פאַר יידישע קונים. די זעלבע הנחה פלעגט מען אָפט מאַכן פאַר יידישע קירזשנערס. יידישע בעקער פלעגט מען דערלויבן צו פאַרקויפן ברויט אין דער יידישער גאַס פאַרן געברויך פון יידן. אויך יידישע באַלבירער איז מען געווען גע־צוואונגען לכתחילה צו דערלויבן זיי זאָלן באַדינען יידן, אָבער מען פלעגט זיי פאַרווערן צו שטעלן באַנ־קעס, פיאַווקעס, און „לאָזן אַן אָדער" ביי קריסטן. (פרזשעמישל 1645). אָבער אויך דער וועד אַרבע־אַרצות האָט אין עטלעכע תקנות (1631, 1635, 1649) געאסרט יידישע באַלבירער צו לאָזן אַן אָדער און צו שטעלן פיאַווקעס („קעפּ־זעצין") קריסטלעכע פּאַ־ציענטן. דער מאָטיוו פון וועד איז ווייזט אויס גע־ווען די מורא פאַר בלוט־בילבולים, וואָס זיינען אין יענער צייט געווען אַלץ אָפטער אין פוילן. בנוגע אַ טייל צווייגן פון מלאכה פלעגט דער קאָמפּראָמיס באַ־שטיין אין אַן ענלעכער באַגרענעצונג ווי אויפן געביט פון יידישן האַנדל: מען האָט דערלויבט צו פאַר־קויפן די אויסאַרבעטונגען אין הורט און אויף יאַר־מערק, אָבער נישט לאחדים. אַזוי האָט דער סטאַטוט פון צעך פון היטלמאַכער אין קראָקע, פון יאָר 1617, דערלויבט יידן צו פאַרקויפן היטלען אין הורט צו 100 שטיק.

די פאַקטן וועגן פאַרשפּרייטונג פון האַנטווערק ביי יידן אין 16טן און בפרט אין 17טן י"ה, וואָס מיר האָבן ציטירט אין פאָריקן קאַפּיטל, באַווייזן קלאָר, אַז אַלע גזירות און באַגרענעצונגען האָבן זיך אַרויסגעוויזן שוואַכער, איידער די געזעצן פון עקאָ־נאָמישן לעבן. עס האָבן דאָ געווירקט טיילוויז די זעלבע סיבות, וואָס האָבן אויך גורם געווען אַז די דעקרעטן און אָפּמאַכן בנוגע די גרענעצן פון יידישן האַנדל זיינען נישט אויסגעפירט געוואָרן אין דער פּראַקטיק. די זעלבע מלכים וואָס פלעגן באַשטעטיקן די סטאַטוטן פון די קריסטלעכע צעכן, פלעגן אויך אַמאָל אַרויסגעבן דעקרעטן, וואָס האָבן בפירוש פאַר־באָטן צו שטערן יידישע בעלי־מלאכות פון באַשטימ־טע פאַכן (פּריווילעגיע פאַר יידישע שמוקלער אין לעמבערג 1634) צו פאַרקויפן זייערע אויסאַרבעטונ־גען. באַזונדערס יידישע שניידערס און קירזשנערס האָבן קיניגלעכע דעקרעטן אין אַ רייע שטעט שוין אין 16טן י"ה דערלויבט צו אַרבעטן אונטער דעם באַ־דינג, אַז זיי זאָלן אָפּצאָלן אַ יערלעכע סומע פאַר די קריסטלעכע צעכן. די פראַגע וועגן אָפּצאָל פון יידישע בעלי־מלאכות פאַר די קריסטלעכע צעכן איז באַ־זונדערס פאַרשאַרפט געוואָרן אין דער שפּעטערדי־קער תקופה, אין דער צווייטער העלפט פון 17טן און אין 18טן י"ה.

בדרך כלל זיינען יידן פון קאַמף פאַר רעכט אויף מלאכה, להיפך צום קאַמף פאַר האַנדלסרעכט, נישט אַרויסגעגאַנגען מיט אַ נצחון אויף דער גאַנ־צער ליניע. אין אַ גאַנצער רייע צווייגן פון האַנט־ווערק, ווי שוסטעריי, וועבעריי, סטאָליעריי, מעטאַל־אינדוסטריע איז דער אָנטייל פון יידן געבליבן לפי ערך אומבאַדייטנדיק ביז צום סוף פון 18טן י"ה. אַז די עיקרדיקע סיבה פון דער דאָזיקער דערשיינונג זיינען געווען די באַגרענעצונגען מצד די צעכן, באַ־ווייזט באַשיימפערלעך דער פאַקט, וואָס אין 19טן י"ה, ווען די מאַכט פון די צעכן איז געבראָכן גע־וואָרן, זיינען אויך די דאָזיקע פאַכן אַלץ מער גע־וואָרן פאַרשפּרייט ביי יידן. צוליב די גזירות מצד די צעכן האָבן יידישע בעלי־מלאכות אין אַמאָליקן פוילן זיך קאָנצענטרירט לרוב אין קצבים־און בעקער פאַכן, אין שניידעריי, קירזשנעריי, היטלמאַכעריי, פּאַס־מאַניקעריי, גאָלדשמידעריי אד"גל. דאָס זיינען אַלץ אָבער אַזעלכע פאַכן, וואו די צעכן האָבן לכתחילה געמוזט מאַכן אַן אויסנאַם פאַר יידן צוליב זייער רעליגיעז־סאָציאַלער אָפּגעזונדערטקייט, אָדער אַזעל־כע פאַכן, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט האַנדל (פּאַסמאַניקעס, שמוקלער, גאָלדשמידן) און וואו די שטאַרקע פּאָזיציע פון יידישן מסחר איז ממילא אויך בייגעשטאַנען יידישע בעלי־מלאכות.

## ד) יידן אונטער דער מאַכט פון דער שלאַכטע

די פאַרשפּרייטונג פון יידן אין שטעטלעך און אין דערפער האָט שוין אין דער ערשטער העלפט פון 16טן י"ה געבראַכט אַ קאַרדינאַלן איבערברוך אין זייער רעכטלעכער לאַגע. כל זמן יידן האָבן גע־וואוינט בלויז אין קיניגלעכע שטעט, איז געווען נישט מער ווי זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז זיי זיינען געווען אונטערגעוואָרפן דעם קיניג און זיינע שטעלפאַר־טרעטער, די וואָיעוואָדעס. אין דער צייט אָבער ווען אַלץ אַ גרעסערע צאָל יידן האָט זיך באַזעצט אין פּריוואַטע שטעטלעך וואָס זיינען געווען אַן אייגנטום פון פּריצים און אין פּריצישע דערפער, האָט די שלאַכטע געפאָדערט, אַז די יידן וואָס וואוינען אויף אירע טעריטאָריעס זאָלן איר אונטערליגן סיי בנוגע שטייערן סיי בנוגע דער געריכטלעכער קאָמפּעטענץ. די שלאַכטע האָט גיט געוואָלט מסכים זיין, אַז בלויז די יידן זאָלן זיין אַרויסגענומען פון איר שליטה, בעת די פּויערים און קליינשטעטלדיקע מיעשטשאַנעס זיי־נען געווען איבערגעגעבן פולשטענדיק אין איר רשות. איר פאָדערונג בנוגע יידן האָט די שלאַכטע אויסגע־פירט אויף דעם זעלבן סיים פון יאָר 1539, וואו זי

האָט דערגרייכט אויך אויף אַנדערע געביטן אַ ריי נייע פּריווילעגיעס. שוין פריער האָט די שלאַכטע אין דער פּראַקטיק אַרויפגעלייגט שטייערן אויף יידן וואָס האָבן געוואוינט אין אירע באַזיצונגען. אויף דעם סיים פון יאָר 1539 האָט די שלאַכטע פאַרלאַנגט אַ סאַנקציאָנירונג פון דער דאָזיקער פּראַקטיק, און אַחוץ דעם האָט זי אויך געשטעלט די פאָדערונג וועגן פולער פּאָליטישער און געריכטלעכער מאַכט איבער אירע יידישע אונטערטאַנען. דאָס געזעץ וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דעם סיים אין פּיעטריקעוו אין יאָר 1539 האָט באַפרידיקט אַלע פאָדערונגען פון דער שלאַכטע. לויט דעם דאָזיקן געזעץ, וואָס איז שפּעטער בפירוש באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַ דעקרעט פון קיניג זיגמונט אויגוסט, אונטערליגן יידן, וואָס וואוינען אין די דערפער און שטעט פון דער שלאַכטע, דעם משפּט פון די פּריצים, און זיי האָבן נישט קיין רעכט פון אַפּעלאַציע צום קיניג. דערביי איז אָנגעגעבן געוואָרן דורכן קיניג אַזאַ מאָטיוו: „אויב מיר האָבן נישט פון זיי (די דאָזיקע פּריצישע יידן) קיין שום נוצן, קומט זיי אויך נישט פון אונז קיין שום שוץ".

דאָס געזעץ פון יאָר 1539 האָט בכן קלאָר פונאַנדערגעטיילט די יידן אין פּוילן אויף קיניגלעכע יידן און פּריצישע יידן. אַלע דעקרעטן און פּריווילעגיעס בנוגע יידן, וואָס די פּוילישע מלכים האָבן זינט דעמאָלט אַרויסגעגעבן, האָבן געהאַט אַ שייכות בלויז צו קיניגלעכע יידן, ד"ה די וואָס האָבן געוואוינט אין קיניגלעכע שטעט, אָדער אין קיניגלעכע גיטער. די רעכט פון יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין די פּריצישע שטעט און דערפער, זיינען געווען באַשטימט אויסשליסלעך דורך די פּריצים פון די געגעבענע טעריטאָריעס. דער פּריץ האָט באַשטימט אין זיין שטעטל די רעכט פון יידן צו האַנדלען און צו פאַרנעמען זיך מיט מלאכה, דער פּריץ האָט גענומען שטייערן פון יידן אין דער גרויס, וואָס ער אַליין האָט באַשטימט, דער פּריץ האָט געמשפּט יידן סיי אין דער ערשטער אינסטאַנץ, סיי אין דער לעצטער אַפּעלאַציע, דער פּריץ האָט אויך געהאַט דאָס רעכט צו באַשטימען די קאָמפּעטענצן פון דער יידישער קהילה און צו באַשטעטיקן אירע וואַלן און אירע באַשלוסן.

לויט דעם שטאַפּל פון יידן אין דער סאָציאַלער היעראַרכיע פון פּוילן און פון שטאַנדפּונקט פון דער יידישער אויטאָנאָמיע, איז די דאָזיקע ענדערונג לכל הדעות געווען אַ דעגראַדאַציע. יידן וואָס זיינען געווען פריער אונטערגעוואָרפן בלויז דעם קיניג און זיינע העכסטע באַאַמטע זיינען איצט אַראָפּגעפאַלן צו דער מדרגה פון אונטערטעניקע פּויערים, וואָס דער פּריץ איז געווען דער איינציקער געוועלטיקער איבער זייער לעבן און טויט. פונקט ווי פּויערים זיינען געווען צוגעשמידט צו דער ערד, אַזוי פלעגן אויך פּריצים פאַרווערן יידן צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און אַריבערטראָגן זיך צו אַן אַנדערן פּריץ.

אין רימענאָוו (נעבן סאָנעק) האָבן יידן צום סוף פון 16טן י"ה, לויט דעם עדות פון קראָקעווער רב, דעם מהר"ם פון לובלין, נישט געקאָנט פאַרלאָזן זייער וווין־האַנדל און אַנטלויפן פון דער שטאָט, ווייל „עס איז דאָך באַקאַנט, אַז זייער שר איז אַ פּרא אדם, זיין האַנט איז אַקעגן אַלעמען און עס איז נישט אין גדר פון מעגלעכקייט אַז זיי זאָלן אויסוואַנדערן און אַנטלויפן פון אונטער זיין רשות". אין ריישע האָבן יידן געמוזט אָפּגעבן אַ שבועה, אַז זיי וועלן בלייבן ביז צום טויט צוזאַמען מיט זייערע יורשים געטרייע אונטערטאַנען פונם פּריץ און אין פאַל אויב עמיץ פון זיי וואָלט אַנטלאָפן, „מעג דער פּריץ אים נאָכיאָגן ווי זיינעם אַן אונטערטאַן און לאָזן בינדן אים מיט זיין ווייב און קינדער, אומעטום וואו זיי וועלן זיך געפינען". די אויטאָנאָמיע פון דער יידישער קהילה אין אַ פּריצישן שטעטל איז געווען פונקט אַזוי אילוזאָריש, ווי די זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון דעם קליינשטעטלדיקן מאַגיסטראַט, וואָס איז אויך געווען גיכער נאָמינירט איידער אויסגעוויילט. נאָך ערגער איז געווען דער רעזולטאַט, וואָס דער דאָרפישער און קליינשטעטלדיקער ייד איז געווען אויסגעליפערט אויף גנאָד און אומגנאָד דעם „שררה" און איז שוין אין דער דאָזיקער תקופה זייער אָפט געפאַלן אַ קרבן פון פּריצישער הפקרות. עס פלעגן שוין דעמאָלט פאָרקומען פאַלן, וואו פּריצים האָבן געשמידט אין קייטן זייערע יידן און געפאָדערט פון קהל אויסקויפגעלט; דער פּנקס מדינת ליטע דערציילט וועגן פּריצים, וואָס פלעגן צונעמען ביים יידישן בעל־חוב דאָס ווייב אָדער די קינדער פאַר דעם חוב. עס איז אויך פאַרצייכנט פון דער דאָזיקער תקופה אַ פאַל פון פאַרמשפּטן יידן צום טויט דורך דעם פּסק־דין פון פּריץ: אין יאָר 1623 האָט די פּריציטע האַלשקאַ קאַלינאָווסקאַ פון דונייגראָד געהייסן פאַרברענען דריי יידן צוליב אַן עלילת־דם.

ווען מיר נעמען אָבער אין אַכט, אַז די פּריווילעגיעס פון יידן אין די קיניגלעכע שטעט זיינען על־פּי־רוב געווען טעאָרעטיש און אַז אין דער פּראַקטיק זיינען יידן געווען באַגרענעצט דורך פאַרשידענע גזירות אין זייער רעכט צו וואוינען, צו האַנדלען און צו פאַרנעמען זיך מיט מלאכה, קומט אויס אין סך־הכל, אַז על כל פּנים די עקאָנאָמישע לאַגע פון יידן אין די פּריוואַטע שטעט און שטעטלעך איז געווען אַ סך בעסער, איידער אין די פרייע קיניגלעכע שטעט. פונקט אַזוי האָבן אין די קיניגלעכע שטעט גופא יידן געהאַט אַ סך ברייטערע רעכט אין די קלענערע קיניגלעכע שטעט און בכלל אין די אַלע שטעט, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פולשטענדיקע זעלבסט־פאַרוואַלטונג, נאָר זיינען רעגירט געוואָרן דורך די

קיניגלעכע סטאַראָסטעס. באַזונדער גינציק איז גע־
ווען די לאַגע פון יידן אין די שטעט, סיי פריצישע,
סיי קיניגלעכע, וואָס זיינען ערשט געגרינדעט גע־
וואָרן אין דער דאָזיקער תקופה. די גרינדער פון
די שטעט האָבן זיך באַמיט צוצוציען אין די נייע
מקומות וואָס אַ גרעסערע צאָל באַפעלקערונג כדי
צו אַנטוויקלען דאָרט האַנדל און אינדוסטריע. אין
די ניי־געגרינדעטע שטעט האָבן יידן אין אַ געווי־
סער מאָס אויסגעפירט אין דער נייצייט די זעלבע
פיאָנערישע פונקציע, ווי אַמאָל בעת דעם מיטלאַלטער
אין אַלע שטעט פון פוילן בכלל. די הערשער פון
די דאָזיקע פריוואַטע און קיניגלעכע שטעט האָבן
דערפאַר אָנגעווענדט לגבי יידן די זעלבע ליבעראַלע
פּאָליטיק, וואָס די פוילישע מלכים אין 13טן און
14טן י״ה פון דעם שטייגער פון אַ קאַזימיערזש דעם
גרויסן.

באַזונדערס גרויס איז געווען די צאָל שטעט
וואָס זיינען ערשט אין 16טן און 17טן י״ה געגרינ־
דעט געוואָרן דורך פריצים אין די דרום־מזרח גע־
ביטן פון פוילן, אין וואָלין, פּאָדאָליע, רייסן און או־
קראַינע. אָבער אפילו אין די מערב־פּראָווינצן פון
פוילן, אין גרויספוילן, איז פאָרגעקומען אין דער
זעלבער צייט אַ ברייטע שטאָטישע קאָלאָניזאַציע־טע־
טיקייט מצד די דאָרטיקע פריצים. נאַציאָנאַלע און
רעליגיעזע אונטערשידן האָבן אין דעם פאַל נישט
געשפּילט קיין גרויסע ראָלע. פוילישע מאַגנאַטן פון
גרויספוילן פלעגן אין 17טן י״ה פאַרשפּרייטן אין
דייטשלאַנד אויפרופן אין דער דייטשער שפּראַך, וואו
זיי האָבן איינגעלאַדן קאָלאָניסטן זיך צו באַזעצן אין
זייערע ניי־געגרינדעטע שטעט. אין ליסאַ (לעשנאָ),
סווערזשענץ (ביי פּויזן), ראַוויטש, האָבן זיך באַזעצט
פּראָטעסטאַנטן, לוטעראַנער און ביימישע ברידער
(הוסיטן), וואָס זיינען געווען בדרך כלל גערודפט
אין פוילן; פינטשעוו, וואָס האָט געהערט צו מאַגנאַטן
קאַלוויניסטן, איז געווען אַ צענטער פון קאַלוויניסטן.
אין די רייסישע ניי־געגרינדעטע שטעט האָבן פּראַ־
וואָסלאַווע (גריכיש־אָרטאָדאָקסע) אוקראַינער גע־
האַט די זעלבע רעכט, ווי קאַטאָליקן.

אין די אַלע ניי־געגרינדעטע שטעט האָבן זיך אויך
באַזעצט יידן. אין אַ טייל פון די דאָזיקע שטעט,
בפרט אין די גרעסערע (ליסאַ), פלעגן די פריצים
מיט דער צייט לויט דעם ביישפּיל פון קיניגלעכע
שטעט, איינפירן באַגרענעצונגען פון יידן אויפן גע־
ביט פון האַנדל, אינדוסטריע און אפילו פון וואוינ־
רעכט (יידישע קוואַרטאַלן). בדרך כלל האָבן אָבער
יידן אין די פריוואַטע שטעט גענאָסן פון גלייכקייט
מיט אַנדערע בירגער אויפן געביט פון האַנדל, שענ־
קעריי און אינדוסטריע. אין אַ טייל פריוואַטע שטעט
פלעגן יידן באַקומען פון פריץ ה׳אָלץ און אַנדערן
בוי־מאַטעריאַל אויף אויפצובויען אַ שול. אין אַנדע־
רע — פלעגן זיי אָפט באַקומען האָלץ אויף אויפצו־
בויען פאַר זיך הייזער. אין אַ טייל פּריווילעגיעס
פאַר יידן אין די פריוואַטע שטעט אין גרויספוילן איז
אַריינגענומען געוואָרן דער פּאַראַגראַף וועגן פליכט
פון די קריסטלעכע בירגער צו לויפן צו הילף זיי־
ערע יידישע שכנים בעת אַ נאַכט־אָנפאַל, אַ פּאַראַ־
גראַף וואָס געפינט זיך צום ערשטן מאָל שוין אין
קאַלישער סטאַטוט פון יאָר 1264. אויך די מלכים
פלעגן אין די קלענערע שטעט זייערע, בפרט אין די
מזרח־געביטן (באַר, בוסק, האַליטש, טאַרנאָגראָד)
געבן יידן אַ סך מער ליבעראַלע פּריווילעגיעס, איי־
דער אין די אַלטע און איינגעפונדעוועטע גרויסע
שטעט. זיי פלעגן דאָרט על־פּי־רוב דערלויבן יידן
אומבאַגרענעצט זיך צו באַשעפטיקן מיט האַנדל, שענ־
קעריי און מלאכה, לויטן פּרינציפּ, אַז זיי האָבן גליי־
כע פליכטן און דערמיט אויך גלייכע רעכט, ווי די
איבעריקע שטאָט־באַוואוינער.

אין אַ גרויסער צאָל פריוואַטע שטעט, באַזונ־
דערס אין רייסן (מזרח־גאַליציע) און וואָלין איז די
גלייכקייט פון יידן מיט אַנדערע בירגער נישט גע־
ווען באַגרענעצט בלויז צום עקאָנאָמישן געביט, נאָר
יידן האָבן דאָרט געהאַט, צום ערשטן מאָל אין דער
געשיכטע פון פוילן און אין אַ געוויסער מאָס אפילו
אין דער געשיכטע פון גאַנץ אייראָפּע (זינט די רוי־
מישע צייטן און בפרט זינט די קרייץ־צוגן), געוויסע
עלעמענטן פון פּאָליטישע רעכט. אַוודאי האָט אין
אַנבליק פון דעם קריסטלעך־פעאָדאַלן כאַראַקטער פון
דער פוילישער מלוכה נישט געקאָנט זיין די רייד
וועגן דעם, אַז יידן זאָלן האָבן אין אַ שטאָט פּאַסיווע
וואַל־רעכט, אַז זיי זאָלן מעגן געוויילט ווערן אויף ביר־
גערמייסטער און אפילו אין שטאָט־ראַט. אָבער אין
אַ ריי שטעט, ווי קאָלאָמיי, באָלעכאָוו, בראָד, דוב־
נע, דוקלע, זשמיגראָד, זשאַבנע, האָבן יידן אין 17טן
י״ה און אין 18טן י״ה געהאַט אַ רעכט זיך צו באַ־
טייליקן אין די וואַלן פון די שטאָט־באַאַמטע, אָדער
אין די וואַלן פון בירגערמייסטער. אין באָלעכאָוו
האָט דער ערשטער בירגערמייסטער אין יאָר 1660
אָפּגעגעבן אַ שבועה, אַז ער וועט לעבן בשלום מיט
רוימיש־קאַטויליקער, גריכיש־קאַטויליקער און יידן
און אַז ער וועט פאַרטיידיקן זייערע רעכט, אָן אַ
חילוק צווישן רייך און אָרעם. דאָס רעכט פון באַ־
טייליקן זיך אין דער קאָנטראָל פון די שטאָט־פי־
נאַנצן האָבן יידן געהאַט נישט נאָר אין די שטעט,
וואו זיי האָבן אָנטייל גענומען אין די וואַלן פון מאַ־
גיסטראַט. אויך אין אַ רייע גרעסערע און קלענערע
שטעט אין די דרום־מזרח געביטן פון דער מלוכה,
ווי לוצק, קאָוועל, יאַוואָראָוו, זשאָלקווע, טשאָרטקאָוו,
אָדער אַמאָל אויך אין אַנדערע געביטן, ווי דיסנע
(ביי דינאַבורג), האָבן יידן געהאַט אַ רעכט צו שיקן
איינמאָל אין יאָר איינעם אָדער צוויי פאָרשטייער

(אין קאָוועל פלעגט ער נאָמינירט ווערן דורך דעם שטאָט־ראַט) צו דער זיצונג פון שטאָט־ראַט וואו עס איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ חשבון פון די שטאָט־פינאַנצן. דאָס דאָזיקע רעכט פון באַטייליקונג אין דער קאָנטראָל פון די שטאָט־פינאַנצן איז געגעבן געוואָרן יידן אין יענע שטעט מיט דער באַגרינדונג, וואָס זיי באַטייליקן זיך לויט אַ געוויסן שליסל (אַ דריטל אין קאָוועל, צוויי דריטל אין קאָלאָמיי און אין בראָד, אַ פינפטל אין זשאָלקווע) אין די הוצאות פון דער שטאָט. אין די פריוואַטע שטעט פון דער פירשטין אַננאַ יאבלאָנאָווסקאַ, וואָס האָט פאַרמאָגט ריזיקע גיטער אין די געגנטן פון לובלין, וואָלין, מזרח־גאַליציע, האָבן יידישע בעלי־מלאכות פונקט ווי קריסטלעכע האַנטווערקער געהאַט אַ פאָרשטייער אין שטאָט־מאַגיסטראַט. די דאָזיקע פאָרשטייער פלעגן אָנטיילנעמען אין שטאָטישן געריכט, אויב איינער פון די צדדים איז געווען אַ יידישער בעל־מלאכה.

הקיצור, אין פעאָדאַלן פוילן האָבן יידן אין אַ געוויסער מאָס פאַרמאָגט די רעכטלעכע שטעלונג, וועלכע יידן אין פעאָדאַלן מערב־אייראָפּע האָבן פאַרלוירן נאָך די ערשטע גזירות אין דער תקופה פון די קרייץ־צוגן.

## 4. די הערשנדיקע שטאַנדן און די יידן

### א) די קירך

פונקט ווי אין מיטלאַלטער איז אויך אין דער נייצייט די קירך געווען די אינסטיטוציע וואָס איז געשטאַנען בראש פון דעם קאַמף קעגן יידן אין פוילן. די אַלע מאָטיוון, צוליב וועלכע די קירך איז געווען פאַראינטערעסירט פון אייביק אויף צו באַגרענעצן די רעכט פון יידן, צו איזאָלירן זיי געזעלשאַפטלעך פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג און צו שאַפן אַן אַטמאָספערע פון שטענדיקער פיינטשאַפט קעגן זיי, זיינען געוואָרן נאָך אַקטועלער אין דער נייצייט: אויב אין מיטלאַלטער האָט שוין געשפילט אַ וויכטיקע ראָלע אין קאַמף פון דער קירכע קעגן יידן די סכנה פאַרן קאַטויליציזם מצד די סעקטאַנטישע גרופּעס, באַזונדערס מצד די הוסיטן, האָט זיך אין דער נייצייט די אומדירעקטע ראָלע פון אַנטיסעמיטיזם ווי אַ דיווערסיע קעגן הערעטיקער אַרויסגערוקט אויפן ערשטן פלאַן. קודם־כל האָט זיך זינט דעם 16טן י״ה די רעפאָרמאַציע פון אַלע ריכטונגען, קאַלוויניזם, לוטעראַניזם, הוסיטיזם, אַריאַניזם, פאַרשפּרייט צווישן גרויסע מאַסן פון שלאַכטע און מיעשטשאַנעס. אָבער אויך די גריכיש־אָרטאָדאָקסע (פּראַוואָסלאַוונע) קירך, וואָס איז געווען די רעליגיע פון רוב פון דער באַפעלקערונג אין די ווייסרוסישע און אוקראַאינישע פּראָווינצן, איז געווען די רעליגיעזע קאָנקורענץ, וועלכע די קאַטוילישע קירך האָט געשטרעבט צו צעשטערן, דערקלערנדיק אַ קאַמף קעגן אַלע „כופרים", אַריינגערעכנט די יידן. דאָס פּראָגראַם פון דער קירך אין דער יידישער פּראַגע איז אַנטוויקלט געוואָרן אויף די סינאָדן. אַחוץ די אונז שוין באַקאַנטע גזירות פון די מיטלאַלטערלעכע פוילישע סינאָדן, וואָס פלעגן על־פּי רוב כסדר איבערגעחזרט ווערן, פלעגן די סינאָדן פון דער קירך אין פוילן אין דער נייצייט אויך אָננעמען באַשלוסן, וואָס זיינען געווען אויסגערעכנט צו געווינען די סימפּאַטיעס פון די קריסטלעכע שטאָטסלייט: זיי האָבן געפאָדערט צו באַגרענעצן דאָס וואוינרעכט פון יידן אין די שטעט, צו רעדוצירן דעם יידישן האַנדל און האַנטווערק ביי יידן און צו פאַרווערן יידן אַרענדעס פון מלוכהשע און פּריצישע הכנסות.

אין יאָר 1542 האָט דער סינאָד פון דער קירך אין פּיעטריקעוו אָנגענומען די ווייטערדיקע באַשלוסן וועגן יידן: די צאָל יידן אין פוילן וואַקסט כסדר אין רעזולטאַט פון דער איינוואַנדערונג פון די שכנותדיקע לענדער, פון וואַנען מען האָט זיי פאַרטריבן. די גרויסע צאָל יידן איז אַ סכנה פאַר דער קירך און פאַרן קריסטנטום און דערפאַר בעט דער סינאָד דעם קיניג ער זאָל באַגרענעצן די צאָל יידן, וואָס מעגן וואוינען אין דער קירכלעכער פּראָווינץ פון גנעזן, באַזונדערס אין דער שטאָט קראָקע. דער מאָטיוו ווערט דערביי אָנגעגעבן, אַז „די קירך טאָלערירט יידן נאָר ווי אַן אָנדענק פון די ליידן פון אויסלייזער". יידן זאָלן נישט טאָרן וואוינען אין די ערטער, וואו זיי האָבן פריער נישט געהאַט דאָס רעכט דערויף, יידן זאָלן נישט טאָרן קויפן קיין הייזער פון קריסטן, און די הייזער וואָס זיי האָבן שוין געקויפט זאָלן זיי זיין מחויב צוריק צו פאַרקויפן קריסטן אונטער דער שטראָף פון קאָנפיסקאַציע לטובת דעם קיניגלעכן אוצר. יידן זאָלן נישט טאָרן האַנדלען אויף עפנטלעכע פלעצער (אין מאַרק) נישט אין די שטעט און נישט אין די שטעטלעך, זיי זאָלן מעגן האַנדלען נאָר אין זייערע הייזער. יידן אין קראָקע טאָרן נישט פאַרמאָגן מער ווי 6 סקלאַדן מיט סחורות מחוץ דעם יידישן קוואַרטאַל, ווייל אַזוי איז באַשטימט לויט די אָפּמאַכן, וואָס זיינען באַשטעטיקט געוואָרן דורכן קיניג. יידן און סכיזמאַטיקער (פּראַוואָסלאַוונע) זאָלן נישט האָבן פון די פּריצים קיין אַמט און קיין רעכט צו משפּטן קריסטן (קאַטויליקער) ווייל זיי דאַרפן על־פּי דין זיין אונטערטעניק צו קריסטן. יידן זאָלן נישט טאָרן האַנדלען און אַרבעטן אום זונטיק און חגאות ווייל „דאָס איז אַ חילול־השם און אַן אונטערדריקונג און פאַראַכטונג פון קריסטן". יידן דאַרפן זיך אויסטיילן פון קריסטן מיט זייער קליידונג „אַזוי ווי אַמאָל און אַזוי ווי עס ווערט אָפּגעהיט אין אַלע אַנדערע לענדער". יידן טאָרן נישט

האַלטן קיין קריסטלעכע משרתים און אונטערטאַ־
נען און די וואָס טוען עס. דאַרפן זייערע קריסט־
לעכע דינסטן תיכף באַפרייען. יידן זאָלן נישט
טאָרן האַלטן קיין קריסטלעכע אַמען און קריסטן זאָלן
נישט טאָרן האַלטן קיין יידישע אַמען. יידן זאָלן
צעשטערן די נייע שולן, וואָס זיי האָבן אויפגע־
בויט אין קראָקע, ווייל לויט דעם קירכלעכן רעכט
מעגן יידן בלויז פאַרריכטן אַלטע שולן.

די באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט, וואָס ווערט
געשענקט קראָקע אין די דאָזיקע באַשלוסן, דער־
קלערט זיך דערמיט, וואָס קראָקע איז דעמאָלט גע־
ווען די הויפּט־שטאָט פון דער מלוכה. חוץ דעם, איז
דער פאָרזיצער פון סינאָד, פּעטער גאַמראַט, אַליין
געווען קראָקעווער בישאָף און איז דערפאַר געווען
ספּעציעל גוט באַקאַנט מיט דעם קאַמף פון די דאָר־
טיקע מיעשטשאַנעס קעגן יידן.

די שפּעטערדיקע סינאָדן פון דער קירך אין
פּוילן אין 16טן און 17טן י״ה חזרן איבערן על־פּי־
רוב די באַשלוסן קעגן יידן פון די פריערדיקע סי־
נאָדן, אַמאָל גיבן זיי צו אַ נייע גזירה, (1630 —
באַיקאָט קעגן יידישן האַנדל!) אָדער אַ נייע מאָ־
טיווירונג פאַר אַן אַלטער גזירה. אַזוי האָט למשל
דער סינאָד אין פּויזן אין יאָר 1642 באַזונדער זיך
אָפּגעשטעלט אויף דער אַלטער גזירה, אַז יידן זאָלן
נישט טאָרן האַנדלען און אַרבעטן אום זונטיק און
חגאות און האָט אין דעם דאָזיקן איסור אַריינגענומען
אויך יידישע שענקערס און באַלבירער. דער מאָטיוו
פון יידישער קאָנקורענץ קעגן קריסטלעכע בעל־
מלאכות ווערט דאָ נאָך מער בפירוש אַרויסגעזאָגט,
איידער אין יאָר 1542. אָט איז דער נוסח פון דער
דאָזיקער גזירה:

„מיר קענען נישט פאַרטראָגן די אַלץ־וואַקסנ־
דיקע חוצפה פון יידן. זיי באַגנוגן זיך דהיינו נישט
מיט די מלאכות, דורך וועלכע זיי נעמען צו די
פּרנסה ביי קריסטן, נאָר זיי שטעלן זיך אויך אַרויס
ווי שונאים פון דער קריסטלעכער רעליגיע; דהיינו,
אָפּחוזקנדיק פון אַלע הייליקייטן, שפּאַצירן זיי אַרום
און שמועסן אין די טעג פון חגאות אויף אַלע פּלע־
צער און עפנטלעכע ערטער אין די שטעט; און זיי
רופן צו פּשוטע מענטשן און פּויערים און זיי גאָלן
זיי און שערן זיי, שענקען משקאות, עפענען געוועל־
בער און קראָמען און טוען אָפּ אַנדערע אַזעלכע זאַכן,
וואָס פאַרשוועכן און שטערן די חגאות; דערפאַר
זיינען מיר גוזר, אַז קיין שום ייד זאָל זיך נישט דער־
וועגן אום חגא צו שפּאַצירן אויף די גאַסן און פּלע־
צער; אַז ער זאָל זיך נישט דערוועגן צו האַנדלען,
צו שענקען, צו שערן, צו גאָלן, לאָזן אַן אָדער אָדער
היילן״.

פון די גזירות פון די סינאָדן זיינען אַ טייל
איבערגעחזרט געוואָרן דורך די סיימען. (וועגן באַ־
זונדערער יידישער קליידונג, וועגן אַרענדע פון
מלוכהשע הכנסות, וועגן האַלטן קריסטלעכע משרתים);
אַ טייל זיינען אַריינגעגאַנגען אין די געצוואונגענע
אָפּמאַכן צווישן די יידישע קהילות און די שטעט
(איסור צו קויפן קריסטלעכע הייזער, איסור צו
האַנדלען אום זונטיק און חגא) און אָפט אויך באַ־
שטעטיקט געוואָרן דורך די מלכים. די גזירה קעגן
בויען נייע שולן איז אפילו אַריינגעגאַנגען אין דער
פּריווילעגיע וואָס קיניג וולאַדיסלאַוו דער 4טער האָט
אַרויסגעגעבן פאַר יידן אין יאָר 1633. דערמיט
אָבער, וואָס דער קיניג האָט באַוואָרנט, אַז מער, ווי
די עקזיסטירנדיקע צאָל שולן, טאָר מען נישט בויען
אָן זיין דערלויבעניש, האָט ער פּאַקטיש געצילט אָפּ־
צושוואַכן דעם איסור פון דער קירך און איבערצו־
לאָזן זיך דאָס רעכט פון אַרויסגעבן אַ דערלויבעניש
אויף אַ נייער שול. ווי מיר האָבן אָבער שוין דער־
מאָנט, זיינען די באַגרענעצונגען פון וואוין־רעכט,
האַנדלס־רעכט און מלאכה־רעכט פון יידן נישט אויס־
געפירט געוואָרן לויטן חומר־הדין. פּונקט אַזוי איז
די גזירה קעגן דער אַרענדע פון מלוכהשע הכנסות
דורך יידן אויסגעפירט געוואָרן בלויז טיילווייז. די
גזירה קעגן האַלטן קריסטלעכע משרתים, איז בדרך־
כלל נישט אָפּגעהיט געוואָרן, כאָטש דווקא די דאָ־
זיקע גזירה פלעגט כסדר באַנייט ווערן סיי דורך די
סינאָדן, סיי דורך אַ רייע שטעט און דורך אָרטיקע
בישאָפן און גלחים.

אין דער פּראַקטיק פלעגן די הויכע גלחים,
בפרט בישאָפן און די מאָנאַכן־אָרדנס, אַפילו די יע־
זואיטן, נישט אָפּהיטן די גזירות פון דער קירך קעגן
יידן, דאָרטן וואו עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זיי־
ערע עקאָנאָמישע אינטערעסן. די הויכע גלחים און
מאָנאַכן־אָרדנס זיינען אַליין געווען אַ טייל פון דעם
הערשנדיקן קלאַס גרונטבאַזיצער אין פּוילן. פּונקט
ווי די וועלטלעכע פּריצים און מאַגנאַטן, האָבן אויך
זיי, די קלעריקאַלע מאַגנאַטן פאַרמאָגט גרויסע לאַ־
טיפונדיעס, מיט דערפער און שטעטלעך, און פּונקט
ווי די שלאַכטע האָבן זיי פאַרמאָגט אייגענע יורידי־
קעס אין אַלע גרעסערע שטעט. זיי האָבן זיך דער־
פאַר באַנוצט מיט יידן פּונקט אַזוי ווי די שלאַכטע,
צוליב אייגענע פּראָפיטן: זיי פלעגן איבערגעבן יידן
די אַרענדעס פון זייערע גיטער און באַזעצן יידן אין
זייערע יורידיקעס אין די שטעט. דער באַשלוס פון
סינאָד אין וואַרשע אין יאָר 1643, באַשטעטיקט בולט
די סתירה צווישן די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון
די בישאָפן און צווישן די סינאָדאַלע גזירות. דער
סינאָד באַקלאָגט זיך דערויף וואָס „אַ טייל פון די
פּרעעמינענטע הערן בישאָפן פאַרפאַכטן און גיבן אי־
בער זייערע בישאָפלעכע גיטער אין אַרענדע יידן און
דורכדעם גיבן זיי אָפּ און טראָגן אויף זיי איבער

די פולשטענדיקע מאַכט איבער זייערע קריסטלעכע אונטערטאַנען”.

די אומדירעקטע, פּראָפּאַגאַנדיסטישע פּעולה פון די סינאָדאַלע באַשלוסן אין דער נייצייט איז אָבער דאָך געווען גרעסער, איידער אַמאָל אין מיטלאַלטער. די סינאָדאַלע באַשלוסן פלעגן איצט געדרוקט ווערן אין אַ גרויסער צאָל עקזעמפּלאַרן און פאַרשפּרייט ווערן איבערן גאַנצן לאַנד. זייער פּראָפּאַגאַנדע האָט געפונען פאַר זיך אַ פרוכפּעריקן באָדן אין די שטעט, וואו עס האָט זיך געפירט אַן אומאויפהערלעכער קאָנקורענץ־קאַמף צווישן די קריסטלעכע און די יידישע סוחרים, הענדלער און בעלי־מלאכות. נישט געקוקט אויף די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די רייכע גלחים און מאָנאַכן־אָרדנס האָט די קירך ווי אַן אינסטיטוציע געהאַלטן פאַר איר לעבנס־אויפגאַבע צו העצן אומדערמידלעך קעגן יידן דורך אַנטיסעמיטישע בראָשורעס, מינדלעכער אַגיטאַציע און דורך אינסצעניזירן אַלץ אָפטערע עלילת־דם און אַנדערע שווידערלעכע בילבולים אויף יידן.

## ב) די שלאַכטע און די יידן

די שלאַכטע איז אין כלל גענומען געווען דער עניקער שטאַנד, וואָס זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסן זיינען זיך צונויפגעקומען מיט די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון יידן. די שלאַכטע האָט געשטיצט דעם יידישן האַנדל און אינדוסטריע צוליב דעם, וואָס זי איז געווען פאַראינטערעסירט אין ביליקע פרייזן אויף סחורות. די שלאַכטע האָט זיך גענויטיקט אין יידן אין עקספּאָרט פון אירע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. די שלאַכטע און בפרט די מאַגנאַטן פלעגן געבן שוץ יידן אין די שטעט אין זייערע יורידיקעס, צוליב די גרויסע רווחים וואָס זיי האָבן דערפאַר געצויגן. די שלאַכטע ווי אַ גאַנצקייט איז געווען פאַראינטערעסירט אין רעכט פון יידן אויף אַרענדע און אויף שענקעריי, ווייל אַדאַנק יידן האָט זי געהאַט רווחים פון בריי־הייזער, בראָנפן־ברענערייען, קרעטשמעס און מילן. די שלאַכטע האָט געהאַט נישט בלויז אַן עקאָנאָמישן אינטערעס צו ברעכן די מאָנאָפּאָלן פון די קריסטלעכע מיעשטשאַנעס אין האַנדל און פון די קריסטלעכע צעכן אין דער אינדוסטריע, נאָר זי האָט אויך געהאַט אַ פּאָליטישן אינטערעס אין אָפּשוואַכן די אויטאָנאָמע רעכט פון די שטאָט־מאַגיסטראַטן. די שלאַכטע האָט דערפאַר באַקעמפט דאָס אויסשפּרייטן פון דער שטאָטישער יוריסדיקציע אויף יידן און האָט געפאָדערט אָפּצוהיטן דאָס געזעץ, לויט וועלכן יידן זיינען געווען אונטערגעוואָרפן דעם משפט פון וואָיעוואָדע. וואָס מער עס איז געוואַקסן די צאָל און פּראָפּאָרציע פון די פּריצישע יידן לגבי די קיניגלעכע יידן, אַלץ מער האָט די שלאַכטע געמוזט שטרעבן אַז יידן זאָל געזיכערט ווערן אַן עקזיסטענץ־מעגלעכקייט, כדי זיי זאָלן אימשטאַנד זיין צו צאָלן די פּריצישע צינזן און פּריצישע שטייערן. די שלאַכטע ווי דער הערשנדיקער שטאַנד אין דער מלוכה האָט פון מלוכה־שטאַנדפּונקט, פּונקט ווי דער קיניג, געהאַלטן פאַר איר אויפגאַבע צו שיצן יידן ווי צאָלער פון אַ גרויסן טייל מלוכה־שטייערן.

נישט געקוקט אויף די אַלע דעצידירנדיקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאָמענטן איז די שלאַכטע געווען ווייט דערפון צו שטיצן יידן אָן באַוואָרענישן און אין יעדן פּרט. די שלאַכטע ווי אַ גאַנצקייט איז אַרויסגעטרעטן קעגן יענע יידישע פּרנסות, וואָס זיינען געווען פאַר איר גופא אַ קאָנקורענץ, ווי אַרענדע פון מלוכהשע הכנסות, דאָס אויפקויפן פון לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן אין די דערפער, האַנדל מיט פערד, אאַ״וו. די שלאַכטע האָט געפאָדערט אַ פאַרבאָט פאַר יידן צו האַלטן קריסטלעכע משרתים כדי עס זאָל זיך נישט פאַרמינערן די פּויערישע אַרבעטסקראַפט אויף אירע גיטער. די אָרימערע שיכטן פון דער שלאַכטע האָבן געקוקט מיט קנאה אפילו אויף יענע באַשעפטיקונגען פון יידן, וואָס האָבן געבראַכט דעם גרעסטן נוצן די מאַגנאַטן און דער מיטלער שלאַכטע: דער אָרימער שלאַכטשיץ וואָס האָט געהאַט ווייניק ערד אָדער בכלל נישט פאַרמאָגט קיין ערד (שלאַכטע „האָלאָטע”) האָט אַליין אַרויסגעקוקט אויף אַ שטעלע פון אַן אַרענדאַר ביים רייכן פּריץ, בעת אַלע וויכטיקסטע אַרענדעס זיינען געווען באַזעצט דורך יידן. אויך אין קאַמף פון די מיעשטשאַנעס קעגן יידן און בפרט קעגן יידישן האַנדל האָט די שלאַכטע נישט געקאָנט אויסמיידן דאָס אָנערקענען אין פּרינציפּ די באַגרענעצונגען, וואָס די שטעט האָבן איינגעפירט קעגן יידן: סיי דאָס געפיל פון קריסטלעכער סאָלידאַרישקייט קעגן די „כופרים”, סיי די נויטווענדיקייט פון אַזאַ טאַקטיק אין אינערלעכער פּאָליטיק, וואָס זאָל נישט אַנטפּלעקן גאָר בולט איר עגאָאיסטישן קלאַסן־כאַראַקטער, האָט דיקטירט דער שלאַכטע אַרויסצושטעלן זיך פון צייט־צו־צייט ווי אַ היטערין פון די אינטערעסן פון דער גאַנצער קריסטלעכער באַפעלקערונג און ממילא אויך פון די קריסטלעכע שטאָטסלייט: די שלאַכטע האָט זיך דערפאַר פאָרמעל געשטעלט אויף דעם שטאַנדפּונקט פון קיניג: יידן מעגן וואוינען און האַנדלען אין די שטעט אָבער זייערע רעכט דאַרפן באַגרענעצט ווערן כדי „זיי זאָלן נישט צונעמען דאָס ברויט פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג”. אויך די גזירות פון די קירכלעכע סינאָדן האָט די שלאַכטע צוליב ענלעכע מאָטיוון על־פּי־רוב סאַנקציאָנירט דורך אירע באַשלוסן אויפן סיים. די סתירה צווישן די פּרינציפּן, וועלכע די שלאַכטע האָט פאָרמעל געשטיצט און צווישן אירע פאַקטישע אינטערעסן בנוגע יידן דערקלערט צום גרויסן טייל דעם חילוק צווישן די סיים־באַשלוסן

(„קאָנסטיטוציעס”) וועגן יידן און צווישן די מער קאָנקרעטע באַשלוסן („לוידאַ”), וועלכע די שלאַכטע פלעגט אָננעמען אויף אירע סיימיקעס אין די באַזונדערע פּאָוויאַטן: די באַשלוסן פון סיים זיינען געווען מער באַרעכנט אויף דעם אויסערלעכן עפעקט, ווי אַ מין פּראָגראַמאַטישע דעקלאַראַציע, בעת די באַשלוסן פון די סיימיקעס זיינען געווען דירעקט דיקטירט דורך די אינטערעסן פון דער אָרטיקער שלאַכטע, כאָטש אויך דאָרט פלעגט מען יוצא זיין לגבי די פאָרמעלע פּרינציפּן.

לאָמיר קודם־כל זיך באַקענען מיט די וויכטיקסטע סיים־באַשלוסן וועגן יידן אין דער תקופה ביז צו דער העלפט פון 17טן י״ה:

אויף דעם סיים אין פּיעטריקעוו אין יאָר 1538 זיינען אָנגענומען געוואָרן אַכט געזעצן וועגן יידן, צווישן אַנדערע: יידן טאָרן נישט זיין קיין צאָלפּאַכטער און טאָרן בכלל נישט האָבן קיין שום אַמטן; יידן טאָרן נישט האַנדלען פריי און אומבאַגרענעצט מיט אַלע סחורות, נאָר זיי דאַרפן אָפּהיטן די פּריווילעגיעס וואָס די שטעט האָבן באַקומען, און אין די עטלעכע שטעט, וואו זיי האָבן געשלאָסן אָפּמאַכן מיט די שטאָט־פאַרוואַלטונגען, זיינען זיי מחויב די דאָזיקע אָפּמאַכן בשלמות אויסצופירן. יידן טאָרן נישט האַנדלען און אויך נישט איינאָרדענען ירידים אין די דערפער, בפרט אַז דאָס איז אפילו פאַרבאָטן קריסטן (מיעשטשאַנעס). יידן דאַרפן טראָגן געלע היטלען, אומעטום, אַחוץ אויף נסיעות, כדי זיי זאָלן זיך אונטערשיידן אין זייערע מלבושים פון קריסטן.

מיט עטלעכע יאָר פריער, אין 1529, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער ליטווישער „סטאַטוט” (געזעץ־זאַמלונג), וואָס האָט געפסלט יידן (און אויך טאָטערן) ווי עדות קעגן קריסטן און האָט פאַרבאָטן יידן און טאָטערן צו באַזיצן לייב־אייגענע פּויערים. אין צווייטן ליטווישן סטאַטוט, פון יאָר 1566, זיינען אַריינגעגאַנגען די אַלע באַגרענעצונגען פון יידן, וואָס דער סיים פון קרוינפּוילן האָט ביז דעמאָלט געהאַט באַשלאָסן, און אַחוץ דעם איז אויך פאַרבאָטן געוואָרן יידן צו טראָגן טייערע קליידער, גילדענע קייטן, תכשיטים אויפן גאַרטל און אויפן שווערד. דער סטאַטוט האָט מחייב געווען יידן צו טראָגן געלע היטלען, סיי מענער, סיי פרויען.

די גזירה וועגן געלע היטלען איז אין דער פּוילישער מלוכה קיינמאָל נישט אויסגעפירט געוואָרן. יידן פלעגן אָבער שוין אין יענער צייט, מיטן אויסנאַם פון גרויסע גבירים, אָנטאָן זיך אַנדערש, איידער די איבעריקע באַפעלקערונג, ווייל עס איז בכלל נישט געווען קיין איינהייטלעכע טראַכט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג: אַנדערש האָט זיך געקליידט דער שלאַכטשיץ איידער דער קריסטלעכער שטאָטסמאַן, נאָך אַנדערש האָט זיך געקליידט דער פּויער, און אַפילו צווישן דער שלאַכטע זיינען געווען אונטערשיידן אין דעם קליידונג פון מאַגנאַטן (קאַרמאַזינען, ד״ה רויטע פּערפּל) און אָרימערע אַדל־לייט: צוליב דעם טעם איז אין דער שפּעטערדיקער רעדאַקציע פון ליטווישן סטאַטוט שוין בכלל אויסגעלאָזט געוואָרן דער פּאַראַגראַף וועגן יידישער קליידונג.

אויף די סיימען אין פּיעטריקעוו אין די יאָרן 1539—1544 איז אָנגענומען געוואָרן דער אויבן־דערמאָנטער פונדאַמענטאַלער באַשלוס, אַז יידן וואָס וואוינען אין שטעט און דערפער פון דער שלאַכטע זיינען אונטערוואָרפן דעם משפט פון די פּריצים. דער סיים אין וואַרשע פון 1557 האָט פאַרבאָטן יידן צו האַנדלען מיט פערד. דער דאָזיקער פאַרבאָט איז איבערגעחזרט געוואָרן אויף די סיימען אין פּיעטריקעוו אין די יאָרן 1562—1563 און 1565. אויף די דאָזיקע סיימען זיינען אויך איבערגעחזרט געוואָרן די גזירות פון יאָר 1538 וועגן באַגרענעצונג פון יידישן האַנדל, ווי אויך וועגן פאַרבאָט צו פאַרפּאַכטן יידן מלוכהשע הכנסות. אין פאַרבאָט פון פּאַכט זיינען דאָס מאָל בפירוש אויסגערעכנט געוואָרן סיי צאָל־ און זאַלץ־גרובן, סיי אפילו קרעטשמעס! די גזירה וועגן קרעטשמעס, וואָס איז אגב געבליבן לחלוטין אַ טויטער אות, איז געווען אַ פאָרמעלע הנחה דער אָרימער שלאַכטע. אין יאָר 1565 איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ, וואָס האָט פאַרבאָטן יידן צו האַלטן קריסטלעכע משרתים. דערביי איז אָבער בפירוש באַוואָרנט געוואָרן, אַז מען מיינט בלויז דינסטן, און אַז קריסטלעכע פורמאַנעס און אָקסן־טרייבער מעגן יידן יאָ באַשעפטיקן. אין יאָר 1567 איז נאָכאַמאָל אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס דורכן סיים, אַז יידן דאַרפן זיין באַגרענעצט אין האַנדל לויט די אָפּמאַכן מיט די שטעט. אין יאָר 1588, אויפן קרוינונג־סיים, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יידן טאָרן נישט אויסקויפן קיין סחורות און עסנוואַרג אויף די וועגן, איידער זיי ווערן אַריינגעבראַכט אין שטאָט. דער דאָזיקער פאַרבאָט איז, ווי דערמאָנט, אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן קיניג זיגמונט דעם 3טן אין אַ ספּעציעלן דעקרעט. אין יאָר 1616 האָט דער סיים איבערגעחזרט דעם אַלטן פאַרבאָט קעגן יידן צו באָרגן געלט אויף היפּאָטעק פון פּריצישע אָדער שטאָטישע אומבאַוועגלעכע גיטער. אין יאָר 1643 האָט דער סיים אָנגענומען אַ טאַריף אויף אַריינגעפירטע סחורות, וואָס האָט געשטעלט יידישע סוחרים נידעריקער נישט בלויז פון אָרטיקע קריסטלעכע סוחרים, נאָר אַפילו פון אויסלענדישע סוחרים: לויט דעם דאָזיקן טאַריף האָבן אָרטיקע (קריסטלעכע) סוחרים געמעגט קאַלקולירן 7 פּראָצענט ריווח פון אימפּאָרטירטע סחורות, אויסלענדישע סוחרים 5 פּראָצענט און יידן בלויז 3 פּראָצענט! די דאָזיקע גזירה האָט נישט געהאַט קיין שום פּראַקטישן רעזולטאַט, פּונקט

ווי עס האָבן נישט געהאַט קיין חשיבות די טאַריפן פון מאַקסימאַל־פרייזן אויף שטאָטישע סחורות (נישט מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, מיט וועלכע די שלאַכטע האָט געהאַנדלט), וואָס עס פלעגן באַשטימען די וואָיעוואָדעס; דאָך איז די דאָזיקע גזירה כאַראַקטעריסטיש סיי פאַר דער פאָרמעלער פריווילעגירונג פון קריסטן דורך דער שלאַכטע, סיי פאַר דער פאַרשפּרייטער מיינונג, אַז יידן פאַרקויפן ביליקער איידער אַנדערע סוחרים, ווייל זיי באַנוגענען זיך מיט אַ קלענערן ריווח!

בדרך כלל אַנטהאַלטן בכן די סיים־באַשלוסן וועגן יידן באַגרענעצונגען פון זייערע רעכט. בלויז אין עטלעכע פאַלן, ווען מען האָט געדאַרפט באַוואָרענען די זיכערקייט פון יידישן לעבן און פאַרמעגן און די יסודות פון דער אויטאָנאָמיע פון יידן לגבי די שטעט, האָבן די סיימען אָנגענומען באַשלוסן בפירוש לטובת די יידן. די לאַנד־קאָנפעדעראַציע פון דער שלאַכטע וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין יאָר 1586 נאָכן טויט פון קיניג סטעפאַן באַטאָרי, כדי אויפצוהאַלטן אָרדענונג אין לאַנד ביז צו דער וואַל פון אַ נייעם קיניג, האָט בפירוש אויסגערעכנט יידן צווישן די קלאַסן פון דער באַפעלקערונג וואָס דאַרפן באַשיצט ווערן קעגן געוואַלט־אַקטן. אין יאָר 1633 האָט בעם סיים אין זיין באַשלוס באַוואָרנט, אַז יידן זאָלן נישט געמשפּט ווערן דורך די שטאָטישע געריכטן, נאָר דורך די געריכטן פון די פּריצים אין די פּריוואַטע שטעט און דורך די „יידישע ריכטער" און פּאָדוואָיעוואָדן אין די קיניגלעכע שטעט. אויף דעם זעלבן סיים איז באַשלאָסן געוואָרן צו בעטן דעם קיניג, ער זאָל דערלויבן יידן אין גאַנץ ליטע און בפרט אין דער שטאָט ווילנע צו האַנדלען אומגעשטערט אין זייערע קראָמען און הייזער, היות „דאָס יקרות אויף סחורות איז געוואַלטיק געשטיגן".

להיפּך צו די סיים־באַשלוסן (קאָנסטיטוציעס) איז די שלאַכטע אין אירע באַשלוסן אויף די סיימיקעס („לוידאַ") אַרויסגעטרעטן אָפן לטובת די יידן און דערביי אויך על־פּי־רוב אָנגעגעבן אויפריכטיק דעם מאָטיוו, אַז עס גייט איר אין באַוואָרענען אירע אייגענע אינטערעסן. אין יאָר 1590 האָט דער סיימיק פון דער שלאַכטע פון רייסן (מזרח־גאַליציע) אין ווישניע באַשלאָסן, אַז די דעפּוטאַטן אויפן סיים זאָלן בעטן דעם קיניג, אַז יידן אין לעמבערג זאָלן מעגן האַנדלען מיט טערקישע סחורות און מיט אַלע אַנדערע סחורות. די דאָזיקע פאָדערונג ווערט באַגרינדעט דערמיט, וואָס „דאָס שלאַכטעצקע פאָלק ליידט אַ סך פון דער שטאָט לעמבערג סיי אין אַנדערע זאַכן, סיי אויך דורכדעם, וואָס דאָרט אסרט מען יידן כל־המינים האַנדל, כדי זיי זאָלן קענען פאַרקויפן טייערער, לויט ווי עס גלוסט זיך זיי". דערביי פאַררופט זיך די שלאַכטע אויך דערויף, וואָס לעמבערגער יידן באַטייליקן זיך אין די קאָסטן פון דער פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט און אין דער באַוואַכונג פון די שטאָט־מויערן גלייך מיט אַלע אַנדערע שטאָטסלייט. דער זעלבער באַשלוס ווערט איבערגעחזרט אין ווישניע אין יאָר 1592 און אין יאָר 1599 מוסרט אין גייסט פון די דאָזיקע באַשלוסן דער וואָיעוואָדע פון רייסן די שטאָט לעמבערג פאַר אירע גזירות קעגן יידישן האַנדל: צוליב די דאָזיקע גזירות ווערן די „ליכטיקע" („יאַשניע", ד"ה פּריצים) אַזוי שטאַרק אונטערדריקט, אַז זיי קענען נישט באַקומען קיין פוטער־סחורות, אָדער זיי דאַרפן דערפאַר צאָלן דרייפאַכיק. אויך אין יאָר 1645 פאָדערט די רייסישע שלאַכטע, אַז די לעמבערגער שטאָטסלייט זאָלן נישט מאַכן קיין מניעות די פּרזשעמישלער סוחרים און די יידן אויף די ירידים אין יאַזלאָוויעץ, ווייל „אין אונזער מלוכה זיינען פאַרבאָטן אַלע מאָנאָפּאָלן, וואָס ברענגען שאָדן דעם שטאַנד פון דער שלאַכטע". די זעלבע שלאַכטע טרעט אויך אַרויס אויף עטלעכע סיימיקעס (למשל 1640—1641) קעגן דעם, וואָס דער לעמבערגער קירזשנער־צעך אַסרט יידן צו פאַרקויפן „פוטערס און סויבלען", היות דורכדעם זיינען די פּרייזן הויך און „דער שטאַנד פון דער שלאַכטע באַטראַכט עס פאַר אַ נגישה קעגן זיך". די שלאַכטע פון רייסן טרעט אויך אַרויס קעגן אַרויפלייגן אומבאַרעכטיקטע לאַסטן אויף יידן (1636) און קעגן די גזירות פון פּרזשעמישלער בישאָף, וואָס האָט געשטערט די דאָרטיקע יידן אויפצובויען זייער שול. ענלעכע באַשלוסן לטובת דער פרייהייט פון יידישן האַנדל, שוץ פאַר יידן קעגן אָנפאַלן, רעכט פון יידן צו וואוינען אין דער שטאָט, זיינען אָנגענומען געוואָרן אין יענער צייט אויף סיימיקעס אין אַנדערע געביטן פון פוילן, ווי ליטע (ווילנע, מינסק) און גרויספוילן (שראָדע).

אָבער אויך אין די באַשלוסן פון די סיימיקעס געפינט מען נישט קיין אויסגעהאַלטענע ליניע אין דער שטעלונג לגבי יידן. די דערמאָנטע סיימיקעס פון דער רייסישער שלאַכטע פלעגן אויך אַמאָל אָננעמען באַשלוסן וועגן באַגרענעצונג פון יידישן האַנדל „וואָס ברענגט שאָדן קריסטן", ד"ה די מיעשטשאַנעס (1625). די דאָזיקע סתירה דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די שלאַכטע האָט טאַקע גאָר נישט געהאַט קעגן דעם, אַז אירע קריסטלעכע גלויבנס־ברידער, די מיעשטשאַנעס, זאָלן פאַרווערן יידן דעם האַנדל מיט יענע אַרטיקלען, וואָס די שלאַכטע האָט נישט באַדאַרפט קויפן אין דער שטאָט, ווי למשל מעל, קאַשע אד"גל. דערפאַר איז עס אויך נישט געווען קיין בלויזע פאָרמאַליטעט, אויב די שלאַכטע האָט אַפילו אין די זעלבע באַשלוסן, וואו זי איז אַרויסגעטרעטן קעגן אויסשליסן יידן פון אַ רייע האַנדלס־צווייגן, צוגעגעבן אַ באַוואָרעניש, אַז „די שטאָטסלייט זאָלן

דערביי ניט האָבן קיין היזק", אָדער אַז די אָפמאַכן צווישן דער שטאָט און די יידן זאָלן דערביי אָפגעהיט ווערן. די שלאַכטע פלעגט אויך אויף די זעלבע סיימיקעס אָננעמען באַשלוסן צום שאָדן פון יידן, אין די אַלע פראַגן, וואָס האָבן אָנגערירט איר קלאַסן־עגאָאיזם, אָדער ווי זי האָט געקאָנט אַרויסווייזן איר קריסטלעכע סאָלידאַרישקייט מיט די מיעשטשאַנעס אָן איר אייגענעם שאָדן. די סיימיקעס פלעגן אָפט פאָדערן, אַז יידן זאָלן זיך באַטייליקן אין די קאָסטן פון דער פאָרטיפיקאַציע פון דער שטאָט גלייך מיט קריסטן (פרזשעמישל), אַז דער יידישער שטייער זאָל געהעכערט ווערן און מען זאָל אויף זיי אַרויפלייגן נייע מינים שטייערן, אַז יידן זאָלן נישט טאָרן האַלטן קיין קריסטלעכע משרתים, אַז זיי זאָלן נישט טאָרן האַלטן אין אַרענדע קיין גיטער (אַ באַשלוס אין די אינטערעסן פון דער אָרימערער שלאַכטע!) און די קיניגלעכע מינץ, אַז זיי זאָלן נישט האַנדלען מיט סאַלעטרע (סאַלפעטער) און זאָלן נישט אימפאָרטירן קיין וויין פון אונגערן אאַז"וו. דעם איסור פון האַנדל מיט סאַלעטרע האָט די שלאַכטע לפנים מאָטיווירט דערמיט, וואָס זי ווערט עקספאָרטירט קיין אויסלאַנד דורך דאַנציק און דורכדעם קען ליידן די פאַרטיידיקונג פון לאַנד. פאַקטיש האָט זיך דאָ ווידער געהאַנדלט וועגן די אינטערעסן פון דער שלאַכטע, וואָס פלעגט אַליין אויסאַרבעטן סאַלעטרע אויף אירע גיטער און האָט געוואָלט פטור ווערן פון יידישער קאָנקורענץ אין האַנדל מיט דעם דאָזיקן אַרטיקל: בעת זי האָט פאַר יידן געפאָדערט דעם אַבסאָלוטן פאַרבאָט פון האַנדל מיט סאַלעטרע, האָט זי פאַר נישט־יידן בלויז געפאָדערט דעם איסור פון עקספאָרט! דעם איסור פון האַנדל מיט אונגערישן וויין האָט די שלאַכטע געהאַלטן פאַר אַ מיטל צו פאַרביליקן דעם דאָזיקן אַרטיקל: לויט איר משונהדיקער פאָליטישער עקאָנאָמיע איז אויסגעקומען, אַז אויב די אונגאַרן וועלן אַליין ברענגען צו פירן זייער וויין קיין פוילן, וועלן זיי עס פאַרקויפן ביליקער, איידער ווען מען וועט צו זיי פאָרן קויפן!

אין אַ טייל פראָווינצן פון פוילן, ווי מאַזאָוויע, פאָמערן, און אין איבעריקן קיניגלעכן פרייסן, פלעגן די סיימיקעס פון דער שלאַכטע אָננעמען באַשלוסן דורכאויס קעגן יידן; די דאָרטיקע שלאַכטע פלעגט פראָטעסטירן קעגן דעם וואָס יידן האַנדלען אין זייער פראָווינץ, און באַזעצן זיך אין די גיטער פון מאַגנאַטן און פון גייסטלעכע. אין פאָמערן און אין אַנדערע פראָווינצן פון קיניגלעכן פרייסן איז די מיטעלע און קליינע שלאַכטע אַליין געווען אין אַ גרויסער מאָס אַריינגעצויגן אין האַנדל און דערפאַר געוואָלט פטור ווערן פון יידישער קאָנקורענץ. אויב די דאָזיקע שלאַכטע באַקלאָגט זיך אויף די מאַגנאַטן, וואָס גיבן שוץ יידן, איז עס נאָר אַ באַווייז, אַז דער אַנטיסעמיטיזם פון דער דאָרטיקער שלאַכטע איז נישט געווען קיין באַזונדערע מכה פון יענע פראָווינצן, ווייל אפילו דאָרט האָבן געשטיצט יידן יענע שיכטן פון דער שלאַכטע, וואָס האָבן פון זיי געצויגן נוצן. אין מאַזאָוויע ווידער איז די קליינע, אָרימערע שלאַכטע, וואָס איז אומעטום געווען נוטה צו אַנטיסעמיטיזם, געווען אַ סך מער פאַרשפרייט איידער אין אַנדערע פראָווינצן פון פוילן.

אין סך־הכל זעען מיר, אַז די שלאַכטע האָט צוליב איר אייגענע עקאָנאָמישע אינטערעסן פאַרנומען בדרך כלל אַ שטעלונג וואָס איז געווען גינציק פאַר די יידן אין פוילן. די בשותפותדיקע עקאָנאָמישע אינטערעסן האָבן אָבער לחלוטין נישט דערוועקט ביי דער שלאַכטע קיין פריינטלעכע שטימונגען צו יידן. וואָס מער עס איז געוואַקסן דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם פון דער שלאַכטע צוליב דער אויסשפרייטונג פון דער קאַטוילישער רעאַקציע, אַלץ מער איז געוואַקסן איר אומטאָלעראַנץ לגבי דער יידישער באַפעלקערונג וואָס איז איר געווען אונטערטעניק. די כסדרדיקע מלחמות מיט די „אומגלויביקע" טערקן און טאָטערן אין 17טן י"ה, האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט אין דער שלאַכטע די גאווה פון „פאַרטיידיקער פון קריסטנטום", וועלכע זי האָט אַריבערגעטראָגן אויך אין אירע באַציאונגען צו יידן. נאָך אַ גרעסערע ראָלע האָט געשפילט אין די דאָזיקע באַציאונגען דער פאַקט, וואָס יידן זיינען מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דער פאָליטישער און סאָציאַלער העגעמאָניע פון דער שלאַכטע אַלץ מער אַרונטערגעפאַלן דירעקט אונטער איר רשות. יידן זיינען אַלץ מער געווען אויסגעליפערט אויף גנאָד און אומגנאָד פון דער שלאַכטע נישט בלויז אין די פריצישע שטעט און דערפער, נאָר אפילו אין די קיניגלעכע שטעט, וואו זיי האָבן געלעבט אונטערן שוץ פון די וואָיעוואָדעס, סטאַראָסטעס און פון די מאַגנאַטן, די באַזיצער פון די יורידיקעס. אין אָנהויב פון 16טן י"ה איז נאָך די געזעלשאַפטלעכע פאָזיציע פון געקליבענע יידישע גבירים אין פוילן געווען אַ גאַנץ געהויבענע: דער לייב־דאָקטאָר פון קיניג זיגמונט דעם 1טן, יצחק פון שפאַניע, האָט באַקומען פון אים אַן אָפיציעלע באַשטעטיקונג, אַז ער שטאַמט אָפ פון אַן אַדל־פאַמיליע פון ירושלימער יידן. דער זעלבער קיניג האָט אויך אין יאָר 1525 דערהויבן צום אַדל־שטאַנד דעם יידישן מוכס פון ליטע מיכאל עזאָפאָוויטש, דעם ברודער פון געשמדטן ליטווישן פינאַנץ־מיניסטער. אַרום דער העלפט פון 16טן י"ה זיינען נאָך יידן אין ליטע באַטראַכט געוואָרן אַזוי ווייט פאַר אַ העכערן שטאַנד, אַז אין ליטווישן סטאַטוט איז אַריינגענומען געוואָרן אַ פאַראַגראַף, וואָס האָט דערהויבן צום אַדל־שטאַנד יעדן ייד וואָס נעמט אָן דעם קריסטלעכן גלויבן. אין 17טן י"ה זיינען שוין יידן דעגראַדירט געוואָרן על־פי־רוב צו

אונטערטאַנען פון פּריצים. דער פּריץ האָט אַראָפּגעקוקט אויף זיין יידישן אַרענדאַר, שענקער, קרעטשמער, הענדלער און בעל־מלאכה מיט דער זעלבער גאווה און פאַראַכטונג ווי אויף דעם קליינשטעטלדיקן מיעשטשאַן, דעם „קאָלטון״ און אויף דעם פּויער וועמען ער האָט גערופן ״כאַם״: לויט זיין שלאַכטעצקער גענעאַלאָגיע האָט ער אַליין, דער פּריץ גאָר אָפּגעשטאַמט פון עלטסטן זון פון נח—שם, דער ייד פון יפת, און דער פּויער פון חם. די שלאַכטע איז טאַקע נישט געווען דער קלאַס וואָס האָט פאַרשפּרייט אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן. די גאווהדיקע ביטול־באַציאונג פון פּריץ צום ייד האָט אָבער געגעבן אַ ספּעציפישע באַפאַרבונג דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם אויף לאַנגע הונדערטער יאָרן ביז אין אונזערע צייטן.

## ג) די מיעשטשאַנעס און די קאַטוילישע רעאַקציע

די אומאויפהערלעכע שקלא וטריא אַרום וואוינרעכט פון יידן אין די שטעט און אַרום יידישן האַנדל און האַנטווערק, וואָס מיר האָבן אויבן בקיצור באַשריבן, באַווייזט גאַנץ באַשיימפערלעך, אַז פּונקט ווי אין מיטלאַלטער זיינען אויך אין דער נייצייט די מיעשטשאַנעס געווען דער יעניקער שטאַנד, וואָס האָט אָנגעפירט דעם פאַרביסנסטן קאַמף קעגן יידן. בעת אָבער אין מיטלאַלטער איז די וואוכער־באַשעפטיקונגען פון יידן געווען איינע פון די סיבות פון אַנטיסעמיטיזם פון מיעשטשאַנעס, איז אין דער נייצייט די הויפּט־סיבה פון אַנטאַגאָניזם געווען די קאָנקורענץ אויפן געביט פון האַנדל און מלאכה.

די ראָלע פון קאָנקורענץ ווי אַ הויפּט־פאַקטאָר אין קאַמף פון די מיעשטשאַנעס קעגן יידן קומט אַרויס נאָך קלאָרער אין ליכט פון קאַמף וואָס די שטאָטסלייט האָבן געפירט קעגן אַנדערע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע גרופּן אין די פּוילישע שטעט.

די איטאַליענישע און שקאָטישע סוחרים וואָס האָבן אין אַ גאַנץ אָנזעעוודיקער צאָל זיך באַזעצט אין פאַרשידענע גרעסערע שטעט פון פּוילן אין 16טן און אין 17טן י״ה פלעגן פאַרהאַסט זיין ביי די פּוילישע סוחרים נישט ווייניקער איידער יידן. דער האַס צו די גרויסע אויסלענדישע סוחרים איז נאָך געשטיגן דורכדעם, וואָס אַ סך פון זיי פלעגן באַקומען פון פּוילישע מלכים, פּונקט ווי איבעריקנס אויך עטלעכע אויסדערוויילטע יידישע גרויסע סוחרים, דעם „סערוויטאָריאַט״, ד״ה די פּריווילעגיע פון קיניגלעכע דינער, הויף־ליוועראַנטן. אויפן יסוד פון סערוויטאָריאַט פלעגן זיי אַריינפירן קיין פּוילן סחורות נישט אָפּצאָלנדיק קיין שום צאָל. די שלאַכטע האָט די אויסלענדישע סוחרים פיינט געהאַט ווי אַ פּריווילעגירטע און סעפּאַראַטיסטישע גרופּע. אין יאָר 1562 האָט אפילו דער סיים אין פּיעטריקעוו אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז די איטאַליענער, שקאָטן און אַנדערע אויסלענדישע סוחרים, וואָס האָבן נישט קיין בירגעררעכט אין די שטעט, זאָל פאַרבאָטן ווערן צו האַנדלען און צו וואוינען אין שטעט. אין אַ סאַטירע פון 17טן י״ה פאַרגלייכט אַ פּוילישער שלאַכטשיץ, גאַבריעל קראַשינסקי די איטאַליענישע סוחרים מיט... יידן, „נישט אין פּרט פון זייער (דער יידישער) מיאוסער רעליגיע, נאָר אין פּרט פון פאַלשקייט, פאַררעטערישקייט, צביעותדיקער פאַרשטעלטקייט״ און סעפּאַראַטיזם, ווייל „זיי האַלטן זיך צוזאַמען ווי יידן״.

די מיעשטשאַנעס פלעגן אָבער אויך אויסנוצן זייער מאַיאָריטעט אין די שטעט כדי צו עלימינירן די קאָנקורענץ אין האַנדל און אין מלאכה מצד אָרטיקע סוחרים און בעלי־מלאכות, וואָס האָבן געהערט צו אַ רעליגיעזער אָדער נאַציאָנאַלער מינאָריטעט. נאָך אין 16טן י״ה פלעגן די גרעסערע קיניגלעכע שטעט, כמעט אויסשליסלעך קאַטוילישע, נישט צולאָזן פּראָטעסטאַנטן צו צעכן און ממילא אויך צו מלאכה און פלעגן זיי אויסשליסן פון רעכט צו באַקליידן אַמטן אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. אויף אַן ענלעכן אופן פלעגן די פּראָטעסטאַנטישע שטעט אין קיניגלעכן פּרייסן (פּאָמערן) באַגרענעצן די רעכט פון די דאָרטיקע קאַטויליקן. אין אַ טייל קיניגלעכע שטעט אין רייסן, למשל אין סאַמבאָר, איז מיטן הסכם פון קיניג נאָך אין 16טן י״ה פאַרבאָטן געוואָרן אוקראַינער („רוטענער״), וואָס זיינען נאָך דעמאָלט געווען פּראַוואָסלאַווע, צו באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה, צו באַקליידן שטאָטישע אַמטן און אפילו צו קויפן הייזער. אין אַנדערע שטעט פון רייסן, למשל, אין לעמבערג, זיינען די אוקראַינער און אויך די אַרמעניער („אָרמיאַנער״) געווען באַטראַכט ווי בירגער פון דער צווייטער מדרגה בנוגע פּאָליטישע רעכט, כאָטש זיי זיינען צוגעלאָזט געוואָרן צום ברייטערן שטאָט־ראַט ווי אַ באַזונדערע קערפּערשאַפט. נאָר אין די פּריוואַטע, פּריצישע שטעט אין רייסן און כמעט אין אַלע שטעט אין ליטע, וואו די ווייסרוסן (פּראַוואָסלאַוונע) האָבן באַטראָפן נישט קיין קלענערע צאָל ווי די פּאָליאַקן, זיינען זיי געווען גלייכבאַרעכטיקט סיי אין די שטאָט־ראַטן, סיי אין די צעכן.

אין זייער שטרעבן צו באַזייטיקן די קאָנקורענץ אין האַנדל האָבן זיך די שטעט נישט באַגרענעצט בלויז מיט גזירות קעגן נישט־קאַטוילישע קריסטן. די מיעשטשאַנעס פלעגן באַגרענעצן דעם האַנדל אפילו פון פּוילישע סוחרים פון אַן אַנדערער שטאָט און טאַקע אויף אַן ענלעכן אופן ווי זיי האָבן געשטיקט דעם האַנדל פון יידן: „פרעמדע״ סוחרים ד״ה סוחרים פון אַן אַנדער שטאָט, האָבן נישט געטאָרט האַנדלען צווישן זיך, נאָר מיט די אָרטיקע סוחרים, סיידן אין דער צייט פון יריד, מען האָט זיי

אויך נישט דערלויבט, מיטן אויסנאַם פון יריד, צו האַנדלען לאחדים!

דער קאַמף קעגן ייִדן איז געווען דער וויכטיקסטער סעקטאָר פון קאָנקורענץ־קאַמף, וועלכן די הערשנדיקע מיעשטשאַנעס האָבן געפירט קעגן אַלע וויניקער־פּריווילעגירטע גרופּעס פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. דער קאַמף קעגן ייִדן איז געווען דער שאַרפסטער, סיי צוליב זייער גרויסער צאָל, סיי צוליב דער ראָלע, וואָס זיי האָבן פאַרנומען אין האַנדל פון לאַנד.

באַזונדערס פאַרביטערט איז געווען דער קאָנקורענץ־קאַמף קעגן ייִדן מצד די אָרימערע שיכטן פון די קריסטלעכע סוחרים, די קרעמער און הענדלער און מצד די קריסטלעכע בעלי־מלאכות. די רייכע קריסטלעכע הורט־סוחרים האָבן ביי זייער טיפסטן פאַרלאַנג פטור צו ווערן פון דער ייִדישער קאָנקורענץ דאָך אָפט זיך באַנוצט מיט ייִדישע סוחרים, אָפּגעקויפט ביי זיי סחורות און אפילו אַמאָל געשלאָסן שותפות אין האַנדל. די קריסטלעכע קרעמער און הענדלער דאַקעגן האָבן אין זייער קאַמף פאַר עקזיסטענץ געזען די גרעסטע מניעה אין די ייִדישע סוחרים און הענדלער. אויך די קריסטלעכע בעלי־מלאכות האָבן באַקעמפט דעם ייִדישן סוחר מיט דער זעלבער פאַרביסנקייט ווי זייערע דירעקטע קאָנקורענטן, די ייִדישע בעלי־מלאכות: די ייִדישע סוחרים האָבן (פונקט ווי קריסטלעכע סוחרים) געהאַנדלט מיט רוי־שטאָפן וועלכע דער בעל־מלאכה האָט געדאַרפט פאַר זיין וואַרטשטאַט: לעדער פאַר שוסטערס, פעלכלעך און פוטערס פאַר קירזשנער אאַז״וו. ייִדישע סוחרים (צוגלייך מיט אַנדערע סוחרים) האָבן אויך געהאַנדלט מיט פאַרטיקע סחורות, ווי שיך, קליידער, פעלצן, גאַלאַנטעריע, גאָלד־ און זילבער־אויסאַרבעטונגען, וואָס זיינען געווען אַ דירעקטע קאָנקורענץ פאַר דעם בעל־מלאכה. ווי דערמאָנט, האָבן אויך ייִדישע סוחרים שוין דעמאָלט איינגעפירט אין געוויסע אינדוסטריע־צווייגן דעם פאַרלאַג־סיסטעם, צוליב וועלכן זיי האָבן פּראָדוצירט ביליקער איידער די זעלבסטשטענדיקע בעלי־מלאכות. סיי די בעלי־מלאכות, סיי די איבעריקע שטאָטישע באַפעלקערונג האָט אויך אויף ייִדן אַרויפגעוואָרפן די שולד פאַר דעם יקרות אויף לעבנס־מיטל, דערפאַר וואָס ייִדן פלעגן אויפקויפן ביי די פּויערים זייערע פּראָדוקטן אויפן מאַרק, אָדער נאָך איידער זיי זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אין דער שטאָט אַריין.

עס איז איבעריק צו באַמערקן, אַז די אַלע סתירות אין עקאָנאָמישע אינטערעסן זיינען לחלוטין נישט געווען באַגרענעצט בלויז צו ייִדישע סוחרים: בלויז אויף גרויסע געביטן, ווי אין האַנדל מיט פאַרטיקע סחורות און אין פאַרלאַג־סיסטעם (היים־אַרבעט) זיינען ייִדישע סוחרים געווען די פּיאָנערן פון מאָדערניזירן די פּראָדוקציע און פאַרקויף. בדרך כלל האָט דער קריסטלעכער סוחר געהאַנדלט מיט די זעלבע אַרטיקלען וואָס דער ייִדישער סוחר. דער קריסטלעכער לעדער־סוחר און פוטער־סוחר האָט נישט פאַרקויפט ביליקער די סחורות דעם בעל־מלאכה איידער דער ייִדישער. דער קריסטלעכער קאָנקורענט אין קליין־האַנדל און אין מאַרק און גאַסן־האַנדל האָט זיך נישט באַנוצט מיט פיינערע מעטאָדן פון קאָנקורענץ איידער דער ייִדישער קרעמער און הענדלער. דער ייִדישער שפּייז־סוחר האָט נישט געצאָלט דעם פּויער אויפן מאַרק קיין העכערע פּרייזן פאַר לעבנס־מיטלען איידער דער קריסטלעכער מעלער און קאַשע־קרעמער. דער רייכער פּאַטריציאַט, וואָס האָט געהאַט די מאַכט אין די שטעט און די גלחים און מאָנאַכן האָבן אָבער געזאָרגט דערפאַר, אַז דער גאַנצער ברענשטאָף פון אומצופרידנקייט פון דער ברייטער שטאָטישער באַפעלקערונג זאָל זיך אויסלאָזן קעגן ייִדן.

שוין אין 16טן י״ה איז די אונטערדריקונג פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג דורך די מאַגיסטראַטן, די אָרגאַנען פון דעם רייכסטן פּאַטריציאַט געווען אויסטערליש שווער: די גאַנצע לאַסט פון מלוכהשע און שטאָטישע שטייערן פלעגט אַרויפגעלייגט ווערן אויף די אַרימסטע שיכטן פון די שטאָטסלייט, אויף די בעלי־מלאכות און הענדלער. דערצו זיינען נאָך צוגעקומען אויסטערלישע מיסברויכן מצד פאַמיליע־קליקעס, וואָס האָבן באַהערשט די שטאָט־ראַטן: מען פלעגט נישט אָפּגעבן קיין עפנטלעכע חשבונות פון די שטאָט־פינאַנסן, מען פלעגט ווילקירלעך צוקאָאָפּטירן קרובים און פריינט אין שטאָט־ראַט, מען פלעגט אַרויפצווינגען אויף די צעכן „מתנות״ פאַר „די הערן ראַט־מענער״. כמעט אין אַלע גרעסערע שטעט האָבן די ראַט־מענער, אַמאָל אפילו מיטן הסכם פון קיניגלעכע פּריווילעגיעס, גענומען פאַר זיך אַ דריטל פון שטאָטישע אָפּצאָלן פון סחורות, צוגענומען פאַר זיך די שטאָטישע מילן־ און גיטער (לעמבערג), צוגענומען פאַר זיך די שטאָטישע מאָנאָפּאָלן אויף בראָנפן און ביר (לובלין) און דערביי אפילו פאָרמעל געווען באַפרייט פון שטייערן (קראָקע). כמעט אין אַלע שטעט פלעגן די טאַקסעס פאַר שטאָטישן בירגער־רעכט און פּסק־געלט אין שטאָטישן געריכט טיילווייז אָדער אינגאַנצן געהערן די ראַט־מענער. שוין אין 16טן י״ה איז נאָך פאַרביטערטע קאַמפן אין לעמבערג און אין אַנדערע שטעט אויפגעקומען אַ באַזונדערע קערפּערשאַפט ביים שטאָט־ראַט פון „פּשוטן פאָלק״ (פּלעבס), על־פּי רוב פון די בעלי־מלאכות מיט אַ באַזונדערן „פאָלקס־טריבון״ אָן דער שפּיץ. דאָס איז געווען בלויז אַ פאָרמעלע הנחה פאַר די דעמאָקראַטישע לאָזונגען, בעצם האָט זיך דער אָליגאַרכישער סיסטעם אין די שטעט, וואָס שפּעטער אַלץ מער באַפעסטיקט.

וואָס מער עס איז געוואַקסן די אונטערדריקונג פון דער שטאָטישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג דורך דער הערשנדיקער אָליגאַרכיע, אַלץ מער האָבן פאַטריציער מיט די מאַגיסטראַטן בראש געפירט אַ קאַמף קעגן יידן. אָט דער קאַמף איז פאַר דער הערשנדיקער אָליגאַרכיע געווען אַ מיטל אויף אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די שטאָטישע מאַסן פון זייערע אייגנטלעכע סאָציאַלע אינטערעסן. קאַמף קעגן יידן און באַזונדערס באַגרענעצונג פון יידישן האַנדל און האַנטווערק איז געווען דער לאָזונג וועלכן מען האָט צוגעוואָרפן דעם פאַרביטערטן קריסטלעכן הענדלער און האַנטווערקער און דער גאַנצער שטאָטישער אָרימקייט. די אָפּמאַכן צווישן די שטאָט־ראַטן און די יידישע קהילות פלעגן בעיקר אַנטהאַלטן גזירות קעגן יידישן קליין־האַנדל, גאַסן־האַנדל און קעגן יידישע בעלי־מלאכות. דער יידישער גרויסער סוחר פלעגט על־פי־רוב גוט אָפּשניידן אפילו אין די דאָזיקע אויפגעצוואונגענע אָפּמאַכן. די אומצופרידענע שטאָטישע מאַסן פלעגן דערפאַר אַמאָל אפילו באַשולדיקן דעם שטאָט־ראַט, אַז ער האָט זיך פאַרקויפט צו יידן און זיי דערפאַר צופיל נאָכגעגעבן (לעמבערג 1577, 1581, 1602, 1629). בלויז אין זעלטענע פאַלן האָט דאָס שטאָטישע פאָלק זיך דערהויבן צו אַקטן פון סאָלידאַרישקייט מיט יידן קעגן פאַררעטערישן שטאָט־ראַט: אין יאָר 1648 בעת די קאָזאַקישע מלחמות איז דער רוב פון די ראַט־מענער פון לעמבערג אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט די שטאָט אויף הפקר. אין יאָר 1651 ווען די ראַט־מענער האָבן זיך ווידער געקליבן אַרויסצוגנבנען פון דער שטאָט, האָבן די פאָרשטייער פון פשוטן פאָלק („פלעבס”) צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה באַוויזן זיך אין שטאָט־ראַט און געצוואונגען אים צו פאַרשרייבן אין די ביכער דעם קיניגלעכן דעקרעט, וואָס האָט שטרענג פאַרבאָטן די ראַט־מענער צו פאַרלאָזן די שטאָט.

די שטייגנדיקע כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם אין די שטעט האָט זיך זינט דער מיט פון 16טן י״ה צונויפגעגאָסן מיט דער אַלגעמיינער קאַטוילישער רעאַקציע, וואָס האָט אַלץ מער פאַרפלייצט דאָס לאַנד. דער מיליטאַנטישער אָרגאַן פון דער דאָזיקער רעאַקציע זיינען געווען די יעזואיטן, די שוואַרצע „פויפסטלעכע אַרמיי” (אין די יידישע מקורים פון יענער צייט ווערן זיי טאַקע אָנגערופן די „שחורים”). זייער אויפגאַבע פון אויסוואָרצלען די „הערעטיקער” אין לאַנד האָבן זיי געשטרעבט אויסצופירן סיי דורך איבערנעמען די דערציאונג פון דער שלאַכטע אין זייערע הענט סיי דורך אַגיטאַציע צווישן די פאָלקס־מאַסן אין די שטעט. כדי צו טרעפן די קריסטלעכע „הערעטיקער”, פראָטעסטאַנטן און פראַוואָסלאַוונע, האָבן די יעזואיטן געווענדט זייערע פיילן אויך קעגן יידן, די „אומגלויביקע”. די אומאויפהערלעכע פאַרסמטע העצע קעגן יידן פונקט ווי קעגן קריסטלעכע „כופרים” האָט געדאַרפט באַפעסטיקן די קנעכטשאַפט פון די מאַסן לגבי דעם קלער און דער שלאַכטע, די הערשנדיקע שטאַנדן אין דער מלוכה און לגבי דעם פאַטריציאַט, דעם הערשנדיקן קלאַס אין די שטעט. דער אַנטיסעמיטיזם פון די יעזואיטן איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן דורכדעם, וואָס זיי אַליין פלעגן אָפּשטאַמען על־פי־רוב פון יענע שיכטן פון דער פוילישער באַפעלקערונג, וואָס זיינען געווען אַנטאַגאָניסטיש געשטימט קעגן יידן צוליב זייער סאָציאַל־עקאָנאָמישער לאַגע: די פוילישע יעזואיטן האָבן זיך רעקרוטירט פון דער אָרימער מאַזאָווישער שלאַכטע, פון בעלי־מלאכות און קרעמער און טיילווייז אויך פון דער פויערים־באַפעלקערונג.

די דערציאונג פון סטודענטן אין גייסט פון אויסטערלישן פאַנאַטיזם און האַס צו נישט־קאַטויליקן, און די העצערישע „דערציאונג” פון די שטאָטישע מאַסן דורך יעזואיטישע דרשות, האָט באַלד אַרויסגעגעבן פירות. זינט דער אַנדערער העלפט פון 16טן י״ה ווערן אָנפאַלן אויף יידישע שולן, אויף יידישע קוואַרטאַלן און יידישע גאַסן אַלץ מער אַ רעגולערע דערשיינונג אין פוילן. די דאָזיקע אָנפאַלן פלעגן תמיד אָנגעפירט ווערן פון סטודענטן פון די יעזואיטישע קאָלעגיעס, אָבער די פאַרפינצטערטע האַנטווערקער־געזעלן און קרעמער פלעגן זיך תמיד אין זיי באַטייליקן נאָך אין אַ גרעסערער צאָל איידער די אָנפירנדיקע סטודענטן. אַזעלכע „געלייפן” אָדער „שילער־געלייפן” פלעגן פאָרקומען ביי אַ ליאַדע געלעגנהייט, אַמאָל אפילו אונטער דעם תירוץ וואָס אַ ייד האָט נישט אָפּגעגעבן זיין חוב דעם קריסטלעכן מלווה: קריסטן, וואָס האָבן געהאַט אָפּצונעמען חובות ביי יידן, פלעגן אָפט איבערגעבן יעזואיטישע סטודענטן די פראָצעדור פון אויפמאָנען דעם חוב. אָפט פלעגן אויך די „געלייפן” זיך אָנהויבן פון אַן אָנפאַל פון קריסטלעכע הענדלער אויף יידישע מאַרק־זיצערס און מאַרק־זיצערינס. אויך די „בין הזמנימס” אין די אָפּמאַכן וועגן האַנדלס־רעכט צווישן די שטאָט־ראַטן און די יידישע קהילות זיינען געווען אַ גינסטיקע געלעגנהייט פאַר די כוליגאַנעס צו אַטאַקירן דעם יידישן קוואַרטאַל. אויף אַזאַ אופן פלעגן די שטאָט־ראַטן צוגרייטן די „שטימונג” פאַר אַדורכפירן מער באַגרענעצונגען פאַר יידן אין דעם נייעם אָפּמאַך. אַ רעגולערע געלעגנהייט פאַר אָנפאַלן אויף יידן האָבן געגעבן יידישע לוויות און די גרויסע חגאות, בפרט „באָזשע טשיאַלאָ” (קאָרפוס קריסטי) ווען עס זיינען געגאַנגען די פייערלעכע פראָצעסיעס. „געלייפן” פון אַן ערנסטן כאַראַקטער זיינען פאָרגעקומען אין דער דאָזיקער תקופה אין די גרעסערע שטעט פון פוילן כמעט יעדעס יאָר: אין די גראָד־

אַקטן און שטאָט־אַקטן פון לעמבערג זיינען יעדעס יאָר פון 1572 ביז 1643 פאַרנאָטירט אָנפאַלן אויף יידן. וואָס שפּעטער אין 17טן י״ה, אַלץ גרעסער איז די צאָל געלייפן, וואָס האָבן אָנגענומען דעם פאַרמעסט פון אויסטערלישע פאָגראָמען. אַזעלכע פאָגראָמען, וואָס האָבן זיך נישט אויסגעלאָזט צו רויב, נאָר וואו עס זיינען אויך געווען קרבנות פון פאַרוואונדעטע און אַמאָל אויך געהרגעטע יידן, זיינען פאָרגעקומען אין פויזן (1557, 1618), אין קראָקע (1557, 1621, 1622, 1628, 1637, 1639), פּרזשעמישל (1628), לעמבערג (1572, 1618, 1638, 1641), בריסק (1637), ווילנע (1592, 1634, 1639), פלאָצק (1570, 1590) א״אַ. דער שרעקלעכסטער פון די אַלע פאָגראָמען איז פאָרגעקומען אין קראָקע אין יאָר 1637, וואו זיבן יידן זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דער ווייסל און דערהרגעט געוואָרן דורך דעם היצעל; אַנדערע 33 אַריינגעוואָרפענע אין וואַסער האָט מען געשענקט דאָס לעבן נאָכדעם ווי זיי האָבן צוגעזאָגט זיך צו שמדן. דער דאָזיקער מוראדיקער פאָגראָם איז פונקט ווי אַנדער פאָגראָמען פאָרגעקומען מיט דער הילף פון דעם מאַגיסטראַט און פון די מיעשטשאַנעס: דער וואָיעוואָדע מוסרט בפירוש די מיעשטשאַנעס דערפאַר וואָס זיי האָבן געהעצט די כוליגאַנעס און אַרויסגעוואָרפן „די אָרימע יידן" „ווי די הינט", אַנשטאָט אויף זיי רחמנות צו האָבן און זיי צו באַשיצן ביי זיך אין די הייזער, און דעם מאַגיסטראַט וואַרפט ער אַפיר, אַז ווען ער וואָלט געוואָלט, וואָלט ער זייער לייכט געווען געקאָנט פאַרהיטן יידן פון פאָגראָם...

אַחוץ אָרגאַניזירן מאַסן־אָנפאַלן און פאָגראָמען פלעגן די יעזואיטישע סטודענטן רעגולער אָנפאַלן אויף פאַרבייגייענדיקע יידן, באַוואַרפן זיי מיט שטיינער, שלאָגן מכות רצח, אויסצופן די באָרד אאַז״וו. באַזונדער רעגולער זיינען פאָרגעקומען אָנפאַלן פון סטודענטן אויף יידן, וואָס זיינען פאַרבייגעגאַנגען פאַר דעם קאָשטשאָל, פאַר אַ שולע און בפרט פאַר דעם קאָלעגיום.

אוודאי פלעגן יידן שטעלן אַ ווידערשטאַנד וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזט און אַמאָל אפילו גוט צעקלאַפן די כוליגאַנישע סטודענטן. עס פלעגן זיך אויך טרעפן פאַלן, ווען יידן, באַזונדערס יידישע בעלי־מלאכות האָבן אַ געוויסע צייט נאָך אַ געלייף זיך נוקם געווען אָן די אָנפירער פון די סטודענטישע באַנדעס און באַפאַלן זיי אפילו אין זייער אייגענער היים. וועגן אַזעלכע פאַלן פון אָרגאַניזירן אַקטיוון ווידערשטאַנד מצד יידן, דערוויסן מיר זיך פון פראָצעסן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין קראָקע אין די יאָרן 1560, 1628, אין לעמבערג אין די יאָרן 1592, 1613, פלאָצק, 1623. אין פויזן האָבן יידן נאָך אפילו צום סוף פון 17טן י״ה (1687) באַוויזן אָפּצושלאָגן די אַטאַקע פון סטודענטן און האַנטווערקער־געזעלן אויף דעם געטאָ און אפילו צו צעשלאָגן זיי אין די קריסטלעכע גאַסן, וואוהין זיי האָבן זיי אַרויסגעשטויסן.

בדרך כלל האָבן אָבער יידן נישט געהאַט די מאַכט און מעגלעכקייט זיך אַן עצה צו געבן מיט די כוליגאַנעס אויף אייגענער האַנט בעת זיי זיינען געווען אַרומגערינגלט מיט שונאים, וואָס האָבן די כוליגאַנעס געשטיצט און אפילו אונטערגעהעצט. כדי צו זיכערן זייער האָב און גוטס, זייער געזונט און אפילו זייערע לעבנס האָבן יידן געמוזט אָנווענדן לגבי די סטודענטישע און האַנטווערקערישע כוליגאַנעס דעם זעלבן סיסטעם, פאַר וועלכן זיי האָבן אַרויסבאַקומען אַ מינימום־שוץ מצד די מלוכה־באַאַמטע, דעם סיסטעם פון אָפּקויפן זיך מיט געלט און מתנות. אין קראָקע, לעמבערג, פויזן, ווילנע און אין אַלע גרעסערע שטעט אין פוילן האָט זיך איינגעשטעלט אַ מנהג, וואָס איז אין 17טן י״ה שוין געוואָרן אַ דין, אַז יידן, וואָס זיינען פאַרבייגעגאַנגען אָדער פאַרבייגעפאָרן קריסטלעכע שולן און קאָלעגיעס, פלעגן מוזן צאָלן אַ באַשטימטע טאַקסע: אין קראָקע פלעגט די דאָזיקע טאַקסע באַטרעפן פון אַ פוסגייער 4 גראָשן, פון אַ רייטער 6 גראָשן און פון אַ פערד און וואָגן 12 גראָשן. דער דאָזיקער אָפּצאָל פלעגט הייסן אויף יידיש "שילער־געלט", אויף פויליש האָט מען עס גערופן „קאָזובאַלעץ"*). די צעווילדעוועטע זשאַקעס פלעגן זיך אָפט נישט באַנוגענען אפילו מיט דער דאָזיקער טאַקסע, וואָס איז געווען סאַנקציאָנירט דורך דער פאַרוואַלטונג פון דער שולע, נאָר פלעגן אַדורכרעווידירן דעם פאַרבייפאָרנדיקן יידישן וואָגן און פאָדערן אַ קאָזובאַלעץ פון יעדער סחורה באַזונדער, אַזוי ווי צאָל! אַחוץ דעם געוויינלעכן קאָזובאַלעץ האָבן יידישע קהילות בפרט אין די גרעסערע שטעט געצאָלט שוין אין 16טן י״ה אַ שטענדיקן אָפּצאָל, די יעזואיטן, די רעקטאָרן און פראָפעסאָרן פון די קאָלעגיעס און שולן און די שול־דינער („פעדעלן") און קאָשטשעלניס. אין קראָקע האָבן יידן געצאָלט אַ חוץ די אויבן־דערמאָנטע „מתנות" פאַר דער אַקאַדעמיע אויך וואָכנגעלט די פעדעלן און די דירעקטאָרן פון אַנדערע שולן. אין לעמבערג האָבן יידן געצאָלט אַ יערלעכע סומע דעם רעקטאָר פון דער קאַטעדראַל־שולע. אין פּרזשעמישל האָבן יידן געצאָלט יעדן קוואַרטל דעם רעקטאָר פון דעם יעזואיטישן קאָלעגיום. שוין אין אָנהויב פון 17טן י״ה איז דער רעגולערער אָפּצאָל

*) די אָפּשטאַמונג פון דעם דאָזיקן וואָרט איז ביז היינט נאָך נישט גאַנץ קלאָר. אַ טייל דערקלערן עס ווי אַ פאַרגרייזטן לאַטיינישן טערמין "quassabilis". אַזוי פלעגט הייסן אַמאָל אין דייטשלאַנד דער אָפּצאָל, וואָס מען פלעגט אויספרעסן פון יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף נסיעות, פאַר ווערפל־שפּילן. „קוואַסאַבילים" הייסט אויף לאַטייניש דאָס, וואָס שאָקלט זיך, דהיינו די ווערפל אינם בעכער.

פון יידישע קהילות פאַר די שולן געווען פאַרשפּרייט אין גאַנץ פוילן און ליטע. דער וועד מדינת ליטא האָט אין יאָר 1637 גאָר אָנגענומען אַ באַשלוס, (תקנה של״ה), אַז אַלע קהילות זיינען מחויב צו באַשטימען אין זייערע בודזשעטן אַ שטענדיקע פּאָזיציע פון שילער־געלט צוליב שמירה סיי אין דער שטאָט סיי אין די אַרומיקע שטעטלעך.

נישט עפּעס אַ ראַסן־האַס און נישט קיין שום איינגעבוירענע פאַראַכטונג צו יידן זיינען געווען די סיבה פון די אַלץ אָפטערע כוליגאַנישע אָנפאַלן און פּאָגראָמען, נאָר די העצע פון דער קירך און פון די יעזואיטן, וואָס האָט געטראָפן אַ צוגעגרייטן באָדן פון רעאַקציאָנערער פּאָליטיק פון הערשנדיקע מיעשטשאַנעס. אין אַזעלכע שטעט ווי פּויזן, קראָקע, ווילנע איז אפילו שווער צו זאָגן, ווער עס האָט געליטן מער פון דער צעבושעוועטער העצע פון יעזואיטן, די יידן, צי קאַלוויניסטן, לוטעראַנער, אַריאַנער און אַנדערע הערעטיקער. צום סוף פון 16טן און אין 17טן י״ה פלעגן גאָר אָפט פאָרקומען בלוטיקע אָנפאַלן פון יעזואיטישע סטודענטן און צעווילדעוועטער שטאָטישער האַנטווערקער־יוגנט אויף לוטעראַנער און קאַלוויניסטן אין אַלע גרעסערע שטעט פון פוילן. מען פלעגט צעשטערן ביז צום יסוד און פאַרברענען פּראָטעסטאַנטישע קירכעס און בית עלמינס, מען פלעגט צעשלאָגן ביז בלוט קאַלוויניסטישע מיניסטערס, אָנפאַלן אויף הערעטישע לוויות און אַראָפּוואַרפן די טרומנעס, אאַז״וו. אויך דאָרט פלעגן פאַלן קרבנות מענטשלעכע לעבנס און אפילו קראַנקע זקנים אין שפּיטאָלן פלעגן נישט פאַרשוינט ווערן. זייער אָפט פלעגן אפילו די אָנפאַלן אויף יידן און קריסטן נישט־קאַטוילישער פאָרקומען גלייכצייטיק. אין קראָקע פלעגן די אָנפאַלן אויף דעם יידישן קוואַרטאַל בעת דער חגא פון באָזשע טשיאַלאָ רעגולער זיך ענדיקן מיט אָנפאַלן אויף קאַלוויניסטן און לוטעראַנער. פאַרקערט, בעת דער חגא פון ווניעבאָווסטאָנפּיעניע (קריסטוסעס אַרויפשטייגן אין הימל), פלעגט מען מנחה־צייט מאַכן פּאָגראָמען אויף די פּראָטעסטאַנטן און פאַרענדיקן מיט נעילה אויף יידן. נאָך מער קען מען אַרויסלערנען פאַר דער יידישער געשיכטע פון דעם פאַקט, וואָס די לוטעראַנער און קאַלוויניסטן האָבן מיט דער צייט אַנטוויקלט די זעלבע „טעכניק" פון פאַרטיידיקונג ווי די יידן: זיי פלעגן אויך צאָלן די צעיושעטע סטודענטן לא יחרץ געלט, אַ מין פּראָטעסטאַנטישן קאָזובאַלעץ, בפרט פלעגן זיי זיך אָפּקויפן פון יעדער לויה זייערער! ווייזט אויס, אַז אפילו דער מנהג פון קאָזובאַלעץ איז נישט געווען אַ פועל־יוצא פון עפּעס אַ ספּעציעלן יידישן געפיל פון שפלות, נאָר אַ סיסטעם פון ראַטעווען זיך, וואָס אַלע שוואַכע גרופּעס פון גערודפטע רעליגיעזע מיעוטים זיינען געווען געצוואונגען אָנצונעמען!

מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דער קאַטוילישער רעאַקציע מערן זיך אַלץ אָפטער עלילת־דם און פּראָצעסן וועגן שענדן די האָסטיע (דאָס הייליקע ברויט). אין די צייטן פון לעצטן יאַגיעללאָנער קיניג, זיגמונט אויגוסט, האָט די קאַטוילישע רעאַקציע באַלד לכתחילה באַמיט זיך צו באַקומען די העגעמאָניע אין לאַנד דורך עלילת־דם, כדי אויפצוהעצן דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם. אין יאָר 1547 איז פאָרגעקומען אין ראַווע מאַזאָוויעצקע אַ בלוט־בילבול, און צוויי יידן זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דורכן שטאָט־געריכט. ווען דער פּויפּסטלעכער שליח, דער בישאָף ליפּאָמאַנאָ האָט נישט געקאָנט באַלד פועלן ביים קיניג ער זאָל אָננעמען די באַשלוסן פון דער קירך וועגן רודפן נישט־קאַטויליקן, האָט ער אינסצעניזירט אין סאָכאַטשעוו אַ שרעקלעכן בילבול אויף יידן. דריי יידן און אַ קריסטלעכע דינסט זיינען אין יאָר 1556 פאַרברענט געוואָרן לויט דעם משפּט פון דער קירך, נישט וואַרטנדיק אויף דער באַשטעטיקונג פון אורטייל דורך דעם קיניג, אונטער דער באַשולדיקונג אַז זיי האָבן געשטאָכן דאָס הייליקע ברייטל. דער דירעקטער פּאָליטישער רעזולטאַט פון דעם דאָזיקן מאָרד־פּראָצעס איז געווען אַ פאַרקערטער פון דעם, וואָס די קירך האָט דערוואַרט: אין מאַזאָוויע זיינען טאַקע פאָרגעקומען אָנפאַלן אויף יידן מצד דעם אויפגעהעצטן המון, אָבער די שלאַכטע אין גאַנץ פוילן איז געווען אויפגעבראַכט און האָט אָפן באַשולדיקט ליפּאָמאַנאָ אין אָרגאַניזירן דעם סאָכאַטשעווער פּראָצעס. די קאַטוילישע רעאַקציע האָט אָבער סוף־כל־סוף נאָך אונטער דער הערשאַפט פון קיניג זיגמונט אויגוסט זיך באַפעסטיקט אין לאַנד. נישט געקוקט אויף דעם קיניגלעכן דעקרעט קעגן עלילת־דם, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן נאָכן סאָכאַטשעווער מאָרד־פּראָצעס, איז אין יאָר 1564 פאַרפירט געוואָרן אַ בלוט־בילבול־פּראָצעס, און דער באַשולדיקטער ייד איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, כאָטש ער איז געווען אַן אַגענט פון קיניגלעכן מוכס, יצחק בראָדאַווקאַ. ווי אַ שרעקלעכע מגפה האָבן זיך געמערט בלוט־בילבולים אונטער דער הערשאַפט פון קיניג זיגמונט דעם 3טן, „דעם יעזואיטן־קיניג". אָט איז אַ בינטל פון דער בלוטיקער סעריע פון די עלילת־דם און בילבולים וועגן האָסטיע־שענדונגען פון יענער צייט: שידלאָוו 1590, 1597, גאָסטינין 1595, שוויניאַראָוו 1598, צאָזמיר 1605, שיעלעץ 1617, סאָכאַטשעוו 1619, פּרזשעמישל 1630, קראָקע 1631. אויך אונטער דער קורצער הערשאַפט פון וולאַדיסלאַוו דעם 4טן, וואָס איז געווען מער ליבעראַל איידער זיין פאָטער און האָט אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, וואָס האָט איבערגעגעבן די וואָיעוואָדעס די קאָמפּעטענץ אין שטראָף־פּראָצעסן קעגן יידן, זיינען פאָרגעקומען שוידערלעכע פּראָצעסן פון בלוט־ביל־

בולים אין לובלין 1636 און אין לענטשיץ 1639. מיט בלוט פון יידן פאַרפייניקטע צום טויט, פאַרברענטע אויף שייטער־הויפנס און צעפּערטלטע מיט אַ האַק איז געצייכנט געוואָרן דער פאָראויס־מאַרש אין פּוילן פון דער שוואַרצער קאָנטר־רעפאָרמאַציע און דער טריאומף פון דער יעזואיטן־ממשלה. די קירך האָט פון די דאָזיקע מאָרדן אויף אומשולדיקע יידן נישט בלויז געשלאָגן פּאָליטישן קאָפּיטאַל נאָר אויך דירעקט געצויגן פון פאַרגאָסענעם בלוט פעטע געלט־רווחים: די קריסטלעכע קינדער, וואָס זיינען מכלומרשט דערהרגעט געוואָרן דורך יידן, האָט מען אויסגערופן פאַר הייליקע מאַרטירער, זייערע גופימלעך פלעגט מען אַריינשטעלן אין דער קירך אין שויבן־שענקלעך און דער פאַרפינצטערטער המון פלעגט עולה־רגל זיין צו די דאָזיקע „קדושים” און — אָנפילן מיט מטבעות די פּושקעס פון די גלחים און מאָנאַכן *). די מיעשטשאַנעס האָבן אויסגענוצט די עלילת־דם נישט בלויז צו אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אויף יידן נאָר באַמיט זיך אויך צו דערגרייכן זייער ציל פון פּטור ווערן פון יידישע קאָנקורענטן. אין באָכניע (הינטער קראָקע) האָט מען אין יאָר 1605 פאַרטריבן די יידן פון דער שטאָט אונטערן תירוץ פון אַ בילבול־פּראָצעס וועגן שענדן די האָסטיע, וואָס מען האָט לכתחילה פאַר דעם דאָזיקן צוועק אינסצעניזירט. אין קראָקע האָט בעת אַ פּראָצעס אין יאָר 1635 דער קריסט יורקיעוויטש, וואָס איז באַשולדיקט געוואָרן אין אַרויסגנבענען די האָסטיע פאַר יידן, מודה געווען, אַז די ראַט־מענער האָבן אים צוערשט צוגערעדט מיט גוטן און דערנאָך מוראדיק געמאַטערט, ער זאָל אַרויפוואַרפן די שולד אויף יידן: „דאָס איז אַ געלעגנהייט — האָבן זיי אים אויפגעקלערט — אַז מיר זאָלן פּטור ווערן פון די יידן פון קראָקע”...

עס איז נישט קיין חידוש, אַז די אַנטיסעמיטישע ליטעראַטור, וואָס איז אין 16טן י״ה נאָך געווען פאַרפאַסט פון גלחים און אַנטהאַלטן בעיקר וויכוחים מיט דער יידישער רעליגיע און בילבולים אויפן תלמוד, האָט זיך אין 17טן י״ה פונאַנדערגעבליט ווי אַ ספּעציאַליטעט פון שרייבער וואָס האָבן כמעט אַלע געשטאַמט פון קריסטלעכע שטאָטסלייט. יאַן קמיטאַ, מיטשינסקי, סלעשקאָווסקי און אַנדערע מחברים פון אַנטיסעמיטישע ווערק פאַרנעמען זיך ווייניקער מיט בילבולים אויף דער יידישער רעליגיע איידער מיט אויסרעכענען דעם שאָדן וואָס קריסטלעכע סוחרים און בעלי־מלאכות ליידן צוליב דער יידישער קאָנקורענץ. מיטשינסקיס אַנטיסעמיטישער „שפּיגל פון דער פּוילישער קרוין”, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין יאָר 1618, ווי עס ווייזט אויס, דירעקט אויף באַשטעלונג פון קראָקעווער שטאָט־ראַט (מען האָט געהאַלטן אין שליסן אַ נייעם אָפּמאַך מיט יידן וועגן באַגרענעצונגען אין האַנדל), האָט פאַרשפּרייט אַזאַ גיפטיקע שנאה צו יידן, אַז אפילו דער פאַנאַטישער קיניג זיגמונט דער 3טער האָט געהאַלטן פאַר נויטיק צו פאַרבאָטן דאָס דאָזיקע העצערישע בוך. די אַנטיסעמיטישע שרייבערלעך האָבן נישט געקאָנט פאַרלייקענען דעם פאַקט, אַז די ברייטע מאַסע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן האָט געלעבט אין גרויס דחקות און עלנט. זיי האָבן אָבער אפילו דעם מאָמענט אויסגענוצט ווי אַן אַרגומענט פאַר זיך, טענה־דיק, פּונקט ווי זייערע געטרייע תלמידים אין 20טן י״ה, אַז צוליב זייער נידעריקן סטאַנדאַרד פון לעבן זיינען יידן ביכולת צו קאָנקורירן מיט די קריסטן.

אָט איז אַ בלימל פון אַ „געדיכט” פון אַן אַנטיסעמיטישן גראַפאָמאַן אַדאַם יאַזשעמסקי, וואו ער באַשרייבט אין יאָר 1643 דעם לעבנס־אופן פון יידן אין דער געגנט פון וואַרשע:

„נעבעכדיק איז זיין לעבן,
וואָס פאַר אַ מלבושים! אַז דו קומסט אַריין
קייעט ער זיין רעטעכל,

זיינע אוגערקעלעך און מייערלעך.
מיט דעם איז זיך מסתפּק דאָס יידל
און זאַמלט אַן געלט דער מיאוסער פאַרשוין..”

עס איז אויך כדאי צו דערמאָנען, אַז אין אַלע אַנטיסעמיטישע שריפטן פאַרגעסן נישט די מחברים זיך אויך אָפּצורעכענען מיט די לוטעראַנער, קאַלוויניסטן און אַריאַנער, „וואָס זיינען אויף אַ האָר נישט בעסער פון יידן”.

עס איז נישט נויטיק צו באַמערקן, אַז נישט געקוקט אויף אַלע רדיפות און אויף דער אומאויפהערלעכער אַנטיסעמיטישער העץ־פּראָפּאַגאַנדע, האָבן אין די טעג פון אַ גאַנץ יאָר געהערשט נאָרמאַלע שכנותדיקע באַציאונגען צווישן יידן און דער אָרומיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג. ווען נישט די דאָזיקע נאָרמאַלע באַציאונגען אין עקאָנאָמישן לעבן וואָלטן יידן לחלוטין נישט געווען געקאָנט עקזיסטירן אין אַלץ מער רעאַקציאָנערן פּוילן. אויב דער יידישער סוחר האָט געהאַנדלט, אויב דער יידישער שניידער און קירזשנער האָט געאַרבעט ביי זיין וואַרשטאַט, האָט עס געקאָנט געמאָלט זיין נישט נאָר אַדאַנק דעם, וואָס די עקאָנאָמישע באַדערפענישן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג זיינען געווען שטאַרקער איידער אַלע גזירות אויף יידן: מיטן אויסנאַם פון די בלוטיקע טעג פון פּאָגראָמען און עלילת־דם, ווען עס זיינען אויפגעהעצט געוואָרן די נידעריקסטע אינסטינקטן, איז

*) אין לענטשיץ און אין אַ רייע אַנדערע שטעט אין פּוילן געפינען זיך נאָך היינט אין די קירכעס שענקלעך מיט שקעלעטן פון די מכלומרשטע „קדושים” פון יענער צייט. אונטער די שענקלעך זיינען אויסגעמאָלט אויפשריפטן, וואָס דערציילן ווי אַזוי יידן האָבן מכלומרשט געהרגעט דאָס מאַרטירער־קינד.

די באַציאונג צו יידן מצד קריסטן נישט געווען אַדורכגעדרונגען מיט האַס, נאָר זי איז געווען אַ פשוט מענטשלעכע. די שלאַכטע האָט געפירט געשעפטן מיט יידן און זייער אָפט געשלאָסן מיט זיי שותפות אין אַרענדעס. דער פויער האָט איינגעקויפט ביי יידן אין מאַרק־טעג און בעת ירידים און פלעגט פאַרברענגען אין דער יידישער קרעטשמע. די מיעשטשאַנעס פלעגן פאַרקויפן סחורות יידן און נאָך אָפטער קויפן ביי זיי — אָדער באַשטעלן אַן אַרבעט און טרינקען דערביי „האַנט־געלט". קריסטלעכע בעלי־מלאכות פלעגן אָפט באַשעפטיקן ביי זיך יידישע לערן־יינגלעך (גראָדנע, פלאָצק). דער געזעלשאַפטלעכער פאַרקער פון יענער צייט פלעגט פאָרקומען כמעט אויסשליסלעך אין די שענקן און קרעטשמעס, וואו מען פלעגט טרינקען, שמועסן, שפילן ווערפל, טאַנצן און פאַרברענגען מיט פריינט. באַווייזן טאַקע סיי נאָטיצן אין אַמטלעכע דאָקומענטן, סיי די באַשלוסן פון דער קירך פון איין זייט און פון דער אַנדערער זייט די תקנות פון די יידישע וועדים (וועד ד' ארצות 1607, וועד מדינת ליטא 1628 און שפעטער), אַז יידן פלעגן טרינקען אין גוישע שענקען, פאַרוויילן זיך מיט גוים אד"גל. שאלות ותשובות פון סוף 16טן י"ה (משאת בנימין, פ"ו) דערציילן וועגן דעם, אַז גויים פלעגן חגאות אויסבאָרגן ביי יידן קליידער און תכשיטים צו גיין אָנגעטאָן אין דער קירך, און פלעגן זיי אָפגעבן נאָך דער תפילה.

פונקט ווי אַמאָל די הומאַניסטן אַזוי האָבן אין דער דאָזיקער תקופה די אָנהענגער פון די פראָגרעסיווע רעליגיעזע סעקטעס זיך אויסגעצייכנט מיט זייער טאָלעראַנטער און פריינטלעכער באַציאונג צו יידן. ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, פלעגן לוטעראַנישע און קאַלווינישע מאַגנאַטן גערן באַזעצן יידן אין די שטעטלעך, וואָס זיי האָבן געגרינדעט. נאָך דעם מוראדיקן בלוט־בילבול אין יאָר 1636 האָט איינער פון די געבילדעטע פוילישע פראָטעסטאַנטן, יעזשי סלופעצקי אָנגעשריבן אַ בריוו צו דעם באַרימטן האָלענדישן געלערנטן הוגאָ גראָציוס, אַרויסזאָגנדיק זיין איבערצייגונג, אַז די באַשולדיקונג פון יידן אין באַנוצן קריסטלעך בלוט איז נישט מער ווי אַ בילבול. באַזונדערס פריינטלעך האָבן זיך באַצויגן צו יידן די אַריאַנער, די איינציקע רעליגיעזע סעקטע אין פוילן וואָס האָט אויפגעשטעלט אַ פראָגראַם פון דעמאָקראַטיע און סאָציאַלע רעפאָרמען. די יעזואיטן האָבן טאַקע אין זייערע שריפטן חוזק געמאַכט פון אַריאַנער נישט בלויז דערפאַר, וואָס אַ טייל פון זיי פלעגן אָפהיטן שבת און אַנדערע יידישע רעליגיעזע מנהגים (פון יענער צייט שטאַמט די לעגענדע וועגן גראַף פאָטאָצקי, דעם „גר צדק"), נאָר אויך דערפאַר, וואָס זיי אַלע פלעגן זיך חברן מיט יידן אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

עס איז געווען דאָס אומגליק פון יידן און פון פוילישן פאָלק, וואָס אין קאַמף פאַר דער העגעמאָניע אין גייסטיקן לעבן פון לאַנד האָבן מנצח געווען אויף דער גאַנצער ליניע די יעזואיטן.

## 5. די יידישע אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציעס

די אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע פון די יידן אין פוילן, וואָס איז שוין אין מיטלאַלטער געווען איינגעפונדעוועט אין דער פאָרם פון קהילות, האָט זיך פונאַנדערגעוואַקסן אין 16טן און 17טן י"ה אין אַ צענטראַליזירטן אַפאַראַט. כל־זמן די יידישע באַפעלקערונג פון פוילן איז באַשטאַנען פון אַ קליינער צאָל ישובים אין גרעסערע שטעט, איז נישט געווען אַזוי נויטיק סיי פאַר דער מלוכה, סיי פאַר די יידן גופא, אַז די קהילות זאָלן שאַפן צווישן זיך אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג. אין דער נייצייט, מיט דעם אַלץ שטאַרקערן וואוקס פון דער צאָל יידישע ישובים איז זיך צונויפגעקומען דער אינטערעס פון קיניג און פון דער מלוכה־אַדמיניסטראַציע מיט דעם אינטערעס פון יידן גופא צו שאַפן אַ סיסטעם פון צענטראַליזירטער אָרגאַניזאַציע פון די קהילות. יידישע קהילות פלעגן זיך מוזן פאַרשטענדיקן פון צייט־צו־צייט וועגן ענינים וואָס זיינען נוגע געווען יידן פון דער גאַנצער פראָווינץ. די שטייגנדיקע כוואַליע פון גזירות און רדיפות מצד די שטאָט־מאַגיסטראַטן און מצד דעם קלער און יעזואיטן האָבן געשאַפן ביי יידן די נויטווענדיקייט פון אָפהאַלטן באַראַטונגען, כדי צוזאַמען זיך משתדל צו זיין ביים קיניג, ביי דער שלאַכטע אויף די סיימיקעס און ביי די דעפוטאַטן צום סיים וועגן שוץ קעגן גזירות אָדער וועגן אָפווענדן נייע גזירות. די גרעסערע קהילות פון לאַנד און בפרט פון דער זעלבער פראָווינץ האָבן אויך געהאַט, ווי מיר וועלן עס זען ווייטער, בשותפותדיקע אינטערעסן אין אונטערוואַרפן זיך עקאָנאָמיש און אָרגאַניזאַציאָנעל די קלענערע קהילות אין די שטעטלעך און די דאָרפס־יידן. וואָלט אָבער נישט געווען צוגעקומען דער אינטערעס פון דער מלוכה גופא פאַר צענטראַליזירן די יידישע אויטאָנאָמיע, וואָלט אויך אין פוילן געווען געבליבן מן הסתם בלויז אַ לויזע פאַרבינדונג צווישן קהילות אין דער פאָרם פון אומרעגולערע באַראַטונגען לויט דעם צורך השעה. אַזעלכע בשותפותדיקע באַראַטונגען, וועדים, פלעגן אויך אָפהאַלטן יידישע קהילות אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד שוין אין אָנהויב פון 13טן י"ה. צוליב דער גרויסער צאָל און צעשפרייטונג פון די יידישע קהילות אין פוילן איז שוין אין 16טן י"ה געווען שווער פאַרן קיניג און פאַר דער מלוכה־אַדמיניסטראַציע צו שטיין כסדר אין פאַרבינדונג מיט יעדער קהילה באַזונדער וועגן די ענינים פון יידישע שטייערן. פאַר דעם לויזן, פעאָ־

דאָלן מלוכה־אַפּאַראַט פון פוילן איז אויך געווען באַ־
קוועמער אַז די ענינים פון פונאַנדערטיילן און אויפ־
מאָנען די יידישע שטייערן זאָלן באַאָרגט ווערן דורך
אַ צענטראַלער אָרגאַניזאַציע פון די יידן גופא. דער
שטייער־סיסטעם איז טאַקע געווען די דעצידירנדיקע
סיבה דערפון, וואָס יידן אין פוילן האָבן געשאַפן נאָך
אין אָנהויב פון 16טן י"ה פּראָווינציעלע אָרגאַניזאַ־
ציעס פון קהילות (וועדים פון גלילות) און אַרום יאָר
1580 דעם צענטראַלן וועד, דעם וועד ארבע ארצות.

לכתחילה, ביז אין דער מיט פון 16טן י"ה, האָבן די פוילישע מלכים געפּרואווט צו צענטראַלי־
זירן די יידישע קהילות צוליב איינמאָנען שטייערן
פון אויבן אַראָפּ דורך אָנגעוואָרפענע נאָמינירטע
שטייער־איינמאָנער און לאַנד־רבנים. אין יאָר 1499
האָט איינער פון די גרעסטע יידישע באַנקירן אין
קראָקע, מוכס משה פישל, געהאַלטן פון קיניג אין
פאַכט די יידישע שטייערן פון אַלע קהילות אין גרויס־
פוילן. דער קיניג זיגמונט דער 1טער האָט שוין נאָ־
מינירט אין די יאָרן 1511—1514, יידישע „גענע־
ראַל־עקזאַקטאָרן" ד"ה הויפּט־איינמאָנער פון יידישע
שטייערן פאַר אַלע פּראָווינצן פון דער מלוכה: אין
גרויספּוילן און מאַזאָוויע — דעם קראָקעווער באַנקיר
אברהם טשעך (באָהעמוס); אין קליינפּוילן און אין
רייסן — אפרים (פראַנטשעק) פישל, דעם זון פון
משה פישל; אין ליטע — דעם מוכס מיכאל עזאָ־
פאָוויטש. כדי צו באַוואָרענען די שטייער־איינמאָנער
מיט מאַכט קעגן די קהילות האָט דער קיניג גלייכ־
צייטיק נאָמינירט לאַנד־רבנים פאַר די באַזונדערע
פּראָווינצן, וואָס האָבן אַרויפגעלייגט חרמים אויף די
קהילות און יחידים, וואָס האָבן נישט געפּאָלגט די
שטייער־איינמאָנער און נישט נאָכגעקומען זייערע
שטייער־פאָדערונגען. פאַר אַזאַ יידישן „פרימאַס",
גענעראַל־רב פאַר קליינפּוילן, איז נאָמינירט געוואָרן
דער באַרימטער רב יעקב פון בייערן, דער באַגרינ־
דער פון דער שיטה פון פּילפּול אין פוילן, אַן איידעם
פון מוכס משה פישל. אין ליטע האָט אַלס גענעראַל־
רב צוהילף מיכאל עזאָפּאָוויטש געווירקט מענדל פראַנק,
וואָס האָט שפּעטער פאַרנומען אַ שטעלע פון גענע־
ראַל־רב אין גרויספּוילן.

דער דאָזיקער סיסטעם האָט זיך אָבער נישט
איינגעגעבן צוליב דעם, וואָס די קהילות האָבן זיך
נישט געוואָלט אונטערגעבן די נאָמינירטע מוכסים
און רבנים און זיי זיינען נישט אימשטאַנד געווען
אויפמאָנען די שטייערן. שוין נאָך עטלעכע יאָר
(1518—1522) האָט דער קיניג אָפּגעשאַפט דעם סיס־
טעם פון גענעראַל־עקזאַקטאָרן און באַוויליקט, אַז די
באַזונדערע פּראָווינצן, גרויספּוילן, קליינפּוילן, כעל־
מער־בעלזער לאַנד און רייסן (מיט פּאָדאָליע) זאָלן זיך
פאַרנעמען מיט זייערע שטייער־ענינים אויף וועדים
(קאָנפערענצן), וואָס זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון
שליחים פון די קהילות. דער קיניג האָט זיך אָבער
ווייטער געהאַלטן ביים סיסטעם פון נאָמינירן גענע־
ראַל־רבנים. אין קליינפּוילן זיינען נאָמינירט געוואָרן
אַלס גענעראַל־רבנים דר. משה פישל, אַ זון פון
אפרים פישל, הויפּט־דאָקטער פון קיניג, און דער
לובלינער רב שלום שכנא, דער זון פון מוכס יאָסקע
שאַכנאָוויטש. אָבער אויך דער דאָזיקער סיסטעם האָט
געמוזט אויפגעגעבן ווערן צוליב דעם ווידערשטאַנד
פון די קהילות און אין יאָר 1551 האָט דער קיניג
זיגמונט אויגוסט אַרויסגעגעבן דעקרעטן, וואָס האָבן
געגעבן אַ רעכט יידן פון יעדער קהילה אויסצוקלייבן
זיך אַליין זייערע רבנים. נאָך פריער האָט דער קי־
ניג באַשטעטיקט די קאָמפּעטענצן פון דעם יידישן
הויפּט־געריכט (בית־דין עליון) אין לובלין, וואָס
פלעגט דאָרט זיך צונויפקומען בעת די ירידים. ווי
מיר האָבן דערמאָנט, איז אין יאָר 1579 באַשטימט
געוואָרן אַ סכום פון קאָפּ־שטייער פאַר די יידן פון
גאַנץ פוילן, אַנשטאָט דעם פריערדיקן סיסטעם פון
אויפמאָנען דעם קאָפּ־שטייער לויט דער צאָל נפשות.
אַזוי איז אַנטשטאַנען (אַרום דעם יאָר 1580) דער
וועד ארבע ארצות, די צענטראַלע אויטאָנאָמע אינ־
סטאַנץ פון די יידן אין פוילן. דער וועד ארבע ארצות
פלעגט פון דעמאָלט אָן צעטיילן די אַלגעמיינע סומע
פון יידישן קאָפּ־שטייער אויף די באַזונדערע פּראָ־
ווינצן (מדינות), און די וועדי מדינות (גלילות), וואָס
האָבן עקזיסטירט שוין מיט צענדליקער יאָרן פריער,
פלעגן צעטיילן די סומע, וואָס איז אויף זיי באַשטימט
געוואָרן, אויף די באַזונדערע קהילות.

לאָמיר זיך איצט באַקענען מיט די טעטיקייטן
און מיט דעם בוי פון דער דרייגאָרנדיקער יידישער
אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע אין פוילן.

### א) די קהילה

פונקט ווי אין מיטלאַלטער איז אויך אין דער
נייצייט די יידישע קהילה אין פוילן געווען די אוי־
טאָנאָמע יידישע מאַכט מיט אַדמיניסטראַטיווע און
געריכטלעכע פונקציעס לגבי דער יידישער באַפעל־
קערונג פון דער שטאָט אָדער פון ראַיאָן. די קהילה
איז געווען די אַדמיניסטראַטיווע אינסטאַנץ, וואָס האָט
פאַרמיטלט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג און
צווישן דער שטאָטישער און מלוכהשער מאַכט. די
קהילה האָט נאָרמירט דאָס לעבן פון אירע מיטגלידער
אויף דעם עקאָנאָמישן, קולטורעלן און געזעלשאַפט־
לעכן געביט. וועגן די פאַרשידענע פאַרצווייגטע פונק־
ציעס פון דער קהילה־אַדמיניסטראַציע קען מען זיך
דערוויסן אפילו פון אַן איבערבליק וועגן די קאָמ־
פּעטענצן פון אירע באַזונדערע מאַכט־אָרגאַנען. אָט
איז אַ בילד פון דער קהילה־היעראַרכיע אין גרע־
סערע שטעט.

אָן דער שפּיץ פון דער קהילה שטייען די

פרנסים, אָדער ראשים, ראשי־קהילה, אין דער צאָל פון דריי ביז פינף. זיי בייטן זיך צווישנאַנאַנד אין זייער אַמט יעדן חודש, זעלטענער יעדן קוואַרטל, דער אַמטירנדיקער פרנס הייסט דערפאַר פרנס החודש. אין גרעסערע קהילות פלעגן די ניי־אויסדערוויילטע פרנסים דאַרפן אָפּגעבן אַ שבועה פון געטרייִשאַפט צום קיניג און צו דער מלוכה. זיי פלעגן אויך מוזן באַקומען די באַשטעטיקונג פון זייער אַמט דורך די וואָיעוואָדעס און אין די פריצישע שטעט דורך דעם אייגנטימער פון דער שטאָט. זייער מאַכט קען צום בעסטן כאַראַקטעריזירט ווערן דורך דעם טיטול, וואָס מען פלעגט זיי געבן אויף פויליש (אין 18טן י״ה) „בירגערמייסטער פון קהל" (בורמיסטש קאַהאַלני). זיי האָבן אויסגעאַרבעט דעם בודזשעט פון דער קהילה און פאַרוואַלטעט מיט די פינאַנסן. זיי האָבן רעפּרעזענטירט די קהילה פאַר דער שטאָטישער, פּריצישער און מלוכה־מאַכט. זיי זיינען געווען בייזיצער („אַסעסאָרן") אין דעם „יידישן געריכט" פון וואָיעוואָדע און פון זיינע פאַרטרעטער. זיי האָבן געהאַט די דעה איבער דער חזקה, וואָס מען האָט געדאַרפט באַקומען כדי צו מעגן זיך באַשעפטיקן מיט אַ באַשטימטער פרנסה. זיי האָבן געמאַכט הלוואות פאַר דער קהילה און אָפּגעצאָלט חובות. זיי האָבן נאָמינירט רבנים, שמשים, שרייבער, און אויפגענומען אַלע אַנדער באַצאָלטע באַאַמטע פון דער קהילה. זיי פלעגן אויך צווישן זיך אויסקלייבן דעלעגאַטן אויף די פּראָווינציעלע וועדים און אויף דעם צענטראַלן וועד.

דעם צווייטן אָרט נאָך די פרנסים פאַרנעמען די טובים, אויך אין דער צאָל פון דריי ביז פינף. צו זיי געהערן געוויינלעך געוועזענע פרנסים. די טובים שטעלן פאָר אַ מין אַלטע פאַרוואַלטונג לגבי די פרנסים; זיי זיינען די באַראַטער פון די פרנסים (ווי די „לאַווע" אין דעם מאַגיסטראַט לגבי די „רייצעס") און פאַרטרעטן זיי אין געוויסע פונקציעס, למשל ווי אַסעסאָרן אין „יידישן געריכט".

אַ ברייטערע קערפּערשאַפט פון רעפּרעזענטאַנטן פון דער קהילה, מיט וועמען די פרנסים האָבן זיך געדאַרפט באַראָטן אין וויכטיקע ענינים, האָט עקזיסטירט כמעט אין אַלע קהילות. זיי האָבן געהייסן „קרואי עדה" (די געוויילטע פון דער קהילה), „קהל" אָדער גבאים אין קרוינפּוילן, „עקורי הקהל" (די וויכטיקסטע מענטשן פון קהל) אין ליטע און אין רייסן. זייער צאָל איז געווען פאַרשידן, על־פּי־רוב פיר ביז פינף, אָבער אַמאָל אויך 7 (ליסע), 10 (לעסלא) און אפילו 14 (קראָקע). אין אַ טייל שטעט זיינען די דאָזיקע פאָרשטייער פון קהל אויך געווען די פאַרוואַלטערס (גבאים) פון די וויכטיקסטע געביטן פון דער קהילה־טעטיקייט.

אין אַ טייל שטעט איז נאָך געווען אַ פערטע קערפּערשאַפט ביי דער אַלגעמיינער אָנפירונג פון דער קהילה: אין פּויזן איז די וואַל־קאָמיסיע, וואָס האָט אויסגעוויילט די פאַרוואַלטונג פון דער קהילה געבליבן אין אַמט אַ גאַנץ יאָר ווי אַ קאָנטראָל־אָרגאַן און רעפּרעזענטאַנץ פון דער באַפעלקערונג לגבי די פרנסים און טובים. זיי האָבן געהייסן „כשרים" צוליב דעם, וואָס די וויילער האָבן באַדאַרפט זיין כשר ד״ה נישט געטאָרט זיין קיין קרובים צווישן זיך. די כשרים האָבן געפירט אַ באַזונדערן פנקס, וואו זיי פלעגן פאַרשרייבן זייערע באַשלוסן. אין אַ טייל געגנטן פון פוילן און ליטע, באַזונדערס אין ווייסרוסלאַנד איז די פערטע קערפּערשאַפט פון דער פאַרוואַלטונג פון דער קהילה באַשטאַנען פון געוויילטע „אלופים" אָדער „יחידי סגולה" (רייסן, וואָלין). אין ליטווישע קהילות און אין אַ טייל רייסישע קהילות איז אויך פאַרשפּרייט געווען די אינסטיטוציע פון „בעלי־תקנות", ד״ה סטאַטוטן־קאָמיסיע, וואָס האָט רעווידירט די אַלטע תקנות פון דער קהילה און איינגעפירט נייע תקנות. אין די זעלבע קהילות פלעגט מען אויך קלויבן „שומרי תקנות", וואָס האָבן געהאַט די השגחה, אַז מען זאָל אָפּהיטן די תקנות פון דער קהילה. עס פלעגן אויך באַשטימט ווערן „שומרי תקנות" פאַר באַזונדערע ענינים, ווי שמירת שבת און אַנדערע.

אונטער די דאָזיקע פאַרוואַלטנדיקע און באַראַטנדיקע קערפּערשאַפטן זיינען געווען אונטערגעאָרדנט קאָמיסיעס פאַר באַזונדערע רעסאָרטן פון דער קהילה־טעטיקייט. די מיטגלידער פון די דאָזיקע ספּעציעלע קאָמיסיעס, גבאים, ממונים אאַז״וו זיינען געווען ערן־באַאַמטע און זיינען געוויילט געוואָרן צוזאַמען מיט די פרנסים, טובים, קרואי עדה אאַז״וו. די צאָל פון די דאָזיקע קאָמיסיעס איז געווען פאַרשידן אין פאַרשידענע קהילות און אין פאַרשידענע צייטן: די גרעסטע קהילות פלעגן האָבן אַ מער פאַרצווייגטן אַדמיניסטראַטיוון אַפּאַראַט און די צאָל באַזונדערע קאָמיסיעס פלעגט דאָרט מיט דער צייט ווערן אַלץ גרעסער דורך אויסטיילן פונקציעס, וואָס זיינען אַמאָל געווען פאַראייניקט אין איין קאָמיסיע. די וויכטיקסטע קהילה־קאָמיסיעס זיינען געווען די ווייטערדיקע:

גבאי צדקה (הגבאים הגדולים, גבאי צדקה גדולה), זיי האָבן די השגחה איבער די שולן און בתי מדרשים, חברה קדישא, שפּיטאָלן (הקדש) און מושב זקנים, צדקה פאַר אָרימע לייט, מקוואות, הכנסת־כלה און אַנדערע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, און איבער די שוחטים, קצבים און מנקרים. מיט דער צייט פלעגן זיך אויסטיילן באַזונדערע קאָמיסיעס פאַר שולן און בתי־מדרשים (גבאי בית הכנסת), פאַר קאָנטראָל איבער דער שחיטה, פאַר פאַרזאָרגונג פון יתומים (אלופים על היתומים) און אַנדערע. אין ווילנע האָבן אין 18טן י״ה די גבאי צדקה גדולה פאָר־

געשטעלט אַ באַזונדערע חברה מיט אייגענע פינאַנסן.

קאָמיסיע פאַר סאַניטאַר־וועזן און פאַר קאָנטראָל איבערן מאַרק (ממונים, פרנסי שוק): זיי זיינען משגיחים אויף כשרות פון וויין, פוטער און קעז; קאָנטראָלירן די וואָג און די מאָס פון די סוחרים און הענדלער איין מאָל אַ חודש; משגיחים אויף די יידישע נאַכט־וועכטער, גאַסן־קערער, און וועכטער פון טויער פון דער יידישער שטאָט; גיבן אַכטונג אויף דער ריינקייט אין די גאַסן (באַשטראָפן פאַר אויסגיסן פאַמיעס דורכן פענצטער אד״גל); היטן מען זאָל נישט שטערן דעם שלאָף דורך טומלען און שפילן ביינאַכט; קאָנטראָלירן די מלמדים פון די תלמוד תורות; זיינען אָנוועזנד ביים אויפנעמען האַנדלס־געהילפן א״א. מיט דער צייט טיילן זיך אויס באַזונדערע קאָמיסיעס פאַר בוי־ענינים, פאַר קאָנטראָל איבער מאָראַלישקייט (קעגן שפילן אין קאָרטן), פאַר קאַמף קעגן לוקסוס, פאַר השגחה אויף תלמוד תורהס, וואָס גייט אָפט אַריבער אין רשות פון אַ באַזונדערער חברה תלמוד תורה אאַז״וו.

בעלי חשבונות (רואי חשבונות) פון דריי ביז פינף, קאָנטראָלירן די חשבונות פון דער קהילה.

אַן אויסערגעוויינלעך גרויסע מאַכט האָט געהאַט די שאַצונג־קאָמיסיע (שמאים), וואָס איז באַשטאַנען פון 3, 5, 6, 9 און אפילו פון 17 מיטגלידער (פויזן). די דאָזיקע קאָמיסיע האָט אָפגעשאַצט דעם פאַרמעגן־צושטאַנד פון יעדן בעל־הבית לויט אייגענע ידיעות אָדער לויט אינפאָרמאַציעס, וואָס יעדער שטייער־צאָלער איז געווען מחוייב צוצושטעלן און אַנטשפרעכנד באַשטימט די צעטיילונג פון שטייערן.

אין גרעסערע קהילות פלעגט מען אויך יעדעס יאָר אויסקלייבן דיינים. זייער צאָל האָט באַטראָפן פון דריי ביז ניין אָדער צוועלף אין די גרעסערע שטעט. די דיינים זיינען דאָרט איינגעטיילט אין כיתות צו דריי, אַמאָל אויך צו פינף און פאַר יעדער כיתה איז געווען באַשטימט די קאָמפעטענץ לויט דער גרויס פון דער סומע פון סיכסוך אָדער לויט דער וויכטיקייט פון דער באַשולדיקונג אין שטראָף־ענינים.

אין 17טן י״ה ווען עס זיינען אין אַלע גרעסערע קהילות שוין געווען אָרגאַניזירט יידישע צעכן (חברות בעלי מלאכות), האָט די קהילה אויך באַשטימט ספעציעלע גבאים, וואָס האָבן געהאַט די השגחה איבער יעדן צעך באַזונדער. אין 17טן י״ה זיינען אויך אָרגאַניזירט געוואָרן ביי די גרעסערע קהילות קאָמיסיעס פאַר אויסלייזן געפאַנגענע, גבאי פדיון שבויים; צו זיי האָט געהערט די אויפגאַבע סיי פון אויסלייזן יידן, וואָס זיינען גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט דורך די טערקן און טאָטערן, סיי די פליכט צו באַמיען זיך וועגן יידן, וואָס זיינען אַריינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה דורך דער מלוכה־מאַכט אָדער דורך פריצים. שוין אין 16טן י״ה זיינען אויך אָרגאַניזירט געוואָרן ביי די קהילות באַזונדערע קאָמיסיעס, וואָס האָבן פאַרוואַלטעט מיט נדבות פאַר ארץ־ישראל (גבאי ארץ־ישראל). די געזאַמעלטע געלטער פאַר ארץ־ישראל פלעגן די קהילות שיקן אָדער צום וועד ארבע ארצות קיין לובלין, אָדער קיין לעמבערג, פון וואַנען מען האָט זיי ווייטער געשיקט דורך קאָנסטאַנטינאָפאָל קיין ארץ־ישראל. דער גבאי פון לעמבערג וואָס איז געווען באַפולמעכטיקט דורך דעם וועד ארבע ארצות צו פאַרוואַלטן מיט די ארץ־ישראל־געלטער פון גאַנץ פוילן, פלעגט טראָגן דעם טיטול „מרא דארעא קדישא״, אָדער „נשיא ארץ־ישראל״.

די געצאָלטע באַאַמטע פון דער קהילה זיינען געווען:

דער רב; אַחוץ זיינע פונקציעס און רעליגיעזע פראַגן האָט דער רב פאָרמעל געהאַט אַ גרויסע דעה אין דער קהילה: ער פלעגט געבן די הסכמה אויף די סטאַטוטן (תקנות) פון דער קהילה און אויף וויכטיקע באַשלוסן פון די פרנסים. ער האָט געגעבן זיין חתימה אויף דער שטייער־רשימה, וואָס די שאַצערס האָבן אויפגעשטעלט, אונטער זיין פאָרזיץ זיינען פאָרגעקומען די וואַלן פון פרנסים און אַנדערע פירער פון דער קהילה; ער איז געווען דער פאָרזיצער פון בית־דין; ער האָט געלאָזט אויסרופן אַ חרם; ער אַליין האָט געהאַט דאָס רעכט צו פאַרטיילן די טיטולן פון „חבר״ און „מורינו״, וואָס זיינען געווען נישט בלויז כיבודים, נאָך אויך באַרעכטיקט צו גרויסע פריווילעגיעס; ער האָט די השגחה איבער די מלמדים, ער האָט געגעבן דערלויבעניש דרשנים צו האַלטן דרשות אין דער שטאָט; ער האָט געחתמעט אָפיציעלע בריוו און אויפרופן פון דער קהילה אאַז״וו. צוליב די גרויסע מאַכט־קאָמפעטענצן פון רב, האָבן אַ טייל קהילות באַוואָרנט אין זייערע תקנות, אַז די קרובים פון רב, אפילו די ווייטסטע, טאָרן נישט אַריינגיין אין דער פאַרוואַלטונג פון דער קהילה: מען האָט מורא געהאַט, אַז די מאַכט פון די פרנסים און פון רב זאָל זיך נישט קאָנצענטרירן אין די הענט פון איין פאַמיליע. די דאָזיקע תקנה פלעגט אָבער אין ערגעץ נישט אָפגעהיט ווערן. מיט דער צייט איז די קאָמפעטענץ פון. רב אַלץ מער באַגרענעצט געוואָרן לטובת די קהילה־פרנסים. אָן זייער דערלויבעניש האָט ער נישט געהאַט דאָס רעכט אַרויפצולייגן אַ חרם, ער האָט געמוזט האָבן די הסכמה פון די פרנסים אויף דער פאַרטיילונג פון טיטול מורינו אאַז״וו. די אָפהענגיקייט פון די רבנים לגבי די קהילה פרנסים האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט דורכדעם, וואָס זיי האָבן אַליין געשטאַמט, אָדער זיינען געווען פאַרשוועגערט מיט די אָנגעזעענסטע גבירים־פאַמיליעס (פאַמיליע פישל און שפעטער פאַמיליע אייזיק רבי יעקעלעס אין קראָקע; שלום שכנא אין לובלין; יהושוע פאַלק כהן אין לעמבערג). די שטעלע פון רב האָט

אַריינגעבראַכט גרויסע הכנסות: ער האָט באַקומען אַ שטענדיק געהאַלט, גענומען אָפּצאָל פון חתונות, בריתן, גטן, אַ טייל פּסק־געלט פון דין תורות, און אָפּצאָל פאַר באַשטעטיקונג פון דאָקומענטן אאַז״וו. דערביי איז דער רב געווען באַפרייט פון אַלע שטייערן, סיידן ער האָט זיך אַליין פאַרנומען מיט געשעפטן. עס האָט זיך דערפאַר געלוינט די קאַנדידאַטן אויף דעם אַמט פון רב אויסצוגעבן גרויסע סומעס געלט אויף שוחד פאַר די פּרנסים און אַנדערע פאַרוואַלטער פון דער קהילה, אָדער אויף הלוואות פאַר דער גאַנצער קהילה, כדי צו באַקומען דעם פּעטן פּאָסטן. דער וועד ארבע ארצות האָט שוין אין יאָר 1587 אָנגענומען אַ תקנה, וואָס אַסרט די דאָזיקע פּראַקטיק און איבערגעחזרט זי אין יאָר 1590 און אין יאָר 1597. אין יאָר 1640 האָט דער וועד אַרויסגעשיקט צו אַלע קהילות אַ פייערדיקן אויפרוף קעגן די דאָזיקע מיסברויכן: די רבנים וואָס באַקומען זייער שטעלע דורך „גאָלד און זילבער" ווערן פאַרגליכן מיט דינער פון „געגאָסענע געצלעך" און מיט די קאָרומפּירטע כוהנים גדולים אין דער צייט פון צווייטן בית־המקדש. אויך דער וועד מדינת ליטא האָט אין יאָר 1628 (תקנה ר״ז) באַשטעטיקט דעם איסור פון וועד פוילן וועגן קויפן רבנות פאַר געלט.

דער ראש־ישיבה; אין גרעסערע קהילות, ווי קראָקע, לובלין, פלעגן די ישיבות אָנגעפירט ווערן נישט דורך דעם רב נאָר דורך ראשי־ישיבות. דער ראש־ישיבה פון לובלין האָט אין יאָר 1567 באַקומען אַ פּריווילעגיע פון קיניג, וואָס האָט אים געשטעלט העכער איבער אַלע רבנים פון דער שטאָט.

דער שרייבער פון דער קהילה האָט געהייסן „ספרא מתא" (דער שרייבער פון דער שטאָט). אַלע נידעריקערע באַאַמטע פון דער קהילה האָבן געהייסן שמשים, מיט פאַרשידענע פונקציעס: שמשים פון די שולן און בתי־מדרשים, שמשים שטייער־מאָנער, שמשים פון בית־דין, שמשים פון „יידישן געריכט" ביים פּאָדוואָיעוואָדע. דער הויפּט־שמש פון דער קהילה („שמש־הקהל" — „שקאָלניק"), איז געווען דער אַמטלעכער שליח פון דער קהילה צו דער מלוכה־מאַכט, צום מלוכה־געריכט, צום שטאָט־מאַגיסטראַט און אַנדערע אינסטאַנצן. אין גרעסערע קהילות איז שוין אין 16טן י״ה געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעל אַמט פון אַ שתדלן („סינדיק"). דער שתדלן האָט געמוזט קענען לייענען און שרייבן פּויליש. אין לעמבערג איז נאָך אין דער ערשטער העלפט פון 17טן י״ה דער שתדלן פון דער קהילה געווען אַ קריסט. אין קראָקע פלעגט נאָך אין יענער צייט דאָס אַמט פון שתדלן איבערגעגעבן ווערן דעם „קאַמפּסאָר", ד״ה דעם יידישן געלט־לייער, וואָס האָט ספּעציעל באַזאָרגט מיט הלוואות די סטודענטן פון קראָקעווער אוניווערזיטעט. וואָס שפּעטער, אַלץ קאָמפּליצירטער זיינען געווען די פינאַנציעלע באַציאונגען פון דער קהילה מיט דער שטאָטישער מאַכט, מלוכה־מאַכט און מיט די מאָנאַכן־אָרדנס, אַלץ אָפטער איז געווען די נויטווענדיקייט פון השתדלות ביי די מאַכט־אָרגאַנען און דאָס אַמט פון שתדלן איז געוואָרן איינס פון די וויכטיקסטע סיי אין דער קהילה, סיי אין פּראָווינציעלן וועד און אין וועד ארבע ארצות.

די קהילה האָט אויך באַשעפטיקט אַ סאַניטאַרן־פּערסאָנאַל: קהילה־דאָקטוירים, וואָס האָבן פאַר אַ באַשטימט געהאַלט געדאַרפט באַהאַנדלען אומזיסט אָרימע לייט סיי אין דער היים, סיי אין הקדש; קהילה־באַלבירער, קהילה־אַפּטייקער, אַ קהילה־הייבאַם, „הקדש־לייט" און „קראַנקן־וועכטער" און אפילו ספּעציעלע באַנדאַזשיסטן פאַר קראַנקע אויף אַ בראָך.

אונטער דער השגחה פון דער קהילה זיינען געשטאַנען די חברות פון פאַרשידענע קאַטעגאָריעס: עקאָנאָמישע, פילאַנטראָפּישע, פאַר קולטור און בילדונג און חברות פון אַן אויסשליסלעך רעליגיעז־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער.

שוין אין דער ערשטער העלפט פון 17טן י״ה זיינען אונדז באַקאַנט אין גרעסערע שטעט, ווי קראָקע, לעמבערג, פּויזן, חברות פון בעלי־מלאכות פון פאַרשידענע פאַכן, ווי קצבים, מנקרים, קירזשנער, שמוקלער, פאַסמאַכער (פּאַסמאַניקעס), באַלבירער, גאָלדשמידן, און אויך חברות פון קרעמער אָדער פון באַזונדערע קאַטאַגאָריעס קרעמער. סטאַטוטן פון די דאָזיקע צעכן האָבן געמוזט האָבן די באַשטעטיקונג פון דער קהילה און זייער טעטיקייט איז געווען קאָנטראָלירט דורך גבאים פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג *).

וואָס מער עס איז געוואַקסן די קהילה און וואָס מער עס האָבן זיך פאַרצווייגט אירע טעטיקייטן, אַלץ אָפטער זיינען באַזונדערע פונקציעס אויפן געביט פון פילאַנטראָפּיע אַריבערגעגאַנגען אין רשות פון באַזונדערע חברות מיט אייגענע בודזשעטן. כמעט אומעטום איז אַנטשטאַנען ווי איינע פון די עלטסטע און וויכטיקסטע חברות די חברה קדישא. די חברה קדישא פלעגט אַחוץ דער הויפּט־אויפגאַבע פון מתעסק זיין זיך מיט דער קבורה אויך פאַרנעמען זיך מיט געוויסע פילאַנטראָפּישע פונקציעס ווי מבקר חולה זיין, שטיצן אָרימע אבלים, בפרט אין קלענערע קהילות וואו קיין באַזונדערע חברות פאַר די צוועקן האָבן נישט עקזיסטירט. אַ פּאַראַלעלע אינסטיטוציע צו די גבאי צדקה פון דער קהילה איז געווען די חברה צדקה גדולה, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אורחים און אָרטיקע אָרימע לייט. מיט דער צייט פלעגן אויפ־

*) מיט דער אָרגאַניזאַציע און טעטיקייט פון די יידישע צעכן וועלן מיר זיך פאַרנעמען אין ווייטערדיקן קאַפּיטל, היות זיי האָבן זיך פאַרשפּרייט אין גאַנץ פוילן ערשט אין דער שפּעטערדיקער תקופה.

קומען קלענערע חברות מיט ספּעציעלע פילאַנטראָפּישע צוועקן, ווי „הכנסת אורחים", הכנסת כלה", „ביקור חולים", „פדיון שבויים" און אַנדערע.

די אויפגאַבע פון באַזאָרגן מיט עלעמענטאַרער בילדונג די אָרימע יוגנט איז שוין אין 16טן י"ה אַרויסגעגאַנגען פון דירעקטן רשות פון דער קהילה און איבערגענומען געוואָרן דורך דער חברת "תלמוד־תורה". לויט די סטאַטוטן פון דער חברה תלמוד־תורה פון קראָקע, וואָס זיינען באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער קהילה אין יאָר 1551, האָבן אָרימע קינדער געדאַרפט לערנען אין דער תלמוד תורה ביז 14 יאָר. זיי האָבן געלערנט חומש־רש"י, העברעאישע גראַמאַטיק, חשבון און אָנגעהויבן צו לערנען גמרא. צו 14 יאָר איז אַ יינגל פון דער תלמוד תורה איבערגעגעבן געוואָרן צו אַ סוחר אַלס האַנדלס־געהילף אָדער אויף דער לער צו אַ בעל־מלאכה. אויב דאָס יינגל האָט אַרויסגעוויזן פעאיקייטן צום לערנען איז די חברה געווען מחוייב אים צו שיקן אין דער ישיבה. רעליגיעזע בילדונג פון דערוואַקסענע איז פאָרגעקומען מיט דער הילף פון חברות, ווי חברת תנ"ך, חברת עין יעקב און משניות פאַר אָרימערע עלעמענטן פון דער באַפעלקערונג און חברת ש"ס פאַר פאַרמעגלעכע בעלי־בתים.

חברות פון אַ ריין רעליגיעזן כאַראַקטער זיינען געווען חברת „שומרים לבוקר", וואָס פלעגן פאַרטאָג זיך צוזאַמענקומען אין בית המדרש קלאָגן אויף דעם חורבן בית־המקדש, חברה תהלים, וואָס פלעגן זאָגן תהלים בצבור, באַלד ווי עס האָט געטאָגט, און אַנדערע.

דער בודזשעט פון דער קהילה אויף דער זייט פון הוצאות האָט אַרומגענומען סיי די אויסהאַלטונג פון אַלע קהילה־באַאַמטע און קהילה־אינסטיטוציעס, סיי, דער עיקר, די שטייערן מכל המינים, וועלכע מיר האָבן אויבן בפרטיות אויסגערעכנט. די הכנסה פון דער קהילה איז באַשטאַנען אין דער דאָזיקער תקופה פון דריי וויכטיקסטע קוואַלן: 1) די מלוכה־שטייערן זיינען צעטיילט געוואָרן צווישן אַלע בעלי־בתים לויט דער אָפּשאַצונג פון די שמאים; דער דאָזיקער דירעקטער קהילה־שטייער האָט געהייסן סכום; 2) אומדירעקטע שטייערן פון פלייש, ווייַן, מעד און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען; דער דאָזיקער שטייער פלעגט שפּעטער אָנגערופן ווערן די „קרופּקע", אָדער „קאָראָבקע", ווייזט אויס דערפאַר, וואָס מען פלעגט אים לכתחילה אַרויפלייגן אויף גרויפּן („קרופּעס"). אין גרויספּוילן, פּונקט ווי אין די דייטשע לענדער האָט דער דאָזיקער שטייער געהייסן פאַרדאָן־שטייער (אַמאָל אויך „בערדאָן") *). 3) אָפּצאָל פון חזקה.

*) די אָפּשטאַמונג פון דעם דאָזיקן וואָרט איז נישט קלאָר. עס לייגט זיך אויפן שכל, אַז דאָס וואָרט שטאַמט פונם מיטל־לאַטייניש „פּאַרדאָנאַ", וואָס האָט באַדייט שטייער.

די אויסמעסטונג פון דירעקטן קהילה־שטייער („סכום") פלעגט אַדורכגעפירט ווערן אויפן יסוד פון דעקלאַראַציעס פון די שטייער־צאָלער וועגן זייער פאַרמעגן־צושטאַנד, וועלכע זיי האָבן באַדאַרפט אָפּגעבן אונטער אַ שבועה. אָט איז דער נוסח פון דער שבועה, וואָס די שטייער־צאָלער האָבן לויט דער תקנה פון זשאָלקווער קהל פון יאָר 1615 געדאַרפט אָפּגעבן אין דער קעגנוואַרט פון שמש פון קהל און פון די שטייער־איינמאָנער אָדער פון צוויי מנהיגים פון קהל:

„דאָ שווער איך מיט מיינ'ם ווייב בפאה"ק ובנקיטת חפץ בה' אלהי ישראל ע"ד המקום וע"ד הקהל בלי ערמה ומרמה ושום תחבולה ושום היתר בעולם דאז מיר נישט מער האָבן אונזער אייגען, נאָר אַז דעם סך וואָס מיר דאָ פורט זיין הן מזומנים הן סחורות הן תכשיטי כסף וזהב ואבנים טובות ומרגליות הן חובות בעל פה הן חובות בשטר הכל כאשר לכל האָבען מיר נישט מער אונזער אייגען, נאָר אַז דעם סך, וואָס מיר דאָ פורט זיין און מיר האָבן נישט מעלים געוועזען נאָך נישט אַוועקגעשענקט במתנה על מנת להחזיר און האָבען קיין קינד נישט אָבגיליגט, דאָס מיר מעכטען דאָס מעלים זיין און זיינען נישט מעלים מכל הערמות שהפה יוכל לדבר והלב לחשוב. אויף דאָס אַלעס שווערען מירביידע איש ואשה דאָז דברינו אמת איז ולא נעלם דבר".

דער דין פון חזקה איז לכתחילה איינגעפירט געוואָרן צוליב פאַרמיידן אומערלעכע קאָנקורענץ צווישן אַרענדאַרן, מוכסים, שענקערס, און אַנדערע פאַכטערס. אָבער שוין אין דער ערשטער העלפט פון 17טן י"ה האָט יעדער איינער, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט עפּעס אַ באַשעפטיקונג געמוזט אויסקויפן ביי דער קהילה דאָס רעכט פון חזקה. עס האָט געמוזט אָפּצאָלן חזקה יעדער סוחר, הענדלער, בעל־מלאכה, שרייבער ביים מוכס און אפילו אַ מלמד. אַ חזקה האָט מען אָפּגעצאָלט דער קהילה סיי ביים קויפן אַ הויז, סיי ביים דינגען אַ דירה אָדער אַ געוועלב אין יענעמס הויז. אָן אַן אָפּצאָל פון חזקה פאַר דער קהילה האָט אויך קיין שום ייד פון דער פרעמד זיך נישט געטאָרט באַזעצן אין דער קהילה. די חזקה האָט שוין אין 17טן י"ה אָנגעוואוירן איר כאַראַקטער פון אַ רעגולאַציון מיטל קעגן אומערלעכער קאָנקורענץ און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אויסטערלישן קהילה־שטייער, וואָס האָט געדריקט ווי אַ שווערע משא אויף דער יידישער באַפעלקערונג. צוזאַמען מיט דער חזקה איז אויך די קאָראָבקע מיט דער צייט אויסגעשפּרייט געוואָרן ווי אַן אומדירעקטער שטייער פון אַלע מינים עסנוואַרג און אַן אומזאַץ־שטייער פון אַלע וויכטיקסטע אַרטיקלען פון מסחר און מלאכה. נאָך אין אָנהויב פון 17טן י"ה פלעגט די קהילה אָפּט פאַרפּאַכטן די אומדירעקטע שטייערן, און דורכדעם איז די לאַסט פון די שטייערן געוואָרן נאָך גרעסער.

ווי שווער די יידישע באַפעלקערונג איז נישט געווען באַלאַסטעט מיט כל המינים שטייערן האָבן די קהילות שוין אין דער ערשטער העלפט פון 17טן י"ה נישט געקאָנט נאָכקומען פון נאָרמאַלן בודזשעט אַלע ריזיקע הוצאות אויף מלוכה־שטייערן, שטאָטישע שטייערן, אָפּצאָלן פאַר קירך־מאָנאַכן און באַאַמטע. די קהילות הויבן אָן צו דעקן די דעפיציטן דורך הלוואות. שוין אין דער דאָזיקער תקופה זיינען יידישע קהילות שולדיק גרויסע סומעס צו רייכע פריצים, שטאָטס־לייט און דער עיקר מאָנאַכן. אין אַ תקנה פון וועד ד' ארצות אַרום 1640 ווערט שוין געמאָלט דער מצב פון דער פאַרשולדונג פון די קהילות אין שוואַרצע פאַרבן: „די חובות זיינען געשטיגען און געוואַקסן איבערן קאָפּ און דער פּראָצענט פרעסט ווי אַ פייער און בייסט[1]) ווי אַ שלאַנג און ווי דאָס אויסגיין פון אַ גוסס, וואָס פאַרלענדט די נשמה מיטן לייב און מען קען גאָר נישט אַרויסקריכן פון די חובות און מיר מיט אונזערע קינדער און קינדס־קינדער זיינען משועבד צו פרעה[2]) אָפּצוצאָלן דעם ריווח אַחוץ דעם קרן, די הערנער[3]) פון אַ ווילזלטיר, וואָס מיט זיי שטויסט ער, אַז מען קען גאָרנישט אויסדערציילן . . ." דאָך איז פאַר גזירת ת"ח די לאַגע אויף דעם דאָזיקן געביט נאָך נישט געווען קאַטאַסטראָפאַל: די הלוואות פלעגן נאָך געבאָרגט ווערן אויף אַ קורצן טערמין פון אַ יאָר ביז דריי (קראָקע); אַ תקנה פון וועד ארבע ארצות פון יאָר 1623 (תקנה ע"ב) לייגט אַרויף אַן איסור אויף די קהילות צו מאַכן הלוואות אויף אַ לענגערן טערמין ווי אויף איין יאָר.

דער סיסטעם פון וואַלן אין די קהילות איז געווען אַזאַ, אַז ער האָט געזיכערט אַ דעצידירנדיקע דעה אין דער פאַרוואַלטונג די געוועזענע פרנסים און גבאים און בכלל באַפעסטיקט די מאַכט פון די גבירים אין דער שטאָט. די וואַלן פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג, ווי אויך די וואַלן פון גבאים אין די חברות פלעגן פאָרקומען יעדעס יאָר, על־פי־רוב חול־המועד פסח. אין קראָקע פלעגט דער שמש, אין אָנוועזנהייט פון רב, אַריינלייגן אין דער קלפי (וואַל־קעסטל) צעטעלעך מיט נעמען פון אַלע שטייער־צאָלער און אַרויסציען פון דאָרט די צעטעלעך. די ניין בוררים ראשונים האָבן באַשטימט פינף בוררים וועלכע האָבן נאָמינירט פרנסים, טובים, שמאים, דיינים און אַלע גבאים

1) וואָרט־שפיל: נשך הייסן אויף העברעאיש פּראָצענטער פון חוב און נשך הייסט בייסן.

2) וואָרט־שפיל: „פרע" הייסט אויף העברעאיש דעקן אַ חוב, פרעה מלך מצרים איז דער סימבאָל פון טיראַניי און פאַרשקלאַפונג.

3) : קרן הייסט אויף העברעאיש סיי קאַפּיטאַל, סיי אַ האָרן. די פראַזע „העכער פון אַ ווילזלטיר אאַ"וו" איז גענומען פון משהס ברכה, דברים ל"ג, 17.

און ממונים פון דער קהילה. אין לעמבערג און אין אַנדערע שטעט פון רייסן האָט דער־סיסטעם בפירוש געגעבן מער שאַנסן דער אָפּטרעטנדיקער פאַרוואַלטונג, זי זאָל נאָכאַמאָל אויסגעוויילט ווערן: דאָרט זיינען געווען דריי באַזונדערע קלפיס, איינע מיט נעמען פון די הויפּט־אָנפירער פון דער קהילה (ראשים, טובים און קרואי עדה), די צווייטע מיט נעמען פון די פאַרשידענע גבאים פון קהילה־קאָמיסיעס, די דריטע האָט אַנטהאַלטן נעמען פון אַלע איבעריקע שטייער־צאָלער. נאָכדעם ווי דער שמש האָט אַרויסגעצויגן צוויי צעטעלעך פון ערשטן קלפי האָט ער די איבעריקע צעטעלעך אַריינגעשיט אין דער צווייטער קלפי און אויך פון דער צווייטער קלפי האָט ער אַלע צעטעלעך איבערגעשיט אין דער דריטער קלפי נאָכדעם ווי ער האָט פון דאָרט אַרויסגעצויגן צוויי. די זעקס אויסגעקליבענע פון די דריי קלפיס זיינען געווען די בוררים, וואָס האָבן נאָמינירט די נייע אָנפירונג פון קהל. אין פויזן האָט די אָפּטרעטנדיקע פאַרוואַלטונג אויף אַן אומדירעקטן אופן פאַקטיש נאָמינירט די נייע פאַרוואַלטונג: זי האָט אַריינגעלייגט אין דער קלפי 21 נעמען פון די „חשובסטע" בעלי־בתים און פון דאָרט אַרויסגעצויגן זיבן צעטעלעך, די דאָזיקע זיבן זיינען געווען די בוררים, וואָס האָבן נאָמינירט דעם נייעם קהל. אומעטום איז דערביי געווען באַוואָרנט, אַז סיי די בוררים, סיי די אויסגעוויילטע טאָרן נישט זיין קיין קרובים. אין ליטע איז געווען אַ תקנה פון וועד פון 1623 (תקנה ס"ג), וואָס האָט אַרויפגעלייגט אויף דעם אָפּטרעטנדיקן קהל דעם חוב צו נאָמינירן דעם נייעם: די ראשים, טובים, דיינים, גבאים און עיקורי הקהל האָבן אין אַלע קהילות מיט אַ שטימען־מערהייט אויסגעקליבן בוררים, וואָס האָבן נאָמינירט די נייע פאַרוואַלטונג און גבאים פון קהל! דערביי איז בלויז געמאַכט געוואָרן אַ באַוואָרעניש, אַז סיי די מיטגלידער פון אַלטן קהל, סיי די בוררים דאַרפן זיין „כשרים", ד"ה זיך נישט אָנקערן קיין קרובים און אַז די זעלבע בוררים טאָרן נישט באַשטימט ווערן צוויי יאָר נאָכאַנאַנד. אין יאָר 1628 (תקנה קס"א) איז די נאָמינאַציע־קערפערשאַפט פון אָפּטרעטנדיקן קהל נאָך מער באַגרענעצט געוואָרן אין דער צאָל, דורכדעם וואָס גבאים האָבן אין איר אָנטייל גענומען נאָר אין דעם פאַל, אויב עס האָט אויסגעפעלט צו דער צאָל 15.

אין דער פּראַקטיק פלעגט נישט אָפּגעהיט ווערן אַפילו די באַוואָרעניש, אַז די בוררים צווישן זיך און די אויסגעוויילטע פאַרוואַלטונג־מיטגלידער צווישן זיך טאָרן נישט זיין קיין קרובים. אין אַ תשובה אויף אַ שאלה פון דער קהילה סאַטאַנאָוו (ווי עס איז אויך געווען איינגעפירט דער סיסטעם פון אומדירעקטע וואַלן) צי מעגן די בוררים זיך אָנקערן, פאַררופט זיך דער רב בנימין סאָלניק (משאת

בנימין, ז׳) אויף דעם מנהג, אַז די בוררים מעגן יאָ זיין קרובים און ווייזט אויך אָן אויף דעם ביישפּיל פון די קהילות אין קראָקע און אין לעמבערג, וואו אפילו די געקליבענע ראשים און טובים פלעגן זיין קרובים!

די רשימות פון פרנסים און טובים אין די גרויסע און קלענערע קהילות אין 16טן און 17טן י״ה באַווייזן טאַקע באַשיימפּערלעך, אַז די מאַכט אין די קהילות האָט געהערט דורך דער גאַנצער צייט צו אַ קליינעם אָליגאַרכישן קרייז פון געקליבענע משפחות, וואָס האָבן צוזאַמען פאַרנומען אַלע העכסטע קהילה־אַמטן. ווי אַ חוזק פון סיסטעם פון וויילן יעדעס יאָר נייע פרנסים, פלעגן די זעלבע פּערזאָנען באַקליידן דאָס אַמט פון פרנסים דורך צענדליקער יאָרן אָדער לעבנסלענגלעך: אייזיק רבי יעקעלעס אין קראָקע איז געווען פרנס כמעט אָן איבעררייס פון 1608 ביז 1646; אין דער תקופה פון 1622—1648 האָבן בלויז 13 פּערזאָנען אין קראָקע פאַרנומען די שטעלעס פון פרנסים, ד״ה יעדער פון זיי איז געווען פרנס איין מאָל אין צוויי יאָר! זיי פלעגן אַמטירן צוזאַמען מיט זייערע ברידער, זין, איידעמס און איבערגעבן דאָס אַמט „בירושה" זייערע קינדער און אייניקלעך. אַזוי איז אין לעמבערג געווען פרנס אָדער „טוב" יצחק נחמנאָוויטש פון 1565—1595, זיינע צוויי זין מרדכי און נחמן פון 1588—1620, זיין אייניקל יצחק נחמנאָוויטש דער יינגערער פון 1632 דורך אַ רייע יאָרן. מיטן אויסנאַם פון געציילטע דאָקטוירים געהערן די פרנסים, טובים און אַנדערע אָנפירער פון דער קהילה צו די רייכסטע סוחרים פון דער שטאָט: דאָס זיינען די פאַמיליעס יעקעלעס, מאַרקאָוויטש, לאַזאַראָוויטש א״אַ אין קראָקע, די פאַמיליעס נחמנאָוויטש און גאָמבריכט אין לעמבערג. אפילו אין אַ קלענערער קהילה ווי פּלאָצק, וואו עס פלעגט זיך אַמאָל באַווייזן אין דער קהילה אויך אַ פרנס אַ בעל־מלאכה (אין משך פון 16טן י״ה צוויי וועבער, איין שווערד־מאַכער, איין שמוקלער) רעגירן אין קהל דורך צענדליקער יאָרן נאָכאַנאַנד די זעלבע פאַמיליעס פון גרעסטע סוחרים, ווי יוסף מאַריאַנקאַ מיט זיין איידעם שמעון, פעליקס בערמאַן א״אַ. דער דאָזיקער סיסטעם פון פּלוטאָקראַטיע אין די קהילות איז געשטיצט געוואָרן דורך די קאָנטראָל־אָרגאַנען פון דער מלוכה. אין זיין „אָרדענונג" פון יאָר 1640 באַשטימט דער קראָקעווער וואָיעוואָדע בפירוש, אַז מען מעג וויילן אויף קהל־אַמטן בלויז מענטשן מיט אַ ישוב־הדעת, בכבודיקע און פאַרמעגלעכע. שוין אין דער דאָזיקער תקופה טרעפן זיך אויך אָפטע פאַלן פון באַנוצן פּראָטעקציע ביי דער מלוכה־מאַכט כדי צו דערגרייכן קהל־אַמטן. דער וועד ד׳ ארצות האָט אין יאָר 1583, קוים צוויי יאָר נאָך זיין קאָנסטיטואירונג, אויסגערופן אַן איסור קעגן משתדל זיין זיך ביים מלך, אָדער ביי „שררות" וועגן פּראָטעקציע ביים קאַנדידירן אויף דער שטעלע פון אַ רב אָדער אַ פרנס.

אין סך־הכל איז דער פּאָליטישער סיסטעם אין די קהילות געווען אין דער פּראַקטיק אַזוי אָליגאַרכיש, ווי אין די מאַגיסטראַטן פון די שטעט, כאָטש די קהילות פלעגן יוצא זיין לגבי דעם פאָרמעלן פּרינציפּ פון יערלעכע וואַלן אין וועלכן די מאַגיסטראַטן האָבן בכלל נישט מדקדק געווען. די באַוואוסטע יידישע מאַסן פלעגן נישט זעלטן אויסדריקן זייער פּראָטעסט קעגן דעם דאָזיקן סיסטעם, וואָס האָט ביי זיי אַוועקגענומען אינגאַנצן די דעה אין קהילה־ענינים. און זיי פלעגן אפילו אַמאָל זיך אָרגאַניזירן אין אָפּאָזיציאָנעלע פראַקציעס. אַזוי הערן מיר פון אַ שאלה־ותשובה אין 17טן יאָרהונדערט (צמח צדק ב׳) אַזאַ טענה פון דער דעמאָקראַטישער אָפּאָזאָציע: די „אָנגעזעענע" בעלי־בתים פון דער שטאָט האָבן איינגעפירט אַ נייע סיסטעם, וואָס האָט אפילו פאָרמעל געבראָכן מיט דעם פּרינציפּ, אַז אַלע שטייער־צאָלער דאַרפן זיך באַטייליקן אין די וואַלן פון קהילה־פּרנסים, טובים, רב, חזן, שמש. לויט דעם נייעם סיסטעם (וואָס איז אין 18טן י״ה געוואָרן דער הערשנדיקער סיסטעם אין אַלע קהילות פון פּוילן און ליטע) האָבן אין די וואַל־פאַרזאַמלונגען זיך געקאָנט באַטייליקן בלויז די רייכסטע, די הויכע שטייער־צאָלער און די תלמידי־חכמים מיטן טיטול „חבר". „די אָרימע, דער המון העם" האָבן געטענהט „פאַרוואָס זאָלן געמינערט ווערן זייערע רעכט, אויב זיי זיינען אויך שטייער־צאָלער און גיבן זייער חלק, כאָטש די רייכע גיבן מער, קומט דאָך בכל אופן זיי, די אָרימע, אָן שווערער דאָס ביסל וואָס זיי צאָלן (שטייער) איידער עס קומט אָן די עשירים צו צאָלן די העכערע שטייערן". די אָפּאָזיציע האָט זיך אויך פאַררופן אויף דעם, אַז די באַטייליקונג פון אַלע שטייער־צאָלער אין קהילה־ענינים איז אַן אַלטער מנהג „פון אייביק אויף". די אָפּאָזיציע פלעגט אָבער אונטערדריקט ווערן דורך דער קהילה און דורך דעם וועד מיט די שטרענגסטע מיטלען און אפילו מיטן כוח פון חרם. אַ תקנה פון וועד מדינת ליטע פון יאָר 1623 (תקנה נ״ו) פאַררופט זיך אויף אַן אַלטן חרם אויף די אַלע וואָס אָרגאַניזירן אַ „פאַרשווערונג" (קנוניא) און אַ „בונט" (קשר) קעגן די פרנסים און טובים פון דער קהילה, אָדער קעגן די ראשים פון דער מדינה. אין דער דאָזיקער תקנה ווערט דער חרם נאָך פאַרשטאַרקט דורך אַ געלט־שטראָף פון 400 אונגערישע דוקאַטן און ווערט בפירוש אויסגעשפּרייט אויף אַלע וואָס רעדן זיך צונויף אָדער אַגיטירן אונטער די אויגן פון קהל, אָדער גרינדן פּאַרטייען פאַר די קהלה־וואַלן, אָדער פאַר די וואַלן פון אַ רב, חזן, שמש און זאָגן „נאָך

מיר זאָלסטו נאָכגיין". אפילו דאָס שיקן דעלעגאַציעס מיט פאָדערונגען און טענות צו קהל ווערט דעפינירט אין דער תקנה ווי אַ „פאַרשווערונג"; מען טאָר נישט קומען מיט קיין שום ענין צו קהל מער ווי צוויי פערזאָנען, און זיי מעגן רעדן בלויז אין זייער אייגענעם נאָמען...

די מאַכט אין דער קהילה האָבן די גבירים אויסגענוצט קודם־כל כדי אַראָפּצואוואַרפן פון זיך ווי ווייט מעגלעך די לאַסטן פון שטייערן און אַרויפוועלגערן זיי אויף די ברייטע מאַסן. שוין אין אָנהויב פון 16טן י"ה אין יאָר 1527, אינטערווענירט דער קיניג זיגמונט דעם 1טער אין דער קראָקעווער קהילה אויף דער אָנקלאַגע פון די אומפאַרמעגלעכע יידן וועגן דעם, „פאַרוואָס די דערמאָנטע (רייכע) יידן צאָלן שטייערן ווייניקער, ווי זיי וואָלטן געדאַרפט צאָלן און פאַרקערט, די אָרימע צאָלן מער, איידער זיי דאַרפן צאָלן". אַזעלכע פאַלן פון קיניגלעכער אינטערווענץ פלעגן אָבער זיין אויסנאַמען, פאַרקערט די מלכים אַליין, פונקט ווי שפּעטער די מאַגנאַטן אין זייערע באַזיצונגען, פלעגן געבן די רייכסטע מוכסים און סוחרים פּריווילעגיעס, וואָס האָבן זיי באַפרייט פון שטייערן. וואָס שפּעטער אין 16טן און בפרט אין 17טן י"ה, אַלץ מער האָט זיך דער שטייער־סיסטעם אין די קהילות געשטיצט אויף די אומדירעקטע אָפּצאָלן און חזקה־אָפּצאָלן, וואָס האָבן זיך געלייגט ווי אַ שווערע מאַסע אויף דער אומפאַרמעגלעכער באַפעלקערונג.

די עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון די קהילות איז געווען אויסגערעכנט אין די אינטערעסן פון די גרויסע סוחרים וואָס האָבן באַהערשט דאָס קהילה־לעבן. אין זייערע אינטערעסן האָט מען באַשטימט מאַקסימאַל־לוינען פאַר מעקלערס, פורמאַנעס (פּויזן, 1630), משרתים, קעכינס, פּיאַסטונקעס, שדכנים, סאַרווערס, בעדערס, שמשים, מלמדים, אאַז"וו. אין די אינטערעסן פון די בעלי־בתים, אַרענדאַרן, האָט מען געאַסרט לויט די תקנות אויסצוכאַפּן איינער ביים צווייטן אַ משרת, אַ „ווײנער" (בראָנפנברענער). אין די אינטערעסן פון די גרויסע סוחרים האָט די קהילה גענוי קאָנטראָלירט די טעטיקייט פון די צעכן, פון בעלי־מלאכות און קרעמער. אין די אינטערעסן פון די רייכע אָקסן־סוחרים האָט קראָקעווער קהל אין יאָר 1629 פאַרבאָטן די קצבים צו האַנדלען מיט בהמות און אפילו אָפּצוקויפן בהמות איינער ביים אַנדערן. אין פּויזן האָבן די קצבים (לויט אַ תקנה פון די כשרים פון יאָר 1685) געדאַרפט אָפּגעבן קהל די פעל פון די בהמות. אַזאַ מאָנאָפּאָל פון קהל אויף פעלן איז שפּעטער איינגעפירט געוואָרן אויך אין אַנדערע גרעסערע קהילות. די הערשנדיקע גרויסע סוחרים האָבן אויך גיכער אין זייערע אייגענע אינטערעסן איידער אין די אינטערעסן פון די יידישע קרעמער און הענדלער באַנייט כסדר האַנדלס־אָפּמאַכן מיט די מאַגיסטראַטן, וואָס זיינען מיט דער גאַנצער שאַרף געווען געווענדט קודם־כל קעגן יידישן קליין־האַנדל. די קהילות האָבן אויך אין די אינטערעסן פון אייגענע סוחרים פונקט אַזוי אַרויסגעגעבן תקנות קעגן „פרעמדע" יידישע סוחרים, ווי די מאַגיסטראַטן האָבן באַגרענעצט „פרעמדע" קריסטלעכע סוחרים. אָן דער דערלויבעניש פון פרנס החודש האָט מען נישט געטאָרט האַלטן ביי זיך אין שטוב אַ פרעמדן מער ווי דריי טעג. אָן זיין דערלויבעניש האָט מען נישט געטאָרט אַ פרעמדן, ד"ה פון אַן אַנדערער קהילה פאַרדינגען קיין דירה און קיין געוועלב. קהילות פלעגן אויך דירעקט באַגרענעצן די קאָנקורענץ פון פרעמדע יידישע סוחרים: אין לעמבערג האָט די קהילה גוזר געווען, אַז יידן וואָס קומען קיין לעמבערג האַנדלען טאָרן נישט פאַרקויפן קיין לעדער אָדער אַנדערע סחורות דירעקט די בעלי־מלאכות אָדער אַנדערע קריסטלעכע קונים, נאָר זיי מוזן דירעקט פאַרקויפן אָרטיקע יידישע סוחרים. אַ טייל יידישע סוחרים פון אַנדערע שטעט, וואָס זיינען געקומען קיין לעמבערג, פלעגן אין 17טן י"ה פאַרקויפן סחורות באַהאַלטענערהייט אין די קרעטשמעס הינטער די ראָגאַטקעס פון דער שטאָט.

די קהילה האָט געהאַט אין איר רשות אַ רייע שטרענגע מיטלען קעגן פאַרברעכער און שעדיקער פון כלל, זי פלעגט זיי אָבער אויך באַנוצן קעגן די וואָס האָבן זיך געפּרואווט אַרויסצוברעכן פון איר רעזשים. די קהילה האָט געהאַט אַן אייגענע תפיסה, אָפט אַפילו צוויי באַזונדערע תפיסות, איינע אַ לייכטערע, ביים בית דין שטיבל, און אַ שווערע, אין קעלער, אָדער אין אַ טורעם („שטאָק"). דאָרט האָט מען אַריינגעזעצט סיי די וואָס זיינען פאַרמשפּט געוואָרן דורכן בית־דין, סיי די, וואָס זיינען פאַרמשפּט געוואָרן דורך דעם מלוכהשן „יידישן געריכט". פאַר פאַרברעכנס קעגן אייגנטום (גנבה), אָדער מאָראַלישע פאַרברעכנס, פלעגט מען באַשטראָפן מיט מלקות (39 אָדער ווייניקער), דאָס שמייסן פלעגט פאָרקומען אין דער שול, אָדער פאַר דער שול. אומפאַרבעסערלעכע גנבים האָט געדראָט אָפּשניידן די אויערן אָדער סטעמפּלען אויפן פּנים, אויף די אויערן אָדער אויף דער נאָז. אין אַ טייל קהילות (קראָקע) איז אָדער די שטראָף פון סטעמפּלען געווען פאָראויסגעזען אויך פאַר די, וואָס האָבן עובר געווען אויף אַזעלכע תקנות פון דער קהילה אָדער פון וועד, וואָס זיינען אויסגערופן געוואָרן אונטער אַ חרם. שווערע פאַרברעכער, ווי רוצחים, מוסרים, פלעגט מען נאָך אין 16טן י"ה באַדראָען מיט אָפּהאַקן די הענט, די נאָז, אויסשניידן די צונג, אויסשטעכן די אויגן. די דאָזיקע שרעקלעכע שטראָף איז אָבער בלויז איינמאָל אויסגעפירט געוואָרן (לויטן פסק פון שלום

שכנא פון לובלין) און די גרעסטע רבנים האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן נאָכפאָלגן יענעם ביישפּיל. אַן אויסטערליש מיטל אין די הענט פון קהל איז געווען דאָס שטעלן אין דער „קונע״ (ענלעך ווי דער שאַנד־סלופּ אין שטאָטישן קאָדעקס): אין פּאָליש פון דער שול זיינען געווען אַריינגעהאַקט אין דער וואַנט אייזערנע רינגען, אין וועלכע מען האָט צוגעשמידט דעם פאַרמשפּטן ביים האַלז און ביי די הענט און די וואָס זיינען פאַרבייגעגאַנגען האָבן אים געמעגט שפּייען אין פּנים. שווערע עקאָנאָמישע קאָנסעקווענצן האָט מיט זיך געבראַכט דאָס אַוועקנעמען די חזקה; די דאָזיקע שטראָף האָט מען אַרויפגעלייגט נישט בלויז פאַר גנבות, מאָראַלישע און רעליגיעזע עברות, נאָר אויך פאַר נישט באַצאָלן די טאַקסע פאַר דער חזקה. ווער עס האָט אָנגעוואוירן די חזקה, האָט פאַרלוירן דאָס רעכט צו וואוינען אין דער שטאָט און פלעגט פאַרטריבן ווערן מיט געוואַלט, אויב ער האָט נישט אַליין פאַרלאָזן די שטאָט. הויכע געלט־שטראָפן (קנס) פלעגן אַרויפגעלייגט ווערן אין פאַרשידענע פאַלן, אויך אין פאַל פון אומגעהאָרכזאַמקייט לגבי קהל. די וויכטיקסטע און שווערסטע שטראָף אין די הענט פון קהל און פון וועד איז געווען דער חרם. דער חרם פלעגט אַמאָל אָנגעווענדט ווערן ווי אַ גערעכטע זעלבסט־פאַרטיידיקונג פון דער קהילה קעגן מוסרים, געלט־פעלשער, באַנקראָטירן, מאָראַליש־פאַרדאָרבענע פאַרשוינען, קעגן די וואָס האָבן סאַבאָטירט דעם בית־דין, ער פלעגט אָבער אויך באַנוצט ווערן ווי אַ מיטל פון קהל און פון וועד פון דער מדינה קעגן אַלע וואָס האָבן געפּרואווט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד אָדער אָרגאַניזירן אַן אָפּאָזיציע קעגן זייער אויטאָקראַטיע. ביז צום 17טן י״ה פלעגט מען נאָך אונטערשיידן צווישן אַ לייכטערן חרם (דעם קליינעם חרם, נידוי) וואָס האָט דעם באַשטראָפטן נישט אויסגעשלאָסן אינגאַנצן פון יידישן כלל און צווישן דעם גרויסן חרם. אין 17טן י״ה איז אויך דער דאָזיקער אונטערשיד געווען אַלץ זעלטענער. אַ ייד וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם איז נישט בלויז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון יידישן געזעלשאַפטלעכן און רעליגיעזן לעבן (ער האָט נישט געטאָרט אַריינקומען אין דער שול, מען האָט אים נישט מצרף געווען צו מנין, מען האָט נישט מל געווען זיינע קינדער און נישט געגעבן קיין קידושין) נאָר ער איז אויך פאַרניכטעט געווען עקאָנאָמיש: מען האָט נישט געטאָרט שטיין אין זיינע ד׳ אמות און ממילא האָט מען אויך נישט געטאָרט מיט אים האָבן קיין שום משא־ומתן. בלויז אין געוויסע פאַלן פלעגט מען פאַרלייכטערן דעם עקאָנאָמישן באָיקאָט דורך דער באַוואָרעניש, אַז מען דאַרף דעם פאַרמשפּטן געבן אַ מעגלעכקייט זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן („רק כדי מחיתו״). נישט קיין חידוש, אַז על־פּי־רוב איז גענוג געווען



דאָס אָפּשרעקן מיט חרם פאַר באַשטימטע עברות כדי אָפּצוהאַלטן פון ברעכן די תקנות פון קהל און פון וועד. אין 17טן י״ה איז אָבער דער חרם אויך אין דער פּראַקטיק אַזוי אָפט געוואָרן אויסגערופן, אַז סיי אָנגעזעענע רבנים, סיי דער וועד האָבן אויסגעאַרבעט תקנות וואָס האָבן באַגרענעצט די פאַלן פון אָנווענדן די דאָזיקע האַרבסטע שטראָף. וואָס אָפטער די חרמים פלעגן אַרויפגעלייגט ווערן אַלץ ווייניקער געגנוי פלעגן זיי אויסגעפירט ווערן, בפרט ווען די באַפעלקערונג האָט נישט געהאַלטן דעם חרם פאַר אַ פאַרדינטער שטראָף. מען פלעגט דערפאַר אָפטער אויך באַדראָען מיט חרם די וואָס האַלטן אונטער באַציאונגען מיט דעם פאַרמשפּטן.

אין אַ סך פאַלן פלעגט דאָס בית־דין ווי אַ שטראָף פאַר פאַרברעכנס, בפרט פאַר מאָראַלישע עבירות אַרויסגעבן דעם זינדיקן אַ תשובה, וואָס איז באַשטאַנען אין מלקות, פאַסטן, אָפּריכטן גלות און דאָס גלייכן.

די קאָמפּעטענץ פון בית־דין איז געווען חל אויף סיכסוכים צווישן יידן אין ציווילע ענינים און אויף שטראָף־פּראָצעסן אין לייכטערע ענינים. אין האַרבערע שטראָף־ענינים צווישן יידן ווי אויך אין אַלע סיכסוכים, צווישן אַ ייד און אַ קריסט, וואו דער ייד איז געווען דער אָנגעקלאָגטער, איז געווען קאָמפּעטענט דאָס מלוכהשע „יידישע געריכט״. היות אָבער יידן האָבן באַטראַכט דאָס ווענדן זיך צום מלוכה־געריכט גלייך צו אַ מסירה, האָט אין דער פּראַקטיק דאָס „יידישע געריכט״ געמשפּט כמעט אויסשליסלעך אָנקלאַגעס פון קריסטן קעגן יידן. דאָס יידישע געריכט איז באַשטאַנען פון דעם פאָדוואָיעוואָדע, דעם „יידישן ריכטער״, דעם שרייבער, יידישע אַסעסאָרן (געוויינלעך נאָר איינער) און דעם עפנטלעכן אָנקלאָגער (אינסטיגאַטאָר), אין די פאַלן וואו עס איז נישט געווען קיין פּריוואַטער אָנקלאָגער. ביים „יידישן געריכט״ איז אויך געווען אָנגעשטעלט אַ באַזונדערער יידישער שמש פון דער קהילה. על־פּי־רוב פלעגט משפּטן דער „יידישער ריכטער״, (אין קלענערע ענינים אפילו דער שרייבער אַליין!) און דער פאָדוואָיעוואָדע האָט געמשפּט בלויז אין וויכטיקערע שטרייט־פראַגן. זייער אָפט פלעגט אויך דער פאָדוואָיעוואָדע אַליין זיין דער „יידישער ריכטער״. אין ענינים וואו עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן גרעסערע סומעס האָט מען געקאָנט אַפּעלירן פון משפּט פון „יידישן ריכטער״, אָדער פון פאָדוואָיעוואָדע צום וואָיעוואָדע אַליין. דער וואָיעוואָדע האָט אויך אַליין געמשפּט אין דער ערשטער אינסטאַנץ האַרבערע שטראָף־פראַגן, ווי למשל אין פּראָצעסן וועגן פאַרוואונדן, און אין פּראָצעסן וועגן בלוט־בילבול. דאָס „יידישע געריכט״ פלעגט פאָרקומען על־פּי־רוב אין קהלשן הויז ביי דער שול, בלויז דער וואָיעוואָדע

האָט געמשפּט ביי זיך אין דעם היים, אפילו אויב ער האָט געוואוינט אין אַן אַנדער שטאָט. די וואָיעוואָדעס פלעגן אַמאָל אַרויסגעבן סטאַטוטן „וואָיעוואָדישע אָרדענונגען" („פּאָרזשאָנדעק וואָיעוואָדזשינסקי"), וואו זיי האָבן באַשטימט דעם סדר פון משפּט, די קאָמפּעטענצן פון בית־דין און פון די אינסטאַנצן פון „יידישן געריכט", דעם אָרט פון משפּט און פון דער תפיסה, אאַז"וו. זינט דעם 17טן י"ה נוצן אויס די וואָיעוואָדעס אַלץ מער זייער רעכט פון השגחה איבערן קהל און זייערע „וואָיעוואָדישע אָרדענונגען" אַנטהאַלטן אַחוץ באַשטימונגען וועגן „יידישן געריכט" אויך פאַראָרדענונגען וועגן דעם וואַל־סיסטעם אין דער קהילה, וועגן אָרגאַניזאַציע פון דער קהילה און דאָס גלייכן.

## ב) די פּראָווינציעלע און צענטראַלע אויטאָנאָמיע (וועדי הגלילות און וועד ארבע ארצות)

די קהילות פון די גרעסערע שטעט האָבן אַרומגענומען נישט בלויז די יידישע באַפעלקערונג פון דער געגעבענער שטאָט, נאָר אויך די קליינע יידישע ישובים פון די „סביבות" און די אַרומיקע קליינע שטעטלעך און דערפער. די סביבות זיינען געווען אָפּהענגיק פון דער הויפּט־קהילה קודם־כל אויפן פינאַנציעלן געביט: זיי פלעגן צאָלן מלוכה־שטייערן דורך דער פאַרמיטלונג פון דער הויפּט־קהילה. די סביבות האָבן אויך אין זייער רעליגיעזן לעבן געמוזט אָנקומען צו דער קהלה: זיי האָבן דאָרט מקבר געווען זייערע מתים, דאָרט גענומען חופה וקדושין, געמשפּט זיך ביים דאָרטיקן רב אאַז"וו. צום סוף פון 16טן י"ה זיינען אָבער די יידישע ישובים אין די קליינע שטעטלעך אַזוי אויסגעוואַקסן, אַז זיי האָבן געגרינדעט אייגענע קהילות, זיי זיינען אָבער נאָך אַלץ געווען אָפּהענגיק פון דער הויפּט־קהילה סיי אין שטייער־ענינים, סיי אין רעליגיעזע ענינים: דער בית־דין פון דער גרויסער שטאָט איז געווען אַ העכערער געריכט און אַן אַפּעלאַציע געריכט לגבי דעם בית־דין פון דער סביבה („פּרזשיקאַהאַלעק"). אויך אויפן עקאָנאָמישן געביט האָט די הויפּט־קהילה אָנגעוואָרפן איר הערשאַפט די אַרומיקע קליין־שטעטלדיקע קהילות. אַזוי האָבן למשל די יידן אין זשאָלקווע אפילו אין 17טן י"ה, ווען זיי האָבן שוין געהאַט אַן אייגענע קהילה, געמוזט קויפן אתרוגים אין לעמבערג, זיי האָבן נישט געטאָרט (אונטער אַ חרם) פאַרקויפן בראָנפן קריסטן אין לעמבערג, זיי האָבן נישט געטאָרט האַנדלען אין לעמבערג, סיידן מיט דאָרטיקע יידן אד"גל. די סביבות זיינען אויך געווען רעפּרעזענטירט אין פּראָווינציעלן וועד (וועד הגליל) און אין צענטראַלן וועד דורך דעלעגאַטן פון דער הויפּט־קהילה (קהילה ראשית).

די גרעסערע קהילות פון די „סביבות" האָבן זיך מיט דער צייט אויסגעקעמפט אומאָפּהענגיקייט לגבי די הויפּט־קהילות, זיי זיינען אָבער אַליין געוואָרן הויפּט־קהילות לגבי זייערע „סביבות", פּונקט ווי די פריערדיקע הויפּט־קהילות האָבן נאָך אַלץ געהאַט די אויבערהערשאַפט לגבי די גאָר נאָענטע קליינע שטעטלעך. דער דאָזיקער סיסטעם פון קהילות און אונטערגעסדרטע אָפּצווייג־קהילות, „סביבות", וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט עקספּלאָאַטאַציע פון קליין־שטעטלדיקע יידן דורך דער פאַרמעגלעכער גרויס־שטאָטישער קהילה, איז געווען איינע פון די סיבות פון כסדרדיקע קאַמפן אין דער יידישער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע. נישט געקוקט אויף דער כסדרדיקער דעצענטראַליזאַציע, וואָס איז געקומען אין רעזולטאַט פון די דאָזיקע קאַמפן, האָט אָבער דער דאָזיקער סיסטעם זיך דערהאַלטן ביז צו דער צעטיילונג פון דער פּוילישער מלוכה.

די העכערע אינסטאַנץ איבער די זעלבסטשטענדיקע קהילות איז געווען די אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע פון „גליל" ד"ה פון דער פּראָווינץ. אַזעלכע אויטאָנאָמע פּראָווינצן זיינען לכתחילה געווען פיר: גרויספּוילן, קליינפּוילן, רייסן מיט פּאָדאָליע און אוקראַינע און וואָלין, אַחוץ ליטע, וואָס האָט זיך שפּעטער אָפּגעריסן און אָרגאַניזירט אַ באַזונדערן צענטראַלן וועד.

אין דער פאַרוואַלטונג פון דער יידישער אָרגאַניזאַציע פון „גליל" זיינען אַריינגעגאַנגען ראשים פון גליל (ראשי מדינה, מנהיגי מדינה) וואָס זיינען געווען געקליבן אויף די וועדים פון די פרנסים פון די הויפּט־קהילות פון גליל, און בראש פון זיי איז געשטאַנען דער פרנס הגליל (מאַרשאַלעק זשעמסקי). זיי פלעגן צונויפרופן יעדעס יאָר באַראַטונגען פון גליל (וועד הגליל) וועגן דער פונאַנדערטיילונג פון די שטייערן אויף די באַזונדערע קהילות פון גליל און ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט האָט מען אויך באַטראַכט אַנדערע פראַגן פון גליל. דער וועד איז באַשטאַנען אַחוץ די ראשים פון גליל פון דעלעגאַטן, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן פון די קהילות. אַחוץ אַ רב פון גליל (אב בית דין הגליל) האָט די פּראָווינציעלע אָרגאַניזאַציע פּונקט ווי די קהילה אויך געהאַט באַאַמטע, נאָמינירטע דורך דעם רב הגליל און פרנס הגליל, אַ שתדלן, אַ שרייבער פון גליל, בעלי־חשבונות (קאָנטראָל־קאָמיסיע), שמאים, וואָס האָבן פונאַנדערגעטיילט די סומע פון יידישע שטייערן פון גליל אויף די באַזונדערע קהילות, נאמנים (קאַסירער) און שמשים. דער שתדלן, שרייבער און די שמשים פלעגן באַקומען אַ יערלעך געהאַלט, די אַנדערע באַאַמטע און די דעלעגאַטן פלעגן באַקומען דיעטן און נסיעה־הוצאות.

דער צענטראַלער וועד פון דער גאַנצער מלוכה, וואָס איז אויפגעקומען אַרום 1580, האָט געהייסן

אַמאָל, וועד ג׳ ארצות, וועד ד׳ ארצות און וועד ה׳ ארצות. אין יאָר 1623 האָבן זיך יידן פון ליטע אָפּגעריסן פון וועד בעיקר צוליב דעם, וואָס פאַר זיי איז שוין דעמאָלט געווען באַשטימט אַ באַזונדערע סומע פון שטייערן, וועלכע זיי האָבן אויסגעצאָלט דעם ליטווישן פינאַנץ־מיניסטער (פּאָדסקאַרבי). זינט דעמאָלט האָבן די יידן פון קרוינפּוילן אַ באַזונדערן וועד, וואָס הייסט „וועד ארבע ארצות" אפילו אין 18טן י״ה, ווען די צאָל „גלילות" און אויטאָנאָמע קהילות האָט דערגרייכט העכער 20; באַזונדער פונקציאָנירט ווי אַ צענטראַלער וועד פון ליטווישע יידן דער „וועד מדינת ליטא".

דער וועד ארבע ארצות פלעגט זיך צוזאַמענקומען לכתחילה איין מאָל אַ יאָר, דערנאָך צוויי מאָל אין יאָר אויף די ירידים אין לובלין (יריד „גראָמניץ", ד״ה אָנהויב פעברואַר, אין דער חגא פון דער הייליקער מאַריע „גראָמניטשנע", אָדער יריד „שוויאַנקי", ד״ה „זשעלאָנע שוויאָנטקי" אין מאַי) און אין יעראָסלאַוו (אויף די ירידים אין האַרבסט). אין 18טן י״ה פלעגט דער וועד זיך ווידער צוזאַמענקומען בלויז איין מאָל אין יאָר על־פּי־רוב אין דעם שטעטל, וואָס האָט געהערט צום פינאַנץ־מיניסטער (פּאָדסקאַרבי). אויף דעם וועד פלעגן זיך צוזאַמענקומען דעלעגאַטן פון די גלילות און שפּעטער אויך פון די קהילות וואָס זיינען געווען זעלבסטשטענדיק לגבי די גלילות. אַ גרעסערער גליל פלעגט שיקן מער דעלעגאַטן („משולחים", „מבוררים", „נבחרים") פון 2—4, אַ קלענערע אָדער זעלבסטשטענדיקע קהילה געוויינלעך בלויז איינעם. מיט דער וואַקסנדיקער צענטראַליזאַציע פון די קהילות האָט זיך אויך כסדר פאַרגרעסערט די צאָל דעלעגאַטן אויפן וועד. אין דער צווייטער העלפט פון 17טן י״ה האָט די צאָל דעלעגאַטן באַטראָפן בערך 20, אין 18טן י״ה, אַרום 40. די דעלעגאַטן פלעגן יעדעס יאָר אויסקלייבן צווישן זיך אַ פרנס פון וועד („פרנס הוועד דד׳ ארצות", אויף פויליש מאַרשאַלעק זשידוואו קאָראָנניך"), אַ שרייבער (ספרא) און אַ קאַסירער (נאמן בית ישראל דד׳ ארצות). אין 18טן י״ה זיינען שוין דאָ ביים וועד פיר נאמנים, וואָס זיינען גלייכצייטיק געווען נאמנים פון זייערע פּראָווינצן, און אַמאָל אויך רבנים. אַ יערלעך געהאַלט פלעגן באַקומען פון וועד דער שרייבער, די נאמנים, דער שתדלן פון וועד און דער שמש פון וועד. אַחוץ דעם האָבן אַלע אָנטייל־נעמער פון וועד באַקומען דיעטן פאַר דער צייט פון די זיצונגען.

ביים וועד ארבע ארצות איז געווען טעטיק אַ העכסטער יידישער בית־דין, „בית דין עליון", וואָס האָט עקזיסטירט נאָך אין דער ערשטער העלפט פון 16טן י״ה ווי אַ געריכט בעת די ירידים אין לובלין. נאָך דער אָרגאַניזירונג פון העכסטן בית־דין ווי אַן אינסטאַנץ פון וועד, איז ווייטער געבליבן די אינסטיטוציע פון בית־דין פון יריד אין לובלין, פונקט ווי עס האָבן עקזיסטירט ירידים־געריכטן אויף וויכטיקע ירידים אין אַנדערע שטעט אין פּוילן און ליטע. דער העכסטער בית־דין איז באַשטאַנען פון זיבן דיינים (אַמאָל צווישן זיי אויך פרנסים) פון גרויסע קהילות. ער פלעגט משפטן געוויינלעך ענינים, וואָס זיינען אים איבערגעגעבן געוואָרן דורכן וועד: סיכסוכים צווישן יחידים און קהילות, צווישן קהילות און זייערע סביבות, צווישן קהילות און גליל. וויכטיקע באַשלוסן פון וועד אין רעליגיעזע און אַנדערע פראַגן פלעגן צוערשט אָנגענומען ווערן דורך דעם העכסטן בת־דין און דאַן באַטראַכט ווערן דורך דעם וועד.

די אָרגאַניזאַציע פון וועד מדינת ליטא איז געווען אין אַ סך עיקרדיקע פרטים פאַרשידן פון וועד ד׳ ארצות. פון אָנהויב זיינען געווען פאַרטרעטן אין דעם דאָזיקן וועד בלויז דריי הויפּט־קהילות (קהילות ראשיות) בריסק, גראָדנע און פינסק. אין יאָר 1652 איז ווילנע דערהויבן געוואָרן ווי אַ באַזונדערע הויפּט־קהילה מיט אַ רעפּרעזענטאַנץ אין וועד, און אין יאָר 1691 איז צוגעקומען די פינפטע הויפּט־קהילה, סלוצק. דער וועד ליטע האָט זיך געדאַרפט צוזאַמענקומען לויט די תקנות יעדע צוויי יאָר. פאַקטיש איז דער וועד זיך צונויפגעקומען ביז צום סוף פון 17טן י״ה דורכשניטלעך איין מאָל אין דריי יאָר. אין 18טן י״ה איז דער ליטווישער וועד אין משך פון 64 יאָר זיך צוזאַמענגעקומען בלויז 6 מאָל, דאָס לעצטע מאָל אין יאָר 1761. אין דער דאָזיקער תקופה פלעגט די עקזעקוטיווע פון וועד אַליין באַשטימען אַלע ענינים אויף קליינע אסיפות („אסיפות קטנות"). די ערשטע דריי וועדים ביז צום יאָר 1627 זיינען פאָרגעקומען אין בריסק, זינט 1628 קומען פאָר די זיצונגען פון וועד על־פּי־רוב אין זעלץ, כאָמסק, אָדער בריסק, עטלעכע מאָל אויך אין זאַבלודאָווו, גראָדנע, מיר, פּרוזשאַן און אַנדערע.

לכתחילה איז דער ליטווישער וועד באַשטאַנען פון „ראשי מדינה", צו צוויי, שפּעטער צו דריי. פון יעדער פון די הויפּט־קהילות (די דריי הויפּט־קהילות, שפּעטער פינף) און פון רבנים פון די דאָזיקע קהילות. די ראשי מדינה פלעגן אויסגעקליבן ווערן אין יעדער פון די הויפּט־קהילות חול־המועד פסח, צוזאַמען מיט די פרנסים, טובים און גבאים פון דער קהילה. מיט דער צייט האָבן זיך אויך אַנדערע קהילות אויסגעקעמפט דאָס רעכט צו שיקן פאַרטרעטער צו די זיצונגען פון וועד: דאָס זיינען געווען „טוענים" און „משולחים", וואָס האָבן געהאַט בלויז אַ רעכט פאָרצושטעלן די טענות פון זייערע קהילות און באַראַטונגס־רעכט אין אַנדערע פראַגן. פונקט ווי דער וועד ד׳ ארצות האָט אויך דער וועד מדינת ליטא

געהאַט אַ שטענדיקע עקזעקוטיווע פון געקליבענע און נאָמינירטע באַאַמטע: אַ פרנס מדינת ליטא („פרנס הוועד המדינה”), צו איין שרייבער־קאַסירער (סופר) און צו איין שמש פון יעדער פון די הויפט־קהילות און אַ שתדלן פון דער מדינה. אַ „פרנס הוועד” פלעגט מען אויסקלייבן איינעם פון די ראשי מדינה פון דער קהילה, וואו עס איז פאָרגעקומען די זיצונג פון וועד. דיעטן האָבן באַקומען סיי די ראשי מדינה, סיי די רבנים, וואָס האָבן אָנטייל־גענומען אין וועד.

אַ פאַרגלייך פון דער אָרגאַניזאַציע פון ביידע וועדים באַווייזט, אַז דער וועד מדינת ליטא איז געווען נאָך מער אָליגאַרכיש, איידער דער וועד ארבע ארצות: עס באַטייליקן זיך אין אים רבנים, וואָס ווערן דורך קיינעם נישט געוויילט און די פינף הויפט־קהילות האָבן די אויסשליסלעכע דעה אין אַלע ענינים, וואָס ווערן על־פי־רוב אַנטשידן אפילו אָן די דעלעגאַטן, דורך דער עקזעקוטיווע פונם וועד.

אפילו נאָך 1623, ווען די יידן פון ליטע האָבן זיך אָפגעשפאָלטן פון די יידן פון פוילן אין אַ באַזונדערן וועד, זיינען געבליבן אַ סך בשותפותדיקע ענינים, צוליב וועלכע די צוויי באַזונדערע וועדים האָבן זיך געמוזט פאַרשטענדיקן. יידן פון דער גאַנצער מלוכה זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין השתדלות ביים קיניג, ביי די העכסטע באַאַמטע און ביי די דעפוטאַטן אויפן מלוכה־סיים, און דאָס דאָזיקע השתדלות האָט אָפגעקאָסט גרויסע געלטער. יידן פון ביידע מדינות האָבן געמוזט זיך באַטייליקן אין הוצאות אויף דיינים פון די ירידים, אין הוצאות אויף אָפווענדן שרעקלעכע בלוט־בילבולים און בילבולים וועגן חילול פון האָסטיע, און באַקעמפן אַנדערע גזירות, אין הילף פאַר נשרפים אד״גל. כדי פונאַנדערצוטיילן די בשותפותדיקע הוצאות, וואָס פלעגן געווינלעך פאָראויס אויסגעלייגט ווערן דורך דעם וועד ד׳ ארצות, זיינען פאָרגעקומען פון צייט־צו־צייט בשותפותדיקע זיצונגען פון דעלעגאַטן פון ביידע וועדים אין שטעטל לענטשנע (לובלינער געגנט) בעת דעם יריד. אויף איינעם פון די דאָזיקע קאָנפערענצן אין לענטשנע, אין יאָר 1644, האָט דער וועד ארבע ארצות געפאָדערט פון וועד ליטע אַ סומע פון 9 טויזנט גילדן, וואָס ער האָט אויסגעלייגט אויף הוצאות פון אַ פראָצעס וועגן חילול האָסטיע. אויף דער דאָזיקער באַראַטונג האָט דער וועד ליטע גענומען אויף זיך צו באַטייליקן זיך להבא מיט 106 גילדן אויף יעדע 1000 גילדן, וואָס דער וועד ארבע ארצות וועט אויסגעבן לטובת יידן פון דער גאַנצער מלוכה. אויך דער דאָזיקער אָפמאַך האָט אָבער נישט געבראַכט צו קיין סטאַביליזאַציע פון די קעגנזייטיקע באַציאונגען און אויף די שפעטערדיקע באַראַטונגען אין לענטשנע פלעגן פאָרקומען שטורמישע סיכסוכים צוליב די טענות פון וועד ליטע, אַז ער ווערט באַעוולט דורך דעם וועד ארבע ארצות אין דער פראָפאָרציע פון הוצאות.

די וויכטיקסטע פונקציע פון די צענטראַלע וועדים, וועד ד׳ ארצות און וועד מדינת ליטא, איז באַשטאַנען אין פונאַנדערטיילן די סומע פון יידישן קאָפ־שטייער און אַמאָל אויך אַנדערע שטייערן צווישן די באַזונדערע פראָווינצן (גלילות) און זעלבסטשטענדיקע קהילות. דער וועד, אַלס צענטראַלע רעפרעזענטאַנץ פון יידן פון גאַנצן לאַנד, האָט אָבער אויך אויסגעפירט אַ רייע אַנדערע גאָר וויכטיקע פונקציעס: דער וועד האָט רעפרעזענטירט די יידישע באַפעלקערונג לגבי דער מלוכה און האָט זיך משתדל געווען ביים קיניג, ביי די מיניסטאָרן, ביים סיים, ביי מלוכה־טריבונאַלן, ביי דער קירך, וועגן אָפווענדן גזירות אויף יידן, געזעץ־פראָיעקטן שעדלעכע פאַר יידן, אויסטערלישע בילבולים אאַז״וו. דער וועד, ווי די העכסטע אויטאָנאָמע יידישע אַדמיניסטראַטיווע אינסטאַנץ, האָט רעגולירט די סיכסוכים צווישן איין גליל און אַ צווייטן, צווישן קהילות, צווישן די קהילות און זייערע סביבות; אין דער זעלבער קאָמפעטענץ האָט דער וועד באַשטימט אַלגעמיינע תקנות פאַר אַלע קהילות וועגן וואַל־סיסטעם צו דער קהילה־פאַרוואַלטונג, וועגן סיסטעם פון פונאַנדערלייגן שטייערן אויף די מיטגלידער פון דער קהילה, וועגן וואַל פון רבנים, דיינים, חזנים, שמשים א״אַ. דער וועד האָט אַרויסגעגעבן תקנות, וואָס האָבן רעגולירט וויכטיקסטע פראַגן פון יידישן עקאָנאָמישן לעבן: ער האָט סאַנקציאָנירט דעם היתר עסקא, וואָס האָט דערלויבט צו באָרגן יידן געלט אויף פראָצענטער (1607); ער האָט אַרויסגעגעבן תקנות קעגן באַנקראָטן (וועד ד׳ ארצות 1624, 1638, וועד ליטע זינט 1623), תקנות וועגן וועקסלען (מעמראַנען — וועד ד׳ ארצות 1681, 1706, וועד ליטע זינט 1623), תקנות וועגן חזקה פון אַרענדעס און אַנדערע חזקות (וועד ד׳ ארצות 1596, וועד ליטע אין אַ גרויסער צאָל תקנות אין משך פון 17טן י״ה), תקנות וועגן רעכט צו האַנדלען אין אַ שטאָט, וועגן דער קאָנקורענץ פון גאַסן־הענדלער מיט סוחרים, וועגן מאַקסימאַל־לוינען פאַר מעקלערס אאַז״וו. צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע פון נאָרמען פאַרן עקאָנאָמישן לעבן געהערן אויך די אָפטע תקנות פון וועד קעגן לוקסוס אין קליידונג און אין סעודת־שמחה: אַחוץ דעם מאָטיוו פון אויסמיידן ווי ווייט מעגלעך דאָס אויפרייצן אַנטיסעמיטיזם, האָט מען דורך באַגרענעצונג פון לוקסוס געוואָלט באַוואָרענען קעגן באַנקראָטן און אויך קעגן דער אָפשוואַכונג פון דער שטייער־קראַפט פון דער באַפעלקערונג. עס האָבן זיך אויך געטראָפן עקאָנאָמישע תקנות, וואָס דער וועד איז געווען געצוואונגען אַרויסצוגעבן כדי אַרויסצואווייזן די לאָיאַלקייט פון יידן לגבי מלוכה־געזעצן: אַזוי האָט דער

וועד ארבע ארצות אין יאָר 1581 פאַרבאָטן יידן
אונטער אַ חרם צו פּאַכטן מלוכה־הכנסות אין די
מערב־פּראָווינצן פון דער מלוכה; צוליב די אָפּטע
גזירות קעגן האַלטן גוישע דינסטן האָט דער וועד
ליטע אין 1628, 1634 אַרויסגעגעבן תקנות וועגן
דעם, ווער עס מעג האַלטן קריסטלעכע משרתים. דער
וועד האָט אַרויסגעגעבן תקנות וועגן מאַראַל, ווי תקנות
וועגן צניעות פון פרויען, וועגן קאַמף קעגן מוסרים,
וועגן קאַמף קעגן שכרות, קעגן קאָרטן שפּיל, אאַז״וו.
אויפן געביט פון דערציאונג האָט דער וועד מתקן גע־
ווען אָפּטע תקנות אין שייכות מיט דער פליכט אויסצו־
האַלטן ישיבות, חדרים און תלמוד־תורות, אויסצו־
האַלטן ישיבה־בחורים, קוואַליפיקאַציעס פון מלמדים,
פּראָגראַם פון לימודים, אד״גל. אויפן געביט פון
סאָציאַלער הילף האָט דער וועד אַרויסגעגעבן תקנות
וועגן אָרגאַניזאַציע פון צדקה, וועגן הילף און שוץ
פאַר יתומים, וועגן אויפנעמען אָרעמע אורחים, וועגן
באַשטימען אַ טייל פון קנס־געלטער פאַר צדקה־חברות
אאַז״וו. ביידע וועדים האָבן אויך אָרגאַניזירט רע־
גולערע פינאַנציעלע הילף פאַר יידן אין ארץ־ישראל;
די געלטער פאַר ארץ־ישראל, וואָס זיינען געזאַמלט
געוואָרן אין יעדער קהילה סיי אין פוילן, סיי אין
ליטע דורך ספּעציעלע גבאים (פון 1 ביז 8 גבאים)
פלעגן יעדעס יאָר געשיקט ווערן קיין לובלין צום
וועד און פון דאָרט קיין לעמבערג, צום „נשיא ארץ־
ישראל". אַחוץ תקנות וועגן סאָציאַלער הילף אין
די קהילות, האָט דער וועד אַליין אָנגעפירט אַ טע־
טיקייט אויף דעם דאָזיקן געביט, און אין זיין יער־
לעכן בודזשעט זיינען געווען רעגולערע פּאָזיציעס פון
הילף פאַר אָרימע לייט, פאַר נשרפים, צושטייער
אויף צוריק אויפבויען שולן אד״גל. פאַרשטייט זיך,
אַז איינס פון די וויכטיקסטע געביטן פון דער גע־
זעצגעבערישער טעטיקייט פון וועד איז געווען רעליגיע:
דער וועד האָט אַרויסגעגעבן תקנות וועגן אָפּהיטן שבת
און יום־טוב, תקנות פאַר שניידערס וועגן איסור־
שעטנז, תקנות וועגן איסור צו האַנדלען מיט טריפות,
א״אַ. די וועדים, ווי די העכסטע רעליגיעזע אינ־
סטאַנצן פון יידן אין פוילן און ליטע, זיינען אויך גע־
שטאַנען אויף דער וואַך, אַז עס זאָל נישט קומען צו
קיין נאָענטן געזעלשאַפטלעכן קאָנטאַקט צווישן יידן
און זייערע קריסטלעכע שכנים; זייערע תקנות אין
דעם פּרט זיינען אָפט געווען אין הסכם מיט די גזירות
פון דער קאַטוילישער קירך, וואָס האָט פון איר זייט
געשטרעבט צו איזאָלירן די קריסטלעכע באַפעלקע־
רונג פון יידן. מיר האָבן שוין דערמאָנט וועגן די
תקנות פון וועד אַרבע ארצות (1607) און פון וועד
מדינת ליטא (1628) וואָס אסרן יידן צו טרינקען
ביי גויים. דער וועד מדינת ליטא האָט אויך געאסרט
יידישע מענער (1637) און יידישע פרויען (1650)
צו גיין אָנגעטאָן אַזוי ווי די גויים, און אפילו אָנצו־
טאָן היטלען („טשעמקש") אַזעלכע ווי עס טראָגן גויים.

די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון די וועדים
איז געווען געבויט אויף דעם זעלבן סיסטעם פון
פּריווילעגיעס פון רייכן סוחרים־קלאַס, וואָס איז גע־
ווען אָנגעווענדט אין די איינצלנע קהילות. אַנדערש
האָט גאָרנישט געקאָנט זיין, אויב די מאַכט אין וועד
האָבן געהאַט די זעלבע פרנסים פון די גרויסע
קהילות, וואָס האָבן געהערשט ביד רמה ביי זיך אין דער
שטאָט. די וועדים האָבן דעם אָליגאַרכיש־פּלוטאָ־
קראַטישן סיסטעם אין די קהילות נאָך מער פאַר־
שטאַרקט דורך זייער אויטאָריטעט און סאַנקציעס
(תקנות קעגן קהילה־אָפּאָזיציעס). די וועדים האָבן
אין די אינטערעסן פון הערשנדיקן קלאַס אין די
קהילות אַרויסגעגעבן עקאָנאָמישע תקנות וועגן פאַר־
באָט פון קאָנקורענץ פון קליין־הענדלער קעגן סוחרים,
וועגן פאַרבאָט פון משיג־גבול זיין די מוכסים פון
צאָל און די גרויסע אַרענדאַרן פון בראַנפן, וועגן מאַק־
סימאַל־לוין פאַר מעקלערס. די וועדים האָבן אויך
געשטיצט דעם האַנדל־מאָנאָפּאָל פון די גרויסע קהילות
קעגן די קליין־שטעטלדיקע יידן: די סוחרים פון די
דריי (שפּעטער פינף) הויפּט־קהילות פון ליטע זיינען
געווען קעגנזייטיק פּריווילעגירט בנוגע האַנדל אין
אַלע זייערע שטעט, דאַקעגן די סוחרים פון די קליינע
קהילות זיינען געווען באַגרענעצט אין האַנדל אין
דער גרויסער שטאָט בלויז צום הורט־האַנדל, צום
האַנדל מיט אָרטיקע סוחרים און אויף אַנדערע אופנים
(פּנקס מדינת ליטא תקנות ז', ח', רפ״ט, ש״א, ש״ב).
דער עיקר אָבער האָבן די וועדים אונטערדריקט די
קליינע קהילות לטובת די הערשנדיקע גרויסע קהילות
דורך דער אומגערעכטער פּראָפּאָרציע אין דער פּו־
נאַנדערטיילונג פון שטייערן.

וואָס שפּעטער אין 17טן און נאָך מער אין 18טן
י״ה, אַלץ בולטער האָט זיך אַנטפּלעקט דער קלאַסן־
עגאָאיזם און נאָך מער די קליקע־הערשאַפט סיי אין
די קהילות, סיי אין דער צענטראַלער יידישער אויט־
אָנאָמער אָרגאַניזאַציע. דער וואָרצל פון דעם דאָ־
זיקן בייז האָט געשטעקט אין דעם פעאָדאַלן סיסטעם,
וואָס האָט געהערשט אין לאַנד. וואָס מער עס איז
צעפוילט געוואָרן דעם פעאָדאַלער סיסטעם פון פוילן,
אַלץ טיפער איז אויך דעגענערירט געוואָרן דער
סיסטעם פון דער יידישער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַ־
ציע. פונקט ווי אין אַלגעמיינעם מלוכה־לעבן אַזוי
האָבן אויך אין יידישן לעבן אַלע סימנים פון סאָ־
ציאַלן בייז זיך אָנגעזאַמלט מיט לאַנגע יאָרן פאַר
דער קאַטאַסטראָפע פון גזירת ת״ח. מוטיקע יחידים,
ווי דער וואונדערפולער דרשן אפרים פון לענטשיץ,
וואָס האָט אומדערשראָקן געמוסרט די רבנים און
ראשי־קהילות אין זיינע דרשות אויף די לובלינער
ירידים, האָבן נאָך אין אָנהויב פון 17טן י״ה געמוזט
פאַרלאָזן פוילן און אַפריכטן גלות אין דער פרעמד.

# III. יידן אין פּוילן אין דער צווייטער העלפט פון 17טן און 18טן י״ה

(פון גזירת ת״ח ביז צו דער ערשטער צעטיילונג פון פוילן 1648—1772)

## 1. גזירת כמיעלניצקי און גזירת טשאַרניעצקי.



דער אויפשטאַנד פון די קאָזאַקן, וואָס איז אויסגעבראָכן אין פרילינג 1648, האָט געבראַכט אויף די יידן אין אוקראַינע אַזאַ אויסטערלישן חורבן, אַזאַ ים פון עלנט און ליידן, אַז די „גזירת ת״ח" (דאָס יאָר 5408 לויט דעם יידישן חשבון „פון דער באַשאַפונג פון דער וועלט") אָדער „גזירת כמיעלניצקי" האָט זיך איינגעקריצט אין דער יידישער פאָלקס־טראַדיציע ביזן היינטיקן טאָג ווי אַ זכר פון שרעקלעכסטן נאַציאָנאַלן אומגליק.

עס ווערט געוויינלעך אָנגעוויזן, אַז די סיבה פון דער דאָזיקער קאַטאַסטראָפע איז באַשטאַנען אין דער עקאָנאָמישער ראָלע פון יידן אין אוקראַינע, וואָס זיי־נען געווען אונטערהעלפער פון פוילישע פריצים אין דער אונטערדריקונג פון דער פויערים־באַפעלקערונג. די דאָזיקע דערקלערונג איז אָבער דורכאויס איינזייטיק און דערפאַר אויבנאויפיק און פאַלש.

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז דאָס באַלעבאַטעווען פון די יידישע אַרענדאַרן אין אוקראַינע איז נישט געווען אַנדערש, ווי דאָס פירעכץ פון די יידישע אַרענ־דאַרן אין אַנדערע פראָווינצן פון דער מלוכה, רייסן, וואָלין און ליטע. דאָס אומגליק פון יידן אין אוקראַינע איז באַשטאַנען נישט אַזוי ווייט אין דער עקאָנאָמישער ראָלע, וואָס זיי האָבן געשפּילט אין דעם לאַנד, וואָס זיי זיינען געווען אַריינגעקוועטשט צווישן האַמער און קאָוואַדלע, צווישן דעם הערשנדיקן פוילישן קלאַס פון פריצים און קאַטוילישע גלחים (יעזואיטן) און צווישן דער אוקראַינישער באַפעלקערונג. די קאָזאַקן, וואָס האָבן אויסגעפירט די שחיטות אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין דער שפּיץ פון די פאַרפּינצטערטע פויערים־מאַסן, האָבן אליין אַם ווייניקסטן געליטן פון יידישער עקאָנאָמישער אונטערדריקונג; צווישן די פרייע קאָזאַקן אויף דער „סיעטש" זיינען יידן כמעט נישט געווען בנמצא. די קאָזאַקן זיינען שוין דעמאָלט געווען דיפערענצירט אין אַ רייכן שיכט פון גרונט־באַזיצער (כמיעלניצקי האָט פאַרמאָגט אַ הויף און אַ גאַנץ דאָרף זיין אייגנס!) און אין אַ מאַסע ערדלאָזע, וואָס האָבן גאָר נישט פאַרמאָגט אַחוץ דעם, וואָס זיי



האָבן געראַבעוועט. אין די שחיטות אויף יידן האָבן זיך באַטייליקט די אוקראַינישע מיעשטשאַנעס נישט ווייניקער איידער די פרייע קאָזאַקן און די אונטערטעניקע פויערים. די אוקראַינישע שטאָט־באַוואוינער האָבן אויסגענוצט דעם קאָזאַקן־אויפשטאַנד כדי פּטור צו ווערן פון זייערע יידישע קאָנקורענטן אויפן געביט פון שענקעריי, מסחר און מלאכה. ווען נישט די דאָזיקע פיינטלעכע שטעלונג צו יידן מצד די מיעשטשאַנעס וואָלט די טראַגעדיע פון גזירת ת״ח זיכער נישט געווען דערגרייכט די אויסטערלישע מדרגה. אויך די קאָזאַקן האָבן נישט געהאַט בדעה אָפּצושאַפן די אינסטיטוציע פון קרעטשמע־מאָנאָפּאָל, זיי האָבן בלויז געוואָלט אַליין איבערנעמען די פונקציעס פון די יידישע קרעטשמערס. אין דעם מזרח־טייל פון אוקראַינע, וואָס איז שפּעטער אַריבערגעגאַנגען אונטער דער הערשאַפט פון מאָסקווע, האָבן די קאַזאַקן פאַרכאַפּט די קרעטשמערס אויפן אָרט פון יידן.

וואָלטן די קאָזאַקישע שחיטות געווען דיקטירט פון אַ סאָציאַלן פּראָגראַם פון אָפּשאַפן אונטערדריקונג, וואָלטן זיי זיך אויסגעלאָזט בלויז צו די יידישע אַרענדאַרן. די קאָזאַקישע רוצחים האָבן אָבער געמאָרדעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אָן אַ חילוק פון סאָציאַלן שטאַנד. יידישע בעלי־מלאכות, הענדלער, קרעמער און אָרימע האָרעפּאַשניקעס זיינען אפילו געפאַלן קרבנות אין אַ גרעסערער צאָל איידער די רייכע אַרענדאַרן און סוחרים, וועלכע האָבן געהאַט מער מעגלעכקייט צו אַנטלויפן. דער אמתער סאָציאַלער כאַראַקטער פון די אוקראַינישע פּאָגראָמען אויף יידן קומט ערשט דעמאָלט אַרויס בולט, ווען מען נעמט אין אַכט די צילן פון קאָזאַקן־אויפשטאַנד אונטער דער אָנפירונג פון כמיעלניצקין. נישט כמיעלניצקי און נישט די אָנפירונג פון קאָזאַקן־אויפשטאַנד האָבן געהאַט בדעה אָפּצושאַפן די פאַרשקלאַפונג פון די פויערים, מבטל צו מאַכן די הערשאַפט פון די פריצים. זייער ציל איז געווען צו פאַרטרייבן (גענצלעך אָדער נאָר טיילווייז) די פוילישע מאַגנאַטן און צו פאַרטוישן זיי דורך „אייגענער" הערשאַפט פון קאָזאַקישע גרונט־באַזיצער און פּראַוואָסלאַווע גלחים (די מאַיאָנטקעס פון די מאָנאַסטירן זיינען ניט גערירט געוואָרן דורך די קאָזאַקן) איבער אונטערטעניקע אוק־

ראַינישע פויערים־מאַסן. אָנשטאָט צו געבן פויערים פרייהייט און אייגנטום האָבן די קאָזאַקן־פירער איבערגעגעבן זיי יידן אויף הפקר. אַ פאַרגלייך פון דעם קאָזאַקן־אויפשטאַנד מיט דער פויערים־מלחמה אין דייטשלאַנד בעת דער רעפאָרמאַציע (1524—1525) איז גאָר באַלערנדיק אין דעם דאָזיקן פרט. בעת דעם דייטשן פויערים־אויפשטאַנד, וואָס האָט דווקא יאָ אויפגעשטעלט אַ ראַדיקאַלן פראָגראַם פון פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פון די פויערים, זיינען געפאַלן גאָר ווייניק יידישע קרבנות. אין כמיעלניצקי־אויפשטאַנד האָבן די שחיטות אויף יידן אויסגעפילט פונקט אַזאַ אויפגאַבע פון אַ סאָציאַלער דיווערסיע, ווי אין אַלע פריערדיקע און שפעטערדיקע פאָגראָמען אויף יידן אין פוילן און אין אַנדערע לענדער. נישט געקוקט אויף דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון קאָזאַקן־אויפשטאַנד האָבן די פאָגראָמען אויף יידן אונטער כמיעלניצקיס באַפעל געהאַט די זעלבע סאָציאַלע צילן ווי די פאָגראָמען אויף יידן אין דעם זעלבן אוקראַינע אונטער דער צאַרישער הערשאַפט, אָדער אונטער דעם „אַטאַמאַן" פעטליורע. די צענדליקער טויזנטער יידן, וואָס זיינען אויסגעשאָכטן געוואָרן בעת גזירת ת״ח, זיינען נישט געפאַלן אַ קרבן פון אַ סאָציאַלער איבערקערעניש, נאָר פון דער נישט־געלייזטער סאָציאַלער פראַגע אין שוואַרצערדיקן אוקראַינע.

דער מאַרש פון די חיילות פון כמיעלניצקין, קאָזאַקן, טאָטערן, פויערים און אוקראַינישע שטאָטס־לייט, פון דרום־מזרח קיין צפון־מערב, איז געווען אַן אימהדיקער יום־הדין פאַר די אוקראַינישע יידן. קודם זיינען פאַרטיליקט געוואָרן יידישע קהילות אין מזרח־אוקראַינע אויפן רעכטן ברעג פון דניעפער, פאָדאָליע און וואָלין. צענדליקער טויזנטער יידן, מענער, פרויען און קינדער, זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן מיט מיתות אכזריות. הונדערטער יידישע ישובים זיינען אָפגעווישט געוואָרן ביז צום גרונט. די גרעסטע שחיטות זיינען פאָרגעקומען אין די באַפעסטיקטע שטעט, וואו עס האָבן געזוכט פאַר זיך אַ מקלט טויזנטער יידן פון די סביבות: ניעמיראָוו, טולטשין, פאָלנע (פאָלאָנע), באַר, אָסטרע א״אַ. אין אַלע פעסטונגען זיינען די מוראדיקע פאָגראָמען פאָרגעקומען אין רעזולטאַט דערפון, וואָס די אָרטיקע אוקראַינישע באַפעלקערונג האָט די יידן אויסגעליווערט צו די קאָזאַקן. אין טולטשין האָט זיך דאָס אומגליק אויסגעגאָסן אויף יידן צוליב דעם פאַרראַט פון פוילישן מיליטער. דער פאַל פון טולטשין, וואו די פוילישע חיילות זיינען נאָך דעם פאַרראַט אַליין אויסגעמאָרדעט געוואָרן דורך די קאָזאַקן, האָט איבערצייגט די פאָליאַקן, אַז דורך אַרויסגעבן יידן קענען זיי גאָרניט געווינען. ווען כמיעלניצקיס חיילות זיינען צוגעקומען צו לעמבערג, האָט דער מאַגיסטראַט נישט געוואָלט אַרויסגעבן די יידן אָנגעבנדיק די צוויי מאָטיוון: ערשטנס, זיינען די יידן ניט קיין אונטערטאַנען פון דער שטאָט, נאָר פון קיניג און פון דער מלוכה; צווייטנס, באַטייליקן זיך די יידן אין די הוצאות און אין די ליידן פון דער שטאָט גלייך מיט אַלע איבעריקע באַוואוינער. די שטאָט האָט באַצאָלט כמיעלניצקין אויסקויף־געלט, וואָס אַ גרויסן חלק דערפון האָבן צוגעטראָגן יידן.

נישט אומעטום האָבן יידן זיך פאַסיוו געלאָזט אויסשעכטן ווי די שאָף. אין אַ ריי פעסטונגען זיינען די יידן געווען באַוואָפנט און האָבן פאַרטיידיקט אַ טייל פון די שטאָט־מויערן. אין טולטשין האָבן יידן אָפגעשלאָגן מיט דערפאָלג די אַטאַקעס פון די קאָזאַקן איידער עס איז געקומען דער פאַרראַט מצד דעם פוילישן חיל. אין לעמבערג האָבן יידן פאַרטיידיקט אַן אָפשניט פון דעם מויער, באַוואָפנט מיט געווער, העק און קאָסעס. אין פרזשעמישל זיינען יידן, לויט דעם באַשלוס פון סיימיק פון דער רייסישער שלאַכטע, געווען מחויב צו באַטייליקן זיך אין דער באַשיצונג פון דער שטאָט און צו דעם צוועק האָבן זיי זיך געדאַרפט פאַרשאַפן אַ האַרמאַט און ביקסן. אין קאַמיעניעץ פאָדאָלסק, יאַזלאָוויץ, בוטשאַטש, קאָמאַרנע, כעלם, סאָקאָל, האָבן יידן געקעמפט צוזאַמען מיט די פאָליאַקן און אָפגעשטויסן די קאָזאַקן. אין קאַמיעניעץ פאָדאָלסק האָבן יידן אויך שפעטער, אין יאָר 1672, בעת דער מלחמה קעגן די טערקן, זיך אויסגעצייכנט ווי גוטע קאַנאָנירן. אין דער שלאַכט אונטער בערעסטעטשקע (וואָלין), אין יאָר 1651, האָבן לויטן באַריכט פון נתן האַנאָווער, דעם מחבר פון דער כראָניק וועגן גזירת ת״ח, „יון מצולה", אָנטייל־גענומען טויזנט באַוואָפנטע יידן. אין אַ טייל שטעט, ווי ריישע, פרזשעמישל, לעמבערג, טרעמבאָוולע, בוטשאַטש, טאַרנאָפאָל, טשאָרטקאָוו, האָט אויך נאָך די קאָזאַקיש־שוועדישע מלחמות די יידישע באַפעלקערונג (אין ריישע דער קירזשנער־צעך) געהאַט די פליכט צו פאַרטיידיקן די שטאָט גלייך מיט די קריסטן און איז געווען באַזאָרגט מיט ביקסן און שיס־פולווער, און אַמאָל אויך מיט האַרמאַטן.

דער אַקטיווער ווידערשטאַנד פון יידן האָט אָבער, מיט ווייניקע אויסנאַמען, ניט געהאַט קיין ממשותדיקן באַדייט צוליב דעם פאַרראַט פון די שטאָטס־לייט און צוליב דער שוואַכקייט און דעזאָרגאַניזאַציע פון די פוילישע חיילות. דער בלוטיקער שניט פון גזירת ת״ח האָט געבראַכט צו דער פאַרניכטונג פון די יידישע ישובים אין אוקראַינע, פאָדאָליע און וואָלין. ביז קיין זאַמאָשטש און ביז צו דער געגנט פון לובלין האָבן דערגרייכט די אָנפאַלן פון די קאָזאַקן און געשפרייט אויסטערלישע יסורים, מאָרד און חורבן אויף די יידישע קהילות וואָס זיינען געשטאַנען אויף זייער וועג. איינצייטיק האָבן מחנות קאָזאַקן און אויפשטענדישע

פויערים זיך געלאָזט קיין צפון, קיין ליטע. די יידישע קהילות אין פינסק און אין בריסק זיינען כמעט אינגאַנצן אויסגעליידיקט געוואָרן, די וואָס האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן זיינען ביז צום לעצטן אויסגעהרגעט געוואָרן, בעת די אָרטיקע שטאָט־באַפעלקערונג (פינסק) האָט זיך פאַראייניקט מיט די קאָזאַקן. אין האָמעל זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן אַרום צוויי טויזנט יידישע נפשות.

עס איז שווער צו באַרעכענען די צאָל יידן וואָס זיינען אומגעקומען אין אוקראַינע און אין די שכנותדיקע לענדער אין יאָר 1648. די יידישע כראָניקעס פון יענער צייט גיבן אָן פאַרשידענע ציפערן, אַפילו אַזאַ מוראדיקע צאָל, ווי העכער 600,000 (טיט היון). קרוב לאמת איז די ציפער, וואָס עס גיט אָן דער באַרימטער למדן שבתאי כהן אין זיין כראָניק, „מגילת עיפה״, 100 טויזנט יידישע קרבנות.

קוים פינף יאָר נאָך די מאַסן־פּאָגראָמען אין אוקראַינע איז געקומען די קאַטאַסטראָפע אויף די יידן פון ווייסרוסלאַנד און ליטע וואָס זיינען בדרך כלל געהאַט אַרויסגעקומען בשלום פון דער גזירת ת״ח. אין זומער 1654, נאָכדעם ווי כמיעלניצקי האָט זיך אונטערגעגעבן מאָסקווע, זיינען די חיילות פון צאַר צוזאַמען מיט די קאָזאַקן אַריין קיין ווייסרוסלאַנד. אויך דאָ זיינען די יידן געפאַלן אַ קרבן פון דער פיינטשאַפט פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג נישט ווייניקער איידער פון דער אכזריות פון די קאָזאַקן און פון די מאָסקווער חיילות. אין די ווייסרוסישע שטעט, וואָס זיינען איינגענומען געוואָרן דורך די מאָסקווער, האָבן די מיעשטשאַנעס געפאָדערט פון דער מאָסקווער מאָכט צו פאַרטרייבן די יידן. אין סמאָלענסק און אין מאָהילעוו איז די יידישע באַפעלקערונג אויסגעהרגעט געוואָרן אָן אונטערשיד פון מענער, פרויען און קינדער. פון וויטעבסק זיינען די יידן פאַרטריבן געוואָרן אין טיף רוסלאַנד. די יידן פון ווילנע זיינען לרוב באַצייטנס אַנטלאָפן, די איבערגעבליבענע זיינען אַלע געפאַלן אַ קרבן פון דער שחיטה אין יאָר 1655. אין דעם זעלבן יאָר האָט אַן אַרמיי פון מאָסקווער צוזאַמען מיט כמיעלניצקיס חיילות פון דרום־זייט מאַרשירט אויף פוילן. די יידן פון לעמבערג זיינען צום צווייטן מאָל אָפּגעקומען מיט אויסקויף־געלט און די באַלאַגערטע שטאָט האָט זיי אויך דאָס מאָל נישט געוואָלט אַרויסגעבן. ביטער איז געווען דער גורל פון די יידן אין לובלין. לויט דעם אָפּמאַך מיט די קאָזאַקן האָט די שטאָט אַרויסגעגעבן די יידן, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין קריסטלעכע הייזער. זיי האָבן זיך אָבער אויסגעקויפט ביי די קאָזאַקן דאָס לעבן. דערנאָך האָבן די קאָזאַקן אונטערגעצונדן די יידישע פאָרשטאָט און בערך צוויי טויזנט יידן זיינען אומגעקומען אין פייער, אָדער פון שווערד פון די קאָזאַקן און מאָסקווער.



נאָך דעם חורבן פון די יידן פון ווייסרוסלאַנד און ליטע זיינען געקומען די שחיטות אויף יידן אין גרויספוילן וואָס עס האָבן אָפּגעטאָן טשאַרניעצקיס פוילישע חיילות. די אינוואַזיע פון די שוועדן אין פוילן אין יאָר 1655 איז דורכגעגאַנגען בערך אָן גרויסע קרבנות פון יידן. אין עטלעכע ערטער האָבן יידן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער פאַרטיידיקונג פון לאַנד קעגן די שוועדן. אַזוי האָבן ביים טייך סאַן, אונטער יעראָסלאַוו, עטלעכע יידישע קאָמפּאַניעס געקעמפט אויף דער זייט פון די פּאָליאַקן. פאַראַן אויך אַ ידיעה, אַז אין פּרזשעמישל האָט אַ יידישער פּולקאָווניק אָנגעפירט מיט דער פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט. כאָטש די שוועדן האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין באַזונדערע פיינטשאַפט קעגן יידן, האָט אָבער די יידישע באַפעלקערונג געליטן פון רויב און הריגות מצד די סאָלדאַטן, פונקט ווי די איבעריקע באַפעלקערונג. די שוועדן האָבן אויך אַרויפגעלייגט אויף יידישע קהילות שווערע מלחמה־קאָנטריבוציעס פונקט ווי אויף די מאַגיסטראַטן פון די שטעט. נישט די לאָיאַלע שטעלונג פון יידן לגבי דער פוילישער מלוכה, נישט די ליידן פון דער שוועדישער אינוואַזיע האָבן געקאָנט זיי ראַטעווען, ווען די פוילישע אַרמיי האָט זינט פרילינג 1656 אָנגעהויבן אַרויסצושטויסן די שוועדן פון לאַנד. מען האָט יידן נישט געוואָלט מוחל זיין דעם פאַקט, וואָס די שוועדן האָבן זיי נישט באַהאַנדלט ערגער, איידער די איבעריקע באַוואוינער. עס האָט נישט געאַרט די רוצחים, וואָס דווקא די פוילישע מאַגנאַטן האָבן צוליב חשבונות מיטן פוילישן קיניג אָפּן איינגעלאַדן די שוועדן אין לאַנד אַריין און אַרויסגעגעבן זיי די פוילישע חיילות. עס האָט זיי אויך נישט אָפּגעהאַלטן פון מאַכן אכזריותדיקע פּאָגראָמען אויף יידן דער פאַקט, וואָס די פוילישע שטאָט־מאַגיסטראַטן האָבן הכנעהדיק אויסגעפירט אַלע באַפעלן פון די שוועדישע מושלים. די באַפרייאונג פון פוילן פון די שוועדישע אָקופּאַנטן איז אָנגעפירט געוואָרן אונטערן לאָזונג פון ראַטעווען די קאַטוילישע רעליגיע („דער נס פון דעם ליכטיקן באַרג אין טשענסטאָכאָוו, וואו מען האָט צום ערשטן מאָל אָפּגעשטויסן די שוועדן) און דערפאַר האָט מען געהאַלטן פאַר נויטיק אויפצוהעצן דעם ווילדסטן רעליגיעזן פאַנאַטיזם, כדי אויפצוהאַלטן די פאַטריאָטישע שטימונג. כדי צו פאַרטיידיקן „קאַטאָליציזם״ האָט מען אין אַ ריי ערטער געמאָרדעט פּראָטעסטאַנטן און קודם־כל אומעטום אויסגעקוילעט יידן, פונקט ווי די פאַרטיידיקונג פון „פּראַוואָסלאַוויע״ קעגן קאַטאָליציזם אין אוקראַינע האָט זיך אויסגעלאָזט אין שחיטות אויף יידן. בערך פערציק יידישע קהילות אין גרויספוילן זיינען געוואָרן פולשטענדיק פאַרטיליקט, צווישן זיי לענטשיץ וואו עס זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן העכער טויזנט נפשות (לויט דייטשע קוועלן;

לויט טיט היון — 500 יידישע משפחות), ליסע, קראָ־טאָשין און קאַליש, וואו עס זיינען געפאַלן עטלעכע טויזנט געהרגעטע. אין קליינפּוילן האָבן די חיילות פון טשאַרניעצקין לפי ערך ווייניקער געבושעוועט, ווייל די דאָרטיקע שטעט האָבן געהאַט אַ קליינע צאָל פּראָטעסטאַנטן, בעת אין גרויספּוילן איז דער פּאַראַט פון דער פּראָטעסטאַנטישער שטאָט־באַפעלקערונג געווען אַ בעסערער אויסרייד פאַר שחיטות אויף די יידישע קהילות. דאָך זיינען אויך אין קליינפּוילן בערך צוואַנציק יידישע קהילות מיט אַ באַפעלקערונג פון עטלעכע טויזנט נפשות ביז צום לעצטן אויסגעשאָכטן געוואָרן.

צו דער צאָל צענדליקער טויזנטער יידן, וואָס זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן בעת די שחיטות אין אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד און פּוילן, זיינען צוגעקומען טויזנטער און טויזנטער פּליטים, וואָס זיינען אומגעקומען אויף די וועגן פון הונגער און מאַטערניש און אַנדערע טויזנטער, וואָס זיינען אויסגעשטאָרבן אין די גרויסע שטעט, לעמבערג, קראָקע און פּויזן, בעת דער באַלאַגערונג אָדער פון מגפות. לויט אַלע מעסיקע שאַצונגען איז פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן נישט געבליבן מער ווי אַ העלפט. די איבערגעבליבענע האָבן נאָך גאַנצע יאָרן געהאַט אויסצושטיין אויסטערלישע נויט און עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט, ביז די יידישע ישובים האָבן זיך צוריק אויפגעבויט.

די מיט בלוט דורכגעווייקטע בלעטער געשיכטע פון פּויליש־ליטווישע יידן פון יענער תקופה זיינען אויך פאַרשריבן מיט וואונדערבאַרע עפּיזאָדן, וואָס זאָגן עדות וועגן דער העכסטער מדרגה פון מסירת נפש. סיי בעת די שחיטות אין אוקראַינע, סיי בעת די הריגות אין גרויספּוילן האָבן יידן בדרך כלל געהאַט די ברירה אָנצונעמען דאָס קריסטנטום כדי צו ראַטעווען זייערע לעבנס. און דאָך זיינען באַקאַנט בלויז עטלעכע פאַלן וואו יחידים אָדער גאַנצע גרופּעס האָבן זיך געראַטעוועט דורך שמד, די צענדליקער טויזנטער אומגעקומענע האָבן ליבער אויסגעקליבן אַ מיתה משונה איידער דאָס אָוועקגיין פון יידישן כלל. די מאַרטירער פון ניעמיראָוו, פון בריסק קויאַווייע, צי פון לענטשיץ, וואָס זיינען געפאַלן אונטער די געשאַרפטע מעסערס, אָדער פאַרברענט געוואָרן אונטער די חורבות פון זייערע שולן און בתי מדרשים, האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות אין דער איבערצייגונג, אַז שמד איז ערגער ווי טויט, ווייל אומווירדיקסטער פאַרראַט קעגן זייער פאָלק.

דאָס שרעקלעכע נאַציאָנאַלע אומגליק האָט אויך אויפגערודערט די יידן סיי אין פּוילן, סיי אין אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער צו גרויסע אַקטן פון הילף פאַר די געליטענע ברידער. די פּליטים פון אוקראַינע זיינען אופגענומען געוואָרן דורך די קהילות און באַזאָרגט געוואָרן מיט הילף סיי אין ליטע, סיי אין קליינפּוילן און גרויספּוילן. דאָס פייער פון דער קאַטאַסטראָפע האָט צעשמאָלצן אַ סך פון קלאַסן־עגאָאיזם און ענגן פּאַרטיקולאַריזם, וואָס האָט אין נאָרמאַלע צייטן זיך אַזוי מיאוס צעשפּרייט אין די פּוילישע און ליטווישע קהילות. דער וועד ארבע ארצות און דער וועד מדינת ליטא האָבן אָנגענומען תקנות וועגן הילף פאַר די אָרימע פּליטים און וועגן שטיצע פאַר די ישובים, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צוריק אויפצובויען. דער וועד מדינת ליטא האָט אין יאָר 1649 אויף זיך גענומען דאָס התחייבות אומצוקערן יעדער קהילה, ביז צו אַ געוויסער סומע, דאָס געלט וואָס זי לייגט אויס אויף פדיון שבויים. אין יאָר 1650 האָט דער זעלבער וועד באַשלאָסן אָפּצושאַפן לגבי די פּליטים אַלע באַגרענעצונגען פון וואוין־רעכט און פון רעכט צו האַנדלען אין די באַזונדערע קהילות. אויף יעדע צען יידן אין אַ ישוב איז אַרויפגעלייגט געוואָרן דער חוב אויסצוהאַלטן איין אָרימען פּליט. דער וועד האָט אויך אויסגערופן אַן אבלות אין קליידונג אויף דריי יאָר צוליב „די צענדליקער טויזנטער געפאַלענע יידן... וואָס זייער בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער און וואָס זיינען געבליבן אויף די פעלדער אַ פּרעסן פאַר די פייגל פון הימל". אין יאָר 1652 האָט דער וועד ליטע פאַרפליכטעט די קהילות אויסצוהאַלטן צוויי טויזנט אָרימע יידן, וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע היימען. די פּויזנער קהילה האָט געשיקט צוויי מאָל ספּעציעלע שלוחים קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, מיט געלט אויף אויסלייזן די יידן, וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרן דורך די טאָטערן.

אויך די יידן אין אויסלאַנד האָבן אַרויסגעוויזן ברייטהאַרציקע סאָלידאַרישקייט אין דער צרה פון זייערע ברידער אין פּוילן. טויזנטער פּליטים פון אוקראַינע, ליטע און גרויספּוילן זיינען אויפגענומען געוואָרן גאַסטפריינדלעך אין וואַלעכיי (רומעניע), ביימען, מיירן, עסטרייך, דייטשלאַנד (פּרייסן, האַמבורג, פראַנקפורט ביים מיין, מיינץ, קעלן) און האָלאַנד (אַמסטערדאַם און אַנדערע שטעט). אַן אָרגאַניזירטע אַקציע אויף אויסצולייזן די יידישע געפאַנגענע, וואָס די טאָטערן האָבן געבראַכט קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איז געפירט געוואָרן אין אַלע גרויסע קהילות אין מערב־אייראָפּע. דער יידישער קאָמיטעט פאַר פדיון שבויים אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט אַרויסגעשיקט אַ משולח איבער מערב־אייראָפּע צוזאַמענצונעמען געלט פון די קהילות. די יידישע קהילה פון ליוואָרנאָ האָט נאָך אין יאָר 1655 באַשטימט אַ פערטל פון אירע הכנסות אויף פדיון שבויים. טויזנטער יידישע געפאַנגענע זיינען אויסגעלייזט געוואָרן אַדאַנק דער

הילף פון יידישע קהילות אין טערקיי, איטאַליע, האָלאַנד, דייטשלאַנד און פוילן.

טויזנטער פון די פליטים פון אוקראַינע, ליטע און גרויספוילן האָבן זיך באַזעצט אויף שטענדיק אין די לענדער, וואו זיי האָבן געפונען אַ מקלט, בפרט אין דייטשלאַנד און אין האָלאַנד (אַמסטערדאַם). אין דייטשלאַנד, ביימען, מיירן און עסטרייך זיינען געבליבן אַ סך לומדים פון פוילן און ליטע, וואָס זיינען אויפגענומען געוואָרן אויף רבנים אין די דאָרטיקע קהילות. זינט דעמאָלט ווערט די עמיגראַציע פון פוילישע רבנים און מלמדים קיין דייטשלאַנד אַלץ אָפטער און דאָס גייסטיקע לעבן און די דערציאונג פון דייטשע יידן ווערט ביז צום סוף פון 18טן י״ה שטאַרק באַאיינפלוסט דורך דער קולטור פון די פוילישע יידן. קיין אַמסטערדאַם זיינען אָנגעקומען עטלעכע שיפן מיט הונדערטער יידישע פליטים פון פוילן און ליטע אין די יאָרן 1654 און 1656. זיי האָבן דאָרט באַלד אויפגעשטעלט צוויי באַזונדערע שולן, אַ פוילישע און אַ ליטווישע.

דאָס קאַטאַסטראָפאַלע יאָר 1648 איז טאַקע אויך געוועזן אַן איבערברוך אין דער געשיכטע פון יידישע וואַנדערונגען. זינט מיטלאַלטער ביז צו דער העלפט פון 17טן י״ה פלעגן אייראָפּעאישע יידן וואַנדערן פון מערב קיין מזרח, פון עקאָנאָמיש־אַנטוויקלטע לענדער, אין עקאָנאָמיש־אָפּגעשטאַנענע לענדער, צום סוף קיין פוילן און טערקיי. דער אויפבלי פון האַנדל ביים אַטלאַנטישן אָקעאַן האָט געבראַכט צו דער אַנטשטייאונג פון באַדייטנדיקע יידישע קהילות פון פּאָרטוגאַלישע פליטים אין פראַנקרייך, בעלגיע, האַמבורג און קודם כל אין האָלאַנד. זינט דער העלפט פון 17טן י״ה איז די עקאָנאָמישע און דערמיט אויך די קולטורעלע אַנטוויקלונג פון די מערב־אייראָפּעאישע לענדער געגאַנגען מיט ריזיקע טריט פאָראויס, בעת אין פוילן האָט זיך די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קולטורעלע ירידה אַלץ מער פאַרטיפט. יידן פון פוילן געפינען פאַר זיך אַלץ מער מעגלעכקייטן אין די קאַפּיטאַליסטישע מערב־אייראָפּעאישע לענדער, וואָס האָבן מיט הונדערטער יאָרן צוריק געהאַט פאַרטריבן זייערע אבות ווי אומנויטיקע קאָנקורענטן. אין 17טן י״ה איז נאָך די עמיגראַציע פון פוילישע יידן קיין מערב־אייראָפּע געווען באַגרענעצט צו אַ קליינער צאָל, וואָס שפּעטער, ווערט אַלץ שטאַרקער דער דאָזיקער שטראָם פון עמיגראַציע, ביז אין 19טן און 20טן י״ה, ווען די יידישע אויסוואַנדערונג פון מזרח־אייראָפּע איז געוואָרן אַ מאַסן־דערשיינונג.



## 2. צאָל און צעשפּרייטונג פון די יידן אין פוילן אין 18טן יאָרהונדערט

די מוראדיקע קאַטאַסטראָפעס פון די יאָרן 1648־1656 האָבן רעדוצירט די יידישע באַפעלקערונג פון דער פוילישער מלוכה אויף אַ העלפט. עס האָט געדויערט צענדליקער יאָרן ביז די חרובע יידישע קהילות האָבן זיך צוריק אויפגעבויט. נאָך בערך אַ צוואַנציק יאָר נאָך דער פאַרענדיקונג פון די מאָסקווער און שוועדישע מלחמות — אַרום דעם יאָר 1675, האָבן יידן אין דער פוילישער מלוכה ניט געציילט מער איידער בערך 190 טויזנט נפשות, דערפון איז אויסגעקומען אויף קרוינפוילן מער ווי דריי פערטל (150 טויזנט) און אויף ליטע ווייניקער ווי אַ פערטל (40 טויזנט). נישט קיין גאַנץ יאָרהונדערט שפּעטער, צום סוף פון צווייטן דריטל פון 18טן י״ה, איז שוין די יידישע באַפעלקערונג אין פוילן אויסגעוואַקסן כמעט פיר מאָל אַזוי גרויס. אויב אין דער פריערדיקער תקופה האָט די כסדרדיקע איינוואַנדערונג פון די שכנותדיקע לענדער שטאַרק געווירקט אויף דער פאַרמערונג פון דער צאָל יידן אין לאַנד, — איז נאָך גזירת ת״ח די צאָל יידן, וואָס פלעגן איינוואַנדערן קיין פוילן, געווען לפי־ערך אַ סך קלענער, איידער די צאָל יידן, וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט. די צאָל יידן אין דער פוילישער מלוכה האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן צוליב דער שטאַרקער נאַטירלעכער פאַרמערונג. דאָס הויך־אַנטוויקלטע משפחה־לעבן, דער רעליגיעזער לעבנס־שטייגער און בעיקר דער אַלץ שטאַרקער פאַרשפּרייטער מנהג פון גאָר פריע חתונות (נאָך אין 17טן י״ה זיינען לויט דעם עדות פון פוילישע שרייבער חתונות צו 12 יאָר געווען ביי יידן אַן אָפּטע דערשיינונג) האָבן געווירקט, אַז דער נאַטירלעכער צוואַוואוקס ביי יידן איז געווען אַ סך גרעסער, איידער ביי דער קריסטלעכער שטאָטישער באַפעלקערונג.

צום סוף פון יאָר 1764 האָט די מלוכה אַדורכגעפירט־אַ ציילונג פון יידן, וואָס האָט זיך געצויגן אין קרוינפוילן דורך די ערשטע חדשים פון יאָר 1765 און אין ליטע ביז צום יאָר 1766. די דאָזיקע ציילונג איז געמאַכט געוואָרן אין שייכות דערמיט, וואָס יידן האָבן זינט דעמאָלט געדאַרפט צאָלן קאָפּ־שטייער לויט דער צאָל נפשות אין יעדער קהילה און נישט ווי אַמאָל אַן אַלגעמיינעם סכום. פון קאָפּ־שטייער זיינען געווען באַפרייט קינדער, וואָס זיינען נאָך נישט אַלט געווען קיין גאַנץ יאָר, און דערפאַר האָט מען זיי נישט אַריינגענומען אין דער ציילונג. בלויז אין אַ טייל קהילות האָט מען די קינדער אונטער

אַ יאָר יאָ געציילט, אָבער מען האָט זייער צאָל אָנ־געגעבן באַזונדער און זיי ניט אַריינגערעכנט אין דער אַלגעמיינער צאָל פון אָרטיקע יידן.

די דאָזיקע ציילונג האָט אויפגעוויזן די צאָל יידן אין עלטער מער ווי 1 יאָר:

| | |
|---|---|
| אין קרוינפוילן — — — — — — | 429,587 |
| אין ליטע — — — — — — — | 157,649 |
| ס"ה אין דער פוילישער מלוכה — — | 587,236 |

צו דער דאָזיקער צאָל דאַרפן מיר קודם־כל צו־רעכענען די צאָל קינדער אונטער אַ יאָר, וואָס זיינען נישט אַריינגענומען געוואָרן אין דער ציילונג. לויט די ציפערן פון די פּראָווינצן, וואו מען האָט די זייגנ־דיקע קינדער יאָ באַזונדער צוזאַמענגערעכנט, האָבן זיי באַטראָפן 5,6 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל יידן. אויב מיר פאַרגרעסערן די צאָלן פאַר גאַנץ פוילן לויט דער דאָזיקער פּראָפּאָרציע, קומט אויס:

| | פאַרציילטע איבער 1 יאָר אַלט | קינדער אונטער 1 יאָר | ס"ה יידן |
|---|---|---|---|
| קרוינפוילן — — | 429,587 | 24,057 | 453,644 |
| ליטע — — — — | 157,649 | 8,830 | 166,479 |
| סך־הכל — — — | 587,236 | 32,887 | 620,123 |

די ווירקלעכע צאָל יידן אין דער פוילישער מלוכה איז אָבער געווען גרעסער איידער די צאָל, וואָס די ציילונג האָט אויפגעוויזן. היות די ציילונג האָט גע־האַט פאַר אַ צוועק די העכערונג פון יידישן שטייער, האָבן יידן זיך באַמיט אָנצוגעבן ווי ווייט מעגלעך אַ קלענערע צאָל, באַזונדערס בנוגע קינדער, וועלכע מען האָט געקאָנט לייכטער אויסבאַהאַלטן. דאָס איז געשען ניט געקוקט אויף דער געזעצלעכער קאָנ־טראָל: לויט דעם געזעץ האָט אין יעדער שטאָט דער רב אָדער דער פּרנס און דער שמש אין באַגליי־טונג פון אַ שלאַכטשיץ געדאַרפט גיין פון הויז צו הויז און פאַרצייכענען די צאָל נפשות. די צאָל אויסבאַהאַלטענע נפשות האָט אָבער אַפילו אין אויס־נאַם־פאַלן נישט באַטראָפן מער ווי אַ דריטל. וועגן אַזאַ אויסנאַם־פאַל דערציילט בער באָלעכאָווער אין זיינע זכרונות.

„ווען די קאָמיסאַרן זיינען געקומען ציילן אונזער קהילה, איז דער עלטסטער געווען דער פּריץ גראַמניצקי, מיינער אַ באַקאַנטער און גוטער פריינט. האָב איך זיך איינגעשטעלט און מזהיר געווען די קהילה־שמשים, זיי זאָלן ריידן פון אונזער קהילה, מ'זאָל ווי ווייט מעגלעך פאַרלייקענען די צאָל קינדער



(פון מיר אונטערגעשטראָכן — ר. מ.) כ'האָב מזהיר און מבטיח געווען אונזערע פּירערס, אַז ס'וועט קיין שום רעה ניט אַרויסקומען פאַר אונזער קהילה, אויב זיי וועלן אפילו פאַרלייקענען אַלע אָרימע נפשות. און מ'האָט געטאָן לויט מיין עצה. אין אונזער קהילה איז געווען מער פון דרייצן הונדערט יידישע נפשות, האָט מען פאַרלייקנט פאַר די קאָמיסאַרן די אמתע צאָל פון באָלעכאָוו און די אַרומיקע דערפער און לויט דער ציילונג פון די קאָמיסאַרן האָט זי באַטראָפן אַכט הונדערט דריי און אַכציק יידישע נפשות"...*)

וועגן פעלשונגען פון די ציילונגען פון יידישן קאָפּ־שטייער דערציילן אויך מעמאָריאַלן פון יידישע מוסרים צו דער פינאַנץ־קאָמיסיע פון קרוינפוילן. אָבער אַפילו פון דעם נוסח פון דער דערציילונג פון בער באָלעכאָווער דרינגט אַרויס, אַז אַזעלכע פאַלן זיינען געווען אויסנאַמען: ער פאַררופט זיך אויף זיין צופעליקער באַקאַנטשאַפט מיט דעם ציילונגס־קאָ־מיסאַר! אין אַ גאַנצער רייע וואָיעוואָדשאַפטן קומט אויס, לויט דער ציילונג, אַז די צאָל נפשות, וואָס איז אויסגעפאַלן דורכשניטלעך אויף איין יידישער פאַמי־ליע, האָט באַטראָפן בערך אַזויפיל וויפל ס'האָבן אויפ־געוויזן שפּעטערדיקע ציילונגען פון דער גאַנצער שטאַטישער באַפעלקערונג אָן אויסנאַם; אין די מערב־וואָיעוואָדשאַפטן פון פוילן האָט די דורכשניטלעכע צאָל נפשות אין אַ יידישער פאַמיליע, לויט דער ציילונג פון יאָר 1764 באַטראָפן 3.9; לויט דער ציילונג פון יאָר 1808 האָט די דורכשניטלעכע צאָל נפשות אין אַ פאַמיליע פון דער גאַנצער שטאַטישער באַפעלקערונג באַטראָפן 4 (גענוי 4,08), הכלל סך־הכל קוים 2,5 פּראָצענט מער! געווען אָבער אויך אַזעלכע געגענטן אין פוילן, ווי למשל לובלינער וואָ־יעוואָדשאַפט, וואו די ציילונג פון יאָר 1764 האָט אויפגעוויזן נישט מער ווי 3,6 נפשות אויף אַ יידישער משפּחה, ד. ה. בערך 10 פּראָצענט ווייניקער איידער דער דורכשניט, וואָס איז קרוב לאמת. אין ליכט פון דער דאָזיקער פּראָפּאָרציע האָט אין דער גאַנצער פוילישער מלוכה דורכשניטלעך די צאָל נפשות, וואָס מען האָט אויסבאַהאַלטן פאַר דער ציילונג, ניט באַ־טראָפן מער ווי העכסטנס 15 פּראָצענט. עס איז דערפאַר קרוב לאמת, אַז די צאָל יידן אין דער גאַנצער פוילישער מלוכה האָט אין יאָר 1764 באַ־טראָפן (אַריינגערעכנט די צאָל קינדער אין עלטער אונטער אַ יאָר) בערך 750,000, ד. ה. דריי־פערטל מיליאָן, דערפון 550,000 אין קרוינפוילן און 200,000 אין ליטע.

דער פוילישער שטאַטסמאַן טאַדעאוש טשאַצקי גיט אָן, אַז די ציילונג פון דער באַפעלקערונג אין

---

*) בער באָלעכאָווער זכרונות, אַרויסגעגעבן דורך ד"ר מ.ווישניצער, בערלין 1922, ז. 116.

פוילן און ליטע, ד. ה. מן הסתם די לעצטע ציילונג פון יאָר 1791 האָט אויפגעוויזן בלויז 308,516 מענער ביי יידן אין דער גאַנצער מלוכה. טשאַצקי האַלט אָבער אויפן יסוד פון אַ צענדליק נאָכקאָנטראָלירונגען, וואָס ער האָט אַדורכגעפירט, אַז די ווירקלעכע צאָל יידישע מענער האָט באַטראָפן בערך 450,000 און אַז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, מענער און פרויען, האָט דערגרייכט בערך 900,000. טשאַצקיס ציפער איז אָבער לכל־הדעות איבערגעטריבן, ווייל כאָטש די שפּעטערדיקע ציילונגען זיינען געווען נאָך וויניקער גענוי איידער די ערשטע ציילונג אין יאָר 1764, האָט דאָך די צאָל אויסבאַהאַלטענע נפשות נישט באַטראָפן אַזש אַ דריטל, אַזוי ווי ער נעמט אָן. די צאָל יידן אין דער פוילישער מלוכה אין יאָר 1791 האָט באַטראָפן מאַקסימום 800,000. אַזאַ ציפער לייגט זיך אויפן שכל אין פאַרגלייך מיט דעם רעזולטאַט פון בערך 750,000, צו וועלכן מיר קומען נאָך אַן אַנאַליז פון דער ציילונג פון יאָר 1764. נאָך דער ערשטער צעצעטיילונג פון פוילן אין יאָר 1772 זיינען, וואָס אַן אמת, צוזאַמען מיט גאַליציע, אַ טייל ווייסרוסלאַנד און פאָמערן אָפּגעריסן געוואָרן פון פוילן בערך אַ 255,000 יידן *), דער נאַטירלעכער צוואוואוקס אין אַ משך פון העכער אַ פערטל יאָרהונדערט, וואָס איז אָפּגעפלאָסן פון 1764 ביז 1791, און טיילווייז אויך די איינוואַנדערונג פון יידן פון גאַליציע און פון פרייסישן געביט, האָבן אָבער זיכער געדעקט מיט אַן עודף דעם פאַרלוסט פון יאָר 1772.

לאָמיר איצט זען ווי אַזוי איז געווען פונאַנדערגעטיילט די צאָל יידן אין פוילן לויט די באַזונדערע פראָווינצן, אין ליכט פון דער ציילונג פון יאָר 1764.

## נאָמען פון דער וואָיעוואָדשאַפט אָדער פון לאַנד

מערב־פוילן:

| | |
|---|---|
| פאָמערן | 2,731 |
| מאַלבאָרגער (מאַריענבורג) | 86 |
| כעלמנאָ (קולם) | 577 |
| אינאָווראָצלאַווער (לעסלע) | 1,422 |
| בריסק קויאַווער | 1,267 |
| דאָברזשינער | 1,082 |
| פויזנער (צוזאַמען מיט פרוישטאַטלאַנד) | 19,913 |
| קאַלישער | 12,729 |
| שעראַדזער | 4,950 |
| וויעלונער | 2,976 |
| לענטשיצער | 2,903 |
| פלאָצקער | 3,960 |
| מאַזאָוויע | 10,662 |
| ראַווער | 5,332 |

קליינפוילן:

| | |
|---|---|
| קראָקעווער | 18,670 |
| צויזמירער | 42,972 |
| לובלינער | 20,107 |
| פאָדלאַשיע | 19,043 |

דרום־מזרח־פוילן (אוקראַינער פראָווינצן):

| | |
|---|---|
| כעלמער | 9,787 |
| בעלזער | 16,442 |
| רייסן (צוזאַמען מיט העליטשער לאַנד) | 100,111 |
| וואָלין | 50,792 |
| פאָדאָליע | 38,384 |
| בראַצלאַווער | 20,337 |
| קיעווער | 22,352 |
| סך־הכל קרוינפוילן | 429,587 |

מערב־ליטע (ליטווישע און ליטוויש־ווייסרוישע פראָווינצן):

| | |
|---|---|
| בריסקער | 21,994 |
| טראָקער | 33,738 |
| ווילנער | 26,977 |
| זאַמוט | 15,759 |
| נאָוואָגראָדקער | 21,500 |

מזרח-ליטע (אויסשליסלעך ווייסרוסישע פראָווינצן):

| | |
|---|---|
| מינסקער | 13,422 |
| אַמטשיסלאַווער | 2,615 |
| פאָלאָצקער | 6,689 |
| וויטעבסקער | 11,959 |
| ליוולאַנד | 2,996 |
| סך־הכל ליטע | 157,649 |

די ציפערן פון דער דאָזיקער רשימה זיינען גענומען פון דער אָפיציעלער ציילונג אין יאָר 1764. און מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז זיי דאַרפן קאָרעגירט ווערן סיי דורך דער צאָל זויג־קינדער, סיי דורך דער צאָל פערזאָנען, וואָס זיינען אויסבאַהאַלטן געוואָרן פון דער ציילונג. דער חילוק צווישן דער גענויקייט פון דער ציילונג אין די באַזונדערע וואָיעוואָדשאַפטן איז אָבער בכל־אופן נישט געווען אַזוי באַדייטנדיק, אַז מיר זאָלן נישט קענען מאַכן קיין אויספירן בנוגע דער געאָגראַפישער פונאַנדערטיילונג פון יידן אויפן שטח פון דער מלוכה.

אין דער דאָזיקער רשימה וואַרפט זיך באַלד אין די אויגן דער פאַקט, אַז אין די ראַנד־געביטן פון פוילן בפרט און צפון־מערב (פאָמערן, קויאַוויע), איז די יידישע באַפעלקערונג געווען לפי־ערך אַמשיטערסטן. דעם אויבנאָן צווישן די וואָיעוואָדשאַפטן לויט דער צאָל יידן פאַרנעמען:

| | צאָל יידן |
|---|---|
| רייסישע וואָיעוואָדשאַפט (מזרח־גאַליציע) | 100,111 |
| וואָלינער וואָיעוואָדשאַפט | 50,792 |
| צויזמירער וואָיעוואָדשאַפט | 42,972 |

*) די עסטרייכישע ציילונג פון יאָר 1773 האָט אויפגעוויזן אין גאַליציע קרוב 225,000 יידן; אויף די געביטן פון מזרח־ווייסרוסלאַנד און ליוולאַנד, וואָס רוסלאַנד האָט צוגענומען אין יאָר 1772, האָט די צאָל יידן באַטראָפן קיילעכדיק 25,000; אין פאָמערן און אין שכנותדיקן טייל גרויס-פוילן, וואָס איז דעמאָלט אַריבערגעגאַנגען צו פרייסן, האָבן געוואוינט בערך 5,000 יידן.

| | |
|---|---|
| פּאָדאָליער וואָיעוואָדשאַפט — — — — | 38,384 |
| טראָקער וואָיעוואָדשאַפט — — — — — | 33,738 |
| ווילנער — — — — — — — — — | 26,977 |

די דאָזיקע 6 וואָיעוואָדשאַפטן האָבן בכן אַרומ־גענומען 292,974 געציילטע ייִדישע נפשות, ד. ה. נישט קיין סך ווייניקער ווי אַ העלפט פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג פון די 35 וואָיעוואָדשאַפטן פון דער פּוילישער מלוכה. כדי אָבער צו באַקומען אַ קלאָרער בילד וועגן דער געדיכטקייט פון דער ייִדי־שער באַפעלקערונג אין די פאַרשידענע טיילן פון לאַנד, האָבן מיר די וואָיעוואָדשאַפטן צוזאַמענגענומען אין די ווייטערדיקע געביטן :

1) מערב־פּוילן, וואָס נעמט אַריין פּאָמערן, קויאַוויע, גרויספּוילן און מאַזאָוויע.

2) קליינפּוילן, וואָס האָט אַרומגענומען דעם דרום־מערבדיקן און דעם צענטראַלן טייל פון קרוינ־פּוילן.

3) דרום־מזרח־פּוילן, וואו מיר האָבן אַריינגע־רעכנט אַלע פּראָווינצן, וואָס זיינען געווען באַוואוינט דורך אוקראַינער.

4) מערב־ליטע, וואו מיר האָבן אַריינגענומען די וואָיעוואָדשאַפטן מיט אַן אויסשליסלעך ליטווישער, אָדער מיט אַ געמישטער ליטוויש־ווייסרוסישער באַ־פעלקערונג.

5) מזרח־ליטע, מיט אויסשליסלעך ווייסרוסי־שע פּראָווינצן, אַריינגערעכנט דעם פּוילישן טייל ליוולאַנד, וואָס האָט אויך געהאַט אַ צאָל לעטישע באַפעלקערונג.

די צאָל ייִדן האָט באַטראָפן :

| | |
|---|---|
| מערב־פּוילן — — — — — — — — | 70,590 |
| קליינפּוילן — — — — — — — — | 100,792 |
| דרום־מזרח־פּוילן (אוקראַינער פּראָווינצן) — | 258,205 |
| סך־הכל קרוינפּוילן — — — — — — | 429,587 |
| מערב־ליטע — — — — — — — — | 119,968 |
| מזרח־ליטע (ווייסרוסלאַנד) — — — — — | 37,681 |
| סך־הכל ליטע — — — — — — — | 157,649 |

באַרעכנט אין פּראָצענטן קומט אויס, אַז ייִדן אין מערב־פּוילן האָבן באַטראָפן בלויז 16 פּראָצענט פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג אין קרוינ־פּוילן, אין קליינפּוילן — 23 פּראָצענט און אין די אוקראַינער פּראָווינצן — 61 פּראָצענט. וואָס ווײַ־טער קיין מזרח, אַלץ גרעסער זיינען די מאָסן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. אויף יעדע 5 ייִדן אין קרוינפּוילן האָבן מער ווי 3 געוואוינט אין די דרום־מזרח־פּראָווינצן, וואו דער רוב באַפעלקערונג איז געווען אוקראַיניש. אַפילו לגבי דער צאָל ייִדן פון דער גאַנצער פּויליש־ליטווישער מלוכה האָבן ייִדן פון די אוקראַינער פּראָווינצן באַטראָפן 42 פּראָצענט, ד״ה מער ווי צוויי פינפטל ! אין ליטע איז די ייִדישע באַפעלקערונג געווען קאָנצענטרירט אין דעם מערב־טייל אין 77 פּראָצענט און בלויז 23 פּראָצענט האָבן געוואוינט אין די ריין ווייסרוסישע מזרח־פּראָווינצן אָבער מערב־ליטע אַליין געפינט זיך אויך אין מזרח פון דער אַמאָליקער פּוילישער מלוכה. די לפּי־ערכדיק שיטערע צאָל ייִדן אין מזרח־טייל פון ליטע, אין ווייסרוסלאַנד, געפינט איר פּאַראַלעל אין דעם טייל פון די אוקראַינישע פּראָווינצן, וואָס איז געווען אַמווייטסטן אַרויסגערוקט צו מזרח, דהיינו, אין די בראַצלאַווער און קיעווער וואָיעוואָדשאַפטן. אין די דאָזיקע צוויי אוקראַינישע וואָיעוואָדשאַפטן האָט די ייִדישע באַפעלקערונג באַטראָפן סך־הכל 42,689 נפשות, הכלל ניט קיין סך מער איידער אין מזרח־טייל פון ליטע (37,681). דער שווערפּונקט פון דער־ייִדישער באַפעלקערונג אין דער פּויליש־ליטווישער מלוכה האָט זיך בכן אין 18טן י״ה נאָך מער פאַררוקט קיין מזרח, קיין אוקראַינע און ליטע, אָבער אין די ווייטסטע מזרח־געביטן, סיי אין ווייסרוסלאַנד, סיי אין אוקראַינע, איז דער דאָזיקער מיגראַציע־פּראָצעס געווען שוואַכער.

לאָמיר נאָך צעטיילן די ייִדישע באַפעלקערונג לויט די עטנאָגראַפישע געביטן פון דער פּוילישער מלוכה און מיר וועלן באַקומען אַזאַ סך־הכל :

| | ייִדישע נפשות | % פון אַלע ייִדן אין דער מלוכה |
|---|---|---|
| פּוילישע געביטן (מערב־פּוילן און קליינפּוילן) — — — — — — | 171,382 | 31 |
| אוקראַינישע געביטן — — — — — | 258,205 | 42 |
| ליטוויש־ווייסרוסישע געביטן — — — | 157,649 | 27 |
| סך־הכל אין דער פּוילישער מלוכה | 587,236 | 100 |

ייִדן אין עטנאָגראַפישן פּוילן האָבן בכן אין יאָר 1764 נישט באַטראָפן מער ווי 31 פּראָצענט פון אַלע ייִדן אין דער מלוכה, העכער צוויי דריטל ייִדן האָבן געוואוינט אין מזרח־טייל פון דער מלוכה, אין אוק־ראַינע, ליטע און ווייסרוסלאַנד.

לאָמיר איצט זען, וויפיל פון די ייִדן אין פּוילן האָבן געוואוינט אין דערפער און וויפיל אין שטעט און שטעטלעך.

די ציילונגס־רעגיסטערס, וואָס זיינען געוואָרן אויסגעפאָרשט, ווייזן אויף אַזאַ פּראָצענט דאָרפס־ייִדן :

אין די וואָיעוואָדשאַפטן, וואָס זיינען אַממערסטן געווען אַרויסגערוקט צום מערב, ווי פּאָמערן, קויאַוויע, קאָלישער און פּויזנער וואָיעוואָדשאַפטן איז די צאָל דאָרפס־ייִדן געווען מינימאַל. אַזוי האָט אין דער־אינאָווראָצלאַווער וואָיעוואָדשאַפט די צאָל דאָרפס־ייִדן באַטראָפן בלויז 12 פּראָצענט און אין דער קאָלישער וואָיעוואָדשאַפט נישט קיין סך מער ווי

1 פּראָצענט (גענוי 1.3 פּראָצענט) פון אַלע יידן פון דער וואָיעוואָדשאַפט. אין די וואָיעוואָדשאַפטן פון גרויספּוילן, וואָס זיינען געווען מער אַרויסגערוקט צום מזרח, ווי אין דער לענטשיצער און שעראַדזער וואָיעוואָדשאַפט און אין דער וויעלונער געגענט, האָבן דאָרפס־יידן באַטראָפן דורכשניטלעך 31.5 פּראָצענט פון דער דאָרטיקער יידישער באַפעלקערונג. בערך אַזאַ פּראָצענט האָבן אויך באַטראָפן דאָרפס־יידן אין קליינפּוילן: אין דער קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט קרוב 31 פּראָצענט (30.9 פּראָצענט), אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט 30,5 פּראָצענט. בלויז אין פּאָדלאַשע איז די פּראָפּאָרציע פון דאָרפס־יידן געווען אַ סך העכער, זי איז געווען די העכסטע אין קרוינפּוילן און האָט באַטראָפן 55 פּראָצענט. אין ליטע ווייזט אויף די ווילנער וואָיעוואָדשאַפט אין יאָר 1765 25 פּראָצענט דאָרפס־יידן, אָבער אין דער וויטעבסקער גובערניע האָבן דאָרפס־יידן אין יאָר 1772 באַטראָפן כמעט צוויי דריטל (65.14 פּראָצענט) פון 14,155 יידישע נפשות אין 10 פּאָוויאַטן. אין יאָר 1780 האָבן אין דער וויטעבסקער און מאָהילעווער גובערניע 44 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג געוואוינט אין דערפער. פּונקט ווי ליטע ווייזן אויך אויף די אוקראַינישע געביטן אַ חילוק אין פּרט פון דער פּראָפּאָרציע דאָרפס־יידן צווישן די מערב־פּראָווינצן און די מזרח־פּראָווינצן. אין רייסן (מזרח־גאַליציע) האָבן דאָרפס־יידן באַטראָפן בערך 20 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג, אין פּאָדאָליע העכער 23 פּראָצענט, אין וואָלין קרוב 28 פּראָצענט, אָבער אין דער קיעווער וואָיעוואָדשאַפט האָבן 37.4 פּראָצענט פון אַלע יידן געוואוינט אין די דערפער און אין דער בראַצלאַווער וואָיעוואָדשאַפט קרוב 41 פּראָצענט. אויב מיר נעמען צוזאַמען די פּראָווינצן פון וואָלין, פּאָדאָליע און אוקראַינע, איז דאָרט אויסגעקומען 31.2 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג אויף דאָרפס־יידן.

אין סך־הכל האָט אין דער גאַנצער פּוילישער מלוכה בערך אַ דריטל יידן געוואוינט אין די דערפער. אַזאַ הויכע פּראָפּאָרציע פון דאָרפס־יידן ווי אין 18טן י"ה איז ניט דערגרייכט געוואָרן אין פּוילן קיינמאָל פריער און אויך קיינמאָל נישט שפּעטער.

די דאָרפישע יידישע באַפעלקערונג איז געווען אַזוי שטאַרק צעזייט, אַז דורכשניטלעך איז אויסגעקומען אויף איין דאָרף ווייניקער ווי צוויי יידישע משפחות. די דורכשניטלעכע צאָל יידישע נפשות אין איין דאָרף האָט אין ערגעץ אין גאַנץ פּוילן נישט באַטראָפן קיין גאַנצע צען. אין די אוקראַינישע געביטן איז אויסגעפאַלן 9.6 יידן אויף אַ דאָרף, אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט 8.5 (אריינגערעכנט די זויג־קינדער), אין די גרויספּוילישע וואָיעוואָדשאַפטן (היינט לאָדזשער וואָיעוואָדשאַפט) 7.2 און אין דער קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט נאָך ווייניקער, 7.1.

נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער צעברעקלונג פון דער דאָרפישער יידישער באַפעלקערונג, זיינען יידן געווען באַזעצט בלויז אין אַ טייל דערפער און דער גרויסער רוב דערפער אין פּוילן האָט בכלל נישט געהאַט קיין יידישע באַפעלקערונג. אויף 2628 דערפער, וואָס זיינען געווען אין דער אַמאָליקער קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט (היינט קראָקעווער און קעלצער) האָבן יידן געוואוינט אין 810, ד"ה בלויז אין 31 פון 100, הכלל ווייניקער ווי אין אַ דריטל. אַ סך קלענער איז געווען דער פּראָצענט דערפער, וואו עס האָבן געוואוינט יידן אין דעם מערב־טייל פון פּוילן, אין גרויספּוילן. אויפן שטח פון דער היינטיקער לאָדזשער וואָיעוואָדשאַפט האָבן יידן געוואוינט בלויז אין 431 דערפער, בעת די צאָל דערפער האָט דאָרט באַטראָפן 8,788. יידן האָבן בכן געוואוינט בלויז אין 5 פּראָצענט פון אַלע דערפער אויף יענעם שטח. און נישט גענוג וואָס אין דאָרף איז איין אָדער צוויי יידישע פאַמיליעס געווען בטל בששים צווישן די אָרטיקע פויערים, האָבן זיי נאָך געהאַט על־פּי־רוב צו גיין מיילן ווייט, כדי זיך צו טרעפן מיט אַ יידישן ישובניק פון אַן אַנדער דאָרף.

פון דער שטאָטישער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט באַטראָפן, ווי מיר האָבן געזען, בערך צוויי דריטל פון די יידן אין פּוילן, איז אויך אַ גרויסער טייל געווען צעזייט אין קליינע שטעטלעך, וואָס סיי לויט זייער עקאָנאָמישן כאַראַקטער, סיי אַפילו לויט זייער אויסערלעכן אויסזען, זיינען זיי גיכער געווען ענלעך צו גרויסע דערפער, איידער צו היינטיקע שטעט. אויף 431 יידישע קהילות אין די אוקראַינישע פּראָווינצן זיינען געווען 111 אַזעלכע שטעטלעך, וואָס האָבן געציילט ווייניקער ווי צו 100 יידישע נפשות. אויף 41 יידישע קהילות אין דער אַמאָליקער קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט זיינען געווען 18 אַזעלכע קליינע שטעטלעך, וואו די יידישע באַפעלקערונג האָט נישט באַטראָפן קיין 100 נפשות, אויף 43 יידישע קהילות אויפן שטח פון דער היינטיקער לאָדזשער וואָיעוואָדשאַפט, האָבן 20 שטעטלעך געציילט ווייניקער ווי צו 100 יידישע נפשות. אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט איז די צאָל אַזעלכע קליינע יידישע קהילות געווען לפּי־ערך קלענער און האָט באַטראָפן 7 פון 41. אין פּראָצענטן האָט די צאָל יידישע קליינטשיקע שטעטלדיקע ישובים מיט ווייניקער ווי 100 יידישע נפשות באַטראָפן:

אויפן שטח פון דער לאָדזשער וואָיעוואָדשאַפט 46 פּראָצענט, קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט 44 פּראָצענט, אוקראַינישע פּראָווינצן 26 פּראָצענט און אין

דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט 17 פּראָצענט פון דער צאָל שטעט און שטעטלעך, וואָס זיינען געווען באַוואוינט דורך יידן.

אויב מיר וועלן איינטיילן די שטאָטישע יידישע ישובים אויף צוויי קאַטעגאָריעס, אַזעלכע וואו די יידישע באַפעלקערונג האָט נישט באַטראָפן קיין 500 נפשות און ישובים מיט 500 נפשות און מער, באַקומען מיר אַזאַ פּראָפּאָרציע:

| וואָיעוואָדשאַפט | אַלגעמיינע צאָל שטעט באַוואוינט דורך יידן | צאָל שטעט ייד. נפשות ביז 500 | אין פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל קהילות | צאָל שטעט מיט 500 ייד. נפשות און מער | אין פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל קהילות |
|---|---|---|---|---|---|
| לאָדזשער (אין די היינטיקע גרענעצן) | 43 | 37 | 86 | 6 | 14 |
| קראָקעווער — — — — — — — | 41 | 34 | 83 | 7 | 17 |
| לובלינער — — — — — — — — | 41 | 29 | 71 | 12 | 29 |
| וואָיעוואָדשאַפטן מיט אַן אוקראַינישער באַפעלקערונג — — — — | 431 | 330 | 77 | 101 | 23 |

ווי מיר זעען, איז אין פאַרשידענע געגענטן פון מערב־פוילן, צענטראַל־פוילן און אוקראַינע די צאָל קליינע יידישע קהילות מיט אַ באַפעלקערונג ווייניקער ווי 500 יידישע נפשות געווען אַזוי איבערוויגנדיק, אַז זי האָט באַטראָפן פון 71 פּראָצענט ביז 86 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל יידישע שטאָטישע ישובים. אין אַלגעמיין קומט אויס, אַז אין קרוינפוילן האָבן די יידישע קהילות מיט ווייניקער ווי 500 יידישע נפשות באַטראָפן מער ווי דריי פערטל פון דער אַלגעמיינער צאָל יידישע ישובים אין די שטעט, און ווייניקער ווי אַ פערטל פון דער צאָל שטעט מיט אַ יידישער באַפעלקערונג האָט געציילט מער ווי צו 500 יידן.

אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס די צאָל קליינע יידישע שטאָט־ישובים איז געווען אַזוי גרויס איז אָבער דער איבערוויגנדיקער רוב פון דער יידישער שטאָטישער באַפעלקערונג אין פוילן געווען קאָנצענטרירט דווקא אין די גרעסערע שטעט און שטעטלעך, וואָס האָבן געציילט מער ווי צו 500 יידישע נפשות. די צאָל יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין שטעט מיט אַ באַפעלקערונג פון 500 יידישע נפשות און מער, האָט באַטראָפן אַזאַ פּראָצענט לגבי דער גאַנצער יידישער שטאָטישער באַפעלקערונג פון דער געגעבענער טעריטאָריע:

| | פּראָצענט |
|---|---|
| אין דער לאָדזשער וואָיעוואָדשאַפט — — — — — — | 45 |
| אין דער קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט — — — — — | 61 |
| אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט — — — — — | 61 |
| אין די וואָיעוואָדשאַפטן מיט אַן אוקר. באַפ. — — | 62 |

מיר זעען בכן, אַז מיטן אויסנאַם פון דער לאָדזשער וואָיעוואָדשאַפט האָבן אין פאַרשידענע געגנטן פון פוילן מער ווי דריי פינפטל פון דער יידישער שטאָטישער באַפעלקערונג געוואוינט אין שטעט, וואָס האָבן געציילט לכל־הפחות צו 500 יידישע נפשות.

די צאָל שטעט מיט אַ יידישער באַפעלקערונג גרעסער ווי 1000 נפשות האָט אין דער גאַנצער פוילישער מלוכה לויט דער אָפיציעלער ציילונג באַטראָפן בערך 50. פאַרשטייט זיך, אַז אין דער ווירקלעכקייט איז די צאָל יידישע קהילות פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע געווען אַ סך גרעסער, ווייל די צאָל יידן איז אומעטום אַנגעגעבן געוואָרן מיט אַ באַדייטנדיקן פּראָצענט קלענער. לויט דער ציילונג פון יאָר 1764 זיינען געווען די גרעסטע יידישע שטאָטישע קהילות אין דער מלוכה:

| | צאָל יידן אין עלטער העכער 1 יאָר | צאָל זויג־קינדער*) | סך־הכל ייד. נפשות |
|---|---|---|---|
| **אין גרויספוילן:** | | | |
| ליסע (לעשנאָ) — — | 4724 | 265 | 4989 |
| פּויזן **) — — — | 1951 | 109 | 2060 |
| קראָטאָשין — — — | 1656 | 93 | 1749 |
| זלאָטאָווע (פלאַטוי) — | 1027 | 58 | 1085 |
| **אין מאַזאָוויע:** | | | |
| וואַרשע ***) — — — | 1274 | 91 | 1365 |
| **אין קליינפוילן:** | | | |
| קראָקע (קאַזמאַרק) — | 3309 | *149 | 3458 |
| פּינטשעוו — — — — | 2049 | 115 | 2164 |
| אַפּט (אָפּאַטאָוו) — — | 1675 | 94 | 1769 |
| לובלין — — — — | 1383 | *77 | 1460 |
| כמיעלניק — — — — | 1132 | 63 | 1195 |
| ווישניץ — — — — | 979 | 55 | 1034 |
| וואָדזשיסלאַוו — — — | 955 | *47 | 1002 |
| **אין די אוקראַינישע פּראָווינצן:** | | | |
| אין רויטרייסן (מזרח־גאַליציע): | | | |
| בראָד — — — — — | 6740 | *458 | 7198 |
| לעמבערג — — — — | 5918 | *241 | 6159 |
| זשאָלקווע — — — — | 1814 | *203 | 2017 |
| טאַרנאָפּאָל — — — — | 1161 | *85 | 1246 |
| זלאָטשעוו — — — — | 1088 | *62 | 1150 |
| קאַלוש — — — — | 1087 | *60 | 1147 |
| שניאַטין — — — — | 1011 | *100 | 1111 |

| | | | |
|---|---|---|---|
| פידהאַיעץ | 1011 | *68 | 1079 |
| קאַלאָמיי | 985 | *87 | 1072 |
| ביטשאַטש | 988 | *67 | 1055 |
| נאַדווערנע | 937 | *65 | 1002 |
| **אין וואָלין:** | | | |
| זאַסלאַוו | 2047 | 115 | 2162 |
| דובנע | 2005 | 112 | 2117 |
| אָסטראָ (אָסטראָג) | 1777 | 100 | 1877 |
| לודמיר (וולאַדימיר) | 1327 | 74 | 1401 |
| אַלט קאָנסטאַנטינאָוו | 1319 | 74 | 1393 |
| לויצק (לוצק) *) | 1116 | 62 | 1178 |
| **אין אוקראַינע:** | | | |
| (קיעווער וואָיעוואָדשאַפט): | | | |
| שוואַרץ־טומאה (ביעליצערקעוו) | 1457 | 82 | 1539 |
| בערדיטשעוו | 1220 | 68 | 1288 |
| **אין פּאָדאָלע:** | | | |
| סאַטאַנאָוו | 1369 | 76 | 1445 |
| הוסיאַטין | 1144 | 64 | 1208 |
| זשוואַניעץ | 1134 | 64 | 1198 |
| דונייגראָד | 1129 | 63 | 1192 |
| מעזיבוז | 2039 | (אין דער שטאָט צוזאַמען מיט די סביבות פון דער קהילה) **) | |
| שאַריגראָד | 2219 | | |
| באַר | 1477 | | |
| כמיעלניק | 1417 | | |
| **אין ליטע:** | | | |
| ווילנע ***) | 3222 | 177 | 3399 |
| בריסק | 3175 | (אין דער שטאָט צוזאַמען מיט די סביבות פון דער קהילה) **) | |
| גראָדנע | 2418 | | |
| מינסק | 1322 | | |
| פינסק | 1277 | 72 | 1349 |

פון 44 שטעט, וואָס האָבן לויט ציילונג פון יאָר 1764 געהאַט אַ יידישע באַפעלקערונג העכער טויזנט נפשות, איז אויסגעקומען אויף מערב־ און צענטראַל־פוילן — 12, אויף די אוקראַינישע געביטן

*) די שטעט, וואו די צאָל זויג־קינדער איז אָנגעגעבן אין דער ציילונג גופא, האָבן מיר באַצייכנט מיט אַ שטערנדל (*). אין די איבעריקע שטעט האָבן מיר באַרעכנט די צאָל זויג־קינדער לויט דער אויבן־דערמאָנטער פּראָפּאָרציע פון 5.6% לגבי דער צאָל נפשות, וואָס זיינען געווען עלטער ווי אַ יאָר.

**) די פויזנער יידישע קהילה איז אָפּגעברענט געוואָרן דעם 4טן אויגוסט 1764, ד. ה. בערך אַ פינף חדשים פאַר דער ציילונג. מיר מעגן בכן אָננעמען, אַז פאַר דער שרפה האָט דאָרט די צאָל יידן באַטראָפן בערך 2500, בפרט, אַז די שפּעטערדיקע ציילונג, פון יאָר 1793, האָט אויפגעוויזן אין פויזן 3021 יידן.

***) דער ציילונגס־רעגיסטער פון יאָר 1764 ווייזט אויף אין וואַרשע 1274 יידישע נפשות אין עלטער העכער אַ יאָר. אין סך־הכל ווערן דאָרט צוגערעכנט נאָך 1245 מיט־גלידער פון די וואַרשעווער יידישע פאַמיליעס, וואָס זיינען געבליבן אין זייערע היים־שטעט, צוזאַמען מיט די, וואָס האָבן געוואוינט אין וואַרשע, 2519 נפשות. פאַרשטייט זיך, אַז מיר

— 27 און אויף ליטוויש־ווייסרוסישע געביטן — 5. צוויי דריטל פון אַלע יידישע שטאָטישע קיבוצים פון דער דאָזיקער גרויס האָבן זיך בכן געפונען אין דרום־מערב פון דער מלוכה, אין די אוקראַינישע געביטן.

שטאָטישע קהילות מיט העכער צוויי טויזנט יידישע נפשות זיינען אין דער גאַנצער פוילישער מלוכה געווען בלויז די וייטערדיקע 12: בראָד (7198), לעמבערג (6159), ליסע (4989), קראָקע (3458), ווילנע (3,399), בריסק (3175 מיט די סביבות), גראָדנע (2,418 מיט די סביבות), פינטשעוו (2164), זאַסלאַוו (2162), דובנע (2,117), פויזן (2,060) און זשאָלקווע (2,017).

ווי מיר זעען, האָבן זיך טאַקע אין אַלע גרעסטע שטעט פון פוילן, ווי וואַרשע, קראָקע, לעמבערג, פויזן און ווילנע, געפונען יידישע קהילות וואָס האָבן זיך געציילט צווישן די גרעסטע אין לאַנד. דאָך איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער תקופה אַז די גרעסטע יידישע קהילה אין דער פוילישער מלוכה האָט זיך געפונען אין בראָד, און אַז אויך די דריטע גרעסטע יידישע קהילה, ליסע, איז געווען אַ פריצישער פּריוואַט־באַזיץ און נישט קיין קיניגלעכע שטאָט. די דאָזיקע דערשיינונג איז געווען אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס דווקא אין די גרעסטע שטעט פון פוילן האָבן יידן אָנגעטראָפן אויף די שווערסטע מניעות ביים באַזעצן זיך און האָבן נישט געקאָנט אומגעשטערט באַשעפטיקן זיך מיט האַנדל און מלאכה. אין אַ גרויסן טייל קלענערע שטעט, בפרט אין די קיניגלעכע שטעט און אין די שטעט וואָס זיינען געווען אַן אייגנטום פון דער קירך, האָבן יידן צו יענער צייט בכלל נישט געטאָרט וואוינען. אין דער קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט האָבן יידן געוואוינט בלויז אין 41 שטעט און שטעטלעך, בעת די דאָזיקע וואָיעוואָדשאַפט האָט געציילט 76 שטאָטישע ישובים, ד״ה, אַז יידן האָבן זיך געפונען בלויז אין 54 פּראָצענט פון די דאָרטיקע שטעט און שטעטלעך. נאָך קלענער איז געווען די דאָזיקע פּראָפּאָרציע אויפן שטח פון דער הייַנטיקער לאָדזשער וואָיעוואָדשאַפט: אויף 84 שטאָטישע ישובים האָבן יידן דאָרט געוואוינט בלויז אין 43, ד״ה בערך אין אַ העלפט (51 פּראָצענט).

דעם פּראָצענט, וואָס יידן האָבן באַטראָפן אין

קענען דאָ נעמען אין אַכט בלויז די צאָל יידן, וואָס האָבן לויט דער אָפיציעלער ציילונג פאַקטיש געוואוינט אין וואַרשע. אין יאָר 1792 האָט שוין די יידישע באַפעלקערונג פון וואַרשע באַטראָפן 6750 נפשות.

*) אין לויצק זיינען צווישן 1116 יידישע נפשות געווען 1012 רבנישע יידן און 104 קראַימער.

**) אין די ציילונג־רשימות פון די דאָזיקע קהילות זיינען אַריינגערעכנט די יידן פון די אַרומיקע דערפער.

***) אַ חוץ 3399 יידן אין ווילנע גופא זיינען נאָך אָנגעציילט געוואָרן אין די ווילנער פאַרשטעט: שניפּישאָק — 150 יידן און אַנטאָקאָל — 338 יידן.

די באַזונדערע שטעט לגבי דער גאַנצער שטאָט־באַפעלקערונג אין יאָר 1764, איז נישט מעגלעך צו באַרעכענען דערפאַר, וואָס די נישט־יידישע באַפעלקערונג איז דעמאָלט נאָך נישט געציילט געוואָרן. פאַר די שפעטערדיקע יאָרן האָבן מיר יאָ ציילונגען פון באַזונדערע שטעט, וואו דערביי איז אויך אָנגעגעבן די צאָל יידן. אין וואַרשע האָט די גאַנצע באַפעלקערונג אין יאָר 1792 געציילט 81,271 נפשות, דערפון 6,750 יידן, ד"ה בערך 8 פראָצענט. אין קראָקע האָבן יידן אין יאָר 1787 באַטראָפן 15.5 פראָצענט לגבי דער גאַנצער שטאָט־באַפעלקערונג, אין פויזן אין דער זעלבער צייט — בערך 25 פראָצענט. אין די גרעסערע פריוואַטע שטעט בראָד, ליסע, פינטשעוו זיינען יידן געווען דער רוב פון דער שטאָט־באַפעלקערונג. אויך אין די קליינע פריוואַטע שטעט האָבן יידן לרוב געהאַט אַן איבערוואָג אין דער צאָל לגבי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. אין אַזעלכע שטעטלעך פון דער לאָדזשער וואָיעוואָדשאַפט ווי לאסק (941 יידן), סטריקאָוו (515 יידן), האָבן יידן באַטראָפן פון 80 ביז 90 פראָצענט פון אַלע שטאָט־איינוואוינער. אין אַ רייע געגענטן פון פוילן האָט דער פאַרבאָט פאַר יידן צו וואוינען אין אַ גרויסער צאָל שטעטלעך געבראַכט אַ נידעריקע פראָפאָרציע פון שטאָטישע יידן לגבי דער גאַנצער שטאָטישער באַפעלקערונג פון דער וואָיעוואָדשאַפט. אַזוי, למשל, באַווייזט די ציילונג פון יאָר 1787 אין דער קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט, אַז שטאָטישע יידן האָבן באַטראָפן בלויז קנאַפע 15 פראָצענט פון דער אַלגעמיינער שטאָטישער באַפעלקערונג. אויך אין קלענערע קיניגלעכע שטעט, וואו יידן האָבן יאָ געמעגט וואוינען, זיינען זיי בדרך כלל געווען אַ מינדערהייט. אין סך־הכל האָבן אָבער יידן אין דער גאַנצער פוילישער מלוכה, אַדאַנק דער שטאַרקער איבערוואָג אין די קליינע שטעט און שטעטלעך, באַטראָפן אַ גרעסערע צאָל איידער די קריסטלעכע שטאָטישע באַפעלקערונג. לויט דער באַרעכענונג פון פוילישן היסטאָריקער טאַדעאוש קאָרזאָן, האָט די גאַנצע קריסטלעכע שטאָטישע באַפעלקערונג פון דער פוילישער מלוכה אַרום יאָר 1790 באַטראָפן בערך 500,000 נפשות. די צאָל יידן האָט אין דער זעלבער צייט דערגרייכט, ווי מיר האָבן אויבן אויסגעפירט, אַרום 800,000 (קאָרזאָן נעמט אָן לויט טשאַצקין די צאָל 900,000 יידן). אויב מיר רעכענען אַראָפ אַ דריטל יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין די דערפער, באַקומט זיך די צאָל שטאָטישע יידן קיילעכדיק 535,000 נפשות. עס זיינען בכן געווען אין גאַנץ פוילן מער שטאָטישע יידן איידער קריסטלעכע מיעשטשאַנעס! די אַלגעמיינע צאָל יידן אין לאַנד, שטאָטישע און דאָרפישע, איז געווען גרעסער איידער די צאָל שלאַכטע, וואָס ווערט באַרעכנט פאַר דער זעלבער צייט אין דער גרויס פון 725,000. די גאַנצע באַפעלקערונג פון פוילן האָט באַטראָפן אין יאָר 1790, לויט די זעלבע אויסרעכענונגען, קנאַפע 9 מיליאָן (8,790,000). יידן האָבן בכן באַטראָפן בערך 9 פראָצענט פון דער באַפעלקערונג פון דער אַמאָליקער פוילישער מלוכה ערב איר אונטערגאַנג.

## 3. די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין פוילן אין 17־18טן י"ה

צוויי גרונט־דערשיינונגען וואַרפן זיך אין די אויגן, ווען מען באַטראַכט דעם באַפעלקערונג־מצב פון יידן אין דער אַלטער פוילישער מלוכה אין די לעצטע אָנדערטהאַלבן יאָרהונדערט פון איר עקזיסטענץ. אַ געוואַלדיקער וואוקס פון דער צאָל דאָרפס־יידן, וואָס האָט אין דער מיט פון 18טן י"ה דערגרייכט, ווי מיר האָבן געזען, בערך אַ דריטל פון דער יידישער באַפעלקערונג און די צעשפרייטונג פון יידן איבער די קליינע שטעט און שטעטלעך, וואָס זיינען על־פי־רוב, פונקט ווי די דערפער, געווען פריוואַטע באַזיצונגען פון די פריצים. די דאָזיקע איבערגרופירונגען פון וואוין־ערטער פון יידן איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער עקאָנאָמישער און פאָליטישער ירידה, וואָס דאָס לאַנד האָט אַדורכגעמאַכט אין יענער תקופה. די איינשרומפונג פון האַנדל און אינדוסטריע אין די גרויסע שטעט, פון איין זייט, און דאָס פעאָדאַלע אָפשליסן זיך פון עקאָנאָמישן לעבן אין דאָרף, פון דער צווייטער זייט, האָט געוואַלטיק באַגרענעצט די מעגלעכקייטן פון ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט פאַר די שטאָטישע יידן, בפרט אויפן געביט פון האַנדל. די פאָליטישע באַדינגונגען אין די שטעט, ווי דער קאָנקורענץ־קאַמף מצד די קריסטלעכע שטאָטס־לייט האָט זיך נאָך שאַרפער צעפלאַקערט צוליב די פאַרשמעלערטע ראַמען פון האַנדל און מלאכה, זיינען געווען אַ ווייטערדיקער פאַקטאָר, וואָס האָט געשטויסן יידן צו זוכן פאַר זיך פרנסה־מעגלעכקייטן אין די פריצישע שטעטלעך און דערפער. אין דעם פעאָדאַל־פאַרגליווערטן עקאָנאָמישן לעבן האָבן יידן אויסגעפירט די פונקציע פון עקאָנאָמישע פאַרמיטלער צווישן דעם פריץ און די פויערים אין דאָרף און צווישן אים און די מיעשטשאַנעס אין דעם קליינעם שטעטל. אויך די לויזע ווירטשאַפטלעכע פאַרבינדונג צווישן דאָרף און צווישן דעם שטעטל, דער אויסטויש פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע פראָדוקטן אויף די שטעטלדיקע סחורות, איז איבערגענומען געוואָרן על־פי־רוב דורך די קליינשטעטלדיקע אין דאָרפישע יידן.

די יידישע פראָפעסיאָנעלע סטרוקטור האָט זיך
געקומען אַ ריזיקע צאָל יידישע אַרענדאַרן, קרעטשמער
געענדערט קודם־כל דורך דעם, וואָס עס איז אויפ־
און שענקערס. ביי די דאָרפס־יידן זיינען אַרענדע־

קרעטשמעריי און שענקעריי געווען כמעט די אויסשליסלעכע באַשעפטיקונגען, אָבער אויך אין די שטעטלעך, און אין די מזרח־געביטן אפילו אין גרעסערע שטעט, איז אַרענדע און שענקעריי געווען די פרנסה פון אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין סך־הכל האָט אין 18טן י"ה מער ווי אַ דריטל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן געצויגן פרנסה פון שענקעריי אין פאַרשידענע פאָרמען (אַרענדע פון גוראַלניעס, בריי־הייזער, קרעטשמעס, שענקען). אין דער זעלבער צייט האָט זיך אָבער אויך האַנטווערק אַזוי שטאַרק פאַרשפרייט צווישן שטאָטישע יידן און אפילו צווישן אַ טייל דאָרפישע יידן, אַז די בעלי־מלאכות מיט זייערע פאַמיליעס האָבן באַטראָפן לכל־הפחות אַ פערטל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער מלוכה. דער האַנדל איז נאָך אַלץ געבליבן איינע פון די הויפּט־באַשעפטיקונגען פון יידן אין פוילן, אָבער בלויז אין אַ טייל גרעסערע שטעט האָט ער געהאַט די איבערוואָג לגבי די אַנדערע באַזונדערע יידישע פרנסה־צווייגן. אין די קליינע שטעט און שטעטלעך, אין די מיטעלע שטעט און אפילו אין אַ טייל גרויסע שטעט איז די צאָל יידן באַשעפטיקטע אין האַנטווערק בדרך־כלל געווען גרעסער, איידער די צאָל יידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט מסחר! דאָס געלט־לייען, וואָס האָט אין 16טן י"ה נאָך געשפילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע צווישן יידישע פרנסות, איז אין 17טן און 18טן י"ה בלויז אין אַ טייל גרעסערע קהילות געבליבן די הויפּט־באַשעפטיקונג פון אַן אומבאַדייטנדיקן פּראָצענט יידן. די אַרענדע פון מלוכהשע הכנסות, וואָס פלעגט אין דער פריערדיקער תקופה, בפרט אין די מזרח־געביטן, געבן באַשעפטיקונג אַ באַדייטנדיקער צאָל יידן, סיי גרויסע קאַפּיטאַליסטן, סיי נאָך מער יידן פון מיטעלן און אָרימען קלאַס ווי אונטערפאַכטער און שרייבער, האָט נאָך ביז צום סוף פון 17טן י"ה געשפילט אַ געוויסע ראָלע ווי אַן אינוועסטיציע־מעגלעכקייט פאַר גרויסע יידישע קאַפּיטאַלן, אָבער אין 18טן י"ה איז זי געוואָרן אַ זעלטנקייט אַפילו אין דעם דאָזיקן באַגרענעצטן פאַרנעם. סיי דער פאַקט, וואָס די שלאַכטע האָט איצט געהאַט די פולשטענדיקע סאָציאַלע און פּאָליטישע העגעמאָניע אין לאַנד, סיי דער געוואַלטיקער וואוקס פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם און אומטאָלעראַנץ, האָבן געפירט צו דעם, אַז יידן זיינען כמעט אינגאַנצן אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דעם דאָזיקן פרנסה־צווייג, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער מלוכה־אַדמיניסטראַציע.. נאָך דעם געזעץ פון 1699, וואָס האָט באַנייט דעם פאַרבאָט פאַר יידן צו פאַכטן מלוכה־הכנסות, טרעפן מיר יידן בלויז אין געציילטע צאָל־קאַמערן פון דער מלוכה, בעיקר אין ליטע (פּאַלאַצק, דיסנע) און דאָס אויך ניט אַלס דירעקטע פאַכטער, נאָר אַלס אונטערפאַכטער, שרייבער און פאַרוואַלטער. די זעלבע פּאָליטישע און קולטורעלע פאַרהעלטענישן האָבן אויך געווירקט, אַז אין גאַנץ פוילן, מיטן אויסנאַם פון ליטע, האָבן איצט פריצים זעלטן איבערגעגעבן יידן די פאַכט פון זייערע גיטער. יידישע אַרענדאַרן זיינען קיינמאָל אין פוילן ניט געווען אַזוי שטאַרק פאַרשפרייט, ווי אין 18טן י"ה, אָבער זיי פלעגן געוויינלעך אַרענדירן די פריצישע הכנסות, וואָס זיינען נישט געווען דירעקט פאַרבונדן מיט דער אַדמיניסטראַציע פון די גיטער: דאָס פריצישע בריי־הויז און די גוראַלניע, דעם פריצישן בראָנפן־מאָנאָפּאָל, פריצישע קרעטשמעס און שענקען, פריצישע מילן, די מילך־ווירטשאַפט און אָפּצאָלן פאַרן פריץ פון ראָגאַטקעס, וועגן און בריקן. ווי אַ רעזולטאַט פון דער זעלבער פּאָליטישער און רעליגיעזער אונטערדריקונג איז פאַר יידן פולשטענדיק פאַרמאַכט געוואָרן די מעגלעכקייט פון פרייען ערד־באַזיץ. לאַנדווירטשאַפט ווי אַ יידישע הויפּט־באַשעפטיקונג איז פאַרשוואונדן אין גאַנץ פוילן מיטן אויסנאַם פון געוויסע געגענטן אין ליטע און ווייסרוסלאַנד. ווי אַ נעבן־באַשעפטיקונג זיינען אָבער דווקא אין דער דאָזיקער תקופה פאַרשידענע צווייגן פון דער לאַנדווירטשאַפט געווען שטאַרקער פאַרשפרייט, איידער אין דער פריערדיקער תקופה: האָט דאָך דער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג געוואוינט אין דערפער און קליינע שטעטלעך, וואו דאָס לעבן איז נישט געווען קיין סך אַנדערש, ווי אין דאָרף.

אין סך־הכל איז אין משך פון דער צווייטער העלפט פון 17טן און אין 18טן י"ה פאָרגעקומען אַן איבערשיכטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין צוויי פאַרקערטע ריכטונגען: פון איין זייט האָט זיך אין דער פוילישער מלוכה מער ווי אַ דריטל יידן אָנגעזאַמלט אין דער צום ווינציקסטן פּראָדוקטיווער אַרענדאַריש־שענקערישער פּראָפעסיע. פון דער צווייטער זייט האָט זיך, לכל־הפחות, אַ פערטל פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג קאָנסאָלידירט אויף דעם פּראָדוקטיוון געביט פון פאַרשידענע מלאכה־צווייגן. אין דער מיט, צווישן די צוויי עקסטרעמען אין יידישע פרנסות, איז געבליבן דער האַנדל, טראַנספּאָרט און קאָמוניקאַציע, און ווי אַ צולאָג, אַ ביסל פרייע פּראָפעסיעס, כלי־קודש און לופט־פרנסות. דער יידישער האַנדל גופא האָט אָבער אויך געענדערט זיין אַמאָליקע סטרוקטור, אין שייכות מיט דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער ירידה פון לאַנד. דער יידישער גרויס־מסחר, פונקט ווי דער הורט־האַנדל פון קריסטלעכע סוחרים, איז שטאַרק רעדוצירט געוואָרן, דאַקעגן איז ריזיק אויסגעוואַקסן די צאָל יידישע קרעמער און הענדלער, גאַסן־פאַרקויפער און פעדלערס, מעקלערס און פאַקטאָרס מכל־המינים. בדרך־כלל איז דער סאָציאַלער מצב פון יידן פונקט

ווי פון די מיעשטשאַנעס און פּויערים שטאַרק אַראָפּ־געגידעריקט געוואָרן אין דער תקופה פון „שלאַכטעצ־קער פרייהייט" אין פּוילן. דער יידישער שענקער האָט געלעבט אין נויט און דחקות, פּונקט ווי דער יידישער קרעמער און מעקלער. דער זעלבער אָרימאַן איז געווען דער יידישער שניידער און היטלמאַכער. איינער פון די בולטע סימנים פון גרויסן דלות איז געווען די אָפטע דערשיינונג פון טאָפּלטע פרנסות ביי יידן: בעלי־מלאכות זיינען געווען גלייכצייטיק שענקערס אָדער קרעמערס, ווייל זיי האָבן נישט גע־קאָנט אויסקומען פון זייער מלאכה, און פאַרקערט, קרעמערס און שענקערס פלעגן אין אַרבעטס־סעזאָן זיך פאַרנעמען מיט שניידעריי, קירזשנעריי און אַנ־דערע מלאכות. די שטייגנדיקע פאַראָרימונג פון די יידישע מאַסן האָט אַרויסגעבראַכט די גרעסטע צאָל פרנסהלאָזע און בעטלערס אין דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן. לויט דעם עדות פון דערמאָנטן פּוי־לישן שטאַטסמאַן טאַדעאוש טשאַצקי, איז צום סוף פון 18טן י"ה בערך יעדער 10טער ייד אין פּוילן געווען פרנסהלאָז און ברויטלאָז. דאָס איז געווען דער גורל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער תקופה פון דער אַלמעכטיקייט פון איר „שררה", דעם פּריץ.

לאָמיר איצט זיך גענויער באַקענען מיט דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון יידן אין פּוילן אין 18טן י"ה אויפן יסוד פון די דאָטן פון די ציילונגען.

### א) די באַשעפטיקונגען פון די דאָרפס־יידן

די באַשעפטיקונג פון יידן אין די דערפער פון דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט, וואָס מיר האָבן אויס געפאָרשט אויפן יסוד פון דער ציילונג פון יאָר 1764, שטעלן זיך פאָר אַזוי:

טאַבעלע 1.
דאָרפס־יידן אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט אין יאָר 1764

| צאָל יידישע נפשות | צאָל יידישע משפחות | אַרענדאַרן | קרעטשמערס | שענקערס | וויינערס | מילכיקערס | בעלי־מלאכות | מלמדים און פאַרש. באַרופן | באַרופן נישט אָנגעגעבן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 6086 | 1401 | 539 | 478 | 124 | 95 | 12 | 20 | 16 | 117 |
| אין % | 100 | 39 | 34 | 9 | 7 | 1 | 1 | 1 | 8 |

ווי מיר זעען, האָט אין דער לובלינער וואָיע־וואָדשאַפט דער פּראָצענט דאָרפס־יידן, וואָס האָבן געצויגן חיונה פון אַרענדע און שענקעריי באַטראָפן 89, קרוב ניין צענטל פון אַלע דאָרפישע יידישע משפחות. אין אוקראַינע און פּאָדאָליע איז דער פּראָצענט אַרענדאַרן, קרעטשמער און שענקער צווישן דאָרפס־יידן געווען בערך עפּעס קלענער, דערפאַר וואָס יידישע בעלי־מלאכות פלעגט מען דאָרט אין די דערפער טרעפן אַ סך אָפטער איידער אין קליינפּוילן. אין דער קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט זיינען די באַ־רופן פון אַ גרויסן טייל דאָרפס־יידן נישט פאַרצייכנט געוואָרן און נאָר דערפאַר קומט דאָרט אויס דער פּראָצענט אַרענדאַרן, קרעטשמערס און שענקערס קלענער איידער אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט: אין די קהילות נייסאַנץ, דוקלע, פּיליץ, שטשעקאָטשין און זשאַרקי זיינען 76 פּראָצענט פון דאָרפס־יידן פאַר־צייכנט געוואָרן ווי אַרענדאַרן, קרעטשמערס, אָדער שענקערס. אין רויטרייסן (מזרח־גאַליציע) זיינען בלויז בערך 50 פּראָצענט פון דאָרטיקע דאָרפס־יידן פאַרצייכנט געוואָרן ווי אַרענדאַרן, קרעטשמערס און שענקערס, אָבער די צאָל פאַמיליעס, וואָס זייער באַרוף איז נישט אָנגעגעבן געוואָרן, באַטרעפט דאָרט פון 31 ביז 34 פּראָצענט. מיר קענען דערפאַר אָנ־נעמען, לויט דער אַנאַלאָגיע פון דער סטאַטיסטיק פון די שכנותדיקע טעריטאָריעס פון מערב (קליינפּוילן) און מזרח (פּאָדאָליע און אוקראַינע), אַז די דאָזיקע פאַמיליעס אָן פאַרצייכנטע באַרופן זיינען אויך געווען כמעט אויסשליסלעך באַשעפטיקט אין אַרענדע און שענקעריי.

דער קליינער פּראָצענט דאָרפסיידן, בערך 10־15 פּראָצענט, וואָס האָט נישט געלעבט פון אַרענדע און שענקעריי, איז באַשטאַנען פון מילנער, קרעמער, מעקלער, מילכיקער, בעלי־מלאכות און מלמדים. די דאָרפישע יידישע בעלי־מלאכות זיינען על־פּי־רוב גע־ווען שניידער, צום קלענערן טייל קצבים, עס טרעפן זיך אָבער אויך דאָרפישע היטלמאַכער, אַשנברענער (פּאָטאַזשניקעס), פעלדשערס און אין זעלטענע פאַלן אויך שוסטערס און שלאָסערס. קרעמעריי ווי אַ זעלבסטשטענדיקער באַרוף איז געווען זעלטן דערפאַר, וואָס די קרעטשמערס פלעגן אָפט האַלטן אין דער קרעטשמע אַ קליינע קראָם.

צווישן בערך ניין צענטל דאָרפס־יידן, וואָס האָבן געלעבט פון אַרענדע, קרעטשמעריי און שענקעריי איז געווען אויסגעשפּרייט גאָר אַ ווייטע סקאַלע פון סאָציאַלע אונטערשידן. דער רייכסטער שיכט זיינען געווען די גרויסע אַרענדאַרן, וואָס פלעגן דינגען די־רעקט ביים פּריץ אַלע קרעטשמעס, וואָס האָבן זיך גע־פונען אין זיינע דערפער. סיי אין די ציילונגס־

רשימות פון דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט, סיי אין דער קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט און אין אוקראַינע ווערן דערמאָנט קרעטשמער אין די זעלבע דערפער וואו עס ווערן אויסגערעכנט אַרענדאַרן, ד״ה, אַז דאָס זיינען געווען צוויי פאַרשידענע קאַטעגאָריעס. די אייגנטלעכע אַרענדאַרן פלעגן דינגעןביים פריץ דירעקט די קרעטשמע אָדער עטלעכע קרעטשמעס, וועלכע זיי פלעגן באַזעצן מיט יידישע אונטערפּאַכטערס, קרעטשמערס. אין אַ טייל געביטן פון דער קראָקעווער און פון דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט איז וועגן די אַרענדאַרן פאַרצייכנט געוואָרן, אַז זיי האָבן געהאַלטן אין פאַכט די בריי־הייזער. די דאָרפישע אַרענדאַרן פלעגן אויך פאַכטן בראָנפן־ברענערייען (גוראַלניעס), מילן און אָפּצאָלן פון ראָגאַטקעס, וועגן און בריקן. אין אַ טייל דערפער האָבן די פריצים איינגעפירט פאַר די פויערים אַ צוואַנג פון מינימום־געברויך פון בראָנפן און ביר און געהאָלפן דעם אַרענדאַר אַדורכצופירן דעם דאָזיקן צוואַנג אין דער פּראַקטיק. געווען אַזעלכע דערפער, וואו דער פריץ האָט אַרויפגעלייגט אויף די פויערים אַ פליכט, אַז זיי מוזן פאַרקויפן זייער גאַנצן תבואה־שניט דעם אַרענדאַר. אַנדערע פריצים, ווי די פירשטין אַננאַ יאַבלאָנאָווסקאַ, האָבן ווידער פאַרבאָטן יידן צו קויפן ביי די פויערים זייערע פּראָדוקטן, כדי נישט צו קאָנקורירן מיטן הויף. בלויז אין אַ טייל געגענטן, ווי למשל אין מאַזאָוויע, ווערן אין די ציילונגען אַלע דאָרפס־יידן, וואָס האָבן געהאַלטן קרעטשמעס, באַצייכנט מיטן נאָמען אַרענדאַרן. אין יענע געגענטן איז טאַקע די שלאַכטע געווען אַ סך אָרימער איידער אין איבעריקן פוילן און אַ דאָרטיקער שלאַכטשיץ פלעגט לרוב נישט פאַרמאָגן מער ווי איין קרעטשמע צום פאַרפאַכטן.

אַ גענויער אַנאַליז פון די ציילונגען אַנטפּלעקט פאַר אונז דעם חילוק צווישן דער סאָציאַלער לאַגע פון אַ טייל אַרענדאַרן, קרעטשמערס און שענקערס. צווישן די 539 יידישע אַרענדאַרן אין די דערפער פון דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט זיינען ביי 212 פאַרצייכנט יידישע משרתים און בעלפערס, בעת צווישן די 478 יידישע קרעטשמערס זיינען געווען בלויז 51 אַזעלכע אַרבעטס־געבער און צווישן די 124 יידישע שענקערס האָבן בלויז 4 געהאַלטן אַ משרת אָדער אַ בעלפער. צווישן די אַרענדאַרן האָבן זיך געפונען 42 אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן צו צוויי אָדער אפילו דריי יידישע משרתים (אַריינגערעכנט דעם בעלפער), בעת צווישן די קרעטשמערס האָט זיך געפונען בלויז איינער, וואָס האָט געהאַלטן צוויי יידישע משרתים און צווישן די שענקערס איז אַזאַ קאַטעגאָריע אַרבעטס־געבער בכלל נישט געוואָרן פאַרצייכנט. אויך אין פּרט פון אויסהאַלטן איידעמס און זין אויף קעסט שפּיגלט זיך אָפּ די סאָציאַלע גראַדאַציע צווישן די דריי וויכטיקסטע קאַטעגאָריעס דאָרפס־יידן. צווישן די דאָרפס־אַרענדאַרן אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט האָבן 118 אויסגעהאַלטן איידעמס און פאַרהייראַטע זין אויף קעסט, צווישן די קרעטשמערס 39 און צווישן די שענקערס בלויז 5. בעת צווישן די אַרענדאַרן האָבן זיך אויך געפונען 23 אַזעלכע, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן צו 2 איידעמס אָדער זין אויף קעסט, איז ביי די קרעטשמערס און שענקערס צוזאַמען געווען בלויז 5 אַזעלכע קעסטגעבער. ווי מיר זעען, איז דער סאָציאַלער אונטערשייד צווישן קרעטשמערס און שענקערס געווען נאָך באַדייטנדיקער, איידער צווישן די אַרענדאַרן און קרעטשמערס. ווייזט אויס, אַז די קרעטשמערס און שענקערס האָבן זיך טאַקע פאַרנומען מיט פאַרשידענע פונקציעס. די שענקערס האָבן זיך פאַרנומען בלויז מיט דעם משקאות־פאַרקויף, בעת די קרעטשמערס האָבן אויך אָנגעפירט מיט דער אכסניה, מיט דער קראָם אאַז״וו. נאָך נידעריקער אין דער היעראַרכיע פון דאָרפס־יידן איידער די שענקערס, זיינען געשטאַנען די „וויינערס" (אויף יידיש „וויינער", אָדער „וואַנער", אויף פּויליש „וויניאַרזש", אָדער „וויננניק"), וואָס האָבן אויסגעפירט די פונקציע פון בראָנפן־ברענערס ביי די אַרענדאַרן און קרעטשמערס. די גרעסטע צאָל פון זיי איז געווען פאַרהייראַט (95 אויף 162 אין די דערפער פון דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט) און געלעבט אין דאָרף צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס. עס איז אָבער אויך געווען אַ באַדייטנדיקע צאָל אומפאַרהייראַטע וויינערס, וואָס האָבן מן הסתם פאַרבונדן די פליכטן פון בראָנפן־ברענערס מיט די פונקציעס פון געוויינלעכע משרתים. די צאָל אייגנטלעכע יידישע משרתים, אָדער „פּאַראָבקעס", ווי מען פלעגט זיי רופן אין אַ טייל געגענטן, האָט באַטראָפן בערך אַ צענטל דערפון, וואָס די צאָל אַרענדאַרן, קרעטשמערס און שענקערס. ווייזט אויס, אַז דער רוב אַרענדאַרן און קרעטשמערס פלעגן זיך באַנוצן מיט קריסטלעכע פּאַראָבקעס. די צאָל בעלפערס איז געווען לפי־ערך קלענער. צווישן 1401 פאַמיליעס דאָרפס־יידן אין דער זעלבער וואָיעוואָדשאַפט זיינען פאַרצייכנט געוואָרן סך־הכל 45 בעלפערס, ד״ה, אַז בלויז יעדע 30טע פאַמיליע האָט געהאַלטן אַ בעלפער. די דאָזיקע פּראָפּאָרציע איז גאָר אַ קליינע, אפילו ווען מיר נעמען אין אַכט, אַז אַ גרויסע צאָל בעלפערס, פּונקט ווי אַנדערע אומפאַרהייראַטע, איז נישט אָנגעגעבן געוואָרן צוליב אויסמיידן דעם יידישן קאָפּ־שטייער. אין די בריי־הייזער און בראָנפן־ברענערייען זיינען אויך פאַרצייכנט געוואָרן יידישע שרייבערס, בירברייער און בראָנפּענברענער על־פּי־רוב אומפאַרהייראַטע. אין אַ טייל פאַלן ווערן דערמאָנט יידישע בירברייער און בראָנפּענברענער אַפילו אין אַזעלבע בריי־הייזער,

וואו דער פריץ האָט נישט געהאַלטן קיין יידישע אַרענדאַרן.

כאָטש אין סך־הכל זיינען די אַרענדאַרן געווען פאַרמעגלעכער, איידער די קרעטשמער, באַווייזן אָבער אויף די זעלבע ציפערן פון דער ציילונג, אַז דער דאָזיקער חילוק האָט בעצם עקזיסטירט בלויז בנוגע אַ מיעוט צווישן די אַרענדאַרן. דער רוב פון די דאָרפישע אַרענדאַרן איז באַשטאַנען פון אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן אין פאַקט נישט מער ווי איין קרעטשמע און זייער לאַגע איז נישט געווען קיין סך בעסער, איידער די לאַגע פון די קרעטשמערס. אין אַ טייל געגנטן פון פוילן, ווי מאַזאָוויע, אוקראַינע, ווערן אין דער ציילונג פון יאָר 1764 בפירוש דערמאָנט דאָרפישע אַרענדאַרן, וואָס זיינען גלייכצייטיק געווען שניידערס! די קליינע אַרענדאַרן האָבן על־פי־רוב פון דער אַרענדע נישט אַרויסגעצויגן מער, ווי אויף חיונה און אָפט אפילו דאָס אויך נישט: די פריצים פלעגן כסדר אַזוי ווייט אויפשרויפן דעם צינז פאַר דער אַרענדע, אַז דער אַרענדאַר איז געווען פאַרזונקען אין חובות און פלעגט אָפט אַרויסגעוואָרפן ווערן פון דער קרעטשמע דערפאַר, וואָס ער האָט נישט באַוויזן צו באַצאָלן דעם צינז צו דער צייט. איינער פון די הויפט־מאָטיוון פון דער חסידישער לעגענדע איז די אויסטערלישע נויט פון קליינעם אַרענדאַר און קרעטשמער (יידן פלעגן אָפט באַצייכענען אַלע קרעטשמערס ווי „אַרענדאַרן"), וואָס דער חלף פון אַרויסגעטריבן ווערן פאַר חובות ליגט זיי כסדר אויפן האַלז. די זעלבע לאַגע ווערט אויך אָפגעשפיגלט סיי אין דער פוילישער מעמואַרן־ליטעראַטור און שיינער ליטעראַטור פון יענע צייטן, סיי אין געריכטלעכע אַקטן. „ער האָט אים אין דער האַנט, אַזוי ווי אַ יידן אויף דער אַרענדע", זאָגט אַ כאַראַקטעריסטיש פויליש שפריכוואָרט, וואָס איז אויפגעקומען אין יענער צייט.

דעם ביטערן דלות פון אַ יידישן קרעטשמע־אַרענדאַר אין ליטע אין 18טן י"ה מאָלט אויס פלאַסטיש שלמה מיימון אין זיין אויטאָביאָגראַפיע: אַ שטוב קויל־שוואַרץ פון סאַדזשעס פון אינעווייניק און פון דרויסן, מיט אַ קליינעם לאָך אין דאַך אָנשטאָט אַ קוימען . . . אין די פענצטער איז אָנשטאָט שויבן אַרויפגעקלעפט פאַפיר אויף שמאָלע שטיקלעך קין... אין דער זעלבער שטוב ווערט געקאָכט, געקנעטן, געבאַקן, אויסגעמעלקט די קו... די פויערים זויפן בראָנפן זיצנדיק אויף דער ערד, ווייל צוליבן שטיקנדיקן רויך איז אוממעגלעך צו זיצן העכער... הינטערן אויוון זיצט דער בעלפער, שלמה מיימון, מיט האַלב־נאַקעטע יינגלעך און לערנט מיט זיי חומש פון אַן אַלט צעריסן ספר... אויך דער פוילישער שרייבער קראַשיצקי דערציילט אין זיין ראָמאַן „פאַן פאָדסטאָלי", אַז אַ יידישע קרעטשמע האָט אויסגעזען גיכער ווי אַ שטאַל, איידער ווי אַ מענטשלעכע דירה. דער קרעטשמער פלעגט אָפט אַרומלויפן באָרגן היי און האָבער אויף אַ משכון, ווען עס האָט זיך געטראָפן אַ גאַסט אין דער „אכסניה".

נישט רייכע אַרענדאַרן, נאָר קליינע קרעטשמע־אַרענדאַרן, אָרעמע קרעטשמערס און אביונים שענקערס און וויינערס זיינען געווען דער רוב מנין ובנין פון דער דאָרפישער יידישער באַפעלקערונג אין אַלטן פוילן!

אין סך־הכל איז די לאַגע פון רוב דאָרפישע יידן נישט געווען קיין סך בעסער, איידער די לאַגע פון די עלנטע, פאַרשקלאַפטע פויערים, וואָס האָבן ביי זיי געשיכורט. „כאָטש דער פויער האָט געטרונקען פון דער האַנט פונם ייד — באַמערקט ריכטיק דער פוילישער היסטאָריקער וולאַדיסלאַוו סמאָלענסקי — איז דאָך אין גלעזל געווען פריצישער בראָנפן, אין דער פריצישער קרעטשמע איז געזעסן דער אַרענדאַר, וואָס האָט די פריצישע קעשענע אָנגעפילט מיט מטבעות . . ."

די טראַגעדיע פון יידן אין פוילן איז געווען, וואָס יעדער דריטער ייד אין לאַנד איז געווען אַן אַרענדאַר, קרעטשמער, אָדער שענקער און האָט געצויגן זיין שווערע פרנסה פון אָנגיסן דעם פריצישן ביטערן טראָפן דעם פאַרחושכטן פויער . . .

### ב) די באַשעפטיקונג פון די שטאָטישע יידן

להיפך צו די רשימות פון דאָרפס־יידן אַנטהאַלטן די ציילונגס־רעגיסטערס פון 18טן י"ה בלויז אַ פראַגמענטאַרישע סטאַטיסטיק פון די באַשעפטיקונגען פון די שטאָטישע יידן. די ציילונגען פון יידן האָבן, ווי דערמאָנט, נישט געהאַט קיין שום סטאַטיסטישן צוועק, זיי האָבן בלויז געהאַט די אויפגאַבע פעסטצושטעלן די סומע פון יידישן קאָפ־שטייער. די באַשעפטיקונגען פלעגט מען פאַרצייכענען בלויז כדי צו אידענטיפיצירן דעם ראש־המשפחה, דערפון נעמט זיך, וואָס ביי די בעלי־מלאכות האָט מען אָנגעגעבן די באַשעפטיקונג אָפט איידער ביי דער איבעריקער באַפעלקערונג, ווייל זיי פלעגט מען געוויינלעך אָנרופן לויט דעם פאַך. די ציילונגס־רעגיסטערס גיבן אונז דערפאַר אַ יסוד אויך קודם־כל פעסטצושטעלן דעם פראָצענט בעלי־מלאכות צווישן שטאָטישע יידן און אויך דאָס איז בלויז לפי־ערך. די צאָל באַשעפטיקטע אין אַנדערע ווירטשאַפטלעכע צווייגן און בפרט אין האַנדל מוז מען אָפט אַרויסדרינגען בלויז אומדירעקט, דורך אַראָפרעכענען די פאַרצייכנטע בעלי־מלאכות און באַשעפטיקטע אין אַנדערע פראָפעסיעס.

נישט געקוקט אויף דער באַשיימפערלעכער אומגענויקייט פון דער באַרופן־סטאַטיסטיק אין דער ציילונג פון יאָר 1764, קענען מיר אָבער דאָך פון איר אַ סך אַרויסלערנען וועגן די באַשעפטיקונגען פון

שטאָטישע יידן אין יענע צייטן. עס קומט אין דער ציילונג בולט צום אויסדרוק דער חילוק צווישן דער פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור פון די שטאָטישע יידן אין גרויספּוילן, קליינפּוילן און אוקראַינע. אין גרויספּוילן, וואו די צאָל דאָרפס־יידן איז געווען באַזונדערס קליין (אין דער קאָלישער וואָיעוואָדשאַפט נישט מער ווי איין פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג) און דער איבערגאַנג צו קרעטשמעריי און אַרענדע איז געווען כמעט אינגאַנצן פאַרמאַכט, האָט אַ סך אַ גרעסערער טייל יידן, איידער אין אַנדערע געגענטן פון פּוילן, זיך גענומען צו מלאכה. אין אַ רייע שטעט פון גרויספּוילן האָט אַפילו לויט די אומפולשטענדיקע ציפערן פון דער ציילונג די צאָל בעלי־מלאכות באַטראָפן אַ העלפט אָדער מער פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין קליינפּוילן איז די פּראָפּאָרציע בעלי־מלאכות ביי יידן געווען לפי־ערך קלענער איידער אין גרויספּוילן, די פּראָפּאָרציע פון סוחרים בערך די זעלבע, דערפאַר איז אָבער דאָרט געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקער פּראָצענט שטאָטישע יידן, וואָס האָבן געלעבט פון אַרענדע און שענקעריי, בפרט אין די קליינע שטעטלעך. אין אוקראַינע איז סיי די פּראָפּאָרציע בעלי־מלאכות, סיי די פּראָפּאָרציע סוחרים געווען קלענער איידער אין צענטראַלפּוילן, דאָרט איז אָבער געווען גאָר גרויס די צאָל יידן, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט אַרענדע און שענקעריי נישט בלויז אין די קליינע שטעטלעך, נאָר אפילו אין מיטעלע שטעט. אַזאַ הויכן פּראָצענט אַרענדאַרן און שענקערס ווי אין אוקראַינישע שטעט און שטעטלעך, פון אַ פערטל ביז אַ דריטל און מער פון דער יידישער שטאָטישער באַפעלקערונג, געפינען מיר נישט אין ערגעץ אין דער פּוילישער מלוכה, סיידן אין ווייסרוסלאַנד, וואו די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן ביי יידן זיינען געווען זייער ענלעך צו דער לאַגע אין אוקראַינע.

די ציילונג באַווייזט אויך דעם חילוק צווישן דער פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור פון יידן אין די גרויסע שטעט און אין קליינע שטעטלעך. אין די גרויסע שטאָטישע קהילות איז די צאָל יידן באַשעפטיקטע אין מסחר געווען גאָר גרויס, אָבער אין אַ טייל פון זיי איז די פּראָפּאָרציע פון יידישע בעלי־מלאכות געווען נאָך גרעסער איידער פון סוחרים. אין ווילנע זיינען אין דער ציילונג פון יאָר 1765 אויסגערעכנט 324 יידישע בעלי־מלאכות צווישן 743 עקאָנאָמיש־אַקטיווע ראשי־משפחות, ד״ה 44 פּראָצענט, כמעט אַ העלפט! דאַקעגן די צאָל יידישע סוחרים האָט דאָרט נישט באַטראָפן מער ווי 18 פּראָצענט. אמת, ביי אַ דריטל פון דער צאָל יידישע משפחות אין ווילנע זיינען קיין שום באַרופן נישט פאַרצייכנט געוואָרן, אָבער צווישן דעם דאָזיקן דריטל האָבן זיך על־כל־פנים געפונען נישט בלויז סוחרים, נאָר אויך בעלי־מלאכות. אין דער האַנדלס־שטאָט בראָד, דער גרעסטער יידישע קהילה אין פּוילן, זיינען 23 פּראָצענט ראשי־משפחות פאַרצייכנט ווי בעלי־מלאכות. אין ווירקלעכקייט איז אויך אין בראָד דער פּראָצענט בעלי־מלאכות געווען גרעסער איידער עס קומט אויס לויט דער ציילונג, ווייל די צאָל ראשי־משפחות, ביי וועלכע עס איז נישט פאַרצייכנט געוואָרן זייער באַשעפטיקונג, באַטרעפט דאָרט 58 פּראָצענט, כמעט דריי פינפטל! די צאָל אַרענדאַרן און שענקערס האָט אין די גרויסע שטעט באַטראָפן אַ קליינעם פּראָצענט: אין בראָד האָבן זיי באַטראָפן לויט דער ציילונג בלויז 2 פּראָצענט פון אַלע יידישע משפחות. אין די קליינע שטעטלעך איז די פּראָפּאָרציע פון סוחרים אַ סך קלענער, איידער אין די גרויסע שטעט, אָבער די צאָל אַרענדאַרן און שענקערס האָט אין די דאָזיקע ישובים אַפילו אין קליינפּוילן באַטראָפן בערך אַ צענטל פון אַלע יידישע משפחות. וואָס שייך דער פּראָפּאָרציע פון בעלי־מלכות איז נישט פאַראַן קיין בולטער חילוק צווישן די קליינע שטעטלעך און די גרויסע שטעט.

די דאָזיקע אויספירן פון דער ערשטער יידן־ציילונג פון יאָר 1764—1765 ווערן באַשטעטיקט אין ליכט פון די שפּעטערדיקע ציילונגען אין 18טן י״ה, וואָס זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן סיי אין דער פּוילישער מלוכה, סיי דורך די אָקופּאַנטישע מאַכטן פּרייסן און רוסלאַנד.

פון די גרויסע שטעט אין צענטראַלפּוילן פאַרמאָגן מיר ציילונגען פון וואַרשע פון יאָר 1792 און פון קראָקע פון יאָר 1790. אין וואַרשע זיינען קרוב 25 פּראָצענט פון דער עקאָנאָמיש־אַקטיווער יידישער באַפעלקערונג פאַרצייכנט געוואָרן אַלס באַשעפטיקטע אין האַנדל און בערך 27 פּראָצענט אַלס בעלי־מלאכות. אין קראָקע זיינען 51 פּראָצענט פון אַלע יידישע משפחות פאַרשריבן געוואָרן אַלס באַשעפטיקטע אין האַנדל און 21 פּראָצענט אַלס בעלי־מלאכות. דערביי דאַרף מען אָבער ווידער נעמען אין אַכט, אַז אין וואַרשע האָט די צאָל יידישע פאַמיליעס אָן אַ פאַרצייכנטער באַשטעפטיקונג באַטראָפן קרוב 35 פּראָצענט, און אין קראָקע קרוב 27 פּראָצענט. בכל־אופן קומט אויס, אַז קראָקע און וואַרשע האָבן פאָרגעשטעלט צוויי פאַרשידענע טיפּן פון יידישע גרויסע קהילות, פונקט ווי בראָד און ווילנע אין דער ציילונג פון יאָר 1764—1765. ביי קראָקעווער יידן האָט דער האַנדלס־עלעמענט איבערגעוואויגן כמעט צוויי מיט אַ האַלבן מאָל דעם בעלי־מלאכהשן עלעמענט, אין וואַרשע איז די צאָל בעלי־מלאכות ביי יידן געווען אַפילו עפּעס גרעסער, איידער די צאָל סוחרים. די פּראָפּאָרציע פון באַשעפטיקטע מיט שענקעריי האָט באַטראָפן ביי יידן אין קראָקע 3.6 פּראָצענט.

אין וואַרשע 5.6 פּראָצענט פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע.

אין די גרויסע, מיטעלע און קלענערע שטעט אין מערב־פּוילן איז די צאָל בעלי־מלאכות, פּונקט ווי אין דער פריערדיקער ציילונג פון יאָר 1764, געווען גאָר אַ הויכע. אין פּויזן האָבן לויט דער ציילונג פון יאָר 1797 צווישן בערך 3000 יידישע נפשות 1930, ד"ה, כמעט צוויי דריטל, געלעבט פון האַנטווערק. אין קורניק (נעבן פּויזן) זיינען אין יאָר 1793 אָנגעציילט געוואָרן 53 יידישע בעלי־מלאכות, בערך 60 פּראָצענט פון אַלע יידישע משפחות, בעת די צאָל יידישע סוחרים האָט דאָרט באַטראָפן 31. אין קוטנע (ראַווער וואָיעוואָדשאַפט) האָבן לויט דער פּרייסישער ציילונג פון יאָר 1796 (1087 יידישע נפשות) בעלי־מלאכות באַטראָפן 45 פּראָצענט, סוחרים 23 פּראָצענט און שענקערס בערך 4 פּראָצענט פון אַלע יידישע משפחות.

פון געביט פון קליינפּוילן פעלן סטאַטיסטישע ידיעות פאַר דער תקופה נאָך 1764, דאַקעגן האָבן מיר גאָר אינטערעסאַנטע ציפערן פון ציילונגען אין עטלעכע מיטעלע שטעט אין אוקראַינע און פון אַ צאָל שטעטלעך אין דער מינסקער גובערניע:

אין אוקראַינע האָט זיך די עקאָנאָמיש־אַקטיווע יידישע באַפעלקערונג אין די שטעט אָוורוטש (יאָר 1773), בערדיטשעוו (1789) און זשיטאָמיר (1789) צעטיילט לויט די וויכטיקסטע באַשעפטיקונגען בערך אויף אַזאַ אופן: 20־30 פּראָצענט אַרענדאַרן און שענקערס, 11 ביז 28 פּראָצענט סוחרים, 16־20 פּראָצענט בעלי־מלאכות. אויך די סטאַטיסטיק פון די דאָזיקע שטעט איז נישט גענוי דערפאַר, וואָס אַ גרויסער פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז פאַרצייכנט געוואָרן אָן שום באַשעפטיקונג. בכל־אופן ווייזט זיך אַרויס, אַז אין די אוקראַאינישע שטעט איז ביי יידן די צאָל משפחות, וואָס האָבן געלעבט פון אַרענדע און שענקעריי געווען גרעסער, איידער די צאָל סוחרים און אויך איידער די צאָל בעלי־מלאכות. אין 10 ווייסרוסיש קליינע שטעטלעך אין דער מינסקער גובערניע, מיט אַ יידישער באַפעלקערונג פון קרוב 100 ביז העכער 200 נפשות אין אַ שטעטל, ווייזט זיך אַרויס לויט דער רוסישער ציילונג פון די יאָרן 1794—1795, אַז די יידישע עקאָנאָמישע סטרוקטור האָט דאָרט געטראָגן אַן ענלעכן כאַראַקטער, ווי ביי דאָרפס־יידן אין גאַנץ פּוילן: אַ געוואַלטיקע איבערוואָג פון אַרענדאַרן און שענקערס, וואָס האָט דערגרייכט ביז אַ העלפט פון אַלע יידישע פאַמיליעס אין די גרעסערע שטעטלעך און ביז דריי־פערטל אין די קלענסטע שטעטלעך; בעלי־מלאכות זיינען דאָרט פאַרצייכנט געוואָרן בערך 25 פּראָצענט און סוחרים אין די גרעסערע שטעטלעך בערך 5 פּראָצענט פון די יידישע ראשי־משפחות; אין די קלענסטע שטעטלעך ווערן קיין סוחרים בכלל נישט דערמאָנט.

אין סך־הכל ווייזט זיך אַרויס לויט די ציילונגען פון יידן אין פּוילן אין 18טן י"ה, אַז וואָס נעענטער צו מערב, אַלץ גרעסער איז געווען ביי יידן דער פּראָצענט פון פּראָדוקטיווע עלעמענטן, וואָס ווייטער קיין מזרח, אַלץ וויניקער האָבן יידן פאַרמאָגט בעלי־מלאכות, נאָך ווינציקער סוחרים און אַלץ מער איי ביי זיי געווען פאַרשפּרייט אַרענדע און שענקעריי. דערביי דאַרף מען אָבער געדענקען, אַז די געדיכטסטע יידישע באַפעלקערונג אין דער אַמאָליקער פּוילישער מלוכה איז געווען נישט אין מערב, און אויך נישט אין די ווייטסטע מזרח־געביטן, אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד, נאָר אין די פּראָווינצן פון נאָענטטערן מזרח פון דער מלוכה, אין ליטע, וואָלין, פּאָדאָליע און רייסן (מזרח־גאַליציע). צוליב דער דאָזיקער געאָגראַפישער צעשפּרייטונג פון יידן אין דער מלוכה קומט אויס, אַז אין גאַנץ פּוילן האָט די צאָל בעלי־מלאכות באַטראָפן בערך אַ דריטל פון דער יידישער שטאָטישער באַפעלקערונג. אויב מיר ווילן צורעכענען צו די בעלי־מלאכות די גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל יידישע בעלי־עגלות און טרעגער, די פאַראַבקעס, די אומקוואַליפיצירטע טאָג־לוינער, די קוואַליפיצירטע אַרבעטער אין די בראָנפן־ברענערייען און ברוי־הייזער, און די גרויסע צאָל יידישע משרתים, קומט אויס, אַז בערך אַ העלפט פון די שטאָטישע יידן אין אַמאָליקן פּוילן האָט געלעבט פון פיזישער אַרבעט. די איבעריקע העלפט שטאָטישע יידן, וואָס האָט געלעבט בעיקר פון האַנדל, קרעמעריי, שענקעריי, פאַרמיטלעריי און אַנדערע לופט־פּרנסות האָט אָבער אַרויפגעלייגט דעם שטעמפּל פון אומפּראָדוקטיווקייט אויף דעם גאַנצן יידישן עקאָנאָמישן לעבן אין פּוילן: צו דער דאָזיקער העלפט שטאָטישע יידן איז דאָך צוגעקומען נאָכאַמאָל אַזויפיל דאָרפס־יידן, וואָס האָבן געלעבט כמעט אויסשליסלעך פון אַרענדע און שענקעריי! די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אַלטן פּוילן איז געווען דורכאויס אַן אומגעזונטע און האָט זיך גענויטיקט אין אַ גרינטלעכן איבערבוי!

לאָמיר איצט זען, וואָס זיינען געווען די הויפּט־באַשעפטיקונגען פון די שטאָטישע יידן אין פּוילן און וואָס פאַר אַ ראָלע האָבן זיי געשפּילט אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון דער מלוכה.

## א) דער האַנדל

אין שייכות מיט דער עקאָנאָמישער ירידה פון לאַנד אין דער צווייטער העלפט פון 17טן און אין 18טן י"ה איז דער פּוילישער אויסלענדישער האַנדל באַדייטנדיק געפאַלן לגבי דער פריערדיקער תקופה. באַזונדערס שטאַרק איז איינגעשרומפּן געוואָרן דער

עקספּאָרט פון תבואה און האָלץ דורך דעם האַפן פון דאַנציק, וואָס איז נאָך אַלץ געבליבן די רייכ־סטע שטאָט פון דער פּוילישער מלוכה. אין רע־זולטאַט דערפון איז אויך די צאָל גרויסע יידישע סוחרים, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט אויסלאַנד, שטאַרק פאַרמינערט געוואָרן; זיי האָבן אין דער דאָזיקער תקופה פאַרגעשטעלט גאָר אַ קליינעם מיעוט לגבי דער גרויסער צאָל יידן, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט האַנדל. די דאָזיקע גרויסע יידישע סוחרים האָבן אָבער אין דעם שטאַרק רעדוצירטן אויסלענדישן האַנדל געשפּילט פאַרהעלטנישמעסיק אַ סך אַ באַדייטנדיקערע ראָלע איידער אין דער פריערדיקער בלי־תקופה פון פּוילישן האַנדל. באַזונדערס גרויס איז געווען דער אָנטייל פון יידן אין האַנדל מיט די דייטשע שטעט לייפּציק, פראַנקפורט ביי דער אָדער און ברעסלוי. יידן פון גרויספּוילן (ליסע, קאַליש, קראָטאָשין) און קראָקעווער יידן פלעגן פאָרן אין יענע אויסלענדישע שטעט נישט נאָר אויף ירידים, נאָר אויך אַ גאַנץ יאָר און פאַרברענגען דאָרט עטלעכע וואָכן. אין 18טן י״ה זיינען נישט בלויז גרויספּוילישע און קליינ־פּוילישע יידן, נאָר אפילו יידן פון די ווייטסטע פּראָ־ווינצן פון דער פּוילישער מלוכה, פון ליטע, מזרח־גאַליציע, וואָליין און אפלו פון אוקראַינע, געפאָרן אַליין אויף די ירידים קיין דייטשלאַנד. מיר טרעפן אין יענער צייט אויף די לייפּציקער ירידים נאָך אַלץ די גרעסטע צאָל יידישע סוחרים פון פּוילן, וואָס קומען פון ליסע, פּויזן, קאַליש, קראָטאָשין און קראָקע. יידי־שע סוחרים פון בראָד באַטרעפן שוין אָבער דאָרט בערך פונקט אַזאַ צאָל ווי קראָקעווער יידן, אַ גרוי־סע צאָל יידן קומט פון קאָמעניעץ פּאָדאָלסק, און גאָר באַדייטנדיק איז אויך דער אָנטייל פון יידן פון ליטע (ווילנע, גראָדנע, סלוצק), ווייסרוסלאַנד (מאָ־הילעוו) און עס באַווייזן זיך יידישע סוחרים אפילו פון אַזעלכע שטעטלעך ווי זאַסלאַוו, פּאָלנע, סאָטאַנאָוו און אַנדערע. נישט בלויז אין אַזעלכע גרויסע קהילות ווי קראָקע און פּינטשעוו, נאָר אַפילו אין קלענערע קהילות אין מזרח פון דער מלוכה, ווי דראָהאָביטש און זשאָלקווע אין רייסן, דובנע אין וואָלין, טיקטין אין פּאָדלאַשע, ווערן אין די תקנות וועגן קהילה־שטייער צווישן די קאַטעגאָריעס יידישע סוחרים אויסגע־רעכנט אַזעלכע, וואָס האַנדלען מיט לייפּציק, ברעסלוי, פראַנקפורט ביי דער אָדער, דאַנציק, קעניגסבערג און אַנדערע דייטשע שטעט.

נאָך צום סוף פון 17טן י״ה האָבן פּוילישע און ליטווישע יידן לויט דעם עדות פון דייטשע באַאַמטע קאָנצענטרירט לכל־הפּחות צוויי דריטל פון האַנדל, וואָס די שטאָט ברעסלוי האָט געפירט מיט פּוילן. אין 18טן י״ה איז ברעסלוי אין פּרט פון דער האַנדלס־באַדייטונג ווייט איבערגעשטיגן געוואָרן דורך לייפּ־ציק. ציפערן וועגן באַזוך פון די לייפּציקער ירידים אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה באַווייזן, אַז צווישן די סוחרים, וואָס פלעגן אַהינקומען פון פּוילן, זיינען יידן געווען דער איבערוועגנדיקער רוב. אין יאָר 1766 האָבן יידן אויף די לייפּציקער ירידים באַטראָפן מער ווי צוויי דריטל און אין די יאָרן 1775—1796 אפילו זעקס זיבנטל פון דער צאָל פּוילישע באַזוכער. אין ברעסלוי האָט נישט נאָר דער וועד ארבע ארצות געהאַט אַן אייגענעם דיין און שמש פאַר פּוילישע יידן, נאָר יעדע גרעסערע פּוילישע קהילה האָט דאָרט געהאַט אייגענע שמשים אויפן יריד. צווישן די מנינים, וואו עס האָבן געדאַוונט פּוילישע יידן אין ברעסלוי, האָט זיך אויך געפונען אַ באַזונדערער מנין פאַר ליטווישע יידן. די קאַראַוואַנעס פון בראָדער סוחרים, וואָס זיינען געפאָרן קיין ברעס־לוי, פלעגן זיך דינגען אַ שמירה פון קאָזאַקן קעגן רויב־אָנפאַלן אויפן וועג.

די וויכטיקסטע סחורות, וואָס יידן פלעגן פירן פון פּוילן אויף די דייטשע ירידים, זיינען געווען לאַנד־ווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן: וואַקס, האָניק, פּאָ־טאַש, סאַלעטרע, פעלן און לעדער. פון ברעסלוי, לייפּציק און פראַנקפורט ביי דער אָדער פלעגן זיי פירן אַהיים: „גלאַנטעריע סחורות", ווי קנעפּלעך, רינגען, בראָשן; פראַנצויזישע ביזשוטעריע; „נירנ־בערגער סחורות", ווי נאָדלען, שפּילקעס, מעסער־לעך, פוטערס („רויכוואַרג") און, דער עיקר, כל־המינים פיינע שטאָפן, זיידענע, האַלב־זיידענע, ליינע־נע, וואָלענע, שפּיצן און דאָס גלייכן. אַחוץ די סוחרים, וואָס פלעגן אַליין פאָרן אויף די ירידים קיין דייטש־לאַנד, זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס פלעגן זיך לאָזן ברענגען סחורות דורך אַנדערע. געווען אויך יידן, וואָס פלעגן פאָרן אויף די ירידים נישט אויפן אייגענעם חשבון, נאָר אין שליחות פון זייערע פּריצים, אָדער „אין קאָמיסיאָן" פון אַנדערע יידישע סוחרים. עס איז שוין דעמאָלט אויך געווען פאַר־שפּרייט דאָס „פאַרשרייבן", ד״ה אויסשרייבן סחורות פון דייטשלאַנד „על קאָרישפּידענץ" (דורך בריוולעכע באַשטעלונגען). סוחרים פון גרויספּוילן און פון קראָקע פלעגן אָפט אַליין פונאַנדערפירן אין פאַר־שידענע געגענטן פון פּוילן די סחורות, וואָס זיי האָבן געבראַכט פון דייטשלאַנד.

אַ גרויסע ראָלע אין אויסלענדישן האַנדל פון פּוילישע יידן האָט אויך געשפּילט דער פאַרקער מיט האַפן־שטעט און אַנדערע גרויסע שטעט אין צפון, ווי טאָרן, דאַנציק, קעניגסבערג, מעמעל און ריגע. קיין טאָרן און קיין דאַנציק פלעגן גרעסערע קהילות פון גרויספּוילן, ווי פּויזן, ליסע, שיקן באַזונדערע שמשים אויף די ירידים און דער וועד פלעגט דאָרט נאָמינירן דיינים פונם יריד. אין ריגע איז באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלע „יידישע אכסניה", וואו די יידישע סוחרים פון ליטע און ווייסרוסלאַנד האָבן געמוזט

איינשטיין. אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י"ה זיינען יידן פון ווייסרוסלאַנד געווען אַזוי ווייט פאַראינטערעסירט אין עקספּאָרט קיין ריגע מיטן וואַסער, אַז אַ גרופּע פון 48 יידישע עקספּאָרטערן פון וויטעבסק, סמאָלענסק, מאָהילעוו און דרויע האָט אויף אייגענעם חשבון אַדורכגעפירט די רעגולאַציע פון טייך דווינע.

זייער באַדייטנדיק איז געווען דער האַנדל פון פּוילישע יידן מיט אונגערן. אין דעם דאָזיקן האַנדל האָבן זיך באַזונדער שטאַרק באַטייליקט יידן פון די מזרח־גאַליצישע גרענעץ־שטעט אין די קאַרפּאַטן, ווי באָלעכאָוו, סטרי, דוקלע, סקאָלע; געווען אָבער אויך יידישע סוחרים פון ווייטע געגענטן פון פּוילן, וואָס פלעגן אַליין פאָרן קיין אונגערן. קיין אונגערן פלעגן זיי פירן פערד, פעלעכלעך, פלאַקס און בעיקר בראָנפן און צוריקברענגען אונגערישן ווין און אַמאָל אויך אַנדערע סחורות, ווי טאַבאַק און שאָפענע פעלעכלעך פון זיבנבירגן. כאַראַקטעריסטיש איז דער לעבנסשטייגער פון די דאָזיקע יידישע ווין־סוחרים, וואָס עס גיט איבער בער באָלעכאָווער אין זיינע זכרונות: זיי פלעגן פאָרן קיין אונגערן רייטנדיק אויף פערד און באַוואָפנט מיט ביקסן קעגן אָנפאַלן פון רוצחים. דער ווין, וואָס זיי האָבן אימפּאָרטירט פון אונגערן, פלעגט פונאַנדערגעפירט ווערן איבער גאַנץ פּוילן און אפילו עקספּאָרטירט ווערן אין אויסלאַנד דורך דאַנציק און לייפּציק.

קראָקעווער יידישע סוחרים האָבן געפירט אַ פאַרצווייגטן האַנדל מיט מיירן, פון וואַנען זיי פלעגן אימפּאָרטירן כל־המינים „ווייסע סחורה", ד"ה פיינע לייוונט, טיכלעך, זאָקן אד"גל.

נישט געקוקט אויף די שוועריקייטן, וואָס יידן האָבן געהאַט איבערצוקומען ביים אַריינקומען קיין רוסלאַנד, פלעגן יידישע סוחרים פון ווייסרוסלאַנד (שקלאָוו) און אַפילו פון ליסע פאָרן אויף די ירידים קיין סמאָלענסק, מאָסקווע און שפּעטער אויך קיין פּעטערבורג און איינקויפן דאָרט בעיקר פוטערס, לעדער, פויערישע לייוונט, וועלכע זיי האָבן דערנאָך פאַרקויפט אין לייפּציק און טיילוויז אויך אין בערלין. אין מאָסקווע איז שוין אין יאָר 1754 באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלע אכסניה פאַר יידן פון פּוילן, וואָס פלעגן אַהינקומען האַנדלען.

נאָך מער, איידער אין דער פריערדיקער תקופה, האָט דער יידישער אויסלענדישער האַנדל געמוזט אָנקומען צו דער מיטהילף פון דער שלאַכטע. יידן פלעגן אָפט אָנגעבן סחורות אויפן נאָמען פון זייערע פּריצים, כדי באַפרייט צו ווערן פון הויכן צאָל. עס פלעגט זיך אויך טרעפן פאַרקערט, אַז פּריצים האָבן געברענגט צו פירן סחורות פון אויסלאַנד פאַר יידן און דעקלאַרירט זיי ווי אייגענע, אויסמיידנדיק צו צאָלן צאָל. עס זיינען געווען פאַלן, וואו יידישע סוחרים האָבן איינגעקויפט סחורה פאַר קאַפּיטאַלן, וואָס זיי האָבן געבאָרגט אויף הויכע פּראָצענטער ביי פּריצים און אַמאָל ביי גלחים און מיעשטשאַנעס — אַ סימן פון דער וואַקסנדיקער פאַראָרימונג פון יידישן בירגערטום און פון זיין פינאַנציעלער אָפּהענגיקייט פון דער שלאַכטע. פון בער באָלעכאָווערס זכרונות ווערן מיר געוואָר, אַז אין ווין־האַנדל מיט אונגערן האָבן יידן אָן אַזאַ קרעדיט גאָר נישט געקענט אויסקומען. יידן פון דיסנע (ביי דינאַבורג) האָבן געהאַנדלט אין ריגע און קעניגסבערג, נעמענדיק סחורות אויף קרעדיט, אָדער לייענדיק קאַפּיטאַלן ביי די היימישע מיעשטשאַנעס. וועגן דער זעלבער שטאָט ווייסן מיר אויך, אַז יידן פלעגן אַמאָל האַנדלען בשותפות מיט קריסטלעכע סוחרים.

יידן פלעגן אויך אין דער דאָזיקער תקופה אויספירן זייער וויכטיקע פונקציעס אין עקספּאָרט־האַנדל פון דער שלאַכטע. יידן האָבן נישט בלויז איינגעקויפט ביי דער שלאַכטע האָלץ, תבואה און אַנדערע פּראָדוקטן און אַליין אַרויסגעפירט אין די האַפן־שטעט. יידן פלעגן אויך אונטערנעמען דאָס אויסהאַקן וועלדער, דאָס ברענען פּאָטאַש און אפילו גלחים (קאַרמעליטן און יעזואיטן) פלעגן אין דעם דאָזיקן כאַראַקטער באַשעפטיקן יידן אין זייערע וועלדער. יידישע סוחרים און אייגנטימער פון שיפלעך און טראַטוועס פלעגן אויך זיך אונטערנעמען צו פירן מיטן טייך די סחורות, וואָס פּריצים האָבן פאַרלאָדן.

אויך אין דעם אינערלעכן האַנדל פון פּוילן האָבן יידן אין 17—18טן י"ה געשפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָלע. אַחוץ לובלין זיינען אויסגעוואַקסן אין קרוינפּוילן וויכטיקע צענטערן פון ירידים אין יעראָסלאַוו, בעלזשיץ, ריטשיוואָל, פינטשעוו. דער באַזוך פון יידן אויף די ירידים איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער וועד ארבע ארצות אין פּוילן פלעגט אָפּהאַלטן זיינע באַראַטונגען על־פּי־רוב אין די דאָזיקע שטעט. אויך אין ליטע זיינען די ירידים אין מיר, ניעשוויעזש, סטאַלאָוויטש, קאַפּולע און קלעצק געווען אַזוי שטאַרק באַזוכט דורך יידן, אַז יעדע גרעסערע ליטווישע קהילה פלעגט אַהינשיקן דייני־יריד. אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י"ה זיינען די גרעסטע ירידים אין ליטע פאָרגעקומען אין זעלווע, וואו עס פלעגן זיך צונויפפאָרן טויזנטער יידן. יידן פון גרויספּוילן פלעגן פונאַנדערפירן די וואָל־שטאָפן פון דאָרטיקע וועבערייען אויף די ירידים אין גאַנץ פּוילן. יידן פון קראָקע פלעגן פאָרן קיין בראָד אַהינפירן „אייזנוואַרג" און „גאָלדוואַרג" און ברענגען צו פירן פון דאָרט „קיטאַי (באַוול־סחורה), גאַרטלין, קאָברצין (דיוואַנעס) און כל המינים טערקישע סחורה", ווי אויך פוטערוואַרג. יידישע סוחרים פון לעמבערג פלעגן איינקויפן אויף די בראָדער ירידים זיידענע שטאָפן, פּערל,

קרעלן און אַנדערע סחורות פון מזרח און אַרומ־פאָרן מיט די סחורות איבער שטעט און שטעטלעך אין וואָלין און אוקראַינע. יידן פון פאַרשידענע געגנטן פון פוילן פלעגן אַריינפירן קיין וואַרשע תבואה, האָלץ, פּאַטאַש, וואַקס, פיש, חלב, לייוונט און אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. די ראָלע פון יידן אין אויסטויש פון סחורות פון די פאַרשידענע פּראָווינצן פון דער מלוכה קען מען אויך אָפּשאַצן פון פאַקט גופא, וואָס ליטווישע קהילות האָבן געהאַט זייערע באַזונדערע דיינים אויף די ירידים אין לובּלין און אין אַנדערע שטעט פון קרוינפוילן.

די העכסטע שפּיצן פון דעם יידישן סוחרים־קלאַס אין פוילן זיינען באַשטאַנען אין 17טן י"ה און אין דער ערשטער העלפט פון 18טן י"ה פון גרויסע פּינאַנציסטן, וואָס האָבן געפירט פאַרצווייגטע ריזיקע געשעפטן, סיי אין מסחר, סיי אין באַנק־וועזן און אַרענדע, אין פאַרבינדונג מיטן קיניגלעכן הויף. ווי „סערוויטאָרן" (דינער) פון קיניג האָבן זיי גענאָסן פון ספּעציעלע פּריווילעגיעס, ווי למשל פרייהייט פון צאָל. אין דער אַנדערע העלפט פון 17טן י"ה זיינען עס געווען אַזעלכע גבירים ווי מאַרעק (מרדכי) נעקעל, דער „גענעראַל־סינדיק" (לאַנד־שתדלן) פון יידן אין קרוינפוילן; פאַכטערס פון צאָל און אַנדערע מלוכהשע הכנסות אין ליטע, ווי אלעזר בן משה פון גראָדנע, אָדער יעקב בצלאל, דער זון פון נתן פון זשאָלקווע, וואָס האָט געפאַכט אַלע הכנסות פון מלך יאַן סאָביעסקי אין פּאָדאָליע און אין אוקראַינע און דעם צאָל פון רייסן. דאָס קיניגלעכע פאַרמעגן, מיט וועלכן ער האָט פאַרוואַלטעט, האָט באַטראָפן בערך 70 מיליאָן פּוילישע גילדן און פאַר דער פאַכט האָט ער געצאָלט 400 טויזנט גילדן אַ יאָר. אין דער זעלבער צייט האָט אויך אַ צענדליק אַנדערע גרעסטע יידישע גבירים אין פוילן געפאַכט פאַרשידענע הכנסות פון קיניג. צווישן די סערוויטאָרן פון קיניג סאָביעסקי זיינען אויך געווען אַזעלכע ווי יהושע מאַשקאָוויטש, וואָס האָט געהאַט אַ חזקה אויף דעם עקספּאָרט פון אַגראַר־פּראָדוקטן פון קיניגלעכע גיטער. אין די צייטן פון מלך אויגוסט דעם צווייטן, דעם זאַקס, האָבן גרויסע יידישע באַנקירן פון דייטשלאַנד און עסטרייך, ווי די באַרימטע שמואל אָפּענהיימער און שמשון ווערטהיימער פון ווין, בערענט לעהמאַן פון האַלבערשטאַט, אַחוץ דעם וואָס זיי האָבן געהאַט גרויסע באַנק־געשעפטן מיט דעם קיניג, אויך אָרגאַניזירט דעם עקספּאָרט פון פאַרשידענע פּראָדוקטן פון פוילן: מעטאַלן (צין, קופּער), שיס־פּולווער און סאַלעטרע, וויעליטשקער זאַלץ, מעל, האָבער און לייוונט.

אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י"ה איז די עליטע פון די רייכסטע יידישע סוחרים אין פוילן באַשטאַנען פון ליוועראַנטן, וואָס האָבן צוגע־



שטעלט סחורות פאַר דעם קיניגלעכן הויף און פאַר די אַרמייען פון פוילן און פון די שכנותדיקע לענדער, רוסלאַנד און פּרייסן. עס זיינען באַקאַנט פון דער דאָזיקער צייט עלף יידישע ליוועראַנטן פון קיניג, זעקס יידן ליוועראַנטן פון דער פּוילישער אַרמיי, בערך אַזאַ צאָל יידישע ליוועראַנטן פון דער רוסישער און פּרייסישער אַרמיי. צו דער דאָזיקער גרופּע פּריווילעגירטע האָט געהערט די יידישע פאַמיליע סימאַנס אין וואַרשע, פון אַמסטערדאַמער אָפּשטאַמונג (שמעון און זיין ברודער יעקב), וואָס האָט געהאַט אָפּצונעמען ביים קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי אַ האַלבן מיליאָן גילדן; שמואל יאַקובאָוויטש זביטקאָווער, וואָס איז אַריבערגעגאַנגען אין דער יידישער לעגענדע און וואָס אויף זיין נאָמען האָט ביז לעצטנס אַ גאַנצער קוואַרטאַל פון פּראַגע, דער פאָרשטאָט פון וואַרשע, געהייסן ש מ ו ל אָ־ו ו י ז נ ע. שמואל זביטקאָווער האָט צוגעשטעלט פערד, פוטער און תבואה איינצייטיק פאַר דער אַרמיי פון פּוילישן קיניג, פאַר דער קעגנערישער אַרמיי פון די טאַרגאָוויצע־פאַררעטער און פאַר דער רוסישער אַרמיי. פּונקט ווי אין 17טן י"ה געפינען מיר אויך אין 18טן י"ה צווישן דער רייכסטער עליטע פון סוחרים יידן, וואָס האָבן פאַרנומען אַמטן אין דער יידישער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע. פסח חיימאָוויטש, וואָס האָט זיך גערעכנט צווישן די גרעסטע ליוועראַנטן פון דער רוסישער אַרמיי, איז געווען שתדלן פון וואַרשעווער יידן.

פון אַ קלענערן קאַליבער זיינען געווען די יידישע ליוועראַנטן פון אויסלענדישע אַמבאַסאַדאָרן און אַנדערע רעפּרעזענטאַנטן אין וואַרשע. די אַמאַבאַסאַדאָרן און רעזידענטן פון רוסלאַנד, פּרייסן, זאַקסן, עסטרייך, ענגלאַנד, דענעמאַרק האָבן געהאַט צו איינעם אָדער צו עטלעכע יידישע ליוועראַנטן און „פאַקטאָרס" (מעקלערס). צו דער זעלבער קאַטעגאָריע האָבן געהערט יידישע ליוועראַנטן פון גרויסע מאַגנאַטן, ווי פון גרויסן מאַרשאַלעק פון ליטע, פון פּרימאַס ארציבישאָף פון פוילן, פון די פּאָטאָצקיס אין ליוועראַנטן פון איינצלנע רעגימענטן פון דער פּוילישער אַרמיי. נישט בלויז דאָס פּוילישע טעאַטער אין וואַרשע האָט געהאַט אַן אייגענעם יידישן לייוועראַנט, נאָר אפילו די אָרגאַניזאַציע פון קריסטלעכע קצבים אין וואַרשע האָט זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן אַ יידישן „פאַקטאָר".

אויב די גרופּע גרויסע ליוועראַנטן האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער סאָציאַלער היעראַרכיע פון יידישע סוחרים אין פוילן, איז אָבער אויך די קאַטעגאָריע יידישע גרויסע סוחרים, וואָס האָבן געפירט אַ האַנדל מיט אויסלאַנד און באַהערשט די ירידים אין לאַנד געווען אַ מיעוט צווישן דער גרויסער מאַסע יידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנדל.

אַז דער יידישער האַנדל איז געווען דיפערענצירט סיי לויט די מינים סחורות, סיי לויט דעם פאַרנעם פון מסחר, דאָס באַווייזן די תקנות פון קהילות וועגן קאַראַבקע־אָפּצאָל, וואָס האָבן זיך דערהאַלטן אין די פּנקסים פון קראָקע, פּינטשעוו, טיקטין, דראָהאָביטש, דובנע, סאָקאָלאָוו און אַנדערע.

די פּראָפּאָרציע פון גרויסע סוחרים, מיטעלע סוחרים, הענדלער און מעקלערס לגבי דער גאַנצער צאָל יידן פון אַ שטאָט, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט מסחר, קענען מיר זען פון דער ווייטערדיקער רשימה. אין יאָר 1792 זיינען געווען אין וואַרשע 462 יידישע משפחות (מיט 1,189 נפשות), וואָס האָבן געלעבט פון האַנדל, פון זיי זיינען געווען:

| | | % פון אַלע יידן באַשעפטיקטע אין האַנדל |
|---|---|---|
| ליוועראַנטן און הורט־סוחרים | 6 | 1.3 |
| חלפנים (וועקסלער) | 8 | 1.7 |
| סוחרים | 163 | 35.3 |
| הענדלער | 94 | 20.3 |
| גאַסן־הענדלער | 7 | 1.5 |
| קרעמער | 6 | 1.3 |
| טאַנדייטער | 36 | 7.8 |
| „שאַכערס" און מעקלערס | 138 | 29.8 |
| אַנדערע | 4 | 0.8 |

ווי מיר זעען, האָט בלויז עפּעס מער ווי אַ דריטל פון אַלע וואַרשעווער יידישע משפחות, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט מסחר, געהערט צו דער קאַטעגאָריע סוחרים אין אייגנטלעכן זין פון וואָרט. בערך ניט קיין סך וויניקער (31%) האָבן באַטראָפן הענדלער, גאַסן־הענדלער, קרעמער און טאַנדייטער. דער רעשט, וואָס האָט אויך באַטראָפן קרוב 30 פּראָצענט, איז באַשטאַנען פון מעקלערס און פאַרמיטלערס מכל המינים. אין סך־הכל זיינען בכן דריי פינפטל פון אַלע וואַרשעווער יידן באַשעפטיקטע אין מסחר באַשטאַנען פון הענדלער, קרעמער, אָדער מעקלערס.

ענלעך שטעלט זיך פאָר די פּראָפּאָרציע פון אייגנטלעכע סוחרים לגבי אַנדערע קאַטעגאָריעס פון באַשעפטיקטע אין מסחר אין די קלענערע שטעט איז ליכט פון דער ציילונג פון יאָר 1764. אין לובאַרטאָוו (205 משפחות מיט 764 נפשות) זיינען אין דער ציילונג פון יענעם יאָר אויסגערעכנט 12 „סוחרים" („קופּצי"), 8 „סוחרימלעך" („קופּטשיק"), 11 קרעמער און 2 מעקלערס. אַוודאי דאַרפן מיר דערביי געדענקען די באַוואָרעניש, וואָס מיר האָבן שוין עטלעכע מאָל געמאַכט בנוגע דער אומפולשטענדיקייט פון דער באַרופן־סטאַטיסטיק אין יענער ציילונג. אין לובאַרטאָוו איז כמעט אַ העלפט (100 משפחות) פון דער אָנגעגעבענער צאָל משפחות געבליבן אָן שום באַ־צייכענונג פון דער באַשעפטיקונג. עס איז בכן אָן אַ ספק, אַז די צאָל יידן באַשעפטיקטע אין מסחר האָט דאָרט באַטראָפן אַ סך מער, ווי 35. בכל־אופן איז אָבער כאַראַקטעריסטיש, אַז צווישן די 35, וואָס זייער באַשעפטיקונג מיט מסחר איז יאָ פאַרצייכנט געוואָרן, באַטרעפט די צאָל „סוחרים" בלויז אַ דריטל. אין שטעטל אָסטראָוו, אין דער געגנט פון קאַליש (65 יידישע פאַמיליעס מיט 266 נפשות) זיינען אין דער ציילונג פון זעלבן יאָר 17 יידישע פאַמיליעס אויסגערעכנט ווי באַשעפטיקטע אין מסחר, דערפון זיינען 7 באַצייכנט געוואָרן ווי „סוחרים", 5 קרעמער, 3 הענדלער און 2 מעקלערס. די „סוחרים" האָבן בכן אויך דאָרט נישט באַטראָפן מער ווי צוויי פינפטל פון אַלע יידן, באַשעפטיקטע אין האַנדל.

צווישן די אייגנטלעכע סוחרים גופא, איז אויך געווען אַ לייטער פון סאָציאַלע אונטערשיידן. דער רוב סוחרים, סיי הורט־סוחרים, סיי לאחדים־סוחרים, האָט נישט געהאַט גענוג אייגענע קאַפּיטאַלן צו האַנדלען און זיי פלעגן אָפט נעמען סחורות אויף קרעדיט, אָדער נעמען הלוואות און איינקויפן סחורה פאַר דעם געבאָרגטן קאַפּיטאַל. אין די תקנות פון דראָהאָביטש ווערן בפירוש דערמאָנט לאחדים־סוחרים פון באַשטימטע סחורות (לובין), וואָס האַנדלען אויף קרעדיט.

אין די תקנות וועגן קאַראַבקע־שטייער פון דער סאָקאָלאָווער קהילה (אַרום 1766—1775) ווערט ביי הורט־סוחרים און לאחדים־סוחרים פון אַלע אַרטיקלען געמאַכט אַ חילוק צווישן אַזעלכע, וואָס קויפן סחורות במזומנים און פאַר אייגן געלט און אַנדערע, וואָס קויפן סחורות אויף קרעדיט, אָדער פאַר געבאָרגט געלט. אַזעלכע צוויי קאַטעגאָריעס ווערט דאָרט דערמאָנט ביי סוחרים, וואָס האַנדלען מיט שניט־סחורות, פעל, רויע, אָדער אויסגעאַרבעטע אייזנוואַרג, טאַבאַק, וואַקס און אָקסן. אויך די תקנות פון טיקטין פון יאָר 1781 רעכענען אויס אַזעלכע צוויי פאַרשידענע קאַטעגאָריעס סוחרים. פאַר די וואָס האַנדלען אויף קרעדיט, אָדער פאַר געבאָרגט געלט, באַשטימען די תקנות, סיי אין סאָקאָלאָוו, סיי אין טיקטין, על־פּי־רוב בלויז אַ העלפט אָדער צוויי דריטל פון דעם קאַראַבקע־אָפּצאָל, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף סוחרים פון די זעלבע סחורות, אָבער איינגעקויפטע פאַר אייגן געלט, במזומנים.

אַ גרויסער טייל פון די יידישע הענדלער האָט געהאַנדלט מיט סחורות, וואָס זיי האָבן גענומען ביי סוחרים „אויפגעזעצט", ד"ה אין קאָמיס. אַזעלכע הענדלער קאָמיסאַנטן ווי אויך אַגענטן, וואָס פלעגן פאָרן אין שליחות פון סוחר אויף שכירות, ווערן דערמאָנט אין די תקנות פון דער קראָקעווער קהילה פון יאָר 1771, אין די תקנות פון טיקטין פון 1781,

אין די תקנות פון דער דראָהאָביטשער קהילה פון יאָר 1753 און אין די תקנות פון דער פינטשעווער קהילה פון יאָר 1741. פון די תקנות פון פינטשעוו דערוויסן מיר זיך, אַז אַ טייל הענדלער קאָמיסאַנטן פלעגן אַרומפאָרן מיט דער סחורה מחוץ דער שטאָט, אין די סביבות און אויף ירידים. לויט ווי עס באַוויזן די קראָקעווער תקנות, האָבן אויך אַ טייל מעקלערס, אַחוץ פאַרמיטלען, זיך פאַרנומען מיט פאַרקויפן סחורה „אויפגעזעצט", ד"ה אויפן חשבון פון די סוחרים. לויט די תקנות פון דובנער קהל פון יאָר 1717 האָבן די מעקלערס נישט געטאָרט אַליין קויפן קיין סחורה, „כדי אָנצוביטן העכערע פרייזן" און האָבן אויך נישט געטאָרט מיטגיין מיטן „גוי אָדער פריץ" אין געוועלב אַריין.

אויך יידישע פעדלעריי איז געווען אין 18טן י"ה אַ סך שטאַרקער פאַרשפּרייט, איידער אין דער פאַריקער תקופה, סיי צוליב דעם, וואָס די דאָזיקע פאָרם פון האַנדל איז די שטאָט־מאַגיסטראַטן געווען שווערער צו קאָנטראָלירן, סיי צוליב דער וואַקסנדיקער קאָנקורענץ און דעקלאַסירונג פון די יידישע קרעמער. די טאַרבעס־הענדלער („טאַרביאַזשעס") אין לעמבערג האָבן אַרומגעטראָגן אין די בייטלען סטענגעס און טאַשעמקעס (באַרטן), וואָס זיי פלעגן נעמען אין קאָמיס ביי סוחרים. לויט די תקנות פון זייער צעך פון יאָר 1754 האָבן זיי נישט געטאָרט דריקן די פרייזן, ווייל דאָס איז געווען קעגן אינטערעס פון די סוחרים, וואָס האָבן זיי אָנפאַרטרויט סחורה. צוליב דעם זעלבן טעם פון אויסמיידן קאָנקורענץ קעגן די סוחרים, האָבן די תקנות פון דובנער קהל פון יאָר 1775 פאַרבאָטן די מאַרקזיצערס, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט פירות און אַנדערע סחורות, אַרומצוגיין פעדלען איבער די הייזער. אין די תקנות פון קראָקע ווערן אויסגערעכנט פאַרשידענע מינים פעדלערס: דערוואַקסענע מענער און יינגלעך, וואָס האָבן אַרומגעטראָגן סחורות אין די „טאַרבעס", פונקט ווי אין לעמבערג, פרויען, וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען מיט „קערב" און פעדלערס, וואָס האָבן צוגעשטעלט סחורות אין די הייזער. אין יאָר 1751 האָט דער וועד מדינת ליטע אויף דער פאַרזאַמלונג אין מיר אָנגענומען אַן אויסטערליש שטרענגע תקנה (תקנה תקמ"ז) קעגן „טענדלערקעס", וואָס גייען אַרום מיט סחורות „איבער די הייזער פון גויים אָדער צו גלחים און שררות". די טענדלערקעס ווערט דערלויבט צו „פאַרשטויסן, פאַרטרייבן, אַריינלייגן אין חרם און אָפּשיידן זיי פון יעדער יידישער קהילה, אַז דער נאָמען טענדלעריין זאָל מער נישט דערמאָנט ווערן"; די סוחרים טאָרן זיי נישט איבערגעבן קיין סחורות אונטער דער שטראָף פון חרם. יעדער „בעל־הבית", וואָס כאַפּט אַזאַ „טענדלערקע" „מעג צונעמען די סחורה פאַר זיך, נישט פרעגנדיק דעם רב, דעם ראש, אָדער דעם דיין און אַ פשיטאַ, אַז ער מעג איר אָנטאָן היזק, צערייסן און קאַליע מאַכן די סחורה, מקיים זיין דעם דין מיט אַלעם, וואָס איז אים נאָר מעגלעך". אין דער תקנה גופא ווערן אָנגעגעבן אויספירלעך די מאָטיוון פון דער האַרבער גזירה: ערשטנס, די סכנה פאַר רעליגיע און מאָראַל, צוליב דעם וואָס די טענדלערקעס זיינען נישט אָפּגעהיט אין הפקרות, „זייערע קינדער זיינען קרוב צו ממזרים, — זיי זיינען מחלל שבת און יום־טוב און רירן אָן דעם גאַנצן דת ישראל". צווייטנס, ווערט בפירוש אָנגעוויזן, אַז די טענדלערקעס נעמען צו די פרנסה פון „אַ סך און אַ סך בעלי־בתים און סוחרים" . . . ווי ווייט דער בפירושער עקאָנאָמישער מאָטיוו פון באַקעמפן קאָנקורענץ איז דערביי געווען אַנטשיידנדיק, באַווייזט נישט בלויז דער היתר, וואָס ווערט געגעבן די סוחרים צו קאָנפיסקירן פאַר זיך די סחורות פון די טענדלערקעס. נאָך מער כאַראַקטעריסטיש איז די באַוואָרעניש פון דער תקנה, אַז אפילו צוויי, אָדער דריי פרויען צוזאַמען טאָרן נישט אַריינגיין אין אַ גוייש הויז מיט סחורה. בעת אין די אַמאָליקע תקנות (פון יאָר 1628) האָט דער וועד מדינת ליטע פונקט ווי דער וועד ארבע ארצות דערלויבט יידישע פרויען פעדלעריי אונטער דעם תנאי, אַז זיי זאָלן האָבן שמירה פון אַ מענלעכן באַגלייטער, ווערט אין דער דאָזיקער תקנה אַזאַ קאָנצעסיע נישט געמאַכט. אַזוי ווייט האָט זיך אין משך פון דער צייט, אין רעזולטאַט פון דער כסדר אַלץ שטייגנדיקער פאַראָרימונג פון די יידישע מאַסן, פאַרשאַרפט די קאָנקורענץ צווישן די יידישע סוחרים און די פעדלערקעס. אין דער תקנה גופא ווערט דורך־אַגב דערמאָנט, אַז די מענער פון די טענדלערקעס דערלויבן זיי צו פאַרנעמען זיך מיט דער דאָזיקער פרנסה, כדי אויסצוהאַלטן זייערע פאַמיליעס. אין דער תקנה באַקלאָגט זיך אָבער אויך דער וועד, אַז די פרנסה פון טענדלעריי האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט, אַז „די קהילות האָבן נישט דעם כוח זיי (די טענדלערקעס) צו באַשטראָפן, באשר זיי זיינען כמעט די גרויסע מערהייט (רובא דרובא)". זיי האָבן אויך „מאַכט און אָנזען ביי די שררות אין די פאַלאַצן און אין די הויפן".

אַ קאָלירפול בילד פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע פון יידישן האַנדל מאָלט דער דייטשער נאַטורפאָרשער יאָהאַן פיליפּ דע קאַראָסי, וואָס איז אין די יאָרן 1778—1790 אַרומגעפאָרן איבער פוילן. ער דערציילט וועגן אַפּט (אָפּאַטאָוו):

„דאָ זיינען פאַראַן שרעקלעך פיל יידן. זיי האָבן נישט נאָר דעם גאַנצן מסחר פון דער סביבה אין זייערע הענט, נאָר זיי שטייען אויך אין פאַרבינדונג מיט די איבעריקע פראָווינצן פון דער מלוכה; איי־

ניקע פון זיי פאָרן אַרום פון איין פריצישן הויף צום אַנדערן מיט שטאָף, שניט־סחורות, מיט אַנדערע גאַלאַנטעריע־אַרטיקלען וכדומה. עטלעכע זייערע האָב איך געטראָפן אין פאַרשידענע ערטער — און אַלע שטאַמען זיי פון דאַנען. קומט אַ רייזנדער אין אָפאַטאָוו — קען ער פון זיי ניט פטור ווערן; עס פאַלן אויף אים אַרויף צוואַנציק, דרייסיק און מערערע מענער און פרויען און וואַרפן אים אָן מיט געוואַלט זייערע סחורות. זידלערייען, סטראַשונקעס און אפילו דער שטעקן העלפט נישט, און וואַרפט מען זיי אַרויס פון שטוב — שטעלן זיי זיך מחנותוויז ביים פענצטער און פרואוון מאַכן געשעפט דורך די שויבן. איך בין זיך מודה, אַז דער דאָזיקער ערב־רב האָט ביי מיר גלייכצייטיק אַרויסגערופן פאַרדרוס און געלעכטער — — —”

ביים הער דע קאַראָסי, וואָס האָט געהאַט נישט קיין איבעריק פריינטלעכע באַציאונג צו יידן, האָט אַרויסגערופן געלעכטער דאָס משונהדיקע רייסן זיך וועגן אַ קונה, וואָס איז געווען בלויז איינער פון די טרויעריקסטע סימנים פון באַדנלאָזן יידישן דלות.

צו דער האָרעפאַשנער מאַסע צווישן די האַנדלס־עלעמענטן ביי יידן אין יענער צייט דאַרפן מיר אַחוץ די הענדלער און קרעמער, קאָמיסאַנטן, אַגענטן, מעקלערס, טענדלערקעס, פעדלערס און מאַרק־זיצערינס אויך צורעכענען די האַנדלס־אָנגעשטעלטע. אַזעלכע „משרתים” ביי סוחרים, אַחוץ מיידלעך דינסטן, זיינען פאַרצייכנט נישט נאָר אין אַזאַ גרויסער קהילה ווי וואַרשע, אָדער פינטשעוו, נאָר אויך אין קלענערע שטעט ווי לובאַרטאָוו, קוטנע, קויל און אַנדערע. אַזוי למשל, זיינען אין קויל צווישן די יידישע סוחרים וואָס ווערן דערמאָנט אין דער ציילונג פון יאָר 1764, געווען 7 אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן מענלעכע „משרתים”, ד״ה האַנדלס־אָנגעשטעלטע. לויט די שטייער־תקנות פון קויל און דובנע פון יאָר 1783 קומט אויס, אַז צווישן די „משרתים” ביי סוחרים האָט זיך אויך געפונען אַ צאָל פאַרהייראַטע.

אין די גרעסערע קהילות און אין זעלטענע פאַלן אויך אין קלענערע קהילות האָט זיך אַן אומבאַדייטנדיקער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג פאַרנומען מיט באָרגן געלט אויף פראָצענט. לויט דער ציילונג פון יאָר 1784 האָבן אין ווילנע פראָפעסיאָנעלע געלט־לייער, צוזאַמען מיט חלפנים (וועקסלער), באַטראָפן דריי פראָצענט פון דער עקאָנאָמיש־אַקטיווער יידישער באַפעלקערונג. הכנסה פון באָרגן געלט אויף פראָצענטער ווערט דערמאָנט אין 18טן י״ה אין די תקנות פון די קהילות אין קראָקע, טיקטין, פינטשעוו, דובנע, סאָקאָלאָוו און דראָהאָביטש. עס זיינען געווען געלט־לייער, וואָס האָבן געבאָרגט בלויז געלט יידן און אַנדערע, וואָס האָבן געבאָרגט סיי יידן, סיי קריסטן, געלט־לייער אויף משכונות און



געלט־לייער אויף וועקסלען. דער גרעסטער טייל פון די געלט־לייער איז אָבער באַשטאַנען פון מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דער דאָזיקער טעטיקייט נישט פראָפעסיאָנעל: אין פינטשעוו ווערן דערמאָנט משרתים און מיידלעך דינסטן, וואָס האָבן געבאָרגט געלט אויף צינזן. אין קראָקע — משרתים, דיינים, סופרים, חזנים און שמשים. מיט געלט־לייען האָבן זיך אויך פאַרנומען חלפנים, וואָס זייער עיקר פראָפעסיע איז געווען אויסטויש פון מטבעות. פון די תקנות פון קראָקע, זשאָלקווע, דובנע, פינטשעוו און אַנדערע ווייזט אויס, אַז זייער אָפט פלעגן אַוועקבאָרגן געלט יידן אויף פראָצענטער יונגעלייט אויף קעסט און לומדים, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום באַשעפטיקונג. לויט ווי עס גיט איבער שלמה מיימון, איז אין ליטע געווען אַן אַלגעמיינע דערשיינונג, אַז יונגעלייט אויף קעסט פלעגן אַוועקבאָרגן דעם נדן אויף פראָצענט. דאָס געלט־לייען איז בדרך־כלל געווען אַן אינוועסטיציע פון אָפגעשפאָרטע אָבער טויטע קאַפיטאַלן ענלעך ווי אַ שפאָר־קאַסע אָדער אַ באַנק אין היינטיקע צייטן. וואָס פאַר אַ הויכע צינזען מען פלעגט דעמאָלט צאָלן פון אַזעלכע הלוואות, קענען מיר זען פון די תקנות פון וועד ליטע: אין יאָר 1667 האָט דער וועד ליטע פאַרבאָטן צו נעמען צינזן פון הלוואות מער ווי איין פראָצענט אַ וואָך פון יידן און 1.08 פראָצענט אַ וואָך ביי קריסטן. אין יאָר 1673 האָט דער וועד ליטע רעדוצירט דעם מאַקסימום פון דערלויבטן צינז ביז 0,83 פראָצענט אַ וואָך פון הלוואות אויף שולד־בריוו און 0.66 פראָצענט אַ וואָך פון הלוואות אויף אַ משכון. אין יאָר 1676 האָט דער וועד דעם מאַקסימום צינז ווייטער רעדוצירט ביז 0.66 פראָצענט אַ וואָך פון הלוואות אויף שטר־חוב און ביז 0.56 פראָצענט אַ וואָך פון הלוואות אויף אַ משכון. אין יאָר 1684 איז דער מאַקסימאַלער צינז באַשטימט געוואָרן אויף 0.60 פראָצענט אַ וואָך (0.5 אויף אַ משכון). אין 18טן י״ה איז שוין דער צינז־פוס געווען באַדייטנדיק נידעריקער. אין יאָר 1761 האָט דער וועד ליטע מתקן געווען, אַז אויב אין שולד־בריוו איז נישט אָנגעגעבן די הויך פון צינזן, קומט צו באַצאָלן 18 פראָצענט אַ יאָר. ווייזט אויס, אַז בערך אַזאַ פראָצענט פלעגן יידן נעמען אין דער פראַקטיק: אין די תקנות פון יאָר 1781 וועגן קהילה־שטייער אין טיקטין ווערן אויסגערעכנט צוויי קאַטעגאָריעס געלט־לייער: די וואָס נעמען ביז 12 פראָצענט אַ יאָר און אַנדערע, וואָס נעמען מער ווי 12 פראָצענט. ביי קורצטערמיניקע הלוואות פלעגט די יידישע קהילות און די וועדים אויסקומען אָפט צו צאָלן אַ סך אַ העכערן פראָצענט גלחים און פריצים. צו הלוואות ביי יידן אויף הויכע צינזן האָט על־פי־רוב געמוזט אָנקומען די אויבן־

דערמאָנטע קאַטעגאָריע סוחרים און קרעמער, וואָס האָט געהאַנדלט מיט געבאָרגטן קאַפיטאַל.

אין פאַרבינדונג מיט האַנדל זיינען אויך געווען באַדייטנדיק פאַרשפּרייט ביי יידן די באַשעפטיקונגען מיט טראַנספּאָרט, בעלי־עגלות און טרעגער. אין בראָד זיינען אין יאָר 1765 פאַרצייכנט געוואָרן 31 יידישע טרעגער און 22 בעלי־עגלות. צווישן די פורמאַנעס זיינען דאָרט אויסגערעכנט 5, וואָס האָבן אַרומגעפירט ביר און 2 „וואָזשוואָדעס", וואָס האָבן געפירט וואַסער. סך־הכל האָבן אין בראָד די באַשעפטיקטע אין טראַנספּאָרט באַטראָפן 3 פּראָצענט פון דער צאָל עקאָנאָמיש אַקטיווע יידן, אין ווילנע 2 פּראָצענט, אין לובאַרטאָוו 4 פּראָצענט. לפי־ערך אַ סך גרעסער איז געווען די פּראָפּאָרציע פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע פיזישע אַרבעטער אין די קליינע ווייסרוסישע שטעטלעך, בערך אַ צענטל פון אַלע יידישע פאַמיליעס אין אַ שטעטל.

מיר האָבן ביז איצט באַטראַכט דעם אָנטייל פון האַנדל אין יידישן עקאָנאָמישן לעבן און זיין צעגלידערונג אויף די פאַרשידנסטע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע קאַטעגאָריעס. שוין פון דעם דאָזיקן אַנאַליז קען מען אַרויסזען, וואָס פאַר אַ גרויסע ראָלע דער יידישער האַנדל האָט געשפּילט אין דער ווירטשאַפט פון דער מלוכה. וועגן דער פּראָפּאָרציע פון יידן באַשעפטיקטע אין האַנדל לגבי דעם קריסטלעכן סוחרישן קלאַס האָבן מיר בלויז פראַגמענטאַרישע און אָפט אומגענויע ציפערן. אין דער הויפּטשטאָט פון פוילן, אין וואַרשע, זיינען לויט דער שטאָטישער ציילונג פון יאָר 1792 צווישן 1467 פּערזאָן, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט האַנדל, געווען 462 יידן, ד"ה קנאַפּע 31,5 פּראָצענט. אָבער וואַרשע איז געווען אַן אויסנאַם דערפאַר, וואָס יידן האָבן דאָרט ביז 1788 געוואוינט נישט לעגאַל. אין פּויזן זיינען אין יאָר 1793 צווישן 380 סוחרים, וואָס האָבן אָפּגעצאָלט שטייער פון האַנדלס־ביכער געווען 307 יידן, ד"ה קרוב 81 פּראָצענט. מיר ווייסן אָבער נישט, וואָס פאַר אַ פּראָצענט יידן האָבן דאָרט באַטראָפן לגבי אָרימערע שיכטן פון הענדלער און קרעמער, וואָס האָבן נישט געפירט קיין האַנדלס־ביכער. אין מאָהילעוו האָבן אין יאָר 1783 יידישע סוחרים באַטראָפן 68 פּראָצענט, מער ווי צוויי־דריטל פון אַלע שטאָטס־לייט וואָס זיינען פאַררעכנט געווען צווישן דער קאַטעגאָריע סוחרים. אין די קליינע שטעט און שטעטלעך, פאַרשטייט זיך מיטן אויסנאַם פון אַזעלכע קיניגלעכע און קירכלעכע שטעט, וואו יידן האָבן נישט געטאָרט וואוינען, זיינען די וויכטיקסטע צווייגן פון האַנדל בדרך־כלל געווען באַהערשט דורך יידן. אַזאַ שטעטל ווי קורניק, נעבן פּויזן, האָט אין יאָר 1793 געציילט 1863 נפשות, דערפון 336 יידן, ד"ה אַ פינפטל. אָבער פון 32 דאָרטיקע סוחרים זיינען 31, אַלע אַחוץ איינעם, געווען יידן. אין אומאַן (אוקראַינע) זיינען אין יאָר 1797 פאַרצייכנט געוואָרן 57 יידישע סוחרים און בלויז 6 קריסטלעכע סוחרים. וועגן אַזעלכע שטעט אין קליינפוילן, ווי אָזשאַראָוו, ניישטאָט, ברזשעגי, אַפּט, שידלאָוויעץ, צויזמיר גיבן איבער אויסלענדישע רייזנדיקע, וואָס האָבן באַזוכט פוילן אין 18טן י"ה, אַז דער גאַנצער האַנדל האָט זיך דאָרט געפונען אין יידישע הענט. אוודאי איז אין דער דאָזיקער פאָרמולירונג פאַראַן די געוויינלעכע גוזמא פון באָאַבאַכטער, וואָס אורטיילן לויט איינדרוקן און נישט אויפן יסוד פון אַ גענויער אויספאָרשונג. בכל אופן דרינגט אָבער אַרויס פון די דאָזיקע באַריכטן, אַז יידן האָבן געשפּילט אַן איבערוועגנדיקע ראָלע אין האַנדל פון די דערמאָנטע און ענלעכע קליינע שטעט. אָט איז אַ בפרטיותדיקע און דערפאַר מער באַגלויבטע באַשרייבונג פון יידישן האַנדל אין שידלאָוויעץ לויט דעם באַריכט פון דעם דייטשן נאַטור־פאָרשער יאָהאַן פיליפּ דע קאַראָסי, וואָס איז אַרומגעפאָרן איבער פוילן אין די יאָרן 1778—1780 :

„...דער מסחר פון דער גאַנצער סביבה ליגט פולשטענדיק אין זייערע הענט (פון יידן). זיי האַנדלען נישט נאָר מיט די אַרטיקלען, וואָס קומען צו אונז פון אויסלאַנד, נאָר אויך מיט אַזעלכע אַרטיקלען, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט אין אונזער געגנט, ווי שטאַב־אייזן, גוס־אייזן, מעבל — און בוי־האָלץ, מילשטיינער און שלייף־שטיינער. — — אַחוץ דעם מיט קאַלך, תבואה, בראָנפן, פעל אאַז"וו."

אין די גרויסע און מיטעלע קיניגלעכע שטעט, וואו דער אָנטייל פון קריסטלעכע סוחרים אין האַנדל איז געווען גאָר באַדייטנדיק, איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישער חילוק צווישן די קאַטעגאָריעס־האַנדל, מיט וועלכע קריסטן און יידן האָבן זיך פאַרנומען. דווקא צווישן די גרעסטע סוחרים מיט ריזיקע פאַרמעגנס האָבן זיך געפונען פאַרהעלטנישמעסיק ווייניק יידן. אין דער זעלבער שטאָט פּויזן, וואו יידן האָבן באַטראָפן אין יאָר 1793, ווי דערמאָנט, פירפינפטל פון אַלע מיטעלע סוחרים, זיינען די זעקס רייכסטע סוחרים פון דער שטאָט געווען אַלע קריסטן. אין לעמבערג האָט אין יאָר 1704 בעת דער שוועדישער מלחמה די שטאָט־פאַרוואַלטונג באַצאָלט מלחמה־קאָנטריבוציע 173.382 טאָלער. דערין האָבן זיך באַטייליקט די גלחים מיט 33.381 טאָלער, די מיעשטשאַנעס (קריסטלעכע שטאָטס־לייט) מיט 70,000 טאָלער, פרעמדע סוחרים מיט 30,000 טאָלער און יידן מיט 40,000 טאָלער, ד"ה בלויז 57 פּראָצענט פון דער סומע, וואָס די קריסטלעכע שטאָטס־לייט האָבן לויט דער שאַצונג פון מאַגיסטראַט צוגעטראָגן. נאָך מער באַלערנדיק איז דער פאַקט, אַז בלויז צווישן די מיעשטשאַנעס האָבן זיך געפונען עטלעכע אַזעלכע גבירים, ווי לאַזאַזש סטעצקעוויטש, וואָס

זיינען געווען בכוח באַלד איינצוצאָלן אין מזומנים אַזאַ גרויסע סומע ווי דריי טויזנט טאָלער. אַן אַרמיאַנער סוחר פון לעמבערג, באָגדאַנאָוויטש, האָט אין יענער צייט איבערגעלאָזט אַ ירושה פון 100 טויזנט גילדן אין מזומנים און נאָך מער אין אומבאַוועגלעכע גיטער. אין דער רירעוודיקער האַנדלסשטאָט דרויע (ביי דינאַבורג), וואו יידן האָבן באַטראָפן אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג, זיינען די רייכסטע סוחרים געווען קריסטן. אפילו אין וואַרשע, וואו עס האָבן זיך געפונען גרויסע יידישע סוחרים און ליוועראַנטן פון גאַנץ פוילן, האָבן לויט דער ציילונג פון יאָר 1792 יידן באַטראָפן צווישן די מיטעלע סוחרים 41 פראָצענט, אָבער צווישן די 17 גרעסטע סוחרים און ליוועראַנטן זיינען געווען זעקס יידן, ד״ה בלויז 35 פראָצענט. צוליב די שווערע באַגרענעצונגען פון וואוין־רעכט אין וואַרשע, איז אין יענעם יאָר צווישן די נידעריקסטע קאַטעגאָריעס פון מסחר, דהיינו הענדלער, קרעמער און גאַסן־הענדלער געווען יידן ווייניקער ווי אַ פינפטל (19 פראָצענט), אָבער די 138 מעקלערס און פאַרמיטלערס זיינען אַלע געווען יידן!

שוין אין 18טן י״ה באַמערקט זיך בכן אין פוילן די דערשיינונג, וואָס איז אין אַ גרויסער מאָס געווען כאַראַקטעריסטיש אויך פאַרן יידישן האַנדל אין נייעם פוילן: דער איבערוועגנדיקער רוב פון סוחרים פון לאַנד זיינען געווען יידן, אָבער דווקא אין דער קאַטעגאָריע פון די רייכסטע סוחרים זיינען יידן געווען אַ מיעוט.

די פאַרדינסטפולע ראָלע פון יידן אין האַנדל פון אַלטן פוילן ווערט אויך באַשטעטיקט לויט דעם עדות פון די וואָרט־זאָגער פון דער שלאַכטע, בפרט פון איר ליבעראַלן פליגל. אין יאָר 1720 האָט דער פוילישער סיים געמאַכט אַ פאָרוואורף די גלחים, פאַרוואָס זיי זוכן אויס תירוצים כדי צו רודפן יידן, בעת אין אמתן טוען זיי דאָס גיכער צוליב ריווח, איידער צוליב גוטע כוונות און דורכדעם שעדיקן זיי געוואַלטיק דעם האַנדל אין לאַנד. אין יאָר 1791 האָט דער דעפוטאַט יאַצעק יעזשערסקי דערקלערט אויף דער זיצונג פון פוילישן סיים: „איך האַלט יידן פאַר פוילישע בירגער און פאַר נוצלעכע, ווייל איך קען נישט קיין אַנדערע סוחרים אין פוילן, ווי נאָר יידן. נאָר דער איז ביי מיר אַ סוחר, וואָס עקספאָרטירט די פראָדוקטן פון לאַנד און נישט דער, וואָס ברענגט אַריין אין לאַנד גאַלאַנטעריע און פירט אַרויס די מזומנים”. אין דער זעלבער צייט האָט דער פוילישער שטאַטסמאַן טאַדעאוש טשאַצקי דערקלערט וועגן יידישע סוחרים, אַז זיי האָבן באַהערשט דריי־פערטל פון פוילישן עקספאָרט און בלויז איינצענטל פון אימפאָרט. דער דאָזיקער שבח פאַר יידן, נעגאַטיוו איבערגעטריבן בנוגע דעם אימפאָרט, איז פאַרשטענדלעך אין ליכט פון דער דעמאָלטדיקער מערקאַנטיליסטישער טעאָריע, לויט וועלכער דער עקספאָרט איז געווען דער וויכטיקסטער פאַקטאָר אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד.

די באַריכטן פון די אויסלענדישע רייזנדע, וואָס האָבן באַזוכט פוילן אין יענער צייט, דערציילן קלאָר, אַז דער האַנדל פון לאַנד איז געווען על־פי־רוב באַהערשט דורך יידן. לאָמיר דערמאָנען צוויי אַזעלכע כאַראַקטעריסטישע באַריכטן. דער ענגלישער רייזנדער וויליאַם ראַקסאַל, וואָס האָט באַזוכט פוילן אין יאָר 1778, דערציילט אין זיינע מעמואַרן: „די יידן, וואָס זיינען די גרעסטע צאָל איינוואוינער אין די שטעטלעך, האַלטן נאָך אויף ביים לעבן דעם שוואַכן איבערגעבליבענעם האַנדל”. אַן אַנדערער ענגלישער רייזנדער, וויליאַם קאָקס, דערציילט וועגן פוילן אין זיינע רייזע־באַשרייבונגען פון יאָר 1784: „די צאָל יידן איז איצטער אַן אומגעהייערע, און זיי האָבן אין אַ געוויסן זין פאַרכאַפט דעם גאַנצן האַנדל פון לאַנד. דאָך דאַרף דער צושטאַנד נישט צוגעשריבן ווערן בלויז די עדיקטן פון קאַזימירן, וואָס זיינען געווען לטובת זיי, נאָר צו דער אַרבעטזאַמקייט פון דעם אויסערגעוויינלעכן פאָלק, צו דער פוילקייט פון דער שלאַכטע און צום אונטערדריקטן מצב פון די פויערים”.

אויך צווישן דער ריזיקער מאַסע יידישע שענקערס און קרעטשמערס האָט זיך געפונען אַ גרויסע צאָל בעלי־אכסניות, וואָס האָבן מיט זייער אַרבעט געבראַכט אַ געוואַלטיקן נוצן דעם לאַנד. לויט דעם עדות פון רוסישע, דייטשע און ענגלישע רייזנדע איבער פוילן פון אָנהויב 18טן ביז צום אָנהויב 19טן י״ה, זיינען יידישע אכסניות געווען דאָס איינציקע אָרט, וואו זיי האָבן געקאָנט אויפן וועג זיך אויסרוען און באַקומען עסן. אויך די פוילישע ליטעראַטור פון יענער צייט שפיגלט אָפ עפיזאָדיש די נוצלעכע ראָלע פון יידישע בעלי־אכסניות, צעזייטע און צעשפרייטע איבער שטעטלעך און דערפער פון דער ריזיקער מלוכה. אַדאַנק זיי האָט געקאָנט צושטאַנדקומען די האַנדלס־פאַרבינדונג פון אַלע עקן פון לאַנד, ווייל אָן זיי וואָלט קיין נסיעה אין יענע צייטן בכלל נישט געווען מעגלעך. ביי דעם דעמאָלטדיקן אופן פון קאָמוניקאַציע האָבן יידישע אכסניות אַחוץ דער וויכטיקער פונקציע פון היינטיקע האָטעלן פאָרגעשטעלט „סטאַנציעס” אין אמתן זין פון וואָרט, ד״ה סטאַנציעס, וואו מען האָט זיך געמוזט אָפשטעלן אויף דער נסיעה, כדי צו קענען פאָרן ווייטער.

## ב) מלאכה

די סטאַטיסטיק פון יידישע באַשעפטיקונגען, מיט וועלכער מיר האָבן זיך אויבן באַקענט, באַווייזט, וואָס פאַר אַ ריזיקן פראָגרעס עס האָט אין משך פון 17טן און 18טן י״ה אַדורכגעמאַכט מלאכה

ביי ייִדן. די צאָל ייִדישע בעלי־מלאכות אין גאַנץ פוילן האָט אין 18טן י״ה איבערגעשטיגן די צאָל ייִדן, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט האַנדל גופא (אַחוץ שענקעריי).

נישט אַלע מלאכות האָבן זיך אָבער פאַרשפרייט ביי ייִדן אין דער זעלבער מאָס. איינער פון די צום מערסטן כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער ייִדישער מלאכה אין פוילן אין יענער צייט נאָך מער ווי אין דער הייַנטיקער צייט, איז געווען די קאָנצענטראַציע בלויז אין עטלעכע מלאכה־צווייגן. מער ווי אַ העלפט פון אַלע ייִדישע בעלי־מלאכות אין פוילן איז געווען פאַרנומען אין דער באַקלייד־אינדוסטריע, בפרט אין שניידעריי, קירזשנעריי און היטל־מאַכעריי. אין די קלענערע שטעט האָט די צאָל ייִדן באַשעפטיקטע אין די דאָזיקע נאָדל־פאַכן באַטראָפן פון דריי־פינפטל ביז דריי־פערטל און מער פון אַלע פאַרצייכנטע ייִדישע בעלי־מלאכות. פון די גרעסטע קהילות, ווי בראָד, וואַרשע, ווילנע, האָבן בלויז אין בראָד די נאָדל־פאַכן אַרומגענומען ווייניקער ווי אַ העלפט, צוויי־פינפטל פון אַלע ייִדישע בעלי־מלאכות, אין וואַרשע און אין ווילנע מער ווי אַ העלפט. די שניידער אַליין, אָן די איבעריקע נאָדל־פאַכן האָבן אין די קליינע שטעט באַטראָפן בערך צוויי־פינפטל פון אַלע ייִדישע בעלי־מלאכות און אין די גרויסע שטעט בערך אַ דריטל.

די ייִדישע שניידערס זיינען געווען דיפערענצירט אין פאַרשידענע קאַטעגאָריעס. אַחוץ שניידערס, וואָס האָבן געאַרבעט אויף באַשטעלונג, זיינען געווען אַנדערע, וואָס האָבן געאַרבעט „אויף טאַנדייט", ד״ה ביליקע, פאַרטיקע אָנצוגן. אין וואַרשע זיינען לויט דער ציילונג פון ייִדישן קאָפּ־שטייער פון יאָר 1795 געווען 74 ייִדישע שניידערס און 53 ייִדישע „טאַנדייטניקעס". צווישן די טאַנדייטניקעס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך פאַרנומען בלויז מיט פאַרקויפן אָנצוגן, וועלכע זיינען אויסגעפאַרטיקט געוואָרן דורך שניידערס. אין פרזשעמישל איז לויט די תקנות פון ייִדישן שניידער־צעך „מלבישי־ערומים" געווען פאַרבאָטן די קליידער־פאַרקויפער אַליין צו נייען קליידער, זיי זיינען געווען מחוייב צו געבן נייען די מיטגלידער פון צעך. די פאַרטיקע אָנצוגן פלעגן פאַרקויפט ווערן סיי אויפן אָרט, סיי אויף ירידים אין נאָענטע און ווייטע געגנטן. די טאַנדייטניקעס פלעגן אויך אַרומגיין איבער די גאַסן מיט זייערע אויסאַרבעטונגען, פונקט ווי גאַסן־הענדלער מיט זייערע סחורות. אויך די שניידערס, וואָס האָבן געאַרבעט אויף באַשטעלונג פלעגן אַרומגיין איבער די גאַסן און איבערן מאַרק מיט אַן אייל און אָנביטן זייער אַרבעט. אין די שטייער־תקנות פון דער קראָקעווער קהילה פון יאָר 1771 ווערן אויסגערעכנט „הויזן־מאַכערס", ד״ה



שניידערס וואָס האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין נייען פאַרטיקע הויזן. ייִדישע שניידערס האָבן געניייט זשופּאַנעס פאַר פריצים און קאָנטושן („קונטיש") פאַר מיעשטשאַנעס, גלחישע קליידער און „ביאַלאָגלאָווסקי" קליידער, ד״ה פרויען־קליידער. אין פרזשעמישל האָט אַ ייִדישער שניידער געהאַט אַ חזקה פון זיין חברה אויף נייען קליידער פאַר די גריכיש־קאַטוילישע גלחים. באַזונדערע תקנות האָבן רעגולירט דעם אָפּצאָל פאַר דער חברה פון „נאַפּראַפּק", ד״ה פון פאַרריכטן אַלטע קליידער. אין ווילנע זיינען אין יאָר 1765 צווישן 88 שניידער־ייִדן 8 פאַרצייכנט געוואָרן ווי „ייִדישע שניידערס", ד״ה אַזעלכע, וואָס האָבן געניייט בלויז ייִדישע מלבושים. צווישן די שניידערס, וואָס האָבן געאַרבעט אין די דערפער, זיינען געווען אַזעלכע, וואָס פלעגן אויף שבת אַהיימקומען אין שטעטל, דער רוב פון זיי האָט אָבער געוואוינט אין דאָרף אַ גאַנץ יאָר. צווישן די ייִדישע דאָרף־שניידערס האָבן זיך אויך געטראָפן „הויף־שניידערס", וואָס האָבן געאַרבעט אויסשליסלעך פאַרן פריצישן הויף.

אַ סך אָפטער, איידער שניידערס פלעגן קירזשנערס און היטל־מאַכערס אויסאַרבעטן פאַרטיקע סחורות, היטלעך, פעלצן, און אַרומפאָרן מיט זיי אויף ירידים. די קירזשנערס פלעגן אָפט זיך פאַרנעמען מיט היטל־מאַכעריי, ווייל די היטלעך זיינען לרוב געווען פוטערנע. דערפון נעמט זיך, וואָס אין אַ טייל שטעט זיינען בעת דער ציילונג אויסגערעכנט געוואָרן ביי ייִדן קירזשנערס און עס איז נישט דערמאָנט געוואָרן קיין איינציקער היטל־מאַכער (קאָליש), אין אַנדערע ווידער (לוקאָוו) זיינען ביידע פאַכן באַצייכנט געוואָרן אַלס היטל־מאַכער און דערפאַר איז דאָרט נישט דערמאָנט געוואָרן קיין קירזשנער.

להיפך צו שניידעריי, איז שוסטעריי, הייַנט אַ צווייטע כאַראַקטעריסטישע ייִדישע מלאכה, אין אַמאָליקן פוילן געווען ביי ייִדן אַ זעלטנקייט. אין די ייִדישע ציילונגס־רעגיסטערס פון יאָר 1765 איז אין גאַנץ מערב און אין מיטלפוילן אויסגערעכנט בלויז איין ייִדישער שוסטער אין דער לובלינער געגנט, אין אוקראַיִנע אויך איין ייִדישער שוסטער אין שטעטל שמיאַלע *). אין די ציילונגען פון שפּעטערדיקע יאָרן ווערן שוין יאָ דערמאָנט צו עטלעכע ייִדישע שוסטערס אין פאַרשידענע שטעט: אין ווילנע זיינען אין יאָר 1784 פאַרצייכנט געוואָרן 10 ייִדישע שוסטערס (אין יאָר 1765 ווערט דאָרט קיין איינציקער ייִדישער שוסטער נישט דערמאָנט);

*) אין בראָד זיינען אין יאָר 1764 פאַרצייכנט געוואָרן אַכט ייִדן לויט דער באַשעפטיקונג "Zylovnik" דאָס קען אָבער באַדייטן פונקט אַזוי שטריק-מאַכער, אָדער טרייבערער (מנקר), ווי זוילן־פאַרריכטער.

אין וואַרשע זיינען אין דער שטאָטישער ציילונג פון יאָר 1792 פאַרנאָטירט געוואָרן 6 יידישע שוסטערס: אין ווילען (גרויספּוילן) איז אַ יידישער שוסטער פאַרצייכנט געוואָרן אין יאָר 1772 און אין דער מינסקער גובערניע טרעפן זיך אין דער ציילונג פון יאָר 1795 איינצעלע יידישע שוסטערס אין די שטעטלעך בערעזינע און פּוכאָוויטש. אויפן געביט פון שוסטעריי איז די מאַכט פון די קריסטלעכע צעכן געווען אַזוי גרויס, אַז יידן זיינען בדרך כלל נישט געווען בכוח אַדורכצוברעכן דעם איסור צו פאַרנעמען זיך מיט דער דאָזיקער מלאכה. מיר מעגן אָננעמען, אַז נאָך אין יאָר 1764 האָבן זיך געפונען געציילטע יידישע שוסטערס אין פאַרשידענע שטעט אין אַלע געגנטן פון פּוילן, נאָר זיי זיינען אויסבאַהאַלטן געוואָרן פאַר דער ציילונג, פּונקט ווי אַ גרויסע צאָל בעלי־מלאכות פון אַנדערע פאַכן.

שמוקלערײַ, אַ קרובהש פאַך צו שניידעריי, איז אויך געווען אַ שטאַרק פאַרשפּרייטע מלאכה ביי יידן. אין פריערדיקע צייטן פלעגט מען נאָך געניי מאַכן אַ חילוק צווישן פּאַס־מאַכער (פּאַסאַמאַניקעס, פּאַסמאַניקעס), וואָס פלעגן מאַכן פּאַסן און אַנדערע תכשיטים און שמוקלערס, וואָס פלעגן אויסאַרבעטן שנירלעך און זיידענע גאַלאַנטעריע. אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה זיינען ביידע פאַכן על־פּי־רוב געווען פאַראייניקט און פלעגן זעלטן אָנגערופן ווערן מיט באַזונדערע נעמען. די צאָל שמוקלערס האָט באַטראָפן אין קליינע קהילות בערך 5 ביז 8 פּראָצענט און אין גרעסערע קהילות, ווי בראָד, ווילנע,, קראָטאָשין, פון 8 ביז 11 פּראָצענט פון אַלע יידישע בעלי־מלאכות. אין בראָד זיינען פאַרצייכנט געוואָרן אין יאָר 1764 — 28 יידישע שמוקלערס, אין ווילנע 29 שמוקלערס און 7 פּאַס־מאַכערס. אין וואַרשע איז די צאָל יידישע שמוקלערס געווען גרעסער ווי אין יעדער אַנדערער שטאָט אין פּוילן. אין יאָר 1792 זיינען דאָרט פאַרצייכנט געוואָרן 83 יידישע שמוקלערס און 20 יידישע פּאַס־מאַכערס, סך־הכל האָבן זיי באַטראָפן מער ווי אַ פינטל פון אַלע דאָרטיקע יידישע בעלי־מלאכות. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס וואַרשע, אַלס הויפּט־שטאָט, איז געווען אַ גרויסער צענטער פון גאַלאַנטעריע־אויסאַרבעטונג פאַרן לאַנד. אויך יידישע שמוקלערס פלעגן אַרומפאָרן אויף די ירידים פאַרקויפן זייערע אויסאַרבעטונגען. געווען אויך שמוקלערס, וואָס האָבן געאַרבעט אויף באַשטעלונג מיט מאַטעריאַלן פון קונה.

יידישע שמוקלערס פּונקט ווי יידישע שניידערס פלעגן אין 18טן י״ה אַרבעטן פאַר מיליטער. אין דער ציילונג פון יאָר 1787 זיינען אין וואַרשע אויסגערעכנט דריי יידישע שניידערס, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר אַרטילעריע, צוויי יידישע רעגימענט־



שניידערס, איין שמוקלער און איין פּאַס־מאַכער פון דער ליטווישער גוואַרדיע און איין רעגימענט־שמוקלער. אַ טייל פון די דאָזיקע מיליטערישע בעלי־מלאכות האָבן געוואוינט אין די קאַזאַרמעס פון דער ליטווישער גוואַרדיע, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער קראָקעווער פאָרשטאָט אין וואַרשע.

פון דער דערנערונג־אינדוסטריע איז צום שטאַרקסטן געווען פאַרשפּרייט ביי יידן דאָס קצבים־פאַך. בעת דער ציילונג זיינען אָבער זייער זעלטן אָנגעגעבן געוואָרן אַלע קצבים. אין אַ טייל גרעסערע שטעט זיינען פאַרצייכנט געוואָרן ווייניקער קצבים איידער אין קליינע שטעטלעך. אַזוי זיינען למשל אין קראַשניק אין דער ציילונג פון יאָר 1764 פאַרצייכנט געוואָרן צווישן 225 יידישע פאַמיליעס נישט מער ווי 4 קצבים, בעת אין בעלזשיץ מיט אַ יידישער באַפעלקערונג פון 114 משפּחות זיינען אָנגעגעבן געוואָרן 7 יידישע קצבים. לויט די ציילונגסרעגיסטערס, וואָס ווען אין דעם דאָזיקן פּרט יאָ צוטרוי, קומט אויס, אַז אין קלענערע שטעט האָט די צאָל יידישע קצבים באַטראָפן פון 7 פּראָצענט ביז 25 פּראָצענט פון אַלע אָרטיקע יידישע בעלי־מלאכות. פון די גרעסערע שטעט האָט בראָד געציילט 33 יידישע קצבים, 9 פּראָצענט פון דאָרטיקע יידישע בעלי־מלאכות, בעת אין ווילנע זיינען אין זעלבן יאָר 1764 פאַרצייכנט געוואָרן בלויז 15 קצבים, וואָס האָבן באַטראָפן 4,6 פּראָצענט פון אַלע דאָרטיקע יידישע בעלי־מלאכות, צוויי מאָל ווייניקער אין פּראָפּאָרציע, איידער אין בראָד.

בעקעריי דער צווייטער וויכטיקסטער צווייג פון דער דערנערונג־אינדוסטריע, איז געווען אַ סך ווייניקער פאַרשפּרייט ביי יידן, איידער דאָס קצבים־פאַך. דאָס איז דורכאויס פאַרשטענדלעך, ווען מען נעמט אין אַכט דיווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען פון יענער צייט, ווען מען פלעגט על־פּי־רוב באַקן ברויט און אַנדער געבעקס ביי זיך אין דער היים. אין אַ גרויסער צאָל שטעט זיינען יידישע בעקערס בכלל נישט פאַרנאָטירט געוואָרן, מיר מעגן אָבער דאָך אָננעמען, אַז אין יעדער יידישער קהילה האָט זיך געפונען לכל הפּחות איין יידישער בעקער. פון מיטעלע שטעט זיינען, למשל אין קוטנע, צווישן 158 יידישע בעלי־מלאכות אין יאָר 1796 פאַרצייכנט געוואָרן 5 בעקער, ד״ה 3,2 פּראָצענט. אין ווילנע זיינען אין יאָר 1764 לויט דער ציילונג געווען 12 בעקער, 3,7 פּראָצענט פון יידישע בעלי־מלאכות, אין בראָד, אין זעלבן יאָר, 18 בעקער, 5,4 פּראָצענט און אין וואַרשע לויט דער ציילונג פון יאָר 1792 — 17 בעקערס, וואָס האָבן באַטראָפן 3,4 פּראָצענט פון אַלע יידישע בעלי־מלאכות אין דער שטאָט.

צו די אינדוסטריע־צווייגן, וואָס האָבן באַשעפטיקט אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן האָבן אויך געהערט

גאָלדשמידעריי און יואווילעריי. די דאָזיקע מלאכות זיינען צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות געווען לפי ערך אָפטער אין די גרעסערע שטעט. אפילו אין אַזעלכע מיטעלע קהילות ווי קוטנע, לוקאָוו, קראָטאָשין, זיינען פאַרצייכנט געוואָרן בלויז צו צוויי יידישע גאָלדשמידן. דאַקעגן זיינען אין יאָר 1764 געווען אין בראָד 18 יידישע גאָלדשמידן און יואווילערן (5,3 פראָצענט פון אַלע דאָרטיקע יידישע בעלי־מלאכות), אין ווילנע — 18 (5,5 פראָצענט פון אַלע יידישע בעלי־מלאכות) און אין וואַרשע (אין יאָר 1792) 21 (4,2 פראָצענט פון אַלע יידישע בעלי־מלאכות).

אין די איבעריקע אינדוסטריע־צווייגן טרעפן מיר אין 18טן י״ה בדרך כלל, אַחוץ אין גרעסערע שטעט, בלויז ווינציקע יידישע בעלי־מלאכות. פאַרשטייט זיך, אַז אויך אין די דאָזיקע צווייגן פון מלאכה איז די צאָל יידישע בעלי־מלאכות געווען אַ סך גרעסער, איידער עס ווערט אָנגעגעבן אין די צאָלונגען. דאָס ווייזט זיך אַרויס קלאָר אויפן ביישפיל פון אַזאַ מלאכה ווי איינבינדעריי. אויב אין אַזאַ שטאָט ווי מעזריטש אין גרויספוילן, מיט אַ יידישער באַפעלקערונג פון 563 נפשות זיינען אין יאָר 1793 פאַרצייכנט געוואָרן 5 יידישע איינבינדער, איז אַ סברה, אַז אויך אין אַנדערע קהילות פון דער זעלבער גרויס אין פוילן זיינען געווען צו עטלעכע יידישע איינבינדער און אַפשיטא, אַז אין גרויסע קהילות איז די צאָל יידישע בעלי־מלאכות פון דעם דאָזיקן פאַך בכל אופן נישט געווען קלענער. און דאָך ווייזט אויף די ציילונג פון יאָר 1764 אין אַזאַ שטאָט ווי ווילנע נישט מער ווי 4 יידישע איינבינדער און אין דער גרעסטער קהילה אין פוילן, בראָד, בלויז 2 יידישע איינבינדער. עס איז אָבער נישט וואַרשיינלעך, אַז מלאכות ביי וועלכע יידן זיינען געווען באַשעפטיקט אפילו אין אַ גאָר קליינער צאָל, זאָלן נישט האָבן בכלל דערמאָנט געוואָרן אין דער ציילונג פון דער גאַנצער מלוכה. די רשימה פון די מלאכות, וואָס זיינען פאַרצייכנט געוואָרן ביי יידן בעת די ציילונגען גיט אונז דערפאַר אַ לפי־ערכדיק ריכטיק בילד וועגן דער פאַרצווייגונג פון יידישן האַנטווערק אין פוילן אין 18טן י״ה. אָט איז די רשימה פון די דאָזיקע פאַרשידענע צווייגן און פאַכן פון יידישע בעלי־מלאכות:

1. מינעראַל־אינדוסטריע: ציגל־ברענער, זאַלץ־קאָכער, פּאָטאַש־ברענער, שטיין־שניידער, טעפּער.

2. מעטאַל־אינדוסטריע: שלייפער, סטעלמאַכער, שמידן, מעסינגער, שווערד־מאַכער, בלעכער, שלאָסער, דראָטער, קעסלער.

3. באַאַרבעטונג פון אײדעלע מעטאַלן און זייגערמאַכעריי: אַחוץ דער גרויסער צאָל גאָלדשמידן און יואוועלירן — שיידער, זייגערמאַכער.

4. כעמישע אינדוסטריע: וואַקס־אויסאַרבעטער, ליכטציער, זייפנזידער, קראָכמאַלניקעס, סאַלעטרע־רייניקער, פאַרבער.



5. טעקסטיל־אינדוסטריע: זאָקן־מאַכער, העפטער און העפטערינס, שפּיצן־מאַכער, וועבער, וואָלקעמער, אַפּרעטור־אַרבעטער.

6. לעדער־אינדוסטריע: גאַרבער, זאָטלער, קאַנטשיק־מאַכער, רימער, בערשטער, פילץ־מאַכער, פאַרמעט־אַרבעטער.

7. האָלץ־אינדוסטריע: סטאָלערס, טשעשלאַרעס, טאָקער, שניצער, בעדנער.

8. דערנערונג־אינדוסטריע: אַחוץ דער גרויסער צאָל קצבים און בעקער — צוקער־בעקער, אייל־טרייבער, טאַבאַק־אַרבעטער.

9. באַקליידונג און גאַלאַנטעריע: אַחוץ דער ריזיקער צאָל שניידער, קירזשנער, היטל־מאַכער, שמוקלער און פּאַס־מאַכער — קאַם־מאַכער, גאַרטל־מאַכער, שוסטער, האָרן־אַרבעטער, שפּילקע־מאַכער, הענטשקע־מאַכער, געצעלטן־מאַכער.

10. דרוקעריי און פּאָליגראַפישע אינדוסטריע: דרוקער, גראַווירער („פּאַציר־שטעכער“), איינבינדער.

11. בוי־אינדוסטריע: שטוקאַטור־אַרבעטער, מאַלאַרעס, קוימען־קערער, ברונעם־גרובער, גלעזער.

לויט די תקנות פון די יידישע חברות בעלי־מלאכות וועגן דער מאַקסימאַלער צאָל געזעלן און לערן־יינגלעך קען מען זיך משער זיין, אַז די צאָל געזעלן און לערן־יינגלעך איז געווען אַ סך גרעסער איידער די צאָל מייסטערס. די ציילונגען גופא זיינען אין דעם דאָזיקן פּרט צום ווייניקסטן באַגלויבט. אין דער ציילונג פון יידן אין ווילנע זיינען אין יאָר 1765 אויסגערעכנט געוואָרן זעקס געזעלן ביי 88 יידישע שניידערס און אין יאָר 1781 בלויז איין געזעל אויף 135 שניידערס! אין די שפּעטערדיקע ציילונגען, וואָס די פּרייסישע רעגירונג האָט אַדורכגעפירט אין גרויספוילן, איז יאָ פאַרצייכנט געוואָרן אַ גרעסערע צאָל געזעלן, אָבער די נישטיקע צאָל לערן־יינגלעך באַווייזט, אַז אויך די איבעריקע ציפערן זיינען נאָך אַלץ ווייט פון אמת. אין ליסע זיינען לויט דער פּרייסישער ציילונג פון יאָר 1795 געווען יידישע קירזשנער: 25 מייסטערס, 18 געזעלן און בלויז 5 לערן־יינגלעך!

דער אָנטייל פון יידישע בעלי־מלאכות אין דעם האַנטווערק פון לאַנד איז געווען לפי־ערך קלענער איידער דער אָנטייל פון יידישע סוחרים אין האַנדל. דאָס קען מען אַרויסדרינגען אפילו פון דער סטרוקטור פון יידישן האַנטווערק, וואָס איז געווען באַגרענעצט על־פּי־רוב צו באַקלייד־אינדוסטריע, גאַלאַנטעריע, דערנערונג־אינדוסטריע און עטלעכע אַנדערע מלאכה־צווייגן. צום קלענסטן איז געווען דער אָנטייל פון יידן אין האַנטווערק אין די גרויסע שטעט. אין וואַרשע האָבן לויט דער ציילונג פון יאָר 1792

בעלי־מלאכות ביי יידן באַטראָפן קרוב 27 פּראָצענט פון אַלע ראשי־משפחות, בעת ביי דער וואַרשעווער קריסטלעכער באַפעלקערונג האָבן האַנטווערקער דערגרייכט בלויז 16 פּראָצענט. אָבער די אַבסאָלוטע צאָל יידישע בעלי־מלאכות אין וואַרשע האָט באַטראָפן סך־הכל 499, בעת די צאָל קריסטלעכע בעלי־מלאכות איז געווען 4071, ד"ה אַכט מאָל אַזוי גרויס. אין געוויסע „יידישע" פאַכן זיינען אָבער יידישע בעלי־מלאכות אויך אין די גרויסע שטעט געווען אַ מערהייט אין זייער גאַנצן פאַך. אין לעמבערג האָבן יידן אין אָנהויב פון 18טן י"ה געהאַט אַן איבערוועגנדיקע מערהייט צווישן קצבים און ביי דאַרטיקע שניידער, בעקער, און באַלבירער איז די צאָל יידן און קריסטן געווען בערך אַ גלייכע. אין לובלין האָבן יידן אַרום יאָר 1786 געהאַט אַן איבערוויגנדיקע מערהייט צווישן שניידערס און גאַרבערס, די דאַרטיקע גלעזער און מעסינגער זיינען געווען כמעט אויסשליסלעך יידן. אין די קלענערע שטעט און שטעטלעך איז די איבערוואָג פון יידישע בעלי־מלאכות אין אַ רייע פאַכן געווען נאָך גרעסער. אין גרויספּוילישע שטעט און שטעטלעך האָבן יידן לויט דער פּרייסישער ציילונג פון יאָר 1793 געהאַט אַזאַ מערהייט אין געוויסע מלאכות: אין יאַראָטשעוואָ צווישן 6 שניידער 5 יידן; אין קראָטאָשין צווישן 56 שניידער 51 יידן, צווישן 63 קירזשנער 32 יידן; אין קורניק (ביי פּויזן) זיינען צווישן 46 שניידער געווען 44 יידן, צווישן 8 קירזשנער 6 יידן, די צוויי יידישע גלעזער און דער יידישער גאָלדשמיד זיינען געווען די איינציקע אין זייער פאַך; אין אָסטראָוואָ זיינען אויף 46 שניידער 31 געווען יידן, אָבער צווישן 30 קירזשנערס זיינען בלויז 8 געווען יידן. אין די שטעטלעך פון די מזרח־פּראָווינצן, אין אוקראַינע, ליטע און ווייסרוסלאַנד, וואו די קריסטלעכע שטאָטס־לייט האָבן על־פּי־רוב געצויגן חיונה פון ערד־אַרבעט, איז די ראָלע פון יידישע בעלי־מלאכות אויך אין אַ רייע „נישט־יידישע" פאַכן געווען אַ דעצידירנדיקע.

טיילווייז כאַראַקטעריסטיש אויף פאַר דעם 18טן י"ה איז די אָפּשאַצונג וועגן דער ראָלע פון יידן אין האַנטווערק פון פּוילן, וואָס עס האָט געגעבן דער פּוילישער שטאַטסמאַן, גראַף אַנטאָני אָסטראָווסקי אין יאָר 1834:

„אַלע מלאכות, וואָס פאָדערן לייכטערע אַרבעט, ווי שניידעריי, קירזשנעריי, פּאַס־מאַכעריי, בלעכעריי אד"גל ווערן אויסגעפירט כמעט אויסשליסלעך פון יידן. אין אַנדערע מלאכות ווידער, וואָס פאָדערן שווערער אַרבעט, איז די אויסשליסלעכקייט פון יידן שוין אַ קלענערע." אַחוץ דער בולטער גוזמא איז אויך אומפּינקטלעך די דערקלערונג פון גראַף אָסטראָווסקי פאַרוואָס יידישע בעלי־מלאכות האָבן זיך קאָנצענטרירט לרוב אין באַשטימטע אינדוסטריע־צווייגן. נישט דער מאָמענט פון זוכן לייכטערע אַרבעט האָט דעצידירט וועגן דעם אויסוואַל פון מלאכות ביי יידן, נאָר דער רעכטלעכער פאַקטאָר פון הונדערטער יאָרן, גזירות מצד די שטאָטישע צעכן. שוסטערישע אַרבעט איז לכל הדעות נישט פאַרבונדן מיט קיין שווערער פיזישער אָנשטרענגונג איידער טאָקעריי, בלעכעריי, אָדער גאַרבעריי, און דאָך זיינען יידישע שוסטערס געווען אַ זעלטנקייט ביז צום 19טן י"ה, בעת אין יענע פאַכן איז די באַטייליקונג פון יידן שוין אין 18טן י"ה געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקע. גוזמאדיק בנוגע דער ראָלע פון יידן אין מלאכה זיינען אויך אַזעלכע אויספירן פון אויסלענדישע רייזנדע, ווי למשל יאָהאַן עריך ביסטער, וואָס האָט דערקלערט אין זיין רייזע־באַריכט וועגן פּוילן אין יאָר 1791: „הגם די יידן וואוינען אין פּוילן שוין פון די עלטסטע צייטן אָן, האָבן זיך דאָ שטאַרק פאַרמערט און האָבן דעם לאַנד אַ סך צו פאַרדאַנקען, דאַרפן מיר אָבער אויך נישט פאַרגעסן, אַז פּוילן האָט זיי צו פאַרדאַנקען דעם גאַנצן אינעווייניקסטן מסחר, דאָס ביסל אינדוסטריע, דעם געלט־האַנדל און אויך די איבעריקע יסודות פונם ווירטשאַפטלעכן לעבן". אויב בנוגע האַנדל אין אַלטן פּוילן קענען מיר פעסטשטעלן אַז ער איז ראשו ורובו אויפגעבויט געוואָרן און געווען באַהערשט דורך יידן, קענען מיר בנוגע מלאכה קומען צום אויספיר, אַז יידן האָבן זיך באַטייליקט אין איר אַנטוויקלונג בערך אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע ווי קריסטלעכע האַנטווערקער.

### ג) פרייע באַרופן, קהילה־אָנגעשטעלטע און דינסטן

אין 17טן און 18טן י"ה איז מעדיצין נאָך אַלץ געווען כמעט דער איינציקער פרייער באַרוף, וואָס איז געווען צוגענגלעך פאַר יידן. יידישע סטודענטן פון פּוילן פלעגן פונקט ווי אין דער פריערדיקער תקופה שטודירן מעדיצין על־פּי־רוב אין איטאַליע, אין דער שטאָט פּאַדווע. עס פלעגן אָבער שוין אַלץ אָפטער זיך אויך באַווייזן יידישע דאָקטוירים, וואָס האָבן שטודירט אין פּראַג און אין דייטשלאַנד (פראַנקפורט ביי דער אָדער). יידישע דאָקטוירים האָבן זיך געציילט צווישן די גרעסטע אויטאָריטעטן אין זייער פּראָפעסיע. קיניג מיכאל ווישניאָוויעצקי האָט געהאַט אַ יידישן הויף־דאָקטאָר ד"ר וויטאַליס פעליקס (חיים) בן משה פון לובלין, וואָס האָט געענדיקט זיינע שטודיעס אין פּאַדווע. דער קיניג האָט אים אין יאָר 1671 געגעבן דאָס רעכט צו עקזאַמינירן די יידישע דאָקטוירים, וואָס האָבן נישט שטודירט אין קיין אוניווערסיטעט און צו קאָנטראָלירן די צייגנישן פון די דאָקטוירים, וואָס האָבן יאָ געהאַט אוני־

ווערסיטעט־בילדונג. אַ הויף־דאָקטאָר פון קיניג יאַן סאָביעסקי איז געווען ד"ר עמנואל דע יאָנאַ, וואָס איז אויך געווען אַ געוויסע צייט פרנס פון וועד ארבע ארצות. אין פוילן האָט פאַרבראַכט אַ געוויסע צייט און געשריבן זיינע ווערק דער באַרימטער דאָקטאָר טוביה כהן, דער מחבר פון „מעשה טוביה" (1707), וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ הויף־דאָקטאָר פון טערקישן סולטאַן. אין אָנהויב פון 18טן י"ה איז געווען מיליטערישער דאָקטאָר פון גרויס־פירשטנטום ליטע ד"ר אהרן גאָרדאָן, שתדלן און פרנס־הקהל אין ווילנע. זיינע שטודיעס האָט ער געענדיקט אין פּאַדווע. אין יאָר 1713 האָט ער באַקומען פון קיניג אויגוסט דעם צווייטן אַ פּריווילעגיע אַלס „קיניגלעכער דינער". דער זעלבער ד"ר גאָרדאָן איז אויך געווען הויף־דאָקטאָר פון ווילנער בישאָף. אין 18טן י"ה האָט פוילן פאַרמאָגט אויך אַ גאַנצע רייע אַנדערע באַרימטע יידישע דאָקטוירים, ווי ד"ר יצחק פּאָרטיס אין לעמבערג, הויף־דאָקטאָר פון די פּאָטאָצקיס און פרנס פון וועד ארבע ארצות און זיין ברודער ד"ר ליבערמאַן לעווי, ד"ר אהרן קאַלאַהאָראַ פון קראָקע, חיים פון ליסע, מחבר פון אַ ווערק וועגן עפּידעמיעס „עצרת המגפה", ד"ר אברהם עמנואל וואָלף פון ליסע, הויף־דאָקטאָר פון די פירשטן סולקאָווסקיס, ד"ר שלמה ראָזענבערג אין דובנע, הויף־דאָקטאָר פון פירשט מיכאל לובאָמירסקי, און אַ רייע אַנדערע. יעדע גרעסערע יידישע קהילה האָט געהאַט יידישע דאָקטוירים, דיפּלאָמירטע פון איטאַליענישע אָדער דייטשע אוניווערסיטעטן, צווישן זיי אויך איינעם אָדער מער, וואָס זיינען געווען אָנגעשטעלט ביי דער קהילה. בראָד האָט לויט דער ציילונג פון יאָר 1764 געהאַט דריי יידישע דאָקטוירים. אפילו אין גאָר קליינע שטעטלעך זיינען קוואַליפיצירטע יידישע דאָקטוירים נישט געווען קיין זעלטנקייט. אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט זיינען ביי דער ציילונג פון יאָר 1764 פאַרצייכנט געוואָרן יידישע דאָקטוירים אין אַזעלכע שטעטלעך ווי לובאַרטאָוו, קראָשניק און קוראָוו. ד"ר משה מאַרקוזי, דער מחבר פון וואונדערבאַרן „ספר רפואות" וואָס האָט געשמט אַלס „קעניגסבערגער דאָקטאָר", האָט זיך באַזעצט אין וואָלינער שטעטל טוריסק. צום סוף 18טן י"ה האָט זיך די צאָל יידישע דאָקטוירים אין פוילן געהויבן, סיי צוליב דעם אויפגעוואַקסטן דראַנג צו וועלטלעכער בילדונג ביי יידישער יוגנט, סיי צוליב די גרעסערע מעגלעכקייטן פון שטודיום אין דייטשע און פראַנצויזישע אוניווערסיטעטן. בעת דער ציילונג פון יאָר 1792 האָבן אין וואַרשע געוואוינט זעקס יידישע דאָקטוירים.

באַלבירער („צירוליקעס" האָבן אויסגעפירט די פונקציעס סיי פון שערערס, סיי פון פעלדשערס), איז געווען אַ פרנסה־קוואַל פון אַ באַדייטנדיקער צאָל יידן. אין אַזאַ קליין שטעטל ווי קאַלינאָווטשיזנע (ביי לובלין) מיט 78 יידישע פאַמיליעס זיינען אויפגעציילט געוואָרן אין יאָר 1764 — 5 יידישע באַלבירער. איינציקע יידישע באַלבירער ווערן דערמאָנט אפילו אין די קלענסטע יידישע ישובים. אין פינע (פניעווי, גרויספוילן) זיינען לויט דער פּרייסישער ציילונג פון יאָר 1793 ביידע באַלבירער פון שטעטל געווען יידן. אין דיסנע (ביי דינאַבורג) זיינען אין 18טן י"ה כמעט אַלע באַלבירער געווען יידן. גרעסערע יידישע קהילות האָבן אויך געהאַט יידישע אַפּטייקער. אין בראָד ווייזט אויף די ציילונג פון יאָר 1764 — 15 יידישע אַפּטייקער, אין וואַרשע זיינען לויט דער ציילונג פון יאָר 1792 געווען צוויי יידישע אַפּטייקער. צו דער קאַטעגאָריע פרייע באַרופן דאַרפן מיר אויך צורעכענען די שרייבערס („וויערניק" „נאמן"), וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט ביי גרויסע סוחרים, ביי אַרענדאַרן פון בריי־הייזער און בראָנפן־ברענערייען א"אַ.

דער באַרוף פון מוזיקאַנטן איז זייער זעלטן פאַרצייכנט געוואָרן ביי דער ציילונג. כאַראַקטעריסטיש איז אָבער, אַז אפילו אין גאָר קליינע שטעטלעך, וואָס האָבן געציילט עטלעכע צענדליק יידישע משפחות, געפינען מיר טיילמאָל אויסגערעכנט צו דריי און אפילו פיר מוזיקאַנטן, לויט זייערע ספּעציאַליטעטן: פידלער, באַסן און צימבלער. אַ סך אָפטער זיינען פאַרצייכנט געוואָרן בדחנים („פיגלאַרזש"), אפילו צו צוויי אין אַזעלכע שטעטלעך ווי קראָשניק (225 יידישע משפחות).

דעם פּראָפּאָרציאָנעלן אָנטייל פון קהילה־אָנגעשטעלטע און כלי־קודש צווישן יידישע פרנסות איז שווער פעסטצושטעלן צוליב דעם, וואָס די ציילונגען זיינען אין דעם דאָזיקן פּרט זייער נישט פּינקטלעך. אין פנקס פון דובנע ווערן דערמאָנט אין 18טן י"ה דריי קאַטעגאָריעס שמשים: 2 שמשים פון קהל, 1—2 שמשים פון בית־דין (שמשי הדיינים) און שמשים פון די באַזונדערע שולן און בתי־מדרשים. אין בראָד זיינען לויט דער ציילונג פון יאָר 1764 — 66 יידן געווען באַשעפטיקט אַלס רעליגיעזע פונקציאָנאַרן און אַנדערע קהילה־באַאַמטע: רבנים, דיינים, שוחטים, חזנים, שתדלנים, נאמנים, שמשים אד"גל. לגבי דער אַלגעמיינער צאָל 1641 יידישע פאַמיליעס האָבן בכן די כלי־קודש און אַנדערע קהילה־פונקציאָנאַרן באַטראָפן פיר פּראָצענט. אין דער זעלבער שטאָט בראָד האָט די ציילונג פון יענעם יאָר אויפגעוויזן 60 מלמדים, ד"ה כמעט אַזוי פיל, ווי אַלע קהילה־אָנגעשטעלטע צוזאַמען. בכל אופן קומט אויס, אפילו לויט דער דאָזיקער אומפולשטענדיקער באַרופן־סטאַטיסטיק, אַז קרוב 8 פּראָצענט יידישע ראשי־משפחות אין בראָד זיינען געווען פאַרנומען ביי פונקציעס פון קהילה, רעליגיע און דער־

ציאונג. צו זיי קומען נאָך צו פיזישע אַרבעטער, וואָס זיינען געווען אָנגעשטעלט ביי דער קהילה, ווי בעדער, נאַכט־וועכטער, קוימען־קערער, „שפיטאַלניקעס", קברנים א"אַ.

די יידישע משרתים האָבן אויסגעמאַכט גאָר אַ באַדייטנדיקן פּראָצענט פון דער עקאָנאָמיש אַקטיווער יידישער באַפעלקערונג. אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט זיינען אין יאָר 1764 פאַרצייכנט געוואָרן 272 מיידלעך דינסטן לגבי 3623 פאַמיליעס שטאָטישע יידן, ד"ה אַז בערך 7,5 פּראָצענט פון אַלע יידישע פאַמיליעס אין די שטעט האָבן געהאַלטן יידישע דינסטמיידלעך. ביי דאָרפס־יידן פון דער זעלבער וואָיעוואָדשאַפט זיינען יידישע דינסטמיידלעך געווען כמעט אין דער זעלבע פּראָפּאָרציע, 7,2 פּראָצענט פון דער צאָל יידישע פאַמיליעס. די צאָל מענלעכע משרתים איז געווען לפי ערך אַ סך קלענער. זי האָט באַטראָפן 192 אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון דער זעלבער וואָיעוואָדשאַפט, ד"ה 5,2 פּראָצענט פון דער צאָל יידישע משפחות. בעת אָבער דינסטמיידלעך זיינען אַלע געווען באַשעפטיקט ביי שטוב־ווירטשאַפט אָדער אַלס קעכינס, זיינען מענלעכע „משרתים" געווען פאַראָבקעס אָדער האַנדלס־אָנגעשטעלטע און שיק־יינגלעך און בלויז טיילווייז קען מען זיי פאַררעכענען צו דער קאַטעגאָריע פון הויז־דינסטן. עס קומט אָבער נאָך אַלץ אויס, אַז אַ גאַנץ גרויסער פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט געלעבט פון הויז־דינסט. דאָס איז געווען אַ פועל יוצא פון דער אָפגעשטאַנענער, מיטלאַלטערלעכער סטרוקטור פון דער ווירטשאַפט. פאַר דער אָרימער יוגנט און בפרט פאַר מיידלעך זיינען געווען זייער באַגרענעצטע מעגלעכקייטן פון אַרבעט אַחוץ דער באַשעפטיקונג פון הויז־דינסט.

די אומנאָרמאַלע סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור פון יידן אין אַמאָליקן פוילן אַנטפלעקט זיך צום בולטסטן אין ליכט פון דער סטאַטיסטיק פון פאָרפעלקער, וואָס האָבן געלעבט אויף קעסט. לויט ווי עס גיט איבער שלמה מיימון, פלעגט מען אין יענער צייט געבן קעסט 6 און אפילו 8 יאָר. אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט האָט די צאָל קעסט־איידעמס און פאַרהייראַטע זין אויף קעסט באַטראָפן, לויט דער ציילונג פון יאָר 1764, אין די שטעט — 14 פּראָצענט און אין די דערפער — 11 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל יידישע משפחות. אמת, מען דאַרף דערביי אין אַכט נעמען, אַז אין יענער צייט פלעגט מען מען חתונה מאַכן גאָר פרי, אַז חתונות אפילו צו 12 יאָר זיינען געווען אַן אָפטע דערשיינונג. דאָס מינערט אָבער נישט בעצם די באַדייטונג פון פאַקט, אַז יעדעס זיבנטע (אין די דערפער יעדעס ניינטע) פאָרפאָלק ביי יידן האָט געלעבט אויפן חשבון פון עלטערן. אוודאי איז דער מנהג פון לעבן אויף קעסט זייער ווייניק אַריינגעדרונגען אין די בעלי־מלאכישע שיכטן, און אַנדערע אַרבעטנדיקע עלעמענטן, ווי בעלי־עגלות, טרעגער אאַז"וו. ביי די דאָזיקע שיכטן האָט אַ יונגערמאַן געאַרבעט נישט בלויז באַלד נאָך דער חתונה, נאָר פון דער פריעסטער יוגנט, ווען ער איז געווען אויף דער לער. די צאָל קעסט־קינדער דאַרף מען טאַקע דערפאַר פאַרטיילן בלויז צווישן די איבעריקע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָבן געצויגן חיונה פון אַרענדע, שענקעריי, האַנדל, קהילה און רעליגיעזע פונקציעס. אויב מיר וועלן דערפאַר אַריינשטעלן די קעסט־קינדער אין זייער אייגענער סאָציאַל־עקאָנאָמישער סביבה, וועט זייער פּראָפּאָרציע לגבי די עקאָנאָמיש־אַקטיווע אויסקומען בערך צוויי מאָל אַזוי גרויס, ווי מיר האָבן פריער אויסגערעכנט. אין די הינטערגעסלעך פון יידישן שטעטל זיצן יידישע שניידערס און היטל־מאַכערס, קירזשנערס און פאַס־מאַכערס געזעסן איינגעבויגן איבער זייערע יואַרשטאַטן צוזאַמען מיט זייערע זין און איידעמס, געזעלן און לערן־יינגלעך. „זיידענע יינגערמאַנטשיקעס" האָבן צוגעגעבן קאָלאָריט דעם מאַרק און שולגעסל, וואו עס האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן יידישע געוועלבלעך און שענקען פאַרשמייעטע מעקלערס און גאַסן־הענדלערס. דער געוואַלטיק הויכער פּראָצענט פון באַשעפטיקונגלאָזע קעסט־משפחות האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דאָס אָנגעווייטיקטע פּראָבלעם פון אומפּראָדוקטיווע פרנסות, לופט־געשעפטן פון אַ גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן.

### ד) לאַנדווירטשאַפט

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, זיינען אין 18טן י"ה לאַנדווירשאַפטלעכע טעטיקייטן געווען אַ זייטיקע פרנסה פון אַ גרויסער צאָל יידן, סיי אין דאָרף, סיי אין שטעטל.

דאָרפס־יידן, אַרענדאַרן פון קרעטשמעס, מילן, ברייז־הייזער און בראָנפן־ברענערייען האָבן אָפט פאַרמאָגט קי און געפירט אַ מילך־ווירטשאַפט. אַ טייל פון זיי פלעגט אויך אַרענדירן ביים פריץ אַ שטיקל פעלד אָדער גאָרטן, ווי אַ צוגאָב צו דער הויפּט־אַרענדע. וועגן דעם זאָגן עדות דאָקומענטן וועגן אַרענדע־אָפמאַכן צווישן פריצים און יידן, וואָס האָבן אַ שייכות צו אַזעלכע פאַרשידענע געגנטן פון דער פוילישער מלוכה, ווי די געגנט פון וואַרשע און די געגנט פון שעלץ אין ליטע. אַז אַזעלכע אַרענדע־אָפמאַכן זיינען געווען אַן אָפטע דערשיינונג, באַווייזט אַזאַ באַשלוס פון דעם „העכסטן נאַציאָנאַל־ראַט", דער פוילישער רעגירונג בעת דעם קאָשטשושקאָ־אויפשטאַנד: „יידן אַרענדאַרן וואָס באַזיצן וועלכע

נישט איז פעלדער״ זיינען מחוייב צו צאָלן רעקרוטן־געלט און צוצושטעלן וועגענער פאַר מיליטער פונקט ווי אַנדערע לאַנדווירטן ; „פאַרקערט יענע, וואָס מען האָט צו זייער אַרענדע נישט צוגעגעבן קיין פעלד, זיינען פטור פון דער דאָזיקער פליכט.״

אין ליטע האָבן, ווייזט אויס, נישט געהערט צו זעלטנקייטן אַזעלכע אַרענדעס, וואו די לאַנדווירטשאַפט האָט געשפּילט נישט קיין קלענערע ראָלע, איידער די קרעטשמע, ברייהויז און גוראַלניע. שלמה מיימון דערציילט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, אַז צו זיין זיידעס אַרענדע האָבן געהערט פעלדער, לאָנקעס און גערטנער. די תבואה פון די דאָזיקע פעלדער האָט נישט בלויז געדעקט דעם באַדאַרף פון דער פאַמיליע, נאָר פלעגט אויך באַנוצט ווערן צו מאַכן ביר און בראָנפן און עס פלעגט נאָך אפילו בלייבן אַן עודף פון תבואה און היי צו פאַרקויפן. דער זעלבער אַרענדאַר האָט אויך פאַרמאָגט אַ סך קי און שאָף און אַזוי פיל בינשטאָקן, אַז ער האָט געהאַט גענוג האָניק אויף צו פאַבריצירן מעד.

ביי שטאָטישע יידן איז פון אַלע לאַנדווירטשאַפטלעכע טעטיקייטן צום מערסטן געווען פאַרשפּרייט פיי־צוכט ווי אַ נעבן־פּרנסה. מיר האָבן וועגן דעם ידיעות פון פאַרשידענע געגנטן פון פוילן. אין וואַרטאָסלאַוו, אַ שטעטל אין דער פויזנער געגנט, האָבן יידן אין יאָר 1783 באַקומען אַ פּריווילעגיע פון פריץ בנינסקי, וואו עס ווערט זיי דערלויבט, צווישן אַנדערע, צו פאַשען פערד און רינדער אויף זיינע לאָנקעס. אין שווערין, אַן אַנדער שטעטל אין מערב־פוילן, האָבן יידן לויט אַן אָפּמאַך מיט דער שטאָט פון יאָר 1641 געמעגט פאַשען אויף די שטאָטישע פאַשע־פעלדער אַ באַשטימטע צאָל אָקסן און שעפסן. אין באָרטשין, אויך אין גרויספוילן, האָבן יידן אין יאָר 1772 געציילט סך־הכל 17 פאַמיליעס ; זיי האָבן פאַרמאָגט 9 פערד, 4 אָקסן און 7 קי. וועגן ראַווע (ביי וואַרשע) באַריכטן פרייסישע באַאַמטע צום סוף פון 18טן י״ה, אַז ביי דאָרטיקע יידן איז פאַרשפּרייט דאָס האָדעווען פי. אין די תקנות פון פריץ פאַר די יידן פון סאָקאָלאָוו (צווישן 1766 און 1775) רעדט זיך וועגן אָפּצאָל פון בעלי־בתים, וואָס פאַרמאָגן איינע, צוויי אָדער מער קי. אין יאַזלאָוויעץ (מזרח־גאַליציע) האָבן יידן געפאַשעט זייערע בהמות אויף דער שטאָטישער לאָנקע. אין אַן אַנדער שטאָט אין מזרח־גאַליציע, סאָקאָל, האָבן יידן געפאַשעט זייערע בהמות אויף די קיניגלעכע פאַשע־פעלדער. אין יאָר 1762 האָבן זיי דערפאַר געצאָלט 14 גילדן מיט 24 גראָשן *). היות דער יערלעכער אָפּצאָל האָט באַטראָפן לויטן אָפּמאַך 6 גראָשן פון אַ קו און צו

*) אַ גילדן האָט געציילט 30 גראָשן.



3 גראָשן פון אַ שאָף, אָדער אַ ציג, קומט אויס, אַז די דאָרטיקע יידישע באַפעלקערונג האָט פאַרמאָגט אַרום 100 שטיק בהמות : קי, שאָף און ציגן. לויט די תקנות פון דער קהילה זשאָלקווע פון יאָר 1691 האָבן די שמאים (שטייער־שאַצערס) באַדאַרפט אין אַכט נעמען ביים באַשטימען דעם סכום קהילה־שטייער אויך דעם אומשטאַנד, „אויב איינער האָט אַ סך בהמות״. טשאָרטקאָוו האָבן יידן לויט דער פּריווילעגיע פון יאָר 1722 אָפּגעצאָלט דעם פריץ פּאָטאָצקי פון זייערע פערד, קי, ציגן, שאָף און פון בינשטאָקן דעם זעלבן מעשר ווי די קריסטן. וועגן אַ טייל שטעט האָבן זיך דערהאַלטן ידיעות אויך וועגן אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע טעטיקייטן ביי יידן, אַחוץ האָדעווען פי. אין בענדין האָבן יידן געדונגען דעם גאָרטן פון סטאַראָסטע. אין קאָלאָמיי האָבן יידן געשניטן היי אויף דער לאָנקע גלייך מיט די קריסטלעכע שטאָטס־לייט. אין פּראָסקיראָוו האָבן יידן געדונגען ביים הויף אַ פעלד פאַר בערך 60 גילדן אַ יאָר. אין דרויע (ביי דינאַבורג) האָט דער פירשט סאַפּיעהא אין יאָר 1726 בטל געמאַכט יידישע קניות פון ערד־אייגנטום. אָבער נאָך דריי יאָר שפּעטער האָט אַ ייד געקויפט ביים דאָרטיקן בירגערמייסטער 10 מאָרג אַקער־פעלד און אַ מאָרג פאַשע־פעלד. לויט די באַריכטן פון פרייסישע באַאַמטע פון יאָר 1793 איז ערד־אַרבעט און פי־צוכט געווען פאַרשפּרייט ביי יידן אין דער געגנט פון שעראַדז, ראַווע „און בפרט אין אוקראַינע און וואָלין, וואו עס געפינען זיך יידישע פויערים אין גאַנצע דערפער און דיסטריקטן״. לויט אַנדערע באַריכטן פון 18טן י״ה קומט אויס, אַז ביי ליטווישע יידן האָט מען לאַנדווירטשאַפט געקאָנט טרעפן אַ סך אָפטער, איידער ביי יידן אין קרוינפוילן. אָט וואָס עס דערציילט דער דערמאָנטער ענגלישער רייזנדער וויליאַם קאָקס אין זיין רייזע־באַריכט פון יאָר 1784 : „ליטע איז אפשר דאָס איינציקע לאַנד, וואו יידן באַשעפטיקן זיך מיט ערד־אַרבעט ; אויף אונזער נסיעה דורכן דאָזיקן הערצאָגטום האָבן מיר אָפט געזען יידן, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט מיט זייען, שניידן, אַראָפּנעמען היי און מיט אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע מלאכות״. דער באַריכט־געבער דערציילט אָבער נישט, צי די דאָזיקע יידן זיינען געווען שטאָטס־לייט, צי דאָרפישע אַרענדאַרן.

די אַלע ציטירטע דאָקומענטן און באַריכטן האָבן בעצם אַ שייכות צו לאַנדווירטשאַפט ווי אַ יידישע נעבן־באַשעפטיקונג. צום סוף פון 18טן י״ה האָבן מיר די ערשטע געציילטע ידיעות וועגן יידן אויף די טעריטאָריעס פון דער פוילישער מלוכה, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט ווי אַ הויפּט־באַשעפטיקונג. אָבער ערשט אין 19טן י״ה האָט זיך אָנגעהויבן דער איבערבוי פון יידישן עקאָ־

נאָמישן לעבן אין פוילן, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך די אַגראַריזאַציע פון אַ באַדייטנדיקן פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג.

## 4. די רעכטלעכע לאַגע

די רעכטלעכע לאַגע פון יידן אין דער פוילישער מלוכה איז אין אַלגעמיינע שטריכן געבליבן אומפאַרענדערט ביז צו דער תקופה פון רעפאָרמען אין לעצטן דריטל פון 18טן י״ה. אויך אין דער דאָזיקער תקופה באַשטעטיקן פוילישע מלכים סיי די גענעראַל־פּריווילעגיעס פון יידן פוי דער גאַנצער מלוכה, סיי די ספּעציעלע פּריווילעגיעס פאַר איינצעלע קהילות. פונקט ווי פריער לאַווירירן די מלכים צווישן די יידן פון איין זייט און צווישן די שטאָט־מאַגיסטראַטן און קריסטלעכע צעכן פון דער אַנדערער זייט. אין תוך זיינען די הערשער ווייטער פאַראינטערעסירט, סיי צוליב זייערע פינאַנצן, סיי צוליב דער טובה פון דער מלוכה, אַז יידן זאָלן געניסן פון פרייהייט פון וואוינען אין די שטעט, פון אומגעשטערטן האַנדל און מלאכה. ביי יעדן סיכסוך ווערן אָבער אויך די טענות פון די שטעט גענומען אין אַכט מיט דער באַגרינדונג, אַז יידן קומט בלויז די רעכט, וואָס זיינען זיי צוגעפּסקנט געוואָרן לויט אַלטע פּריווילעגיעס און אַז זיי טאָרן נישט משיג גבול זיין די פּריווילעגיעס פון די קריסטלעכע שטאָטס־לייט. די דאָזיקע פּרינציפּנלאָזיקייט אין הסכם מיטן כלל אַז „דער וואָלף זאָל זיין זאַט און אויך די שאָף זאָל בלייבן גאַנץ״, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע מלכים פון דער דאָזיקער תקופה אָן אַן אויסנאַם, נישט מער, וואָס אַ טייל פון זיי, ווי קיניג יאַן סאָביעסקי, זיינען געווען מער נוטה צו נעמען אין אַכט די באַרעכטיקטע פאָדערונגען פון די יידן, בעת די זאַקסישע מלכים און בפרט דער באַגרענעצטער און קליינקעפּלדיקער בעל־תאווהניק אויגוסט דער IIIטער, וואָס האָט געטראָגן אַ האַס צו יידן, זיינען געווען מער נאָכגיביק צו די טענות פון די קריסטלעכע שטאָטס־לייט. בלויז אין איין פּרט זיינען כמעט אַלע מלכים געווען קאָנסעקווענט, דהיינו, אין אַרויסגעבן שאַרפע דעקרעטן קעגן הריגות און רויב־אָנפאַלן אויף יידן. אַזוי האָבן זיך געצויגן אין אַלע קיניגלעכע שטעט פאַרשלעפּטע קאַמפן צווישן שטאָטס־לייט און יידן, איבערגעריסן דורך קעגנזייטיקע אָפּמאַכן אָדער סותרדיקע אַנטשיידונגען פון קיניג ביז צום מאָמענט פון דער לעצטער צעטיילונג פון פוילן.

די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע ירידה אין לאַנד האָט געווירקט, אַז דער קאָנקורענץ־קאַמף מצד די קריסטלעכע שטאָטס־לייט קעגן יידן איז געווען אַ סך פאַרביסענער און פלעגט אַ סך אָפטער אויסברעכן איידער אין דער פריערדיקער תקופה. אָבער אַזוי ווי אין דער צווייטער העלפט פון 17טן י״ה, ... 

זעלבער צייט איז די מלוכה געוואָרן אַלץ מער דעצענטראַליזירט און די העגעמאָניע פון דער שלאַכטע איז געוואָרן אַלץ מער אומבאַגרענעצט, האָבן יידן געהאַט שאַנסן איינצוהאַלטן זייערע האַנדל־פּאָזיציעס און אפילו אויסצוברייטערן זייערע קוואַרטאַלן און זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס סיי אויפן געביט פון שענקערײַ, סיי אויפן געביט פון מלאכה. די מאַגנאַטישע יורידיקעס זיינען אין דער דאָזיקער תקופה אין אַלע גרעסערע קיניגלעכע שטעט געוואָרן אַזוי צאָלרייך, אַז אַדאַנק זיי האָבן יידן נאָך מער ווי פריער געהאַט די מעגלעכקייט אויסצומיידן די גזירות פון די מאַגיסטראַטן און צעכן. פונקט אַזוי האָט אין די קלענערע קיניגלעכע שטעט די פאַרשטאַרקטע מאַכט פון די סטאַראָסטעס באַשיצט דעם יידישן האַנדל און מלאכה. גינציק פאַר יידן איז געווען דער אומשטאַנד, וואָס די סיכסוכים מיט די שטעט, וואָס האָבן נאָך אַלץ אין דער לעצטער אינסטאַנץ אָנגעשפּאַרט צום קיניג, צום העכסטן געריכט פאַר שטעט (אַסעסאָרן־געריכטן) און צו קיניגלעכע קאָמיסיעס, פלעגן אין אַ סך פאַלן „אויסגעגלייכט״ ווערן דורך דער אַנטשיידונג פון די אָרטיקע באַאַמטע, די וואָיעוואָדעס. אַזוי ווי די וואָיעוואָדעס זיינען געווען צוגענגלעך פאַרן אַרגומענט פון גרויסע געלט־סומעס, מיט וועלכע די יידישע קהילות האָבן געשטיצט זייערע גערעכטע טענות אויף רעכט צו לעבן, פלעגן זיי אין זייער אַנטשיידונג זיך טיילווייז רעכענען מיט דער לאַגע פון יידן.

אַזוי האָבן יידן אין פוילן אין ביטערן געראַנגל מיט פיינטלעכע כוחות, פאַרן פּרייז פון ריזיקע געלט־סומעס פאַרן קיניג, פאַר די קאָמיסיעס, פאַר די וואָיעוואָדעס און אויף הוצאות פון פּראָצעסן יעדע פאַר יאָר אויפסניי געמוזט אַרויסרייסן פאַר זיך דאָס רעכט צו וואוינען, צו האַנדלען און צו אַרבעטן.

לאָמיר זיך באַקענען אויפן ביישפּיל פון עטלעכע גרעסערע שטעט מיט וויכטיקסטע מאָמענטן פון קאַמף צווישן דער שטאָט און יידן.

### א) דער קאַמף פאַר וואוין־רעכט און פאַר רעכט צו האַנדלען

אין לובלין, וואו יידן האָבן געמעגט וואוינען בלויז אויף דער פאָרשטאָט „פּאָדזאַמטשע״ („אונטערן שלאָס״), האָבן זיי אין דער צווייטער העלפט פון 17טן י״ה, נאָך די מאָסקווער און שוועדישע מלחמות, זיך געמוזט אַריבערטראָגן אין צענטער פון דער שטאָט ווייל דער יידישער קוואַרטאַל איז געווען אינגאַנצן אָפּגעברענט. זיי האָבן זיך באַזעצט אין מאַרק אין די פּאַלאַצן פון מאַגנאַטן און גלחים און אין די הייזער פון רייכע ראַטמענער פון דער שטאָט. עס ברעכט אויס אַ קאַמף פאַר אַרויסוואַרפן די יידן פון דער שטאָט, וואָס ענדיקט זיך מיט אַ צייטווייליקן אָפּמאַך מיטן מאַגיסטראַט אין יאָר 1677. די קליינע

קריסטלעכע סוחרים האָבן געהאַלטן די באַגרענעצונגען פון יידישן האַנדל פאַר נישט גענוגנדיק און אין יאָר 1679 האָט דער זעלבער קיניג פאַרבאָטן יידן צו האַלטן געשעפטן אָדער קראָמען אין דער שטאָט. באַזונדערס ווערט אין דעם דאָזיקן דעקרעט פאַרווערט יידן צו האַנדלען אום זונטיק און חגאות, צו האַלטן קריסטלעכע דינסטן און צו פאַרנעמען זיך מיט מעקלעריי אין דער שטאָט. די קריסטלעכע סוחרים האָבן נאָך דעם דאָזיקן נצחון געגרינדעט אַ „נייע סוחרישע קאָנגרעגאַציע״, און אירע סטאַטוטן זיינען באַשטעטיקט געוואָרן דורכן קיניג אין יאָר 1685. אין די דאָזיקע סטאַטוטן איז איבערגעחזרט געוואָרן דער פאַרבאָט פאַר יידן צו עפענען געוועלבער אין צענטער פון דער שטאָט; יידן האָבן נישט געטאָרט אַרומטראָגן סחורות „אין קערב״, נישט אויף דער גאַס און נישט איבער די הייזער; יידישע סוחרים טאָרן נישט אויסקויפן קיין סחורה איידער די קריסטלעכע סוחרים האָבן געמאַכט זייערע קניות. נאָך לאַנגע השתדלותן פון יידן האָט דער קיניג, אין יאָר 1696 צוריקגעצויגן די באַשטעטיקונג פון סטאַטוט פון דער קריסטלעכער סוחרים־קאָנגרעגאַציע, דערקלערנדיק אַז ער איז דורך איר אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ טעות... די „צפון־מלחמה״ האָט איבערגעריסן אויף צוואַנציק יאָר דעם סיכסוך צווישן דער שטאָט און די יידן. אין יאָר 1720 האָט דער קיניג אויגוסט דער IIטער אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, אין וועלכן עס זיינען ווידער נאָכגעגעבן געוואָרן אַלע פאָדערונגען פון די קריסטלעכע סוחרים. דער קיניג האָט דערביי באַשטימט אַ קאָמיסיע, וואָס האָט געזאָלט אַדורכפירן דאָס משלח זיין יידן פון צענטער פון דער שטאָט. אין יאָר 1736 איז די קאָמיסיע נאָך אַלץ נישט געווען פאַרטיק מיט איר אַרבעט און דעמאָלט האָט דער קיניג באַשטימט אַ נייע קאָמיסיע. אַדאַנק דער השתדלות פון יידן, וואָס האָבן אויסגענוצט פּראָטעקציע פון מאַגנאַטן און הויכע באַאַמטע, האָט דער קיניג אין יאָר 1738 בטל געמאַכט דעם דעקרעט פון יאָר 1736. די שטאָטס־לייט האָבן אָבער זיך געמאַכט כלא ידעו וועגן דער נייער קיניגלעכער אַנטשיידונג, אָנגעהויבן אַרויסצוואַרפן יידן פון הייזער און געוועלבער און אָנגעקלאָגט פאַר דעם שטאָטישן געריכט יענע בירגער, וואָס האָבן פאַרדונגען יידן דירות און געוועלבער. נאָך אַ נייער קלאַגע פון לובלינער שטאָטס־לייט ביים העכסטן געריכט פאַר שטאָטישע ענינים (אַסעסאָרן־געריכט) איז אין יאָר 1743 דעלעגירט געוואָרן אַ נייע קאָמיסיע, וואָס האָט אַ יאָר שפּעטער אַרויסגעגעבן אַ פּסק, אַז יידן דאַרפן פאַרלאָזן די שטאָט. אין משך פון אַכט טעג, אַרויסציען זיך אין דער יידישע־ פאָרשטאָט און באַצאָלן אַ הויכע געלט־שטראָף דעם שטאָט־מאַגיסטראַט. די אַנטשיידונג פון דער קאָמיסיע איז נישט אַדורכגעפירט געוואָרן צוליב דער שוץ וואָס יידן



האָבן באַקומען סיי פון די רייכע ראַטמענער, וואָס האָבן געצויגן גרויסע רווחים פון דירה־געלט, סיי נאָכמער צוליב דעם ווידערשטאַנד פון די מאַגנאַטן אין די יורידיקעס. אַ טייל פון די דאָזיקע מאַגנאַטן האָבן אַוועקגעשטעלט פאַר זייערע פּאַלאַצן וואַכן פון היידוקעס באַוואָפנט מיט צעפּעס און קאָסעס און נישט דערלאָזט די שטאָטס־לייט אַרויסצוואַרפן זייערע יידישע „קאָמאָרניקעס״. אין יאָר 1759 זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די מיטגלידער פון שטאָט־ראַט, די לאַווניקעס און די צעך־מייסטערס און אָנגענומען אַ פייערלעכן באַשלוס וועגן אַרויסוואַרפן די יידן פון דער שטאָט. די אויספירונג פון דעם דאָזיקן באַשלוס האָט ווידער אָנגעטראָפן אויף דעם ווידערשטאַנד פון די רייכע קריסטלעכע הויז־באַזיצער און גרויסע סוחרים וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט יידן דורך מסחר־פאַרבינדונגען און גענומען פון זיי גרויסע סומעס פאַר פאַרדינגען זיי דירות, געוועלבער און מאַגאַזינען. די שטאָטס־לייט האָבן זיך אין יאָר 1761 ווידער געווענדט צום אַסעסאָרן־געריכט אין וואַרשע און דאָס־מאָל איז דער פּסק־דין אויסגעפירט געוואָרן מיט דער גרעסטער חומרא: דער סטאַראָסטע האָט באַקומען די פולמאַכט צו באַנוצן מיליטער און יידן וואָס האָבן געוואוינט זינט הונדערט יאָר אין צענטער פון דער שטאָט זיינען אין משך פון איין שעה אַרויסגעטריבן געוואָרן אין די ענגע געסלעך פון דער יידישער פאָרשטאָט „פּאָדזאַמטשע״. בלויז אַ טייל רייכע יידישע סוחרים האָט זיך איינגעגעבן צו באַזעצן זיך אין דער קראָקעווער פאָרשטאָט אין די פּאַלאַצן פון מאַגנאַטן און פון קלויסטערס (בערנאַרדינער און פיאַרן). די אַלע אויסדערוויילטע האָבן לויט אַן אָפּמאַך מיט דער שטאָט פון יאָר 1770 געדאַרפט אָפּצאָלן דער שטאָט 38 גילדן אַ חודש פאַרן רעכט צו האַנדלען. אַנדערע קלענערע סוחרים פלעגן בסתר פאַר אַ געוויסער סומע זיך אַריינכאַפּן אין משך פון טאָג אין די הייזער פון ראַטמענער און מאַגנאַטן כדי צו קענען האַנדלען כאָטש עטלעכע שעה. אין דער לעצטער תקופה פון אַלטן פוילן, אונטער דער הערשאַפט פון קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי, זיינען אויפסניי אויסגעבראָכן קאַמפן צווישן דער שטאָט און יידן וואָס האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג סיי אין אומאויפהערלעכע פּראָצעסן פאַר די העכסטע אינסטאַנצן אין וואַרשע, סיי אין רויב־אָנפאַלן אויף יידן. נאָך דער צעטיילונג פון פוילן האָט די עסטרייכישע מאַכט און שפּעטער די רעגירונג פון קאָנגרעס־פוילן ענדגילטיק פאַרמאַכט פאַר יידן די טויערן פון געטאָ אין לובלין. ערשט די רעפאָרמען פון מאַרגראַף וויעלאָפּאָלסקי פון יאָר 1862 האָבן פאַר יידן אין לובלין פונקט ווי אין אַנדערע שטעט אין קאָנגרעס־פוילן בטל געמאַכט די גזירה פון געטאָ. אין דער זעלבער צייט האָבן אויך יידן אין גאַליציע צום ערשטן מאָל באַ־

קומען די פרייהייט צו וואוינען אומבאַגרענעצט אין אַלע שטעט פון לאַנד.

פונקט ווי אין לובלין זיינען אויך אין אַ ריי אַנדערע גרויסע שטעט אין פוילן די שטאָטס־לייט אַרויסגעגאַנגען אין קאַמף קעגן יידן מיטן לאָזונג אַרויסטרייבן די יידן פון דער שטאָט.

אין וואַרשע, דער הויפּט־שטאָט פון דער מלוכה, האָבן יידן נישט געטאָרט וואוינען זינט דעם קיניגלעכן דעקרעט פון יאָר 1527. אויך דאָרט האָבן אָבער די אייזערנע געזעצן פון דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער, איידער אַלע גזירות. די באַדערפענישן פון האַנדל פון די שטאָט־איינוואוינער גופא פון איין זייט און פון דער אַנדערער זייט די לעבנס־נויטווענדיקייט פון די יידישע סוחרים און בעלי־מלאכות, האָבן אויך אין וואַרשע מיט דער צייט געהאַט אַלץ אַ גרעסערע ווירקונג. זינט דעם סוף פון 16טן י״ה איז וואַרשע געווען די הויפּט־שטאָט פון דער מלוכה און די רעזידענץ־שטאָט פון קיניג. אַלס דער צענטער פון פּאָליטישן לעבן האָט זי זיך אויך אַנטוויקלט ווי די רעזידענץ־שטאָט פון די מעכטיקסטע פּוילישע און ליטווישע מאַגנאַטן און דורך איר געאָגראַפישער לאַגע אין דער מיט פון דער מלוכה איז זי אויפגעוואַקסן ווי איינער פון די וויכטיקסטע האַנדלס־צענטרען אין לאַנד. נאָך אין יאָר 1570 האָט קיניג זיגמונט אויגוסט באַשטעטיקט די גזירה וועגן פאַרבאָט פון יידן צו וואוינען אין וואַרשע און צוויי מייל אַרום וואַרשע, אָבער דערביי שוין געמאַכט די הנחה אַז זיי מעגן פאַרברענגען אין וואַרשע בעת די באַראַטונגען פון סיים. פאַרשטייט זיך, אַז יידן האָבן נישט מדקדק געווען אין פּרט פון טערמין און פלעגן פאַרבלייבן אין וואַרשע ווי לאַנג עס האָט זיך געלאָזט אפילו נאָך די זיצונגען פון סיים. קיין וואַרשע פלעגן אויך קומען אין אָפיציעלע שליחותן צום קיניג און צו די באַאַמטע פרנסים און שתדלנים פון וועד ארבע ארצות, פון וועדי הגליות און פון גרעסערע קהילות. פונקט ווי אין אַ ריי אַנדערע גרעסערע שטעט האָבן יידן אין וואַרשע געוואוינט אין די יורידיקעס פון די מאַגנאַטן און גלחים, און אין די פאָרשטעט. אין די צייטן פון אויגוסט דעם IIIטן האָבן זיך פאַרשטאַרקט די רדיפות אויף די וואַרשעווער יידן, מען פלעגט זיי כאַפּן אויף די גאַסן, צונעמען די סחורות און פאַרטרייבן פון דער שטאָט. נישט געקוקט אויף די אַלע שוועריקייטן זיינען בעת דער ציילונג צום סוף 1764 פאַרצייכנט געוואָרן אין וואַרשע 1274 יידן עלטער ווי איין יאָר. זיי האָבן טאַקע נישט געקאָנט אַריינדרינגען אויף דער טעריטאָריע פון דער „אַלטשטאָט״ („דאָס מקום״) און פון דער „ניישטאָט״, אָבער זיי האָבן באַוואוינט די מאַגנאַטישע פּאַלאַצן און הויפן אין די אַרומיקע גאַסן. בלויז אין דער געגנט פון טלומאַצקע, ביעלאַנסקע, סענאַטאָרסקע און טעאַטער־פּלאַץ זיינען געווען קאָנצענטרירט מער ווי 60 פּראָצענט פון אַלע וואַרשעווער יידן. אין יאָר 1768 האָט דער סיים אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז יידן מעגן אַריינקומען קיין וואַרשע צוויי וואָכן פאַרן אָנהייב פון סיים (וואָס האָט זיך געדאַרפט צונויפקומען יעדע 2 יאָר) און פאַרבלייבן ביז 2 וואָכן נאָך דעם שליסן פון סיים. די מיליץ פון מאַרשאַלעק פלעגט אָנזאָגן ביידע טערמינען דורך בלאָזן אין טראָמפּייטערס. אין יאָר 1770 האָט דער מאַרשאַלעק דערלויבט יידן צו קומען קיין וואַרשע אויך אין מאַרק־טעג, אָבער זיי האָבן באַדאַרפט אויסקויפן „בילעטן״ צו 5 זילבערנע גראָשן אויף 14 טעג. אין דער זעלבער צייט האָט דער מאַגנאַט סולקאָווסקי געגעבן יידן אַ מעגלעכקייט צו באַזעצן זיך הינטער דער שטאָט און דער ישוב האָט באַקומען אַ נאָמען „ניי ירושלים״ (היינט איינע פון די הויפּט־גאַסן פון וואַרשע, אַלעיע יעראָזאַלימסקיע). אין יאָר 1775 האָט דער מאַרשאַלעק אכזריותדיק פאַרטריבן יידן פון „ניי ירושלים״ און האָט באַשטימט פאַר יידן אין וואַרשע זעקס מאַגאַזינען, וואו זיי האָבן געדאַרפט אָפּפירן אַלע סחורות, וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין דער שטאָט. אַ יאָר שפּעטער האָבן יידן זיך צוריק באַזעצט אין „ניי ירושלים״ און אין וואַרשע גופא. דאָרטן זיינען בעת דער ציילונג פון יאָר 1781 פאַרצייכנט געוואָרן 3044 יידן אין עלטער העכער אַ יאָר. באַלד איז אָבער ווידער אויסגעבראָכן דער געפערלעכער וואולקאַן אויף וועלכן יידן האָבן זיך געהאַט באַזעצט. אין מאַי 1784 האָט דער מאַרשאַלעק אויף דער פאָדערונג פון מאַגיסטראַט אכזריותדיק פאַרטריבן די יידן פון וואַרשע מיטן אויסנאַם פון אַ קליינער צאָל. בעת דער ציילונג פון סעפּטעמבער אין זעלבן יאָר האָבן שוין יידן אין וואַרשע באַטראָפן סך הכל 959 נפשות. פאַמעלעך האָבן יידישע סוחרים, בעלי־מלאכות און מעקלערס צוריק זיך באַזעצט אין דער הויפּט־שטאָט און אין יאָר 1787 איז לויט דער שטאָטישער ציילונג פעסטגעשטעלט געוואָרן די צאָל יידן אין וואַרשע 3242, ד״ה אפילו מער ווי פאַרן גירוש מיט דריי יאָר פריער. ווען עס האָבן זיך געפירט די פאַרהאַנדלונגען פון סיים פון יאָר 1788, וואָס איז געווען טעטיק פיר יאָר, האָבן יידן באַקומען אַ פאָרמעלן גרונט צו באַזעצן זיך אין וואַרשע. דער וואַרשעווער מאַגיסטראַט האָט אָבער איינגעלייגט וועלטן, געשיקט איין דעלעגאַציע נאָך דער אַנדערער צום קיניג, צום מאַרשאַלעק און צום סיים, פאָדערנדיק דעם גירוש פון די יידישע קאָנקורענטן. דער שטאָט־פּרעזידענט האָט זיך אפילו מתחייב געווען אין נאָמען פון דער שטאָט צו באַשטיימען פאַר דער מלוכה פופציק טויזנט גילדן, כדי מען זאָל אין דעם זכות די יידן משלח זיין. וואַרשע האָט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער קאַמפּאַניע וועגן אַרויסטרייבן יידן פון אַלע קיניגלעכע שטעט.

אין מאַי 1790 איז פאָרגעקומען אַ פאָרמעלער פאָגראָם אויף יידן אין וואַרשע. מען האָט חרוב געמאַכט יידישע געוועלבער און וואַרשטאַטן, געכאַפּט יידן אויף דער גאַס, צוגעשטעלט דער וואַך פון מאַרשאַלעק, ווי מען האָט זיי געשמיסן און אַרויסגעטריבן פון דער שטאָט. ווידער האָבן זיך די פאַרטריבענע יידן נאָך אַ קורצער צייט אומגעקערט קיין וואַרשע און לויט דער שטאָטישער ציילונג פון יאָר 1792 האָבן זיך דאָרט געפונען 6750 יידישע נפשות. נישט געקוקט אויף אַלע מוראדיקע נגישות איז צום סוף פון 18טן י״ה דער יידישער ישוב אין דער הויפּט־שטאָט אויסגעוואַקסן ווי די גרעסטע יידישע קהילה אין גאַנץ פוילן!

אין קאַמעניעץ פּאָדאָלסק, וואו יידן ווערן דערמאָנט שוין אין יאָר 1465, האָט דער מאַגיסטראַט אַרויסבאַקומען פון קיניג זיגמונט דעם IIIטן אין יאָר 1598 אַ דעקרעט „וועגן נישט טאָלערירן יידן". עס איז זיי דערלויבט געוואָרן צו קומען אין שטאָט אַריין בלויז אויף דריי טעג. אין יאָר 1654 האָט דער קיניג קאַזימיר באַשטעטיקט דעם דאָזיקן דעקרעט און באַפוילן צו פאַרטרייבן די יידן פון דער שטאָט. די גזירה איז נישט אויסגעפירט געוואָרן אַדאַנק דער שטיצע פון די סטאַראָסטעס, וואָס פלעגן איבערגעבן יידן די אַרענדע פון געוויסע שטאָטישע הכנסות. אין יאָר 1665 האָט אַ קיניגלעכע קאָמיסיע נאָכאַמאָל גוזר געווען דעם גירוש; יידן האָבן געזאָלט אין משך פון 12 טעג פאַרקויפן די הייזער און פאַרלאָזן די שטאָט. אין יאָר 1670 האָט דער סיים באַשלאָסן אַז יידן און „געצנדינער" טאָרן נישט וואוינען נישט אין דער שטאָט נישט אויף אַ שטח פון דריי מייל אַרום דער שטאָט. צוויי יאָר שפּעטער, בעת דער באַלאַגערונג פון קאַמעניעץ דורך די טערקן אין יאָר 1672, האָבן יידן זיך אויסגעצייכנט סיי אַלס געניטע קאַנאָנען־שיסערס, סיי אין הילף־דינסט פאַר דער פוילישער אַרמיי, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן דורך אַ יידישער מיליטערישער אָפּטיילונג פון פרייוויליקע. קיין שום זכות איז אָבער יידן נישט בייגעשטאַנען און נאָכדעם ווי די טערקן האָבן פאַרלאָזט קאַמעניעץ אין יאָר 1699, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה פון שווערע גזירות. אין יאָר 1725 האָט דער קיניג אויגוסט דער IIטער באַפוילן דעם סטאַראָסטע צו פאַרטרייבן די יידן פון דער שטאָט, אָבער די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע האָט זיך ניט געאיילט אויסצופירן דעם דעקרעט. דער מאַגיסטראַט האָט נאָך 12 יאָר, אין יאָר 1737, געפּרואווט צו פועלן ביי מאַגנאַטן און ביים בישאָף, אַז זיי זאָלן אַדורכפירן אַ נייעם דעקרעט וועגן יידישן גירוש. נאָכדעם ווי אַ נייע קיניגלעכע קאָמיסיע האָט אין יאָר 1747 צוגעפּסקנט דעם שטאָט־מאַגיסטראַט זיינע תביעות, איז אין יאָר 1750 אַרויסגעגאַנגען אַן ענדגילטיקער קיניגלעכער דעקרעט וועגן פאַרטרייבן יידן פון קאַמעניעץ. דערביי איז אָנגעגעבן געוואָרן דער מאָטיוו, אַז יידן זיינען פאַררעטער און שונאים פון דער קאַטוילישער רעליגיע און עס איז אַ סכנה פאַר דער מלוכה, אַז זיי זאָלן פאַרבלייבן אין דער פעסטונג אויף דער טערקישער גרענעץ... דער גירוש האָט געטראָפן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון דער שטאָט, אַחוץ אַ צאָל אַרענדאַרן, אָן וועלכע די קיניגלעכע פינאַנצן און די מאַגנאַטן האָבן זיך נישט געקאָנט באַגיין. די פאַרטריבענע יידן האָבן זיך באַזעצט אויף די פאָרשטעט און אין אַרומיקע שטעטלעך.

אין אַ ריי מיטעלע קיניגלעכע שטעט, וואָס האָבן געהאַט פּונקט ווי וואַרשע, לובלין און קאַמעניעץ אַלטע פּריווילעגיעס „וועגן נישט טאָלערירן יידן", איז דער פאַרביסענער קאַמף פון די שטאָטס־לייט קעגן די יידן נישט געווען אימשטאַנד אויפצוהאַלטן דעם כסדרדיקן וואוקס פון יידישן ישוב. יידן פלעגן דאָרט אויסנוצן אַלע לעגאַלע און האַלב־לעגאַלע מעגלעכקייטן: די גזירות פלעגן מאַכן אַ הנחה פאַר יידישע סוחרים בעת די ירידים; יידן פלעגן זיך באַזעצן אויף די פאָרשטעט אונטער דעם שוץ פון דער שלאַכטע און פון קיניגלעכע באַאַמטע; זיי פלעגן געניסן פון הילף מצד רייכע קריסטלעכע סוחרים, וואָס האָבן מיט זיי געפירט מסחר. ווי אַ ביישפּיל פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע מיטעלע קיניגלעכע שטעט קען דינען סאַמבאָר. די שטאָט סאַמבאָר האָט נאָך אין יאָר 1542 אַרויסבאַקומען פון דער קיניגין באָנא און פון קיניג זיגמונט דעם Iטן אַ דעקרעט, וואָס האָט פאַרבאָטן יידן דאָרט צו וואוינען. אין שפּעטערדיקע קיניגלעכע דעקרעטן איז אָבער בפירוש געגעבן געוואָרן יידן אַ רעכט צו קומען אין שטאָט אַריין אויף די ירידים. אַדאַנק דער פּראָטעקציע פון דער שלאַכטע האָבן יידן אין משך פון 16טן און 17טן י״ה זיך באַזעצט אין דער שטאָט. אין יאָר 1724 פּראָטעסטירן די מיעשטשאַנעס פון דער שטאָט און פון די פאָרשטעט פון סאַמבאָר קעגן יידן, וואָס האַנדלען און ברענען בראָנפן אַדאַנק דעם שוץ פונם אַדמיניסטראַטאָר פון די קיניגלעכע גיטער. אין יאָר 1730 קומט פאָר אַ משפּט צווישן דער שטאָט און סאַמבאָרער יידן פאַר דעם אַסעסאָרן־געריכט. יידן טענהן, אַז די מכלומרשטע קיניגלעכע פּריווילעגיעס פון 16טן י״ה „וועגן נישט טאָלערירן יידן", זיינען געפעלשטע. אין יאָר 1732 גיט אַרויס קיניג אויגוסט דער IIטער אַ דעקרעט, וואָס פאַרווערט די יידן צו וואוינען און צו האַנדלען סיי אין דער שטאָט גופא, סיי אין די פאָרשטעט. אַ חודש שפּעטער קלאָגט אָן דער שטאָט־מאַגיסטראַט סאַמבאָרער יידן דערפאַר, וואָס זיי האָבן עובר געווען אויפן געזעץ, אויסגעבויט זיך אַ שול און געעפנט אַ בית־עולם. אין יאָר 1740 שטעלט פעסט קיניג אויגוסט דער IIIטער, אַז יידן האָבן אַ רעכט צו וואוינען אויף דער טעריטאָריע פון קיניגלעכן שלאָס, פון וואַנען

די בירגער האָבן זיי אומגעזעצלעך פאַרטריבן. בנוגע דער פראַגע פון דער שול און בית־עולם האָט דער קיניג באַשטימט אַ נייע קאָמיסיע... צוויי יאָר שפּעטער פּראָטעסטירן סאַמבאָרער לאַווניקעס (אַלטע ראַטמענער) קעגן די סאַמבאָרער בירגער, וואָס האָבן געשלאָסן האַנדלס־אָפּמאַכן מיט יידן. אין יאָר 1763 האָבן סאַמבאָרער יידן באַקומען אַ דערלויבעניש אויפצושטעלן אַ נייע גרויסע שול. לויט דער אָפיציעלער ציילונג פון יאָר 1764 האָט די סאַמבאָרער יידישע קהילה געציילט 513 יידישע נפשות עלטער ווי אַ יאָר.

אין דעם רוב גרעסטע און גרויסע שטעט אין פוילן האָבן די מיעשטשאַנעס נישט געהאַט די העזה אַרויסצוטרעטן מיט דער פאָדערונג וועגן פאַרטרייבן זייערע יידישע מיטוואוינער. די דאָזיקע שטעט האָבן זיך נישט געקאָנט פאַררופן אויף קיין שום אַלטע פּריווילעגיעס „וועגן נישט טאָלעריִרן יידן" און אפילו דאָרט, וואו זיי האָבן יאָ פאַרמאָגט אַזעלכע פּריווילעגיעס, ווי, למשל, אין ווילנע, זיינען די יידן אין משך פון יאָרהונדערטער אַזוי שטאַרק אויסגעוואַקסן אין צאָל און עקאָנאָמישער באַדייטונג, אַז אַ פאָדערונג וועגן פולשטענדיקן גירוש וואָלט לכתחילה געווען אילוזאָריש. דער קאַמף פון די מיעשטשאַנעס קעגן יידן איז אין די אַלע שטעט געפירט געוואָרן אונטער אַזעלכע לאָזונגען: פאַרווערן יידן צוצוקויפן נייע הייזער, אָדער צו באַזעצן זיך אין גאַסן און קוואַרטאַלן, וואו זיי האָבן נישט געוואוינט מקדמונים; פאַרבאָטן יידן שענקעריי, ביר־קאָכן און בראָנפן־ברענען; באַגרענעצן דעם יידישן האַנדל בלויז צו באַשטימטע אַרטיקלען און בפרט אסרן דעם יידישן לאחדים־האַנדל, גאַסן־האַנדל און פעדלעריי; פאַרווערן יידן צו פאַרנעמען זיך מיט מלאכה אָדער לכל הפחות באַגרענעצן די צאָל יידישע בעלי־מלאכות צו אַ מינימום און נישט לאָזן זיי אַריינדרינגען אין אַזעלכע מלאכה־צווייגן, וואו זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַלטע חזקה; אַרויפלייגן אויף יידן אַלע שטאָטישע שטייערן און אָפּצאָלן.

אין לעמבערג זיינען די שטאָטס־לייט יעדע עטלעכע יאָר אַרויסגעטראָטן מיט דער פאָדערונג, אַז יידן זאָלן אויפהערן צו קויפן הייזער און פלעצער ביי קריסטן און אָפּצודינגען ביי זיי דירות און געוועלבער. אין יאָר 1656 האָט דער קיניג קאַזימיר פאַרבאָטן יידן אָפּצודינגען ביי קריסטן זייערע הייזער, אָבער אָן אַ פּעולה, ווייל שוין אין יאָר 1678 פּראָטעסטירט די שטאָט, אין גראָד קעגן יידן, וואָס דינגען און קויפן הייזער ביי קריסטן. אין יאָר 1699 האָט דער סיים אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז יידן אין לעמבערג טאָרן נישט אַריינדרינגען אין די גאַסן פון שטאָט־צענטר. אין יאָר 1710 האָט דער קיניג אויגוסט דער IIטער באַשטעטיקט דעם באַשלוס פון לעמבערגער שטאָט־ראַט וועגן פאַרבאָט צו פאַרדינגען יידן הייזער און געוועלבער. די אַלע באַשלוסן און דעקרעטן האָבן זייער ווייניק געהאָלפן: יידן האָבן געוואוינט אין דער שטאָט נישט נאָר אין הייזער פון מאַגנאַטן און גלחים, נאָר אויך אין הייזער פון די רייכע שטאָטס־לייט. עס האָבן אויך נישט געהאַט קיין פּעולה די אָפּמאַכן וועגן באַגרענעצן דעם יידישן האַנדל, וואָס די שטאָט פלעגט אַרויפצווינגען אויף דער יידישער קהילה. נאָך אַזאַ אָפּמאַך וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין יאָר 1740 לויט אַ פּסק פון דער קיניגלעכער קאָמיסיע, זיינען די יידן אין יאָר 1744 אָנגעקלאָגט געוואָרן פאַרן פאָדוואָיעוואָדע, אַז זיי האַנדלען מיט טוך לאחדים. דער פאָדוואָיעוואָדע האָט יידן פאַרבאָטן דעם דאָזיקן האַנדל. דער דאָזיקער איסור איז פונקט אַזוי געבליבן אויפן פּאַפּיר, ווי דער פּסק דין פון דער זעלביקער אינסטאַנץ פון יאָר 1742 וואָס האָט געפאָדערט פאַר יידישע מעקלערס אַ היתר סיי פון קהל סיי פון אַמט פון פאָדוואָיעוואָדע. די קריסטלעכע סוחרים גופא האָבן זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן יידישע מעקלערס אין זייער האַנדל מיט סוחרים פון דער פרעמד.

אין ווילנע האָט אַ פּסק דין פון „רעלאַציע־געריכט" אין יאָר 1672 פאַרבאָטן יידן צו האַנדלען מיט זאַלץ, הערינג, וואַקס און האַנף. אין יאָר 1682 האָט דער קיניג דערלויבט ווילנער יידן צו האַנדלען מיט זאַלץ, אָנגעבנדיק אַלס מאָטיוו זייער גרויסע עקאָנאָמישע ירידה. אין יאָר 1712 האָט אַ קאָמיסיע צווישן אַנדערע געאסרט יידן צו פאַרנעמען זיך מיט לאחדים־האַנדל און גאַסן־האַנדל מחוץ דעם יידישן קוואַרטאַל. שוין אַ יאָר שפּעטער, אין יאָר 1713, האָט דער קיניג דערלויבט יידן אין ווילנע צו פאַרנעמען זיך מיט האַנדל אָן שום באַגרענעצונגען און אויך צו פאַרקויפן משקאות. דער דעקרעט האָט געזאָלט זיין חל אויף צוואַנציק יאָר. אָבער אין יאָר 1720 פאַרפירט די שטאָט אַ משפט מיט יידן פאַרן הויף־געריכט. כאַראַקטעריסטיש איז דערביי אַזאַ עפּיזאָד: היות ביידע צדדים האָבן געדאַרפט באַווייזן אַלע אַלטע פּריווילעגיעס כּדי צו באַשטעטיקן זייערע טענות, האָט די יידישע קהילה געבראַכט אַ קאַסטן מיט דאָקומענטן פאַרן גראָד־געריכט; דאָס גראָד־געריכט האָט זיך באַשיימפערלעך איבערצייגט, אַז די דאָקומענטן זיינען געווען צעביסן פון שטשורעס... אין יאָר 1738 האָט דער קיניג אויגוסט דער IIIטער פאַרלענגערט די גילטיקייט פון דער פּריווילעגיע פאַר ווילנער יידן אויף נאָך צוואַנציק יאָר. שוין מיט אַ יאָר שפּעטער האָט אָבער דאָס הויף־געריכט באַשטעטיקט די פּריווילעגיע פון די ווילנער שטאָטס־לייט פון יאָר 1527, וואָס לויט איר האָבן יידן בכלל נישט געטאָרט וואוינען אין ווילנע! אין יאָר 1741 האָט אַ קאָמיסיע פון וואָיעוואָדע באַגרענעצט דעם יידישן גאַסן־האַנדל אין ווילנע און אין יאָר 1742 איז דער יידישער האַנדל

לויט אַ נייעם אָפּמאַך צווישן דער קהילה און דער שטאָט נאָך ווייטער באַגרענעצט געוואָרן. אין יאָר 1744 האָט דער זעלבער קיניג נישט געקוקט אויפן דעקרעט פון יאָר 1738, פאַרוועט יידן צו קויפן אָדער עקספּאָרטירן לעדער. אין יאָר 1756 האָט דאָס הויף־געריכט באַשטעטיקט אַלע באַגרענעצונגען פון יאָר 1742. צוואַנציק יאָר שפּעטער, אין יאָר 1776, האָט דער קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט באַשטעטיקט די פּריווילעגיעס פון ווילנער יידן אויף ווייטערדיקע צוואַנציק יאָר. עס האָט נישט געדויערט עטלעכע יאָר און אין יאָר 1783 איז ווידער פאָרגעקומען אַ משפּט פאַר דעם הויף־געריכט. דאָסמאָל איז אַרויסגעגאַנגען אַ פּסק דין, אַז יידן מעגן וואוינען און קויפן הייזער אין דער גאַנצער שטאָט און אין אַלע פאָרשטעט, מיט באַוואָרענישן בלויז וועגן דער טראָקער און אָסטראַבראַמסקער גאַס; זיי האָבן געמעגט אומבאַגרענעצט זיך פאַרנעמען מיט האַנדל, שענקעריי און מלאכה. דער דאָזיקער דעקרעט, וואָס איז געקומען אַזוי שפּעט, איז געווען אַ רעזולטאַט פון נייע עקאָנאָמישע טענדענצן אין פּוילן אין דער תקופה פון רעפאָרמען. דערביי איז אָבער דאָך כאַראַקטעריסטיש אַז אין די הוצאות פון ווילנער קהל פאַרן יאָר 1783־1784 איז פאַרשריבן אַ פּאָזיציע: „אויף דעם משפּט פאַרן קיניגלעכן הויף־געריכט 26,803 גילדן, 23 גראָשן״! לפי ערך נישט ווייניקער האָבן אָפּגעקאָסט דער יידישער קהילה יעדע עטלעכע יאָר די פּראָצעסן וואָס זי פלעגט מוזן פירן מיט די שטאָטס־לייט וועגן רעכט צו וואוינען און צו האַנדלען. צו אַלע שווערע שטייער־לאַסטן וואָס די יידישע מאַסן האָבן געשלעפּט אויף זייערע פּלייצעס זיינען נאָך צוגעקומען די קהילה־שטייערן אויף אָפּצוצאָלן די חובות פאַר פּראָצעס־קאָסטן...

ענלעכע שאַרפע סיכסוכים ווי אין ווילנע וועגן רעכט פון יידן צו האַנדלען און צו וואוינען אין באַשטימטע גאַסן זיינען פאָרגעקומען יעדע עטלעכע יאָר אין אַנדערע גרעסערע ליטווישע שטעט ווי גראָדנע, פּינסק, מאָהילעוו, וויטעבסק, דיסנע (ביי דינאַבורג) א״אַ. אומעטום זיינען יידן געווען אימשטאַנד בייצוקומען די שווערע גזירות קודם כל אַדאַנק דעם שוץ פון די מאַגנאַטן און גלחים אין די יורידיקעס און טיילווייז אויך אַדאַנק די אינטערעסן פון אַ טייל שטאָטס־לייט, וואָס האָבן ביי זיי געצויגן רווחים.

אויך אין די גרויסע שטעט פון גרויספּוילן און קליינפּוילן, וואו יידן האָבן געמעגט וואוינען געזעצלעך, ווי פּויזן, קאָליש, ליסע, קראָקע, האָבן זיך אין משך פון גאַנצן 17טן און 18טן י״ה געצויגן פאַרשלעפּטע קאַמפן צווישן די קריסטלעכע שטאָטס־לייט און די יידן אַרום די זעלבע ענינים ווי אין די דערמאָנטע שטעט פון מזרח־פּוילן. די שטאָט פּויזן איז אין יאָר 1667 אַרויסגעגאַנגען צום קאַמף קעגן יידישן גאַסן־האַנדל און אין יאָר 1676 אַרויסבאַקומען אַ פּריווילעגיע, וואָס האָט פאַרווערט פאַר יידן דעם לאחדים־האַנדל. אין יאָר 1726 האָט די קריסטלעכע סוחרישע קאָנגרעגאַציע פון פּויזן אָרגאַניזירט אַ בשותפותדיקע אַקציע מיט די סוחרים־קאָנגרעגאַציעס אין וואַרשע, ליסע, קאָליש און פּיעטריקאָוו קעגן יידישן האַנדל. אין קראָקע, וואו די יידישע קהילה האָט באַקומען פון יעדן קיניג אַ נייע באַשטעטיקונג פון אירע פּריווילעגיעס, האָט דער שטאָט־מאַגיסטראַט אין דער זעלבער צייט יעדע עטלעכע יאָר (1736, 1744, 1746, 1750) אויסגעפּועלט ביים קיניג דעקרעטן, וואָס האָבן לחלוטין פאַרבאָטן דעם יידישן האַנדל. לויט די דאָזיקע דעקרעטן האָבן יידן געזאָלט אָפּהיטן דעם אויפגעצוואונגענעם אָפּמאַך פון פאַר דריי הונדערט יאָר (פון יאָר 1485 !), ווען זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון רעכט צו האַנדלען! באַזונדערע סיכסוכים האָט אַרויסגערופן די פּראַגע וועגן אויסברייטערן דעם יידישן קוואַרטאַל אין קאָזמאַרק און די פּראַגע וועגן יידישע געוועלבער אין קראָקע גופא. אויך דאָ איז יידן בייגעשטאַנען דער שוץ פון מאַגנאַטן און פון קיניגלעכע באַאַמטע. בעת דער קראָקעווער מאַגיסטראַט האָט אין יאָר 1761 געהייסן קאָנפיסקירן די סחורות אין די יידישע געוועלבער און סחורה־לאַגערס, האָט דער וואָיעוואָדע די גזירה בטל געמאַכט. דער וואָיעוואָדע האָט אָנגעוויזן, אַז יידן צאָלן הויכע שטייערן און ריזיקע סומעס דירה־געלט און אַז האַנדל איז זייער איינציקע פּרנסה. נאָך אין יאָר 1772 האָט דער קראָקעווער שטאָט־ראַט נאָך אַ דריי־יאָריקן פּראָצעס מיט יידן געפאָדערט, אַז זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון לאחדים־האַנדל מיט וויכטיקסטע מינים לייוונט, טוך און געוואַנט; דער האַנדל מיט אַ גאַנצער ריי סחורות, ווי נייע קליידער, צירונג, נירנבערגער סחורות, אויסלענדישע גאַלאַנטעריע, אייזן א״אַ זאָל זיי אינגאַנצן פאַרבאָטן ווערן; זיי זאָלן אויך ניט טאָרן אַרומטראָגן קיין שום סחורות איבער די פּריצישע הויפן, קלויסטערס און פאָרשטעט. אין קאָליש זיינען יידן נאָך שפּעטער, אין יאָר 1787, געצוואונגען געוואָרן צו שליסן אַן אָפּמאַך מיט דער שטאָט, לויט וועלכן זיי האָבן נישט געטאָרט פאַרקויפן משקאות קיין קריסטן און האָבן נישט געטאָרט קויפן קיין הייזער אָדער אויפבויען נייע.

## ב) דער קאַמף פון די יידישע בעלי־מלאכות פאַר רעכט אויף אַרבעט

אין דעם הונדערטיאָריקן פאַרביסענעם קאַמף קעגן יידישן וואוין־רעכט אין די שטעט און קעגן יידישן האַנדל האָבן די קריסטלעכע סוחרים געהאַט די שטאַרקסטע אונטערשטיצונג מצד די האַנטווערקער. פונקט ווי די סוחרים און קרעמער האָבן זיך אויך די קריסטלעכע האַנטווערקער פאַרלייגט צו פאַר־

שפּאַרן די יידן אין זייער ענגן קוואַרטאַל, אָדער אַרויס־צוטרייבן זיי אינגאַנצן פון דער שטאָט, כדי פּטור צו ווערן פון דער קאָנקורענץ מצד יידישע בעלי־מלאכות. די קריסטלעכע האַנטווערקער זיינען אָבער אויך געווען פאַראינטערעסירט נאָכמער ווי די קריסט־לעכע סוחרים צו פאַרווערן דעם יידישן האַנדל מיט באַשטימטע סחורות. דערפון האָט זיך גענומען דער אַנטיסעמיטישער „ראַדיקאַליזם" פון האַנטווערקער אין לעמבערג און אין ווילנע, אין לובלין און אין אַנדערע שטעט. אָפּגערעדט דערפון, וואָס דער שטאָט־ראַט האָט אין זין געהאַט קודם כל די אינטערעסן פון רייכן קריסטלעכן סוחרים־קלאַס און נישט אַלעמאָל אַריינ־גענומען אין האַנדלס־אָפּמאַכן מיט יידן בפירושע תנאים וועגן פאַרבאָט פון יידישער מלאכה, האָבן אפילו די פעסטגעשטעלטע באַגרענעצונגען פון יידישן האַנדל נישט באַפרידיקט די קריסטלעכע האַנטווערקער. זיי פלעגן אָפט אָרגאַניזירן שאַרפע אַקציעס קעגן שטאָט־ראַט מיט דער טענה אַז ער האָט זיי פאַרראַטן אין קאַמף קעגן יידן... קריסטלעכע קירזשנער און היטל־מאַכער האָבן געפאָדערט אַז עס זאָל פאַרבאָטן ווערן דער יידישער האַנדל מיט פעלצן און היטלעך. קריסט־לעכע שניידערס האָבן געפאָדערט אַ פאַרבאָט פאַר יידישע סוחרים צו האַנדלען מיט פאַרטיקע קליידער. קריסטלעכע פאַסמאַכער און שמוקלערס האָבן געפאָ־דערט אַ פאַרבאָט פאַר יידן אויף אַריינפירן אויס־לענדישע גאַלאַנטעריע און אויף פעדלעריי מיט גאַלאַנטעריע־אַרטיקלען. קריסטלעכע שוסטערס פלעגן פאָדערן מען זאָל פאַרווערן יידן צו קויפן לעדער און אַרויסצופירן לעדער אין אויסלאַנד. פונקט אַזוי האָבן קריסטלעכע טעפּער און קאַנען־גיסער געשטורעמט קעגן יידישן האַנדל מיט טעפּ און בלעכערנע כלים און שמידן — קעגן אידישע אייזן־סוחרים. אַזוי ווי יידן זיינען געווען דער רוב מנין ובנין פון סוחרים־שטאַנד פון לאַנד האָט די שנאה פון די קריסטלעכע האַנט־ווערקער צו יידן אין אַ גרויסער מאָס געשטאַמט פון עקאָנאָמישן ווידעראַנאַנד צווישן בעלי־מלאכות און סוחרים בכלל. די רייכע קריסטלעכע סוחרים און שטאָט־געוועלטיקער האָבן דעם דאָזיקן עקאָנאָמישן אַנטאַגאָניזם אויסגענוצט סיי כדי אָפּצואווענדן דעם עקאָנאָמישן קאַמף פון האַנטווערקער אין דער ריכטונג פון דער „יידישער סכנה", סיי באַנוצט די אויפגע־ברויזטע האַנטווערקער־מאַסן ווי אַ בייטש קעגן די דאָזיקע קאַטעגאָריעס פון יידישן האַנדל וואָס זיינען פאַר זיי אַליין געווען אַ קאָנקורענץ. די קריסטלעכע האַנטווערקער און קרעמער האָבן געשאַרט די הייסע קוילן פאַר זייערע דירעקטע אונטערדריקער, די מיט געלט אָנגעשטאָפּטע שטאָטישע פּאַטריציער.

די דירעקטע קאָנקורענטן פון די קריסטלעכע האַנטווערקער זיינען געווען די יידישע בעלי־מלאכות און קעגן זיי איז געגאַנגען די פראָנט־אַטאַקע אין קאַמף פון די שטאָטישע צעכן מיט יידן. די עצם־אינסטיטוציע פון צעכן איז געווען געבויט אויפן פרינציפּ פון מאָנאָפּאָל און אויסשליסלעכקייט. די צעכן האָבן שווער גערודפט די קריסטלעכע האַנטווערקער, וואָס זיינען ביי זיי נישט געווען אָרגאַניזירט און האָבן געאַרבעט אָן זייער דערלויבעניש. די דאָזיקע „פּו־שערס", „פאַרטאַטשן", אָדער שטוראַזשעס (פון דייטשן וואָרט „שטערער") פלעגן פונקט ווי יידישע בעלי־מלאכות על פי רוב אַרבעטן אין די פאָרשטעט און אין די יורידיקעס פון דער שלאַכטע, וואו דער שטאָט־ראַט און די צעכן האָבן פאָרמעל נישט געהאַט די שליטה. די דאָזיקע „פּושערס" זיינען געווען אַזוי ווייט אין אַן ענלעכער לאַגע ווי יידישע בעלי־מלאכות, אַז אין לובלין האָבן די קריסטלעכע שניידערס פון דער פאָרשטאָט „פּאָדזאַמטשע" אַרום יאָר 1660 געגרינדעט אַן אייגענעם צעך אין אָפּאָזיציע צום שטאָטישן שניי־דער־צעך און אַריינגענומען אַלס מיטגלידער אויך יידישע בעלי־מלאכות. אויך אין לעמבערג האָבן די „פאַרטאַטשעס" געשטיצט די יידישע בעלי־מלאכות קעגן די שטאָט־צעכן.

פון די צעכן פלעגן אויך אין פרינציפּ זיין אויס־געשלאָסן אַנדערשגלויביקע קריסטלעכע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן געהערט צו אַן אַנדערער קריסטלעכער רעליגיע איידער די צעך־מיטגלידער. אין קליינפּוילן פלעגן די צעך־סטאַטוטן אַנטהאַלטן פּאַראַגראַפן לויט וועלכע נישט־קאַטוילישע, ד"ה פּראַוואָסלאַוונע, לוטע־ראַנער א"אַ, און אַמאָל אפילו גריכיש־קאַטוילישע האָבן נישט געקאָנט זיין קיין מיטגלידער. פונקט אַזוי זיינען צעכן אין אַ ריי גרויספּוילישע שטעט, ווי טורן, קראָ־טאָשין, געווען באַהערשט דורך פּראָטעסטאַנטן און האָבן נישט אַריינגענומען קיין קאַטויליקן, אָדער האָבן זיי נישט צוגעלאָזט צו קיין אַמטן.

אַ געוויסער גראַד פון טאָלעראַנץ לגבי די אַנדערש־גלויביקע קריסטן האָט געהערשט אין די מזרח־געביטן פון פּוילן און אין פּריוואַטע שטעט אין גאַנץ פּוילן. אין די מזרח־געביטן פון פּוילן, ווי רייסן (מזרח־גאַליציע), וואָלין און ליטע, וואו די באַפעלקערונג איז געווען נאַציאָנאַל און רעליגיעז אַ געמישטע, פלעגן אַנדערשגלויביקע קריסטן יאָ אַריינגענומען ווערן אין די צעכן און אַמאָל אויך באַקליידן אַמטן אין צעך. ענלעך איז געווען די לאַגע אין פּריוואַטע, ד"ה פּריי־וואַטישע שטעט, וואו די צעכן האָבן געהאַט אַ באַגרע־נעצטע אויטאָנאָמיע און זיינען געווען ‹פולשטענדיק אונטערגעוואָרפן אונטער דער מאַכט פון פּריץ.

ביי אַזאַ מאָנאָפּאָליסטישן און רעליגיעז־אויס־שליסלעכן כאַראַקטער פון די צעכן איז נישט קיין חידוש, אַז זיי האָבן אָנגעווענדט אַלע וועגן כדי זיך צו באַוואָרענען קעגן דער קאָנקורענץ פון די יידישע בעלי־מלאכות. די צעכן פלעגן זיך באַמיען ביי די שטאָט־ראַטן, ביים וואָיעוואָדע, ביים קיניג און אין

פריוואַטע שטעט ביים פריץ וועגן אַ באַשטעטיקונג פון זייערע סטאַטוטן, וואָס האָבן יידן לחלוטין פאַרבאָטן צו פאַרנעמען זיך מיט דעם געגעבענעם מלאכה־צווייג. אין אַ גאַנצער ריי מלאכה־צווייגן האָט זיך טאַקע די קריסטלעכע צעכן איינגעגעבן צו פאַרמאַכן פאַר יידן אינגאַנצן, אָדער כמעט אינגאַנצן דעם צוטריט. אַזוי דערקלערט זיך אין אַ גרויסער מאָס די זעלטנקייט ביי יידן אין אַלטן פוילן פון די באַרופן פון שוסטערס, טשעשלאַרעס, טישלערס, מויערערס, שלאָסערס און שמידן. אין אַנדערע מלאכה־צווייגן און בפרט אין די פאַכן פון קצבים, שניידערס, קירזשנערס, האָבן די צעכן ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַרויסצוטרעטן מיט דער פאָדערונג, אַז יידן זאָל אינגאַנצן פאַרווערט ווערן די אַרבעט, ווייל דאָ זיינען געקומען אין באַטראַכט די פראַגן פון כשרות: כשרות פון פלייש און דער פאַרבאָט פון שעטנז ביי שניידערישער און קירזשנערישער אַרבעט. די צעכן פלעגן אָבער לכתחילה פאָדערן, אַז יידישע קצבים, שניידערס, קירזשנערס, היטלמאַכער א״אַ זאָלן מעגן אַרבעטן בלויז פאַר יידישע קונים. אַזוי ווי די קאָנטראָל איז דאָ געווען זייער שווער האָבן די צעכן מיט דער צייט מאָדיפיצירט זייערע פאָדערונגען סיי בנוגע יידישע קצבים, שניידערס, קירזשנערס און היטלמאַכער, סיי בנוגע אַנדערע יידישע בעלי־מלאכות, ווי גאָלדשמידן, שמוקלערס, בעקערס א״אַ. די צעכן האָבן דעמאָלט אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען וועגן באַגרענעצן די צאָל יידישע בעלי־מלאכות אין יעדן געגעבענעם פאַך ביז צו אַ מינימום. אין דער זעלבער צייט האָבן די צעכן אָנגעפירט אַן עקשנותדיקן קאַמף דערפאַר, אַז די יידישע בעלי־מלאכות זאָלן געבן באַשטימטע אָפצאָלן פאַרן צעך ביים עפענען זעלבשטענדיק אַ וואַרשטאַט, ביים אויפנעמען לערן־יינגלעך און געזעלן און אַחוץ־דעם אַ רעגולערן יערלעכן אָפצאָל אין געלט, אָדער אין נאַטור, ווי וואַקס, חלב אד״גל. די פאָדערונג וועגן אַ יערלעכן אָפצאָל האָבן די צעכן באַגרינדעט דערמיט, וואָס יידישע בעלי־מלאכות נעמען נישט אָנטייל אין די פראָצעסיעס און רעליגיעזע צערעמאָניעס פון צעך וואָס זיינען פאַרבונדן מיט קאָסטן, ווי איינקויפן ליכט און לעמפלעך פאַרן אַלטאַר אין דער קירך וכדומה. אויך די קריסטלעכע „פאַרטאַטשעס" פלעגן אונטער דעם זעלבן אויסרייד ווערן געצוואונגען צו צאָלן יעדן קוואַרטל אַ באַשטימטע סומע פאַרן צעך און דערפאַר פלעגן זיי אָנגערופן ווערן „קוואַרטאַלני". על פי רוב פלעגט זיך איינגעבן די צעכן צו צווינגען די יידישע בעלי־מלאכות, בפרט שניידערס און קירזשנערס צו יערלעכע אָפצאָלן.

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, זיינען די דאָזיקע אָפצאָלן געווען די גרעסטע פאָזיציעס אין די בודזשעטן פון די יידישע חברות בעלי־מלאכות. אויך אין שטעט, וואו עס זיינען נישט געווען קיין אָרגאַניזירטע יידישע חברות, פלעגן די יידישע בעלי־מלאכות אינדיווידועל זיין געצוואונגען אַריינצוטראָגן זייערע אָפצאָלן אין צעך. וועגן אַזעלכע אינדיווידועלע אָפצאָלן געפינען מיר כאַראַקטעריסטישע נאָטיצן אין די צעך־ביכער פון נייסאַנץ, וואַרשע און אַנדערע שטעט. אין בוך פון קירזשנער־צעך אין נייסאַנץ איז צווישן אַנדערע פאַראַן אַזאַ נאָטיץ פון יאָר 1686:

„היום ג' עשרה ימים לחודש אב תמ״ו האָבין מיר זיך משווה גיבען מיט דער קירזנער־צעך אַז מיר זאָלין געבין בכל שנה ושנה איטליכער שני ליטריה שעווה דהיינו ששה פונט... און אונש מותר צו אַרבעטין מלאכת קירזנר...

דהיינו על חגא ניטל שני ליטרת
דהיינו על חגא פסח שני ליטרת
דהיינו על חגא מרקריטא שני ליטרת..."

אין אַ טייל שטעט, ווי פרזשעמישל, האָבן יידישע שניידערס געמוזט אָפצאָלן פאַרן קריסטלעכן צעך פון יעדן בגד, וואָס איז גענייט געוואָרן פאַר קריסטלעכע קונים, אפילו פון „נאַפראַווקעס" (פאַרריכטן אַלטע קליידער) און די יידישע געזעלן האָבן אָפגעצאָלט פון יעדן גילדן שכירות. די געלטער האָט איינגעמאָנט דער יידישער צעך וואָס איז געווען דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קריסטלעכן צעך.

אַ טייל קריסטלעכע צעכן האָבן אויך געצוואונגען די יידישע צעכן אָנטיילצונעמען אין זייערע פאַרזאַמלונגען כדי זיי צו פאַרפליכטן אויסצופירן אַלע זייערע באַשלוסן. געווען אויך צעכן, וואָס האָבן אַדורכגעפירט דעם כלל, אַז יידישע געזעלן האָבן צו זיי געמוזט אָנקומען נאָך דער „וויזוואָליני", ד״ה אויסלייזונג אויף אַ מייסטער. די כוונה איז דערביי, ווייזט אויס, געווען אָפצוהיטן אַז דער נייער יידישער מייסטער זאָל נישט פאַרפעלן איינצוצאָלן זיין איינשרייב־געלט אין צעך. אין טשאָרטקאָוו פלעגן נייע יידישע מייסטערס זיין מחוייב אַחוץ אַ גרויסער סומע איינשרייב־געלט און עטלעכע פונט וואַקס צושטעלן פאַרן צעך בראָנפן, מעד און אַ פעסל ביר. צו אַלע פינאַנציעלע שיקאַנעס איז נאָך צוגעקומען די רעליגיעזע באַליידיקונג, וואָס דער יידישער בעל־מלאכה האָט באַדאַרפט שטיין פאַרן צעך אין בלויזן קאָפ „אַז אַ ייד איז נמאס געוואָרן דאָס לעבן צוליב זייערע בייזע מנהגים". (פנקס פון יידישע שניידערס און קירזשנערס אין טשאָרטקאָוו).

אַזוי זיינען יידישע בעלי־מלאכות מיט דער צייט געצוואונגען געוואָרן צו טראָגן פאַר די קריסטלעכע צעכן אַ סך שווערערע לאַסטן איידער די צעכן־מיטגלידער, נישט געקוקט דערויף וואָס זיי האָבן דערצו געמוזט אויסהאַלטן מיט שווערע קאָסטן זייער אייגענע יידישע חברה. די עוולה קעגן די יידישע בעלי־מלאכות איז געווען נאָך שרייענדיקער, וואָס ביי די אַלע אָפצאָלן, זייענדיק אונטערגעוואָרפן אַלע

באַשלוסן און גזירות פון צעך (דער צעך פלעגט דערלויבן די יידישע בעלי־מלאכות צו האַלטן בלויז צו איין געזעל אָדער איין לערן־יינגל) האָבן זיי אין צעך נישט געהאַט קיין שום רעכט. זיי האָבן זיך נישט געטאָרט באַטייליקן אין די וואַלן פון צעך און אַ פשיטא האָבן זיי נישט געטאָרט געווילט ווערן אַלס צעך־מייסטערס. בלויז אין געוויסע פריוואַטע שטעט, ווי טשאָרטקאָוו (נאָך אַן אָנקלאַגע פון יידישע בעלי־מלאכות קעגן די שיקאַנעס פון צעך), וועגראָוו, האָבן יידישע בעלי־מלאכות לויט די פריווילעגיעס פון די פריצים געהאַט געוויסע רעכט אין די צעכן צו וועלכע זיי זיינען געצוואונגען אָנצוגעהערן: די עלטסטע פון צעך האָבן געדאַרפט געווילט ווערן מיט דער הסכמה פון יידישן צעך אָדער מיט דער באַטייליקונג פון די יידישע מיטגלידער אין די וואַלן און דער צעך איז געווען מחוייב אָפצוגעבן אַ יערלעכן דין־וחשבון פון די הכנסות און הוצאות אויך פאַר די יידישע מיטגלידער.

אין סך־הכל האָבן אין פריוואַטע שטעט יידישע בעלי־מלאכות געהאַט מער מעגלעכקייט צו באַשעפטיקן זיך מיט זייער האַנטווערק איידער אין קיניגלעכע שטעט. פונקט אַזוי האָבן יידישע סוחרים און קרעמער אין פריוואַטע שטעט בדרך כלל נישט געהאַט אויסצושטיין די שווערע גזירות מצד די קריסטלעכע קאָנקורענטן. די יידישע קרעמער אין פריוואַטע שטעט פלעגן אָבער פונקט ווי די יידישע בעלי־מלאכות אָפט זיין געצוואונגען אָנצוגעהערן צו די צעכן פון שטאָטישע קרעמער. די פאַלן ווי יידישע בעלי־מלאכות האָבן געהאַט אַחוץ שווערע פליכטן לגבי די צעכן אויך געוויסע באַגרענעצטע רעכט, זיינען געווען פונקט אַזוי זעלטן, ווי די דערמאָנטע ווינציקע ביישפילן פון פריצישע שטעט (בראָד, קאָלאָמיי, באָלעכאָוו א״אַ) וואו יידן האָבן לפנים וועגן באַקומען דאָס רעכט צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן פון בירגערמייסטער און אין דער קאָנטראָל פון די שטאָט־פינאַנצן.

דעם שווערסטן קאַמף פאַר רעכט צו באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה האָבן יידן געהאַט אַדורכצוקומען אין די קיניגלעכע שטעט, בפרט אין די גרעסערע.

אין קאַמף פון די צעכן קעגן יידישע בעלי־מלאכות האָבן די פוילישע מלכים אַרויסגעוויזן דעם זעלבן מאַנגל פון קאָנסעקווענץ, ווי אין שייכות מיטן קאַמף קעגן יידישן האַנדל. דער חילוק איז בלויז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין דער פראַגע פון האַנטווערק פלעגן די מלכים און די העכסטע געריכט־אינסטאַנצן אַ סך אָפטער נאָכגעבן די צעכן איידער אין די סיכסוכים אַרום יידישן האַנדל. היות יידן האָבן אין האַנטווערק נישט געשפילט אַזאַ דאָמינירנדיקע ראָלע, ווי אין האַנדל, האָבן די מלכים אין די גזירות קעגן יידישע האַנטווערקער נישט געזען אַזאַ גרויסע סכנה פאַר דער ווירטשאַפט פון לאַנד ווי אין די עקסטרעמע באַגרענעצונגען פון יידישן מסחר. אין דער שפעטערדיקער תקופה, ווען די צעכן האָבן מאָדיפיצירט זייערע פאָדערונגען אין דעם זין, אַז יידישע בעלי־מלאכות זאָלן אַריינטראָגן זייערע אָפצאָלן גלייך מיט די אָרגאַניזירטע צעך־מיטגלידער, זיינען די טענות אין פלוג אויסגעקומען ווי גערעכטע און די מלוכה־מאַכט האָט זעלטן גענומען אין אַכט די קעגן־אַרגומענטן פון די יידישע בעלי־מלאכות.

צוליב דעם אָנגעוויזענעם עקאָנאָמישן מאָמענט באַמערקט זיך טאַקע אַ חילוק אין דער שטעלונג פון קיניג צום יידישן האַנטווערק אין באַזונדערע געביטן פון פוילן. אין מערב־ און צענטראַל־פוילן האָבן די פוילישע מלכים אין 17טן י״ה פונקט ווי אין דער פריערדיקער תקופה על־פי־רוב באַשטעטיקט די סטאַטוטן פון די צעכן, לויט וועלכע עס איז געווען פאַרבאָטן יידן, גלייך מיט „פושערס״ און מיט אַנדערש־גלויביקע קריסטן צו פאַרנעמען זיך מיט זייער מלאכה. ווי אַ ביישפיל קענען דינען פויזן און לובלין. אין פויזן האָט קיניג זיגמונט דער דריטער לויט דער אַנטשיידונג פון אַסעסאָרן־געריכט (סוף 16טן י״ה) פאַרבאָטן יידישע שניידערס צו נייען קליידער פאַר נישט־יידן. אין יאָר 1616 האָט דער זעלבער קיניג באַשטעטיקט דעם סטאַטוט פון פויזנער בעקער־צעך, וואָס האָט פאַרווערט יידן צו פאַרקויפן ברויט אונטער שטראָף פון קאָנפיסקאַציע. אין יאָר 1649 האָט קיניג יאַן קאַזימיר באַשטעטיקט די סטאַטוטן פון די פויזנער צעכן פון קצבים און שוסטערס איינשליסנדיק די אַנטי־יידישע פאַראַגראַפן. אין יאָר 1676 האָט קיניג יאַן סאָביעסקי באַשטעטיקט דעם סטאַטוט פון פויזנער צעך פון הענטשקע־מאַכער, וואָס האָט אַנטהאַלטן גזירות קעגן יידן. אין לובלין האָבן די צעכן פון בעדנערס, וואָגן־מאַכערס און שטריק־מאַכערס באַקומען אַ קיניגלעכע פריווילעגיע אין יאָר 1616, וואָס שליסט אויס יידן פונקט ווי נישט־קאַטויליקן פון צעך; אַ סטאַטוט פון לובלינער צעך פון מויערער פון יאָר 1634 האָט פאַרבאָטן יידישע „פושערס״ צו אַרבעטן סיי אין די הויפן פון דער שלאַכטע און אין קלויסטערס, סיי ביי יידן; אַחוץ דעם האָט קיין שום מייסטער נישט געטאָרט אַרבעטן מיט מאַטעריאַלן, וואָס זיינען געקויפט געוואָרן ביי יידן. אַ רייע לובלינער צעכן האָבן באַקומען פריווילעגיעס, לויט וועלכע יידן, פונקט ווי אַנדערע בעלי־מלאכות מחוץ דעם צעך האָבן געמעגט פאַרקויפן זייערע אויסאַרבעטונגען בלויז בעת די ירידים. אַזעלכע סטאַטוטן זיינען באַשטעטיקט געוואָרן דורך קיניגלעכע דעקרעטן: סטאַטוט פון שניידער־צעך אין די יאָרן 1583, 1634, 1649; סטאַטוט פון קירזשנער צעך 1633, שלאָסער, זייגער־

מאַכער און ביקסן־מאַכער אין יאָר 1618, 1671; שוסטערס 1645, 1670. בנוגע שמידעריי און שלאָסעריי האָט אַ קיניגלעכע פּריווילעגיע פון יאָר 1636 אַרויפגעלייגט אַ חוב אפילו אויף יידן וואָס האַנדלען בלויז מיט די דאָזיקע אייזן־אַרטיקלען, אַז זיי זאָלן אָפּצאָלן אַ סומע פאַר די אַנטשפּרעכנדיקע צעכן. בלויז די יידישע מוזיקאַנטן אין לובלין האָבן אין יאָר 1654 באַקומען אַ קיניגלעכע פּריווילעגיע, וואָס דערלויבט זיי אומגעשטערט מצד די קריסטלעכע מוזיקאַנטן צו שפּילן פאַר יעדן איינעם וואָס וועט זיי באַשטעלן סיי אויף חתונות, סיי אויף אַנדערע שמחות, סיי אין דער שטאָט, סיי אין דער פאָרשטאָט.

אין קלענערע קיניגלעכע שטעט (אינאָוורצלאַוו — לעסלע) פלעגן יידן אַמאָל יאָ באַקומען קיניגלעכע פּריווילעגיעס וועגן רעכט צו באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה פונקט ווי מיט האַנדל און שענקעריי אָן קיין שום באַגרענעצונג אָדער מיטן אויסנאַם פון איינעם אָדער צוויי פאַכן; אין זשאָלקווע (רייסן), וואָס איז געווען אַ פּריוואַט־באַזיץ פון קיניג, האָט יאַן סאָביעסקי באַשטעטיקט אין יאָר 1678 דאָס רעכט פון יידן צו באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה, אַחוץ גאַרבעריי.

אַם שווערסטן איז אָנגעקומען די צעכן אַדורכצופירן דעם פאַרבאָט פון יידישער אַרבעט בנוגע שניידעריי. אין יאָר 1757 האָט דער לובלינער שטאָטישער שניידער־צעך געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער יידישער חברה שניידערס, לויט וועלכן עס איז געווען דערלויבט בלויז 24 יידישע שניידערס צו נייען מענער־ און פרויען־קליידער. דערפאַר האָט דער יידישער שניידער־צעך געדאַרפט געבן אַ יערלעכן אָפּצאָל דעם שטאָטישן צעך און דער שניידערישער רב איז געווען מחוייב אַריינצולייגן אין חרם און צו פאַרטרייבן פון דער שטאָט יעדן יידישן שניידער אַחוץ דער דערלויבטער צאָל. פאַרשטייט זיך אַז די צאָל יידישע שניידערס איז אויך נאָכן אָפּמאַך געווען אַ סך גרעסערע ווי די דערלויבטע צאָל פון 24. שוין צוויי יאָר שפּעטער, אין יאָר 1759 פּראָטעסטירט די פאַרזאַמלונג פון לובלינער שטאָט־ראַט צוזאַמען מיט די פאָרשטייערס פון צעכן קעגן דעם, וואָס די צאָל יידישע שניידערס אין לובלין באַטרעפט גאַנצע 90. די קריסטלעכע שניידערס און געזעלן פלעגן אַליין מקיים פסק דין זיין און אָרגאַניזירן בלוטיקע אָנפאַלן אויף די יידישע שניידער־וואַרשטאַטן. אין יאָר 1777 און שפּעטער אין יאָר 1780 איז ווידער באַנייט געוואָרן דער אָפּמאַך, לויט וועלכן די צאָל יידישע שניידערס האָט נישט געטאָרט באַטרעפן מער ווי 24. דערביי איז באַשטימט געוואָרן זייער יערלעכער אָפּצאָל פאַרן קריסטלעכן שניידער־צעך אויף 216 גילדן אַ יאָר. די איבעריקע מערהייט פון יידישע שניידערס האָט ווייטער געאַרבעט נישט געקוקט אויף שטענדיקע אָנפאַלן. אין די יאָרן 1789 און 1792 זיינען געשלאָסן געוואָרן נייע אָפּמאַכן, וואָס האָבן געזאָלט באַנייט ווערן יעדע 3 יאָר. די צאָל יידישע שניידער־מייסטערס איז באַשטימט געוואָרן אויף 44; אַ יידישער שניידער האָט נישט געטאָרט האַלטן מער ווי איין געזעלן און איין לערן־ייִנגל. יעדער נייער יידישער מייסטער האָט געדאַרפט איינצאָלן 20 גילדן איינשרייב־געלט אין קריסטלעכן צעך און אַלע יידישע מייסטערס האָבן געדאַרפט אָפּצאָלן אין זעלבן צעך צו 9 גילדן אַ יאָר. יידישע שניידערס איז פאַרבאָטן געוואָרן אַרומצוגיין איבער די הייזער, פּאַלאַצן און קלויסטערס זוכן אַרבעט.

צו ענלעכע אָפּצאָלן לטובת די צעכן זיינען געווען פאַרפליכטעט יידישע שניידער און קירזשנער און אַנדערע קיניגלעכע שטעט אין קרוינפּוילן, ווי פּלאָצק, נייסאַנץ, זלאָטשאָוו, קאָוועל, לודמיר. אין די מזרח־געביטן, גאַליציע און וואָלין, האָבן יידן אין די קיניגלעכע שטעט פונקט ווי אין אַ טייל פּריוואַטע שטעט אין גאַנץ פוילן געהאַט דאָס רעכט זיך צו באַטייליקן אין די באַראַטונגען פון שטאָטישן צעך.

בנוגע דעם יידישן האַנטווערק אין ליטע איז סיי די קיניגלעכע מאַכט סיי די אַדמיניסטראַציע געווען אַ סך ליבעראַלער. ווי מיר האָבן שוין באַמערקט, זיינען די ליטווישע צעכן געווען געמישטע, לויט זייער נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן צוזאַמענשטעל. חוץ דעם האָט ליטע זיך געניטיקט אין יידישן האַנטווערק שטאַרקער איידער פוילן גופא און יידישע בעלי־מלאכות זיינען דאָרט געווען פּיאָנערן אין אַ סך אינדוסטריע־צווייגן. נאָך אין יאָר 1629 האָט קיניג זיגמונט דער דריטער אַרויסגעגעבן אַ פּריווילעגיע פאַר ליטווישע יידן, וואו עס איז צווישן אַנדערע געווען באַשטימט, אַז יידישע בעלי־מלאכות זיינען באַפרייט פון דער אָנגעהעריקייט צו די קריסטלעכע צעכן. דער זעלבער פּרינציפּ איז אויך שפּעטער באַשטעטיקט געוואָרן אין אַ רייע ספּעציעלע פּריווילעגיעס. אין יאָר 1713 האָט קיניג אויגוסט דער צווייטער אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, אַז ווילנער יידישע בעלי־מלאכות זיינען נישט מחוייב צו קיין שום אָפּצאָלן פאַר די קריסטלעכע צעכן. אין דעם זעלבן יאָר האָט דער קיניג באַשטימט אין אַ דעקרעט וועגן דער ליטווישער שטאָט קאַלוואַריע, אַז די דאָרטיקע צעכן פון שניידערס, קירזשנערס, שלאָסערס און אַנדערע האָבן נישט קיין רעכט צו פאָדערן אָפּצאָלן פון די יידישע בעלי־מלאכות. אין יאָר 1722 האָט דער זעלבער קיניג דעקרעטירט, אַז יידן אין מינסק מעגן זיך באַשעפטיקן אַלס רימער, קירזשנער, באַלבירער, פּאַריק־מאַכער, טאָקער, גלעזער, גאָלדשמידן, שמוקלער א"אַ אָן שום אָפּצאָל פאַר די קריסטלעכע צעכן.

נישט געקוקט אויף די דאָזיקע פּריווילעגיעס האָבן יידישע בעלי־מלאכות אין ליטע, בפרט אין גרעסערע שטעט געהאַט אויסצושטיין שווערע קאַמפן

פאַר זייער רעכט אויף אַרבעט, און אין דער שפעטערדיקער תקופה פלעגן זיי פונקט ווי אין קרוינפוילן בדרך כלל געצוואונגען ווערן צו צאָלן פאַר די קריסטלעכע צעכן.

אין גראָדנע זיינען די יידישע שניידערס און קירזשנערס געצוואונגען געוואָרן אין יאָר 1652 אָפצוצאָלן יאָר איין יאָר אויס 6 גילדן און 12 פונט פולווער פאַר דעם קריסטלעכן שניידער־צעך. אין אָנהויב פון 18טן י״ה האָט זיך דער קאַמף ווידער באַנייט און עס זיינען געשלאָסן געוואָרן נייע אָפמאַכן לויט וועלכע עס איז באַשטעטיקט געוואָרן די פליכט פון אָפצאָל מצד דעם יידישן צעך, אָבער עס איז דערביי דערלויבט געוואָרן יידן צו האַלטן קריסטלעכע געזעלן און לערן־יינגלעך.

אַ שווער געראַנגל לכתחילה פאַר רעכט אויף אַרבעט און שפעטער וועגן די אָפצאָלן פאַר קריסטלעכע צעכן האָבן געפירט יידישע בעלי־מלאכות אין ווילנע אין משך פון 17טן און 18טן י״ה. נישט געקוקט אויף דער קיניגלעכער פריווילעגיע פון יאָר 1629, האָט שוין אין יאָר 1633 אַ דעקרעט פון קיניג וולאַדיסלאַוו דעם פערטן באַשטימט באַגרענעצונגען פאַר יידישע בעלי־מלאכות. יידישע בעלי־מלאכות האָבן געמעגט נייען קליידער בלויז פאַר יידישע קונים, און נאָר מיט פאַרטיקע קליידער האָבן זיי געמעגט האַנדלען אומגעשטערט. בנוגע אַנדערע מלאכות איז באַשטימט געוואָרן אַ כלל, אַז יידן מעגן זיך מיט זיי באַשעפטיקן אויב קריסטלעכע בעלי־מלאכות פון געגעבענעם צווייג האָבן נישט קיין אָרגאַניזירטע צעכן. אין יאָר 1649 האָט קיניג יאַן קאַזימיערזש אויפן יסוד פון די פריווילעגיעס פון קריסטלעכן צעך פאַס־מאַכער פאַרבאָטן יידן צו פאַרנעמען זיך מיט דער דאָזיקער מלאכה אפילו פאַר זייער אייגענעם געברויך. אין יאָר 1667 האָט דאָס הויף־געריכט אַרויסגעגעבן אַזאַ פסק וועגן סיכסוך צווישן די קריסטלעכע און יידישע קצבים: יידן טאָרן נישט אויפקויפן קיין בהמות מחוץ דער שטאָט; עס טאָרן נישט זיין מער ווי 6 יידישע קצבים; אַזוי ווי יידישע קצבים באַטייליקן זיך נישט אין די קאָסטן פון אויסהאַלטן דעם אַלטאַר פון קריסטלעכן קצבים־צעך, דאַרפן זיי צושטעלן צו אַ האַלבן געוויכט שטיין חלב יעדעס יאָר לטובת דער יעזואיטישער קירך פון הייליקן קאַזשמיערזש. אַ רייע קריסטלעכע צעכן אין ווילנע, ווי גלעזער, קירזשנער, האָבן זיך ערשט אין יענער תקופה אָרגאַניזירט אין צעכן, כדי צו באַקעמפן די יידישע בעלי־מלאכות. פונקט ווי די קצבים זיינען אויך אַנדערע יידישע בעלי־מלאכות אין ווילנע נאָכאַנאַנד געווען געצוואונגען צו שליסן אָפמאַכן מיט די קריסטלעכע צעכן, וואָס האָבן זיי מחייב געווען צו יערלעכע אָפצאָלן. אַזעלכע אָפמאַכן האָבן געשלאָסן די יידישע בלעכער אין יאָר 1673, די גראַווירער אין 1720, די היטל־מאַכערס אין 1741, די באַלבירערס אין 1776. די יידישע היטל־מאַכערס און קירזשנערס האָבן זיך פאַרפליכטעט אין יאָר 1742, אַז זיי וועלן נישט האַלטן מער, ווי סך־הכל 15 געזעלן און לערן־יינגלעך; ווער עס האַלט אַ געזעלן, טאָר נישט האַלטן קיין לערן־יינגל און אויף פאַרקערט; זיי מעגן אויסאַרבעטן בלויז באַשטימטע מינים פעלעכלעך; זיי טאָרן נישט אַרומטראָגן זייער אַרבעט איבער די הייזער, אַחוץ די הויפן פון דער שלאַכטע; זיי טאָרן נישט אַרויסהענגען אַלס אַ רעקלאַמע קיין היטל, נישט אין פענצטער און נישט אין דרויסן; זיי דאַרפן אָפצאָלן יעדעס יאָר אין משך פון 10 יאָר פאַר דעם אַלטאַר פון קריסטלעכע צעך אין קלויסטער פון די בערנאַרדינער; זיי טאָרן נישט צולאָזן קיין בעלי־מלאכות פון דער פרעמד; פאַר עובר זיין אויף די תקנות פון אָפמאַך ווערט צוגענומען די סחורה; אין סיכסוכים דאַרף משפטן אַ געריכט אין באַשטאַנד צו צוויי מיטגלידער פון קריסטלעכן און יידישן צעך. דער צעך פון באַלבירער האָט אין יאָר 1774 אַרויפגעצוואונגען אַן אָפמאַך אויף די יידישע באַלבירער, אַז עס טאָרן נישט זיין מער ווי 2 יידן אין ווילנע וואָס זאָלן זיך באַשעפטיקן מיט דער מלאכה, אַז זיי טאָרן נישט היילן קיין קריסטלעכע פאַציענטן און דאַרפן צאָלן 2 טאָלער אַ יאָר פאַרן צעך.

פונקט ווי פון באַלבירער פלעגט אויך די צאָל יידישע דאָקטוירים ווערן באַגרענעצט דורך אָפמאַכן. אַזוי האָט אין פויזן אין יאָר 1670 דער שטאָט־מאַגיסטראַט פאַרפליכטעט די יידישע קהילה צו באַגרענעצן די צאָל יידישע דאָקטוירים.

## ג) יידישע שטייערן און אָפצאָלן; די פאַרחובונג פון די יידישע קהילות

אין דער זעלבער תקופה פון דער עקאָנאָמישער ירידה אין 17טן און 18טן י״ה, ווען די פאַראָרימונג פון די יידישע מאַסן איז געוואָרן בהדרגה אַלץ אויסטערלישער, זיינען די שטייער־לאַסטן פון דער יידישער באַפעלקערונג געוואַקסן אין אַ מוראדיקן טעמפאָ. די אַלע שטייערן און כל המינים אָפצאָלן, וועלכע יידן האָבן געהאַט אויסצוטראָגן אין דער פריערדיקער תקופה, זיינען כסדר געהעכערט געוואָרן אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן פילפאַכיק איבערגעשטיגן די צאָלונגס־מעגלעכקייטן פון די יידישע מאַסן. כדי נאָכצוקומען די אַלע פינאַנציעלע התחייבותן האָבן סיי די קהילות, סיי די פראָווינציעלע און צענטראַלע וועדים אָן אַן אויסנאַם געמוזט אָנקומען צו הלוואות ביי דער שלאַכטע און ביי גלחים און מאָנאַכן־אָרדנס. די חובות פון די יידישע אויטאָנאָמע אינסטיטוציעס האָבן צום סוף פון 18טן י״ה דערגרייכט אַזעלכע רי־

זיקע סומעס, אַז אָט די אינסטיטוציעס זיינען צוזאַ־מענגעבראָכן אונטער זייער שווערער משא.

דער וויכטיקסטער יידישער מלוכה־שטייער, דער יידישער קאָפּ־שטייער, איז זינט דער העלפט פון 17טן י״ה עטלעכע מאָל געהעכערט געוואָרן: אין יאָר 1649 האָבן יידן פון קרוינפּוילן געדאַרפט צאָלן 60,000 גילדן און די יידן פון ליטע 12,000 גילדן; צום סוף פון 17טן י״ה — יידן פון קרוינפּוילן 105,000 גילדן און יידן פון ליטע 20,000 גילדן. אין יאָר 1717 האָט דער סיים פעסטגעשטעלט די סומע פון קאָפּ־שטייער פאַר יידן פון קרוינפּוילן 220,000 גילדן און פאַר יידן פון ליטע 60,000 גילדן, און אין דער דאָזיקער הויך איז געבליבן דער יידישער קאָפּ־שטייער ביז 1764, ווען עס איז בטל געוואָרן די יידישע צענטראַלע אויטאָנאָמיע און די קהילות האָבן באַדאַרפט צאָלן צו 2 גילדן פון יעדן קאָפּ אין עלטער העכער אַ יאָר. אין יאָר 1775 איז דער יידישער קאָפּ־שטייער ווייטער געהעכערט געוואָרן אויף 3 גילדן פון אַ קאָפּ.

וואָס פאַר אַ ריזיקע סומע דער יידישער קאָפּ־שטייער האָט פאַרגעשטעלט נישט נאָר אין אָנבליק פון דער כסדר וואַקסנדיקער פאַראָרימונג פון די יידישע מאַסן, נאָר אפילו אין פּראָפּאָרציע צו די מלוכה־הכנסות פון אַנדערע שטייערן, קענען מיר זען פון די ווייטערדיקע ציפערן:

דער שטייער פון קוואַרטע, דער וויכטיקסטער נאָרמאַלער שטייער פון דער אַמאָליקער פּוילישער מלוכה, באַשטימט אין דער גרויס פון אַ פינפטל הכנסות פון די קיניגלעכע גיטער, וואָס די שלאַכטע האָט געהאַלטן אין פּאַכט, האָט באַטראָפן פאַר גאַנץ קרוינ־פּוילן: אין יאָר 1746 — 273,228 גילדן און אין יאָר 1747 — 263,540 גילדן. יידן, וואָס האָבן געטראָגן אויף זיך כמעט אַלע לאַסטן פון דירעקטע און אומדירעקטע מלוכהשע און שטאָטישע שטייערן, גלייך מיט די קריסטלעכע שטאָטס־לייט און דערצו נאָך געווען מחויב צו צאָלן אַרייַע ספּעציעלע יידישע געוויינלעכע און אויסערגעוויינלעכע שטייערן און אָפּ־צאָלן, האָבן נאָך געמוזט אויפברענגען אַ סומע פון יידישן קאָפּ־שטייער, וואָס האָט באַטראָפן בערך נישט קיין סך ווייניקער, ווי די פּאַקטישע מלוכה־הכנסה פון דער קוואַרטע. דערביי איז דאָך די שלאַכטע געווען אַבסאָלוט פּטור פון אַלע שטייערן און די קוואַרטע האָבן געצאָלט בלויז די יעניקע פּריצים, וואָס האָבן כמעט בחינם באַקומען אין פּאַכט גאַנצע קיניגלעכע דערפער. די שלאַכטע איז געווען באַפרייט אפילו פון גענעראַלן קאָפּ־שטייער, וואָס דער סיים פלעגט באַ־שליסן אין צייטן פון אַ באַזונדערער נויט אין מלוכה־פינאַנצן. די יידן פלעגט דער סיים ביי יעדער גע־לעגנהייט, ווען עס איז געהעכערט געוואָרן דער יידישער קאָפּ־שטייער, אַריינשאַצן אין נדן, אַז זיי וועלן דערפאַר נישט דאַרפן טראָגן קיין לאַסטן, וואָס ער וועט באַשליסן ווען עס איז אַרויפצולייגן אויף דער איבעריקער באַפעלקערונג. דער סיים אַליין פלעגט אָבער באַלד אויף מאָרגן נישט האַלטן זיין צוזאָג. אין יאָר 1676 באַשטימט דער סיים בפירוש, אַז יידן דאַרפן צאָלן דעם גענעראַלן קאָפּ־שטייער גלייך מיט אַנדערע און אין יאָר 1717 פאַררופט זיך דער סיים אויף דעם באַשלוס פון יאָר 1676, און אונטערשטרייכט, אַז דער דאָזיקער באַשלוס בלייבט ווייטער אין קראַפט.

נאָך בולטער קומט אַרויס די אויסטערלישע שטייער־באַלאַסטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פאַרגלייך מיטן גאַנצן מלוכה־בודזשעט פון אַמאָ־ליקן פּוילן. אין יאָר 1748 האָט די אַזוי־גערופענע „נישט שטענדיקע הכנסה״ פון קרוינפּוילן, וואָס איז באַשטאַנען פון קוואַרטע, יידישן קאָפּ־שטייער, וויין־שטייער און צאָל, באַטראָפן 896,398 גילדן. דער יידישער קאָפּ־שטייער האָט בכן באַטראָפן קרוב אַ פערטל פון גאַנצן סכום פון „נישט שטענדיקן״ בו־דזשעט. דער אַזוי־גערופענער „שטענדיקער בו־דזשעט״ אָדער „פינקטלעכער געהאַלט״ פון קרוינ־פּוילן, וואָס איז פאַרווענדט געוואָרן אויסשליסלעך אויף מיליטער, איז טאַקע געווען פילפאַכיק העכער און איז פּרעלימינירט געוואָרן אין יאָר 1717 אין דער סומע פון קרוב 5 מיליאָן. דער שטענדיקער בודזשעט פלעגט אָבער געדעקט ווערן פון גענעראַלן קאָפּ־שטייער און פון ווינטער־שטייער פאַר מיליטער („היבערנע״) און ביידע שטייערן זיינען געווען חל אויך אויף יידן! אפילו נאָך די רעפאָרמען פון די מלוכה־פינאַנצן אין יאָר 1764, ווען אַלע שטייערן זיינען באַדייטנדיק געהעכערט געוואָרן, האָט דער גאַנ־צער בודזשעט פון קרוינפּוילן באַטראָפן אַרום 10 מיליאָן גילדן אַ יאָר, און דערפון האָט דער יידישער קאָפּ־שטייער אַריינגעבראַכט בערך 800,000 גילדן אַ יאָר. יידן האָבן בכן נאָך אַליין אויסגעטראָגן אַכט פּראָצענט פון גאַנצן מלוכה־בודזשעט בלויז מיט דעם יידישן קאָפּ־שטייער, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי האָבן ווייטער געצאָלט אַלע אַנדערע דירעקטע און אומדירעקטע שטייערן.

אַזאַ שטייער־דרוק איז אָנגעווענדעט געוואָרן לגבי דער יידישער באַפעלקערונג אין דער זעלבער צייט, ווען יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין כל המינים באַגרענעצונגען אין האַנדל און האַנטווערק מצד די שטאָט־ראַטן און קריסטלעכע צעכן. אַזעלכע פליכטן האָט מען געפאָדערט פון די „אומגלויביקע״, וואָס האָבן אין די גרעסערע שטעט לעגאַל נישט געטאָרט וואוינען, אָדער געמוזט זיך שטיקן אין אַן ענגן יידישן געטאָ און אין די דערפער און קליינע שטעטלעך געווען אויסגעליפערט אויף גנאָד און אומגנאָד פון דעם פּריץ. ביי אַזאַ לאַגע איז געווען דער

קאָפ־שטייער אַליין, אַז די צענטראַלע און פראָווינציעלע וועדים און קהילות זאָלן פאַרזינקען אין אַלץ גרעסערע חובות כדי צונויפצוברענגען די יערלעכע שטייער־סומע.

דער מלוכה־אַפּאַראַט פלעגט זיך טאַקע באַנוצן מיט אַלע געוואַלט־מיטלען, כדי דעם יידישן קאָפ־שטייער אַריינצובאַקומען רעגולער. די קאַנצעלאַריע פון שאַץ־מייסטער („פאָדסקאַרבי״, פינאַנץ־מיניסטער) פלעגט איבערגעבן מיליטערישע אָפטיילונגען אַסיגנאַציעס צו די באַזונדערע קהילות אויף די שטייער־סומעס, וואָס זיינען אויף זיי אויסגעפאַלן לויט דער חלוקה פון צענטראַלן וועד און פון די וועדי־הגלילות. די מיליטערישע אָפטיילונגען פלעגן שיקן דריי מאָל אַ יאָר, אין יאַנואַר, מאַי און אויגוסט, דעפוטאַטן צו דער קהילה, וואָס איז זיי צוגעוויזן געוואָרן, אָפצונעמען די ראַטעס פון קאָפ־שטייער.

ביי דעם אויפמאָנען די שטייערן דורך די דעפוטאַטן פון די רעגימענטן פלעגן פאָרקומען מיסברויכן און שווערע רעפרעסיעס קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. אין יאָר 1666 באַקלאָגט זיך דער וועד ארבע ארצות ביים קיניג יאַן קאַזימיר, אַז די זעלנער, וואָס האָבן באַקומען פון שאַץ־מייסטער אַסיגנאַציעס אויף 26 טויזנט גילדן יידישן שטייער, האָבן ביים אויפמאָנען דעם שטייער געמאָרדעט און פאַרניכטעט יידישן פאַרמעגן. אָבער נישט בלויז אין מלחמה־צייט איז דאָס אויפמאָנען דעם יידישן קאָפ־שטייער געווען פאַרבונדן מיט רעפרעסיעס און אַנדערע שווערע סאַנקציעס. אין יאָר 1673 באַקלאָגט זיך דער שתדלן פון דער יידישער קהילה אין פרזשעמישל, אַז ווען די דעפוטאַטן פון מיליטער קומען אין די קליינע שטעטלעך אויפמאָנען דעם ספעציעלן צוגאָב־שטייער און די פרנסים זיינען נישט אימשטאַנד צו באַצאָלן, באַקומען די שמשים שמיץ און די קהילות דאַרפן צאָלן אויף אויסצוהאַלטן די דעפוטאַטן 200 גילדן אַ וואָך. אין פנקס טיקטין איז פאַרצייכנט אונטערן יאָר ת״ן (1690) די דערמאָרדונג פון דאָרטיקן מנהיג ר׳ חיים דורך דעם אויפמאָנער פון דער אַסיגנאַציע, מלאָדנאַווסקי. אין יאָר 1696 באַקלאָגט זיך ביים שאַץ־מייסטער דער קאָמאַנדיר פון אַן אָפטיילונג פון געפאַנצערטע זעלנער אויף די יידן פון דער פראָווינץ כעלם־בעלז, אַז נישט בלויז, וואָס זיי צאָלן נישט אויס זייניע שליחים („דעפוטאַטן״) דעם קאָפ־שטייער נאָך די אַסיגנאַציעס נאָך, נאָר זיי זאָגן זיך אָפ פון אויסהאַלטן די שליחים מיט קאָסט אין משך פון דער צייט, וואָס זיי האָבן זיך געמוזט אויפהאַלטן, כדי אויפצומאָנען דעם שטייער. דער שאַץ־מייסטער גיט אַרויס „אַ שטרענגן באַפעל צו די דאָזיקע יידן מיטן אויטאָריטעט פון זיין אַמט״, אַז זיי זאָלן תיכף ומיד דעם שטייער אויסצאָלן און אויסהאַלטן די שליחים אַזוי לאַנג, כל זמן די סומע וועט נישט געסילוקט ווערן אינגאַנצן. די שליחים פון דער מיליטערישער אָפטיילונג ווערן באַפולמעכטיקט „אין פאַל פון נישט פאָלגן צו פאַרחתמענען די יידישע שולן, קאָנפיסקירן די סחורות נישט נאָר אין די הייזער, נאָר אויך אויף די ירידים און באַהאַלטן זיי פאַר משכונות״. אין יאָר 1719 דראָט דער שאַץ־מייסטער אין אַ דעקרעט צו די פויזנער־קאָלישער יידן, אַז דער דעפוטאַט פון מיליטער וועט פאַרחתמענען אַלע „יידישע שולן״, אויב זיי וועלן נישט אויסצאָלן אין משך פון אַכט וואָכן די סומע פון 1220 גילדן, וואָס איז אויף זיי אַרויפגעלייגט געוואָרן לויט דעם דעקרעט פון פינאַנץ־טריבונאַל אין ראָדעם.

אַחוץ פיזישע רעפרעסיעס און געלט־אויספרעסונגען פלעגט זיך אויך טרעפן, אַז די מיליטערישע דעפוטאַטן זיינען באַגאַנגען שווינדלען, צוגענומען סומעס און נישט אַרויסגעגעבן קיין קבלה (פראָווינץ בעלז 1689), אָדער אויפגעמאָנט סומעס פון די סביבות פון דער קהילה, נישט אַראָפגערעכנט זיי פון די אַסיגנאַציעס און דערנאָך געפאָדערט פון די הויפט־קהילות די פולע סומעס, אַריינגערעכנט די סביבות (וואָלין 1737).

די רעפרעסיעס און מיסברויכן פון די שטייער־אויפמאָנער פלעגן טיילמאָל אַרויסרופן אַן ענערגישן ווידערשטאַנד מצד די באַעוולטע יידישע קהילות. נאָר אַזוי לאָזן זיך דערקלערן פאַלן פון אָנקלאַגעס פון די מיליטערישע דעפוטאַטן וועגן געוואַלט־אַקטן, וואָס די קהילות זיינען קעגן זיי באַגאַנגען: אין יאָר 1700 זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן יידן פון שטעטל וולאַדימיערזשעץ אין וואָלין, אַז זיי האָבן דעם דעפוטאַט פון געפאַנצערטע זעלנער, וואָס איז צו זיי דעלעגירט געוואָרן אויפצומאָנען דעם קאָפ־שטייער, צעשלאָגן, צוגענומען ביי אים אַלע זאַכן איינשליסנדיק די כלי־זיין און אַרויסגעטריבן פון שטעטל... אין יאָר 1708 האָט דער ראָט־מייסטער פון אינפאַנטעריע פון ליטווישן טריבונאַל אָנגעקלאָגט די יידן פון בריסק, פינסק, ווילנע, נאָוואָראַדעק, און אַנדערע שטעט, אַז זיי האָבן געשלאָגן און פאַרשפאַרט אין דער תפיסה ביי דער שול די שליחים, וואָס ער האָט צו זיי אַראָפגעשיקט אויפצומאָנען די שטייערן...

די פאַקטישע סומע פון יידישן קאָפ־שטייער איז תמיד געווען גרעסער, איידער די נאָמינעלע סומע, וואָס איז געווען באַשטימט דורך די באַשלוסן פון סיים. פאַר אויפמאָנען דעם קאָפ־שטייער האָבן יידן באַדאַרפט צאָלן „יאָר־געלט״, ד״ה געהאַלט דעם שאַץ־מייסטער און זיינע באַאַמטע! די דאָזיקע „יאָרגעלטער״ האָבן באַטראָפן אין 18טן י״ה קרוב 15 טויזנט גילדן אַ יאָר! אָט ווי די דאָזיקע „יאָר־געלטער״ זיינען צעטיילט געוואָרן אין בודזשעט פון וועד ארבע ארצות פאַרן יאָר 1726:

| | | |
|---|---|---|
| פאַרן גרויסן שאַץ־מייסטער — — | 12,000 | גילדן |
| פאַר זיינע שרייבער און באַאַמטע — — | 1,080 | גילדן |
| פאַר דעם העכסטן שרייבער פון דער שאַץ־קאַמער — — | 700 | גילדן |
| פאַר דעם שרייבער און רעיענט פון דער קוואַרטע — — | 1,000 | גילדן |
| סך־הכל | 14,780 | גילדן |

דאָס „יאָר־געלט״ פאַר די דאָזיקע הויכע באַאַמטע פלעגט אַזוי ווייט באַטראַכט ווערן פאַר אַן אָפּיציעלן יידישן שטייער, אַז עס פלעגט אויפגעמאָנט ווערן צוזאַמען מיטן יידישן קאָפּ־שטייער. אין אַלע שטייער־חלוקות, וואָס דער וועד פלעגט איבערשיקן דער שאַץ־קאַמער, טרעפן מיר אָן די ברוטאָ־סומע פון בערך 233,000 גילדן און אין ערגעץ געפינען מיר נישט די נעטאָ־סומע 220,000, ד״ה קאָפּ־שטייער אָן דעם יאָר־געלט.

באַזונדערס וואַרפט זיך אין די אויגן די ריזיקע סומע „יאָר־געלט״ אין דער הויך פון 12 טויזנט גילדן פאַרן פוילישן פינאַנץ־מיניסטער, דעם „גרויסן שאַץ־מייסטער (פּאָדסקאַרבי) פון דער קרוין״. אמת, די גרויסע רווחים פון פוילישן שאַץ־מייסטער האָבן פון אייביק אויף געהאַט אַ שם צוליב די מקורים, פון וואַנען זיי האָבן געשעפּט: שוחד פאַר איבערגעבן די פאַכט פון צאָל און אַקציז, געפעלשטע חשבונות אד״גל. נישט איינמאָל האָט זיך געטראָפן, אַז דער שאַץ־מייסטער האָט אויפגעריסן דעם סיים, כדי נישט צו דערלאָזן צו אַ גענויער רעוויזיע פון זיינע חשבונות דורך דער סיים־קאָמיסיע. וועגן פוילישן שאַץ־מייסטער אין דער מיט פון 17טן י״ה, באָגוסלאַוו לעשטשינסקי, ווערט דערציילט אַזאַ פאַל: ווען דער סיים, וואָס איז געווען אָפּגעקויפט דורך אים מיט געלט און מתנות, האָט שוין געהאַלטן ביים באַשטעטיקן זיינע חשבונות, האָט זיך געלאָזט הערן אַ קול פון אַ דעפּוטאַט „איך בין נישט מסכים״ („ניע פּאָזוואַלאַם״). דער שאַץ־מייסטער האָט דעמאָלט אַ צעבייזערטער אויסגערופן: „ווער איז דאָס אַזאַ און אַזאַ זון, וואָס איך האָב אים נישט געגעבן?״ דער אָפּאָנענט איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווייל ער איז אַליין געווען אויף דער רשימה פון די, וואָס האָבן באַקומען פון שאַץ־מייסטער אַ מתנת־יד...

אָבער אפילו ביי אַזאַ סיסטעם פון האַלב־אָפּיציעלער קאָרופּציע איז דאָס „יאָר־געלט״ פון וועד ארבע ארצות פאַרן שאַץ־מייסטער געווען אויסערגעוויינלעך הויך. אין יאָר 1703 איז דעם שאַץ־מייסטער געקומען אויסצוצאָלן פון דער אַלטער קוואַרטע אַ סומע פון 1,700 גילדן. יידן פלעגן בכן דאַרפן צוצאָלן צום קאָפּ־שטייער געהאַלט פאַרן שאַץ־מייסטער מער ווי 7 מאָל אַזוי פיל, וויפיל מען האָט אַראָפּגענומען פון דעם הויפּט־מלוכה־שטייער, קוואַרטע, אויפן חשבון פון דעם זעלבן מיניסטער. דאָס קען דערקלערט ווערן נאָר מיט דער רעכטלאָזיקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד.

צו דעם אָפּיציעלן „יאָר־געלט״ פאַר די שרייבערס פון דער שאַץ־קאַמער דאַרף מען נאָך צורעכענען רעגולערע אָפּצאָלן פון די פּראָווינציעלע וועדים ביים איבערגעבן די שטייער־צעטיילונגען. דער גליל פּאָדאָליע פלעגט צאָלן אין דער ערשטער העלפט פון 18טן י״ה רעגולער 36 גילדן אַ יאָר „די וואויל־געבוירענע הערן שרייבערס פון דער שאַץ־קאַמער פאַר אָננעמען די שטייער־צעטיילונג״. די יידישע אויטאָנאָמע פּראָווינץ רייסן (מזרח־גאַליציע און די בראַצלאַווער וואָיעוואָדשאַפט) פלעגט אין דער זעלבער צייט אָפּצאָלן דעם שרייבער פון דער שאַץ־קאַמער 600 גילדן אַ יאָר ביים אָפּגעבן דעם חשבון פון דער שטייער־צעטיילונג.

אַ „פּרייוויליקע מתנה״ פלעגט אויך באַקומען פון וועד ארבע ארצות דער רעגירונגס־קאָמיסאַר, וואָס פלעגט פאַרטרעטן דאָס פינאַנץ־מיניסטעריום אויף די זיצונגען פון וועד. אין יאָר 1762 האָט דער וועד אין פּיליצע באַצאָלט 370 גילדן דעם רעגירונגס־קאָמיסאַר פאַר זיין פונקציע. דער קיניג פלעגט באַקומען פון וועד רעגולער אַ ספּעציעלע „פּרייוויליקע מתנה״, וואָס האָט זיך גערופן „האַפּטקאָווע״, אָדער „טאַש־געלט״. ווי שווער עס איז אָנגעקומען די קהילות צו צאָלן די דאָזיקע „מתנה״ באַווייזט דער פאַקט, אַז אין משך פון דריי יאָר 1762—1765 איז דער וועד אימשטאַנד געווען איינצומאָנען דעם דאָזיקן שטייער בלויז פון גרויספּוילן און פון עטלעכע קהילות אין קליינפּוילן.

אַחוץ די דאָזיקע אָפּיציעלע און האַלב־אָפּיציעלע אָפּצאָלן פלעגן די פאַרשטייערס פון די פּראָווינציעלע וועדים און פון די קהילות שענקען די באַאַמטע פון שאַץ־מייסטער פאַרשידענע מתנות ביי יעדער געלעגנהייט פון אויסבעטן עפּעס אַ „טובה״, למשל וועגן באַשטעטיקן ענדערונגען אין דער חלוקה פון קאָפּ־שטייער אד״גל.

פּשוט דערשטוינענדיק איז אָבער דער פאַקט, אַז די אַלע שטייערן, צוגאָב־שטייערן און אָפּצאָל־שטייערן זיינען געווען בלויז אַ פראַגמענט פון דער געוואַלטיקער משא פון אַנדערע אָפּיציעלע אָפּצאָלן, וואָס זיינען אַרויפגעוועלגערט געוואָרן אויף די פּלייציעס פון דער יידישער באַפעלקערונג!

שוין אין דער פריערדיקער תקופה האָבן יידישע קהילות געצאָלט שטענדיקע „מתנות״ די פּראָווינציעלע מלוכהשע באַאַמטע, באַזונדער דעם וואָיעוואָדע, פּאָדוואָיעוואָדע און סטאַראָסטע. זינט דעם 17טן י״ה זיינען די דאָזיקע מתנות פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רעגולערע „פּענסיעס״, וואָס האָבן דערגרייכט אַזאַ אויסטערלישע הויך, אַז זיי האָבן אין אַ טייל

גרעסערע קהילות באַטראָפן דאָס פילפאַכיקע פון דעם גאַנצן סכום פון יידישן קאָפּ־שטייער, וואָס איז אויף זיי אויסגעפאַלן! אין פרזשעמישל האָט דער פאָדוואיעוואָדע לויטן סטאַטוט פון יאָר 1677 באַקומען געהאַלט פון דער יידישער קהילה 440 גילדן אַ יאָר. אין לעמבערג איז לויט דער באַשטימונג פון וואָיעוואָדע פון יאָר 1692, געקומען אים אַליין פון דער יידישער קהילה 4,000 גילדן אַ יאָר און דעם פאָדוואיעוואָדע 1,000 גילדן. אין קראָקע פלעגט דער פאָדוואיעוואָדע אין 18טן י״ה באַקומען געהאַלט פון יידן 1,500 גילדן, אַחוץ בשמים צוויי מאָל אין יאָר, און דער וואָיעוואָדע — 7,000 גילדן. דער קראָקעווער סטאַראָסטע פלעגט נאָך אין יאָר 1660 לויט דער אָפיציעלער לוסטראַציע באַקומען 1600 גילדן יערלעך, אין 18טן י״ה מן הסתם אַ סך מער. דער קאָפּ־שטייער פון די קראָקעווער יידן האָט אין 18טן י״ה באַטראָפן בערך פון 2 ביז 3 טויזנט גילדן אַ יאָר. די געהעלטער וואָס יידן פון קראָקע האָבן געדאַרפט צאָלן בלויז דעם וואָיעוואָדע, פאָד־וואָיעוואָדע און סטאַראָסטע, האָבן בכן באַטראָפן לכל הפחות דריי מאָל אַזויפיל און אַמאָל אַפילו פינף מאָל אַזויפיל, איידער דער סכום פון ספּעציעלן יידישן קאָפּ־שטייער! לפי ערך קלענער זיינען געווען די פּענסיעס וואָס פויזנער יידן האָבן געצאָלט דעם וואָיעוואָדע און פאָדוואיעוואָדע, דעם ערשטן 1,900 גילדן יערלעך, דעם צווייטן 1,800 גילדן. אָבער אויך דאָרט האָבן די דאָזיקע הוצאות באַטראָפן כמעט 16 פּראָצענט, קרוב אַ זעקסטל פון גאַנצן קהילה־בודזשעט. די הוצאות פון דער ווילנער קהילה אויף פּענסיעס פאַר די מלוכה באַאַמטע איבערשטייגן סיי לויט דער סומע, סיי לויט דער פּראָפּאָרציע די הוצאות פון אַנדערע גרויסע קהילות פאַר דעם דאָזיקן צוועק. אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה פלעגט דער פאָדוואיעוואָדע באַקומען פון דער ווילנער קהילה אַ נאָרמאַלן יערלעכן געהאַלט פון 2,000—3.000 גילדן אַחוץ אַ „צוגאָב־געהאַלט״ פון 4,000 ביז 8,000 גילדן; ס״ה פון 6 ביז 11 טויזנט גילדן אַ יאָר! דער פאַרטרעטער פון סטאַראָסטע (דער „פאָדסטאַראָסטע״) אין ווילנע פלעגט נעמען פון דער קהילה פון 700—900 גילדן אַ יאָר, דער באַאַמטער פון פאָדוואיעוואָדע העכער 400 גילדן אַ יאָר, וויפיל עס האָט באַקומען דער וואָיעוואָדע ווערט אין בודזשעט פון דער ווילנער קהילה נישט אָנגעגעבן, מיר קענען זיך אָבער משער זיין, לויט דעם ביישפּיל פון אַנדערע קהילות, אַז זיין געהאַלט פלעגט על כל פנים נישט באַטרעפן ווייניקער, איידער די פּענסיע פון פאָדוואיעוואָדע. בכל אופן איז גענוג כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, אַז דאָס געהאַלט און „צוגאָב־געהאַלט״ בלויז פון פאָדוואיעוואָדע האָט באַטראָפן בערך אַזויפיל, וויפיל די הוצאות פון דער ווילנער קהילה אויף אַלע אירע באַאַמטע, רבנים, דיינים, שוחטים, שמשים, שתדלן אאַ״וו. די אַלע קהל־באַאַמטע פלעגן אין יענער צייט באַקומען אַ סכום פון געהאַלט פון קרוב 12,000 גילדן. די „קארמאַזינען״, די גרעסטע מאַגנאַטן אין דער פוילישער מלוכה, וואָס צו זייער עשירות אין מלוכהשע גיטער איז נישט געווען קיין שיעור, פלעגן זיך אָנשטאָפּן מיט געלטער, וואָס זיי האָבן געפּרעסט פון די פאַרזונקענע אין חובות יידישע קהילות.

די דאָזיקע ריזיקע הוצאות האָבן אָבער נאָך אַלץ נישט פול געמאַכט די מאָס פון פאַרשידענע מינים שטייערן און אָפּצאָלן וואָס האָבן זיך געשיט אויף די קהילות פון אַלע זייטן. דער שטאָטישער שטייער פון הייזער האָט באַטראָפן אין 18טן י״ה אין דער פויזנער קהילה בערך 900 גילדן אַ יאָר, אין דער ווילנער קהילה 600 גילדן. אין די קאָסטן פון דער קוואַרטירונג פון פוילישן מיליטער פלעגט די קהילה זיך באַטייליקן אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס איידער עס איז אויסגעקומען לויט דער פּראָפּאָרציע פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין פויזן האָבן יידן לויטן אָפּמאַך מיט דער שטאָט, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַ פּסק דין פון דער מלוכהשער פינאַנץ־קאָמיסיע אין ראַדעם, געדאַרפט צאָלן אַ יאָר 1,300 גילדן פאַר קוואַרטירונג פון מיליטער און באַזונדער 600 גילדן פאַר דעם קאָמענדאַנט פון גאַרניזאָן. אין שטעט וואו עס פלעגט זיך אויפהאַלטן דאָס רוסישע מיליטער פלעגן יידן צאָלן ריזיקע סומעס אויף אויסצוהאַלטן די חיילות. די קהילה אין ווילנע האָט אויסגעגעבן בלויז אין יאָר 1773 אויף דער אויסהאַלטונג פון רוסישן מיליטער קרוב 82 טויזנט גילדן, אין יאָר 1778 אַ סך ווייניקער, בערך 15 טויזנט גילדן, אָבער נאָך אַלץ אַ סך מער איידער דער שטאָט־מאַגיסטראַט, וואָס האָט אין יאָר 1781 אויסגעגעבן אויף דעם צוועק סך הכל קרוב 9 טויזנט גילדן. בעת דער צפון־מלחמה האָבן יידן פון דער שטאָט ליסע געמוזט אויסטראָגן מער ווי פיר פינפטל פון די שטייערן, וואָס דער רוסישער קאָמענדאַנט האָט אַרויפגעלייגט אויף דער שטאָט. צו דעם אַלעם איז נאָך צוגעקומען אַ שלל קלענערע הוצאות אויף פויליש מיליטער וואָס האָבן זיך צונויפגעלייגט אויף באַדייטנדיקע סומעס: אין ווילנע האָט די קהילה באַדאַרפט צושטעלן האָלץ, ליכט, שטרוי און פּאַפּיר פאַרן מיליטערישן שפּיטאָל און פאַר מיליטערישע גאַרניזאָנען. עס האָבן אויך נישט געפעלט אין שייכות מיט די הוצאות אויף מיליטער אַזעלכע דערנידעריקנדיקע רעגולערע פליכטן פון דער יידישער קהילה (ווילנע), ווי באַצאָלן פאַר „פּלאַקעס״ פאַר די הינט פון פאָלקאָווניק און אַפילו פאַר די הינט פון מיליטערישן פעלדשער... יעדער מינדסטער משרת ביים שררה איז געווען גענוג כדי צו פּרעסן געלט ביי דער קהילה. אין קליינפוילן פלעגט די קהילה מוזן אָפּצאָלן

די מוזיקאַנטן פון וואָיעוואָדע, אין אַנדערע געגנטן פלעגט באַקומען מתנות פון דער קהילה די דינסט פון וואָיעוואָדע (20 גילדן „אויף אַ טיכל“), משרתים פון אַנדערע שררות אויף ווייַנאַכטן און אפילו דער היצעל (הינט־שלעגער)...

אין די פּריוואַטע שטעט זיינען יידן געווען פּטור פון די הוצאות אויף קיניגלעכע באַאַמטע, דערפאַר אָבער האָבן זיי געמוזט אויסטראָגן אַנדערע געוואַלטיקע שטייער־לאַסטן, די אָפּצאָלן פאַר דעם פּריץ. יידן אין די פּריצישע שטעט זיינען געווען מחוייב, פונקט ווי אין אַנדערע שטעט, צו צאָלן דעם יידישן קאָפּ־שטייער און אַלגעמיינע מלוכהשע שטייערן, ווי פּאָדימנע (שטייער פון קוימען), פּאָבאָר (קאָפּ־געלט פון שטאָטס־לייט און פּויערים), לאָקאַלע וואָיעוואָד־שאַפט־שטייערן, ווי טשאָפּאָווע (אַן אָפּצאָל פון משקאות) און שעלענזשנע און האָבן זיך אויך געמוזט באַטייליקן אין אַלע שטייערן לטובת דער שטאָט, און דאָך פלעגן יידן אין די פּריצישע שטעט אָפט צאָלן פאַרהעלטניסמעסיק אַ סך העכערע שטייערן פאַרן פּריץ, איידער די אַנדערע שטאָט־באַוואוינער. אין די שטעט פון דער פירשטין יאַבלאָנאָווסקאַ, ווי קאָצק, סעמיאַטיץ, אָסטראָ, האָבן יידן אין 18טן י״ה געצאָלט דער שטאָט־קאַסע צוויימאָל אַזויפיל צינז פון זייערע וואוין־פּלעצער, ווי די קריסטלעכע שטאָט־באַוואוינער. אין ליסע האָבן יידן געצאָלט נאָך אין יאָר 1793 מער ווי דריימאָל אַזוי פיל שטייערן פאַרן פּריץ, איידער די קריסטלעכע איינוואוינער פון דער שטאָט. אַזאַ שטאָט ווי טשאָרטקאָוו, וואו יידן האָבן אָפּגעצאָלט דעם פּריץ פּאָטאָצקי דעם זעלבן צינז וואָס קריסטן, האָט, ווייזט אויס, געהערט צו אויסנאַמען. אין אַ טייל פּריוואַטע שטעט זיינען יידן געווען מחוייב צו צאָלן דעם פּריץ אַ יערלעכע סומע פאַר דער פּריווילעגיע, אַחוץ די צינזן פון יעדן הויז, וואָס זיי האָבן געצאָלט גלייך מיט די איבעריקע שטאָטס־לייט. אין רוב פּריוואַטע שטעט זיינען יידן געווען מחוייב אָפּצונעמען ביים פּריץ זיינע פּראָדוקטן אין אַ באַשטימטן סכום און צאָלן פאַר זיי העכערע פּרייזן ווי די מאַרק־פּרייזן. דער פּריץ האָט געהאַט אַ מאָנאָפּאָל אויף דעם פאַרקויף פון אָקסן און שעפּסן, תבואה, זאַלץ, הערינג, בראָנפן, ביר, עופות, גרינס א. אַ. וו. אַזוי האָבן למשל סאָקאָלאָווער יידישע בעקער געמוזט קויפן ווייץ און קאָרן נאָר ביים פּריץ און עס איז לכתחילה באַשטימט געוואָרן, אַז זיי דאַרפן צאָלן פאַר אַ קאַרץ קאָרן מיט צוויי גילדן טייערער ווי אויפן מאַרק און פאַר אַ קאַרץ ווייץ מיט אַ גילדן טייערער. אין וואָדזשיסלאַוו האָט די קהילה געמוזט קויפן ביים פּריץ תבואה פאַר אַלע יידן אויף אַ גאַנץ יאָר פאָראויס. אין געוויסע שטעט אין גרויספּוילן זיינען יידן געווען מחוייב צו קויפן ביים פּריץ אַ סכום ביר אַ וואָך, אַחוץ דעם האָבן זיי נאָך ביי אים געמוזט קויפן ביר אויף שבת, אויף חתונות ,בריתן און אַנדערע שמחות. דער טיסמעניצער פּריץ, פירשט יאַבלאָנסקי, האָט מיטאַמאָל אַראָפּגעבראַכט פון זיינע גיטער אין אוקראַינע 350 פאַס מעד און געהייסן דער קהילה באַצאָלן אין משך פון אַ וואָך דעם גאַנצן סכום לויטן פּרייז פון 8 דוקאַטן אַ פאַס, בעת דער מאַרק־פּרייז איז געווען 6 דוקאַטן (זכרונות פון בער באָלעכאָווער). אין אַ טייל פּריצישע שטעט און שטעטלעך האָבן יידן געמוזט אָפּצאָלן דעם פּריץ, אַחוץ דעם געוויינלעכן צינז, פון יעדן טאָפּ בראָנפן וואָס זיי האָבן געברענט. יידישע בעלי־מלאכות האָבן געדאַרפט צאָלן אַ באַזונדערן שטייער. קצבים האָבן באַדאַרפט צושטעלן דעם הויף פלייש פאַר אַ באַשטימטן פּרייז און חוץ דעם צושטעלן יערלעך אַ סכום חלב און די פעלן פון די געשחטענע בהמות. געווען אויך אַ „מנהג“ אין פּריצישע שטעט, אַז יידן האָבן געמוזט אויסטוישן דעם פּריץ געלט לויט אַ באַשטימטן קורס, פאַרשטייט זיך אַ העכערן, איידער דער געוויינלעכער קורס. יידן אין פּריצישע שטעט פלעגן אויך זיין מחוייב פונקט ווי די איבעריקע שטאָטס־לייט צוצושטעלן דעם פּריץ פערד און וואָגן אַ באַשטימטע צאָל טעג אין יאָר, צושטעלן מענטשן צו „שאַרוואַרק“, ד. ה. צו פאַרריכטן וועגן און בריקן, צו „טלאָק“, ד. ה. דרינגנדע אַרבעטן אין פעלד, אַד״גל. אין 18טן י״ה פלעגן די פּריצים דעם רוב פון די אַלע שטייערן און פליכטן איבעררעכענען אין אַ באַשטימטער יערלעכער סומע. אויך די הויך פון די דאָזיקע שטייערן פאַרן פּריץ קענען מיר ריכטיק אָפּשאַצן לויט אַ פאַרגלייך מיט דעם יידישן קאָפּ־שטייער. אין ביאַלע (פּאָדלאַשע) האָט די יידישע קהילה געצאָלט אין יאָר 1748 536 גילדן יידישן קאָפּ־שטייער, אָבער שטייער פאַרן פּריץ קרוב 2610 גילדן, ד״ה כמעט פינף מאָל אַזויפיל. אין ריישע (רזשעשאָוו) האָט דער קאָפּ־שטייער פון דער יידישער קהילה אין יאָר 1757 באַטראָפן 1,200 גילדן, בעת דער סכום פון אַלע שטייערן פאַרן פּריץ — 12,352 גילדן, הכלל מער ווי צען מאָל אַזויפיל. אין ביאַלע האָבן די הוצאות אויף שטייערן פאַרן פּריץ באַטראָפן כמעט אַ פערטל פון גאַנצן קהילה־בודזשעט, אין ריישע כמעט צוויי דריטל.

אַזאַ טייערן פּרייז האָבן יידן אין פּריוואַטע שטעט געמוזט באַצאָלן פאַר דעם רעכט צו וואוינען, האַנדלען און אַרבעטן, פאַר דער „באַשיצונג“ מצד די פּריצים, וואָס האָט זיי סיי ווי סיי נישט באַהיט פאַר גזירות מצד גלחים, און אַנדערע פּורעניותן.

סיי אין קיניגלעכן סיי אין פּריוואַטע שטעט זיינען די קהילות, אַחוץ אַלע שטייערן פאַר דער מלוכה, באַאַמטע און פּריצים געווען מחוייב צו צאָלן שטייערן פאַר דער קירך. פונקט ווי די יידישע „מתנות“ פאַר באַאַמטע, אַזוי זיינען אויך די „מתנות“

פאַר גלחים שוין אין 17טן י"ה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רעגולערע יערלעכע שטייערן. אין פּויזן האָט די יידישע קהילה אין 18טן י"ה אָנשטאָט די מתנות אין בשמים פאַר גלחים געדאַרפט צאָלן אַ יאָר 1,500 גילדן, אַחוץ 114 גילדן פאַר פּראָבאָשטשעס א"אַ. אין דער דערמאָנטער פּריצישער שטאָט ביאַלע האָט דער שטייער פון דער יידישער קהילה פאַר גלחים, פאַר דער קירך, פאַר דעם אָרגאַניסט און אַזוי ווייטער באַטראָפן 2534 גילדן אַ יאָר, ד. ה. כמעט אַזויפיל ווי אַלע שטייערן פאַרן פּריץ. דערצו איז די דאָרטיקע קהילה נאָך אַלץ נישט געווען פּטור פון מתנות "אין נאַטור", ווי בשמים, צוקער אאַ"וו. געווען קלענערע קהילות (יוטראָשין) וואו יעדע יידישע משפּחה האָט געדאַרפט צאָלן אַ יערלעכן צינז דער קירך, אַחוץ דער יערלעכער מתנה וואָס די קהילה האָט געדאַרפט צושטעלן. אין אַ טייל שטעט, ווי קראָטאָשין, האָבן יידישע קצבים באַזונדער געדאַרפט אָפּצאָלן יערלעך אַ סכום חלב דעם פּראָבאָשטש, דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך נישט באַטייליקט אין די התחייבותן פון קריסטלעכן צעך פאַר דער קירך. די יערלעכע אָפּצאָלן פון דער קהילה פאַר דער קירך פלעגן על פּי רוב שוין אויך אַריינגעמען די סומעס פאַר קאַזובאַלעץ" לטובת די קירכלעכע דינער, קאָלעגיעס א"אַ. די ווילנער קהילה האָט ביז צום סוף פון 18טן י"ה געהאַט באַזונדערע הוצאות אויף מתנות פאַרן בישאָף, פאַר איינצעלע גלחים, פאַרן אָרגאַניסט, אויף אַ יערלעכן אָפּצאָל פון דער מקוה פאַרן פּראָבאָשטש. אין אָסטראָ האָט אַ חוץ דער קהילה אויך די חברה קדישא געמוזט געבן יערלעכע מתנות דעם רעקטאָר פון דער יעזואיטישער קאָלעגיע, כדי די סטודענטן זאָלן נישט חרוב מאַכן די מצבות און קברים. אויב די סטודענטן האָבן אָנגעמאַכט אַ חורבן אויפן בית עולם נישט געקוקט אויפן קאזובאלעץ, פלעגט די חברה קדישא געבן דעם רעקטאָר באַזונדערע מתנות (ראָזשינקעס מיט ניס) כדי צו פאַרהיטן אַזעלכע פּאָגראָמען אויף להבא... אין דער זעלבער שטאָט פלעגט די חברה קדישא אויך געבן רעגולערע מתנות די באַאַמטע פון פירשט דעם אָרטיקן הערשער.

די אַלע אָפיציעלע שטייערן און אָפּצאָלן זיינען געווען רעגולערע יערלעכע הוצאות פון די יידישע קהילות. די אַכזריותדיקע פּאָליטישע אונטערדריקונג פון יידן אין פּוילן האָט אָבער געווירקט, אַז די "אויסערגעוויינלעכע" הוצאות אויף השתדלות, אויף אָפּצואווענדן אָדער בייצוקומען גזירות האָבן אין סך־הכל אויסגעפּרעסט נאָך מער געלט פון דער יידישער באַפעלקערונג איידער אַלע אויסטערלישע שטייערן און אָפּצאָלן וואָס זיינען שוין סאַנקציאָנירט געוואָרן ווי געוויינלעכע יערלעכע הוצאות.

די פּראָצעסן מיט די שטעט וועגן רעכט צו וואוינען און צו האַנדלען פלעגן אָפּקאָסטן די גרעסערע קהילות שווערע טויזנטער יעדע עטלעכע יאָר. איין נסיעה אין יאָר 1767 פון ווילנער ראשי הקהל קיין וואַרשע צום וואָיעוואָדע וועגן שוץ קעגן דער אונטערדריקונג מצד דער קאָמיסיע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו משפּטן דעם סיכסוך מיט דער שטאָט, האָט אָפּגעקאָסט דער קהילה 1800 גילדן. אַ פּראָצעס פון דער זעלבער קהילה מיט דער שטאָט אין יאָר 1777 האָט אַריינגעשלעפּט די קהילה אין 3600 גילדן הוצאות. אויב יידן זיינען אומשולדיק אָנגעקלאָגט געוואָרן און אַריינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה, האָט די קהילה געדאַרפט באַצאָלן אָפיציעל מער ווי טויזנט גילדן פאַרן פּסק דין, אַחוץ עטלעכע טויזנטער אויף פאַרטיידיקונג. אין פּנקס פון דער פּויזנער קהילה איז פאַרצייכנט אַ פאַל פון יאָר 1691, וואו די קהילה האָט אויסגעגעבן אַן אומגעהייערע סומע פון 20 טויזנט גילדן אויף שתדלנות צו באַפרייען אַ ייד פון תפיסה און טויט־אורטייל. אויב אַ ייד איז געהרגעט געוואָרן און מען האָט די רוצחים געכאַפּט, האָט די קהילה געמוזט צאָלן ריזיקע סומעס נית בלויז אויף קאָסטן פון פּראָצעס, נאָר אויך אויף באַקעסטיקונג פון די רוצחים אַ יאָר צייט, אָדער מער ביז צום פּראָצעס. נאָכן פאַרמשפּטן די רוצחים האָט די קהילה ערשט געמוזט באַצאָלן דעם תלין פאַר אויספירן דעם אורטייל און די קברנים פאַר דער קבורה... איז זיך צוזאַמענגעקומען דער טריבונאַל האָט די קהילה געדאַרפט צאָלן אַ סומע פאַר דער וואָך פון טריבונאַל. ווען עס פלעגט זיך צוזאַמענקומען אַ סיימיק האָט די קהילה געמוזט אויסגעבן שווער געלט כיי אויף השתדלות פאַר דער שלאַכטע אַז זי זאָל נישט אָננעמען קיין באַשלוסן קעגן יידן, כיי אויף "קאזובאלעץ" פאַר דער אָרימער שלאַכטע, וואָס פלעגט ביי דער געלעגנהייט אָרגאַניזירן רויב־אָנפאַלן אויף דעם יידישן קוואַרטאַל. אַזוי האָט די ווילנער קהילה נאָך אין יאָר 1788 אויסגעגעבן אויפן סיימיק 199 גילדן. אין יאָר 1765 האָט די זעלבע קהילה אויסגעגעבן בעת דעם סיימיק 1200 גילדן, כדי זיך צו באַוואָרענען פאַר אָנפאַלן מצד דער שלאַכטע. יעדער בילבול האָט געקאָסט דער יידישער קהילה ריזיקע סומעס געלט. די פּויזנער יידן האָבן געהאַט אין איין יאָר 1764 אויסצושטיין צוויי בילבולים, וועלכע זיי זיינען אָפּגעקומען מיט ריזיקע סומעס. אין ערשטן פאַל איז אַ ייד באַשולדיקט געוואָרן, אַז ער האָט געגנבעט חפצים פון דער קירך און די קהילה האָט אים אויסגעלייזט פון דער תפיסה. דער צווייטער פאַל איז נאָך מער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אויסטערלישער הפקרות און פאַרסמטער אַטמאָספערע אין וועלכער יידן האָבן געלעבט. דער קאָשטשעלני פון די יעזואיטן, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו דער קהילה אויפצומאָנען צינזן, איז פּלוצלינג נעלם געוואָרן. באַלד

האָט זיך פאַרשפּרייט אַ בילבול, אַז יידן האָבן אים געהרגעט און אַריינגעוואָרפן דעם מת אין טייך ווארטע. די קהילה האָט אַרומגעשיקט שליחים אין אַלע זייטן אויפצוזוכן דעם פאַרשוואונדענעם קאָשטשעלני. סוף כל סוף האָט מען אים געפונען אין גנעזן און אָפּגעפירט קיין פויזן. יידן האָבן אָפּגעאָטעמט פון דער גרויזאַמער סכנה, אָבער דער ענין האָט אָפּגעקאָסט דער קהילה 12 טויזנט גילדן. אין יאָר 1771-2 האָט די ווילנער קהילה אויסגעגעבן אויף צו באַפרייען אַ יידישן פעלדשער פון דער תפיסה, 2,686 גילדן און אויף אויסצולייזן צוויי יידן פון די רדיפות פון די מאָנאַכן, אויגוסטינער און פראַנציסקאַנער, 2,487 גילדן, סך הכל 5173 גילדן צוליב בילבולים. אָן אַ שיעור מער האָבן אָפּגעקאָסט פּוילישע יידן די בלוט בילבולים אין 17טן און 18טן י״ה, וואַו עס האָבן נישט געהאָלפן די גרעסטע געלט־קרבנות אויסצולייזן די יידישע מאַרטירער פון אויסטערלישן טויט.

פונקט ווי די קהילות האָבן אויך די פּראָווינציעלע וועדים און צענטראַלע וועדים פון פּוילן און ליטע אויסגעטיילט ריזיקע געלטער אויף שתדלנות קעגן גזירות. יעדער סיים, אומאָפּהענגיק דערפון צי ער איז פאַרענדיקט געוואָרן אָדער אויפגעריסן געוואָרן אָן אַ רעזולטאַט, האָט אָפּגעקאָסט די וועדים אַ מטמון מיט געלט אויף מתנות פאַר די דעפּוטאַטן און פאַר די מיניסטאָרן. אין יאָר 1717 האָט דער וועד ארבע ארצות געמאַכט אַ הלוואה ביי דער שלאַכטע פון העכער 10 טויזנט גילדן אויף השתדלות פאַר דער זיצונג פון סיים. אין יאָר 1740 האָט דער זעלבער וועד אויסגעגעבן 51 טויזנט גילדן אויף אַזאַ צוועק. ריזיקע פּאָזיציעס אויף „הוצאות וואַרשי״ פיגורירן אויך אין פּנקס פון וועד ליטע. בערך פונקט אַזעלכע גרויסע הוצאות האָט געהאַט דער וועד פאַר יעדער זיצונג פון פינאַנץ־טריבונאַל, וואו עס פלעגן באַטראַכט ווערן צווישן אַנדערע אויך ענינים פון יידישע שטייערן. יאָר־איין יאָר־אויס האָט דער וועד געמוזט אַריינשטעלן אין בודזשעט אַ סומע פון אנדערהאַלבן ביז צוויי טויזנט גילדן אויף הוצאות פון השתדלות פאַר דער זיצונג פון העכסטן געריכט, דעם קרוינטריבונאַל. דער וועד האָט אויך פון זיין בודזשעט אויסגעגעבן אויף „קאַזובאַלעץ״ פאַר באַשטימטע געגנטן, וואו דאָס רשעות פון קאָשטשעלניס (קירכן־דינער) און יעזואיטישע סטודענטן האָט פאָרגעשטעלט אַ גרויסע סכנה פאַר אַלע יידן. לויטן בודזשעט פון יאָר 1726 האָט דער וועד ארבע ארצות באַשטימט העכער 28 טויזנט גילדן, בערך 40 פּראָצענט פון זיינע הוצאות (אַחוץ קאָפּ־שטייער) אויף די אַלע מינים השתדלות.

אַ באַזונדערע קאַטעגאָריע פון אויסערגעוויינלעכע הוצאות פון די קהילות זיינען געווען די פיקטיווע חובות פאַר גלחים, יעזואיטן און אַנדערע מאָנאַכן־אָרדנס. אומאויסשעפלעך זיינען געווען די ראַפינירטע המצאות פון געמיינסטן שאַנטאַזש מצד דעם שוואַרצן קלער לגבי דער געפייניקטער יידישער באַפעלקערונג. מען פלעגט אויסטראַכטן בלוט־בילבולים אויף יידן, אַריינוואַרפן יידן אין יעזואיטישע קעלערן און פייניקן מיט אַלע מינים אינקוויזיציעס, ביז די געמאַטערטע קהילה האָט נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון די גלחים. די קהילה פלעגט אין אַזאַ פאַל אויסשטעלן אַ שטר חוב אויף דער געפאָדערטער סומע און צענדליקער יאָרן אָפּצאָלן צינזן פון אַ חוב וועלכן זי האָט קיינמאָל נישט געבאָרגט! בנוגע אַ סך חובות פון יידישע קהילות פאַר גלחים, יעזואיטן, דאָמיניקאַנער און אַנדערע מאָנאַכן לאָזט זיך פעסטשטעלן בפירוש, אַז זיי האָבן געשטאַמט פון אַזאַ ראַפינירטער אויספּרעסונג. די מלוכהשע קאָמיסיע וואָס איז באַשטימט געוואָרן אין יאָר 1764 צו ליקווידירן די חובות פון די יידישע אויטאָנאָמע אינסטיטוציעס, האָט אַליין אַרויסגעזאָגט ספקות בנוגע אַ רייע תביעות פון גלחים און יעזואיטן אין פויזן און אַנדערע שטעט פון גרויספּוילן. ווי ווייט עס איז געבליבן אין זכרון פון פאָלק דער פינצטערער מקור פון קהילה־חובות, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי האָט געשטאַמט נאָך פון 17טן י״ה, באַווייזן די באַריכטן פון די פּרייסישע פינאַנץ־באַאַמטע וואָס האָבן איבערגענומען די קאָנטראָל איבער די קהילה־פינאַנצן אין באַזעצטן גרויספּוילן אין יאָר 1793.

אין אַזאַ באַריכט וועגן קראָטאָשין זאָגט דער פּרייסישער „קאַמער־קאַלקולאַטאָר״ צימערמאַן אָפּן אַרויס זיין מיינונג, אַז אַ טייל חובות פון יידישע קהילות שטאַמען דערפון, וואָס די גלחים און מאָנאַכן האָבן געצוואונגען די קהילות דורך אינסצעניזאַציע פון בילבולים אונטערצושרייבן התחייבותן אויף סומעס, וואָס זיי האָבן קיינמאָל נישט געבאָרגט. דער זעלבער פינצטערער מקור פון אַ גרויסן טייל קהילה־חובות איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן אין אַנדערע שטעט, ווי לעסלע (אינאָווראָצלאַוו) און גראָדנע.

צוליב די שטענדיקע וואַקסנדיקע הוצאות אויף אומפאָראויסגעזעענע גזירות און השתדלות האָט דער אויסערגעוויינלעכער בודזשעט פון די קהילות פּילפאַכיק איבערגעשטיגן די געוויינלעכע, רעגולערע הוצאות. ווי אַ ביישפּיל קענען דינען אין דעם פרט די בודזשעטן פון דער ווילנער קהילה אין 18טן י״ה. אין די יאָרן 1773-1774 האָבן די רעגולערע הוצאות פון דער ווילנער קהילה, וואָס זיינען באַשטאַנען פון מלוכה־שטייערן (צוצאָלונגען פאַר אָרימע וואָס האָבן נישט געקאָנט אַליין באַצאָלן דעם קאָפּ־שטייער און קוימען־שטייער), שטאָטישע שטייערן, פּענסיעס פאַר מלוכה־באַאַמטע (בעיקר פאַרן פּאָדוואָיעוואָדע און סטאַראָסטע), געהאַלט פאַר קהילה אָנגעשטעלטע אין

אָפּצאָלונגען פון פּראָצענטער פון חובות, באַטראָפן קנאַפּע 44 טויזנט גילדן. דער גאַנצער בודזשעט פון הוצאות פון דער קהילה האָט אָבער אין דערזעלבער צייט דערגרייכט 170—188 טויזנט גילדן, הכלל בערך 4 מאָל מער איידער די רעגולערע הוצאות.

כדי בייצוקומען די ריזיק אָנגעשוואָלענע הוצאות האָבן די קהילות בשום אופן נישט געקאָנט אויס־קומען מיט די הכנסות פון כל המינים דירעקטע און אומדירעקטע קהילה־שטייערן, וואָס האָבן אויסגעזויגן דעם מאַרך פון די ביינער פון דער יידישער באַפעל־קערונג. די קהילות, ווי אויך די פּראָווינציעלע און צענטראַלע וועדים האָבן געמוזט כסדר אַלץ אָפטער אָנקומען צו קורץ־טערמיניקע און נאָך מער צו לאַנג־טערמיניקע הלוואות. די הלוואות האָט מען געקאָנט באַקומען ביי די הערשנדיקע צוויי שטאַנדן אין דער מלוכה, ביים קלער און אַדל־שטאַנד. די גלחים, מאָנאַכן און אַדל־לייט זיינען גערן אַנטקעגנגעקומען די ווענ־דונגען פון קהילות און וועדים וועגן הלוואות. אין די באַדינגונגען פון דער אָפּגעשטאַנענער ווירטשאַפט אין פּוילן זיינען די קהילות געווען אַ זעלטענער און באַקוועמער אָרט פון אינוועסטיציע פון קאַפּיטאַל. דערביי זיינען די געבאָרגטע קאַפּיטאַלן און פּראָ־צענטער געווען געזיכערט, ווייל אין פאַל פון נישט אויסצאָלן האָבן געקאָנט קעגן די קהילות אָנגעווענדט ווערן די שווערסטע רעפּרעסיעס. וואָס מער עס זיינען אָבער געוואָקסן די הוצאות פון די קהילות, אַלץ וויניקער זיינען זיי געווען אימשטאַנד אָפּצוצאָלן דעם קאַפּיטאַל פון די חובות און אַלץ מער האָבן זיי געמוזט מאַכן נייע חובות אַפילו בלויז כדי צו דעקן דעם לויפנדיקן בודזשעט און אָפּצאָלן די פּראָצענטער פון אַלטע חובות. אַ באַזונדערע ראָלע האָט נאָך דערביי געשפּילט, ווי מיר וועלן זען, די קאָרומפּירטע קליקע־הערשאַפט אין די קהילות. די קהילה־תקיפים זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין פאַרשלעפּן ווי ווייט מעגלעך דאָס אָפּצאָלן פון אַלטע חובות און אין אַריינקריכן אין נייע אויסטערלישע חובות. דער צינז־פוס פון די הלוואות וואָס די קהילה פלעגט לייען איז צוליב זייער לאַנג־טערמיניקן כאַראַקטער געווען לפי ערך אַ נידעריקער, פון 7—10 פּראָ־צענט*), בעת דער צינז־פוס פון קורץ־טערמיניקע הלוואות ביי יידן און קריסטן איז געווען אַ סך העכער און האָט באַטראָפן בערך 18 פּראָצענט און מער. פלעגן טאַקע די לייט וואָס זיינען געשטאַנען ביי דער קהילה־שיסל אויסבאָרגן זיך די געלטער

*) דער דאַזיקער פּראָצענט איז נאָך אַלץ געווען צוויי מאָל אַזוי הויך ווי דער געזעצלעך־דערלויבטער פּראָצענט פון לאַנג־טערמיניקע הלוואות. לויט דעם פּסק־דין פון טרי־בונאַל פון יאָר 1739 האָבן וועלטלעכע קרעדיטאָרן געמעגט נעמען 5 פּראָצענט און גייסטלעכע $3\frac{1}{2}$ פּראָצענט פון הלוואות.

פון די קהילה־הלוואות און באַנוצן זיי אין האַנדל אָדער גאָר ווייטער אויסבאָרגן אויף הויכע פּראָצענטער...

דער באַרג פון די חובות פון די קהילות האָט געהאַלטן אין וואַקסן אין אַ מורא׳דיקן טעמפּאָ. די קהילות זיינען אַלץ טיפער געזונקען אין זומפּ פון פאַרשולדונג אָנשטאָט זיך פון אים אַרויסצוראַטעווען. מיר קענען דאָס זען באַשיימפּערלעך אויפן ביישפּיל פון דער קהילה אין ליסע. אין אָנהויב פון 18טן י"ה, אין יאָר 1703 איז די קהילה שולדיק געווען 17,345 גילדן, אין יאָר 1718 קרוב 53 טויזנט גילדן, אין יאָר 1734 קנאַפּע 100 טויזנט גילדן, אין יאָר 1744 העכער 236 טויזנט גילדן און אין יאָר 1764 האָט שוין די סומע חובות פון דער ליסער קהילה איבער־געשטיגן אַ האַלבן מיליאָן גילדן (535,493 גילדן). בערך אין דער זעלבער פּראָגרעסיע זיינען געוואָקסן די חובות פון די צענטראַלע און פּראָווינציעלע וועדים.

צום סוף פון יאָר 1764, ווען עס איז בטל געוואָרן דורך אַ סיים־באַשלוס די יידישע צענטראַלע און פּראָווינציעלע אויטאָנאָמיע, האָבן די חובות פון וועד אַרבע ארצות צוזאַמען מיט צינזן באַטראָפן קרוב 189 טויזנט גילדן און די חובות פון 12 פּראָווינציעלע וועדים אַרום 2,313,000 גילדן. צוזאַמען האָט בכן דער חוב פון וועד אַרבע ארצות און פון די פּראָ־ווינציעלע וועדים דערגרייכט צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן גילדן. די חובות פון איינצעלע גרויסע קהילות האָבן אָבער אין דער זעלבער צייט באַטראָפן אַ סך מער איידער די חובות פון יעדן פּראָווינציעלן וועד באַזונדער. אַט איז אַ רשימה פון חובות פון עטלעכע גרויסע קהילות אין קרוינפּוילן אין 18טן י"ה.

| שטאָט | יאָר | חוב (אין גילדן) |
| --- | --- | --- |
| קראָקע | 1719 | 588,527 |
| פּויזן | 1774 | 947,546 |
| ליסע | 1764 | 535,495 |
| לעמבערג | 1727 | 438,410 |
| (בלויז דעם שטאָט־מאַגיסטראַט פאַר נישט געצאָלטע מלחמה־קאָנטריבוציעס) | | |
| לעמבערג | 1784 | אַרום 500,000 |
| (חובות ביי גלחים און מאָנאַכן). | | |

ווי מיר זעען זיינען די חובות פון יעדער גרע־סערער יידישער קהילה אין קרוינפּוילן נישט געווען קלענער ווי אַ האַלבער מיליאָן. אין פּויזן האָט די פאַרשולדונג פון דער קהילה דערגרייכט כמעט אַ מיליאָן. אָבער אויך אין די קלענערע קהילות אין קרוינפּוילן האָבן די חובות דערגרייכט אַ פאַנטאַס־טישע גרויס אין פּראָפּאָרציע צו זייער צאָל נפשות. די פאַרשולדונג פון עטלעכע מיטעלע קהילות אין קרוינפּוילן האָט באַטראָפן:

| שטאָט | יאָר | חוב (אין גילדן) |
|---|---|---|
| אינאָווראָצלאַוו (לעסלע) | 1765 | 194,907 |
| קראָסאָשין — — — — | 1793 | בערך 152,000 |
| וורראָנקי (ביי פויזן) — | 1765 | בערך 200,000 |
| זשאָלקווע — — — — | 1750 | בערך 100,000 |
| דראָהאָביטש — — — — | 1754 | 121,574 |

אין סך הכל האָבן די חובות פון איינצלנע קהילות אין קרוינפוילן באַטראָפן עטלעכע מאָל אַזוי־פיל ווי די סומע פון דריטהאַלבן מיליאָן גילדן חובות פון וועד אַרבע ארצות און פון די פּראָווינציעלע וועדים (מדינות, גלילות).

די חובות פון די גרעסערע יידישע קהילות אין ליטע האָבן באַטראָפן אין יאָר 1766 : ווילנע 715,905 גילדן, גראָדנע 488,522 גילדן, פינסק 310,032 גילדן, בריסק 119,720 גילדן. אין פּראָפּאָרציע צו זייער באַפעלקערונג זיינען בכן די גרויסע יידישע קהילות אין ליטע מיטן אויסנאַם פון בריסק געווען נאָך מער פאַרחובט, איידער די יידישע קהילות אין קרוינפוילן.

אַ חוץ די קהילות זיינען נאָך געווען פאַרשולדיקט די איינצעלע חברות אין יעדער גרעסערער קהילה, בפרט די חברות־קדישא.

די חובות פון וועד ארבע ארצות און פון די פּראָווינצייעלע וועדים זיינען געקומען אין דריי פינפטל (קרוב אָנדערהאַלבן מיליאָן) קריסטלעכע קרעדיטאָרן און צוויי פינפטל יידישע קרעדיטאָרן. די יידישע קרעדיטאָרן זיינען געווען קהילות, ישיבות, איינצעלע רבנים און בעלי־בתים און אָנגעשטעלטע פון די וועדים, ווּעמען עס איז געקומען פאַרלעגענער געהאַלט. פון די חובות ביי קריסטלעכע קרעדיטאָרן איז מער ווי אַ העלפט געקומען גייסטלעכע (יעזואיטן, דאָמיני־קאַנער, פראַנציסקאַנער, קירכעס און איינצעלע גלחים) און דער רעשט — וועלטלעכע מאַגנאַטן.

להיפך צום וועד אַרבע ארצות און מדינות זיינען די חובות פון די קהילות געקומען כמעט אויסשליסלעך צו קריסטלעכע קרעדיטאָרן. די וועדים האָבן געהאַט רעגולערע חשבונות מיט קהילות און איינצעלע רבנים און פרנסים און דערפאַר האָבן זיי גיכער געהאַט אַ גע־לעגנהייט און מעגלעכקייט צו מאַכן זייערע הלוואות ביי יידן, איידער די קהילות צווישנאַנאַנד. די קרעדיטאָרן פון די קהילות זיינען אין איבערוועגנדיקער מערהייט באַשטאַנען פון גייסטלעכע און אין ליטע איז דער אָנ־טייל פון דער שלאַכטע צווישן די קרעדיטאָרן געווען קלענער איידער אין קרוינפוילן. קרוינפוילן האָט פאַר־מאָגט אַ סך אַ גרעסערע צאָל רייכע מאַגנאַטן איידער ליטע. די גרעסטע מאַגנאַטן פון דער פוילישער מלוכה זיינען געווען די באַזיצער פון ריזיקע לענ־דער אין די אוקראַאינישע פּראָווינצן. די גרעסטע חובות פאַר גייסטלעכע זיינען געווען צו די מאָנאַכן־אָרדנס, באַזונדערס די יעזואיטן. אָבער סיי אין קרוינ־פוילן, סיי אין ליטע, האָבן אַ סך חובות צו יעזואיטן



און קירכעס געשטאַמט פון אַלטע פאָדערונגען, וואָס די שלאַכטע האָט געהאַט צו מאָנען ביי די קהילות. וועלט־לעכע שררות פלעגן אָפט איבערשרייבן זייערע חובות ביי יידן ווי אַ מתנה פאַר די קירכעס, יעזואיטן און אַנדערע אָרדנס.

אַזוי האָבן זיך געבויגן די יידישע קהילות אין פוילן אונטער דער טאָפּלטער משא פון אויסטערלישע שטייערן און אָפּצאָלן פון איין זייט, און פון חובות פון דער אַנדערער זייט, וואָס בלויז די פּראָצענטער פון זיי האָבן זיך אַריינגעפרעסן ווי שווינדזוכט אין עקאָ־נאָמישן אָרגאַניזם פון דער יידישער באַפעלקערונג. אַרום דער העלפט פון 19טן י״ה האָבן יידישע מאַסן דורך דער פאַרמיטלונג פון די קהילות נאָך אַלץ אָפּ־געצאָלט חובות פון פאַר הונדערט און צוויי הונדערט יאָר פאַר די „בכבודיקע״ גלחים און קלויסטער־ברי־דערלעך און פאַר די „ליכטיקע האַרן״ — די מאַגנאַטן. די פּראָצענטער פון די חובות און די ספּעציפיש יידישע שטייערן און אָפּצאָלן זיינען אין תוך געווען צוויי פאַר־שידענע אופנים פון דער זעלבער אכזריותדיקער עקס־פּלאָאַטאַציע, וואָס איז אין אַלטן פוילן אַדורכגעפירט געוואָרן לגבי דער פאַרקנעכטער יידישער באַפעלקע־רונג דורך די הערשנדיקע שטאַנדן, גלחים און שלאַכ־טע.

## 5. די פאַרשאַרפונג פון דער קאַטוילישער רעאַקציע

די פּעאָדאַלע ירידה פון פוילן אין 17טן און 18טן י״ה האָט געבראַכט צו אַ הויך־פּונקט די קלע־ריקאַלע רעאַקציע, וואָס האָט פאַרפלייצט דאָס לאַנד זינט דעם סוף פון 16טן י״ה. נאָר מיטן כוח פון קלער האָט זיך געקאָנט האַלטן דער סיסטעם פון אויס־טערלישער אויסנוצונג פון דער באַפעלקערונג דורך דער שלאַכטע. די פאַרשאַרפונג פון דער רעאַקציע האָט נאָך טיפער אַראָפּגעשליידערט אין תהום פון רעכטלאָזיקייט און הפקרות די יידישע באַפעלקערונג פון לאַנד. דער קלער, וואָס האָט איצט אומגעשטערט געשאַלטעוועט אין דער מלוכה, האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום מיטלען אין זיין בלוטדורשטיקער העץ־קאַמפּאַניע קעגן יידן. אויפן באָדן פון עקאָנאָמישן אַנטאַגאָניזם צווישן די מיעש־טשאַנעס און יידן האָבן זיך גוט אָנגענומען די פאַר־סמטע זאָמען פון יידן־האַס, וואָס עס האָט פאַרשפּרייט די קלעריקאַלע פּראָפּאַגאַנדע. וואָס טיפער די שטעט זיינען געזונקען עקאָנאָמיש, אַלץ פאַרביסענער איז גע־וואָרן זייער קאַמף קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. די פאַראָרימטע קרעמערס און בעלי־מלאכות, פאַר־פינצטערט דורך דער סיסטעמאַטישער העצע מצד דעם קלער און יעזואיטן, האָבן באַטראַכט די יידן פאַר דעם וויכטיקסטן גורם פון זייער עקאָנאָמישער ירידה. דער פּאַטריציאַט, וואָס האָט מיט זיין הפקרדיקן באַ־

לעבאַטעווען נאָך מער פאַרטיפט דעם ווירטשאַפטלעכן חורבן פון די שטעט, האָט געטאָן אַלץ אין זיינע מעגלעכקייטן, כדי צו פאַרשטאַרקן ביי די שטאָטישע פאָלקס־מאַסן די פיינטשאַפט צו יידן. אַזוי ווי דער פאַרנעם פון מסחר האָט זיך פאַרשמעלערט, האָט דער פאַטריציאַט נאָך עקשנותדיקער ווי פריער זיך באַמיט פטור צו ווערן פון דער קאָנקורענץ מצד די יידישע סוחרים. אפילו די שלאַכטע, דער דאָזיקער שטאַנד, וואָס זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסן זיינען זיך בדרך־כלל צוזאַמענגעקומען מיט די אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט אַרויסגעוויזן אַלץ מער פיינטשאַפט צו יידן און פאַרביטערט זייער לעבן אויף אַלע מעגלעכע אופנים. ווען עס האָבן זיך געשטאַרקט רעליגיעזער פאַנאַטיזם און אומטאָלעראַנץ בכלל, האָט דאָס באַאיינפלוסט אויך די באַציאונגען צו יידן מצד דער שלאַכטע. דערביי איז געוואַקסן די סאָציאַלע דיפערענצירונג צווישן דער שלאַכטע און אַלץ גרעסערע שיכטן פון דעם דאָזיקן שטאַנד זיינען געוואָרן געשטימט בפירוש פיינטלעך קעגן יידן. דער אַנטאַגאָניזם פון די פויערים קעגן דעם יידישן פאַרמיטלער פון פריץ, דעם אַרענדאַר און שענקער, איז צום סוף פון דער דאָזיקער תקופה אויסגעבראָכן אין בלוטיקע היידאַמאַקישע פאָגראָמען אין אוקראַינע, וואו די הפקר־ווירטשאַפט פון דער שלאַכטע איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג.

די עקאָנאָמישע נוצלעכקייט פון יידן פאַרן לאַנד בכלל און פאַר אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג באַזונדער, איז געווען די קעגנוואָג קעגן די אַלע אַנטאַגאָניסטישע כוחות, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן זיי צו פאַרניכטן. דער עקאָנאָמישער אינטערעס פון דער שלאַכטע האָט אין סך־הכל שטאַרק איבערגעוואויגן איר ריעליגיעזע אומטאָלעראַנץ און קלאַסן־גאווה אין באַציאונג צו יידן. אין דער זעלבער צייט, וואָס דער קלער האָט אַנטוויקלט די פאַרביסנסטע אַקציעס קעגן יידן, האָבן העכסטע גלחים, בישאָפן און יעזואיטן־פריאָרס געגעבן שוץ די יידן אין זייערע יורידיקעס. גייסטלעכע מאַגנאַטן האָבן געצויגן פון יידן פונקט אַזעלכע הויכע רווחים ווי וועלטלעכע מאַגנאַטן. וואָס שייך די שטאָטס־לייט, האָבן מיר געקאָנט זען אויפן ביישפיל פון די כסדר באַנייטע קאַמפן אַרום יידישן וואוין־רעכט און רעכט אויף האַנדל, אַז זייערע אינטערעסן פון הויז־באַזיצערס, הורט־סוחרים און שטאָט־פאַרוואַלטערס זיינען געווען אין אַ בפירושער סתירה לגבי זייערע פאָליטישע אינטערעסן און לגבי זייערע קאָנקורענץ־צילן. די פויערים האָבן געגעבן צו לייזן דעם יידישן קרעמער און בעל־מלאכה, ווייל זיי פלעגן נישט באַרייסן מער איידער זייערע קריסטלעכע קאָנקורענטן און זייער אָפט אפילו געהאַנדלט ביליקער.

אויב די עקאָנאָמישע פאַקטאָרן האָבן דערמעגלעכט, אַז יידן זאָלן בלייבן אויף זייערע פאָזיציעס און אפילו זיי אויסברייטערן אויף באַשטימטע געביטן, האָט אָבער דער פאָליטישער פאַקטאָר פון רעאַקציע געבראַכט פאַר זיי אויסטערלישע ליידן און פיין. פינצטערע פאַרשקלאַפונג, בלוטיקע גזירות און דערנידערונג זיינען געוואָרן דאָס טאָג־טעגלעכע ברויט פון יידן אין פוילן.

בלוטיקע פאָגראָמען אויף יידן זיינען פאָרגעקומען אין דער דאָזיקער תקופה אין אַלע גרעסערע שטעט אין פוילן. די פאָגראָמען פלעגן אָרגאַניזירט ווערן פונקט ווי אין דער פאָריקער תקופה דורך יעזואיטישע סטודענטן אין פאַרבינדונג מיט שטאָטישע בעלי־מלאכות און קרעמער. די שטאָט־ראַטן, באַהערשט דורך די רייכע פאַטריציער, פלעגן אין אַ טייל פאַלן אַליין זיין די איניציאַטאָרן פון די פאָגראָמען, אין אַנדערע פאַלן פלעגן זיי זיך פאַרהאַלטן „נייטראַל“, ביז דאָס מיליטער האָט געמאַכט אַ סוף צו דער שחיטה.

באַלד נאָך דער פאַרענדיקונג פון די שוועדישע מלחמות האָט זיך אַ כוואַליע פון פאָגראָמען צעגאָסן איבער גאַנץ פוילן. ביי דער פאַרשאַרפטער קאָנקורענץ אין די עקאָנאָמיש־רואינירטע שטעט און קינסטלעך־אויפגעהעצטן פאַנאַטיזם קעגן פראָטעסטאַנטן, אַריאַנער און אַלע „אומגלויביקע“, איז נישט שווער אָנגעקומען די יעזואיטן און רייכע מיעשטשאַנעס צו וואַרפן אויף יידן די שולד פאַר דעם חורבן פון לאַנד. נאָך די פאָגראָמען אין קראָקע אין יאָר 1660, אין פויזן אין יאָר 1662 און 1663, זיינען געקומען אין יאָר 1664 פאָגראָמען אין לעמבערג, די שרעקלעכסטע אין דער געשיכטע פון פוילן. בערך דריי הונדערט הרוגים און צעשטערונג פון יידישן פאַרמעגן אויף אַ סומע פון 700 טויזנט גילדן איז געווען דער שניט פון צוויי פאָגראָמען, וואָס זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן אין מאַי און אין יולי אין דער פאָרשטאָט און אין צענטער פון לעמבערג. דער זעלבסטשוץ, וועלכן יידן האָבן געהאַט אָרגאַניזירט, איז געווען אוממעכטיק, בעת די שטאָטישע מיליץ, וואָס איז געשיקט געוואָרן איינצושטילן דעם פאָגראָם, איז אַליין באַלד צוגעשטאַנען צו די פאָגראָמשטשיקעס. די פאַרשפרייטונג פון דער משיחישער באַוועגונג פון שבתאי־צבי אין יאָר 1666 איז געווען אַ נייע געלעגנהייט פאַר אָרגאַניזירן פאָגראָמען איבערן לאַנד. די מלחמות מיט טערקיי אין דער צייט פון מיכאל ווישניאָוויעצקי און יאַן סאָביעסקי האָבן אויפגעוועקט אַ כוואַליע פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם, וואָס האָט ווידער פאַרלייכטערט די העץ־אַגיטאַציע קעגן יידן. אין די 80ער יאָרן פון 17טן י״ה זיינען אויסגעבראָכן פאָגראָמען אין אַ רייע גרעסערע שטעט ווי בריסק (1680), קראָקע (1682), ווילנע (1681, 1687).

פּויזן (1687). זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער שטעלונג פון די שטאָט־ראַטן זיינען די פּאָגראָמען אין ווילנע און אין פּויזן. אין ווילנע האָט דער שטאָט־מאַגיסטראַט אין יאָר 1681 געהייסן זיך שטעלן אַלע מענער צו דער מאָביליזאַציע פאַר דער שטאָטישער וואַך. יידן האָבן פּאַראויסגעזען, אַז אַזאַ בשותפותדיקע מאָביליזאַציע וועט געבן אַ געלעגנהייט אָנצופאַלן אויף זיי, און זיי האָבן זיך געבעטן ביים מאַגיסטראַט, ער זאָל זיי דערלויבן זיך צו שטעלן צו דער מאָביליזאַציע באַזונדער, אין פּלאַץ פון וואָיעוואָדע. דער מאַגיסטראַט האָט אָפּגעזאָגט. אַזוי ווי די יידן זיינען נאָר אָנגעקומען אויף דעם מאָביליזאַציע־פּלאַץ הינטער דער שטאָט, זיינען אויף זיי אָנגעפאַלן באַוואָפנטע האַנטווערקער און האָבן פאַרוואונדעט צענדליקער פון זיי. יידן זיינען אָפּגעקומען אָן קרבנות אין לעבנס נאָר דערפאַר, וואָס די יעזואיטישע סטודענטן האָבן זיי אויפן באַפעל פון זייערע לערערס (ווילנער יידן זיינען שולדיק געווען גרויסע סומעס געלט דעם יעזואיטישן אָרדן) געראַטעוועט פון טויט. בעת דעם פּאָגראָם אין יאָר 1687 האָבן זיך די יעזואיטישע סטודענטן אַרויסגעריסן פון דער דיסציפּלין פון זייערע גלחים. דאָס מאָל האָבן זיי קריסטלעכע קרעדיטאָרן איבערגעגעבן אויפצומאָנען זייערע חובות ביי יידן. צוזאַמען מיט קריסטלעכע האַנטווערקער און קרעמער האָבן זיי געמאַכט אַ בלוטיקן פּאָגראָם אויף יידן, בעת וועלכן עס זיינען געפאַלן עטלעכע הרוגים און עס זיינען אויסגערויבט געוואָרן יידישע הייזער. דער פּאָגראָם האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג און דאָך האָט דער מאַגיסטראַט נישט געוואָלט שיקן קיין מיליץ, און ערשט אין אָוונט, לפנים וועגן, באַוויליקט ער צו שיקן באַוואָפנטע האַנטווערקער. בעת דעם פּאָגראָם אין פּויזן אין זעלבן יאָר, האָבן יידן זיך מוטיק פאַרטיידיקט דורך דריי טעג און דריי נעכט און אָפּגעשטויסן די אַטאַקעס פון די יעזואיטישע סטודענטן און פון דעם שטאָטישן המון. דער שטאָט־מאַגיסטראַט, וואָס האָט אַליין געהאַט חשבונות מיט די יעזואיטן, האָט לכתחילה געלאָזט איינזעצן אין תפיסה דעם רעדלפירער פון די יעזואיטישע סטודענטן. ווען די סטודענטן האָבן זיך אָבער נאָכאַמאָל אָרגאַניזירט און פאַראייניקט אונטער זייער קאָמאַנדע אַ גרויסן המון פון שטאָטס־לייט, האָט דער מאַגיסטראַט און די שטאָט־מיליץ רואיק זיך צוגעקוקט צום דריי־טאָגיקן פּאָגראָם. די אַלגעמיינע איבערצייגונג אין שטאָט איז געווען, אַז דעם גרויסן פּאָגראָם האָט דער שטאָט־ראַט אַליין אַרויסגערופן דורך זיין העצע קעגן יידן. אין יאָר 1695 איז ווידער פאָרגעקומען אין פּויזן אַ פּאָגראָם אָרגאַניזירט דורך יעזואיטישע סטודענטן און האַנטווערקער־יוגנט.

אין אָנהויב פון 18טן י״ה האָבן יידן איבערגעלעבט בלוטיקע פּאָגראָמען, אין רעזולטאַט פון דער מוראדיקער הפקרות בעת דער שוועדיש־מאָסקווער מלחמה. אַחוץ די פּאָגראָמען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן דורך די חיילות פון שוועדן, זאַקסן און מאָסקווע אויף אַלע שטאָטישע איינוואוינער, אָן אונטערשיד, האָבן זיך אויף יידן אויסגעגאָסן באַזונדערע „צוגאָב־פּאָגראָמען", אָרגאַניזירט דורך די חיילות צוזאַמען מיט שטאָטס־לייט. אין יאָר 1704 איז אין קראָטאָשין אויסגערויבט געוואָרן דער גאַנצער יידישער קוואַרטאַל און די יידישע באַפעלקערונג איז קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן אָרים און נאַקעט. אין זעלבן יאָר איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם אויף דעם יידישן קוואַרטאַל אין פּויזן, נאָכדעם ווי די חיילות פון קיניג אויגוסט דעם זאַקס האָבן איינגענומען די שטאָט ביי די שוועדן. נאָך גרויזאַמער איז געווען דער פּאָגראָם אויף יידן אין פּויזן אין יאָר 1716, בעת די קאָנפעדעראַטן פון קיניג האָבן אַריינמאַרשירט אין דער שטאָט. דער גאַנצער יידישער קוואַרטאַל איז אויסגערויבט געוואָרן און 50 יידן זיינען דערהרגעט געוואָרן אַחוץ הונדערטער פאַרוואונדעטע. אין דער זעלבער צייט זיינען פאָרגעקומען בלוטיקע רויב־אָנפאַלן אויף יידן אין פּינטשעוו און אין אַנדערע שטעט פון דער צאַזמירער געגענט. דאָס פאַרהאַלטן זיך פון די מיטעטשאַנעס צו יידן אין דער דאָזיקער תקופה כאַראַקטעריזירט דער ווייטערדיקער פאַל. ווען אַ יאָר שפּעטער, אין 1717, איז אויסגעבראָכן אַ שרפה אין יידישן קוואַרטאַל אין פּויזן, האָבן יידן באַשולדיקט די שטאָטס־לייט, אַז זיי האָבן נישט נאָר נישט געוואָלט העלפן לעשן דאָס פייער, נאָר האָבן אפילו געשטערט צו ברענגען וואַסער. די שטאָטס־לייט האָבן געטענהט, אַז יידן האָבן פאַרבאַריקאַדירט זייער קוואַרטאַל און נישט אַריינגעלאָזט קריסטן, וואָס זיינען געלאָפן צו הילף, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר אַ רויב. נאָך דער שרפה, וואָס איז אויסגעבראָכן אין יידישן קוואַרטאַל אין ווילנע אין יאָר 1734, האָט דער שטאָט־ראַט פאַרבאָטן די מוירער צו אַרבעטן ביים ווידעראויפבוי פון יידישע הייזער. אין דעם זעלבן יאָר האָט דער ווילנער שטאָט־ראַט געמסרט די דאָרטיקע יידן פאַרן רוסישן גענעראַל, אַז זיי האָבן דערהרגעט קאָזאַקן, באַגראָבן זיי אויפן בית־עולם און דערנאָך אַרויסגענומען פון די קברים און אריינגעוואָרפן אין וואַסער.

אויך נאָך די מלחמות האָבן ביז צום סוף פון דער „זאַקסישער" תקופה ניט אויפגעהערט בלוטיקע אָנפאַלן אויף יידן. פּונקט ווי פריער איז די איניציאַטיוו פון די אָנפאַלן תמיד אַרויסגעגאַנגען פון די יעזואיטישע תלמידים. דער מגושמדיקער שלאַכטשיץ קיטאָוויטש דערציילט אין זיינע מעמואַרן, אַז אָנפאַלן אויף יידן מצד יעזואיטישע סטודענטן זיינען געווען אַן איינגעפירטער מנהג אין פּוילן. אַחוץ די דאָזיקע טאָגטעגלעכע מעשים פלעגן די יעזואיטישע סטודענטן

פון צייט צו צייט אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב. אין יאָר 1746 זיינען די יעזואיטישע סטודענטן אין פּרזשעמישל אַריינגעפאַלן אין דער שול, פאַרוואונדעט די מתפללים, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן, חרוב געמאַכט די שול, ביז עס זיינען נישט געבליבן מער ווי די ליידיקע מויערן און דערנאָך זיך אַרויסגעלאָזט רויבן און פאַרניכטן די יידישער הייזער. דער פּאָגראָם האָט ערשט אויפגעהערט אויף דעם אַנדערן טאָג, ווען די קהילה האָט זיך פאַרפליכטעט אין אַ שריפטלעכן אָפּמאַך צו געבן מתנות די לערער פון דער יעזואיטישער קאָלעגיע און די סטודענטן. בער באָלעכאָווער דערציילט, אַז אין לעמבערג פלעגן איבער דער קלענסטער מחלוקת צווישן אַ ייד און אַ שילער, „די שילער, די קינדער פון פריצים און שררות זיך צונויפגעקומען, קומען אין די יידישע גאַסן, שלאָגן, הרגענען און ראַבעווען דאָס יידיש האָב און גוטס און די יידן האָבן געמוזט אַנטלויפן פון זייערע שטיבער און זיך ראַטעווען . . .״ אין יאָר 1750 איז אין לעמבערג פאָרגעקומען „דאָס לעצטע שילער־געלויף״, וואו די סטודענטן האָבן זיך באַנוגנט מיט „ראַבעווען און גזלענען וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט פון פאַרמעגן״.

אין די אוקראַינישע געביטן האָבן אין דער ערשטער העלפט פון 18טן י״ה אַחוץ רדיפות מצד די שטאָטס־לייט זיך אויסגעגאָסן אויף יידן ווילדע פּאָגראָמען, אָרגאַניזירטע דורך די קאָזאַקן. נאָך אין אָנהויב פון דער שוועדיש־מאָסקווער מלחמה, אין די יאָרן 1702—1704, זיינען אין אוקראַינע, וואָלין און פּאָדאָליע פאָרגעקומען בלוטיקע אָנפאַלן פון קאָזאַקן אויף יידן, פונקט ווי אויף דער פוילישער שלאַכטע. אין יאָר 1734 איז אויסגעבראָכן אין אוקראַינע די באַוועגונג פון פויערים אונטער דער אָנפירונג פון קאָזאַקן, באַקאַנט אונטערן נאָמען היידאַמאַקעס. די סיבות פון דער דאָזיקער באַוועגונג זיינען געווען די זעלבע, ווי די, וואָס האָבן געהאַט אַרויסגערופן קאָזאַקן־אויפשטאַנדן אין 17טן י״ה, די אונטערדריקונג פון אוקראַינער פויערים דורך דער פוילישער שלאַכטע און גלחים. דערצו איז אָבער נאָך צוגעקומען די סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאַנדע פון רוסלאַנד, וואָס האָט אַגיטירט אונטערן לאָזונג פון ראַטעווען די פּראַוואָסלאַוונע אוקראַינער פון פוילישער אונטערדריקונג. דאָס האָט נישט געשטערט רוסלאַנד נאָך אין זעלבן יאָר, נאָכדעם ווי עס איז באַזעצט געוואָרן אין פוילן איר פּראָטעגירטער קיניג אויגוסט דעם 3טער, אַריינצושיקן קיין אוקראַינע חיילות צו הילף דער פוילישער שלאַכטע צו אונטערדריקן דעם היידאַמאַקישן אויפשטאַנד. די באַוועגונג פון די היידאַמאַקעס האָט אָבער נישט געקאָנט איינגעשטילט ווערן דורך קיין שום רעפּרעסיעס. אין די יאָרן 1736—1738 האָט די דאָזיקע באַוועגונג אויפסניי אויפגעפלאַקערט אין אַלע געגנטן פון אוקראַינע. אין יאָר 1740 האָט זיך די באַוועגונג באַזונדערס אויסגעשפּרייט אין ווייסרוסלאַנד אונטער דער אָנפירונג פון וואָשטשילאָ, וואָס האָט אָנגעגעבן זיין יחוס, אַז ער איז אַן אייניקל פון כמיעלניצקין, און האָט אין יאָר 1750 ווידער פאַרכאַפּט אוקראַינע. בדרך־כלל האָבן זיך די היידאַמאַקעס אָפּטער באַגנוגנט מיט אויסרויבן יידישע קהילות, פונקט ווי די הויפן פון דער שלאַכטע און זעלטענער באַגאַנגען מאַסן־מאָרדן.

אויף יידן אין גאַנץ פוילן האָבן זיך אָבער אין 18טן י״ה אויסגעשיט נייע אומגליקן, וואָס זי האָבן אין זייער אויסטערלישקייט אַריבערגעשטיגן אפילו די שטענדיקע כוואַליעס פון פּאָגראָמען מצד יעזואיטישע סטודענטן און פאַרפינצטערטע שטאָטס־לייט. דער ענגער יידן־פיינטלעכער בונד פון קאַטוילישן קלער מיט די שטאָטישע מושלים האָט געבראַכט דערצו, אַז עלילת־דם, וואָס פלעגן ספּאָראַדיש פאָרקומען אין מיטלאַלטערלעכן פוילן און וואָס זיינען געווען אָפטער אין 16טן און 17טן י״ה צוליבן ניצחון פון דער קאַטוילישער רעאַקציע אין לאַנד, האָבן זיך אין דער ערשטער העלפט פון 18טן י״ה פאַרשפּרייט ווי אַ מגפה. אין משך פון צענדליקער יאָרן האָט די פאַרפייניקטע און דערשלאָגענע יידישע באַפעלקערונג אין פוילן גאָר נישט געקענט אָפּעטעמען פון דער פאַרסמטער אַטמאָספערע פון גרויזאַמע בילבולים און בלוטיקע פּראָצעסן.

דער קלער האָט קיינמאָל נישט אַזוי חוצפהדיק זיך אַריינגעמישט אין דעם אינערלעכן לעבן פון יידן אין פוילן ווי אין דער דאָזיקער תקופה. יעדער בישאָף און אפילו אַ גלח אין שטעטל אָדער אין דאָרף, האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ ממונה איבער יידן, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ מלוכהשער באַאַמטער, אַ סטאַראָסטע אָדער אַ וואָיעוואָדע. דער קלער האָט זיך נישט באַגנוגנט דערמיט, וואָס אויף די סינאָדן פלעגט ער באַנייען מיטלאַלטערלעכע גזירות וועגן פאַרבאָט פאַר יידן צו בויען נייע שולן, צו באַשעפטיקן קריסטלעכע משרתים, צו אַרבעטן אום זונטיק און חגא און אַזוי ווייטער. דער קלער האָט פּראָקלאַמירט (פויזנער בישאָף 1703) און אָנגעווענדט אין דער פּראַקטיק דעם פּרינציפּ, אַז אין ענינים וואָס האָבן אַ שייכות צו רעליגיע זיינען יידן אונטערגעוואָרפן דעם משפט פון דער קאַטוילישער קירך. אויב יידן האָבן געוואָלט אויפבויען, אָדער איבערבויען אַ שול, האָבן זיי געמוזט זיך משתדל זיין וועגן אַ דערלויבעניש ביים בישאָף. דער בישאָף פלעגט געבן די דערלויבעניש בתנאי, אַז די שול זאָל נישט זיין העכער איידער די קירך, אָדער אפילו העכער איידער אַ געוויינלעך הויז און אַז זי זאָל ניט זיין ענלעך צו אַ קירך אין אויסערלעכן אויסזען.

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ אפוטרופסות איבער

דער שול איז געווען פאַרן בישאָף אַ געלעגנ־הייט אויסצופּרעסן געלט פון קהילות. דער קאַמע־ניעצער בישאָף שיעראַקאָווסקי האָט געלאָזט פאַר־חתמנען די שול און דעם בית עולם אין הוסיאַטין און אַרויפגעלייגט אויף דער קהילה שטראָף פון טויזנט גילדן. דער פריץ פון דער שטאָט, מיכאל פּאָטאָצקי, האָט אָפּגעפרעגט דאָס רעכט פון בישאָף אַריינצומישן זיך אין ענינים פון „פרעמדע" יידן און די שול געהייסן עפענען. דער זעלבער בישאָף האָט באַלד נאָכן איבערנעמען זיין אַמט אין לעמבערג געהייסן פאַרחתמנען די שול אין באָלעכאָוו און זי איז געבליבן פאַרמאַכט פון פּסח ביז שבועות. בער באָלעכאָווער האָט די זאַך „מתקן געווען פאַר צוואַנציק דוקאַטן" (דעמאָלט אין באַטרעף פון 720 גילדן!) און „באַלד אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש, געשריבן און געחתמעט דורך דעם דאָזיקן בישאָף"...

בישאָפן, ווי, למשל, די בישאָפן פון קאַמעניעץ, פּרזשעמישל, קיעוו, אַנטאָקאָל (פאָרשטאָט פון ווילנע), קאַלוואַריע אין ליטע, באַר אין פּאָדאָליע, האָראָדישטש אין אוקראַינע, שניידמיל אין גרויספּוילן, וואָלבראָם אין קליינפּוילן, פלעגן אַרויסגעבן דעקרעטן צו קהילות (באַר 1717, פּרזשעמישל 1743, האָראָדישטש 1758, ריישע 1746) וואָס האָבן אַנטהאַלטן פאַרשידענע גזירות אויף יידן: זיי טאָרן נישט אַרויסגיין פון דער שטוב אין משך פון פינף טעג פון גרויסן דאָנערשטיק ביז צום סוף פון קריסטלעכן פּסח; בעת פּראָצעסיעס און ווען אַ גלח פאָרט אַדורך מיטן סאַקראַמענט דאַרפן זיי אַנטלויפן אין שטוב אַריין און פאַרמאַכן טיר און פענצטער; די מאַרקזיצערס וואָס באַווייזן נישט זיך צו באַהאַלטן, דאַרפן אַראָפּנעמען דאָס היטל אונטער שטראָף פון קאָנפיסקאַציע פון דער סחורה דורך דעם גייסטלעכן געריכט; יידן טאָרן נישט פּראַווען קיין חתונות און דער צייט פון אַדווענט (פאַר באָזשע נאַראָדזעניע) און פון קריסטלעכע תעניתים, און אויב זיי באַקומען דערויף אַ ספּע־ציעלע דערלויבעניש פון בישאָף, מוז די חתונה פאָרקומען אָן מוזיק; לוויות מעגן פאָרקומען נאָר ביינאַכט און אויב בייטאָג איז „פּריוואַט, שטיל און געהיים"; *) יידן טאָרן נישט אַרבעטן אום זונטיק און קריסטלעכע חגאות און כדי זיי זאָלן נישט האָבן קיין תירוץ, אַז זיי קענען נישט דעם קאַטוי־לישן לוח, דאַרפן זיי זיך נאָכפרעגן וועגן די חגאות ביים קאָשטשעלני; קריסטן טאָרן נישט פאַרברענ־גען מיט יידן און טאָרן נישט קומען אויף יידישע חתונות; יידן טאָרן נישט האַלטן קיין קריסטלעכע

*) ווי ווייט די דאָזיקע גזירה איז אויסגעפירט געוואָרן אין דער פּראַקטיק, באַווייזט דער פאַקט, אַז דער קיעווער ביסקופּ זאַלוסקי האָט אין יאָר 1768 דערציילט ווי אַ קוריאָז, אַז ער האָט געזען אין אַפּט אַן עפנטלעכע יידישע לוויה.

דינסטן און טאָרן אַפילו נישט באַנוצן זיך מיט קריסטלעכע הייבעמס און פונקט אַזוי טאָרן קריסטן נישט רופן קיין יידישע הייבעמס אאַ״וו. די דאָזיקע און ענלעכע גזירות וואָס האָבן געהאַט פאַר אַ ציל סיי צו דערנידעריקן די יידן און האַלטן זיי אין שטענדיקער מורא פאַר דער קירך, סיי אָפּצו־שליסן זיי הערמעטיש פון יעדן מין געזעלשאַפטלעכן פאַרקער מיט קריסטן, האָבן איבערגעשטיגן אין זייער פינצטערקייט און חוצפּה אַפילו די ענלעכע גזירות פון דער קאַטוילישער קירך פון טיפן מיטלאַלטער. נישט קיין חידוש אַז ביי אַזאַ וואַקסנדיקן עזות מצד דער קירך האָט דער בישאָף פון קאַמיעניעץ פּאָ־דאָלסק, דעמבאָווסקי, אין יאָר 1757 געהאַט דעם כוח צו צווינגען יידישע פּרנסים און רבנים צו שטעלן זיך צו אַ וויכוח מיט די פראַנקיסטן און נאָך דעם וויכוח געהייסן קאָנפיסקירן דעם תלמוד אין גאַנץ פּאָדאָליע און איינגעאָרדנט אַן אויטאָדאַפע פון די ספרים אין מיטן מאַרק. צוויי יאָר שפּעטער, אין 1759, איז פאָרגעקומען דער אויסטערלישער וויכוח מיט פראַנקיסטן אין דער לעמבערגער קאַ־טעדרע, וואָס האָט געוואָרפן אַן אימה אויף די יידן אין גאַנצן לאַנד. געווען בישאָפן, וואָס פלעגן איינ־אָרדנען אַזעלכע וויכוחים רעגולער און צווינגען יידן אויסצוהערן קאַטוילישע דרשות אין דער שול (לויצקער בישאָף קאָביעלסקי אין בראָד). אין 18טן י״ה האָט די קירך אויסגעגעבן פיל געלט אויף צו פאַרשטאַרקן די מיסיאָנערישע אַרבעט צווישן יידן.

די אַלע רדיפות אויף יידן מצד דעם קלער ווערן אָבער בלאַס אין אָנבליק פון דער סיסטעמאַטישער טייוולאָנישער אַקציע, וואָס די שווארצע רוחות האָבן אָנגעפירט, אין אָרגאַניזירן עלילות דם, עלילות וועגן שענדן די האָסטיע און אַנדערע מאוימדיקע בילבולים.

שוין אין דער צווייטער העלפט פון 17טן י״ה האָט די פּלאָג פון בילבולים געבושעוועט פונקט ווי די פעריאָדישע בלוטיקע פּאָגראָמען אין פאַרשידענע געגנטן פון פּוילן. אין יאָר 1659 זיינען צוויי פּרנסים פון אַ ליטוויש שטעטל רוזשאַני פאַרמשפט געוואָרן צום טויט צוליב אַן עלילת דם. אין יאָר 1663 איז פאַרפייניקט געוואָרן אין אויסטערלישע עינויים דער יידישער אַפּטייקער פון קראָקע מתתיהו קאַלאַהאָרא. דער דאָמיניקאַנער מיט וועלכן ער פלעגט פון צייט צו צייט פירן שמועסן, האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט שריפטלעך (!) געלעסטערט די הייליקע מרים. דער טריבונאַל אין פּיעטריקעוו האָט אים פאַרמשפט אויף אַזעלכע ראַפינירטע עינויים: מען האָט אים אָפּגעשניטן די ליפּן און די צונג, אָפּגע־ברענט אַ האַנט, געריסן פון אים פּאַסן הויט און דערנאָך פאַרברענט לעבעדיקערהייט. דאָס אַש האָט מען אַריינגעשיט אין אַ האַרמאַט און אויסגעשאָסן. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ בילבול איז געווען אַ

גלענצנדע געלעגנהייט פאַר אַ פּאָגראָם. יעזואיטישע סטודענטן האָבן זיך אַריינגעריסן אין דעם יידישן קוואַרטאַל אין קראָקע, אויסגערויבט 120 הייזער, און איבערגעלאָזט עטלעכע געהרגעטע און אַ צאָל פאַרוואונדעטע. נאָך דעם אַלעם האָט ערשט די יידישע קהילה געמוזט אויסצאָלן די כוליגאַנישע סטודענטן פיר טויזנט גילדן. צוליב אַ בילבול וועגן שענדן די האָסטיע (דאָס הייליקע ברויט) איז אין דער זעלבער צייט פאַרברענט געוואָרן אַ פּרוש פון טאָמאַשאָוו מיטן נאָמען פנחס. אין יאָר 1673 זיינען פרנסים פון דריי קהילות אין ווייסרוסלאַנד, מאָהילעוו, אָרשע און גאָרקי פאַרמשפּט געוואָרן דורכן ליטווישן טריבונאל דערפאַר וואָס אין יענע געגנטן האָט מען געפונען אַ געהרגעטן פּריץ. אין יאָר 1679 זיינען אין ליטווישן שטעטל שאַטי פיר קראַמער געשטאָרבן אַ מאַרטירער טויט צוליב אַן עלילת דם. אין יאָר 1680 איז אין בריסק נעלם געוואָרן אַ משומדת, אַ טאָכטער פון אַן ארענדאַר, זיינען דערפאַר פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אַלע מיטגלידער פון איר פאַמיליע און פינף פרנסים פון דער קהילה. אין זעלבן יאָר איז פאָרגעקומען אַן עלילת דם אין טיקטין. אין יאָר 1690 זיינען אומגעקומען אין ווילנע דריי יידן, יחזקאל, משה און אברהם, צוליב אַן עלילת דם. אין יאָר 1692 איז אומגעקומען אויף דער תליה צוליב אַ בילבול שלמה פון קרזשעשאָוו (לובלינער געגנט). פון היסטאָרישע לידער אין יידיש קען מען דערמאָנען די דאָזיקע בלוטיקע רשימה נאָך מיט אַ רייע נעמען פון מאַרטירער וואָס זיינען אין דער זעלבער צייט אומגעקומען צוליב בילבולים: אברהם בן יהודה פון לובלין, בנימין וואָלף בן נפתלי פון לוקאָוו, יהודה בן אהרן פון פּרזשעמישל, נחמן בן נתן פון מאַקאָוו, פנחס בן משה פון טאָמאַשאָוו (בילבול וועגן שענדן די האָסטיע), פנחס זעליק בן יעקב פון לוקאָוו, שכנא פון קראָקע, שמואל זיינוול בן צבי הערש פון ניישטאָט. בלויז אין איין פאַל, אין פּויזן, אין יאָר 1696, איז די קהילה אָפּגעקומען אַ בילבול בלויז מיט שרעק. די קהילה האָט אַ דאַנק איר ענערגיע אַליין אויסגעפונען דעם רוצח פון אַ יעזואיטישן סטודענט, וואָס זי איז באַשולדיקט געוואָרן אין זיין מאָרד.

אין דער ערשטער העלפט פון 18טן י״ה, אונטער דער זאַקסישער הערשאַפט האָבן שוין די עלילת דם אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ פּערמאַנענטער קאַטאַסטראָפע. אונטער דער הערשאַפט פון צווייטן זאַקסישן קיניג, אויגוסט דעם 3טן, ווען די פּאָליטישע און קולטורעלע רעאַקציע אין לאַנד האָט געפייערט אירע גרעסטע טריאומפן, איז כמעט נישט אַדורכגעגאַנגען קיין יאָר אָן אַ בלוטיקן בילבול. די פינצטערקייט, וועלכע עס האָט פאַרשפּרייט דער קלער איז געווען אַזוי גרויס, אַז ביים המון, אַריינגערעכנט די אָפּגעשטאַנענע צעווילדעוועטע שלאַכטע, האָבן זיך אָנגענומען די אויסטערלישע אַבערגלויבנס. אין דער תקופה ווען מען האָט מאַסנווייז געברענט אומשולדיקע פרויערטעס פאַר כישוף און „אונטערהאַלטן באַציאונגען מיטן טייוול", איז נישט קיין חידוש אַז אומוויסנדיקע מאַסן האָבן געגלויבט אַלע משונהדיקע שקרים, וואָס מען האָט אויסגעטראַכט אויף יידן. די קירך האָט פאַרשפּרייט „מעדיצינישע" בראָשורן, וואו מען האָט דעם עולם „אויפגעקלערט" אַז יידן באָדן זייערע פאַרכעס אין ביר, בראָנפן און מעד, וועלכע זיי גיבן דערנאָך קריסטן צו טרינקען. מען האָט פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז יידישע פרויען קענען ברענגען אויף דער וועלט קינדער אַפילו נאָכן טויט, מען האָט געשראָקן דאָס פאָלק, אַז יידן גיבן אַן עין הרע דער תבואה אין פעלד און די בהמות און פערד אין שטאַל. עס פלעגן זיך טרעפן פאַלן, וואו מען האָט נאָך אַ שטורעם איבערגעציילט די יידישע באַפעלקערונג אין שטעטל, כדי פעסטצושטעלן, צי עמיץ פון זיי איז נישט אַוועקגעפלויגן מיטן טייוול... אויב יידן האָבן זיך נישט מודה געווען ביים משפּט וועגן עלילת דם, נישט געקוקט אויף די שוידערלעכסטע פייניקונגען, האָבן די גלחים (זשוכאָווסקי) פאַרשפּרייט צווישן פאָלק דעם גלויבן, אַז אַ ייד האָט אַן אָפּמאַך מיטן טייוול, ער זאָל אַריבערטראָגן זיין קערפּער אויפן שאָטן... אין דעם זעלבן נוסח האָט דער קלער איינגעפלאַנצט אין אַ גרויסן טייל פון דער באַפעלקערונג דעם גלויבן, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט כדי עס אַריינצובאַקן אין די מצות, אַחוץ דעם וואָס זיי דאַרפן עס האָבן פאַר אַ סגולה, איבערצואוואַשן די אויגן פון זייערע קינדער, וואָס ווערן געבוירן בלינד... נישט בלויז דער פולשטענדיק אומוויסנדער המון, נאָר אַפילו שרייבערס פון דער שלאַכטע, פאַרשטייט זיך דערצויגענע אין יעזואיטישע שולן, האָבן געגלייבט אין אויסטערלישן בילבול וועגן דעם, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף מצות. דער דערמאָנטער שלאַכטשיץ קיטאָוויטש דערקלערט אין זיינע מעמואַרן: „פרייהייט אָן ליבערום וועטאָ און יידישע מצה אָן קריסטלעך בלוט קען זיך נישט באַגיין".

דורך דער סיסטעמאַטישער פאַרגיפטונג פון די מוחות פון פאָלק דורך געמיינסטע יידן־פרעסערישע פּאַשקווילן און ביכער האָבן די גלחים געפועלט, אַז יעדער שרעקלעכער עפּיזאָד פון עלילת דם אין 18טן י״ה האָט געפונען אַ בלוטיקן אָפּקלאַנג אין אַלע געגנטן פון פוילן. להיפּך צו דער פריערדיקער תקופה, וואו די עלילת דם זיינען געווען אינסצעניזירט דורך יעזואיטן און נידעריקע גלחים, האָבן אין 18טן י״ה די העכסטע שררות פון דער קירך, די בישאָפן, אַליין אָנגעפירט מיט דער נידערטרעכטיקער אַרבעט און אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו

באַנייען די פּראָצעסן און פאַרענדיקן זיי מיט דערפאָלג, אַפילו ווען דאָס געריכט האָט לכתחילה די באַשולדיקטע יידן באַפרייט. אין 17טן י"ה פלעגן נאָך די מלכים פון פּוילן, אַפילו דער פאַנאַטישער קאַטויליק יאַן קאַזימיר, על־פּי רוב זיך אָננעמען פאַר יידן, ווען עס פלעגט צו זיי דערגרייכן דאָס ווייגעשריי פון די קהילות געפּייניקטע דורך עלילת דם. ביידע זאַקסישע מלכים, אויגוסט דער טאַטע און דער זון, מגושמדיקע זוללים וסובאים, וואָס האָבן אין די ווינציקע שעהן, ווען זיי זיינען נישט געווען פאַרטאָן אין זנות, אויסגעטראַכט פלענער, ווי אַזוי אַרויסצוציען דעם גרעסטן ריווח פון אַ צעטיילונג פון פּוילן, האָבן עפנטלעך דעקלאַרירט זייער אויפרעגונג צוליב דעם, וואָס „די יידן די כופרים און נבלים, פאַרגיסן געהיים בלוט פון קריסטלעכע קינדער"... די דאָזיקע „איבערצייגונג" האָט זיי נישט געשטערט אין געציילטע פאַלן פון אויסטערלישע בילבולים נאָכצוגעבן דעם השתדלות פון יידן, בפרט ווען דער „חסד" האָט זיך גוט באַצאָלט...

די בלוטיקע סדרה אין 18טן י"ה האָט זיך אָנגעהויבן פון דעם עלילת דם אין צאָזמיר. אין יאָר 1698 האָט דער דאָרטיקער גלח סטעפאַן זשוכאָווסקי אויסגענוצט אַ פאַל, וואָס אַ קריסטלעך קינד איז צוליב דער אָרימקייט פון דער מוטער געבראַכט געוואָרן צו קבורה אָן געוויינלעכע פאָרמאַליטעטן, כדי צו אינסצעניזירן אַ בלוט־בלבול קעגן דאָרטיקן פרנס אלכסנדר בערעק. דער קראָקעווער בישאָף האָט אויף דער ווענדונג פון גלח זשוכאָווסקי באַפוילן דעם שטאָט־ראַט אין צאזמיר אויסצופאָרשן דעם „אמת" דורך פּייניקונגען. ווען דער ענין איז אריבערגעאַנגען צום גראַד־געריכט און שפּעטער צום לובלינער טריבונאַל, האָט דער בישאָף געהאַלטן פאַר נויטיק צו אַפּעלירן צו די געריכטן, אַז זיי זאָלן נעמען נקמה פאַרן אומשולדיקן בלוט און באַשיצן די קריסטלעכע רעליגיע. אין יאָר 1704 איז דער מאַרטירער בערעק נאָך אַן אויסטערלישער אינקוויזיציע פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דורך אָפּהאַקן דעם קאָפּ. דערמוטיקט דורך זיין דערפאָלג האָט דער גלח זשוכאָווסקי אַנטדעקט באַלד דערנאָך נייע יידישע „פאַרברעכנס". אין יאָר 1710 האָט אַ ייד פון ביאַלע געצאָלט מיטן קאָפּ פאַר אַן ענלעכער „אַנטדעקונג". אין יאָר 1711 איז אין לענטשנע (לובלינער געגנט) אויסגעבראָכן אַ בילבול וועגן שענדן די האָסטיע. צוליב אַזאַ בילבול זיינען אין יענער צייט אין מאָשציסק (ביי פּרזשעמישל) פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטערהויפן אַ ייד מיטן נאָמען אַברהם און אַ יידישע פרוי. אין דער זעלבער צייט איז פאַרפירט געוואָרן אַ נייער פּראָצעס וועגן עלילת־דם אין צאָזמער און צוויי יאָר שפּעטער זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דער פרנס פון צאָזמיר ליפּמאַן בן מאיר און צוויי שמשים, יצחק בן יוסף און דוד בן צבי. דער קיניג האָט אויך באַשטעטיקט דעם פאַרלאַנג פון גלח זשוכאָווסקי וועגן פולשטענדיקן גירוש פון יידן פון צאָזמיר, פאַרוואַנדלען די שול אין אַ קירך און אויסשטעלן אין דער קירך בילדער פון די „פאַרמאַטערטע" קריסטלעכע קינדער. ביידע צדדים, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די בלוט־בילבולים, די קירך און די שטאָטס־לייט, האָבן פולשטענדיק דערגרייכט זייער ציל: די מיעשטשאַנעס זיינען פּטור געוואָרן פון יידישער קאָנקורענץ און די קירך האָט טיפער פאַרפלאַנצט דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם אין אירע צאָן קדשים, אַחוץ דעם, וואָס די הייליקע רעליקוויעס האָבן איר אַריינגעבראַכט היפשע רווחים פון עולי־רגל. דער גלח זשוכאָווסקי האָט אַרויסגעגעבן איין חיבור נאָכן אַנדערן מיט דער באַשרייבונג פון די מאָרד־פּראָצעסן און די דאָזיקע „ליטעראַטור" האָט אַרויסגעגעבן נייע גיפטיקע פּירות.

אין דער זעלבער תקופה האָט די קירך געפונען אַ געלעגנהייט צו פאַרפירן פּראָצעסן אויך צוליב אַנדערע בילבולים, אַחוץ עלילת־דם און עלילת־האָסטיע. אין יאָר 1728 זיינען אויף דער פאָדערונג פון אַרכיבישאָף פאַרמשפּט געוואָרן צו ענלעכע מיתות משונות, ווי דער קראָקעווער מאַרטירער מתתיהו קאַלאהאָרא, צוויי ברידער פון לעמבערג חיים און יהושע רייצעס, אונטער דער באַשולדיקונג, אַז זיי האָבן צוגעהאָלפן אַ משומד ער זאָל זיך מגייר זיין. מיט ווייניקער ווי טויט זיינען אָפּגעקומען עטלעכע יידן פון דובנע, וואָס זיינען באַשולדיקט געוואָרן, אין יאָר 1716, אַז זיי האָבן צוגעהאָלפן 2 קריסטלעכע פרויען, זיי זאָלן זיך מגייר זיין. די 2 פרויען זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און די באַשולדיקטע יידן, וואָס האָבן געבראַכט באַווייזן, אַז די צוויי פרויען זיינען שוין געקומען פון דער פרעמד אַלס יידישקעס, האָבן באַקומען צו הונדערט שטעקנס און געשטעלט געוואָרן צום שאַנד־סלופּ.

פונקט ווי אין די צאָזמירער בלוט־בילבולים איז אויך די מוראדיקע עלילת־דם אין פּויזן אין די יאָרן 1736—1740 אָרגאַניזירט געוואָרן בשותפות דורך דער קירך (מיטן אַקטיוון אָנטייל פון אָרטיקן בישאָף) און דורך די מושלים פון דער שטאָט. ביי דער געלעגנהייט פון פּראָצעס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פּאָגראָם. דער פּראָצעס האָט אַרויסגערופן אַן אויפרודערונג אויך אין אויסלאַנד. דער פּראָפעסאָר פון העברעאיש אויף דעם ווינער אוניווערזיטעט, דער משומד יוסף זאָנענפעלד, האָט זיך איינגעשטעלט פאַר די אומגליקלעכע באַשולדיקטע און אפילו אַרויסגעגעבן אַ שריפט צו באַווייזן דעם שקר פון עלילת־דם. סוף־כל־סוף האָט דער ווינער באַנקיר פון פּוילישן קיניג, ווערטהיימער, געפועלט ביי אים, ער זאָל באַפרייען די פאַרפּייניקטע יידן, וואָס זיינען שוין געהאַט פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. צוויי פון די באַשולדיקטע, דער פּויזנער דרשן אריה לייב קאַלאהאָרא (פון דער

משפחה פון קראָקעווער מאַרטירער מתתיהו קאַלאהאַ־ראַ) און דער שתדלן יעקב בן פנחס זיינען אָבער שוין פריער געשטאָרבן פון די אינקוויזיטאָרישע פייניקונגען. אין זיין דעקרעט וועגן דעם פּראָצעס האָט דער קיניג, פון איין זייט, באַפוילן דעם שטאָט־מאַגיסטראַט, ער זאָל אויף להבא אין קרימינאַל־פּראָצעסן אָנווענדן בלויז „געמעסיקטע" פייניקונגען, פון דער אַנדערער זייט אָבער באַשטימט אַ רייע נייע גזירות אויף פּויזנער יידן, מיטן מאָטיוו צו פאַרהיטן פאַר אַ חשד וועגן ריטועלן מאָרד. יידן איז פאַרבאָטן געוואָרן אָנצוקניפּן שמועסן מיט קריסטלעכע יינגלעך; אַ ייד טאָר נישט נעכטיקן מחוץ דעם יידישן קוואַרטאַל אונטער שטראָף פון תפיסה און כדי דאָס אָפּצוהיטן דאַרף אַ וואַך פון שטאָטס־לייט אויפגעשטעלט ווערן יעדער נאַכט ביים טויער פון יידישן קוואַרטאַל; יידן טאָרן נישט האַלטן קיין קריסטלעכע דינסטן און אַמען און טאָרן אויך נישט האַלטן קיין קריסטלעכן שומר אויפן בית־עולם; זיי טאָרן נישט האַנדלען אום זונטיק און חגא מחוץ דעם יידישן קוואַרטאַל; די פּויזנער קהילה דאַרף פאַרטרייבן אַלע יידן אָן אַ באַשעפטיקונג; יידישע דאָקטוירים און הייבאַמס טאָרן נישט באַהאַנדלען קיין קריסטן אונטער שטראָף פון שמיץ און פאַרטרייבן פון דער שטאָט . . .

די מאוויימדיקע סעריע פון עלילת־דם האָט זיך געצויגן כמעט אומאיבערגעריסן ביז 1763, דעם לעצטן יאָר פון דער הערשאַפט פון אויגוסט דעם 3טן. אין יאָר 1747 איז פאָרגעקומען אַן עלילת־דם־פּראָצעס אין זאַסלאַוו (וואָלין), אָנגעפירט דורך גלחים און דורך דעם שטאָטישן געריכט אין קרעמעניץ, אונטער דער סאַנקציע פון פירשט סאַנגושקאַ. די פיר באַשולדיקטע זיינען הינגעריכטעט געוואָרן יעדער מיט אַן אַנדער מיתה־משונה. אין דער זעלבער געגנט, אין שעפּעטאָווקע, זיינען אין יאָר 1748 פאַרמשפט געוואָרן צום טויט צוויי יידן צוליב אַ בילבול פון די קאַרמעליטן־ברידערלעך. אין זעלבן יאָר איז פאָרגעקומען אַן עלילת־דם־פּראָצעס אין דונייגראָד, אין וועלכן עס האָט געמשפט דאָס שטאָטישע געריכט מיטן אָנטייל פון אַ דעלעגאַט פון קאַמיעניעצער בישאָף דעמבאָווסקי, דעם זעלבן שונא־ישראל, וואָס האָט אין עטלעכע יאָר אַרום געלאָזט פאַרברענען דעם תלמוד. דאָ האָט אָבער יאָ אינטערווענירט דעם פּריץ פון דער שטאָט, דער העטמאַן יוזעף פּאָטאָצקי און די באַשולדיקטע זיינען בלויז פאַרמשפט געוואָרן צו תפיסה. די גרעסטע צאָל קרבנות האָט פאַרלענדט דער עלילת־דם־פּראָצעס אין זשיטאָמיר, אין יאָר 1753. דעם דאָזיקן מאַסן־מאָרד האָט מיט אַלע פּרטים אָרגאַניזירט דער קיעווער בישאָף קאַיעטאַן סאָלטיק, וואָס פלעגט אַרויסגעבן אויף יידישע קהילות אין זיין דיעצעזיע אויסטערלישע גזירות. ער איז אַליין אַרומגעפאָרן צו די פּריצים אין שכנות פון דאָרף, וואו עס איז געפונען געוואָרן דער קערפּער פון טויטן קינד, כדי ביי זיי אויסצופועלן, אַז זיי זאָלן איבערגעבן זייערע יידישע אַרענדאַרן דעם גלחישן משפט. ווען די פּריצים האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן זייערע אַרענדאַרן, האָט ער אַליין די יידן געלאָזט שמידן אין קייטן. ער האָט אָנגעפירט מיט דעם קירכלעכן משפט, וואָס האָט נאָך דער אינקוויזיציע איבערגעגעבן די באַשולדיקטע יידישע קרבנות דעם משפט פון סטאַראָסטע. אויף צוועלף יידן איז אויסגעפירט געוואָרן דער אורטייל פון ראַפינירטער טויט־עקזעקוציע. אויסטערליש צעקאַליעטשעטע קערפּערס פון די פאַרמשפטע האָט מען איבער דער שטאָט געשלעפּט אין אַ פייערלעכער פּראָצעסיע מיטן אָנטייל פון מיליטער, פּריצים און גלחים, און אין דער שפּיץ איז געגאַנגען דער בישאָף סאָלטיק. דער בישאָף האָט באַלד געלאָזט דרוקן אַ בראָשורע מיט דער באַשרייבונג פון ריטועלן מאָרד און זי פונאַנדערגעשיקט צו גראָד־געריכטן און שטאָט־מאַגיסטראַטן אין אַלע געגענטן פון פּוילן.

דער בישאָף פון לויצק, אַנטאָן וואָלאָוויטש, האָט זיך מתקנא געווען אָן זיין קאָלעגע סאָלטיק . . . אין יאָר 1756 איז אַראַנזשירט געוואָרן אַן עלילת־דם אין יאַמפּאָל (אין דער געגנט פון לויצק) לויט דעם זעלבן שרעקלעכן פאַרנעם ווי אין זשיטאָמיר, נישט מער, וואָס די בלוטיקע מעשים תעתועים פון די גלחים זיינען אין דעם פאַל געווען נאָך דורכזיכטיקער. צוויי מאָל זיינען די באַשולדיקטע יידן באַפרייט געוואָרן פון יעדער שולד, סיי דורך דעם משפט פון דער שטאָט קרעמעניעץ, סיי דורך דעם פּריצישן משפט פון פירשט מיכאַל קאַזימיר ראַדזשיווויל. דעמאָלט האָט זיך אַריינגעמישט דער בישאָף פון לויצק וואָלאָוויטש און אויסגעפועלט ביים פירשט אַ נייעם משפט. פופצן יידן זיינען אַריינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה און געפייניקט געוואָרן מיט אויסטערלישע עינויים. צוויי פון די מאַרטירער זיינען געשטאָרבן פון די פייניקונגען. דער משפט האָט זיך פאַרצויגן ביז צו דער אינטערווענץ פון פּויפּסט אין יאָר 1763. דערווייל האָט זיך אָבער די פינצטערע אַרבעט פון די גלחים נישט אָפּגעשטעלט: אין יאָר 1759 האָט מען זעקס יידן אין פרזשעמישל אָפּגעהאַקט די קעפּ צוליב אַ בלוט־בילבול אין דאָרף סטופּניצע, אינסצעניזירט דורך די יעזואיטן. אין יאָר 1760 זיינען יידן אין דער גראָדנער געגנט באַשולדיקט געוואָרן אין דערמאָרדן אַ פּריץ און אַ גלח. פינף יידן זיינען דערפאַר באַלד פאַרמשפט געוואָרן צו ראַפינירטע מיתות און עטלעכע יידן וואָס זיינען אַנטלאָפן, האָט מען שפּעטער געכאַפּט און אומגעבראַכט אויף דעם זעלבן אויסטערלישן אופן. אין יאָר 1761 זיינען עטלעכע יידן אין שטעטל וואויסלאַוויץ (כעלמער געגנט) צווישן זיי צוויי רבנים און צוויי פרנסים אומגעקומען פון דער האַנט פון תלין צוליב אַן עלילת־דם. אין

יאָר 1763 איז פאָרגעקומען אַן עלילת־דם אין קאָליש.

פונקט ווי אין דער שפּאַנישער אינקוויזיציע האָט אויך אין דער עלילת־דם־אינקוויזיציע אין פוילן אַחוץ דעם הויפּט־ציל אונטערצוהעצן דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם פון די מאַסן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע די געלט־תאווה פון קלער. מיט דעם שרעק־בילד פון עלילת־דם האָבן יעזואיטן און אַנדערע מאָנאַכן און גלחים אין משך פון אָנדערטהאַלבן הונדערט יאָר אויסגעפּרעסט ריזיקע סומעס געלט, סיי אין מזומן, סיי אין שולד־בריוו פון די טעראָריזירטע יידישע קהילות. די הינטערקוליסן פון די מאָנסטער־פּראָצעסן אין זשיטאָמיר און יאַמפּאָל אַנטפּלעקן אָבער אויך פון דער זעלבער זייט דעם פּרצוף פון די „הויכווירדיקע" פּוילישע בישאָפן. דער הויפּט־פאַרברעכער פון דעם בלוטיקן יאַמפּאָלער פּראָצעס, דער לויצקער בישאָף וואָלאָוויטש, האָט אויסגעפּרעסט הונדערטער דוקאַטן ביי פרעמדע יידן, וואָס זיינען פאַרבייגעפאָרן די געגנט פון יאַמפּאָל און נישט געקוקט אויף דעם שאַנטאַזש, האָט ער אַ טייל פון זיי פאַרמישט אין דעם בלוט־בילבול. דער תלין פון זשיטאָמירער בלוט־בילבול, דער קיעווער בישאָף סאָלטיק, האָט געשמט אין גאַנץ פוילן אַלס קאָרטנשפּילער און אויסברענגער. ערב דעם זשיטאָמירער פּראָצעס זיינען זיינע חובות געשאַצט געוואָרן אויף 200 טויזנט דוקאַטן, בעת זיין יערלעכע הכנסה האָט נעבעך נישט באַטראָפן מער ווי 45 טויזנט גילדן. צוויי דענישע מיניסטאָרן, וואָס זיינען אין יענער צייט נאָכאַנאַנד געווען אַמבאַסאַדאָרן אין וואַרשע, האָבן אין די באַריכטן צו זייער רעגירונג אָנגעגעבן אַן אידענטישע כאַראַקטעריסטיק וועגן דעם בישאָף סאָלטיק. זיי האָבן ביידע דערקלערט, אַז דער קיעווער בישאָף האָט אויסגעפונען אַן אופן צו דעקן זיינע חובות דורך אינסצעניזירן עלילת־דם און כישוף־פּראָצעסן און ירשנען די פאַרמעגנס פון די יידן און „מכשפות", וואָס ער האָט פאַרברענט אויפן שייטערהויפן. דער רוימישער קאַרדינאַל גאַנגאַנעלי, דער שפּעטערדיקער פּויפּסט קלעמענס דער XIVטער, האָט געשריבן בפירוש וועגן עלילת־דם אין פוילן, אַז ער האַלט נישט פאַר נויטיק זיך אָפּצושטעלן אויף דעם באַריכט פון בישאָף סאָלטיק, „ווייל פון זיינע ווערטער קריכט אַרויס זיין פאַרשאָלטענע געלט־תאווה"...

האַרצרייסנדיק קלינגען נאָך היינט אין די אויערן די וויי־געשרייען פון די אומשולדיקע קרבנות פון דער קאַטוילישער אינקוויזיציע אין פוילן אין 18טן י״ה. אָט זיינען פראַגמענטן פון די פאַרפּראָטאָקאָלירטע הודאות פון אייזיק בן מאיר פון סטופּניצע, וועלכע מען האָט אַרויסבאַקומען דורך „געברענטע און געבראָטענע צרות", דורך אויסרייסן די גלידער פון די געלענקן, דורך ברענען דעם קערפּער צוערשט מיט פלאַמענדיקע שטורקאַצן און דערנאָך מיט גליענדיק אייזן:

„איך בין נישט געמיין, איך האָב אַליין נישט געהרגעט און איך ווייס נישט, ווער עס האָט אים געהרגעט, פון וואַנען זאָל איך וויסן, אוי ווי מיר, אוי וויי מיר געשען... אוי, פאַרוואָס האָט מיך אַ דונער נישט געטראָפן! אוי מאַמעלע!... אוי! אוי! איך האָב דאָס קינד נישט געכאַפּט, אוי, אוי, איך ווייס נישט! — אוי וויי! איך ווייס נישט ווער עס האָט עס געהרגעט, איך ווייס נישט, איך קום אום, איך קום אום! האָט מורא פאַר גאָט! ווער עס האָט עס דערשטאָכן ווייס איך נישט. איך האָב נישט געזען, טאַטעניו מיינער ליבער!... איך ווייס נישט, איך ווייס נישט, טאַטעניו איך ווייס נישט, געוואַלט איך ווייס נישט! איך רוף נישט קיינעם (צום משפט), קיינער האָט נישט צוגערעדט, אוי וויי! איך ווייס נישט! איך ווייס נישט!"...

אין אָנבליק פון די אויסטערלישע רדיפות מצד דער קירך און מאָנאַכן־אָרדנס האָבן יידן אין פוילן נאָך אין 17טן י״ה זיך משתדל געווען ביי די העכסטע קירכלעכע אינסטאַנצן אין רוים וועגן שוץ פאַר זייערע לעבנס. אַרום יאָר 1655 האָט יעקב בן נפתלי פון גנעזן זיך געלאָזט אין וועג אַריין, כדי זיך משתדל צו זיין ביים פּויפּסט, אינאָצענטיוס דעם 10טן, וועגן אַ כתב קעגן אַן עלילת־דם אין גרויספוילן. ס'איז אָבער נישט באַקאַנט, צי ער איז צוגעלאָזט געוואָרן צום פּויפּסט און צי ער איז בכלל דערפאָרן קיין רוים. נאָך דעם שרעקלעכן משפט איבער מתתיהו קאַלאהאָראַ פון קראָקע אין יאָר 1663, האָבן יידישע קהילות אין פוילן אויסגעפועלט אין יאָר 1664 ביים מאַגיסטער פון די דאָמיניקאַנער אין רוים אַ בריוו צו די פּוילישע דאָמיניקאַנער, זיי זאָלן מאַכן אַ סוף צו דער גיפטיקער העץ־אַגיטאַציע קעגן יידן. אין יאָר 1680 האָט אַדאַנק דעם השתדלות פון יידישע קהילות דער גענעראַל פון די קאַרמעליטן אין רוים אַרויסגעשיקט אַ שריפט צום פּראָווינציאַל פון זיין אָרדן אין פוילן, וואו ער האָט פאַראורטיילט די פּראָצעסן וועגן ריטועלן מאָרד און וועגן שענדן די האָסטיע.

אין דער מיט פון 18טן י״ה, ווען עס האָט געבושעוועט אין פוילן די מוראדיקע כוואַליע פון עלילת־דם, האָט אין רוים געהערשט אַ טיפע רעאַקציע: עטלעכע פּויפּסטן נאָכאַנאַנד האָבן פאַרשאַרפט די גזירות קעגן יידן אין דער קירכלעכער מלוכה. פּויפּסט בענעדיקט דעם 14טער האָט זיך גענומען אויך צו פּוילישע יידן. אין זיין „פּאַסטוך־בריוו" פון יוני 1751 האָט ער גערופן די פּוילישע בישאָפן אָפּצוהיטן די אַלטע קירכלעכע באַגרענצונגען פון יידן, אַרויסשטויסן יידן פון האַנדל און אַרענדע און אָפּטיילן זיי אין באַזונדערע שטאָט־געטאָס. דערביי האָט ער דרך־אגב געמאַכט בלויז איין באַוואָרעניש, אַז מען טאָר יידן נישט

הרגענען... די פוילישע בישאָפן, באַזונדערס די בישאָפן פון די מזרח־דיעצעזיעס כעלם, לויצק און קיעוו, האָבן באַקומען אַ נייעם אימפעט צו פאַרביטערן יידן דאָס לעבן דורך שווערע גזירות און רדיפות. יידן פון די דאָזיקע געביטן האָבן אין זייער פאַרצווייפלונג זיך געווענדט מיט אַ פעטיציע צום זעלבן פויפסט, וואָס האָט דערמוטיקט בישאָפן צו גזירות... דער פויפסט האָט געהייסן זיין נונציוס אין פוילן, ער זאָל דעם ענין באַטראַכטן. נישט געקוקט דערויף, וואָס דער נונציוס האָט אינטערווענירט ביים לויצקער בישאָף קאָביעלסקי לטובת די גערודפטע יידן, האָבן די גזירות נישט נאָר נישט אויפגעהערט, נאָר עס זיינען נאָך צוגעקומען נייע מאָנסטער־בילבולים אין זשיטאָמיר און אין יאַמפּאָל. בעת דעם זשיטאָמירער פראָצעס אין יאָר 1753 האָט דער וועד ארבע ארצות נאָך אַלץ נישט געקאָנט ביי זיך פועלן וועגן אַן אינטערווענץ ביים פויפסט. אַחוץ דעם וואָס דער וועד איז געווען פאַרזונקען אין חובות און צעפרעסן פון דעזאָרגאַניזאַציע, האָט ער מן הסתם אויך נישט געהאַט קיין אמונה, אַז די גרויסע הוצאה, מיט וועלכער עס איז געווען פאַרבונדן דאָס דעלעגירן אַ שליח קיין רוים, וועט האָבן אַ פעולה. דער בלוט־בילבול אין יאַמפּאָל האָט אַזוי אויפגערודערט די יידישע באַפעלקערונג אין לאַנד, געוואָרפן אויף איר אַזאַ פחד, אַז דער וועד ארבע ארצות האָט זיך אַנטשלאָסן אונטערצונעמען אַן אינטערווענץ אין נאָמען פון אַלע פוילישע יידן ביים יידן־פיינטלעכן פויפסט אַליין:

אויף דער זיצונג פון וועד ארבע ארצות, וואָס איז פאָרגעקומען אין האַרבסט 1756 אין אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו, איז געקומען אַ ייד פון יאַמפּאָל, אליקים בן אשר זעליג *), וואָס האָט באַוויזן זיך אַרויסצוראַטעווען פון דער תפיסה און איבערגעגעבן די פאַרזאַמלטע די שוידערלעכע פרטים פון פראָצעס. דער זעלבער אליקים איז דורך דעם וועד דעלעגירט געוואָרן קיין רוים. מיט דער הילף פון איטאַליענישע יידן האָט ער באַקומען אַ צוטריט צום פויפסט און אין יאָר 1758 האָט דער פויפסט באַפוילן דעם קאַרדינאַל גאַנגאַנעלי אויסצואַרבעטן אַ מעמאָראַנדום וועגן דעם דאָזיקן ענין. דער קאַרדינאַל גאַנגאַנעלי איז געווען איינער פון די אויפגעקלערטסטע אָנפירער פון דער קאַטולישער קירך אין יענער צייט; שפעטער אין יאָר 1773, ווען ער איז געווען פויפסט (אונטערן נאָמען קלעמענס דער 14טער) האָט ער אויפגעלייזט דעם יעזואיטן־אָרדן און פאַרלייכטערט די לאַגע פון די יידן אין רוים דורך אַ רייע תקנות. גאַנגאַנעלי האָט אין זיין מעמאָראַנדום באַצייכנט עלילת־דם אויף יידן ווי בילבול פון זעלבן מין ווי די בלוט־בילבולים פון די רוימער אויף די ערשטע קריסטן. ער האָט זיך פאַררופן אויף די בולעס פון מיטלאַלטערלעכע פויפסטן, בפרט פון פויפסט אינאָצענטיוס דעם 4טן, וואָס האָט אין יאָר 1247 געשטעמפּלט די עלילת־דם ווי אַ מיטל אויסצופרעסן געלט ביי יידן. דאָס מעמאָראַנדום איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם נייעם פויפסט, קלעמענס דעם 13טן אין אָנהויב 1760. דער פויפסט האָט זיך אָבער באַגנוגנט מיט אַ מעלדונג צו זיין נונציוס אין פוילן, אַז ער גרייט צו אַ בולע וועגן ענין עלילת־דם און דערווייל געהייסן באַשיצן דעם שליח אליקים קעגן אַקטן פון נקמה פאַר זיין שליחות.

דער פוילישער קלער און בפרט די קאָמפּראָמיטירטע בישאָפן האָבן דערווייל זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט, כדי צו דערגרייכן, אַז דער ענדגילטיקער דעקרעט פון פויפסט זאָל זיין אין זייער גייסט, זיי האָבן אינסצעניזירט אַן עלילת־דם אין פרזשעמישל, גראָדנע און וואויסלאָוויץ, כדי צו האָבן נייע „באַווייזן” פאַר דער זאמתדיקייט פון זייער בילבול. קודם־כל האָבן זיי אָבער אויסגענוצט פאַר זייערע צוועקן די ניי־אויפגעקומענע באַוועגונג פון די פראַנקיסטן. בעת אין וויכוח אין קאַמעניעץ פאָדאָלסקי אין יאָר 1757 איז נאָך נישט געווען די רייד וועגן עלילת־דם, איז אין לעמבערגער יויכוח מיט די פראַנקיסטן אין יאָר 1759 איינער פון די וויכטיקסטע פונקטן געווען די טעזע, אַז דער תלמוד הייסט באַנוצן קריסטלעך בלוט. די פוילישע גלחים האָבן אָבער נישט געקענט מעיז פנים זיין קעגן פויפסט און דערפאַר האָבן זיי צום סוף פון וויכוח געמאָלדן, אַז בנוגע אַלע טעזן האָבן די פראַנקיסטן מנצח געווען, נאָר די 1טע טעזע וועגן עלילת־דם דאַרף נאָך אויפגעקלערט ווערן דורך אַן אויטאָראַטיוון באַשלוס פון דער קירך. נאָך אַ נייעם השתדלות פון פוילישע יידן האָט דער פויפסט קלעמענס דעם 13טער סוף־כל־סוף אין אָנהויב יאָר 1763 געהייסן זיין נונציוס אין פוילן מעלדן זיין באַשלוס וועגן עלילת־דם: „די הייליקע שטול האָט אויסגעפאָרשט אַלע באַגרינדונגען, אויף וועלכע עס שטיצט זיך די מיינונג, אַז יידן באַדאַרפן בלוט אויף מצות און דערפאַר באַגייען זיי מאָרדן פון קריסטלעכע קינדער — — — און איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז עס זיינען נישטאָ קיין גענוג קלאָרע און זיכערע באַווייזן — — — פאַר דעם דאָזיקן פאָראורטייל קעגן זיי — — — און דערפאַר דאַרף מען אין פאַל פון אַזעלכע באַשולדיקונגען נישט שטיצן דעם משפט אויף די דאָזיקע באַגרינדונגען, נאָר אויף לעגאַלע באַווייזן, וואָס קענען האָבן אַ שייכות צום ענין און פעסטשטעלן דאָס פאַרברעכן, אין וועלכן מען באַשולדיקט זיי”.

דער דאָזיקער זייער געוואָרנט פאָרמולירטער בריוו פון פויפסט איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם קיניג אויגוסט דעם דריטן. נישט ווייניקער ווי די אַקציע פון פויפסט האָט אָבער געווירקט דער פאַקט,

---

*) אין אָפיציעלע דאָקומענטן פלעגט מען אים רופן יעקב זעליג, אָדער, פאַרגרייזט, יעקב יעלעק.

וואָס מיטן טויט פון קיניג אויגוסט דעם 3טן אין דעם זעלבן יאָר האָט אין פוילן אָנגעהויבן אַריינצודרינגען די אייראָפּעאישע אויפקלערונג. אונטער דער הערשאַפט פון לעצטן פוילישן קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי, זיינען אין פוילן עלילת־דם־פּראָצעסן שוין געווען אַ זעלטנקייט *), פונקט ווי עס זיינען פאַרשוואונדן די מכשפות־פּראָצעסן און עס איז געזעצלעך בטל געוואָרן דאָס אָנווענדן פּייניקונגען בעת דער געריכטלעכער אויספאָרשונג. אויף אַלע אַנדערע געביטן האָט זיך אָבער די רעכטלאָזיקייט פון יידן אין פוילן ווייניק וואָס געביטן אפילו אין דער דאָזיקער תקופה פון די ערשטע רעפאָרמען.

אין דער זעלבער צייט פון פינצטערער רעאַקציע, ווען די שטאָט־מאַגיסטראַטן, גלחים און יעזואיטן האָבן געפּייניקט די יידן אין פוילן מיט פּאָגראָמען און עלילת־דם, האָט זיך אויך געוואַלטיק פאַרשטאַרקט די אונטערדריקונג דורך דער הערשנדיקער שלאַכטע.

די שלאַכטע, אין כלל גענומען, איז אין דער דאָזיקער תקופה נאָך מער איידער פריער געווען פאַראינטערעסירט אין דעם עקאָנאָמישן קיום פון יידן. די מאַגנאַטן האָבן געצויגן ריזיקע רווחים פון די יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין זייערע פּריוואַטע שטעט און אין זייערע יורידיקעס אין די קיניגלעכע שטעט. אָן דעם יידישן אַרענדאַר און קרעטשמער האָט נישט געקענט אויסקומען אפילו דער מיטעלער און קליינער שלאַכטשיץ. די שלאַכטע ווי אַ הערשנדיקער שטאַנד האָט אויך געמוזט אָנערקענען די אַלץ מער וואַקסנדיקע ראָלע פון יידן אין האַנדל און האַנטווערק אין לאַנד.

צו די אַלע מאָמענטן איז נאָך אין דער דאָזיקער תקופה צוגעקומען דער פאַקט, וואָס די שלאַכטע האָט אינוועסטירט ריזיקע קאַפּיטאַלן אין הלוואות פאַר יידישע קהילות און עס איז געלעגן אין איר אינטערעס ווי קרעדיטאָרן, אַז יידן זאָלן האָבן עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן די הלוואות אָפּצוצאָלן. די עקאָנאָמישע פאַראינטערעסירונג אין יידן האָבן די פאָרשטייער פון דער שלאַכטע אָפן דעקלאַרירט ביי יעדער געלעגנהייט. אין יאָר 1720 האָבן דעפּוטאַטן פון דער שלאַכטע אויף דער זיצונג פון סיים לויט אַן אינסטרוקציע פון זייערע ווייַלער פאָרגעוואָרפן די גלחים, אַז דורך זייערע רדיפות אויף יידן שעדיקן זיי סיי דעם האַנדל פון לאַנד און סיי די אינטערעסן פון די פּריצים: „די גיטער און פּריוואַטע שטעט מוזן איבערלעבן אַ ירידה דערפאַר, וואָס אַ טייל מענטשן (געמיינט די גלחים — ר. מ.) פּייניקן יידן מיט רדיפות, אונטער כל המינים תירוצים, גיכער צוליב ריווח, איידער צוליב (רעליגיעזן) אייפער, פאַרטרייבן זיי פון שטעט און דורכדעם מאַכן זיי אויסטערליש חרוב דעם האַנדל״. אין יאָר 1744 האָט די שלאַכטע פון רייסן אויפן סיימיק אין ווישניע זיך באַקלאָגט אויף די גלחים, אַז זיי לייגן אַרויף גרויסע אָפּצאָלן אויף די קהילות, חתמענען די שולן, קרעטשמעס און געוועלבער „און דורכדעם פאַלן אונזערע אַרענדעס״. אויפן סיים פון יאָר 1740 האָט דער דעפּוטאַט מיראָסלאַווסקי דערקלערט קלאָר און אָפן, אַז יידן ווערן טאָלערירט אין לאַנד נאָר דערפאַר, ווייל קיינער וויל נישט אָנווערן די געלטער, וואָס ער האָט זיי געבאָרגט. די יידן — האָט ער ווייטער אויסגעפירט — האָבן זיך בעסער אַן עצה געגעבן ווי די אַריאַנער, וואָס האָבן אַליין אויסגעבאָרגט די קאַטאָליקן גרויסע סומעס און דערפאַר איז גרינג אָנגעקומען דער הסכם וועגן פאַרטרייבן זיי״ *). אין יאָר 1741 האָט דער ווילנער וואָיעוואָדע ווישניאָוועצקי פאַרבאָטן די מיעשטשאַנעס אָנצופאַלן אויף יידן, ווייל דורכדעם שעדיקן זיי די קיניגלעכע פינאַנצן און די קריסטלעכע קרעדיטאָרן. צו דעם זעלבן ווישניאָוויעצקי האָט געשריבן דער קאַנצלער יאַן סאַפּיעהאַ, אַז די חובות, וואָס יידן זיינען שולדיק די קלויסטערס און וועלטלעכע קריסטן (שלאַכטע) זיינען אַ וויכטיקער גרונט צו באַשליסן אויפן סיים, אַז יידן מעגן וואוינען אין ווילנע. אין יאָר 1744 האָט דער לעמבערגער פאָדוואָיעוואָדע אין זיין משפט צווישן דער שטאָט און יידן וועגן האַנדלס־רעכט זיך פאַרענטפערט, אַז ער קען נישט באַגרעניצן די יידן מער, ווי אין האַנדל מיט טוך דערפאַר, וואָס זיי זיינען באַלדאָן מיט גרויסע חובות. אין יאָר 1746 האָט איינער פון די מאַגנאַטן, אונטערשטיצט פון דער מערהייט פון דער שלאַכטע, זיך אַרויסגעזאָגט אין סיים קעגן פּראָיעקט וועגן פאַרוואַנדלען יידן אין לייב־אייגענע „ווייל מיר וואָלטן דערנאָך קיין אַרענדאַרן נישט באַקומען״. ווען דער קראָקעווער מאַגיסטראַט האָט אין יאָר 1761 קאָנפיסקירט יידישע סחורות, האָט

*) אין יאָר 1764 איז פאַרפירט געוואָרן אַ בלוט־בילבול פּראָצעס קעגן יידן אין אַ שטעטל ביי דיסנע, יידן האָבן אָבער באַוויזן זייער אומשולד. אין יאָר 1779 איז נאָך פאַרפירט געוואָרן אַ פּראָצעס אין שייכות מיטן אַן עלילת־דם אין קרזשאַנאָוו, וואו דער קיניג האָט אינטערווענירט לטובת די באַשולדיקטע יידן, אָבער דער רעזולטאַט איז נישט באַקאַנט. אין יאָר 1787 איז אויסגעבראָכן אַ בלוט־בילבול אין עלקיש. איין ייד איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און די פּרנסים פון קהילה זיינען באַפרייט געוואָרן אַדאַנק דעם קיניג. אין יאָר 1790 האָט זיך איינגעגעבן די בלוט־גיריקע גלחים אין גראָדנע צו פאַרמשפּטן אַ ייד צום טויט צוליב אַן עלילת־דם, נישט געקוקט אויף דער קעגנערשאַפט פון קיניג. אַנדערע אויסטערלישע בילבולים האָבן נאָך אין דער דאָזיקער תקופה געקאָסט יידן גרויסע קרבנות. לויט אַ באַריכט פון אַן אַנטיסעמיטישער בראָשורע פון יענער צייט („דער פּוילישער שפּיגל״) זיינען אין יאָר 1766 בערך הונדערט יידן אין דער געגנט פון טראָק און לידע פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אונטער דער באַשולדיקונג, אַז זיי האָבן אויסגעפירט מאָרד־אָנפאַלן אויף קריסטן.

*) ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט מען די אַריאַנער פאַרטריבן פון פוילן אין יאָר 1658.

דער וואָיעוואָדע געהייסן אומקערן די סחורות און באַ־צאָלן אַנטשעדיקונג, מיט אַזאַ מאָטיוו: ער האַלט פאַר זיין חוב צו באַשיצן דאָס לעבן און דאָס פאַרמעגן פון יידן, צוליב דער זיכערקייט פון די גרויסע שטייערן וואָס זיי צאָלן, אַחוץ מיליאָנען וואָס זיי צאָלן פאַכט־צינזן, און דאָס אַלץ ברענגען זיי אַריין דורך דעם האַנדל.

אין זין פון די דאָזיקע אָפּן דעקלאַרירטע אינ־טערעסן האָט טאַקע די שלאַכטע אָנגענומען אָפטע באַשלוסן אין סיים לטובת יידן. אין יאָר 1676 האָט דער סיים באַשלאָסן, אַז יידן מעגן בויען הייזער אויף פוסטע פלעצער אין נייסאַנץ; אין יאָר 1678 האָט דער סיים אָנערקענט, אַז די יידן אין מאָהילעוו האָבן צוגעהאָלפן צו דער באַפעסטיקונג פון דער שטאָט און האָט באַשטעטיקט זייערע פריווילעגיעס. דער סיים האָט אָפט אָנגענומען באַשלוסן וועגן באַ־שטראָפן די סטודענטן און אַנדערע שולדיקע אין „מהומות" („טומולטן") אויף יידן (1676, 1678, 1690). דער סיים פלעגט באַשטימען אַ מאָראַטאָריום אויף חובות און אַ הנחה אין שטייערן די קהילות וואָס האָבן געליטן צוליב שרפות, מגפות, רויב־אָנפאַלן, אָדער אַנדערע אומגליקן (קראָקע, פּרזשעמישל, 1678; פינסק, 1764; לאָבזעניץ, ליסק, 1768). אין יאָר 1678 האָט דער סיים באַשטעטיקט די רעכט פון ליטווישע יידן, באַזונדערס זייער פּריווילעגיע, אַז זיי טאָרן נישט געמשפּט ווערן דורך די שטאָט־גע־ריכטן, נאָר דורך די וואָיעוואָדעס און סטאַראָסטעס.

אין 17טן און 18טן י"ה איז אָבער דער אינ־טערעס פון דער שלאַכטע אין באַשיצן יידן נאָך מער ווי אין דער פאָריקער תקופה געווען באַגרענעצט דורך אַנדערע, קעגנזעצלעכע פאַקטאָרן. אין דער מאָס, ווי עס איז געשטיגן דער רעליגיעזער פאַנאַ־טיזם און אומטאָלעראַנץ פון דער שלאַכטע, איז זי אַלץ מער געווען גענייגט אַנטקעגנצוקומען די גלהים אין פרט פון געוויסע גזירות אויף יידן. אויף דער פאַקט וואָס די סאָציאַלע דיפערענצירונג פון דער שלאַכטע האָט זיך אין דער דאָזיקער תקופה גע־וואַלטיק פאַרטיפט האָט שטאַרק משפיע געווען די דעבאַטן און אפילו באַשלוסן פון סיים און סיימיקעס בנוגע יידן. די נ דעריקע שיכטן פון דער שלאַכטע, וואָס זיינען תמיד געווען אַנטאַגאָניסטיש געשטימט צו יידן, האָבן איצט, צוליב זייער שטייגנדיקער פאַר־אָרימונג, נאָך אָפטער ווי אַמאָל געלאָזט הערן זייער שטימע אין סיים און אויף די סיימיקעס קעגן יידי־שער אַרענדע פון מלוכהשע הכנסות און פון פּריי־צישע גיטער און אפילו קעגן יידישער שענקערייי און האַנדל. די פאָרשטייער פון די פאַראָרימטע שיכטן פון דער שלאַכטע האָבן אפילו פון צייט־צו־צייט געשטיצט די פאָדערונגען פון מיעשטשאַנעס קעגן יידן. נישט בלויז, וואָס די דאָזיקע שיכטן פון דער שלאַכטע .האָבן נ שט געצויגן קיין דירעקטע



נוצן פון יידישן האַנדל, נאָר זיי פלעגן אַליין אַלץ אָפטער אין מאַנגל פון אַן אַנדערער פרנסה זיך נע־מען צו האַנדל, בפרט אין די מערב־געגנטן פון פוילן, ווי גרויספוילן, פּאָמערן, און אין מאַזאָוויע, וואו דער רוב שלאַכטע איז באַשטאַנען פון באַזיצער פון קליינע נחלות. אין סך־הכל זיינען אין דער דאָ־זיקער תקופה באַשלוסן פון סיים און סיימיקעס וועגן באַגרענעצונגען פון יידישע רעכט אַ סך אָפטער, איי־דער אין דער תקופה פאַר גזירות ת"ח:

אין יאָר 1670 האָט דער סיים איבערגעחזרט די אַלטע געזעצן וועגן פאַרבאָט פאַר יידן צו האַלטן קריסטלעכע משרתים; דער דאָזיקער באַשלוס, וואָס איז פונקט ווי פריער געווען מאָטיווירט דורך דעם אינטערעס פון דער שלאַכטע אין דער אַרבעטס־קראַפט פון לייב־אייגענע פּויערים און פּויערטעס, וואָס פלעגן זיך פאַרדינגען ביי יידן אַלס משרתים, איז אָבער אין יאָר 1678 און 1690 מאָדיפיצירט גע־וואָרן דורך דער הנחה, אַז יידן מעגן יאָ באַשעפ־טיקן קריסטלעכע געהילפן אין ברויי־הייזער און מאַלץ־הייזער, ווי אויך פורמאַנס. דאָ איז געקומען צום אויסדרוק דער אינטערעס פון דער שלאַכטע אין יידישן האַנדל און אַרענדע. אויף דעם זעלבן סיים איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יידישע מלווים טאָרן נישט נעמען מער ווי 20 פּראָצענט צינזן פון קאַפּיטאַל. אַ בפירושע הנחה פאַר דעם אַלץ מער איינפלוסרייכן קלער איז דער באַשלוס פון זעלבן סיים, אַז יידן זאָלן בעת קאַטוילישע פּראָצעסיעס נישט אַרויסגיין פון דער שטוב און זאָלן אַוועקגיין אָן אַ זייט בעת דער גלח גייט פאַרביי מיט דעם סאַקראַמענט. אין יאָר 1676 האָט דער סיים באַשלאָסן, אַז יידן אין לעמבערג טאָרן נישט פירן קיין אַנדערן האַנדל, ווי נאָר דעם, וואָס איז זיי דערלויבט לויט די אָפּמאַכן מיט דער שטאָט. וואָס שייך פליכטן פון יידן, אַלס איינוואוינער פון דער שטאָט, האָט דער סיים יאָ געהאַלטן פאַר נויטיק צו באַשטימען, אַז יידן זיינען מחוייב לויטן אַלטן מנהג „צו העלפן ביי די קאַנאָנען (וואָס זיינען אויפגעשטעלט) אויף די מויערן" פון לעמבערג. אין יאָר 1678 האָט דער סיים אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן ליטע, אַז יידן און טאָטערן טאָרן נישט פאַכטן קיין צאָל, מויט און קיין שום אַנדערע עפנטלעכע הכנסות, זיי טאָרן אויך נישט אַרענדירן קיין קיניגלעכע גיטער. אין יאָר 1690 זיינען די דאָזיקע געזעצן איבערגעחזרט געוואָרן אין אַ נייעם סיים־באַשלוס; דער סיים אין יענעם יאָר האָט אויך באַשטעטיקט דעם פאַרבאָט פאַר יידן צו וואוינען אין קאַמיענעץ פּאָדאָלסק.

אין דער ערשטער העלפט פון 18טן י"ה פלעגן די סיימען זעלטן קענען אָננעמען באַשלוסן צוליב דעם, וואָס זיי זיינען אויפגעריסן געוואָרן. די דע־באַטעס אויף די דאָזיקע סיימען באַווייזן אָבער אַ

גוואַלטיקן וואוקס פון אַנטי־יידישע טענדענצן ביי דער שלאַכטע, בפרט ביי די פּאָרשטייער פון אירע נידעריקערע שיכטן. אין יאָר 1738 האָבן ליטווישע דע־פּוטאַטן געפּאָדערט מען זאָל פאַרווערן יידן צו אַרענ־דירן פּריצישע גיטער און פאַרגוואַרפן די פירשטן ראַדזשיווילס, אַז זייערע יידישע אַדמיניסטראַטאָרן „אונטערדריקן די ריטער" (ד״ה די שלאַכטע) אין וואַרפן אַרויס (שלאַכצעקע) פאַכטער פון זייערע גי־טער. די זעלבע פראַגע איז שטאַרק דעבאַטירט גע־וואָרן אויפן סיים אין יאָר 1740. אויף דעם זעלבן סיים, ווי או ך אויף די סיימען אין די יאָרן, 1746, 1748, האָט אַ טייל פון דער שלאַכטע עקשנותדיק גע־פּאָדערט, אַז יידן זאָלן באַטראַכט ווערן פאַר לייב־איי־גענע און פונקט ווי פויערים נישט טאָרן פאַרלאָזן זייערע וואוין־ערטער. דערביי איז אָנגעגעבן גע־וואָרן דער מאָטיוו, אַז אין דעם פאַל וועט די מלוכה זיין זיכער מיט יידישע שטייערן און די שלאַכטע מיט די חובות, וואָס זי האָט אָפּצונעמען ביי די קהילות. אין יאָר 1746 האָט דער סיים איינשטימיק באַשלאָסן, אַז יידן טאָרן נישט האַנדלען מיט קיין תבואה, בהמות און פערד, ד״ה אַלץ סחורות וועלכע די שלאַכטע פלעגט עקספּאָרטירן פון אירע גיטער. דעפּוטאַטן פון דער קראָקעווער פראָווינץ האָבן אויף דעם זעלבן סיים זיך באַקלאָגט, אַז יידישע אַרענדאַרן פון קיניגלעכע און פּריצישע גיטער שעדיקן אַזוי ווייט די שלאַכטע, אַז זי קען זיך כמעט צו גאָר נישט דערשלאָגן. אין יאָר 1748 זיינען אַ טייל דעפּוטאַטן אויפן סיים אַרויס־געטראָטן קעגן די מאַגנאַטן און גלחים דערפאַר, וואָס זיי באַגינסטיקן יידן אין זייערע גיטער. דעפּוטאַטן פון גרויספּוילן האָבן זיך באַקלאָגט, אויף דעם זעלבן סיים, אַז „יידן האָבן פאַרכאַפּט דעם גאַנצן האַנדל און אַלע פרנסות". אַ טייל פון די דאָזיקע דעפּוטאַטן האָבן געפּאָדערט, מיט דער זעלבער כוונה צו באַגרענעצן דעם יידישן האַנדל, מען זאָל אונטער־דריקן יידן דורך גרויסע שטייערן און מאָנען פון זיי צוויי מאָל אַזוי פיל ווי פון קריסטן. אויף די אַלע סיימען איז אויך כסדר איבערגעחזרט געוואָרן דער פּראָיעקט וועגן אָפּשאַפן די יידישע צענטראַלע און פּראָווינציעלע אויטאָנאָמיע. די באַגרינדונג איז גע־ווען, אַז ביי אַן אינדיווידועלער ביישטייערונג פון יידן וועט די מלוכה קענען איינעמען אַ פילפאַכיק גרע־סערע סומע יידישע שטייערן און די שלאַכטע וועט ענדגילטיק אָפּנעמען אירע חובות ביי די קהילות.

נאָך אָפּטער, איידער די סיימען, פלעגן די סיי־מיקעס אין דער דאָזיקער תקופה אָננעמען באַשלוסן וועגן גזירות אויף יידן: אויף די סיימיקעס זאָבן על־פּי דין זיך באַטייליקט פערזענלעך אַלע שלאַכט־שיצעס פון דער פּראָווינץ און דערפאַר איז דאָרט די מיינונג פון דער קלענערער שלאַכטע גיכער גע־קומען צום אויסדרוק, איידער אויפן סיים.

אויך דאָרטן פלעגן זיך אַדורכוואַרפן פון צייט־צו־צייט באַשלוסן לטובת יידן. נאָך די אויסטערלי־שע פּאָגראָמען אויף יידן אין לעמבערג אין יאָר 1664, האָט דער סיימיק פון דער פּראָווינץ רייסן אין ווישניע און דער סיימיק אין העליטש געפּאָדערט צו באַ־שטראָפן די שולדיקע אין בלוט־באָד. די זעלבע סיי־מיקעס האָבן אויך אין יענער צייט אָנגענומען באַ־שלוסן וועגן פאַרלייכטערן די שטייער־לאַסט פון יידן אין דער רייסישער פּראָווינץ. די שלאַכטע פון הע־ליטשער פּאָוויאַט איז א ן די יאָרן 1683, 1688, 1689 אַרויסגעטראָטן קעגן העכערן דעם יידישן קאָפּ־שטייער און קעגן אַרויפלייגן אויף יידן אַנדערע שטייערן, אָנ־ווייזנדיק אויף דער גרויסער יידישער אָרימקייט. די רייסישע שלאַכטע אין ווישניע האָט אין 17טן י״ה אויף עטלעכע סיימיקעס איבערגעחזרט דעם באַשלוס צו פּאָדערן פון סיים מען זאָל באַשטראָפן פּריצים, וואָס פאַלן אָן אויף זייערע יידישע בעלי־חובות און טוען זיי אָן רציחות. אין יאָר 1764 האָט דאָס קאַפּ־טור־געריכט פון רייסן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג אין דעם זעלבן זין. אין יאָר 1662 האָט די רייסישע שלאַכטע אין ווישניע אין שייכות מיט דעם פאַל פון דער שטאָט קראָסנע באַשלאָסן, אַז יידן מעגן וואוי־נען אין אַלע שטעט, וואו עס איז נישטאָ קיין בפירושער פאַרבאָט. אין יאָר 1653 האָט די שלאַכטע אין ווישניע אָנגענומען אַ פּראָטעסט קעגן די אָר־מיאַנער סוחרים אין לעמבערג, וואָס שטערן יידן אין האַנדל מיט פוטערס און טערקישע סחורות און מאַכן אָן דורכדעם אַ יקרות. דער אינטערעס אין זיכערן זיך די חובות ביי יידישע קהילות פלעגן באַווענן אויך די סיימיקעס פון אַנדערע פּראָווינצן (בראַצלאַ־ווער סיימיק 1672, ווילנער סיימיק 1724), אָנצונע־מען באַשלוסן וועגן הנחות אין קאָפּ־שטייער פאַר די יידן פון זייער געגנט.

אין דער זעלבער צייט איבערוועגן אָבער אויף די סיימיקעס אַלץ שטאַרקער די באַשלוסן וועגן באַ־גרענעצונגען אויף יידן. דאָס פאָדערט די שלאַכטע קודם־כל בנוגע די געביטן, וואו יידן זיינען פאַר איר געווען אַ קאָנקורענץ. אין 17טן י״ה נעמט אָן די רייסישע שלאַכטע אין ווישניע און אין העליטש יעדע עטלעכע יאָר באַשלוסן קעגן יידישע אַרענדעס פון פּריצישע גיטער און פון צאָל און מויט. דער רייך־עקאָנאָמישער מאָטיוו איז בולט אין אַ רייע פון די דאָזיקע באַשלוסן, וואו די שלאַכטע באַקלאָגט זיך אויך אויף קריסטלעכע אַרענדאַרן פון שטאָטישן שטאַנד, אַרמיאַנער און אַנדערע „פלעבייער". או ך דער קיעווער סיימיק טרעט אַרויס צום סוף פון 17טן י״ה (1698) קעגן יידישע אַרענדעס. אין יאָר 1733 נעמט אָן אַזאַ באַשלוס דער סיימיק אין גראָדנע, אין די יאָרן 1718, 1744, 1764, דער סיימיק פון דער וואָיעוואָדשאַפט פּלאָצק. דער זעלבער סיימיק האָט

באַשלאָסן צו פאָדערן אַ פאַרבאָט פאַר יידן צו האַנדלען מיט וואַלד־סחורה, ד״ה האָלץ, פאָטאַזש אַד״גל. דער עקאָנאָמישער אינטערעס האָט אויך באַוואויגן די שלאַכטע כסדר איבערצוחזרן דעם פאַרבאָט פאַר יידן צו האַנדלען מיט וויין, פערד און אָקסן. די שלאַכטע נעמט זיך אָבער אויך אָן אַ סך אָפטער, ווי אין דער פריערדיקער תקופה, פאַר דער „עוולה״ פון די מיעשטשאַנעס. אַזעלכע באַשלוסן נעמט אָן די רייסישע שלאַכטע אין ווישניע אין די יאָרן 1664—1701 קעגן יידישע סוחרים, שענקער און בעלי־מלאכות, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט זייערע פרנסות צום שאָדן פון די מיעשטשאַנעס אין לעמבערג און אין פרזשעמישל. די שלאַכטע פאָדערט, אַז יידן זאָלן זיך האַלטן גענוי אָן די אָפמאַכן מיט די שטעט. אין יאָר 1741 באַשליסט די שלאַכטע אויפן סיימיק אין מאָהילעוו, אַז יידן זאָלן אַראָפנעמען זייערע קראָמען אויפן שלאָסבאַרג אין דער שטאָט. אין די זעלבע באַשלוסן באַוואָרנט אָבער די שלאַכטע געהעריק אירע אייגענע אינטערעסן אפילו צום שאָדן פון די מיעשטשאַנעס. אין יאָר 1696 באַשליסט דער סיימיק פון דער רייסישער שלאַכטע אין ווישניע, אַז אין די גאַסן וואָס געפינען זיך אין שכנות פון דעם יידישן קוואַרטאַל אין לעמבערג, מעגן שלאַכטשיצעס פאַרדינגען יידן געוועלבער, בלויז מיט דער באַוואָרעניש, מן הסתם „פון יוצא וועגן״ אַז יידן זאָלן אין די דאָזיקע געוועלבער נישט פירן אַזאַ האַנדל, וואָס שעדיקט די שטאָט...

וואָס שפעטער אין 18טן י״ה, אַלץ מער ווערט די שלאַכטע פאַרכאַפט פון קלעריקאַלן אַנטיסעמיטיזם, און עס הערן זיך אויף די סיימיקעס בפירוש פיינטלעכע שטימען קעגן יידן. אין יאָר 1764 באַשליסט דער סיימיק אין ווילנע, אַז יידן זאָלן ווערן געזעצלעך צוגעפעסטיקט צו זייערע וואוין־ערטער, כדי מען זאָל קענען זיי אַדורכציילן און אַרויפלייגן שטייער לויט דער צאָל קעפ. גלייכצייטיק פאָדערט דער סיימיק, אַז מען זאָל בכלל באַגרענעצן די צאָל יידן אין לאַנד, „ווייל זיי מערן זיך אַזוי, אַז באַלד וועלן זיי זיין גלייך מיט קריסטן לויט דער צאָל״. אין דער אַטמאָספערע פון אויסטערלישן רעליגיעזן האַס, וואָס עס האָט פאַרשפרייט די קירך אין שייכות מיט דעם פראַנקיסטן וויכוח אין לעמבערג, (1759), האָט דער סיימיק אין רייסן אין יאָר 1761 געגעבן אַזעלכע אינסטרוקציעס די דעפוטאַטן אויפן סיים: פאַרמאַכן אַלע יידישע דרוקערייען און חדרים און פאַרברענען אַלע העברעאישע און יידישע ספרים; יידן זאָלן נישט טאָרן זיך באַנוצן אין זייערע ביכער און אין דאַווענען מיט קיין אַנדערער שפראַך, ווי פויליש, אָדער לאַטיין; אין דער שול זאָלן תמיד ביים דאַווענען זיך געפינען צוויי גלחים אָדער דעלעגאַטן פון מאַגיסטראַט, וואָס זאָלן אַכטונג געבן, אַז יידן זאָלן אין זייערע תפילות נישט באַליידיקן דאָס קריסטנטום.

די האַרבסטע עקאָנאָמישע גזירות אויף יידן האָט געפאָדערט די שלאַכטע פון מאַזאָוויע, צוליב די טעמים, וואָס זיינען שוין דערמאָנט געוואָרן. דער סיימיק פון דאָברזשינער לאַנד פאָדערט נאָכאַנאַנד אין 1678 און 1699, מען זאָל די יידן פאַרטרייבן פון מאַזאָוויע. אין די יאָרן 1717 און 1718 האָט דאָס גראָד־אַמט פון טשעכאַנאָוו אַרויסגעגעבן דעקרעטן קעגן יידישן האַנדל און אַרענדעס. אין די יאָרן 1720, 1733, האָט די שלאַכטע פון וואַרשעווער לאַנד באַשלאָסן צו פאָדערן, אַז יידן זאָלן אַרויסגעשטויסן ווערן פון האַנדל און פון אַרענדעס. אין יאָר 1746 האָט די שלאַכטע אין מאַזאָוויע געפאָדערט, אַז מען זאָל באַוואָרענען דעם האַנדל און שענקעריי פון קאַטוילישע מיעשטשאַנעס און די שלאַכטע פון דאָברזשינער לאַנד האָט געפאָדערט מען זאָל יידן בכלל פאַרטרייבן פון די דערפער.

ווי ווייט דאָס פאַררופן זיך אויף רעליגיעזע אַרגומענטן האָט געדינט דער שלאַכטע צו באַגרינדן אירע ענגע עקאָנאָמישע אינטערעסן, באַווייזט קלאָר אַזאַ אינסטרוקציע פון בריסקער סיימיק אין יאָר 1669: די שלאַכטע האָט געפאָדערט מען זאָל אַרויפלייגן הויכע געלט־שטראָפן אויף יידן וואָס האַלטן קריסטלעכע אַרבעטער און דינסטן. דערביי איז געגעבן געוואָרן די באַגרינדונג, ערשטנס, אַז דאָס איז אַ „חילול השם״, און צווייטנס... אַז, די קריסטלעכע אַרבעטער גייען גיכער צו יידן, יאָגנדיק זיך נאָך אַ גרינג שטיקל ברויט און דערפון נעמט זיך אַ גרויסער מאַנגל אין אַרבעטער אין דאָרף. אַן ענלעכן באַשלוס האָט אָנגענומען דער רייסישער סיימיק אין ווישניע אין 1665, דער וואָלינער סיימיק אין יאָר 1680, דער סיימיק אין העליטש אין 1688.

שוין דער פאַקט אַליין, אַז די פאָדערונגען פון דער שלאַכטע וועגן פאַרשידענע אַנטי־יידישע געזעצן האָבן זיך כסדר איבערגעחזרט, באַווייזט, אַז אין דער פראַקטיק איז בדרך כלל אַלץ געבליבן ביים אַלטן. דער אינטערעס פון די מאַגנאַטן און פון דער מיטעלער שלאַכטע און בעיקר דער עקאָנאָמישער און מלוכה־אינטערעס פון דעם גאַנצן פריצישן שטאַנד האָט גובר געווען די שטאַרקע טענדענצן מצד דער קליינער, פאַראָרימטער שלאַכטע, צו באַגרענעצן די יידן אויפן עקאָנאָמישן געביט. אין סך־הכל, האָבן יידן אין פוילן אין 18טן י״ה אין אַ גרויסער מאָס געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם שוץ פון דער שלאַכטע דאָס, וואָס זיי האָבן בכלל געקאָנט האָבן אַ קיום.

מ׳ר האָבן שוין געזען, וואָס פאַר אַן אויסטערלישן פרייז פון גרענעצלאָזער עקספלאָאַטאַציע די שלאַכטע האָט גענומען פון יידישע קהילות פאַר דעם דאָזיקן מינימום שוץ. דער דאָזיקער שוץ איז על־פי

רוב נישט געגאַנגען ווייטער ווי די זיכערקייט פון לעבן און פון באַגרענעצטער עקאָנאָמישער טעטיקייט פון פריצעס „יידעלעך“, וואָס האָבן אים אַריינגעבראַכט ריווחים. אין אַ סך פאַלן איז אפילו דער דאָזיקער עלעמענטאַרער שוץ אויך נישט געגעבן געוואָרן פאַרן הויכן פרייז: נישט געקוקט דערויף, וואָס די קהילות האָבן געצאָלט רעגולער „קאָזובאַלעץ“ דער שלאַכטע, וואָס איז זיך צוזאַמענגעקומען אויף די סיימיקעס אָדער אויף די זיצונגען פון טריבונאַל, פלעגן ביי אַזעלכע געלעגנהייטן פאָרקומען רו ב־אָנפאַלן און אפילו בלוטיקע אָנפאַלן מצד די „אײדלע“ פריצים. אין יאָר 1759 האָט די שלאַכטע, וואָס איז זיך צוזאַמענגעקומען אויפן סיימיק אין בריסק, אונטער דער אָנפירונג פון איר מאַרשאַלעק זיך אַריינגעריסן אין דער שול, אַרויסגעיאָגט די מתפללים און מיט אויסגעצויגענע שווערדן באַפאַלן די יידישע הייזער. זיי האָבן זיך ערשט באַרואיקט נאָכדעם ווי זיי האָבן באַקומען אויסלייז־געלט... אין ווילנע זיינען אַזעלכע אָנפאַלן בעת סיימיקעס פאָרגעקומען אין יאָר 1756, 1765 און 1780.

די פריצים, וואָס האָבן געהאַט אָפצונעמען געלט ביי קהילות, פלעגן אָנווענדן די שווערסטע רעפרעסיעס ביים אויפמאָנען זייערע חובות. אין יאָר 1649 איז פאַרשריבן געוואָרן אין פנקס פון די כשרים אין פויזן, אַז די קהילה האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען כדי צו באַצאָלן דעם חוב פון 60 טויזנט גילדן די פריצים, כדי צו באַשיצן זיך, די פרויען און קינדער קעגן זייערע געוואַלט־מעשים. אין ווילנע פלעגן פאָרקומען פאַלן, וואו די פריצישע קרעדיטאָרן האָבן פאַר נישט באַצאָלן די חובות צו דער צייט אַריינגעזעצט אין תפיסה די פרויען און קינדער פון די ראשי הקהל. עס פלעגן אויך אומעטום פאָרקומען פאַלן, ווען די פריצים האָבן פאַרחתמעט די שול, דאָס שעכט־הויז און אפילו דעם בית־עולם, כדי צו צווינגען צו באַצאָלן זיי דעם חוב. ביי די דאָזיקע געלעגנהייטן פלעגן יידן אַרומרינגלען די שול און אַנטקעגנשטעלן זיך מיט כוח. אַ טייל פריצים פלעגן דערפאַר לאָזן אַריינשרייבן אין אָפמאַך וועגן חוב אַ בפירושן תנאי, אַז אין פאַל פון נישט האַלטן דעם טערמין טאָרן יידן נישט שטערן דעם פריץ צו פאַרנעמען די שול און אַנדערע אינסטיטוציעס... פריצים פלעגן אויך אָנפאַלן אויף יידן אויף ירידים און אויף די וועגן און צונעמען זייערע סחורות פאַר חובות. צוליב דעם דאָזיקן תקיפות פון פריצים פלעגן אָפט מיעשטשאַנעס איבערשרייבן אויף זיי די חובות, וואָס זיי האָבן געהאַט אָפצונעמען ביי יידן.

יידן וואָס האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין זיינען געווען אין איין מורא, זיי זאָלן חלילה נישט באַגעגענען אַ „פריץ“. יעדער פריץ האָט נעמלעך זיין שוץ באַגרענעצט בלויז צו זיינע „אייגענע“ יידן, „פרעמדע“ זיינען געווען אויף הפקר, בפרט אויב זיי האָבן נישט געהאַט קיין פריץ וואָס זאָל זיי באַשיצן. פריצים פלעגן נישט זעלטן זיך מאַכן „אַ שפיל“ און שיסן אַ ייד, וואָס זיי האָבן געטראָפן אויפן וועג. ביי אָרימע פריצים איז געווען אַ מנהג, אַז אויב אַ ייד איז פאַרבייגעפאָרן פלעגן זיי אים הייסן ער זאָל אַראָפטרייבן אַלע מיטפאָרער און זיי, די פריצים, אַרויפזעצן אויפן וואָגן. אויב אַ ייד האָט נאָר דערזען, אַז עס פאָרט אַ שלאַכטשיץ, פלעגט ער אַנטרייבן די פערד און אַנטלויפן (זכרונות פון קאַיעטאַן קאָזשמיאַן). יידישע אַרענדאַרן פלעגן באַקומען געשמיסן פון פאַרבייפאָרנדיקע פריצים דערפאַר, וואָס דער אייגנטימער פון דאָרף האָט נישט געלאָזט פאַרריכטן די בריק. (שלמה מיימונס אויטאָביאָגראַפיע). אויב אַ פריץ איז פאַרפאָרן אין אַ קרעטשמע און האָט נישט געקאָנט באַקומען קיין היי, אָדער אַזאַ עסן, ווי ער האָט באַשטעלט, פלעגט ער לאָזן שמייסן דעם יידישן קרעטשמער. אפילו אַ ייד וואָס איז געגאַנגען זוכן אַרבעט ביי אַ פריץ איז נישט געווען אָפגעהיט פאַר אויסטערלישע עינויים. אָט זיינען צוויי ביישפילן: אין יאָר 1764 זיינען צוויי ווילנער יידישע בלעכער געקומען אין אַ פריצישן הויף פרעגן צי עס איז דאָ אַרבעט. די צוויי פריצים פון הויף האָבן זיי געכאַפט פאַר די הענט, אַריינגעשטעקט מיט געוואַלט חזיר אין מויל אַריין און ווען זיי האָבן נישט געוואָלט אַראָפשלינגען, זיינען זיי געשלאָגן געוואָרן מכות רצח און מען האָט זיי געדראָט מיט טויט. פון דער זעלבער צייט איז פאַרצייכנט אַ פאַל, ווען אַ יידישער שניידער, וואָס איז געקומען מאָנען זיין חוב ביי אַ ווילנער גלח, האָט דערפאַר באַקומען געשלאָגן.

אָבער אויך די באַציאונג פון פריצים צו זייערע „אייגענע“ אַרענדאַרן איז געווען אומבאַשרייבלעך אכזריותדיק:

אַזעלכע אויסטערלישע מעשים, ווי די, וואָס עס גיט איבער שלמה מיימון וועגן פירשט ראַדזשיוויל „פאַניע קאָכאַנקו“, האָט מען באַטראַכט אין יענער צייט פאַר „פריצישע קאַפריזן“: טעכטער און פרויען פון יידישע אַרענדאַרן זיינען ביי אים פונקט אַזוי געווען הפקר, ווי די פאַרשקלאַפטע פויערישע מיידלעך; אַרויסוואַרפן אַלע שטוב־זאַכן פון יידישן אַרענדאַר אויף דער גאַס, איז ביי אים געווען אַ געוויינלעכער „שפאַס“; ווען דער „ליכטיקער“ פירשט האָט שכורהייט פאַראומרייניקט דעם אַלטאַר פון דער קירך, האָבן... יידן פון שטעטל געדאַרפט מנדב זיין פופציק געוויכטשטיין וואַקס, כדי מכפר צו זיין אויף דער מעשה נבלה. ער פלעגט חרוב מאַכן שולן און בתי מדרשים און פאַרברענען יידישע בית עולמס. אַ ייד, וואָס האָט איינמאָל אין אַזאַ פאַל געבעטן רחמים צו

פאַרשווינען די שול, איז פאַר דער „העזה" דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. זיינער אַ מקורב, בולהאַרין, דערציילט אין זיינע מעמואַרן אַזאַ „אויפטו": ער האָט געלאָזט געבן זיין יידישן קרעטשמער צוויי הונדערט שמיץ, דערפאַר, וואָס ער האָט איינמאָל איידער ער איז נאָך געווען זיין אַרענדאַר, נישט אַראָפּגענומען פאַר אים דאָס היטל. פאַר דעם פּירשט האָט ער זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט געלאָזט שלאָגן זיין אַרענדאַר בלויז אויף דעם דאָזיקן קערפּער־טייל, וואָס האָט געהערט צו אים אַלס פּריץ... און דער דאָזיקער צעווילדעוועטער פּירשט ראַדזשיוויל איז געווען אַ דאַנק זיין אַמט פון וואָיעוואָדע דער האַר און מושל איבער דער ווילנער קהילה! וועגן סטאַראָסטע פון קאַניאָוו (אין אוקראַינע) גיט איבער דער פּוילישער שרייבער ניעמצעוויטש, אַז ער פלעגט זיך „משמח זיין" אויף אַזאַ אופן: כדי צו פאַרגיטיקן זיין שכן דערפאַר, וואָס ער האָט אים געהרגעט זיין יידישן אַרענדאַר, האָט ער געלאָזט אָנלאָדן אַ וואָגן מיט יידן און זיי געהייסן אויסשיטן פאַרן שכנס הויף, איבערקערנדיק דעם וואָגן, ווי ביים אויסלאָדן ריבן... דער זעלבער צעווילדעוועטער פּריץ פלעגט הייסן יידישע פרויען אַרויפקריכן אויף אַן עפּלבוים און נאָכמאַכן דאָס קיקען פון קוקולקעס; דערנאָך פלעגט ער אויף זיי שיסן מיט שרויט און צוואַרפן די אומגליקלעכע קרבנות גילדענע מטבעות...

אַזוי האָבן זיך איזדעקעוועט איבער „זייערע יידן" די גרויס־פּריצים. נישט ווייניקער נידערטרעכטיק האָבן אָבער באַהאַנדלט זייערע יידישע אַרענדאַרן און קרעטשמער די דורכשניטלעכע פּריצים דאָרף־באַזיצער. די אימהדיקע עפּיזאָדן וועגן גורל פון יידישע דאָרפישע אַרענדאַרן, מיט וועלכע עס זיינען פול די שבחי־הבעש"ט און אַנדערע חסידישע לעגענדעס, זיינען אויף אַ האָר נישט איבערגעטריבן. זיי ווערן באַשטעטיקט נישט נאָר אין ל כט פון די שוין לאַנג באַקאַנטע מעמוראַרן, ווי למשל פון פּריץ יאַן אָכאָצקי. אין ליכט פון ניי אַנדעקטע דאָקומענטן *) ווייזט זיך אַרויס, אַז אַזעלכע פאַלן, ווי די וואָס ווערן באַשריבן אין די חסידישע לעגענדעס, זיינען געווען טיפּיש אין יענער צייט פאַר אַלע געגנטן פון פּוילן. דער נוסח פון דער טראַגעדיע איז כמעט אומעטום דער זעלבער: דער אַרענדאַר איז נישט אימשטאַנד צו באַצאָלן דעם הויכן צינז צו דער צייט; דער פּריץ זעצט אַריין דעם אַרענדאַר אין חזיר־שטאַל, אָדער אין אַ גרוב, פּייניקט אים מיטן ווייב און מיט די קינדער מיט אויסטערלישע עינויים און צווינגט די קינדער — מיט דער הילף, אָדער אָן דער הילף פון גלה — צו עסן טריפות און דערנאָך צום שמד. אין די אָפיציעלע חשבונות פון דער ווילנער

*) די דאָקומענטן האָבן פאַרעפנטלעכט ד"ר עמנואל רינגעלבלום און ד"ר ישראל קלויזנער.

קהילה געפינען זיך צווישן אַנדערע הוצאות אַזעלכע פּאָזיציעס:

יאָר 1766:

מען האָט אויסגעלייזט דריי יידישע קינדער ביים פּריץ יאַנאָוויטש — 345 גילדן.

מען האָט אויסגעלייזט אַ ייד פון דער תפיסה ביים פּריץ קאָזאַקאָווסקי 480 גילדן.

דער פּריץ קאָנטשאַ האָט צוגענומען דריי קינדער ביי זיין אַרענדאַר, איינס האָט ער געשמדט, צוויי האָט פון אים קהל אויסגעלייזט — 135 גילדן.

יאָר 1768/9.

אויסגעלייזט צוויי יידישע קינדער. — 40 גילדן.

יעדע גרעסערע יידישע קהילה האָט אין יענער צייט געהאַט אַ ספּעציעלן פאָנד פדיון שבויים פאַר אַזעלכע אומגליקלעכע יידישע אַרענדאַרן. אין דובנע האָט די קהילה אין יאָר 1778 צוזאַמענגענומען געלט אויף אויסצולייזן „אַ סך נפשות", וואָס עס האָט אַריינגעשפּאַרט אין זיין אייגענער תפיסה דער פּריץ וויסלאָטצקי, דער אייגנטימער פון דאָרף קאָפּיל.

אין די אַקטן פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע פון קרוין־פּוילן פון די 80קער יאָרן פון 18טן י"ה געפינען זיך עטלעכע אָנקלאַגעס פון אַזעלכע געפּייניקטע יידישע אַרענדאַרן, וואָס באַווייזן נאָך אַ שרעקלעכערע אכזריות מצד די פּריצים: מ'פלעגט די אַרענדאַרן שוין נישט בלויז אַריינזעצן אין תפיסה, נאָר אויך אויסטראַכטן פאַר זיי ראַפינירטע עינויים: אויסהאַקן די ציין, אַריינשטעלן אין טייך אונטערן אייז אד"גל. אויך די קינדער פון די אַרענדאַרן האָט מען אין די דאָזיקע פאַלן געמאַטערט צום טויט. די זעלבע דאָקומענטן אַנטפּלעקן אָבער אויך אַ נייעם מאָטיוו פון ראַפינירטן אכזריות פון די „פּאַנעס". די פּריצישע רוצחים איז נישט געגאַנגען בלויז וועגן אַרויסבאַקומען פון די אַרענדאַרן, אָדער פון די קהילות, דעם חוב פאַר דער אַרענדע: זיי האָבן געצוואונגען די האַלב־טויטע אַרענדאַרן, זיי זאָלן פאַרשרייבן זייערע פאַרמעגנס. אויך אין דעם דאָזיקן פּרט זיינען פּוילישע פּריצים גאָרנישט אָפּגעשטאַנען פון די אינקוויזיטאָרן פון עלילת דם פון דעם מין, ווי בישאָף קאַיעטאַן סאָלטיק...

נישט בלויז מיט אויסטערלישע געלט־קרבנות, נאָר מיט טיפער מענטשלעכער דערנידערונג און פּייניקונגען האָבן יידן אין פעאָדאַלן פּוילן אָפּגעקויפט די צוויי־שניידיקע פּריצישע שווערד אונטער וועלכער זיי האָבן געזוכט פאַר זיך שוץ און לעבנס־עקזיסטענץ.

די אינקוויזיציע פון עלילת־דם און די מיטל־אַלטערלעכע פּלאָג פון „שילער־געלויפן" האָט אויפגעהערט צום סוף פון דער זאַקסישער תקופה, ווען דער פּוילישער פּריצים־קלאַס האָט לויזער געמאַכט זיין בונד מיט דעם קלער און בלית ברירה אויך בטל געמאַכט די יעזוא טן־הערשאַפט. די אונטערדריקונג

פון יידן מצד די פריצים איז אָבער אויף קיין האָר נישט מילדער געוואָרן. „פוילן דאָס גן עדן פאַר יידן", ווי די אַנטיסעמיטן פון יענער צייט פלעגן עס דעמאַגאָגיש אָנרופן, איז פאַר די „אומגלוי־ביקע" יידן אויך אין דער „אויפגעקלערטער תקופה" געבליבן דאָס זעלבע שטיף־פאָטערלאַנד, ווי פאַר די אומגליקלעכע, פאַרפייניקטע פויערים „כאַמעס". עס איז געבליבן דאָס פוילן פון דער „גילדענער שלאַכצקער פרייהייט".

## 6. די יידישע אויטאָנאָמיע

### א) די קהילה

אין דער עפּאָכע פון דער אומבאַגרענעצטער הערשאַפט פון דער שלאַכטע אין פוילן זיינען אויך די קהילות פונקט ווי די העכערע יידישע אויטאָנאָמע אינסטיטוציעס אַרונטערגעפאַלן די מאַכט־אָרגאַנען פון הערשנדיקן שטאַנד און אַלץ מער אָנגעוואוירן אויטאָנאָמע רעכט. אין די קיניגלעכע שטעט זיינען די קהילות און זייער טעטיקייט געווען אָפּהענגיק פון דער אויפזיכט־מאַכט פון די וואָיעוואָדעס. אין די פּריצישע שטעט זיינען זיי פונקט ווי די שטאָט־ראַטן געוואָרן זעלבסט־פאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען, וואָס האָבן אויסגעפירט דעם ווילן פון האַר פון דער שטאָט. די וואַלן פון די ראשי הקהל, אפילו די וואַלן פון גבאים אין חברות (חברה קדישא) האָבן געמוזט באַשטעטיקט ווערן דורך דעם וואָיעוואָדע און אין די פּריוואַטע שטעט דורך דעם פּריץ. וויכטיקע תקנות פון קהל און חברות האָבן געמוזט האָבן די סאַנקציע פון דער מלוכהשער, אָדער פּריצישער אויפזיכט־מאַכט. די וואַל פון רב האָט געמוזט באַשטעטיקט ווערן דורך דעם וואָיעוואָדע, אָדער דורך דעם פּריץ און דער קאַנדידאַט האָט דערפאַר געמוזט באַצאָלן גרויסע סומעס. אין די פּריצישע שטעט פלעגן אויך די יערלעכע בודזשעטן פון דער קהילה באַשטעטיקט ווערן דורך דעם שטאָט־באַזיצער און אָפט פלעגט דער פּריץ אויך באַשטימען וואָס פאַר אַ חלק פון איינצעלנע קהילה־הכנסות דאַרף אַריינגעטראָגן ווערן אין זיין קאַסע.

אַן אַנאַליז פון קהילה־בודזשעטן באַווייזט צו וואָס פאַר אַ ראָלע עס איז רעדוצירט געוואָרן די קהילה אין דער דאָזיקער תקופה. די הוצאות אויף קהילה־פונקציאָנאַרן, ווי רבנים, דיינים, שתדלנים, שוחטים, חזנים, שרייבער, וועכטער א״אַ האָבן באַטראָפן אין פויזן בערך אַ זעקסטל, אין ווילנע קוים אַ צוואַנציקסטל פון קהילה־בודזשעט. בערך אַזאַ נישטיקן פּראָצענט ווי אין ווילנע האָבן באַטראָפן הוצאות פון דער קהילה אויף אייגענע באַאַמטע אין דער פּריצישער שטאָט ריישע. אין דער פּריצישער שטאָט זשאָלקווע האָבן די דאָזיקע הוצאות באַטראָפן זיבן פּראָצענט פון קהילה־בודזשעט. הוצאות פון דער קהילה אויף סאָציאַלער הילף, ווי שטיצע פאַר אָרימעלייט, סובווענציעס פאַרן הקדש און שפּיטאָל האָבן באַטראָפן אין זשאָלקווע 4 פּראָצענט, אין פויזן און אין ווילנע נישט מער ווי בערך 2 פּראָצענט; אַזעלכע שטאָטישע קהילות ווי מעזריטש, וואו די הוצאות פון דער קהילה אויף אייגענע באַאַמטע און סאָציאַלע צוועקן האָבן דערגרייכט אַ דריטל פון בודזשעט, זיינען געווען אויסנאַמען. מער ווי ניין־צענטל פון בודזשעטן פון קהילות פלעגן בכן אַוועקגיין אויף שטייערן, מלוכהשע, פּריצישע און שטאָטישע, מתנות פאַר באַאַמטע און גלחים, שוץ־געלטער קעגן גזירות און אויף אָפּצאָלן ראַטעס און פּראָצענטער פון חובות, וואָס מען האָט געבאָרגט אויף צו דעקן די אַלע פּאָזיציעס. אוודאי האָט יעדע קהילה געהאַט אונטער איר השגחה דערציאונגס־אינסטיטוציעס, ווי תלמוד־תורות, ישיבות, צדקה־אינסטיטוציעס, בתי־מדרשים, שולן, אַ בית־עולם. די קאָסטן פון אויסהאַלטן די דאָזיקע אינסטיטוציעס האָבן אָבער איבערגעשטיגן פילפאַכיק די סומעס, וואָס די קהילות פלעגן פאַר זיי באַשטימען. די אַלע אינסטיטוציעס פלעגן דערפאַר אויסגעהאַלטן ווערן דורך באַזונדערע חברות, ווי חברה צדקה גדולה, ביקור־חולים, חברה קדישא, גמילות חסד של אמת, וואָס האָבן געהאַט הכנסות פון מיטגלידער־אָפּצאָלן, נדבות, איינמאָליקע אָפּצאָלן און אַמאָל אויך פון ספּעציעלע באַשטייערונגען פון אַלע קהילה־מיטגלידער. אין ליכט פון דער טעטיקייט פון די דאָזיקע חברות מחוץ דער קהילה קומט אַרויס נאָך בולטער דער פאַקט, אַז די הויפּט־פונקציע פון דער קהילה איז שוין צו יענער צייט לחלוטין נישט באַשטאַנען אין באַפרידיקן די סאָציאַלע, קולטורעלע אָדער אפילו די רעליגיעזע באַדערפענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג. די קהילה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן בעיקר אין אַ מאַכט־אָרגאַן, מיט וועלכן די מלוכה, און די הערשנדיקע שטאַנדן, פּריצים און גלחים, האָבן זיך באַנוצט, כדי אומברחמנותדיק אויסצופרעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג שטייערן, אָפּצאָלן און „מתנות". די מלוכה און די פּריצים האָבן נישט נאָר גאָרנישט צוגעצאָלט צו דער אויסהאַלטונג פון דעם דאָזיקן אַפּאַראַט, נאָר גאָר געהייסן זיך טייער באַצאָלן פאַר דער „טובה" פון דערלויבן אים צו פונקציאָנירן.

וואָס שווערער עס איז געווען דער דרוק פון דער דרויסנדיקער מאַכט אויף קהל, אַלץ גרעסער איז געווען זיין אינערלעכע מאַכט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס ער האָט פאַרטראָטן. די מלוכה־באַאַמטע און פּריצים האָבן באַוואָרנט די קהילה מיט אַ גענוגנדיקן כוח, אַז זי זאָל קענען אויספירן די פונקציעס, אין וועלכע זיי האָבן זיך געניטיקט. זיי פלעגן דערפאַר העלפן קהל צו אונטערדריקן יעדע אָפּאָזיציע, און קהל פלעגט זיך צו זיי ווענדן נאָך

הילף ביים אויספירן זיינע פונקציעס: סיי אין פויזן, סיי אין ווילנע זיינען פאַרצייכנט פאַלן, וואו די קהילה האָט איינגעמאָנט דעם קאָראָבקע־שטייער מיט דער הילף פון מיליטער, אָדער פון דער שטאָטישער מיליציע.

די מאַכט פון דער קהילה האָט אַריינגעדרונגען אין אַלע געביטן פון לעבן פון יעדן יחיד. אָן דער דערלויבעניש פון דער קהילה, אָן אַן אויסגעקויפטער חזקה, האָט קיינער זיך נישט געקאָנט פאַרנעמען מיט קיין שום באַשעפטיקונג, שענקעריי, מסחר, צי מלאכה. אָן אַ אַ קהילה־אָפּצאָל פאַר דער חזקה, האָט מען אפילו נישט געקאָנט דינגען קיין דירה. פון יעדן נייעם מלבוש, אפילו פון יעדן ביסל עסן האָט מען געדאַרפט אָפּצאָלן קהילה־שטייער. אָן דער דערלויבעניש פון דער קהילה און אָן אַ געהעריקן אָפּצאָל, האָט מען אויך נישט געטאָרט חתונה האָבן. די פויזנער קהילה האָט באַשטימט אין יאָר 1670, אַז בלויז די, וואָס פאַרמאָגן נדן 400 גילדן, מעגן חתונה האָבן אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון קהל. שפּעטער האָט די זעלבע קהילה דערלויבט בלויז פיר חתונות אַ יאָר און אין יאָר 1717, אין שייכות מיט דעם חורבן נאָך דער שרפה, פאַרבאָטן בכלל חתונות אין משך פון דריי יאָר. אין קראָטאָשין האָט די קהילה, לויטן באַפעל פון וואָיעוואָדע פון יאָר 1728, באַדאַרפט אַכטונג געבן, אַז יידן, וואָס האָבן נישט קיין נדן, זאָלן נישט חתונה האָבן מער ווי צוויי פּאַרפעלקער אַ יאָר. אין שווערזענץ (ביי פויזן) האָט די קהילה פאַראָרדנט, אַז אומפאַרמעגלעכע, וואָס ווייזן אויף אַ נדן וויניקער ווי 400 גילדן און זיינען נישט קיין יודעי ספר, מעגן חתונה האָבן בלויז דריי אין אַ יאָר. צוליב אירע שטייער־אינטערעסן האָט די קהלה אויסגעשפּרייט איר קאָנטראָל אַפילו אויף דעם געביט פון דאַווענען. לויט די תקנות פון וויטעבסקער קהל האָבן די ישובניקעס, וואָס האָבן געוואוינט אין שטח פון דריי מייל פון דער שטאָט, געמוזט דאַווענען (ימים נוראים) אין דער שטאָט גופא; אין די בתי־מדרשים, וואָס האָבן זיך געפונען ווייטער ווי דריי מייל פון דער שטאָט, האָבן נישט געטאָרט צוגעלאָזט ווערן צום דאַווענען יענע יידן, וואָס האָבן נישט צוגעשטעלט קיין באַשטעטיקונג פון קהל, אַז זיי האָבן באַצאָלט די קהילה־שטייערן. אין דובנע האָט די קהילה באַוואָרנט אין אַ תקנה פון יאָר 1793, אַז די ישובניקעס זיינען מחויב צו צאָלן שחיטה־געלט און טאַקסע אפילו ווען זיי קומען נישט אויף ימים נוראים אין שטאָט אַריין. אַן אומפאַרמעגלעכער ייד האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן זיין קהילה און צו ציען זיך אין אַן אַנדער שטאָט אַריין. כדי צו באַזעצן זיך אין אַ נייער קהילה האָט מען געמוזט אויסקויפן אַ חזקה, חזקת־הישוב, וואָס איז געווען צוגענגלעך בלויז פאַר עשירים. אין ליסע האָט אַ נייער איינוואוינער באַדאַרפט באַווייזן (לויטן דעקרעט פון שטאָט־פריץ פון יאָר 1792) אַז ער פאַרמאָגט טויזנט טאָלער, אין קלענערע שטעט אין גרויספּוילן (מאָסליץ, שווערזענץ), האָט דאָס פאַרמעגן פון איינעם, וואָס מעג זיך באַזעצן אין שטאָט געמוזט באַטרעפן לכל־הפחות 300—400 טאָלער. אין פויזן האָט מען פאַר אַ חזקה געדאַרפט באַצאָלן אַ ריזיקע סומע מיט איינמאָל און אַחוץ דעם אָפּצאָלן אַ ספּעציעלן שטייער דורך צענדליקער יאָרן. אין וואָדזשיסלאַוו (קליינפּוילן) האָט מען פאַר דער חזקה פון באַזעצן זיך געדאַרפט אָפּצאָלן יעדעס יאָר לעבנס־לענגלעך. צום סוף פון 18טן י״ה האָט מען געפאָדערט אַ הויכן צענזוס פון פאַרמעגן פון יעדן נייעם איינוואוינער אין אַ קהילה. נישט בלויז דאָס באַזעצן זיך אין אַ נייער קהילה איז אָנגעקומען אויסערגעוויינלעך שווער, אויך די אַלטע קהילה האָט מען נישט געטאָרט פאַרלאָזן אָן אַ הויכן אָפּצאָל. און אָפט האָט מען געדאַרפט אָפּצאָלן דער קהילה אַ פּראָצענט פון נדן, אויב מען האָט חתונה געמאַכט אַ זון מיט אַ פרוי פון אַן אַנדער שטאָט. דער פשוטער ייד איז געווען צוגעשמידט צו זיין קהל, ווי דער פּויער צו זיין פּריץ!

אויב שוין אין דער פריערדיקער תקופה האָט די מאַכט אין די קהילות געהערט צו אַן אָליגאַרכיע פון גרעסטע גבירים, איז אין 17טן און 18טן י״ה די דאָזיקע פּראַקטיק סאַנקציאָנירט געוואָרן דורך בפירושע תקנות פון קהילות און צענטראַלע וועדים. אַ צווייפאַכיקער צענזוס פאַר אַקטיוו און פּאַסיוו וואַלרעכט איז געווען איינגעפירט אין אַלע קהילות אין פוילן און ליטע, אַ צענזוס פון פאַרמעגן און אַ צענזוס פון לומדות.

פונקט ווי אין די שכנותדיקע לענדער, דייטשלאַנד, ביימען און מיירן איז אין פוילן געווען פּריווילעגירט די קאַסטע פון לומדים, וואָס האָבן געהאַט סמיכות אויף „חבר״, אָדער „מורנו״. דער תהום צווישן די אָפיציעל פּאַטענטירטע לומדים און צווישן דעם פשוטן פאָלק איז אָבער נאָך מער פאַרטיפט געוואָרן דורכדעם, וואָס סמיכה אויף „חבר״ און „מורנו״ האָט מען אַלץ אָפטער געקאָנט דערגרייכן דורך פאַרמעגן, אפילו ווען מען איז בכלל נישט געווען קיין למדן. די דאָזיקע דערשיינונג אילוסטרירן בולט די תקנות פון וועד מדינת ליטע. לכתחילה פלעגט נאָך דאָס פאַרטיילן די טיטולן „חבר״ און „מורנו״ זיין רעגולירט דורך שטרענגערע פאָדערונגען. דער וועד מדינת ליטע האָט אין יאָר 1628 באַשטימט, אַז אַ „חבר״ דאַרף לערנען רעגולער יעדן טאָג אַ שיעור (תקנה קל״ה). אין יאָר 1667 האָט אַ תקנה פון וועד ליטא (תקנה תקצ״ג) געמאַכט אָפּהענגיק סמיכה אויף „חבר״ דערפון, צי דער קאַנדידאַט האָט נאָך דער חתונה געלערנט אין אַ ישיבה צוויי יאָר נאָכאַנאַנד; דערביי איז אָבער שוין געמאַכט געוואָרן

אַן אויסנאַם פאַר „בכבודיקע באַקאַנטע מענטשן מיט גוטע מידות״. אין יאָר 1695 האָט דער וועד מתיר געווען צו געבן דעם טיטול „חבר״ 6 יאָר נאָך דער חתונה אפילו אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געלערנט צוויי יאָר (תקנה תתפ״א). נאָך כאַראַקטעריסטישער איז געווען די אַנטוויקלונג פון תקנות בנוגע דעם טיטול „מורנו״, וואָס האָט באַרעכטיקט צו גרעסערע פּריווילעגיעס, איידער דער טיטול „חבר״. אין יאָר 1667 האָט דער וועד ליטע איינגעפירט, אַז אַ רב טאָר קיינעם נישט געבן קיין סמיכה אויף מורנו, סיידן ער פאַרנעמט זיך מיט תורה ווי אַן עיקר און מיט אַן אַנדער באַשעפטיקונג ווי אַ ביי־זאַך, און דאָס אויך נישט פריער ווי עלף יאָר נאָך דער חתונה און אין עלטער פון דרייסיק יאָר. אין יאָר 1695 האָט שוין דער וועד דערלויבט צו געבן סמיכה אויף מורנו אַכט יאָר נאָך דער חתונה. אויך דער צענזוס פון לומדישע קוואַליפיקאַציעס איז דערביי רעדוצירט געוואָרן: דער קאַנדידאַט האָט באַדאַרפט באַווייזן, אַז ער קען לערנען אַ שיעור גמרא אין דער אַנוועזנהייט פון לומדים. אין יאָר 1761 האָט שוין דער וועד געפאָדערט פון אַ קאַנדידאַט אויף מורנו בלויז אַזעלכע קוואַליפיקאַציעס, וועלכע ער האָט געהאַט באַשטימט איז 17טן י״ה פאַר אַ „חבר״, דהיינו לערנען רעגולער יעדן טאָג אַ שיעור. אָבער אויך די דאָזיקע מינימאַלע קוואַליפיקאַציעס האָט מען מוחל געווען אַ פאַרמעגלעכן מענטש, צען יאָר נאָך דער חתונה, וואָס צאָלט אַ סכום קהילה־שטייער לכל הפחות פון טויזנט טאַלער און איז אַ יודע ספר... אפילו לויט דער אָפּיציעלער סאַנקציע פון וועד זיינען בכן קוואַליפיקאַציעס פון עשירות געווען גלייכווערטיק מיט קוואַליפיקאַציעס פון לומדות . . .

אין קרוינפוילן זיינען די קוואַליפיקאַציעס פון מורנו נאָך פריער ווי אין ליטע באַשטימט געוואָרן זייער געמעסיקט. לויט די תקנות פון יאָר 1620 וואָס די לעמבערגער רבנים האָבן אויסגעאַרבעט פאַר דער קהילה אין זשאָלקווע, איז געקומען דער טיטול מורנו איינעם, וואָס האָט אין דער יוגנט געהאַט געלערנט די טורים („טור״) און וואָס לערנט אַ שיעור יעדן טאָג אָדער אין דער שול אָדער אין דער היים. די זעלבע תקנה איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך קהל אין יאָר 1691. אין יאָר 1767 האָט די זשאָלקווער קהילה מתקן געווען אַ גדר, אַז מען טאָר נישט געבן קיין סמיכה אויף מורנו פריער ווי דריי יאָר נאָך דער חתונה.

די מיסברויכן ביים פאַרטיילן די טיטולן „חבר״ און „מורנו״ זיינען אָבער דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער וועד האָט דאָך געהאַלטן פאַר נויטיק צו שטעלן געוויסע גרענעצן. אין יאָר 1761 האָט דער וועד ליטע איינגעפירט (תקנה תתקע״ח), אַז די פּרנסים טאָרן נישט געבן קיין נאָמינאַציע אויף מורנו אַן דעם הסכם פון רב. פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ פּראַקטיק מצד די פּרנסים פלעגן באַקומען דעם טיטול מורנו גבירים, וואָס זיינען אפילו נישט געווען קיין „יודעי ספר״, אויב זיי האָבן נאָר דערפאַר גוט באַצאָלט די קהלשע הערשער. די טיטולירטע לומדישע אַריסטאָקראַטיע האָט בכן אַחוץ פאַקטישע לומדים אַריינגענומען אַלץ מער גבירים, וואָס האָבן געגאָסן פון די זעלבע כיבודים און פּריווילעגיעס. גבירים און לומדים זיינען געווען צוויי גרופּעס פון דעם זעלבן הערשנדיקן קלאַס אין דער יידישער קהילה, פּונקט ווי קלער און שלאַכטע זיינען געווען אָפּצווייגונגען פון דעם זעלבן קלאַס גרונט־באַזיצער, וואָס האָט געהערשט אין דער מלוכה.

די פאַרלייכטערונגען פון די קוואַליפיקאַציעס פון „חברים״ און „מורנוס״ זיינען געמאַכט געוואָרן לכתחילה מיטן צוועק צו דערמעגלעכן אַלץ ברייטערע קרייזן פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן דאָס דערגרייכן די דאָזיקע טיטולן און די פּריווילעגיעס, צו וועלכע זיי האָבן באַרעכטיקט. פאַר די אָרימע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג זיינען די דאָזיקע טיטולן געבליבן אומצוגענגלעך אפילו ביי דעם כסדר רעדוצירטן צענזוס פון לומדות. דער אָרימער יוגנטלעכער, וואָס האָט זיין עלעמענטאַרע בילדונג באַקומען אין תלמוד תורה, האָט נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו לערנען אפילו ראשי פּרקים פון גמרא. אין דער ווילנער תלמוד תורה האָט דער פּראָגראַם פון לימודים לכתחילה פאַראויסגעזען, אַז מער ווי משניות דאַרפן די תלמידים נישט לערנען. עס איז שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס אַ גרויסע צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו לערנען מער ווי עברי און האָט נישט געקאָנט שרייבן. אין די ציילונגס־רעגיסטערס פון יאָר 1764 טרעפן זיך פאַלן, וואו אפילו דער שמש האָט נישט געקאָנט שרייבן און די ראשי־קהילה האָבן זיך געחתמעט אויף דער ציילונג אין זיין נאָמען. בעת דער מחלוקה מיטן רב שמואל בן אביגדור האָט ווילנער קהל געצוואונגען די באַפעלקערונג צו חתימות אונטער אַ דעקלאַראַציע פון לאָיאַלקייט. צווישן 732 ראשי משפחות, וואָס האָבן געגעבן זייערע חתימות, האָבן 117 דערקלערט, אַז זיי קענען זיך נישט אונטערשרייבן און די שמשים האָבן געחתמעט אין זייער נאָמען. דערביי מוז מען נאָך אין אַכט נעמען, אַז דער רוב מנין ובנין פון דער אָרימער באַפעלקערונג אין ווילנע, בפרט די בעלי־מלאכות, זיינען געווען אין אָפּאָזיציע צו קהל און האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון קעמפערישן רב. צווישן די דאָזיקע אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן איז על כל פנים די צאָל האַלב אַנאַלפאַבעטן געווען גרעסער, איידער צווישן די שיכטן וואָס האָבן געשטיצט קהל.

דער קאָמבינירטער צענזוס פון פאַרמעגן און

לומדות האָט אַוועקגענומען ביי די ברייטע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג יעדע מעגלעכקייט פון השפּעה אויף דער קהילה־פּאָליטיק. אין אַ טייל געגנטן פון פוילן האָט זיך געפאָדערט דער צענזוס פון עשירות און לומדות בלויז בנוגע דעם פּאַסיוון וואַל־רעכט אין דער קהילה. אין קראָטאָשין האָט לויט אַ תקנה פון יאָר 1730 געקאָנט געוויילט ווערן אין קהל נאָר דער, וואָס האָט געצאָלט לכל הפּחות 90 גילדן סכום קהילה־שטייער. אין לעמבערג האָט לויט אַ תקנה פון יאָר 1763 דער צענזוס באַטראָפן 75 גילדן פאַר אַ קאַנדידאַט אויף אַ פּרנס און 50 גילדן פאַר אַ קאַנדידאַט אויף גבאי הקדש. אין וואָדזשיסלאַוו האָט געקאָנט געוויילט ווערן אין קהל נאָר איינער וואָס האָט געהאַט סמיכה אַלס „חבר". אַחוץ דעם האָט אַ קאַנדידאַט אויף אַ פּרנס געדאַרפט אויפווייזן לכל הפּחות דריי גילדן סכום קהילה־שטייער און אַ קאַנדידאַט אויף אַ פאַרטרעטער („טוב"), צוויי גילדן. פאַר מורנוס איז דער שטייער־צענזוס אין ביידע פאַלן געווען נידעריקער. אין ליסע זיינען די „כשרים" (עלעקטאָרן), וואָס האָבן נאָמינירט קהל, געוויילט געוואָרן דורך די העכסטע שטייער־צאָלער פון דער קהילה. די קאַנדידאַטן אויף כשרים האָבן געמוזט אויפווייזן לכל הפּחות 20 גילדן סכום קהילה־שטייער, סיידן זיי האָבן געהאַט סמיכה אַלס לומדים. אַ מורנו איז אויך געווען פּריווילעגירט אין דעם פּרט, וואָס ער האָט געקאָנט געוויילט ווערן אויף אַ מיטגליד פון דער כשרים־קאָמיסיע, אפילו אויב ער האָט נאָך קיינמאָל נישט באַקליידט אַזאַ אַמט. אין דער ליסער קהילה האָט בכן מחייב געווען דער צענזוס פון פאַרמעגן און לומדות אפילו בנוגע אַקטיוו וואַל־רעכט. אויך אין זשאָלקווע האָט געמעגט אָנטיילנעמען אין „קלפּי", ד"ה אין דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון דער קהילה בלויז דער, וואָס האָט געצאָלט לכל הפּחות 3 גראָשן סכום קהילה־שטייער. פאַר אַ „חבר" איז דער שטייער־צענזוס געווען בלויז 2 גראָשן און פאַר אַ מורנו נאָר 1 גראָשן. אַ מורנו האָט אויך געקאָנט אויסגעקליבן ווערן אויף אַ גבאי צדקה אפילו אויב ער האָט פריער נישט געהאַט קיין אַמט אין דער קהילה. אויך אין דער אסיפת רח"ש (פאַרזאַמלונג צו וויילן אַ רב, חזן, שמש אאַז"וו) האָבן אין זשאָלקווע לויט די זעלבע תקנות פון 17טן י"ה געמעגט אָנטיילנעמען נאָר די העכסטע שטייער־צאָלער, די פירער פון קהל און די לומדים מיטן טיטול חבר און מורנו.

אַם מערסטן עקסקלוזיוו־אָליגאַרכיש איז געווען די וואַל־אָרדינאַציע אין די אָפּגעשטאַנענע און קאָנסערוואַטיווע ליטווישע קהילות. אין ווילנע האָבן אין דער וואַל־פאַרזאַמלונג, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אַ ברייטערער ראַט פון קהל (אסיפת רח"ש), געמעגט אָנטיילנעמען בלויז די, וואָס האָבן געהאַט סמיכה אויף מורנו אָדער „חבר". צווישן די דרייצן ראשי־הקהל און פאַרטרעטער (טובי הקהל, עקורי הקהל) האָבן לכל הפּחות פיר געמוזט געהערן צו דעם הויכן שטייער־קלאַס, וואָס האָט געצאָלט פון הונדערט ביז צוויי־הונדערט גילדן דירעקטן קהילה־שטייער. דער וועד מדינת ליטע האָט די אָליגאַרכיש־פּלוטאָקראַטישע וואַל־אָרדינאַציע באַוואָרנט מיט זיין אויטאָריטעט. אין יאָר 1687 האָט דער וועד ליטע איינגעפירט, אַז שטייער־שאַצערס (שמאים) פון די קהילות דאַרפן באַשטיין לרוב פון מורנוס, די איבעריקע דאַרפן האָבן סמיכה אויף „חבר". אין יאָר 1761 האָט דער וועד אָנגענומען אַ תקנה, אַז אַ קאַנדידאַט אויף אַ וואַל־מאַן (עלעקטאָר, בורר), אָדער שטייער־שאַצער (שמאי) דאַרף צאָלן מינימום 18 גראָשן אַ וואָך (העכער 41 גילדן אַ יאָר) קהילה־שטייער. אַ דיין און אַ גרויסער למדן האָט געמעגט אויפווייזן אַ נידעריקערן שטייער־צענזוס, צען גראָשן אַ וואָך (17 גילדן אַ יאָר). אַ קאַנדידאַט אויף אַ ראש־קהילה אָדער גבאי צדקה האָט לויט דער דאָזיקער תקנה געדאַרפט צאָלן מינימום אַ גילדן דירעקטן קהילה־שטייער אַ וואָך.

אָבער אַפילו דער פאַרמעגן־צענזוס און צענזוס פון לומדות איז נישט געווען קיין גענוגנדע באַוואָרעניש פאַר די סאַטראַפּן פון די ליטווישע קהילות, היות די בעלי־מלאכות זיינען כסדר געוואָקסן אין צאָל און האָבן אַלץ מער באַדראָט די העגעמאָניע פון דער סוחריש־לומדישער קהילה־אָליגאַרכיע. אין 18טן י"ה זיינען אין אַ ריי ליטווישע קהילות אָנגענומען געוואָרן תקנות, וואָס האָבן בפירוש אויסגעשלאָסן בעלי־מלאכות פון וואַל־רעכט צו די קהילה־אינסטאַנצן. אין יאָר 1730 האָט קהל אין וויטעבסק גוזר געווען, אַז „פון היינט אָן פאַרלירן די בעלי־מלאכות דאָס וואַל־רעכט; דער מנהיג מעג אָבער דערלויבן דאָס רעכט די דאָזיקע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן עס שוין געהאַט פון פריער"... אַן ענלעכע דראַקאָנישע תקנה האָט אויסגערופן דער קהל פון שטעטל סוכארי (מאָהילעווער געגנט) אין יאָר 1781: לויטן באַשלוס פון די ראשים טאָר אַ בעל־מלאכה נישט באַקליידן קיין שום אַמט אין דער קהילה; אויב ער באַטייליקט זיך אַפילו אין דער וואַל־פאַרזאַמלונג, טאָר ער בשום אופן נישט אַליין אויסגעוויילט ווערן... פאַרשטייט זיך אַז אייך די דאָזיקע הימלשרייענדיקע עוולות פון די קהילות האָבן באַקומען דעם הסכם פון וועד, וואָס איז דאָך אָנגעפירט געוואָרן דורך די קהילה־תקיפים גופא, די בכבודיקע „אלופים, רוזנים, מנהיגים און ראשים"... אין יאָר 1761 האָט דער וועד ליטע אָנגענומען אַ תקנה (תקנה תתפ"ג), אַז אין די פינף הויפּט קהילות און אין אַלע קהילות וואָס ציילן לכל הפּחות 300 בעלי־בתים טאָרן בעלי־

מלאכות נישט געהערן צו דער וואַל־פאַרזאַמלונג (אַסיפת רח״ש), אויב זיי זיינען דאָרט שוין פריער נישט געווען פאַרטראָטן, „און אַ פשיטא, אַז זיי מאָרן נישט געוויילט ווערן אין (דער פאַרוואַלטונג פון) קהל״...

ביי אַזאַ סיסטעם פון קהילה־וואַלן וואו די גבירישע קלאַסן פון סוחרים און ארענדאַרן אין פאַרבינדונג מיט פאַרמעגלעכע לומדים האָבן זיך געזיכערט די אויסשליסלעכע מאַכט, איז די שטייער־פּאָליטיק פון די קהילות געווען אויפגעבויט אויפן יסוד פון אומבאַגרענעצטער עקספּלאָאַטאַציע פון די ברייטע באַפעלקערונגס־שיכטן פון קרעמער, שענקער, און בעלי־מלאכות. דער אַמאָליקער סיסטעם פון באַשטייערן די מיטגלידער פון דער קהילה לויט זייער פאַרמעגן איז כמעט אומעטום בטל געוואָרן לגבי דעם נייעם שטייער־סיסטעם פון קאָראָבקע. די קאָראָבקע האָט אַרומגענומען סיי אומזאַץ־שטייער פון סוחרים, שענקער און געלט־לייער, סיי הכנסה־שטייער פון די פאַרדינסטן פון סוחרים, בעלי־מלאכות, מלמדים, בעלי־עגלות, משרתים א״אַ און בעיקר קאָנסומציע־שטייער. אין די גרויס־פוילישע קהילות האָבן די דאָזיקע קאַטעגאָריעס שטייערן, פונקט ווי אין ביימען, מיירן, געהייסן באַרדאָן אָדער פאַרדאָן־שטייער. דער אומזאַץ־שטייער פלעגט באַטרעפן פון צוויי דריטל פראָצענט ביז דריי פראָצענט פון פאַרקויף, דער הכנסה־שטייער — פון צוויי ביז צען און אַפילו דרייצן פראָצענט (ווילנע) פון ריוח, פאַרדינסט, אָדער שכירות. אַם שווערסטן האָט געדריקט די אַרבעטנדיקע מאַסן די קאָראָבקע פון עסנוואַרג, דער קאָנסומציע־שטייער. קהל האָט גענומען קאָראָבקע פון פלייש, 10—20 פראָצענט, פון שחטן בהמות און עופות, פון איינקויף פון ברויט, מעל, אַרבעס, גריננס, (אין ווילנע העכער 3 פראָצענט פון פרייז) און פון אַנדערע לעבנס־מיטלען. בלויז די קאָראָבקע פון כשר פלייש האָט באַטראָפן אין קלענערע קהילות בערך אַ דריטל, און אין גרעסערע שטעט (פויזן, ווילנע) ביז צוויי פינפטל פון אַלע הכנסות פון דער קהילה! קאָראָבקע האָט מען אויך אָפּגעצאָלט פון אייגענע, אָדער פאַרדונגענע דירות, פון אייגענעם, אָדער פאַרדונגענעם געוועלב; פון חתונות (אין ווילנע 7 גילדן מיט 10 גראָשן) און באַזונדער פון נדן, פון תנאים און ברית מילה, פון חלב און פון ליכט, פון פאַרשרייבן זיך אין צעך און פון באַקומען אַ „התמנות״ (נאָמינאַציע) אין צעך. קהל האָט אויך אַרויפגעלייגט אויף דער באַפעלקערונג אומדירעקטע שטייערן אין דער פאָרם פון מאָנאָפּאָלן. אין פויזן, ווילנע, וויטעבסק און אַנדערע שטעט, האָבן די קצבים געמוזט אָפּגעבן קהל אַ פעל פון די געשחטענע בהמות. גרעסערע קהילות האָבן אויך געהאַט אַ מאָנאָפּאָל אויף האַנדל מיט באַשטימטע סחורות, ווי זייד, פולווער, ווייַן, גלאָז, בלעך, בליי, אויף איינקויף פון וואָל א״אַ. די קהילה פלעגט פאַר אַ באַשטימטער סומע איבערגעבן דעם דאָזיקן מאָנאָפּאָל איינציקע אָדער עטלעכע סוחרים. אין אַ טייל שטעט (קורניק ביי פויזן) האָט די קהילה געהאַט אַ מאָנאָפּאָל אויף דער וואָג פון וואָל און אַנדערע (זשאָלקווע) אויף דער מאָס פון מעד. אין דראָהאָביטש רעכענען אויס די תקנות פון דער קהילה פון דער מיט 18טן י״ה 71 פאַרשידענע מינים קאָראָבקע־שטייער. אַזוי זיינען די יידישע מאַסן געווען פאַרפּלאָנטערט אין אַ נעץ פון אומציילִיקע קהילה־שטייערן, וואָס זיינען כמעט לחלוטין ניט פאַרוועדנט געוואָרן פאַר זייערע אייגענע באַדערפענישן.

דער דאָזיקער צושטאַנד איז אָבער אין משך פון 18טן י״ה נאָך פאַרערגערט געוואָרן צוליב די אויסטערלישע מיסברויכן מצד די קהילה־תקיפים. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַ טייל קהילות האָבן אויפגעהערט צו זיין די אָרגאַנען פון דעם גאַנצן גבירישן קלאַס און זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עקספּלאָאַטאַציע־געשעפט פון קליקעס אומברחמנותדיקע קהלניקעס. אין אַלע גרעסערע קהילות זיינען די העכסטע קהילה־אַמטן געווען אַ ירושה־זאַך פון עטלעכע געציילטע משפחות. אין קראָקע האָט די פאַמיליע יעקעלעס געוועלטיקט אין דער קהילה כמעט אומאיבערגעריסן אין משך פון 150 יאָר ביז צו דער ערשטער צעטיילונג פון פוילן. אין בראָד זיינען די וויכטיקסטע אַמטן אין דער קהילה געווען כסדר פאַרנומען דורך דער רייכער סוחרים משפחה באב״ד — ראַבינאָוויטש. אין ווילנע האָבן באַהערשט די קהילה אין משך פון גאַנצע דורות די געציילטע משפחות גאָרדאָן (אייניקלעך פון ד״ר אהרן גאָרדאָן), פעסעלעס,, אייניקלעך פון רבי משה רבקהש, פון רבי משה קרעמער און די משפחה גינצבורג־קלאַטשקאָ. געווען אפילו שטעט, וואו די חזקה פון באַשטימטע פאַמיליעס אויף קהילה־אַמטן איז סאַנקציאָנירט געוואָרן דורך בפירושע תקנות: אין אינאָוראַצלאַוו (לעסל) האָבן די צוויי רייכסטע פאַמיליעס פון דער שטאָט, הירש און יעלאָנעק, וואָס האָבן באַהערשט די קהילה אין משך פון 18טן י״ה, באַקומען אַ כתב פון דריי רבנים, אַז זיי האָבן די חזקה צו זיין רעפּרעזענטירט דורך צוויי מיטגלידער צווישן די פיר ראשי הקהל. אין פנקס פון שטעטל האָרקי (אָרשער קרייז) איז פאַרצייכנט אַן אָפּמאַך נאָך פונם סוף 17טן י״ה, לויט וועלכן די צוויי אַרענדאַרן דאַרפן זיין אַלע יאָר אין דער פאַרוואַלטונג פון דער קהילה, איינער אַלס ראש הקהל, דער צווייטער אַלס אַ שטעל־פאַרטרעטער („טוב״).

די הערשנדיקע משפחות אין די קהילות פלעגן

באַזעצן מיט אייגענע מענטשן אַלע באַצאָלטע אַמטן פון דער קהילה, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט ·אַ סך הכנסה און קודם כל אַלע אַמטן וואָס האָבן באַוואָרנט מיט מאַכט אין דער קהילה. זייערע אייגענע מענטשן פלעגן זיי נאָמינירן אַלס רבנים און דיינים, טובים (שטעל־פאַרטרעטער פון פרנסים) און גבאים פון מעכטיקע חברות. זיך אַליין און זייערע מקורבים פלעגן זיי באַלאַסטן מיט מינימאַלע שטייערן, אָדער אינגאַנצן באַפרייען פון שטייערן. דער איידעם פון ווילנער גאון, שמואל בן אליעזר, דערקלערט אין זיין ספר „דרכי נועם”, אַז איינער פון די מאָטיוון, צוליב וועלכע מען באַמיט זיך אויסגעוויילט צו ווערן פאַר אַ ראש הקהל, איז דאָס אַרויסדרייען זיך פון טראָגן דעם עול פון שטייערן גלייך מיט אַנדערע. אויך די דאָזיקע פראַקטיק פלעגט טיילמאָל סאַנקציאָנירט ווערן דורך בפירושע באַשלוסן פון קהל. עס פלעגט זיך טרעפן, אַז קהל האָט אַרויסגעגעבן אַ כתב איינצעלע גבירים און רבנים, אַז אין אנערקענונג פון זייערע פאַרדינסטן, ווי הלוואות אָדער השתדלות, ווערן זיי אַליין, אָדער זיי און זייערע קינדער באַפרייט פון קהילה־שטייערן (קראָקע, ווילנע, דובנע). די הערשנדיקע משפחות פלעגן אויך די קהילה־שטייערן און קהילה־מאָנאָפּאָלן אַרויסלאָזן אין אַרענדע אייגענע מענטשן. כאַראַקטעריסטיש איז אַזאַ פאַקט, וואָס איז פאַרשריבן געוואָרן אין פנקס פון דער קראָקעווער קהילה: אין יאָר 1692 איז איינעם, רבי הערש אויסגעדריקט געוואָרן אַ דאַנק אַלס אַ בעל טובה פון קהל דערפאַר, וואָס ער האָט אויסגעטראַכט אַ נייעם שטייער: אַ גראָשן פון אַ קווארטירל (אַ פערטל ליטער) בראָנפן. דער זעלבער „בעל טובה” האָט אַליין געפאַכט דעם נייעם שטייער פאַר 50 גילדן אַ וואָך... די חזקה, וואָס האָט אַמאָל געדינט ווי אַ מיטל צו באַגרענעצן אומערלעכע קאָנקורענץ, האָט איצט געהאַט קודם כל דעם צוועק צו פאַרגרעסערן די קהילה הכנסות. די חזקה אויף אַ באַשטימטער פרנסה פלעגט באַקומען דער, וואָס האָט דערפאַר געגעבן קהל די גרעסטע סומע.

אין גאַנץ פוילן, פון פויזן ביז ווילנע און מינסק, איז געווען אַ סאַנקציאָנירטער מנהג, אַז קהל האָט גענומען געלט פאַר נאָמינאַציעס אויף אַלע אַמטן, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט אַ געהאַלט, אָדער מיט זייטיקע הכנסות. דאָס געלט, וואָס די באַאַמטע האָבן איינגעצאָלט איז פאָרמעל באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ הלוואה, און ממילא זיינען זיי געווען זיכער מיט זייערע שטעלעס, היות קהל האָט בדרך כלל די „הלוואה” קיינמאָל נישט אָפּגעגעבן. דער איידעם פון „נודע ביהודה”, יוסף „הצדיק” האָט געגעבן קהל דריי הונדערט דוקאַטן אַלס אַ נאָרמאַלן אָפּצאָל פאַר דער שטעלע פון רב אין פויזן. דער יסו״ד פון ווילנע האָט געגעבן קהל 24 טויזנט גילדן פאַר דער נאָמינאַציע פון זיין איידעם שמואל בן אביגדור אויף אַ רב און אב בית דין. דער איידעם אַליין האָט צוגעגעבן 6 טויזנט גילדן ווען ער האָט איבערגענומען דאָס רבנות. אַזעלכע גרויסע סומעס האָבן זיך געלוינט נישט אַזוי ווייט צוליב דעם געהאַלט (אין ווילנע — 27 גילדן אַ וואָך) ווי צוליב די ריזיקע זייטיקע הכנסות: דער ווילנער רב פלעגט נעמען אַ חוץ פסק־געלט פון יעדן דין תורה, רח״ש אד״גל.. אַ באַשטימטן פראָצענט פון אַלע אַרענדעס און פון דער קאָראָבקע. דער פינסקער רב אַביגדור בן חיים, וואָס איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן דורך די קאַרלינער חסידים, האָט זיך באַקלאָגט פאַר דער רוסישער רעגירונג, אַז ער האָט היזק 400 רויטע גילדן (7200 פוילישע גילדן), וואָס ער האָט געהאַט געגעבן דער קהילה, אחוץ „גוט־געלט”, וואָס ער האָט באַצאָלט דעם שררה פון דער שטאָט. אַפילו אין אַזאַ שטעטל ווי שווערזענץ (ביי פויזן) האָט די „הלוואה” פון רב פאַר זיין אַמט באַטראָפן טויזנט גילדן. ריזיקע „הלוואות” פאַר זייערע אַמטן פלעגן אויך געבן די דיינים (ווילנע, מינסק), באַדייטנדיקע הלוואות, אָדער געלט־מתנות פלעגט קהל נעמען פון ניי־אויפגענומענע שוחטים, חזנים (פויזן, ווילנע), און אַפילו פון שמשים. אין ווילנע האָט אַ שמש פון „אַלטן קלויז” געצאָלט קהל הונדערט גילדן פאַר זיין שטעלע, אין פויזן פלעגט די נאָמינאַציע אויף אַ שמש קאָסטן פון 18 ביז 30 דוקאַטן לטובת קהל. דער אָפיציעלער געהאַלט פון שמש האָט נישט באַטראָפן מער, ווי איין גילדן אַ וואָך.

די פאַרקויפלעכקייט פון שטעלעס איז אָבער ניט געווען באַגרענעצט בלויז צו באַצאָלטע קהילה־אַמטן: נאָך מער שטוינענדיק איז דער פאַקט, וואָס אין געוויסע קהילות פלעגט מען פירן אַן אָפענעם האַנדל אַפילו מיטן פאַסיוון און אַקטיוון וואַל־רעכט צו די קהילה־אינסטאַנצן! אין ווילנע פלעגט קהל נעמען פאַר אַ „פּיתקא” (אַ קוויטל), ד״ה פאַרן רעכט אנטיילצונעמען אין דער וואַל־פאַרזאַמלונג (אסיפת רח״ש) 135 גילדן; פאַר דעם טיטול „מי שהיה ראש הקהל”, וואָס האָט זיך געפאָדערט, כדי געוויילט צו ווערן אין דער פאַרוואַלטונג פון דער קהילה, איז געווען דער אָפיציעלער פרייז 360 גילדן. אין יאָר 1774 האָבן די הכנסות פון ווילנער קהל פון פאַרקויף פון די דאָזיקע וואַל־רעכט באַטראָפן 8,154 גילדן, נישט קיין סך ווייניקער, ווי די נאָמינאַציעס אויף געצאָלטע קהילה־אַמטן (רב, דיין, שוחט, אאַז״וו), וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אין דעם זעלבן יאָר בערך 10 טויזנט גילדן. אַזוי ווי אויך די אָפּצאָלן פון וואַל־רעכט זיינען אין פרינציפּ באַטראַכט געוואָרן פאַר אייביקע „הלוואות”, האָבן די קויפער געהאַט אַ רעכט צו פאַרקויפן זייערע רעכט ווען זיי האָבן געוואָלט, דערפאַר, וואָס

קהל האָט זיי דאָס געלט נישט אָפגעגעבן. אַזוי למשל האָט דער ווילנער גביר אַבעלע בן וואָלף אין יאָר 1784 איינגעקויפט ביי קהל פאַר אַ „הלוואה״ פון 2700 גילדן 6 „קוויטלעך״ וואָס האָבן באַרעכטיקט צו מיטגלידערשאַפט אין דער וואַל־פאַרזאַמלונג (אסיפת רח״ש) און 6 טיטולן „מי שהיה מנהיג״. אין יאָר 1788 האָט ער געגעבן קהל נאָך אַ גרעסערע הלוואה פון 3600 גילדן און האָט דערפאַר באַקומען אַן אָפיציעלן כתב, וואָס האָט אים באַרעכטיקט צו פאַרטיילן 10 נאָמינאַציעס „מי שהיה ראש הקהל״... פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ אַבעלע האָט שוין געוועלטיקט אין דער קהילה ווי אויף אַן אייגענעם פאָלוואַרק! אַזוי איז די דיקטאַטור פון גבירים־קלאַס אין די קהילות נאָך דעגראַדירט געוואָרן צו אַ מצב פון אָפענער הפקרות דורך דער דיקטאַטור פון ענגע קליקעס קהלשע תקיפים.

די מחלוקות צווישן קהל־קליקעס פלעגן אָפט דערפירן דערצו, אַז די מאַכט אין דער קהילה פלעגט איבערנעמען איין תקיף, אַ דיקטאַטאָר. אַזעלכע קהילה־דיקטאַטאָרן, על פי רוב, געמיינסטע אויסוואורפן, גנבים און פאַרברעכער, פלעגן פונקט ווי די קליקעס זיך באַנוצן מיט דער הילף פון שררות, שטאָט־פריצים, סטאַראָסטעס און וואָיעוואָדעס, וואָס האָבן פאַר שוחד מכפר געווען אויף אַלע מעשים תעתועים פון זייערע פראָטעגירטע פיגורן. זלמן, דער דיקטאַטאָר פון דראָהאָביטשער קהל אין דער מיט פון 18טן י״ה, איז אַמאָל, אין דער יוגנט, געהאַט געווען פאַרמשפט פאַר סמען זיין בעל־הבית, וואָס האָט אים געכאַפט ביי דעפרוידאציע. אין וואַרשע, וואו עס איז נישט געווען דערלויבט קיין אָרגאַנירטע קהילה, האָט פאַרוואַלטעט מיט די ענינים פון דער ייִדישער באַפעלקערונג דער סינדיק (שתדלן). די וואַרשעווער שתדלנים זיינען געווען נאָכאַנאַנד פאַרשוינען, וואָס זיינען געווען פאַרמישט אין פראָצעסן וועגן געלט־פעלשן, סטעמפל־פעלשן, גנבות און ענלעכע מעשים. איינער פון די וואַרשעווער שתדלנים, וואָס איז געזעסן אויף זיין אַמט אַרום אַ פערטל יאָרהונדערט, פסח חיימאָוויטש, איז געווען אַ מסור־שאַנטאַזשיסט, וואָס האָט אַליין געהאַט אויף זיך פראָצעסן נישט בלויז וועגן געפעלשטע וועקסלען, נאָר אַפילו וועגן פאַרבינדונג מיט אַ מערדער־באַנדע. פייבוש אַבראַמאָוויטש, דער דיקטאַטאָר פון קראָקעווער קהל אין די זיבעציקער יאָרן פון 18טן י״ה, וואָס האָט מיט דער הילף פון וואָיעוואָדע זיך געלאָזט אויסרופן פאַר אַ „פרעמיער״ און „עלטסטן מנהיג״, פלעגט נאָך פריער אויספרעסן געלט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אַלס פאַקטאָר פון מאַרשאַלעק פון דער בארער קאָנפעדעראַציע. מיטן אויסנאַם פון וואַרשע זיינען די דיקטאַטאָרן פון יחידים געווען בלויז קירצערע, אָדער לענגערע עפיזאָדן, נאָך וועלכע עס איז צוריקגעקומען די „נאָרמאַלע״, אָבער נישט ווייניקער אַכזריותדיקע הערשאַפט פון גאַנצע קליקעס.

די געוויינלעכע מיטלען פון עקספלאָאַטירן די ייִדישע מאַסן דורך אויסטערלישע קאָראָבקעס, חזקות און מאָנאָפאָלן, זיינען ווייט נישט גענוג געווען, כדי אָנצושטאָפן די טיפע קעשענעס פון די קהילה־קליקעס. די איינציקע ליכטיקע זייט פון דער קהל־טעטיקייט, די פאַרטיידיקונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג קעגן עקאָנאָמישע און פאָליטישע גזירות און די הילף־אַקציע פאַר אומגליקלעכע יחידים, קרבנות פון הפקרות פון גלחים און שלאַכטע, איז אויסגענוצט געוואָרן דורך די קהל־תקיפים ווי איינע פון די בעסטע געלעגנהייטן פאַר מיסברויכן. מיר האָבן שוין געזען, וואָס פאַר אַ ריזיקע הוצאות די ייִדישע קהילות פלעגן מוזן אויסטראָגן אויף שתדלנות בעת פראָצעסן מיט דער שטאָט וועגן האַנדלס־רעכט, אויף מתנות פאַר באַאַמטע, סיים־דעפוטאַטן און סיימיקעס, אויף לא יחרץ געלט פאַר גלחים און יעזואיטן. בערך נישט קלענער זיינען געווען די סומעס, וואָס קהל פלעגט אויסגעבן כדי צו באַפרייען איינצעלע ייִדן פון תפיסה ביי פריצים און גלחים. די דאָזיקע אַקציעס פון סאָלידאַרישקייט פון דעם אונטערדריקטן פאָלק זיינען אָבער פאַרטונקלט געוואָרן דורך די שענדלעכע מיסברויכן מצד די קהילה־אפוטרופסים. דווקא די אויסערגעוויינלעכע הוצאות פון דעם דאָזיקן מין, וואָס האָבן באַטראָפן דעם גרעסטן חלק פון קהילה־בודזשעט, איז געווען צום שווערסטן צו קאָנטראָלירן, ווייל קיין קבלות האָט מען אין אַזעלכע פאַלן נישט געקאָנט צושטעלן. האָבן טאַקע די קהילה־תקיפים פאַראַזיטירט אויף די שווערסטע גזירות קעגן די ייִדישע מאַסן, אויף דעם אומגליק פון ייִדישע קרבנות פון יעזואיטישע מלאכי־חבלה און הפקרדיקע, צעווילדעוועטע פריצים.

פונקט אַזעלכע פאַרברעכערישע מיסברויכן זיינען באַגאַנגען די קהילה־הערשער מיט קהלשע חובות. די חובות פון די קהילות זיינען אַזוי אויך געוואַקסן אומאויפהערלעך צוליב דעם אַלץ שווערן עול פון ייִדישע שטייערן און צוליב די אַלץ אָפטערע הוצאות אויף אָפצואווענדן גזירות און בילבולים; אָבער די קהלשע „פאַרזאָרגער״ פונקט ווי די מנהיגים פון לאַנד־וועדים און די פרנסים פון צענטראַלע וועדים האָבן נאָך געפירט אַ באַוואוסטזיניקע פאָליטיק פון אויפנעמען אַלץ גרעסערע נייע חובות און פון פאַרשלעפן, ווי ווייט עס האָט זיך נאָר געלאָזט, דאָס אָפצאָלן די אַלטע חובות. דער רוב חובות פון די קהילות איז באַשטאַנען פון לאַנג־טערמיניקע הלוואות, פון וועלכע מען האָט געצאָלט צינזן פון 7 ביז 10 פראָצענט. נאָכדעם ווי דער סיים האָט באַ־

שלאָסן צו ליקווידירן די חובות פון וועד און פון די קהילות איז די צינז־נאָרמע פון די אַלטע קהילה־חובות באַשטימט געוואָרן אַ סך נידעריקער, דריי פראָצענט. דער צינז פון קורץ־טערמיניקע הלוואות האָט אָבער אין דער זעלבער צייט באַטראָפן 18 ביז 24 פראָצענט. דאָ האָט זיך געעפנט אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון צוגאָב־ריווח פאַר די קהל־הערשער. זיי, צוזאַמען מיט זייערע מקורבים, פלעגן פירן זייער מסחר און אַרענדע־געשעפטן מיט די געלטער פון דער קהילה. זיי פלעגן אויסבאָרגן די קהילה־געלטער אויף הויכע פראָצענטער נויט־באַדערפטיקע סוחרים, קרעמער און בעלי־מלאכות און דעם ריווח אַריינשטעקן אין דער אייגענער קעשענע. די דאָזיקע שפעקולאַציע מיט קהילה־חובות האָט עפנטלעך אויפגעדעקט דער „טריבון פון פאָלק", שמעון בן וואָלף פון ווילנע, אין דער בראָשורע, וואָס ער האָט אין יאָר 1789 אָנגעשריבן אין דער תפיסה. אַזאַ סיסטעם פון אויסנוצן דעם קהילה־קרעדיט פאַר זיך און פון צווינגען די בעלי־בתים אונטערצושרייבן וועקסלען פאַר די הפקרדיקע הלוואות האָבן אויך געפירט די קהל־קליקעס אין קראָקע אין משך פון גאַנצן 18טן י"ה. אויף די זעלבע מאַכינאַציעס מיט קהילה־חובות ווייזן אָן די מינסקער בעלי־מלאכות אין זייער אָנקלאַגע צו דער מאַכט אין יאָר 1777 און אין יאָר 1782 באַקלאָגן זיי זיך אויף נאָך געמיינערע פאַרברעכנס פון קהל: די מינסקער קהילה־תקיפים פלעגן אויסשטעלן זייערע קרובים און מקורבים קבלות אויף הלוואות, וואָס זיינען קיינמאָל נישט אַריינגעפלאָסן אין דער קהלשער קאַסע, און זיי האָבן געצאָלט פון די דאָזיקע פיקטיווע הלוואות ריזיקע צינזן, ביז 30 פראָצענט אַ יאָר, פון קהלשע געלטער.

ביי אַזאַ פאַרברעכערישן באַלעבאַטעווען מיט קהלשע געלטער האָבן די חובות כסדר אַלץ טיפער זיך אַריינגעשניטן אין לעבעדיקן לייב פון דער יידישער באַפעלקערונג. בלויז די צינזן פון די חובות האָבן באַטראָפן סיי אין גרויסע קהילות, ווי ווילנע, סיי אין קלענערע קהילות, ווי ריישע, בערך אַ פינפטל פון אַלע קהילה־הוצאות. אין דער קהילה זשאָלקווע האָבן די צינזן צוזאַמען מיט די ראַטעס פון חובות באַטראָפן אין יאָר 1750 קרוב 46 פראָצענט, כמעט אַ העלפט, פון אַלע הוצאות. אין אַ קלענערער קהילה, ווי מעזריטש, האָבן אויך די ראַטעס־אָפּצאָלונגען און צינזן פון חובות באַטראָפן אין די יאָרן 1759—1761 העכער צוויי־פינפטל פון אַלע קהילה־הוצאות. אויב די געפייניקטע יידישע מאַסן האָבן געשלעפט אויף זייערע פלייצעס דאָס שווערע יאָך פון דער הערשאַפט פון שלאַכטע און קלער אין לאַנד, האָבן די קהילה־טאַטעס דעם דאָזיקן עול אַזוי באַשווערט, אַז ער האָט ממש צוגעדריקט צו דער ערד!

כדי צו ברעכן דעם ווידערשטאַנד פון די מאַסן קעגן אַזאַ סיסטעם פון הפקרדיקער עקספּלאָאַטאַציע האָבן די קהילה־תקיפים אָנגעווענדט נייע, ראַפינירטע מיטלען פון רעפּרעסיע, אַחוץ די אַלטע מיטלען פון אַריינלייגן אין חרם, אַריינזעצן אין תפיסה און אַריינשטעלן אין דער קונע. מען פלעגט פאַרשרייבן דעם ווידערשפעניקן אין „שוואַרצן פנקס" (ווילנע, פויזן א. א.); מען פלעגט אים רואינירן פינאַנציעל דורך אויסשטעלן וועקסלען אויף זיין נאָמען, אונטערגעחתמעט דורך שמשים, און צווינגען אים זיי צו דעקן (קראָקע, ווילנע, מינסק); מען פלעגט אים צונעמען די חזקה און דערמיט אָוועקנעמען די מעגלעכקייט פון פרנסה; מען פלעגט אונטער די אויגן אַרויסגעבן אויף אים אַ פסק־דין פון בית־דין. כדי צו באַוואָרענען, אַז דעם רב זאָל נישט איינפאַלן זיך אָנצונעמען פאַרן גערודפטן, פלעגט זיך טרעפן, אַז קהל האָט אין נאָמינאַציע־אָפּמאַך פאַרפליכטעט דעם רב אונטער אַ שבועה, אַז ער טאָר נישט צושטיין צו קיין שום אָפּאָזיציע קעגן קהל (ווילנע). אין די ליטווישע און ווייסרוסישע קהילות איז געווען איינגעפירט די אינסטיטוציע פון „רודף נעלם" („פאַרהוילענער רודף") וואָס האָט געהאַט די אומבאַגרענעצטע מאַכט צו רודפן דעם מורד אַזוי לאַנג, ביז ער וועט זיך נישט אונטערגעבן. דעם „רודף נעלם" פלעגן אויסקלייבן די שמשים פון קהל אויף אַ געהיימער באַראַטונג. אויב די אַלע מיטלען האָבן נישט געהאָלפן, פלעגט קהל מסרן דעם קרבן פון זיינע רדיפות פאַרן וואָיעוואָדע, סטאַראָסטע, אָדער דעם פּריץ פון דער שטאָט. אין מאָמענטן ווען די אָפּאָזיציע קעגן קהל איז אויסגעבראָכן אין אַן אָפענעם קאַמף, פלעגט קהל פאַר זיך דעקרעטירן אויסערגעוויינלעכע פולמאַכן און אויסרופן אַן אויסנאַם־צושטאַנד, וואָס האָט זיך גערופן „חטאת־הקהל" (זינד קעגן קהל). אויפן יסוד פון אַ באַשלוס וועגן חטאת־הקהל האָבן די קהילה־פאַרוואַלטער זיך גענומען דעם אומבאַגרענעצטן רשות צו באָרגן געלט, וויפיל עס איז נאָר נייטיק כדי צו דערשטיקן דעם „בונט". די קאָסטן פון קאַמף קעגן די „פּורצי־גדר" האָבן בכן געמוזט אויסטראָגן די אונטערדריקטע מאַסן אַליין. די חוצפה פון די קהילה־טיראַנען איז געווען אַ ווערדיקע דערגאַנצונג פון זייערע גנבות, גזילות און געוואַלט־אַקטן!

### ב) די חברות.

פונקט אַזאַ אָליגאַרכיש־היעראַרכישער סיסטעם ווי אין די קהילות, האָט געהערשט אין די וויכטיקסטע חברות, וואָס האָבן זיך אָפט אַנטוויקלט אַלס זעלבסטשטענדיקע אָרגאַניזאַציעס פון אַמאָליקע קאָמיסיעס ביי דער קהילה. נישט מער, וואָס אין די חברות האָט די אויסנוצונג פון די מיטגלידער דורך דער פאַרוואַלטונג און די מיסברויכן מצד די גבאים

נישט געקאָנט דערגרייכן די מדרגה, וואָס אין די קהילות, ווייל זיי האָבן נישט פאַרמאָגט די זעלבע מאַכט־מיטלען. נישט געקוקט אויף זייער היעראַרכי־שער אָרגאַניזאַציע האָבן די מערסטע חברות אויסגע־פירט וויכטיקע פונקציעס פון סאָציאַלער הילף, אָן וועלכע די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך לחלוטין נישט געקאָנט באַגיין.

די חברות זיינען געשטאַנען אונטער דער די־רעקטער קאָנטראָל פון קהל. אין ליטע, האָט לויט אַ תקנה פון וועד פון יאָר 1687 (תקנה תתי״ז), אַ חברה נישט געטאָרט האָבן מער ווי צוויי גבאים געוויילטע, די אַנדער צוויי גבאים האָבן געמוזט נאָמינירט ווערן דורך די ראשי־הקהל. בלויז די חברה־קדישא פון קברנים, די מעכטיקסטע פון אַלע חברות, האָט אויך לויט דער דאָזיקער תקנה געמעגט האָבן אַ געוויילטע פאַרוואַלטונג. פאַקטיש איז אָבער אויך אין דער דאָ־זיקער חברה די פאַרוואַלטונג באַשטאַנען פון פירער פון קהל.

די „חברה קדישא פון קברנים", אָדער „חברה קדישא גמילות חסדים של אמת", בקיצור אָנגערופן „חברה קדישא", האָט לויט אירע פונקציעס ממילא געהאַט אַ גרויסע מאַכט איבער דער באַפעלקערונג פון דער קהילה. די חברה קדישא האָט באַשטימט די אָפּצאָלן פאַר קבורה אין יעדן פאַל לויט איר איינזען. זי פלעגט מיסברויכן מיט דעם דאָזיקן רעכט כדי אויסצופרעסן ריזיקע סומעס פון יורשים, וואָס זיינען איר נישט געווען ניחא. די חברה האָט אויך וויל־קירלעך באַשטימט אַ קרקע פאַרן קבר און גוזר געווען אָן אַפּעלאַציע, ווער עס זאָל פאַר זיינע „חטאים" באַ־גראָבן ווערן אונטערן פלויט, אָדער גאָר „קבורת חמור". די גרעסטע גבירים און לומדים פון דער שטאָט פלעגן זיך פאַרשרייבן אין דער חברה קדישא כדי צו זיכערן זיך אַ השפעה אויף אירע פונקציעס. אין ווילנע האָט געהערט צו דער חברה קדישא דער באַרימטער גאון אליהו.

אין אַ ריי קהילות האָבן עקזיסטירט צוויי אָדער דריי חברות קדישות, וואָס זיינען געווען פאַרשידן סיי לויט זייערע פונקציעס, סיי לויט דעם סאָציאַלן באַ־שטאַנד פון מיטגלידער. אין דער שטאָט ליסע האָבן ביז צו דער פאַראייניקונג אין יאָר 1787 פונקציאָ־נירט דריי חברה קדישות: חברה מטהרי מתים, נושאי מטה און חברה קברנים. אין פרזשעמישל איז אַ חוץ דער אייגנטלעכער חברה קדישא געווען נאָך אַ חברה קברנים און די צוויי חברות פלעגן צווישן זיך האָבן כסדר סיכסוכים. דעם סאָציאַלן יסוד פון דער דיפערענצירונג פון די חברה קדישות קענען מיר צום בולטסטן זען אויפן ביישפיל פון ווילנע. אין ווילנע איז געווען אַ חברה קברנים, וואָס האָט זיך גערופן „חברה קדישא גדולה", אַ „חברה קדישא קטנה" און אַחוץ דעם אַ ווייבערישע „חברה דנשים צדקניות". צו דער חברה קדישה גדולה האָבן גע־הערט די מצוות פון לוויה־ריטואַל, וואָס האָבן זיך גערעכנט פאַר אַ כבוד און אירע מיטגלידער האָבן זיך גערופן „חברים". די מיטגלידער פון דער חברה קדישא קטנה, וואָס האָבן זיך גערופן „שמשים", זיינען געווען כמעט אויסשליסלעך בעלי־מלאכות. זיי האָבן אויסגעפירט די שווערע אַרבעטן ביי קבורה, ווי גראָבן דעם קבר אד"גל. דאָס איינשרייב־געלט איז געווען גראַדואירט, אין דער ח"ק גדולה 40 גילדן, אין דער ח"ק קטנה 16 גילדן. די גבאים פון דער חברה קדישא גדולה זיינען געווען געוויילטע, בעת די גבאים פון דער חברה קדישא קטנה זיינען געווען נאָמינירט דורך די גבאים פון דער העכערער חברה. אפילו דער נאמן (קאַסירער) פון דער חברה קדישא קטנה האָט געמוזט באַשטעטיקט ווערן דורך דער חברה קדישא גדולה, און די חשבונות האָבן געמוזט קאָנטראָלירט ווערן דורך די גרויסע גבאים. די קהילה־פאַרוואַל־טונג האָט זיך געזיכערט אַ מערהייט אין דער פאַר־וואַלטונג פון דער חברה קדישא גדולה דורך ספּע־ציעלע תקנות. פון די פיר גבאים פון דער חברה האָבן דריי געמוזט האָבן דעם ראַנג „מי שהיה ראש", אָדער „מי שהיה מנהיג". אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י"ה האָט די חברה קדישא גדולה אין ווילנע איינגעפירט לויטן ביישפיל פון דער קהילה דעם סיסטעם פון פאַרקויפן נאָמינאַציעס אויף מיטגלידער און גבאים. מען פלעגט דעמאָלט קויפן מיטגלידער־שאַפט אין דער חברה אפילו פאַר קינדער אין עלטער פון 10 יאָר. (אין אַסטראָ פלעגט מען פאַרשרייבן קינדער אין דער חברה קדישא אפילו באַלד נאָכן געבוירן ווערן ווי אַ מין סגולה צו אריכות ימים). די ווילנער חברה קדישא האָט געהאַט אַן אייגענע „קלויז הקברנים" און די חברה קדישא קטנה האָט געהאַט אַן אייגענעם דיין און מגיד.

אין דער חברה קדישא אין אָסטרהא איז דער אָליגאַרכישער סדר סאַנקציאָנירט געוואָרן אין אַ תקנה פון יאָר 1764: אַ גבאי האָט געמעגט זיין בלויז אַ מיטגליד מיטן טיטול מורנו.

די מיסברויכן מצד די חברות און קהילות אין שייכות מיט אָפּצאָלן פאַר קבורה זיינען געווען אַזוי גרויס, אַז דער וועד מדינת ליטע האָט אין יאָר 1761 באַשטימט וועגן דעם ענין ספּעציעלע תקנות (תקנה תתקע"ב): מען טאָר נישט פאַרהאַלטן די קבורה, נישט צוליב די תביעות פון דער חברה קדישא און נישט צוליב די שטייער־תביעות פון דער קהילה אָדער פון אַרענדאַרן פון דער קאָראָבקע און אַנדערע קהילה־שטייערן... מען טאָר נישט נעמען פאַר דער לוויה פון אַן עושר מער ווי זעקס הונדערט גילדן און פון אַ מיטלמעסיק פאַרמעגלעכן מער ווי צוויי הונדערט

גילדן. אויב ביי אַן אָרימער לוויה וועט זיין אַ סיכסוך, צי מען זאָל דעם מת מקבר זיין אויפן חשבון פון דער חברה קדישא, אָדער אויפן חשבון פון דער צדקה־חברה, דאַרף דער ענין תיכף פאַרגעלייגט ווערן די דיינים. דאָס ווילנער בית־דין האָט אָבער שוין אין יאָר 1774 בפירוש געפּסקנט, אַז מען מעג נע־מען פאַר קבורה מער ווי דאָס מאַקסימום, ווייל די תקנות פון וועד האָבן זיך נישט אָנגענומען...

די חברה קדישא פלעגט אויסברענגען ריזיקע סומעס אויף סעודות פאַר אירע מיטגלידער. אַזעלכע סעודות פלעגט די חברה קדישא אין ווילנע איינ־אָרדענען דעם 15טן טאָג אין כסליו, ביי דער געלעגנ־הייט פון אויפנעמען נייע מיטגלידער. אַ באַזונדערע סעודה פלעגן זיך אין יענעם טאָג מאַכן די גבאים און פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון דער חברה קדישא גדולה, אַ „סעודת באָרשץ". די שמשים, ד"ה די חברה קטנה פלעגן מאַכן סעודות שבת נאָך פסח („שבת געלע מצות") און שבת נאָך סוכות. אין יאָר 1786 האָט די חברה קדישא באַשלאָסן, אַז מען זאָל נישט אויסגעבן מער ווי 200 גילדן אויף סעודת ט"ו כסליו און 200 גילדן אויף סעודת שמשים. אין יאָר 1793 איז דאָס מאַקסימום פון הוצאות אויף סעודת ט"ו כסליו גע־העכערט געוואָרן אויף 700 גילדן. די סעודהלעך און אַנדערע מיסברויכן האָבן טאַקע דערפירט דערצו, אַז נישט געקוקט אויף דער הפקרות ביים באַשטימען קבורה־געלטער האָט די ווילנער חברה קדישא אין יאָר 1784 געהאַט חובות פון קרוב 12 טויזנט גילדן. אין אָסטראָה פלעגט די חברה קדישא (גמילות חסדים של אמת) איינאָרדענען סעודות אויך פאַר אַנדערע חברות פון דער שטאָט, ווי חברה תהלים, חברה משניות און אַנדערע.

די צווייטע וויכטיקסטע חברה נאָך דער חברה קדישא איז געווען אין אַלע גרעסערע קהילות די „חברה צדקה גדולה", וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו שטיצן אָרימע לייט און אורחים. די גבאי־צדקה פלעגן באַשטימען „פּלעטן", ד"ה אָנווייזונגען פאַר די בעלי־בתים אויפצונעמען אורחים אויף שבת און יום־טוב. אין ליסע האָט מען פון יעדע 10 גילדן סכום קהילה־שטייער געדאַרפט אויפנעמען איין אורח אַלע שבת, אָדער באַצאָלן אַ גילדן פאַר דעם דאָ־זיקן צוועק. די גבאי צדקה גדולה האָבן אויך גע־האַט די השגחה איבער דער גרויסער שול (קראָקע, פּויזן, ווילנע). אין אַ טייל גרויסע קהילות, ווי ליסע, זיינען די גבאי־צדקה געווען אַ קאָמיסיע ביי דער קהילה. אָבער אפילו אין יענע שטעט, וואו די „צדקה גדולה" האָט זיך אויסגעטיילט פון דער קהילה, ווי אַ זעלבסטשטענדיקע חברה, פלעגן די גבאים געוויילט ווערן אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון דער קהילה דורך די זעלבע בוררים און לויט די זעלבע כללים, ווי די גבאים פון דער קהילה. די הכנסות פון דער חברה זיינען באַשטאַנען פון דירעקטע הוספות צום סכום קהילה־שטייער (אין ליסע — 5 פּראָצענט), פון די שטעט, עליות און אַנדערע כיבודים אין די שולן און בתי־מדרשים, פון אַ ספּעציעלן אָפּצאָל פון שחיטה, פון אתרוגים, פון מאַלן קאָרן אויף פסח, פון באַ־שטימטע שפּייז־געוועלבער א. א. אין אַ טייל שטעט (ווילנע) איז די צדקה גדולה געווען אַ מין קליינע קהילה אין דער קהילה, סיי לויט איר באַשטייערונג־סיסטעם, סיי לויט אירע פונקציעס. אין ווילנע האָט די צדקה גדולה גענומען צוויי־דריטל פון די הכנסות פון דער חברה קדישא קברנים און דערפאַר האָט זי זיך באַטייליקט אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע אין אויסהאַלטן דעם בית עולם און געטראָגן אויך אַ טייל קאָסטן פון דער סעודת שמשים אין ט"ו כסליו.

אויך דאָס אויסהאַלטן די תלמוד תורה און די השגחה איבער די חדרים איז אין אַ טייל קהילות אַריבערגעגאַנגען פון די הענט פון דער קהילה־קאָ־מיסיע אין רשות פון אַ באַזונדערער חברה. די הכנסה פון דער חברה תלמוד תורה איז באַשטאַנען פון נדבות, מיטגליד־אָפּצאָלן, אָבער אויך פון צוואַנג־ביישטייערונ־גען. אין ווילנע זיינען לויט דער תקנה פון יאָר 1759 אַלע מלמדים פון דער שטאָט געווען מחוייב צו צאָלן אַ פופצנטל פון זייערע שכירות פאַר דער תלמוד תורה!

די אויפגאַבע פון באַזאָרגן שטיצע פאַר אָרימע קראַנקע, אָרימע געווינערינס און אָרימע אבלים (אַן אבל האָט נישט געטאָרט אַרבעטן בעת ער איז גע־זעסן שבעה) האָט על־פּי־רוב געהערט צו דער חברה קדישא קברנים, אָדער צו אַ ספּעציעלער אָפּטיילונג ביי דער דאָזיקער חברה. אַזוי איז געווען אין מינסק, וואַרשע (פּאַרשטאָט פּראַגע), ליסע, אָסטראָ, ריישע און על־פּי רוב אין די קליינע קהילות. אין אַ טייל גרויסע קהילות, ווי למשל אין ווילנע, דובנע, האָט עקזיסטירט אַ באַזונדערע חברה ביקור חולים, וואָס האָט זיך פאַרנומען סיי מיט שטיצע פאַר אָרעמע קראַנקע, סיי מיט אויסהאַלטן דאָס שפּיטאָל און דעם הקדש פאַר אָרימע לייט. די הכנסות פון דער חברה זיינען אַריינגעגנומען פון נדבות און מיטגליד־אָפּצאָלן.

מיט פאַרטיילן שטיצע פאַר אָרימע לייט פלעגן זיך פאַרנעמען עטלעכע חברות אין אַ קהילה. אין דובנע זיינען אין 18טן י"ה געווען טעטיק אויף דעם דאָזיקן געביט די חברות: פּרנסת עניים, הלוואת חן, הכנסת־כלה, הכנסת אורחים און גמילות חסדים.

די טענדענץ אַראָפּצוואַרפן פון זיך וואָס מער הוצאות און פליכטן אויף באַזונדערע חברות מיט איי־גענע פאָנדן און אייגענע ביישטייערונג־סיסטעמען האָט אין אַ טייל קהילות דערפירט דערצו, אַז אפילו די קהילה־קאָמיסיע פאַר בוי־ענינים און סאַניטאַרע ענינים איז אויסגעטיילט געוואָרן אין אַ באַזונדערער

חברה. אין ווילנע האָט די דאָזיקע חברה געהייסן „חברה קדישא בדק הבית", אירע גבאים פלעגן נאָמינירט ווערן דורך קהל אויף דריי יאָר. די חברה האָט געהאַט אירע הכנסות פון אָפּצאָלן פון הויזבאַזיצער פאַר וואַסער, פאַר אויסרוימען מיסט, פון ספּעציעלע אָפּצאָלן פון חתונות און אפילו פון אַ שטייער פון בעלפערס ביי מלמדים און געזעלן ביי בעלי־מלאכות. די הכנסות פון דער חברה פלעגן פאַרפּאַכט ווערן פונקט ווי קהילה־שטייערן. אויך אַן אַנדערע פונקציע פון דער קהילה, פדיון שבויים, איז אין אַ טייל שטעט (ליסע, דובנע) צוליב די דערמאָנטע סיבות איבערגענומען געוואָרן דורך אַ באַזונדערער חברה.

אונטער דער דירעקטער השגחה פון דער קהילה זיינען אויך געשטאַנען די חברות פון אַ ריין רעליגיעזן, אָדער רעליגיעז־קולטורעלן כאַראַקטער, ווי חברה תהלים, חברה משניות, „קובע עתים לתורה", חברה השכמה (אָדער חברה „שומרים לבוקר"), חברה נר תמיד, נר תפילה, חברה סנדקאות און אַנדערע. די שטרענגסטע קאָנטראָל האָט אָבער די קהילה אויסגעפירט איבער די יידישע צעכן פון בעלי־מלאכות, וואָס האָבן זיך אויך גערופן חברות קדישות. דאָ האָט די קהילה געהאַט צו טאָן מיט די אָרגאַניזאַציעס פון יענע ברייטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָבן נישט געהאַט די מינדסטע דעה נישט אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג, נישט אין די איינפלוסרייכע קברנים־חברות און צדקה־חברות און דערביי אויסגעטראָגן די שווערסטע לאַסטן פון קהלס אויסטערלישער עקספּלואַטאַציע.

### ג) יידישע צעכן פון בעלי־מלאכות

די ערשטע צעכן פון יידישע בעלי־מלאכות אין פוילן זיינען אַנטשטאַנען נאָך אין 16טן י"ה. אין 17טן י"ה האָבן שוין עקזיסטירט יידישע צעכן אין אַ ריי שטעט אין מערב און דרום־מזרח פון דער מלוכה, ווי אויך אין ליטע. אין 18טן י"ה זיינען שוין יידישע צעכן געווען אָרגאַניזירט אפילו אין די קלענסטע שטעטלעך אין אַלע פּראָווינצן פון דער פּוילישער מלוכה. היות פון אַלע מלאכה־צווייגן איז ביי יידן צום מערסטן געווען פאַרשפּרייט שניידעריי, איז אויך דער איבערוועגנדיקער רוב פון יידישע בעלי־מלאכהשע אָרגאַניזאַציעס באַשטאַנען פון שניידערישע „חברות". צעכן פון יידישע שניידערס ווערן דערמאָנט אין 18טן י"ה אַחוץ אין גרויסע קהילות, ווי בראָד, פּויזן, ליסע, קראָקע, ווילנע, אויך אין מיטעלע שטעט, ווי לויצק מינסק, קיידאַן, פּרזשעמישל, בערדיטשעוו, קעמפּן, גנעזן, ריישע, פּלאָצק און אין קלענסטע שטעטלעך ווי קורניק, שווערזענץ, זשערקאָוו, יאַראָטשין, כאָדזיש, קאָבילין. אין די מיטעלע און קלענערע שטעט פלעגט דער צעך תחילת פאַראייניקן שניידער און קירזשנער (דובנע, טשאַרטקאָוו, בילגאָריי, זאַבלודאָווע, סודילקאָוו), שניידער און היטל־מאַכער (זשערקאָוו), שניידער און שמוקלער (פּרזשעמישל), אָדער שניידער, קירזשנער און היטל־מאַכער צוזאַמען (קיידאַן). ערשט שפּעטער, מיטן וואוקס פון דער צאָל מיטגלידער פון איינצעלנע פאַכן, איז פאַרגעקומען די צעטיילונג אויף צוויי, אָדער דריי באַזונדערע צעכן. אין אַלע גרעסערע קהילות, ווי בראָד, ווילנע, קראָקע, לעמבערג, לובלין, ליסע, פּויזן, טיקטין, האָבן על־פּי־רוב שוין אין 17טן י"ה עקזיסטירט באַזונדערע יידישע צעכן פון שניידער, קירזשנער, שמוקלער, קצבים און מנקרים. די לעצטע צוויי פאַכן זיינען אין אַ טייל קהילות געווען פאַראייניקט אין איין צעך. אַחוץ דעם זיינען אין אַ טייל גרעסערע שטעט געווען חברות פון גאָלדשמידן (קראָקע, לעמבערג, ליסע, ווילנע), אַמאָל גאָלדשמידן און מעסינגגער צוזאַמען (ווילנער „חברה קדישא צורפים ועושי מנורות"); קאָטלער (לובלין), בלעכער (ווילנע, לעמבערג), גלעזער (ווילנע, לעמבערג), באַלבירער (ליסע, קראָקע). אין קעמפּן האָבן יידישע מוזיקאַנטן געהאַט אַן אייגענעם צעך שוין אין 17טן י"ה, אין ווילנע אין 18טן י"ה. יידישע צעכן פון רימער, שוסטער און גאַרבער זיינען געווען זייער זעלטן אין 18טן י"ה (גאַרבער־צעך אין ליסע). די דאָזיקע מלאכה־צווייגן אָרגאַניזירן זיך אין צעכן ערשט אין אָנהויב פון 19טן י"ה, דעמאָלט האָבן זיך די דאָזיקע מלאכות אָנגעהויבן שטאַרק צו פאַרשפּרייטן ביי יידן צוליב דעם וואָס עס איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן די מאַכט פון קריסטלעכע צעכן. נאָך זעלטענער זיינען געווען אין 18טן י"ה יידישע צעכן פון אַנדערע מלאכה־צווייגן ווי שלאָסערס און העפטערס (ביידע אין ליסע).

אין אַ טייל קהילות, בפרט אין די גרעסערע, זיינען אויך געווען אָרגאַניזירט אין צעכן יידישע קרעמער (קראָקע, פּרזשעמישל, באַלעכאָוו), און אפילו קרעמער וואָס האָבן געהאַנדלט מיט באַשטימטע סחורות (בראָדער „חברת מוכרי קמח" — מעלהענדלער), גאַסן־הענדלער („טאָרבע־הענדלער" איז לעמבערג), און שענקער („חברת המוזגים" אין בראָד און אין דובנע און „חברת מוזגי יין" אין ווילנע).

די סיבות, צוליב וועלכע די יידישע בעלי־מלאכות האָבן זיך אָרגאַניזירט, איז נישט שווער פעסטצושטעלן, ווען מען באַקענט זיך מיט די טעטיקייטן פון זייערע צעכן. איינע פון די הויפּט־אויפגאַבעס פון די יידישע צעכן איז געווען פאַרטיידיקן די רעכט פון יידישע בעלי־מלאכות קעגן די שטאָט־מאַגיסטראַטן און קעגן די קריסטלעכע צעכן. נישט ווייניקער וויכטיק זיינען אָבער דאָ געווען די זעלבע מאָמענטן, וואָס האָבן געשפּילט די הויפּט־ראָלע ביי דער אַנטשטייאונג

פון קריסטלעכע צעכן, דהיינו, דאָס שטרעבן צו באַגרענעצן די קאָנקורענץ צווישן בעלי־מלאכות פון זעלבן פאַך. אַזוי ווי די מיטגלידערשאַפט אין די צעכן איז געווען באַגרענעצט בלויז צו מייסטערס, האָבן די יידישע, פונקט ווי קריסטלעכע צעכן, אויך באַוואָרנט די אינטערעסן פון בעלי־מלאכות אַלס אַרבעטס־געבער לגבי די געזעלן און לערן־ייִנגלעך. די צעכן האָבן אויך אָנגעפירט געוויסע טעטיקייטן אויפן געביט פון קעגנזייטיקער הילף, געזאָרגט פאַרן געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן און פאַר די רעליגיעזע און קולטורעלע באַדערפענישן פון זייערע מיטגלידער.

ווי אַזוי די חברות האָבן פאַרטיידיקט די רעכט פון יידישע בעלי־מלאכות קעגן שטאָטישע צעכן און מאַגיסטראַטן, איז אונז שוין אויסגעקומען צו רעדן אין פאָריקן קאַפּיטל וועגן דער רעכטלעכער לאַגע.

די באַגרענעצונג פון קאָנקורענץ צווישן די מיטגלידער האָבן די צעכן זיך באַמיט צו דערגרייכן דורך פאַרשידענע תקנות. קודם־כל האָט דער צעך באַוואָרנט, אַז מען זאָל נישט משיג גבול זיין איינער דעם אַנדערן. אַזוי האָבן שניידער־ און קירזשנער־צעכן באַשטימט, אַז אויב אַ שטיקל שטאָף איז געצייכנט געוואָרן דורך אַ בעל־מלאכה מיט קרייד, אָדער, אויב ער האָט גענומען האַנט־געלט („זאַדאַטיק״) טאָר שוין קיין שום אַנדערער בעל־מלאכה די אַרבעט נישט איבערנעמען. עס איז אויך געווען פאַרבאָטן איינצוקויפן שטאָף, וועלכן אַן אַנדערער בעל־מלאכה האָט געהאַלטן אין איינהאַנדלען. פונקט ווי די קריסטלעכע האַנטווערקער־צעכן, זיינען אויך די יידישע צעכן געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז עס זאָלן נישט אויסוואַקסן צווישן בעלי־מלאכות קיין גרויסע אונטערנעמונגען, וואָס זאָלן אַרויסשטויסן פון מאַרק דעם מיטעלן בעל־מלאכה. די תקנות פלעגן דערפאַר באַגרענעצן די אַרבעטס־קראַפט וואָס איין בעל־מלאכה מעג האַלטן, על־פי־רוב צו 2 „פועלים״ (געזעלן) און צוויי לערן־ייִנגלעך, אַמאָל צו 2 פועלים און 1 לערן־ייִנגל, אָדער גאָר צו 1 פועל און 1 לערן־ייִנגל.

כדי צו געבן גלייכע קאָנקורענץ־מעגלעכקייטן האָבן די יידישע, פונקט ווי די קריסטלעכע צעכן פאַרבאָטן אומפאַרהייראַטע צו עפענען זעלבסטשטענדיקע וואַרשטאַטן. אין אַ טייל צעכן (ליסע, קורניק) האָט מען דערלויבט צו עפענען אַ וואַרשטאַט פיר וואָכן פאַר דער חתונה. אויך נאָך דער חתונה פלעגט דער בעל־מלאכה דאַרפן וואַרטן אַ געוויסע צייט כדי צו מעגן באַשעפטיקן אַ געזעלן אָדער אַ לערן־ייִנגל.

אין שניידער־צעך אין קורניק האָט אין דעם דאָזיקן פאַל מחייב געווען אַ טערמין פון איין יאָר נאָך דער חתונה, אין ליסע (קירזשנער־צעך) צוויי יאָר, אין פּרזשעמישל, לויצק, און אין פּלאָצק — דריי יאָר און אין קיידאַן צען יאָר.

די באַציאונג צו בעלי־מלאכות, וואָס האָבן נישט געהערט צום צעך איז אין אַ טייל שטעט געווען פונקט אַזוי שטרענג, ווי די גזירות פון די קריסטלעכע צעכן קעגן די „פּושערס״: אין ליסע און אין מאַלין (אוקראַינע) האָבן פרעמדע („חוצים״) בכלל נישט געטאָרט אַרבעטן; אין סודילקאָוו האָבן זיי נישט געטאָרט אַרבעטן אפילו אין די דערפער, צוויי וויאָרסט מחוץ דער שטאָט; אין קיידאַן זיינען זיי געווען מחוייב זיך אויסצוגלייכן צוערשט מיט דער חברה. אין אַ טייל שטעט, ווי קיידאַן, האָט די שניידערישע חברה פאַרבאָטן טאַנדייטניקעס בכלל צו אַרבעטן. פאַרקערט, אין פּרזשעמישל האָט די חברה געצוואונגען אפילו די הענדלער מיט טאַנדייט, זיי זאָלן זיך אָנשליסן אַלס מיטגלידער. אין דער זעלבער פּרזשעמישלער חברה „מלבישי ערומים״, האָבן אַ טייל מיטגלידער פאַר אַ באַשטימטן אָפּצאָל געהאַט אַ חזקה צו אַרבעטן פאַר באַשטימטע קונים און די דאָזיקע חזקה איז איבערגעגאַנגען בירושה אויף זייערע זין, איידעמס און אייניקלעך. אויך אין קיידאַן איז די „מערופיאַ״, ד״ה די חזקה פון געוויסע שניידער אויף אַרבעט ביי אַ פּריץ געווען שטאַרק אָפּגעהיט דורכן צעך.

כדי צו באַקעמפן אומגלייכע קאָנקורענץ־מעגלעכקייטן פלעגן די צעכן אויך פאַרווערן צו דינגען אַ געזעלן אויף אַ קורצערן טערמין ווי אויף אַ יאָר, אָדער אויף אַ האַלב יאָר (לויצק, ליסע) און לערן־ייִנגלעך ווייניקער צו עטלעכע יאָר. שטרעבנדיק צו פאַרקלענערן די קאָנקורענץ האָבן אויך די חברות ווי די קריסטלעכע צעכן גענוי פונאַנדערגעגרענעצט די פונקציעס פון באַשטימטע פאַכן: אַ שניידער האָט נישט געטאָרט אָננעמען קיין קירזשנערישע אַרבעט און אויך פאַרקערט. פונקט אַזוי האָבן די שפּעטער אַנטשטאַנענע חברות פון שוסטערס און גאַרבערס פאַרבאָטן שוסטערס אָנצונעמען גאַרבעט־אַרבעט און גאַרבערס — שוסטערישע אַרבעט.

אין אינטערעס פון די מייסטערס האָבן די צעכן באַשטימט תקנות וועגן מאַקסימאַלן לוין פאַר געזעלן: אין לויצק 40 גילדן אַ יאָר, אין ליסע 15 גראָשן, ד״ה אַ האַלבן גילדן אַ וואָך. די צייט פון דער „לער״ פאַר אַ „לערן־יונג״ איז געווען על־פי־רוב 6 יאָר, אַמאָל 5 יאָר. צום סוף פון 18טן י״ה האָבן אַ טייל צעכן פאַרקירצט די לערן־צייט ביז 3 יאָר און אפילו ווייניקער. די מינימום פּראַקטיק פון אַ געזעלן פלעגט אַמאָל באַשטימט ווערן 4 יאָר (גאָלדשמידן אין ווילנע) און אַמאָל נישט מער ווי 1 יאָר ((בילגאָריי). אין אַ טייל צעכן (פּויזן) האָבן די תקנות פאָראויסגעזען, אַז אַ געזעל, וואָס וויל ווערן אַ מייסטער מוז אויסהאַלטן אַן עקזאַמען אין דער אָנוועזנהייט פון דריי גבאים פון דער חברה.

די לוין־און אַרבעטס־באַדינגונגען פון לערן־יינגלעך זיינען, ווייזט אויס, באַדייטנדיק פאַרערגערט געוואָרן אין משך פון דער צייט. אין 17טן י״ה און אין אָנהויב פון 18טן י״ה פלעגט די לערן־צייט נישט געדויערן מער ווי איין אָדער צוויי יאָר און די רעכט פון לערן־יינגל פלעגן געהעריק באַוואָרנט ווערן אין אַן אינדיווידועלן אָפּמאַך. וואָס מער די צעכן האָבן זיך פאַרשטאַרקט, אַלץ ערגער זיינען געוואָרן די באַדינגונגען פאַר די לערן־יינגלעך. דאָס ערשטע יאָר אָדער די ערשטע אָנדערטהאַלבן יאָר פלעגט דער פאָטער מוזן אויסהאַלטן דאָס לערן־יינגל מיט וואוינונג, עסן, קליידונג, וועש און אַמאָל אויך צוצאָלן דעם מייסטער אַ סומע פאַר אויסלערנען דאָס פאַך. אין דער איבעריקער לערן־צײַט פלעגט שוין דאָס לערן־יינגל באַקומען פון מייסטער וועש, מלבושים, שיך און אַמאָל אויך עסן. די תקנות פלעגן אָבער אויך אין יענער צייט נאָך אַלץ באַוואָרענען געוויסע רעכט פון לערן־יינגל. אַזוי למשל פלעגט זיין פאַרבאָטן לויט די תקנות צו באַנוצן זיך מיטן לערן־יינגל ביי שטוב־אַרבעט, מען פלעגט אים דערלויבן זיך אַליין אויפצונייען ביים מייסטער זיינע מלבושים, מען האָט אפילו בפירוש אַרויפגעלייגט אויפן מייסטער די פליכט צו זאָרגן, אַז דאָס יינגל זאָל נישט אַרומגיין אויף דער גאַס אָפּגעריסן (קורניק). אין דער פראַקטיק פלעגט מען אויף די דאָזיקע תקנות זייער אָפּט עובר זיין. באַזונדערס פלעגן עלטערן זיך באַקלאָגן פאַרן צעך אויף מייסטערס וואָס האָבן אויסגענוצט די לערן־יינגלעך ביי שטוב־אַרבעט, אַנשטאָט צו לערנען זיי די מלאכה. די לאַגע פון קריסטלעכע לערן־יינגלעך איז אָבער אין יענע צייטן געווען אַ סך טרויעריקער. נישט נאָר דער „טערמינאַטאָר" איז געווען מחוייב צו האַקן האָלץ פאַרן מייסטער, אָפּצופוצן די שיך פאַרן בעל־הבית און פאַר די געזעלן, איידער ער האָט זיך געלייגט שלאָפן, אפילו ביים אויפנעמען אויף דער לער פלעגט דער עלטסטער פון קריסטלעכן צעך אָפּיציעל וואָרענען דאָס יינגל, אַז פאַר אומגעהאָרכזאַמקייט מעג אים דער מייסטער „לערנען דרך ארץ" מיט אַ בייטש, אָדער מיט אַ שטעקן. דער סטאַטוט פון קראָקעווער צעך פון קריסטלעכע סוחרים פון יאָר 1675 האָט באַרעכטיקט דעם מייסטער אין פאַל פון אומדיסציפּלינירטקייט פון לערן־יינגל, צו געבן אים 20 ביז 30 שמיץ. כאָטש דער טערמינאַטאָר האָט געהאַט דאָס רעכט צו באַקלאָגן זיך פאַר די עלטסטע פון צעך, אויב דער מייסטער האָט אים געמאַכט אַ קערפּערלעכן פעלער, זיינען דאָך אַ סך קריסטלעכע לערן־יינגלעך געבליבן קאַליקעס אויפן גאַנצן לעבן!

פונקט ווי די קריסטלעכע צעכן האָבן אויך די יידישע חברות פון בעלי־מלאכות אַנטוויקלט אַ טעטיקייט אויפן געביט פון סאָציאַלן שוץ: זיי פלעגן געבן שטיצע זקנים און קראַנקע מייסטערס און אלמנות און יתומים נאָך פאַרשטאָרבענע מיטגלידער. פונקט ווי די קריסטלעכע צעכן האָבן אויך די יידישע צעכן געטראָגן אַ רעליגיעזן כאַראַקטער. גרעסערע צעכן האָבן געהאַט אייגענע שולן (קצבים־שול), קלענערע צעכן האָבן געהאַט אייגענע מנינים, וואָס פלעגן באַזונדער אין אַ שטיבל ביי דער שול דאַווענען און לייענען די תורה. עס פלעגט זיך אויך טרעפן, אַז אַ חברה פון בעלי־מלאכות האָט זיך פאַראייניקט מיט אַן אויסשליסלעך רעליגיעזער חברה, ווי למשל „נר תמיד" און אַנדערע. אין די תקנות פון יידישע צעכן פלעגן בפירוש אויסגערעכנט ווערן די רעליגיעזע פליכטן פון מיטגלידער, ווי דאַווענען שחרית, מנחה־מעריב אין דער שול פון דער חברה, גיין שבת און יום־טוב צום שיעור פון מגיד, פאַסטן יום כיפור קטן (ערב ראש־חודש) ביז מיטאָג־צייט, אָפּשטעלן די אַרבעט פרייטיק נאָך מיטאָג, אָפּהיטן זיך פון שעטנז, אאַז״וו. ענלעך ווי די קריסטלעכע צעכן האָבן די יידישע חברות דורך זייער רעליגיעזע אינסטיטוציעס געשטרעבט זיך אַנטקעגנצושטעלן די רייכע בעלי־בתים. די קריסטלעכע האַנטווערקער וואָס פלעגן נישט צוגעלאָזט ווערן צו כיבודים אין דער קירך, האָבן געהאַט אייגענע קלויסטערלעך אָדער קאַפּליצעס. די קצבישע שולן און שניידערישע מנינים זיינען על־פי־רוב אַנטשטאַנען צוליב דעם, וואָס די בעלי־מלאכות פלעגן זיך פילן דערנידעריקט אין דער שטאָטישער שול סיי לויט די „שטעט" וואָס מען האָט זיי געגעבן סיי דורך די עוולות ביי עליות, הקפות און אַנדערע כיבודים

די וואַלן צו דער פאַרוואַלטונג פון דער חברה פלעגן פאָרקומען על־פי־רוב חול־המועד פסח, זעלטענער אין אַנדערע טערמינען, ווי למשל ערב ראש־חודש שבט (קאָבילין). די פאַרזאַמלונג פון די צעך־מיטגלידער פלעגט קלויבן כשרים (3, 4, 7, אָדער 9) און די כשרים פלעגן וויילן בוררים, פון 3 ביז 7. די בוררים האָבן נאָמינירט אַ פאַרוואַלטונג וואָס איז געווען ענלעך צו דער אָרגאַניזאַציע פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג: 4 גבאים, ראשים, שטעל־פאַרטרעטער („במקום") צו 4 אָדער 5, אַחוץ דעם נאמנים, קאַסירער), משגיחים, רואי חשבונות (קאָנטראָלערן) און שמשים. אין ליטווישע און ווייסרוסישע חברות פלעגן לויטן מוסטער פון דער אָרגאַניזאַציע פון די דאָרטיקע קהילות, אַנשטאָט ראשים און שטעל־פאַרטרעטער געוויילט ווערן בעלי־תקנות און שומרי־תקנות. אין אַ טייל פּריוואַטע שטעט פלעגן די גבאים פון צעך נאָמינירט ווערן דורך דעם פּריץ, אין אַנדערע פלעגט די געוויילטע פאַרוואַלטונג מוזן באַקומען דעם פּריצס באַשטעטיקונג. דער צעך פלעגט אויך קלייבן אַן אייגענעם דיין וואָס האָט זיך גערופן, לויטן פאַך פון

צעך, שניידערישער רב, קירזשנערישער רב, אאַז״וו. אין אַ טייל קהילות פלעגט דער דיין פון צעך נאָמינירט ווערן דורך קהל, אין די קליינע שטעטלעך איז דער רב פון דער קהילה געווען אויך דיין פון צעך. דער דיין איז געווען דער פאָרזיצער פון געריכט פון צעך, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. אין געוויסע צעכן האָט דער דיין אויך געפירט דעם פראָטאָקאָל פון דער צעך־פאַרוואַלטונג. דער דיין פלעגט שרייבן די אָפּמאַכן צווישן מייסטער און געזעלן אָדער לערן־יינגל; ער איז געווען דער דרשן אין דער בעלי־מלאכהשער שול. אין אַ טייל שטעט, ווי למשל אין פרזשעמישל, האָט דער דיין פון צעך געהאַט דעם מאָנאָפאָל אויף פאַרקויפן כשרן פאָדעם שניידערס און קירזשנערס.

די הכנסות פון צעך זיינען באַשטאַנען פון איינשרייב־געלט (דמי קדימה) פון נייע מיטגלידער, פון רעגולערע חודשלעכע אָדער וועכנטלעכע אָפּצאָלן פון מייסטערס און געזעלן, פון אָפּצאָלן פאַר חזקה און פון אָפּצאָלן ביים צונעמען אַ געזעלן אָדער אַ לערן־יינגל. די געוויינלעכע הוצאות פון צעך זיינען באַשטאַנען אַחוץ געהאַלט פאַרן דיין בעיקר אין רעגולערע אָפּצאָלן פאַר די שטאָטישע צעכן, פאַר מלוכה־באַאַמטע (וואָיעוואָדע) און אין פריוואַטע שטעט — פאַר דעם שטאָט־באַזיצער.

אין די גרעסערע שטעט האָבן די חברות, ווייזט אויס, אַרומגענומען בערך וויניקער ווי דריי־פערטל פון אַלע יידישע בעלי־מלאכות פון די אָרגאַניזירטע פאַכן. אַזוי למשל זיינען אין ווילנע פאַרצייכנט געוואָרן בעת דער ציילונג פון יאָר 1784 צווישן אַנדערע 135 יידישע שניידערס, 88 קירזשנער און 59 שמוקלער. אויף אַ מאַניפעסט קעגן ווילנער קהילה, וואָס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן בעת דער מחלוקה אין יאָר 1785, האָבן זיך געחתמעט צווישן אַנדערע בעלי־מלאכות 102 שניידער, 56 קירזשנער און 41 שמוקלער, ד״ה וויניקער ווי דריי־פערטל פון דער צאָל וואָס איז אָנגעגעבן געוואָרן מיט אַ יאָר פריער בעת דער ציילונג. היות אָבער ביי דער ציילונג איז אויסבאַהאַלטן געוואָרן אַ גרויסע צאָל בעלי־מלאכות פונקט ווי איבעריקע יידישע משפחות, קומט אויס, אַז די צאָל צעכן־מיטגלידער האָט באַטראָפן נאָך אַ קלענערע פראָפאָרציע לגבי אַלע יידישע בעלי־מלאכות פון די דריי דערמאָנטע פאַכן. אין די קלענערע שטעט האָט מן הסתם דער צעך אַרומגענומען אַ סך אַ גרעסערע פראָפאָרציע פון אַלע אָרטיקע יידישע בעלי־מלאכות.

פונקט ווי די אַלגעמיינע צעכן האָבן געפירט אַ קאַמף מיט די שטאָט־ראַטן פאַר דער אויטאָנאָמיע און פאַר די רעכט פון זייערע מיטגלידער, אַזוי איז אויך די יידישע צעכן אויסגעקומען צו קעמפן פאַר זייערע רעכט קעגן דער מאַכט פון קהל. קהל פלעגט נישט נאָר נאָמינירן זיין גבאי ווי אַ משגיח אין דער חברה, נאָר פלעגט זיך אויך איבערלאָזן דאָס רעכט צו באַשטעטיקן די תקנות פון דער חברה און אַ מאָל אפילו דעם בודזשעט און וויכטיקע באַשלוסן. קהל פלעגט אויך זיין די אַפעלאַציע־אינסטאַנץ פאַר די משפטים פון דער חברה, אָדער גאָר משפטן אין דער ערשטער אינסטאַנץ וויכטיקערע ענינים (דובנע). די אויבן־דערמאָנטע תקנה פון וועד ליטע פון יאָר 1687 וועגן חברות, האָט אויך געהאַט אַ שייכות צו די בעל־מלאכהשע חברות. אין ליטע האָבן בכן די קהילות געהאַט אַ רעכט צו נאָמינירן אַ העלפט פון די 4 גבאים פון יידישן צעך און צו באַשטעטיקן די נאָמינאַציע פון צעך־שמש. אין פויזן איז די אויטאָנאָמיע פון די צעכן געווען נאָך מער רעדוצירט: די בוררים, וואָס זיינען געוויילט געוואָרן אויף דער פאַרזאַמלונג פון דער קהילה, כדי צו נאָמינירן די קהילה־פאַרוואַלטונג, האָבן אויך נאָמינירט די גבאים פון די בעלי־מלאכה חברות, צו צוויי פון די מיטגלידער פון דער חברה, און אַנדערע צוויי פון קהל־לייט.

אין 18טן י״ה פלעגן אָפט אויסברעכן שטורמישע קאַמפן צווישן די בעלי־מלאכה חברות און צווישן קהל. קהל פלעגט זיך דערביי באַנוצן מיט שווערע רעפרעסיעס נישט נאָר קעגן די צעבונטעוועטע יחידים און פאַרוואַלטונגען. אין דובנע האָט קהל אין יאָר 1765 פאַרמאַכט אַלע חברות בעלי־מלאכה אַלס שטראָף פאַר זייער אָפּאָזיציע.

איינצייטיק מיט דעם קאַמף קעגן קהל זיינען אָבער די יידישע צעכן פונקט ווי די אַלגעמיינע צעכן געוואָרן אַלץ מער אָפּגעשלאָסן לגבי די נישט־אָרגאַניזירטע און פרעמדע בעלי־מלאכות און אַלץ מער געווען אַליין באַהערשט דורך פריווילעגירטע גרופּעס. זין און איידעמס פון צעך־מיטגלידער זיינען געווען פריווילעגירט לגבי אַנדערע בעלי־מלאכות. אַ זון פון אַ צעך־מיטגליד האָט געמעגט באַשעפטיקט ווערן דורך יעדן מייסטער, אפילו אויב ער האָט שוין געהאַט די מאַקסימאַלע דערלויבטע צאָל געזעלן און לערן־יינגלעך (קיידאַן). אַ זון אָדער איידעם פון אַ מיטגליד האָט געדאַרפט צאָלן בלויז אַ העלפט פון דער גרויסער סומע „דמי קדימה״ (איינשרייב־געלט) כדי אַריינגענומען צו ווערן אין דער חברה. אַ טייל צעכן (קורניק 1773) פלעגן אַמאָל בכלל פאַרווערן אויפצונעמען אַנדערע לערן־יינגלעך, אַחוץ די זין פון די מיטגלידער. אין ליסע האָט קהל באַשטימט אַז מער ווי 6 געזעלן אַ יאָר טאָרן נישט חתונה האָבן און ווערן מייסטערס, סיידן אַ געזעל פאַרמאָגט מער ווי 100 גילדן. אין לויצק האָט געמעגט האַלטן צוויי פועלים נאָר אַזאַ בעל־מלאכה, וואָס האָט געצאָלט אַ העכערן קהילה־שטייער.

פּונקט ווי די חברה־מיטגלידער זיינען געווען פּריווילעגירט לגבי די איבעריקע בעלי־מלאכות, אַזוי זיינען אויך אין די חברות גופא געווען ענגע גרופּעס, וואָס האָבן געהאַט מאַכט און פּריווילעגיעס לגבי די פּשוטע צעך־מיטגלידער. פּונקט ווי אין די קהילות זיינען די אַמטן געווען באַזעצט דורך די גרעסערע גבירים, אַזוי איז אויך אין די חברות די פאַרוואַלטונג געווען באַהערשט דורך אויסדערוויילטע מער פאַרמעגלעכע האַנטווערקער־משפחות. דער וואַל־סיסטעם גופא האָט אין אַ טייל צעכן (קיידאַן) פאָראויסגעזען, אַז אַ גבאי קען זיין נאָר איינער, וואָס איז שוין פריער געהאַט געווען אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד (בעל תקנה). דער פּנקס פון דער חברה שניידערס אין בילגאָריי באַווייזט, אַז אַ טייל גבאים פון דער חברה זיינען געזעסן אין דער פאַרוואַלטונג דורכשניטלעך יעדע צוויי יאָר אין משך פון 33 יאָר. די גבאים און פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פלעגן פאַר זיך באַשטימען דאָס רעכט צו האַלטן מער לערן־יינגלעך און געזעלן איידער אַנדערע מיטגלידער. פּונקט ווי אין די קהילות און אין צדקה־חברות פלעגט אויך אין די בעלי־מלאכהשע חברות אַ סך געלט אויסגעברענגט ווערן אויף סעודות: די צעכן פלעגן מאַכן סעודות ימים־טובים (פּסח, שמחת־תורה), ביי דער געלעגנהייט פון וואַלן, לכבוד דעם דיין פון צעך אד״גל. ביים אויפנעמען אין דער חברה איז דער קאַנדידאַט אויף אַ מייסטער געווען מחויב אַחוץ איינצאָלן דאָס איינשרייב־געלט צו שטעלן אַ סעודה פאַרן צעך. ווי ווייט די דאָזיקע סעודות זיינען געווען אַ פּלאָג פאַר די מיטגלידער, באַווייזן די אָפטע תקנות, לויט וועלכע עס איז באַשטימט געוואָרן, וואָס פאַר אַ הוצאות די גבאים מעגן מאַכן אויף סעודות.

די בעלי־מלאכהשע „חברה קדישא״, וואָס איז אַנטשטאַנען מיטן צוועק צו פאַרטיידיקן די רעכט און אינטערעסן פון די יידישע האַנטווערקער, איז אַליין אין משך פון דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ היעראַרכישער אינסטיטוציע, וואָס האָט אַ חילוק געמאַכט צווישן פּריווילעגירטע, ווייניקער פּריווילעגירטע און רעכטלאָזע האַנטווערקער. דער צעכן־סיסטעם איז געווען פּונקט אַזוי פאַרעלטערט, ווי דער גאַנצער פעאָדאַלער סיסטעם, פון וועלכן ער איז געווען אַ טייל. נישט געקוקט אויף דער אינערלעכער סאָציאַלער דיפערענצירונג איז אָבער דער גאַנצער שטאַנד פון יידישע בעלי־מלאכות געווען דער צום מערסטן אונטערדריקטער פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. דער יידישער בעל־מלאכה אין אַלטן פּוילן האָט זיך געבויגן אונטער דער שווערער משא פון גזירות און אָפּצאָלן פאַר מלוכה־באַאַמטע, פאַר די שטאָט־מאַגיסטראַטן און פאַר די קריסטלעכע צעכן. יידישע בעלי־מלאכות האָבן אָבער אויך צום שווערסטן געפילט אויף זייערע פּלייצעס די אכזריותדיקע עקספּלאָאַטאַציע מצד די קהילה־אָליגאַרכיעס. יידישע בעלי־מלאכות זיינען דערפאַר געשטאַנען אין די פאָדערשטע רייען פון קאַמף פון די מאַסן קעגן דער אונטערדריקונג פון קהל.

## ד) די פּראָווינציעלע און צענטראַלע אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע

נאָך בולטער און נאָך אין אַ גרעסערער מאָס ווי די קהילה, זיינען די אָרגאַנען פון דער יידישער פּראָווינציעלער און צענטראַלער אויטאָנאָמיע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער דאָזיקער תקופה אין אַן אַפּאַראַט, וואָס האָט בלויז געדינט דער מלוכה אויסצופּרעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג אַלץ אַ גרעסערע סומע פון קאָפּ־שטייער און אַנדערע שטייערן. אפילו נאָכן אַראָפּרעכענען דעם קאָפּ־שטייער, 220 טויזנט גילדן האָט נאָך אַלץ דער בודזשעט פון וועד ארבע ארצות באַטראָפן אַ ריזיקע סומע פון 70 ביז 150 טויזנט גילדן, וואָס איז פאַרווענדט געוואָרן כמעט אויסשליסלעך אויף געהאַלטן און מתנות פאַר מלוכה־באַאַמטע, אויף השתדלות און אויף דעקן חובות און פּראָצענטער פון חובות. די הוצאות פון וועד אויף דירעקטע באַדערפעענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג, אויף הילף פאַר אָרימע לייט האָבן באַטראָפן סך־הכל פון 1500 ביז 2000 גילדן אַ יאָר. אַמאָל פלעגט אויך דער וועד באַוויליקן עטלעכע צענדליק גילדן אויף הילף פאַר נשרפים, אָדער אויף צושטייער פאַר אַ קהילה צוריק־אויפצובויען אַ שול, אָדער אַ שפּיטאָל. אין סך־הכל האָבן די הוצאות פון וועד אויף דירעקטע, פּאָזיטיווע יידישע צוועקן, אויף סאָציאַלער הילף, אַריינגערעכנט די סובסידיעס אויף צו בויען שולן, באַטראָפן ווייניקער ווי אַ הונדערטסטל פון דעם פולן בודזשעט פון דער צענטראַלער יידישער רעפּרעזענטאַנץ! אפילו לגבי דעם נעטאָ־בודזשעט פון וועד, אָן דעם קאָפּ־שטייער, האָבן אויך די הוצאות אויף סאָציאַלער הילף און רעליגיעזע צוועקן נישט באַטראָפן מער ווי בערך דריי מיט אַ האַלבן פּראָצענט. די הוצאות פון וועד אויף געהאַלטן און דיעטן פאַר אייגענע באַאַמטע האָבן באַטראָפן כמעט צוויי מאָל אַזוי פיל, אָבער אַלץ נישט מער ווי קנאַפּע 7 פּראָצענט פון נעטאָ־בודזשעט.

דער וועד איז אויך לויט זיין אויסערלעכער טעטיקייט און פאָרמעלע קאָמפּעטענצן אַלץ מער ענלעך געוואָרן צו אַ הילף־אַפּאַראַט פון פּוילישן פּאָדסקאַרבי (פינאַנץ־מיניסטער) און פון זיינע באַאַמטע, איידער צו אַ יידישער אויטאָנאָמער אינסטיטוציע. אין 18טן י״ה פלעגן די זיצונגען פון וועד אַלץ אָפטער פאָרקומען אין די שטעטלעך, וואָס האָבן געהערט צום פּאָדסקאַרבי, אָדער וואוהין דער קאָמיסאַר פון פּאָדס־

קאַרבי האָט געהאַט לייכטער צוצופאָרן: טישוויץ, ריטשיוואָל, קאָנסטאַנטינאָוו, פּיליץ א״א. דער רעגירונגס־קאָמיסאַר פלעגט מוזן באַשטעטיקן אַלע באַשלוסן פון וועד און אָן זיין הסכם האָט מען נישט געטאָרט אַריינשטעלן אין בודזשעט קיין שום פּאָזיציע אויף פּאָזיטיווע יידישע צוועקן. דער קאָמיסאַר פלעגט זיך אפילו אַריינמישן אין די וואַלן פון אַ פּרנס הוועד אָדער זאָגן אַ דעה וועגן באַשטימען אַ רעפּרעזענטאַנץ פון אַ קהילה אין וועד. פונקט ווי די קהילות האָט אויך דער וועד געהאַט שטענדיקע דעפיציטן און אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין אַלץ גרעסערע חובות. שוין אין יאָר 1726 זיינען צוויי דריטל פון נעטאָ־בודזשעט פון וועד (אַחוץ קאָפּ־שטייער) אַוועקגעגאַנגען אויף אָפּצאָלן חובות און פּראָצענטער פון חובות און בלויז איין דריטל איז אויסגעגעבן געוואָרן אויף לויפנדיקע הוצאות. אין יאָר 1741 האָט שוין דער בודזשעט פון הוצאות פון וועד ארבע ארצות באַטראָפן קרוב אַ האַלבן מיליאָן און דעקונג איז געווען פאָראויסגעזען בלויז אויף דריי־פינפטל.

דער זעלבער סיסטעם פון קליקע־הערשאַפט און תקיפים־דיקטאַטור, וואָס האָט געבראַכט צו דער ירידה פון די קהילות, האָט אויך אַראָפּגעשליידערט אַלץ טיפער די אָרגאַניזאַציע פון דער צענטראַלער יידישער אויטאָנאָמיע אין תהום פון קאָרופּציע און הפקרות. עס האָט נישט געקאָנט אַנדערש זיין, בעת די אָרגאַניזאַציע פון וועד איז געווען געבויט נישט אויף דירעקטער רעפּרעזענטאַנץ פון דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר אויף דעם אָליגאַרכישן יסוד פון ראשי־מדינות. די זעלבע קהל־אַפּיטרופּסים, וואָס האָבן ביד רמה געוועלטיקט איבער זייערע קהילות, האָבן זיך גענומען דאָס רעכט צו דעצידירן וועגן די פראַגן פון גאַנצן יידנטום פון לאַנד. די אָנפירער פון וועד פלעגן קודם כל זיך אַליין פאַרזאָרגן מיט גרויסע געהאַלטן און פעטע דיעטעס און פלעגן זיך אַליין העכערן די שכירות בעת דער באַרג חובות איז געוואַקסן אַלץ העכער. אין יאָר 1726 האָבן נאָך די געהאַלטן פון שרייבערס פון וועד ארבע ארצות באַטראָפן צו 400 גילדן אַ יאָר, אין יאָר 1739 צו 500 גילדן. אַחוץ די געהאַלטן פלעגן זיך די שרייבערס באַשטימען דיעטעס בערך צו 300 גילדן פון אַ זיצונג. ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָבן די הוצאות פון וועד אויף געהאַלטן און דיעטעס פאַר אייגענע באַאַמטע באַטראָפן בערך צוויי מאָל אַזויפיל, איידער אַלע הוצאות אויף סאָציאַלער הילף און רעליגיעזע צוועקן! פונקט אַזוי הפקרדיק האָט דער ליטווישער וועד געשאַלטעוועט מיט געזעלשאַפטלעכע געלטער. אין יאָר 1700 האָט דער וועד מדינת ליטע באַשטימט אַז אַ ראש מדינה דאַרף באַקומען פאַר זיין טרחה פון אָנטיילנעמען אויף דער זיצונג 200 גילדן און אַ רב 400 גילדן. פונקט ווי די קהילות האָט דער וועד געהאַט די גרעסטע הוצאות אויף השתדלות, וואָס האָבן זיך געלאָזט שווער קאָנטראָלירן. די קאָנטראָל איז געווען נאָך שווערער אין 18טן י״ה, ווען די וועדים האָבן אויפגעהערט זיך צונויפצוקומען רעגולער און די וויכטיקסטע ענינים פלעגן באַשלאָסן ווערן דורך דער ענגער עקזעקוטיווע. דער וועד ארבע ארצות פלעגט זיך צוזאַמענקומען אָנשטאָט צוויי מאָל אין יאָר איין מאָל אין עטלעכע יאָר. די באַאַמטע פון וועד פלעגן אַמאָל בכיוון אויפרייסן די זיצונגען, כדי אויסצומיידן די אומאָנגענעמע נויטווענדיקייט אָפּצוגעבן אַ גענויעם דין וחשבון פון די געלטער. אויך די דעלעגאַטן פון די פּראָווינצן פלעגן באָיקאָטירן די זיצונגען, אויב דאָס איז פאַר זיי געווען באַקוועם, און דער וועד ארבע אַרצות באַקלאָגט זיך אויף דער דאָזיקער דערשיינונג שוין אין יאָר 1667. נאָך ערגער איז געווען די לאַגע אין ליטווישן וועד. זינט דעם יאָר 1700 ביז צו דער אויפלייזונג פון וועד, זיינען פאָרגעקומען בלויז דריי נאָרמאַלע זיצונגען אין די יאָרן 1720, 1752 און 1761. עס פלעגן בכן אַדורכגיין צוואַנציק און אפילו דרייסיק יאָר, וואו די ענינים פון אַלע ליטווישע יידן פלעגן באַשלאָסן ווערן אויף צונויפקומען פון עטלעכע ראשי מדינות, וואָס האָבן זיך גערופן „אסיפות קטנות״, אָדער דורך די באַאַמטע פון וועד צווישן זיך.

די באַשלוסן פון די וועדים בנוגע קהילה־אָרגאַניזאַציע און בנוגע עקאָנאָמישע ענינים, פון וועלכע מיר האָבן אַ ריי שוין ציטירט, האָבן געטראָגן דעם זעלבן סאָציאַלן כאַראַקטער, וואָס די תקנות פון די קהילות. מיטן כוח פון תקנות פון וועד האָט די הערשנדיקע גביריש־לומדישע אָליגאַרכיע אין די קהילות געפּרוווט צו באַפעסטיקן איר אויטאָריטעט און צו ברעכן דעם ווידערשטאַנד פון די באַעוולטע יידישע מאַסן. דער וועד איז אויך געשטאַנען אויף דער וואַך, עס זאָלן זיך חלילה נישט פאַרשפּרייטן אָפּאָזיציאָנעלע רעליגיעזע באַוועגונגען. אין יאָר 1670 האָט דער וועד ארבע ארצות אין יעראָסלאַוו געוואָרפן אַ חרם אויף שבתאי צבי און זיינע אָנהענגערס און ווען די באַוועגונג האָט זיך דאָך אַלץ שטאַרקער פאַרשפּרייט, בפרט אין פּאָדאָליע, האָט דער וועד דעם חרם באַנייט אין יאָר 1722. ווען עס איז אויסגעבראָכן די מחלוקה צווישן יונתן אייבעשיץ און יעקב עמדן, האָבן זיך ביידע צדדים אין פּוילן קעגנזייטיק באַקעמפט מיט דער הילף פון וועד, ביז עס האָבן אין וועד געזיגט די אָנהענגערס פון יונתן אייבעשיץ און אין יאָר 1753 געהייסן פאַרברענען אויפן מאַרק אין יעראָסלאַוו די שריפטן פון זייערע קעגנער. דער חרם אויף די פראַנקיסטן, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן אין בראָד דורך אַן אסיפה פון רבנים אין יאָר 1756 און די שרעקלעכע רדיפות אויף די דאָזיקע סעקטאַנטן, וואָס זיינען דערקלערט געוואָרן פאַר הפקר, זיינען געווען

דער דירעקטער גורם, וואָס האָט די פאַרצווייפלטע נרדפים געטריבן אין די אָרעמס פון קאַטויליציזם און פון שונאי ישראל. אפילו נאָך 1764, ווען ביידע וועדים האָבן אויפגעהערט פאָרמעל צו עקזיסטירן און עס פלעגן זיך צונויפקומען פאָרשטייערס פון די פינף ליטווישע הויפּט־קהילות אויף די ירידים אין זעלווע, האָט מען אויסגענוצט אַזאַ אסיפה אין יאָר 1781, כדי צו וואַרפן אַן אכזריותדיקן חרם אויף חסידים.

נאָך אָפענער ווי אין די צענטראַלע וועדים זיינען געווען די מיסברויכן און הפקר־ווירטשאַפט אין די באַזונדערע „מדינות" מיט די וועדי הגלילות אָן דער שפּיץ. אין די מדינות האָבן די גרויסע, רייכע קהילות אויסגענוצט זייער העגעמאָניע אין וועד הגליל, כדי אַריבערצוּוואַרפן די גרעסטע לאַסט פון שטייערן אויף די קליינע קהילות פון זייער פּראָווינץ. אין 18טן י״ה איז כמעט נישט אַדורכגעגאַנגען קיין איין יאָר, עס זאָל נישט אויסברעכן אַ סיכסוך אין די מדינות צווישן דער הויפּט־קהילה און די קליינע קהילות פון גליל. אויב די אָנקלאַגע ביים צענטראַלן וועד האָט נישט געהאָלפן, האָבן זיך די קליינע קהילות געווענדט נאָך פּראָטעקציע צו די פּריצים, די אייגנטימער פון שטעטלעך. די פּריצים פלעגן שיקן מעמאָראַנדומס צום פּאָדסקאַרבי וועגן די עוולות פון די ראשי מדינות לגבי „זייערע" יידן. די ראשי מדינות האָבן געהאַלטן אין איין שיקן שתדלנים צום פּאָדסקאַרבי און זיינע שרייבערס, כדי צו באַווייזן מיט קלינגענדיקע אַרגומענטן, אַז די טענות פון די אונטערגעאָרדנטע צו זיי קהילות זיינען נישט קיין גערעכטע, און כדי צו פועלן אַז די צעטיילונג פון שטייערן זאָל באַשטעטיקט ווערן לויט דעם באַשלוס פון וועד הגליל. מדינות האָבן זיך אַרומגעריסן צווישן זיך וועגן גרענעץ־קהילות און אפילו וועגן רשות אויפצומאָנען שטייערן פון עטלעכע דאָרפס־יידן.

אויף די זיצונגען פון די וועדי הגלילות זיינען די קאָמיסאַרן פון די וואָיעוואָדעס געווען פונקט אַזעלכע אַבסאָלוטע דעה־זאָגערס, ווי די קאָמיסאַרן פון פּאָדסקאַרבי אין צענטראַלן וועד. דאָס באַלעבאַטעווען פון די ראשי מדינות — די זעלבע תקיפים, וואָס האָבן געוועלטיקט אין די קהילות — האָט דערפירט די פאַרהובונג פון די אויטאָנאָמע מדינות צו אויסטערלישע גרענעצן. אויך דאָס אָפּצאָלן פּראָצענטער און ראַטעס פון חובות האָבן די הערשנדיקע קהילות אין יעדער מדינה אַראָפּגעוואָרפן פון זיך און אַרויפגעוואַלגערט אויף די קליינע שטעט און שטעטלעך. אַחוץ דער דאָזיקער דירעקטער שטייער־עקספּלואַטאַציע פון די קליינע שטעט דורך די פירנדיקע קהילות, האָבן געהערשט אין די פינאַנצן פון די מדינות די זעלבע מיסברויכן מצד די ראשי מדינות, ווי אין די קהילות מצד די פרנסים. אין יאָר 1718 האָט דער פינאַנץ־טריבונאַל פון קרוינפּוילן פעסטגעשטעלט אין זיין פסק דין, אַז די ראשי מדינות האָבן „די שטייער־סכומים, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די רייכערע יידן, פאַרווענדט פאַר זייערע פּריוואַטע צוועקן און אַריינגעשטעקט אין זייער אייגענער קעשענע, די אָרימע יידן (פון די קליינע קהילות — ר. מ.) האָבן זיי צו שטאַרק באַלעסטיקט מיט שטייערן און האָבן דער רעגירונג צוגעשטעלט נישט קיין ריכטיקע אָפּרעכענונג פון דעם געזאַמלטן געלט".

אויך אויף די סיימיקעס פון דער שלאַכטע פלעגן אָפט אָנגענומען ווערן פּראָטעסטן קעגן די עוולות און מיסברויכן פון די ראשי מדינות ביים פונאַנדערטיילן די שטייערן. דער סיימיק פון דער שלאַכטע פון רייסן האָט אין יאָר 1716 אויף דער זיצונג אין ווישניע פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס די „עלטסטע פון יידן דריקן אויסטערליש אונזערע אַרענדאַרן" ביים אויפמאָנען דעם קאָפּ־שטייער, אַזוי ווייט, „אַז די אַרענדאַרן מוזן אַנטלויפן און לאָזן שטיין די אַרענדעס". און אין יאָר 1748 האָט דער סיימיק אין ווישניע געגעבן אַן אינסטרוקציע די דעפּוטאַטן צום סיים, זיי זאָלן זיך באַקלאָגן אויף די „עלטסטע יידן פון קרוינפּוילן, וואָס פאַרווענדן די שטייערן פאַר זייער אייגענעם נוצן, רואינירן אונזערע אַרענדאַרן און פאַרמינערן אונזערע הכנסות". די שלאַכטע האָט זיך אָנגענומען פאַר דער עוולה פון די דאָרפס־יידן, וואָס זיינען געווען באַלאַסטעט מיט שטייערן, נישט צוליב אַבסטראַקטן יושר, נאָר ווי זי האָט אַליין מודה געווען, צוליב דער מורא, עס זאָלן דורכדעם נישט פאַרמינערט ווערן אירע מעגלעכקייטן פון עקספּלואַטירן די אַרענדאַרן. דער סיימיק פון דער שלאַכטע אין קויאַוויע האָט אין יאָר 1729 געגעבן אַן אינסטרוקציע די דעפּוטאַטן צום סיים, זיי זאָלן אַדורכפירן אַ באַשלוס וועגן אָפּשאַפן די צענטראַלע און פּראָווינציעלע אויטאָנאָמיע פון יידן, ווייל „די יידן אַליין זיינען מודה, אַז זיי ווערן געדריקט און באַלאַסטעט דורך זייערע עלטסטע". אַזעלכע באַשלוסן וועגן אָפּשאַפן די יידישע צענטראַלע אויטאָנאָמיע פלעגן אין 17טן און 18טן י״ה אָננעמען סיימיקעס פון דער שלאַכטע אין פאַרשידענע געגנטן פון דער מלוכה. די אויסרעכענונג פון דער שלאַכטע איז דערביי געווען, אַז ביי אַ סיסטעם פון דירעקטן אויפמאָנען דעם קאָפּ־שטייער פון די קהילות לויט דער צאָל יידן, וועט אַריינקומען אין דער מלוכהשער קאַסע אַ סך מער, איידער די סומע, וואָס דער סיים האָט אַרויפגעלייגט אויף די יידן פון גאַנצן לאַנד אַלס אַ כלל. אָבער די אויסטערלישע מיסברויכן פון די פרנסים און ראשי מדינות האָבן געגעבן דער שלאַכטע אַ גוטן תירוץ, אַז מיט אירע פּראָיעקטן איז זי אויסן די טובה פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין יאָר 1736 האָט דער סיימיק אין קויאַוויע נאָך בפרטיותדיקער

כאַראַקטעריזירט די מעשים פון די ראשי מדינות: „די דאָזיקע אומגערעכטע פּאַרטיילער פּאַרטיילן דעם גרעסטן טייל שטייערן צווישן זיך. זיי מאַכן זיך חשבונות אויף באַדייטנדיקע סומעס פאַר פאַרשידענע פּראָטעקציעס, חסדים און פאַר הילף מצד די פינאַנץ־באַאַמטע, דעם רעשט פאַרווענדן זיי אין זייערע אייגענעם אינטערעס. די אַסיגנאַטאַריער (די דעפּוטאַטן פון מיליטער, וואָס מאָנען אויף דעם שטייער לויט אַסיגנאַציעס) ווייזן זיי אָן בלויז די אָרימע, עלנטע יידן, פון וועלכע מען קען אַרויספּרעסן (געלט) נאָר דורך רואינירן זיי, סיידן די אַסיגנאַטאַריער גייען אַוועק מיט גאָרנישט".

אין דער קראָקעווער־צאָזמירער מדינה האָט זיך אַרויסגעוויזן בעת דער ליקווידאַציע פון די חובות פון די אויטאָנאָמע אינסטאַנצן אין יאָר 1764, אַז אין משך פון צען יאָר 1754—1763, האָבן די ראשי מדינה אויפגעמאָנט קרוב 900 טויזנט גילדן (897.607), בעת קבלות האָבן זיי צוגעשטעלט בלויז אויף אַ סומע פון 541,406 גילדן.

פונקט ווי די באַאַמטע פון צענטראַלן וועד האָבן די ראשים פון די איינצעלנע מדינות באַשטימט פאַר זיך הויכע געהאַלטן. שוין נאָך דער סאַנאַציע פון די פינאַנצן פון דער קראָקעווער־צאָזמירער מדינה, וואָס די קאָמיסאַרן פון וואָיעוואָדע האָבן אַדורכגעפירט אין יאָר 1754, האָט דאָס יערלעכע געהאַלט פון פרנס פון דער מדינה באַטראָפן 600 גילדן און פון די ראשי מדינה 100 גילדן. די קאָמיסאַרן, וואָס האָבן באַשטעטיקט די דאָזיקע געהאַלטן, האָבן אָבער נישט דערלויבט דעם וועד הגליל צו באַשטימען אין בודזשעט קיין שום סומע אויף סאָציאַלער הילף, ווי שפּיטאָלן, שטיצע פאַר אלמנות און יתומים אדג"ל. די אויטאָנאָמע פּראָווינץ־אינסטאַנצן האָבן בכן לחלוטין אָנגעוואָרן יעדע אַנדערע פונקציע, אַחוץ דער אויפגאַבע פון פונאַנדערטיילן צווישן די קהילות די מלוכה־שטייערן און דאָס אויסצאָלן ריזיקע חובות צו פריצים און גלחים.

אַחוץ געהאַלטן, פלעגן די ראשי מדינה אויך באַקומען הויכע דיעטעס פאַר זייער אָנטייל אויף די זיצונגען. אין משך פון ניין יאָר 1746—1754 האָבן די ראשי מדינה מיטן פרנס פון דער קראָקעווער־צאָזמירער מדינה אָפּגענומען פאַר דיעטעס 7150 גילדן! אין אַ טייל געגנטן פלעגן די קהילות אויך שיקן די ראשי מדינות „מתנות" ווי בראָנפן, פיש, פלייש אד"גל.

אין רעזולטאַט פון דעם, וואָס די קליינע קהילות זיינען אונטערדריקט געוואָרן דורך די צענטראַלע קהילות פון די פּראָווינצן האָט די אויטאָנאָמע פּראָווינציעלע אָרגאַניזאַציע זיך געהאַלטן אין איין שפּאַלטן און ברעקלען. אַחוץ פּויזן, וואָס איז שוין אין 16טן י"ה געווען זעלבסטשטענדיק רעפּרעזענטירט אין וועד ארבע ארצות און האָט אין ענינים פון שטייערן שוין נישט געהערט צו דער גרויספּוילישער מדינה, האָט זיך אין דער אַנדערער העלפט פון 17טן י"ה די קראָקעווער־צאָזמירער מדינה עמאַנציפּירט פון דער העגעמאָניע פון קראָקע און די קראָקעווער קהילה איז געוואָרן אויטאָנאָם. אַרום יאָר 1700 רייסט זיך אָפּ פּרזשעמישל מיט די אַרומיקע סביבות פון דער מדינה רייסן. נאָך פריער האָט זיך פון דער מדינה רייסן אָפּגעשפּאָלטן פּאָדאָליע און געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע מדינה. אין אָנהויב פון 18טן י"ה האָט זיך פון דער בעלזער־כעלמער מדינה אָפּגעריסן די אָרדינאַציע זאַמאָשטש און די קהילה לובלין האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער לובלינער מדינה. די אָפּגעשפּאַלטענע מדינות און קהילות האָבן אָבער אַליין אָנגעווענדט דעם זעלבן סיסטעם פון איבערוואַרפן די שטייער־לאַסטן אויף די אָרימערע קליינע קהילות, צוליב וועלכן זיי אַליין האָבן זיך געהאַט צעבונטעוועט קעגן די צענטראַלע קהילות. דאָס איז געווען די סיבה פון נייע שפּאַלטונגען אין די זעלבסטשטענדיק געוואָרענע מדינות. פון דער קהילה ווענגראָוו, וואָס האָט זיך אַליין געהאַט באַפרייט פון דער העגעמאָניע פון טיקטין, רייסט זיך אָפּ די קהילה טשעכאַנאָוויעץ און דערנאָך אויך מעזריטש; די פּרזשעמישלער מדינה שפּאַלט זיך אויף פּרזשעמישל באַזונדער און פּרזשעמישלער פּראָווינץ באַזונדער; פון דער לובלינער מדינה רייסט זיך אָפּ די קהילה יוזעפאָוו ביי דער ווייסל. אין אַזאַ מדינה ווי די פּרזשעמישלער פּראָווינץ, איז צו דער שפּאַלטונג נישט געווען קיין סוף: אין דער פּרזשעמישלער פּראָווינץ האָט זיך אָרגאַניזירט אַ זעלבסטשטענדיקער קרייז סאַמבאָר און עס האָבן זיך אָפּגעריסן אינגאַנצן די קהילות ריישע (רזשעשאָוו) מיט אירע סביבות, יעראָסלאַוו און צייטוויליק אויך דאָבראָמיל און מיר. פון ריישע גופא האָט זיך אַרום יאָר 1730 אָפּגעריסן די קהילה דעמביץ, וואָס האָט דערגרייכט דעם רעקאָרד פון אַ פירפאַכיקער שפּאַלטונג.

אין דער פּראָווינץ וואָלין איז די אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע געווען אַ דריי־גראָנדיקע, להיפך צו די אַנדערע פּראָווינצן פון פּוילן, וואו זי איז געווען אַ צוויי־גראָנדיקע. די קליינע קהילות אין וואָלין זיינען נישט געווען דירעקט אונטערגעוואָרפן דעם וועד הגליל, נאָר די גרעסערע קהילות און בלויז די גרעסערע קהילות האָבן געהאַט אַ רעפּרעזענטאַנץ אין וועד הגליל. אַזעלכע הויפּט־קהילות זיינען פון אָנהויב געווען פיר: לודמיר, לוצק, אָסטראָהאָ און קרעמעניץ, שפּעטער זעקס (קאָוועל און דובנע) און אַ געוויסע צייט אויך זיבן (אָליקע). די דריישטאַפּלדיקע אָרגאַניזאַציע פון וואָלין איז געווען געבויט אויפן מוסטער פון ליטע, וואוהין וואָלין האָט אַמאָל, פאַר 1569, געהאַט געהערט.

אין 16טן י״ה האָט די צאָל אויטאָנאָמע פּראָווינצן פון וועד ארבע ארצות באַטראָפן פינף. אין דער מיט פון 18טן י״ה האָט אין רעזולטאַט פון צעבערעקלונגס־פּראָצעס די צאָל מדינות און אויטאָנאָמע קהילות, וואָס זיינען געווען דירעקט אונטערגעוואָרפן דעם צענט־ראַלן וועד, דערגרייכט 20. נאָך שטאַרקער איז געווען דער פּראָצעס פון צעקרישלונג פון דער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע אין ליטע. לכתחילה איז די יידישע פּראָ־ווינציעלע אָרגאַניזאַציע פון ליטע „געווען געבויט בלויז אויף דריי הויפּט־קהילות: בריסק, גראָדנע און פּינסק. צום סוף פון 17טן י״ה זיינען אויסגעטיילט געוואָרן נאָך צוויי הויפּט־קהילות: ווילנע און סלוצק. אויפן לעצטן וועד, אין יאָר 1761, איז שוין די שטייער־חלוקה אַדורכגעפירט געוואָרן אויף 41 אוי־טאָנאָמע קרייזן און אויטאָנאָמע קהילות. די פינף הויפּט־קהילות האָבן אָבער ווייטער געהאַט די העגע־מאָניע אין וועד.

פונקט ווי די קליינע קהילות פלעגן זיך באַנוצן מיט פּראָטעקציע פון שררות, כדי זיך אָפּצורייסן פון די צענטראַלע קהילות און פון די מדינות, פלעגן די אָפּהענגיקע יידישע שטאָטישע ישובים, די „סביבות״ („פּרזשיקאַהאַלקעס״) מיטן כוח פון זייערע פּריצים אַרויסגיין צום קאַמף קעגן דער אויבערהערשאַפט פון די אַפּוטרופּסישע קהילות, און גרינדן פאַר זיך אַליין באַזונדערע קהילות. אַזעלכע קאַמפן האָט גע־פירט דער יידישער ישוב אין שווערזשענץ מיט דער קהילה אין פּויזן, דער ישוב אין מאָשציסק מיט דער קהילה אין פּרזשעמישל א״אַ. אויך דער קאַמף פון די דאָזיקע קליינשטעטלדיקע ישובים פאַרן רעכט צו גרינדן זעלבסטשטענדיקע קהילות האָט זיך גע־פירט בעיקר צוליב דעם, וואָס די אַפּוטרופּסישע קהילות פלעגן זיי תמיד באַוואַלהן ביים פונאַנדער־לייגן די שטייערן. אין דער זעלבער צייט זיינען די באַוואוינער פון די סביבות געווען באַגרענעצט אין זייערע עקאָנאָמישע רעכט און האָבן אפילו נישט גע־טאָרט פריי האַנדלען אין דער קהילה, וואו זיי האָבן אַריינגעטראָגן זייערע שטייערן.

צוליב די זעלבע סיבות האָבן געפירט אַן עקשנות־דיקן קאַמף קעגן די קהילות די יידן פון די פאַר־שטעט. אין די יורידיקעס פון דער שלאַכטע אין די פאַרשטעט פלעגן זיך יידן טיילמאָל באַזעצן נישט בלויז צוליב די גזירות פון די שטאָט־מאַגיסטראַטן, נאָר אויך כדי צו געניסן פון שוץ פון פּריץ קעגן דער קהילה. עס פלעגט זיך אפילו טרעפן, אַז יידן אין די יורידיקעס האָבן זיך אינגאַנצן אַרויסגעדרייט פון צאָלן שטייערן פאַר דער קהילה. שוין אין יאָר 1671 האָט דער וועד אין לובלין אויסגערופן אַ גרויסן חרם קעגן „דיא זיך מציל זיין על ידי שררות דז זיא קיין מסים זאָלן געבין״. אויך דער סיימיק פון דער ריי־סישער שלאַכטע אין ווישניע נעמט אָן אַ באַשלוס אין יאָר 1667 קעגן די פּרזשעמישלער יידן וואָס וואוינען מחוץ די מויערן פון דער שטאָט און באַנוצן זיך מיט פּראָטעקציע פון פּריצים כדי נישט צו צאָלן קיין שום שטייערן פאַר דער קהילה. אין יאָר 1752 האָט דער וואָיעוואָדע אַרויסגעגעבן אַ באַפעל די יידן פון פּרזשעמישל, „וואָס האָבן פּריווילייק פאַרלאָזט זייערע הייזער אין דער יידישער גאַס״ און האָבן זיך באַ־זעצט אין פּריצישע הייזער, „כדי אויסצומיידן צו צאָלן שטייערן וואָס זיי זיינען מחויב קהל״, זיי זאָלן זיך אומקערן אין זייערע אַלטע דירות. אין דער זעלבער צייט האָט אַ צאָל רייכע יידן פון פּינסק זיך אַריבער־געצויגן אין דער פאָרשטאָט קאַרלין, כדי נישט צו צאָלן קיין שטייערן דער פּינסקער קהילה.

כדי נישט צו פאַרלירן דעם שטייער־קאָנטראָל איבער דער יידישער באַפעלקערונג האָבן אַ טייל קהילות (זשאָלקווע, דובנע) פאַרבאָטן יידן צו קויפן הייזער ביי קריסטן אָדער אפילו צו דינגען ביי זיי דירות און געוועלבער. אויסנאַמען פלעגן געמאַכט ווערן פאַר די, וואָס האָבן געגעבן אַ גרעסערע סומע פאַר קהל און דערביי זיך מתחייב געווען צו צאָלן פּינקט־לעך אַלע קהילה־שטייערן.

אין אַ טייל פאַרשטעט האָבן טאַקע יידן מיט דער הילף פון די פּריצים אויסגעפירט זייערס און געגרינדעט באַזונדערע קהילות. אַזוי האָבן יידן אין שניפּישאָק אין יאָר 1680 אויסגעפועלט ביים ווילנער קהל אַזאַ אָפּמאַך: זיי האָבן געמעגט קלייבן אַן איי־גענע קהילה־פאַרוואַלטונג; וויכטיקערע סיכסוכים זיי־נען זיי געווען מחויב צו משפּטן אין ווילנער בית דין און נישט ביים שניפּישאָקער דיין; זיי האָבן באַדאַרפט אַוועקגעבן דער ווילנער קהילה צען פּראָצענט פון זייער קאָראָבקע. די פירשטין ראַדזשיוויל האָט אָבער אָפּגעהיט „אירע״ שניפּישאָקער יידן פון אויספירן דעם לעצטן תנאי וועגן אַוועקגעבן אַ טייל פון זייער קאָ־ראָבקע. אין קאַרלין, דער פאָרשטאָט פון פּינסק, האָבן יידן מיט דער הילף פון פּריץ ברזשאָסטאָווסקי אין יאָר 1751 געגרינדעט אַן אייגענע קהילה מיט אַ שול, אַ בית עולם און אַ רב. זיי האָבן זיך אָבער מתחייב געווען לגבי דער קהילה אין פּינסק צו צאָלן אַ פעסט־באַשטימטע סומע שטייערן און צו באַטייליקן זיך אין אָפּצאָלן די חובות. דער סיכסוך האָט זיך אָבער גע־צויגן ווייטער אין משך פון צענדליקער יאָרן. פּונקט ווי די קהילה אין קאַרלין האָט געהאַט איר באַשיצער און אייגנטימער פון דער פאָרשטאָט, אַזוי האָט די פּינסקער קהילה געהאַט שטיצע פון איר שררה, דעם סטאַראָסטע. אויך אין דער מחלוקה פון דער פאָר־שטאָט־קהילה אַנטאָקאָל מיט דער ווילנער קהילה, האָט יעדער פון די צוויי צדדים געהאַט זיין פּריץ. די ווילנער קהילה איז אַרויסגעגאַנגען צום קאַמף מיטן כוח פון וואָיעוואָדע, פּירשט ראַדזשיוויל, בעת אַנ־טאָקאָל האָט געשטיצט דער אייגנטימער פון דער

יורידיקע, בישאָף מאַסאַלסקי. דער בישאָף האָט אָבער דערפאַר געהאַלטן זיך פאַר באַרעכטיקט צו דיקטירן „זיינע" יידן, אַז זיי מעגן דאַוונען בלויז אין דער אָרטיקער שול. ווען אַן אַנטאָקאָלער ייד האָט געוואָגט קעגן דעם באַפעל צו גיין דאַוונען סוכות אין דער גרויסער שול, זיינען אים באַפאַלן די וועכטער פון בישאָף און צעשלאָגן ביז בלוט... צו אַזעלכע „באַשיצער" האָבן געמוזט אָנקומען די קליינע יידישע ישובים וואָס האָבן פון זיך געוואָלט אַראָפּוואַרפן די איבערמאַכט פון דער גרויסער קהילה.

אין אַן אַנטיסעמיטישער פּוילישער בראָשורע, וואָס איז דערשינען אַרום יאָר 1744, מאַכט דער מחבר אַזוי בלוטיק חוזק פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין דעמאָלטיקן פּוילן :

„אָבער ווי נעבעכדיק און קינדיש, גלייך ווי אַ קאָמעדיע איז דער דאָזיקער סצעפּטער, אויב איר אַרענדירט אייער אויטאָנאָמיע און די פרייהייט צו האַלטן יידישע מנהגים, ביי קריסטלעכע האַרן. וואָרים איר קענט האָבן נאָר אַזאַ איינעם פאַר אַ רב, וואָס קויפט זיך דאָס רבנות ביי אַ קריסטלעכן האַר אויף לעבנסלענגלעך, אָדער אַרענדירט עס אויף אַ געוויסער צייט. דאָס זעלבע איז שייך דעם אַמט פון פרנס הקהל, צי עס ווערט דערוואָרבן אויף לעבנסלענגלעך, צי אויף אַ געוויסער צייט. עס איז שוין אָפּגערעדט וועגן די סומעס, וואָס איר מוזט אָפּצאָלן דער קיניגלעכער מאַכט, די וואָיעוואָדן, פּאָדוואָיעוואָדן און די איבעריקע אומצאָליקע באַאַמטע און האַרן, כדי איר זאָלט מעגן האָבן אַ שול און לעבן יידיש... פּונקט אַזוי ווי איר זייט נישט די האַרן איבער די מויטן און שענקען, ווייל איר אַרענדירט זיי, אַזוי זייט איר אויך נישט די האַרן איבער אייער יידיש פירעכץ, אויב איר מוזט תמיד דערפאַר אַזויפיל צאָלן יעדן איינעם, וואָס האָט איבער אייך די הערשאַפט, אָדער וואָס פאַרשטייט, ווי אַזוי צו פאַרשאַפן זיך די דאָזיקע הערשאַפט" — — —.

דער גיפטיקער אַנטיסעמיט האָט אויסערגעווינלעך טרעפלעך כאַראַקטעריזירט דאָס מהות פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין פריצישן פּוילן : דאָס איז געווען אַן אויבער־אַרענדע איבער די אַרענדאַרן, סוחרים, קרעמער, מעקלער און בעלי־מלאכות, וואָס יעדער איינער האָט אַרענדירט ביים פריצים־קלאַס דאָס רעכט צו לעבן.

## ה) דער קאַמף פון די יידישע מאַסן קעגן דער אונטערדריקונג פון קהל

די פאַרביטערונג פון דעם געפייניקטן פאָלק קעגן דער אונטערדריקונג מצד די קהילה־מושלים איז שוין אין 17טן י״ה אויסגעבראָכן אין אָפענע פאַרטיי־קאַמפן אין די קהילות. אין דעם דאָזיקן קאַמף פלעגן זיך על פי רוב פאַראייניקן אַלע שיכטן וואָס האָבן געליטן פון די קהל־מיסברויכן. די רעכטלאָזע בעלי־מלאכות און הענדלער האָבן אין דעם דאָזיקן קאַמף אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען וועגן רעאָרגאַניזאַציע פון קהל אויף דעמאָקראַטישע יסודות, וועגן זיכערן אַלע קלאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג אַן אָנטייל אין דער פאַרוואַלטונג מיט די קהילה־ענינים. דער מיטל־קלאַס פון סוחרים, וועלכער האָט אויך געליטן צוליב דער הפקר־ווירטשאַפט מצד די הערשנדיקע קליקעס אין קהל, איז בעיקר געווען פאַראינטערעסירט אין אַ סאַנאַציע פון די קהילה־פינאַנצן און אין זיכערן זיך די קאָנטראָל איבער דער קהילה־טעטיקייט. דער אומצופרידענער מיטל־קלאַס פלעגט זיך נישט זעלטן פאַראייניקן מיט די בעלי־מלאכות, כדי צוזאַמען אַראָפּצוואַרפן די פאַראַזיטישע קהילה־תקיפים. אין רעזולטאַט פון די דאָזיקע קאַמפן פלעגט אין אַ טייל קהילות פאָרקומען אַ געוויסע אומבאַדייטנדיקע רעאָרגאַניזאַציע פון דער פאַרוואַלטונג. די נייע איינפירונגען פלעגן אָבער געוויינלעך אָנהאַלטן קורץ און דערנאָך פלעגט זיך ווידער איינשטעלן דער אַלטער אָליגאַרכישער סיסטעם. אַנדערש האָט גאָרנישט געקענט זיין אין די באַדינגונגען פון פּוילנדיקן פעאָדאַלן סיסטעם אין לאַנד. אויף אָליגאַרכיע פון מאַגנאַטן האָט זיך געשטיצט דער גאַנצער פּאָליטישער בוי פון דער מלוכה. אויך אין די שטאָט־מאַגיסטראַטן האָט די הערשאַפט פון די פּאַטריצישע כנופיות געדויערט ביז צו דער צעטיילונג פון פּוילן, נישט געקוקט דערויף, וואָס נאָך לאַנגע עקשנותדיקע קאַמפן פלעגן דאָרט געמאַכט ווערן פאָרמעלע הנחות פאַרן פּרינציפּ פון פּאָלקס־פאַרטרעטערשאַפט : די „טריבונען פון פאָלק", וואָס זיינען באַווייליקט געוואָרן אין רעזולטאַט פון פּאָליטישע קאַמפן אין אַ ריי גרעסערע שטעט, האָבן פאַקטיש נישט געהאַט קיין שום מאַכט לגבי דעם פּאַטריציאַט, וואָס איז ווייטער געזעסן אין זאָטל.

דער פּויזנער פּנקס פון כשרים דערמאָנט שוין אין יאָר 1675 „פאַרטייען", „בונטן" און „סיכסוכים", וואָס האָבן אויפגערודערט די קהילה. די ראשי קהילה, דערציילט ווייטער דער פּנקס, זיינען אויפגעטראָטן מיט דער גאַנצער האַרבקייט קעגן די „פאַרשווערערס". אַ יאָר שפּעטער, 1676, דערמאָנט דער פּנקס אין פּויזן וועגן שווערע שטראָפן, וואָס די קהילה האָט באַשלאָסן קעגן די, „וואָס פירן זיך נישט לויטן דרך הישר". אין יאָר 1696 באַקלאָגן זיך די כשרים אין פּויזן, אַז „מענטשן גייען אַרום אויף די גאַסן און אין מאַרק און זאַמלען זיך אויך אויף די עקן פון די גאַסן, מאַכן אָן מחלוקות און רייצן צו סיכסוכים; זיי וועקן אומצופרידנקייט קעגן די תקנות פון די כשרים און פון קהל און שטעלן אין אַ סכנה דעם קיום פון דער קהילה, וואָס איז געגרונדפעסטיקט אויף שוועלן פון גינגאָלד". דערביי ווערט דערמאָנט דער כאַראַקטעריסטישער פאַקט, אַז דער גורם פון די מחלוקות זיינען געווען די עוולות ביים פאַרטיילן די

הקפות... דער דאָזיקער עפּיזאָד ווייזט אָן, אַז די הויפּט־אָנפירער פון קאַמף זיינען געווען באַלעבאַטים פון מיטל־קלאַס, וואָס האָבן געוואָלט אַרויסרייסן ביי דער קהילה־אָליגאַרכיע די הערשאַפט איבער דער קהילה. דאָס פּשוטע פאָלק האָט זיך אָבער נישט באַנוגנט וואָס קהל האָט דעמאָלט איינגעפירט בנוגע אַ גערעכטערן סדר ביי די הקפות, נאָר געפאָדערט אַ סך וויכטיקערע רעפאָרמען! אין די יאָרן 1703—1704 באַקלאָגן זיך די כשרים אין זייער פנקס, אַז צוליב דעם, וואָס רייכע און פאַרמעגלעכע לייט האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַריינצוגיין אין דער קהילה־קאָמיסיע פאַר שטייער־שאַצונג („שמאים"), האָט קהל נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, ווי צו וויילן שטייער־שאַצערס פון פּשוטן פאָלק, „וואָס פאַרשטייען גאָרנישט דעם ענין פון שטייער־פאַרטיילונג". דאָס זיינען געווען די יאָרן פון דער צפון־מלחמה, ווען די חיילות פון שוועדן, זאַקסן און פוילן האָבן נאָכאַנאַנד אַרויפגעלייגט אויף דער קהילה אויסטערלישע קאָנטריבוציעס. די נגידים האָבן מן הסתם סאַבאָטירט די קאָמיסיע פאַר שטייער־שאַצונג דערפאַר, כדי דאָס אחריות פאַר די הויכע אָפּצאָלן איבערצוואַרפן אויף די פאָרשטייערס פון פאָלק גופא. די טענה פון די כשרים, אַז די פּשוטע מענטשן פאַרשטייען גאָרנישט פון ענין פון שטייער־אָפּשאַצונג איז געווען אַ תירוץ, וואָס האָט געדאַרפט צוגרייטן דעם באָדן פאַר צוריק־אַריינגעמען די וויכטיקע קאָמיסיע אין די הענט פון די קהילה־אפּוטרופּסים. באַלד האָט דער קאַמף זיך אויפסניי צעפלאַקערט נאָך אין אַ גרעסערן פאַרנעם. אין יאָר 1716, דערציילט דער פנקס פון די כשרים, האָבן די פאַרשווערער נישט בלויז אָנגעמאַכט מחלוקות און טאָג־טעגלעך אַרויסגעגאַנגען צום קאַמף קעגן קהל, ריידנדיק בייזע רייד; זיי האָבן זיך געמיט אַריבערצוציען אויף זייער זייט מענטשן מיט אַ השפּעה און די מאַכט פון מלכות, כדי צו ענדערן „די מנהגים און דעם סדר פון דער קהילה" (אונטערגעשטראָכן פון מיר — ר. מ.). קהל און די רבנים פון פּויזן זיינען אַרויסגעטראָטן עפנטלעך „מיט האַרבע רייד" קעגן די דאָזיקע „פּורצי גדר" און האָבן זיי באַדראָט מיט די שטרענגסטע שטראָפן . . . ווי מיר זעען, האָט זיך דאָס מאָל שוין דער קאַמף געפירט אַרום אַ קלאָרן און ראַדיקאַלן לאָזונג וועגן ענדערן „די מנהגים און דעם סדר פון דער קהילה", ד"ה וועגן רעאָרגאַניזירן די קהילה אויף נייע יסודות. די רעפּרעסיעס מצד דעם אַטאַקירטן קהל האָבן געמוזט זיין גאָר שווערע, אויב די אָפּאָזיציע האָט זיך געווענדט צום צד השלישי, צו דער מלוכה־מאַכט. דער פינאַנציעלער חורבן פון דער קהילה אין רעזולטאַט פון דער צפון־מלחמה האָט אין יאָר 1720 ווידער דערפירט צו אַ באָיקאָט פון קהילה־אַמטן דורך די נגידים, מן הסתם מיט דער זעלבער אויסרעכענונג וואָס האָט זיי געהאַט באַוואויגן צו סאַבאָטירן די שטייער־שאַצונג־קאָמיסיע אין יאָר 1703. דאָס מאָל האָט זיך געהאַנדלט וועגן העכסטן קהילה־אַמט, וועגן אַמט פון פרנסים. דאָ האָבן די כשרים נישט געוואָלט ריזיקירן איבערצוחזרן דעם עקספּערימענט פון דיסקרעדיטירן די פאָרשטייערס פון פאָלק און האָבן אַרויסגעלאָזט אַ תקנה, אַז די אויסגעוויילטע פרנסים זיינען מחויב אָנצונעמען זייער אַמט. אַזעלכע תקנות האָבן די פּויזנער כשרים אַרויסגעלאָזט אויך שפּעטער, אין די יאָרן 1753 און 1764.

אין פנקס פון דער רייסישער קהילה זשאָלקווע געפינען מיר אָפּקלאַנגען וועגן קאַמפן אַרום דער מאַכט אין קהל, וואָס פלעגן כסדר אויסברעכן צום סוף 17טן און אָנהויב 18טן י"ה. די סיכסוכים זיינען דאָרט פאָרגעקומען קודם כל צווישן די שטענדיקע דעפּוטאַטן פון די באַלעבאַטים אין קהל, וואָס האָבן זיך גערופן „יחידי סגולה" און צווישן די קהל־פרנסים. אַזעלכע סיכסוכים ווערן דאָס ערשטע מאָל דערמאָנט אין יאָר 1690. די פּשרה, וואָס איז באַשטאַנען אין אָננעמען נייע תקנות, האָט, ווייזט אויס, ניט געהאַט קיין לאַנגן קיום. שוין אַ יאָר שפּעטער, אין 1691, ווערט באַשטעטיקט אַן אַלטע תקנה, אַז חול המועד פסח, פאַר די וואַלן צו די קהילה־אַמטן, דאַרף דער רב מתיר נדר זיין אַלע וואָס האָבן זיך פאַרבונדן אין אַ „בונט" און „פאַרשווערונג" כדי אַדורכצופירן זייערע פאַרטיי־קאַנדידאַטן אין קהל. אין יאָר 1700 זיינען די „צוים־ברעכער" (פּורצי גדר) און די מחלוקה־מאַכער („לעורר מדנים") געווען אַזוי ווייט רירעוודיק, אַז דער דאָרטיקער דאָקטאָר שמחה איז באַפּולמעכטיקט געוואָרן צו באַפעסטיקן די תקנות פון קהל מיט זיין אויטאָריטעט. אין יאָר 1704 איז אויסגעבראָכן אַ נייער סיכסוך. די „יחידי סגולה" האָבן געפאָדערט, אַז די פרנסים, וואָס זיצן שוין יאָרנלאַנג אויף זייער אַמט, זאָלן אָפּטרעטן. די צוויי צדדים האָבן סוף־כל־סוף געשלאָסן אַן אָפּמאַך, וואָס האָט געזאָלט זיין חל אין משך פון 12 יאָר: עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ פּרינציפּ, אַז קיינער טאָר נישט זיין מנהיג פון קהל מער ווי דריי יאָר נאָכאַנאַנד.

אויך אין די קהילות אין ליטע זיינען „פאַרשווערונגען" און „בונטן" פאָרגעקומען אומאיבערגעריסן זינט גזירת ת"ח. די האַרבע תקנות קעגן בונטן און קעגן יעדער אָרגאַניזירטער אָפּאָזיציע, וואָס דער וועד ליטע האָט געהאַט אָנגענומען באַלד נאָך זיין קאָנסטיטואירונג, זיינען איבערגעחזרט געוואָרן אויף אַ ריי שפּעטערדיקע פאַרזאַמלונגען ביז צום סוף פון 17טן י"ה: אין יאָר 1639 (תקנה שע"ג), 1647 (תקנה תמ"ו), 1650 (תקנה תע"ו), 1670 (תקנה תרנ"ו), 1679 (תקנה תשנ"ד), 1687 (תקנה תתי"ג. תתי"ו), 1691 (תקנה תת"ל). פון דער פאָרמולירונג פון די תקנות ווייזט אויס, אַז וואָס שפּעטער, זיינען די קאַמפן פון דער אָפּאָזיציע געוואָרן אַלץ געפערלע־

כער פאַר די די קהילה־מושלים. אין יאָר 1670 ווערן די מנהיגים און רבנים אויפגעפאָדערט מקיים צו זיין אַ שאַרפן פסק די פאַרזינדיקטע קעגן קהל, באַלד ווי זיי וועלן אַהיימקומען פון צוזאַמענפאָר פון וועד. אויך אין יאָר 1679 ווערט באַפוילן, אַז דער חרם אויף די „קושרים" זאָל אויסגערופן ווערן באַלד ווי די מנהיגים וועלן נאָר זיין צוריק אין דער היים. אין יאָר 1687 באַשליסט דער וועד, אַז דער חרם זאָל אויסגערופן ווערן יעדן ערב ראש־חודש און אויף אַלע ירידים פון דער ליטווישער מדינה.

אין דער אַנדערער העלפט פון 18טן י"ה האָבן די קאַמפן פון דער אָפּאָזיציע קעגן קהל זיך געוואַלטיק פאַרשאַרפט אין גאַנץ פוילן. אין משך פון דער צייט איז די צאָל בעלי־מלאכות אַזוי שטאַרק אויסגעוואַקסן, אַז אין אַ סך גרויסע און מיטעלע קהילות האָבן זיי אַרומגענומען פון אַ דריטל ביז אַ העלפט און מער פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין דער זעלבער צייט איז אויך מוראדיק געשטיגן די פאַראָרימונג פון דער איבעריקער יידישער באַפעלקערונג, בפרט ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַרויסשטויסונג פון יידישע אַרענדאַרן און שענקערס. די „נתינות"־שטייערן אין הוצאות אויף השתדלות האָבן דערגרייכט די העכסטע מדרגה און אין רעזולטאַט פון דעם זיינען אומגעהויער געוואַקסן די חובות פון די קהילות, בעת די צאָלונגס־פעאיקייט פון די מאַסן איז גראָד געוואָרן אַלץ קלענער. און פונקט דעמאָלט האָבן די קהילה־מושלים געהאַלטן איז פאַר זיי די פאַסיקסטע צייט אָנצוזאַמלען עשירות פון בלוט און שווייס פון דער פאַרפייניקטער יידישער באַפעלקערונג. אין די לעצטע יאָרן פון דער פוילישער מלוכה איז די אונטערדריקטע יידישע באַפעלקערונג אין איר קאַמף קעגן קהל געשטאַרקט געוואָרן אויך דורך דרויסנדיקע השפעות: דער קאַמף פאַר רעפאָרמען פון דער מלוכה־אָרדענונג און פון דער מלוכה־אָרגאַניזאַציע האָט געשטעלט אויף דער טאָג־אָרדענונג פון דער פאָליטישער דיסקוסיע די פראַגע וועגן רעאָרגאַניזירן די קהילות און אפילו די עצם פראַגע וועגן זכות הקיום פון דער קהילה־אינסטיטוציע.

די באַנייטע קאַמפן קעגן קהל ברעכן אויס צוערשט אין די מערב־פראָווינצן פון פוילן און ערשט יאָרן שפעטער טראָגן זיי זיך אַריבער קיין ליטע, וואו די מאַכט פון די קהל־תקיפים איז געווען אַם שטאַרקסטן און דערפאַר דער פאַרטיידיקונגס־קאַמף פון די מאַסן אַם שווערסטן.

אין פויזן האָט זיך אין יאָר 1752 איינגעגעבן דער אָפּאָזיציע מצד דער אָרימער באַפעלקערונג אַדורכצופירן ביי די וואַלן דריי אירע מיטגלידער אין דעם ראַט פון זיבן כשרים, וואָס האָט געהאַט די השגחה איבער די קהילה־פרנסים. דער וואָיעוואָדע איז אָבער געקומען צו הילף די באַדראָטע קהילה־מושלים, געפסלט די וואַלן פון די דריי אָפּאָזיציאָניסטן און אויף זייער אָרט האָט ער נאָמינירט אַנדערע דריי. כדי זיך אָבער אַרויסצושטעלן ווי אַ היטער פון גערעכטיקייט האָט דער וואָיעוואָדע געוואָרנט די קהילה־פאַרוואַלטונג, „זי זאָל געדענקען צו באַהאַנדלען יושרדיק די איינצעלע קהילה־מיטגלידער, די אָרימע און נויטבאַדערפטיקע". אַ יאָר שפעטער, אין 1753, איז קהל געווען געצוואונגען צו מאַכן אַ הנחה דער אָפּאָזיציע בנוגע פאַרטרעטערשאַפט אין די קהילה־אינסטאַנצן. עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז אַחוץ די זיבן כשרים דאַרף געוויילט ווערן נאָך אַ קערפערשאַפט פון 21 מענטשן, „כדי עס זאָל נישט אויפקומען קיין שום חשד, קיין שום פאַרדאַכט און קיין שום בייז רכילות קעגן די האַרן פון קהל און כדי אַלע זאָלן קענען עדות זאָגן און דערקלערן, אַז אַלץ איז פאַרגעקומען על פי יושר אָן אַן אָפּנויג פון דין און אָן היינטערליסטיקייט" . . ווייזט אויס, אַז די כשרים, וואָס האָבן די דאָזיקע פראַזן געלאָזט פאַרשרייבן אין פנקס, זיינען נישט געווען אַזוי זיכער מיט זייער „יושרדיקן" פירעכץ, ווייל איינצייטיק האָבן זיי מתקן געווען, אַז ווער עס וועט זיי דירעקט אָדער אומדירעקט באַשולדיקן אין אומגערעכטע וואַלן, וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך מיט זיין גאַנצן פאַרמעגן . .

אין לעסלע (אינאָוראָצלאַוו) איז נאָך פריער אויסגעקעמפט געוואָרן די רעפאָרם, אַז די כשרים דאַרפן געוויילט ווערן דורך דריי קלאַסן, רייכע, פאַרמעגלעכע און בעלי־מלאכות. אַזוי ווי די בעלי־מלאכות, וואָס זיינען לויט דער דאָזיקער פאָרמולירונג בפירוש געווען די אָרימסטע, זיינען געווען אַ מינדערהייט צווישן די דריי קלאַסן ווילער, האָבן זיי קיינמאָל נישט געקאָנט אַדורכפירן קיין אייגענעם פרנס, אין זעלטענע פאַלן האָבן זיי געהאַט אַ פאָרשטייער צווישן די „טובים". ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, האָבן אין לעסלע די צוויי רייכסטע פאַמיליעס פון דער קהילה געהאַט אַ חזקה, סאַנקציאָנירט דורך דריי רבנים, אויף צו באַזעצן צוויי צווישן די פיר שטעלעס פון פרנסים.

אין דער גרעסטער גרויספוילישער קהילה, ליסע, איז אין יאָר 1763 אויסגעבראָכן אַן אָפענע איבערקערעניש, צוליב דעם, וואָס די קהל־לייט האָבן געפרעסט אַלץ נייע שטייערן פון דער באַפעלקערונג. דאָס אויפגעבראַכטע פאָלק האָט מיט געוואַלט אַריינגעשלעפּט די קהל־מושלים אין דער שול אַריין און געהייסן זיי שווערן, אַז זיי וועלן זיך אָפּזאָגן פון זייער אַמט. דאָס „פשוטע פאָלק" האָט אויסגעקליבן זיינע פאָרשטייערס, „באַפולמעכטיקטע פון פאָלק" (ענלעך ווי די „טריבונען פון פאָלק" אין די שטאָט־מאַגיסטראַטן) און בראש פון זיי שמואל בן משה. אָן דעם אכזריותדיקסטן פון די קהילה־תקיפים האָט דאָס פאָלק זיך נוקם געווען און געמאַכט אים אַ „לעבעדיקע לוויה". דער אייגנטימער פון דער שטאָט, דער

מאַגנאַט סולקאָווסקי, האָט אָבער נישט געקאָנט טאָלערירן דעם רעוואָלט פון פאָלק און האָט באַשטראָפט די אָנפירערס אויף אַזאַ האַרבן אופן: דריי פון זיי זיינען געשטעלט געוואָרן אין דער קונע דריי שבתים נאָכאַנאַנד און שמואל בן משה איז פאַרמשפט געוואָרן אויף פיר וואָכן שווערע אַרבעט שלעפן אַ טאַטשקע. אין דער קהילה איז צוריק איינגעשטעלט געוואָרן די אַלטע „אָרדענונג“ פון אומברחמנותדיקן אויסנוצן פון דער אָרימער באַפעלקערונג דורך די גבירים, געכפלט דורך קאָרופציע און שווערע רעפּרעסיעס קעגן יעדער אָפּאָזיציע. די קאַטאַסטראָפאַלע שריפה, וואָס איז אויסגעבראָכן אין יידישן קוואַרטאַל אין ליסע אין יאָר 1767, האָט געבראַכט אַ חורבן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. ווייזט אויס, אַז דעמאָלט האָבן די מושלים פון דער קהילה געמוזט אָפּטרעטן פאַר דעם צאָרן פון די פאַרצווייפלטע רואינירטע מאַסן און אין דער פאַרוואַלטונג זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פאָרשטייערס פון ברייטערע שיכטן פון דער קהילה־באַפעלקערונג. נאָר ביי אַזאַ איבערגרופּירונג פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג לאָזט זיך דערקלערן, וואָס מען האָט דערלאָזט צו פאַרשרייבן אין פנקס אַזאַ נאָטיץ וועגן דער שריפה: דאָס שרעקלעכע אומגליק, דערציילט דער פנקס, איז געווען אַן עונש מן השמים דערפאַר, „ווייל אמת איז געהאַט אונטערגאַנגען; די פינף לייט, וואָס זיינען געווען די ממונים איבער דעם פאַרדאָן־שטייער (קאָראָבקע) האָבן געשוינט די גבירים, וואָס זיינען געווען ביכולת צו צאָלן שטייער און געדריקט די אומפאַרמעגלעכע; די פינאַנצן פון דער קהילה האָבן דערפון געליטן שאָדנס און צוליב דעם האָט זינט אַ לאַנגער צייט געהערשט פאַרביטערונג און געוואַלטיקע סיכסוכים. יענע לייט (די פינף ממונים) האָבן זיך אוזורפירט די מאַכט, האָבן איינגעפירט אַ הערשאַפט פון טעראָר און זיינען געווען בעלי־גאוואות. ווער עס איז זיי נישט געווען ניחא, אויף דעם האָבן זיי אַרויפגעלייגט שווערע שטייערן און האָבן אים גערודפט“.

אַ מער דויערהאַפטע רעפאָרם אין דעם סיסטעם פון דער קהילה־רעפּרעזענטאַנץ אין ליסע איז ערשט איינגעפירט געוואָרן אין רעזולטאַט פון שאַרפע קאַמפן אין יאָר 1792. זינט דעמאָלט האָבן די ראשי קהילה ביי אַלע וויכטיקע פראַגן געדאַרפט לויט די תקנות רופן אַ באַראַטונג פון זיבן „בעלי־אסיפה“. די דאָזיקע „באַפולמעכטיקע פון פאָלק“ זיינען געקליבן געוואָרן פון ווייטערדיקע פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס: פוטערניקעס, טוך־הענדלער, תבואה־הענדלער, לעדער־הענדלער, שענקערס, קרעמערס, מעקלערס, שניידערס, קירזשנערס און שמוקלערס. אין פאַל פון חילוקי דעות צווישן די ראשי קהילה און די בעלי־אסיפה, האָט באַדאַרפט פאָרקומען אַ שריפטלעכע אָפּשטימונג, דערביי האָבן די ראשי קהילה געהאַט דריי שטימען און די בעלי־אסיפה — זיבן שטימען. פאַר דער דעצידירנדיקער אָפּשטימונג האָבן די בעלי־אסיפה געדאַרפט אָפּהאַלטן אַ באַראַטונג מיט די באַרופס־קלאַסן, וואָס האָבן זיי געוויילט. יעדע וואָך האָט אַן אַנדערער פון די זיבן בעלי־אסיפה געהאַט די אויפגאַבע צו באַשטעטיקן גרעסערע הוצאות פון פרנס החודש. חוץ דעם האָבן פיר מאָל אין יאָר אַלע בעלי־אסיפה צוזאַמען געדאַרפט אַדורכפירן אַ קאָנטראָל סיי פון דער פינאַנציעלער טעטיקייט פון די פרנסים און גבאי־צדקה, סיי פון אַנדערע געביטן פון דער קהילה־טעטיקייט.

די טיילווייזע רעפאָרמען, וואָס זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן אין די גרויספוילישע קהילות פויזן, לעסלע און באַזונדערס אין ליסע, לאָזן זיך אין אַ גרויסער מאָס דערקלערן דערמיט, וואָס דווקא אין גרויספוילן האָבן די בעלי־מלאכות געהאַט די שטאַרקסטע איבערוואָג לגבי די איבעריקע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אַחוץ דעם דאָזיקן דעצידירנדיקן מאָמענט דאַרף מען אויך נעמען אין באַטראַכט, אַז גרויספוילן איז בכלל געווען די פאָרגעשריטנסטע פּראָווינץ פון דער פוילישער מלוכה, הן לויט איר עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, הן אויך לויט איר פּאָליטישער אַנטוויקלונג און קולטורעלן מצב. אין פרט פון קולטורעלער אַנטוויקלונג זיינען אויך יידן אין גרויספוילן געווען פאָרגעשריטן לגבי די יידן פון אַנדערע פוילישע פּראָווינצן, צוליב זייער ענגערן קאָנטאַקט מיט דעם שכנותדיקן דייטשלאַנד. בעת צווישן די רבנים פון גאַנץ פוילן פלעגט זיך זעלטן טרעפן עמיץ, וואָס זאָל קענען דעם לאַטיינישן אַלפאַבעט, געפינען מיר אין די ציילונגס־רעגיסטערס פון גרויספוילישע קהילות פון יאָר 1764 אַ צאָל חתימות פון רבנים, פרנסים און שמשים אויף דייטש. אין ליסע האָט מען נאָך אונטער דער פוילישער הערשאַפט געלערנט אין די חדרים שרייבן און לייענען דייטש.

אין קראָקע, וואו די יידישע קהילה איז באַשטאַנען בעיקר פון סוחרישע עלעמענטן און די בעלי־מלאכות זיינען געווען לפי ערך אַ מינדערהייט, זיינען די קהל־כנופיות פעסט געזעסן אין זאָטל ביז צום סוף פון 18טן י״ה. אויך דאָרט פלעגן אָבער אויסברעכן שאַרפע קאַמפן פון דער אָפּאָזיציע. נאָך צום סוף פון 17טן י״ה, אין יאָר 1699, האָט זיך דאָרט אָרגאַניזירט אַן אָפּאָזיציע קעגן תקיף זכריה מענדל און געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף אין משך פון לאַנגע יאָרן. זכריה מענדל אַראָנאָוויטש, פרנס פון דער קראָקעווער קהילה, וואָס האָט אין דער זעלבער צייט אויך באַקליידט דאָס אַמט פון פרנס וועד ארבע ארצות און פון אַ מנהיג אין דער קראָקעווער־צאָזמירער מדינה, האָט דערפירט דעם סיסטעם פון מיסברויכן מיט קהלשע געלטער צו אַן אויסטערלישער מדרגה. ער האָט נישט בלויז געשונדן די הויט פון דער באַ־

פעלקערונג דורך שווערע שטייערן, נאָר ער פלעגט אויך צווינגען קהילה־באַלעבאַטים אונטערצושרייבן וועקסלען אויף צו דעקן מכלומרשטע קהילה־חובות, וואָס זיינען געווען פאַקטיש זיינע פריוואַטע חובות. שמעון בן זרח, וואָס האָט געהאַט דעם מוט עפנטלעך צו סטעמפּלען די דאָזיקע גזילות און האָט אָרגאַניזירט אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע, איז דורך דעם קהילה־תקיף אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם און געצוואונגען געוואָרן אונטערצושרייבן וועקסלען אויף 200 אימפּעריאַלן — דוקאַטן. דעם חרם האָט באַשטעטיקט דער קראָקעווער וואָיעוואָדע... דער קאַמף האָט זיך געצויגן גאַנצע יאָרן. 25 יאָר האָט געוועלטיקט דער דיקטאַטאָר זכריה מענדל. ער האָט פאַר זיך אַליין צוגענומען די פאַכט פון קהילה־שטייערן און אויפגעמאָנט זיי מיט דער הילף פון סאָלדאַטן, וועלכע דער וואָיעוואָדע פלעגט שטעלן אין זיין רשות. סוף־כל־סוף איז דער תקיף זכריה מענדל פאַראָרימט געוואָרן און אין יאָר 1716 האָט ער זיך אַריבערגעטראָגן קיין פינטשעוו, וואו ער האָט זיך שוין פריער געהאַט געקויפט די שטעלע פון רב... צו דער מאַכט אין דער קראָקעווער קהילה זיינען געקומען נייע קליקעס... דאָס פשוטע פאָלק פון דער קראָקעווער קהילה האָט נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן אַן אייגענע פאַרטיי און פלעגט דערפאַר פון צייט צו צייט שטיצן יענע קליקע, וואָס איז געווען אין אָפּאָזיציע קעגן דער הערשנדיקער. אין די פערציקער יאָרן פון 18טן י״ה איז דער קאַמף פון קליקעס אין דער קראָקעווער קהילה געווען פאַרקניפּט מיט דעם קאַמף צווישן צוויי פּריצים, וואָס האָבן ביידע פּרעטענדירט אויף דעם אַמט פון „יידישן ריכטער". אין יאָר 1745 האָט דער אַראָפּגעזעצטער „יידישער ריכטער", דער פּריץ גאָרדאָן, אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיי קעגן קהל און קעגן דעם רב, וואָס האָבן אָנערקענט אַלס ריכטער זיין קעגנער, דעם פּריץ רודניצקי. אָן דער שפּיץ פון דער אָפּאָזיציאָנעלער פּאַרטיי איז געשטאַנען דוד יקירס, וועלכער האָט געפּרוּווט צו אַגיטירן דאָס פשוטע פאָלק צום קאַמף קעגן קהל.

אין דער וואָלינער קהילה דובנע האָבן די בעלי־מלאכות יאָ געוואַגט אַרויסצוטרעטן צום אָפענעם קאַמף קעגן קהל. זיי זיינען אָבער געבליבן די באַזיגטע צוליב דעם, וואָס די תקיפים פון קהל האָבן זיך געשטיצט אויף דער פּראָטעקציע פון דעם פּריץ. פאַררופנדיק זיך אויף דעם דעקרעט פון פּריץ פון דער שטאָט, פירשט יאַבלאָנאָווסקי, וואָס זיי האָבן מן הסתם אויסגעפּועלט דורך געהעריקע השתדלות און מסירות, האָבן די אכזריותדיקע תקיפים געגעבן אַ צעשמעטערנדיקן קלאַפּ דער האַנטווערקער־אָפּאָזיציע: זיי האָבן אין יאָר 1765 אויפגעלייזט די חברות פון „אורגים" (מן הסתם איז דאָס געווען דער אָפיציעלער נאָמען פון שניידערס און נישט פון וועבערס), פון קצבים, פון בעקערס און פון אַנדערע בעלי־מלאכות און פאַרבאָטן אויף להבא זיי צוריק צו אָרגאַניזירן! ווי אויף אַן איראָניע האָבן די פּרנסים זייער אומדערהערטן באַשלוס מאָטיווירט דערמיט, אַז די האַנטווערקער־חברות אונטערדריקן מכלומרשט די אָרימע באַפעלקערונג... דערמיט איז אָבער אומצופרידנקייט פון דער אָרימער באַפעלקערונג נישט דערשטיקט געוואָרן. שוין אַ יאָר שפּעטער האָט קהל געמוזט נאָכגעבן דער אָפּאָזיציע עטלעכע תקנות: עס איז באַשטימט געוואָרן אַז יעדעס יאָר דאַרפן אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג געקליבן ווערן דריי „רעגירערש" (רעגירערס), וואָס זאָלן האָבן דאָס רעכט צו קאָנטראָלירן און צו באַשטעטיקן אַלע הוצאות און הכנסות פון קהל. פאַקטיש זיינען אויסגעקליבן געוואָרן נאָך אין זעלבן יאָר פיר אַזעלכע „רעגירערס". אַחוץ דעם איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די פּרנסים טאָרן זיך נישט נעמען קיין חודש־געהאַלט און טאָרן אויך נישט פאַרלאַנגען פאַר זיך קיין שום אָפּצאָל פאַר חתמענען אַמטלעכע פּאַפּירן פון קהל. שפּעטער, אין די יאָרן 1781 און 1792 איז קהל אין דובנע געצוואונגען געוואָרן צו רעפאָרמירן דעם סיסטעם פון דער פלייש־טאַקסע און פון קהילה־שטייער „כדי עס זאָל זיך שוין נישט לאָזן הערן דאָס וויי־געשריי פון אָרימעלייט" און „כדי צו פאַרלייכטערן די משא פון פאָלק"...

אין די אָפּגעשטאַנענע ליטוויש־ווייסרוסישע פּראָווינצן איז דער דעצידירטער קאַמף קעגן די קהל־תקיפים אויסגעבראָכן מיט אַ מעכטיקן אימפּעט אינם לעצטן פערטל פון 18טן י״ה. די דערמאָנטע תקנה פון וועד מדינת ליטע פון יאָר 1761, וואָס האָט אונטער אַ חרם פאַרבאָטן צוצולאָזן בעלי־מלאכות צו וואַל־פאַרזאַמלונגען און צו אַמטן אין קהל, איז געווען אַן ענטפער דערויף, וואָס דער דאָזיקער אַם מערסטן אונטערדריקטער קלאַס האָט צו יענער צייט שוין אויפגעהויבן אַ קאַמף פאַר רעכט אין די קהילות. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט דער דאָזיקער קאַמף שוין אָנגענומען די פאָרם פון אָפענע בונטן קעגן קהל.

אין מינסק האָבן די מעשי־תעתועים פון דער קהילה־אָליגאַרכיע אָנגענומען אַן אויסטערלישן פאַרנעם: די קהילה־לייט האָבן כסדר אַלץ העכער אויפגעשרויפט אַלע מינים קאָראָבקעס פון סוחרים און קצבים, גענומען גרויסע אָפּצאָלן פאַר חזקות און געבאַלעבאַטעוועט מיט דעם געלט אָן אַ שום קאָנטראָל; זיי האָבן אָנגעמאַכט חובות און געצוואונגען די באַפעלקערונג זיי צו דעקן; זיי האָבן נישט צוגעלאָזט צו קיין וואַלן כדי זיך צו האַלטן ביי דער מאַכט. די אָפּאָזיציע האָבן זיי גערודפט מיט אַלע מינים רעפּרעסיעס: אָרגאַניזירט בלוטיקע אָנפאַלן אויף די „בונטאָווסטשיקעס" אין דער היים און אפילו אין דער שול; נישט צוגעלאָזט זיי צום דאַווענען און אַריינגעלייגט זיי אין חרם; אַריינגעשטעלט אין דער קונע,

אָדער אַריינגעזעצט אין תפיסה געשמידטע אין קייטן. קעגן דער דאָזיקער קליקע האָבן די בעלי־מלאכות אָרגאַניזירט די יידישע באַפעלקערונג פון דער שטאָט און אויסגעקליבן פאָרשטייערס פון „פשוטן פאָלק", מיט דער פאָדערונג אַדורכצופירן וואַלן פון אַ נייער פאַרוואַלטונג. די קהל־לייט האָבן געענטפערט מיט נייע רעפּרעסיעס און דעמאָלט האָבן די בעלי־מלאכות זיך געווענדט צום מלוכהשן אַסעסאָרישן געריכט. ווען די קהל־תקיפים האָבן אויך צו דער דאָזיקער אינסטאַנץ געטראָפן מיט גרויסע געלטער, האָט די אָפּאָזיציע געזוכט גערעכטיקייט ביים ווילנער בית־דין. דער פסק־דין איז אָבער ווידער אויסגעפאַלן לטובת די הערשנדיקע קהל־לייט. די „באַנדע בעלי־מלאכות", ווי די מינסקער תקיפים האָבן זיי מיט פאַראַכטונג אָנגערופן, האָט נישט געזען פאַר זיך קיין אַנדערע ברירה, ווי אַריבערצוגיין צום דירעקטן קאַמף: אין יאָר 1777 זיינען די בעלי־מלאכות באַפאַלן דאָס קהל־שטיבל און אַרויסגעטריבן די קהל־פאַרוואַלטונג; זיי האָבן אויפגעבראָכן דאָס קהל־אַרכיוו, צוגענומען די חשבונות־ביכער און דאָקומענטן און איבערגעגעבן דעם סטאַראָסטע־אַמט אין מינסקער שלאָס. זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ באָיקאָט פון קהילה־שטייערן און אויפגעהערט צו צאָלן די קאָראָבקע; זיי האָבן באַזעצט די שול און ניט אַריינגעלאָזט אַהין די קהל־פרנסים. מיט דער הילף פון דער אָרטיקער מאַכט האָט אָבער די קהל־קליקע צוריק איינגעפירט „אָרדענונג", גענומען ביטערע נקמה אָן דער אָפּאָזיציע און ווייטער פאָרגעזעצט די גזילה־ווירטשאַפט אין דער קהילה.

נאָכדעם, ווי די נייע אָנקלאַגע פון די בעלי־מלאכות פאַרן אַסעסאָרן־געריכט האָט נישט געבראַכט קיין פעולה, איז שוין צו דער הפקר־ווירטשאַפט פון קהל נישט געווען קיין גרענעץ: די קהלשע „פאַרזאָרגער" האָבן געמאַכט אַ נייעם חוב ביי אַ גלח אויף 125 טויזנט גילדן און געצוואונגען יידן מיט חרמות אונטערצושרייבן וועקסלען אויף דער דאָזיקער סומע. זיי האָבן דעם זעלבן גלח פאַרפּאַכט די קאָראָבקע פון סוחרים, פלייש און פון בית־דין. ווען די פשוטע יידן האָבן נישט געוואָלט אָנערקענען דעם אַרענדע־אָפּמאַך מיטן גלח, האָט זיי די קהילה־פאַרוואַלטונג געצוואונגען מיט מיליטער זיך אונטערצוגעבן. די קהל־לייט האָבן געמאַכט ווייטערדיקע פיקטיווע הלוואות און געהייסן די קהילה־מיטגלידער אָפּצאָלן די מכלומרשטע „קהילה־חובות". דאָס פשוטע פאָלק מיט די בעלי־מלאכות אין דער שפּיץ האָט דעמאָלט אויסגעקליבן צוויי באַפולמעכטיקטע און אַרויסגעשיקט זיי צו דער פינאַנץ־קאָמיסיע קיין גראָדנע מיט אַ מעמאָראַנדום קעגן קהל. אויף דער השתדלות פון קהל האָט זיך ווידער אַריינגעמישט דער פאָדסטאַראָסטע פון מינסק און געלאָזט די צוויי דעלעגאַטן פון פאָלק אַריינזעצן אין דער תפיסה. דאָס „פשוטע פאָלק" האָט דעמאָלט געדונגען בסוד אַ שטאַפעט, כדי מיט אים איבערצושיקן דאָס מעמאָראַנדום קיין גאָרדנע. קהל האָט באַוויזן צו כאַפּן אויך דעם שטאַפעט, די אָנקלאַגע האָט אָבער סוף־כל־סוף דערגרייכט צו דער מלוכהשער פינאַנץ־קאָמיסיע. די קהל־לייט האָבן געענטפערט מיט אכזריותדיקן פיזישן טעראָר: איין באַפולמעכטיקטן האָט מען פריער געפייניקט מיט שלעג און דערנאָך אַריינגעשטעלט אין דער קונע; אַ צווייטן באַפולמעכטיקטן האָט קהל אַריינגעכאַפּט צו זיך אין שטיבל און אים צעמזיקט. ווידער האָט דאָס „פשוטע פאָלק" געפּרואווט מאָנען גערעכטיקייט ביי דער העכסטער מלוכה־מאַכט אין ליטע. דעמאָלט זיינען די אויסגעקליבענע באַפולמעכטיקטע פון פאָלק אויף דער מסירה פון קהל צום שעף פון רוסישן מיליטער געשמידט געוואָרן אין קייטן אַלס „גנבים" און געבראַכט געוואָרן קיין גראָדנע. ווען די באַפולמעכטיקטע האָבן באַוויזן זייער אומשולד און קהל איז באַשטראָפט געוואָרן מיט פינף טויזנט גילדן פאַר רכילות, האָבן די תקיפים מיט נייע רעפּרעסיעס געצוואונגען דאָס פאָלק צו חתמנען אַ התחייבות אויף אומצוקערן קהל די דאָזיקע סומע... אין יאָר 1782 האָבן די באַפולמעכטיקטע פון פשוטן פאָלק אין מינסק אַריינגעטראָגן אין ליטווישן פינאַנץ־טריבונאַל אַ נייעם מעמאָראַנדום קעגן קהל. דער פסק־דין פון טריבונאַל איז נישט פאַרצייכנט, אָבער אויפן יסוד פון דער פריערדיקער האַלטונג פון דער מלוכה־מאַכט לגבי די מעשים פון מינסקער קהל און לויט דער אַנאַלאָגיע פון ענלעכע פאַרשלעפּטע פּראָצעסן אין ווילנע קען מען זיך משער זיין, אַז נישט געקוקט אויף דער אומדערמידלעכער אַקציע פון פאָלק איז די קהל־אָליגאַרכיע געבליבן ביי דער מאַכט אומגעשטערט.

דער קאַמף וואָס איז אויסגעבראָכן אין דער ווילנער קהילה אין יאָר 1781 איז אַ קלאַסישער ביישפּיל פון אַ פאַראייניקטן פראָנט פון פאַרשידענע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין קאַמף קעגן דער ממשלה פון דער קהל־קליקע. מיר האָבן שוין אויבן געגעבן אַ כאַראַקטעריסטיק פון דער מוראדיקער עקספּלואַטאַציע פון דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג דורך די דאָרטיקע קהל־קליקעס און אויך פון די אכזריותדיקע מעטאָדן, וועלכע די קהל־מושלים האָבן אָנגעווענדט קעגן זייערע קעגנערס. די ווילנער בעלי־מלאכות, וואָס האָבן געליטן די גרעסטע אונטערדריקונג מצד קהל, זיינען געווען אַזוי טעראָריזירט, אַז זיי זיינען ערשט דעמאָלט אַרויסגעטראָטן צום קאַמף אַלס אָרגאַניזירטער כוח, ווען עס איז אויסגעבראָכן אַן אָפענע מלחמה צווישן די הערשנדיקע גרופּעס גופא:

צווישן דעם ווילנער רב אב בית דין שמואל בן אביגדור און צווישן די קהל־תקיפים האָט זיך גע־

פירט אַ קאַמף זינט די 60ער יאָרן פון 18טן י״ה. דער ווילנער רב, וואָס האָט געהאַט באַצאָלט פאַר זיין שטעלע העכער 30 טויזנט גילדן, האָט זיך באַשעפטיקט אַחוץ רבנות אויך מיט אַנדערע פּרנסות: ער איז געווען אַ באַנקיר און האָט געפירט אַ גרויסן מסחר מיט קעניגסבערג, דאַנציק און רוסלאַנד. פאַר דער קהל־קליקע איז ער געווען אומבאַקוועם אי צוליב זיין אומאָפּהענגיקער מאַטעריעלער לאַגע, אי צוליב דעם, וואָס ער האָט געהאַט צו ברייטע קאָמפּעטענצן אין קהילה־ענינים, וואָס איז געווען אַ מניעה פאַר דער אומבאַגרעניצטער הערשאַפט פון די תקיפים. די ערשטע פאַזע פון קאַמף האָט זיך געענדיקט מיט אַ פּשרה. אין יאָר 1781 איז אָבער די מחלוקה אויפסניי אויסגעבראָכן צוליב דעם, וואָס אויף דעם רבס צד האָט זיך געשטעלט אַ שטאַרקע גרופּע פון די רייכסטע סוחרים און אַרענדאַרן, וואָס זיינען געווען באַעוולט דורך דעם הפקרדיקן באַלעבאַטעווען פון די קהילה־מושלים. זייער פּראָגראַם איז באַשטאַנען אין אַראָפּוואַרפן די הערשנדיקע קליקע, איבערנעמען די מאַכט אין דער קהילה אין אייגענע הענט און אַדורכפירן אַ סאַנאַציע פון די קהילה־פינאַנצן. די מחלוקה צווישן די אָנהענגער פון רב און צווישן אַלטן ווילנער קהל איז אין תוך געווען אַ קאַמף פון רעפאָרמער, וואָס האָבן געשטרעבט איינצופירן אין דער קהילה די הערשאַפט פון גאַנצן קלאַס פון דער פּלוטאָקראַטיע, אָפּהיטנדיק דערביי געוויסע דעמאָקראַטישע פאָרמען; די אַלטע קהל־קליקע האָט רעפּרעזענטירט דעם סיסטעם פון פעאָדאַלער, אויסער עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע פון קהילה־מאַסן. איינער פון די אָנפירערס פון רבס פאַרטיי, דער רייכסטער יידישער סוחר אין ווילנע, יוסף בן אליהו, האָט אין זיין מעמאָראַנדום צום וויצע־קאַנצלער כרעפּטאָוויטש אין יאָר 1787 בפירוש זיך באַקלאָגט אויף דעם, אַז די קליקע־הערשאַפט אין דער קהילה שטעלט בדלות דורך אירע פינאַנציעלע מיסברויכן אפילו די רייכסטע ווילנער יידן. אין איר קאַמף קעגן קהל האָט די דאָזיקע פאַרטיי געזוכט שטיצע אין די ברייטע מאַסן פון „פּשוטן פאָלק" און דערפאַר אויך אַרויסגעשטעלט צווישן אירע טענות דעם אַרגומענט וועגן שרעקלעכער אונטערדריקונג פון „המון" דורך קהל. ווען קהל האָט אַרויפגעלייגט אַ נייעם שטייער אויף דער באַפעלקערונג פאַר דער „צדקה גדולה", האָט דער קריגערישער רב דערקלערט: „די הולטייש (הולטייעס) זייא שטעלין דעם עולם בדלות". דערציילנדיק וועגן דער אונטערדריקונג פון „המון" דורך קהל, שרייבט דער דערמאָנטער גביר, יוסף בן אליהו, אין זיין מעמאָראַנדום: „ווער עס האָט אַ מענטשלעך האַרץ, קען נישט קוקן מיט נישט־פאַרטרערטע אויגן אויף דער דאָזיקער אונטערדריקונג". ווען דער „המון" איז אָבער אַרויסגעטראָטן אויף דער אַרענע פון קאַמף, האָבן זיינע פאַרטרעטערס אויסגעאַרבעט אַ בפרטיותדיק פּראָגראַם וועגן רעאָרגאַניזאַציע פון דער קהילה.

די אינסטיטוציע פון באַפולמעכטיקטע פון „פּראָסטן פאָלק" („פלעניפּאָטענטן פון המון") איז אויפגעקומען אין ווילנע, פונקט ווי אין מינסק, ליסע און אין אַנדערע קהילות, ערשט אין רעזולטאַט פון אָפענעם קאַמף קעגן קהל. אין יאָר 1785, ווען דער וואָיעוואָדע ראַדזישיוויל האָט באַשטימט אַ קאָמיסיע צו משפטן דעם סיכסוך צווישן רב און קהל, זיינען די פּשוטע פאָלקס־מענטשן, על־פּי־רוב בעלי מלאכות, געקומען אין מאַסן פאַרן געריכט, כדי עדות צו זאָגן קעגן קהל. די קאָמיסיע האָט אָבער נישט געוואָלט צולאָזן אַזאַ המון אין געריכט־זאַל און געהייסן אויסקלייבן „פלעניפּאָטענטן" (באַפולמעכטיקטע). עס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן זיבן פלעניפּאָטענטן דורך די פאַרזאַמלונגען פון די ווייטערדיקע גרופּעס: 42 בלעכער, 42 שמוקלער, 102 שניידער, 65 קירזשנער, 95 סוחרים, 29 גאָלדשמידן און מעסינגער און 72 פון אַ געמישטער פּראָפעסיאָנעלער גרופּע.

די „פלעניפּאָטענטן פון פּראָסטן פאָלק" זיינען געבליבן ביי זייערע פונקציעס דורך די גאַנצע 5 יאָר פון דער מחלוקה, פון 1785 ביז 1790. אין יאָר 1786 האָבן זיי פאַרגעשטעלט דעם וויצע־קאַנצלער כרעפּטאָוויטש אַזאַ פּראָגראַם פון רעפאָרמען אין דער ווילנער קהילה:

1) אַוועקנעמען ביי קהל די הכנסות פון דער קאַראָבקע, אַ טייל פון זיי פאַרפּאַכטן און אַ טייל לחלוטין אָפּשאַפן.

2) פאַרקלענערן דעם סכום פון קהילה־שטייער אויף אַ העלפט.

3) אָפּשאַפן די קאַראָבקע פון קויפן פלייש, וואָס האָט באַטראָפן 20 פּראָצענט פון מקח.

4) צוזאַמענשטעלן אַ רשימה פון אַלע חובות פון קהל און אַדורכפירן אַ נייע ליקווידאַציע.

5) אָפּשאַפן דאָס בית־דין און איינפירן אַ בוררים־געריכט, וואָס זאָל ממילא נישט האָבן קיין מאַכט צו באַנוצן זיך מיטן כוח פון חרם.

6) אויסקלייבן צוויי פאַרשידענע קהילה־פאַרוואַלטונגען, איינע פאַר געלט־ענינים און אַ צווייטע פאַר רעליגיעזע ענינים. די פינאַנציעלע פאַרוואַלטונג זאָל אָפּגעבן יעדעס יאָר אַ דין וחשבון די פאַרשטייער פון דער באַפעלקערונג. די רעליגיעזע פאַרוואַלטונג זאָל מעגן אַרויפלייגן שטראָפן פאַר רעליגיעזע עבירות, אָבער קהילה־מיטגלידער, וואָס צאָלן לכל־הפּחות 30 גילדן אַ יאָר „סכום" (קהילה־שטייער) זאָלן מעגן אַפּעלירן פאַר אַן אַנדערן בית־דין

7) פאַרווערן אויפצונעמען געהיימע גבית־עדות.

8) די קהילה זאָל האָבן צוויי שרייבער, איינעם, וואָס איז נאָמינירט דורך קהל און אַ צווייטן, וואָס איז אויסגעווײלט דורכן „פאָלק“. אויך שמשים זאָלן באַשטיין פון צוויי נאָמינירטע דורך קהל און צוויי אויסגעווײלטע דורכן „פאָלק“.

9) אויב די קהילה וועט דאַרפן מאַכן הלוואות, זאָל דאָס באַשלאָסן ווערן נישט דורך דער חתימה פון קהל־שמשים, נאָר דורך אַ ספּעציעלער קאָמיסיע פון דריי, אויסגעווײלט אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג.

10) די קהילה־פּנקסים, סיי די פּראָטאָקאָל־ביכער, סיי די חשבונות, זאָלן זיין צוגענגלעך צו יעדער צייט פאַר יעדן איינעם.

11) די תקיפים פון אַלטן קהל זאָלן אומקערן אין דער קהילה־קאַסע אַלע געלטער, וואָס זיי האָבן אויסגעפּרעסט פון פאָלק און אויסגעגעבן אָן זיין הסכם.

אין אַ פּאַמפלעט, וואָס די „פּלעניפּאָטענטן פון פשוטן פאָלק“ האָבן פאַרעפנטלעכט אויף פּויליש אין יאָר 1787, זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן נאָך אַנדערע פאָדערונגען: די וואַלן צו דער קהילה־פאַרוואַלטונג דאַרפן אַדורכגיין אָן שווינדל און עס דאַרף בטל ווערן דער האַנדל מיט „קוויטלעך“, וואָס באַרעכטיקן צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן; דאָס בית־דין פון קהל דאַרף אַריינעמען אויך צו איין פאָרשטייער פון די יידישע צעכן: שניידער, שמוקלער, קירזשנער און גאָלדשמידן. עס ווערט אויך אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג, אַז דער קיניג זאָל גענוי באַשטימען די קאָמפּעטענצן פון דער מלוכהשער קאָנטראָל־מאַכט איבער דער קהילה: פון וואָיעוואָדע, פאָדסטאַראָסטע און זיין פאַרטרעטער.

ווי מיר זעען, איז דאָס רעפאָרמע־פּראָגראַם פון די „פאָלקס־פּלעניפּאָטענטן“ זייער געמעסיקט. וועגן אָפּשאַפן אינגאַנצן די קאָראָבקע איז נישט געווען קיין רייד. קיין פאָדערונגען בנוגע אַ ראַדיקאַלער רעפאָרם פון וואַל־סיסטעם צו די קהילה־אינסטאַנצן זיינען נישט אַרויסגעשטעלט געוואָרן. דאָס רעכט פון אַפּעלאַציע פון פּסק בית־דין האָט מען פאָראויסגעזען בלויז פאַר פאַרמעגלעכע, וואָס צאָלן אַ באַשטימטע סומע קהילה־שטייער. דאָס דאָזיקע פּראָגראַם איז אין תוך נישט געווען קיין סך ראַדיקאַלער, איידער די פּלאַטפאָרם פון די רייכע גבירים, וואָס האָבן זיך אָנגענומען פאַרן רב אין זיין קאַמף קעגן קהל. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די „באַפולמעכטיקטע פון פשוטן פאָלק“, וואָס האָבן גערעדט אין זיין נאָמען, זיינען אַליין געווען וואָרט־זאָגערס פון מיטל־קלאַס. שמעון בן וואָלף (שימעל וואָלפאָוויטש), דער מוטיקסטער און ענערגישסטער אָרגאַניזאַטאָר פון קאַמף פון „המון“ קעגן קהל, איז פון באַרוף געווען אַ ווינקל־אַדוואָקאַט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט זיינע עסקים מיטן סוחרים־קלאַס. ער האָט עס גאָר נישט געהאַלטן פאַר קיין סתירה צו זיין רעפאָרם־פּראָגראַם, ווען ער האָט שפּעטער, אין יאָר 1797, אַליין איבערגענומען פון קהל די פאַכט פון אַ פערט־חלק פון דער קאָראָבקע, וואָס איז געווען באַשטימט אויף צו דעקן קהלשע חובות . .

די מחלוקה אין ווילנע האָט זיך פאַרצויגן גאַנצע 5 יאָר צוליב דעם, וואָס ביידע פאַרטייען, סיי דער אַטאַקירטער אַלטער קהל, סיי די אָפּאָזאָציע, האָבן געהאַט שטיצע פון דריטן צד. אויף דער זייט פון אַלטן קהל איז געשטאַנען דער וואָיעוואָדע, פירשט ראַדזשיוויל; די פאַרטיי פון רב און פון די „באַפולמעכטיקטע פון פשוטן פאָלק“ האָט געפונען הילף ביים קעגנער פון וואָיעוואָדע, דעם בישאָף איגנאַצי מאַסאַלסקי. דער משפּט צווישן די צוויי צדדים איז אַדורכגעגאַנגען עטלעכע געריכטלעכע אינסטאַנצן: די קאָמיסיע פון וואָיעוואָדע, רבנים־געריכטן, וואָיעוואָדע־געריכט, פינאַנץ־קאָמיסיע פון ליטע, וויצע־קאַנצלער כרעפּאָוויטש, קיניגלעך הויף־געריכט. די צדדים האָבן געדרוקט פּאָלעמישע בראָשורן אין דער פּוילישער שפּראַך און פאַרעפנטלעכט דערקלערונגען אויך אין דער אָרטיקער פּוילישער צייטונג. איינע פון די הויפּט־טענות פון אַלטן קהל איז געווען, אַז די אָפּאָזאָציע איז אויסן צו צעשטערן דעם יידישן דת. קעגן דער אָפּאָזאָציע האָבן זיך געשיט שווערע רעפּרעסיעס מצד דעם אַלטן קהל און מצד דעם וואָיעוואָדע: די אָנפירער פון „פשוטן פאָלק“ זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דער תפיסה, וואו מען האָט זיי געשלאָגן מכות־רצח. די גרעסטע נגישות איז אויסגעשטאַנען דער פירער פון די „באַפולמעכטיקטע“, שמעון בן וואָלף. נאָכדעם ווי ער איז געהאַט אָפּגעזעסן 6 וואָכן אין דער תפיסה אין יאָר 1786 און אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויפן יסוד פון אַן „אייזערנעם בריוו“ פון קיניג, איז ער אין יאָר 1788 מיט נאָך עטלעכע אָנפירער פון פאָלק אַריינגעזעצט געוואָרן אין ניעשוויעזש אין דער תפיסה פון פירשט ראַדזשיוויל, וואו ער איז געמאַטערט געוואָרן מיט עבודת־פּרך במשך פון אָנדערטהאַלבן יאָר, ביז אָנהויב 1790.

דער בירגער־קריג אין דער ווילנער קהילה, דער גרעסטער בונט פון פשוטן פאָלק קעגן די קהל־אונטערדריקער, האָט זיך געענדיקט מיט אַ פשרה צווישן די צוויי צדדים, אָנהענגער און קעגנער פון רב . . . . ביידע צדדים האָבן געהאַט פאַרטרעטער אין דער נייער קהילה־פאַרוואַלטונג, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אין יאָר 1790. קיין איינע פון די געמעסיקטע רעפאָרמען, פאַר וועלכע דאָס פשוטע פאָלק האָט געקעמפט מיט מסירת־נפש, איז נישט אַדורכגעפירט געוואָרן. דער באַנייטער סיסטעם פון עקספּלאָאַטאַציע פון פאָלק דורך ווילנער קהל, האָט אַרויסגעפירט אויף דער קאַמף־אַרענע אַ נייע אָפּאָזיציע, די ווילנער חסידישע באַוועגונג.

אין בונט קעגן קהל, וואָס איז אויסגעבראָכן אין דער ליטווישער שטאָט שאַוולע, אין יאָר 1790, האָט

די אָפּאָזאָציע אַרויסגעשטעלט גאַנץ נייע לאָזונגען. בעת אין ווילנע האָט די פּלוטאָקראַטישע אָפּאָזיציע און די בעלי־מלאכות געשטיצט דעם רב אין זיין קאַמף קעגן קהל, איז אין שאַוולע באַלד לכתחילה אַטאַקירט געוואָרן סיי קהל, סיי דער רב. אין די אָנקלאַגעס צו דער מאַכט באַשרייבן די פאָרשטייער פון דער אָפּאָזיציע די אונטערדריקונג מצד קהל, וואָס איז געווען אַזוי ענלעך אין אַלע ליטווישע שטעט, מינסק, ווילנע און אַנדערע. די זעלבע חטאים וואַרפן זיי אָבער אויך פאָר דעם רב, וואָס האָט געמאַכט יד־אחת מיט קהל: ער האָט פאַר זיך צוגענומען די קאָראָבקע פון שחיטה, כשר־פלייש און פון מלוכה־שטייערן; ער האָט גענומען אויסטערליש הויכע אָפּצאָלן פון חתונות און בריתן און געצוואונגען צו געבן אים מתנות אויף יום־טובים. קעגן דער אָפּאָזיציע גייט ער אַרויס מיט גזירות און חרמות, און די דאָזיקע רעפּרעסיע־מיטלען נוצט ער אויס ווי אַ נייעם הכנסה־קוואַל פאַר זיך. אויך קהל ווענדט אָן דעם חרם קעגן די אָפּאָזיציאָניסטן מיט גרויס אכזריות: מען באַגראָבט נישט זייערע מתים, מען לאָזט זיי נישט קויפן קיין כשר־פלייש אאַז״וו. די אָפּאָזיציע ווענדט זיך צו דער מאַכט מיט דער בקשה אָפּצושאַפן אינגאַנצן סיי די אינסטי־טוציע פון קהל, סיי דאָס אַמט פון רב: „צו וואָס, מעכטיקער האַר — פירן אויס די פאָרשטייער פון דער צעבונטעוועטער יידישער באַפעלקערונג אין שאַוועל — באַדאַרפן מיר אַ רב און אַ קהל? סיידן בלויז צו אונזער אומגליק און פאַרניכטונג — דער רב איז להלוטין אומנויטיק, היות אין דער שול קען מען זיך באַגיין אָן אים. — — — עס וואָלט געווען אַ סך רואיקער, ווען די רעגירונג זאָל אָפּשאַפן די דאָ־זיקע מאַכט, וואָס דער רב נוצט אויס חוצפּהדיק, כדי צו אונטערדריקן דאָס פאָלק, וואָס איז דערפירט גע־וואָרן ביז צו פאַרצווייפלונג . . .״

פּונקט ווי אין ווילנע, האָט זיך אויך אין שאַוועל דער קאַמף פון פאָלק געענדיקט מיט אַ פּשרה צווישן די צוויי צדדים פון פאַרמעגלעכן קלאַס. אין דער נייער קהילה־פאַרוואַלטונג זיינען אַריינגענומען גע־וואָרן עטלעכע פאָרשטייער פון דער אָפּאָזיציע.

ווען אַן אָפּענעם בונט פון בעלי־מלאכות קעגן קהל אין וויטעבסק אין די יאָרן 1782—1783, ווייסן מיר בלויז פון אָפיציעלע נאָטיצן אין דאָרטיקן פּנקס. די בעלי־מלאכות אין וויטעבסק האָבן זיך געווענדט נאָך הילף קעגן קהל צום שטאָט־מאַגיסטראַט. דער מאַגיסטראַט האָט זיך אָבער אָנגענומען פאַר קהל, און אַ טייל פון די צעבונטעוועטע בעלי־מלאכות פאַרמשפּט אויף מלקות. אַלע בעלי־מלאכות זיינען געצוואונגען געוואָרן זיך צו התמנען אויף אַ דערקלערונג, אַז „זיי וועלן זיך נישט בונטעווען און נישט ווידערשפּע־ניקן״ . . . .

די אַלע ביטערע קאַמפן פון „פּשוטן המון״ און בפרט פון בעלי־מלאכות קעגן דער אונטערדריקונג מצד קהל, זיינען געווען באַגרעניצט דורך די אָרטיקע ראַמען פון יעדער קהילה, אָן אַ שום פאַרבינדונג צווישנאַנאַנד. אַן אַלגעמיינע דעמאָקראַטישע באַוועגונג, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן צום קאַמף קעגן דער הערשאַפט פון גבירים און לומדים און פאָרמולירט די רעכט פון פּשוטן פאָלק ווי אַן עיקר פון איר אידעאָ־לאָגיע, איז ערשט אויפגעקומען מיט דער פאַר־שפּרייטונג פון חסידות. ביז צו דער דאָזיקער תקופה האָט דער פּראָטעסט קעגן דער אונטערדריקונג פון פאָלק געפונען אַן אויסדרוק אין ליטעראַרישע ווערק און אין מיסטישע רעליגיעזע שטרעמונגען.

דער כלל רבנים און לומדים האָט נישט בלויז געשטיצט מיטן רעליגיעזן אויטאָריטעט דעם סיסטעם פון אומברחמנותדיקער עקספּלאָאַטאַציע פון פאָלק דורך דער גבירישער קהל־אָליגאַרכיע, נאָר איז אויך אַליין געווען אַ שותף צו אַלע זייערע מעשים פון גזילה און רציחה. אָבער דווקא פון דער דאָזיקער קאַסטע פלעגן זיך אַרויסברעכן יחידים, שטאַרקע און איידעלע פּערזענלעכקייטן, וואָס זיינען געשטאַנען נאָענט צום געפּייניקטן פאָלק און האָבן מיטגעפילט זיינע ליידן. צווישן די רבנים גופא זיינען די דאָזיקע זעלטענע יחידים לכתחילה באַשטאַנען פון מוסרניקעס, וואָס האָבן געשטרעבט צו הייבן דעם רעליגיעזן און מאָראַ־לישן מצב פון גאַנצן פאָלק. שפּעטער זיינען עס געווען רבנים, פּיאָנערן פון אויפקלערונג, וואָס האָבן איינגעזען, אַז קיין שום קולטורעלע רעפאָרמען קענען נישט געמאָלט זיין, כל־זמן די מאַסן זיינען אַזוי טיף פאַרקנעכט ביי די קהילה־תקיפים און לומדים. נאָך אָפּטער פלעגן זיך טרעפן אַזעלכע מוטיקע קעמפער פאַר סאָציאַלן יושר צווישן דרשנים, וואָס זיינען געווען אָנגעשטעלט אַלס מגידים ביי קרעמערישע און בעל־מלאכהשע חברות און זיינען נאָענטער פאַרבונדן גע־ווען מיטן פּשוטן פאָלק.

צום סוף פון 17טן י״ה האָבן צוויי מחברים פון מוסר־ספרים, יוסף יאַסקי, דער מחבר פון „יסוד יוסף״ און זיין תלמיד צבי הירש קיידאַנאָווער, דער מחבר פון פּאָפּולערן מוסר־ספר „קב הישר״, מיט דער גרעסטער ביטערקייט געשטעמפּלט די אונטערדריקונג פון פאָלק דורך די רבנים און קהילה־מושלים. דער „יסוד יוסף״ גיסט אויס זיין צאָרן אויף „די רבנים, וואָס וואַרפן אַרויף אויפן כלל, מען זאָל זיי אויס־האַלטן אין אַלע זייערע באַדערפענישן. ווען זיי זיצן אין דער היים און ווען זיי גייען אין וועג, וואַרפן זיי זיך אָן אויף די מענטשן, מען זאָל זיי געבן עסן און טרינקען און געבן זיי אַ פערד און וואָגן און שפּייז אויפן וועג און טענהן רק: גיב, גיב, און זייערע אויגן

ווערן נישט זאַט פון עשירות״ *). דער „קב־הישר״ ברענגט אין נאָמען פון זיין רבין אַזאַ בילד פון די מנהיגים און פרנסים: „. . . . זיי טוען זיך אָן אַלע תענוגים און פאַרגעניגנס, און העלפן נישט מיט דעם עולם ביי די מסים (שטייערן) און באַצאָלונגען. אויף זיך מאַכן זיי גרינג דעם מס און אויף אַנדערע מאַכן זיי וואָס שווערער. אַז עס קומט צו כיבודים און גדולה, נעמען זיי אַ חלק צום ערשטן. זייערע פנימער זיינען שטענדיק פאַרפלאַמט, פעט און געזונט, ווייל זיי טוען זיך אָן אַלע וואוילטאָגן, וואָס זייער האַרץ גלוסט. אינם מענטשנס מי נעמען זיי קיין אָנטייל ניט, יענעמס ליידן באַרירן זיי ניט. און גאָטס עדה, די קינדער פון אברהם, יצחק ויעקב, זיינען צעשטויסן און דערנידעריקט. זיי גייען אום נאַקעט און באָרוועס, מחמת די מסים, וואָס עס גזלענען ביי זיי די אַגענטן און די באַדינער פון קהל. יענע קומען מיט אכזריות אין די הייזער, כאַפּן און ראַבעווען פון זיי, וואָס זיי געפינען נאָר, און זעען, אַז די באַלעבאַטים זאָלן בלייבן נאַקעט און בלויז. אַפילו די קליידער זייערע נעמען זיי אויך צו, אפילו דעם טלית מיטן קיטל און פאַרקויפן עס פאַר שפּאָט־געלט, און עס בלייבט ביי זיי גאָרנישט, נאָר דאָס שטרוי אין די בעטן. און אין דער צייט פון קעלט און רעגן ציטערן זיי נעבעך, און ער און זיין ווייב און זיינע קינדער וויינען, איטליכער אין אַ באַזונדער ווינקל. ווען אָבער דער מנהיג וואָלט באַהילפיק געווען ביים צאָלן די מסים, וואָלט ניט אַזוי שווער געווען די לאַסט אויף די מיטעלע באַלעבאַטים און אויף די אָרימעלייט. און עס איז פאַראַן נאָך אַ גרעסערע זינד, וואָס די מנהיגים עסן און טרינקען מקופת הקהל (פון דער קהלשער קאַסע), גיבן דערפון נדן זייערע זין און טעכטער און חתן־כלה־מתנות. און דאָס געלט איז אַלץ פון דעם אָנגעראַבעוועטן מס און יגיע־כפים פון ישראל״ *).

נישט קיין חידוש, אַז צבי הירש קיידאַנאָווער, דער שפּעטערדיקער מחבר פון „קב הישר״, איז צוליב אַ מסירה פון רעדל־פירער פון דער ווילנער קהילה אָפּגעזעסן פיר יאָר אין דער תפיסה און האָט דערנאָך געמוזט עמיגרירן קיין דייטשלאַנד.

נישט ווייניקער שאַרף אַטאַקירט די רבנים און פרנסים פון זיין דור דער וואַנדערנדיקער מגיד ברכיה בירך בן אליקים געצל פון קראָקע. ער האָט געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט, געווען דרשן אין שידלאָווו, יאַוואָראָוו, געזעסן אין תפיסה און אויסגעשטאַנען פיזישע נגישות, ביז ער האָט געמוזט אויסוואַנדערן פון לאַנד. אָט ווי ער מאָלט אין דער הקדמה צו זיין פירוש אויף מסכתא ברכות „זרע ברך שלישי״ (פראַנקפורט ביי דער אָדער 1730) די רבנים פון פוילן: „עס איז באַקאַנט, אַז איך האָב מחבר געווען אַ ספר מיט שטראָף־רייד אויף אַ סך בויגן פאַפיר וועגן רבנים און ראשי־מדינות, וואָס נעמען אָן מתנות פאַרן משפט; ווען מען קומט צו זיי פון די ישובים, וואָס זיינען זיי אונטערגעסדרט און מען וויל, אַז זיי זאָלן לאָדן דעם צווייטן צד, ברענגט מען דעם רב און דעם ראש־המדינה גאָבן: געשטאָפּטע הענער און גוטן בראָנפן, קעז און פוטער און אינדיקעס און ענלעכע זאַכן, אַז זיי דאַרפן נישט קויפן אין מאַרק גאַנצע טעג, נאָר האָבן גענוג צו שפּייזן זיך מיט די דאָזיקע מתנות. — די דאָזיקע רבנים זיינען תמיד מתפלל, עס זאָלן זיין תמיד סיכסוכים און קריגערייען צווישן איינעם מיטן צווייטן, כדי מען זאָל קומען צו זיי זיך משפּטן און ברענגען זיי אַזעלכע מתנות. און ווען די צדדים קומען פאַר זיי און זיי גיבן אַרויס דעם משפט, מאָנען זיי אַ סך שכר״ — — — דער דרשן פירט אויס, אַז די רבנים טאָרן לויטן דין נישט נעמען קיין שום שכר פאַר דעם פסק־דין, ווייל פסק־געלט איז שוחד. איינע פון די סיבות, צוליב וועלכע ער איז אַזוי גערודפט געוואָרן אין פוילן איז געווען, וואָס ער האָט אָנגערופן די מנהיגים ממזרים. זיין פאַרענטפערונג איז געווען, אַז לויט דעם תלמוד וועלן אין משיחס צייטן די מיוחסים זיין נידעריקער און די ממזרים וועלן געוועלטיקן אין ישראל . . .

מיסברויכן פון דיינים אין שייכות מיט פסק־געלט פלעגן זיין אַן אָפטע דערשיינונג, אויב איינצעלנע קהילות און אפילו דער וועד ארבע ארצות האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק אָנצונעמען וועגן דעם ספּעציעלע תקנות. לויט אַ תקנה פון וועד ארבע ארצות פון אָנהויב 17טן י״ה איז באַשטימט געוואָרן דער מאַקסימאַלער אָפּצאָל, וואָס שדכנים דאַרפן געבן די דיינים ביי אַ דין־תורה מיט די מחותנים. לויט אַ תקנה פון זשאָלקווע פון יאָר 1691 טאָרן די דיינים נישט פרעגן די בעלי־דינים, וויפיל זיי ווילן געבן פסק־געלט, נאָר זיי דאַרפן נעמען בסבר פנים יפות אַזויפיל, וויפיל דער בעל־דין גיט זיי.

אַן אַנדערער וואַנדערנדיקער מגיד, אַ יינגערער בן דור פון ברכיה בירך, דער רב יהודה לייב מרגלית, איינער פון די פּיאָנערן פון דער השכלה, מחבר פון ווערק וועגן עטיק און וועגן נאַטור־וויסנשאַפט, מאָלט אויס מיט אַלע פרטים די הפקר־מעשים פון די „מנהיגי ישראל״, די תקיפים אין די קהילות: „. . . . מיט זייערע שאַרפע ציינער טוען זיי פרעסן די אָרימעלייט; פון זיך וואַרפן זיי אָפּ דעם עול פון די מסים און וואַרפן אַלץ אַרויף אויף די אַנדערע. ווי נאָר איינער באַקומט די מאַכט אין האַנט, ווערט ער בקי אין אַלע פאַלשקייטן, ויתנו יד לפושע ורשע, מאַכן איין קאָמפּלאָט מיט די נידערטרעכטיקסטע מענטשן, אויף קיינעם טוען זיי זיך ניט דערבאַרעמען. אַלע קבצנים און אָרימעלייט טוען זיי באַלייגן מיט די שווערע שטייערן, און וואָס קאָנען זיי טאָן, די אומ־

*) איבערזעצונג פון ש. א. האָראָדעצקי.

גליקלעכע נעבעך? . . . פֿאַלן זיי פון די פיס, די אָרימע, אונטער דער שווערער משא. און זאָלן נאָר פרואוון די זיפצנדיקע און שווער אונטערדריקטע אָרימעלייט פּראָטעסטירן קעגן די אַלע שענדלעכע מעשים — ווי ווער זיין צו זיי, ווייל די תקיפים ווען פאַר קיין זאַך זיך ניט אָפּשטעלן, בכדי די קעגנער צו רואינירן; גלייך לויפן זיי מיט מסירות צו זייערע באַקאַנטע שׂרים, נוצן אויס זייער תקיפות אין די „הויפן", ווי ווילדע וועלף טוען זיי אָפּ אין דער טיפער נאַכט זייערע פינסטערע מעשים" *).

יהודה לייב מרגלית אַנטפּלעקט אויך די ראָלע, וואָס עס האָבן געשפּילט די רבנים אין דעם דאָזיקן סיסטעם פון אַכזריותדיקער אונטעדריקונג:

„מיינט נישט, אַז מען קען זיך ווענדן נאָך הילף צו די גדולי הדור, צו אונזערע רבנים, וואָס זייער חוב איז דאָך צו זיין די היטער און שיצער פון פאָלק. וואָרעם זיי זיינען יד־אחת מיט די באַדריקער, גייען צוזאַמען מיט די „תקיפים והשליטים אשר בעיר", ווערן מיטהעלפער פון יעדן סיפאַק, גיבן רעכט יעדן באַטריגער, דעם רבס נאָמען און אויטאָריטעט ווערט אויסגענוצט צו אַלע רשעותן, אַלץ באַקומט דעם הסכם פון דעם מרא־דאתרא. דער, וואָס דאַרף זיין דער היטער פון גערעכטיקייט — ווערט דער שירם פון רויבער און באַנדיטן, דער שופט־צדק — מיט באַטריגער אין איין באַנדע" . . . *)

אין דעם זעלבן ווערק „בית־מידות" און אין זיין ווערק „אור עולם" גיט דער דרשן צו פּרטים וועגן עקספּלאָאַטאַציע פון פאָלק דורך די רבנים און דיינים דורך הויכע אָפּצאָלן פון ירושות, וועגן שוחד פון בית־דין און וועגן דער לייכטקייט, מיט וועלכער די מנהיגים וואַרפן מיט חרמים.

אַ יינגערער אָנזאָגער פון דער השכלה, פּנחס אליהו בן מאיר הורוויטש, דער מחבר פון פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכן „ספר הברית" (1797), האָט זיך אַרויפגעהויבן נאָך העכער אין זיין קוק אויף דער סאָציאַלער פראַגע: נישט נאָר שטראָפט ער די „קצינים און אדירים, וואָס האָבן צו שאַפן איבער שטייערן, גיבן אַליין גאָר נישט, זיינען זיך מוחל איינער דעם אַנדערן און פאַרמשכונען דעם אָרימאַן". ער שטורעמט אויך קעגן די יידן, וואָס לעבן פון רמאות און וואוכער „און זויגן דאָס בלוט פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג".

די דאָזיקע שטימען פון סאָציאַלן פּראָטעסט מצד איינצעלנע דרשנים און רבנים האָבן אין תוך אויסגעדריקט דעם צאָרן און די פאַרצווייפלונג פון די

*) יידישע איבערזעצונג פון ישראל צינבערג, געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן, באַנד 5, ז. 257—258.

געפּלאָגטע יידישע פאָלקס־מאַסן. די מאַסן גופא האָבן אויך נאָך פאַרן אויפקומען פון חסידות געטוליעט זיך צו אַלע מיסטישע באַוועגונגען, וואָס האָבן מבשר געווען די נאָענטע אויסלייזונג און דאָס אָנקומען פון משיח. זינט דער שבתאי־צבי־באַוועגונג האָט דאָס פייער פון משיחיזם געטליעט אין פוילן אומפאַרלאָשן, בפרט אין די דרום־מזרח־געביטן, רייסן און פּאָדאָליע. אין יאָר 1700 האָבן עטלעכע הונדערט יידן פון פוילן אונטער דער אָנפירונג פון יהודה חסיד און חיים מלאך געלאָזט זיך גיין קיין ארץ־ישראל, כדי דאָרט צוצואיילן די גאולה. אויך נאָך דעם דורכפאַל פון דער דאָזיקער באַוועגונג האָט זיך אין רייסן און פּאָדאָליע אַלץ שטאַרקער פאַרשפּרייט די סעקטע פון שבתי־צבי, נישט געקוקט אויף די אויסטערלישע רדיפות מצד קהל און רבנים. פון די דאָזיקע בונטאַרישע עלעמענטן פון יידישער אָרימקייט האָט זיך אויך רעקרוטירט די פראַנקיסטן־באַוועגונג, וואָס איז דורך איר שאַרלאַטאַנישן פירער פאַרשלעפּט געוואָרן אין לאַגער פון גיפטיקע שונאים פון יידן. ווען די ליידן פון יידישן פאָלק אין פוילן האָבן דערגרייכט זייער הויך־פונקט, איז אויפגעקומען די חסידישע באַוועגונג.

חסידות האָט אין די ראַמען פון נייעם רעליגיעזן וועלט־באַנעם געזוכט די פאַרענטפערונג אויף אַלע אָנגעווייטיקטע נויטן פון די געפּלאָגטע און געפּייניקטע יידישע פאָלקסמאַסן אין פריצישן פוילן. אויף דער אונטערדריקונג פון פאָלק דורך די הפקרדיקע פריצים און שוואַרצע יעזואיטן האָט חסידות געענטפערט מיט פעסטן ביטחון אין דער נאָענטער גאולה און אין קיבוץ־גלויות. אויף דער עקספּלאָאַטאַציע פון פאָלק דורך די גבירים, קהילה־תקיפים און בעל־גאווהשע לומדים האָט חסידות געענטפערט מיט דער נייער דעמאָקראַטישער תורה, וואָס האָט געהויבן דאָס חשיבות פון פּשוטן פאָלקס־מענטש. דער איזאָלירטער דורות־לאַנגער קאַמף פון פאַרצווייפלטע בעלי־מלאכות און פאַרקנעכטע קרעמער און קרעטשמער אין יעדער קהילה באַזונדער האָט געפונען אַ תיקון אין אַ מעכטיקער, סאָלידאַרער מאַסן־באַוועגונג, וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד. עס האָט זיך צעפלאַקערט דער קאַמף פון חסידים און מתנגדים; אין דער זעלבער צייט האָט אָבער שוין אָנגעהויבן אויפצוגיין די השכלה־באַוועגונג, וואָס האָט די פּראָבלעם פון יידישן קיום איבערגעטראָגן פון דער ספערע פון רעליגיעזע חילוקי־דעות אין דער ספערע פון דער עקאָנאָמישערווירקלעכקייט: דער איבערבוי פון יידישן לעבן אויף נייע, געזונטע עקאָנאָמישע יסודות, איז געווען דער לאָזונג, וואָס איז צום ערשטן מאָל געוואָרפן געוואָרן אין דעם בין השמשות פון אונטערגייענדיקן פעאָדאַלן פוילן.

# IV. יידן אין פוילן אין דער תקופה פון רעפאַרמען און צעטיילונגען

## 1. די סאָציאַלע און רעכטלעכע לאַגע פון יידן אין דער תקופה פון צעטיילונגען



ין דער אַנדערער העלפט פון 18טן י״ה האָט די עקאָנאָמישע נויט פון די יידישע מאַסן אין פוילן דערגרייכט דעם טיפסטן פונקט. דאָס אויסטערלישע עלנט איז געווען אַ רעזולטאַט סיי פון דער פּאָליטישער לאַגע אין לאַנד, סיי פון די ערשטע ענדערונגען אין דער רעכטלעכער לאַגע פון יידן אין שייכות מיט די „רעפאָרמען״.

די אינערלעכע מלחמות און מהומות אין לאַנד אין דער תקופה ביז צו דער ערשטער צעטיילונג פון פוילן האָבן חרוב געמאַכט גאַנצע יידישע קהילות און אפילו יידן פון גאַנצע טעריטאָריעס. די היידאַמאַקן־שחיטות פון יאָר 1768 האָבן נישט בלויז פאַרניכטעט צענדליקער טויזנטער יידישע לעבנס, נאָר בדלות געשטעלט נאָך אַ גרעסערע צאָל יידן דורך רויב און שׂרפות. דער אויפשטאַנד פון דער באַרער קאָנפעדעראַציע, וואָס האָט אין משך פון פיר יאָר פאַרכאַפּט אַלע געביטן פון פוילן, האָט געבראַכט אַן עקאָנאָמישן חורבן אויף יידישע ישובים דורך רויב. אויספּרעסונגען און קאָנטריבוציעס. דאָס באַלעבאַטעווען פון רוסישע חיילות אין לאַנד האָט זיך געלייגט ווי אַן אויסטערלישע משׂא אויף די פּלייצעס פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט געמוזט דאָס דאָזיקע מיליטער אויסהאַלטן מיט עסן, קוואַרטיר און געלט־סומעס.

די העכערונג פון יידישע שטייערן האָט אַלץ מער פאַרטיפט די אַזוי אויך אויסטערלישע פאַראָרימונג פון די ברייטסטע יידישע מאַסן. דער סיים פון יאָר 1764, וואָס האָט אַדורכגעפירט די ערשטע רעפאָרמען אין די מלוכה־פינאַנצן, האָט סוף־כל־סוף באַשלאָסן דאָס, וואָס די שלאַכטע האָט געפאָדערט אומאויפהערלעך זייט הונדערט יאָר: עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די יידישע צענטראַלע און פּראָווינציעלע אויטאָנאָמיע און עס איז געבליבן בלויז די לאָקאַלע אויטאָנאָמיע פון די קהילות. די שטייער־לאַסטן פון יידן זיינען דורכדעם געוואַלדיק פאַרגרעסערט געוואָרן. יידן האָבן געדאַרפט צאָלן קאָפּשטייער פון יעדן קאָפּ אין עלטער העכער אַ יאָר, צו 2 גילדן, אנשטאָט 220 טויזנט גילדן, וואָס יידן פון גאַנץ קרוינפוילן האָבן געצאָלט זייט 1717, איז איצט אויסגעקומען צו צאָלן קרוב 860 טויזנט



גילדן. אין יאָר 1775 איז דער יידישער קאָפּשטייער ווייטער געהעכערט געוואָרן אויף דריי גילדן פון אַ פּערזאָן, און אין יאָר 1789 האָט דער סיים באַשלאָסן צו העכערן דעם שטייער אויף נאָך אַ העלפט. דער באַשלוס פון זעלבן סיים וועגן ליקווידאַציע פון חובות פון די צענטראַלע און פּראָווינציעלע אויטאָנאָמע אָרגאַנען און פון די קהילות האָט באַלאַסטעט די יידישע באַפעלקערונג מיט נייע אויסטערלישע צאָלונגען. אַנשטאָט די געוויינלעכע ראַטעס פון חובות ביי פּריצים און גלחים האָבן די קהילות געמוזט אָפּצאָלן יעדעס יאָר אַ גרויסן חלק פון חוב כדי אינגאַנצן אויסצוצאָלן די קרעדיטאָרן אין אַ באַשטימטן טערמין. אין יאָר 1775 איז אויף יידן אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ נייער ספּעציעלער שטייער, אַ סטעמפּל־אָפּצאָל פון יידישע ספרים. אַרויפלייגנדיק אויף יידן אַ נייעם עול פון שטייערן און פינאַנציעלע התחייבותן האָט די שלאַכטע אין דער זעלבער צייט אָנגענומען באַשלוסן וועגן גזירות קעגן יידן, וואָס האָבן ביי אַ גרויסן טייל פון זיי אינגאַנצן אַוועקגענומען יעדן קוואַל פון פּרנסה. אויפן סיים אין יאָר 1768 האָט די שלאַכטע נישט נאָר אָפּגעזאָגט זיך צו מאַכן פּאָליטישע הנחות פאַר די מיעשטשאַנעס, נאָר פאַרקערט, פאַרשטאַרקט די מאַכט פון די סטאַראָסטעס איבער די שטעט, סיי אין ענינים פון פינאַנצן, סיי אין געריכט־ענינים. דערפאַר האָט די שלאַכטע צוגעוואָרפן די מיעשטשאַנעס די יידן ווי אַ קרבן, וואָס האָט זיי געזאָלט אַנטשעדיקן פאַר דער נייער באַגרענעצונג פון שטאָטישער אויטאָנאָמיע. אויף דעם זעלבן סיים איז אָנגענומען געוואָרן אַזאַ געזעץ: „היות דאָס יידנטום טוט אָן די שטעט און די מיעשטשאַנעס אומדערטרעגלעכע עוולות״, ווערט באַשלאָסן אַז יידן מעגן האַנדלען, שענקען און באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה נאָר אין די גרענעצן, וואָס עס דערלויבן זיי די אָפּמאַכן מיט די שטעט. אין די שטעט, וואו יידן האָבן קיינמאָל נישט געהאַט אַזעלכע אָפּמאַכן, דאַרפן באַלד געשלאָסן ווערן אָפּמאַכן לויט דעם מוסטער פון שטעט, וואו די אָפּמאַכן זיינען יאָ פאַראַן פון פריער. אויפן יסוד פון דעם דאָזיקן געזעץ האָבן די מאַגיסטראַטן פון די גרויסע שטעט, ווי קראָקע, פּויזן, לעמבערג, ווילנע, אָנגעהויבן אַ נייע אַטאַקע קעגן יידישן האַנדל און מלאכה, קאָנפיסקירט יידישע סחורות, פאַרמאַכט יידישע געוועלבער אד״גל. די קלענערע שטעט האָבן, אונטערן תירוץ אַז זיי האָבן נישט קיין שום אָפּמאַכן מיט יידן, אָנגהויבן זיי צו פאַרטרייבן. בערך

אַ פינפטל פון שטעט אין פוילן האָט אין די נאָענט־סטע עטלעכע יאָר פאַרטריבן יידן אויפן סמך פון דעם געזעץ וועגן אָפּמאַכן.

נאָך אַ גרעסערן פאַרנעם האָט אָנגענומען דער עקאָנאָמישער חורבן פון דאָרפישע יידן צוליב די גזירות קעגן יידישע קרעטשמערס און שענקערס. כדי אַראָפּצואוואַרפן פון זיך די שולד פאַר דעם אויס־טערלישן עלנט פון פויערים האָט די שלאַכטע אַלץ אָפענער און אַלץ אָפטער אַגיטירט קעגן די יידישע אַרענדאַרן און קרעטשמערס ווי די „פּיאַווקעס, וואָס זויגן דאָס בלוט פון די פויערים". קיין געזעצלעכן פאַרבאָט פון יידישער שענקעריי פאַר דער גאַנצער מלוכה האָט די שלאַכטע נישט געקאָנט און נישט געוואָלט אַדורכפירן. די שלאַכטע האָט בדרך כלל זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן יידישע אַרענדאַרן און קרעטשמערס, און קריסטלעכע אַרענדאַרן, וואָס זאָלן זיי קענען פאַרטרעטן, איז נישט געווען קיין סך. אויף דער זיצונג פון סיים פון יאָר 1775 האָט דער מאַרשאַלעק פון דער קאָנפעדעראַציע זיך אַרויסגע־זאָגט קעגן דעם פאָרשלאַג וועגן פאַרבאָטן יידן אַרענ־דעס, טענהדיק, אַז „עס וואָלטן דורכדעם געפאַלן די הכנסות, וואָס עס ברענגען די אַרענדעס". אין איינ־צעלע פּראָווינצן האָט אָבער די שלאַכטע אויף די סיימיקעס יאָ אַדורכגעפירט באַשלוסן וועגן אַוועק־נעמען ביי יידן די אַרענדעס און שענקען. אַזעלכע אינסטרוקציעס פאַר זייערע דעפּוטאַטן אויפן סיים האָט אָנגענומען אין יאָר 1786 און 1787 דער סיי־מיק פון שעראַדזער און וויעלונער לאַנד. אין דער צייט פון פיר־יאָריקן סיים האָבן אַזעלכע אינסטרוק־ציעס באַשלאָסן אויך סיימיקעס פון אַנדערע געגנטן ווי פּלאָצק, רוזשאַן. אין אַ ריי געגנטן פון פוילן האָבן די פריצים נישט געוואַרט אויף קיין סיים־באַ־שלוס און אַליין אָנגעהויבן צו פאַרטרייבן פון זיי־ערע דערפער יידישע אַרענדאַרן, קרעטשמערס און שענקערס. אין שייכות מיט דער רעאָרגאַניזאַציע פון דער ווירטשאַפט אין זייערע גוטער האָבן אַ סך פריצים איבערגענומען אין אייגענע הענט די אַד־מיניסטראַציע פון ברויי־הייזער, גוראַלניעס, מילן און קרעטשמעס. די אַלץ מער פויפעריזירטע קליינע שלאַכטע, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן צו דער מדרגה פון ערדלאָזן לומפּן־פּראָלעטאַריאַט, האָט זיך געריסן צו אַרענדעס, דער איינציקער באַשעפטיקונג ביי וועלכער זי האָט זיך ווייטער געקענט „האַלטן אָן דער פּריצישער קלאַמקע". די דאָזיקע ניי־געשאַפענע לאַגע אין די אַרענדעס האָט אַ סך מיטגעווירקט צו דער פאַר־שפּרייטונג פון די אויסטערלישע רדיפות אויף יידי־שע אַרענדאַרן, אויף וועלכע מיר האָבן זיך אויבן אָפּגעשטעלט. פריצים וואָס האָבן זיך שוין געקאָנט באַגיין אָן דעם יידישן אַרענדאַר, סיי צוליב דעם, וואָס זיי האָבן בכלל קיין אַרענדאַר נישט געוואָלט האַלטן, סיי ווען זיי האָבן געוואָלט אַריינזעצן אָן „איי־גענעם", קריסטלעכן אַרענדאַר, האָבן זיך דערלויבט אָפּצוטאָן דעם ייד אויסטערלישע עינויים, איידער זיי האָבן אים אַרויסגעוואָרפן. אין גרויספוילן, וואו די צאָל יידישע אַרענדאַרן איז סיי ווי סיי געווען לפי־ערך אומבאַדייטנדיק, האָט די שלאַכטע אָנגעהויבן זיי צו פאַרטרייבן פון די דערפער. גירושים פון דאָרפס־יידן האָבן אויך אָנגענומען אַ גרויסן פאַרנעם אין קליינפוילן, באַזונדערס אין דער צאָזמירער וואָיע־וואָדשאַפט און אין רייסן. די גרעסטע צאָל גירושים פון דאָרפס־יידן איז געווען אין אוקראַינע. בעת אין יאָר 1765 איז אין אוקראַינע געווען בלויז איין פּראָצענט דערפער, וואו עס האָבן נישט געוווינט קיין יידן, איז דרייצן יאָר שפּעטער, אין יאָר 1778 שוין געווען 7 פּראָצענט אַזעלכע „יידן־ריינע" דער־פער. אין משך פון די ווייטערדיקע 6 יאָר, ביז 1784, איז אין אוקראַינע די צאָל קריסטלעכע אַרענ־דאַרן געשטיגן מער ווי אויף אַ העלפט. פאַרטריבן יידן האָבן על־פּי־רוב די זעלבע רייכע פריצים, וואָס האָבן רעאָרגאַניזירט די גיטער לויטן סיסטעם פון צינזן אָנשטאָט פאַנשטשיזנע. די קריסטלעכע אַרענ־דאַרן האָבן עקספּלאָאַטירט די פויערים אַ סך ערגער איידער יידן, ווייל זיי האָבן געהאַט הינטער זיך דעם פולן אויטאָריטעט פון פּריץ. דער גלח שיאַרטשינסקי מאָלט אַזאַ סצענע וואָס ער האָט צוגעזען אין אַ דאָרף: צוויי הייַדוקעס האָבן געשלאָגן אַ פויער מכות רצח אויפן באַפעל פון גלח דערפאַר, וואָס דער פויער פלעגט קויפן משקאות אויף חתונות, טויף־צערעמאָניעס און לוויות ביי יידן „די שונאים פון קריסטוס" און נישט אין דער גלחישער קרעטשמע, „וואו די משקאות זיינען געווען טייערער, נישט אַזוי גוט און די מאָס איז געווען קלענער"...

די נייע גזירה וועגן אָפּמאַכן מיט די שטאָט־מאַגיסטראַטן, די גירושים פון יידן פון קלענערע קיניגלעכע שטעט און בפרט די גירושים פון יידישע קרעטשמערס פון די דערפער האָבן אויסטערליש פאַר־גרעסערט די אַזוי אויך באַדייטנדיקע צאָל פון פּרנסה־לאָזע יידן, אָרימע לייט, אורחים און בעטלערס. נאָך דער ערשטער צעטיילונג פון פוילן זיינען נאָך צו־געקומען טויזנטער אָרימע יידן, וואָס זיינען אומ־ברחמנותדיק פאַרטריבן געוואָרן פון גאַליציע און פּרייסן אַלס „בעטעל־יודען". אַזוי אַכזריותדיק האָבן די „אויפגעקלערטע" אַבסאָלוטע הערשער פון עסט־רייך און פּרייסן געוואָלט פאַרענטפערן די פּראַגע פון יידן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין באַשטימטע באַשעפטיקונג, אָדער זיינען נישט געווען אימשטאַנד צו צאָלן „טאָלעראַנץ־שטייער". אַרום יאָר 1788 זיינען אויף דעם אופן אַריינגעקומען קיין פוילן בערך 40 טויזנט אומגליקלעכע אָרימע לייט פון גאַליציע און פּרייסן. לויט די ציפערן פון פוילישן שטאָטס־

מאַן טאַדעאוש טשאַצקי, האָט די צאָל פרנסהלאָזע יידן באַטראָפן בערך 72 טויזנט און די צאָל קבצנים אַרום 9 טויזנט. אויב מיר נעמען אפילו אָן לויט טשאַצקין, אַז די צאָל יידן אין פוילן האָט דעמאָלט באַטראָפן 900,000, קומט אַלץ אויס, אַז 9 פּראָצענט יידן האָבן זיך געפונען אויפן ראַנד פון טיפסטן דלות.

אַזוי האָבן זיך מחנות יידישע קבצנים מיט זייערע פרויען און קינדער געשלעפּט פון שטאָט צו שטאָט, פון קהל צו קהל, אין ערגעץ נישט געפונען קיין מנוחה, און ווייטער געוואַנדערט... עס פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ לאַגע האָט זיך אויך כסדר פאַרגרעסערט ביי יידן די צאָל אונטערוועלט־עלעמענטן, גנבים און באַנדידטן. אַחוץ באַנדעס יידישע גזלנים זיינען אויך געווען געמישטע באַנדעס גזלנים וואו עס האָבן זיך פאַראייניקט יידן מיט ציגיינער, דעקלאַסירטע שלאַכטשיצעס, אויסגעוואָרצלטע מיעשטשאַנעס און פויערים. די מורא פאַר דעם וואוקס פון די דאָזיקע עלעמענטן האָט באַוואויגן אפילו די מלוכהשע מאַכט אַרויסצוגעבן פאַראָרדענונגען וועגן יידישע קבצנים. אין יאָר 1787 האָט אַ קיניגלעכער צירקולאַר וועגן באַקעמפן בעטלעריי צווישן אַנדערע אַנטהאַלטן אַ פונקט וועגן יידישע קבצנים: מען האָט פאַרבאָטן די קהילות דעם „אַלטן מנהג" פון אַרויסשיקן די קבצנים פון שטאָט צו שטאָט. די קהילות זיינען געווען מחויב צו באַשעפטיקן די קבצנים אויפן אָרט ביי „פאַרשידענע אַרבעטן, וואָס זיינען נוצלעך פאַרן לאַנד". אַזוי ווי אַזאַ „נוצלעכע אַרבעט" איז נישט געווען, פלעגן די קהילות לויטן „אַלטן מנהג" ווייטער אָנווענדן דעם סיסטעם פון איבערשיקן די קבצנים איינע צו דער אַנדערער, בפרט, אַז די שטאָטישע מאַגיסטראַטן און די רעגירונגס־אַדמיניסטראַציע פלעגן אַליין אָפּט פאָדערן פון קהל, ער זאָל די קבצנים פאַרטרייבן . . .

די פּראָבלעם פון דער אויסטערלישער צאָל יידישע פרנסהלאָזע עלעמענטן און בעטלער האָט נאָך מער פאַרשאַרפט די ברייטערע, אַלגעמיינע פראַגע וועגן דער אומנאָרמאַלער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון יידן און אַוועקגעשטעלט אַלץ ברענענדיקער די נויטווענדיקייט אַריבערצופירן די יידישע מאַסן צו פּראָדוקטיווע פרנסות. אָבער דער צעפוילטער פעאָדאַלער סיסטעם אין פוילן, וואָס האָט אַליין אויסגעגראָבן דעם באָדנלאָזן תהום פון יידישן עלנט, איז געווען ממילא צום ווינציקסטן מסוגל די דאָזיקע פראַגע צו פאַרענטפערן.

נאָך קיינמאָל אין דער געשיכטע פון יידן אין פוילן זיינען די סוביעקטיווע מעגלעכקייטן מצד דעם יידישן פאָלק פאַר אַ ברייט־פאַרמאָסטענער לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע נישט געווען אַזוי גינציק, ווי אין יענער תקופה. ווי מיר האָבן שוין אויבן אויסגעפירט, איז לכל הפחות אַ דריטל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד באַשטאַנען פון דאָרפס־לייט, וואָס זיינען אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס געווען פאַרבונדן מיט לאַנדווירטשאַפטלעכער טעטיקייט. די אָביעקטיווע באַדינגונגען זיינען אָבער געווען אַזעלכע, אַז זיי האָבן לכתחילה געמאַכט אוממעגלעך אפילו אַן ערנסטן פרוּאוו פון אַ קאָלאָניזאַציע. אוף דעם זעלבן סיים פון יאָר 1775, וואו עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו העכערן דאָס יידישע קאָפּגעלט אויף דריי גילדן, איז פאָרגעקומען אַ לענגערע דעבאַטע וועגן דער יידישער פראַגע. עס איז אָנגעוויזן געוואָרן מצד אייניקע דעפּוטאַטן אויף דער מוראדיקער פאַראָרימונג פון יידן. מן הסתם אין שייכות דערמיט איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יידן, וואָס וועלן זיך באַזעצן אויף לאַנד און אַליין עס באַאַרבעטן, וועלן באַפרייט ווערן אויף אַ גאַנץ לעבן פון יידישן קאָפּ־שטייער און אין משך פון די ערשטע 3 ביז 6 יאָר פון אַנדערע מלוכה־שטייערן. כדי צוצוגעבן מער האַפט דעם דאָזיקן באַשלוס האָט דער סיים גוזר געווען, אַז יידן אָן אַ באַשטימטער באַשעפטיקונג טאָרן נישט חתונה האָבן. די רבנים איז פאַרבאָטן געוואָרן אונטער אַ הויכער געלט־שטראָף צו געבן חופה וקדושין יידן, וואָס פאַרנעמען זיך נישט מיט האַנדל, מלאכה, דינסט, אָדער מיט ערד־אַרבעט און וואָס באַווייזן נישט, אַז זיי האָבן אָפּגעצאָלט זייערע מלוכה־שטייערן.

עס איז נישט נויטיק קיין סך מאריך צו זיין וועגן דעם ווי ווייט דער באַשלוס פון סיים וועגן הנחות פאַר יידישע ערד־אַרבעטער איז געווען אַ ריין טעאָרעטישער. עס איז אָפּגערעדט דערפון, וואָס יידן האָבן זיך געמעגט באַזעצן אַלס צינז־קאָלאָניסטן נאָר אויף וויסטע פעלדער, וואָס האָבן געפאָדערט גרויסע מי און געלט־מיטלען, כדי פאַרוואַנדלט צו ווערן אין פּרוכפּעריקער ערד. וועגן דעם, אַז די יידישע קאָלאָניסטן וואָלט מען באַדאַרפט פאַרזאָרגן מיט בוי־מאַטעריאַל, לעבעדיקן אינווענטאַר און מכשירים, האָט זיך דאָס געזעץ געמאַכט כלא ידע. די גרעסטע מניעה פאַר דער אַגראַריזאַציע פון יידן איז באַשטאַנען אין דער סאָציאַלער לאַגע פון די פויערים אין פוילן. יידן, וואָס האָבן זיך געזאָלט באַזעצן אויף קיניגלעכער, פּריצישער און גלחישער ערד, האָט דערוואַרט דער זעלבער גורל, וואָס די פאַרשקלאַפטע, לייב־אייגענע פויערים. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי האָבן געזאָלט ווערן צינזפויערים, וואָלטן זיי געווען „צוגעשריבן צו דער ערד" פונקט ווי אַנדערע פויערים. ביי דעם טיפסטן עלנט אין וועלכן די יידישע מאַסן אין פוילן זיינען געווען פאַרזונקען, האָט זיי נישט געקאָנט לאָקן די פּערספּעקטיוו צו ווערן פאַרשקלאַפט צוזאַמען מיט זייערע קינדער אויף דור־דורות. די דאָזיקע לאַגע האָט טרעפלעך כאַראַקטעריזירט דער מחבר פון דער אַנאָ־

נימער בראָשורע „וועגן דער דרינגלעכער נויטווענדיקייט צו רעפאָרמירן יידן״, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1782: „ער, דער ייד, האָט זיך נישט געוואָלט באַזעצן אויף לאַנד, ווייל ער האָט נישט געוואָלט (בלויז) פאַרטוישן די קאַטעגאָריע פון זיין עלנט; ער איז ביז איצט געווען אַ ליידיקגייער און אַן אָרימאַן, אָבער ער איז נישט געווען קיין לייב־אייגענער. דאָס געזעץ האָט אים נישט געזיכערט דאָס רעכט פון חזקה אויף גרונט־באַזיץ; ווערן אַ פויער, כדי צו אַרבעטן פאַר יענעם און נישט פאַר זיך, האָט ער נישט געוואָלט״.

עס איז דערפאַר נישט קיין חידוש, אַז די רעזולטאַטן פון געזעץ פון יאָר 1775, פונקט ווי פון דער שפּעטערדיקער פּראָפּאַגאַנדע וועגן באַזעצן יידן אויף ערד, זיינען געווען נישטיקע. לויט דעם באַריכט פון טאַדעאוש טשאַצקי האָבן אין רייסן און אוקראַינע אויסגענוצט דאָס געזעץ נישט מער ווי פערצן יידישע משפחות. די שאַצונג פון טשאַצקין איז אָבער צו נידעריק. בלויז אין זוויאַהעל (בראַצלאַווער געגנט) האָט זיך געגרינדעט אַ קאָלאָניע פון בערך צוויי צענדליק יידן. אָבער די דאָזיקע קאָלאָניע איז מעגלעך געווען נאָר אַדאַנק דעם, וואָס דער פּריץ פון די גיטער, פירשט פּאָנינסקי, האָט די קאָלאָניסטן צוגעהאָלפן מיט זריעה, פערד און אַקעראייזנס. אַזעלכע יידישע קאָלאָניסטן ווערן אויך דערמאָנט אין יענער צייט אין דער געגנט פון פּיעטריקעוו. לויט דער רוסישער ציילונג אין דער מינסקער גובערניע פון יאָר 1794, האָבן אין שטעטל בערעזינע 5 יידישע פאַמיליעס געלעבט פון ערד־אַרבעט, איינציקע יידישע ערד־אַרבעטער זיינען אויך פאַרצייכנט געוואָרן אין די שטעטלעך פּאָהאָסט און קליטשעוו. אין סך־הכל האָט אין גאַנץ פּוילן די צאָל יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט באַזעצט אויף ערד, נישט באַטראָפן קיין סך מער ווי הונדערט.

אויך דער צווייטער וועג פון פּראָדוקטיוויזאַציע פון יידן, דאָס אַריינציען זיי אין דער אינדוסטריע, האָט נישט געקאָנט פאַרווירקלעכט ווערן צוליב דער פעאָדאַלער אָפּגעשטאַנענקייט פון דער ווירטשאַפט אין לאַנד.

אין דער ניי־אויפגעקומענער מאַגנאַטישער פאַבריק־אינדוסטריע איז לכתחילה אַריינגעצויגן געוואָרן אַ געוויסע צאָל יידישע אַרבעטער און געטאָן האָט מען עס צוליב אַזעלכע מאָטיוון: יידן, זינט הונדערטער יאָרן אַ שטאָטישער עלעמענט, האָבן פאַרמאָגט די געהעריקע אינטעליגענץ, כדי אין אַ קורצער צייט זיך צוצופּאַסן צו די באַדינגונגען פון פאַבריק־אַרבעט און אויסצולערנען זיך דאָס פאַך. יידן זיינען אויך געווען אַזוי ווייט פאַראָרימט און אונטערדריקט, אַז זיי האָבן זיך באַנוגנט מיט אַ מינימאַלן לוין און דורכדעם האָבן זיי טאַקע אָפּט אָביעקטיוו געהאָלפן דריקן דעם לוין פון די אויסלענדישע אַרבעטער. אַ טייל פון די ליבעראַלע מאַגנאַטן, ווי אַנטאָני טיזענהויז אין גראָדנע, וואָס האָבן ערנסט גענומען זייער פּראָגראַם וועגן פּראָדוקטיוויזאַציע פון יידן, האָבן באַוואוסטזיניק אַריינגענומען יידן אין זייערע ניי־אויפגעשטעלטע פאַבריקן, כדי צו הויבן דעם עקאָנאָמישן מצב פון זייערע פאַראָרימטע און דעקלאַסירטע יידישע אונטערטאַנען און דערמיט צו פאַרגרעסערן זייערע אייגענע הכנסות.

דעם אָנטייל פון יידישע אַרבעטער אין דער מאַגנאַטישער פאַבריק־אינדוסטריע קענען מיר פעסטשטעלן אין די ווייטערדיקע ערטער: אין קאָרעץ (וואָלין) האָבן 60 יידן געאַרבעט אויף 2 פון די 10 וועבער־וואַרשטאַטן אין דער פאַבריק פון פירשט יוזעף טשאַרטאָריסקי. אין דער פאַבריק פון ציץ, וואָס דער מאַגנאַט ווינצענטי פּאָטאָצקי האָט געגרינדעט אין ניעמיראָוו איז צווישן די 300 אַרבעטער און אַרבעטערינס אַ געוויסע צאָל באַשטאַנען פון יידישע פרויען. דער דערמאָנטער מאַגנאַט טיזענהויז, דער ליטווישער הויף־שאַץ־מייסטער (וויצע־פינאַנץ־מיניסטער) האָט באַשעפטיקט יידישע פרויען אַלס היים־אַרבעטערינס. זיי האָבן אויסגעאַרבעט גאַרן פאַר דער טוך־פאַבריק אין גראָדנע. עס איז אויך אַ סברה, אַז יידן זיינען געווען באַשעפטיקט אין דער פּאָרצעלאַן־פאַבריק פון די טשאַרטאָריסקיס אין האָראָדניצע (ביי זוויאַהעל). מען פלעגט דאָרט אויסאַרבעטן פּאָרצעלאַנע טעלער מיט העברעאישע אויפשריפטן „כלי חלב, „כלי בשר״.

אויך יידישע סוחרים האָבן אין דער זעלבער תקופה געגרינדעט די ערשטע פאַבריקלעך. די דאָזיקע אונטערנעמונגען האָבן זיך נישט געקאָנט גלייכן מיט די מאַגנאַטישע פאַבריקן, נישט לויטן פאַרנעם, נישט לויט דער צאָל אַרבעטער, דערפאַר האָבן זיי אָבער געהאַט די מעלה, וואָס זיי האָבן פּראָדוצירט אַרטיקלען פון מאַסן־געברויך און נישט לוקסוס־סחורות. זיי האָבן אויך געהאַט אַ לענגערן קיום, איידער די מאַגנאַטישע פאַבריקן דורכדעם, וואָס זיי האָבן זיך נישט געשטיצט אויף צוואַנג־אַרבעט פון פויערים און שטאָטישע ליידיקגייערס און וואַגאַבונדן, נאָר האָבן באַשעפטיקט על־פּי־רוב יידישע און קריסטלעכע קוואַליפיצירטע אַרבעטער און אָנגעקניפּט די פּראָדוקציע אָן די פאַכן, וואָס זיינען ביי יידישע בעלי־מלאכות געווען פאַרשפּרייט זינט דורות. עס זיינען אַנטשטאַנען יידישע פאַבריקלעך פון טוך אין ווענגראָוו (אין יאָר 1794 — עטלעכע צענדליק אַרבעטער) און אין לוטאָמירסק (אין יאָר 1787 — 20 ביז 30 אַרבעטער ביי 6 וועב־שטולן); טליתים־פאַבריקן אין שידליץ ביי דאַנציק (80 אַרבעטער), דובראָוונע ביי לידע (דריי פאַבריקן מיט 50 וועב־שטולן); זאַקן־

פאַבריקן (קאָזשיעניץ); גאַרבערייען — אין פראַגע ביי וואַרשע (אייגנטימער שמואל זביטקאָווער, 15 אַרבעטער), קראָקע, ווענגראָוו (עטלעכע צענדליק אַרבעטער), אָפאָטשנע (גאַרבעריי פון דער קהילה), לוטאָמירסק און עטלעכע קלענערע גאַרבערייען אין פאַרטשעוו, סאָכאַטשעוו, בלאַשקי א״אַ; פולווער־פאַבריקן אין ראַדשיווילאָוו ביי בראָד און אין קראָקע; זייף־פאַבריקן אין וויסאָקע ליטעווסק, קאָליש, דרויע, קאָזשיעניץ; קופערשמידערייען אין מעזריטש און שעמיאַטיץ; ציגעלניעס א״אַ. אין רעזולטאַט פון דער זעלבער טענדענץ צו גרינדן נייע פאַבריקן זיינען אַנטשטאַנען אין יענער צייט עטלעכע נייע יידישע דרוקערייען, אַחוץ די אַלטע, וואָס האָבן פון לאַנג עקזיסטירט אין קראָקע, לובלין און זשאָלקווע. די גרעסטע איז געווען די יידישע דרוקעריי אין נאָווידוואָר, מיט פיר פרעסן, געגרינדעט דורך אַ וואַרשעווער קריסטלעכן סוחר יאָהאַן אַנטאָן קריגער. אַחוץ דעם זיינען אַנטשטאַנען קלענערע דרוקערייען אין קאָרעץ, פאָריצק, אָלעקשיניעץ, ראַדזשיווילאָוו, דובנע, מעזיבעז, מינקאָוויץ. די לעצטע צוויי האָבן געדרוקט חסידישע ספרים

אַ באַדייטנדיקערע צאָל יידישע אַרבעטער, איידער די יידישע פאַבריק־אינדוסטריע, וואָס איז נאָך אַלץ געלעגן אין די וויקעלעך, האָט באַשעפטיקט דער היים־אַרבעט סיסטעם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפרייטן אין געוויסע געגנטן פון פוילן. צום סוף פון 18טן י״ה זיינען אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך אין גרויספוילן בערך 800 יידישע פרויען (דערפון בלויז אין ליסע 250) געווען באַשעפטיקט אַלס היים־אַרבעטערינס ביי אויסאַרבעטן שפיצן פאַר דעם אונטערנעמער אפרים פייטל היינע. אין אָנהויב פון 19טן י״ה האָט זיך די דאָזיקע יידישע היים־אינדוסטריע נאָך מער צעוואַקסן אין פאַרשידענע געגנטן פון פוילן און ליטע, דער צענטער איז אָבער נאָך אַלץ געווען אין גרויספוילן.

אַ געוויסע צאָל יידישע אַרבעטער איז אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין עפנטלעכע אַרבעטן. אַזוי למשל זיינען ביי דער רעגולאַציע פון טייך ניעמען, וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן דורך דער ליטווישער פינאַנץ־קאָמיסיע אין די יאָרן 1768—1772, געווען באַשעפטיקט עטלעכע צענדליק יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן באַטראָפן פון אַ דריטל ביז צוויי־דריטל פון אַלע אַרבעטער ביי דעם דאָזיקן פראָיעקט. ווייזט אויס, אַז אויך ביי אַנדערע ענלעכע אַרבעטן זיינען יידישע אַרבעטער געווען באַטייליקט: דער ליבעראַלער פריינט פון יידן, דער דעפוטאַט מאַטעאוש בוטרימאָוויטש, האָט בעת דעם באַזוך פון קיניג ביים אָגינסקי קאַנאַל געהאַלטן אַ רעדע, וואו ער האָט דערקלערט, אַז צום אָנדענק פון דעם דאָזיקן געשעניש וועט דאָרט אויפגעשטעלט ווערן אַ געדענק־טאָוול אויף לאַטייניש, פויליש, רוסיש (אוקראַיניש) און יידיש. צום בוי פון קיניגלעכן קאַנאַל ביי פינסק האָט צוגעשטעלט אַרבעטער אַ יידישער אונטערנעמער, יאַנקל שמולאָוויטש פון אַנטאָפאָל. די רעגולאַציע פון טייך סטיר אין וואָלין האָט אונטערגענומען און טיילווייז אַדורכגעפירט אַ יידישער סוחר פון קוזמיר, יוסף בן מענדל.

יידן האָבן אויך גענומען אַן אָנטייל אין דער אַנטוויקלונג פון דער באַרג־אינדוסטריע אין פוילן. אין פאַרשידענע געגענטן פון פוילן, ווי בוסק, יענדרזשעיאָוו, שטשוטשין (ביי טשעכאַנאָוו), פרזשעדבאָרזש, דראָהיטשין, פלאָצק, האָבן יידן אויף אייגענער האַנט אונטערגענומען גראָבונגען, זוכנדיק זאַלץ, קופער, בורשטין און אין אַ טייל געגנטן (בוסק) האָבן זיי טאַקע געהאַט דערפאָלג.

אין סך־הכל האָבן די דאָזיקע אָנהויבן פון דער אינדוסטריאַליזאַציע אַרומגענומען אַ נישטיקן פראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג, פונקט ווי פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון לאַנד. די אומנאָרמאַלע יידישע סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור האָט זיך דורך די דאָזיקע ערשטע פרואוון פון איבערבוי לחלוטין נישט געביטן, פונקט ווי עס האָט זיך גאָרנישט געענדערט די אָפגעשטאַנענע ווירטשאַפט פון לאַנד. פונקט ווי דאָס הייבן די פראָדוקציע־כוחות פון לאַנד איז אויך דאָס פראָדוקטיוויזירן די יידן געבליבן אַן ענין פון פראָיעקטן. פאַר אַ טייל מחברים פון די דאָזיקע פראָיעקטן האָבן אָבער אפילו די דאָזיקע נישטיקע התחלות פון אַגראַריזאַציע און אינדוסטריאַליזאַציע ביי יידן געדינט ווי אַ באַווייז, וואָס פאַר אַ גרויסע פאָטענציעלע כוחות פון די יידישע מאַסן זיינען דערשטיקט געוואָרן דורך דורות פון גזירות, רדיפות און נגישות.

## 2. פראָיעקטן וועגן יידן־רעפאָרם

די לעצטע דרייסיק יאָר אין דער געשיכטע פון דער אַלטער פוילישער מלוכה (1764—1795) זיינען געווען אויסערגעוויינלעך שטורעמדיק סיי אין דער אינערלעכער סיי אין דער אויסערלעכער פאָליטיק. די פראַגע וועגן רעפאָרמען אין דער מלוכה־אָרדענונג איז נישט אַראָפגעגאַנגען פון סדר־היום פון דער עפנטלעכער דיסקוסיע.

צווישן די פראָיעקטירטע און טיילווייז אַדורכגעפירטע רעפאָרמען אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער פוילישער מלוכה האָט די יידישע פראַגע געמוזט פאַרנעמען אַ גאָר וויכטיק אָרט שוין בלויז צוליב דעם פאַקט אַליין, וואָס יידן האָבן געציילט מער ווי אַ צענט־חלק פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון לאַנד. אויך האָט דער פראָגראַם פון רעפאָרמען, וואָס האָבן געהאַט פאַר אַ ציל צו פאַרבעסערן די ווירטשאַפטלעכע לאַגע פון לאַנד, נישט געקאָנט אויס־

מיידן יידן, וואָס האָבן געשפילט אַ דאָמינירנדיקע ראָלע אין האַנדל און גאָר אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין דער אינדוסטריע. אומאָפהענגיק פון די דאָזיקע פאָליטישע און עקאָנאָמישע מאָמענטן איז די יידישע פראַגע געווען ענג פאַרקניפט מיט דער פראַגע וועגן פאַרבעסערן דעם מצב פון די שטעט און פון די פויערים. עס איז, למשל, נישט מעגלעך געווען צו לייזן די פראַגע פון שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, נישט נעמענדיק אַ שטעלונג צו דעם ענין וועגן רעכט פון יידן צו וואוינען אין די שטעט און צו פאַרנעמען זיך מיט האַנדל, שענקעריי און מלאכה. די פראָבלעם וועגן שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג האָט אויך ממילא אַרויסגערוקט די פראַגע וועגן די פונקציעס און קאָמפעטענצן פון די קהילות און וועגן זייער רעכטלעכער באַציאונג צו די שטאָט־מאַגיסטראַטן. די פראָיעקטירטע רעפאָרם אין דער לאַגע פון די פויערים האָט שאַרף אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן יידישע קרעטשמער און אַרענדאַרן. אין שייכות מיט די פראָיעקטן וועגן פאַרבאָט פאַר יידן צו האַלטן קרעטשמעס האָט ממילא זיך אויך געמוזט אַרויסרוקן די פראַגע וועגן אַריבערפירן די אַרויסגעשטויסענע דאָרפס־יידן צו נייע פרנסות. ממילא איז אויך געשטעלט געוואָרן אויפן סדר־היום פון דער דיסקוסיע די אַלגעמיינע פראַגע וועגן פראָדוקטיוויזאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג. מיט די עקאָנאָמישע און פאָליטישע רעפאָרמען איז פאַר די הערשנדיקע ספערן אויך געוואָרן אַקטועל די פראַגע וועגן אויפהאַלטן אָדער אָפשאַפן די יידישע נאַציאָנאַלע אָפגעזונדערטקייט.

דער אופן פון אַוועקשטעלן די אַלע פראַגן איז שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון די געזעצן וועגן יידן אין די שכנותדיקע אַבסאָלוטע מלוכות, באַזונדערס פון טאָלעראַנץ־פאַטענט פון קיסר יאָזעף דעם 2טן פאַר גאַליצישע יידן, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יאָר 1789. דאָרט האָבן די פוילישע מחברים פון פראָיעקטן געפונען פאַר זיך גרייטע מוסטערן פאַר די וויטערדיקע „רעפאָרמען": פאַרבאָט פאַר יידן צו וואוינען אין די דערפער און צו פאַרנעמען זיך מיט שענקעריי; דער לאָזונג וועגן אַריבערפירן יידן צו ערד־אַרבעט; דאָס אונטעראָרדענען יידן אונטער די שטאָט־מאַגיסטראַטן; דאָס אָפשאַפן די אויטאָנאָמיע פון דער יידישער קהילה און דאָס באַגרענעצן פון אירע פונקציעס בלויז צו רעליגיע; פריווילעגיעס פאַר פאַרמעגלעכע יידישע סוחרים און אונטערנעמער און גזירות אויף יידישע קרעמער, הענדלער, מעקלער און לופט־מענטשן; קולטורעלע און שפראַכלעכע אַסימילאַציע פון יידן אויפן געזעצלעכן וועג און דורך אַריינציען יידן אין אַלגעמיינע שולן.

די קאָנסערוואַטיווע שלאַכטע האָט זיך וויניק פאַרנומען מיט פראָיעקטן וועגן רעפאָרמירן יידן, ווייל זי איז געווען אין פרינציפ קעגן אַלע רעפאָרמען פון דער מלוכה אויף וועלכן נישט איז געביט. די שטעלונג פון דעם דאָזיקן לאַגער איז געקומען צום אויסדרוק אויף אַ נעגאַטיוון אופן, דאָרט וואו מען האָט באַדאַרפט אַרויסטרעטן קעגן פראָיעקטן, וואָס האָבן געקאָנט אָנרירן די סאָציאַלע און פאָליטישע פריווילעגיעס פון דער שלאַכטע. אַזוי האָט למשל אַ מחבר פון דעם דאָזיקן לאַגער אין אַן אַנאָנימער שריפט געשטיצט דעם פאָפולערן פראָיעקט וועגן באַזעצן יידן אויף ערד. אין דער אַגראַריזאַציע פון יידן האָט דער קאָנסערוואַטיווער שלאַכטשיץ געזען אַ אופן צו פאַרהיטן, אַז יידן זאָלן זיך נישט שטאַרק פאַרמערן, אַנדערשט „וועלן זיי זיין ביכולת אין עטלעכע הונדערט יאָר אַרום צו פאַרוואַרפן די שלאַכטע מיט זייערע היטלעך". דער אַנאָנימער שלאַכטשיץ וויל דערפאַר בשום אופן נישט מסכים זיין, אַז יידישע לאַנדווירטן זאָלן זיך באַזעצן אויף די באַדינגונגען פון צינז־פויערים. ער פאָדערט מען זאָל יידן דערקלערן אַלס לייב־אייגענע פון דער שלאַכטע — „זאָלן זיי וויסן וואָס איז אַזוינס דאָס יאָך פון שקלאַפעריי". אויך אַ צווייטער פאָרשטייער פון דער פריצישער קאָנסערוואַטיווער פאַרטיי, דער מחבר פון „גלאָק פון דער אַלט־פוילישער פאַבריק", פאָדערט מען זאָל יידן איבערגעבן די פריצים, „אַז זיי זאָלן מיט זיי שאַפן און רעגירן לויט די רעכט, וועלכע קומען זיי". בפירוש פיינטלעך קעגן יידן איז אויך געווען דער פראָיעקט פון געוועזענעם קאַנצלער אַנדרזשעי זאַמאָיסקי. ער האָט צוגעגרייט אין יאָר 1778 פאַרן סיים אַ פראָיעקט פון אַ קאָדעקס אין גייסט פון דער קאָנסערוואַטיווער שלאַכטע, אָבער מיט געוויסע, מינימאַלע הנחות פאַר פויערים און מיעשטשאַנעס. בנוגע יידן האָט ער פאָרגעלייגט אַזעלכע געזעצן: יידן מעגן וואוינען בלויז אין די שטעט, וואו זיי האָבן ביז איצט געמעגט וואוינען לויט די אָפמאַכן מיט די מאַגיסטראַטן; זיי מוזן וואוינען אין באַזונדערע קוואַרטאַלן; בלויז די יידן מעגן בלייבן אין פוילן, וואָס קענען באַווייזן פאַר דער מאַכט, אַז זיי זיינען סוחרים מיט אַ קאַפיטאַל פון לכל הפחות טויזנט גילדן, אָדער אַז זיי פאַרנעמען זיך מיט מלאכה, אַרענדע, אָדער ערד־אַרבעט. אַלע אַנדערע דאַרפן פאַרלאָזן דאָס לאַנד אין משך פון אַ יאָר און די וואָס וועלן עס נישט טאָן פרייוויליק, דאַרפן אַריינגעזעצט ווערן אין „פאַרבעסערונגס־הייזער" (אַרבעטס־תפיסה) אָדער באַנוצט ווערן ביי עפנטלעכע אַרבעטן. יידן טאָרן זיך נישט פאַרנעמען מיט אַרענדע פון עפנטלעכע הכנסות, אָדער פון גיטער, זיי טאָרן נישט באָרגן קיין געלט אויף אַ משכון און טאָרן נישט האַלטן קיין קריסטלעכע משרתים. אויפן אָרט פון קהילות זאָלן די מאַגיס־

טראַטן נאָמינירן פרנסים וואָס זאָלן פאַרוואַלטן מיט דער שול און מיט צדקה־ענינים. זאַמאָיסקיס פראָיעקט וועגן אויסטערלישע גזירות קעגן יידן איז געווען אַ ווידערקול פון דעם אכזריותדיקן „יודען־רעגלעמענט״ וואָס עס האָט געהאַט אַרויסגעגעבן פאַר די פרייסישע יידן דער „אויפגעקלערטער״ הערשער פרידריך דער 2טער. צום גליק פאַר יידן איז דער גאַנצער קאָדעקס־פראָיעקט פון זאַמאָיסקין אָפגעוואָרפן געוואָרן דורך דעם סיים אַלס אַ צו ראַדיקאַלער בנוגע מיעשטשאַנעס און פויערים... פונקט אַזוי קלעריקאַל און יידן־פיינטלעך איז געווען דער פראָגראַם וואָס עס האָט אויסגעאַרבעט אַן אַנדערער רעפרעזענטאַנט פון דער קאָנסערוואַטיווער פאַרטיי, דער קיעווער בישאָף יוזעף אַנדרזשעי זאַלוסקי, אונטערן כאַראַקטעריסטישן קעפל „פוילן, וואָס ווערט אָנגערופן אַ גן־עדן פאַר יידן״ (אויף פראַנצויזיש). ער האָט פאָרגעלייגט צו פאַרבאָטן יידן נישט נאָר אַרענדע פון מלוכהשע הכנסות, נאָר אַלע מינים אַרענדעס פון קרעטשמעס, שענקען און מילן, קרעדיט און אפילו האַנדל. יידן האָבן באַדאַרפט געצוואונגען ווערן צו פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבעט. ער באַדויערט וואָס מען קען די יידן נישט פאַרטרייבן פון פוילן צוליב אַזעלכע מניעות: יידן זיינען שולדיק געלט דער שלאַכטע און די גלחים; די שכנים וואָלטן די אַרויסגעטריבענע יידן נישט אַריינגעלאָזט; אויב מען וואָלט די יידן פאַרטריבן, וואָלטן אַ סך פוילישע שטעט און שטעטלעך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מדבריות...

די אויספירלעכסטע און לפי ערך די ליבעראַלסטע פראָיעקטן וועגן רעפאָרם פון יידן האָבן פאַרעפנטלעכט די פאָרשטייער פון דער פראָגרעסיווער פאַרטיי פון דער שלאַכטע.

אין יאָר 1782 איז דערשינען אַ בראָשורע „יידן, אָדער די דרינגלעכע נויטווענדיקייט צו רעפאָרמירן יידן אין די לענדער פון דער רעפובליק״. דער מחבר וואָס האָט זיך געצייכנט „בעזאימיענני״, ד״ה אַנאָנים, האָט ווייזט אויס געהערט צום פראָגרעסיוון לאַגער פון דער שלאַכטע, ווייל די רעפאָרמאַטאָרן פון דעם דאָזיקן לאַגער האָבן אַלע אין פרינציפ זיך מיט אים סאָלידאַריזירט. דער בעסטער טייל פון דעם דאָזיקן ווערק איז די שאַרפע, טרעפלעכע קריטיק פון דער רעכטלעכער לאַגע פון די יידן אין פוילן:

„מען האָט די יידן אויסגעשלאָסן פון אַלע קלאַסן פון לאַנד, מען האָט זיי אַרומגעצוימט מיט טאָפלטע געזעצן, מען האָט זיי אָפגעשטויסן פון בירגערלעכע אַמטן, מען האָט זיי געהייסן געבן טאָפלטע אָפצאָלן אין די געריכטן, זייער רעליגיע איז געוואָרן צו שאַנד און צו שפאָט... און נאָך דעם אַלעם האָט מען געוואָלט, אַז דער ייד זאָל טראָגן די קייטן מיט דרך־ארץ און זאָל קושן די האַנט, וואָס האָט זיי אויף אים אַרויפגעלייגט. מען האָט געוואָלט, ער זאָל זיין נוצלעך פאַר דעם לאַנד און דאָס לאַנד איז נישט געווען זיין פאָטערלאַנד, ער זאָל זיין אַרבעטזאַם, בעת מען האָט אים נישט גאַראַנטירט די פירות פון זיין אַרבעט, ער זאָל זיין פריינטלעך און געטריי דעם, וואָס פייניקט אים כסדר... ער האָט שטאַרק געגאַרט צו נעמען זיך צו האַנדל און אינדוסטריע, אָבער די שטעט האָבן אים אָדער אינגאַנצן נישט צוגעלאָזט, אָדער זיי האָבן אים בלויז דערלויבט צו זיין אַ גאַסן־הענדלער. מען האָט אים פאַרבאָטן אויסצוקוואַליפיצירן זיך אין מלאכות און קונסט, מען האָט פאַר אים פאַרמאַכט די צעכן און מאַגיסטראַטן. דעמאָלט האָט דער ייד, כדי צו דערהאַלטן זיך ביים לעבן, אָנגעהויבן זיך צו דינגען מיט דעם שטאָטסמאַן, געקויפט ביי אים פאַרשידענע הנחות. מען פלעגט שליסן קעגנזייטיקע אָפמאַכן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין קיום און האָבן נישט געקאָנט גענוי אָפגעהיט ווערן. עס האָבן זיך געפונען באַשיצער, עס האָבן זיך געשאַפן פאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, ביידע צדדים זיינען רואינירט געוואָרן, עס איז געקומען אַ ירידה פון האַנדל און דערמיט אויך פון אונזערע שטעט...״

דער דאָזיקער ווירקלעכקייט שטעלט דער מחבר אַנטקעגן זיין פלאַן וועגן „אַ דויערהאַפטן און אייביקן שלום צווישן צוויי פעלקער, וואָס קעמפן קעגנאַנאַנד אין איין לאַנד״. אין דעם דאָזיקן זין לייגט פאָר דער מחבר אַזעלכע רעפאָרמען: יידן זאָלן צוגעלאָזט ווערן צו האַנדל און מלאכה; זיי זאָלן זיך מעגן פאַרנעמען מיט שענקעריי בלויז אין די שטעט און נישט אין דאָרף; זיי זאָלן זיך באַזעצן אויף לאַנד אַלס צינז־פויערים, אָבער זיי זאָלן האָבן דאָס רעכט זיך אַריבערצוציען פון איין פריץ צו אַ צווייטן; יידן זאָלן ווערן באַפרייט פון ספעציעלן יידישן קאָפשטייער און זאָלן אָנגענומען ווערן אין מיליטערדינסט. יידן דאַרפן אָבער אויך פון זייער זייט זיך אָפזאָגן פון „סעפאַראַטיזם״. זיי דאַרפן אַראָפוואַרפן די יידישע מלבושים, אויפהערן צו באַנוצן זיך מיט יידיש און העברעאיש און איבערזעצן זייערע רעליגיעזע ספרים אויף פויליש. די קהילה זאָל זיך פאַרנעמען בלויז מיט רעליגיעזע ענינים, אַדמיניסטראַטיוו זאָלן יידן זיין אונטערגעוואָרפן דעם שטאָטמאַגיסטראַט פונקט ווי אַנדערע שטאָט־באַוואוינער. די יידישע רעליגיע דאַרף אויך רעפאָרמירט ווערן אין דער ריכטונג, אַז עס זאָלן פאַרלייכטערט ווערן די דינים וועגן מילכיקס און פליישיקס און וועגן טריפה און עס זאָל פאַרקלענערט ווערן די צאָל יום־טובים...

די שטעלונג פון „בעזאימיענני״ האָט געשטיצט דער דעפוטאַט פון דער פינסקער געגנט מאַטעאוש בוטרימאָוויטש. ער האָט אין יאָר 1789 אַרויסגעגעבן אַ דריטע אויפלאַגע פון דער אַנאָנימער בראָ־

שורע (די צווייטע אויפלאַגע איז אַרויס אין 1785) און האָט אַליין אין זעלבן יאָר אָנגעשריבן אַן אייגענע בראָשורע וועגן „רעפאָרם פון יידן". בוטרימאָוויטש איז מחולק געווען מיט „בעזאימיעני" אין ענין פון מיליטער־דינסט. ער האָט געהאַלטן, אַז יידן וועלן ערשט מיט דער צייט זיין ראוי צו דינען אין מיליטער, ווען זיי וועלן ווערן מער אויפגעקלערט און מער פאַרבונדן מיטן לאַנד אַלס בירגער... דערווייל זאָל מען יידן נעמען בלויז צו הילפס־דינסט אַלס בעלי־עגלות און קאַנאָניערן. ער הייסט אויך שטרענג באַשטראָפן יידן וואָס דרייען זיך אַרום אָן אַ באַשעפטיקונג און עצהט צו געבן זיי צוואַנגס־באַשעפטיקונג ביי עפנטלעכע אַרבעטן. אויף די קהילות לייגט ער אַרויף דעם חוב אויסצוהאַלטן אַחוץ מלמדים אויך לערער פון פויליש, דייטש און חשבון. אַחוץ דעם דאַרפן יידן צוגעלאָזט ווערן צו אַלגעמיינע שולן און אוניווערסיטעטן.

דער דערמאָנטער שטאַטס־מאַן טאַדעאוש טשאַצקי האָט פאָרגעלייגט איינצוטיילן די יידן אויף דריי קלאַסן: סוחרים, בעלי־מלאכות און ערד־אַרבעטער. אויך ער האַלט, אַז יידן דאַרפן באַזייטיקט ווערן פון קרעטשמעריי, אָבער נישט פרינציפיעל, נאָר לעת־עתה, אויף פופציק יאָר, ביז זיי וועלן זיך אויסגלייכן מיט אַנדערע בירגער. יידן אין די שטעט זאָלן האָבן דאָס אומבאַגרענעצטע רעכט צו פאַרנעמען זיך מיט האַנדל און מלאכה און אין די צעכן און סוחרים־קאָרפאָראַציעס דאַרפן זיי האָבן דאָס רעכט צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן און צו באַקליידן אַמטן. יידן זאָלן מעגן קויפן ערד־אייגנטום און אין צוואַנציק יאָר אַרום זאָלן זיי מעגן קויפן אויך גיטער. יידן וואָס באַזעצן זיך אַלס ערד־אַרבעטער זאָלן באַפרייט ווערן פון שטייערן אין משך פון צען יאָר און באַקומען סובווענצן אויף לעבעדיקן אינווענטאַר. מען דאַרף יידן באַזעצן אין קאָנצענטרירטע ישובים און אין די דרום־פראָווינצן (אוקראַינע) און אין אַנדערע פראָווינצן, וואו עס איז נישטאָ קיין סך פרייע ערד, זאָלן זיי וואוינען צווישן קריסטלעכע פויערים. כדי צוצוגרייטן די יידישע יוגנט צו דער אַרבעט דאַרפן געגרינדעט ווערן לאַנדווירטשאַפטלעכע שולן. אויפן אָרט פון קהל זאָלן איינגעפירט ווערן רעליגיעזע אינסטאַנצן פון שטאָט־רב, קרייז־רב און פון אַ יידישן ראַט. די אויפגעקלערטע יידן זאָלן האָבן שוץ פון דער רעגירונג פונקט ווי אַנדערע רעליגיעזע ריכטונגען.

דער גלח קאָלאָנטיי, איינער פון די פראָמינענטסטע פירער פון דער פאַטריאָטישער פאַרטיי, האָט בדרך כלל פאַרטראָטן אין דער יידישער פראַגע דעם שטאַנדפונקט פון בוטרימאָוויטש. בלויז אין ענין שענקעריי האָט ער געהאַלטן אַז יידן דאַרפן פון דער דאָזיקער פרנסה באַזייטיקט ווערן אויך אין די שטעט. ער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט דער פאָדערונג וועגן אָפשאַפן באַזונדערע יידישע מלבושים, נאָר האָט אויך פאָרגעלייגט צו פאַרווערן טראָגן באָרד און פיאות. די קהילות וואָס בלייבן בלויז ביי די רעליגיעזע פונקציעס, זאָלן נישט טאָרן זיך באַנוצן מיטן חרם. חוץ דעם, באַוואָרנט דער גלח קאָלאָנטיי, אַז פון פסק דין פון רבנים בנוגע רעליגיעזע ענינים זאָל מען מעגן אַפעלירן צו אַ קאָמיסיע פון קאַטוילישע גלחים...

דאָס איז געווען די פראָגראַם פון דער ליבעראַלער שלאַכטע אין דער יידן־פראַגע. לויט די אַלע פראָיעקטן האָבן יידן געזאָלט באַקומען דאָס רעכט פון פרייער באַשעפטיקונג מיט האַנדל, מלאכה און אינדוסטריע, זיי האָבן אָבער געדאַרפט זיך אָפזאָגן פון שענקעריי, בפרט אין די דערפער. אַלע מחברים פון פראָיעקטן רוקן אַרויס די פראַגע וועגן באַזעצן יידן אויף ערד, אָבער בלויז טשאַצקי האָט עס גענומען אַזוי ווייט ערנסט, אַז ער האָט אָנגעצייכנט אויך געוויסע אופנים, ווי אַזוי עס אַדורכצופירן. יידן האָבן פאַר דעם פרייז פון פרייהייט צו האַנדלען און באַשעפטיקן זיך מיט מלאכה געדאַרפט אָפזאָגן זיך פון זייער אויטאָנאָמיע און געדאַרפט אונטערגעוואָרפן ווערן די שטאָט־מאַגיסטראַטן. נאָך מער, מען האָט געפאָדערט פון יידן פולשטענדיקע שפראַכלעכע און קולטורעלע אַסימילאַציע. פאַר דעם דאָזיקן פרייז האָט מען זיי אפילו נישט געזיכערט די מיטבאַטייליקונג אין דער זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון די שטעט, שוין נישט רעדנדיק וועגן געוויסע פאָליטישע רעכט אין דער מלוכה, ווי באַטייליקונג אין סיים און צוטריט צו אַמטן, וועלכע מען האָט פאַר די קריסטלעכע שטאָטס־לייט יאָ פראָיעקטירט. דער באַגרענעצטער ליבעראַליזם פון דער פוילישער פראָגרעסיווער שלאַכטע האָט זיך געהאַלטן פאַר גענוג גרויסמוטיק, אויב ער האָט פאַר יידן פאָראויסגעזען די געזעצלעכע מעגלעכקייט צו פאַרנעמען זיך מיט שטאָטישע פרנסות...

פאַר אַ טייל פון פריצישע רעפאָרמער איז אפילו אַזאַ פראָגראַם געווען צו ליבעראַל. זיי האָבן פאָרגעלייגט צו פאַרבאָטן יידן פאַרנעמען זיך מיט מעקלעריי, פעדלעריי און גאַסן־האַנדל. אויך די רעכט פון די יידישע סוחרים צו וואוינען אין די שטעט האָבן זיי פאָרגעלייגט צו באַגרענעצן בלויז פאַר פאַרמעגלעכע, וואָס באַווייזן אַ מינימום קאַפיטאַל אָדער פאַרמאָגן אין דער שטאָט אייגענע הייזער.

די ראשי־המדברים פון פוילישן בירגערטום האָבן אַוודאי נישט געוואָלט מסכים זיין אויף די פראָיעקטן וועגן יידן־רעפאָרמען וואָס עס האָט אַרויסגערוקט די ליבעראַלע שלאַכטע. די אָפגעשטאַנענע רעאַקציאָנערע פוילישע מיעשטשאַנעס וואָס זיינען

גרייט געווען צו פאַרקויפן די פויערים אויף אייביקער שקלאַפעריי ביי פריצים, אַבי פאַר זיך אויסצובעטלען הנחות און כיבודים, האָבן אוודאי נישט געדאגהט וועגן גורל פון זייערע יידישע קאָנקורענטן. זייער איינציקער לאָזונג בנוגע יידן איז געווען פטור צו ווערן פון דער יידישער קאָנקורענץ. די באַפולמעכטיקטע פון די מיעשטשאַנעס פון דער וואַרשעווער וואָיעוואָדשאַפט האָבן געפאָדערט צו פאַרטרייבן די יידן פון אַלע שטעט אויף זייער טעריטאָריע. די פויזנער קאָרפּאָראַציע פון סוחרים האָט זיך געהאַלטן אין איין באַקלאָגן פאַר דער מאַכט, אַז די יידן שטעלן בדלות קריסטלעכע סוחרים און בעלי־מלאכות. דער פּרעזידענט פון דער שטאָט וואַרשע, יאַן דעקערט, האָט מנדב געווען אין נאָמען פון וואַרשעווער מאַגיסטראַט 50 טויזנט גילדן פאַר דער מלוכה, כדי מען זאָל אין דעם זכות פאַרטרייבן יידן פון וואַרשע... די וואָרט־זאָגער פון בירגערטום האָבן דערפאַר פון גאַנצן פּראָגראַם פון רעפאָרמען פון יידן, וואָס עס האָט אויסגעאַרבעט די ליבעראַלע שלאַכטע, אָנגעכאַפּט זיך בלויז אין איין פּונקט : אַגראַריזאַציע פון יידן. דער אַנטיסעמיט סטאַשיץ, וואָס האָט די יידן אָנגערופן „די זומערדיקע און ווינטערדיקע היישעריקן פון לאַנד, וואָס פאַרפעסטן די לופט מיט זייער פאַרפוילטקייט", האָט געפועלט ביי זיך אפילו צו פאָדערן שוץ פאַר יידישע פויערים קעגן אונטערדריקונג מצד פריצים, אַבי יידן זאָלן זיך נאָר אַרויסטראָגן פון די שטעט און אויפהערן צו פירן אַ קאָנקורענץ. די מיעשטשאַנעס, מחברים פון פּאָליטישע פּאַמפלעטן זיינען אַלע געווען איינשטימיק צווישן זיך, אַז מען דאַרף יידן וואָס גיכער באַזעצן אויף ערד. אַ טייל פון זיי האָבן אפילו מסכים געווען יידן זאָלן גרינדן אייגענע שטעטלעך, וואו זיי זאָלן זיך באַשעפטיקן מיט האַנדל און מלאכה. די מיעשטשאַנעס האָבן אין זייערע בראָשורן געשיט אויף יידן געמיינע זילזולים און בילבולים פון דעם זעלבן ווערטער־בוך וואָס מיטשינסקיס אין 17טן י"ה. אַחוץ פּראָיעקטן וועגן באַנוצן יידן צו די שווערסטע אַרבעטן, ווי טריקענען זומפּן, בויען וועגן אד"גל האָבן זיך אויך באַוויזן פּראָיעקטן וועגן פאַרטרייבן אַ טייל יידן פון פוילן און וועגן באַזעצן דעם איבעריקן טייל אויף אַ באַזונדערער גרענעץ־טעריטאָריע. אין מערב־אייראָפּע האָט אין דער דאָזיקער תקופה פון רעוואָלוציע דאָס בירגערטום געפאָדערט גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן אין נאָמען פון גלייכקייט פון אַלע בירגער. אין פוילן האָט דאָס בירגערטום אויסגענוצט די ערשטע מעגלעכקייט פון אַרויסטרעטן אויף דער פּאָליטישער אַרענע, כדי צו אַטאַקירן יידן אויף דער גאַנצער ליניע. די שלאַכטע, וואָס איז אין אַלע תקופות אין פעאָדאַלן פוילן געווען דער באַשיצנדיקער כוח פאַר יידן קעגן די מיעשטשאַנעס, איז געבליבן ביי דער דאָזיקער ראָלע אויף אין דער תקופה פון די א. ג. „גרויסע רעפאָרמען". אַנדערש האָט נישט געקאָנט זיין אין אַ לאַנד, וואָס איז געווען אַזוי הינטערשטעליק אין דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג, אַז אָנשטאָט אַ רעוואָלוציע האָט עס געוואָלט אָפּקומען מיט אויבערפלעכלעכע און פאַרשפּעטיקטע „רעפאָרמען"...

די יידישע פּראָיעקטן וועגן רעפאָרם שטאַמען כמעט אויסשליסלעך פון משכילים, די ערשטע פּיאָנערן פון דער דאָזיקער באַוועגונג אין פוילן. אין גייסט פון וועלט־באַנעם פון דער השכלה און פון דער אייראָפּעאישער אויפקלערונג באַטראַכטן זיי די יידישע פראַגע בעיקר ווי אַן ענין פון דערציאונג, בילדונג און פּראָדוקטיוויזאַציע. קיין ברייטערע סאָציאַל־פּאָליטישע השגות ווייזן זיי נישט אַרויס, ממילא ווערט די פראַגע פון יידישער רעכטלאָזיקייט אָדער אינגאַנצן פאַרשוויגן, אָדער זי ווערט באַרירט בלויז דרך אגב. זיי זיינען פאַרכליניעט פון דער לייטזעליקייט פון די ליבעראַלע פוילישע רעפאָרמאַטאָרן און שטיצן כמעט אָן באַוואָרעניש זייערע פּראָיעקטן.

אין יאָר 1786, אַ יאָר נאָכדעם, ווי עס איז דערשינען די צווייטע אויפלאַגע פון בעזאימיענניס בראָשורע וועגן יידן, האָט אַ וואַרשעווער דאָקטאָר אליהו (עליאַס) אַקאָרד זי אַרויסגעגעבן אויף דייטש מיט אייגענע הערות. אין יאָר 1789 האָט דער באַרימטער משכיל מענדל לעפין סאַטאַנאָווער, וואָס האָט גענאָסן פון דער שטיצע פון אויפגעקלערטן פירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי, אַרויסגעגעבן אַנאָנים אַ פראַנצויזישע בראָשורע : „עסיי פון אַ פּלאַן פון רעפאָרם מיטן צוועק אויפצוקלערן די יידישע נאַציע אין פוילן און זי צו פאַרבעסערן דורך אירע מידות". דאָס קעפּל אַליין באַווייזט שוין, אַז דער מחבר האָט געזען די יידישע פראַגע בעצם ווי אַן ענין פון פאַרשפּרייטן בילדונג און גוטע מידות. ער לייגט פאָר צו גרינדן יידישע שולן מיט פוילישער לימודים־שפּראַך אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט. די אַבסאָלווענטן פון די דאָזיקע שולן דאַרפן ווערן די פאַרשפּרייטער פון בילדונג און אויפקלערונג צווישן די ברייטע יידישע מאַסן. די מלוכה דאַרף באַקעמפן חסידות, וואָס פאַרשפּרייט פאַנאַטיזם און אָבערגלויבן און איז די גרעסטע מניעה פאַר דעם פּראָגרעס פון בילדונג ביי יידן. כדי אַריבערצופירן יידן בהדרגה צו פּראָדוקטיווע פרנסות לייגט ער פאָר : צו גרינדן פאַך־שולן, ווי יידישע יוגנט זאָל לערנען מלאכה און ערד־אַרבעט ; די רבנים זאָלן צוגעוואוינען יידן צו אַרבעטן אין פעלד דורך צווינגען זיי קודם־כל צו האָדעווען תבואה אויף מצות. די בעטלער און ליידיקגייער דאַרפן געצוואונגען ווערן צו אַרבעט אין אַרבעטס־הייזער וואָס די קהילות דאַרפן עפענען. דאָס יידישע פאָלק דאַרף דערצויגן ווערן אין גייסט פון געהאָרכזאַמקייט צו מלוכה־גע־

זעצן, אָבער די מלוכה דאַרף אויך פון איר זייט אָפּשאַפן אַלע ספּעציעלע יידישן שטייערן.

אין זעלבן יאָר האָט דער קעניגסבערגער דאָקטאָר משה מאַרקוזי, וואָס האָט אין יאָר 1773 זיך באַזעצט אין פוילן, אַרויסגעגעבן אויף יידש זיין „ספר רפואות”. פונקט ווי מענדל סאַטאַנאָווער האָט געהאַט זיין פּראָטעקטאָר אין פירשט טשאַרטאָריסקי, אַזוי האָט ד״ר מאַרקוזי געפונען אַן אויפגעקלערטן מאַגנאַט דעם קיניגלעכן שאַמבעלאַן מיכאל באָבראָווסקי, וואָס האָט געדעקט די הוצאות פון אַרויסגעבן דאָס ביכל. בעת מענדל סאַטאַנאָווער האָט רעדוצירט דאָס יידישע פּראָבלעם בעיקר צו בילדונג, האָט ד״ר מאַרקוזי געלייגט דעם טראָפּ אויף פּראָדוקטיוויזאַציע פון יידן. זיין פּלאַן פון פּראָדוקטיוויזאַציע איז אַ רעאַליסטישער, צוגעפּאַסט צו די פאַראַנענע מעגלעכקייטן. ער לייגט פאָר אַן איבערגאַנג צו פּראָדוקטיווע פרנסות אויפן וועג פון עוואָלוציע, דורך נעבן־פרנסות. ער עצהט אַלטע ווייבער אַז אָנשטאָט אָפּצושפּרעכן עין הרעס „לאָזין זיי ליבר פלאַקס קראַצין, שפּינען, פעדרן ־ פליקן”. בעל דרשערס הייסט ער אָנשטאָט „קאַליע מאַכין תורה און זאָגין קרומה פּשטים” גיין אין די וועלדער „און לאָזין מאַכין קוציבעס, לאָפּאַטיס אונד לאָזין מאַכין בעזימלאַך...” יידישע קרעטשמער קלערט ער אויף אַז זיי קענען לייכט האָבן אי אייגענע גרינס אי פרישע לופט, אויב זיי וועלן פאַרוואַנדלען די פאַרמיסטיקטע פלעצער אַרום דער קרעטשמע אין פעלדער און גערטנער.

מיט דער פראַגע וועגן פּראָדוקטיוויזאַציע פון יידן פאַרנעמט זיך אויך אברהם הירשאָוויטש, דער קיניגלעכער מעקלער אין זיין פּראָיעקט וועלכן ער האָט איבערגעגעבן דעם קיניג. ער בעט מען זאָל יידן דערלויבן צו פאַרנעמען זיך מיט אַלע מלאכות. פונקט ווי ד״ר מאַרקוזי האַלט ער, אַז מען דאַרף פאַרשפּרייטן ביי יידן אין די קליינע שטעטלעך לאַנדווירטשאַפטלעכע פרנסות, ווי גערטנעריי, סעדעריי און בין־צוכט, ער לייגט אָבער אויך פאָר אַז די רעגירונג זאָל געבן יידן לאַנד אין פּאָדאָליע און אוקראַינע, אויף אַדורכצופירן אַ קאָנצענטרירטע קאָלאָניזאַציע. יידישע קבצנים דאַרפן באַשעפטיקט ווערן ביים בויען וועגן, גראָבן קאַנאַלן און טריקענען זומפּן אָבער זיי דאַרפן דערפאַר באַקומען אַ געהעריקן אַרבעטס־לוין.

אונטער דעם איינדרוק פון בעזאימיענניס און בוטרימאָוויטשס בראָשורן האָט אויך דער ווילנער יידישער פאָלקס־טריבון שמעון בן וואָלף (שימעל וואָלפאָוויטש) פון דער תפיסה אַרויס סוף 1789 פאַרעפנטלעכט אַ פּראָיעקט וועגן יידן־רעפאָרם. די בראָשור טראָגט אַ כאַראַקטעריסטיש קעפּל: „דער געפאַנגענער אין ניעשוויעזש צו די שטאַנדן אין סיים וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ יידן־רעפאָרם”.

דער טאָן פון שמעון וואָלפאָוויטשס הקדמה איז כאַראַקטעריסטיש סיי פאַר דעם פוילישן פּאַטריאָטיזם פון די יידישע רעפאָרמער, סיי פאַר זייער אמונה אין דער לייטזעליקייט און גוטע כוונות פון פוילישן סיים און רעגירונג:

„די צייט פון מיין לאַנגער געפאַנגענשאַפט (אין דער תפיסה. ר. מ.) קען נישט אויסוואָרצלען מיין אייפער פאַרן לאַנד, וואו איך בין געבוירן געוואָרן און וואו איך האָב זיך דערצויגן, צוליב וועלכן (אייפער) איך האָב פאַרטראַכט פאָרצולייגן די ליכטיקסטע שטאַנדן (דעם סיים) מיינע באַמערקונגען וועגן דעם סדר ביי יידן, וויסנדיק, אַז די רעפּובליק, וואָס דעבאַטירט וועגן גליק פון אייגענעם פאָלק און נעמט אַרום אַלע טיילן פון דער רעגירונג, קען נישט אויסמיידן אויף דעם דאָזיקן סיים אָדער פאַרגעסן דאָס יידישע פאָלק. די קלוגשאַפט פון די ליכטיקע שטאַנדן וועט אויך אונזער יידיש פאָלק נישט וועלן איבערלאָזן אין דער אַלטער אומאָרדענונג, אַדרבה, זי וועט באַוויליקן צו פאַרשרייבן אין איר געזעץ־בוך, צי דאַרפן מיר זיין גליקלעך און נוצלעך פאַרן לאַנד, צי נישט!”.

דער הויפּט־ענין מיט וועלכן עס פאַרנעמט זיך שמעון וואָלפאָוויטש אין זיין שריפט איז די פראַגע וועגן אָפּשאַפן די אויטאָנאָמיע פון דער יידישער קהילה. די קהילה איז אַן אונטערדריקונגס־אַפּאַראַט און אַן איבעריקע אינסטיטוציע: די סאָציאַלע הילף ווערט סיי ווי סיי באַזאָרגט דורך חברות מחוץ דער קהילה און אין די רעליגיעזע פונקציעס קען מען זיך אויך באַגיין אָן דער קהילה. די קהילה האָט אָפּגעטיילט יידן פון די איבעריקע באַוואוינער פון לאַנד. דאַרף מען די קהילה אָפּשאַפן און יידן דאַרפן פאַררעכנט ווערן אין איינעם פון די „קלאַסן” פון דער באַפעלקערונג פון לאַנד. וואָלפאָוויטש לייגט פאָר ממילא אָפּצושאַפן דעם יידישן קאָפּשטייער, אָבער ער באַוואָרנט אויך דעם פאַל, אויב דער סיים זאָל נישט מסכים זיין מוותר צו זיין אויף אַ ספּעציעלער מלוכה־הכנסה פון יידן. פאַר דער דאָזיקער עווענטואַליטעט לייגט ער פאָר אַ קאָראָבקע פון שחיטה און פון פעל. דאָס האַלט ער וועט אַלץ זיין בעסער ווי קאָפּ־שטייער, ווייל דער קאָפּ־שטייער איז אַן אויסרייד צו באַרעכטיקן די עקזיסטענץ פון דער קהילה. צוזאַמען מיט דער קהילה דאַרף אויך בטל ווערן דאָס יידישע בית־דין און די אינסטיטוציע פון דיינים פון יידישע צעכן. עס דאַרף בלויז בלייבן אַ בית־דין פאַר רעליגיעזע ענינים, וואָס זאָל באַשטיין פון רב און צוויי בוררים, אויסגעוויילט דורך די צדדים. אַלע אַקטן פון חתונות, און אַנדערע אָפּמאַכן דאַרפן געשריבן ווערן אויף פויליש און אַריינגעטראָגן ווערן אין די מלוכהשע געריכטס־ביכער.. די רעליגיעזע הוצאות פון יידן דאַרפן נישט גע־

דעקט ווערן דורך קיין שום קהילה־שטייערן נאָר דורך פרייוויליקע נדבות. פאַר דעם דאָזיקן צוועק איז גענוג, אַז אין דער שול זאָל הענגען אַ פושקע און אַז דער רב זאָל מאַכן אַן אַפּעל, ווען עס וועט נויטיק זיין אַ גרעסערע הוצאה.

אַן אַנדערער ווילנער ייד, ד״ר שלמה פּאָלאָנוס, קיניגלעכער הויפּט־דאָקטאָר, האָט אין יאָר 1792 אָנגעשריבן אַ פּראָיעקט וועגן יידן־רעפאָרם, וואָס נעמט אַריין טיילווייז די פאָרשלאָגן פון שמעון וואָלפאָוויטש אָבער אין אַ געמעסיקטערער פאָרם. זיין פּראָיעקט האָט ער צוגעגעבן ווי אַ הוספה צו דער רעדע פון ליבעראַלן פראַנצויזישן יידן־פריינט, גלח גרעגואַר, וועלכע ער האָט איבערגעזעצט אויף פּויליש. לויט פּאָלאָנוס דאַרף די קהילה זיך פאַרנעמען בלויז מיט רעליגיעזע ענינים. אין אַלע נישט־רעליגיעזע ענינים דאַרפן יידן געמשפּט ווערן דורך די מלוכהשע־געריכטן, אָבער מיטן אָנטייל פון צוויי יידישע ביי־זיצערס. יידן דאַרפן אָפיציעל אָנגערופן ווערן „העברעער״, אָדער „אַלטגלויביקע״. יידן דאַרף געגעבן ווערן פולע פרייהייט צו באַשעפטיקן זיך מיט האַנדל, האַנטווערק און אינדוסטריע, און צו וואוינען אומעטום. יידישע בעלי־מלאכות דאַרפן געהערן צו די אַלגעמיינע צעכן. יידן וואָס באַשעפטיקן זיך נישט אַלס סוחרים, בעלי־מלאכות אָדער משרתים, דאַרפן אַריבערגעפירט ווערן צו ערד־אַרבעט. צו דעם צוועק דאַרף פאַר אַ יידן אין יעדער סטאַראָסטווע באַשטימט ווערן אַ קאָלאָניזאַציע־געביט. די יידישע קאָלאָניסטן דאַרפן באַזאָרגט ווערן מיט הלוואות און זיי דאַרפן האָבן דאָס רעכט צו האַלטן קריסטלעכע הילפס־אַרבעטער. מען דאַרף זיי אויך דערלויבן צו באַשעפטיקן זיך אַחוץ ערד־אַרבעט מיט האַנדל און מלאכה. יידישע פרויען דאַרפן לערנען האַנט־אַרבעט, און דאָס דאַרף זיין אַ תנאי פאַר אַ דערלויבעניש חתונה צו האָבן. ער שליסט זיך אָן אָן דער מיינונג פון בוטרימאָוויטש, אַז יידן דאַרפן טראָגן די פּוילישע טראַכט. די קאָרעספּאָנדענץ און די ביכער פון די קהילות דאַרפן געפירט ווערן אויף פּויליש. איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון דער קהילה דאַרף זיין די דערציאונג פון קינדער אין דער פּוילישער שפּראַך. די קענטעניש פון דער פּוילישער שפּראַך דאַרף זיין אַ תנאי פאַר אַ חתונה־דערלויבעניש. יידן דאַרפן באַקומען בירגער־רעכט: נאָך 5 יאָר דינען אין דער אַרמיי; די אַלע וואָס וועלן זיך „רעפאָרמירן״ אין משך פון 12 יאָר; געבילדעטע יידן דאַרפן באַקומען בירגער־רעכט תיכף ומיד.

די שטעלונג פון ד״ר פּאָלאָנוס, וואָס האָט געוואָלט אויספועלן בירגערלעכע רעכט קודם־כל פאַר דער גרופּע אויסדערוויילטע „געבילדעטע״ יידן, איז נישט געווען קיין אויסנאַם: אין יאָר 1790 האָבן עטלעכע רייכע יידישע הורט־סוחרים אין וואַרשע, מיט דעם „אויפגעקלערטן״ דוד קעניגסבערגער אָן דער שפּיץ אַריינגעטראָגן אַ מעמאָראַנדום צום סיים, וואו זיי האָבן געבעטן בירגער־רעכט אין וואַרשע פאַר 250 דאָרטיקע יידישע פאַמיליעס פון הורט־סוחרים און באַנקירן. דעם גורל פון די איבעריקע טויזנט יידישע פאַמיליעס אין וואַרשע, איבער וועלכע עס האָט געהאָנגען דאָס שווערד פון גירוש, האָבן זיי, ווייזט אויס, נישט גענומען זיך שטאַרק צום האַרצן...

דאָס עקסטרעמע אַסימילאַציע־פּראָגראַם פון די יידישע מחברים פון פּראָיעקטן וועגן רעפאָרם איז געווען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער שטרעבונג פון דער ניי־אויפגעקומענער, מאָדערנער יידישער בורזשואַזיע אין פוילן אַריינצוגיסן זיך אין דעם פּוילישן בירגער־שטאַנד און צו געניסן פון אַלע רעכט און פּריווילעגיעס פון דעם דאָזיקן קלאַס. גאָר אָפן האָט עס אַרויסגעזאָגט אַן אַנאָנימער שרייבער פון דעם דאָזיקן לאַגער פון יידישע באַנקירן, גרויסע סוחרים, ליוועראַנטן און דאָקטוירים אין אַ מעמאָראַנדום צו די דעפּוטאַטן פון די פּוילישע שטעט, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין דער וואַרשעווער פראַנצויזישער וואָכן־שריפט „זשורנאַל עבדאָמאַדער״ אין יאָר 1790. ער טענהט מיט די פּוילישע מיעשטשאַנעס, אַז יידן זיינען פאַקטיש אַ טייל פון דריטן שטאַנד: „איר פאַרנעמט זיך מיט מלאכה, מיר אויך. איר פאַרנעמט זיך מיט מסחר, — מיר אויך. איר האָט ליב רווחים — מיר אויך״... דער זעלבער מחבר וול אויך איבערצייגן די וואַרשעווער מיעשטשאַנעס, אַז זיי דאַרפן נישט דערווייטערן די יידן פון וואַרשע, ווייל דעמאָלט וועלן די קריסטלעכע געזעלן זיין מיוחסים און זיי וועלן פאַרלאַנגען העכערע שכירות...

די טראַגעדיע פון דער יידישער אינטעליגענץ און פּלוטאָקראַטיע איז געווען, וואָס זייער דערקלערן זיך אין ליבע צו דער פּוילישער בורזשואַזיע איז געבליבן אַ קול קורא במדבר. די פּוילישע מיעשטשאַנעס זיינען געבליבן עקשנותדיק ביי זייער פּראָגראַם, וואָס איז באַשטאַנען אין אויפבויען זיך אויף דעם חורבן פון יידן.

די ברייטע מאַסן פון יידישן פאָלק אין פוילן זיינען נאָך געווען אַזוי ווייט פון בילדונג און פון אייראָפּעאישער קולטור, אַז זייער שטימע האָט זיך נישט געקאָנט לאָזן הערן אין דער פּאָליטישער דעבאַטע וועגן רעפאָרמען. בלויז פון דעם קאָנסערוואַטיוון לאַגער פון יידישן מיטל־קלאַס אין פוילן איז געקומען אַן ענטפער, אַ פאַראיינצלטער, אויף די פּראָיעקטן פון בוטרימאָוויטש און פון זיינע אָנהענגער די יידישע משכילים. דער כעלמער רב הערשל יוזעפאָוויטש האָט פאַרעפנטלעכט אויף פּויליש אַ בראָשורע, וואו ער האָט פּאָלעמיזירט מיט די פּאָר־

שלאָגן וועגן רעפאָרם. ער האָט באמת זיך צו
באַוויזן, אַז די פּראָיעקטירטע רעפאָרמען זיינען
עלול צו צעשטערן דעם יידישן דת. עס דאַרף בכן
אַלץ בלייבן ביים אַלטן: יידן דאַרפן זיין אָפּגע־
זונדערט דורך זייערע מלבושים, די אויטאָנאָמיע
פון קהל און פון בית־דין דאַרף בלייבן אומבאַ־
גרענעצט, די יידישע דערציאונג דאַרף זיין די טראַ־
דיציאָנעלע אאַז"וו.

דער כעלמער רב האָט אין זיין קעגנערשאַפט
צו רעפאָרמען אויסגעדריקט דעם שטאַנדפּונקט פון
די אָפּיציעלע פירער פון די יידישע קהילות. דער
קאָנסערוואַטיווער לאַגער האָט ביי יידן געהאַט פונקט
אַזאַ פעסטע העגעמאָניע, ווי דער לאַגער פון דער
אַלטער שלאַכטע אין דער מלוכה. די מנהיגים פון
דעם דאָזיקן לאַגער האָבן טאַקע בעת דעם גרויסן
סיים אָנגעווענדט אַלע מיטלען, כדי די פּראָיעקטירטע
רעפאָרמען פון יידן זאָלן נישט ווערן אָנגענומען
אַלס געזעץ.

### 3. די יידישע פראַגע אויף דעם פיר־יאָריקן סיים

די יידישע פראַגע האָט אויף דעם פיר־יאָריקן
„גרויסן סיים", 1788—1792, געהאַט בערך דעם
זעלבן גורל, וואָס די פויערים־פראַגע. פונקט ווי
אַלע פּראָיעקטירטע רעפאָרמען בנוגע פויערים זיי־
נען געבליבן פּוסטע רייד און דער סיים האָט נישט
אָנגענומען קיין שום געזעץ, וואָס זאָל אין וועלכן־
נישט־איז פּרט פאַרבעסערן זייער לאַגע, אַזוי איז
אויך געשען מיט דער יידישער פראַגע. צווישן
דער יידישער פראַגע און דער פויערים־פראַגע איז
אָבער נאָך געווען אַ טיפע אינערלעכע שייכות. דאָס
הויפּט־פּראָבלעם פון איבערבויען דאָס יידישע עקאָ־
נאָמישע לעבן איז באַשטאַנען אין מאַסן־אַגראַריזאַ־
ציע, אין באַזעצן גרויסע טיילן פון דער יידישער
באַפעלקערונג אויף ערד. כל זמן די רעכטלעכע
לאַגע פון די פויערים איז אָבער נישט געענדערט
געוואָרן אפילו אויף אַזוי ווייט, אַז זיי זאָלן באַפרייט
ווערן פון פאַנשטשיזנע, האָט אויך נישט געקאָנט
געמאָלט זיין קיין באַדייטנדיקע יידישע קאָלאָניזאַציע.
קיין לייב־אייגענע פויערים האָבן יידן נישט געוואָלט
ווערן. און מען האָט זיי דערצו נישט געקאָנט צווינ־
גען מיט קיין שום מיטלען. פון דער אַנדערער זייט
אָבער האָט די שלאַכטע אויך נישט געקאָנט ביי
זיך פועלן צו שטעלן יידישע קאָלאָניזירטע לאַנד־
ווירטן אין אַ בעסערער רעכטלעכער לאַגע, איידער
די פויערים.

בעת אָבער די פויערים־רעפאָרם איז באַגראָבן
געוואָרן דורך דער שלאַכטע צוליב איר פעאָדאַלן
קלאַסן־עגאָאיזם, האָט אין דער יידישער פראַגע די
שלאַכטע זיך אויך גערעכנט מיט די עגאָאיסטישע
אינטערעסן פון די מיעשטשאַנעס. די שלאַכטע איז
געווען גרייט צו „רעפאָרמירן" יידן בלויז אַזוי
ווייט, אויף וויפיל די דאָזיקע רעפאָרמען זאָלן נישט
אָנרירן די פאָדערונגען פון די מיעשטשאַנעס. יעדע
מינדסטע פאַרבעסערונג פון דער רעכטלעכער לאַגע
פון די יידן אין די שטעט האָט אָבער געמוזט קומען
אין אַ סתירה מיט דעם פּראָגראַם פון די מיעשטשאַנעס.
די מיעשטשאַנעס האָבן דאָך דווקא געוואָלט אויסנוצן
די רעפאָרמען, כדי אַרויסצושטויסן זייערע יידישע
קאָנקורענטן פון האַנדל און האַנטווערק. אין רעזול־
טאַט פון די הנחות, וועלכע דער סיים האָט געמאַכט
פאַר די מיעשטשאַנעס, איז די רעכטלעכע לאַגע פון
די יידן נאָך מער פאַרערגערט געוואָרן.

די יידישע פראַגע איז אַרויפגעקומען אויף דעם
סדר־היום פון סיים ערשט אין יאָר 1790. דער די־
רעקטער שטויס דערצו איז געווען דער פּאָגראָם אויף
די יידן אין וואַרשע, וואָס איז פאָרגעקומען דעם
16טן מאַי 1790. נאָך דעם דאָזיקן פּאָגראָם האָט
דעם סיים געמוזט נעמען אַ שטעלונג צו דער
פראַגע וועגן דער רעכטלעכער לאַגע פון יידן, בפרט,
אַז ער איז כסדר פאַרשיט געוואָרן מיט מעמאָראַנ־
דומס און פּראָיעקטן פון די שטעט וועגן פאַרטרייבן
יידן אָדער וועגן אַרויסשטויסן זיי פון האַנדל און
האַנטווערק. דעם 22טן יוני 1790 האָט דער סיים
אויסגעקליבן אַ ספּעציעלע דעפּוטאַציע, ד"ה אַ קאָ־
מיסיע, צו באַטראַכטן פּראָיעקטן וועגן רעפאָרמירן
יידן. די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון 3 סענאַטאָרן
און 6 דעפּוטאַטן. פון די אָנהענגער פון דער רע־
פאָרם זיינען אַריינגעגאַנגען אין דער קאָמיסיע דער
סענאַטאָר יעזשערסקי און דער דעפּוטאַט בוטרימאָ־
וויטש. צוליב די דערמאָנטע סתירות אין דער
שטעלונג פון דער שלאַכטע צו דער יידישער פראַגע
און צוליב די חילוקי־דעות צווישן די מיטגלידער
פון דער קאָמיסיע, האָט זיך דער ענין נישט גערירט
פון אָרט ביז סוף 1791.

דערווייל איז אין אַפּריל 1791 אָנגענומען גע־
וואָרן דורך דעם סיים אַ געזעץ וועגן קיניגלעכע
שטעט, וואָס איז אַריינגענומען געוואָרן אַלס אַן אינ־
טעגראַלער טייל אין דער קאָנסטיטוציע פון 3טן
מאַי פון זעלבן יאָר. די קאָנסטיטוציע פון 3טן מאַי
האָט נישט בלויז נישט דערמאָנט אפילו קיין איין
וואָרט וועגן די רעכט פון יידן (לגבי די פויערים
האָט מען יוצא געווען מיט אַן אַלגעמיינער פראַזע
וועגן שוץ פון געזעץ); נאָר דאָס געזעץ וועגן די
שטעט איז בפירוש אַזוי פאָרמולירט געוואָרן, אַז
יידן זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן סיי פון אַ טייל
רעכט, וועלכע זיי האָבן ביז דעמאָלט יאָ געהאַט
פאַרמאָגט, סיי פון דער מעגלעכקייט צו באַקומען
שטאָטיש בירגער־רעכט אויף להבא. לויט איין פּאַ־
ראַגראַף (אַרטיקל I, 8) איז באַשטימט געוואָרן, אַז

אַלע שטאָט־באַוואוינער דאַרפן אויף צו פירן האַנדל לאחדים (אויף פונטן, איילן אאַז״וו) האָבן בירגער־רעכט אין דער שטאָט. אין אַן אַנדער פאַראַגראַף (אַרטיקל I 10) איז באַשטימט געוואָרן, אַז די שטעט טאָרן נישט אָפזאָגן קיין בירגער־רעכט קיין שום פרעמדע אָדער היגע פרייע מענטשן, קריסטן.

די רעזולטאַטן פון דעם דאָזיקן געזעץ האָבן די יידן באַלד באַקומען צו שפירן. נישט בלויז אין וואַרשע האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות און גירושים אויף אָרימע יידישע הענדלער, מעקלער און בעלי־מלאכות. מיט נייע גזירות קעגן יידישן האַנדל און האַנטווערק זיינען אַרויסגעקומען די מאַגיסטראַטן אין אַ רייע שטעט פון פוילן ליטע און אוקראַינע, ווי קראָקע, בריסק, גראָדנע, נאָוואָגראַדעק, שאַוולע, זשיטאָמיר און וויניצע.

סוף מאַי 1791 האָט דער דעפוטאַט בוטרימאָוויטש אויף דער פלענאַרער זיצונג פון סיים פאַרלאַנגט מען זאָל באַטראַכטן דעם פראָיעקט וועגן יידן־רעפאָרם, וואָס די קאָמיסיע האָט אויסגעאַרבעט. קעגן דעם איז אַרויסגעטראָטן דער בראַצלאַווער דעפוטאַט כאָלאָניעווסקי, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף דעם פראָיעקט ענדערן, ווייל ער באַשטימט פאַר יידן צופיל רעכט אויפן געביט פון האַנדל... דער סיים האָט ווייטער אָפגעשלעפט דעם ענין ביז סוף 1791.

אין דער אַנדערער העלפט פון 1791 האָבן זיך אויך יידן אָרגאַניזירט אַדורכצופירן אַן אַקציע וועגן דעם רעפאָרם־פראָיעקט. די אָנפירער פון די קהילות האָבן באַשלאָסן צו אונטערנעמען אַלע טריט כדי אָפצואווענדן נישט נאָר די גזירות וועגן צוואַנג־אַסימילאַציע אין מלבושים און שפראַך, נאָר אויך דעם געזעץ־פראָיעקט וועגן פאַרשמעלערן די קאָמפעטענצן פון די קהילות, וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר פונקט אַזאַ שווערע גזירה. אויף דעם יריד אין זעלווע אין אויגוסט 1791 האָבן די דעלעגאַטן פון די ליטווישע קהילות באַשלאָסן צו באַשטייערן אַלע יידן אויף דעם צוועק „עס זאָלן חס ושלום נישט זיין קיין נייע רעפאָרמען״. יעדער ייד, אַחוץ בעטלערס, האָט געדאַרפט געבן איין גילדן, אַחוץ דעם האָט מען אַרויפגעלייגט אַ פאַרמעגן־שטייער פון דריי פראָצענט. אַ חודש שפעטער האָט דער לובלינער לאַנד־רב הערש־בן־שאול געווענדט זיך צום קיניג אין נאָמען פון די רבנים פון פוילן מיט אַזאַ פאָרשלאָג: יידן זיינען זיך מתחייב צוצושטעלן דעם קיניג יעדעס יאָר עטלעכע הונדערט טויזנט גילדן צו זיין אייגענער דיספאָזיציע, בתנאי, אַז די נייע רעפאָרם זאָל נישט סותר זיין דעם יידישן דין. סוף־כל־סוף זיינען אין האַרבסט 1791 זיך צוזאַמענגעקומען אין וואַרשע דעלעגאַטן פון יידישע קהילות פון פוילן און ליטע. דורך די הויף־מעקלער און באַנקירן פון קיניג האָבן זיי געפונען אַ צוטריט צום קיניגלעכן סעקרעטאַר, דעם גלח סציפיאָנע פיאַטאָלי. אין נאָמען פון די דעלעגאַטן פון די קהילות האָט איבערגעגעבן פיאַטאָלין אַ מעמאָראַנדום דער געוועזענער שתדלן פון וואַרשעווער יידן, דער טרויעריק־באַרימטער פסח חיימאָוויטש. די דעלעגאַטן האָבן זיך באַמיט משפיע צו זיין פיאַטאָלין סיי לטובת דעם, אַז עס זאָלן נישט אָנגערירט ווערן די יידישע מנהגים, סיי עס זאָלן יידן געזיכערט ווערן זייערע רעכט לגבי די מיעשטשאַנעס: אייגענע געריכטן, דאָס רעכט צו קויפן הייזער און דאָס רעכט פון שטאָטישע בירגער.

דער קיניג, וואָס איז געווען פאַרזונקען אין גרויסע חובות, איז בעיקר געווען פאַראינטערעסירט אין אַרויסבאַקומען פון יידן וואָס מער געלט. אויף אַן אוידיענץ, וואָס איז פאָרגעקומען סוף 1791, האָט דער קיניג געצוואונגען די יידישע דעלעגאַטן אונטערצושרייבן אַ התחייבות אויף צוויי מיליאָן גילדן, וואָס דערפון האָט אַ טייל באַדאַרפט פאַרווענדט ווערן פאַר דער מלוכה און אַ טייל אויף צו דעקן די קיניגלעכע חובות. אַחוץ דעם האָבן די יידישע דעלעגאַטן אין מזומנים באַלד אַוועקגעלייגט פאַרן קיניג 15 טויזנט רויטע גילדן (בערך 170 טויזנט פוילישע גילדן). די וואַרשעווער יידן, וואָס זיינען געווען באַדראָט דורך אַ נייעם גירוש, האָבן עטלעכע חדשים שפעטער פון זיך אַליין געגעבן דעם קיניג 40 טויזנט גילדן און צוגעזאָגט נאָך א סך מער.

אַלס פועל יוצא פון די דאָזיקע געלט־מתנות און התחייבותן האָט פיאַטאָלי אַריינגעטראָגן געוויסע שינויים אין זיין פראָיעקט וועגן יידן־רעפאָרם, וואָס איז שפעטער אין נאָמען פון קיניג פאָרגעלייגט געוואָרן דעם סיים. די וויכטיקסטע באַשטימונגען פון פראָיעקט זיינען געווען:

יידן דאַרפן אויסטאָן באַזונדערע מלבושים. דאַרפן באַזוכן פוילישע שולן וואָס די קהילות זיינען מחויב צו עפענען; אָן אַ צייגעניש פון אַזאַ שולע וועט מען נישט טאָרן חתונה האָבן. יידן מעגן וואוינען אין די דערפער און פריצישע שטעט אויב זיי האָבן דערויף אַ דערלויבעניש פון די פריצים. אין די קיניגלעכע שטעט מעגן יידן וואוינען בלויז מיטן הסכם פון די שטאָט־מאַגיסטראַטן. אין די קיניגלעכע שטעט, וואו זיי וועלן האָבן אַזאַ הסכם, באַקומען זיי דאָס שטאָטישע בירגער־רעכט, אָבער זיי טאָרן נישט באַקליידן קיין שטאָטישע אַמטן. שענקעריי איז יידן דערלויבט נאָר אין יענע וואָיעוואָדשאַפטן וואָס וועלן דערויף מסכים זיין. יידן אונטערליגן אין ציווילע און שטראָף־ענינים די שטאָטישע געריכטן, אָבער בעת עס קומט פאָר זייער משפט דאַרף אין געריכט זיין אָנוועזנד אַ יידישער בייזיצער. פון מיליטער־דינסט האָבן זיי אַ רעכט

זיך אויסצוקויפן מיט געלט. דער יידישער קאָפּשטייער ווערט אָפּגעשאַפט, דערפאַר דאַרפן יידן צאָלן כשר־פלייש־שטייער און סטעמפל־שטייער. די הכנסה פון די דאָזיקע יידישע שטייערן ווערט באַשטימט אין דער הויך פון 5 מיליאָן גילדן אַ יאָר. פון דער דאָזיקער סומע דאַרפן אָנדערטהאַלבן מיליאָן גילדן פאַרווענדט ווערן אויף צו דעקן די קיניגלעכע חובות.

מיט אַזעלכע „רעכט" האָט עס דער קיניג געוואָלט באַגליקן יידן נאָך אַלע השתדלותן און געלט־מתנות: זייער רעכט צו וואוינען אין שטאָט און דאָרף האָט געזאָלט זיין אָפּהענגיק פון חסד פון פריצים און אַנטיסעמיטישע שטאָט־מאַגיסטראַטן. זייער רעכט צו פאַרנעמען זיך מיט שענקעריי איז געשטעלט געוואָרן אונטער אַ פראַגע־צייכן, בעת מיט קיין שום אַנדערע פרנסות האָט מען זיי נישט פאַרזאָרגט. זיי האָבן באַדאַרפט זיין אונטערגעוואָרפן דער אַדמיניסטראַציע און יוריסדיקציע פון די שטאָט־מאַגיסטראַטן אָן אַ רעכט צו באַטייליקן זיך אין די דאָזיקע זעלבסט־פאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען. און פאַר די אַלע חסדים האָבן זיי באַדאַרפט צאָלן ספּעציעלע יידישע שטייערן, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן פיר מאָל העכער איידער דער אַלטער יידישער קאָפּשטייער.

אָבער אפילו דער דאָזיקער פּראָיעקט איז געווען צו ליבעראַל פאַר דער סיים־קאָמיסיע וועגן יידישע ענינים. אין אָנהויב 1792 איז די דאָזיקע קאָמיסיע רעאָרגאַניזירט געוואָרן אונטער די אָנפירונג פון גלח קאָלאָנטיי און עס זיינען אין איר אַריינגעגאַנגען אויך עטלעכע באַפולמעכטיקטע פון שטעט. צום מערסטן קעגנערשאַפט האָט, פאַרשטייט זיך, אַרויסגערופן דער אַרטיקל פון פּראָיעקט וועגן עקאָנאָמישע רעכט פון יידן אין די שטעט. די באַפולמעכטיקטע פון די מיעשטשאַנעס האָבן מיט אַ באַזונדער עקשנות געפאָדערט מען זאָל יידן פאַרבאָטן שענקעריי, כדי זיי זאָלן נישט האָבן קיין קאָנקורענטן אין דער דאָזיקער פרנסה. דער איינציקער ענין, וואָס דער סיים האָט באַוויזן אויפצוטאָן אין דער יידישער פראַגע איז געווען דער באַשלוס וועגן איינפירן ספּעציעלע געריכטן אויף צו ליקווידירן די הוצאות פון די קהילות. אין עטלעכע חדשים אַרום איז אויסגעבראָכן די מלחמה מיט רוסלאַנד און עס איז געקומען די צווייטע צעטיילונג פון פוילן.

די דעבאַטן פון „גרויסן סיים" וועגן דער יידישער פראַגע האָבן נישט געהאַט קיין שום רעזולטאַט אפילו אין דער פאָרם פון איין איינציקן געזעץ. די אַבסאָלוטע אומפעאיקייט צו לייזן די יידישע פראַגע איז אָבער געווען נאָך אַ בולטערביישפּיל פון דעם סאָציאַלן און פּאָליטישן באַנקראָט פון דער פעאָדאַלער שלאַכטע־רעפּובליק.

## 5. יידן אין אויפשטאַנד פון קאָשטשושקאָ

די אָנפירונג פון אויפשטאַנד, וואָס האָט באַלד לכתחילה אַפּעלירט צום פּאַטריאָטיזם פון אַלע באַוואוינער פון לאַנד, האָט נישט אויסגעמידן אַריינצונעמען אויך יידן אין דעם דאָזיקן אַפּעל. בעת דער פּראָקלאַמירונג פון אויפשטאַנד אויפן קראָקעווער מאַרק דעם 24טן מערץ 1794, האָט קאָשטשושקאָ אויסגערופן אין זיין רעדע: „חשובע הערן! ביי דער פאַרטיידיקונג פון פאָטערלאַנד זיינען אַלע ביי מיר גלייך, און דעריבער שאַץ איך גלייך אַ ייד, אַ פּויער, אַ שלאַכטשיץ, אַ גלח, אַ שטאָטסמאַן". עס ווערט אויך איבערגעגעבן, אַז קאָשטשושקאָ האָט געהאַלטן אַ רעדע אין דער קראָקעווער שול, וואו ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז „שטרעבנדיק צו באַגליקן די איינוואוינער פון זיין פאָטערלאַנד, פאַררעכנט ער צו זיי אויך די יידן".

די פאַקטישע באַציאונג פון דער אויפשטענדישער מאַכט צו יידן איז געווען ענלעך צו דער שטעלונג צו פּויערים: מען האָט דערקלערט אַלע פאַר גלייכע „ביי דער פאַרטיידיקונג", מען האָט זיי אָבער קיין גלייכקייט נישט געגעבן.

די אָנפירונג פון אויפשטאַנד האָט אויף יידן אַרויפגעלייגט גרויסע פליכטן פונקט ווי אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג, מיטן אויסנאַם פון פּערזענלעכן מיליטערישן דינסט: ביז אָקטאָבער 1794 האָבן יידן אין דעם רוב געגנטן פון פוילן געמעגט צאָלן רעקרוטן־געלט אָנשטאָט פּערזענלעכן דינסט. אין אָקטאָבער איז געקומען אַן אויפקלערונג פון העכסטן נאַציאָנאַל־ראַט, אַז יידן זיינען מחויב צוצושטעלן רעקרוטן, פוסגייערס און רייטערס, לויט די זעלבע נאָרמען, וואָס די איבעריקע איינוואוינער. אַזוי ווי דער אויפשטאַנד האָט שוין דעמאָלט געהאַלטן ביים סוף, האָט די דאָזיקע דערקלערונג נישט געקאָנט ווירקן אויף אַריינצוציען אַ גרויסע צאָל יידן אין דער אַרמיי. דערפאַר האָבן אָבער יידן דורך דער גאַנצער צייט פון אויפשטאַנד אָנטיילגענומען אין אַ גרויסער צאָל אין דער שטאָטישער מיליץ און אין אַלגעמיינעם אויפהייב („פּאָספּאָליטע רושעניע"), בפרט אין די גרעסערע שטעט, וואַרשע, ווילנע און גראָדנע. אין וואַרשע אַליין האָבן יידן געדינט אין דער מיליץ אין אַ צאָל פון עטלעכע הונדערט מאַן. יידן האָבן געגעבן הילפס־דינסט פאַר מיליטער אַלס בעלי־עגלות, אַרבעטער ביי שוץגריבער און אויפשיטן, פייערלעשער, אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע ווי די איבעריקע שטאָטישע באַפעלקערונג. יידישע בעלי־מלאכות — שניידער, היטל־מאַכער, געצעלטן־מאַכער, קירזשנער, בעקער, האָבן מיט זייער אַרבעט פאַרן געברויך פון מיליטער אויסגעפירט נוצלעכע פונקציעס פאַרן אויפ־

שטאַנד. יידן האָבן זיך באַטייליקט סיי אין רעגירונגס־הלוואות, סיי אין קאָלעקטיווע געלט־נדבות דורך די קהילות און אין אינדיווידועלע נדבות אין געלט און אין נאַטור לטובת דעם אויפשטאַנד.

די אויפשטענדישע מאַכט האָט זיך אויף אַזוי ווייט גערעכנט מיט יידן, ווי מיט אַ וויכטיקן פאַקטאָר פאַרן דערפאָלג פון אויפשטאַנד, אַז זי האָט נישט צוגעלאָזט צו קיין פּאָגראָמען און האָט באַפוילן די זעלנער „איינצוהאַלטן רו און באַגיין זיך יושרדיק מיט אַלע בירגער אָן אונטערשייד פון שטאַנד און אמונה". אויב אָבער בנוגע פויערים האָט די אָנפירונג פון אויפשטאַנד געהאַלטן פאַר נויטיק צו מאַכן געוויסע, כאָטש אומבאַדייטנדיקע הנחות, איז די רעכטלעכע לאַגע פון יידן לחלוטין נישט פאַרבעסערט געוואָרן. נישט גענוג וואָס יידן האָבן געצאָלט דעם אויסטערליש הויכן באַזונדערן יידישן קאָפּ־שטייער, האָבן זיי אין וואַרשע נאָך אַלץ געמוזט צאָלן דעם ספּעציעלן טאָג־צעטל („בילעט"), וואָס האָט באַטראָפן דריי גילדן פון אַ פּערזאָן פאַר 14 טעג וואוין־רעכט אין דער הויפּט־שטאָט. אַלע בקשות פון וואַרשעווער יידן וועגן אָפּשאַפן דעם טאָג־צעטל זיינען געבליבן אַ קול קורא במדבר. עס האָט אפילו נישט געהאָלפן די רירנדיקע בקשה פון דער „פאַרזאַמלונג פון דער וואַרשעווער (יידישער) אָרימקייט": אין דער דאָזיקער פּעטיציע צום פּרעזידענט פון וואַרשע איז אַרויסגערוקט געוואָרן די טענה, אַז דער טאָג־צעטל איז אַן אומגערעכטער שטייער, וואָס ווערט אַרויפגעלייגט אויף רייכע און אָרימע גלייך און אַז עס וואָלט געווען יושרדיקער איינצופירן אַ פאַרמעגן־שטייער פון 10 פּראָצענט אויף די רייכע יידן. אמת, קאָשטשושקאָ אַליין האָט אין דער פראַגע פון „טאָג־צעטל" יאָ באַוויזן זיין ליבעראַליזם. אין דעם בריוו צום נאַציאָנאַלן הויפּט־ראָט פון 18טן סעפּטעמבער האָט ער געשריבן וועגן דעם ענין: „ביי דער אַלטער רעגירונג (ד"ה פאַרן אויפשטאַנד) האָבן די יידן צוזאַמען מיט אַנדערע עוולות געמוזט פאַרטראָגן אויך די דאָזיקע (דעם טאָג־צעטל), אָבער היינט, ווען דאָס פאָטערלאַנד איז צו אַלעמען ווי אַ מאַמע, ווען דאָס פאָטערלאַנד דאַרף אַלעמען אַרויסווייזן יושר, פּאַסט זיך נישט און עס איז אויך נישט קיין יושר, אַז דער דאָזיקער קלאַס מענטשן (ד"ה יידן) וואָס איז גלייך מיט אַנדערע נוצלעך און וויל גלייך מיט אַנדערע צוטראָגן צו דער פאַרטיידיקונג פון דעם כלל — זאָל נישט געניסן פון דער גנאָד פון דער רעגירונג". קאָשטשושקאָ איז אָבער אין דער דאָזיקער פראַגע אָפּגעקומען מיט רעקאָמענדאַציעס און האָט נישט געוואָלט איינרייסן מיט דער אָנפירונג פון אויפשטאַנד צו באַשטיין אויף זיין מיינונג.

ביי די ברייטע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט דער אויפשטאַנד נישט אַרויסגערופן קיין ענטוזיאַזם. דער טראַדיציאָנעלער טיף־איינגעוואָרצלטער רעליגיעזער לעבנס־שטייגער איז נישט געווען עלול צו שאַפן אַ פּאַטריאָטישע דערנענטערונג צווישן דעם כלל יידן און דער אַרומיקער שטאָטישער באַפעלקערונג. די דורות־לאַנגע פיינטלעכע באַציאונג צו יידן מצד די פּוילישע מיעשטשאַנעס האָט נאָך מער פאַרשווערט אַזאַ קעגנזייטיקע דערנענטערונג. דער עיקר אָבער האָט די אינערלעכע פּאָליטיק פון דער אויפשטענדישער מאַכט נישט געקאָנט אַרויסרופן ביי דער ברייטער יידישער באַפעלקערונג קיין התלהבות פאַרן אויפשטאַנד. יידן האָבן נישט געזען פון דער אויפשטענדישער רעגירונג קיין שום ממשותדיקע מעשים, וואָס זאָלן באַשטעטיקן אירע דערקלערונגען וועגן פאַרברידערונג פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

אויב די ברייטע יידישע מאַסן זיינען צוליב די אַלע טעמים נישט געווען נוטה אַריינצוואַרפן זיך אין קאַמף מיט מסירת־נפש, האָט אָבער דער אויפשטאַנד ביי זיי אַרויסגערופן סימפּאַטיעס. יידן, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געהערט קיין גוט וואָרט וועגן זיך מצד דער פּוילישער רעגירונג, האָבן אָפּגעשאַצט מיט דאַנקבאַרקייט אפילו דעם נייעם פריינטלעכן טאָן, אין וועלכן די אויפשטענדישע מאַכט און בפרט קאָשטשושקאָ האָט צו זיי גערעדט. געוויסע עלעמענטן פון דער יידישער אָרימקייט, בפרט אין די גרעסערע שטעט האָבן זיך אפילו געלאָזט מיטרייסן צום אַקטיוון אָנטייל אינם אויפשטאַנד. דאָס זיינען געווען בעלי־מלאכות, משרתים און פּראָלעטאַרישע און לומפּן־פּראָלעטאַרישע עלעמענטן, וואָס זיינען געווען ווייניקער אַדורכגעדרונגען מיט רעליגיעזן פאַנאַטיזם, איידער דאָס יידישע קליין־בירגערטום. זיי האָבן ווייניק וואָס געהאַט צו פאַרלירן און האָבן געהאָפט דאָך עפּעס צו געווינען דורך דעם אָנטייל אין קאַמף. זיי האָבן ביי דער אויפשטענדישער רעגירונג געזוכט שוץ קעגן די רייכע. אין דערמאָנטן מעמאָראַנדום צום שטאָט־פּרעזידענט פון וואַרשע האָט די אָרגאַניזירטע „יידישע אָרימקייט" אָנגעקלאָגט די רייכע יידן, אַז „זיי האָבן בדעה צונויפצונעמען זייערע פאַרמעגנס און אַרויספירן זיי קיין אויסלאַנד".

די דאָזיקע „יידישע אָרימקייט" פון וואַרשע האָט זיך אויסגעצייכנט אין די קאַמפן פון 17טן און 18טן אַפּריל, ווען די רוסן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון דער הויפּט־שטאָט דורך דער רעוואָלוציע פון וואַרשעווער פאָלק. אין דערמאָנטן מעמאָראַנדום פון 21טן יוני 1794 פאַררופן זיך די פאָרשטייער פון דער „יידישער אָרימקייט" אויף זייערע פאַרדינסטן אין יענעם דעצידירנדיקן מאָמענט פון אויפ־

שטאַנד: „בעת דער רעוואָלוציע פון גרויסן דאָנערשטיק זיינען מיר מיט חשק געגאַנגען פאַרטיידיקן (די שטאָט) און אַ סך זיינען געבליבן ליגן אויפן קאַמף־פּלאַץ". די באַריכטן וועגן די אַפּריל־קאַמפּן גיבן אויך איבער פרטים וועגן די אויפטוען פון די וואַרשעווער יידן: אויף דער סענאַטאָר־גאַס האָבן יידן פון פּאָטשעיאָוו, דעם צענטער פון האַנדל מיט אַלטוואַרג, געקעמפט מיט די רוסן און אָפּגענומען ביי זיי אַ האַרמאַט; אויף דער לעש האָבן יידן צוזאַמען מיט קריסטלעכע קוימען־קערערס באַדינט צוויי האַרמאַטן און געצוואונגען אַ גאַנצע רוסישע אָפּטיילונג צו אונטערגעבן זיך. אַזוי האָבן אויך יידן געקעמפט אין אַנדערע גאַסן, ווי שוויענטאָיערסקע, קראָקעווער פאָרשטאָט, נאָוואָליפּיע. טרעמביצקי דערציילט אין זיינע זיכרונות וועגן אויפשטאַנד, אַז „די יידן פלעגן זיך זאַמלען אין מחנות, זיך פאַרשטעלן די אויגן און זיינען געלאָפן בלינדערהייט אויף די האַרמאַטן און באַגנעטן". אין שייכות מיט דער גרינדונג פון יידישן פולק אין סעפּטעמבער האָט קאָשטשושקאָ געשריבן אין דער רעגירונגסצייטונג: „ערשט אין יאָר 1794, אין די טעג פון 17טן און 18טן אַפּריל, ווען וואַרשע האָט געפירט אַ בלוטיקע שלאַכט מיטן שונא, האָבן די יידן, וואָס וואוינען אין דער הויפּט־שטאָט, זיך געוואָרפן צום געווער, מוטיק געקעמפט מיטן שונא און באַוויזן דער וועלט, אַז דאָרט וואו די מענטשהייט קען געווינען, שטעלן זיי איין זייער לעבן".

דער מוטיקער קאַמף פון וואַרשעווער יידן האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין גאַנצן לאַנד און מען פלעגט זיי אַרויסשטעלן ווי אַ מוסטער אפילו פאַר פּאָליאַקן.

איינער פון די אָנטייל־נעמער פון די אַפּריל־קאַמפּן אין וואַרשע, בערעק יאָסעלעוויטש, האָט אין סעפּטעמבער אָרגאַניזירט אַ יידישן פולק פון לייכטער קאַוואַלעריע. דער פולק איז באַשטאַנען טיילוויז פון פרייוויליקע, טיילוויז פון „ליידיקגייער" און פרנסהלאָזע, וועלכע מען האָט, פּונקט ווי קריסטלעכע לומפּן־פּראָלעטאַריער מיט צוואַנג גענומען אין מיליטער. דער פולק האָט געציילט בערך 500 מאַן, די אָפיצירן זיינען אויך אַלע געווען יידן. דעם 4טן נאָוועמבער איז דער רוסישער גענעראַל סואוואָראָוו צוגעטראָטן צו שטורעמען פּראַגע, די פאָרשטאָט פון וואַרשע. דער יידישער פולק פון בערעק יאָסעלעוויטש האָט העלדיש פאַרטיידיקט די הויפּט־שטאָט. פון גאַנצן פולק זיינען געבליבן לעבן עטלעכע צענדליק מאַן. סואוואָראָווס קאָזאַקן האָבן גענומען בלוטיקע נקמה אָן די איינוואוינער פון פּראַגע און אומברחמנותדיק אויסגעשאָכטן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. מיט בלוט פון די געפאַלענע יידישע העלדן און מאַרטירער איז געחתמעט געוואָרן בעת דעם אונטערגאַנג פון אַלטן פוילן דער אָנהויב פון פאַרברידערונג פון די יידישע און פּוילישע פאָלקס־מאַסן, וועלכע דער שרייבער בעזאימיעני האָט געהאַט צום ערשטן מאָל באַצייכנט, ווי „צוויי נאַציעס אויף איין ערד".

# ביבליאָגראַפיע

אין דער ווייטערדיקער ביבליאָגראַפישער רשימה האָבן מיר אַריינגענומען בלויז די דאָזיקע וויכטיקערע אַרבעטן אויפן געביט פון געשיכטע פון יידן אין פוילן ביז 1795, וואָס זיינען אַרויס אין דרוק זינט 1914. אַ גוט צונויפגעשטעלטע ביבליאָגראַפיע פון דער שייכותדיקער היסטאָרישער ליטעראַטור ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה וועט דער פאַראינטערעסירטער לייענער און פאָרשער געפינען אין דער נאָך אַלץ זייער ווערטפולער קאָלעקטיווער געשיכטע פון יידן אין פוילן, וואָס איז אַרויס אין דעם יאָר 1914 אין מאָסקווע ווי דער 11טער באַנד פון דער געפּלאַנטער גרויסער אויסגאַבע

История Еврейскаго Народа.

דאָרט זיינען אויך פאַרצייכנט די וויכטיקסטע זאַמלונגען פון שאלות ותשובות פון פוילן ווי אויך די אויסגאַבעס פון אַרכיוואַלישע מקורות. די אומפאַרעפנטלעכע אַרכיוואַלישע דאָקומענטן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך באַנוצט אין דער דאָזיקער אַרבעט, האָבן מיר געשעפּט פון מלוכה־אַרכיוון אין וואַרשע, בעיקר פון הויפּט־אַרכיוו, אַרכיוו פון אַלטע אַקטן און פינאַנץ־אַרכיוו.

די באַדייטנדיקע פּראָפּאָרציע, וואָס די היסטאָרישע ליטעראַטור אויף יידיש פאַרנעמט אין אונדזער ביבליאָגראַפישער רשימה, איז אַליין פאַר זיך אַ דערפרייילעך און דערמוטיקנדיק עדות פון דער אַלץ וואַקסנדיקער ראָלע פון דער יונגער יידיש־שפּראַכיקער וויסנשאַפט אין פוילן, אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און אין אַמעריקע אין דער אַלוועלטלעכער וויסנשאַפטלעכער שאַפונג פון יידישן פאָלק. די אימפּאָזאַנטע צאָל פּאָזיציעס, מיט וועלכע די אַלטמייסטער פון דער היסטאָריאָגראַפיע פון יידן אין פוילן, מאיר באַלאַבאַן, יצחק שיפּער און זייער תלמוד ותיק עמנואל רינגעלבלום שיינען אין דער דאָזיקער ביבליאָגראַפיע, זיינען בלויז אַן אויסערלעכער סימן מובהק פון די אומדערשעצלעכע וויסנשאַפטלעכע אויפטוען פון די דאָזיקע טייערע אומפאַרגעסלעכע מאַרטירער־געלערנטע. עס איז קוים נויטיק צו באַמערקן, וואָס פאַר אַ שלל חידושים, ידיעות און באַלייכטונגען דער מחבר פאַרדאַנקט די דאָזיקע דריי זיילן פון דער פּויליש־יידישער געשיכטע־וויסנשאַפט; אָן זייער לייבן־חלק וואָלט דאָס דאָזיקע ווערק בכלל ניט געווען געקאָנט אַרויסגיין מן הכוח אל הפועל. צו אונדזער שווערן אומגליק מוזן מיר אויך דערמאָנען נישט בלויז מיט דאַנקבאַרקייט נאָר מיט האַרצווייטיק און טרויער, די טייערע חברים און תלמידים, על פּי רוב פון ייוואָ־קרייזן „יונגע היסטאָריקער" אין וואַרשע, און אין ווילנע, וואָס זייערע ווערטפולע בייטרעגן זיינען פאַרצייכנט געוואָרן אין דער ביבליאָגראַפיע: אסתר טענענבוים, בעלאַ מאַנדעלסבערג, ז. האָניק, ליפּמאַן צאַמבער, פּנחס קאָן, דוד וואורם, אַריה ראַסין און אַנדערע. עס בלייבט אונדז די נחמה אין אונדזער אויסטערלישן חורבן, וואָס עטלעכע יונגע יידישע היסטאָריקער פון פוילן איז דאָך געווען באַשערט זיך צו ראַטעווען פון דער היטלערישער שחיטה און זיי זיינען ממשיך זייער אַרבעט אין ארץ־ישראל און אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אין אַמעריקע און אין באַפרייטן פוילן. זאָל מקויים ווערן אונדזער האָפענונג, אַז די היסטאָרישע ליטעראַטור אויף יידיש וועט ווידער אויפגעבויט ווערן און בליען ווי אַ גייסטיק כלי־זיין אין באַפרייונגס־קאַמף פון אונדזער שווער־געפּרואווטן פאָלק.

# קיצורים:

**היסט. שריפטן — ייוואָ =**

היסטאָרישע שריפטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, 1טער באַנד 1929, 2טער באַנד 1937.

**עקאָנ. שריפטן — ייוואָ =**

עקאָנאָמישע שריפטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, 1טער באַנד 1928, 2טער באַנד 1932.

**יונגער היסטאָריקער =**

יונגער היסטאָריקער, אַרויסגעגעבן פון היסטאָריקער־קרייז ביים ייוואָ אין וואַרשע, 1טער באַנד 1926, 2טער באַנד 1929.

**בלעטער געשיכטע =**

בלעטער פאַר געשיכטע, פון זעלבן קרייז, 1טער באַנד 1934, 2טער באַנד 1938.

**ייוואָ־בלעטער =**

שריפט פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

**צייטשריפט מינסק =**

צייטשריפט פאַר יידישער געשיכטע, ליטעראַטור, פאָלקלאָר און עקאָנאָמיק, פון דער יידישער אָפּטיילונג ביים אינסטיטוט פאַר ווייסרוסלענדישער קולטור אין מינסק.

עטלעכע ביכער, וואָס מיר האָבן נישט געקאָנט באַקומען אין די היגע ביבליאָטעקן, האָבן מיר באַצייכנט מיט אַ שטערנדל (*).

**אַלעקסאַנדראָוו ה.:**
די יידישע באַפעלקערונג אין ווייסרוסלאַנד אין דער צייט פון די צעטיילונגען פון פוילן, צייטשריפט מינסק 4, 1930, 31—83.
דיערזשאַווודעס און קהל, דאָרט, 121—124.

**אסף ש.:**
העונשין אחר חתימת התלמוד, ירושלים 1922.

**באַלאַבאַן מאיר:**
יידן אין פוילן: שטודיעס און שילדערונגען פון פאַרגאַנגענע תקופות, ווילנע 1930
לתולדות התנועה הפראנקית, 1 און 2, תל־אביב, 1934—1935.
ר׳ פייבוש, דער דיקטאַטאָר פון קראָקעווער קהל, ייוואָ־בל׳ 8, 223—234.
יידן אין קראָקע אין דער צייט פון דער באַרער קאָנפעדעראַציע 1768—1772. היסטאָרישע שריפטן — ייוואָ 1, 269—290.

**באָלעכאָווער בער:**
זכרונות, אַרויסגעגעבן פון ד״ר מ. ווישניצער. בערלין, 1922.

**ברכיה בירך:**
זרע בירך שלישי, פראנקפורט אָדער 1730.

**ברוצקוס י.:**
די ערשטע ידיעות וועגן יידן אין פוילן (אין 10טן און 11טן י״ה) היסטאָרישע שריפטן ייוואָ, 1, 55—72.

**גאָלדבערג פעלדמאַן ד.:**
דער האַנדל פון די פויזנער יידן אין דער ערשטער העלפט פונם 16טן י״ה. בל. געש. 1, 51—57.

**געלבער נ. מ.:**
סטאַטיסטיק פון יידן אין פוילן סוף 18טן י״ה, עקאָנאָמישע שריפטן ייוואָ, 1, 185—188.
אויסלענדישע רייזנדע וועגן פוילישע יידן אינם 18טן י״ה, היסטאָרישע שריפטן ייוואָ, 1, 231—252.

**געלבער נ. מ. און היילפּערין י.:**
ועד ארבע ארצות, בשנים 1739, 1753. ציון 2 (תרצ״ז) 153—184, 331—346.

**דובנאָוו שמעון:**
פנקס המדינה או פנקס ועד הקהילות הראשיות במדינת ליטא, בערלין, 1925.
דער צווייטער חורבן פון אוקראַינע (1768) דריי טעקסטן פון דער פאָלקס־כראָניק. „מעשה גדולה מן אומן ומן אוקריינא״. היסטאָרישע שריפטן ייוואָ, 1, 27—54.
צוויי כרוזים אין יידיש פונם וועד ארבע ארצות אין 1671. דאָרט, 699—702.

**דיקשטיין פּייטל:**
תקנות ועדי פולין וליטא על הבורחים. המשפט העברי, 1, מאָסקווע 1918, 29—76.

**האַלאָמשטאַק ל.:**
דער יידישער לעבן־שטייגער אין 18טן יאָרהונדערט. צייטשריפט מינסק, 4, (1930) 85—120.

**האַניק ז.:**
די יוריסדיקציע איבער די ליטווישע יידן סוף 18טן י״ה. ייוואָ־בלעטער 7, 278—282.
די יוריסדיקציע איבער די יידן אין ליטע נאָך דער לובלינער אוניע, דאָרט 14, 316—334.
די געשיכטע פון יידן אין פינסק 1506—1793, טויזנט יאָר פינסק, אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר ב. האָפמאַן (צביון), ניו־יאָרק, 1941, 20—64.

**האָראָדעצקי ש. א.:**
לקורות הרבנות, ווארשע 1914.

**הייליקמאַן ט. ב.:**
געשיכטע פון דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג פון די יידן אין פוילן און רוסלאַנד, באַנד 1, מאָסקווע 1926.

**היילפּערין ישראל:**
תוספות ומילואים לפנקס מדינת ליטא, ירושלים 1935 תדפיס מן „חורב״ 2, תרצ״ד.
חשבונות ועד ד׳ ארצות בפולין, תרביץ למדעי הרוח 6, (1934—1935) 210—222, 527—534.
על יחסם של הועדים והקהילות בפולין לארץ־ישראל, ציון, 1, (6—1935), 82—88.
חברות בעלי מלאכה יהודים בפולין וליטא, ציון 2, (1936—1937) 70—89.
ראשיתו של ועד מדינת ליטא ויחסו אל ועד ארבע ארצות ציון 3, (1937—1938), 51—57.
דער וועד ארבע ארצות און זיינע באַציונגען מיט אויסלאַנד, היסטאָרישע שריפטן ייוואָ 2, 68—79.

**העללער מ.:**
יידן־אַרבעטער ביי דער רעגולאַציע פון ניעמען (1768—1772), ייוואָ בלעטער 5, (1933), 346—352.

**וויינרייך מאַקס:**
שטורעם־ווינט. ווילנע 1927.

**ווישניצער מ.:**
די סטרוקטור פון יידישע צעכן אין פוילן, ליטע און ווייסרוסלאַנד אינם 17טן און 18טן י״ה. צייטשריפט — מינסק. 2־3 (1928), 73—88.

**ורטה מ.:**
הצעות פולניות לפתרון טריטוריאלי של שאלת היהודים (1750—1788) ציון, 6, (1940—1941) 148—155, 203—213.

**זנה ישעיה:**
תקנות של איסור שבת ויו״ט שתיקן הגאון ר׳ משולם ווייבש מקראקא, חורב 2, (1935) 237—246.

**זוננשין אפרים:**
פרקים מתולדות היהודים בטשורטקוב, ווארשע 1939.

**טענענבוים אסתר:**
דאָס וואַרשעווער בירגערטום און די יידן אין דער 2טער העלפט פון 18טן י״ה. יונגער היסטאָריקער 1, 41—57.

**טרונק ישעיה:**
אַ יידישע קהילה אין פוילן ביים סוף 18טן י״ה — קוטנע. בלעטער געשיכטע 1, 87—140.
געשיכטע פון יידן אין פלאָצק (1237—1657) וואַרשע 1939.

**טשעריקאָווער א.:**

דער אַרכיוו פון שמעון דובנאָוו 1—4, היסטאָרישע שריפטן ייוואָ 2, 565—588.

**ליפשיץ י.:**

ענגלישע און אַמעריקאַנער רייזנדער פון 18טן און ערשטער העלפט 19טן י״ה וועגן יידן אין פוילן און רוסלאַנד, ייוואָ־בלעטער 3, (1933) 313—329.

**לעוויטאַן יצחק מ.:**

דער פנקס פון דובנער קהל, היסטאָרישע שריפטן — ייוואָ, 2, 80—114.

**לעשטשינסקי יעקב:**

די יידישע קהילות אין פוילן (אוקראַינע) ערב דער צעטיילונג פון דער פוילישער מלוכה. בלעטער פאַר דעמאָגראַפיע, סטאַטיסטיק און עקאָנאָמיק בערלין, 1, (1923) 21—24.

**מאַהלער רפאל:**

סטאַטיסטיק פון יידן אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט אין די יאָרן 1764—1765, יונגער היסטאָריקער 2, 67—108.

העברעאיש־יידישע דאָקומענטן פון די יידן־ציילונגען אין פוילן (אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה) ייוואָ בלעטער 2, (1932) 208—222, 477—479.

צו דער געשיכטע פון יידן אין קאָוועל, לאַנדקענטעניש, וואַרשע 1932.

צאָל און צעשפּרייטונג פון די יידן אין וואַרשע אין 18טן י״ה. דאָרט, 1934.

אַ פראַגמענט וועגן יידישן האַנדל צווישן ליטע און פוילן אין 16טן י״ה (העברעאיש־יידישע צאָל־רעגיסטערס פון בעלסק און לוקאָוו פון 1580, היסטאָרישע שריפטן — ייוואָ, 2, 180—205.

דאָקומענטן צו דער געשיכטע פון די וועדי הגלילות אין פוילן. דאָרט 639—649.

די יידישע באַפעלקערונג אויפן שטח פון דער לאָדזשער וואָיעוואָדשאַפט אין יאָר 1764. לאָדזשער וויסנשאַפטלעכע שריפטן 1, (1938) 32—54.

אַ בודזשעט פון וועד אַרבע ארצות אין 18טן י״ה. ייוואָ־בלעטער 15, (1940) 64—86.

יידישע לאַנדווירטשאַפט אין פוילן. פוילישער איד, ניו־יאָרק, 10, (1942) 98—106, 183.

**רינגעלבלום עמנואל:**

געקליבענע מקורים צו דער געשיכטע פון יידן אין פוילן און מזרח־אייראָפּע. העפט 1 א, 1 ב, (מיטלאַלטער), וואַרשע 1930.

**מאַנדעלסבערג בעלאַ:**

מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פונם עקאָנאָמישן און רעכטלעכן מצב פון די לובלינער יידן אין 17טן י״ה. יונגער היסטאָריקער, 1, (1926) 81—89.

לובלינער יידישע האַנטווערקער און די שטאָט־צעכן אין דער ערשטער העלפט פון 17טן י״ה. דאָרט, 2 (1929) 54—66.

**מאַרגוליס א.:**

יידישע פאָלקסמאַסן אין קאַמף קעגן זייערע אונטערדריקער. מאָסקווע 1940.

**סאָסיס י.:**

צו דער סאָציאַלער געשיכטע פון יידן אין ווייסרוסלאַנד. צייטשריפט — מינסק, 1 (1926) 1—24.

סאָציאַלע קעגנזאַצן אין יידישע קהילות אין 16טן און 17טן י״ה לויט רבנישע רעספּאָנסן. דאָרט 225—238.

דער יידישער סיים אין ליטע און ווייסרוסלאַנד אין זיין געזעצלעכער טעטיקייט, דאָרט 2־3 (1928) 1—72.

יידישע באַלמעלאָכעס און זייערע אַרבעטער אין ליטע, ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע אין 18טן י״ה. דאָרט, 4 (1930) 1—29.

**פעלדמאַן אלעזר:**

די עלטסטע ידיעות וועגן יידן אין פוילישע שטעט אין 14טן—16טן י״ה, בלעטער געשיכטע 1, 59—73.

צוויי אַלטע יידישע קהילות אין לאָדזשער קאַנט (קאַליש, קאָנין), לאָדזשער וויסנשאַפטלעכע שריפטן 1, 3—31.

**פרידבערג ב.:**

תולדות הדפוס העברי בפולניה. אַנטווערפּן 1932.

**פרידמאַן פיליפ:**

מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די יידן אין לענטשיץ, לאָדזשער וויסנ. שריפטן, 239—246.

**פרידמאַן ש.:**

פראַנצויזישע אָפּקלאַנגען וועגן יידן אין פוילן־רוסלאַנד פון 15טן ביז אָנהויב 19טן י״ה. יידן אין פראַנקרייך אונטער דער רעד. פון א. טשעריקאָווער, 1, ניו־יאָרק, 1942, 16—32.

**פרענק ע. נ.**

העירונים והיהודים בפולין. ווארשע 1921.

**צאָמבער ליפמאַן:**

אַ מכלומרשטער פרואוו צו קאָלאָניזירן יידן אויף ערד אין איבערגאַנג פון 18—19 י״ה. יונגער היסטאָריקער 2, 109—130.

די באַציאונג פון דער פרייסישער מאַכט צו די יידן אין פוילן פון דער צווייטער ביז דער דריטער חלוקה. (1793—1795), בלעטער פאַר געשיכטע, 1, 1934, 75—85.

**צינבערג י.:**

די מחלוקת צווישן די ראשי הקהל און דעם רב אין ווילנע אין דער צווייטער העלפט 18טן י״ה. היסטאָרישע שריפטן 2, 291—321.

געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן, 5, 6 און 7, ווילנע 1935—1936.

**קאָן פנחס:**

פון ווילנער אַרכיוון און ביבליאָטעקן, היסטאָרישע שריפטן — ייוואָ 1, 753—778.

איינער פון די ערשטע דאָקטוירים אין ווילנע — ד״ר אהרן גאָרדאָן, ייוואָ־בלעטער 1, (1931) 53—61.

אַ יידישע שטים צום אויפשטאַנד 1794 אין ווילנע. דאָרט, 4 (1932) 134—148.

**קאָסאָווער מרדכי:**

דער אינלענדישער האַנדל פון פוילישע יידן אין 16טן און 17טן י״ה, דאָרט, 15, (1940) 182—201.

קלויזנער ישראל:

תולדות הקהילה העברית בווילנה. ווילנע 1938.

ווילנא בתקופת הגאון, ירושלים 1942.

קרעמער משה:

דער אָנטייל פון יידישע בעלי־מלאכות אין די קריסט־לעכע צעכן אין אַמאָליקן פוילן. בלעטער געשיכטע 1, 3—32.

לחקר המלאכה וחברות בעלי המלאכה אצל יהודי פולין (במאות הט״ז—הי״ח). ציון 1, (1937) 294—325.

רובאַשאָוו זלמן:

יידישע גביות עדות אין די שאלות ותשובות פון אָנהויב 15טן ביזן סוף 17טן י״ה. היסטאָרישע שריפטן ייוואָ, 1, 115—196.

רינגעלבלום עמנואל:

פונם לעבן פון וואַרשעווער יידן אין 15טן י״ה, יונגער היסטאָריקער 1, 66—80.

בייטראָגן צו דער ווירטשאַפטלעכער געשיכטע פון די מאַזאָווישע יידן, דאָרט, 2, 24—53.

צו דער געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע סוף מיטל־אַלטער. היסטאָרישע שריפטן — ייוואָ 1, 197—230.

קרעדיט־אָפּעראַציעס פון די וואַרשעווער יידן אין מיטל־אַלטער, עקאָנאָמישע שריפטן, ייוואָ, 1, 75—79.

דער פנקס פון דער פלאָצקער חברה חייטים, דאָרט 2, 20—31.

אַ יידישע דעבאַטע אין פוילישן סיים פון יאָר 1775, ייוואָ־בלעטער 1, (1931) 426—431.

אַן אָפּקלאַנג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. דאָרט 3, (1932) 223—227.

צו דער געשיכטע פון יידישן בוך און דרוק אין פוילן אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה, ווילנע 1936.

יידן אין וואַרשע אין 18טן י״ה און זייער רעכטלעך געזעלשאַפטלעכע לאַגע. היסט. שריפטן, ייוואָ 2, 248—268.

די פוילישע יידן אין אויפשטאַנד פון קאָשטשושקאָ. וואַרשע 1937.

דאָס אינעווייניקסטע לעבן פון די וואַרשערע יידן אין 18טן י״ה פון דער פאַרקערטער זייט. פון נאָענטן עבר, רעד. מ. שאליט, ווילנע 3, (1937) 188—179, 4, (1937) 278—281.

יידישע מלבושים אין פוילן סוף 18טן י״ה. דאָרט, 5, (1938) 17—20.

שמואל זביטקאָווער, עסקן צבורי כלכלי בפולין בימי חלוקתה. ציון 3, 246—266, 337—355.

הערה: אין דער צייטשריפט „סאָציאַלע מעדיצין״ וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין וואַרשע, אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר ל. וואולמאַן, האָט ד״ר רינגעלבלום פאַרעפנט־לעכט אַ פאָר צענדליק אַרטיקלען אין די יאָרן 1931—1938 וועגן לעבן־שטייגער, היגיענע און דאָקטוירים ביי יידן אין אַמאָליקן פוילן.

שאַצקי יעקב:

די תקנות פאַר די סאָקאָלאָווער יידן אין 18טן י״ה. עקאָ־נאָמישע שריפטן — ייוואָ, 1, 80—87.

היסטאָריש־קריטישער אַריינפיר צום „יון מצולה״ גזרות ת״ח, ייוואָ, ווילנע 1938, 9—159.

שיפּער יצחק:

ווירטשאַפטס־געשיכטע פון די יידן אין פוילן בעתן מיטל־אַלטער. וואַרשע 1926.

קולטור־געשיכטע פון די יידן אין פוילן בעתן מיטל־אַלטער. וואַרשע 1926:

דער צוזאַמענשטעל פונם ועד ארבע ארצות, היסטאָרישע שריפטן — ייוואָ, 1, 73—82.

פוילישע רעגעסטן צו דער געשיכטע פונם ועד ארבע ארצות, דאָרט, 83—114.

יידישע געשיכטע (ווירטשאַפטס־געשיכטע), וואַרשע 1930, באַנד 2, קאַפּיטל 17, ז.ז. 89—108, באַנד 3, קאַפּיטל 40—47.

פינאַנציעלער חורבן פון דער צענטראַלער און פראָווינ־ציעלער אויטאָנאָמיע פון יידן אין אַלטן פוילן. עקאָ־נאָמישע שריפטן — ייוואָ, 2, 1—19.

J. J. L. G. — Jahrbuch der Jüdisch-Literarischen Gesellschaft in Frankfurt A. M.

Mies. Zyd. — Miesięcznik żydowski, Warszawa.

Monatsschrift — Monatsschrift für Geschichte und Wissenschaft des Judentums.

Akta grodzkie i ziemskie; Tom XXII, Lauda wiszenskie, Lwow, 1914; Tom XXIII, Lauda wiszenskie, lwowskie, przemyskie i sanockie, Lwow, 1928; Tom XXIV, Lauda halickie, Lwow, 1931.

Album Pamiątkowy ku czci Berka Joselewicza, pod red. Majera Bałabana, Warszawa, 1934.

Bałaban, Majer, Die Krakauer Judengemeinde-ordnung von 1595 und ihre Nachträge. *J.J.L.G.* X (1913), 296-360, XI (1916), 88-114.

" Zur Geschichte der Juden in Polen — Zwei Vorträge, Wien, 1915.

" Joseph Jonas Theomim Fraenkel, Rabbiner in Krakau (1742-1745) und seine Zeit. Breslau, 1917.

" Die Judenstadt von Lublin, Berlin, 1919.

" Z historji żydow w Polsce. Szkice i Studja. Warszawa, 1920.

" Historja i literatura zydowska, Tom III. Warszawa, 1925.

" Studja historyczne. Warszawa, 1927.

" Zur Geschichte der hebräischen Druckereien in Polen. *Soncino-Blaetter III.* Berlin, 1929, 1-50.

Hugo Grotius und die Ritualmordprozesse in Lublin (1636). *Dubnow-Festschrift*, Berlin, 1930, 87-112.

" Stan kahału krakowskiego na przełomie XVII-XVIII wieku. *Mies. Żyd.*, 1931, Tom II, 413-428.

Kostruba, Teofil, Materiali do istorii m. Czortkiwac. *Zapiski Naukowogo Tovaristwa im. Szevczenka*, Tom 150. Lwow, 1929, 181-196.

Kramerówna, Perla, Żydowskie cechy rzemieslnicze w dawnej Polsce. *Mies. Żyd.*, Warszawa, 1932, 259-298.

Kruszynski, Józef, Stanisław Staszic a kwestja żydowska. Lublin, 1926.

Laubert, Manfred, Die letzten städtischen Privilegien de non tolerandis Judaeis in der Provinz Posen. *Zeitschrift der historischen Gesellschaft für die Provinz Posen, Bd. XXXI*, 145-148.

Berlin, I., Istoricheskiya Sudby Yevreyskago Naroda na territoriy russkago gosudarstva. Peterburg, 1919.

Borovoy, S. A., Natsionalno-osvoboditielnaya voyna ukrainskogo naroda protiv polskogo vladytchestva i yevreyskoye nasyelyenye Ukrainy. *Istoricheskiye Zapiski, 9, 1940*, 81-124.

Breger, Marcus, Zur Handelsgeschichte der Juden in Polen während des 17. Jahrhunderts. Berlin, 1932.

Brian, Chaninow N., Les Juifs dans la Russie primitive. *Moyen Age, XLIII (1933)*, 65-80.

Brilling, B., Jüdische Messägäste und Marktbesucher in Breslau im 17. Jahrhundert. *Jüdische Familienforschung, Berlin,* Bd. VI, 1930, pp. 315-318, Bd. VII (1931), 364-372, 413-419, VIII (1932), 506-509, 517-529.

Charewiczowa, L., Ograniczenia gospodarcze nacyj schizmatyckich i Żydow we Lwowie XV i XVI wieku. *Kwartalnik Historyczny,* XXXIX (1925), 193-227.

" Lwow na przełomie XVII i XVIII wieku. *Studja z historji społecznej i gospodarczej poświęcone Prof. Franciszkowi Bujakowi.* Lwow, 1931, 347-374.

Dorflerowna, Anna, Materiały do historji miasta Sambora 1390-1795. Lwow, 1936.

Eisenstein, Aron, Die Stellung der Juden in Polen in XIII and XIV Jahrhundert. Cieszyn, 1934.

Feinkind, Mojżesz, Dzieje żydow w Piotrkowie. Piotrkow, 1930.

Freudenthal, M., Leipziger Messgäste. Die jüdischen Besucher der Leipziger Messen in den Jahren 1675 bis 1764. Frankfurt A. M., 1928.

" Sabataizm w Polsce. *Odbitka z Księgi Jubileuszowej Prof. Dra M. Schorra, Pisma Instytutu Nauk Judaistycznych w Warszawie VI 3.* Warszawa, 1935.

" Bibliografia historii żydow w Polsce za lata 1900-1930. Zeszyt I, Warszawa, 1939. (*Pisma Instytutu Nauk Judaistycznych w Warszawie, Tom X*).

Bartoszewicz, Kazimierz, Antysemityzm w literaturze polskiej XV-XVII wieku. Warszawa, 1914.

Bergerowna, Janina, Księżna Pani na Kocku i Siemiatyczach. Lwow, 1936.

Haftka, A. i Schipper I. (redakcja), Żydzi w Polsce Odrodzonej, Tom I. Warszawa, 1932.

Halperin, Izrael, Przyczynek do dziejow osadnictwa Żydow na Mazowszu. *Mies. Żyd.*, Warszawa, Vol. III (1933), Tom I, 135-139.

" Zur Frage der Zusammensetzung der Vierländersynode in Polen. *Monatsschrift* LXXVI (1931), 519-522.

Hedemann, Otton, Dzisna i Druja. Wilno, 1934. (*Rozprawy Towarzystwa Przyjaciół Nauk w Wilnie, Wydział III, Tom VII*).

Heppner, A. und Herzberg, J., Aus Vergangenheit und Gegenwart der Juden und der jüdischen Gemeinden in den Posener Landen. Kosmin-Bydgoszcz, 1909-1929.

Hirschberg, J. W., Udział Józefa Nasi w pertraktacjach polsko-tureckich w roku 1562. *Mies. Żyd.*, Warszawa, Rok IV (1934), Tom I, 426-439.

Hoszowski, Stanisław, Ceny we Lwowie w XVI i XVII wieku. Lwow, 1928. (*Badania z dziejów społecznych i gospodarczych, pod redakcją Profesora Bujaka, zeszyt 4*).

Inglot, Stefan, Sprawy gospodarcze Lwa Sapiehy 1588-1607. *Studja etc. poświecone Bujakowi,* Lwow, 1931.

Jacobsohn, Jacob, Jüdische Spitzenklöpperinnen im Netzedistrikt. *Zeitschrift für Geschichte der Juden in Deutschland, I* (1920-30), 152-162.

Kłapkowski, Władyslaw, X., Konwent Dominikanów w Sejnach. *Ateneum Wilenskie, Rocznik XIII* (1938), zeszyt 2, 122-130.

Koczy, Leon, Handel Poznania do połowy XVI wieku. Poznań, 1930.

Kleinman, I., Propoviednik-buntovshtshik XVIII wieka. *Yevreyskaya Starina,* XII (1928), 179-189.

Smolenski, Władysław, Dzieje narodu polskiego. Warszawa, 1919.

Steinberg, Mojżesz, Żydzi w Jarosławiu. Jarosław, 1933.

Streit, Leon, Ormianie a żydzi w Stanisławowie w XVII i XVIII wieku. Stanisławow, 1936.

Tarnawski, Aleksander, Działanosć gospodarcza Jana Zamoskiego. Lwów, 1935.*

Warschauer, A., Geschichte der Stadt Gnesen. Posen, 1918.

Weinryb, Bernard D., Beiträge zur Finanzgeschichte der jüdischen Gemeinden in Polen, I, *Monatsschrift*, 1938, 248-263; II, *Hebrew Union College Annual, XVI* (1941), 187-214.

" Studies in the Communal History of Polish Jewry. *Proceedings of the American Academy for Jewish Research,* XI (1942), 120-140, VII-XLVIII.

Leitgeber, J., Z dziejów handlu i kupiectwa poznańskiego, Tom I. Poznań, 1928.

Lewin, Isaac, Protokoły Kahalne z XVIII i XIX wieku w Małopolsce Środkowej. *Przewodnik historyczno-prawny, Lwow,* 1931 (odbitka).

" Udziat Żydow w wyborach sejmowych w dawnej Polsce. *Mies. Żyd.,* Warszawa, 1932.

" Klątwa żydowska na Litwie w 17 i 18 wieku. Lwów, 1932.

" The Protection of Jewish Religious Rights by Royal Edicts in Ancient Poland. *Reprinted from the Quarterly Bulletin of the Polish Institute of Arts and Sciences in America,* April, 1943.

Lewin, Louis, Die Landessynode der grosspolnischen Judenschaft, *Frankfurt A. M., 1926,* Nachträge, *Dubnow-Festschrift,* Berlin, 1930, 124-135.

" Die jüdischen Studenten an der Universität Frankfurt an der Oder. *J. J. L. G.* XIV (1921), 217-238; XV (1923), 59-96; XVI (1924), 43-85.

" Neue Materialien zur Geschichte der Vierländersynode. *J. J. L. G.* II (1904), 1-26; III (1905), 79-130; XI (1916), 141-208.

Mahler, R. i Rigenblum, E., Teksty źrodłowe do nauki historji Żydow w Polsce i we wschodniej Europie. Zeszyt 1A, 1B, Wieki Średnie, Warszawa, 1930.

Marek, P., Krizis yevreyskago samoupravlienia i hasidizm. Yevreyskaya Starina, XII (1928), 45-101.

" Vnutriennaya borba v yevreystvie w XVIII wiekie. *Ibid.,* 102-178.

Gelber, N. M., Zur Taufbewegung unter den polnischen Juden im XVIII Jahrhundert. *Monatsschrift,* LXVIII (1924), 225-241.

" Aus zwei Jahrhunderten, Wien, 1924.

" Zydzi a zagadnienie reformy Zydow na Sejmie Czteroletnim. *Mies. Żyd.,* Warszawa, Rok I, Tom II (1931), pp. 326-344, 429-440.

Gomer, A., Beiträge zur Kultur und Sozialgeschichte des litauischen Judentums in 17-18. Jahrhundert. Köln, 1930.

Grodecki, Roman, Mincerze w wcześniejszem sredniowieczu polskiem. Kraków, 1921. (*Polska Akademia Umiejetności, Rozprawy, Serja II, Tom XXXVIII*).

" Dzieje Polski sredniowiecznej, 2 tomy. Krakow, 1926.

Riabinin, Jan, Lauda miejskie lubelskie XVII wieku. Lublin, 1935*.

" Materyały do historii miasta Lublina 1317-1792. Lublin, 1938*.

Ringelblum, Emanuel, Żydzi w Warszawie (do roku 1527). Warszawa, 1932.

" Żydzi w świetle prasy warszawskiej wieku XVIII, Mies. Żyd., 1932, Tom I, 489-518; Tom II, 42-85, 299-317.

" Projekty i próby przewarstwowienia Żydow w epoce stanisławowskiej. Warszawa, 1934.

Rosiak, Stefan, Rzekomy przywilej Kazimierza Jana Sapiehy dla Żydow w Lubczu z 1690 roku. *Ateneum Wilenskie,* Rocznik 13, Wilno, 1938, 32-41.

Runicz, Szczepan, Jak upadła Polska szlachecka. Warszawa, 1927.

Rutkowski, Jan, Zarys gospodarczych dziejów Polski w czasach przedrozbiorowych. Poznań, 1923.

Rybarski, Roman, Handel i polityka handlowa Polski w XVI stuleciu, 2 tomy. Poznań, 1928-29.

Schipper, Ignacy, Studya nad stosunkami gosodarczymi Żydow w Polsce podczas średniowiecza. Lwów, 1911.

" Żydzi polsko-litewscy a Palestyna, "*Moriah*". Wiedeń, 1917, 1-32.

" Komisja warszawska, Przyczynek do dziejow autonomji żydowskiej w Polsce. *Pisma Instytutu Nauk Judaistyczuych w Warszawie, III-IV,* Warszawa, 1931, 147-157.

" Dzieje handlu żydowskiego na ziemiach polskich. Warszawa, 1937.

Nożynski, Tadeusz, Żydzi poznańscy w XV wieku. 1379-1502. *Kronika m. Poznania,* rocznik X, Poznań, 1932, 86-99, 249-263.

Polaczkówna, Helena, Księga radziecka m. Drohobycza 1542-1563, Lwów, 1936. (*Towarzystwo naukowe we Lwowie, Zabytki Dziejowe,* Tom IV, Zesz. I).

Ptaśnik, Jan, Cracovia artificum, 2 tomy, Kraków, 1917-1937.

" Miasta i mieszczaństwo w dawnej Polsce, Kraków, 1934.

Rassin, Arje, Umysłowość i moralnosć żydowstwa polskiego wieku XVII i XVIII w świetle literatury religijno-ludowej. Odbitka z Mies. Żyd., Warszawa, 1933.

Rawita-Gawrónski, Franciszek, Żydzi w historyi i literaturze ludowej na Rusi. Warszawa (bez daty).

Zakrzewski, Z., Stosunek synagogi w Lesznie do Kosciołów katolickich, 1698-1870. Leszno, 1920*.

Zarchin, Michael M., Jews in the Province of Posen. Philadelphia, 1939.

Wischnitzer, Marc, Die Stellung der Brodyer Juden im internationalen Handel in der zweiten Hälfte des 18ten Jahrhunderts, *Dubnow Festschrift,* Berlin, 1930, 113-123.

Wurm, D., Z dziejow żydowstwa brodzkiego. Brody, 1935.

# די יידן אין פּוילן

## פֿון 1772 ביז 1914

פֿון ד״ר. יעקב שאַצקי

# I. די יידן אין גאַליציע

**(1848—1772)**



ין חודש יוני 1772 האָט זיך די עסטרייכישע אַרמיי גערוקט אין דער ריכטונג פון דער פוילישער רעפובליק, מאַרשירנדיק גלייכצייטיק דורך פינף פאַרשידענע טראַקטן. איר הויפט־קאָמענדאַנט, גראַף אַנדרע האַדיק, האָט דעם 10טן יוני 1772 אַרויסגעגעבן אין זיין הויפט־קוואַרטיר, וואָס האָט זיך געפונען אין פרעסבורג, אַן אָפיציעלע מודעה, וואָס לאָזט וויסן, אַז די קייזערין מאַריאַ טערעזאַ האָט אים באַפולמעכטיקט צו אָקופירן דאָס לאַנד, כדי צו נעמען „אונטערן שוץ פון עסטרייך דאָס לאַנד פון פוילן".

דעם 2טן יולי 1772 האָט יאָזעף דער צווייטער אַרויסגעגעבן אין נאָמען פון זיין מוטער, דער קייזערין מאַריאַ טערעזאַ, אַ פייערלעכן מאַניפעסט, אין וועלכן עס ווערט אָנגעוויזן, אַז דער ציל פון דער אָקופּאַציע איז אייגנטלעך צו „באַרואיקן דאָס לאַנד". די קייזערין גופא האָט מיט אַ מאַניפעסט פון 11טן סעפטעמבער 1772 עפנטלעך דערקלערט, אַז דאָס דאָזיקע ניי־דערוואָרבענע לאַנד ווערט אַ טייל פון דער עסטרייכישער אימפעריע. פאַר עסטרייך איז די דאָזיקע אָקופּאַציע, וואָס איז אגב אָנגעקומען אָן גרויסע שוועריקייטן, געווען אַן אָפּשלוס פון אַ פאַרכאַפּונגס־פּראָצעס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1769 (דער פוילישער ספּיש), איז פאַרגעזעצט געוואָרן אין 1770 (סאַנדזער געגנט) און איז פאַרענדיקט געוואָרן יורידיש מיט אַן אָפּמאַך דעם 2טן אויגוסט בנוגע דער נייער פאַרכאַפּטער טעריטאָריע.

די דאָזיקע ערשטע חלוקה פון פוילן האָט געגעבן עסטרייך אַ גרויסן שטח לאַנד, וואָס האָט זיך געצויגן פון שלעזיע דורך דער ליניע פון ווייסל ביזן אויסגוס פון טייך סאַן; ווייטער דורך פּראַמפּאָל ביזן טייך בוג און מיט דער קאָריטע פון דאָזיקן טייך ביז מזרח־רוסן, דאַן ביז זברוטש און מיט די ברעגן פון זברוטש ביזן דניעסטר. דער דאָזיקער שטח האָט איינגעשלאָסן אַ טייל פון קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט מיט די פירשטנטימער: אָשווענטשים און זאַטאָר, אַ טייל פון צויזמירער וואָיעוואָדשאַפט, אויף דעם רעכטן ברעג פון דער ווייסל, ד"ה דעם פּילזנער פּאָוויאַט, די רייסישע וואָיעוואָדשאַפטן, חוץ אַ קליינעם טייל פון כעלמער קאַנט. חוץ דעם טיילן פון לובלינער, בעלזער, וואָלינער און פּאָדאָליער וואָיעוואָדשאַפטן — סך־הכל אַ שטח פון 1508 געאָגראַפישע מייל מיט אַ באַפעלקערונג קרוב צו 2,650,000 נפשות.

אין זכות פון אַן אַלטער היסטאָרישער תביעה, אַז אַ טייל פון דעם לאַנד איז אין 13טן יאָרהונדערט געגעבן געוואָרן ווי אַ מתנה אַן אונגאַרישן מלך, ווי דעם הערשער פון האַליטש און וולאַדימיר (Rex Galiciae et Lodomeriae) — האָט מען די דאָזיקע פּראָווינץ אַ נאָמען געגעבן: „קיניגרייך גאַליציע און לאָדאָמעריע", — געבליבן איז אָבער אין אַלגעמיינעם באַנוץ נאָר דער נאָמען: גאַליציע.

עסטרייך האָט באַקומען די רייכסטע טיילן פון פוילן, אַ לאַנד וואָס האָט געפירט צום מזרח, וואו מסחר האָט געבליט פון אַלטע צייטן. אָפטע מלחמות און אינערלעכע קאַמפן האָבן אָבער חרוב געמאַכט דאָס דאָזיקע לאַנד פון „מילך און האָניק". אויף דער דאָזיקער טעריטאָריע זיינען געווען 311 שטעט און 2765 דערפער. די שטעט מיטן אויסנאַם פון אפשר אַ מנין זיינען אין דער אמתן געווען אָרימע, פאַרנאַכלעסיקסטע שטעטלעך, מער האַלבע דערפער, ווי שטעט מיט מסחר און אינדוסטריע. די איינציקע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען זיינען געווען גאָזשעלניעס און ברויערייען. געהאַט האָבן די דאָזיקע שטעט אַ מין שטאָטישע אויטאָנאָמיע, נאָך פון קדמונים, מיט אַ שטאָט־ראַט און מיטן גאַנצן אָפּיציעלן קלאַפּערגעצייג, וואָס עס איז נויטיק צום רעגירן, ווען עס איז אפילו נישטאָ איבער וועמען. אין 1785 האָט מען דורכגעפירט אַ נייע רעגיסטראַציע פון די שטעט און צוריקגענומען דעם חשובן טיטל „שטאָט" פון יענע שטעט, וואָס האָבן נישט געקענט זיך לעגיטימירן מיט אַ שטאָטישער פּריווילעגיע פון דער פריערדיקער תקופה. אין 1792 האָט מען איינגעפירט אַ מער קאָנסטרוקטיווע שטאָט־פאַרוואַלטונג באַזירט אויף וואַלן. וואַל־רעכט האָבן געהאַט אייגנטימער פון הייזער און מייסטערס. אויך יידן האָבן געקענט געווילט ווערן.

אין דער דריטער חלוקה פון פוילן (אין דער צווייטער האָט עסטרייך זיך נישט באַטייליקט) איז דער עסטרייכישער באַזיץ פאַרגרעסערט געוואָרן מיט דעם רעשט פון קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט (חוץ קליינע שטחים), צויזמירער, לובלינער, בעלזער און אַ טייל כעלמער קאַנט, אַ גרויסן טייל פון פּאָדאָליער וואָיעוואָדשאַפט, אַ טייל פון מאַזאָוויעצקער און וואָ־

לינער, סך־הכל 886 קוואַדראַט־מייל מיט אַ באַפעל־
קערונג פון 1,200,000 נפשות. די דאָזיקע טעריי־
טאָריע האָט באַקומען דעם נאָמען ניי־אָדער מערב־
גאַליציע און איז געווען אַ באַזונדערע טעריטאָריעלע
איינס ביזן יאָר 1803, ווען פאַראייניקט מיט גאַלי־
ציע האָט זי געשאַפֿן איין פּראָווינץ. זינט דעמאָלט
האָט מען די טעריטאָריע פון דער ערשטער חלוקה
גערופן: מזרח־גאַליציע.

לאַנג האָט אָבער עסטרייך די גאַנצקייט פון דער
דאָזיקער פּראָווינץ ניט אָנגעהאַלטן. אין דער מלחמה
צווישן נאַפּאָלעאָנען און עסטרייך (אין 1809) האָט
עסטרייך געמוזט אָפּגעבן דעם גאַנצן שטח פון דער
דריטער חלוקה און אויך אַ טייל פון דער ערשטער
— סך־הכל 961 קוואַדראַט־מייל. די דאָזיקע טע־
ריטאָריע איז אינקאָרפּאָרירט געוואָרן אין דעם
פירשטנטום וואַרשע, וואָס דער פראַנצויזישער אימ־
פּעראַטאָר האָט געשאַפֿן ווי אַ בופער־מלוכה קעגן רוס־
לאַנד און פּרייסן. רוסלאַנד האָט אין יענעם יאָר
באַקומען דעם טאַרנאָפּאָליער און זאַלעשטשיקער קרייז,
וואָס איז אין 1813 צוריק אַריבער צו עסטרייך. אין
1846 האָט עסטרייך באַקומען די קליינע קראָקעווער
טעריטאָריע, וואָס האָט צו איר געהערט פון 1796
ביז 1809. אַ קורצע צייט איז אויך בוקאָווינע, וואָס
איז דעראָבערט געוואָרן אין 1786, געווען פאַראיי־
ניקט מיט גאַליציע. אין 1790 איז אָבער בוקאָווינע
אָפּגעטיילט געוואָרן, כדי אין 1817 נאָך אַמאָל צו
ווערן טעריטאָריעל קאָנסאָלידירט מיט גאַליציע, —
דאָס איז אָבער אין 1850 ענדגילטיק אויפגעגעבן
געוואָרן.

וויפיל יידן זיינען געווען אין גאַליציע אין 1795,
ד"ה בעת מערב־גאַליציע און מזרח־גאַליציע זיינען
געוואָרן אַ טייל פון עסטרייך — איז שווער פעסט־
צו שטעלן. אין 1772 האָט מען אין מזרח־גאַליציע
(אין די טיילן פון דער ערשטער חלוקה) אָנגעציילט
אַן ערך אַ פערטל מיליאָן יידן, און אפשר נאָך ווינ־
ציקער. לויט די אויסרעכענונגען פון יצחק שיפּער,
באַזירט אויף זייער נישט קיין פּינקטלעכע פאָלקס־
ציילונגען, איז אין 1847 געווען כמעט אַזוי פיל
יידן, ווי אין 1772. די דאָזיקע דערשיינונג ווערט
מאָטיווירט מיט דער באַפעלקערונג־פּאָליטיק פון דער
רעגירונג, מיט די גירושים פון יידישע אָרימע לייט
און מיט דער עמיגראַציע אין די אַנדערע עסטריי־
כישע פּראָווינצן, בפרט קיין אונגערן.

עסטרייך האָט קיינמאָל פריער נישט געהאַט
אַזוי פיל יידן ווי עס איז מיט אַמאָל איר באַשערט
געווען צו האָבן אין זכות פון פּוילן. קודם־כל האָט
מען דורכגעפירט אַ ציילונג פון יידן, וואָס האָט אין
לעצטן סך־הכל געגעבן אַזעלכע מטושטשע רעזול־
טאַטן, אַז מען קען זיי נישט באַטראַכטן, ווי אַ ריכ־
טיקע עווידענץ פון דער יידישער באַפעלקערונג. די
יידן, פרומע און דערשראָקענע, האָבן אינסטינקטיוו
דערפילט, אַז מיט אַזאַ ציילונג מיינט מען נישט זייער
טובה. האָבן זיי זיך טאַקע ווי ווייט מעגלעך אויס־
געדרייט פון די ציילונגען.

פאַר דער עסטרייכישער רעגירונג זיינען די יידן
געווען קודם־כל אַן אָביעקט פון אַ פיסקאַלער עקספּלו־
אַטאַציע. כדי צו האָבן אַן אַפּאַראַט אויף אויסצו־
פּרעסן שטייערן, האָט מען איבערגעלאָזט די אַלטע
יידישע אַדמיניסטראַטיווע אינסטיטוציעס, צו באַנוצן
זיך מיט זיי ווי מיט אַן אויסגעפּרואווטן אינסטרומענט
אויף צו מאַנען געלט ביי יידן.

די יידישע באַפעלקערונג האָט אויסגעמאַכט אומ־
געפער זעקס פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַ־
פעלקערונג פון לאַנד. אין די מזרחדיקע טיילן איז
דער דורכשניט געווען 8.7 פּראָצענט און אין די
מערבדיקע — 3.1 פּראָצענט. אַ גרויסע צאָל יידן
האָט געלעבט אין די דערפער. באַלאַבאַן שאַצט, אַז
די יידן האָבן אויסגעמאַכט 40 פּראָצענט אין די מערב־
דיקע טיילן און 30 פּראָצענט אין די מזרחדיקע
טיילן. דער דורכשניט פון די יידן אין די שטעט
איז געווען אַן ערך 400 נפשות. עס זיינען געווען
אינגאַנצן זיבן שטעט, וועלכע האָבן געהאַט אַ יידישן
ישוב פון איבער 1000 נפשות (בראָד, לעמבערג,
קראָקע, זשאָלקווע, טאַרנאָפּאָל, זלאָטשעוו און שני־
אַטין). די אָרימקייט צווישן יידן אין גאַליציע, וואָס
איז זינט דעמאָלט געוואָרן אַ שם־דבר, איז געווען
אַ שרעקלעכע. מען קען זאָגן, אַז 40 פּראָצענט פון
זיי האָט נישט געהאַט קיין באַשטימטע פּרנסה. אַזוי,
למשל, האָט קראָקע אָנגעציילט אין 1790 גאַנצע זעקס
פּראָצענט בעטלער. אַ פינפטל יידן זיינען געווען בעלי־
מלאכות, דערצו נאָך באַשרענקט צו עטלעכע פאַכן.
אין קראָקע, למשל, זיינען יידן געווען שטאַרק פאַר־
טראָטן אין דער באַקלייד־אינדוסטריע: 29 פּראָ־
צענט אין שניידעריי, 18.4 אין קירזשנעריי, שוס־
טעריי און היטל־מאַכעריי. פון האַנדל און אינדוס־
טריע האָט אין קראָקע געלעבט אַ העלפט פון די
יידן, בעת אין מזרח־גאַליציע נאָר 8 פּראָצענט. אַ
גרויסע צאָל יידן זיינען געווען שענקער און פאַכ־
טער: אין די שטעט האָבן זיי אויסגעמאַכט 8 פּראָ־
צענט און אין קלענערע ערטער גאַנצע 25 פּראָצענט.

געקומען זיינען די יידן פונקט ווי די נישט־
יידן פון אַ מלוכה, וואָס האָט כמעט נישט געהאַט
קיין אַדמיניסטראַציע, אין אַ לאַנד אַריין, וואָס האָט
אויסגעבויט שוין אַ ביסל אַ צו שטאַרקן אַדמיניס־
טראַטיוון אַפּאַראַט. דער דאָזיקער אַפּאַראַט האָט גע־
זאָלט זאָרגן פאַר דער „אויפקלערונג" פון די נייע
אונטערטאַנען. דער פּרינציפּ פון צענטראַליזאַציע,
געבויט אויף דער פילאָזאָפיע פון אויפגעקלערטן אַב־
סאָלוטיזם, איז געווען דער לייט־מאָטיוו, וואָס האָט
סטימולירט די דאָזיקע אייגנאַרטיקע מלוכה־פּאָלי־

טיק. דער דאָזיקער „פּעדאַגאָגישער" סיסטעם, באַ־פעסטיקט מיט אַ שולחן־ערוך פון דינים און פּאַראַ־גראַפן, האָט געזאָלט דינען ווי אַן אויסדרוק פון כלומרשטער זאָרג פאַר די נידעריקע שיכטן פון פאָלק אויף אַזאַ אופן, וואָס זאָל נישט אָנרירן די קלאַסן־אינטערעסן פון די הערשנדיקע גרופּעס. בנוגע די פּויערים איז דאָס געווען אַ באַשרענקונג פון דער פריצישער מאַכט איבער זיי, אָדער אַ פאַרקלענערונג פון די התחייבותן לגבי דעם פריץ: דאָס אָפּשאַפן פון „לייב־אייגנשאַפט" און דאָס אַריינפירן אַ סיס־טעם פון „געמעסיקטער אונטערטעניקייט". בנוגע יידן האָט געקענט אָנגעווענדט ווערן אַן ענלעכער יו־רידישער צוגאַנג. אָנשטאָט הפקרדיקע באַשטיי־ערונגען, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין אַלטן פּוילן, — האָט עסטרייך געהאַלטן פאַר מער צוועק־מעסיק אַריינצופירן אַ נעץ פון גוט־פאָרמולירטע גע־זעצן און עדיקטן, וואָס זאָלן באַצוועקן צוויי זאַכן: פאַרקלענערן די צאָל יידן אין לאַנד און פאַרגרע־סערן די הכנסות פון די יידן. קיין קאָנקרעטע פּראָ־גראַם, ווי דאָס איז געווען בנוגע דער קירך, דער שלאַכטע און אפילו בנוגע די פּויערים, האָט די רע־גירונג אין דעם ענין יידן נישט געוואָלט אויסאַרבעטן. אין 1776 איז באַשטימט געוואָרן אַ יידישע לאַנד־דירעקציע, וואָס איז באַשטאַנען פון זעקס לאַנד־עלט־סטע און זעקס קרייז־עלטסטע. (דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען פאַרטיילט אין זעקס באַצירקן און 59 קרייזן).

די אויפגאַבע פון דער דאָזיקער „גענעראַל די־רעקציאָן דער יודענשאַפט", וואָס איז געקליבן גע־וואָרן אויף 6 יאָר לויט אַ זייער קאָמפּליצירטן וואַל־סיסטעם, איז געווען — פאַנאַנדערטיילן די שטייערן אויף די קהילות. אויף אַזאַ אופן איז צוריק אויפ־געלעבט געוואָרן אַ טייל פון אַלטן וועד, אַרום וועלכן עס האָט זיך געשאַפן אַ באַדייטנדיקער קרייז יידישע באַאַמטע, וואָס האָבן געמוזט איינמאָנען די שטייערן פון די יידן.

געווען זיינען די דאָזיקע שטייערן פון כל המינים: קודם־כל דער אַלטער קאָפּ־שטייער, וואָס זיין נאָמען איז פאַרביטן געוואָרן אויף „טאָלעראַנץ־געביר" און וואָס אין זכות פון אָט דעם נאָמען האָט מען פון די יידן מיט אומטאָלעראַנץ אויסגעפּרעסט צוויי מאָל אַזוי פיל ווי אין פּוילן, ד"ה פיר פּוילישע גילדן פון אַ קאָפּ. שפּעטער האָט מען דעם שטייער געהעכערט אויף פיר עסטרייכישע גולדן פון אַ משפּחה, ד"ה 16 פּוילישע גילדן. פון די אָרימע לייט, וואָס האָבן קיין שטייער נישט געקענט צאָלן, האָט מען געפאָדערט זיי זאָלן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. דער אופן ווי אַזוי מען האָט געמאָנט שטייערן, האָט אַרויסגע־רופן שטאַרקע פּראָטעסטן. די רייכע קהילות האָבן שוין אַכטונג געגעבן, אַז די אָרימע קהילות זאָלן צאָלן, הגם אַ סך פון זיי זיינען געווען פאַר־באָדן אין חובות, וואָס זיינען פאַרבליבן בירושה פון די פּוילישע צייטן. אין 1777 האָט דער לעמבערגער קהל געצאָלט אַן ערך 75 פּראָצענט פון זיינע הכנסות אויף צו דעקן די צינזן פון די חובות, וואָס איז גע־קומען די גלחים אויפן חשבון פון די אַמאָליקע הלוואות.

כדי צו פאַרקלענערן די צאָל יידן, האָט מען אַרויפגעלייגט שווערע חתונה־שטייערן. אין אָנהויב האָט זיך געפאָדערט אַ קאַפּיטאַל פון 500 עסטרייכישע גולדן, כדי צו זיין באַרעכטיקט חתונה צו האָבן. אַ פּערזאָן מיט אַ פאַרמעגן ביז 1000 גולדן האָט געמוזט באַצאָלן אַ טאַקסע פון 10 פּראָצענט פון זיין קאַפּיטאַל. מיט יעדן טויזנטער איז די טאַקסע געהעכערט געוואָרן מיט אַ האַלב פּראָצענט. דער גובערנאַטאָר גראַף האַ־דיק האָט מאָטיווירט די דאָזיקע שטייערן, אַז עס איז דער וואונטש פון דער קייזערין מאַריאַ טערעזאַ „אָפּצוהאַלטן דעם וואוקס פון דער גאַליציאַנער יידנ־שאַפט". שפּעטער האָט מען שוין געקענט כאַפּן „מציאות" ביים חתונה־שטייער. אָבער אין לעצטן סך־הכל האָט די מלוכה־קאַסע געהאַט פון דעם אַ ריינעם ריווח פון 40,000 גולדן (אין 1784). דער רעזול־טאַט פון דער דאָזיקער חתונה־טאַקסע איז געווען, אַז מען האָט חתונה געהאַט בסוד. די דאָזיקע געהיימע חתונות, נישט רעגיסטרירט אָפיציעל אין די עווי־דענץ־ביכער, זיינען געוואָרן דער יסוד פון דער באַ־רימטער לעגענדע וועגן יידישע . . . ממזרים אין גאַ־ליציע.

אַ צווייטער מיטל אויף צו פאַרקלענערן די יידישע באַפעלקערונג איז געווען דאָס דערמוטיקן צו עמי־גראַציע און דאָס פאַרבאָטן באַזעצן זיך אין לאַנד. נאָר אַ ייד, וואָס האָט געהאַט אַ קאַפּיטאַל פון 5,000 גולדן און איז געווען גרייט צו באַצאָלן אַ צענט־חלק פאַר די רעכט זיך צו באַזעצן אין גאַליציע, האָט געקענט באַקומען אַזאַ דערלויבעניש; די וואָס האָבן נישט געקענט צאָלן קיין שטייערן, האָט מען קלאַסיפיצירט ווי „בעטלער" און אַרויסגעשיקט פון לאַנד. אין די יאָרן 1781—1784 האָט מען צוריקגעשיקט קיין פּוילן 1851 אַזעלכע אָרימע יידן. פּוילן האָט זיי אגב נישט געוואָלט אַריינלאָזן. ביי די יידן, וואָס האָבן חתונה געהאַט אָן אַ דערלויבעניש פון גובערניום, האָט מען צוגענומען די הייזער און די נחלות, און זיי אָפּגעגעבן דייטשע קאָלאָניסטן, וואָס מען האָט אַראָפּגעבראַכט קיין גאַליציע.

אַן אַנדער מיטל צו באַשרענקען די יידישע באַ־פעלקערונג איז געווען דאָס אַריינפירן נייע יידישע רעווירן, אָדער דאָס באַפעסטיקן די אַלטע יידישע קוואַרטאַלן. אין לעמבערג האָבן יידן געמעגט וואוי־נען נאָר אין צוויי פאַרשטעט. אין צענטער פון דער שטאָט האָבן געמעגט וואוינען נאָר רייכע יידן מיט אַ קאַפּיטאַל פון מינימום 30,000 גולדן, אָבער אויך זיי

האָבן נישט געטאָרט קויפן קיין הייזער. אַ פּרעמדער ייד, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ לעמבערגער יידיש מיידל, אָדער אַ לעמבערגער יידיש מיידל, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ פּרעמדן יידן, האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט. אין אַנדערע שטעט איז געווען דאָס זעלבע. אין ניי־סאַנדעץ האָבן יידן געמעגט קויפן הייזער נאָר אויף איין גאַס, ענלעך — אין טאַרנע. אין יאַסלע, פּילזן און אַנדערע שטעט האָט נאָר איין יידישע משפּחה געמעגט האָבן אַ הויז, „כדי קענען געבן אַ נאַכטלעגער די דורכפאָרנדיקע אמונה־ברידער".

שפּעטער האָט מען געמאַכט איניקע הנחות, אָבער ניט קיין וועזנטלעכע. בעלי־מלאכות, וואָס מען האָט ניט געקענט קריגן אין דער אייגענער קהילה, האָט מען דערלויבט ברענגען פון דער פרעמד. אַזוי האָט מען אין 1831 דערלויבט ברענגען קיין לעמבערג 22 בוך־דרוקער־געזעלן.

ווען אַ יידישער קוואַרטאַל האָט אָפּגעברענט, האָט מען לויטן מוסטער פון דער פּרייסישער מאַכט אין פּרייסיש־פּוילן, נישט געוואָלט דערלויבן עס צוריק אויפבויען. אַזוי, למשל, ווען דער יידישער טייל פון סאַנאָק האָט אָפּגעברענט אין 1783, האָט דער סטאַראָסטע פאַרבאָטן אויפצובויען די אָפּגעברענטע בנינים. די קהילה האָט „רעקורסירט" צו דער גובערניע און ס'האָט גענומען ניין חדשים ביז אַזאַ דערלויבעניש איז .. געבוירן געוואָרן. דאָס איז אָבער געווען אַ יוצא מן הכלל. אַ שריפה איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ גינציקע געלעגנהייט פּטור ווערן פון יידן, אויף אַזאַ אופן ווי די יידן גופא וועלן פאַר זיך באַשטימען.

אויך אויפן עקאָנאָמישן געביט האָט מען יידן געמאַכט גרויסע שוועריקייטן. הגם די מאַכט האָט געקוקט אויף יידן, ווי אויף דעם האַנדל־נערוו פון די שטעט און שטעטלעך אין גאַליציע און אָפטמאָל אויסגעשטעלט זיי גוטע אַטעסטאַטן, — איז אָבער אין דער זעלבער צייט ווינציק וואָס געטאָן געוואָרן לטובת די זעלבע יידן. אַ וויכטיקער באַאַמטער שרייבט אין 1783, אַז יידישע בעלי־מלאכות אַרבעטן פיל ביליקער און אַ סך פּינקטלעכער, ווי די נישט־יידן, דאָך ווערן זיי אָפּיציעל געשטעמפּלט ווי פאַר־טאַטשעס. דאָס רוב יידישע בעלי־מלאכות זיינען באַשטאַנען פון שניידער און בעקער. געווען אַ סך בעלי־מלאכות, וואָס האָבן געקוקט אויף זייער מלאכה ווי אויף אַ זייטיקע פּרנסה און זיך פאַרנומען אָדער מיט ערד־אַרבעט, אָדער מיט שענקעריי.

אויפן געביט פון האַנדל — שרייבט דער סאַמבאָרער סטאַראָסטע (אין 1783) — קען מען די יידן נישט פאַרבייטן. אָן זיי וואָלט מען ניט געקראָגן קיין פּאָדים, קיין זיידנס, מען וואָלט ניט געקענט פאַר־קויפן קיין תבואה, לייוונט אאַז"וו. אין דאָרף האָט דער אַרענדאַר רעפּרעזענטירט די עקאָנאָמישע קול־טור, וואָס איז בכלל דאָרטן געווען בנמצא. דאָס וואָס ער האָט געמאַכט אַ לעבן פון פאַרקויפן בראַנפן, איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ גרויס שאָדן, אָבער איי־ניקע סטאַראָסטעס האָבן פאַרטיידיקט דעם יידישן אַרענדאַר, מאָטיווירנדיק אַז דער פּויער קומט אַליין צום שענקער, און יענעם אַרענדאַר, וואָס וויל אים קיין בראַנפן נישט פאַרקויפן, שלאָגט ער מכות רצח. אַנדערע סטאַראָסטעס האָבן געשריבן, אַז דער פאַר־באָט צו פאַרקויפן משקאות, וואָס איז שוין צו יענער צייט פּראָיעקטירט געוואָרן, און איז שפּעטער טאָקע טיילווייז דורכגעפירט געוואָרן, וועט מוזן ברענגען פאַרשידענע עפּידעמישע קראַנקהייטן. אַנדערע באַ־אַמטע האָבן געהאַלטן, אַז די זעלבע משקה פאַר־קויפט צו אַ פּויער פון אַ נישט־יידן איז ווייניקער שעדלעך, ווי ווען אַ ייד פאַרקויפט זי. ווען זאַ־מאָיסקי האָט פאַרטריבן פון זיינע גיטער די יידישע שענקער און זיך אַליין גענומען צום פאַרקויפן בראַנפן, האָט ער אין 1783 זיך געמוזט צוריקציען פון דעם געשעפט, ווייל ער האָט דערלייגט געלט.

אין 1783 האָבן אויף 18 סטאַראָסטעס נאָר 8 זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ ראַדיקאַלן פאַרטרייבן יידי־שע אַרענדאַרן.

אין דער פאַר־יוזעפינער תקופה איז די לאַגע פון די יידן אין גאַליציע געווען אין אַלגעמיין זייער אַ טרויעריקע. דער קאַמף פאַרן שטיקל ברויט איז געווען אַזאַ שווערער, אַז מען האָט זיך נישט געקענט דערלויבן אפילו צו קויפן דאָס דאָזיקע ברויט ביים בעקער גופא. די עסטרייכישע זעלנער, זשעדנע נאָך אַ פּאָר קרייצער אויף אָנשיכורן זיך, פּלעגן פאַר־קויפן זייערע ברויט־פּאָרציעס צו די יידן. דער דאָ־זיקער מסחר מיט ברויט האָט אָנגענומען אַזאַ פאַר־נעם, אַז די עקאָנאָמיק פון דער מלוכה האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. דער פּויער האָט זיך געקלאָגט אויף די דאָזיקע טראַנזאַקציעס און עס איז אפילו געווען אַ פּלאַן אויפהערן צו געבן די זעלנער ברויט און פאַרבייטן דאָס מיט מזומן.

אָרימע יידן האָט מען פון רחמנות וועגן געלאָזט אַרבעטן אויף די שטראָזן.

אוודאי האָט גאַליציע געהאַט אַ יידישע בורזשו־אַזיע. זי איז אָבער געווען קליין אין צאָל, הגם גרויס אין עשירות. אַזעלכע גבירים, ווי קעלערמאַן אין יאַראָסלאַוו, אַ גרויסער תבואה־סוחר, אָדער דער בראָדער האָלץ־סוחר יצחק הערש זיינען געווען גוט־באַקאַנט אין עסטרייך. צו דער קאַטעגאָריע פּריווי־לעגירטע יידן, האָבן חוץ רייכע סוחרים אויך געהערט די יידישע רופאים. זיי האָבן געהאַט דאָס רעכט צו היילן אויך נישט־יידן. גאַליציע איז בכלל געווען דאָס ערשטע לאַנד אין אייראָפּע, וואָס האָט איינגע־פירט דעם אַמט פון אַ יידישן באַצירק־רופא, וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען צו זאָרגן פאַרן געזונט־

צושטאַנד פון דער יידישער באַפעלקערונג. שפּעטער האָט מען דעם דאָזיקן אַמט אָפּגעשאַפט. עס האָט עפּעס נישט געשטימט מיט דער מלוכהשער „פּעדאַגאָגיק”, אַז יידן זאָלן היילן נאָר יידן. דער נייער געזעץ האָט באַשטימט, אַז אַ קרייז־רופא איז פאַר אַלעמען און ממילא קען אַ ייד זיין אַ רופא פון נישט־יידן און פאַרקערט. דער יידישער רופא אין גאַליציע האָט געהאַט אַזאַ גוטן נאָמען, אַז אפילו פּוילישע פּריצים פלעגן זיך ביי אים היילן. אין אַ באַריכט פון 1799, וואָס איז געווען געדרוקט אין די „פּרייסישע יאָר־ביכער”, ווערט דערציילט, אַז אויף די בראָדער ירידים פלעגט מען קומען קויפן רפואות פּרעפּאַרירט פון יידן־רופאים.

איניקע פון די דאָזיקע רופאים האָבן אפילו געשריבן אַרטיקלען וועגן די קראַנקהייטן און דלות פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין גאַליציע. זיי האָבן אָבער נישט געקענט ענדערן די סיטואַציע, ווען אַ ייד האָט אויסגעגעבן נאָר אַ פערטל פון דעם, וואָס אַ קריסט, ווי ס'האָט געשריבן אַ פּראָמינענטער עסטרייכישער באַאַמטער.

אויף די גאַליצישע יידן האָט זיך אָנגערוקט אַ נייע אָרדענונג, וואָס האָט, ווי זיי האָבן אינסטינקטיוו פאַרשטאַנען, קיין גוטס ניט מבשר געווען. דאָס איז געווען די קורצע אָבער זייער וויכטיקע תקופה, ווען די ממשלה האָט איבערגענומען דער זון פון מאַריאַ טערעזאַ, דער קייזער יאָזעף דער צווייטער (1780—1790). יאָזעף דער צווייטער קען טיילווייז באַטראַכט ווערן ווי אַ תלמיד פון דעם פּרייסישן הערשער פרידריך דעם גרויסן, הגם אין געוויסע פּרטים איז ער געווען אַ סך פּראָגרעסיווער פון זיין גייסטיקן מדריך. ער האָט אויך געהאַלטן, אַז יידן זיינען אַ שעדלעכער עלעמענט. עס איז די אויפגאַבע פון דער מלוכה די דאָזיקע שעדלעכקייט אָדער ראַדיקאַל אויסוואָרצלען, אָדער לכל־הפחות זען זי פאַרקלענערן. אין די ערשטע אַכט יאָר פון זיין ממשלה האָט ער רק עקספּערימענטירט. ער האָט אַרויסגעשיקט פון ווין ספּעציעלע שלוחים און געבעטן זיי צושיקן אויספירלעכע באַריכטן וועגן גאַליציע בכלל און וועגן די פּויערים און די יידן בפרט. אין די צאָלרייכע עלאַבאָראַציעס פונם קייזערס משולחים איז פאַראַן אַ וויכטיקער מאַטעריאַל, וואָס אילוסטרירט די יידישע לאַגע אין גאַליציע, ווען אפילו די פאַקטן זיינען דאָ אָדער דאָרטן מיט כיוון צוגעקליבן. אין הסכם מיט זיין קוק אויף זיך, ווי אויפן באַשיצער פון די פאָלקס־אינטערעסן, האָט ער קודם־כל באַשלאָסן צו פאַרטרייבן די יידן פון די דערפער. אין יאָר 1784 איז אַרויס אַ „פּאַטענט”, וואָס באַפעלט, אַז אין משך פון דריי יאָר דאַרפן יידן באַזייטיקט ווערן פון אַרענדעס פון ברויערייען און שענק אין די שטעט, אַזוי גוט ווי אין די דערפער. אַ יאָר שפּעטער איז אַרויס אַ באַפעל צו באַזייטיקן די יידן פון אַרענדעס בכלל, איינגעשלאָסן די אַרענדעס פון מלוכה־הכנסות, יאַטקעס, עקספּאָרט פון זאַלץ אאַז"וו. דאָס זיינען געווען פונדאַמענטאַלע הכנסות, פון וועלכע ס'האָט געלעבט אַ דריטל פון גאַליצישן יידנטום. לויט דער מיינונג פון איינעם פון יענער צייט (קראַטער), האָט די גזירה פון אַרענדעס צוגענומען פּרנסה ביי 15,000 יידישע משפּחות. הגם פון די ראַפּאָרטן פון באַאַמטן מאַרגעליק, וועלכער איז געשיקט געוואָרן קיין גאַליציע אין 1783, כדי צו אונטערזוכן די אַלגעמיינע לאַגע, איז צו זען, אַז דער געדאַנק וועגן צונעמען ביי יידן די אַרענדעס איז ניט געווען אַקצעפּטירט פון דער מערהייט ביוראָקראַטישע מושלים, האָט דאָך דער קיסר זיך מיט זייער מיינונג נישט גערעכנט. ער האָט באַטראַכט די דאָזיקע גזירה ווי אַ רעפאָרמע, וואָס וועט צווינגען די יידן זיך עקאָנאָמיש צו רעהאַביליטירן, הגם די רעגירונג האָט קיין נייע קוואַלן פון פּרנסה פאַר די יידן ניט צוגעטראַכט. אפילו דער פיסקאַלער מאָטיוו, דער שוואַכסטער פּונקט אין דער עסטרייכער שטאַרקער פּאָליטיק לגבי גאַליציע, האָט ניט געקענט משפּיע זיין אויפן קיסר. אמת, דער דאָזיקער געזעץ האָט באַקומען די ברכה פון די פּרייסישע משכילים, און אין דער פּוילישער ליטעראַטור פון יענער צייט, וואָס פאַרנעמט זיך אַזוי פיל מיט פּראַגן פון רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן, ווערט דער דאָזיקער דעקרעט שטאַרק געלויבט.

אַ צווייטע רעפאָרמע איז געווען דאָס איינפירן מיליטער־דינסט פאַר יידן אין גאַליציע, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן מיט אַ דעקרעט פון ווין דעם 18טן מערץ 1788. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע, וואָס יידן זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו מיליטער־דינסט. די יידן האָבן דאָס באַטראַכט פאַר אַ גרויסע גזירה. מען האָט אָנגעהויבן אַנטלויפן פון לאַנד, מען האָט געפאַסט תעניתים, געשיקט דעלעגאַציעס קיין ווין, אָבער דעם געזעץ האָט מען נישט געקענט אָפּשרייען. מען האָט זיך פאַררופן אויפן פאַקט, וואָס דאָס רוב יידישע יונגע לייט אין גאַליציע אין מיליטער־עלטער זיינען שוין באַווייבטע און אפילו טאַטעס פון קינדער. די רעגירונג האָט אַלץ געטאָן, כדי גרינגער צו מאַכן די יידן דאָס דינען אין דער אַרמיי. כדי זיי זאָלן ניט דאַרפן עסן קיין טריפות, האָט מען זיי געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון די קריסטן. געדינט האָבן זיי מערסטנטייל אין די מיליטערישע אָבאָזן, ווי געשפּאַן־סאָלדאַטן (מיליטערישע פורמאַנעס). שבת האָט מען זיי אויף דער אַרבעט נישט גענומען. אויב אַ ייד האָט געוואָלט דינען אין דער אַקטיווער אַרמיי, האָט ער דאָס געקענט טאָן פרייוויליק (דעקרעט פון 18טן יוני 1789). גענומען האָט מען קודם־כל בחורים,

אָבער דאָרט וואו דער קאָנטינגענט איז ניט געווען אויסגעפילט, האָט מען גענומען באַווייבטע יידן.

דאָך האָבן יידן אפילו אַזאַ מיליטער־דינסט געהאַלטן פאַר אַן אומגליק. אין אייניקע שטעט איז אפילו געקומען צו אַ קאָנפליקט מיט דער מאַכט. אין בראָד, למשל, האָבן די יידן געשטעלט אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד. דער דאָרטיקער גאַרניזאָן איז געווען צו שוואַך אויף צו דערשטיקן דעם יידישן ... אויפשטאַנד. די סאָלדאַטן האָבן געמוזט זיך צוריקציען, ביז עס איז אָנגעקומען צו הילף אַ באַטאַליאָן פוסגייער, ספעציעל געשיקט פון לעמבערג. מען האָט אַרעסטירט עטלעכע פון די עלטערע יידן און זיי עפנטלעך געשמיסן אויפן מאַרק. די יינגערע האָט מען גענומען פאַר סאָלדאַטן. די לעמבערגער קהילה האָט צוגעזאָגט צו באַלוינען יעדן יידישן זעלנער מיט 15 גולדן. דער ריישער רב האָט אַפעלירט צום יידישן פאַטריאָטיזם. עס האָט נישט געהאָלפן. די „יידישע דירעקציע" האָט זיך געווענדט צום קיסר מיט אַ בקשה (דעם 10טן יולי 1788), אַז מען זאָל אָפשאַפן דאָס מיליטער־דינסט פאַר יידן. אַ סך קהילות זיינען געווען גרייט צו צאָלן אַ „פדיון שבויים"־שטייער. דער קיסר האָט באַפוילן אויסצופירן זיין דעקרעט, ווייל דער ייד „אַלס מענטש און אַלס מיטבירגער פון דער מלוכה דאַרף צוגעצויגן ווערן צו דעם אַלעמען, וואָס איז מחייב אַנדערע".

אין דער צייט פון דער מלחמה מיט טערקיי (1790) האָט זיך פאָרט איינגעגעבן צו מאָביליזירן איבער... טויזנט יידן־זעלנער. יאָזעפס נאָכפאָלגער, דער קיסר לעאָפאָלד דער צווייטער, האָט געזען, אַז סיי פאַר דער אַרמיי, סיי פאַר דער מלוכה־קאַסע וועט זיין אַ סך בעסער, אויב יידן וועלן אָנשטאָט דעם רעקרוטן־חוב צאָלן דעם אַלטן רעקרוטן־שטייער (דעקרעט פון 26טן אויגוסט 1790). דער פרייז, וואָס איז באַשטימט געוואָרן, איז געווען 30 גולדן פאַר אַ רעקרוט. מיט יאָרן שפעטער (1796) האָט דער פויליש־יידישער העלד בערעק יאָסעלעוויטש, וואָס איז נאָך דער דורכגעפאַלענער מלחמה מיט רוסלאַנד אַנטלאָפן קיין עסטרייך, פאָרגעשלאָגן דער עסטרייכישער רעגירונג צו שאַפן אַ קאָרפוס פון עטלעכע טויזנט גאַליצישע יידן, וואָס זאָלן קעמפן קעגן פראַנקרייך. דער „הויפט־קריגס־ראַט" האָט אים געענטפערט, אַז עס וואָלט געווען אומווערדיק זיך צו באַדינען מיט אַ קאָרפוס „פון יידישע בחורים, וואָס זיינען אַ לאַסט פאַר זייערע עלטערן און קרובים". דאָס איז געווען דער לעצטער עקספערימענט צו מיליטאַריזירן די גאַליצישע יידן. ערשט אין 1804 האָט מען צוריק איינגעפירט מיליטער־דינסט פאַר יידן. אין 1806 איז אַרויס אַ דעקרעט וועגן פירן באַזונדערע עווידענץ־ליסטן פון יידישע רעקרוטן. אַ יידישער רעקרוט האָט געקענט אַריינשיקן אַ קריסט, ווי אַ פאַרטרעטער, אויב די העכערע מאַכט האָט אויף דעם מסכים געווען. פון דינען זיינען באַפרייט געוואָרן נאָר די, וואָס האָבן געהאַט בירגער־רעכט צוזאַמען מיט אַ מייסטער־רעכט פון אַ מלאכה, די וואָס האָבן געהאַט נאָר מייסטער־רעכט, ווי אויך פריי־ווילעגירטע סוחרים. אַזוי אַרום האָט מען בדרך כלל קיין קינדער פון פאַרמעגלעכע יידן ניט גענומען פאַר זעלנער. עס איז אינטערעסאַנט, אַז יידישע זעלנער האָבן געקענט קריגן אורלויב נאָר אויף ערבות פון דער קהילה, פון וואַנען זיי שטאַמען און אַז בעת זיין אורלויב האָט דער זעלנער ניט געטאָרט טראָגן קיין יידישע מלבושים און זיך פאַרלאָזן אַ באָרד מיט פאות, אַ פנים, אַ סגולה קעגן דעזערציע פון דער אַרמיי. דער יידישער זעלנער איז געווען פריי פון צאָלן דעם ליכט־שטייער. דאָס זעלבע איז אויך געווען חל אויף אַן אלמנה פון אַ זעלנער. פונם פליישטייער האָט דער זעלנער באַקומען אַ הנחה: אַ קרייצער פון יעדן פונט. אין אַלגעמיין איז דער צושטייער צו דער גלאָריע פון דער עסטרייכישער אַרמיי מצד די גאַליצישע יידן נישט געווען איבעריק גרויס: די עווידענץ פון 1829 גיט אָן אַ סך־הכל פון 416 יידישע רעקרוטן פון גאַנצן לאַנד.

דער ענין ערד־אַרבעט איז געווען פון גרויס וויכטיקייט, אפילו ווען די דאָזיקע פראַגע וואָלט נישט געשטאַנען אויפן סדר־היום פון די יאָזעפינישע רעפאָרמען. אין יאָר 1781 האָט די רעגירונג זיך געווענדט צום גובערניום אין לעמבערג מיט אַן אָנפרעג מכוח באַזעצן יידן אויף מלוכהשער ערד און אויך אויף שטחים וואָס געפינען זיך לעבן שטעטלעך. דער ענין איז אָבער באַלד פאַרגעסן געוואָרן. דער קיסר, אַ תלמיד פון דער פיזיאָקראַטישער שול, וואָס האָט געזען אין לאַנדווירטשאַפט ניט נאָר דעם הויפט־יסוד פון רייכקייט, נאָר אויך דעם מקור פון אַן „ערלעכן" לעבן, האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם, ווי צו מאַכן פון יעדן יידן אַן ערד־אַרבעטער.

דעם 16טן יולי 1785 האָט יאָזעף דער צווייטער אַרויסגעגעבן זיין ערשטן דעקרעט וועגן גרינדן אַ יידישע קאָלאָניע פון ערד־אַרבעטער אין גאַליציע. צונויפגעפאַלן איז זיך די דאָזיקע התחלה צו אַגראַריזירן יידן — מיט דער אַרבעט, וואָס מען האָט אָנגעהויבן אַ ביסל פריער בנוגע קאָלאָניסטן דייטשן אין גאַליציע. פרילינג 1786 איז מען צוגעטראָטן צו גרינדן די ערשטע יידישע קאָלאָניע. זי האָט זיך געפונען אין דאָרף דאָמברואווקאָ, לעבן סאַנדז. ווען די פאַראָרימטע יידן האָבן דערהערט וועגן גרויסן „חסד" פון קיסר, האָבן זיי אָנגעהויבן שיקן בקשות צו דער רעגירונג, אַז מען זאָל זיי באַזעצן אויף ערד.

דעם זעלבן יאָר, למשל, האָט אַ גרופע יידן פון זאַלעשציק געשיקט צום קיסר אַ בריוו און געבעטן

ערד. זיי זיינען געווען גרייט אַלץ צו פאַרקויפן און ווערן ערד־אַרבעטער. אין אַ יאָר אַרום האָבן זיי די בקשה באַנייט און אַזוי געשריבן: „מיר האָבן באַשלאָסן אַוועקוואַרפן דעם קליינעם האַנדל און זיך באַפרייען פון אים און אָפּגעבן זיך מיט ערד־אַרבעט. אַזוי ווי מען טרייסט אונז מיט הבטחות פון צייט־צו־צייט, אַ יאָר איז שוין אַריבער און מיר האָבן קיין פעלדער נישט באַקומען, ווייסן מיר גאָרנישט וואָס אָנהויבן צו טאָן, ווייל מיר האָבן שוין אונזער ביסל אָרימקייט, וואָס מיר האָבן געהאַט, אויפגעגעסן און ווייסן ניט מער, ווי מיר זאָלן זיך דערנערן, ווייל מיר האָבן צוליב דעם אונזער גאַנץ פאַרמעגן געפּטרט".

די זאַלעשציקער יידן זיינען נישט געווען די איינציקע, וואָס האָבן געוואָלט איבערבויען זייער עקאָנאָמיש לעבן. מען האָט זיי אָבער אַנטוישט. די וואָס איז געלונגען צו קריגן ערד, האָבן באַקומען אַ סך ערגערע שטחים, ווי מען האָט געגעבן די דייטשן. קודם־כל האָט מען די יידישע קאָלאָניסטן געגעבן אַ סך ערגערע באַדינגונגען, ווי די דייטשע. די ערד האָבן די יידן באַקומען אין אייביקע אַרענדע. אַלע הוצאות, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט בויען די קאָלאָניעס, האָבן די קאָלאָניסטן געמוזט אומקערן אין משך פון פיר יאָר. אויף איינאָרדענען אַ דייטשע משפחה איז די מלוכה געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי האָט אויסגעגעבן ביז 1000 גולדן (חוץ ערד), בעת פאַר אַ יידישער משפחה האָט מען געקאַרגט און זיך געלאָזט קאָסטן סך־הכל 100 גולדן. די פּראַקטיק פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע איז געווען גאָר בולט, בעת לעבן באָלעכאָוו (סטאַניסלאַוואָווער געגנט) זיינען געגרינדעט געוואָרן די קאָלאָניעס „נייער באַבילאָן" און „נייער ירושלים". אמת, אין 1809 האָט אַ רייזענדער, אַ געוויסער בראָדעצקי, וואָס האָט באַזוכט די צוויי קאָלאָניעס, שטאַרק געלויבט די יידישע קאָלאָניסטן. אָבער וועגן די שוועריקייטן, אויף וועלכע זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן, האָט ער נישט געוואָלט דערציילן.

די דייטשע קאָלאָניזאַציע איז געווען אַ פּאָליטישע און האָט באַצוועקט צו פאַרגרעסערן דעם דייטשן עלעמענט אין לאַנד. מיט יידן איז געווען אַנדערש. עס האָט אין די פּרואוון געשטעקט אַ „פּעדאַגאָגישער" עלעמענט, וואָס איז טעאָרעטיש געווען געלויבט, אָבער פּראַקטיש ווייט נישט צום האַרצן.

קראַטער, אַ ערלעכער עסטרייכישער באַאַמטער און בטבע אַ גוטער באַאָבאַכטער פון גאַליצישן לעבן, האָט געשריבן (אין 1786), אַז דאָס קאָלאָניזירן די דייטשן האָט שוין אָפּגעקאָסט צוויי מיליאָן גולדן און עס ווערן פון דער קאָלאָניזאַציע נישט דערוואַרט קיין גרויסע רעזולטאַטן. מען וואָלט געקענט, שרייבט ער, באַזעצן אַ 9000 יידישע משפחות פאַר אַ סך אַ ביליקערן פּרייז, און מיט אַ סך בעסערע רעזולטאַטן. אין 1810 האָט דער פּוילישער עקאָנאָמיסט סוראָוועצקי געשריבן, אַז ווען דער ייד האָט אַ קוק געטאָן אויף דער טרויעריקער לאַגע פון פויער, האָט ער זיך געמוזט דערשרעקן פאַרן גורל פון אַן ערד־אַרבעטער.

„ער האָט געמוזט מורא האָבן — האָט ער געשריבן — אַז פון אַ פאַרהאַסטן אָבער פרייען מענטשן זאָל ער מיט דער צייט נישט ווערן אַ געפּייניקטער און אַ קנעכט פון זיין האַר!"

„איך בין טיף איבערצייגט — האָט סוראָוועצקי באַמערקט — אַז ביי גוטע באַדינגונגען וואָלט זיך דאָס באַזעצן יידן אויף ערד בעסער באַצאָלט דער רעגירונג און עס וואָלט געקאָסט ווינציקער, ווי דאָס אַראָפּברענגען קאָלאָניסטן פון ווייטע מקומות".

עס איז אָן ספק אַ רמז אויף דער יאָזעפינישער יידן־קאָלאָניזאַציע אין גאַליציע. פון די געפּלאַנטע קנאַפּע 1500 יידישע משפחות, וואָס איז לכתחילה פּראָיעקטירט געוואָרן צו באַזעצן, האָט מען באַזעצט עפּעס מער ווי אַ העלפט. לויט אַ רשימה פון 1822 זיינען אין 19 קרייזן געווען 451 קאָלאָניסטן אויפן חשבון פון קהילות און 385 אויפן אייגענעם חשבון. אין 1826 האָט מען אָפיציעל אָנגעציילט 724 „אַקער־יידן".

די דריטע רעפאָרמע איז געווען: דאָס איינפירן נעמען פאַר יידן. אַדאַנק דער השפעה פון די דייטשע באַאַמטע, האָבן די יידן באַקומען דאָס רוב גערמאַנישע נעמען. אין 1785 האָט די רעגירונג געהייסן אָפּשאַפן די „יידישע דירעקציע" און אויך די קהילות, ווייל דאָס פאַרשטאַרקט דעם יידישן „סעפּאַראַטיזם".

אין 1787 האָט מען אָנגעהויבן עפענען שולן פאַר יידישע קינדער. די אַנטוויקלונג פון דאָזיקן שול־סיסטעם פאַלט אָבער אויף אַ שפּעטערדיקע צייט.

די קרוין פון יאָזעפס רעפאָרמאַטאָרישער טעטיקייט איז געווען דער באַרימטער „טאָלעראַנץ־פּאַטענט", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר עסטרייך אין 1782, פאַר גאַליציע ווי אַ פּראָוויזאָריום אין 1785 און ווי אַן ענדגילטיקער, אין אַ שטאַרק פאַרברייטערטער פאָרמע, דעם 7טן מאַי 1789. אין 64 פּאַראַגראַפן ווערט פאָרמולירט דער אַקט, וואָס האָט געזאָלט זיין די „מאַגנאַ קאַרטאַ" פאַר די יידן אין גאַליציע. אין די ערשטע צען פּאַראַגראַפן ווערט דעפינירט די יידישע רעליגיע, די אויפגאַבע פון קרייז־ראַבינער אין די גרויסע קהילות און פון „שול־זינגער" (חזן) אין די קלענערע קהילות. בתי־התפילה באַקומען די זעלבע רעכט ווי קירכעס, מען דאַרף צאָלן אַ ספּעציעלן שטייער לטובת דעם יידישן

שול־פאַנד. דער רב דאַרף נישט משפטן אין יו־
רידישע ענינים, נאָר אין רעליגיעזע און ער טאָר
ניט מחרים זיין. עס ווערט געגעבן די רבנים נאָך
זעקס יאָר צייט ביז זיי וועלן מוזן האָבן אַ צייגע־
ניש, אַז זיי האָבן געענדיקט אַ עלעמענטאַרע שול.

אין אַ שפּעטערדיקן געזעץ פון 19טן נאָוועמ־
בער 1798 ווערט אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן דע־
פינירט וואָס איז אַזוינס אַ סינאַגאָגע. עס איז כדאי
די דאָזיקע דערקלערונג דאָ צו ציטירן:

„די סינאַגאָגע איז אַ געבעט־הויז אָן אַן אויוון,
וואו אין מיטן שטייט אַ הויכער טיש, אַן ארון קודש
מיט אַ מינימום פון דריי ספרי־תורות. אונטער אַ
קליין־שול, אָדער לער־שול (בית־המדרש) ווערט
פאַרשטאַנען אַ גרעסערער צימער מיט אַן אויוון,
וואָס איז אַזוי ווי די סינאַגאָגע באַשטימט פאַר גאָ־
טעס־דינסטלעכע צוועקן און איז דאָס אייגנטום
פון דער קהילה. פאַר אַ מנין ווערט אָנערקענט יע־
דער בשותפותדיקער דאַווענען, וואָס אַן איינצלנער
ייד פירט דורך אין זיין אייגענער שטוב שבת און
אין מיטן וואָך, מיט אָדער אָן אַ ספר תורה".

בנוגע נייע שולן האָט דאָס געזעץ פון 1798
געפאָדערט אַן אָפּצאָל פון צוויי טויזנט גולדן ווי אַ
„מלוכה־טאַקסע" און הונדערט גולדן אַ יאָר פאַר
דער דערלויבעניש און איינריכטונג. פאַר רעליגיעזע
באַדינטע ווערן אָנערקענט: רבנים, חזנים, שוחטים,
שמשים און די מיטגלידער פון דער חברה קדישא.

די פּאַראַגראַפן 11—14 באַהאַנדלען די פראַגע
פון חינוך. עס ווערן איינגעפירט באַזונדערע עלע־
מענטאַרע שולן פאַר יידישע קינדער, ספּעציעלע פאַר
יינגלעך. להבא וועט מען ניט קענען חתונה האָבן
אָן אַ צייגעניש, אַז מען האָט געענדיקט אַזאַ שול.
עס ווערט פּראָיעקטירט צו עפענען אין לעמבערג אַ
לערער־סעמינאַר פאַר יידישע לערער. די פּאַראַ־
גראַפן 14—22 פאָרמולירן די קאָמפּעטענץ פון די
יידישע קהילות, וואָס זייער צאָל איז 141. בראש
פון אַ קהילה שטייען דריי פאַרשטייער. אין די
צוויי גרויסע קהילות, ווי לעמבערג און בראָד —
זיבן. קהל קלייבט אויס זעקס קאַנדידאַטן אין דער
פאַרוואַלטונג אויף דריי יאָר צייט, פון וועלכע די
לאָקאַלע מאַכט קלייבט אויס דריי (אין לעמבערג
און בראָד 14). דער אַמט פון אַ קהילה־פאַרשטייער
איז אַ באַצאָלטער פון דער קהילה. איין קהילה־
פאַרוואַלטונג טאָר נישט האָבן קיין שום קאָנטאַקט
מיט די פאַרוואַלטונגען פון אַנדערע קהילות, כדי
אויף אַזאַ אופן נישט צולאָזן צו אַ צענטראַלער קער־
פּערשאַפט פון די קהילות.

די פּאַראַגראַפן 23—30 נעמען אַרום די פראַגן
פון פרנסות, חתונות, איבערוואַנדערן פון איין אָרט
אין צווייטן און אויך די פראַגע פון טראָגן אַ פאַ־
מיליע־נאָמען.

פון 31 ביז 40 ווערן פאָרמולירט די פרנסות
פון יידן. עס ווערט זיי דערלויבט פרייער מסחר און
מלאכה. זיי טאָרן נישט האַלטן קיין שענקען אין די
דערפער און אַרענדירן פויערישע ערד, מילן אאַז"וו.
עס ווערט אָבער די יידן צוגעגעבן חשק צו ווערן
ערד־אַרבעטער. אין די פּאַראַגראַפן 41—47 ווערט
באַהאַנדלט די יורידישע לאַגע פון די יידישע קהילות.
די יידן ווערן אונטערגעוואָרפן דעם מלוכה־געריכט.
אין די לעצטע 14 פּאַראַגראַפן ווערט אַרומגערעדט
די פראַגע פון פליכטן, ווי מיליטער־דינסט, שטייערן
און הויפּטזעכלעך דער כשר־פלייש־שטייער. פּאַקטיש
איז יאָזעפס „פּאַטענט" געווען די שפּרינג־ברעט פאַר
אַלע תקנות, מלואים, דעקרעטן, געזעצן מיט וועלכע
עס האָט געשווייבלט און געגריבלט אין דער דע־
מאָלטדיקער גאַליציע.

דאָס לעבן פון די יידן אין גאַליציע איז נאָר־
מירט געוואָרן מער לויט די קאַפּריזן פון די לאָקאַלע
ביוראָקראַטן און לויטן כאַבאַר, וואָס עס האָט באַ־
קומען דער עסטרייכישער באַאַמטער אָדער דער
קהילה־פאַרשטייער, באַזונדערס ווען עס האָט זיך
געהאַנדלט וועגן אויפקלערן די רעכט צו וואוינען
אין אַ שטאָט, לויט די תקנות פון „פּאַטענט". עקאָ־
נאָמיש האָט דער „פּאַטענט" די לאַגע פון די יידן
ניט פאַרבעסערט. די שטעט און שטעטלעך זיינען
ווייטער געווען אָנגעפּאַקט מיט יידן, און ווי עס
דריקט זיך אויס אַ הויכער ווינער באַאַמטער פון
יענער צייט: מען פלעגט שטאַרבן ווי פּאַטריאָטן
„אויפן שויס פון דער מלוכה", ווייל עמיגרירן איז
ניט געווען וואוהין. דער יידישער בעל־מלאכה האָט
באַקומען אַ ביסל מער רעכט, מען האָט אים צו־
געלאָזט צו די שטאָטישע צעכן. די יידישע „קול־
טור־טרעגער", וואָס דאָס געזעץ וועגן שולן האָט
אַרויסגעבראַכט, זיינען געוואָרן געטרייע „קיניגלעך־
און קייזערלעכע באַאַמטע" און האָבן אַ סך בייגע־
שטייערט, אַז וועלטלעכע בילדונג זאָל ווערן פאַר־
האַסט אין די אויגן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן.
מען האָט צו די יידישע לערער פון די דאָזיקע שולן,
וואָס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן דורך אַ בעמישן
יידן הערץ האָמבערג (1749—1841), קיין צופיל צו־
טרוי נישט געהאַט. דער יאָזעפינישער פּאַטענט איז
געוואָרן פאַר זיי אַ קוואַל פון הכנסה. זיי האָבן
אַרויסגעגעבן צייגענישן יעדן איינעם, וואָס איז געווען
בכוח צו באַצאָלן. די שולן זיינע אָפּגעשאַפט גע־
וואָרן אין יאָר 1806.

אַ גרויסע לאַסט איז געווען פאַר די גאַליצישע
יידן דער מבול פון כלערליי שטייערן. וועגן איי־
ניקע שטייערן איז שוין פריער גערעדט געוואָרן,
ווען די רעגירונג האָט זיך איבערצייגט, אַז דער
הכנסה־שטייער רירט אָן קודם־כל די אָרימערע שיכטן,
האָט זי אין 1784 איינגעפירט אַ רייע ענדערונגען.

געשען איז דאָס מחמת דעם, וואָס אייניקע סטאַראָסטעס האָבן זיך באַקלאָגט, אַז די „יידישע דירעקציע" איז נישט גענוג יושרדיק צו די אָרימערע שיכטן און באַמיט זיך צו באַפרייען די רייכע קהילות פון צו גרויסע שטייערן. ווען די רייכע לעמבערגער קהילה האָט באַקומען אין 1780 אַ הנחה אויף אירע שטייערן, האָט מען תיכף דעם היזק אַרויפגעלייגט אויף אַנדערע קהילות.

ווי שטאַרק די קהילות זיינען געווען פאַרבאָדן אין חובות, קען מען זען פון אַזאַ פאַקט: די קהילה פון אָשוויענטשים (אושפיזין), די איינציקע אגב אין גאַנצן מישלעניצער קרייז, האָט געצאָלט אין 1783 אַ סומע פון 3552 גולדן און 17 אַ האַלב קרייצער טאָלעראַנץ־ און הכנסה־שטייער. די גאַנצע קהילה האָט געציילט 1295 נפשות, בלויז אָרימע לייט: קרעמער, קצבים און שענקער. דאָס האָט די „יידן־דירעקציע" זי אַזוי באַשטייערט — אין 1780 האָט די זעלבע קהילה געצאָלט נאָר 1648 גולדן מיט 45 קרייצער. די קהילה איז נישט געווען בכוח צו באַצאָלן אַזאַ גרויסע סומע. זי האָט אַפעלירט צום קיסר, עס האָט אָבער נישט געהאָלפן. דער דאָרטיקער סטאַראָסטע האָט געשריבן, אַז די „יידן־דירעקציע" האַלט אויס צופיל אייגענע ביוראָקראַטן, ווי שרייבער, משולחים אאַז"וו. די דאָזיקע באַשולדיקונגען האָבן גורם געווען דאָס אָפּשאַפן די „יידן־דירעקציע".

די יידן האָבן געמוזט זיך אונטערשרייבן אויף פאַרשידענע מלוכה־הלוואות. אין יאָר 1800 איז איינגעפירט געוואָרן אַן עקסטראַ־שטייער אין דער הויך פון 50 פראָצענט פון אַמאָליקן שוץ־שטייער, וואָס איז פאַרטאָפּלט געוואָרן אין 1801 און 1802. אין 1803 און 1804 איז ווייטער איינגעפירט געוואָרן אַן אַלגעמיינער אויך עקסטראַ־שטייער אויף אַ ריזיקע סומע פון 112,000 פלאָרין. עס איז געווען אַ שטייער פון קאַפּיטאַלן און הכנסות. שפּעטער איז צוגעקומען אַ פּערזענלעכער אַלגעמיינער שטייער (1829) און אויך אַ ירושה־שטייער. פאַר אַ „מנין" האָט מען געצאָלט אַ שטעמפּל־שטייער פון 20 גולדן אַ יאָר. אַ פרעמדער ייד, בפרט פון פוילן, האָט געצאָלט אַ „געלייט־צאָל". חוץ דעם זיינען געווען קאָנסומציע־שטייערן, וואָס האָבן שווער געטראָפן די יידישע מאַסן פון לאַנד. די אַלטע „קאָראָבקע" איז געבליבן אונטער דער נייער הערשאַפט אומגערירט. דאָס איז געווען אַ פלייש־שטייער. אין 1784 האָט מען אָפּגעשאַפט דאָס רעכט פון איינצלנע קהילות אויף „קאָראָבקע" און מען האָט איינגעפירט אַן אַלגעמיינעם אָפּצאָל אויף כשר פלייש (דעם 16טן סעפּטעמבער 1784). דער דאָזיקער שטייער, וואָס איז שפּעטער פאָרמולירט געוואָרן אין יאָזעפס דעקרעט פון 1789 און אַ ביסל געענדערט געוואָרן אין 1802, איז געבליבן אין גאַליציע ביזן יאָר 1848. פונם דאָזיקן שטייער זיינען געווען באַפרייט נאָר יידישע קאָלאָניסטן. זעלנער האָבן נאָר געהאַט אַ קליינע הנחה.

דער כשר־פלייש־שטייער איז געצאָלט געוואָרן פון רינדער און עופות. אין די יאָרן 1784—1790 איז ער איינגעמאָנט געוואָרן פון ספּעציעלע פאַכטער אין דער פאַכט־דירעקציע. פון 1790 ביז 1791 און דאַן ביז 1796 האָט עס איינגעמאָנט דער מלוכה־אוצר, אָבער אויך אונטער דער אויפזיכט פון דער „פאַכטונג־אַדמיניסטראַציע"; ביז אָקטאָבער 1809 — ווידער פון דער פאַכט־דירעקציע. פון דעמאָלט אָן ביז ער איז אינגאַנצן בטל געוואָרן, איז דער דאָזיקער שטייער אַרענדירט געוואָרן דורך אַ ליציטאַציע נאָר אויף איין יאָר צייט. אַדאַנק דעם דאָזיקן שטייער האָט כשר פלייש געקאָסט צוויי מאָל אַזוי פיל ווי טרפה. די יידן האָבן דערפון שטאַרק געליטן, הגם זיי האָבן זיך געקענט אַן עצה געבן: פשוט עסן ווינציקער פלייש.

ערגער איז אָבער געווען מיטן צווייטן אָפּצאָל: שבת־ליכט־שטייער. ער איז איינגעפירט געוואָרן אין 1797 און האָט געפאָדערט צו צאָלן צען קרייצער פון צוויי שבת־ליכט. דעם דאָזיקן שטייער האָט אינספּירירט אַ לעמבערגער ייד שלמה קאָפּלער. דאָס געזעץ האָט פאָרמולירט, אַז „אַלע תושבים און פרעמדע זעלבסטשטענדיקע יידן פוןביידע געשלעכטער זיינען מחוייב צו צינדן צוויי ליכט און תיכף דערפאַר באַצאָלן". דעם דאָזיקן שטייער האָט מען געמוזט צאָלן אפילו, ווען מען האָט נישט געצונדן קיין ליכט. אפילו ווען מען האָט געוואוינט צוזאַמען, אָדער באַזונדער. משפחות וואָס וואוינען צוזאַמען טאָרן נישט שטעלן די שבת־ליכט אויף אַ בשותפותדיקן טיש. אויך פרעמדע יידן, וואָס געפינען זיך אין לאַנד, זיינען אונטערגעוואָרפן דעם דאָזיקן שטייער. פריי פון צאָלן דעם ליכט־שטייער זיינען: קאָלאָניסטן, זעלנער און זייערע ווייבער, ווי אויך אלמנות פון זעלנער. דאָס איז געווען מער אַ גזירה, ווי אַ שטייער. ביי די, וואָס האָבן נישט געהאַט די פאָר קרייצער, האָט מען צוגענומען די הויז־זאַכן. די אָרימקייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז אין 1801 האָט די רעגירונג געמוזט באַפרייען 4000 יידישע משפחות פון צאָלן דעם דאָזיקן שטייער און 11,000 משפחות האָבן באַקומען אַ הנחה. מען האָט שפּעטער איינגעפירט ספּעציעלע צעטלעך פאַר אָרימע לייט, צו פינף קרייצער פאַר אַ ליכטל, וואָס דער פאַכטער פלעגט איינקאַסירן ביי זיי אָנשטאָט מזומנים (אין 1816). די דאָזיקע הנחות זיינען אָבער נישט געווען אויף שטענדיק. די 15,000 יידישע משפחות האָבן געמוזט אָנקומען צו קרייז־באַאַמטע, און קיינער האָט נישט געקענט וויסן אין פאָראויס, צי ער

האָט זוכה בגורל געווען צו באַקומען די הנחה, אָדער פּולשטענדיק באַפרייט ווערן פון שטייער. אין 1846 האָט דער כשר־פלייש־שטייער אַריינגעטראָגן 700,000 גולדן. ווי גרויס עס איז געווען די הכנסה פון שבת־ליכט־שטייער, איז אומבאַקאַנט. עס איז אָבער כדאי צו וויסן, אַז אין 1800 האָט דער זעלבער קאַפּלער בשותפות מיט אַ קריסט באַצאָלט אין פאַרויס דער מלוכה 350,000 פלאָרין פאַר דער אַרענדע פון דאָזיקן שטייער. כדי צוגעבן חשק צו צאָלן דעם דאָזיקן שטייער, האָט מען אין 1800 געענדערט דעם „טאָלעראַנץ־פּאַטענט". מען האָט געגעבן אַקטיוו וואַל־רעכט ביים אויסוויילן קהל־לייט, רבנים, שפּיטאָל־גבאים — נאָר יענע, וואָס צאָלן אין אַ קהילה, וועלכע ציילט 150 משפּחות, פאַר דריי ליכט, ביז 200 משפּחות — פאַר פיר ליכט. אין אַזעלכע שטעט, ווי לעמבערג, בראָד, קראָקע, לובלין אאַז"וו, האָט מען שוין געמוזט צאָלן פאַר אַזאַ זכיה מיט זיבן ליכט. אויסקלייבן האָט מען געקענט נאָר אַזעלכע, וואָס צאָלן מיט אַ ליכט מער; אַ ראש־הקהל אין אַ גרויסער קהילה — פאַר 10 ליכט. דער סוף איז געווען, אַז דאָס רוב פּרנסים זיינען טאַקע געוואָרן שותפים פון שבת־ליכט־אַרענדע, — מען האָט די מענטשן אַזוי שרעקלעך געהאַסט, אַז דאָס וואָרט „ליכט־פּאַכטער" איז געוואָרן אין גאַליציע אַ זידל־וואָרט.

אין דעם זעלבן גייסט איז געפירט געוואָרן די אידישע קהילה אין גאַליציע נאָך דעם, ווי מען האָט אין 1785 אָפּגעשאַפט די „גענעראַל יידן־דירעקציע" און ממילא אויך די „לאַנד־ און קרייז־עלטסטע". מען האָט איינגעפירט אַ קהילה־פאַרוואַלטונג לויט אַ נייעם סיסטעם. די אויסגעקליבענע האָבן געמוזט זיין אייגנטימער פון הייזער אין דער שטאָט, וואו די קהילה געפינט זיך. זיי האָבן געמוזט קענען דייטש, און געדאַרפט באַקומען צוויי דריטל שטימען פון די יידישע בעלי־בתים.

דער יאָזעפינער דעקרעט האָט אין תוך נישט געענדערט די פאַרטיילונג פון דער יידנשאַפט אין קהילות. ער האָט אָבער באַגרענעצט אירע פּרעראָגאַטיוון. אין גאַליציע זיינען אָפיציעל געווען 141 קהילות. דער סיסטעם פון די וואַלן איז געווען באַזירט אויפן פּרינציפּ פון שבת־ליכט־אָפּצאָל, ווי עס איז אויבן געשילדערט געוואָרן. די אויסגעקליבענע זיינען געווען דאָס רוב מענטשן פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן, און דאָס פאָלק האָט צו זיי קיין צוטרוי נישט געהאַט. די מאַסע האָט שווער געליטן אונטער דעם יאָך פון דער קהלשער העגעמאָניע און אונטערן דרוק פון די אָנגעפּאַרענע מלוכה־באַאַמטע, וועמען דאָס לאַנד, די שפּראַך, די מנהגים זיינען געווען פרעמד און אפילו אָפּשטויסנדיק. אַ גוטער באַאָבאַכטער פון יענער צייט ד"ר יאָזעף אויגוסט שולטעס (1770—1831) שרייבט אַזוי: „אַן עסט־רייכישער באַאַמטער האָט געקוקט אויף זיין אַמט אין גאַליציע ווי אויף אַ געלעגנהייט רייך צו ווערן דורך אויספּרעסן געלט פון יידן, ווייל ער האָט סיי ווי סיי נישט געהאַט קיין חשק צו בלייבן אין לאַנד. אַ ריכטער, וואָס האָט אַרעסטירט אַלע יידן אין זיין שטאָט מיט אַ תירוץ אַז זיי זיינען באַגאַנגען אַ גנבה, האָט עס געטאָן, כדי אויסצופּרעסן געלט אפילו פון דורכרייזנדיקע יידן, וואָס שלאָגן פאַר כאַבאַר, אַבי נישט צו ווערן אַרעסטירט."

נישט אַלע יידן זיינען געווען „ליכט־פּאַכטער", קהל־ביוראָקראַטן, געהיים־אַגענטן אָדער אפילו שענקער. געווען איז אפילו אַ ביסל יידן־פאַבריקאַנטן, אַזוי למשל איז שוין אין 1807 געווען אין לעמבערג די פאַבריק פון שנאַפּסן פון באַטשעלעס, שפּעטער (נאָכן שמד) באַרימט אונטערן נאָמען באַטשעווסקי. אין ריישע איז אין 1829 געווען אַ פאַבריק פון שנאַפּסן פון בער מענדל און וואָלף סאָבעל. אין 1848 האָט די לעמבערגער קהילה סובסידירט אַ וועבעריי. אויב די יידן זיינען נישט געווען אַזוי שטאַרק פאַרטראָטן אין דער אינדוסטריע אין גאַליציע, איז דאָס געווען צוליב דעם, וואָס די דאָזיקע אינדוסטריע האָט ביז דער רעוואָלוציע פון 1848 געהאַט אַן אייגנאַרטיקע אַנטוויקלונג. אַלע וויכטיקע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען האָבן זיך געפונען אין די דערפער. אַן אַרענדאַר פון אַ גלאָז־הוטע אָדער פון אַן אייזן־גרוב האָט בדרך כלל באַקומען עטלעכע טעג פון דער פּאַנשטשיזנע. דער פּויער איז געווען אַ נישט־קוואַליפיצירטער אַרבעטער, אָבער אַזוי ווי ער האָט געקאָסט זייער ווייניק, האָט נישט געאַרט אויב די צאָל פון די דאָזיקע אַרבעטער איז געווען גרויס. דער קוואַליפיצירטער אַרבעטער איז געווען מערסנטייל אַן אימפּאָרטירטער. זיינע שכירות זיינען געווען אַן עקוויוואַלענט פון די שכירות פון 40 נישט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער־פּויערים.

דער ייד האָט נישט געהאַט קיין פאַרשקלאַפטע פּויערים, ממילא האָט ער נישט געקענט פּראָדוצירן מיט דער הילף פון פּויערישער אַרבעט. אמת, אין 1839 האָט מען יידן דערלויבט צו אַרענדירן גלאָז־הוטעס, אָבער נישט צו באַנוצן קיין „קריסטלעכע פּויערים־אַרבעט". חוץ די דאָזיקע מניעות זיינען אויך געווען קרעדיט־שוועריקייטן. אין גאַליציע איז געווען אַ געוואַלדיקער דוחק אין קרעדיט. אין פּריוואַטן אומזאַץ האָט מען געצאָלט דורכשניטלעך 18 פּראָצענט אַ יאָר אויף געליענע געלטער. שטעט וואָס האָבן געהאַט אַן עודף אויף הכנסה האָבן זיך גענומען צו באַנק־טראַנזאַקציעס. אין 1835 האָט מען דערלויבט יידן צו באָרגן געלט פון די שטאָט־פאַרוואַלטונגען, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט געלט־הלוואות.

די לעגענדע וועגן דער אינדוסטריעלער אָרימקייט פון גאַליציע איז בכלל נישט קיין איבערגעטריבענע. אין 1841 האָט עסטרייך געציילט 7315 אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, פון דעם אין גאַליציע גאַנצע 252. אין דעם לשון פון ציפערן מיינט דאָס, אַז 28.7 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער עסטרייכישער באַפעלקערונג (אונגערן אויסגעשלאָסן) האָט געהאַט 5 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל פאַבריקן. דערפאַר איז דער האַנדל געווען מער אַנטוויקלט און ממילא זיינען די יידן געווען פּראָמינענטער אַנגאַזשירט אין אים. אין דער ערשטער תקופה פון דער עסטרייכישער ממשלה אין גאַליציע האָט מען געפּלאַנט צו מאַכן פון דאָזיקן לאַנד אַ האַנדלסבריק צווישן עסטרייך און פּוילן, ווייטער מיט רוסלאַנד, אָבער נישט פאַרבינדן עקאָנאָמיש גאַליציע מיט עסטרייך. אַדאַנק דעם איז אויסגעוואַקסן די גרויסע חשיבות פון דער שטאָט בראָד.

חוץ סוחרים האָט גאַליציע פאַרמאָגט אַ יידישן פּראָלעטאַרישן קלאַס, וואָס איז געווען פאַרטראָטן אין אַלע מלאכות. דער פריער ציטירטער שולטעס דערציילט, ווי אַזוי עס אַרבעטן יידן־טאָקער, ווי יידישע פּרויען מאַכן שפּיצן, בעת „נישט־יידן שלאָפן און זויפן". אין יאַראָסלאַוו, שרייבט ער, מאַכן די יידן אַן איינדרוק פון מער ציוויליזירט ווי זייערע מיטבירגער. צווישן די יידישע אַרבעטער זיינען געווען אַ סך שניידער, שוסטער און קירזשנער. בראָד, למשל, האָט געהאַט אַ גרויסע צאָל יידן, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אין שמוקלער־אַרבעט. אין לעמבערג איז געווען אַ גרויסע צאָל יידישע בעקער, קירזשנער, קצבים א"אַ. אויך אין דער פאַבריקאַציע פון משקאות זיינען יידן געווען שטאַרק באַשעפטיקט.

די גרעסטע צאָל גאַליצישע יידן זיינען געווען מענשן מיט זייער מאָגערע הכנסות. זיי האָבן געלעבט אין זכות פון אָרימען פויער, וואָס האָט געהאַט צוטרוי צום יידן, בעת דער פּריץ גופא האָט אים איגנאָרירט.

„אַ גרויסע אָרימקייט הערשט צווישן די יידן אין לעמבערג" — שרייבט דער רייזנדער קאַרל פייעראַבענד, וואָס האָט באַזוכט גאַליציע אין די יאָרן 1795 — 1797. ער שרייבט, אַז הגם די יידן זיינען אָרים, זיינען זיי אָבער ערלעך. אַ צווייטער שרייבט, אַז עס זיינען פאַראַן צופיל סוחרים אין גאַליציע. עס וואָלט געווען אַ סך בעסער, ווען עס וואָלט געווען מער אַרבעטער. לויטן אַדרעסן־בוך פון 1826 איז אין 20 קרייזן אין בראָד אויף 1444 סוחרים געווען 1172 יידן.

דאָך איז דער באַלאַנס געווען נישט אַזוי טראַגיש, כאָטש גענוג טרויעריק. „יידן — שרייבט דער דייטשער רייזנדער אויגוסט פאָן בער — זיינען אַ נוצלעכער עלעמענט, ווייל זיי גיבן אַרויס מער בעלי־מלאכות. זיי זיינען אַ סך קאָנסטרוקטיווער ווי די דייטשע יידן".

עס איז נישט קיין וואונדער, וואָס אין גאַליציע האָט חסידות געפונען אַ גינציקן באָדן. עס איז געווען אַ מין אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט און וועלן פאַרגעסן די יחידישע צרות אין געטומל פון בציבורדיקן התלהבות. אויך די השכלה האָט געהאַט אין גאַליציע אירע שטאַרקע אָנהענגער אין די העכערע קלאַסן פון דער יידישער געזעלשאַפט, צווישן די וואָס האָבן געזען אין דער יאָזעפינישער יידן־פּאָליטיק דעם ריכטיקן מיטל צו „רעפאָרמירן" די יידן און מאַכן זיי מיט „לייטן גלייך".

די דאָזיקע צוויי כוחות האָבן אין גאַליציע געפירט אַ העפטיקן קאַמף, וואָס האָט נישט קיין גלייכן אין דער געשיכטע פון השכלה און חסידות אין אַנדערע פּויליש־יידישע קיבוצים. צום דאָזיקן דועל צווישן חסידים און משכילים האָט מען מיט גרויס אינטערעס און אפילו שטוינונג זיך צוגעקוקט אין די יידישע קרייזן פון מערב־אייראָפּע. דאָרטן האָט מען געהאַלטן, אַז בעת די משכילים רעפּרעזענטירן מיט זיך דאָס ביסל אייראָפּעאישקייט, וואָס יידיש גאַליציע פאַרמאָגט, זיינען די חסידים געווען די יעניקע, וואָס האָבן געלייגט דעם חותם פון „האַלב אַזיע" אויפן לאַנד.

אויפן הינטערגרונט פון אַן אָפּגעשטאַנענער ווירטשאַפט, מיט שטאַרקע פעאָדאַל־פּריצישע נטיות, איז אויסגעקומען די יידן צו שאַפן פאַר זיך עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן, אין די ראַמען פון אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט נישט געהאַט די נויטיקע געלט־רעסורסן אויפצולעבן און עקספּלואַטירן די רייכקייטן פון לאַנד.

אין 1826 האָט מעטערניך געשילדערט זיינע איינדרוקן פון גאַליציע אין די פאָלגנדיקע ווערטער:
„די דאָזיקע אָרימע לייט (אין גאַליציע) האָבן דעם בעסטן ווילן. פון דער צווייטער זייט זיינען זיי אָבער אַזוי אומגליקלעך, אַז עס איז זייער שווער צו וויסן פון וואָס הויבט מען אָן, כדי צו ראַטעווען זיי פון אַ חורבן. דאָס לאַנד איז אויסערגעוויינלעך פּראָדוקטיוו, אָבער עס פעלן אים אָט די אַלע מיטלען, וואָס מאַכן מעגלעך דעם עקספּאָרט. די גוט־באַזיצער ווייסן נישט וואָס צו טאָן, כדי נישט צו שטאַרבן פון הונגער, בעת זיי האָבן אַלצדינג אין איבערפלוס."
פאַר 1826 איז דאָס געווען אַ ריכטיק בילד. שפּעטער אָבער גייט שוין דער ייד אַריין אין דעם גדר פון די פּריצישע אינטערעסן און פאַרמיטלט אין דעם עקספּאָרט פון נאַטור־פּראָדוקטן פון גאַליציע.

די דאָזיקע פאַרמיטלעריי האָט רייך געמאַכט דווקא דעם פּריץ, וואָס האָט נישט געוואוסט „וואָס צו טאָן, כדי נישט צו שטאַרבן פון הונגער" — בשום

אופן אָבער נישט דעם יידן. אמת, די רייען פאַרמעגלעכע יידן זיינען געוואַקסן, ממילא אויך זייער סאָציאַלע חשיבות. אין די שטעט זיינען געווען יידן־קאַפיטאַליסטן מער אָנזעעוודיקע, ווי די פריצים־קאַפיטאַליסטן. רעדנדיק וועגן דעם, שרייבט דער פוילישער היסטאָריקער קאַלינקאַ (אין 1852), אַז אין גאַליציע זיינען יידן די איינציקע קאַפיטאַליסטן און די איינציקע פראָלעטאַריער. די דאָזיקע באַמערקונג איז ריכטיק, אויב מען האָט אין זינען די שטאָטישע באַפעלקערונג. אָבער, ווען מען אַנאַליזירט דעם עקאָנאָמישן מעמד פון גאַנצן לאַנד, זיינען דווקא די פריצים געווען די טרעגער פון קאַפיטאַליזם אין גאַליציע.

די רעוואָלוציע פון 1848 איז געווען אַ ווענדפונקט אין דער געשיכטע פון די יידן אין גאַליציע. פאַר דער מלוכה און אויך פאַר די יידן איז געשטאַנען אַ שווערע אויפגאַבע צו ענדערן. מיט איינמאָל אַ סיטואַציע, וואָס האָט גענומען 75 יאָר, כדי זי צו שאַפן. צו שאַרף זיינען געווען די היפוכים, צו טיף און צו פעסט איז געווען איינגעוואָרצלט דער לעבנשטייגער פון דורות־לאַנג, אַז אַ פאָליטישע רעוואָלוציע זאָל קענען ראַדיקאַל און פונדאַמענטאַל ענדערן די דאָזיקע לאַגע.

## 1. די פרייע שטאָט קראָקע (1846—1815)

אַ באַזונדער קאַפיטל אין דער געשיכטע פון גאַליציע פאַרנעמט קראָקע. די דאָזיקע שטאָט איז אויפן ווינער קאָנגרעס אויסגעטיילט געוואָרן פונם פריערדיקן וואַרשעווער פירשטנטום און פראָקלאַמירט געוואָרן, ווי אַ „פריי אומאָפהענגיקע און אַבסאָלוט נייטראַלע שטאָט קראָקע מיט דער אומגעגנט" און איז געשטעלט געוואָרן אונטערן פראָטעקטאָראַט פון רוסלאַנד, עסטרייך און פרייסן. יעדע פון די מלוכות האָט אַריינגעשיקט אַ פאַרטרעטער, וואָס האָט געטראָגן דעם טיטל „רעזידענט". די דריי רעזידענטן בשותפות מיטן סענאַט פון דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער רעפובליק האָבן אָנגעפירט מיט די מלוכה־ענינים. די גאַנצע רעפובליק איז באַשטאַנען חוץ דער שטאָט קראָקע, פון דריי קלענערע שטעטלעך און 244 דערפער, האָט פאַרנומען אַ שטח פון 21 קוואַדראַט־מייל און געציילט 95,000 איינוואוינער. די קראָקעווער רעפובליק האָט נישט געהאַט קיין רעכט איינצופירן אַ צאָל־טאַריף, אַזוי אַז די מלוכות וואָס בשכנות האָבן געקענט אַריינפירן סחורות פריי פון צאָל.

די „שוץ־מלוכות" האָבן דעם 3טן מאַי 1815 באַשאַנקען די רעפובליק מיט אַ קאָנסטיטוציע, וואָס איז שפעטער דערגאַנצט געוואָרן און איז פייערלעך פראָקלאַמירט געוואָרן דעם 11טן סעפטעמבער 1815. דאָס איז געווען ווי פאַר יענע צייטן אַ גענוג ליבעראַלע קאָנסטיטוציע. די וויכטיקסטע אַדמיניסטראַטיווע אַמטן, ווי אויך יוסטיץ־שטעלעס זיינען געווען געוויילטע. פאַרמעגלעכע און אינטעליגענטע שיכטן זיינען צוגעלאָזט געוואָרן צו רעגירונג־אַמטן. קראָקע האָט געזאָלט ווערן אַן אַריסטאָקראַטישע רעפובליק. שפעטער האָט מען זיך געכאַפט, אַזאַ אַזאַ קאָנסטיטוציע איז געפערלעך, ווייל די מלוכות וואָס האָבן זי געשאַפן און ממילא גאַראַנטירט איר עקזיסטענץ, זיינען אין תוך גענומען נישט פאַראינטערעסירט אין „רעפובליקאַניזם", אפילו אין אַזאַ אייגנאַרטיקן ווי דער קראָקעווער. די קאָנפליקטן צווישן דעם סענאַט פון דער קראָקעווער רעפובליק, אין וועלכן עס זיינען געזעסן די פראָמינענטע פוילישע אינטעלעקטואַלן וואָס קראָקע האָט פאַרמאָגט, מיט די רעזידענטן — האָט גורם געווען שנעלע און דראַסטישע ענדערונגען אין דער קאָנסטיטוציע. קראָקע, וואָס איז געוואָרן דער „פיעמאָן" פון פוילישן נאַציאָנאַלן לעבן און דער צענטער פון רעוואָלוציאָנער־פאַטריאָטישע קאָנספיראַציעס, איז גראָד צו יענער צייט געווען שטאַרק פאַרהייליקט ביי דער פוילישער געזעלשאַפט, ווי דער איינציקער, נאָך איבערגעבליבענער מקום־מקלט פון פוילישן נאַציאָנאַלן געדאַנק. באַזונדערס איז דאָס געווען בולט אין דער רעוואָלוציע פון 1830—1831, ווען די הילף פון דער רעפובליק איז געווען אַזוי גרויס, אַז די רוסישע אַרמיי, איגנאָרירנדיק די זעלבסטשטענדיקייט פון דער רעפובליק, וואָס איז גאַראַנטירט געוואָרן אויך פון רוסלאַנד גופא, איז אַריין אין לאַנד, כדי צו אינטערנירן די טיילן פון דער פוילישער אַרמיי, וואָס האָבן געמוזט ביים צוריקטרעטן זיך באַהאַלטן אין קראָקע: פון 27טן סעפטעמבער ביז דעם 24טן נאָוועמבער 1831 האָט די רוסישע אַרמיי ממש געהערשט אין דעם קליינעם לאַנד און האָט צוגעגעבן מער פייער די פאַטריאָטישע עלעמענטן, איידער באַרואיקט די געמיטער פון די קאָנסערוואַטיווע, שטאַרק רודף־שלומדיקע פוילישע שטאָט־פירער. די מלוכות, וואָס האָבן געשאַפן דאָס דאָזיקע במקום־מלוכהלע, האָבן זיך באַמיט צו פאַרשמעלערן די אינטעגריטעט פון דער דאָרטיקער מאַכט, כדי נישט אַרויסרופן קיין קנאה ביי די פאָליאַקן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער זייער ממשלה. די קאָנסטיטוציע איז נאָכן נאָוועמבער־אויפשטאַנד שטאַרק געשניטן געוואָרן. דער נייער נוסח אירער, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דעם 30טן מאַי 1833, האָט אויסגעזען ווייט נישט אַזוי פריי און רעפובליקאַניש. די פרייהייט פון סיים איז צוריקגעצויגן געוואָרן; אַקעגן, די מאַכט פון קאָנסערוואַטיוון סענאַט איז שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן.

כדי זיך צו באַוואָרענען, אַז קראָקע זאָל נישט ווערן קיין צענטער פון עמיגראַנטישער פרעסע און ליטעראַטור, ווי דאָס איז געוואָרן פאַריז און לייפציק, איז איינגעפירט געוואָרן אַ שטרענגע פאָרצענזור. אויסגעצוואָגן פון אירע פרייהייטלעכע פרעראָגאַטיוון, איז די זעלבסטשטענדיקייט פון דער קראָקעווער רעפובליק געוואָרן אַ פיקציע. אין דער דאָזיקער פאָרם האָט זי וועגעטירט ביז דעם 6טן נאָוועמבער 1846, ווען אין קראָקע איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע. דאָס איז געווען אַ גוטער יורידישער תירוץ אָפצושאַפן די רעפובליק און אָפצוגעבן עסטרייך די גאַנצע טעריטאָריע.

לויט דער קראָקעווער קאָנסטיטוציע זיינען נאָר קריסטן געווען באַרעכטיקט צו וויילן און צו זיין געוויילט. דאָס לאַנד איז פאַרטיילט געוואָרן אין שטאָטישע און דאָרפישע גמינעס. עס איז איינגעפירט געוואָרן אַזאַ הויכער וואַל־צענזוס, אַז די דאָרפישע גמינעס האָבן נישט געקענט אויסקלייבן אַ פויער, ווי אַ דעלעגאַט. קראָקע גופא איז געווען פאַרטיילט אין ניין גמינעס, פון זיי צוויי יידישע. די יידישע גמינעס האָבן אָבער קיין וואַל־רעכט נישט געהאַט.

דער סענאַט האָט געשאַפן אַ ספעציעלע קאָמיסיע פאַר דער יידן־פראַגע. אין דער דאָזיקער קאָמיסיע האָבן די פוילישע פאָליטיקער, דאָס רוב שרייבער און היסטאָריקער, געלופטערט די גאַנצע ליטעראַטור וועגן יידן, וואָס פוילן האָט פראָדוצירט, זינט דעם פיר־יאָריקן סיים (1788—1792). די פאָליטישע געדאַנקען, וואָס די דאָזיקע ליטעראַטור האָט פאַרמאָגט, זיינען אין דער באַהאַנדלטער תקופה געווען נישט מער ווי אַן אַנטיקוואַרישער באַלאַסט. דאָך האָט מען זיך באַמיט צו פאַרבינדן די פוילישע טעאָריעס וועגן יידן־רעכט מיט דער עסטרייכישער פראַקטיק פון יידן־אומרעכט, כדי צו שאַפן אַ מין סינטעז צווישן דעם פוילישן אַבסטראַקטן יושר און דעם עסטרייכישן קאָנקרעטן אומיושר.

דער רעזולטאַט פון די דאָזיקע חקירות איז געווען אַ סטאַטוט, וואָס האָט געזאָלט איינאָרדענען די יידן אין „דער פרייער שטאָט קראָקע און איר קרייז”. אין דרייסיק פאַראַגראַפן ווערט פאָרמולירט דער יידישער ענין, לויט אַלע דינים און מנהגים פון דער פילאָסאָפיע פון אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם. די קהילה ווערט אָפגעשאַפן. איר אָרט פאַרנעמט אַ קאָמיטעט, וואָס האָט אַ קריסט פאַר אַ פאָרזיצער; דער רב און צוויי פרנסים, געוויילט פון די רייכע יידן, זיינען מיטגלידער פון קאָמיטעט. די אויפגאַבע פון דער במקום־קהילה איז צוצושטעלן דעם סענאַט יעדן יאָר דעם בודזשעט אויף צו באַשטעטיקן. די פינאַנציעלע אַדמיניסטראַציע פון דער קהילה דאַרף געפירט ווערן פון דער אַלגעמיינער קאַסע פון דער שטאָט. אַ רב ווערט אויסגעקליבן נאָר אויף דריי יאָר צייט. דאָס געזעץ האָט געפאָדערט, אַז אַ רב זאָל קענען לייענען און שרייבן פויליש, אָדער דייטש. די אַקטן פון דעם קאָמיטעט ווערן געפירט אויף פויליש פון אַ ספעציעל־געצאָלטן סעקרעטאַר. די אַקטן פון רב דאַרפן געפירט ווערן אויף לשון קודש און אויף פויליש. כדי צו האָבן אַ זיכערקייט, אַז די אַקטן ווערן געפירט אין הסכם מיט די געזעצן, ווערט אָנגעשטעלט אַ געשוואוירענער איבערזעצער. פאַר די יידן אין קראָקע ווערט איינגעפירט אַ געטאָ אויף דעם קוזמיר. מחוץ די מויערן פון קוזמיר מעגן וואוינען נאָר „ציוויליזירטע” יידן, ד"ה אַזעלכע, וואָס האָבן געענדיקט אַ מיטל־שול, זיינען פראָפעסאָרן, דאָקטוירים, קינסטלער, דערפינדער, גרויסע סוחרים, פאַבריקאַנטן מיט ידיעות אין פויליש, אָדער דייטש, האָבן אַ פאַרמעגן, אָדער אַ געוויסן מינימום קאַפיטאַל במזומנים און זיינען געקליידט „קריסטלעך”. אַזעלכע „גליקלעכע” יידן זיינען געווען אין 1848 סך־הכל 196 אויף אַן אַלגעמיינע צאָל פון 13,080 יידישע נפשות.

אין קראָקע האָבן יידן אין אַלגעמיין נישט געטאָרט האַנדלען, אויסער אין קוזמיר. אין קראָקע גופא האָבן זיי געמעגט האַנדלען מיט אַלטוואַרג און מיט שפייז, אָבער נישט זונטיק אָדער אין אַ קריסטלעכן יום־טוב. נאָר צוויי מאָל אַ יאָר, בעת די ירידים, האָבן זיי געמעגט זיך פאַרנעמען מיט מסחר.

די דאָזיקע תקנות זיינען געוואָרן די באַזע פון דער יידישער „קאָנסטיטוציע”, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן אין 1817 און איז געוואָרן דער אויסגאַנג־פונקט לויט וועלכן מען פלעגט באַשטימען וואָס אַ ייד מעג, אָדער טאָר נישט טאָן. די דאָזיקע געזעצן זיינען חל געווען נאָר אויף די יידן, וועלכע זיינען געווען אַלטע תושבים אין קראָקע. פרעמדע יידן האָבן בכלל נישט געטאָרט זיך באַזעצן אין דער „פרייער רעפובליק”. די קראָקעווער יידן האָבן געמעגט אַריינפאָרן קיין קאָנגרעס־פוילן, אָבער זיי האָבן געמוזט האָבן אַ ספעציעלן פאַס און צאָלן דעם „געלייט־שטייער”, וואָס יעדער אויסלענדישער ייד האָט געצאָלט. לויטן געזעץ פון 1823 האָבן קראָקעווער יידן געקענט דורכפאָרן אַלע צאָלקאַמערן וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער גרענעץ פון דער „פרייער שטאָט” קראָקע.

די יידן האָבן באַקעמפט די דאָזיקע „געזעצן”, ווי ווייט זיי האָבן נאָר געקענט. נישט האָבנדיק קיין פאָליטישע רעכט, באַשרענקט אין זייערע פרייהייטן זיך צו באַוועגן, אָדער אויסצוקלייבן אַ פרנסה, זיינען זיי דערנידעריקט געוואָרן צום מעמד פון פאַריאַסן. אַזאַ קליינע קהילה ווי קראָקע האָט געהאַט 400 יידישע בעטלער. די מער אַקטיווע יידישע

גרופעס האָבן זיך באַמיט מיט אַלע כוחות נאָכצוקומען די תנאים, לויט וועלכע עס ווערט זיי דערלויבט צו וואוינען, אָדער צו האַנדלען מחוץ די מויערן פון געטאָ. מען האָט זיך גענומען געשמאַק לערנען פויליש און טראָגן אייראָפּעאישע קליידער. יענע תקופה איז געווען די התחלה פון פּראַקטישער פּאָלאָניזאַציע: דורכגעפירט אויף אַ קליינעם שטח, האָט זי רעלאַטיוו געבראַכט אַ סך שנעלערע און אַ גרעסערע אַסימילאַציע, ווי דאָס איז געווען מעגלעך אין גאַליציע אָדער אין קאָנגרעס־פּוילן. בפרט איז דאָס געווען גרינגער, ווייל הגם די פּאָליטישע מאַכט איז נישט געווען אינגאַנצן אין די פּוילישע הענט, איז אָבער דאָס אינעווייניקסטע לעבן פון דער רעפּובליק בכלל און די בילדונג און דערציאונג בפרט געווען קאָנטראָלירט פון דער פּוילישער געזעלשאַפט. אַזוי, למשל, איז אין 1830 געעפנט געוואָרן אַ פּוילישע פאָלק־שול פאַר יידישע קינדער פון קוזמירער געטאָ. דאָס געלט אויף אויסצוהאַלטן די שול האָט געמוזט געבן די קהילה, אָבער אויפן סדר־הלימוד האָט זי קיין דעה נישט געהאַט. די פּראָמינענטסטע פּוילישע שרייבער האָבן זיך געצאַצקעט מיט דער דאָזיקער קליינער לאַבאָראַטאָריע פון פּאָלאָניזאַציע.

אין די יידישע קרייזן האָט מען זיך צו דעם באַצויגן פאַרשידן: די אָרטאָדאָקסיע, וואָס איר פאָן־טרעגער איז געווען דער קראָקעווער רב און באַנקיר ר' בירוש מייזלש (1798—1870), האָט זיך באַצויגן צו דער שול לפנים זייער פריינדלעך. דאָס איז אָבער געווען פאַקטיש פון פּאָליטישע טעמים. מייזלש האָט געגלויבט, אַז די דאָזיקע שול וועט ברענגען גיכער די ישועה פון גלייכע רעכט. זי האָט עס געבראַכט, אָבער נאָר פאַר יחידי־סגולה, די מאַסע איז ווייטער געבליבן רעכטלאָז.

מען האָט ווייטער פאַרבאָטן יידן צו האַלטן שענקען. נאָר אין קראָקע האָבן זיי געמעגט האָבן זעקס שענקען אויסשליסלעך פאַר די אייגענע, ד"ה יידן. אין די דערפער האָבן געמעגט וואוינען נאָר יידישע בעלי־מלאכות, אָדער אַזעלכע יידן וואָס באַאַרבעטן אַליין אַ מינימום פון פינף מאָרג לאַנד, אָדער אַרענדירן מילן. דאָס אויסאַרבעטן אָדער פאַרקויפן משקאות איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. זיי האָבן געמעגט אַרענדירן גאַנצע פאָלוואַרקן, אָבער נישט געהאַט דאָס רעכט צו באַנוצן פויערים פאַר דער אַרבעט. אַלץ וואָס מען האָט זיי דערלויבט איז אין תוך געווען נישט מער ווי אַן אָנשטעל אויף רעכט, ווייל אָפּהענגיק פון אַ קאַפּיטאַל וואָס דאָס רוב יידן האָט נישט פאַרמאָגט. אַ יידישער בעל־מלאכה האָט נישט געטאָרט האַלטן קיין קריסטן־געזעלן. ער האָט אויך נישט געקענט ווערן קיין מיטגליד אין אַ צעך. דערפאַר אָבער האָט דער ייד געהאַט די גרויסע פּריווילעגיע צו זיין שטאַרק באַשטייערט. אין 1832 האָבן 12,000 יידן געצאָלט 50,552 פּוילישע גילדן אין פאַרשידענע שטייערן, חוץ די שטייערן פאַר דער שול, שפּיטאָל און אַנדערע ריין־יידישע אינסטיטוציעס, בעת 100,000 נישט־יידן האָבן אין דעם זעלבן יאָר געצאָלט נאָר 36,000 פּוילישע גילדן, ד"ה אין דורכשניט איז אויף אַ יידן אויסגעפאַלן קנאַפּע 4 מיט אַ האַלב פּוילישע גילדן, בעת אויף אַ נישט־ייד איז אויסגעפאַלן נאָר 36 פּוילישע גראָשן.

אין אַ מעמאָראַנדום פון 1832, וואָס די יידן האָבן צוגעשיקט צו די „אפּוטרופּסים" פון דער רעפּובליק, אויסמיידנדיק דעם פּוילישן סענאַט, צו וועלכן זיי האָבן פאַרלוירן דעם צוטרוי, האָבן זיי זיך שטאַרק געקלאָגט אויף די אַלע גזירות און באַגרענעצונגען: „די קאָנסטיטוציע פון 1817 — האָבן זיי געשריבן — האָט אמת געבראַכט די יידן דערלייכטערונגען און גאַראַנטירט נאָך מער די יעניקע, וואָס וועלן זיך אויסצייכענען דורך העכערער בילדונג. די דאָזיקע הנחות אָבער קענען צונוץ קומען נאָר די יעניקע, וואָס האָבן די נויטיקע מיטלען צו דערגרייכן די נויטיקע הויכע בילדונג. אויף אַזאַ אופן, איז דער חסד פון געזעץ נוצלעך נאָר פאַר אַ קליינע צאָל פאַרמעגלעכע משפּחות". „און וואָס איז בנוגע די 12,000 יידן אין קראָקע, וואָס האָבן נישט די דאָזיקע מעגלעכקייט?" — פרעגן די פאַרטרעטער פון די קראָקעווער יידן.

דעם דאָזיקן מעמאָראַנדום האָט מען געשיקט קיין ווין, כדי אויסצופועלן די אונטערשטיצונג מצד דעם ווינער ראָטשילד. עס איז געווען אַ גוט צוגעקליבענער מאָמענט פאַר אַזאַ בקשה. עס איז געווען אַ יאָר נאָכן פּוילישן אויפשטאַנד, אין וועלכן די קראָקעווער יידן האָבן מיטגעווירקט לויט זייערע כוחות און לעגאַלע מעגלעכקייטן. דער וויזיט, וואָס די רוסישע אַרמיי האָט געמאַכט אין קראָקע, האָט זיך די יידן גוט איינגעגעסן אין די ביינער. מען האָט געצוואונגען די אָרימע יידן, קוואַטעדירן רוסישע סאָלדאַטן, אויף וואָס דער פּוילישער סענאַט איז שווייגנדיקערהייט איינגעגאַנגען. די רוסישע סאָלדאַטן האָבן ראַבירט די יידישע קראָמען. דאָס האָט אַרויסגערופן שטאַרקע אַנטי־רוסישע שטימונגען צווישן די קראָקעווער יידן. בעת דער רעוואָלוציע איז דער יידישער אָפּטייל פון דער שטאָטישער מיליץ געווען זייער אַקטיוו. אַ סך יידן זיינען אַוועק קיין קאָנגרעס־פּוילן, כדי מיטצוקעמפן קעגן די רוסן.

אין יענעם מאָמענט הויבן די קראָקעווער יידן אָן זייער קאַמף קעגן דער „קאָנסטיטוציע" פון 1817. עסטרייך האָט שוין אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין דער ריכטונג, אַז דער דאָזיקער וויכטיקער, הגם קליינער, שטח זאָל נישט פאַרשלונגען ווערן דורך פּרייסן אָדער רוסלאַנד, נאָר דורך איר גופא. אין די בריוו, וואָס

דער וואַרשעווער נאַמיעסטניק פּאַסקעוויטש האָט געשריבן צום צאַר ניקאָלאַי דעם 1טן, זיינען שוין דאָ די ערשטע רמזים אויף אַ קאָנספּיראַציע פּטור צו ווערן פון פּוילישן פּיעמאָן — קראָקע.

די קאָמיסיע, וואָס איז ספּעציעל צונויפגערופן געוואָרן וועגן דאָזיקן ענין, האָט קונציק געשפּילט די ראָלע פון פרעמדע, וואָס ווילן זיך נישט אַריינמישן אין די אינערלעכע ענינים פון דער „זעלבשטענדיקער" רעפּובליק. זי האָט ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז דער עסטרייכישער פאַרטרעטער, וואָס האָט כלומרשט געוואָלט העלפן די יידן, זאָל ווערן דער מליץ־יושר פאַר די יידן און דערצו נאָך באַאיינפלוסט פון ראָטשילדן. האָבן די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע געפּסקנט, אַז די יידישע שעפּסעלעך דאַרפן זוכן גערעכטיקייט ביי די פּוילישע וועלף; דערביי האָבן זיי אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז דער קראָקעווער סענאַט וועט עפּעס טאָן, כדי צו לינדערן די נויט פון די יידן אין קוזמיר. די דאָזיקע אָרימקייט איז גוואַלדיק געשטיגן, באַזונדערס ווען אין 1829 האָט מען זיי פאַרטריבן פונם „קריסטלעכן" טייל קוזמיר. אין 1831, בעת אין קראָקע האָט געהערשט די כאָלערע, זיינען אַ דריטל פון די קרבנות געווען יידן.

אין זייער מעמאָראַנדום פון 1832 האָבן די יידן ריכטיק פאָרמולירט די פּראָבלעם פון זייער רעכטלאָזיקייט: „די רעפּובליקאַנישע פאָרם פון דער רעגירונג — האָבן זיי געשריבן — האָט געשאַפן אַ לאַגע, ווען בראש פון דער מלוכה שטייען מענטשן, וואָס האָבן די זעלבע באַשעפטיקונגען, ווי די וואָס ווערן אונטערדריקט, און עס איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואָס יענע באַמיען זיך אויסצופועלן וואָס בעסערע באַדינגונגען פאַר זיך גופא". דער סענאַט, וואָס האָט פאַרטראָטן די אינטערעסן פון דעם האַנדל־פּאַטריציאַט און פון די קריסטלעכע בעלי־מלאכות, האָט ממילא נישט געקענט נאָכגעבן די פאָדערונגען פון די יידן. אַ „סטאַטוס קוואָ" איז געווען נויטיק צוליב אַ פּאָליטישן עקוויליבריום, כדי מיט יאָרן שפּעטער האָבן די גוטע געלעגנהייט די דאָזיקע מכלומרשטע זעלבשטענדיקייט לייכטער צו פאַרניכטן.

אויף איין זאַך האָבן זיך אָבער די פאַרטרעטערס פון די דריי מאַכטן געאייניקט: בעת די רייכע יידן האָבן זיך איבערגעצויגן אין דעם קריסטלעכן קוזמיר, האָבן די אַנדערע יידן אויפגעהויבן אַ פּראָטעסט, ווייל זיי זיינען דורך דעם פאַראָרימט געוואָרן. די קראָקעווער קריסטלעכע סוחרים האָבן אין דעם פּרט געהאַלטן מיט די קוזמירער יידן, און דאָס האָט גורם געווען, אַז מען האָט די יידן פון קריסטלעכן קוזמיר צוריק אַריינגעשטויסן אין די געטאָ־מויערן פון יידישן קוזמיר.

אויב די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פון דער יידישער קראָקע זיינען נישט געלייזט געוואָרן, זיינען אָבער דערפאַר ברייטער פאָרמולירט געוואָרן נייע פּראָיעקטן וועגן „ציוויליזירן" די יידן. קודם כל האָט מען זיך גענומען צו באַטראַכטן מיטלען, ווי אַזוי קלענער צו מאַכן די צאָל פון דער „איזראַעליטישער באַפעלקערונג". אין די יאָרן 1818—19 איז אין דער „רעפּובליק" געווען 92,884 קריסטן און 8,522 יידן, אין 1843 — 129,041 און 16,746, דאָס הייסט, אַז די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך פאַרטאָפּלט. כדי נישט צו דערלאָזן קיין גרעסערן וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג, זיינען אין 1844 אַרויסגעגעבן געוואָרן נייע געזעצן וועגן חתונה־רעכט פאַר יידן. קודם כל האָבן די חתונה־קאַנדידאַטן געמוזט ענדיקן אַ פאָלקס־שול, אָדער האַלטן אַן עקזאַמען לויט אַ פולן קורס פון אַזאַ שול. אַ חתן־בחור האָט געדאַרפט באַווייזן, אַז ער פאַרמאָגט אַ הויז, וואָס טראָגט אַריין אַ מינימום פון 500 פלאָרין אַ יאָר. עס האָבן אויך געמעגט חתונה האָבן יידן, וואָס האָבן אַ שטענדיקן פּאָסטן, זיינען בעלי־מלאכות, פאַרמאָגן אַ געוויסן מזומן־קאַפּיטאַל אאַז"וו. חתונה האָבן האָט מען געמעגט ערשט צו דרייסיק יאָר. ווער עס האָט געוואָלט חתונה האָבן פריער, האָט געדאַרפט אָפּגאָלן די באָרד און פּאות און אויסטאָן די יידישע בגדים. מיט אַ גוואַלדיקן ערנסט האָט מען זיך גענומען דורכפירן דעם דאָזיקן געזעץ. מיט גרויס שמחה האָט די קראָקעווער פּרעסע נאָטירט אין איר טעגלעכער כראָניק, אַז „נעכטן האָט מען געזען אין טעאַטער אַ פּאָר יונגע יידן, אָנגעטאָן אינגאַנצן קריסטלעך". דער פּראָצעס פון שפּראַכלעכער אַסימילאַציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סך פריער, איז ווייטער פאָרגעזעצט געוואָרן.

די אַסימילאַציע האָט געטראָגן אַ ברייטערן כאַראַקטער ווי אין קאָנגרעס־פּוילן, ווייל זי האָט אַרומגענומען יידן פון פאַרשידענע סאָציאַלע שיכטן. דער יידישער בעל־מלאכה ווערט פּאָלאָניזירט נישט אין קיין קלענערער מאָס, ווי דער נגיד, סוחר, אָדער באַנקיר. אין די העכערע יידישע קרייזן איז אָבער די שפּראַך פון אַסימילאַציע געווען נאָך אַלץ דייטש און נישט פּויליש. ווען אין 1845 האָט מען אין קראָקע געגרינדעט אַ „פּראָגרעסיוון" טעמפּל, זיינען די דרשות געהאַלטן געוואָרן אויף דייטש, וואָס האָט אַרויסגערופן שטאַרקע פּראָטעסטן מצד דער פּוילישער געזעלשאַפט.

אין 1846 איז געקומען דער סוף פון דער קראָקעווער רעפּובליק. אין פעברואַר 1846 איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע, די „ערשטע סאָציאַלע רעוואָלוציע אין דער געשיכטע פון אייראָפּע", לויט דער פאָרמולירונג פון קאַרל מאַרקס, וועלכער איז געווען שטאַרק באַגייסטערט פאַר דעם סאָציאַלן פּראָגראַם פון די פּוילישע רעוואָלוציאָנערן פון יענער צייט. עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ דיקטאַטור, בראש פון

וועלכער עס איז געשטאַנען יוזעף טיסאָווסקי. די אָנפירערס זיינען געווען קליינע באַאַמטע און דעקלאַסירטע אַרבעטער. טיסאָווסקיס אַדיוטאַנט איז געווען דער יידישער לערער מאָריץ קשעפּיצקי, וועלכער האָט זינט 1840 געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט די פּוילישע עמיגראַנטישע גרופּעס אין פּאַריז. צווישן די פּראָמינענטע יידישע אָנטיילנעמערס אין דער רעוואָלוציע זיינען געווען די שפּעטער באַוואוסטע פּראָפעסאָרן פון מעדיצין אין קראָקעווער אוניווערזיטעט יוזעף עטינגער און יונתן וואַרשויער, דער לעצטער, אַגב, אַן אינטימער פריינט פון דעם פּוילישן שרייבער יוזעף קראַשעווסקי.

די יידן האָבן אין אַלגעמיין געשפּילט אַ גרויסע ראָלע, ווי די פירערס פון דער געהיימער פּאָסט צווישן קראָקע און פּאַריז און ווי פאַרשפּרייטערס פון דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור.

דעם 23טן פעברואַר 1846 האָט די פּראָוויזאָרישע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף צו די יידן. זי ווענדט זיך צו די „ברידער איזראַעליטן”, אַז זיי זאָלן שטיצן די רעוואָלוציע, וועלכע מאַכט זיי פאַר גלייכע בירגער און שאַפט אָפּ אַלע פריערדיקע באַגרענעצונגען. קשעפּיצקי האָט געהאַלטן אַ רעדע אין דער אַלטער קראָקעווער שול און אויפגעפאָדערט די יידן זיך אָנצושליסן אָן דער אַרמיי פון דער רעוואָלוציע. דרייסיק יונגע יידישע בחורים האָבן זיך טאַקע תיכף געמאָלדן.

עסטרייך האָט דערווייל אויפגעהעצט די פּויערים דורך אַ זייער קונציקער פּראָפּאַגאַנדע, אַז דאָס ווילן די פּריצים זיי נאָך מער פאַרשקלאַפן. די פּויערים האָבן אונטערן אָנפיר פון איינעם יאַקוב שעלא און אַ פּאָר עסטרייכישע באַאַמטע דורכגעפירט אַ שרעקלעכע שחיטה אויף די פּריצים. די רעוואָלוציע אין דער קליינער מלוכה האָט שטאַרק באַאומרואיקט רוסלאַנד. אין אַ בריוו צו ניקאָלאַי דעם ערשטן האָט פּאַסקעוויטש געשריבן, אַז „יידן, געטריבן פון אַ געפיל פון אחדות מיט די פּאָליאַקן, שליסן זיך אָן אין דער רעוואָלוציע”. רוסלאַנד דאַרף אַזעלכע יידן און אַזעלכע פּאָליאַקן נישט האָבן. עסטרייך האָט אויף אַזאַ אופן באַקומען אַן אָפענע האַנט אויף אַ „פּאַציפיקאַציע” פון דער קראָקעווער רעפּובליק. רוסלאַנד איז געווען גרייט צו שיקן מיליטער, אויב עס וועט זיין נויטיק. דער אופן אָבער ווי עסטרייך האָט זיך אַן עצה געגעבן מיט די פּריצים, וואָס זיינען באַטראַכט געוואָרן ווי די פאַרקערפּערערס פונם גייסט פון אירידענטא, האָט דער צאַרישער מאַכט שטאַרק אימפּאָנירט. אויף אַזאַ אופן איז מקוים געוואָרן דער אַלטער חלום פון די ווינער מושלים צו האָבן קראָקע, ווי אַ טייל פון איר קרוין־לאַנד גאַליציע.

די רעוואָלוציע איז דערשטיקט געוואָרן. בעת די רעוואָלוציאָנערן האָבן געהאַט סך־הכל 400 שלעכט געשולטע און נאָך ערגער באַוואָפנטע אינסורגענטן, האָט עסטרייך געהאַט 1,100 גוט־טרענירטע זעלנער. דאָך האָט די עסטרייכישע אַרמיי אין אָנהויב געליטן אַ מפּלה און געמוזט זיך צוריקציען פון שטאָט. ערשט ווען די פּויערים זיינען געקומען צו הילף, זיינען די עסטרייכער געוואָרן אַ סך העלדישער. די שטאָט האָט זיך אונטערגעגעבן. דאָס איז געווען דעם 4טן מערץ 1846. טיסאָווסקי איז אַנטלאָפן קיין פּרייסן און שפּעטער קיין אַמעריקע, וואו ער איז געשטאָרבן. די דריי אַפּוטראָפּסים האָבן זיך לאַנג געדונגען וועגן דעם, ווער זאָל זיין דער בעל־הבית פון קראָקע. דעם שכר האָט ענדלעך באַקומען עסטרייך. און דעם 16טן נאָוועמבער 1846 איז די „קראָקעווער פרייע און אומאָפּהענגיקע נייטראַלע שטאָט מיט דעם קרייז” געווען שוין ניט מער ווי אַ היסטאָרישע לעגענדע.

די פאַרמעגלעכע יידן, טריי דער אַנטי־רעוואָלוציאָנערער טראַדיציע פון די שטאָט־בעלי־בתים, האָבן געהאָפט, אַז איצט וועט קומען אַ פּאָזיטיווע ענדערונג אין זייער לעבן. עס האָט זיך אָבער גאָרנישט נישט געענדערט. די שטייערן זיינען געבליבן די זעלבע, בפרט דער כשר־פלייש־שטייער. די פרומע יידן האָבן אָבער באַקומען אַן אַמנעסטיע אויף די אַרויפגעצוואונגענע „גוישע” בגדים, און צוריק אָנגעהאַלטן די אַלטע בעקעשעס. מען האָט איינגעפירט אַן אָפּצאָל פאַר יידן, וואָס זיינען געקומען פון קאָנגרעס־פּוילן. עסטרייך האָט געפאָדערט פון יידן אַ קאָנטריבוציע פון 50,000 פלאָרין און אַ ספּעציעלן שטייער אונטערן נאָמען מאַטראַצן־געלט, וואָס איז געווען אַ שטייער במקום שטרוי, וואָס די יידן האָבן געמוזט צושטעלן פאַר די עסטרייכישע סאָלדאַטן. עס האָט געהערשט אַ שרעקלעכע נויט אין די יידישע הייזער. אַלע אַלטע גזירות זיינען געבליבן אין קראַפט. די קהילה האָט זיך געווענדט צו דער רעגירונג מיט אַן אויספירלעכן מעמאָראַנדום און געבעטן, אַז מען זאָל די יידן באַהאַנדלען אַזוי ווי אין אַנדערע טיילן פון דער עסטרייכישער מאָנאַרכיע, ווייל דאָרטן איז געווען בעסער ווי אין קראָקע.

די מלוכה האָט אָבער נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט די יידן. אין די יאָרן ווען קראָקע איז געווען אַ רעפּובליק, איז דער קולטורעלער מצב פון די יידן שטאַרק געשטיגן און געווען דער העכסטער אין גאַליציע. אָבער באַלוינען דערפאַר איז געווען אין די אויגן פון די עסטרייכישע ביוראָקראַטן אַן אומזין, ווייל די דאָזיקע קולטור איז געווען אַ פּוילישע, בעת אין לעמבערג, למשל, איז שווער געווען צו געפינען אַ יידישן אינטעליגענט, וואָס האָט זיך שפּראַכלעך פאַרפּוילישט. די סימפּאַטיעס פאַר דער פּוילישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג זיינען אָבער געווען גאָר בולט צווישן די יידן און דווקא נישט נאָר צווישן די הויךגעבילדעטע. אויף דער עמיגראַציע האָט דער קראָקעווער ייד געהאַט אַ שם פון אַ יידן, וואָס איז געטריי

די פוילישע נאַציאָנאַלע אידעאַלן און טראַדיציעס. לייזן די פּראָבלעם האָט עסטרייך נישט געוואָלט. געקומען איז אָבער די רעוואָלוציע, דער „פרילינג פון די פעלקער״, דאָס יאָר 1848, און דער ענין יידן אין קראָקע איז געשטאַנען אויפן סדר־היום, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע ענינים פון דער עסטרייכישער מאָנאַרכיע.

## 2. יידן אין גאַליציע
## (1868—1848)

ערב דער מערץ־רעוואָלוציע פון 1848, וואָס האָט ראַדיקאַל געענדערט די רעכטלעכע לאַגע פון די יידן אין גאַליציע (ווען אפילו עקאָנאָמיש זיינען קיין גרויסע שינויים אין אָנהויב נישט פאָרגעקומען), פּרובירט די גאַליציש־יידישע באַפעלקערונג מיט אייגענע כוחות צו רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן. דער בראָדער משכיל מאַרעק בערענשטיין, וואָס האָט צו יענער צייט געוואוינט אין אָדעס, האָט זיך באַמיט צו קריגן אַ דערלויבעניש אויף אַ שול פאַר יידישע בעלי־מלאכות און אויך אויף אַ ראַבינער־סעמינאַר. אַ שול פאַר בעלי־מלאכות איז געווען אַ צו געוואַגטע אידייע פאַר די עסטרייכישע מושלים, און אַ ראַבינער־סעמינאַר אָן דעם הסכם פון דער לעמבערגער קהילה, וואָס איז געווען די פאַרטרעטערין פון דער יידישער באַפעלקערונג — איז געווען אַ פּלאַן נישט דורכצופירן. די לעמבערגער קהילה האָט זיך באַמיט (אין 1842) צו שאַפן צען סטיפּענדיעס פאַר יידישע בעלי־מלאכות, איינפירן דעם לימוד פון יידישער רעליגיע אין די גימנאַזיעס. 2 יאָר שפּעטער בעט די קהילה דאָס רעכט צו עפענען אַן עלעמענטאַרע שול פאַר יידישע קינדער. אין 1844 איז קיין לעמבערג איינגעלאַדן געוואָרן פאַר אַ ראַבינער אברהם קאַהן, דער ערשטער מאָדערנער ראַבינער אין גאַליציע. די אָרטאָדאָקסיע האָט פאַרפירט קעגן אים אַ ליידנשאַפטלעכן קאַמף. זי האָט געהאָפט, אַז די רעאַקציאָנערע רעגירונג וועט איר העלפן באַקעמפן דעם פּראָגרעסיוון ראַבינער. ווי אַנטוישט זיינען אָבער געווען די פרומע יידן, ווען די רעגירונג האָט געהאַלטן מיטן יונגן ראַבינער, וואָס האָט זיך געפילט אין גאַליציע ווי אַ מיסיאָנער פון דער דייטשער קולטור צווישן אַ ווילדן שבט און ניט ווי אַ גייסטיקער מנהיג פון אַ יידישער קהילה.

אין 1846 האָט מען מיט גרויס פּאַראַד געעפנט דעם „דייטשן״ טעמפּל. דריי יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער עלעמענטאַרער שול — האָט זי געציילט איבער 700 קינדער. די פּראָווינץ האָט אָנגעהויבן גיין אין די פוסטריט פון דער הויפּט־שטאָט. עס ווערן געגרינדעט שולן פאַר קינדער און קולטור־קלובן פאַר דערוואַקסענע. די שפּראַך פון די לימודים און אויך אין די קלובן איז געווען דייטש. דאָס האָט שטאַרק אויסגענומען אין ווין; מען האָט אָבער דאָ זיך נישט געאיילט צו באַלוינען די יידן פאַר זייער קולטורעלער און ממילא אויך פּאָליטישער מיסיע.

אין 1847 זיינען זיך אין לעמבערג צונויפגעפאָרן פאַרטרעטערס פון די גרעסטע קהילות אין לאַנד, כדי זיך באַראָטן מכוח דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידן. פון די באַריכטן, וואָס יעדע קהילה האָט צוגעשטעלט און וואָס איז תיכף איבערגעשיקט געוואָרן דער רעגירונג, האָט זיך באַקומען אַ טרויעריק בילד פון דעם יידישן דלות. די יידן זיינען געווען באַשטייערט איבער זייערע פינאַנציעלע כוחות. צו די פרייע פּראָפעסיעס האָט מען זיי נישט צוגעלאָזט. אין גאַנץ גאַליציע האָט מען אָנגעציילט דריי יידן אַדוואָקאַטן. אין דער אַרמיי האָט אַ ייד נישט געקענט ווערן קיין אָפיציר. אין האַנדל און אין דער אינדוסטריע זיינען פאַר יידן געווען אַזוי פיל שטערונגען, אַז עס איז אוממעגלעך געווען צו ציען חיונה אפילו פון די כמעט טראַדיציאָנעלע יידישע פּרנסות. עס איז געווען אַ גרויסער איבערפלוס פון קליינע קרעמערס, וואָס האָבן געפירט אַ ביטערן קאַמף פאַר ווייט נישט קיין זיסער עקזיסטענץ. קויפן אַ שטיק לאַנד האָט אַ ייד נישט געקענט, אפילו נישט אַרענדירן אַ גוט. צו האָבן אַפּטייקן זיינען יידן נישט געווען באַרעכטיקט.

ווין האָט די אַלע מעמאָראַנדומס גוט אַרכיווירט און קיין רפואה צו דער מכה נישט געפונען. די רעגירונג איז געווען מער באַזאָרגט פון דעם, וואָס יידן טראָגן לאַנגע קאַפּאָטעס, ווי פון דעם וואָס זיי שטאַרבן פון הונגער. מ׳האָט טאַקע תיכף געמאָלדן, אַז זי גייט דורכפירן דאָס געזעץ פון אָפּשאַפן יידישע בגדים. די אַלטע שטייערן, ווי כשר־פלייש־ און שבת־ליכט־אָפּצאָל, זיינען נאָך אַלץ געבליבן אין קראַפט, אפילו אין די ערשטע חדשים פון דער רעוואָלוציע.

די רעוואָלוציע, וואָס איז אויסגעבראָכן אין ווין דעם 13טן מערץ 1848, האָט אָנגעזאָגט אַ נייע תקופה אין לעבן פון די יידן אין עסטרייך בכלל און אין גאַליציע בפרט. דער גרויזאַמער פירשט מעטערניך איז געפאַלן. די אַלטע האַבסבורגער מלוכה איז גאַלוואַניזירט געוואָרן פון אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אין גאַליציע איז געקומען אַ גוואַלדיקע פּאָליטישע אויפלעבונג. עס האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגיין צייטונגען נישט נאָר אויף פויליש, נאָר אויך אויף רוטעניש און יידיש. דער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פון יידישן בלאַט איז געווען דער משכיל מענדל מאָהר (1868—1815), וועלכער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ ריי בראָשורן און אויפרופן, וואו ער האָט אין אַ קערנדיקן יידיש געלערנט די יידישע מאַסע אין גאַליציע דעם אלף־בית פון פּאָליטישן וויסן.

צוויי פּאַראַלעלע טענדענצן אַנטפּלעקן זיך ווען די רעוואָלוציע וויקלט זיך פאַנאַנדער: אַ צענטראַליסטישע — מיטן קוק אויף ווין, און אַ פעדע־

ראַליסטישע אָדער אויטאָנאָמיסטישע — מיטן בליק אויף לעמבערג, ווי אויף דער הויפּט־שטאָט פון גאַליציע. איןביידע נעמען די יידן אַ לעבעדיקן אָנטייל. אין דער דעלעגאַציע צום שטאַט־האַלטער פון גאַליציע גראַף סטאַדיאָן, וואָס איז געקומען צו אים דעם 18טן מערץ 1848 מיט אַ פּעטיציע וועגן רעכט, זיינען געווען אויך צוויי יידן. אויך אין דער דעלעגאַציע קיין ווין זיינען יידן געווען פאַרטראָטן. די אויסגעווײלטע יידישע דעלעגאַטן זיינען דאָס רוב געווען פון סוחרישע, קאָנסערוואַטיווע קרייזן. די פּאָליאַקן האָבן תיכף געשאַפן אַ נאַציאָנאַלן ראַט, אין וועלכן ס'זיינען אַריין אויך עטלעכע יידן. ווען די רוטענער האָבן געטאָן דאָס זעלבע און זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז מזרח־גאַליציע איז נישט פּויליש און דאַרף דעריבער אָפּגעטײלט ווערן און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ באַזונדער אַדמיניסטראַטיווע איינס, — זיינען די פירער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. אויב יידן האָבן זיך ווי עסטרייכישע אונטערטאַנען אָריענטירט אויף ווין, האָבן זיי זיך אָבער ווי גאַליצישע איינוואוינער אָריענטירט אויף דער פּוילישער נאַציע. זיי האָבן געהאַט אַ קנאַפּן באַגריף וועגן די נאַציאָנאַלע סיכסוכים, וואָס זיינען געווען אַזוי טיף פאַרוואָרצלט אין לעבן פון גאַליציע און וואָס זיינען איצט, אין דער שעה פון פרייהייט, געקומען נאָך בולטער צום אויסדרוק. פאַר אַ פויערישער נאַציע, ווי די רוטענער זיינען צו יענער צייט געווען, האָט דער ייד קיין פאַרשטענדעניש און קיין דרך־ארץ נישט געהאַט. ביידע צדדים ליציטירן זיך אָבער אין מאַכן קאָמפּלימענטן די יידן, וואָס זיינען אומדערוואַרט פאַר זיך ׳אַליין געוואָרן דאָס צינגל אויף דער נאַציאָנאַליטעטן־וואָגשאָל פון לאַנד. דער מזרח־גאַליצישער ייד בכלל און דער גרויס־שטעטישער בפרט, וואָס האָט צוליב פּרנסה געמוזט לעבן בשלום מיט ביידע צדדים, האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי מיטטאַנצן מיט ביידע נאַציאָנאַלע גרופּעס. די פּאָליאַקן האָבן אים מער אימפּאָנירט, ווייל — געהאַט אַן אַריסטאָקראַטיע און אַ פּריצישע אינטעליגענץ און געווען פּאָליטיש דער וואָגיקסטער כוח. ווען די רוטענער האָבן אין מערץ 1848 פאָרמירט אַן אייגענע גוואַרדיע, פּונקט ווי די פּאָליאַקן האָבן דאָס געטאָן, האָבן די לעמבערגער יידישע סוחרים געגעבן געלט אויף מונדירן, פּונקט ווי זיי האָבן געגעבן פאַר די פּוילישע גוואַרדיסטן. אַליין זיינען זיי אָבער אַריין פּרייוויליק, אמת אין ניט קיין גרויסער צאָל און מער צוליב טאַקטישע מאָטיוון, ווי פון איבערצייגונג, אין דער פּוילישער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, אָדער מיליץ. ווען אַ פאַרפּוילישטער לעמבערגער איטאַליענער, דער סוחר ריטשי, האָט אַרויסגעשטעלט אין זיין געשעפט קאַריקאַטורן אויף יידישע מיליציאָנערן, האָט מען אים אויסגעהאַקט אַלע שויבן (דעם 18טן אַפּריל 1848), ווייל דאָס איז געווען אָנערקענט ווי אַ פאַרשוועכונג פון דעם אחדות־אידעאַל, וואָס די פּוילישע פּרעסע האָט דעמאָלט געפּרעדיקט.

אַ דריטן נאַציאָנאַלן ראַט האָבן קאָנסאָלידירט די פּראָ־פּויליש אָריענטירטע רוטענער, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון היסטאָרישע רעכט פון פּוילן אויף גאַנץ גאַליציע. זייער פירער האָראַשקעוויטש האָט אין אַן אויפרוף פון 15טן יוני 1848 גערופן אַלע „רוטענער, פּאָליאַקן, אַרמענער און איזראַעליטן זיך צונויפגיסן אין איין מאַסע". אין לעמבערג און אין קראָקע האָבן יידן געגרינדעט אייגענע באַטאַליאָנען פון דער שטאָט־מיליץ. אָבער די בחורים פון די פאַרמעגלעכע יידישע היימען האָבן געוואָלט דינען צוזאַמען מיט די זין פון די פּוילישע פּריצים און אַדל־לייט און ניט מיט די קינדער פון די יידישע סוחרים און בעלי־מלאכות. אויך אין די פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס פון דער פּוילישער געזעלשאַפט האָבן אַ טייל יידן, באַזונדערס אין די גרויסע שטעט, גענומען אַן אָנטייל, הגם דאָס רוב האָט בכלל נישט געהאַט קיין פּאָליטישע אָריענטאַציע און זיך ווייניק פאַרשטאַנען אויף די דינע פּעדים פון דער קאָמפּליצירטער דיפּלאָמאַטיע.

אין דער פּעטיציע צום קיסר, וואָס די לעמבערגער פּאָליאַקן האָבן אויסגעאַרבעט און איניקע יידן פון די העכערע שיכטן האָבן אונטערגעשריבן, איז געווען אַ פאָדערונג וועגן פולע בירגער־רעכט פאַר אַלע איינוואוינער פון לאַנד, ממילא אויך אָפּצושאַפן אַלע שטייערן וואָס זיינען פון אַ ריין־רעליגיעזן כאַראַקטער. מיט דער דאָזיקער פּעטיציע איז קיין ווין געשיקט געוואָרן אַ דעלעגאַציע, וואָס האָט אויך געהאַט דריי לעמבערגער יידן, פיר פון דער פּראָווינץ און איינער פון קראָקע (הרב בירוש מייזלש)... דעם 11טן אַפּריל 1848 איז קיין ווין אָנגעקומען אַ צווייטע דעלעגאַציע, אויסגעווײלט פונם גאַליצישן שטאַט־האַלטער סטאַדיאָן. זי איז באַשטאַנען פון אַלטע מאַגנאַטישע פּאָליאַקן און איין יידישן מיטשלעפּער; מענטשן וואָס האָבן נישט געוואָלט מער ווי פאַרברייטערטע רעכט, ווי אַ חסד מצד דער עסטרייכישער רעגירונג. עס איז געווען קלאָר, אַז די פּאָליאַקן האָבן טעאָרעטיש געהאַט צוויי אָריענטאַציעס: אַן אירעדענטיסטישע, הגם אָריענטירט אויף עסטרייך, ווי דעם פּראָמאָטאָר פון אַ קאַמף קעגן רוסלאַנד, וואָס זאָל ברענגען צו אַ פאַראייניקונג פון פּוילן, לכל הפּחות פון די צוויי אָקופּאַנטישע מלוכות (עסטרייך און רוסלאַנד); די דאָזיקע ריכטונג איז געווען געשטיצט מצד דער פּוילישער פּאָליטישער עמיגראַציע, וואו יידן האָבן געשפּילט אַ

קנאַפּע ראָלע. די צווייטע אָריענטאַציע איז געווען אַן עסטרייכישע, ד״ה גאַליציע באַקומט אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אינעם קאָמפּלעקס טעריטאָריעלע פעלקער פון עסטרייך, יעדע פון זיי וועט זיך אַליין פאַרוואַלטן, אָבער זיין פאַראייניקט אין איין מלוכה. אויפן דאָזיקן שטאַנדפונקט זיינען געשטאַנען דאָס רוב פּאָליאַקן און אויך די אינטעליגענטע יידן, וואָס האָבן זיך געמישט אין פּאָליטישע ענינים און האָבן עפּעס אין דעם ענין פאַרשטאַנען. די איינציקע יידישע צייטונג, וואָס מענדל מאָהר האָט אַרויסגעגעבן, האָט אויך פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפונקט פון גאַליציש־קייט, און נישט פון פּוילישקייט.

די קאָנסטיטוציע פון 25טן אַפּריל 1848 האָט אין תוך קיינעם נישט צופרידנגעשטעלט. די געשעענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין ווין דעם 15טן מאַי, האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף צו ענדערן די באַגרענעצונגען, וואָס די אַפּריל־קאָנסטיטוציע האָט אין דער אמתן נישט בטל געמאַכט. אינעם ערשטן דעמאָקראַטישן פּאַרלאַמענט האָט גאַליציע אויסגעקליבן 108 דעפּוטאַטן, אָבער נאָר דריי יידישע פאַרטרעטער, פון וועלכע דער ווינער ראַבינער מאַנהיימער, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן פון די בראָדער יידן און הרב מייזלש פון קראָקע, זיינען געווען די וויכטיקסטע. די לעמבערגער יידן האָבן געשיקט אַ פּעטיציע דירעקט צום פּאַרלאַמענט און געפאָדערט אָפּשאַפן אַלע באַגרענעצונגען לגבי יידן.

„קיינער האָט אַזוי האַרציק נישט באַגריסט די מערץ־טעג, ווי מיר האָבן דאָס געטאָן. אונזער אָרימקייט, אונזער צוריקגעשטאַנענקייט איז אַ פאַראָרימונג און צוריקגעשטאַנענקייט פון דער מלוכה — שרייבן די לעמבערגער יידן. — דורך דעם וואָס עס ווערט באַשאַפן אַ קראַנקער גליד ליידט דער גאַנצער אָרגאַניזם. דאָס פאַרטעמפּן פון איין גליד שוואַכט אָפּ דעם גאַנצן קערפּער״.

דעם 25טן סעפּטעמבער 1848 האָבן זיך אָנגעהויבן די וויכוחים וועגן די יידישע שטייערן. מאַנהיימער האָט געהאַלטן צוויי מוטיקע רעדעס (די צווייטע דעם 5טן אָקטאָבער), אין וועלכע ער האָט געפאָדערט תיכף אָפּצושאַפן די דאָזיקע שאַנד־שטייערן, וואָס זיינען סימנים פון רעכטלאָזיקייט און ממילא פון אומטאָלעראַנץ. מיט אַ מערהייט פון 223 שטימען איז דורכגעגאַנגען אַ געזעץ, וואָס מאַכט בטל די ספּעציפישע יידישע שטייערן. דעם 20טן אָקטאָבער האָט דער קיסר געגעבן זיין הסכמה אויפן דאָזיקן געזעץ. די פרייד פון אָפּשאַפן די דאָזיקע גזירה איז זייער שנעל צעשטערט געוואָרן דורך די פּאָליטישע געשעענישן אין לאַנד. אמת, אין די געטאָס פון גאַליציע האָבן די יידישע פאָלקס־מאַסן געיובלט. זיי האָבן אַרויסגעוויזן זייער שנאה צו די פאַכטער פון כשר־פלייש־ און שבת־ליכט־שטייער, וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט כלערליי מיטלען, אַז מען זאָל די דאָזיקע שטייערן נישט אָפּשאַפן, — זיי האָבן פאַגראָמירט זייערע דירות. איצט איז אָבער, געשטאַנען אין סכנה די גאַנצע דערגרייכונג פון דער רעוואָלוציע. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס איז אויסגעבראָכן אין ווין און האָט געטראָגן אַ מער־רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער, האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע קאָנטער־רעוואָלוציע. דער קיסר איז אַנטלאָפן פון ווין. דער פּאַרלאַמענט האָט זיך צונויפגעקליבן אין אַ מערישער שטאָט קרעמזיר. די קאָנסערוואַטיווע און רעאַקציאָנערע עלעמענטן האָבן אויפגעהויבן דעם קאָפּ. די אָפּאָזיציע צו דער יידישער עמאַנציפּאַציע איז געוואַקסן. אויך די פּויערים זיינען נישט געווען צופרידן מיט דער רעוואָלוציע, ווייל זי האָט נישט געלייזט די אַגראַר־פראַגע אַזוי ווי זיי האָבן דאָס דערוואַרט. ווען עס איז געקומען צו דער דעבאַטע איבער דער פראַגע פון רעליגיעזע אונטערשיידן, איז דער פּאַרלאַמענט אינגאַנצן אויפגעלייזט געוואָרן. ווען דאָס איז פאָרגעקומען, האָט שוין עסטרייך געהאַט אַ נייעם קיסר. פערדינאַנד דער ערשטער האָט אַבדיקירט דעם 2טן דעצעמבער 1848, און דער 18־יאָריקער פראַנץ יאָזעף איז געקרוינט געוואָרן פאַר אַ מלך. פון דער דאָזיקער רעאַקציע האָט אויך גאַליציע שטאַרק געליטן. אין לעמבערג און אין קראָקע האָבן זעלנער געשאָסן אין המון און צווישן די הרוגים זיינען געווען אַ סך יידישע קרבנות. די אימפּאָזאַנטע לוויות פון די מאַרטירער האָבן צעמענטירט די פאַרשידענע טיילן פון דער באַפעלקערונג און געשאַפן אַ שטימונג פון אחדות.

אין לאַנד גופא האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערדיקע צוגרייטונג צום געניסן די רעכט, וואָס די רעוואָלוציע האָט געבראַכט. עס האָט געהערשט אַ מיינונג, באַזונדערס צווישן די יידן, אַז מען זאָל די „פרייהייט מיט איינמאָל נישט געניסן״, נאָר בהדרגה, כדי עס זאָל נישט אַרויסרופן קיין ווידערשטאַנד. די אָרטאָדאָקסיע האָט בכלל נישט געהאַט קיין אינטערעס אין די פּאָליטישע דערגרייכונגען פונם איבערקער. די נייטראַלע יידן האָבן געקוקט אויף דער רעוואָלוציע ווי אויף אַ באַוועגונג, וואָס וועט פריער אָדער שפּעטער ברענגען צו אַ דעמאָקראַטיזאַציע פונם קהילה־לעבן און ממילא האָבן אַ ווירקונג אויפן אינערלעכן לעבן פון די יידן. פון דעם שטאַנדפונקט האָבן זיי זיך באַמיט אויסצונוצן די בירגער־רעכט, וואָס זיינען די יידן גאַראַנטירט געוואָרן אפילו שפּעטער, ווען די קאָנסטיטוציע איז שטאַרק איינגעשרומפּט געוואָרן.

דאָס רעכט צו וויילן און צו זיין געוויילט אין די שטאָט־ראַטן האָט געעפנט פאַר יידן נייע פּאָליטישע האָריזאָנטן פון אַ מער פּראַקטישן ווערט.

די עפּאָכע, ווען מען האָט באַדאַרפט זיך אידענטיפיצירן מיט אַ פּאָליטישער ריכטונג, איז שוין כמעט ווי פאַרביי. גאַליציאַנער פּאָליאַקן און רוטענער האָבן גענומען אויסנוצן די קאָנסטיטוציאָנעלע מעגלעכקייטן, כדי צו באַפעסטיקן זייער נאַציאָנאַל־פּאָליטישע ספערע פון אינטערעסן. די יידן זיינען געווען געשפּאָלטן אין צוויי לאַגערן: די מזרח־גאַליצישע זיינען געווען צענטראַליסטן; דייטש איז געווען זייער קולטור־אידעאַל, בעת די מערב־גאַליצישע זיינען געווען פעדעראַליסטן און פּויליש איז געווען זייער פּאָליטיק און קולטור־אָריענטאַציע. ווען די אונגערשע נאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן געוואָלט זיך אינגאַנצן אָפּרייסן פון עסטרייך, האָבן געזוכט שטיצע ביי די פּאָליאַקן, האָבן זיי אַרויסגעגעבן אויף העברעאיש אַן אויפרוף, כלומרשט אין נאָמען פון די אונגערשע יידן, און געבעטן די גאַליצישע יידן צו שטיצן זייערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. בעת דער דאָזיקער אויפרוף איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין קראָקע, האָט מען אין לעמבערג, ווי אַ געריכט־אויספאָרשונג האָט באַוויזן, וועגן דעם אויפרוף אינגאַנצן נישט געוואוסט. דאָס באַווייזט, אַז מען האָט געהאַלטן די קראָקעווער יידן פאַר מער פּויליש־באַוואוסטזיניק און ממילא שטאַרק אונגאַראָפיליש, אַזוי ווי די פּאָליאַקן זיינען בכלל געווען.

אפילו די פּוילישע עמיגראַנטישע שרייבער האָבן געקוקט אויף די יידן אין מערב־גאַליציע, ווי אויף „יידן־פּאָליאַקן", און געהאַט צווישן זיי אַ סך קאָרעספּאָנדענטן און פאַרשפּרייטערס פון דער פאַרבאָטענער ליטעראַטור. וועגן די יידן אין מזרח־גאַליציע האָבן זיי געשריבן ווי וועגן עסטרייכישע משרתים און שפּיאָנען, גערמאַניזאַטאָרס און שונאים פון פּוילישן פרייהייטלעכן געדאַנק. אין אייניקע שריפטן פון דער פאַריזער עמיגראַציע באַקלאָגט מען זיך, אַז עס איז שווער צו געפינען יידישע פאַרטרויען־מענער אין די שטעט פון מזרח־גאַליציע.

די מערץ־קאָנסטיטוציע פון 1849 האָט גאַראַנטירט די יידן אין עסטרייך און ממילא אויך די יידן אין גאַליציע בירגערלעכע רעכט. אין דער רעאַקציע, וואָס איז געקומען נאָך דער „פרילינג־צייט", האָט מען דעם 31טן דעצעמבער 1851 די מערץ־קאָנסטיטוציע בטל געמאַכט. עס איז אַרויסגעשוואוימען אַ ריין יורידישע פראַגע, צי מיטן בטל־מאַכן די קאָנסטיטוציע ווערן אויטאָמאַטיש בטל די רעכט פון די יידן. מען האָט אויף דער פראַגע קיין קלאָרע תשובה נישט געקענט באַקומען. אָבער בעת עס איז באַהאַנדלט געוואָרן דאָס רעכט פון יידן צו קויפן אומבאַוועגלעכע גיטער, איז געוואָרן קלאָר, אַז די לאָקאַלע מאַכט האָט געקענט אינטערפּרעטירן די דאָזיקע רעכט, ווי זי האָט געהאַלטן פאַר פּאַסיק. עס איז פון דעם אַרויסגעוואַקסן אַ געוואַלדיקע הפקרות, ווייל אַ סך באַאַמטע האָבן געטייטשט דאָס אָפּשאַפן די קאָנסטיטוציע, ווי דאָס אָפּשאַפן די רעכט, וואָס די דאָזיקע קאָנסטיטוציע האָט געגעבן יידן. ערשט אין 1853 האָט מען קלאָר געמאַכט, אַז יידן האָבן רעכט צו קויפן הייזער און גיטער. אַזוי אַרום זיינען די רעכט פון די יידן אויסגעפּרואווט געוואָרן אין פייער פון יורידישן פּילפּול און ממילא האָט שוין דער טויטער אות פון געזעץ ווינציק וואָס וועמען געקימערט. עס האָט גענומען אַ פּאָר יאָר ביז די פּירות פון 1848 זיינען רייף געוואָרן פאַר יידן. אַזוי שפּעט ווי 1860 האָט מען נאָך דורכגעלופּטערט אין דער גאַליצישער פּובליציסטיק די פראַגע וועגן יידישע רעכט. אַ דייטשער ייד זיגמונט בלום האָט אין אַ פּוילישער בראָשורע, געשריבן אין 1861, זיך באַמיט קלאָר מאַכן די דאָזיקע פראַגע און פּאַרטיידיקט יורידיש דעם שטאַנדפּונקט, אַז די רעכט זיינען שוין אַ געזעץ, נאָר די אָנווענדונג איז נאָך אַלץ הפקרות. אין משך פון יענער צייט זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן די באַגרענעצונגען וועגן פּראָפעסיעס. מען האָט דערלויבט קויפן גיטער נאָר די יעניקע, וועלכע האָבן געענדיקט אַ „אונטער־גימנאַזיע" אָדער אַן אַנאַלאָגישן לער־אַנשטאַלט. פולע רעכט האָבן יידן באַקומען ערשט אין 1857. די יורידישע פאָרמולירונג פאַרן „קרוין־לאַנד" גאַליציע איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין 1868, ווען דער לאַנד־דעקרעט" האָט עס קלאָר און דייטלעך פאָרמולירט.

אויף דער לאַגע פון יידן אין גאַליציע האָט אויך געווירקט די וואַקלדיקע נאַציאָנאַליטעטן־פּאָליטיק פון עסטרייך אין די יאָרן 1848—1857. דאָס לאַווירן צווישן גערמאַניזאַטאָרישער צענטראַליסטישער טענדענץ און דעצענטראַליסטיש־אויטאָנאָמיסטישער סיסטעם איז געווען דער הויפּט־אינהאַלט פון דער דעמאָלטדיקער פּאָליטיק אין עסטרייך. די דאָזיקע זיגזאַגישע ליניע האָט ממילא געמוזט משפּיע זיין די פּאָליטישע און אויך די קולטור־אָריענטאַציע פון די יידן אין גאַליציע. די ערשטע פּראָיעקטן־מאַכער וועגן רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן אין גאַליציע האָבן אין דער שפּראַך־פראַגע נישט געהאַט קיין קלאָרן שטאַנדפּונקט. דער סאַמבאָרער ראַבינער שמואל דויטש האָט אין זיין פּראָיעקט פון 1851 געפאָדערט, אַז מען זאָל קודם־כל אַריינפירן דייטש ווי די לימודים־שפּראַך אין די שולן. חוץ דעם, האָט ער פאָרגעשלאָגן די אַלע רעפאָרמען, וואָס זיינען געווען אַ באַשטאַנד־טייל פון יעדן משכילישן פּראָיעקט פון יענער צייט, ווי פאַרבאָטן די חסידישע באַוועגונג, אָפּשאַפן די יידישע קליידונג, באַזעצן יידן אויף לאַנד און אויך רופן אַ „סנהדרין" פון „נאָטאַבלען", וואָס זאָלן צושטעלן פּראָיעקטן וועגן די נויטיקע רעפאָרמען אין יידישן לעבן. ענלעכע פּראָיעקטן זיינען אַרויס פון אַנדערע משכילים. די

צייט איז אָבער נישט געווען רייף פאַר אַזעלכע רעפאָרמען. ווין האָט שוין געביטן איר פּאָליטישע אָריענטאַציע, ווי אַ רעזולטאַט פון דער מפּלה אויפן געביט פון דער אויסערלעכער פּאָליטיק.

די מפּלה אין 1859 האָט קלאָר געמאַכט, אַז אָן גרינטלעכע רעפאָרמען אין לאַנד גופא וועט די מלוכה־שיף נישט קענען קומען צו יענע אַזוי שטאַרק געגאַרטע ברעגעס פון שלום־בית. די צווייִדייטיקע שטעלונג פון דער רעגירונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָט פּאַראַליזירט דעם לעבנס־אימפּעט פון דער מלוכה. קיין זאַך איז קאָנקרעט נישט געלייזט געוואָרן. ביסלעכווייז אָבער האָט עסטרייך, ווי אַ גרויסער בעל־חוב, וואָס מוז צאָלן אָבער איז אַ צו גרויסער קמצן ער זאָל קענען פּועלן ביי זיך צו באַצאָלן מיט איינמאָל, אָנגעהויבן צוואַרפן שיריים פון רעכט, וואָס האָבן אין די אויגן פון די אויסגעהונגערטע גאַליציאַנער אויסגעזען ווי גרויסע חסדים. אָבער די רעאַקציע קעגן יידן־רעכט איז געקומען נישט נאָר פון ווין. זי האָט געהאַט אַ גיגציקן באָדן אין לאַנד גופא. די אחדות־מאָטיוון פון 1848 זיינען זייער שנעל פאַרגעסן געוואָרן, און עס האָבן זיך דערהערט ניגונים פון דער אַלטער צייט.

אין קראָקע האָט דער שטאָט־ראַט נישט געוואָלט האָבן קיין יידן מחוץ זייער געטאָ, און עס איז געקומען צו אַ קאַמף, אין וועלכן די קראָקעווער יידן זיינען געצוואונגען צו זוכן יושר אין ווין, הגם זיי האָבן געוואָלט דערליידיקן דעם ענין צווישן זיך און די פּאָליאַקן אַליין. דעם 30טן דעצעמבער 1849 האָבן זיך אין קראָקע צוזאַמענגעקליבן די קריסטלעכע בעלי־מלאכות און באַשלאָסן בשותפות מיט די סוחרים צו שיקן אַ דעלעגאַציע קיין ווין, וואָס זאָל פּועלן נישט אַריינלאָזן די יידן אין דעם קריסטלעכן טייל שטאָט. די יידן האָבן פון זייער זייט אויך געשיקט קיין ווין אַ דעלעגאַציע, כדי אָפּצושרייען די דאָזיקע גזירה. דער פאַרטרעטער פון דער רעגירונג האָט זיי געזאָגט: די יידן קאָקעטירן מיט די פּאָליאַקן, און זיי פאַרדינען, אַז די מלוכה זאָל זיין גלייכגילטיק צו זייער גורל. אויף דעם האָט איינער פון די יידן געענטפערט, אַז די קראָקעווער יידן דאַרפן נישט קאָקעטירן מיט די פּאָליאַקן, ווייל זיי באַטראַכטן זיך סיי ווי סיי פאַר פּאָליאַקן. דער מיניסטער פאַר אינערלעכע ענינים האָט זיי דעריבער געגעבן אַן עצה, אַז זיי זאָלן זיך אינגאַנצן פאַרלאָזן אויפן יושר פון פּוילישן מאַגיסטראַט אין קראָקע.

אָבער דער מאַגיסטראַט האָט געפּסקנט, און מיט אים האָבן געשטימט די סאַמע פּראָמינענטסטע פּוילישע פּובליציסטן פון יענער צייט, אַז יידן מוזן בלייבן אין זייער געטאָ, אין הסכם מיט דער אַלטער טראַדיציע. אפילו די שרעקלעכע שריפה אין קראָקע פון 1850 האָט נישט געענדערט דעם באַשלוס פון מאַגיסטראַט, און לויטן געזעץ פון 3טן אָקטאָבער 1853 האָבן די יידן געמוזט בלייבן אין קוזמיר. דאָס זעלבע איז אויך געווען אין לעמבערג. מען האָט די יידן נישט דערלויבט אַרויס פון די געטאָ־ווענט, וואו עס איז געוואָרן שרעקלעך ענג. נאָך אַ וויכוח, וואָס איז אָנגעגאַנגען איבער פיר יאָר צייט, האָט דער שטאַט־האַלטער גראַף גאָלוכאָווסקי געפּסקנט, אַז די יידישע געטאָ מוז בלייבן (1858). אָבער נאָך 1859 האָבן זיך די געמיטער באַרואיקט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער קורס. די וואַלן אין גאַליצישן סיים אין 1861 זיינען שוין פאָרגעקומען אונטער דער ווירקונג פון די געשעענישן אין וואַרשע, וואו דער יידיש־פּוילישער אחדות־ניגון האָט זיך אויפסניי פאַנאַנדערגעשפּילט. קראָקע און לעמבערג האָבן דעמאָלט געגעבן יידן צו איין מאַנדאַט. (סאַמועלסאָן אין קראָקע און דובס אין לעמבערג).

אין 1867 זיינען אויפגעלייזט געוואָרן די געטאָס אין קראָקע און אין לעמבערג, און ביסלעכווייז האָבן שוין יידן געקענט וואוינען, אָדער קויפן הייזער וואו זיי האָבן געוואָלט, אפילו אין די עטלעכע שטעט, וואָס האָבן ווי אַן אויג אין קאָפּ געהיט זייערע אַלטע פּריווילעגיעס „דע נאָן טאָלעראַנדיס יודעאיס” (אַז יידן טאָרן בכלל זיך נישט באַזעצן). אין 1860 האָט מען אין לעמבערג געגרינדעט אַ יידישע געזעלשאַפט צו „פאַרשפּרייטן בילדונג און בירגערלעכקייט צווישן די גאַליצישע יידן”. די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט נישט נושא חן געווען ביי די פּויליש־אָריענטירטע יידישע אינטעליגענטן, ווייל זי האָט געטאָן איר אַרבעט אויף דייטש. די פּאַריזער פּוילישע עמיגראַנטן האָבן אַפּעלירט צו די גאַליצישע „יידן־פּאָליאַקן”, אַז זיי זאָלן באָיקאָטירן די דאָזיקע גערמאַניזאַטאָרישע געזעלשאַפט.

ביסלעכווייז הויבט אָן צו וואַקסן די צאָל יידן אין פאַרשידענע צווייגן פון עקאָנאָמישער טעטיקייט. לויט אַ סטאַטיסטיק פון 1874 איז אין גאַליציע געווען אויף 2000 גוטבאַזיצער — 324 יידן, דאָס רוב אין מערב־גאַליציע. אין די יאָרן 1848—1868 האָט מען אָנגעציילט איבער 100 יידן דאָקטוירים. אויב פאַרן יאָר 1848 זיינען אין גאַנצן געווען דריי יידן — אַדוואָקאַטן, האָבן זיי אין 1887 שוין אויסגעמאַכט גאַנצע 35 פּראָצענט פון דער אַדוואָקאַטן־פּראָפעסיע. בעת אין 1848 זיינען געווען נאָר 32 יידן אין די גימנאַזיעס, האָבן שוין אין 1869 די יידן אויסגעמאַכט 9 פּראָצענט פון אַלע תלמידים. דער וואוקס פון יידן אין בילדונג און אין די פרייע פּראָפעסיעס האָט נאָך נישט געמיינט, אַז מיט דער תקופה פון בירגער־רעכט איז שוין געקומען די תקופה פון עקאָנאָמישער זיכערקייט. אמת, עס זיינען פאָרגעקומען טיפע און קאָנסטרוקטיווע ענדערונגען אין

עקאָנאָמישן לעבן, וואָס פון זיי האָבן אויך יידן גענאָסן. די הויפּט־סיבות פאַר אַזאַ פאַרבעסערונג זיינען געלעגן נישט אין די רעכט, וואָס יידן האָבן געקענט געניסן, נאָר אין די סאָציאַל־עקאָנאָמישע שינויים אין לאַנד גופא, וואָס האָבן דירעקט און אומדירעקט באַווירקט דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן פון די יידן.

קודם־כל איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די פּויערים־קנעכטשאַפט, און מיטן דאָזיקן וויכטיקן אַקט איז די גאַנצע פריצישע פעאָדאַלע סטרוקטור צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן. דאַן האָט מען אין לאַנד גופא אָנגעהויבן בויען דריי אייזנבאַן־ליניעס, וואָס האָבן פאַרבונדן גאַליציע מיט די אַנדערע קרוינלענדער פון עסטרייך. הגם וואוקס פון דער באַפעלקערונג איז נישט קיין סימן פון עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד, דאָך איז כדאי זיך צו באַקענען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין גאַליציע: אין 1850 האָט מען די יידישע באַפעלקערונג אין גאַליציע געשאַצט אויף 333,000 (לויט דעם היסטאָריקער קאַלינקאַ 400,000); אין 1857 — אויף 449,000 און אין 1869 — אויף 576,000. אין משך פון 23 יאָר (1846—1869) איז די יידישע באַפעלקערונג געשטיגן פון 6 פּראָצענט אויף 10.6.

פאַר די יידן האָט די נייע עקאָנאָמישע קאָניונקטור געעפנט נייע מעגלעכקייטן, וואָס האָבן לכתחילה אויסגעזעזן גאָר לאָקנדיק, הגם מיט דער צייט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אָרימער האַנדל־באַלאַנס פון לאַנד גופא איז נישט בכוח צו פאַרזיכערן פּרנסה אַזוי פיל האַנדל־טעטיקע מענטשן. דער ייד איז געוואָרן דער האַנדל־פאַרמיטלער אין גאַנצן לאַנד, בעת אין דער פריעריקער תקופה איז ער געווען אַ פאַרמיטלער צווישן פריץ און וועלט. דער עקספּאָרט פון תבואה און פון בהמות איז געווען אַן אויסשליסלעך יידישע פּרנסה. דאָס זעלבע איז געווען מיטן עקספּאָרט פון אייער און פעדערן. מען קען זאָגן, אַז דער גאַנצער עקספּאָרט פון גאַליציע איז געווען קאָנטראָלירט פון יידן. אויך דער אימפּאָרט קיין גאַליציע איז געלעגן אין יידישע הענט. „דער כוח פונם אויסלענדישן האַנדל פון גאַליצישע יידן — שרייבט אַ היסטאָריקער — איז געלעגן קודם־כל אין דער אָרגאַניזאַציע און איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אַ קליינע לפי ערך גרופּע יידישע עקספּאָרטערן איז געווען באַדינט פון אַ סך וואַנדערנדיקע יידישע סוחרים און דאָרף־גייער, וועלכע פלעגן איינקויפן אויף די דערפער די פּראָדוקטן, וואָס זיינען געווען באַשטימט אויף עקספּאָרט, און אויף אַזאַ אופן האָבן זיי געקענט דערגיין צום קאָנסומענט".

עס ווערן געשאַפן אינדוסטריעלע האַנדל־קאַמערן (לעמבערג, בראָד און קראָקע), אין וועלכע יידן שפּילן די הויפּט־ראָלע. אין אינדוסטריע זיינען יידן געווען ווינציק פאַרטראָטן, ווייל די אַלגעמיינע אינדוסטריע פון לאַנד איז געווען גאָר שוואַך. אפילו אויף אַזאַ געביט ווי באַנקען זיינען יידן נישט אַזוי רעפּרעזענטאַטיוו, שוין פּשוט צוליב דעם, וואָס די ווינער יידישע באַנקירן האָבן בעסער געקענט באַדינען גאַליציע, איז ממילא אויסגעקומען, אַז אַ יידישער באַנקיר אין גאַליציע איז געווען נישט מער, ווי אַ פאַרטרעטער פון אַ ווינער באַנק־פירמע.

אָבער דער דאָזיקער אויפבלי אין דער תקופה פון קאָנסטיטוציאָנאַליזם האָט געקענט פאַרבעסערן די לאַגע פון אַ טייל יידישער באַפעלקערונג. די אַרמיי פון דאָרף־גייער איז געווען אַן אַרמיי פון האַנדל־פּראָלעטאַריער, די איינציקע יידישע פּראָלעטאַריער אין גאַליציע. דער מנין ובנין פון דער גרויסער יידישער מאַסע האָט געהאַט די פולע פרייהייט צו שטאַרבן פון הונגער. די אָרימקייט פון די יידן אין גאַליציע רופט אַרויס אַן אינטערעס אין אויסלאַנד. עס הערן זיך די אַלטע משכילישע טעאָריעס, אַז מען דאַרף יידן פּראָדוקטיוויזירן דורך באַזעצן אויף לאַנד. אין 1861 איז אַ געוויסער יעקב טאָפּראָווער אַרויס מיט אַ קול קורא צו די יידן, אין וועלכן ער שרייבט:

„איר יידישע גבירים, וועלכע האָט די מעגלעכקייט זיך צוקוקן צו דער מאָראַלישער ירידה פון יידישן פאָלק, גיט אַ קוק אויף וואָס פאַר אַ נידעריקער מדרגה עס שטייט דער מסחר אין גאַליציע. קוקט זיך צו צו דעם פאַרדין־אופן פון טויזנטער מענטשן; ווי איינער וואַרפט זיך אויפן צווייטן און וואָלט אים אויפגעגעסן לעבעדיקערהייט! קוקט זיך צו: וויפיל אָרימע לייט גייען אַרום מיט אַ שטעקן אין האַנט און קוקן אויפן הימל און האָבן נישט קיין שטענדיקע פּרנסה! איר קענט פאַרלייכטערן דעם גורל פון פאָלק, אויב איר וועט מיטהעלפן, אַז זיי זאָלן מחנותוויז פאַרלאָזן די גרויסע שטעט, די שטעט פון הונגער און נויט און זיך אַריבערטראָגן אין דאָרף אַריין, וואו עס הערשט כל־טוב און רואיקייט".

ער אַפּעלירט צו די גבירים זיי זאָלן גרינדן אַגראַר־קרייזן. יעדער פאַרמעגלעכער ייד זאָל קויפן אַן אַקציע פון הונדערט גולדן, וואָס זאָל טראָגן זיבן פּראָצענט אַ יאָר און זאָל ווערן אויסגעקויפט נאָך 20 יאָר צייט. ער ווייזט אָן, אַז די קאָלאָניזאַציע פון יידן אין דרום־רוסלאַנד איז געווען אַ דערפאָלג. היינט פאַרוואָס זאָלן די גאַליצישע יידן זיין אַ יוצא מן הכלל?

מיט פּראָיעקטן צו קאָלאָניזירן יידן זיינען זינט 1848 אַרויס עטלעכע יידן, ווי למשל דער זשאָלקעווער רב הירש צבי חיות און דער פריער דערמאָנטער סאַמבאָרער קרייז־ראַבינער דויטש (ביידע

אין 1851). אָבער נאָך פריער, טאַקע אין 1848, האָט דער ווינער ראַבינער לאַזאַר האָראָוויץ אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף צו די יידן פון עסטרייך, וואו ער שרייבט, אַז די רעכטלעכע באַפרייאונג אָן אַ סאָציאַלער פאַרבעסערונג איז אַן אומזין. מען דאַרף די יידן דערמוטיקן צו ווערן ערד־אַרבעטער, ווייל דאָס איז דער וועג צו אַ „סאָציאַלער פאַרבעסערונג“. אָבער די פּראַקטיק מיט די יידישע קאָלאָניעס פון דער פריערדיקער תקופה האָט קיין סטימולירנדיקן כוח נישט געקענט האָבן. קודם־כל איז די אָרטאָדאָקסיע געווען קעגן יידישער קאָלאָניזאַציע. עס זיינען אויך געווען מניעות בנוגע די געלט־מיטלען. די הויפּט־סיבה פון דורכפאַל מיט אַלע פּראָיעקטן פון דעם מין איז געווען: די טרויעריקע לאַגע פון גאַליצישן פויער האָט נישט געקענט אַרויסרופן קיין חשק אפילו ביי דעם אָרימסטן יידן, ער זאָל זיך „פאַרפויערן“.

פאַרמעגלעכע יידן זיינען געוואָרן גוט־באַזיצער און גוט־פאַכטער, באַזונדערס אין מזרח־גאַליציע. אָבער די האָפענונגען, אַז אַ יידישער גוט־באַזיצער וועט צוציען יידישע פעלד־אַרבעטער, איז נישט מקויים געוואָרן. דער רוטענישער פויער איז געווען ביליקער און געהאָרכזאַמער. דער איבערגאַנג פון גוט־באַזיץ אין יידישע הענט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנקייט אין דער פּוילישער געזעלשאַפט. דער פּוילישער גוט־באַזיצער בכלל און אין מזרח־גאַליציע בפרט, וואו דער פויער איז נישט געווען פּויליש, — האָט סימבאָליזירט און רעפּרעזענטירט דעם פּוילישן נאַציאָנאַלן באַזיץ. דער ייד האָט צו יענער צייט נאָך אַלץ זיך אידענטיפיצירט מיט דער דייטשער קולטור. ממילא איז דער איבערגאַנג פון אַ גוט פון די הענט פון אַ פּאָליאַק אין די הענט פון אַ יידן — באַטראַכט געוואָרן נישט ווי אַ האַנדל־טראַנזאַקציע, נאָר איז באַפאַרבט געוואָרן מיט געוויסע נאַציאָנאַלע פּאָליטישע קאַטעגאָריעס, וואָס דער עסטרייכיש־געשטימטער יידישער גביר פון גאַליציע האָט נישט געקענט באַגרייפן. דאָס האָט געבראַכט צו רייבונגען, וואָס זיינען ווייטער פון אַ געזעלשאַפטלעכן ריס נישט געגאַנגען, ווייל עס האָט געפעלט יענע מאַכט־קאַטעגאָריע, וואָס זאָל העלפן דער פּוילישער געזעלשאַפט אין אירע באַמיאונגען צו רעדוצירן, אָדער אינגאַנצן אָפּצושאַפן אַזעלכע מינים קניות. מיט דער צייט אָבער זיינען די קינדער פון די דאָזיקע ערשטע גרויסע גוט־באַזיצער אין גאַליציע געוואָרן די פאָן־טרעגער פון דער פּוילישער אַסימילאַציע אין לאַנד, און אַ סך פון זיי זיינען אַריין אין די עכט־פּוילישע משפחות, ווי גלייכע מיוחסים, און געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין באַפעסטיקן די פּוילישע העגעמאָניע אין מזרח־גאַליציע.



# 3. יידן אין גאַליציע
## (1914—1868)

דאָס יאָר 1868 איז אַ וויכטיקע דאַטע אין דער געשיכטע פון די גאַליצישע יידן. אין יענעם יאָר האָט מען אין לעמבערגער סיים צוויי טעג דעבאַטירט דעם ענין פון אָפּשאַפן די רעשטלעך יידן־באַגרענעצונגען, וואָס זיינען נאָך אַלץ געווען געזעצלעך אין גאַליציע, הגם אין אַ סתירה מיט די גרונט־יסודות פון דער נייער קאָנסטיטוציע פון 1867, וואָס פּראָקלאַמירט פולע רעכט פאַר אַלע איינוואוינער פון עסטרייך.

קודם־כל איז געשטאַנען די פראַגע פון יידישן אָנטייל אין די שטאָט־פאַרוואַלטונגען. די שטעט זיינען געווען שטאַרק באַזעצט פון יידן, און אין איניקע פון זיי האָבן יידן אויסגעמאַכט אַ מערהייט פון די איינוואוינער. די פּאָליאַקן האָבן מורא געהאַט, אַז דער „קריסטלעכער כאַראַקטער“ בפרט פון די גרויסע שטעט זאָל נישט ליידן פון צו פיל דעמאָקראַטיע. עס איז געווען אַ סכנה פונם פּוילישן שטאַנדפּונקט, אַז די דעמאָקראַטישע וואַלן אין די מוניציפּאַלע קערפּערשאַפטן וועלן ברענגען צו אַ מאַיאָריזאַציע פון יידן אין אַ גאָר גרויסער צאָל שטעט. שוין אין די יאָרן 1852 און 1865 איז דער דאָזיקער ענין שטאַרק דעבאַטירט געוואָרן אין לעמבערגער סיים. דעמאָלט זיינען אָנגענומען געוואָרן אַ ריי באַשלוסן, לויט וועלכע אַ ייד האָט בשום אופן נישט געקענט ווערן בירגערמייסטער. עס איז אפילו באַגרענעצט געוואָרן די צאָל יידן־ראַט־מענער.

אָבער לאַנג האָט די דאָזיקע לאַגע נישט געקענט דויערן. אין הסכם מיט דער נייער קאָנסטיטוציע האָבן די תקנות געמוזט רעווידירט ווערן. די יידישע דעפּוטאַטן, צוזאַמען מיט די פּוילישע ליבעראַלן, בראש פון וועלכע עס איז געשטאַנען פראַנציִשעק סמאָלקאַ, דער געוועזענער פּאָרזיצער פון ווינער פּאַרלאַמענט אין 1848, איז געלונגען דורכצופירן דעם דעמאָקראַטישן פּראָיעקט פון דער מלוכה. אויף אַזאַ אופן ווערט דאָס יאָר 1868 באַטראַכט ווי אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע פון יידן אין גאַליציע. די לעמבערגער קהילה האָט אַרויסגעגעבן אויף פּויליש און אויף דייטש די „דעבאַטן איבער די יודנפראַגע אויף דער סעסיע פון גאַליצישן לאַנדטאָג פון 1868“, ווי אַ זכר פון דעם היסטאָרישן אַקט, וואָס האָט אָפּגעשאַפט די לעצטע שטיינער אויפן וועג צו פּאָליטישער עמאַנציפּאַציע. עס האָט זיך גאָר גיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס „נייע לעבן“ האָט געבראַכט נייע שוועריקייטן און דער אַלטער דלות איז ווייטער געבליבן. פאַר דער יידישער מאַסע איז דער אַקאַדעמישער פּרינציפּ פון בירגער־רעכט, וואָס איז אָנפּאַרטרויט געוואָרן די תקיפים פון די קהילות,

ווי די „לעגאַלע" פאַרזאָרגער און פאַרמיטלער צווישן מלכות און יידן, געווען נישט מער, ווי אַ פיקציע.

גאַליציע גופא האָט געליטן פון דער ווינער ווירטשאַפטלעכער פּאָליטיק, וואָס האָט געשטרעבט צו פאַרוואַנדלען דאָס לאַנד אין אַ קאָלאָניע, וואָס דאַרף דינען נאָר ווי אַן אָפּזאַץ־מאַרק פאַר די עסטרייכישע סחורות. אין גאַליציע איז שטענדיק געווען אַ גרויסע אָרימקייט. דער פּוילישער עקאָנאָמיסט סטאַניסלאַוו שטשעפּאַנאָווסקי האָט אין זיין בוך „דער דלות אין גאַליציע", וואָס איז דערשינען אין 1888, פאָרמולירט, אַז יעדער „גאַליציאַנער אַרבעט פאַר אַ פערטל מענטשן און עסט פאַר אַ האַלבן". די לוינען פון אַן אַרבעטער אין גאַליציע זיינען געווען אַ צענטל פון דעם, וואָס אַ דייטשער אַרבעטער האָט באַקומען. די יידן האָבן צו יענער צייט אויסגעמאַכט 11.7 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג (770,000 יידן אויף 6,608,000). די גאַליצישע יידן האָבן אויסגעמאַכט צוויי דריטל פון אַלע יידן אין עסטרייך. אין די מזרח־טיילן פון גאַליציע האָבן מער יידן געוואוינט אין די דערפער, בעת אין די מערבדיקע טיילן איז געווען פאַרקערט. די יידן האָט געצויגן אין די גרויסע שטעט, וואו די אויסזיכטן אויף חיונה זיינען געווען רעלאַטיוו בעסערע. אַזוי אַרום האָט אַ פערטל פון אַלע גאַליצישע יידן אַרום 1900 זיך געפונען קאָנצענטרירט אין 31 גרעסערע שטעט. פון אַן אויספאָרשונג, געמאַכט אין 1890, איז צו זען, אַז יידן זיינען געווען שטאַרק פאַרטראָטן אין קליין־האַנדל. קיין אמתע פּראָלעטאַריזאַציע אין מערב־אייראָפּעאישן זינען איז נאָך נישט פאָרגעקומען. די מערהייט יידן זיינען געווען קליינע בעלי־בתימלעך, קליין־הענדלער און אַלערליי בעלי־מלאכות. פון די מלאכות האָט זיך ביי יידן שטאַרק אַנטוויקלט שניידעריי, ווייל עס זיינען געשאַפן געוואָרן לאָקאַלע אָפּזאַץ־מאַרקן פאַר פאַרטיקע קליידער.

די יידישע אָרימקייט איז אָפטמאָל געווען אַן אָביעקט פון פאָרשונגען. שוין אין 1873 האָט דער „איזראַעליטישער אַליאַנס" אין ווין, וואָס איז געווען אַ טייל פון פראַנצויזישן „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסאַל", געמאַכט אַן אויספאָרשונג וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון יידן אין גאַליציע. אין 1890 האָט דער לעמבערגער פאַראיין „אגודת אחים" דורכגעפירט אַן ענלעכע אויספאָרשונג. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין 1890 איז אין גאַנץ גאַליציע געווען נאָר איין פּראָצענט יידן, וואָס האָבן פאַרדינט מער ווי 20,000 גולדן; 4 פּראָצענט האָבן געהאַט אַ הכנסה פון צען ביז צוואַנציק טויזנט, צען פּראָצענט פון 200 ביז 500 גולדן. גאַנצע 25 פּראָצענט האָבן פאַרדינט ווינציקער ווי 200 גולדן אַ יאָר, אַ סומע וואָס איז געווען גענוג קוים אויף אַ הונגער־לעבן.

אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט בכלל נישט געהאַט קיין שום סטאַבילע הכנסה און האָט געמוזט אָנקומען צו צדקה. אַכט יאָר שפּעטער, אין 1898, האָט אַן אויספאָרשונג פעסטגעשטעלט, אַז נאָך דרייסיק יאָר אויטאָנאָמיע, וואָס האָט געזאָלט ברענגען אַ ישועה פאַרן לאַנד, איז אויף 1000 מענטשן געווען קוים אַכט, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ הכנסה פון איבער 600 גולדן אַ יאָר, בעת אין נידער־עסטרייך זיינען געווען פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע 90 און אין גאַנצן לאַנד — 72.

אמת, פּאָליטיש און אויך טיילווייז עקאָנאָמיש האָבן אייניקע גרופּעס פון דער יידישער באַפעלקערונג שטאַרק געוואונען פון דער גלייכבאַרעכטיקונג. אין 1874 האָבן די יידן שוין געהאַט ראַטמענער אין 261 מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונגען. צען שטעט האָבן געהאַט יידישע בירגער־מייסטער. אין די גרויסע שטעט, וואו יידן האָבן אויסגעמאַכט אַ וואָגיקע באַפעלקערונג, איז די צאָל יידן אין די שטאָט־ראַטן ווייט נישט געווען פּראָפּאָרציאָנעל לגבי זייער צאָל. אין אַזאַ יידישער שטאָט ווי קראָקע זיינען געווען נאָר 11 יידן־ראַטמענער; אין לעמבערג נאָר 5 אויף 100. אין גאַליצישן סיים, וואו די צאָל דעפּוטאַטן האָט באַטראָפן 150, האָבן יידן קיינמאָל נישט געהאַט מער ווי 5 דעפּוטאַטן, ד"ה 3 פּראָצענט, בעת לויט דער פּראָפּאָרציע האָבן זיי געדאַרפט האָבן לכל הפחות 11. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער באַרימטער גאַליצישער וואַלטעכניק. פון שטאַנדפּונקט פון פּאָליטישער וויכטיקייט האָט דער גאַליצישער סיים נישט אימפּאָנירט אַזוי די יידן, ווי די אוקראַינער, וועלכע האָבן אים באַנוצט ווי אַ דעמאָנסטראַטיווע פּלאַטפאָרמע פאַר זייערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. אויף די גרעסטע שוועריקייטן פלעגן יידן זיך אָנשטויסן ביים וועלן באַקומען אַ שטעלע אין אַ מלוכהשער, אָדער מוניציפּאַלער אינסטיטוציע. סך־הכל זיינען אין 1890 געווען אַן ערך 650 יידן באַאַמטע, דאָס רוב אין פּאָסט, אייזנבאַן, געריכט און פינאַנץ־אַמט. אין געריכט איז אין 1897 געווען 112 יידן, ד"ה קנאַפּע 6 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל באַאַמטע. אין ביידע אוניווערזיטעטן, וועלכע זיינען שוין צו יענער צייט געווען פּויליש, איז אין 1897 פון 166 פּראָפעסאָרן געווען סך־הכל 4 יידן און פון 38 דאָצענטן איז נאָר איינער געווען אַ ייד. די דאָזיקע רעלאַטיוו קליינע דערגרייכונגען אינם מלוכה־אַפּאַראַט האָבן נישט געקענט באַווירקן די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע סטרוקטור פון גאַליצישן יידנטום, וואָס איז געווען אַן איינזייטיקע און ממילא נישט קיין געזונטע. קנאַפּע 50 פּראָצענט יידן איז געווען באַשעפטיקט אין כלערליי פאָרמען פון האַנדל. בעת דער פּראָצענט סוחרים און שענקער האָט אויסגע־

מאַכט ביי יידן 49.2, האָט ער ביי נישט־יידן זיך רעפּרעזענטירט נאָר מיט 11 פּראָצענט. די דאָזיקע ראָלע פון יידן אין האַנדל איז געווען מעגלעך נאָר אַדאַנק דעם, וואָס דאָס לאַנד האָט נישט פאַרמאָגט קיין אַנדערע כוחות, וואָס זאָלן האָבן די אַמביציע צו ווערן סוחרים; פאַרן נישט־יידן מיט אַ ביסל בילדונג האָט זיך געעפנט אַ מעגלעכקייט פון, אמת, אַ מיזערנער, אָבער אין פּרט פון פּרעסטיזש זייער לאָקנדיקער קאַריערע פון אַ מלוכה־באַאַמטן. אין 1882 האָט זיך שוין אָבער אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען די פּוילישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, וואָס האָט אין 1906 געהאַט אַ גוט־אָרגאַניזירטע קייט פון 6000 קראָמען און איז מיט דער צייט געוואָרן אַ וואָגיקער קאָנקורענט פאַרן יידישן סוחר. דאָס זעלבע איז געווען ווען די אוקראַאינער האָבן אָנגעהויבן בויען זייערע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען.

די לאַגע האָט זיך שטאַרק געביטן אין די יאָרן 1900—1914. שוין אַ ביסל פריער (1898) האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּויפּעריזאַציע פון די יידישע מאַסן נעמט אָן אַ מוראדיקן כאַראַקטער. אין יענעם יאָר, למשל, איז אין אַזאַ קהילה ווי קאָלאָמיי געווען סך־הכל 100 פאַרמעגלעכע יידן אויף אַן עדה פון 14,000 יידישע נפשות. אין דער שטאָט סטאַניסלאַוואָוו האָט 50 פּראָצענט יידן (6000) געמוזט אָנקומען צו מעות חטים. אין באָריסלאַוו, אין צענטער פון נאַפט־אינדוסטריע, זיינען אויף 9000 אַרבעטער געווען 6000 יידן. די פּראָלעטאַריזאַציע פון יידן טראָגט אַ קליין־ווירטשאַפטלעכן כאַראַקטער. דער יידישער אַרבעטער אַרבעט אין קליינע פאַבריקן וואָס פאַרדינען מער דעם נאָמען וואַרשטאַטן. צו די זעלבסטשטענדיקע אַרבעטער געהערן שוסטערס און שניידערס, וואָס זייער צאָל איז 1900 געווען 22,981. ריזיק גרויס איז געווען די צאָל יידן אין שענקערייִ — איבער 20,000, וואָס מיינט אַז פון מסחר מיט משקאות האָט געלעבט 100,000 נפשות.

אויפן געביט פון אינדוסטריע זיינען יידן געווען פאַרטראָטן אין ברויערייען (אויף 84 — אַ העלפט יידישע), מילן, ליקער־פאַבריקאַציע (אויף 16 — 8 יידישע), גאַרבאַרניעס, ציגעלניעס אאַז״וו.

די אַלגעמיינע פּויפּעריזאַציע איז ביי יידן געווען אַ גרעסערע, ווי ביי נישט־יידן. דער נישט־יידישער אַרבעטער איז בדרך כלל געקומען פון דאָרף, וואו עס איז צו יעדער צייט געווען פאַר אים גרייט, אמת אַ מיזערנער, אָבער דאָך אַן אייגענער „עקאָנאָמישער הינטערלאַנד״; דער ייד האָט אַזעלכן נישט געהאַט. ביסלעכוויַיז ווערן יידן אַרויסגעשטויסן אפילו פון שווערע און שלעכט־באַצאָלטע פּראָלעטאַרישע פּרנסות, ווי למשל די נאַפט־גרובן אין באָריסלאַוו. דער גרויסער צופלוס פון פרעמדן קאַפּיטאַל האָט גורם געווען אַ פאַרהעלטנישמעסיק שנעלע אינדוסטריאַליזאַציע און ממילא אויך קאָנצענטראַציע פון דער גאַליצישער אינדוסטריע און מסחר. גאַליציע, אָרים אין קאַפּיטאַלן, אָבער רייך אין ביליקע אַרבעט־הענט, איז געוואָרן אַן אידעאַלער, כמעט אַ „קאָלאָניאַלער״ ווינקל פאַר שנעלע און גרויסע „מער־ווערטן״. עס ווערן געגרינדעט קאָמיטעטן, וואָס זייער עובדא איז צו קאָנצענטרירן דעם עקספּאָרט. דער דאָרף־גייער, דער אַגענט פון היימישן קאַפּיטאַליסט, ווערט אינגאַנצן עלימינירט פון עקאָנאָמישן לעבן, פּונקט ווי זיין נעכטיקער בעל־הבית, וואָס ווערט שנעל דעקלאַסירט אונטערן דרוק פון אייראָפּעאישן גרויס־באַטריב־טעמפּאָ, וואָס האָט אַריינגעמאַרשירט אין דער פאַרשלאָפענער גאַליציע. דער פּאַראַדאָקס פון דער סיטואַציע, וואָס ווערט מיט אַ כיוון פאַרשוויגן פון די יידישע היסטאָריקער, באַשטייט אין דעם, וואָס די ברייטע קעשענעס פון יידישע ווינער באַנקירן האָבן אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפן אויסליידיקן דעם מאָגן פון זייער אָרימען „אמונה־ברודער״ אין גאַליציע. אין די גרויסע קאָמאַנדיט־געזעלשאַפטן, סובסידירט פון ווינער באַנקירן, זיינען יידן געווען שטאַרק פאַרטראָטן. אַ דאַנק זיי אינדוסטריאַליזירט זיך דער פּוילישער גרויסער גרונט־באַזיץ. די לאַנדווירטשאַפטלעכע אינדוסטריע שטופּט אַרויס דעם פאַכטער, דעם שענקער, דעם קליינעם פאַרמיטלער, וואָס האָט געמיינט: יידן. עס ווערן געשאַפן פּוילישע אַגראַר־קרייזן (Kolka rolnicze), — זיי האָבן שוין אין 1910 געהאַט 900 קראָמען און געמאַכט אַן אומזאַץ פון 12 מיליאָן קראָנען.

אין דער זעלבער צייט ווערן אָרגאַניזירט די אוקראַאינישע קאָאָפּעראַטיווע קראָמען. די לאַנד־רעגירונג שטיצט ביידע באַוועגונגען מיט געלט: די פּוילישע כדי צו באַפעסטיקן דעם פּוילישן באַזיץ; די אוקראַאינישע, כדי צו געווינען זיי פאַר פּאָליטישע צוועקן. אויך די גוט־באַזיצער גרינדן אַן אייגענע באַנק, און דאָס איז אַלץ אויפן חשבון פון דעם ייד. דער עקאָנאָמישער קאַמף אָנהויב 19טן יאָרהונדערט ווערט פאַרשאַרפט אויך צוליב דעם, וואָס ער טראָגט אַ נאַציאָנאַל־פּאָליטישן כאַראַקטער.

צו די דאָזיקע פאָרמען פון עקאָנאָמישן קאַמף איז נאָך צוגעקומען דאָס געזעץ וועגן זונטיק־רו, וואָס האָט אויף אַזאַ אופן אַרויפגעצוואונגען אויפן גאַליצישן יידן, בדרך כלל אַ פרומען, צוויי רו־טעג. אין 1910 איז איינגעפירט געוואָרן דער זאַלץ־מאָנאָפּאָל און אַ סך יידן האָבן צוליב דעם פאַרלוירן זייער פּרנסה. די גרעסטע קאַטאַסטראָפע אין דער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ פון גאַליצישע יידן איז געווען דער געזעץ פון 1911 וועגן האַנדל מיט משקאות, וואָס האָט פאַרקלענערט די צאָל „קאָנסענסן״ פון 20,000 אויף 800. אַזוי אַרום זיינען 40,000 יידישע נפשות געבליבן אָן ברויט. די דעמאָנסטראַציע פון

גאַליצישע שענקער, וואָס דער „אומאָפּהענגיקער" דער־
פוטאַט ברייטער (אַ קריסט) האָט געפירט צום קייר
זער פראַנץ יאָזעף, איז געווען איינע פון די פאַר־
ביקסטע דעלעגאַציעס, וואָס ווין האָט ווען עס איז
געזען. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז עטלעכע טויזנט
יידן איז געלונגען צו ראַטעווען זייערע פּאַטענטן.

אין 1910 האָט דער יידישער אָנטייל אין
אַלגעמיינעם האַנדל באַטראָפן 69 פּראָצענט און אין
שענקעריי גאַנצע 76 פּראָצענט. די יידן, וואָס ווערן
דעקלאַסירט, פאַרגרעסערן די רייען פון קליינע
סוחרים. צווישן די יאָרן 1900 און 1910 וואַקסט
די צאָל אַקטיווע יידן אין מסחר: אין 1910 לעבט
פון האַנדל מיט 161,000 מער יידן ווי אין 1900.
דער צוואוואוקס פון יידן אין האַנדל איז געווען דריי
מאָל גרעסער, ווי דער צוואוואוקס פון דער יידישער
באַפעלקערונג. עס פאַרקלענערט זיך אָבער אין דער
זעלבער צייט די צאָל יידן אין דער לאַנדווירטשאַפט
(פון 17.7 אויף 13.4 פּראָצענט), אין אינדוסטריע
און אפילו מלאכה. אין אַלגעמיין ווערט פעסטגע־
שטעלט, אַז אין די יאָרן 1900—1910 פאַרקלענערט
זיך די צאָל עקאָנאָמיש־זעלבסטשטענדיקע יידן אויף
גאַנצע 16 פּראָצענט.

אין די צען יאָר (1900—1910) לעבט איבער
דער האַנדל פון יידן אַ זייער שווערן קריזיס, וואָס
ווערט פון אַ יידישן עקאָנאָמיסט פאָרמולירט אַזוי:
עס איז דאָ אַן „איבערגעלאָדנקייט" אין מסחר און
עס קומט פאָר אַ פּראָצעס פון אַן עקאָנאָמישער דע־
גראַדאַציע; זי דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס
זעלבסטשטענדיקע סוחרים פאַרוואַנדלען זיך אין
לוין־אַרבעטער מיט אַ לופט־עקזיסטענץ. די דאָ־
זיקע היפּערטראָפיע פון האַנדלס־פּראָלעטאַריאַט האָט
פאַרשנעלערט דעם פּראָצעס פון אויסוואַנדערן. שוין
אין 1848 איז אין לעמבערג געגרינדעט געוואָרן
אַ קאָמיטעט צו העלפן יידישער עמיגראַציע. דער
„גאָלדפיבער" אין קאַליפאָרניע אין 1848 האָט צו־
געצויגן אַ סך גאַליצישע יידן. אין אַלגעמיין איז
דאָס אָבער געווען אַ ריין־אינדיווידועלע און נישט
קיין געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג. עס האָבן געפעלט
די מיטלען, הגם עס האָבן נישט געפעלט קיין אויפ־
רופן צו די „קאַפּיטאַליסטן", אַז זיי זאָלן העלפן די
טויזנטער יידן, וואָס „בענקען אַריבערצוקומען אין
לאַנד פון פרייהייט און גליק".

אין 1886 זיינען שוין דאָ סימנים פון אַ ברייט־
פאַרצווייגטער יידישער עמיגראַציע קיין אַמעריקע.
דער פראַנצויזישער „אַליאַנס" האָט שטאַרק גע־
שטיצט די דאָזיקע אויסוואַנדערונג. אין די יאָרן
1881—1890 האָט פון גאַנץ עסטרייך־אונגערן עמי־
גרירט קיין אַמעריקע 45,000 נפשות, פון זיי —
צוויי־דריטל פון גאַליציע. אַ סך יידן האָבן אויך אי־
בערגעוואַנדערט קיין ווין, ביימען, אונגערן און קיין
רומעניע. אין אַלגעמיין האָט די דאָזיקע אויסוואַנ־
דערונג נישט פאַרקלענערט די צאָל יידן, ווייל דער
נאַטירלעכער צוואוואוקס און די אינטענסיווע אימי־
גראַציע פון רוסישע יידן קיין גאַליציע, האָט אויס־
געגליכן דעם היזק. אמת, אין דער אַלגעמיינער צאָל
יידן אין עסטרייך איז געווען צו באַמערקן אַ פאַר־
קלענערונג. בעת אין 1880 האָט 68.29 פּראָצענט
פון אַלע עסטרייכישע יידן געלעבט אין גאַליציע,
איז אין 1900 דער פּראָצענט געווען 66.24. אין
די יאָרן 1891—1900 האָט שוין די יידישע עמי־
גראַציע פון גאַליציע באַטראָפן איבער 70,000 נפשות.
נאָך גרעסער איז געווען די עמיגראַציע אין אָנפאַנג
פון אונזער יאָרהונדערט. קודם־כל איז דער כאַ־
ראַקטער פון דער דאָזיקער עמיגראַציע געווען אַן
אַנדערער. עס עמיגרירן סוחרים און מענטשן מיט
קליינע קאַפּיטאַלן. צו יענער צייט קומט אויך פאָר
אַן אויסוואַנדערונג פון גאַליציע אין אַנדערע לענ־
דער פון אייראָפּע, חוץ אַנדערע פּראָווינצן פון עסט־
רייך גופא. אַזוי, למשל, האָבן אין 1910 די גאַלי־
צישע יידן אויסגעמאַכט 5 פּראָצענט פון דער באַ־
פעלקערונג אין בערלין.

ווען מען איז מוסיף, אַז אין 1912 שטייט דאָס
לאַנד פאַר אַ שאַרפן עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס איז
געווען אַ פּועל יוצא פון דער באַלקאַנישער מלחמה.
די אָנזאָגערין פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועט
זיך באַקומען אַ פול בילד פון דער לאַגע פון אַ
גרויסער עדה יידישע לומפּן־פּראָלעטאַריער, איינ־
גערעכנט די איבער־פּראָדוקציע פון פּראָפעסיאָנעלער
אינטעליגענץ. דאָס דאָזיקע בילד ווערט נאָך בולטער,
ווען מיר באַגרייפן, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף אין
גאַליציע האָט געטראָגן אַ נאַציאָנאַלע באַפאַרבונג.
אינם קאַמף צווישן פּאָליאַקן און אוקראַאינער האָבן
די יידן געוואָלט זיין נייטראַל, הגם אין דער אמתן
זיינען זיי דאָס נישט געווען, און אפילו ווען זיי
וואָלטן געוואָלט זיין נייטראַל, איז דאָס געווען אומ־
מעגלעך, ווייל יידן זיינען עקאָנאָמיש נישט געווען
זעלבסטשטענדיק.

אמת, די גרויסע יידישע הילף־געזעלשאַפטן האָבן
געוואָלט קאָנסטרוקטיוו העלפן די יידן. אַזוי, למשל,
האָט דער „אַליאַנס" געגרינדעט ליי־ און שפּאָר־
קאַסעס, וואָס זייער צאָל האָט אין 1913 באַטראָפן
קנאַפּע 30. אָבער דאָס איז געווען, ווי אַ טראָפּן
אין ים. אויך די באַמיאונגען צו פּראָלעטאַריזירן די
יידישע יוגנט דורך עפענען האַנטווערק־שולן איז
געווען אַ פּרואוו, וואָס איז געגאַנגען קעגן שטראָם.
דער גרויס־קאַפּיטאַליסטישער כאַראַקטער פון אַר־
בעט איז געווען קאָנטיק אפילו אין אַזאַ אַגראַר־לאַנד
ווי גאַליציע. די מאַשין־פּראָדוקציע האָט געהאַלטן
אין פאַרשלינגען די אַזוי באַרימטע אינדיווידועלע
אויסאַרבעטונגען פון דאָרטיקן נישט־יידישן בעל־

מלאכה, וואָס האָט געהאַט אונטער זיך דורות פון טראַדיציע און שוץ פון די נאָך אַלץ שטאַרקע צעכן.

דערפאַר האָט די גרויסע פונדאַציע פון באַראָן מאָריס הירש, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין 1888 און האָט אין 1891 געגרינדעט שולן, פריער פאַר אינגלעך און שפּעטער פאַר מיידלעך, קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן נישט געבראַכט. ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די לאַגע פון יידן אין גאַליציע געווען אַזוי טראַגיש, אַז זי ווערט אַן אָביעקט פון זשורנאַליסטישער נייגעריקייט פון דער גאָרער וועלט. עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן קאָמיסיעס און עקספּעדיציעס אין דער „האַלב אַזיע" פון עסטרייך, ווי קאַרל עמיל פראַנצאָז (1848—1904) האָט אָנגערופן גאַליציע נאָך אין יאָר 1880 און דער פילאָזאָף טעאָדאָר לעסינג (1872—1933) האָט עס איבערגעחזרט אין זיין באַריכט פון זיין רייזע איבער גאַליציע. דער דאָזיקער באַריכט האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פּראָטעסטן און קאָנטער־פּובליקאַציעס מצד דער גאַליציש־יידישער אינטעליגענץ. דער „האַלב־אַזיאַטיזם", אָדער נישט קיין „גאַנצער אייראָפּעאיזם" האָט אין תוך גענומען די לאַגע נישט געביטן. נאָך 36 יאָר פון אַ פרייען פּאָליטישן לעבן און נאָך אַ פרייערן הונגער־טויט, איז דאָס לאַנד בכלל און די יידן בפרט געווען אַ דילעמע. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז די מלוכה־אָרגאַנען, דאָס מאָל דורך און דורך פּוילישע — האָבן געהאַט נאָר איין ציל: פאָרזעצן די אַלטע אויסראָט־פּאָליטיק, זען אַז די יידישע באַפעלקערונג זאָל פאַרקלענערט ווערן און די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון יידן זאָלן אונטערגעגראָבן ווערן. אַזוי האָט אויסגעזען די גאַליצישע עקאָנאָמיק.

די פּאָליטיק האָט אָבער אויך נישט אויסגעזען אַ סך בעסער. די פּאָליטיק פון יידן אין גאַליציע איז געווען דעטערמינירט פון יענע ווירטשאַפטלעכע כוחות, וואָס די דאָזיקע עקאָנאָמיק האָט אַרויסגערוקט. נאָכן יאָר 1868 קומט פאָר אַ שנעלע פּאָליטישע איבער־אָריענטאַציע. אין מזרח־גאַליציע ווערט צו יענער צייט געשאַפן דער פאַראיין „שומר ישראל", וואָס האָט זיך אָריענטירט אויף די עסטרייכישע ליבעראַלע כוחות, וואָס האָבן אין גאַליציע געוואָלט אויסנוצן די אוקראַינער קעגן די פּאָליאַקן. עס איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון יידן אין גאַליציע געשאַפן געוואָרן אַ יידיש־אוקראַינישער וואַל־בלאָק, וואָס האָט אין 1873 דורכגעפירט דריי יידן־דעפּוטאַטן (אין בראָד, קאָלאָמיי און אין דראָהאָביטש). די יידישע אינטעליגענץ האָט אָנגעהויבן זיך נייגן צו דער פּוילישער געזעלשאַפט, בפרט אין מערב־גאַליציע, וואו מען האָט דעם יידיש־אוקראַינישן שידוך נישט געוואָלט אָנערקענען.

אין גאַליציע האָט זיך צו יענער צייט געפונען אַ גרויסע צאָל פּוילישע פּאָליטישע עמיגראַנטן, וואָס האָבן מיט זיך פאַרקערפּערט די טראַדיציעס פון רעוואָלוציאָנערן ראָמאַנטיזם פון די רעוואָלוציעס פון 1831, 1848, און 1863. אַ סך פון זיי זיינען געוואָרן לערער, באַאַמטע, רעדאַקטאָרן פון צייטונגען. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער פאַרשטאַרקונג פון נאַציאָנאַלן לעבן פון כלל און אויך אויפן לעבן פון אייניקע יידן, וואָס זיינען געשטאַנען מיט איין פוס אַרויס פון געטאָ און מיטן צווייטן כמעט אויפן וועג קיין ווין. די עסטרייכישע הויפּט־שטאָט האָט שוין צו יענער צייט פאַרשלונגען אַ סך גייסטיקע יידישע כוחות פון גאַליציע, סיי אויפן געביט פון אַלגעמיינער קולטור, סיי אויפן געביט פון יודאַאיסטישער וויסנשאַפט. די פּאָליטיק פון לאַנד ווערט אַלץ מער פּויליש. די פּאַרלאַמענטאַרישע רעפּרעזענטאַנץ פון גאַליציע אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט ווערט אַזוי קאָנסאָלידירט, אַז מיטן אויסנאַם פון די אוקראַינער געהערן אַלע דעפּוטאַטן, די יידן איינגעשלאָסן, צום דעם פּוילישן „קרייז" (Kolo polskie). אויב אין 1873 זיינען נאָר דריי יידן־דעפּוטאַטן פון גאַליציע געווען מיטגלידער פון דער פּוילישער „קאָלאָ", זיינען אין 1879 שוין געווען אין „קאָלאָ" אַלע פינף יידן־דעפּוטאַטן, צווישן זיי דער אָרטאָדאָקסישער רב פון קראָקע, שמעון שרייבער. אין 1897 זיינען אויף זיבן יידן־דעפּוטאַטן פון גאַליציע אין ווינער פּאַרלאַמענט געווען זעקס, וואָס האָבן געהערט צו דער פּוילישער „קאָלאָ".

די אוקראַינער האָבן פאַרשטאַנען, אַז ווי אַ פאָלק פון פּויערים קענען זיי נישט האָבן קיין צוציאונג־קראַפט פאַר די יידן. אמת, אין סך לאָקאַלע וואַלן זיינען געשלאָסן געוואָרן טעכנישע בלאָקן צווישן יידן און אוקראַינער נישט זעלטענער, ווי צווישן פּאָליאַקן און אוקראַינער. עס האָט אָבער געפעלט אַן איינהייטלעכע דעמאָקראַטישע פּלאַטפאָרמע, וואָס זאָל קענען פאַראייניקן די סאָציאַלע שיכטן פון אַלע דריי פעלקער אין איין וואַל־פראָנט. אַזאַ זאַך איז געשען, אָבער מיט יאָרן שפּעטער, ווען עס איז רעפאָרמירט געוואָרן דער וואַל־סיסטעם אין גאַליציע און דער ניט־יידישער קאַנדידאַט עמיל ברייטער איז אויסגעוויילט געוואָרן פון פאָלק־שיכטן, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט אַלע דריי נאַציאָנאַלע גרופּעס אין לאַנד.

די אוקראַינער האָבן שוין אין 1897 געהאַט אַ קריסטלעך־סאָציאַלע פּאַרטיי, געגרינדעט פון אַלעקסאַנדער באַרווינסקי (1849—1920), וואָס האָט געפּרעדיקט אין זיין צייטונג „רוסלאַן" (1897—1914) זעלבסטשטענדיקע עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַלע פּאָליטיק און באַפרייאונג פון יידישן און פּוילישן איינפלוס. די אוקראַינער האָבן אַזוי פרי ווי 1886 געשריבן, אַז אינם קאָנפליקט צווישן זיי און די פּאָליאַקן

וועלן די יידן שטיצן די פּאָליאַקן. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן נישט אַזאַ שטאַרקע סאָציאַל־עקאָנאָמישע גרופּע, וואָס זאָל קענען, אויב נישט קולטורעל איז לכל הפחות פּאָליטיש אַסימילירן אַ טייל יידן. אין אַלגעמיין האָבן יידן אַרויסגעוויזן ווינציק פאַרשטענדעניש פאַרן פויליש־אוקראַאינישן קאָנפליקט אין לאַנד. ווירטשאַפטלעך אָפּהענגיק פון הערשנדיקן קלאַס פון דער פוילישער נאַציע, האָבן זיי די נאַציע אידענטיפיצירט מיטן הערשנדיקן קלאַס; מיט ביטול האָבן זיי געקוקט אויף דער אוקראַאינישער מאַסע, וואָס פּרעטענדירט צו זיין אַ נאַציע און געפאָדערט, אַז מען זאָל זי ווי אַזאַ באַטראַכטן. ערשט שפּעטער אויפן שוועל פון 20טן יאָרהונדערט זיינען געקומען די ערשטע סימנים פון יידישע סימפּאַטיעס פאַר די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס פון דער אוקראַאינישער פאָלקס־מאַסע. זיי זיינען אָבער ווייטער פון פלאַטאָנישע דעקלאַראַציעס קיינמאָל נישט געגאַנגען. די דאָזיקע דעקלאַראַציעס, פאָרמולירט אין דער פוילישער און אָפט אין דער דייטשער שפּראַך, האָבן אַרויסגערופן מער בייז בלוט, ווי גוטע געפילן. וואָס די דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ פון די אוקראַאינער האָט דערוואַרט פון יידן איז נישט אַזוי, אַז זיי זאָלן ווערן פּאָליטיש אויס פּאָליאַקן און ווערן אוקראַאינער, נאָר אַז זיי זאָלן ווערן יידן. דער וועג צו נייטראַליזירן דעם נאַציאָנאַליטעטן־קאָנפליקט אין גאַליציע, האָבן געשריבן די גאַליציש־אוקראַאינישע פּאָליטיקער, איז אַז יידן זאָלן זיך אָנערקענען ווי אַ דריטע נאַציע אין לאַנד און האַנדלען ווי אַ באַזונדערע נאַציע.

די ערשטע סימנים פון אַזאַ נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער אָריענטאַציע לאָזן זיך פעסטשטעלן ביי דעם יידישן אַרבעטער אין גאַליציע. פון דעם עמיגראַנט רעוואָלוציאָנער און אוקראַאינישן פּאַטריאָט פּאַוולאָ דראַגאָמאַנאָוו האָבן די יידישע אַרבעטער אין גאַליציע צום ערשטן מאָל געהערט און געלערנט דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם. אין 1880 האָט דראַגאָמאַנאָוו געשריבן, אַז אין גאַליציע וואוינען אייגנטלעך דריי נאַציעס און נישט קיין צוויי, און קיין איינע פון זיי איז נישט קיין הערשנדיקע, אפילו פון שטאַנדפּונקט פון טרוקענע צאָלן. די אוקראַאינער — האָט ער געשריבן — ווילן נישט, אַז די יידן זאָלן ווערן אוקראַאינער, פּונקט אַזוי ווי זיי ווילן נישט, אַז די יידן זאָלן ווערן פּאָליאַקן. זיי ווילן, אַז יידן זאָלן ווערן... יידן. אין זעלבן יאָר האָט ער אויסגעאַרבעט אַן אַנקעטע וועגן דער לאַגע פון די יידן אין גאַליציע, וואו ער האָט, דער ערשטער אגב, אַריינגענומען אויך די פראַגע וועגן יידישער קולטור, באַטאָנענדיק די גרויסע הומאַניסטישע און נאַציאָנאַליזירנדיקע ראָלע פון דער יידישער שפּראַך, פּרעסע און טעאַטער. די דאָזיקע אויפקלערונג־אַרבעט פון די אוקראַאינישע סאָציאַליסטן האָט אָבער צו יענער צייט נישט געקענט ברענגען קיין גרויסע רעזולטאַטן. ביי די אוקראַאינער איז דער גלח געווען דער הויפּט־קולטור־טרעגער, און ממילא האָט דער סאָציאַליסט נישט געהאַט צו אים קיין צוטריט. די יידישע מאַסע איז געווען שטאָק־פרום, אפילו די פּראָלעטאַרישע. פאַרן רוב יידן בכלל און אין די קליינע שטעטלעך בפרט איז דער מלוכה־באַאַמטער, צוזאַמען מיטן ראש־הקהילה און פּריץ — געווען דער פּאָליטישער טריאומוויראַט, וואָס האָט געהאַט איבער אים די דעה. ממילא, איז אויך צו אים אין אָנהויב געווען ניט אַזוי גרינג צוצוקומען מיט נייע ווערטער און דרייסטע לאָזונגען.

דער דאָזיקער טריאומוויראַט האָט דעם יידן געלערנט שטימען פאַר דער פוילישער ליסטע. אין 1880 האָט דער קראָקעווער רב שמעון שרייבער געגרינדעט אַ פאַראיין „מחזיקי הדת", וואָס האָט געזאָלט זיין אַ קאָנטר־אָרגאַניזאַציע צו דעם פּראָ־עסטרייכישן „שומר ישראל". די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט מיט איר כלומרשטן אינטערעס פאַרן גורל פון די יידישע בעלי־מלאכות נאָכגעקאָפּירט די פּאָליטיק פון דער קאַטוילישער קירך אין גאַליציע, וואָס האָט אויך מיט אירע קאַטוילישע אַרבעטער־פאַראיינען און קלובן געהיט די נשמות פון קאַטוילישע אַרבעטער קעגן סאָציאַליזם. עס האָט זיך גוט אַריינגעפּאַסט צום רומל, ווען דער קאַטוילישער בישאָף פון קראָקע האָט געגעבן זיין ברכה דעם פאַראיין „מחזיקי הדת". אין 1880 האָט דער פאַראיין „מחזיקי הדת" פּראָקלאַמירט אַ חרם אויף די יידן, וואָס וועלן געבן זייערע קינדער אין די וועלטלעכע שולן. די קאָנסערוואַטיווע פוילישע פּרעסע, ווי דער קראָקעווער „טשאַס", האָט באַגריסט די דאָזיקע רעזאָלוציע, ווייל, האָט ער געשריבן, בילדונג מאַכט פון יידן... ראַדיקאַלן. געווען איז די דאָזיקע רעזאָלוציע אין הסכם מיטן קוק פון די גאַליצישע בילדונג־פאַרזאָרגער, וואָס האָבן אין אַן אינסטרוקציע בנוגע דעם סדר־הלימוד אין די פּאָלק־שולן געשריבן בזה הלשון: „די פאָלק־שול טאָר נישט אָפּווענדן די מחשבות פון דער יוגנט פון די תנאים, אין וועלכע די יוגנט וואַקסט, און דאַרף נישט וועקן אין איר דעם דראַנג זיך אַרויסצורייסן פון די דאָזיקע אומשטענדן". די אויפגאַבע פון דערציאונג — ווערט ווייטער געזאָגט — איז אויפצוקלערן, אַז דאָס וואָס עקזיסטירט — איז אומפאַרמיידלעך, ממילא איז נישט כדאי זיך באַמיען דאָס צו ענדערן.

אידעאָלאָגיש איז די יידישע אָרטאָדאָקסיע אין גאַליציע געווען איינשטימיק מיט די פּני פון פּוילישן קלעריקאַליזם. ביידע באַקלאָגן דעם „גייסטיקן חורבן", וואָס דאָס געזעץ פון דער צוואַנגשול האָט געבראַכט. ביידע האָבן געוואָלט, אַז

די שול זאָל נישט דעמאָקראַטיזירט ווערן. דער חדר האָט באַקומען די פולסטע הסכמה פון דער פוילישער בילדונג־מאַכט, ווי אַן עקוויוואַלענט פון דער פאָלקס־שול, און דערמיט האָט מען אָפּגעצויגן אַ סך יידישע קינדער פון דער אַלגעמיינער שול. אין דער זעלבער צייט האָט מען דער אוקראַאינישער קירך־שול, וואָס איז פּעדאַגאָגיש נישט געווען נידעריקער ווי דער חדר, געמאַכט גרויסע שטערונגען, ווייל זי איז געווען נאַציאָנאַל אין שפּראַך און אין גייסט. וואָס מען קען וועגן דער „רעליגיעזער יידישער שול" נישט זאָגן, ווי עס אורטיילט אַ היסטאָריקער פון גאַליצישן שול־וועזן.

דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך געשטעלט אויפן פוילישן צד און געפּערעדיקט פּאָלאָניזאַציע, איז דער יד אחת מיט די רבנים און פוילישע אַריסטאָקראַטן שטאַרק נישט געפעלן געוואָרן. זיי האָבן געזוכט אַ קאָמפּראָמיס און פּאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל קודם־כל לערנען די יידישע יוגנט אַ מלאכה. דורך דעם וועט מען די „צעשטערערישע" ווירקונג פון בילדונג שטאַרק מינימיזירן. יידישע קינדער דאַרף מען לערנען מלאכה און ערד־אַרבעט, ווייל עס איז פּאַראַן אַ געפאַר, אַז יידן וועלן האָבן צו פיל דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן — האָט געשריבן אין 1872 מיכאל מאַרקשטיין, אַ לערער פון דער „איזראַעליטישער שול" אין בראָד. צען יאָר שפּעטער האָט ד"ר יונתן וואַרשויער, דער וואָרט־פירער פון דער פּאָלאָניזאַציע־שיטה אין מערב־גאַליציע און אָנטייל־נעמער אין דער רעוואָלוציע פון 1846, געשריבן, אַז ער באַדויערט זייער שטאַרק וואָס מען וויל זיך אָנטקעגנשטעלן דעם פּראָצעס פון פּאַרוועלטלעכן די גאַליצישע יידן.

„עס הערן זיך שטימען — האָט ער געשריבן אין זיין וויכטיקער בראָשור וועגן פּאָלאָניזאַציע פון גאַליצישע יידן (קראָקע 1882) — אַז עס וואָלט געווען אַ סך געזינטער, ווען מען באַפרייט יידן פון צוואַנג־שול, ווייל דאָס רוב פון זיי ברענגט אַ גרויסן שאָדן דעם לאַנד דורך דעם, וואָס אַזוי שנעל, ווי זיי ווערן געבילדעט, ווערן זיי אַפּיקורסים און ווערן דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון גערמאַניזם".

און היות ווי די השכלה איז געקומען פון דייטשלאַנד, איז דער קאַמף קעגן בילדונג געפירט געוואָרן אונטערן צייכן פון... אַנטי־גערמאַניזם און באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פּאָליטישער קאַמף. דעם דאָזיקן אַנטי־דייטשן מאָמענט האָבן אָנגעהויבן אויסנוצן די גאַליצישע אָרטאָדאָקסן און דווקא אויף דייטש, ווייל קיין פויליש האָבן זיי נישט געקענט. ווען אין 1891 זיינען געשאַפן געוואָרן די באַראָן־הירש־שולן פאַר יידישע קינדער, וואו מען האָט געוואָלט לערנען קודם־כל מלאכות און נישט קיין „חכמות", האָט די אָרטאָדאָקסיע געשטיצט די דאָזיקע שולן. אין די איבער 50 שולן, שפּעטער איבערגענומען פון דער ווינער „אַליאַנס", האָט מען געלערנט שוסטעריי, שניידעריי, בלעכעריי, חוץ אַלגעמיינע לימודים אין אַ פּראָגראַם פון אַ פאָלק־שול.

פּאַראַלעל מיטן וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג און איר ראָלע אין עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן פון לאַנד, איז אויך געוואַקסן דער אַנטיסעמיטיזם. שוין אין 1880 איז דאָבזשאַנסקי, דער רעדאַקטאָר פון „גאַזעטאַ נאַראָדאָוואַ", וואָס האָט אין 1848 געקעמפט פאַר בירגער־רעכט פאַר יידן, אַרויס מיט אַן אויפרוף צו באָיקאָטירן דעם יידישן האַנדל און זען, אַז די פּאָליאַקן זאָלן שאַפן אַן אייגענעם מיטל־קלאַס. ער האָט געפונען אַן ענערגישן שותף אין דעם דעפּוטאַט פון גאַליצישן סיים מערונאָוויטש, וועלכער איז מיט דער צייט געוואָרן אַ סיסטעמאַטישער פאַרטיידיקער פון יידישן באָיקאָט און דער גייסטיקער פירער פון דער פוילישער מיעשטשאַנסטווע אין גאַליציע. שפּעטער האָט דער אַנטיסעמיטיזם באַקומען אַ סך אַ שטאַרקערע ווענדונג און האָט אפילו אין 1897 און 1898 דערלעבט צו זען די פּרוכטן פון זיין פּראָפּאַגאַנדע אין דער פאָרם פון פּאָגראָמען אויף יידן. אויך די גרויסע מאַגנאַטן זיינען געווען גרויסע חסידים פון אַן אַנטיסעמיטישער באַוועגונג. ווען פירשט סאַפּיעהאַ האָט אין 1896 קאַנדידירט ווי אַ דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט, האָט זיך צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון וואַל־קאַמפּאַניעס איז גאַליציע באַוויזן אַן אויפרוף, אין וועלכן דער קאַנדידאַט בעט, אַז נאָר „אַריער" זאָלן אים שטיצן און אויסוויילן. ער איז טאַקע... דורכגעפאַלן.

די יידישע בורזשואַזיע — דאָס רוב קינדער פון אַרענדאַרס, ראשי הקהילה און פאַכטערס — האָט אָנגעהויבן מבשר זיין די נייע גאולה, וואָס די אַסימילאַציע מיטן הערשנדיקן פוילישן פאָלק וועט אומפאַרמיידלעך ברענגען די יידן. ווי אַ קעגן־געוויכט צום „שומר ישראל" האָט ד"ר בערנאַרד גאָלדמאַן, אַ זון פון אַ וואַרשעווער משכיל, געגרינדעט אין 1877 אַ פּראָ־פּוילישע אָרטאָדאָקסישע אָרגאַניזאַציע „דורשי שלום". גאָלדמאַן אַן אָנטייל־נעמער אין אויפשטאַנד פון 1863, האָט פאַרמאָגט דעם נויטיקן מאָראַלישן פּרעסטיזש פון אַן עכטן פּאָליאַק, און דאָס האָט ער זייער גוט אויסגענוצט. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל „זגאָדאַ" (שלום) אויף פּויליש און העבּרעאיש און געוואָלט געווינען די פרומע יידן, אפילו פאַר אַזאַ פּרייז, ווי אויפגעבן דעם אידעאַל פון קולטורעלער פּאָלאָניזאַציע פון די יידן. אים איז געווען מער צום האַרצן צו האָבן יידישע שטימען פאַר אַ פּוילישן נאַציאָנאַלן קאַנדידאַט, איי־

דער פויליש רעדנדיקע יידן, וואָס ווועלן אין פּאָליטישע פראַגן וועלן זיין זעלבסטשטענדיק.

דערווייל איז אָבער אויפגעקומען אַ דור פון פויליש דערצויגענע יידן, וועלכער איז אַדורך אַ פּוילישע שול, וואו לערער, דאָס רוב פּאָליטישע עמיגראַנטן, האָבן זיי דערצויגן אין אַ נאַציאָנאַל־ראָמאַנטישן גייסט, וואָס האָט אין יונגע יידישע הערצער' געפונען אַ וואַרימען אָפּקלאַנג. דער דאָזיקער יוגנט זיינען נישט געווען צום האַרצן די פּאָליטישע מסחרים, ווייל זיי האָבן באמת געוואָלט זען, אַז יידן זאָלן ווערן נישט נאָר פּאָליטיש, נאָר אויך גייסטיק פויליש. בראש פון דער דאָזיקער יוגנט איז געשטאַנען אַלפרעד נאָסיג, וואָס האָט נאָך זייענדיק אין גימנאַזיע זיך אָנגעטאָן אין אַ פּוילישן נאַציאָנאַלן בגד און מיט זיין גאַנצן יונגן האַרצן זיך געפילט פויליש. צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע יונגע לייט האָט ער אין 1880 אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ צייטשריפט אונטערן נאָמען „אָיטשיזנאַ" (פּאָטערלאַנד), וואָס האָט געהאַט אַ העברעאישע ביילאַגע, א. נ. „המזכיר".

אין 1882 איז געגרינדעט געוואָרן אַ פאַראיין „אגודת אחים", וואָס די „אָיטשיזנאַ" איז געוואָרן זיין אָפיציעלער אָרגאַן. דער פּראָגראַם פון „אגודת אחים" איז געווען: 1) דורכפירן פּולע פּאָלאָניזאַציע פון יידן, 2) פאַרשפּרייטן ערד־אַרבעט און מלאכה צווישן יידן, 3) זען אַז יידישע קינדער זאָלן דערצויגן ווערן נישט נאָר אין דער פּוילישער שפּראַך, נאָר קודם־כל אין פּוילישן גייסט און 4) לערנען רעליגיע אין דער שפּראַך פון לאַנד. מיטן לעצטן פּונקט האָט מען געהאַט אין זינען די חדרים און תלמוד תורות. דער פאַראיין „אגודת אחים" האָט אין 1890 אויסגעאַרבעט אַן אַנקעטע וועגן דער לאַגע פון יידן, געפאָדערט מען זאָל עפענען אַ ראַביינער־שול און, אַז מען זאָל זען פּראָלעטאַריזירן די יידישע יוגנט. עס זיינען אָבער געווען צווישן די וואָרט־פירער פון דער אַסימילאַציע מענטשן, וואָס האָבן נישט געטרויט די פּוילישע פירער פון לאַנד, אַז מיט זייערע רייד מיינען זיי באמת צו רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן. אין גאַליציע, האָט מען נישט געקענט האָבן קיין תירוץ, אַז אַ פרעמדע מאַכט דערלאָזט נישט צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די אייגענע יידן, ווייל אין די אינערלעכע ענינים פון לאַנד, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענעם שטאַטהאַלטער און אַ פּוילישן פּאַרלאַמענט, איז די איניציאַטיוו געלעגן אין פּוילישע הענט, און איז געווען זייער ווינציק אָפּהענגיק פון ווין. אין 1890 איז הערמאַן פעלדשטיין, איינער פון די וואָרט־פירער פון אַסימילאַציע, אַרויס מיט אַ שאַרפער באַשולדיקונג קעגן דער לאַנד־רעגירונג, וואָס דאָס האָט געמיינט קעגן דער פּוילישער געזעלשאַפט, אַז זי וויל גאָר נישט טאָן לטובת די יידן.

„די מאַסקע איז אַראָפּגעריסן — האָט ער געשריבן — אַוועק מיט צדקות און פאַנטאַזיעס! מיר געפינען זיך ווייטער אין אַן עקסקלוזיווער, פּריצישער און קלאַסן־געזעלשאַפט, וואָס שטעמפּלט די יידן, ווי אַ פרעמדן און פיינטלעכן עלעמענט, מיט אַ רשעות וואָס האָט נישט קיין אָפּשטעל. זי וויל די יידן פאַרטרייבן פון אַלע שטעלעס און פּאָסטנס און זי וויל פאַר זיי (די יידן) פאַרמאַכן אַלע וועגן, וואָס פירן צו אַן ערלעכער פּרנסה".

מיט די דאָזיקע שטאַרקע ווערטער האָט פעלדשטיין אויסגעדריקט זיין פּראָטעסט קודם־כל קעגן דער מאַניע פון אַנקעטעס, פאָרשונגען, סטאַטיסטישע דאַטעס און ענלעכע ביוראָקראַטישע פּראָיעקטן, וואָס האָבן פאַרפּלייצט צו יענער צייט די אָפיציעלע אַמטן, כדי אויף אַזאַ אופן פאַרציען די פּראַקטישע טריט, וואָס די נויט פון יידן האָט געפאָדערט תיכף אָנצונעמען.

פון דעם דאָזיקן יאוש און אַנטוישונג אין די גוטע כוונות פון דער פּוילישער מאַכט אין גאַליציע, פון דעם פּעסימיזם בנוגע דעם מאָרגן פון יידישן קיבוץ אין גאַליציע, איז געבוירן געוואָרן דער ציוניזם אין גאַליציע. פון דעם נישט קלענערן יאוש, אָבער אויך פון אַ טיפן גלויבן, אַז די וואָס רעדן אין נאָמען פון דער געזעלשאַפט בכלל, און פון די יידן בפרט זיינען נישט די אמתע פאַרטרעטער פון פאָלק און דערפאַר דאַרף מען קעמפן פאַר אַ דעמאָקראַטיזאַציע פון מלוכה־אַפּאַראַט, פאַר אַ קאָנסאָלידאַציע פון די פאָלקס־כוחות — איז געבוירן געוואָרן דער סאָציאַליזם. דער ציוניזם האָט געהאַט עלטערע טראַדיציעס אין גאַליציע, שוין צוליב דער השכלה־באַוועגונג און דער ברייטערער קענטעניש פון העברעאיש. עס איז דאָך ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש, אַז די אַסימילאַציע האָט זיך געמוזט באַנוצן מיט העברעאיש, בעת זי האָט געוואָלט גרייכן אַ גרעסערע פּעריפעריע פון צוהערער, און דערביי אויסמיידן די פאָלקס־שפּראַך פון די יידן, ד"ה יידיש. גאַליציש־יידישע סטודענטן, וואָס האָבן שטודירט אין ווין, זיינען געווען די הויפּט־גרינדער פונם ערשטן ציוניסטישן פאַראיין „קדימה", וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין 1883. אין 1890 איז אין לעמבערג געגרינדעט געוואָרן דער פאַראיין „ציון", פון דריי אַברהמס (שטאַנד, קאָרקיס און זאַלץ). אַ פערטער אַברהם (גאָלדפאַדען) איז געווען זייערער אַ גאַסט און האָט אַ סך בייגעשטייערט פאַר דער אַנטוויקלונג פון ציוניזם אין גאַליציע. אין 1892 האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין דער ערשטער ציוניסטישער זשורנאַל „פשישלאָשטש" (צוקונפט). דער זעלבער נאָסיג וואָס איז געווען דער רעדאַקטאָר פון „אָיטשיזנאַ", איז

געוואָרן דער הויפּט־פירער פון דער ציוניסטישער יוגנט. די אַסימילאַטאָרן האָבן זיך דערפילט שרעקלעך געטראָפן, ווען דער ציוניסטישער געדאַנק האָט אויך געפונען אַ וואַרימען אָפּקלאַנג ביי די פּני פון דער פּוילישער געזעלשאַפט צווישן שונאי ישראל, אַזוי גוט ווי צווישן ליבעראַלן.

נאָך איידער די „פּשישלאָשטש" האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין, האָט אַלפרעד נאָסיג פאַרעפנטלעכט אינם סאָלידסטן פּוילישן זשורנאַל „פּשעגלאָנד ספּאָלעטשני" אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „אַ פּרואוו צו לייזן די יידן־פּראַגע" (1887). אין זעלבן יאָר האָט אַ יונגער סטודענט הערמאַן דיאַמאַנט, שפּעטער אַ זייל פון פּוילישן סאָציאַליזם, געגרינדעט אין לעמבערג אַ ציוניסטישן קרייז. די שנעלע אָנערקענונג, וואָס דער ציוניזם האָט באַקומען אין די פּוילישע אָפיציעלע קרייזן, האָט געבראַכט צו שנעלער ליקווידאַציע פון די פאַראיינען און אָרגאַנען, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו פרעדיקן אַסימילאַציע. אין 1892, ווען די „פּשישלאָשטש" האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען, האָט די „אָיטשיזנאַ" זיך געזעגנט מיט איר עולם אין אַזעלכע עלעגישע ווערטער: „אָפּגעמאַטערט און מיד, טרעטן מיר אָפּ. מיר האָבן געמיינט און מיר מיינען, אַז די יידן קענען ווערן בירגער נאָר ביי דער מיטווירקונג פון דער אמת־פּוילישער געזעלשאַפט. עס האָט זיך אונז געדאַכט, אַז די פּוילישע געזעלשאַפט וועט אונז דערלאַנגען די האַנט פאַר געמיינזאַמער אַרבעט, פאַרן געמיינזאַמען נוצן. מיר האָבן זיך אָפּגענאַרט. וואָס האָט דאָס לאַנד אויפגעטאָן פאַר דער מאָראַלישער און עקאָנאָמישער דערהויבונג פון דער יידישער מאַסע אין משך פון די 25 יאָר פון דער אויטאָנאָמער ווירטשאַפט?"

דער ציוניזם אין גאַליציע האָט באַקומען אַ שטאַרקע הסכמה מצד דער אָפיציעלער מלוכה־צייטונג „גאַזעטאַ לוואָווסקאַ", וואָס האָט אין 1896 געבענטשט די פּיאָנערן פון דער צוקונפטיקער עמיגראַציע פון יידן קיין ארץ־ישראל. דער פּעטערבורגער „קראַי", אַ צייטונג, וואָס האָט געהאַט אַ פּראָרוסישע אָריענטאַציע, האָט דעם דאָזיקן אַרטיקל איבערגעדרוקט און געגעבן זיין ברכה. אין קראָקע האָבן די צוויי גראַפן טאַרנאָווסקי און מיציעלסקי, די וואָרט־פירער פון די „סטאַנטשיקעס" (אַ קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי פון גרויסע גוט־באַזיצער און אַריסטאָקראַטן, פּראָ־עסטרייכישע פּאָליטיקער) אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, און אויף אַזאַ אופן איז דער ציוניזם באַלד אַריין אין די הויכע פענצטער, בעת די אַסימילאַציע איז שטילערהייט פאַרטריבן געוואָרן דורך די נידעריקע טירן.

די ציוניסטישע באַוועגונג אין גאַליציע האָט רעקרוטירט אירע אָנהענגער אין די קרייזן פון משכילישע „בעלי־תשובות" און צווישן ישיבה־בחורים. דעריבער האָט זי געהאַט אַ ברייטע פּעריפעריע פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער העברעאישער שפּראַך און קולטור. שפּעטער איז אונטערן איינפלוס פון סאָציאַליזם געמאַכט געוואָרן אַ פּראָבע צו שאַפן אַ סאָציאַליסטישן פליגל, כדי צו געווינען די יידישע אַרבעטער פאַרן געדאַנק פון פּאַלעסטינע.

דער יידישער סאָציאַליזם אין גאַליציע האָט אַזאַ גינציקן באָדן ווי דער ציוניזם אין אָנהויב נישט געהאַט. קודם־כל האָט ער נישט געקענט געפינען און אויך נישט געזוכט קיין הסכמות אין די הויכע פּוילישע קרייזן, שוין צוליב דעם, וואָס ער איז געווען סאָציאַליסטיש. ער האָט אָבער אויך געהאַט שווערע שטערונגען מצד די פּוילישע סאָציאַליסטישע טוער, ווייל ער האָט געוואָלט זיין מער סאָציאַליסטיש און ווינציקער פּויליש.

דער פּוילישער סאָציאַליזם אין גאַליציע איז געווען אַ פּראָדוקט פון דער טעאָרעטישער ראַדיקאַליזאַציע פונם אויפשטענדלערישן פּוילישן פּאַטריאָט, וואָס איז געקומען צום אויספּיר, אַז אַ פריי פּוילן קען נישט צושטאַנד קומען אָן דער מיטהילף פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן. דער סאָציאַליזם אין גאַליציע האָט באַקומען אַ פאַרשטאַרקונג און נאַציאָנאַלע באַפאַרבונג אַדאַנק דער השפּעה פון פּאָליטישע עמיגראַנטן פון 1863, פון וועלכע באָלעסלאַוו לימאַנאָווסקי (1835—1935) איז געווען דער וויכטיקסטער פּראָטאַגאָניסט. ביז דעם יאָר 1890 איז אייגנטלעך קיין סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין לאַנד נישט בנמצא. אמת, עס זיינען שוין געווען עטלעכע שטרייקן, ווי למשל, דער שטרייק פון דרוקער־אַרבעטער אין לעמבערג אין 1870 און פון בעקער און שניידער, אויך אין לעמבערג, אין 1871. אין 1891 גרינדעט הערמאַן דיאַמאַנט (1860—1931) דעם ערשטן יידישן אַרבעטער־פאַראיין אין לעמבערג. אין 1892 ווערט געגרינדעט די „יידישע אַרבעטער פּאַרטיי". די דאָזיקע פּאַרטיי האָט אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן „די אַרבעטער שטימע". דאָרטן ווערט דער פּראָגראַם פון די ערשטע אָרגאַניזירטע יידישע סאָציאַליסטן אין גאַליציע פאָרמולירט בזה הלשון:

„עס איז אַ פאַלשע מיינונג, דאָס מען קען ביי אונז אין גאַליציע אַלע נאַציאָנען און שפּראַכן ד"ה די פּוילישע, רוטענישע און יידישע אונטער דער פּוילישער פאָן פאַראייניקן. ביי אַזאַ פאַראייניקונג ווירד נאָר איין קליינער טייל דער אַרבעטער זיך באַטייליקן. די הויפּט־מאַסע דער אַרבעטערשאַפט ווירד מען צו אַזאַ פאַראייניקונג נישט צוציען קענען. וויל מען די גרויסע מאַסן פון יידישע, רוטענישע און פּוילישע אַרבעטער אויפקלערן, איז עס נויטיק דאָס מען זאָל יעדע אַרט פון שפּראַכע און

פאָלק בעזאָנדער צוזאַמענגענעמען און אויפקלערן און
עס איז נויטיק, דאָס די פוילישע פאַראיינען מיט
זייערע צייטונגען אין גאַליציע זאָלן בילדן איינע
אייגענע אַרבעטער־פאַרטיי, די רוטענער — איינע
און די יודן איינע, וואָס זאָל זיך יעדעס באַזונדערס
אַליין פאַרוואַלטן, נאָר אויסער דעם זאָל זיין אין
הויפּט־קאָמיטע, וואָס זאָל זיין צוזאַמענגעזעצט אויס
פאַרטרעטער פון די אַלע דריי פאַרטייען. דיזע אַרט
פעריייניקונג האָט דעם נאָמען פעדעראַטיווע פעריי־
ניקונג".

אין דער דאָזיקער דעקלאַראַציע, אין וועלכער
עס איז אַזוי בולט די השפעה פון דראַגאָמאַנאָווס
שטאַנדפונקט, וועגן וועלכן עס איז פריער געווען די
רייד, געפינען מיר די ערשטע עפנטלעכע דערקלע־
רונג אין גאַליציע, און דווקא מצד אַ פּראָלעטאַרי־
שער אָרגאַניזאַציע, וואָס אָנערקענט אַז דריי נאַציאָ־
נאַלע גרופּעס באַוואוינען דאָס לאַנד און נישט צוויי.
די "יידישע אַרבעטער־פאַרטיי" האָט אָבער לאַנג
נישט עקזיסטירט. דער פאַקט גופא, וואָס די דאָ־
זיקע פאַרטיי האָט געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט די או־
קראַינישע טוער בכלל און מיטן אוקראַינישן סאָ־
ציאַליסט פאַוולוק בפרט, וואָס איז געווען אַ תלמיד
פון דראַגאָמאַנאָוון, איז געווען גענוג, אַז די פוילישע
סאָציאַליסטן זאָלן טאָן אַלצדינג, כדי צו דערשטיקן
אין עמבריאָנישן צושטאַנד די ערשטע יידישע אַר־
בעטער־פאַרטיי אין גאַליציע. עס זיינען געווען אויך
אַנדערע סיבות, וואָס האָבן געשטערט דער אַנטוויק־
לונג פון אַ יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין
גאַליציע.

"דאָס יידישע לעבן אין גאַליציע — שרייבט
ד"ר יעקב בראָס אין זיין אַרבעט "דער אָנהויב פון
דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין גאַליציע" —
האָט אין יענע יאָרן פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ פיל
טרויעריקער בילד, ווי די פוילישע סביבה. עס האָט
לחלוטין געפעלט אַ קולטור־באַוועגונג. עס האָט גע־
פעלט אַ וואָסער נישט איז אָפּאָזיציע, אפילו פון אַ
בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, קעגן דער הערשנדיקער
רעאַקציע. דער קלאַסן־אונטערשייד אין דער יידי־
שער געזעלשאַפט איז נישט געווען קלאָר אָנגעצייכנט,
דאָס קלאַסן־באַוואוסטזיין — אין סאַמע אָנהויב. עס
האָט געהערשט אַ שטאָק פינצטערע נאַכט. דער
יידישער אַרבעטער ווערט דאָ באַטראַכט פאַר אַ
מענטשן פון אַ נידעריקער מדרגה. מיט ביטול באַ־
ציט זיך צו אים דער קאַפּיטאַליסט, מיט ביטול באַ־
ציט זיך צו אים דער "וואויל־לערנער". און אין
אָט דעם געטאָ האָבן גענומען פּאַמעלעך אַריינדרינגען
שטראַלן פון סאָציאַליסטישן באַוואוסטזיין".

אין אַזעלכע אומשטענדן איז אויסגעקומען צו
שאַפן אַ באַוועגונג, וואָס האָט געזאָלט ברענגען אַ
נייע אָריענטאַציע דעם יידישן האָרעפּאַשניק אין
גאַליציע. אין 1886 האָבן זיך יידישע אַרבעטער
באַטייליקט אין ערשטן שטרייק. דאָס איז געווען
דער שטרייק פון די בעקער אין לעמבערג. אין
1888 האָבן זיך 70 יידישע סטאָלערס באַטייליקט
אין אַן אַלגעמיינעם שטרייק, אויך אין לעמבערג.
אין יאָר 1892 קומט פאָר דער שטרייק פון טליתים־
אַרבעטער אין קאָלאָמיי, וואָס טראָגט דעם כאַ־
ראַקטער פון אַ מאַסן־אַרויסטרעטונג. דער דאָזי־
קער שטרייק איז זיך צונויפגעפאַלן מיט דער גרינ־
דונג פון דער פוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער
פאַרטיי. דאָס איז געווען אויפן קאָנגרעס אין לעמ־
בערג אין 1892. בנוגע יידן האָט דער קאָנגרעס
זיך באַגרענעצט מיט אַ רעזאָלוציע, אַז מען דאַרף
וואַרפן "אַ פונק פון קלאַסן־קאַמף צווישן יידן".
די פאַרטיי האָט מסכים געווען אַרויסצוגעבן אויף
יידיש פעריאָדישע שריפטן און בראָשורן. אָבער אַ
זעלבסטשטענדיקע אָרגאַניזאַציע פאַר יידן האָט זי
באַקעמפט. די יידישע אַרבעטער האָבן געמוזט אַר־
בעטן אין אַלגעמיינע פאַראיינען, ביז עס וועט זיין
מעגלעך צו האָבן אייגענע פאַראיינען. אין 1892
ווערט אין לעמבערג געגרינדעט דער פאַראיין "יד
חזקה", אין קראָקע — "ברידערלעכקייט", אין קאָ־
לאָמיי — "וואָרהייט". אויך אין אַנדערע שטעט
קומען אויף יידישע אַרבעטער־פאַראיינען. אין 1894
ווערט אַרויסגעגעבן דער ערשטער אויפרוף אויף
יידיש לכבוד דעם יום־טוב פון ערשטן מאַי. ביס־
לעכווייז באַפעסטיקט זיך די יידישע אַרבעטער־באַ־
וועגונג, הגם זי שטויסט זיך אָן אויף אַ סך שטע־
רונגען מצד דער מאַכט און אויך אויף אַ דוחק אין
אינטעליגענטע אַגיטאַטאָרס. אַ באַדייטיקע אויפלע־
בונג קומט פאָר אין 1896, ווען עס הויבט זיך אָן
דער קאַמף פאַר אַלגעמיינע וואַל־רעכט. אין לאַנד
וואַקסן נייע סאָציאַליסטישע כוחות. אין גאַליציע
אָרגאַניזירט זיך אויך אַן אוקראַינישע סאָציאַל־דע־
מאָקראַטישע פאַרטיי. אויף דעם קאָנגרעס אין 1897
באַרירט דווקא אַ נישט־יידישער דעלעגאַט קאָזאַ־
קעוויטש די פראַגע וועגן אַ יידישער סאָציאַליסטי־
שער פאַרטיי. פאַר זיין פאָרשלאָג האָבן געשטימט
נאָר זעקס דעלעגאַטן, צווישן זיי קיין איין ייד נישט.
די יידישע טוער פון דער פוילישער פאַרטיי האָבן
שטאַרק געהיט דעם פוילישן כאַראַקטער פון סאָ־
ציאַליזם אין גאַליציע און נישט געוואָלט וויסן פון
קיין שום קאָמפּראָמיסן.

באַזונדער שטאַרק איז געוואָרן דער איינפלוס פון די
נאַציאָנאַל־געשטימטע פוילישע סאָציאַליסטן, ווען אַ
טייל פון דער יידישער יוגנט איז אַריבער פון די באַנ־
קראָטירטע בירגערלעכע אַסימילאַטאָרישע פאַראיינען
אין די רייען פון די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. אין
די יאָרן 1886—1894 איז אין גאַליציע אויפגעלעבט
געוואָרן די פוילישע פאַטריאָטישע באַוועגונג. עס קו־

מען פאַר די ערשטע פּאָליטישע פּראָצעסן קעגן פוילישע פּאַטריאָטישע טוער. אַרום יענער צייט ווערט געגרינדעט דער „פּראָמיען" (פונק), אַ סאָציאַליסטיש־באַפאַרבטע פּאַטריאָטישע אָרגאַניזאַציע פון דער שול־יוגנט. אין די רייען פון דער „פּראָמיען"־יוגנט שפּילן יידן גאָר אַ גרויסע ראָל. דער אָנפירער פון דעם קרייז אין טאָרנע איז געווען קאַראָל סאָבעלסאָן, שפּעטער באַקאַנט ווי קאַרל ראַדעק, דעמאָלט אַ הייסער פוילישער סאָציאַליסט. אין דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג זיינען געווען זייער אַ סך יידן, דאָס רוב — פון פאַרמעגלעכע יידישע משפחות, ווי די לעווענשטיינס, קאָלישערס, ליליענס א"אַ. בנוגע די אוקראַינער און יידן זיינען די „פּראָמיעניסטן" געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון אַסימילאַציע. אויף זייער צווייטן צוזאַמענפאָר (1904) האָט דער „פּראָמיען" אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז יידן און אוקראַינער מעגן זיך אָנשליסן אין פאַראיין נאָר ווי יחידים, „בשום אופן אָבער נישט ווי נאַציאָנאַלע גרופּעס".

אין 1903 איז די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי רעאָרגאַניזירט געוואָרן אויף פעדעראַטיווע יסודות. דאָס האָט נאָך אַמאָל אַרויסגעבראַכט דעם אַלטן געדאַנק וועגן אַן אייגענער פּאַרטיי פאַר יידישע אַרבעטער. די ווירקונג פון „בונד" איז שוין געווען צו יענער צייט אַזוי גרויס, אַז מען האָט נישט געקענט פּרינציפּיעל פאַרלייקענען, אַז אַ פּאַרטיי באַזירט אויף נאַציאָנאַלע יסודות איז מעגלעך פּראַקטיש, אָבער זי מוז ניט זיין דווקא נאַציאָנאַליסטיש אין גייסט.

די יידישע קעגנער פון אַ באַזונדער פּאַרטיי האָבן אין משך פון דער צייט (אין 1899 און אין 1903) אָפּגעהאַלטן צוויי קאָנפערענצן, כדי צו באַקעמפן די, וואָס האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַן אייגענער פּאַרטיי. פאַר די הויפּט־פירער פון דער פוילישער פּאַרטיי איז דאָס געווען אַ גוטער תירוץ נישט צו אָנערקענען אַזאַ פאָדערונג, בעת די אייגענע יידישע חברים ווילן דאָס נישט האָבן. אָבער דאָס לעבן האָט געמאָנט זיינס. אַ פריער זיינען אייניקע פוילישע סאָציאַליסטן אַרויס מיט אַ פאָדערונג, מען זאָל אָנערקענען, אַז יידן זיינען אַ נאַציע. פון אַזאַ אָנערקענונג וואָלט געווען דער איינציקער פּועל יוצא, אַז די יידישע אַרבעטער זיינען באַרעכטיקט צו אַן אייגענער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. דיאַמאַנט איז געווען קעגן אַזאַ אָנערקענונג. עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז בעת די פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז אין נאָוועמבער 1905 אַרויס מיט אַ דערקלערונג, אַז מען דאַרף אָנערקענען די קולטורעלע אייגנאַרט פון די יידן, איז דיאַמאַנט אַרויסגעטראָטן פון דער פוילישער דעלעגאַציע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סעקציע פון אַרבעטער.

דער קאָנגרעס פון די פוילישע סאָציאַליסטן האָט אין 1904 אָנערקענט, אַז אַ באַזונדערע יידישע אָרגאַניזאַציע איז „שעדלעך און דעריבער נישט געוואונטשן".

דעם ערשטן מאַי 1905 איז אָבער די קעגנערשאַפט צו אַ באַזונדערער יידישער אָרגאַניזאַציע געשטאַנען פאַר אַ געשעענעם פאַקט: די יידישע אַרבעטער אין קראָקע האָבן מאַרשירט באַזונדער, און אַ ספּעציעלער אויפרוף האָט געלאָזט וויסן דעם פּראָלעטאַריאַט פון גאַליציע און שפּעטער פון דער גאַנצער וועלט, אַז די „יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי" פון גאַליציע איז אַ פאַקט, און מער נישט קיין טעאָריע. אין 1905 זיינען אין דער פּאַרטיי אַריינגעטראָטן די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פון בוקאָווינע. אין 1911 האָט זיך די יידישע אָרגאַניזאַציע פון פּ. פּ. ס. ד. פאַראייניקט מיט דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

גאַליציע האָט אויך געהאַט אַ קריסטלעך־סאָציאַלע באַוועגונג, וואָס האָט געפּרעדיקט „אַקטיוון אַנטיסעמיטיזם". אין 1896 האָט אַ גלח סטאַניסלאַוו סטאָיאַלאָווסקי געגרינדעט אַ „קריסטלעך סאָציאַלע פּאַרטיי". אויף דעם גרינדונג־קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין טאַרנע דעם 7־טן און 8־טן פעברואַר 1906, האָבן אָנטיילגענומען דעלעגאַטן פון קאַטוילישע אַרבעטער־פאַראיינען. עס איז באַשלאָסן געוואָרן ניט צו קויפן ביי יידן, ניט לייען ביי זיי קיין געלט, ניט דינען און ניט אַרבעטן פאַר יידן. דער צוזאַמענפאָר האָט אויפגעפאָדערט די קריסטלעכע פּאָליאַקן צו שאַפן אייגענע געשעפטן. סטאָיאַלאָווסקי, וועלכער איז געווען אַ דעפּוטאַט אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט און איז געווען געשטיצט פון ווינער בירגערמייסטער לוגער, דעם פירער פון דער דייטשער קריסטלעך־סאָציאַלער פּאַרטיי, האָט אַ סך בייגעשטייערט צום וואוקס פון אַקטיוון אַנטיסעמיטיזם אין גאַליציע.

אין 1897 זיינען פאָרגעקומען אַנטי־יידישע עקסצעסן מצד די אייזנבאַן־אַרבעטער אין כאָדאָראָוו, אין וועלכע איין ייד איז געהרגעט געוואָרן. ווען מען האָט וועגן דעם געשריבן אין אויסלאַנד, איז דאַשינסקי אַרויס מיט אַן אָפענעם בריוו אין דער „ווינער אַרבעטער־צייטונג" (11טן מאַי 1897), אין וועלכן ער האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס מען טומלט אַזוי פיל וועגן אַן אינצידענט, וואָס איז ניט מער, ווי אַ „לאָקאַלער ענין". אָבער אין 1898 זיינען שוין פאָרגעקומען ערנסטע פּאָגראָמען אויף יידן, באַזונדער אין מערב־גאַליציע. סטאָיאַלאָווסקי האָט מיט גרויס שטאָלץ גענומען די „מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן אויפברויז פון פוילישן פאָלקס־צאָרן". די גרויסע קאַטוילישע טאָג־צייטונג „גלאָס נאַראָדו" האָט זיך עפנטלעך סאָלידאַריזירט מיט די פּאָגראָמ־

שטשיקעס און געשריבן, אַז עס איז די אויפגאַבע פון פוילישן פאָלק ניט צו זיין אַנטיסעמיטיש, נאָר „אַסעמיטיש", ד. ה. אַנטוויקלען דעם געדאַנק, אַז מען דאַרף און מען קען זיך באַגיין אָן יידן.

ערב דער וועלט־מלחמה האָט גאַליציע געלעבט אונטערן צייכן פון דער יידן־פּראַגע. בעת פון 1848 ביז 1900 איז אין גאַליציע ארויס 41 ביכלעך וועגן דער יידן־פראַגע, איז זייער צאָל פון 1900 ביז 1914 מער ווי פאַרטאָפּלט געוואָרן. די אויסערגעוויינלעכע סענסיטיווקייט, וואָס די גאַליצישע פוילישע פּרעסע האָט אַרויסגעוויזן צו די צאָלרייכע באַריכטן פון מערב־אייראָפּעאישע זשורנאַליסטן וועגן דער טראַגישער לאַגע פון די יידן אין גאַליציע, האָט פאַרשטאַרקט די אַנטי־יידישע טענדענצן און אַרומגענומען אפילו אַ טייל פון דער ליבעראַלער פוילישער אינטעליגענץ. דאָס שרייבן אַז יידן איז שלעכט אין גאַליציע — האָט מען אויסגעטייטשט ווי אַ קריטיק אויף די פוילישע הערשער אין לאַנד. די קאַלטע באַציונג צום בייליס־פּראָצעס אין 1912 און דער פּראָטעסט קעגן דער רעזאָלוציע פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער יוגנט, וואָס האָט אויסגעדריקט איר סימפּאַטיע מיטן קרבן פון דער צאַרישער רעגירונג — האָט באַוויזן ווי עס הויבט זיך די אַנטיסעמיטישע טעמפּעראַטור אין לאַנד. די דיסקוסיע, וואָס דער זשורנאַל „קריטיקאַ", רעדאַקטירט דורך ווילהעלם פעלדמאַן, האָט אָנגעהויבן וועגן דער יידן־פּראַגע, האָט באַוויזן, אַז די ראַדיקאַלן האָבן באַרעכטיקט דעם קאַמף קעגן יידן כל זמן פוילן איז ניט פריי. זיי האָבן באַדויערט, וואָס מען גיט אָפּ צו פיל כוחות אויף צו באַקעמפן די יידן, בעת מען דאַרף זיי רעזערווירן קודם כל פאַרן קאַמף קעגן צאַריזם. אַזוי איז פאָרמולירט געוואָרן די רעזאָלוציע פון דער „פאַראייניקונג פון אָרגאַניזאַציעס וואָס שטייען אויפן באָדן פון פוילישער מלוכהשאַפט", וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין זאַקאָפּאַנע דעם 22טן יולי 1913, נאָך דעם ווי עס איז אויסגעהערט געוואָרן דער רעפעראַט פונם סאָציאַליסט לעאָן וואַסילעווסקי וועגן דער יידן־פּראַגע. אַנטיסעמיטיזם שטערט אין קאַמף פאַר אַ פריי פוילן און דערפאַר איז ער שעדלעך — דאָס איז געווען דער תמצית פון דער דיסקוסיע.

אין לעבן זיינען די אידעאָלאָגישע פאָרמולירונגען נישט געווען אַזוי שאַרף, ווי אין דער טעאָריע. די ציוניסטן האָבן געפירט אַ לאַנד־אַרבעט, וואָס האָט צום ערשטן מאָל זיי געבראַכט אַ גרויסן פאַרלאַמענטאַרישן זיג. אין 1907 זיינען אין עסטרייכישן פאַרלאַמענט געוויילט געוואָרן ניין יידן, צווישן זיי דריי ציוניסטן. צוזאַמען מיטן ציוניסטישן דעפּוטאַט פון בוקאָווינע — איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער אייראָפּעאישער יידישער נאַציאָנאַלער פאַרלאַמענט־קלוב. די ציוניסטישע אַגיטאַציע האָט אויך משפּיע געווען אויף דער גרינדונג פון אַ יידישער „אומאָפּהענגיקער פאַרטיי" פון אַדאָלף גראָס, אַן אַדוואָקאַט אין קראָקע און אַ געוועזענער פוילישער סאָציאַליסט. די פאַרטיי האָט נישט באַקעמפט די אַסימילאַציע און אויך נישט דעם יידישן נאַציאָנאַליזם; זי האָט געהאַלטן, אַז יידן זיינען דאָס וואָס זיי ווילן זיין, און ממילא דאַרפן יידישע אינטערעסן פאַרטיידיקט ווערן נישט פון אידעאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, נאָר פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן. אין 1900 און 1907 איז גראָס אויסגעוויילט געוואָרן אין עסטרייכישן פאַרלאַמענט דורך די קראָקעווער יידן.

דער קאַמף פאַר אַ יידישער וואַל־קוריע האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין פּאָליטישן לעבן פון גאַליציע. די גוט־אָרגאַניזירטע אַקציע פון די אָרטאָדאָקסן בשותפות מיט די פוילישע סאָציאַליסטן און די תקיפים פון די קהילות האָט צונישט געמאַכט דעם פּראָיעקט פון דער עסטרייכישער רעגירונג איינצופירן אַ יידישע וואַל־קוריע. אין די יאָרן 1910 און 1911 איז דאָס יידישע פּאָליטישע לעבן אין גאַליציע געווען פול מיט דינאַמיק. קודם־כל איז די יידישע באַפעלקערונג אויפגערודערט געוואָרן פון דעם פאַרבאָט אָנצוגעבן ביי דער פאָלקס־ציילונג יידיש, ווי אַ מוטער־שפּראַך. אויך דאָ איז די אַסימילאַציע און אָרטאָדאָקסיע געגאַנגען צוזאַמען, און הגם אַ גרויסע צאָל יידן האָט אָנגעגעבן יידיש ווי זייער מוטער־שפּראַך, איז אָבער די שטראָף געווען צו גרויס פאַרן דורכשניטלעכן גאַליצישן ייד, אַז ער זאָל זיך קענען דערלויבן פאַר אַ פּרייז פון 40 קראָנען (8 דאָלער) זיך דעקלאַרירן פאַר אַ... יידישיסט. אין 1911 זיינען די ציוניסטן דורכגעפאַלן ביי די פאַרלאַמענט־וואַלן אין עסטרייך. אין דראָהאָביטש האָט זיך געגאָסן יידיש בלוט אין שייכות מיט די אַנטדעקטע וואַל־פעלשונגען. פּאָליטיש האָט ווייטער געזיגט דער פוילישער הויף־ייד, ד"ה די אַסימילאַציע.

געוויסע באַמיאונגען זיינען געמאַכט געוואָרן אין דער ריכטונג צו רעאָרגאַניזירן דאָס קהילה־לעבן. דאָ האָט מען זיך אויך אָנגעשטויסן אויף גרויסע פּאָליטישע שוועריקייטן. די מושלים פון לאַנד זיינען געווען בדרך כלל פאַר אויפלייזן די קהילות, ווייל זיי זיינען „פעסטונגען פון רעאַקציע און סעפּאַראַטיזם". דער גאַליצישער סיים האָט געצילט צו באַשרענקען די קאָמפּעטענץ פון די קהילות, וואָס עס איז אים טיילוויז געלונגען. די אַנטיסעמיטישע דעפּוטאַטן האָבן געוואָלט, אַז די קהילות זאָלן אינגאַנצן אָפּגעשאַפט ווערן.

די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט האָט באַשלאָסן אַליין רעאָרגאַניזירן די קהילות און אויף אַזאַ אופן אפשר אויסמיידן אַ צו ראַדיקאַלע ענדערונג, אויב די מלוכה וואָלט דורכגעפירט אַזאַ רעפאָרם. נאָך אין 1878

האָט דער „שומר ישראל“ אָרגאַניזירט אַ צוזאַמענפאָר פון 26 גרעסערע קהילות, און עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ מוסטער־סטאַטוט. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו עפענען אַ ראַבינער־אינסטיטוט. די אָרטאָדאָקסן זיינען געווען קעגן די „אפיקורסים“ פון „שומר ישראל“. זיי האָבן געגרינדעט אין בעלז, וואו עס האָט געהערשט דער באַרימטער יהושוע רוקח, (דער בעלזער רבי), אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע, די שוין פריער דערמאָנטע „מחזיקי הדת“. אויף זייער אסיפה, געהאַלטן אין לעמבערג אין 1882, האָט מען באַשלאָסן, אַז נאָר אַזאַ ייד וועט האָבן דאָס רעכט צו וויילן און זיין געוויילט אין דער קהילה, וואָס פירט אויס אַלע דינים לויטן שולחן ערוך. די דאָזיקע רעזאָלוציע האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקן שטורעם. די רעגירונג האָט אויסגעאַרבעט אירע אייגענע סטאַטוטן (1890), וואָס האָבן אָבער נישט געקענט באַפרידיקןביידע צדדים. אין 1903 האָט דער „פועל ציון“ אויסגעאַרבעט אַן אייגענעם פּראָיעקט מכוח דעמאָקראַטיזירן די קהילה. עס איז אָבער געבליבן ביי דער אַלטער קהילה־מאַשין, וועלכע האָט געהאַט די שטיצע פון דער לאַנד־רעגירונג. עס האָט ווייטער געהערשט די אָליגאַרכיע אין די קהילות, און די דעמאָקראַטיע האָט ווייטער געהערשט אין די טעאָרעטישע שריפטן וועגן קהילה־רעפאָרמעס.

די וועלט־מלחמה האָט געפונען די גאַליצישע יידן נישט אָרגאַניזירט עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און אפילו קולטורעל. עס זיינען געווען סימנים פון אַן אויפלעבונג, באַזונדערס אין דער יידישער ליטעראַטור און אין דער וויסנשאַפט וועגן יידן — אָבער דאָס זיינען געווען קליינע קערנדלעך, וואָס די קאַטאַסטראָפע האָט געשטערט, אַז זיי זאָלן אויפגיין און ברענגען די דערוואַרטע פירות.

# II. די פרייסישע תקופה
## (1807—1772)



עת דער ערשטער טיילונג פון פוילן, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1772, האָט פרייסן באַקומען די עטניש סאַמע פוילישסטע געגענטן פון דער פוילישער רעפובליק. דאָס איז געווען די קיניגלעכע פרייסן (Prusy Krolewskie), וואָס האָט אַרומגענומען די פּאָמערישע, מאַלבאָרגישע און כעלמינישע וואָיעוואודסטוועס, (מיטן אויסנאַם פון די שטעט דאַנציק און טורן, וואָס זיינען דערווייל געבליבן ביי פוילן), וואַרמיע און אַ שטיק פון גרויס־פוילן, וואָס ביי דעם טייך נאָטעטש, אָדער נעטץ, ווי זי הייסט אויף דייטש. דאָס איז געווען אַ שטח פון 660 קוואַדראַט־מייל מיט איבער אַ האַלבן מיליאָן איינוואוינער. וואַרמיע האָט מען תיכף אינקאָרפּאָרירט אין מזרח־פּרייסן. פון די אַנדערע טעריטאָריעס האָט מען געשאַפן אַ נייע פּראָווינץ און אַ נאָמען געגעבן מערב־פּרייסן (West Preussen). די דאָזיקע פּראָווינץ האָט מען „פאַרקיילעכט" מיט אַ צוגאָב פון נאָטעטש־דיסטריקט, וואָס איז אָבער אַדמיניסטראַטיוו דערווייל געווען כמו אויטאָנאָמיש.

צוואַנציק יאָר שפּעטער, אין 1793, האָט פּרייסן פאַרכאַפּט דאַנציק און טורן, די וואָיעוואודסטוועס: פּויזן, גנעזן און לעסלע (האָהענזאַלצע, אָדער אינאָווראָצלאַוו), גאַנץ קאַלישער געביט, בריסק קויאַווער מיט דער דאָבזשינער טעריטאָריע, די געגנטן פון שעראַדז, וויעלון, לענטשיץ, פּלאָצק, אַ טייל פון ראַווער און מאַזאָוויעצקער געביט (די שטאָט זאַקראָטשים בתוכם). די דאָזיקע חלוקה האָט געבראַכט אַ שטח פון 1000 קוואַדראַט־מייל און אַ באַפעלקערונג פון 1,200,000 נפשות. דאַנציק און טורן האָט מען אינקאָרפּאָרירט אין מערב־פּרייסן. פון די איבערגעבליבענע טעריטאָריעס האָט מען אָרגאַניזירט אַ נייע פּראָווינץ און אַ נאָמען געגעבן: דרום־פּרייסן (Sudpreussen)

די דריטע און לעצטע חלוקה, — בעת דעם העלדישן אויפשטאַנד פון טאַדעאוש קאָשטשושקאָ (1795), — וואָס איז ראַטיפיצירט געוואָרן אין פּעטערבורג, דעם 26טן יאַנואַר 1797, האָט געגעבן פּרייסן די רעשטלעך פון ראַווער און מאַזאָוויעצקער וואָיעוואודסטוועס מיט וואַרשע בראש. נאָר זייער קליינע חלקים פון יענע טעריטאָריעס זיינען נישט אינקאָרפּאָרירט געוואָרן. דער שטח פון דער דאָזיקער דעראָבערונג איז געווען 1000 קוואַדראַט־מייל מיט אַ באַפעלקערונג פון קנאַפּע אַ מיליאָן מענטשן. די דאָזיקע טיילן זיינען קאָנסטיטואירט געוואָרן אין אַ פּראָווינץ אונטערן נאָמען ניי־מזרח־פּרייסן (Neu Ostpreussen) און כדי זי זאָל אויסזען מיט „לייטן גלייך", האָט מען אַרומגעשניטן דרום־פּרייסן דורך אַוועקנעמען אַ טייל, וואָס איז אויפן רעכטן ברעג ווייסל. אַקעגן, אַנדערע טיילן, וואָס זיינען געווען אין דרום פון די טייכן בוג און ווייסל מיט וואַרשע בתוכם, האָט מען צוגעגעבן צו דרום־פּרייסן. אַ טייל פון דער קראָקעווער וואָיעוואודסטווע און אומגעגנט, אַ שטח פון 41 קוואַדראַט־מייל, האָט מען אָפּגעטיילט און אונטערן נאָמען: ניי־שלעזיע אַדמיניסטראַטיוו פאַראייניקט מיט שלעזיע, וואָס איז אין 1763 צוגענומען געוואָרן פון עסטרייך, הגם געריכטלעך האָט עס געהערט צו דרום־פּרייסן.

אַזוי אַרום האָט אַ גרויסע יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט אין די יאָרן 1772—1795 אויסגעמאַכט איבער 150,000 נפשות, זיך פּלוצלונג געפונען אין נייער פּאָליטיש־אַדמיניסטראַטיווער סביבה, גאָר אַן אַנדערע, ווי די אין וועלכער די דאָזיקע גרויסע יידישע מאַסע האָט געלעבט דורות לאַנג אין פוילן. פּרייסן איז געווען אַ פּאָליציי־מלוכה, וואָס האָט נאָרמאַליזירט און ממילא דעקרעטירט דאָס לעבן פון אירע אונטערטאַנען אין ליכט פון דער פילאָזאָפיע פון אויפקלערערישן אַבסאָלוטיזם. צו יידן האָט פּרייסן קיין גרויסע טאָלעראַנץ נישט אַרויסגעוויזן. אין בערלין האָט מען שטרענג געהיט די אויסנאַם־געזעצן פאַר יידישער וואוינשאַפט. לויטן באַרימטן „יודען־רעגולאַמין" פון 1750 האָט מען פאַרווערט די יידן זיך צו באַשעפטיקן אין די דערפער, און אויך נישט קיין סך פון זיי דערלויבט צו לעבן אין די שטעט. די רייכע יידן האָט מען דערלויבט געוויסע צווייגן פון אינדוסטריע, אָבער נישט די וואָגיקע, ווי טעקסטיל, למשל. די מיטל־עלטערישע פּריווילעגיעס פון די צעכן האָט מען אָפּגעהיט, נישט אַזוי צוליב פּיעטעט פאַר אַלטע אינסטיטוציעס, ווי צוליב דעם, וואָס זיי זיינען געווען באַפּאַנצערט מיט אַנטי־יידישע גזירות.

מיט אַ שטאַרקער האַנט זיינען תיכף צעבראָכן געוואָרן די טראַדיציאָנעלע פוילישע פאָרמען פון לעבן, כדי צו קענען וואָס שנעלער אַריינפירן דעם פּרייסישן ריגאָריזם. אמת, די אַלטע פאַרטיילונגען

אויף שטאַנדן איז נאָך געבליבן, ווייל זי איז געווען ענלעך צו דער פרייסישער סטרוקטור. מען האָט אָבער צוגענומען פון די שטעט די אויטאָנאָמיע און באַשטימט בירגערמייסטער. אַ סך שטעטלעך האָט מען פשוט פאַרוואַנדלט אין דערפער. בנוגע יידן האָט מען זיך נוהג געווען אין הסכם מיטן גייסט פון אַבסאָלוטיזם, ד"ה אויף וויפיל די איינוואוינער זיינען אַ קוואַל פון הכנסה פאַר דער מלוכה זיינען זיי נוצלעך; אויב נישט — זיינען זיי אַ פאַסיווער ביילאַנס און ממילא דאַרף מען פון זיי פטור ווערן. בנוגע גבירים, וואָס זייער צאָל איז געווען קליין, איז דאָס געזעץ געווען מילד. אַקעגן די אָרימע לייט האָט מען זיך באַמיט אויסראָטן אָן רחמנות.

דער פרייסישער „יודען־רעגולאַמין" פון 1750 האָט געטיילט די יידן אויף אַזעלכע וואָס זיינען יאָ אָדער נישט בכוח צו באַצאָלן פאַרן שוץ, וואָס די מלוכה גיט זיי (שוץ־יודען). די דאָזיקע יידן האָבן געמעגט באַקומען וואוינרעכט פאַר זיך גופא און אין פאַל פון אַ גרעסערן שטייער אויך פאַר זייערע יורשים. דורכפירן אָט דעם פיסקאַלן פרינציפּ לגבי די נייע יידישע אונטערטאַנען איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. עס זיינען פאַרט געווען ווייניק יידן, וואָס האָבן געהאַט געלט אויף ברויט, בפרט אויף שוץ־פריווילעגיעס. ווען מען האָט דעם 16טן נאָוועמבער 1772 אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, לויט וועלכן עס מעגן בלייבן אין נעטצן־דיסטריקט נאָר די יידן, וואָס וועלן באַווייזן אַ מינימום קאַפּיטאַל פון טויזנט טאַלער, — האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויף 6221 יידן זיינען געווען קוים אַ 20—30 משפחות (191 נפשות), וואָס האָבן געקענט אַזאַ פאָדערונג נאָכקומען. די באַאַמטע איז געלונגען אָפּצורעדן דעם קיניג פון דורכפירן די דאָזיקע גזירה: זיי האָבן געטענהט, אַז די יידן קומען אַזוי פיל געלט די קריסטן בכלל און די קירכעס בפרט, אַז אייגנטלעך וועט אַזאַ גירוש חרוב מאַכן מער די קריסטן, איידער די יידן. די אָרימע לייט האָט מען אָבער אָנגעהויבן צו טרייבן פון זייערע זיץ־פּלעצער. אין די יאָרן 1773—1784 האָט מען פון די טעריטאָריעס, וואָס פרייסן האָט פאַרכאַפּט, פאַרטריבן 4000 יידן, וואָס מען האָט געשטעמפּלט ווי „בעטל־יידן". די ביוראָקראַטישע באַאַמטע, מיט דער כאַראַקטעריסטישער פרייסישער פּרעציזקייט, האָבן אָנגעהויבן צו שטודירן די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן, און האָבן אין זייערע ראַפּאָרטן אַרויסגעבראַכט אַ שוידערלעך בילד פון יידישן דלות. דאָס דאָזיקע בילד איז זיכער נישט געווען איבערגעטריבן, ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז וואָס איז שייך זייער שטעלונג צו יידן — זיינען די באַאַמטע געווען סאָלידאַריש מיט זייערע הערשער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין נעטצן־דיסטריקט, וואָס האָט געהאַט 40 יידישע קהילות, איז נישט געווען אפילו קיין איינע, וואָס זאָל נישט זיין פאַרשולדיקט איבערן קאָפּ און דווקא צו קריסטלעכע אָרגאַניזאַציעס, ווי קירכעס, קלויסטערס, און אפילו צו יחידים נישט־יידן. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע איז באַשטימט געוואָרן, כדי צו געפינען אַ וועג ווי אַזוי מען זאָל קענען וואָס שנעלער ליקווידירן די דאָזיקע חובות. דער קאָמיסיע איז געלונגען פעסטצושטעלן דעם סכום פון די געלטער ביז אַ האַלבן גראָשן, אָבער ביי דעם איז מען געבליבן. פאַר די יידישע גבירים איז דאָס געווען אַ גוטע געלעגנהייט פטור צו ווערן פון דער גרויסער צאָל אביונים, וואָס האָבן זיך געלייגט ווי אַ שווערע לאַסט אויף די מאַגערע בודזשעטן פון די קהילות, צו וועלכע די איינצלנע גבירים האָבן געמוזט צוטראָגן געלט.

יעדע קאַטאַסטראָפע, ווי אַ פאַרפלייצונג, אָדער שׂרפה, איז אויסגענוצט געוואָרן ווי אַ גוטער תירוץ פטור צו ווערן פון אָרימע יידן. ווען די שטאָט פילעהנע (Filehne) וואָס האָט געציילט 48 פּראָצענט יידן, האָט אין 1783 אָפּגעברענט, האָט פרידריך דער גרויסער מסכים געווען צוריק אויפבויען די פאַרברענטע הייזער, אָבער נישט אין דער יידישער געגנט. „איך וועל פאַר די יידישע נשׂרפים — האָט ער געשריבן — אפילו קיין איין הויז נישט לאָזן אויפבויען, ווייל איך דאַרף די יידן בכלל נישט האָבן". די נויט אין אייניקע שטעט איז געווען אַזוי גרויס, אַז די יידן אין בערלין און אין ברעסלוי האָבן געקליבן נדבות פאַר זייערע „אומגליקלעכע אמונה־גענאָסן" פון מערב־פרייסן. וועגן דער נויט אין לעסלע (אינאָווראָצלאַוו) האָט מען אפילו דעבאַטירט אין ענגלישן פּאַרלאַמענט. דער פּאָפּולערער ענגלישער Spectator האָט מיט גרויס סימפּאַטיע געשילדערט די נויט פון די יידן אין די פוילישע געביטן פון פרייסן און דערביי דיסקאָנטירט מיט אַ הויכער פּראָצענטער די אַנטי־פּרייסישע וועקסלען פונם ענגלישן פּאָליטישן באַנק.

די דאָזיקע פּאַליאַטיוון אין פאָרם פון נדבות אָדער סימפּאַטיע־אויסדרוקן האָבן אין תוך גענומען נישט געקענט ענדערן די קאָנסעקווענטע אומברחמנותדיקע פּאָליטיק פון דער פרייסישער רעגירונג, וואָס האָט געצילט צו פאַרקלענערן די יידישע באַפעלקערונג. מיט גרויס צער שטעלט פעסט אַ פרייסיש־אָריענטירטער יידישער היסטאָריקער, אַז די „סאָלידאַריטעט־געפילן צווישן יידן האָבן ערטערווייז אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן", ווייל די פאַרמעגלעכע יידן זיינען געווען גרייט מקריב צו זיין די אָרימע, אַבי זיי זאָלן קענען קוואַליפיצירט ווערן ווי שוץ־יודען, וואָס מיינט ווי פריווילעגירטע אונטערטאַנען. אין 1780 האָט דער קיניג געשריבן, אַז מען דאַרף זען סיסטעמאַטיש פטור ווערן פון די יידן און אויף אָרט באַזעצן קריסטן.

די דאָזיקע אויסראַטונג־פּאָליטיק, וועלכע עס איז נאָר טיילווייז געלונגען דורכצופירן, ווייל עס האָט זיך איינגעגעבן אינם נעטצן־דיסטריקט צו באַזייטיקן אַ טייל יידן, איז אין לעצטן סך־הכל געווען אַ דורכ־פאַל. פון איין זייט האָט פּרייסן געהאַט בדעה אָפּ־צושאַפן די אַלטע פּוילישע פּריווילעגיעס, וואָס אַ סך שטעט האָבן געהאַט, אַז יידן וועלן דאָרטן בכלל נישט טאָלערירט (de non tolerandis judaeis), וואָס וואָלט געגעבן אַ מעגלעכקייט איבערצושיכטן די יידן. אָבער דאָס איז דורכגעפירט געוואָרן ערשט אין 1802. פון דער צווייטער זייט, האָבן די נייע חלוקות אַריינגעבראַכט אַזאַ גרויסן צושטראָם פון יידישע איינוואַנדערער, אַז דאָס גאַנצע פּראָבלעם איז נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן. די רעגירונג האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, אַז מיט גירושים קען מען דעם יידישן פּראָבלעם נישט לייזן. נאָך דער דריטער טיילונג פון פּוילן האָבן יידן אין די שטעט אויסגעמאַכט 28 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַ־פעלקערונג און אין איניקע שטעט אפילו איבער 50 פּראָצענט. מען האָט געמוזט אָפּשטעלן די גירושים פון די דערפער, דערלויבן די יידן צו וואוינען אין אַלע שטעט און אפילו דערלאָזן אָנצושליסן זיך אין די צעכן. אמת, אין די דערפער האָט מען באַשרענקט זייערע פּרנסות, ווי אַ כלומרשטע נויטווענדיקייט צו באַשיצן די פּויערים קעגן יידישער עקספּלואַטאַציע. אין 1791 האָט די מערב־פּרייסישע קאַמער באַהאַנדלט די פראַגע, ווי אַזוי קען מען „וואָס שנעלער און לייכ־טער פאַרקלענערן די צאָל יידן דאָרט".

דאָס „בערלינער מיניסטעריום — שרייבט אַ הויכער באַאַמטער — איז געקומען צום שלוס, אַז מען דאַרף באַהאַנדלען די יידן פון די ניי־דערוואָר־בענע לענדער אַ ביסל אַנדערש, ווי מען איז זיך נוהג מיט די פּרייסישע אונטערטאַנען פון יידישן גלויבן". די דאָזיקע „אַנדערשקייט" איז פאַרשטאַנען געוואָרן אין זין פון אַ מער ריגאָרעזער „מלוכה־פּעדאַגאָגיק", ווייל אפילו אין די אויגן פון די „פּרייסישע אונטער־טאַנען פון יידישן גלויבן", זיינען די נעכטיקע פּוי־לישע אונטערטאַנען פון זעלבן גלויבן געווען מענטשן פון אַ נידעריקערן ווערט. קודם־כל איז די צאָל יידן געווען צו גרויס, אַז מען זאָל זיי קענען באַהאַנדלען אַזוי, ווי מען האָט באַהאַנדלט די יידן אין שלעזיע, למשל, וואו זיי האָבן אויסגעמאַכט אַ 180טן חלק פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. דער מיניסטער פון שלעזיע הוים (Hoym) שלאָגט פאָר (1793), אַז מען זאָל קודם־כל אָפּשאַפן די יידישע קהילה־אויטאָ־נאָמיע. יידן דאַרפן צאָלן אַ רעקרוטן־שטייער. מען דאַרף זען גרינדן שולן, כדי אויסצובעסערן די יידן. אין די קהילות דאַרפן זיצן ספּעציעלע באַאַמטע פון מאַגיסטראַט, ווי דאָס ווערט פּראַקטיצירט מיט די צעכן. מען דאַרף זיי אָפּציען פון שענקעריי און דער־מוטיקן צו ווערן ערד־אַרבעטער. אַן אַנדער באַאַמ־טער, וואָס איז געווען גינציק פאַרן געדאַנק פון אַג־ראַריזירן אַ טייל יידן, שלאָגט פאָר, אַז מען זאָל באַ־גרענעצן די רעכט אויף חתונות, ווי אַ סגולה צו רע־פאָרמירן די יידן.

איניקע פון די פּראָיעקטן ווערן שנעל־געזעצן. דעם 4טן יולי 1793 גייט אַרויס אַ דעקרעט, וואָס פאַרווערט אַ יידן חתונה צו האָבן אָן אַ דערלויבעניש פון דער רעגירונג און אָן מזומן פון אַ מינימום טויזנט טאַלער, אָדער אַ מלאכה־קענטעניש. די דאָ־זיקע גזירה, וואָס האָט אויך אָנגעגעבן אַ מינימאַלן עלטער פאַרן חתן אויף 25 יאָר, האָט אַרויסגערופן פּראָטעסטן, וואָס זיינען געווען מאָטיווירט פון שטאַנד־פּונקט פון רעליגיע, פינאַנצן און פיזיאָלאָגיע.

די פּיעטריקאָווער קהילה האָט געשריבן, אַז פּוי־לישע יידן זיינען „גוטע מענטשן, וואָס זייער ערלעכ־קייט קען מען נישט פאַרקויפן אויפן מאַרק". „אונ־זער נאַציע, שרייבט די קהילה, האָט אין פּוילן אַנט־וויקלט דעם האַנדל, דעריבער האָבן אַלע פּוילישע מלכים באַשטעטיקט אונזערע פּריווילעגיעס. דער קריסט האָט 1000 דרכים ווי אַזוי צו פאַרדינען זיין שטיקל ברויט, פאַר אונז איז מער נישט געבליבן ווי קליין־האַנדל און אַ ביסל מלאכות. און וואוהין זאָלן מיר גיין, ווען מיר וועלן מוזן פאַרלאָזן אונזער פאָ־טערלאַנד ?"

אָבער דער מיניסטער פון דרום־פּרייסן פאָס (Voss) האָט פאַרטיידיקט זיין שטאַנדפּונקט. ער איז נישט פאַראינטערעסירט — שרייבט ער — אויס־צוהאָדעווען אַ מחנה קליין־הענדלער, ווייל פון פּיס־קאַלישן שטאַנדפּונקט זיינען די יידן נוצלאָז. ער וויל, אַז יידן זאָלן זיך אויסלערנען מלאכה, ווייל מלאכה מאַכט אַ מענטשן איידעלער. אַ צווייטער באַאַמטער שרייבט, אַז אייגנטלעך איז אומזיניק צו פאַרבאָטן אַ מענטשן חתונה האָבן דערפאַר ווייל ער איז אָרים. „חתונה האָבן — שרייבט ער — דאַרף אייגנטלעך זיין ווינציקער פאַרווערט דעם אָרימען, ווי דעם רייכן". ער פאָדערט אפילו גלייכע רעכט פאַרן פאָלק, ווייל דער דעקרעט מאַכט אַן איינדרוק, אַז מען פּראָטעזשירט נאָר די גבירים.

אין יענעם מאָמענט אָבער האָט די פּרייסישע מלוכה־אָרגאַנען פאַרשאַרפט מער זאָרגן די נאַציאָנאַלע רע־וואָלוציע, וואָס איז גראָד אויסגעבראָכן אין פּוילן. מען האָט אויף אַ ווייל געמוזט ענדערן דעם קורס לגבי יידן. הוים שיקט אַרוים צו די קאַמערן אַ ריי אָנ־פראַגעס בנוגע יידן. די תשובות פון די באַאַמטע זיי־נען ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז מען דאַרף די יידן פאַר־טרייבן פון די דערפער, אָבער דערפאַר געבן זיי אַ מעגלעכקייט זיך צו באַזעצן אין די שטעט. אַנדערע האָבן געשריבן, אַז מען זאָל זיי טיילווייז באַזעצן אויף

לאַנד, לאָזן ווערן בעלי־מלאכות, אָבער אין אַ באַגרענעצטער צאָל. מען דאַרף זיי פאַרווערן צו זיין הויזירער. יידן דאַרפן צאָלן די זעלבע שטייערן, וואָס נישט־יידן. דייטש מוז ווערן די שפּראַך פון די יִידן אין שול און אין די קהילות. איין באַאַמטער ענטפערט אפילו, אַז יידן זיינען גוטע קעמפער, אַ רמז אויף בערעק יאָסעלעוויטשעס פּולק אין קאָשטשושקאָס אויפשטאַנד. דער פּועל יוצא פון די ביוראָקראַטישע תשובות איז געווען, אַז דער דעקרעט פון 14טן יולי 1793 איז דערווייל בטל געוואָרן. דאָס איז געווען דעם 14טן יוני 1795 — פיר חדשים פאַר דער דריטער חלוקה פון פּוילן, וועלכע האָט נאָך מער פאַרגרעסערט די צאָל יידן אונטער דער פּרייסישער ממשלה. ממילא זיינען פאַרגרעסערט געוואָרן די קאַנצעלאַרישע וויכוחים — וואָס צו טאָן מיט די יידן, ווי אַזוי מאַכט מען פון יידן אַ באַשטאַנדטייל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג?

דעם 17טן אַפּריל 1797 איז דערשינען דער באַרימטער דעקרעט, וואָס רעגולירט די רעכטלעכע און ממילא אויך די סאָציאַל־עקאָנאָמישע לאַגע פון יידן אין לאַנד. דער דאָזיקער דעקרעט טראָגט דעם נאָמען „גענעראַל יודען רעגלאַמענט". ער באַשטייט פון 5 קאַפּיטלעך און איז צעגלידערט אין 71 פּאַראַגראַפן. דער „יידן־רעגולאַמין" באַשטימט, אַז וואוינרעכט אין די אָקופּירטע געביטן האָבן נאָר יענע יידן, וואָס זיינען געווען דאָרטן תושבים בעת די אָקופּאַציע איז דורכגעפירט געוואָרן און קענען באַווייזן, אַז זיי האָבן אַ שטענדיקע באַשעפטיקונג. אַלע יידן, וואָס האָבן נישט קיין פּראָפעסיע און זיינען נישט קיין שטענדיקע תושבים, מוזן תיכף ומיד פאַרלאָזן דאָס לאַנד. די יידן דאַרפן זיך רעגיסטרירן, באַקומען ספּעציעלע פּעסער און שוץ־בריוו. די שטייערן ווערן אויטאָמאַטיש פאַרגרעסערט. דער קאָפּ־שטייער איז געשטיגן פון דריי פּוילישע גילדן אויף צען. חוץ דעם האָט מען איינגעפירט נייע שטייערן ווי חתונה, רעקרוטן־שטייער אאַז"וו. חתונה האָבן וועט אַ ייד נישט טאָרן פאַר 25 יאָר, דערביי דאַרף ער באַווייזן, אַז ער האָט אַ שטענדיקע הכנסה, אָדער אַן אייגענעם קאַפּיטאַל. די זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון די קהילות ווערט שטאַרק פאַרקלענערט. דער רב מוז באַווייזן, אַז ער קען רעדן און שרייבן דייטש, אָדער פּויליש. ער טאָר נישט פּסקנען קיין אַנדערע שאלות חוץ ריין־רעליגיעזע. דער בית־דין ווערט אינגאַנצן אָפּגעשאַפט און יידן מוזן גיין מיט זייערע תביעות אין די אַלגעמיינע געריכטן. אין אַלע שולן איז דער לימוד פון דייטש און פּויליש אָבליגאַטאָריש. יעדער ייד מוז האָבן אַ נאָמען, וואָס וועט איבערגיין בירושה. די יידן, וואָס וואוינען אין די דערפער, ווערט שטרענג פאַרבאָטן צו פאַרקויפן די פּויערים אַזעלכע סחורות, וואָס געהערן נישט צו אַגריקולטורעלע נויטווענדיקייטן, ווי זיידנס, טוך אאַז"וו. עס ווערט אויפגעפאָדערט אַכטונג צו געבן, אַז יידן זאָלן זיך נישט פאַרנעמען מיט וואוכעריי. די צאָל יידישע סוחרים ווערט שטאַרק באַגרענעצט. דער סוחר וועט נישט טאָרן האָבן נאָך אַ פּרנסה, ווי למשל מלאכה. יידן מעגן זיין בעלי־מלאכות, אָבער נאָר אין די שטעט, בשום אופן אָבער נישט אין די דערפער. עס ווערט דערמוטיקט דאָס באַשעפטיקן זיך מיט ערד־אַרבעט, פאַכטעריי, ברויערייען, ווי אויך עפענען פאַבריקן. ווייטער באַשטימט דער דעקרעט די צאָל פון כלי קודש, זייערע פונקציעס, התחייבותן און אחריותן. די קהילה טאָר נישט ווילן קיין באַאַמטע. די מאַכט גופא וועט שוין באַשטימען „בירגער־פאָרשטייער", אַזוי ווי עס פירט זיך ביי נישט־יידן.

די שולן פאַר דער יוגנט דאַרפן אויסגעהאַלטן ווערן פון דער מלוכה. דער סדר־הלימוד דאַרף אַריינגעמען מאָראַל, וואָס זאָל לערנען, אַז מען דאַרף זיין געטריי מלכות און פאָלגן די באַפעלן פון די באַאַמטע. דער דעקרעט באַפרייט די יידן פון מיליטער־דינסט, — דערפאַר אָבער וועלן זיי צאָלן אַ ספּעציעלן שטייער. יעדער שוץ־ייד פון 14 ביז 60 יאָר דאַרף צאָלן איין טאָלער און צען גראָשן רעקרוטן־ אָדער שוץ־געלט. אויב אַ ייד טרעט אַריין פּרייוויליק אין דער אַרמיי, ווערט ער פון דאָזיקן שטייער באַפרייט. ווייטער ווערן דערקלערט פאַרשידענע אַנדערע שטייערן, וואָס אין לעצטן סך־הכל זיינען זיי געוואָרן אַ גרויסע לאַסט פאַר די אָרימע יידישע מאַסן.

די דאָזיקע „קאָנסטיטוציע פון קנעכטשאַפט" האָט אַרויסגערופן ביי דער יידישער באַפעלקערונג אַ געוואַלדיקע אומצופרידנקייט. „עס איז זייער נאַטירלעך — שרייבט אַ פּרייסישער היסטאָריקער — אַז די באַשטימונגען פונם דאָזיקן רעגולאַמין האָבן בשום אופן נישט געקענט אָנפילן מיט פרייד און דאַנקבאַרקייט־געפילן אָט די יידישע באַפעלקערונג, וועלכע איז אונטער דער פּוילישער הערשאַפט געווען גאָר ווייניק געשטערט אין אירע פרייע באַוועגונגען". עס איז געווען אַזאַ שרייעדיקער אונטערשיד צווישן דעם לעבן אין פּוילן און דעם לעבן אונטער דער פּרייסישער מאַכט, אַז אפילו באַאַמטע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער ריס איז צו שטאַרק און אַז דער איבערגאַנג פון די אַלטע, כמעט פעאָדאַלע יסודות פון לעבן אין פּוילן, צו דער פּאָליציי־שטאַטלעכער „אָפּעקונסטווע" — האָט געמעגט דורכגעפירט ווערן לאַנגזאַמער און ממילא סיסטעמאַטישער.

נאָך דעם ווי דער רעגולאַמין איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, זיינען די ראשי קהילות פון די אָקופּירטע טעריטאָריעס זיך צונויפגעקומען אויף אַן אסיפה אין שטעטל קלעטשעוו, וואָס איז דעמאָלט געווען פון פּויזנער דעפּאַרטמענט (נישט ווייט פון קאָליש). דאָס

איז געווען דעם 30טן אויגוסט 1797. אַן ענלעכע אסיפה איז פאָרגעקומען נאָך פריער זומער 1793, ווען מען האָט באַדאַרפט נעמען שטעלונג צו דער געענדערטער יידישער לאַגע, וואָס די צווייטע חלוקה פון פּוילן האָט אַרויסגערופן. אויף יענער אסיפה אין קלעטשעוו זיינען זיך צונויפגעקומען 37 חשובע יידן, פון 22 שטעט פון דרום־פּרייסן, דאָס רוב רבנים. מיט אַ שווערן געמיט האָבן די יידישע פאַרטרעטער דיסקוטירט די נייע גזירות, וואָס דער דעקרעט האָט געשאַפן און אַזוי אַרום געשטעלט אין קאָן 160,000 יידן, אַ דריטל פון דער גאַנצער שטאָטישער באַפעל־קערונג פון ניי־מזרח־פּרייסן און אַ פינפטל פון דרום־פּרייסן. פאָרמעל האָבן זיי געדאַנקט דעם קיניג פאַרן „חסד" פון די נייע תקנות, אָבער פאַקטיש האָט מען אַרומגעטראַכט פּלענער ווי אַזוי צו מילדערן די שאַרפע קאַנטן פונם דעקרעט. פאַר די דעלעגאַטן איז געשטאַנען די פראַגע, ווי אַזוי באַשיצט מען די מלאכות און די מסחרים, וואָס דער רעגולאַמין שטעלט אין געפאַר, און ועל כולם די אמונה, וואָס איז לויט זייער אויפפאַסונג געשטאַנען אין גרויס סכנה. זיי האָבן געזען ווי מען וויל אונטערגראָבן די אַלטע יידישע זעלבסט־פאַרוואַלטונג, צו וועלכער די יידישע פאַרטרעטער האָבן זיך געקלאַמערט, ווי צו אַ דורות־לאַנג־אויסגעפּרוווטער יידישער רעפּרעזענטאַנץ. די דעלעגאַטן האָבן געוואוסט, אַז נישט אַלע באַאַמטע שטימען איין מיטן נוסח פון דראַסטישן דעקרעט. די ביאַליסטאָקער קאַמער, למשל, האָט דערקלערט, אַז דער פועל יוצא פון די נייע געזעצן וועט זיין אַ חורבן פון די שטעט, וואָס וועט אַ סך בירגער „ברענגען צום בעטלער־שטעקן". דער ציל פון דער קלעטשעווער אסיפה איז אייגנטלעך געווען צו בעטן דעם מלך באַשטימען אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל פעסטשטעלן די פאַקטישע לאַגע פון די פּוילישע יידן. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיסיע פון פיר דעלעגאַטן, וואָס זאָל פאָרן קיין בערלין כדי צו אינטערווענירן ביי דער צענטראַלער מאַכט.

דעם 2טן אָקטאָבער 1797 האָט ליפּמאַן מאיר וואָלף, אַ פרנס פון דער בערלינער קהילה, געפירט די דעלעגאַציע צום דירעקטאָר פון פינאַנץ־דעפּאַרטאַמענט. היות ווי קיין איינער פון דער דעלעגאַציע האָט נישט געקענט רעדן קיין דייטש, האָט וואָלף אויפגעקלערט די צילן פונם באַזוך און איבערגעגעבן דעם תמצית פון זייערע בקשות.

קודם־כל האָט די דעלעגאַציע געבעטן, אַז מען זאָל נישט פאַרווערן יידן צו זיין סוחרים. אויב אַ ייד האָט דעם נויטיקן קאַפּיטאַל, וואָס דער דעקרעט באַשטימט, זאָל מען אים דערלויבן צו זיין אַ סוחר און נישט צווינגען דווקא זיך נעמען צו אַ מלאכה, ווי די רעגירונג וויל האָבן. ווייטער האָבן זיי געבעטן, אַז אַ ייד אַ סוחר זאָל מעגן וואוינען אין די דערפער און פאַרנעמען זיך דאָ מיט האַנדל. די הויפּט־בקשה איז אָבער געווען, אַז מען זאָל נישט ליקווידירן די יידישע אויטאָנאָמיע, וואָס איז געוואָרן אַ וויכטיקע אינסטיטוציע אין יידישן ציבור־לעבן. די דעלעגאַציע האָט רעפּרעזענטירט דעם פאַרמעגלעכן טייל יידן, ממילא האָט זי קודם־כל פאַרטיידיקט אירע אייגענע אינטערעסן.

אין דער אמתן זיינען די דאָזיקע, אין תוך זייער באַשיידענע, פאָדערונגען געווען אַ טיילווייזע קאַפּיטולאַציע לגבי דער מאַכט פון די גזירות, וואָס האָבן זיך מיט אַזאַ אימפּעט אָנגעהויבן שיטן אויפן יידישן קיבוץ פון פּרייסיש־פּוילן. די דאָזיקע פאָדערונגען זיינען געווען אַזוי מילד, אַז זיי האָבן קיין גרויסע פאַרלייכטערונג נישט געקענט אַריינברענגען.

די מילדע בקשות, וואָס זיינען געווען ווייט אפילו פון אַ רמז אויף אַן עפנטלעכער אָפּאָזיציע קעגן די דראַסטישע רעפאָרם־פּלענער פון דער מלוכה, האָבן ביי דער רעגירונג דווקא נושא חן געווען.

דער מיניסטער פאַר דרום־פּרייסן האָט געשריבן, אַז דאָס „איינאָרדענען יידן אין דער דאָרטיקער פּראָווינץ איז פון גאָר גרויסער וויכטיקייט. די יידן מאַכן אויס מסתמא אַן אַכטל אָדער אַ ניינטל פון אַלע איינוואוינער. אין איצטיקן מאָמענט געפינט זיך דער האַנדל אין זייערע הענט. עס איז פאַראַן אַ מאַסע בעלי־מלאכות צווישן זיי און אין לעצטן סך־הכל איז דער ייד אין דרום־פּרייסן אַ מער קולטיווירטער מענטש, ווי דער בירגער אין די קליינע שטעט אָדער דער פּויער אויפן לאַנד".

מיטן דאָזיקן קאָמפּלימענט איז ער אויסן געווען צו איבערצייגן, אַז דווקא דער יידישער עלעמענט איז יענער בויגזאַמער מאַטעריאַל, פון וועלכן דער רעגירונג וועט זיך מיט דער צייט איינגעבן צו מאַכן דאָס, וואָס מיט דער פּוילישער באַפעלקערונג וועט זיך אַזוי גרינג ניט איינגעבן, ד"ה איבערגעגעבענע פּרייסישע אונטערטאַנען. די אינטערפּרעטאַציעס פון די תקנות פון רעגולאַמין פון 1797 האָבן גורם געווען אַזוי פיל אָפּווייכונגען פון דעם יורידישן קרן, אַז די פּראָצענטער פון די נייע אויסטייטשונגען האָבן ווייט איבערגעשטיגן דעם גרינדונגס־קאַפּיטאַל. דער געזעץ וועגן שולן מיט באַצאָלטע לערערס פון דער מלוכה איז אפילו ניט דערמאָנט געוואָרן. די פאָדערונג אַז אַ רב זאָל קענען דייטש אָדער פּויליש — איז דערווייל פאַרגעסן געוואָרן. די צאָל שולן איז ניט פאַרקלענערט געוואָרן, נאָר פאַרקערט, אין אַ סך שטעט זיינען צוגעקומען נייע בתי־מדרשים און בתי־התפילה. אַלץ איז דערווייל געבליבן ביים אַלטן. די צאָל יידן אין די שטעט איז געשטיגן. אויב פּויזן האָט אין 1797 געהאַט 3,021 יידן, איז שוין די צאָל געשטיגן

אין 1802 אויף 4,430 און אין ליסע פון 3,311 אויף 3,677 (אין 1807).

עקאָנאָמיש אָבער האָט זיך די לאַגע פון די יידישע מאַסן שטאַרק פאַרערגערט. היות דער דעקרעט פון 1797 האָט טעאָרעטיש געגעבן יידן די זעלבע רעכט און מעגלעכקייטן צו ערד־אַרבעט, ווי ניט־יידן, האָט מען אָנגעהויבן שאַפן פּלענער פאַר אַ יידישער קאָלאָניזאַציע. מיט דעם האָבן זיך אפילו פאַראינטערעסירט פּראָמינענטע משכילים פון בערלין, קעניגסבערג און ברעסלוי. אין אַ פּלאַן, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן אין 1801, ווערט געזאָגט, אַז יידן דאַרף מען געבן אַ פּאַסיקע געלעגנהייט צו ווערן ערד־אַרבעטער. אַ קולטור־רעפאָרם וועט אָפּשאַפן די רעליגיעזע מניעות ביי יידן צו ערד־אַרבעט. מען דאַרף זיי אויך די ערשטע דריי יאָר דערלויבן צו האַלטן ניט קיין יידישע באַדינטע. „וועלן עטלעכע תלמודיסטן וועלן איבערגיין צו אַגריקולטור, וועלן אויך אַנדערע גיין אין די פוסטריט פון זייערע אויטאָריטעטן".

דער זעלבער פּראָיעקטן־מאַכער, אגב, אַ גע־שמדטער ייד, האָט פאָרגעשלאָגן אַז מען זאָל דורך ספּעציעלע דרשות פּאָפּולאַריזירן די אידייע פון ערד־אַרבעט; די תקנות וועגן ערד־אַרבעט דאַרף מען אָפּדרוקן אויף יידיש און פאַרשפּרייטן צווישן דער יידישער מאַסע. די רעגירונג איז אָבער נישט געווען שטאַרק באַגייסטערט פאַר די דאָזיקע פּלענער. אמת, יידן האָבן זיך געווענדט און טאַקע געבעטן ערד. אין 33 קרייז־אַמטן האָבן אויף 706 יידישע שענקערס — 341 מסכים געווען צו ווערן ערד־אַרבעטער. דער אָריגינעלער פּלאַן איז געווען, אַז מען זאָל אין נייַ־מזרח־פּרייסן קודם־כּל באַזעצן אויף לאַנד אַזעלכע יידן, וואָס האָבן געלט. אָבער בעלנים מיט געלט זיינען געווען זייער ווייניק. אין פּויזנער ראַיאָן האָבן זיך 172 יידישע משפחות געווענדט נאָך ערד. די רעגירונג האָט אָבער געהאַט אַ סך אַ ברייטערן קוק אויף קאָלאָניזאַציע, ווי סתם געבן אַרבעט אָרימע משפחות. זי האָט באַצוועקט אַ געוויסע קולטור־פּאָליטיק. זי האָט געוואָלט גערמאַניזירן די פּוילישע פּראָווינצן. פאַר אַזאַ מיסיע האָבן זיך אָבער די יידן ווי ערד־אַרבעטער ניט געטויגט.

האָט טאַקע פּרייסן אויפגעגעבן אינגאַנצן דעם פּלאַן פון יידישער קאָלאָניזאַציע. עס איז געווען בייַ־ליקער און פּראַקטישער אַראָפּצוברענגען פּויערים פון פּרייסן און באַזעצן זיי, ווי געטרייע פאָרפּאָסטנס פון מיליטאַנטישן גערמאַניזם.

נאָר די „שוץ־יידן" האָבן געהאַט אַ פעסטן עקאָ־נאָמישן באָדן. אָבער זייער צאָל איז ניט געווען אַזוי גרויס. אין אַזאַ קהילה, ווי ליסע, איז אין 1798 געווען סך־הכּל 133 „שוץ־יידן" (אויף 750 משפחות, וואָס מיינט 18 פּראָצענט). זיי האָבן געהערט צו די רייַ־כערע סוחרים. אין די ראַיאָנען פון דער פּויזנער, קאַלישער און וואַרשעווער פינאַנץ־קאַמערן זיינען אין 1797 געווען 40 פּראָצענט סוחרים־יידן. די מערהייט יידישע ברויט־פאַרדינער זיינען געווען בעלי־מלאכות, קליינע סוחרים און שענקערס. דעם ערשטן פּלאַץ צווישן יידישע בעלי־מלאכות האָבן פאַרנומען די שניידערס. כּמעט יעדע גרעסערע קהילה האָט גע־האַט אַ שניידער־חברה, וואָס האָט געזאָרגט פאַר די נויטן פון אירע מיטגלידער און אויך פאַר אַ קרקע פאַר זיי, ווען די שעה וועט קומען. סוף 18טן יאָר־הונדערט האָט אין פּויזנער דעפּאַרטמענט 70 פּראָצענט פון אַלע יידישע בעלי־מלאכות געהערט צו דער באַ־קלייד־אינדוסטריע. אין קאַליש האָט מען אין 1800 אָנגעציילט ביי קריסטן נאָר 270 שניידערס אויף 3,797 בעלי־מלאכות, בעת ביי יידן איז געווען 353 שניידערס אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון 922 יידישע בעלי־מלאכות. פון אַנדערע יידישע בעלי־מלאכות, וואָס זיינען געווען אין אַ גרעסערער צאָל כּמעט אין יעדן דעפּאַרטמענט, איז כּדאַי צו דערמאָנען: קירזש־נערס, שמוקלערס, קנעפּל־מאַכערס, גלעזערס, קופּער־שמידן און גאַרבערס. די בעלי־מלאכות האָבן גע־האַלטן דאָס רוב איינעם, זעלטן — צוויי געזעלן און חוץ דעם אַ לערן־ייִנגל.

די אַלגעמיינע צאָל יידישע בעלי־מלאכות איז סטאַטיסטיש נישט פאַרפיקסירט געוואָרן. אין 1797 האָט מען אין די שטעט פון דרום־פּרייסן אָנגעציילט 29,118 בעלי־מלאכות, פון דעם — 4,164 יידן. אין פּויזנער קאַמער־באַצירק זיינען אין דער זעלבער צייט געווען טעטיק 1,930 יידן בעלי־מלאכות אויף אַן אַל־געמיינער צאָל פון 17,573.

עס איז דעריבער ניט קיין גוזמא, ווען עס ווערט געבראַכט אין די באַריכטן פון די דעמאָלטדיקע באַ־אַמטע, ווי אַן אַלגעמיינע אָפּשאַצונג באַזירט אויף באַאָבאַכטונגען, אַז יעדער זיבעטער בעל־מלאכה אין דרום־פּרייסן איז אַ ייד, און אין פּויזן — יעדער נייַנ־טער. אין די לעצטע יאָרן פון זייער הערשאַפט זיינען די פּרייסן, פּאַראַלעל מיט די באַמיאונגען צו באַזעצן יידן אויף לאַנד, געווען אויך פאַראינטערעסירט מיט פאַרבעסערן קוואַליטאַטיוו די יידישע מלאכה. זיי האָבן אפילו געגעבן פּרעמיעס קריסטלעכע מייסטער, וואָס האָבן באַשעפטיקט יידישע געזעלן. קיין גרויסע רעזולטאַטן האָבן אָבער די דאָזיקע נייע רעפאָרמען נישט געבראַכט.

די לאַגע פונם יידישן בעל־מלאכה איז אין אַל־געמיין געווען אַ שווערע, ווייל די אַלגעמיינע עקאָנאָ־מישע לאַגע פון די יידן אין לאַנד איז געווען ניט קיין גוטע. די חובות, וואָס האָבן געדריקט די קהילות, האָט מען געמוזט צאָלן, ווען ניט דעם קרן, איז לכל הפּחות די פּראָצענטער. קיין סך פאַרמעגלעכע יידן איז אין אַ קהילה נישט געווען. די צאָל יידן אַן

באַשעפטיקונג האָט שטאַרק באַאומרואיקט די פירערס פון די קהילות און האָט נאָך מער זאָרגן אַרויסגערופן מצד די פרייסישע באַאַמטע ווייל די דאָזיקע גרויסע מאַסע יידן איז נישט... שטייער־פעאיק.

„ווער עס האָט אַליין ניט געזען, ווי אָרים עס לעבן אפילו די סאַמע רייכסטע צווישן זיי (ד״ה יידן) — שרייבט אַ פרייסישער באַאַמטער אין 1802 — דער וועט נישט גלויבן, ווי קליין עס זיינען זייערע השגות. אַ מלוכה, וואָס איז באַוואוינט נאָר פון אַזוי גערופענע פוילישע יידן, קען זייער ווייניק באַקומען דורך אומדירעקטע שטייערן". דאָס האָט געמיינט, אַז יידן גיבן אויס אַזוי ווייניק געלט, אַז די מלוכה האָט פון זיי אַ קליינע הכנסה.

כדי אַריינצוברענגען אַ געוויסן סדר אין שייכות מיטן רעגולאַמין פון 1797, האָט מען קודם־כל געמוזט האָבן אַ סטאַטיסטיק פון יידן. דאָס איז אָבער געווען ניט פון די לייכטע זאַכן. ווען מען האָט אין 1800 דורכגעפירט עפּעס, וואָס איז געווען ענלעך צו אַ ציילונג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער פראָווינץ וואָס מען האָט אין די פוילישע צייטן גערופן גרויס־פוילן, האָבן 32 שטעט און שטעטלעך בכלל ניט געהאַט קיין יידן, אויפן סמך פון דער אַלטער פריווילעגיע „פון נישט טאָלערירן יידן"; 27 — האָבן געהאַט אַ יידישע באַפעלקערונג ווייניקער ווי 100 נפשות. די גרעסטע יידישע קיבוצים זיינען געווען אין ליסע, פויזן און קראָטאָשין. אין אַ סך שטעט האָבן די יידן זיך שטאַרק באַמיט צו פאַרברייטערן דעם יידישן געטאָ, ווייל עס איז געווען ענג און חוץ דעם האָבן אָפטע שריפות חרוב געמאַכט דעם יידישן קוואַרטאַל. אָבער די באַמיאונגען האָבן צו קיין רעזולטאַטן נישט געבראַכט. דער אַלטער געדאַנק אַז אַ שריפה איז אַ גוטע סגולה אָפּצושאַפן דעם יידישן „סעפּאַראַטיזם", דורך צווינגען די יידן זיך צו באַזעצן אין די נישט־יידישע טיילן, — איז געווען אַ געדאַנק, וואָס אַ סך אויפקלערער פון יענער צייט האָבן פאַרטיידיקט. אין דער פראַקטיק האָט עס אָבער ניט געאַרבעט, פשוט, ווייל מען האָט די יידן פון געטאָ ניט אַרויסגעלאָזט. נאָר אין פויזן, נאָך דער שריפה פון 1803, ווען דער גאַנצער יידישער קוואַרטאַל איז חרוב געוואָרן, האָט מען די יידן דערלויבט זיך צו באַזעצן אין אַנדערע טיילן פון שטאָט. די ליקווידאַציע פון די געטאָס איז געווען אַן ענין, ענג פאַרבונדן מיט דער אַלגעמיינער ליקווידאַציע פון רעליגיעזע און שטאַנד־קאָנפליקטן און פאָראורטיילן, וואָס מען האָט ניט געקענט אַזוי לייכט דורכפירן. אויב די שריפות האָבן די יידן נישט „אַנטגעטאָאיזירט" — האָבן זיי אָבער געשאַפן אַ נייע צדקה־פושקע מיט נייע נשרפים־בריוועלעך, וואָס זיינען בשעתו געווען זייער פּאָפּולער אין פרייסן. די קלאָגעדיקע עקאָנאָמישע לאַגע האָט אָבער דורך די דאָזיקע שריפה־אַקציעס ניט געקענט פאַרבעסערט ווערן.

מיטן דעקרעט פון 6טן פעברואַר 1802 האָט פרידריך ווילהעלם דער דריטער באַפוילן, אַז מען זאָל איגנאָרירן די אַלטע פוילישע געזעצן, לויט וועלכע יידן טאָרן ניט וואוינען אין געוויסע שטעט, אָדער טאָרן ניט זיין קיין מיטגלידער פון האַנטווערקער־צעכן. „עס זאָל קיין שום אַכט נישט געלייגט ווערן — ווערט געזאָגט אינם דאָזיקן דעקרעט — אויף די אַלע פריווילעגיעס פון דער אַמאָליקער פוילישער רעגירונג, לויט וועלכע אייניקע צעכן אין דרום־, ניי־ און מזרח־פרייסן האָבן געהאַט דאָס רעכט ניט אָנצונעמען קיין יידן אָדער ניט לאָזן זיי אָנטיילנעמען אין די מלאכות".

דער דאָזיקער דעקרעט האָט אַרויסגערופן אַ באַדייטנדיקע אינערלעכע יידישע מיגראַציע. יידן האָבן פאַרלאָזן קליינע שטעטלעך און זיך באַזעצט אין די גרעסערע שטעט. אַזוי אַרום איז, למשל, בידגאָשטש (בראָמבערג) געוואָרן אַ גרעסערער יידישער ישוב, הגם דער מאַגיסטראַט גופא האָט אַלץ געטאָן, כדי יידן זאָלן זיך דאָ ניט פאַרמערן: די וואָס האָבן זיך שוין אַריבערגעקליבן אַהין, האָט מען ניט דערלויבט זיך צו באַזעצן אין צענטער פון שטאָט.

וואָס איז שייך די צעכן, האָבן זיי ווייטער קיין יידן נישט טאָלערירט און די יידן האָבן אפשר אויך נישט צופיל געקעמפט פאַר זייערע רעכט. נאָר ווען אַ יידישער בעל־מלאכה האָט באַדאַרפט צושטעלן אַ מוסטער־אַרבעט, כדי צו באַקומען אַן אַטעסטאַט אויף אַ בעל־מלאכה, פלעגט ער זיך לאָזן עקזאַמינירן פון די צעך־מייסטער. דער מלוכה־פּראָגראַם וועגן אַ שנעלער גערמאַניזאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אויך ניט דורכגעפירט געוואָרן מיט אַזאַ טעמפּאָ ווי די אָפיציעלע קרייזן האָבן זיך דאָס געוואונטשן.

אמת, עס זיינען שוין געווען אינדיווידועלע פאַלן, ווען יידן האָבן שנעל דערגרייכט פולשטענדיקע שפראַכלעכע אַסימילאַציע. די דאָזיקע אַסימילאַציע האָט זיך אויסגעדריקט ניט נאָר אין דער שפראַך נאָר אויך, און אפשר הויפטזאַכלעך, אין אַ כאַראַקטעריסטישן היפּער־פרייסישן פאַטריאָטיזם וואָס האָט אפילו אימפּאָנירט די יידישע תושבים פון פרייסן גופא. די פויזנער קהילה, וואָס האָט נאָך אַלץ געשטעקט טיף אין אַלטן יידישן־פוילישן לעבנס־שטייגער, האָט אָנגעהויבן צו ווייזן סימנים פון אַ קולטור־קאָמפּראָמיס אויף וויפיל עס האָט ניט אָנגערירט די פונדאַמענטאַלע עיקרים פון דער יידישער אמונה, אין דעם פרט זיינען זיי פאַקטיש געווען די פאָראויסגייער פון דער ליטווישער השכלה. אין אַ מעמאָראַנדום, דערלאַנגט דעם 27טן יאַנואַר 1795, האָבן די פאַרטרעטער פון דער קהילה אין פויזן דערקלערט, אַז דער יידישער בגד איז ניט קיין אינטעגראַלער טייל פון יידישן דת; ממילא איז דאָס ענדערן די קליידער ניט קיין כפירה. געווען איז די דאָזיקע דערקלערונג געמאַכט אין שייכות מיט אַ

מלוכה־אַנקעטע בנוגע רעפאָרמירן דעם יידישן לעבנס־שטייגער, וואָס איז שפּעטער פאָרמולירט געוואָרן אינם באַרימטן רעגולאַמין פון 1797. די דאָזיקע דערקלערונג, ווי עס האָט זיך טאַקע באַלד אַרויסגעוויזן, איז געווען ניט מער ווי אַ פאָרמעלע דעקלאַראַציע. דער אַלטער יידישער לעבנס־נוסח איז ווייטער געבליבן. די גרופּע „פּריווילעגירטע" יידן האָט זיך אָנגעהויבן צוצופּאַסן צו זייערע „גלויבנס־גענאָסן" אין בערלין, ברעסלוי און קעניגסבערג, און פאָרגעשטעלט מיט זיך אַן „אייראָפּעאישע" קאָלאָניע אין אַן אַלט־יידישער סביבה. די גרויסע יידישע מאַסע איז געבליבן ביים אַלטן לעבנס־שטייגער.

פּאַראַלעל מיט דער דאָזיקער גערמאַניזאַציע־רעפאָרמע איז אויך די שול־פּאָליטיק, וועלכע האָט געצילט צו געבן מער דייטשע קולטור און ווייניקער יידישן חינוך, — ניט געווען אַזוי שטרענג דורכגעפירט, ווי עס איז לכתחילה באַשלאָסן געוואָרן. דער פאַרוועלטלעכונג־פּראָצעס דורך בילדונג איז פאָרגעקומען אַדאַנק דער פּריוואַטער איניציאַטיווע פון יחידים, וואָס האָבן אָנגעשטעלט פּריוואַטע לערער פאַר זייערע קינדער. פון פּרייסן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן „קולטור־מיסיאָנערן", וואָס האָבן מיט גרויס התמדה און ניט קיין קלענערע שכירות איינגעפלאַנצט אין די מוחות פון די רייכע קינדער פון די פּויזנער געטאָס די „געבענטשטע פּרוכטן" פון דער דייטשער קולטור. די דאָזיקע אויפקלערער זיינען באַטראַכט געוואָרן מצד דער פּרייסישער מאַכט ווי אַ „וואַרטפולער עלעמענט", וואָס גרייט צו דעם באָדן פון געטאָ פאַר אויפנעמען די „קריסטלעכע קולטור". אויפן לשון פון דער טאָגטעגלעכער פּראָזע האָט עס פּשוט געמיינט צוגרייטן קינדער פאַר די אַלגעמיינע דייטשע שולן. אויף אַזאַ קולטורעלן קפיצת־הדרך האָבן זיך געקאָנט דערוועגן נאָר יחידי סגולה. די מער מעסיקע עלעמענטן האָבן אין פּרינציפּ צוגעשטימט צו אַ דייטש־יידישער שול, אַן ענין, וואָס איז טאַקע אַביסל שפּעטער דורכגעפירט געוואָרן. דערווייל האָט מען אין די חדרים, וואָס זיינען נאָך אַלץ געבליבן די איינציקע בילדונגס־אַנשטאַלטן, איינגעפירט דעם לימוד פון דייטש און פּויליש. אָבער אפילו די דאָזיקע רעפאָרמע איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַן אַפּיקורסות. נאָר אין די צוויי גרויסע קהילות, ליסע און פּויזן, האָט מען זיך דערלויבט אויף אַזאַ הנחה לגבי דעם אַלט־טראַדיציאָנעלן סדר־הלימוד. וועגן דעם, אַז יידישע טאַטע־מאַמע זאָלן שיקן זייערע קינדער אין די קריסטלעכע שולן האָבן אפילו די גאָר ביוראָקראַטישע פּרייסישע באַאַמטע נישט געוואַגט צו טראַכטן פונקט ווי זיי האָבן נישט געטראַכט וועגן מזכה זיין די יידן מיט בירגער־רעכט. מיליטער־דינסט איז אין דער שטאַטס־קאָנצעפּציע פון פּרייסן געווען אַ תנאי, וואָס אָן אים קען בכלל נישט זיין קיין רייד וועגן בירגער־רעכט. היות ווי יידן זיינען באַטראַכט געוואָרן, ווי אַן עלעמענט, וואָס איז נישט ראוי צו אַזאַ „פּריווילעגיע", איז ממילא דער ענין בירגער־רעכט, ווי אַ דירעקטער שכר פאַר וועלטלעכער בילדונג, בכלל נישט געווען אַקטועל.

אין אַלגעמיין מוז פעסטגעשטעלט ווערן, אַז די פּרייסישע רעגירונג איז געווען שטאַרק אַנטוישט אין אירע נייע אונטערטאַנען פון „איזראַעליטישן גלויבן". ווי אַ מקור פון פיסקאַלע הכנסות האָבן די יידן זיך אַרויסגעוויזן אַ סך שוואַכער, ווי מען האָט לכתחילה אויסגערעכנט. אויך די יידן גופא האָבן זיך שטאַרק אַנטוישט אין זייערע נייע בעלי־בתים. אין פּוילן האָט מען דעם יידישן לעבנס־נוסח נישט געוואָלט צעשטערן מיט אַזאַ סיסטעמאַטישקייט און אומגעדולדיקייט, ווי דאָס האָבן מאַניפעסטירט די נייע, די פּרייסישע דעה־זאָגער וועלכע האָבן אָן רחמנות געוואָלט צעברעכן אַ קאָלעקטיוו יידיש לעבן, וואָס האָט געהאַט הינטער זיך הונדערטער יאָרן פון טראַדיציאָנעלער פעסטקייט.

די איינציקע, וואָס האָבן אָבער שטאַרק אויסגענוצט די פּרייסישע ממשלה אין פּויזן, זיינען געווען דייטשע יידן גופא. אַ סך פון זיי האָבן זיך באַזעצט אין וואַרשע, געעפנט האַנדלס־פירמעס און בענק, און געבראַכט מיט זיך די אידייען פון השכלה, וואָס זיינען פאַר דער חלוקה פון פּוילן געווען דאָרט ווייניק באַקאַנט. די דאָזיקע יידן האָבן גענאָסן באַזונדערע שוץ מצד דער פּרייסישער רעגירונג — און דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנקייט ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג. די רעגירונג איז געווען געצוואונגען אַרויסצוגעבן אַ דעקרעט אַז די פּרייסישע יידן, וואָס וועלן קומען קיין וואַרשע נאָך 1799, וועלן מוזן צאָלן אַ ספּעציעלן שטייער, אַ גילדן אַ טאָג. אין 1804 איז אפילו אין וואַרשע געווען אַ פּאָגראָם, — ער האָט אייגנטלעך קולמינירט די אַנטי־פּרייסישע שטימונגען, דעמאָנסטרירט אויף יידישן האָב און גוטס.

אין מיטן פון די נייע רעפאָרם־פּלענער איז געקומען די פּרייסישע קאַטאַסטראָפע פון 1806 ווען אין שלאַכט ביי יענאַ האָט נאַפּאָלעאָן פאַרניכטעט די פּרייסישע אַרמיי. דער פּרייסישער געביט פון פּוילן איז אויסגעשניטן געוואָרן און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „וואַרשעווער פירשטנטום". די נעכטיקע פּרייסישע אונטערטאַנען זיינען מיט אַמאָל געוואָרן וואַרשעווער אונטערטאַנען.

# III. יידן אין פירשטנטום וואַרשע

(1813—1806)




עם 26טן נאָוועמבער 1806 האָבן די צוויי אַליאַנטן פרייסן און רוסלאַנד עוואַקואירט וואַרשע. צוויי טעג שפּעטער האָבן זיך אויף די וואַרשעווער גאַסן באַוויזן פראַנצויזישע זעלנער. דאָס לאַנד איז געוואָרן אַן אָביעקט פאַר אַ נייעם מלוכה־עקספּערימענט, וואָס זיין ציל און כאַראַקטער איז געווען אַ גרויסער סוד פאַר די מערסטע איינוואוינער.

די פראַנצויזישע סאָלדאַטן האָבן געמיינט, אַז זיי געפינען זיך אין שונא'ס לאַנד און האָבן אָן רחמנות ראַבירט יידן און ניט־יידן, רייך און אָרים. אַן עדות פון יענער צייט, דווקא ניט קיין ייד, נאָטירט אין זיין טאָגבוך אַז „מען באַגייט זיך זייער שלעכט מיט יידן אין וואַרשע". אָבער דאָס איז געווען ניט מער ווי אַ פאָרשפּיל. די דראַמע גופא האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַזוי שנעל, ווי נאַפּאָלעאָן האָט באַשטימט דעם פּאָליטישן רעזשיסער.

דער טילזיטער אָפּמאַך פון 26טן יוני 1807 האָט קודם־כל באַשטימט די געאָגראַפישע ראַמען פון דעם פריש־געשאַפענעם שטאַט, וואָס איז אויסגעשניטן געוואָרן פון פרייסנס חלק פון פוילן. פרייסן האָט פאַרלאָרן אַ טייל פון דער צווייטער חלוקה און דעם גאַנצן טייל פון דער דריטער, מיטן אויסנאַם פונם ביאַליסטאָקער קרייז, וואָס מען האָט צוגעטיילט רוסלאַנד. פון דאָזיקן שטח האָט מען געשאַפן אַ מלוכה און איר אַ נאָמען געגעבן „פירשטנטום וואַרשע". שוין דער נאָמען גופא האָט מרמז געווען, אַז נאַפּאָלעאָן האָט געוואָלט באַרואיקן אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, פאַר וועמען די רעסטיטוציע פון אַ פוילישער מלוכה איז געווען די גרעסטע געפאַר: דאָס וואָלט געמוזט פירן אומפאַרמיידלעך צום תחית־המתים פון די דרעמלענדיקע אומאָפּהענגיקייט־חלומות פון דער פוילישער שלאַכטע, — אַן ענין, וואָס איז נישט געווען צום האַרצן סיי רוסלאַנד און סיי פרייסן.

די נייע מלוכה איז פאַרטיילט געוואָרן אויף דעפּאַרטאַמענטן, לויטן פראַנצויזישן מוסטער. דאָס זיינען געווען: דער וואַרשעווער, קאַלישער, פּויזנער, בידגאָשטשער, פּלאָצקער און לאָמזשער. אויפן דאָזיקן קליינעם שטח האָט די יידישע באַפעלקערונג אויסגעמאַכט 10.04 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג (204,834 יידן אויף 2,039,653 איינוואוינער). אין די שטעט האָבן יידן אויסגעמאַכט קנאַפּע 28 פּראָצענט, און אין די דערפער — קנאַפּע 5 פּראָצענט. די געדיכטסטע יידישע קיבוצים זיינען געווען אין פּלאָצקער דעפּאַרטאַמענט (52.9 פּראָצענט פון דער שטאָט־באַפעלקערונג) און אין לאָמזשער (48.7 פּראָצענט פון דער שטאָט־באַפעלקערונג).

אין קאַלישער דעפּאַרטאַמענט האָבן יידן אויסגעמאַכט 25.6 פּראָצענט, אין פּויזנער — 22.9 פּראָצענט, אין וואַרשעווער — 22.6 פּראָצענט, און אין בידגאָשטשער — 20 פּראָצענט. אין יענע דעפּאַרטאַמענטן, וואו יידן האָבן געגעבן דעם גרעסטן פּראָצענט איינוואוינער אין די שטעט, האָבן זיי אויך געהאַט אַ גרעסערע באַפעלקערונג אין די דערפער: אין לאָמזשער דעפּאַרטאַמענט, למשל, 14.3 פּראָצענט און אין פּלאָצקער — 7.3 פּראָצענט.

אין סך־הכל קען מען זאָגן, אַז צוויי דריטל פון אַלע יידן האָבן געוואוינט אין די שטעט, און איין דריטל — אין די דערפער. אָבער שטעט זיינען אויך, אין תוך גענומען, געווען נישט מער, ווי גרויסע דערפער. הגם מען האָט אָפיציעל אָנגערעכנט 405 שטעט, — זיינען אָבער דאָס רוב פון זיי געווען פּשוטע דערפער. נאָר 50 שטעט האָבן געהאַט אַ באַפעלקערונג איבער 2,000 נפשות, 119 שטעט האָבן געהאַט פון 1,000 ביז 2,000, 140 — פון 500 ביז 1,000, און 12 שטעט האָבן געהאַט ווייניקער פון 500 נפשות. אַזאַ שטאָט, למשל, ווי לאָדזש האָט געציילט סך־הכל 434 איינוואוינער.

די נייע מלוכה איז געווען דורכאויס אַן אַגראַרלאַנד. 77 פּראָצענט פון איר באַפעלקערונג איז געווען אַ דאָרפישע. פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג איז נאָר 17½ פּראָצענט געווען אַ שטאָטישע. אין הסכם מיט איר סטרוקטור איז אויך געווען איר אינדוסטריע, מלאכה און האַנדל. די הויפּט־אינדוסטריע איז באַשטאַנען אין פּראָדוצירן ביר און משקה. אין די שטעט האָט מען אָנגעציילט 802 ברויערייען און 1116 גאָזשעלניעס. דאָס קליינע לאַנד האָט געהאַט 10,455 שענקען — פון זיי 4,734 אין די שטעט. אין לאַנד זיינען געווען טעטיק 3,793 ווינט־מילן און 2,725 וואַסער־מילן. פון דעם, וואָס מען וואָלט געקענט אָנרופן אינדוסטריע, איז כדאי צו דערמאָנען קודם־כל די ציגל־פאַבריקן (650, פון זיי 104 אין די שטעט), אייזן־הוטן (107), קאַלך־אויוונס (150), סמאָלאַרניעס (225) און 34 פּאַפּיר־פאַבריקן. דער סאַמע אינדוסטריעלער דעפּאַרטאַמענט איז געווען דער פּויזנער. בעל־מלאכות

האָט מען אָנגעציילט איבער זעקס און פערציק טויזנט מיט קנאַפּע 7,000 געזעלן. דעם ערשטן אָרט צווישן די בעל־מלאכות האָבן פאַרנומען שוסטער און שניידער. אין לאַנד איז געווען מער בעקער, ווי קצבים, אַ סימן פון גרויסער אָרימקייט. קנאַפּע 30 פּראָצענט פון אַלע בעל־מלאכות האָט געוואוינט אין די דערפער.

אין דעם דאָזיקן אָרימען, אַגראַרן לענדל מיט אַזאַ אָפּשרעקנדיקער צאָל שענקען האָט די יידישע באַפעלקערונג געפירט אַזאַ טרויעריק לעבן, אַז כמעט אַלע רייזנדער און מעמואַריסטן פון יענער צייט שטעלן זיך אויספירלעך אָפּ אויף דער אויסערגעוויינלעכער נויט ביי יידן.

די דאָזיקע יידן האָט מען געוואָלט רעפאָרמירן און דווקא אין דעם גייסט, וואָס דער פּרייסישער רעגולאַמין פון 1797 האָט פאָרמולירט, אָבער פאַרשטייט זיך דאָס מאָל ניט אויף דייטש, נאָר אויף פּויליש. פון דער צווייטער זייט, איז ביי אַ סך פּוילישע שטאַטסלייט פון וואַרשעווער פירשטנטום געווען אַ גרויסע נייגונג צו דער נאַפּאָלעאָנישער קאָנצעפּציע פון דער יידן־עמאַנציפּאַציע, אַזוי ווי זי איז פאָרמולירט געוואָרן אין די אויספירונגען פונם פאַריזער סנהדרין. די נאַציאָנאַלראַדיקאַלע פּובליציסטן האָבן הויך געשעצט די ווירטשאַפטלעכע פּאָליטיק פון דער פּרייסישער מאַכט לגבי יידן און געהאַלטן, אַז מען דאַרף זי פאָרזעצן; בעת די קאָנסערוואַטיווע פּאָליטיקער האָבן געוואָלט, אַז מען זאָל קודם־כל צונויפרופן אין וואַרשע אַ סנהדרין, וואָס זאָל אויסאַרבעטן רעפאָרם־פּראָיעקטן אין פראַנצויזישן נוסח, אָבער נעמען אויך אין באַטראַכט דעם מעמד פון די יידן אין לאַנד גופא.

די קאָנסטיטוציע, וואָס דאָס וואַרשעווער פירשטנטום האָט באַקומען דעם 22טן יולי 1807, האָט גאַראַנטירט פערזענלעכע פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלע תושבים פון לאַנד, אָן אונטערשייד פון אמונה. אין דער תקנה פון דער קאָמיסיע פאַר אינערלעכע ענינים, וואָס איז דאַטירט דעם 12טן פעברואַר 1807, ווערט געזאָגט, אַז די אויפגאַבע פון דער קאָמיסיע איז „צו היטן די אַלגעמיינע טאָלעראַנץ לגבי פאַרשידענע אמונות" (פּאַראַגראַף 11).

די רעגירונג האָט אָבער ניט געקענט שליסן קיין שלום אַפילו אין געדאַנק, אַז יידן זיינען פאַקטיש בירגער, צוגלייך מיט דער שלאַכטע. האָט זי געפּועלט ביים קיניג פרידריך אויגוסט, וועלכער איז געווען דער זאַקסישער קיניג און דער הערשער פון פירשטנטום, אַז מען זאָל דערווייל יידן נישט געבן קיין אַקטיווע און פּאַסיווע וואַל־רעכט אין סיים, — רעכט וואָס יידן וואָלטן סיי ווי נישט געקענט אויסנוצן, צוליב זייער פאַקטישער פּאָליטישער אומרייפקייט. דעם גאַנצן ענין פון יידן־רעכט האָט מען אויסגעפּשטלט ווי אַ לאָגישן סילאָגיזם: פולע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע רעכט האָבן נאָר פּאָליאַקן — האָט די רעגירונג געטענהט; יידן זיינען נישט קיין פּאָליאַקן; יידן, ווי נישט קיין פּאָליאַקן האָבן נישט קיין פולע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע רעכט; יידן זיינען אַן אמונה; יידן ווי אַן אמונה האָבן נישט קיין שום פּאָליטישע אָדער געזעלשאַפטלעכע רעכט, — אַזוי אַרום האָבן די יידן דעם 7טן סעפּטעמבער 1808, פאַרלאָרן די נישט . . . געוואונענע רעכט.

דערווייל האָט מען געגרייט אַ פאָרשלאַג, לויטן נוסח פון באַרימטן פראַנצויזישן דעקרעט פון 17טן מערץ 1808, לויט וועלכן יידן ווערן אויף צען יאָר צייט באַגרענעצט אין זייערע רעכט, ביז עס וועט קומען יענער מאָמענט, ווען „עס וועט נישט זיין קיין שום חילוק צווישן יידן און אַנדערע בירגער פון לאַנד".

אין וואַרשע גופא האָט מען נישט געגלויבט, אַז נאַפּאָלעאָן וועט איינגיין אויף אַן ענלעכן דעקרעט פאַר די יידן פון פירשטנטום. אין זייערע בריוו צו נאַפּאָלעאָנען האָבן די וואַרשעווער מלוכה־לייט אָנגעוויזן, אַז אייגנטלעך זיינען די שוין־עקזיסטירנדיקע באַגרעניצונגען — אַן אידעאַלע הקדמה צום אַלגעמיינעם געזעץ, וואָס איז זייער געוואונטשן און וואָס דער פאַריזער דעקרעט איז געווען זיין מוסטער. דעם 19טן דעצעמבער 1807, איז אַרויס אַ דעקרעט, לויט וועלכן בירגער־רעכט ווערט געמאַכט אָפּהענגיק פון קענען די שפּראַך פון לאַנד. עס איז געווען קלאָר, אַז דאָס צילט מען קעגן יידן. דער פינאַנץ־מיניסטער דעמבאָווסקי האָט געספּקט אין די מעגלעכקייטן צו געבן רעכט אַ פאָלק, וואָס לעבט אַן אייגנאַרטיקן לעבן, טראָגט אַ באַזונדערן בגד, האָט אייגענע שולן, האָט זיין אייגענע פאַרוואַלטונג (קהילה) און איז ניט רייף צו דינען אין דער אַרמיי. מען האָט אָפילו אָפּגעלעגט דעם טערמין פון צונויפרופן דעם פּאַרלאַמענט (סיים), ווייל מען האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף נאַפּאָלעאָנס תשובה בנוגע דעם רעכט צו קאָפירן זיין באַרימטן „שאַנדעדיקט", וואָס האָט אַזוי נושא־חן געווען אין די אויגן פון די וואַרשעווער מושלים.

ענדלעך איז אָנגעקומען נאַפּאָלעאָנס הסכמה. דעם 17טן אָקטאָבער 1808, איז דער דאָזיקער דעקרעט אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט אַן אויסבעסערונג, לויט וועלכער יחידים, וואָס וועלן „זוכה זיין אונזער חסד, וועלן בדרך אויסנאַם באַקומען רעכט". דאָס מיינט, אַז אַ רייכער ייד, וואָס וועט האָבן 2,400 פּוילישע גילדן און וואָס וועט באַפרידיקן די תנאים פון „ציוויליזאַציע", ד. ה. ער וועט זיין געקליידט אייראָפּעאיש, געבן זיינע קינדער וועלטלעכע בילדונג און אַזוי ווייטער, וועט יאָ זוכה זיין צו קריגן אַזאַ פּריווילעגיע. דאָס איז געווען אַ קאָפּיע פון פּרייסישע געזעצן. דערווייל האָט מען אַרויסגעגעבן אַ ריי געזעצלעך־לעגאַליזירטע גזירות אויף יידן. חוץ די אַלטע נאָך אַמאָל באַשטעטיקטע פאַרבאָטן צו וואוינען אויף געוויסע גאַסן אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט, די חתונה־קאָנ־

סענס, תקנות וועגן קויפן פלעצער פון קריסטן, אַרענדעס אאַז״וו — האָט מען אַרויסגעגעבן אַ ריי נייע גזירות.

דעם 19טן נאָוועמבער 1808 איז אַרויס אַ דעקרעט בנוגע איינקויפן פריצישע ירושה־מאַיאָנטקעס: קויפן אַ גוט מעגן נאָר יענע יידן וואָס וועלן זיך מתחייב זיין צו באַזעצן 25 יידישע משפחות אויף ערד, וועלן באַפרייען די פויערים פון טשינש און וועלן פירן אַ וואַלד־ווירטשאַפט. דאָס דאָזיקע רעכט איז אָבער געווען אינדיווידועל און האָט ניט געקענט איבערגיין בירושה. דעם 16טן מערץ 1809 האָט מען פאַרבאָטן יידן צו וואוינען און האָבן געשעפטן אויף אַ ריי גאַסן פון דער הויפּט־שטאָט. דעם 9טן מאַי 1808 איז אַרויס אַ דעקרעט לויט וועלכן יידן ווערן גערופן אין מיליטער־דינסט צוגלייך מיט נישט־יידן. נאָר איין רב און איין חזן אין יעדער קהילה ווערט באַפרייט פון דער דאָזיקער פליכט.

בנוגע וואוינרעכט האָט מען געמאַכט אַן אויסנאַם פאַר די, וואָס זיינען געווען באַנקירן, גרויסע סוחרים, דאָקטוירים און „קינסטלער".

וואָס איז שייך מיליטער־דינסט, איז דעם 10טן אַפּריל 1811 אַרויס אַ דעקרעט וועגן דינען אין דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וואָס איז מחייב אַלע איינוואוינער פון לאַנד ביזן עלטער פון 50 יאָר, יידן איינגעשלאָסן.

די יידן פון פירשטנטום וואַרשע זיינען באַטראַכט געוואָרן ווי אַ טאָלערירטע גרופּע, לויטן פּרייסישן מוסטער. די יידישע באַפעלקערונג האָט געהאַט צו צאָלן אַ סך מער שטייערן, ווי די יידן אין די פּוילישע געביטן, וואָס זיינען געבליבן ביי עסטרייך און רוסלאַנד. חוץ די אַלטע שטייערן, ווי קאָפּ־, רעקרוטן־ און שפּייז־שטייער, האָבן זיי געמוזט צאָלן דעם טאָג־צעטל־שטייער, פאַרן רעכט זיך אויפצוהאַלטן אין וואַרשע, שטייערן פון חתונות, פון ספרים און אַ סך אַנדערע.

חוץ דעם האָט מען אויף זיי אַרויפגעלייגט אַן אַלגעמיינעם שטייער פון איבער דריי מיליאָן גילדן, וואָס האָט געזאָלט געדעקט ווערן פון אַן אָפּצאָל אויף כשר פלייש. מען האָט אויסגערעכנט, אַז די קנאַפּע 40,000 יידישע משפחות קאָנסומירן אָדער וועלן זיין געצוואונגען צו קאָנסומירן אַכט פונט פלייש אַ וואָך מיט אַן אָפּצאָל פון זעקס גראָשן פון אַ פונט, וואָס וועט אַריינברענגען די געוואונטשענע סומע. דעם 18טן מערץ 1809 האָט מען אָנגענומען דעם דאָזיקן שטייער־דעקרעט און מען האָט אַנאָנסירט אַ קאָנקורס אויף פאַרדינגען דעם דאָזיקן שטייער פאַר יעדן דעפּאַרטאַמענט באַזונדער.

לויטן דאָזיקן חשבון איז אויסגעקומען, אַז די דורכשניט־סומע, וואָס אַ משפחה האָט געזאָלט צאָלן, איז געווען 84 גילדן, ד״ה פיר מאָל אַזוי פיל ווי מען האָט געצאָלט אין דער שווער־באַשטייערטער גאַליציע.

עס איז אָבער געווען שווער צו געפינען אַרענדאַרס פאַר אַט די שטייערן, ווייל די מלחמה מיט עסטרייך (1809) האָט אַרויסגערופן אַ פּחד און אומזיכערקייט בנוגע דער צוקונפט פון לאַנד גופא. די מלוכה האָט באַשלאָסן, אַז אויב עס וועט איר נישט געלונגען צו דערגרייכן די דאָזיקע סומע דורך אַ ליציטאַציע פון דער הכנסה, וועט מען דאַרפן אַרויפלייגן די באַטרעפנדיקע סומע אויף דער יידישער באַפעלקערונג לויט דעפּאַרטאַמענטן. דאָס האָט געמיינט פאַרוואַנדלען דעם אומדירעקטן שטייער אין אַ דירעקטן. אין סתירה מיטן גרונט־פּראָגראַם פון דער מלוכה, וואָס האָט געצילט אָפּצושאַפן די יידישע קהילה־פאַרוואַלטונג, איז די רעגירונג געווען גרייט צוליב פיסקאַלישע טעמים געבן די רבנים דאָס רעכט מהרים זיין די, וואָס ווילן זיך אַרויסדרייען פון צאָלן דעם דאָזיקן שטייער, — אַ רעכט, וואָס איז דורך דער פּרייסישער מאַכט, אגב, אָפּגעשאַפן געוואָרן. די דאָזיקע פיסקאַלישע פּאָליטיק האָט אין תוך גענומען פאַרשטאַרקט די מאַכט פון די קהילות. די יידישע קהילות האָבן אונטערגענומען אַ בשותפותדיקע אַקציע, כדי אויסצופועלן אַ פאַרקלענערונג פון דער שטייער־סומע. קודם־כל האָבן דאָס געטאָן די צוויי גרעסטע יידישע קהילות: ליסע און פּויזן. עס איז געלונגען צו באַקומען הנחות, אָבער פון נישט קיין גרויסן באַדייט. גראָד בעת מען איז געווען אין מיטן פון דער דאָזיקער אַקציע קעגן די שטייערן, איז די יידישע באַפעלקערונג פון וואַרשעווער פירשטנטום שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן, אַדאַנק דער אינקאָרפּאָראַציע פון מערב־גאַליציע. ווי אַ רעזולטאַט פון דער מלחמה מיט עסטרייך, אין וועלכער די אַרמיי פון וואַרשעווער פירשטנטום האָט געשפּילט אַ וואָגיקע ראָלע, איז אין 1809 אינקאָרפּאָרירט געוואָרן אַ שטח פון 958 קוואַדראַט־מייל מיט אַ באַפעלקערונג פון 1,496,249 מענטשן. די דאָזיקע טעריטאָריע איז באַשטאַנען פון זיבן קרייזן: זאַמאָשטש, קראָקע, קעלץ, ראַדאָם, לובלין, ביאַלע און שעדלעץ, פון וועלכע מען האָט אָרגאַניזירט פיר דעפּאַרטאַמענטן (לובלינער, ראַדאָמער, קראָקעווער און שעדלעצער) און צוויי פּאָוויאַטן: סטאַניסלאַווער און שעניצער. אַרום קראָקע האָט מען געמאַכט אַזאַ געאָגראַפישן שניט, אַז וויעליטשקע מיט די זאַלץ־גרובן איז געבליבן עקס־טעריטאָריאַל, ווי אַ בשותפותדיק אייגנטום פון עסטרייכישן קייזער און זאַקסישן קיניג.

די דאָזיקע נייע טעריטאָריע האָט געהאַט 260 שטעט און שטעטלעך. אַ פערטל פון די שטאָט־באַוואוינער זיינען געווען יידן (אַן ערך 67,000). היות דער פּראָצענט יידן אינם נייעם געביט איז געווען קלענער, ווי אין אַלטן — איז דער דורכשניט־פּראָצענט פון יידן פאַרן גאַנצן פירשטנטום געפאַלן אויף 7½ פּראָצענט. די גרעסטע יידישע צענטערן אינם ניי־

אינקאָרפּאָרירטן טייל זיינען געווען לובלין (42 פראָצענט יידן) און קראָקע (21 פראָצענט).

איידער עס איז פאָרמעל פּראָקלאַמירט געוואָרן די נייע אינקאָרפּאָראַציע (דעם 14טן אָקטאָבער 1810), האָט די צייטווייליקע צענטראַלע גאַליצישע רעגירונג אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן אויפרוף צו די יידן. דאָס איז געווען דעם 16טן אויגוסט 1809. אין דאָזיקן ווינציק־באַקאַנטן אויפרוף ווערט דערמאָנט בערעק יאָסעלעוויטש ווי אַ העלד, וואָס דאַרף ווערן אַ מוסטער פאַר די פּוילישע יידן. ער איז טאַקע געפאַלן אויפן שלאַכט־פעלד ביי קאָצק אין דער מלחמה קעגן עסטרייך, דעם 5טן מאַי 1809. עס ווערט אויך אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז יידן וועלן ווערן געטרייע פּוילישע בירגער און דערפאַר וועט מען באַלוינען די אָרימע יידן מיט פאַרקלענערן און אפילו ליקווידירן די אַלטע שטייער־חובות. היות אין מערב־גאַליציע איז דער נאַציאָנאַלער פּוילישער גייסט געווען אַ סך שטאַרקער, ווי אין וואַרשע, האָט מען זיך טאַקע דאָרטן גענומען תיכף צום פּאָלאָניזירן די יידן. די קראָקעווער פּאָליציי האָט אין 1810 אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידישע קהילות אויף איר טעריטאָריע מוזן באַנוצן פּויליש, ווי די אַמט־שפּראַך.

דער סך־הכל איז געווען, אַז אין 1810 זיינען איבער 30,000 יידן פאַראייניקט געוואָרן מיט איין גורל: דער גורל פון דעקלאַסירטע נישט־בירגער און שטאַרק באַלעסטיקטע פיסקאַלישע אָביעקטן פון פינאַנץ־מיניסטעריום. דער עקאָנאָמישער כאַאָס האָט זיך פאַרגרעסערט, ווען די גאַליצישע וואַלוטע האָט פאַרלאָרן איר ווערט. די פּויערים זיינען פאַראָרימט געוואָרן. די פאַרשטאַרקטע קאָנטינענטאַלע בלאָקאַדע, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט מיט אַן אייזערנער דיסציפּלין געפירט קעגן ענגלאַנד, האָט אין די לענדער אַרויסגערופן אַ שרעקלעכן עקאָנאָמישן קריזיס: עס איז נישט געווען קיין אָפּזאַץ־מאַרק פאַר די אַגראַרע פּראָדוקטן פון לאַנד.

אמת, דער נאַפּאָלעאָנישער קאָדעקס, וואָס איז געווען אַ גרויסע פּראָגרעסיווע דערגרייכונג אין דער געשיכטע פון געזעצגעבונג, האָט אַ ביסל געהויבן די געמיטער. די אונטערשיידן צווישן שטאַנדן זיינען יורידיש אָפּגעשאַפן געוואָרן. דער פּרעסטיזש פון מעשטשאַנישן קלאַס איז פאַרשטאַרקט געוואָרן. עס איז אונטערגעגראָבן געוואָרן דער יסוד פונם אַלטן פּוילישן נאַטור־ווירטשאַפטלעכן סיסטעם און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פונדאַמענט פאַר אַן אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג. דאָס אַריינפירן נאַפּאָלעאָנס קאָדעקס איז געווען אַ גרויסער יום־טוב אין פּוילן. אין קראָקע איז געווען אַ ספּעציעלע גאַסן־פייערונג און וועלכער יידן האָבן זיך באַטייליקט, טראָגנדיק ספרי־תורות מיט אַן אויפשריפט, אַז נאָך די צען געבאָט איז נאַפּאָלעאָנס קאָדעקס די צווייטע גרויסע געזעצגעבערישע תורה אין דער וועלט.

אין דער אמתן האָבן זיך די יידן שנעל אַנטוישט. אַלע רעפאָרמען אָדער פּרואוון פון רעפאָרמען האָבן געצילט קעגן די יידן אָדער האָבן זיי בכלל אויסגעמיטן. ספּעציעלע תקנות האָבן פאַרלייכטערט אויסלענדישע בעל־מלאכות און פאַבריקאַנטן זיך צו באַזעצן אין לאַנד און אַריינפירן בהמות און מכשירים אָן אָפּצאָל. די דאָזיקע הנחות האָבן פאַרשטאַרקט דעם דייטשן עלעמענט אין לאַנד, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן פון מלוכה־שטאַנדפּונקט אַ סך אַ גרעסערער פּראָבלעם, ווי יידן האָבן געשיינט צו זיין. פּוילישע פּובליציסטן האָבן אָנגעוויזן, אַז דייטשן זיינען טאַקע גוטע אָרגאַניזאַטאָרן און וועלן העלפן אַנטוויקלען אינדוסטריע און מלאכה, — אָבער פּאָליטיש זיינען זיי געפערלעך, ווייל זיי האַלטן זיך אָפּגעזונדערט.

לגבי דייטשע יידן, וואָס האָבן זיך געוואָלט באַזעצן אין לאַנד, האָט די וואַרשעווער רעגירונג נישט אַרויסגעוויזן דעם זעלבן גייסט פון גאַסטפריינטשאַפט, ווי לגבי די ניט־יידישע דייטשן. לויטן דעקרעט פון 20טן מערץ 1809 האָט זיך געקענט באַזעצן אין לאַנד נאָר אַזאַ פרעמדער ייד, וואָס האָט געקענט באַווייזן אַז ער פאַרמאָגט 60,000 פּוילישע גילדן, וויל גרינדן אַ פאַבריק אָדער אַ גרויס געשעפט. אַלע קאַנדידאַטן דאַרפן קענען לייענען און שרייבן אין איינער פון די דריי שפּראַכן: פּויליש, פראַנצויזיש אָדער דייטש, און זיך מתחייב זיין צו שיקן זייערע קינדער אין די אַלגעמיינע שולן, אויך נישט צו טראָגן קיין „יידישע" קליידער. דער זעלבער דעקרעט האָט באַגרענעצט דאָס באַזעצן זיך פון אַזעלכע יידן, וואָס פאַרמאָגן 300 פּוילישע גילדן און וואָס וועלן זיין בכוח צו באַווייזן פאַר אַ ספּעציעלער קאָמיסיע פון פאַכלייט, אַז זיי קענען די פאָלגנדיקע מלאכות: גאַרבעריי, רימעריי, זאָטלעריי, טוך־פאַבריקאַציע, פאַרבעריי, שמידעריי, סטאָלעריי א. אַ. דערביי דאַרפן זיי זיך מתחייב זיין, אַז אין די ערשטע פינף יאָר וועלן זיי זיך אָפּגעבן נאָר מיט זייער מלאכה, — אין קעגנפאַל מוזן זיי תיכף פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

דער געדאַנק וועגן עלימינירן די יידן פון אַ ריי מלאכות און פרנסות איז געווען שטאַרק פאַרשפרייט צווישן די פּוילישע מלוכה־באַאַמטע. די דאָזיקע טענדענצן זיינען געווען אַ פּועל־יוצא פונם געדאַנק צו פאַרפּוילישן דעם האַנדל און שאַפן אַן אייגענעם מיטל־קלאַס.

אין דער אַנקעטע, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אין 1808 בנוגע די פרנסות פון יידן, איז אויך פאַראַן אַ פראַגע פאַרוואָס נעמען זיך נישט די קריסטן צו מסחר און אינדוסטריע? אין איי־

נער פון די תשובות ווערט געזאָגט, אַז אָן די יידן וואָלט דער האַנדל בכלל און אין די קליינע שטעט־לעך בפרט איינגאַנצן זיך אָפּגעשטעלט. וואָס איז שייך די יידן בכלל, איז די בעסטע עצה צו נעמען אַ טייל פון זיי אין דער אַרמיי, אַ טייל מאַכן פאַר ערד־אַרבעטער, אַזוי ווי דאָס האָט געפּלאַנט די פּריי־סישע רעגירונג, — דעמאָלט וואָלטן יידן אויפגע־הערט „צו שטערן די קריסטן אין האַנדל". דאָס מיינט: נאָר דורך באַזייטיקן אַ טייל יידן פון מסחר וועט מעגלעך זיין אַז דער נישט־ייד זאָל ווערן אַ סוחר.

פון די זעלבע אַנקעטעס איז אויך צו זען, אַז די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן איז געווען נישט קיין גינציקע. פאַרקערט, די רעגי־רונג האָט זיך געוואונדערט, ווי אַזוי קען מען אַרויפלייגן אַזוי פיל שטייערן אויף אַזאַ אָרימע באַ־פעלקערונג. אינם מעמאָראַנדום פון לושטשעווסקי, דעם מיניסטער פאַר אינערלעכע ענינים, ווערט גע־זאָגט, אַז דער פאַרשלאָג פון פינאַנץ־מיניסטער מכוח אַ צוואַנג־הלוואה אויף „קאַפּיטאַליסטן און יידן" איז אַ צוואַנג־מיטל, וואָס קען באַרעכטיקט ווערן נאָר אין פאַל פון דרינגלעכקייט און נויט־ווענדיקייט אָבער עס איז אַ גרויסער ספק צי דאָס קען דורכגעפירט ווערן. די יידן זיינען אַזוי באַ־לעסטיקט, אַז איך ווייס נישט צי עס פּאַסט פאַר אונז און צי די קאָנסטיטוציע דערלויבט אונז (זיי מער צו באַלעסטיקן). מיר וויסן — שרייבט דער מיניסטער — אַז די פאַרזאַמלונג פון דעם פאָלק, אָדער די קהילות, זיינען שוין פון אַ לענגערער צייט פאַרבאָדן אין גרויסע חובות".

אַז די דאָזיקע אָפּשאַצונג איז געווען אַ ריכ־טיקע, קען מען זען פון דעם, וואָס אין די יאָרן 1809—1810 האָט זיך נישט איינגעגעבן איינצומאָ־נען מער, ווי 44 פּראָצענט פון דעם אַלגעמיינעם יידן־שטייער, און אַ יאָר שפּעטער — נאָר 43.4 פּראָצענט. אַזוי אַז אין 1811 האָט מען אויף אַן אסיפה פון קהילות געמוזט שאַצן די פלייש־קאָנסומציע נישט 8 פונט אויף אַ משפחה נאָר — 3.

אַ צווייטער וויכטיקער ענין, וואָס איז געשטאַ־נען אין צענטער פון דער געזעלשאַפטלעכער אויפ־מערקזאַמקייט אין וואַרשעווער פירשטנטום, איז גע־ווען די פראַגע — מיליטער־דינסט פאַר יידן. דאָס איז געווען נישט סתם אַ יורידישע פראַגע פון פליכטן לגבי רעכט, ווייל רעכט האָבן יידן סיי־ווי־סיי נישט געהאַט, און צו די פליכטן בכלל, און מיליטער־פליכטן בפרט האָבן זיי לויט זייער גאַנ־צער רעליגיעז־קאָנסערוואַטיווער סטרוקטור בדרך כלל נישט געטויגט און אויך נישט געוואָלט טויגן. עס איז פאַראַן אַ סך צביעות אין יענע פעסטשטע־לונגען פון אייניקע היסטאָריקער, וואָס מאַכן אַן אַנשטעל, אַז דער ענין פון נישט־נעמען יידן פאַר סאָלדאַטן, איז געווען נישט מער ווי אַ תירוץ, וואָס האָט געזאָלט באַרעכטיקן דעם פּרינציפּ פון נישט־געבן רעכט די, וואָס פילן נישט־אויס די פליכט פון פאַרטיידיקן זייער לאַנד. אויף נישט־געבן קיין רעכט האָט ביי דער רעגירונג קיין תירוצים נישט געפעלט און ממילא פאַלט אָפּ דער מיליטערישער תירוץ, ווי די אַקס פון דער יידן־פראַגע.

אין דער ראָמאַנטיש־נאַציאָנאַלער איינשטעלונג צו דעם ענין אַרמיי וואָס די נאַפּאָלעאָנישע אידע־אָלאָגיע האָט אַזוי קונציק אויפגעבלאָזן און באַ־פעסטיקט ביי דער פוילישער שלאַכטע, וועלכע האָט אַלעמאָל שטאַרק געהאַלטן פון מיליטערישע טראַדי־ציעס, — אין דער דאָזיקער אַטמאָספערע פון מי־ליטערישן קולט איז נישט געווען קיין פלאַץ פאַר אַ קאַלט־יורידישער אינטערפּרעטאַציע פון מילי־טערישע פליכטן, ווי אַ שכר פאַר בירגערלעכע רעכט.

לכתחילה האָט מען יידן פון מיליטער־דינסט נישט באַפרייט. די „פעדאַגאָגישע" ווירקונג פון מיליטער־דינסט ווי אַ שטאַפּל צו אַסימילאַציע איז אין דער פוילישער פובליציסטיק פון יענער תקופה אָפט אַרויסגעבראַכט געוואָרן און איז געקומען די־רעקט פון דער פראָ־נאַפּאָלעאָניסטישער שטעלונג צו דער פראַגע. די זעלבע שטעלונג האָט געהאַט בערעק יאָסעלעוויטש, וואָס האָט אין זיין מעמאָראַנ־דום צו דער עסטרייכישער רעגירונג פון 1796 אונ־טערגעשטראָכן, ווי וויכטיק עס איז די „ליידיק־גייער־יידן", וואָס זיינען אַ לאַסט פאַר זייערע על־טערן און קרובים", צו מאַכן מיט „לייטן גלייך" און דווקא דורך אַ שווערער שול פון מיליטער־דינסט. די יידישע יחידים, וואָס האָבן פרייוויליק געדינט אין דער אַרמיי פון פירשטנטום וואַרשע, זיינען דאָס רוב געווען אַוואַנטוריסטן, מענטשן ווייט פון יע־נער אינטעליגענץ אָדער בילדונג, וואָס איז געווען נויטיק כדי צו באַגרייפן אפילו טעאָרעטיש דאָס פּראָבלעם פון אַסימילאַציע דורך מיליטער־דינסט.

דער נאָמען בערעק יאָסעלעוויטש ווערט עקס־פּלאָאַטירט ווי אַ פאָן, אַ לאָזונג. אָבער די, וואָס האָבן זיך געפּוצט מיט זיין נאָמען, האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין גרויס חשק צו מיליטערישער פאָן־טרעגעריי, ווי אַ נייער פאָרמע פון קולטור־טרעגעריי. לויטן חשבון פון קריגס־מיניסטער פירשט יוזעף פּאָניאַטאָווסקי האָבן יידן אין יאָר 1808 באַדאַרפט צושטעלן 3700 רעקרוטן; עס איז אפילו נישט צוגעשטעלט געוואָרן קיין צענט־חלק פון דעם. דער סטאַטיסטישער בלויז אין דער יידישער ציילונג פון 1810 ווערט מיט רעכט צוגעשריבן דעם פאַקט, וואָס יידן האָבן זיך באַהאַלטן פון מיליטער־דינסט און ממילא האָבן אַ סך געפעלט אין דעם לעצטן חשבון.

ווען די רעפּרעזענטאַנטן פון די קהילות האָבן זיך אונטערגענומען צו דערליידיקן דעם ענין פלייש־שטייער, האָבן זיי אויך זיך באַמיט צו לייזן די פראַגע וועגן באַפרייען יידן פון בלוט־שטייער, ד"ה פון מיליטער־דינסט.

די זייער שווערע פינאַנציעלע לאַגע פון דער מלוכה־קאַסע האָט געמוזט משפיע זיין דעם באַשלוס, אַז איידער צו „האָבן שלעכטע ייִדן־סאָלדאַטן איז שוין בעסער צו האָבן זייערע דוקאַטן". דעם 19טן אַפּריל 1811 האָט אַ דעלעגאַציע פון אַלע צען דעפּאַרטאַמענטן, — וואָס באַווייזט, אַז דער ענין איז שטאַרק נוגע געווען די נישט־לאַנג צוריק־געווזענע עסטרייכישע אונטערטאַנען, — דערלאַנגט דעם מלוכה־ראַט אַ מעמאָראַנדום, אין וועלכן זיי שלאָגן פאָר אַ סומע פון 600,000 גילדן רעקרוטן־שטייער. דער פינאַנץ־מיניסטער האָט זיך אָנגעהויבן צו דינגען און געפאָדערט אַ סומע פון 800,000 גילדן, — ביז עס איז געקומען צו אַ פּשרה און די יידן האָבן געכאַפּט אַ מציאה: פאַר 700,000 גילדן האָט מען זיי באַפרייט פון מיליטער־דינסט. דעם 29טן יאַנואַר 1812 איז דער דאָזיקער דעקרעט אונטערגעשריבן געוואָרן.

מיט אַ כמעט פילאָסאָפישער מאָטיווירונג, וואָס האָט געדינט ווי אַ שפּאַניש ווענטל אויף צו פאַרדעקן דעם גרויען סוחרישן ענין פון די פינאַנציעלע יורדים פון דער יונגער מלוכה, איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער דאָזיקער אַקט.

מיט זיין כאַראַקטעריסטישן מיליטערישן סטיל פאָרמולירט דער קריגס־מיניסטער פּאָניאַטאָווסקי אַזוי זיין באַשלוס וועגן באַפרייען יידן פון מיליטער־דינסט: „די רעליגיעזע צערעמאָניעס, מנהגים און געוואוינהייטן אין פאַמיליע־לעבן און אין ציבור־לעבן, וואָס מיט זיי שיידן זיך די יידן נאָך אַלץ אונטער פון דער איבעריקער באַפעלקערונג אין לאַנד און סעפּאַרירן זיך פון איר, פירן צו דעם, אַז די יידן קענען נישט תיכף געניסן פון דעם חסד פון בירגערלעכע רעכט, און מאַכן זיי צו דער גלייכער צייט ווייניקער פעאיק צום איידעלן באַרוף פון מיליטער־דינסט [און דערפאַר] קאָן דער וויכטיקער ענין פון לאַנד־פאַרטיידיקונג נאָך פול נישט אָנפאַרטרויט ווערן די יידן".

דער דעקרעט האָט אַרויסגערופן גרויס פרייד ביי די פוילישע יידן, וואָס האָבן דעם פירשט פּאָניאַטאָווסקי באַשאָנקען מיט אַ ספּעציעלן דאַנק־בריוו. פּאַראַלעל מיטן רעקרוטן־שטייער איז אויך דערליידיקט געוואָרן דער ענין: שחיטה־שטייער, אַן ענין וואָס האָט זיך, ווי אַ שווערע לאַסט געלייגט אויף די אָרימע בודזשעטן פון די יידישע קיבוצים. אין זעלבן יאָר (1812) איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָנסומציע־שטייער, און דריי יידן האָבן אים אַרענדירט פאַר אַ סומע פון 2,650,000 גילדן.

צו די נייע גזירות, וואָס האָבן געטראָפן די יידן אין וואַרשעווער פירשטנטום, איז צוגעקומען דער דעקרעט פון 30טן אָקטאָבער 1812, וועלכער פאַרבאָט יידן פּראָדוצירן און האַנדלען מיט משקאות. אָבער אינצווישן איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן פראַנקרייך און רוסלאַנד, און דער גאַנצער ענין איז געבליבן ווי אַ צוואה פאַר דער קומענדיקער, נייער מלוכה־קאָנסטעלאַציע.

ווי אויף אַ זייטיק געסל פונם ברייטן, הגם גרויען לעבנס־שטראָם פון די יידישע מאַסן האָט זיך געלעבט אין כבוד און עשירות אַ קליין הייפל „פּראָגרעסיווע" רייכע יידן. דאָס רוב תושבים פון וואַרשע, געקומענע נאָך אין דער תקופה פון דער פּרייסישער הערשאַפט, האָבן זיי געבראַכט מיט זיך די דייטשע קולטור און דעם געלט־האַנדל. זיי זיינען געווען באַנקירן, ליוועראַנטן, בוכהענדלער, און עטלעכע פון זיי דאָקטוירים. סעפּאַרירט פון דער יידישער מאַסע, האָבן די דאָזיקע יחידים זיך באַמיט צו באַקומען אַ ווירקונג אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פונם יידישן קיבוץ. אין דייטשלאַנד האָט מען די דאָזיקע גרופּע אָנערקענט פאַר די „עכטע" פאַרטרעטער פון דעם „נייעם" יידן אין פּוילן. זייערע קינדער האָבן באַזוכט דעם באַרימטן וואַרשעווער ליציי, אָדער געהאַט פּריוואַטע לערער. אין תוך גענומען זיינען זיי געווען קאָסמאָפּאָליטן, געקענט בעסער דייטש און פראַנצויזיש, ווי פּויליש, און אין דער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע, וואָס דער נאַפּאָלעאָניזם האָט אַרויסגערופן אין פּוילן, האָבן זיי זיך בדרך כלל נישט באַטייליקט. אַ סך פון זיי האָבן זיך געשמדט און דורך שידוכים אַריין אין די פּראָמינענטסטע פּוילישע משפחות. די חשיבות פון די משומדים אין עפנטלעכן לעבן פון וואַרשעווער פירשטנטום האָט אַרויסגערופן אַ סך קנאה און שנאה און האָט געפונען אפילו אַן אָפּקלאַנג אין דער פּוילישער סאַטירע פון יענער צייט.

> און אַזוי האָט פּאַסירט אין וואַרשעווער פירשטנטום
> אַז אומעטום דרייען זיך משומדים און משומדתקעס;
> אין דער אַרמיי, געריכט, — וואו דו קערסט זיך אום
> ישראלס יורשים זוכן זכותן.

— האָט געשריבן דער פּאָעט נעמצעוויטש.

די רעאַקציע קעגן די דאָזיקע משומדים איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז אין דער אַנטי־יידישער ליטעראַטור פון יענער צייט מאַכט מען שוין מער קיין אונטערשייד נישט צווישן יידן און משומדים. ביידע האַלט מען פאַר פרעמדע עלעמענטן אין פּוילישן נאַציאָנאַלן קערפּער.

די וואַרשעווער קהילה, ווי די קהילה פון דער הויפּט־שטאָט, איז נאָך אַלץ געווען אין די הענט פון

די קאָנסערוואַטיווע עלעמענטן, וואָס האָבן מיט רעכט אונטערגעשטראָכן אין אַ פּעטיציע צום סענאַט (17טן מערץ 1809), אַז „אַלע אומגליקן פון מלחמות, רעוואָלוציעס זיינען געווען בשותפותדיק צו אונזערע אבות, און צו אונז״; וואָס מען האָט נישט געקענט זאָגן וועגן די נייע אינטרוזן פון דער נישט־לאַנג־פאַרגאַנגענער פּרייסישער תקופה.

די פּרנסים פון דער וואַרשעווער קהילה האָבן געבעטן, אַז מען זאָל אָפּשאַפן אַ ריי גזירות און נישט באַטראַכטן די יידן, ווי כּ'רעמדע. אייניקע פון די גזירות האָבן אין תוך געווען אָנגערירט נאָר יחידים, ווייל די מאַסע האָט נישט געפילט קיין גזירה אין דעם נישט קענען קויפן אַ גוט אָדער בויען אַ פאַבריק. די אויפקומענדיקע יידישע בורזשואַזיע איז געווען דער אַוואַנגאַרד אין קאַמף פאַר רעכט, ווייל זי איז פערזענלעך געווען אין דעם פאַראינטערעסירט. אינדיווידועלע פּריווילעגיעס האָט מען געגעבן נאָר אין אויסנאַם־פאַלן צו רייכע סוחרים אָדער געוועזענע סאָלדאַטן. אין אַלגעמיין האָט מען געוואָלט פאַרשמעלערן אפילו דאָס ביסל רעכט, וואָס יידן האָבן זיך דערוואָרבן איז דער צייט פון דער פּרייסישער הערשאַפט. די פּוילישע געזעלשאַפט האָט אָנערקענט, אַז די באַגרענעצונגען, וואָס די פּרייסן האָבן איינגעפירט, מעגן בלייבן, אָבער די הנחות מוזן ליקווידירט ווערן, ווייל זיי קומען פון אַן אָקופּאַנטישער מאַכט און ממילא זיינען זיי נישט... געזעצלעך. אַזוי, למשל, איז געווען מיט די יידישע געטאָס אָדער רעווירן. ווען אין שטעטל פּרושטאַט, וואָס האָט אויך פּויליש געהייסן ווסכאָווע (פּויזנער דעפּאַרטאַמענט), האָט מען נאָך דער שריפה פון 1801, בעת דער פּרייסישער אָקופּאַציע, דערלויבט די יידן צייטווייליק זיך צו באַזעצן אין די גאַסן, וואו די קריסטן וואוינען, — האָט מען זיי אָבער אין 1806 געוואָלט צווינגען צוריק אַריין אין געטאָ, וואו עס האָבן נאָך אַלץ געשטאַרצט די חורבות פון די אָפּגעברענטע הייזער. עס איז געלונגען צו באַקומען אַ מאַראַטאָריום ביזן יאָר 1811. אַן ענלעכער פאַל האָט פּאַסירט אין פּלאָצק און אויך אין אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך.

ס'איז געקומען די מלחמה פון 1812, וואָס האָט אויף אַ ווייל אָפּגעשטעלט דאָס אויספירן די באַשלאָסענע באַגרענעצונגען אויף יידן. געקומען איז די מלחמה נישט אַזוי אומדערוואַרט, ווי מען איז נוטה צו מיינען. דאָס פירשטנטום וואַרשע איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן פון נאַפּאָלעאָנען, ווי אַ מיליטערישע שפּרינג־ברעט, וואָס וועט דינען ווי אַן אויסמאַרש־פונקט אין פאַל פון אַ מלחמה צווישן רוסלאַנד און פראַנקרייך. דאָס האָט מען גוט געוואוסט אין וואַרשע, און יידן, דער סייסמאָגראַף פון וועלט־געשעענישן, האָבן דאָס שנעל דערשפּירט. אַ גרויסע אַרמיי, — צו גרויס, ווען מען נעמט אין באַטראַכט דעם געאָגראַפישן שטח פונם לאַנד און די פאַראָרימסקייט פון זיין באַפעלקערונג, — האָט געצאַפּט די לעבנס־זאַפט פון דער מדינה. עס האָט זיך אינם קליינעם פירשטנטום אָנגעזאַמלט אַ גרויסע מיליטערישע ענערגיע, וואָס האָט געזוכט אַ געלעגנהייט זיך אויסצולאָדן. סטימולירט פון אַ סיסטעמאַטישער פּראָפּאַגאַנדע וועגן אַ רעסטיטואירט פּוילן אין אירע היסטאָרישע גרענעצן, האָט די אַרמיי פון וואַרשעווער פירשטנטום געזען אין אַ מלחמה די לעצטע געלעגנהייט פאַרן אויפבויען פּוילן. די ציווילע באַפעלקערונג האָט אָבער אַנדערש געטראַכט. די מעמואַריסטן פון יענער צייט כאַראַקטעריזירן די שטימונג אין לאַנד, ווי אַ פּעסימיסטישע און באַטראַכטן פּוילנס אָנטייל אין דער מלחמה ווי אַ גרויסע פּאָליטישע אַוואַנטורע.

פאַרן מיליטער־ליוועראַנט, וואָס איז אין דעם פאַל געווען מערסנטייל דער ייד, האָבן זיך געעפנט נייע פּערספּעקטיוון פון גרויסע ריווחים. די אַנטוישונג איז אָבער געקומען אַ סך שנעלער, ווי מען האָט זיך געקענט ריכטן. פאַר דער אַרמיי האָט מען געקויפט סחורות, און געצאָלט דערפאַר מיט אָבליגאַציעס, וואָס האָבן אויסגעוויזן צו זיין אינגאַנצן אָן אַ ווערט. אַ סך פון די יידישע פּלוטאָקראַטן האָבן אַזוי גיך פאַרלאָרן זייערע פאַרמעגנס, ווי זיי האָבן זיי גרינג דערוואָרבן. „די מלחמה, דער אומגליק פון פעלקער — האָט געשריבן איינער פון די וואַרשעווער משכּילים, וואָס האָט גוט געקענט די יידישע פּלוטאָקראַטן — איז געוואָרן פאַר זיי אַ קוואַל פון באַרייכערונג דורך צושטעלן די נויטיקע זאַכן פאַר דער אַרמיי און דורך איינקויפן געראַבירטע סחורה״. נאָר אייניקע פון די דאָזיקע ליוועראַנטן זיינען געבליבן ביי זייער פאַרמעגנס און זיינען שפּעטער געוואָרן די פּיאָנערן פון אַ סך ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען אין לאַנד.

די מאַסע האָט אָבער געליטן נויט. די הפקרות פון די דורכמאַרשירנדיקע אַרמייען איז געווען אומגעצוימט. ביידע צדדים האָבן אין אָנהויב זיך באַמיט צו זיין פריינטלעך צו יידן און אויסנוצן זיי פאַר מיליטערישע צוועקן. אין לאַנד גופא האָט מען זיך שטאַרק באַמיט צו וועקן פּאַטריאָטישע שטימונגען ביי דער יידישער באַפעלקערונג. אַ דערשראָקענע און פּאָליטיש אַ נישט אָריענטירטע, האָט די יידישע מאַסע זיך שטומערהייט צוגעקוקט צו דעם גרויסן מאַרש פון מיליטערישע כוחות, צו די שנעלע נצחונות און מפּלות. זייער באַטייט האָט זי נישט פאַרשטאַנען. זי האָט אָבער געפילט, אַז קיין ענדערונג צום גוטן וועט די דאָזיקע מלחמה נישט ברענגען.

ערב דער „צווייטער פּוילישער מלחמה״, ווי

נאַפּאָלעאָן האָט אָנגערופן די מלחמה פון 1812 אין דעם מאַניפעסט, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן פאַרן מאַרש אויף רוסלאַנד, האָט זיך אין וואַרשע אויפסניי קאָנסטיטואירט די „גענעראַל־קאָנפעדעראַציע פון פוילישן פאָלק". דאָס איז געווען אַן אַלטע אינסטיטוציע, וואָס האָט עקזיסטירט אין אַלט־פוילן און האָט בעת א מלחמה רעפּרעזענטירט דעם „ווילן פון דער נאַציע". אין די ראַמען פון פירשטנטום וואַרשע איז אַזאַ אינסטיטוציע, ווי די קאָנפעדעראַציע געווען נישט מער, ווי אַן אַנטיקוואַרישער טראַפּאַרעט. די דאָזיקע קאָנפעדעראַציע, וואָס איז באַשטאַנען נאָר פון מיטגלידער פון אַלטע אַריסטאָקראַטישע משפחות, האָט אָנגעהויבן אַפּעלירן צו די יידישע קהילות, אַז זיי זאָלן זיך אין איר אָנשליסן. די ראשי הקהילות האָבן אפילו נישט געקענט תופס זיין דעם באָמבאַסטישן לשון פון די אויפרופן, וואָס די קאָנפעדעראַציע האָט צוגעשיקט צו יעדער קהילה. אין דעם אָפּיציעלן זשורנאַל פון דער קאָנפעדעראַציע האָט מען אָנגעהויבן דרוקן טעקסטן וואָס פאַרשידענע קהילות אָדער סינאַגאָגן, האָבן צוגעשיקט, — דעקלאַרירנדיק זייער גרייטקייט צו העלפן דעם „גרויסן נאַפּאָלעאָן" אין זיין קאַמף קעגן דעם שונא. דער אידענטישער נוסח פון כמעט אַלע טעקסטן פון דעם „אַקסעס צו דער קאָנפעדעראַציע" איז אַ באַשיינפּערלעכער באַוויז, אַז מען האָט די דאָזיקע פּאַטריאָטישע דעקלאַראַציעס פאַבריצירט אין וואַרשע גופא, כדי צו שאַפן אַ פּראָ־פראַנצויזישע שטימונג. אָבער קיין שטימונג איז אין וואַרשע נישט געווען. די ריזיקע אַרמייען האָבן ראַבירט די יידן, הגם מען האָט די נישט־יידן אויך נישט געשוינט.

אין די וואַרשעווער פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס האָט זיך די קהילה באַטייליקט אויף אַ זייער טעאַטראַלישן אופן. „דעם 28טן יוני 1812 — דערציילט די „גאַזעטאַ וואַרשאַווסקא" — בעת די צעכן זיינען אַרויסגעטראָטן מיט זייערע פענער און געשטאַנען לעבן דעם שלאָס, האָבן זיך אויך דאָרטן צונויפגעזאַמלט די עלטסטע פון יידישן גלויבן פון דער שטאָט וואַרשע מיט אַ גרויסער צאָל חשובע סוחרים מיט אַ באַלדאַכין און אַ ספר־תורה, כדי צוזאַמען מיט אַלע איינוואוינער פון וואַרשע אָנטייל צו נעמען אין דער שמחה. ביינאַכט האָבן זיי אילומינירט דעם פּאַלאַץ אויף קרולעווסקע גאַס, וואָס זיי באַוואוינען (ד"ה דאָס קהילה־הויז) ; אַן אויסגעצייכנטע מוזיק האָט געשפּילט און אַ דעמאָנסטראַציע איז פאָרגעקומען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין". אין דער פּרעסע האָט מען אָנגעהויבן זיך צו חנפענען צו יידן. מען איז געוואָרן אַזוי יידן־פריינטלעך, אַז עס האָט זיך געדוכט, אייגנטלעך איז דער אויסגאַנג פון דער מלחמה אָפּהענגיק פון יידן. די צייטונגען האָבן אַפּעלירט צו יידן „געבוירן אויף דער פוילישער ערד", אַז זיי זאָלן געבן „גאָלד און זילבער ווי קרבנות אויפן מזבח פון מוטערלאַנד".

דער פּאָפּולערער פוילישער שרייבער דמושעווסקי האָט אין איינער פון זיינע פּיעסן געשילדערט אַ יידן, אַ מלחמה־ליוועראַנט, וואָס באַשליסט צו „ווערן אויס פראַנט און אָנשטאָט אַ רב צו ווערן אַ סערזשאַנט".

אין דער פּיעסע „דער אַריינמאַרש קיין ליטע" פון אַלעקסאַנדער זשולקאָווסקי, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אין גרויסן טעאַטער אין וואַרשע, דעם 19טן יולי 1812, ווערט געשילדערט אַ פוילישער ייד וואָס האָט אַ פראַנצויזישע אָריענטאַציע. דאָס איז געווען אַ מין ענטפער דעם פּאָעט נעמצעוויטשן, וואָס האָט עפנטלעך באַשולדיקט די יידן, אַז זיי דינען רוסלאַנד און ניט פראַנקרייך, וואָס האָט געמיינט פוילן.

די מלחמה פון 1812 האָט אָפּגעשטעלט די גזירה אויף יידן, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט משקאות. דאָס האָט אויף אַ ווייל גראַטעוועט טויזנטער יידישע משפחות פון אונטערגאַנג.

אין אַלגעמיין זיינען די יידן געווען גלייכגילטיק צום גרויסן געראַנגל, וואָס האָט באַדאַרפט באַשטימען דעם גורל פון לאַנד, זייער אייגענעם גורל איינגעשלאָסן. אַ „פּאָליטישע גלייכגילטיקייט" האָט באַמערקט אַ פראַנצויזישער רייזנדער אין די פּנימער פון די וואַרשעווער יידן.

עס האָט געשלאָגן די לעצטע שעה פון דער עפעמערער מלוכה. „דאָס פירשטנטום וואַרשע — האָט פאַרצייכנט אַ בן־דור — האָט איבערגעלעבט נאָר עטלעכע יאָר זינט זיין פּאָליטישן געבורט, יאָרן, אין וועלכע אַלע לעבעדיקע זאַפטן פון לאַנד זיינען אויסגעשעפּט געוואָרן — נאָך איידער דאָס לאַנד האָט אָנגעהויבן צו לעבן".

אַ פערטל־מיליאָנעדיקע יידישע מאַסע, וואָס האָט צען יאָר געמוזט זיך צופּאַסן צום ריגאָריסטישן רעזשים פון דער פּרייסישער אָקופּאַציע און איז שפּעטער אַריבער אין אַ נייעם סיסטעם פון פויליש־פראַנצויזישער מלוכה־פּאָליטיק, — האָט זיך איצט, סוף 1812, געפונען פּנים אל פּנים מיט אַן אומבאַקאַנטן מאָרגן : ער האָט געוועקט אַזוי ווינציק האָפענונג צום גוטן, אַז די „פּאַטאַליסטישע גלייכגילטיקייט", וואָס דער פראַנצויזישער רייזנדער האָט באַמערקט, איז געווען באמת אַ טרעפיקע באַצייכענונג. קיין גרויסן ענטוזיאַזם פאַר דער לעגאַליזירטער רעכטלאָזיקייט האָט מען ביי יידן נישט געקענט מערקן. קיין שטאַרקער נאַפּאָלעאָנישער קולט, טראָץ די פּאָר אויבערפלעכלעכע ראיות, ווי לשון־קודשדיקע שירים און שלעכט־געשריבענע הנותן־תשועות אין די פּויזנער סינאַגאָגעס — האָט זיך ביי זיי נישט איינגעוואָרצלט.

ווי אַן אינטעגראַלער טייל פונם געאָגראַפישמיליטערישן קאָרידאָר, וואָס האָט געהייסן וואַרשע־

ווער פירשטנטום, האָבן די יידן צוזאַמען מיט די אַנדערע איינוואוינער פון לאַנד אויסגעטראָגן אויף זייערע פּלייצעס נישט נאָר די שרעק פון דער מלחמה, נאָר אויך דעם עפּילאָג פונם טראַגישן צוריקמאַרש פון דער גרויסער אַרמיי. דאָס איז געווען דער לעצטער גרוס פון פראַנצויזישער הערשאַפט, ביזן טאָג פון 6טן פעברואַר 1813, ווען אין וואַרשע האָבן זיך באַוויזן רוסישע חילות און אין פּויזן איז שוין אָנגעגאַנגען אַ פּראָ־פּרייסישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידן, זיי זאָלן קעמפן אַז פּויזן זאָל ווערן צוריק... פּרייסיש. די רוסישע אַרמיי איז נאָך געווען אין פּויזן, ווען אַ פּרייסישער שליח באַראָן פאָן טראָשקע (Troschke) איז געקומען צום דיין מיכאל יעקב פייזער און האָט מיט אים געהאַט אַן אינטערעסאַנטן שמועס. ער האָט געטאַדלט די יידן פאַר זייער כלומרשטער געטריישאַפט צו דער פּוילישער און... רוסישער מאַכט. ער האָט זיי געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס די אַמאָליקע ווילהעלם־גאַס האָט באַקומען דעם נאָמען נאַפּאָלעאָן־גאַס, און ער האָט דעם דיין אויפגעפאָדערט צו באַווירקן די פּרנסים פון דער פּויזנער קהילה, זיי זאָלן זיך דעקלאַרירן לטובת דער פּרייסישער רעגירונג.

אין דער זעלבער צייט האָבן די קאָלישער יידן געהאַט אַן אוידיענץ ביי אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, און מען האָט פון זיי געפאָדערט אַ דעקלאַראַציע פון געטריישאַפט צו דער רוסישער מאַכט.

די נעכטיקע לעגאַלע בירגער און פאַקטישע קנעכט פון דעם עפעמערישן וואַרשעווער פירשטנטום, זיינען געשטאַנען פאַר צוויי נסיונות: אַ פּרייסישן און אַ רוסישן.ביידע מלוכות האָבן אָנגעהויבן אַ פלירט מיט די יידן, — אַזוי ווי עס וואָלט געלעגן אין זייער רשות צו באַשטימען דעם ענדגילטיקן גורל וועגן דער אולטימאַטיווער אָנגעהעריקייט פון דער בלוטנדיקער טעריטאָריע.

די ביטערע דערפאַרונג מיט דער מלוכה־פּאָליטיק לגבי יידן איז געווען גענוג בולט, כדי צו זען די ווירקלעכקייט. זי איז אָבער געווען אויך גענוג מטושטש, כדי צו געבן אַ מעגלעכקייט צו זען די אָנקומענדיקע ענדערונג אין לאַנד בכלל און איר ווירקונג אויפן יידישן לעבן בפרט.

# IV. די תקופה פון זעלבשטענדיקן קאָנגרעס־פּוילן

## (1830—1815)



ין די יאָרן 1815—1812, וואָס זיינען געווען דריי קריטישע יאָרן אין דער געשיכטע פון פירשטנטום וואַרשע, האָט די מלחמה אָנגעמאַכט אַ גרויסן חורבן. די באַפעלקערונג פון לאַנד איז פאַרקלענערט געוואָרן אויף קנאַפּע זעכצן פּראָצענט, פון דעם אַ גרויסער פּראָצענט — יידן. וואַרשע האָט אין 1810 געציילט איבער 14,000 יידן. בעת אין 1813 האָט מען אָנגעציילט נישט מער ווי 8000.

די מפּלה פון נאַפּאָלעאָנס אַרמיי האָט געבראַכט די רוסישע אַרמיי אין האַרץ פון פּוילן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ צייטווייליקע רעגירונג (דעם 14טן מערץ 1813), וואָס איז באַשטאַנען פון דריי פּאָליאַקן און צוויי רוסן, פון וועלכע איינער איז געווען די רעכטע האַנט פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן. דאָס איז געווען ניקאָלאַי נאָוואָסילצאָוו, וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין באַשטימען דעם גורל פון די יידן אין קאָנגרעס־פּוילן.

אין יענער · תקופה פון פּראָוויזאָרישער אָקופּאַציע איז געשטאַנען פאַר יידן די אָנגעווייטיקטע פראַגע וועגן דער משקאות־גזירה. לויטן דעקרעט פון 30טן אָקטאָבער 1812 האָבן יידן געהאַט צייט ביזן 1טן יולי 1814 צו ליקווידירן זייערע שענקערישע געשעפטן. די מלחמה האָט די גזירה אָפּגערוקט אויף אַ צווייטן פּלאַן: די יידן האָבן זיך באַמיט, דאָס מאָל אין פּעטערבורג (1814), אַז מען זאָל די דאָזיקע גזירה אָפּשאַפן, און ביי דער געלעגנהייט געבעטן אויך אַנדערע הנחות, וואָס זאָלן גרינגער מאַכן די שווערע רעכטלאָזע און עקאָנאָמישע עקזיסטענץ פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין דער זעלבער צייט אין אין ווין, אויפן קאָנגרעס פון די פאָרשטייער פון די מלוכות, וואָס האָבן געזאָלט ליקווידירן די נאַפּאָלעאָנישע ירושה — געחתמעט געוואָרן דער גורל פון נאַפּאָלעאָנס „בופאָר־מלוכה": עס איז געשאַפן געוואָרן דאָס קיניגרייך פּוילן אָדער קאָנגרעס־פּוילן. אַלעקסאַנדער דער ערשטער איז געווען אין פּאַריז, וואו ער „דער גואל פון אייראָפּע" — האָט אויפגענומען „הולדיגונגס"־דעלעגאַציעס. עס איז אויך געקומען אַ פּוילישע דעלעגאַציע, וואָס האָט אים דערמאָנט זיין נדר צו רעסטאַווּרירן דעם נאָמען פון פּוילן. פון וואַרשע איז געקומען אַ יידישע דעלעגאַציע פון פיר חשובע בעלי־בתים, מיטגלידער פון דער קהילה (מיכל עטינגער־ראַווסקי, וואָלף מיכל כהן, שכנה ניידינג און רפאל שפּירה). די זעלבע דעלעגאַציע איז אים שפּעטער פאָרגעשטעלט געוואָרן אין בערלין (אָקטאָבער 1815). אַלעקסאַנדער דער ערשטער האָט צוגעזאָגט אַז קודם־כל וועט ער אָפּלייגן דאָס דורכפירן די משקאות־גזירה.

אין דער זעלבער צייט איז שוין פאָרמולירט געוואָרן דער סטאַטוט פון די יידן אין דער ניי־געשאַפענער מלוכה. לויטן פּאַראַגראַף 36 פון דער קאָנסטיטוציע, וואָס איז אגב געווען ווינציקער דעמאָקראַטיש ווי די קאָנסטיטוציע פון וואַרשעווער פירשטנטום, האָט מען די יידן צוגעזאָגט די זעלבע ציווילע רעכט, וואָס זיי האָבן געהאַט ביז איצט, ד"ה בכלל קיין שום רעכט. דערביי ווערט אָבער דערקלערט, אַז „ספּעציעלע פאָרשריפטן וועלן באַשטימען די תנאים, לויט וועלכע עס וועט פאַרגרינגערט ווערן די יידן צו באַקומען אַ ברייטערע אַקטיווּויטעט און געזעלשאַפטלעכע רעכט". געהייסן האָט עס, אַז פונדאַמענטאַל איז די נייע מלוכה אַ קאַטוילישע. בירגער־רעכט האָבן נאָר קריסטן. יחידי סגולה פון יידישן אָפּשטאַם, וואָס וועלן זיך אויסצייכענען, וועלן קריגן געוויסע, אינדיווידועל־באַשטעטיקטע פּריווילעגיעס. דאָס איז געווען דער אַלטער נוסח, וואָס איז גוט באַקאַנט הן פון דער פּרייסישער תקופה, הן פון די צייטן פון וואַרשעווער פירשטנטום.

ערב דער לעגאַליזאַציע פון דער יידישער רעכטלאָזיקייט, וואָס האָט געזאָלט פון אַ הפקר־געזעץ זיך פאַרוואַנדלען אין אַ געזעצלעכן הפקר, — האָבן 26 יידישע משפּחות פון וואַרשע זיך געווענדט מיט אַ בקשה, אַז מען זאָל זיי באַלוינען מיט די רעכט, וואָס לויטן פּאַראַגראַף 36 פון דער נייער קאָנסטיטוציע קענען יחידים געניסן. געווען זיינען דאָס רייכע משפּחות און אַ הייפל אינטעליגענטן, דאָס אַלץ, וואָס וואַרשע האָט צו יענער צייט בכלל פאַרמאָגט. אין זייער מעמאָראַנדום, וואָס זיי האָבן דערלאַנגט (דעם 15טן דעצעמבער 1815), האָבן זיי געלאָזט וויסן, אַז אין דעם יידישן לעבן זיינען פאַראַן צוויי קלאַסן: אַ „פּראָגרעסיווער" און אַ קאָנסערוואַטיווער. זיי, די 26, געהערן צו דער ערשטער קאַטעגאָריע, וועלכע איז — אין הסכם מיט די אָפיציעל־קאַנאָניזירטע באַגריפן — שוין ראוי איבערצוטרעטן די שוועלן פונם בירגער־גן־עדן, בעת די אַנדערע, אין תוך גענומען די איבערוועגנדיקע מערהייט, פאַרנעמט זיך נאָך אַלץ מיט מסחר און מלאכה, ווייט נישט קיין „פיינע" פּרנסות און בדרך כלל זיינען זיי „געטריי

די אַלטע מנהגים" און ממילא נישט „פּראָגרעסיוו". הגם די דאָזיקע גרופּע האָט אין יענעם מאָמענט פון שתדלנות קיין פּאָזיטיווע רעזולטאַטן נישט דערגרייכט, דאָך איז דער דאָזיקער אַקט געווען אַ מין סיגנאַל פאַר אַ קאַמף, וואָס וועט פאַרנעמען דעם צענטער פון געזעלשאַפטלעכן אויפמערק אין די 15 יאָר, וואָס קאָנגרעס פוילן האָט בכלל עקזיסטירט.

אויסגעשניטן פון וואַרשעווער פירשטנטום, איז די נייע מלוכה געווען טעריטאָריעל אַ סך קלענער, ווי דער פריערדיקער נאַפּאָלעאָנישער שטאַט. בעת מען האָט דעם 20טן יוני 1815 פּראָקלאַמירט אין וואַרשע דאָס נייע קינד פון דער ווינער דיפּלאָמאַטיע, איז שוין קלאָר געוואָרן איר טעריטאָריעלער פאַר־נעם. קאָנגרעס־פוילן האָט אַרומגענומען אַ שטח פון 2,300 קוואַדראַט־מייל מיט אַ באַפעלקערונג פון צוויי און דריי־פערטל מיליאָן, פון דעם — איבער 200,000 יידן ד"ה כמעט 10 פּראָצענט. דאָס לאַנד איז פאַר־טיילט געוואָרן אין אַכט וואָיעוואָדסטוועס (קראָקע־ווער, צויזמער, קאַלישער, לובלינער, פּלאָצקער, מאַ־זאָוויעצקער, פּאָדלאַשער און אויגוסטאָווער).

לויט דער קאָנסטיטוציע, וואָס אַלעקסאַנדער דער ערשטער האָט מיט גרויס פּאַראַד אונטערגע־שריבן אינם וואַרשעווער שלאָס, (דעם 27טן נאָוועמ־בער 1815) באַקומט דאָס לאַנד אַ סיים (פּאַרלאַמענט), וואָס ווערט צונויפגערופן אַלע צוויי יאָר אויף דריי־סיק טעג.

מיט גרויס פרייד האָט די פּוילישע שלאַכטע באַגריסט דעם אויפקום פון אַ פּויליישער מלוכה, ווי אַ זכר פון דער אַמאָליקער גרויסקייט. די ערשטע פּאָר חדשים האָט מען זיך שטאַרק משמח געווען. הגם די יידן האָבן לעגאַל באַקומען אַ פאַרזיכערונג פון זייער רעכטלאָזיקייט, דאָך האָבן זיי געמוזט (באַ־זונדערס אין די גרויסע שטעט) מיטמאַכן דעם טראַנס פון פרייד און באַגייסטערונג לכבוד דער קאָנסטי־טוציע. מיט גרויס צופרידנהייט נאָטירט די וואַר־שעווער פּרעסע פון יענער תקופה, אַז צווישן די טראַנספּאַרענטן לכבוד אַלעקסאַנדערן האָט זיך אויס־געצייכנט דווקא... דער יידישער. ער האָט פאַר־געשטעלט דעם קיניג אין נאַטירלעכער גרייס; אין דער האַנט האַלט ער די קאָנסטיטוציע; איבער זיין קאָפּ שוועבט דער גייסט פון געניאַליטעט, און אונטן שטייען די... פּוילישע שבטים, און צווישן זיי די יידן. אַ באַזונדער שיר אויף פּויליש האָט אויסגע־דריקט די האָפענונגען, וואָס „דער שבט ישראל" לייגט אויף דעם מלאך.

אין לובלין האָט דער משכיל הערמאַן סאַפּיר־שטיין געהאַלטן (דעם 23טן יולי 1815) אַ רעדע לכבוד „דעם פייערלעכן יום־טוב פון פּראָקלאַמירן די עקזיסטענץ פון קיניגרייך" און האָט עס אפילו אָפּגעדרוקט אויפן אייגענעם חשבון.

אָבער די דאָזיקע האָפענונגען זיינען נישט מקויים געוואָרן. אין דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן מעמד, אין וועלכן יידן האָבן זיך צו יענער צייט געפונען, איז די פראַגע פון בירגער־רעכט געווען מער אַ חלום פון אַ הונגעריקן וועגן אַ זיסן קוכן, און נישט קיין רעאַלע מעגלעכקייט פון אַ שטיקל ברויט.

לויט די זייער נישט פּינקטלעכע דאַטעס, האָבן די יידן אין 1816 אויסגעמאַכט 7.8 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, אין 1819 — 8.6 פּראָצענט, אין 1827 — 9.1 פּראָצענט און ערב דעם אויפשטאַנד גאַנצע צען פּראָצענט. אין די שטעט האָבן יידן אויסגעמאַכט 50 פּראָצענט פון דער באַ־פעלקערונג (אין 1827). דער וואוקס פון דער יידי־שער באַפעלקערונג אין די שטעט איז געווען אַ רע־זולטאַט נישט אַזוי פון נאַטירלעכן צוואוואַקס, ווי פון אימיגראַציע פון די דערפער, וואו יידן האָבן נישט געקענט מער האָבן קיין חיונה, נאָך דעם, ווי מען האָט געהעכערט דעם פרייז פאַרן רעכט צו האַנדלען מיט משקאות. אַזאַ שטאָט, ווי וואַרשע, למשל, האָט אין 1827 געציילט 30,679 יידן, ד"ה מיט 7 פּראָ־צענט מער, ווי אין 1808. לובלין האָט געהאַט 50 פּראָצענט יידן, זאַמאָשטש — 54 פּראָצענט. אין פינף שטעט (לובלין, וואַרשע, קאַלוואַריע, רובעשאָוו און זאַמאָשטש) — האָט געוואוינט אַ פינפטל פון דער גאַנצער יידישער שטאָטישער באַפעלקערונג. די יידן האָט געצויגן צו דער הויפּט־שטאָט: זי האָט אין 1831 געהאַט אַ יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט אויסגעמאַכט אַ פערטל פון דער גאַנצער שטאָטישער באַפעלקערונג. דער וואוקס פון דער יידישער באַ־פעלקערונג האָט אַרויסגערופן אַ דראַנג ביי דער רע־גירונג נישט צוצולאָזן מער קיין נייע יידישע איינ־וואוינער. נאָך אין דער תקופה פון וואַרשעווער פירשטנטום האָט מען אין וואַרשע פאַרשפּאַרט די יידן אין באַזונדערע קוואַרטאַלן אָדער רעווירן. איצט האָט מען די דאָזיקע געטאָ־איינריכטונגען נאָך מער פאַרשפּאַרט, און די צאָל גאַסן וואו עס איז דער־לויבט געווען צו וואוינען — נאָך מער באַגרענעצט. אין 1824 האָט מען פרעמדע און צוגערייזטע יידן פאַרבאָטן זיך צו באַזעצן אין וואַרשע. מען האָט איינגעפירט אַ ספּעציעלן אָפּצאָל פאַר יעדן טאָג פון פאַרבלייבן אין שטאָט, — דער אַזוי גערופענער „טאָג־צעטל" אָדער „בילעטאָווע". די דאָזיקע גזירה האָט אָבער געטראָפן נאָר די אָרימע יידן. די רייכע, וואָס האָבן געקענט זיך מתחייב זיין צו קויפן אַ ליי־דיקן פּלאַץ, אויסבויען אַ הויז און דערביי נאָך פאַר־מאָגן 60,000 גילדן אייגענעם קאַפּיטאַל, אָדער וואָס זיינען געווען סוחרים מיט אַ קאַפּיטאַל, — האָבן גע־מעגט זיך באַזעצן אין וואַרשע..

ענלעכע רעווירן האָט מען איינגעפירט אין אַ גרויסער צאָל שטעט פון קיניגרייך־פוילן. די שטאָט־

געטאָס, וואָס האָבן געשאַפן אַ תהום צווישן יידן און נישט־יידן, זיינען אָפיציעל באַרעכטיקט געוואָרן, ווי אַ מיטל פאַר... אַסימילאַציע. עס האָט געזאָלט זיין אַ מין פּרוזדור צום גן־עדן פון בירגער־רעכט „ביז דער שכל, די צייט און דאָס פאַרשווינדן פון די „פאָראורטיילן" וועלן דערלויבן איינצופירן בעסערע כללים אין דעם פּרט".

אַ צווייטע מאָטיווירונג פאַר די יידישע געטאָס אין פּוילן איז געווען, אַז דאָס וועט פאַרהיטן די שטאָט פון... שריפות, קלעפּיקע קראַנקהייטן, מגפות, פון שיקאַנירן די... קאַטוילישע באַפעלקערונג, ועל כולם ס'וועט „פאַרלייכטערן דער פּאָליציי די מאָראַלישע השגחה איבער דער יידישער באַפעלקערונג". די ענגשאַפט אין די שטעט איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך דעם, וואָס מען האָט נישט אָפּגעשאַפט די אַלטע, יורידיש־באַפעסטיקטע פּריווילעגיעס, וואָס אַ סך שטעט האָבן געהאַט נאָך פון די פּוילישע צייטן לויט וועלכע יידן טאָרן דאָרט בכלל נישט וואוינען. אין דער פּרייסישער תקופה זיינען די דאָזיקע גזירות אָפּגעשאַפט געוואָרן (1802), אָבער אין דעם עסטרייכישן טייל, אין גאַליציע, זיינען זיי געבליבן.

אין סך־הכל זיינען צו יענער צייט געווען: 246 שטעט און שטעטלעך וואו יידן האָבן געמעגט וואוינען אָן באַגרענעצונגען; 90 שטעט, וואָס האָבן געהאַט די פּריווילעגיע de non tolerandis Judaeis; 31 שטעט וואָס האָבן געהאַט יידישע רעווירן (פאַקטיש איז זייער צאָל געווען אַ סך גרעסער), און 111 שטעטלעך מיט באַגרענעצונגען פאַר יידן, ווייל זיי זיינען געלעגן נאָענט צו דער גרענעץ. פון די אַלע שטעט זיינען געווען 117, אין וועלכע יידן האָבן פאָרגעשטעלט אַ מערהייט פון דער באַפעלקערונג.

אַזוי אָרום האָט די דאָזיקע קליינע מלוכה געהאַט אַן אייגענעם תחום המושב, אַ סך אַן ענגערן, ווי די ליטוויש־וואָליניש־ווייסרוסישע טעריטאָריעס פון רוסלאַנד, ווייל טעריטאָריעל — אַ סך קלענער, און ממילא אַ סך ענגער. צו דעם איז צוגעקומען דער פאַרבאָט צו באַזעצן זיך אין די דערפער אויף אַ מהלך פון דריי מייל פון דער עסטרייכישער און פּרייסישער גרענעץ. שפּעטער האָט מען אויך צוגעגעבן אַ דריי־מייליקן שטח פון דער רוסיש־פּוילישער גרענעץ. אַזוי אַרום איז אַן ערך אַ פינפטל פון דער לאַנד־טעריטאָריע געווען פאַרמאַכט פאַר יידן. דערפון האָט זיך גענומען די ענגשאַפט אין די שטעט און דער שווערער קאַמף פאַר עקזיסטענץ פון די גרויסע יידישע מאַסן, וואָס האָבן זיך קאָנצענטרירט אין אָרימע קוואַרטאַלן פון דעם רוב אָרימע שטעט אין אַן אָרים לאַנד, אָן אַ גרויסער אינדוסטריע און אָן אַן אויסזיכט אויף טעריטאָריעלער און עקאָנאָמישער עקספּאַנסיע.

ווי אַזוי האָט אויסגעזען עקאָנאָמיש די לאַגע פון אָט דער גרויסער יידישער באַפעלקערונג?

לויט אַן אויסרעכענונג פון 1825 האָבן פון די 261,749 יידן — 73,941 געלעבט פון מסחר, 159,837 — פון מלאכה און סתם פיזישער אַרבעט, 6157 — פאַבריקאַנטן... פאַכטעריי, 8803 — אַגריקולטור, באַדינערשאַפט 31,001 אאַז"וו. כמעט 27 פּראָצענט יידן זיינען געווען אָן פּרנסה. די אָרימקייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז ווען אין 1822 איז אַ דאָקטאָר געשיקט געוואָרן אויסצופאָרשן די סאַניטאַרע באַדינגונגען אין די שטעט און שטעטלעך, האָט ער אין זיין באַריכט געשריבן, אַז ער האָט געזען אַ סך יידן, וואָס זיינען געשטאָרבן ממש פון הונגער. די סיבה ליגט — האָט ער געשריבן — אין דער געדיכטקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די קליינע שטעטלעך און אויך אינם דוחק פון פּרנסה. דעם זעלבן יאָר שרייבט מען פון לובלין, אַז דאָרטן שטאַרבן זייער אַ סך יידן. אַ דייטשער ייד, וואָס האָט באַזוכט פּוילן אין זעלבן יאָר, דערציילט אַז ער האָט געזען אַ סך יידן, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט ביים האַקן שטיינער אויף די שאָסעס.

געווען אין פּוילן אויך אַן אויבערשיכט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ הייפל רייכע יידן, גרויסע סוחרים, אַרענדאַטאָרס פון פאַרשידענע שטייער־ און מלוכה־הכנסות, באַנקירן אאַז"וו. וואַרשע גופא האָט אפילו געהאַט 12 יידן — מיליאָנערן. די דאָזיקע גבירים זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין אויספּרעסן וואָס מער געלט פון דער יידישער מאַסע, אָבער נישט צו פאַרגרינגערן איר דלות.

דער זאַלץ־מאָנאָפּאָל, וואָס איז אַריבער אין יידישע הענט (אין 1816), האָט געגעבן חיונה אַ סך יידישע משפחות. אָבער אין 1824 האָט מען פאַרבאָטן צו געבן יידן קאָנצעסיעס, ביז די צאָל פון נישט־יידישע זאַלץ־פאַרקויפער וועט זיך ניט אויסגלייכן מיט דער צאָל יידישע. אין 1830 האָט מען געמוזט דעם פאַרבאָט צוריקרופן, ווייל עס האָט געפעלט קריסטלעכע אַפּליקאַנטן פאַרן זאַלץ־האַנדל. דער דאָזיקער זאַלץ־מאָנאָפּאָל, וואָס האָט רייך געמאַכט אַ גרופּע יידישע און געשמדטע קאַפּיטאַליסטן, האָט זיך געלייגט ווי אַ שווערע משא אויף די מאָגערע בוּדזשעטן פון פאָלקס־מענטש בכלל און פון די פּויערים בפרט. צוואַנציק פּראָצענט פון פּויערס הכנסה איז געגאַנגען אויף זאַלץ, אַזוי אַז די פּויערים האָבן אָנגעהויבן שמוגלען זאַלץ פון גאַליציע. נעמצעוויטש האָט אין אַ סאַטירע געשריבן, אַז דאָס וואָס די רעגירונג האָט די יידן איינגעפּעפּערט, האָט דער ייד דעם פּויער... איבערגעזאַלצן. אויך דער משקאות־מאָנאָפּאָל אין וואַרשע, צוזאַמען מיט דער שחיטה און שחיטה־הויז, איז אַריבער צום יידן (ריכטיקער: משומד) נעוואַכאָוויטש. רעדט מען שוין וועגן שטיי־

ערן, דירעקטע און אומדירעקטע, איז כדאי צו דערמאָנען די אַנדערע מינים שטייערן, וואָס יידן האָבן צו יענער צייט געצאָלט: דער „טאָג־צעטל" אָדער „בילעטאָווע" איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן. אַ גאָר שווערער אָפּצאָל איז געווען דער רעקרוטן־שטייער, אַ ירושה פון די פריערדיקע צייטן. לויטן דעקרעט פון 1817 זיינען די יידן געווען פריי פון מיליטער־דינסט „אין מלחמה און אין שלום־צייט", און דערפאַר געמוזט אַריינטראָגן אין דער מלוכה־קאַסע 700,000 גילדן. דעם דאָזיקן שטייער האָבן געזאַמלט די קהילות. ער איז אָפּגעשאַפן געוואָרן ערשט אין 1843 — ווען מען האָט פוילישע יידן אָנגעהויבן נעמען אין מיליטער.

דער כשר־פלייש־שטייער, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין אַרענדע, איז פאַרן יידישן פאָלקסמענטש געווען גאָר אַ קאַטאַסטראָפע. דער יידישער אַרבעטער און בעל־מלאכה איז געווען אַזוי אָרים, אַז ער האָט דעם דאָזיקן שטייער געצאָלט ראַטעסווייז. (עס האָט אויסגעמאַכט 5—6 קאָפּיקעס אויפן פונט). איז ער נישט געווען בכוח צו צאָלן דעם שטייער, פלעגט מען ביי אים צונעמען די אַרבעט־מכשירים און ביי אַ סך אביונים אפילו די לעצטע בעבעכעס פון שטוב. לויט דער אויסרעכענונג פון באַרימטן סטאַטיסטיקער יאַן בלאָך (Bloch), האָט דער כשר־פלייש־שטייער אַריינגעטראָגן דער מלוכה ביז צוויי מיליאָן גילדן אַ יאָר. די יידישע מאַסע האָט זיך געוואָלט ראַטעווען פון דער דאָזיקער אָרימקייט נישט דורך שנאָרעריי און בעטלעריי, נאָר דורך שווערער אַרבעט. וואָס ווייטער האָט די פויפעריזאַציע אַרומגענומען אַלץ ברייטערע קרייזן. די נעכטיקע יוסטע בעלי־בתים, מען קען זאָגן דער רוקנביין פון יידישן מיטלשטאַנד, ווי דער שענקער, למשל, איז ביסלעכווייז אַרויסגעשטויסן געוואָרן מיט גאָר ניכטערע מיטלען פון זיין שיכור־מאַכנדיקער פרנסה. פון יאָר צו יאָר האָט מען געהעכערט דעם פרייז פון אַ קאָנסענס, אַזוי אַז אין 1825 האָט דער קאָנסענס־שטייער באַטראָפן צען מאָל אַזוי פיל, ווי אין 1814. בעת אין 1813 האָבן 13,500 יידישע משפחות, וואָס דאָס מיינט 67,500 נפשות, געלעבט פון שענקעריי, — איז שוין אין 1830 די צאָל פון די דאָזיקע משפחות געפאַלן אויף 2084. אין לאָדזש, למשל, זיינען אַרום 1800 געווען נאָר יידישע שענקערס; אין 1820 איז שוין דאָ אויף 8 יידן געווען דריי קריסטן; אין 1825 — אַ העלפט יידן און אין 1830 — נאָר דריי יידן. אַ סך שענקערס האָבן געמוזט זיך פאַרנעמען מיט קליינעם מסחר, כדי צו קענען עקזיסטירן.

אין שייכות מיט דער פאַראָרימונג פון די יידישע מאַסן האָט דער אַדמיניסטראַטיווער ראַט אינסטרואירט דעם מיניסטאָרן־קאַבינעט, ער זאָל באַטראַכטן מיטלען ווי אַזוי קען מען „העלפן דעם דאָזיקן קלאַס". עס איז קודם־כל פאָרגעשלאָגן געוואָרן ערד־אַרבעט ווי אַזאַ מיטל. מען האָט געטענהט, אַז דורך אַגריקולטור וועט „דער ייד מיט דער צייט ווערן אַן אַרבעטזאַמער און נוצלעכער תושב פון לאַנד". די דאָזיקע פראַגע וועגן אַגראַריזאַציע הויבט אָן צו פאַרנעמען אַ וויכטיק אָרט אין דער פובליציסטיק פון יענער צייט און אויך אין די פילצאָליקע מלוכה־פראָיעקטן, וואָס זיינען, אין תוך גענומען, געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם, וואָס דער דעמאָלטדיקער ביוראָקראַטישער באַאַמטער האָט געלייענט און געטראַכט. די דאָזיקע אַגראַראָמאַניע דאַטירט זיך שוין פון 1816. טיילווייז איז דאָס געווען אַ ירושה פון די פראָיעקטן צו רעפאָרמירן יידן, וועלכע האָבן זיך באַוויזן ערב דער טיילונג פון פוילן.

די קאָמיסיע פאַר דער יידישער פראַגע, וואָס איר פאָרזיצער איז געווען פירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי, האָט איינגעפונען אַז ערד־אַרבעט וואָלט געלייזט צוויי וויכטיקע פראַגן: די פראַגע פון קאָנסטרוקטיווער אַרבעט פאַר יידן און אויך די פראַגע, וואָס נעמצעוויטש, דער שטאַטסמאַן און פּאָעט, האָט אָפּטמאָל אַרויסגערוקט, די פראַגע פון אַסימילאַציע. ערד־אַרבעט אַסימילירט, — דאָס איז דער תמצית פון אַלע געדאַנקען פון פובליציסטן אין יענער צייט. דער ייד קומט נאָענט נישט נאָר צו דער נאַטור, נאָר אויך צום שכן זיינעם, דעם קריסטלעכן פויער, ער קומט צו אים נישט ווי אַ סוחר, שענקער, אָדער פאַרמיטלער; ער קומט צו אים ווי אַ גלייכער צו אַ גלייכן, אַן ערד־האָרעפּאַשניק פון יידישן גלויבן — צו אַן ערד־האָרעפּאַשניק, אַ קאַטויל. מיט זיין פיזישער אַרבעט וועט ער העלפן פאַרווישן די אונטערשיידן, פאַרשיטן דעם תהום פון פאָראורטיילן.

די פראַגע איז אָבער אַ סך קלאָרער אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער אַנקעטע פון דער פויערים־קאָמיסיע, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דעם 25טן יאַנואַר, 1816. פון דער דאָזיקער אַנקעטע און אירע פאָרמולירונגען ווערט קלאָר, אַז די פלענער צו באַזעצן יידן אויף לאַנד זיינען געווען פאַרבונדן מיט די פלענער אַרויסצוטרייבן יידן פון די שענקען: עס זאָל פאַר יידן נישט בלייבן קיין אַנדער אויסוועג, ווי ווערן ערד־אַרבעטער; און אויב זיי וועלן עס ניט וועלן אָדער ניט קענען, זאָל מען זיי דערמעגלעכן צו ווערן בעלי־מלאכות אָדער גיין אַרבעטן אין די פאַבריקן.

געווען אפילו אַ פראָיעקט, וואָס איז געקומען פון סענאַטאָר נאָוואָסילצאָוו, אַז מען זאָל אַרויפלייגן אַ „קאָלאָניסטן־קוואָטע" אויף די קהילות. יעדע קהילה מוז צושטעלן אַזוי פיל קאָלאָניסטן, וויפיל מען וועט פאַר איר באַשטימען. די קאָלאָניסטן האָבן געזאָלט באַזעצט ווערן אויף מלוכה־ערד, וואָס זאָל אָבער נישט

ווערן זייער אייגנטום. כדי צוצוגעבן מער חשק, ווערט פאָרגעשלאָגן, אַז מ׳זאָל אַ יידן וואָס באַאַרבעט צען יאָר זיין נחלה, געבן ווי אַ באַלוינונג די בירגער־רעכט.

דער פּראַקטישער סך־הכל פון די אַלע טעאָרעטישע חקירות איז געווען זייער אַ מאָגערער: נישט קיין גאַנצע 50 יידישע משפחות האָבן זיך גענומען צו ערד־אַרבעט.

צום ערשטן מאָל אָבער באַווייזן זיך יידן־תלמידים אין דער איינציקער פּוילישער אַגראָנאָמישער שול אין מאַרימאָנט. דאָס זיינען געווען זין פון פאַרמעגלעכע יידן, וואָס האָבן זוכה געווען צו באַקומען בירגער־שאַפט און געקענט קויפן אַ מאַיאָנטעק, בתנאי אַז זיי וועלן אים באַאַרבעטן אָדער פאַרוואַלטן. דער ערשטער יידישער תלמיד איז געווען יוליוש פּלאַטוי, אַ באַנקירס אַ זון, וואָס איז אַריינגעטראָטן אין דער דאָזיקער שול אין יאָר 1824. אייניקע יחידים, ווי לייב שפּער, למשל, האָבן אַרענדירט פאָלוואַרקס און זיך באַדינט נאָר מיט יידישע ערד־אַרבעטער. אונטערן איינפלוס פון שפּערן, האָט זלמן פּאָזנער, וואָס האָט אין 1823 געגרינדעט אַ זייד־פאַבריק, באַזעצט יידן אויף לאַנד.

די רעגירונג האָט זיך מייאש געווען אין די מעגלעכקייטן צו מאַכן פון יידן ערד־אַרבעטער. אפילו די יידישע גוט־באַזיצער, וואָס זייער צאָל איז אין די יאָרן 1817—1858 געווען סך־הכל — 27 און וואָס האָבן געמוזט, ווי אַ פאָרהנחה באַזעצן 25 יידישע משפחות, — האָבן זיך באַמיט מיט אַלע כוחות זיך אַרויסצודרייען פון דער דאָזיקער געזעצלעכער פאַרפליכטונג.

מיט יאָרן שפּעטער האָט אַ ייד פון אַ קליין שטעטל אין אַ רירנדיקן בריוו, געשריבן אויף יידיש, פאָרמולירט די דעמאָלטיקע לאַגע אַזוי: „מיר זיינען דאָ אין דער פּראָווינץ שטאַרק פאַראָרימט; מען ווייס ניט, צו וואָס זאָל מען זיך נעמען; אַ סך וואָלטן געוואָלט זיך נעמען צו ערד־אַרבעט, אָבער די גרויסע נגידים, ניט נאָר וואָס זיי ווילן אונדז נישט העלפן, נאָר זיי הייסן אַרויסטרייבן (די יידן) פאַר אַלטע קהילה־חובות“.

נישט בעסער איז געווען מיט יידישער מלאכה.

לויטן דעקרעט פון 31טן דעצעמבער, 1816, איז קיינעם נישט געווען פאַרווערט זיך צו פאַרנעמען מיט וועלכער עס איז מלאכה. אין די צעכן האָט מען די יידן אָבער ווייטער נישט צוגעלאָזט, און אויף גרינדן אייגענע צעכן האָט מען זיי בדרך כלל קיין דערלויבעניש נישט געגעבן.

דער „יידן־קאָמיטעט“ (Komitet Starozakonnych), וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1825 און וועגן וועלכן עס וועט גערעדט ווערן אַביסל ווייטער, האָט געוואָלט העלפן דעם יידישן בעל־מלאכה, קודם־כל דורך באַפרייען אים פון די ספּעציעלע יידישע שטייערן, און שענקען די זעלבע רעכט, וואָס דער נישט־יידישער בעל־מלאכה האָט געהאַט. אין יאָר 1827 איז דער קאָמיטעט אַרויס מיט אַ פּראָיעקט צו גרינדן אינדוסטריעלע שולן פאַר יידן. דער דאָזיקער פּראָיעקט איז אָנערקענט געוואָרן פאַר אומפּראַקטיש, ווייל כל־זמן עס וועלן עקזיסטירן יידישע רעווירן אין די שטעט — האָט מען געטענהט — וועט דער יידישער בעל־מלאכה נישט האָבן קיין מעגלעכקייט זיך צו אַנטוויקלען. די קליענטור אין יידישן געטאָ איז געווען צו אָרים אויף מפרנס צו זיין אַן אייגענעם בעל־מלאכה, און מחוץ די גאַסן פון יידישן רעוויר האָט דער יידישער בעל־מלאכה נישט געטאָרט זוכן קיין פּרנסה, אַפילו נישט ביי זיינע אייגענע רייכע אמונה־ברידער, וואָס האָבן דאָרטן געלעבט זאָרגלאָז.

און געווען איז דאָס אַ צייט, ווען אין קאָנגרעס־פּוילן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן די ערשטע סימנים פון אינדוסטריאַליזאַציע. אין יאָר 1817 איז געעפנט געוואָרן די וואַרשעווער בערזע (געלדע), וואָס האָט אגב צוגעלאָזט יידן, ווי מעקלערס, אָבער נאָר ביז אַ דריטל פון דער אַלגעמיינער צאָל. פון די צען באַנקירן און גרויסע סוחרים, וואָס האָבן קאָנסטיטוירט די פאַרוואַלטונג פון דער בערזע, האָבן נאָר צוויי געקענט זיין יידן. די דאָזיקע בערזע האָט פאַרבונדן דאָס לאַנד מיט אייראָפּעאישע באַנק־הייזער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די ערשטע אינדוסטריעלע אינוועסטיציעס, באַזירט אויפן סיסטעם פון אַקציען־קאַפּיטאַל.

אין יאָר 1819 האָט מען אָפּגעשאַפט די צאָל־גרעניץ צווישן רוסלאַנד און פּוילן. דאָס האָט געגעבן אַ שטויס פאָראויס די אַנטוויקלונג פון דער היימישער אינדוסטריע. די דאָזיקע אינדוסטריע האָט קודם־כל געהאַט פאַר זיך אַ גאָר וואָגיקן און שטענדיקן קאָנסומענט — דאָס איז געווען די אַרמיי, דער שטאָלץ און דער צענטראַלער פּונקט פון לאַנד. קודם־כל איז דאָס געווען די טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס דער דעמאָלטדיקער פינאַנץ־מיניסטער לובעצקי האָט מיט אַזוי פיל עקשנות געבויט. דייטשע וועבער האָבן באַקומען ברייטע קאָנצעסיעס. במשך פון עטלעכע יאָר איז קיין קאָנגרעס־פּוילן אָנגעקומען פון דייטשלאַנד איבער 10,000 משפחות. אָנגעהויבן האָט זיך די דאָזיקע אייגנאַרטיקע אימיגראַציע פון אַ פרעמדן (דייטשן) עלעמענט שוין אין דער צייט פון דער פּרייסישער הערשאַפט. מיט יאָרן שפּעטער האָט מען זיך אַרומגעזען, ווי קורצזיכטיק עס איז געווען די פּאָליטיק פון אָנפאַרטרויען די פּיאָנערישע אַרבעט אַזאַ פּאָליטיש־באַוואוסטזיניקן עלעמענט ווי די דייטשן און נישט באַמיען זיך צו פּראָלעטאַריזירן די אייגענע מאַסע. דער קלאַסן־עגאָאיזם פון די פּריצים, וואָס וואָלטן צוליב אַזאַ אינדוסטריאַליזאַציע געמוזט איינגיין אויף ברייטע אַגראַר־רעפאָרמעס, האָט גורם גע־

ווען די דאָזיקע מאַסן־אימיגראַציע פון דייטשע וועבער.

דער ערד־באַזיץ איז שוין צו יענער צייט געווען גוואַלדיק פאַרחובעט. דאָס בהדרגהדיקע פאַרשווינדן פון די שטאַנד־פריווילעגיעס האָט אונטערגעגראָבן די יסודות פון דעם נאַטור־ווירטשאַפטלעכן סיסטעם און האָט געשאַפן אַ גינסטיקן באָדן פאַר אַן אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג.

אין די יאָרן 1809 און 1812 האָט דער זאַקסישער קיניג און פירשט פונם וואַרשעווער מלוכהלע אויף זעקס יאָר צייט באַפרייט די אָנגעקומענע בעלי־מלאכות, פאַבריקאַנטן און ערד־אַרבעטער — פון טשינש־אָפצאָל פאַרן מלוכה־לאַנד און אויך פון אָפצאָלונגען פון פאַרמעגן און אַרבעטס־בהמות. די מלחמה האָט איבערגעריסן די דאָזיקע אינטענסיווע אינדוסטריעלע דייטשע אינוואַזיע. אין יאָר 1816 איז די דאָזיקע אַרבעט ווייטער פאָרגעזעצט געוואָרן, בעת אַ דעקרעט האָט באַפרייט די אימיגראַנטן פון צאָלן שטייער במשך פון זעקס יאָר צייט, פון מיליטער־דינסט און פון אָפצאָל פאַר די מכשירים און בהמות. דאָס איז געווען חל נאָר אויף דייטשן, אָבער נישט אויף יידן פון דייטשלאַנד.

אין קאָנגרעס־פוילן הויבט זיך אָן די גרויסע תקופה, וואָס איז געוואָרן דער יסוד פאַר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד. אין 1819 ווערט אָפגעשאַפן די צאָל־גרענעץ צווישן פוילן און רוסלאַנד, — זי ווערט אָבער שפעטער צוריקגעשטעלט. אין 1817 ווערן רעפאָרמירט די בעל־מלאכה־פאַראיינען, די האַנדלס־קאַמערן, די סוחרים־בירזשע און די סוחרים־פאַראיינען. אין 1820 ווערן באַשטימט אין אַ רייע שטעט און שטעטלעך ספעציעלע פאַבריקרעווירן. עס ווערט געשאַפן אַ ספעציעלער פאַבריקפאָנד אויף צו געבן לאַנג־טערמיניקע הלוואות. די טוך־אינדוסטריע ווערט באַזירט אויף שעפסן־צוכט, אַן ענין וואָס האָט גורם געווען אַ רעוואָלוציע אין די אַגראַרע פאַרהעלטענישן פון לאַנד. די טוך־פאַבריקן עקספאָרטירן זייערע אויסאַרבעטונגען נישט נאָר קיין רוסלאַנד, נאָר אין דער ווייטער כינע. לאָדזש ווערט אין 1823 דער צענטער פון טוך־אינדוסטריע. 85 פראָצענט פון פוילנס גאַנצן עקספאָרט — איז געווען טוך. פאַראַלעל וואַקסן אַנדערע אינדוסטריעס, ווי מעטאַלורגיע, גאַרבאַרניעס. אפילו די שלעכט־פאַרוואַלטעטע אייזן־ און קוילן־גרובן פראָגרעסירן אינדוסטריעל. דער האַנדלס־בילאַנס פון קאָנגרעס־פוילן איז אַ גלענצנדיקער. דער הויפט־אָפזאַץ־מאַרק ווערט רוסלאַנד. לובעצקי, וואָס איז געווען באַקאַנט ווי אַ רוסאָפיל, האָט אָבער זיין רוסאָפיליזם נישט באַזירט אויף פאָליטיש־נאַציאָנאַלע (סלאַווישע) סענטימענטן, נאָר אויפן פאַקט, אַז אָן רוסלאַנד קען פוילן זיך נישט אַנטוויקלען עקאָנאָמיש, ווייל די פרייסישע אינדוסטריע וועט צו דעם נישט דערלאָזן.

„נישט פוילן איז נויטיק פאַר רוסלאַנד — האָט מיניסטער לובעצקי געשריבן — נאָר רוסלאַנד — פאַר פוילן”.

אין דער דאָזיקער פאַנאַנדערבליאונג פון אַ נייער אינדוסטריעלער וועלט איז פאַרן יידישן אַרבעטער קיין פלאַץ נישט געווען... ווי האַנטווערקער זיינען זיי צוגעלאָזן געוואָרן אַ סך שפעטער. די דייטשע איינוואַנדערער האָבן מיט גרויס קינאה געהיט זייערע רעכט און געפאָדערט, אַז אין די נייע ישובים זאָלן זיין יידישע געטאָס; זיי האָבן געהיט, אַז מען זאָל נישט דערלויבן יידן זיך באַזעצן דאָרטן, וואו זיי די דייטשן באַזעצן זיך. די רעגירונג האָט נאָכגעגעבן די פאָדערונגען פון די נייע תושבים. דער ייד האָט דעריבער נישט געהאַט אפילו די מעגלעכקייט זיך אויסצולערנען די נייע טעכניק פון פראָדוצירן טעקסטיל. נאָר צו די ראַנדיקע פרנסות, וואָס האָבן נישט געקענט באַפרידיקן די ריווח־אַפעטיטן פונם דייטשן אימיגראַנט, — האָט דער יידישער בעל־מלאכה געקענט זיך צוטוליען. אין דער טליתים־אינדוסטריע האָט דער ייד נאָך געהאַט אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן שוין צוליב... זכות אָבות. צוויי אַזעלכע פאַבריקן האָבן אפילו אויף דער אינדוסטריעלער אויסשטעלונג אין וואַרשע, אין יאָר 1826, באַקומען זילבערנע מעדאַלן. די וואַטע־פאַבריקאַציע, וואָס איז געבויט אויף שמאַטעס און אָפפאַל פון באַנוול, איז געווען אין יידישע הענט. די דאָזיקע פאַבריקאַציע איז געווען פון היגיענישן שטאַנדפונקט אַזוי געפערלעך, אַז קיינער האָט נישט געהאַט קיין חשק צו קאָנקורירן מיט יידן אין... קראַנקהייטן. אין די וועבערייען געפינט מען נאָך נישט צו יענער צייט קיין יידן. דער יידישער פראָלעטאַריאַט הויבט זיך שוין אָבער אָן בולטער צו באַווייזן, הגם זיין אמתע אַנטוויקלונג איז געקומען ערשט נאָכן יאָר 1830.

די פוילישע רעגירונג האָט זיך באַמיט צו שאַפן אַן אייגענעם, פוילישן אַרבעטער־קלאַס, ווייל די דייטשע אַרבעטער זיינען געווען צו טייער און צו קאַפריזנע. עס איז איר אָבער דאָס נישט געלונגען. נישט דער פוילישער שלאַכטשיטש און נישט דער פויער האָבן געהאַט חשק צו ווערן באַשעפטיקט אין די אינדוסטריעס. די פוילישע שטאָטישע יוגנט האָט געהאַט איין אידעאַל: צו ווערן באַאַמטע.

געווען איז אָבער אַ באַדייטנדיקע צאָל יידישע אונטערנעמער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין פוילן. אין אָנהויב האָבן זיי נישט געוואָלט אָנשטעלן קיין יידישע אַרבעטער, אָבער, ווען עס איז קלאָר געוואָרן, אַז יידישע אַרבעט איז ביליקער פון דייטשער, האָט זיך די שטעלונג פון די יידישע פאַבריקאַנטן קאַרדינאַל געביטן. אַזוי, למשל, אין דער באַנוול־פאַבריק אין מאַרימאָנט זיינען אין 1823 דאָס רוב אַרבעטער

געווען יידן (סך הכל 60 אין צאָל). אין דער פאַבריק פון זלמן פאָזנער אין קוכאַרי האָבן געאַרבעט בלויז יידן (צווישן 150 און 240). שווערער איז פאַר יידן געווען אַריינצוטרעטן אין דער בערגבוי־אינדוסטריע. עס זיינען געווען פאַלן ווען יידן האָבן אַרענדירט פאַבריקן פון אייזן. אַזוי, למשל, האָבן יידן אַרענדירט די אייזן־גרובן, וואָס האָבן געהערט צו די קעלצער מאָנאַכן־גלחים, די אַזוי גערופענע קאָמוניסטן, און אויך די הוטעס פון דעם דייטש Bethuzy וואָס זיינען געבליבן ביי דער פרייסישער גרענעץ. יידן האָבן נישט געטאָרט האָבן קיין שענקען אין די געביטן פון דער באַרג־אינדוסטריע. ווען מען האָט אייניקע פון זיי געהייסן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, האָבן זיי געבעטן אַ דערלויבעניש זיך צו באַזעצן, ווי ערד־אַרבעטער. אין 1826 האָבן אַ סך אָרימע יידן געזוכט אַרבעט אין די הוטעס. היות, ווי עס איז געווען אַ דוחק אין אַרבעטער, האָט מען געלאָזט אַרבעטן, אָבער נאָר ווי טאָג־אַרבעטער, און בשום אופן נישט, ווי שטענדיקע אַרבעטער מיט אַ וואָכן־געהאַלט, ווי דאָס איז געווען מיט די אַנדערע בערג־אַרבעטער. אין זעלבן יאָר האָט לובעצקי דערלויבט אַ גרעסערער צאָל יידן פון בענדין צו אַרבעטן אין אַ קוילן־גרוב און אויך ביים בויען די קסאַווערי־מינעס, אָבער נאָר ווי טאָג־לוין־אַרבעטער.

די יידן האָבן אויסגעאַרבעט קאָרע, און געהאַט שלייפערייען נישט ווייט פון די פאַבריקן אין סוכעדניאָוו און סטאַראַכאָוויצע — און ווי די אַקטן דערציילן — געאַרבעט אַ סך בעסער און ביליקער ווי די נישט־יידן.

ווען אין 1823 האָבן זיך אייניקע יידן געווענדט מען זאָל זיי דערלויבן צו גרינדן פאַבריקן פון צינק ביי דער שלעזישער גרענעץ — האָט מען זיי אָפּגעזאָגט, ווייל אין אַנדערע לענדער טאָרן זיי דאָס אויך נישט; חוץ דעם, האָט מען מורא געהאַט, אַז זיי וועלן שמוגלען צינק פון פרייסן קיין רוסלאַנד. מען האָט זיי געוואָלט דערלויבן, בתנאי, אַז די פאַבריק וועט זיין צוויי מייל פון דער גרענעץ און די מלוכהשע בערגבוי־דירעקציע וועט האָבן די קאָנטראָל איבער דער פאַבריק.

אַזוי אַרום האָט דער יידישער קאַפיטאַליסט זיך אָנגעשטויסן אויף שוועריקייטן, נישט ווינציקער ווי דער יידישער אַרבעטער. אין דער קלענערער אינדוסטריע אָבער איז דעם יידישן קאַפיטאַליסט דער צוטריט געווען לייכטער, ווי דעם יידישן אַרבעטער. אייניקע פאַבריקן, וואָס די מלוכה האָט געגרינדעט, ווערן איבערגעגעבן יידן אין אַרענדע. אַזוי, למשל, איז די פאַבריק צו דרוקן פערקאַל אָפּגעגעבן געוואָרן אין אַרענדע לעאָפּאָלד בערעגסאָנען (אין 1822). די ברידער בערנהאַרד עפענען אין 1823 אַ שפינערײַ. אייניקע פאַבריקן האָבן די יידן אָפּגעקויפט פון דער רעגירונג גופא.

דאָס רוב פון די נייע יידישע פאַבריקאַנטן זיינען געווען סוחרים, וואָס האָבן אימפּאָרטירט רוישטאָף פאַר דער באַנוול־אינדוסטריע, וועלכע האָט געהאַט נאָר 15 פראָצענט נויטיקן מאַטעריאַל אין לאַנד גופא. אַזאַ סוחר, ווי יוסף רעדליך פון קאָליש, וואָס מען האָט אים געשאַצט אויף 2 מיליאָן גילדן, איז לכתחילה געווען נאָר אַ פאַרמיטלער און ערשט שפּעטער איז ער געוואָרן אַ פאַבריקאַנט. אַ סך פון די יידישע גאַרן־הענדלער און צושטעלער זיינען אין דער זעלבער צייט געווען פאַרלעגער און האָבן אין אייניקע פלעצער ממש מאָנאָפּאָליזירט די פּראָדוקציע. פונם האַנדל מיט מאַנופאַקטור און גאַרן האָט שוין דער וועג געפירט דירעקט צו טעקסטיל־פּראָדוקציע. בעת ביי די נישט־יידן זיינען די פּיאָנערן פון דער דאָזיקער אינדוסטריע געווען דאָס רוב האַנטווערקער, האָט זיך ביי יידן דער קאַפּיטאַליסט־פאַבריקאַנט רעקרוטירט פונם נעכטיקן סוחר. דערפאַר גרינדן נישט־יידן — פאַבריקן, בעת יידן קויפן אָפּ פאַרטיקע און אַנטוויקלען זיי ווייטער.

פון די פאַבריקן, וואָס יידן האָבן געגרינדעט, איז כדאי צו דערמאָנען די פאַבריק פון זלמן פאָזנער (1823), וואָס האָט אין 1826 געהאַט 30 וועב־שטולן, און די באַנוול־פאַבריק פונם טשעכישן יידן באָנדי אין אָסטראָלענקע (אַן ערך 1822).

פאַראַלעל מיטן וואוקס פון אַ יידישער בורזשואַזיע אין פוילן איז אויך געוואַקסן איר דראַנג צו שפילן אַ פּראָמינענטע ראָלע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד. עס איז איר אָבער געשטאַנען אין וועג די לעגאַליזירטע רעכטלאָזיקייט, וואָס איז געווען פאַראייביקט אין דער קאָנסטיטוציע. די רעגירונג האָט ווייטער פאָרגעזעצט אירע אַקאַדעמישע גריבלערייען איבער דעם ענין, וואָס מען האָט צו יענער צייט גערופן: יידן־פראַגע. זי האָט געזוכט מיטלען, ווי אַזוי צו „פאַרבעסערן מאָראַליש" די „אייִנוואוינער פון פוילן פון יידישן גלויבן".

די גרויסע צאָל יידן אין לאַנד האָט אַרויסגערופן נייע פּראָיעקטן וועגן דעם, ווי אַזוי שטעלט מען אָפּ זייער נאַטירלעכן צוואוַקס.

אין דער סיים־דעבאַטע פון 1818 האָט מען שוין געהאַט אַ מיינונג, אַז „דער דאָזיקער שבט גרייט צו דעם שנעלן אונטערגאַנג פון לאַנד".

דערווייל האָט מען באַשלאָסן זיך צו באַקענען מיט די דאָזיקע יידן, וואָס ווילן... אונטערגראָבן דאָס לאַנד. אין 1822 האָט מען איינגעפירט אַ צענזור אויף די „העברעאיש־רבנישע" ספרים. פאַר אַ צענזאָר איז באַשטימט געוואָרן אַן איטאַליעניש ער גלח לואידזשי קיאַרני, וואָס איז געווען אַ קנאַפער מבין פון העברעאיש און אַ גרויסער מאמין אין עלילת־

דם. אין 1826 האָט זיך אָנגעהויבן אַריינאַרבעטן אין צענזור־ענינים דער משכיל און פּעדאַגאָג יעקב טור־געגנדהאָלד (1794—1871). מען האָט קודם־כל זיך באַמיט צו פאַרווערן דעם אימפּאָרט פון יידישע ביי־כער געדרוקט אין ליטע, צוליב „פילאָלאָגישע טעמים". די וואַרשעווער צענזאָרן האָבן געטענהט, אַז די דאָ־זיקע ספרים זיינען געדרוקט אין „אַ ליטוויש־יידי־שער שפּראַך", וואָס אַ פּוילישער ייד קען נישט פאַרשטיין. די טענדענץ איז געווען אַ פּשוטע: אַרויסצושטויסן יידיש און אויך העברעאיש, כדי דער ייד זאָל זיין געצוואונגען צו לייענען אין לשון פון לאַנד. דאָס האָט קודם־כל פּראָפּאַגאַנדירט אַנטאָני אייזנבוים (1791—1852), אַ תלמיד פון וואַרשעווער ליציי, וועלכער איז געוואָרן דער דירעק־טאָר פון דער ראַבינער־שול, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1826. באַקומען אַ סובסידיע פון דער רעגירונג אויף אַרויסצוגעבן אַ צייטשריפט אויף פּויליש און יידיש־דייטש, האָט ער אין 1823 גע־גרינדעט אַ וואָכנבלאַט א. נ. „דער בעאָבאַכטער אַם ווייכסעל" (אַרויס 5 נומערן אין 1823 און 37 אין 1824).

די פּאָלאָניזאַציע־פּאָליטיק האָט אפילו געבוירן אַ פּראָיעקט צו פאַרמאַכן די פיר יידישע דרוקערייען, וואָס האָבן עקזיסטירט זינט 1818. עס איז געווען אַ פּלאַן צו עפענען איין יידישע דרוקעריי אויף די קאָסטן פון דער מלוכה. די כוונה איז געווען אָפּצו־שטעלן דעם אימפּאָרט פון ספרים פון אויסלאַנד, וואָס האָבן צו יענער צייט אויסגעמאַכט 60 פּראָצענט פון אַלע יידישע און העברעאישע ביכער, וואָס מען האָט באַנוצט אין פוילן.

אויף דעם סיים פון 1818, וואו עס זיינען גע־פאַלן די אויבן־ציטירטע ווערטער וועגן דער „יידישער אינוואַזיע" אין פוילן, איז מען געקומען צום געדאַנק צו עפענען אַ ראַבינער־שול, וועלכע זאָל אַרויסגעבן „פּוילישע ראַבינער", וואָס זאָלן מיט דער צייט פאַר־נעמען דעם פּלאַץ פון די יידישע רבנים. געקומען איז אָבער דער דאָזיקער פּראָיעקט אויפן סדר־היום אַ ביסל שפּעטער. אין 1820 האָט מען אין אַן אַנאָ־נימער בראָשור, וואָס איז אַרויס פונם קרייז וואַר־שעווער „פּראָגרעסיסטן" געפאָדערט אָפּצושאַפן די קהילה, ווייל זי איז די הויפּט־מניעה צו „ציוויליזירן" די יידן. אַ יאָר שפּעטער איז דער וואונטש פון דעם מחבר מקויים געוואָרן, הגם אַן שום השפּעות פונם יידישן צד. דעם 1טן יאַנואַר 1822 איז די קהילה אָפיציעל בטל געוואָרן און אויף איר אָרט איז גע־קומען דער „דאָזור בוזשניטשי". מיט גרויס שמחה האָט מען אין געוויסע קרייזן אויפגענומען די ליקווי־דאַציע פון אַלטן קהל.

„עס וועלן פאַרשווינדן די מניעות — האָט גע־שריבן איינער פון די וואַרשעווער אַסימילאַטאָרן — וואָס שטערן צו גרינדן שולן... און די געלטער וואָס די קהילה־משרתים זאַמלען צונויף, וועלן קענען אויסגענוצט ווערן אויף אויסהאַלטן די שולן. מיינע אמונה־ברידער! נישט די רעגירונג האָט אונז אונ־טערדריקט, ניין! דאָס זיינען געווען אונזערע איי־גענע ברידער. די קהילה־לייט!... פון היינט אָן וועלן מיר זיך ווענדן בעת צרה צו די, צו וועמען יעדער חשובער בירגער ווענדט זיך. עס וועט שוין אונז נישט אָפּשטופּן דער שמש, וואָס שטייט ביי דער טיר פון וועד־הקהילה, וואו די קהל־לייט האָבן גע־טרונקען אויף אונזער חשבון פּאָנטש (!) אָדער ווייַן און גערויכערט אַ ליולקע. עס וועט שוין מער דער חוצפּהדיקער קהילה־משרת נישט שרייען אויפן אָרי־מאַן, וואָס קומט פּראָלאָנגירן זיין טערמין צו צאָלן שטייערן, נאָר ער וועט דערלאַנגען אַ בקשה דער שטאָטישער מאַכט און וועט אָוועקגיין אַ צופרידענער".

ווי אַ ווייטערדיקער שטאַפּל, וואָס האָט געזאָלט פירן צום היכל פון גלייכבאַרעכטיקונג, האָט באַ־דאַרפט דינען אַ ספּעציעלע אינסטיטוציע, וועלכע זאָל — לויטן מוסטער פונם רוסישן יידן־פּראָגע־קאָמיטעט פאַרמולירן פאַר די יידן אין פוילן די וועגן און אומוועגן, וואָס פירן אָדער זאָלן פירן צו דער נויטיקער לייזונג פון דער דאָזיקער פּראָגע. לויטן דעקרעט פון 3טן יולי 1825 איז געגרינדעט געוואָרן דער „יידן־קאָמיטעט". זיין אויפגאַבע איז געווען: איבערקוקן אַלע עקזיסטירנדיקע תקנות, געזעצן און גזירות אויף יידן, און אַריינטראָגן פאַר־שלאָגן און רעזאָלוציעס בנוגע די מעגלעכע אָדער געוואונטשענע מאָדיפיקאַציעס. דער קאָמיטעט גופא איז באַשטאַנען פון פּאָליאַקן און האָט געהאַט פאַר אַ סעקרעטאַר סטאַניסלאַוו (האַצקעל) האָגע — אַ גע־וועזענער לובלינער חסיד, וואָס האָט זיך געשמדט. כדי אָבער צו געווינען דעם צוטרוי פון די יידן, איז צוגעגעבן געוואָרן אַ „באַראַט־קאַמער", וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פּוילישן שעף און פינף יידישע מיטגלידער. איר סעקרעטאַר איז געווען יאַן גליקס־בערג, אַ מיטגליד פון אַ פאַרפּוילישטער טיילוויז שוין אויסגעשמדטער משפּחה, אַ פּראַטעזשע פון פירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי. דער ערשטער קאָנקרעטער באַשלוס פון דעם קאָמיטעט איז געווען צו גרינדן אַ ראַבינער־שול, וואָס זאָל דערציען אַ נייעם טיפּ יידישן „גייסטלעכן", וואָס זאָל מיט דער צייט פאַרבייטן דעם אָרטאָדאָקסישן רב. אַזאַ מין שול, האָט דער קאָמיטעט געטענהט, וועט מיט דער צייט ברענגען די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג צום „מעמד פון אַלגעמיינער ציוויליזאַציע". גלייכצייטיק איז געווען אַ פּראָיעקט אָפּצושאַפן די עטלעכע מלוכה־שולן פאַר יידישע קינדער, וואָס זיינען געעפנט געוואָרן אין וואַרשע אין 1820 (אויף דער פּראָווינץ איז נאָך נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו האָבן ענלעכע שולן) און

זיך באַמיען אַז יידישע קינדער זאָלן באַזוכן אַלגעמיינע שולן. כדי דאָס זאָל זיין מעגלעך, האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן צו ווירקן אַז „די קריסטלעכע קינדער זאָלן נישט רודפן די יידישע יוגנט".

די ראַבינער־שולע האָט מען געעפנט דעם 26טן נאָוועמבער 1826, און הגם מען האָט פאַרטיילט גענוג סטיפּענדיעס, איז אָבער די צאָל תלמידים אין אָנהויב געווען ביז גאָר קליין. די יידן האָבן געמוזט אויסהאַלטן די עלעמענטאַרע שולן, ווי אויך די ראַבינער־שול — פון דער הכנסה פון כשר־פלייששטייער, בעת די נישט־יידישע בילדונג־אינסטיטוציעס זיינען אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דער מלוכה גופא.

אַ וויכטיקער פונקט אין פּראָגראַם פון „ציוויליזירן" די יידן איז געווען די פאַרשטאַרקונג פון צענזור־שוועריקייטן אויף יידישע און העברעאישע ביכער. חוץ דעם האָט מען נאָך געפּלאַנט איבערצוזעצן דעם תלמוד אויף... פּראַנצויזיש, כדי עס זאָל זיין גרינגער צו... פּאָלאָניזירן די יידן. די גאַנצע אַרבעט פונם „יידן־קאָמיטעט" איז געווען אַ ביוראָקראַטישע „פאַרבעסערונג"־פּאָליטיק, געפורעמט לויט די דייטשע אַפירן.

בעת די דאָזיקע פּלענער וועגן אַ „מאָראַלישער רעפאָרם" פאַר יידן זיינען דורכגעפירט געוואָרן, נישט געקוקט אויף אָפענע און פאַרמאַסקירטע פּראָטעסטן, — איז אין יידישן לעבן פאָרגעקומען אַ טיפע עקאָנאָמישע קאַטאַסטראָפע. וועגן די רעווירן און אַנדערע גזירות איז שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן. די שטייערן, וואָס יידן איז אויסגעקומען צו צאָלן, זיינען געוואַקסן פון יאָר צו יאָר. עס איז זיי געווען אַזוי שלעכט, אַז די „באַראָט־קאַמער" פון „יידן־קאָמיטעט" האָט אין אַ באַריכט אָנגעוויזן: יידן זיינען נישט בכוח אויסהאַלטן פינאַנציעל די שולן, וואָס מען האָט אויף זיי אַרויפגעצוואונגען, ווייל ניין־צענטל פון זיי לעבט אין שרעקלעכער אָרימקייט.

איניקע פון די פּראָמינענטע פּוילישע פּובליציסטן, ווי דער פּאַטריאָט־רעוואָלוציאָנער וואַלעריאַן לוקאַשינסקי אָדער דער עקאָנאָמיסט וואַווזשיניעץ סוראָוויעצקי, האָבן אָנגעוויזן, אַז די רעגירונג איז אייגנטלעך שולדיק אין דער לאַגע פון די יידן.

„דער רוב פון יידן — האָט סוראָוויעצקי געשריבן — האָט תמיד געלעבט און לעבט נאָך היינט אין אַ שוידערלעכער אָרימקייט. דער דלות, לערנט אונדז די דערפאַרונג — איז דער פאָטער פון פינצטערניש און פאַרברעכנס".

לוקאַשינסקי האָט שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס מען לאָזט נישט צו יידן אין די צעכן, בעת פרעמדע, ד"ה דייטשן, נעמט מען אַריין אָן שום מניעות.

דאָס זיינען געווען איינצלנע שטימען, וואָס זיינען פאַרהילכט געוואָרן אינם גרויסן כאָר פון אַנטייידישע פּובליציסטן, — צווישן זיי אפילו אַזאַ ווי מוריצי מאָכנאַצקי, וועלכער ווערט באַטראַכט ווי אַ ראַדיקאַל. זיי האָבן געשריבן אַז פּוילן מוז האָבן פּוילישע שטעט און ממילא מוז קודם־כל געשאַפן ווערן אַ פּוילישער מיטלשטאַנד־קלאַס.

ערב דעם פּוילישן אויפשטאַנד האָט די יידישע מאַסע פאָרגעשטעלט אַ טרויעריק בילד. דאָס רוב יידן האָבן געהאַט נעבעכדיקע פּרנסות, געווען פאַרשטופּט אין אַ טעמפּן ווינקל פון עקאָנאָמישער פאַרגליווערטקייט, הגם דאָס לאַנד האָט דווקא אין יענע יאָרן שטאַרק פּראָגרעסירט אויפן אינדוסטריעלן געביט. יידן האָט מען אָבער נישט צוגעלאָזט צו מיטאַרבעט אין דאָזיקן עקאָנאָמישן אויפבלי. מען האָט נישט געוואָלט אַז אויך זיי זאָלן געניסן פון דער ברכה פון פאַרדינען אויף ברויט. נאָר אַ הייפל גבירים, דאָס רוב פאַרוועניס, האָט זייער שנעל אַרויפגעקלעטערט אויפן העכסטן שטאַפּל פון דער געזעלשאַפטלעכער היעראַרכיע, אַדאַנק זייערע מיליטערקאָנטראַקטן, מאָנאָפּאָל־אַרענדעס און אַנדערע געשעפטן אין וועלכע אַ סך פּוילישע באַאַמטע זיינען געווען אַנאָנימע שותפים. אין די פירנדיקע קרייזן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט האָט מען זיך מיט די דאָזיקע רייכע יידן שטאַרק געמיאוסט, אָבער דאָך זיך געמוזט רעכענען... אָט די גרופּע האָט געלעבט מיט מענטשן גלייך. זי האָט שטאַרק געהיט איר העגעמאָניע איבער די יידישע מאַסן, ווייל זי האָט פון צייט צו צייט צוגעוואָרפן אַ צדקה ביינדל דעם אָרימען יידן.

דער פּאָליאַק אַנטאָני אָסטראָווסקי — שרייבט אין יענער צייט, אַז אַזאַ סאָציאַלע אומגלייכקייט, ווי עס הערשט צווישן יידן אין פּוילן, האָט ער אין ערגעץ נישט געזען. „די מערסטע יידן — שרייבט ער — גייען אין שמאַטעס, אַ לאַך אויף אַ לאַך, און אויף דער לאַטע נאָך אַ לאַך. דאָס איז דער בגד פון דער יידישער אָרימקייט, בעת די רייכערע פּאַראַדירן אין זיידענע זשופּאַנעס, די הויכע קעפּ זייערע זיינען באַפּוצט מיט ביבער, קונע אָדער סויבל אַאַז"וו". דאָס זעלבע שרייבט ער וועגן די יידישע פרויען. — „אָבער דאָס רעשט, דאָס פאָלק! עס רייסט די אויגן, עס איז ממש אַ חרפּה און בושה! וואָס פאַר אַ דלות! דאָס האַרץ רייסט פון רחמנות!".

די זעלבע שפּיץ־יידן וואָס האָבן דעקלאַמירט וועגן פּראָגרעס, האָבן ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסגעוויזן זייער רעאַקציאָנערן פּרצוף. אין דער פראַגע שול־בילדונג פאַר יידן זיינען זיי געגאַנגען יד־אחת מיט די חסידישע רביים, וואָס האָבן באַקעמפט יעדן געדאַנק צו מאַכן קאָנסטרוקטיוו דאָס יידישע לעבן. חסידות איז גראָד צו יענער צייט געוואָרן שטאַרק פאַרשפּרייט אין קאָנגרעס־פוילן. דער פאַקט, וואָס דער אַנטי־יידישער מאָטיוו איז אַזוי שטאַרק אין

דער פובליציסטיק פון יענער תקופה, איז דער בעס־טער סימן פאַר דעם. עס וואַקסן אין צאָל פאַרשידענע ווינקל־רביים און בעל־מופתים. זייער ראָל שפיגלט זיך אָפ אפילו אין פראָצעסן, וואָס קומען פאָר דערהויפט אויף דער פראָווינץ, וואו די סיכסוכים צווישן פאַרשידענע שיטות ווערן דערליידיקט פון פוילישע ריכטער, לויט אַן עקספערטיזע פון משכּילישע עדות.

ווי אַ סימן פון גרויס אָרימקייט און הילפלאָזן טאָפטשען זיך אין אַ טעמפן ווינקל פון עקאָנאָמישן יאוש, דאַרף אויך באַטראַכט ווערן דער וואוקס פון דער יידישער אונטערוועלט. אין דער געשיכטע פון דער פוילישער געהיים־פאָליציי האָט די דאָזיקע אונטערוועלט אַריינגעשריבן אַ טרויעריק בלעטל. מסירות, פראָסטיטוציע, קרימינעלע פאַרברעכן, האַנדל מיט געגנבעטע סחורות — דאָס זיינען געווען די אומפאַרמיידלעכע פירות פון יענער תקופה פון געפאַלנקייט.

איזאָלירט, ווי אין אַ טורעם פון עלפאַנטביין, לעבט זיך די יידישע בורזשואַזיע. אין איר זכות וועגעטירט אויך אַ הייפל משכּילים אין וואַרשע און אויף דער פראָווינץ. די קינדער פון די דאָזיקע „אויסדערוויילטע", ווי זיי האָבן זיך גופא טיטולירט אין די פעטיציעס און בקשות צו מלכות, זיינען שוין אינגאַנצן פאַרפוילישט און אייניקע פון זיי אפילו פאַרקאַטוילישט. דער טיפ פאָליאַק פון משה רבינוס גלויבן באַווייזט זיך אין יענער צייט, הגם דער טערמין איז אין פוילן גופא אַ סך עלטער און דאַטירט זיך פון דער צייט פון פיר־יאָריקן סיים (1788—1792). אַסימילאַציע ווערט אָבער נאָך נישט באַטראַכט ווי אַ סאָציאַלע שיטה, הגם די פובליציסטיק האָט עס געפריידיקט: עס איז נישט קיין ענין, וואָס קען באַאיינפלוסן די ברייטע יידישע מאַסן. אַסימילאַציע איז אַ ריין־פערזענלעכע פריווילעגיע, וואָס ווערט דערוואָרבן דורך אייגענע פאַרדינסטן אין טאָפלען זין פון וואָרט. ממילא ווערט די דאָזיקע פריווילעגיע געהיט ווי אַן אויג אין קאָפ. די פיאָנערן פונם אַסימילירטן שיכט האָבן, אין תוך גענומען, מורא פאַר אַסימילאַציע. ווי בערזע־מעקלער האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז וואָס ווינציקער אַקציעס עס איז דאָ אויפן מאַרק, אַלץ וואָגיקער און ווערטפולער זיינען זיי. דערפאַר זיינען זיי געווען קעגן דער דעמאָקראַטיזאַציע אפילו פונם אַסימילאַציע־געדאַנק. אָבער די שנעלע אינדוסטריאַליזאַציע פון לאַנד האָט נישט געקוקט אויף אַלע מניעות, פאָרט אַריינגענומען אַ קרייז יידן אין דער וועלט פון האַנדל און אינדוסטריע. ממילא קומט פאָר אַ פראָצעס פון פראַקטישער פאָלאָניזאַציע. נישט די עטלעכע שולן פאַר יידישע קינדער, וואָס האָבן עקזיסטירט זינט 1820, און נישט די ראַבינער־שול האָט גורם געווען דעם דאָזיקן פאָלאָניזאַטאָרישן פראָצעס... עס האָט דעצידירט דאָס לעבן. ערגעץ וואו אויף די ברייטע אָדער שמאָלע ראַנדן פון עקאָנאָמישן לעבן האָט זיך געפונען פלאַץ פאַר אַ יידישן בוכהאַלטער, האַנדלס־אַנגעשטעלטן, אַגענט אאַז"וו — באַשעפטיקונגען, וואָס האָבן געפאָדערט קענטעניש פון לשון המדינה. רעקרוטירט פון מתנגדישע, ווייניקער פון די חסידישע, קרייזן, פון די גרעסערע שטעט בכלל און פון וואַרשע בפרט, — האָבן זיך די דאָזיקע יידן, דאָס רוב אַוטאָדידאַקטן, אַ וואָרף געטאָן מיט אַ געוואַלדיקער התמדה צו לערנען וועלטלעכע לימודים. אַרום אָט די דאָזיקע „פאָטענציעלע שלמה מיימאָנס", ווי עס שרייבט אַ מיטצייטלער, וויקלט זיך פאַנאַנדער אַ לעגענדע פון מוטיקע קעמפער קעגן דער פינצטערער יידישער גאַס. דער „קוריער וואַרשאַווסקי", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1821, שפאָרט נישט קיין פלאַץ צו דערציילן וועגן די „נעכטיקע סרולקעס און מאָשקעס", וואָס אַבאָנירן זיך שוין אויף דער דאָזיקער צייטונג, און וואָס שרייבן אַ גוטן פויליש. און טאַקע אין 1825 באַווייזט זיך אויף די שפאַלטן פון דער דאָזיקער צייטונג דער ערשטער ייד־מיטאַרבעטער. ער שרייבט נישט וועגן יידן, ווי דאָס וואָלט געטאָן אַזאַ טיפ אין דייטשלאַנד און אפילו אין רוסלאַנד. ער שרייבט וועגן עקאָנאָמישע פראַגן פון לאַנד, וועגן אַקציעס און בערזע־ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ סך מער בשותפותדיקס מיט די פאָליאַקן פון „נישט־מאָזאַישן גלויבן", איידער, למשל, די פראָבלעמען פון יידישן חינוך אָדער יידישער אָרימקייט.

ביסלעכווייז וואַקסט דער דאָזיקער קרייז פון „אַליין עמאַנציפירטע" יידן. די דאָזיקע פאָלאָניזירטע בוכהאַלטערן און האַנדלס־אַגענטן זיינען מיט זייער דערפאָלגרייכער טעטיקייט געוואָרן אַ מוסטער פאַר אַנדערע. אַברהם שטערנס רעכן־מאַשינען האָבן מער „אַסימילירט", ווי די דרשות פון פראָפעסיאָנעלע משכּילים, הגם דער פרומער שטערן האָט דווקא דעם פועל־יוצא פון זיינע רעכן־דערפינדונגען — נישט אויסגערעכנט.

געוועזן איז די דאָזיקע אַסימילאַציע אַ זאַכלעכע, מער ראַציאָנאַליסטיש אויפגעפאַסט, און ווינציקער נאַציאָנאַל אָדער עמאָציאָנאַל. מען מוז דעם דאָזיקן פענאָמען גוט פאַרשטיין, איידער מען טרעט צו צו שילדערן די שטעלונג פון יידן אין דער מלחמה צווישן פוילן און רוסלאַנד, אין יאָר 1831. די נאַציאָנאַל־פאַטריאָטישע איינשטעלונג איז נאָך געווען פרעמד אפילו די יידן, וואָס זיינען פאַרמעל שוין געווען פאַרפוילישט: די דאָזיקע אידעאָלאָגיע האָט מען דאָך צוליב צענזור־טעמים נישט געפרעדיקט אָפן, נאָר מער אין די מאַסאָנישע אָרגאַניזאַציעס פון קאָנספיראַטיוון כאַראַקטער, וואוהין די יידן האָבן קיין צוטריט נישט געהאַט. די פוילישע דערציאונג,

וואָס האָט פאַרמאָגט אָט יענע עמאַנציפּאַנעלע פּאַטריאָטישע באַפאַרבונג, איז געקומען פון די געהיימע יוגנט־קרייזן. די פאַרפּוילישטע יידישע בורזשואַזיע האָט געהאַלטן מיטן פינאַנץ־מיניסטער קסאַווערי לובעצקי, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט די פּראַקטישע פּוילישע פּאָליטיק פון אויסנוצן די עקאָנאָמישע קאָניונקטור, וואָס דאָס אינדוסטריעל־אָפּגעשטאַנענע רוסלאַנד האָט געשאַפן פאַר דער יונגער און אימפּעטיקער פּוילישער אינדוסטריע. די יידישע בורזשואַזיע האָט אָנערקענט פּוילן ווי אַ מלוכה אַזוי ווי זי איז, לויט דעם באַנעם, וואָס איז בכלל כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ קלאַס, וואָס באַזיצט עפּעס און וויל דאָס נישט פאַרלירן. עס איז געווען אַ פּוילישקייט, וואָס איז פון פאָרמעלן שטאַנדפּונקט געווען וואָס מען רופט אָן לאָיאַל: אברהם שטערן, דער נישט־געקרוינטער פירער פון די מתנגדים, שרייבט אין 1825 אַ הימן און אַ תפילה לכבוד דער קאָראָנאַציע פון ניקאָלאַי דעם ערשטן פאַר מלך פון פּוילן. מצד שטערנען איז דאָס נישט געווען קיין אַנטי־פּוילישער אַקט. דאָס איז געווען דער לעגאַליזם פון אַ מענטשן, וואָס האָט אין תוך גענומען, זיך געהאַלטן פאַר אַ פּוילישן פּאַטריאָט און וואָס האָט אָן שום רעזערוואַציעס אָנגענומען דעם פּראָגראַם־מינימום פון דער השכלה, אַז יעדער ייד איז מחויב צו קענען דעם לשון פון דער מדינה, הגם שטערן האָט אַנדערש פאָרמולירט די מעטאָדן און וועגן צו דערגרייכן דעם דאָזיקן מינימאַלן פּראָגראַם. דעם פּאַטריאָטיש־פּוילישן פּראָגראַם האָט ער בכלל נישט געקענט תופס זיין.

דער אויפשטאַנד פון 29טן נאָוועמבער 1830 איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ סך סיבות, הגם קיין איינע פון זיי איז נישט געווען פון אַזאַ וויכטיקייט פאַר דער מערהייט פון די, וואָס זיינען געשטאַנען ביים פּאָליטישן רודער פון לאַנד, אַז מען זאָל אים באַרעכטיקן. אמת אַלע האָבן זיך געוואונטשן אַן ענדערונג אין לאַנד. די קאָנסטיטוציע איז געווען נישט מער ווי אַן אָנשטעל פון פּאַרלאַמענטאַרישער כמו־אָנשטענדיקייט, בעת אין דער אמתן איז דער געזעץ געווען הפקר. די „סאָלידע" בירגער זיינען פרייוויליק געגאַנגען אויף קאָמפּראָמיסן, כדי אויסצומיידן די מעגלעכקייט צו פאַרוואַנדלען די אָפּאָזיציאָנעלע ווערטער אין פלייש און בלוט פון רעוואָלוציאָנערע מעשים. דער יונגער דור פון אָפיצירן, פאַר וועמען עס האָט זיך פאַרמאַכט די טיר, וואָס פירט צו די העכערע שטאַפּלען פון מיליטערישע פּראָמאָציעס, האָט אויף אַ געשיקטן אופן קאָמבינירט פּערזענלעכע אינטערעסן מיט די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס צוריק צו געווינען די כמעט פאַרלאָרענע פרייהייט. אַזאַ חשובער און וואָגיקער עדות, ווי גענעראַל פּראָנדזשינסקי שרייבט, אַז די יונגע אָפיצירן האָבן דערזען פאַר זיך אַ גינציקע קאָניונקטור אויף צו אַוואַנסירן דורך אַ מלחמה, וואָס וועט אפשר אויך ברענגען אַ טעריטאָריעל פאַרגרעסערט פּוילן און ממילא אַ מעגלעכקייט אויסצוברייטערן די אַזוי פאַרשמעלערטע עפּאָלעטישע פּערספּעקטיוון.

„עס איז אַ טרויעריקע זאַך, וואָס זאָגט עדות אויף אונזער אומבאַהאָלפנקייט, שרייבט אַ פּראָמינענטער שרייבער פון יענער תקופה (מיכאַל גראַבאָווסקי), — אַז אַ פאָר הונדערט יונגע לייט, אָן שטעלעס און אָן ווירקונג, האָט אונז אַרויפגעצוואונגען אַ רעוואָלוציע קעגן אונזער ווילן און קעגן אונזער חשק".

דאָס איז געווען די שטימע פון אַלטן דור, וואָס האָט מורא געהאַט צו פאַרלירן דעם טאָפּ לינזן, וואָס דער געניאַלער רוסאָפילישער פינאַנץ־מיניסטער לובעצקי האָט זיי אונטערגעטראָגן פאַר דער בכורה פון אַ נאַציאָנאַל פאַרשמעלערטער זעלבשטענדיקייט. דער עלטערער דור פון העכערן אָפיצירטום, וואָס האָט מיטגעמאַכט זיין „שטורעם און דראַנג פּעריאָד" אין די העלדישע נאַפּאָלעאָנישע מלחמות, האָט געוואָלט רואיק געניסן די פּירות פונעם מלחמה־בוים פון זייער יוגנט. די יונגע פּוילישע בורזשואַזיע, די ריין־פּוילישע, ווי אויך די דייטשע און די יידישע, האָט געציטערט איבער די ריווחים פון די אַקציעס פון דער „באַנק פּאָלסקי", וואָס געעפנט אין 1828 האָט זי מאַניפעסטירט די פרילינג־צייט פונעם בליענדיקן קאַפּיטאַליזם, וועמעס שפּייז־קאַנאַלן עס זיינען געווען די ברייטע רוסישע גובערניעס, וואָס האָבן פאַרשלונגען מיט יעדן יאָר אַלץ מער און מער די פּראָדוקטן פון דער פּוילישער אינדוסטריע.

די רעוואָלוציע איז געווען אויסגעליידיקט פון וועלכן ס'איז סאָציאַלן רעפאָרם־פּראָגראַם, הגם אָן אַזאַ פּראָגראַם איז געווען ריזיקאַליש אין אַ תקופה פון גרויסע דעמאָקראַטישע אידעאַלן — אָנצוהויבן אַ קאַמף אין נאָמען פון פרייהייט קעגן דעספּאָטיזם.

די צענטראַלע פראַגע פון אַ פריי פּוילן איז געווען די פּויערים־פראַגע. מען האָט מורא געהאַט צו באַפרייען די פּויערים, ווייל די שלאַכטע אין ליטע און אוקראַינע וואָלט נישט צוגעשטאַנען צו אַ רעוואָלוציע, אין וועלכער „כאַמעס" שלאָגן זיך צוזאַמען מיט די „פּאַנעס". לימאַנאָווסקי, דער היסטאָריקער פון די פּוילישע סאָציאַלע באַוועגונגען, שרייבט, אַז די שלאַכטע האָט געוואָלט בעסער פאַרבלייבן אונטערן דעספּאָטיזם פון צאַרישן רוסלאַנד, איידער צו זיין „פריי" און פאַרלירן די פּויערים. אין אַ לאַנד, וואו 75 פּראָצענט פון איר אַרבעטס־קראַפט איז באַשטאַנען פון פּויערים, וואָס האָבן געקענט זיין אַ וואָגיקער פיזישער אָנשפּאַר פאַר דער אַרמיי און אַ מאָראַלישע שטיצע פאַר דער אידעאָלאָגיע פון קאַמף; אין אַ לאַנד וואו דער פאַבריק־פּראָלעטאַריאַט

איז געווען מער דייטש, ווי פּויליש, — אין אַזאַ לאַנד איז די רעוואָלוציע געווען פאַרמשפּט צו אַ מפּלה. דווקא אין קאָנגרעס־פּוילן איז די לאַגע פון די פּויערים געווען די ערגסטע אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע טיילן פון אַמאָליקן פּוילן: אָן אַ שטאַרקער אָפּאָזיציע מצד דער געזעלשאַפט האָט מען דאָ צוריק איינגעפירט שמיץ, די אַלטע שטראָף פאַר פּויערים. די פּריצים האָבן צוגענומען ביי די פּויערים די פּרוכטבאַרסטע שטחים ערד און זיי געגעבן די ערגסטע.

דעם 2טן פעברואַר 1831 האָט זיך אין זשורנאַל „נאָוואַ פּאָלסקאַ" באַוויזן אַן אַרטיקל פון מאָכנאַצקי א. נ. „זיין אָדער ניט זיין", אין וועלכן ער שטעלט די דאָזיקע האַמלעטישע פראַגע: צי קען די מיליטערישע רעוואָלוציע זיך פאַרוואַנדלען אין אַ סאָציאַלן אויפברויז? אָבער עס איז געווען גאָר ווייט פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. די וואָס האָבן איבערגענומען די אָנפירערשאַפט פון דער מלחמה, זיינען געווען קעגנער פון וועלכער עס איז רעוואָלוציע, אפילו אַ נאַציאָנאַלער, ווייל אין דער אמתן האָבן זיי געהאָפט איבערצובעטן דעם צאַר ניקאָלאַי און דערפאַר קריגן געוויסע הנחות און אויף אַזאַ אופן אויסמיידן אַ בלוטיקן קאַמף. די מינדסטע סאָציאַלע רעפאָרמען און אפילו רמזים אויף אַזעלכע רעפאָרמען וואָלטן זיכער געווען אַ שטער פאַר אָט די פאַרהאַנדלונגען. ווען אין סיים האָט מען נישט געוואָלט דערליידיקן די פּויערים־פראַגע, האָבן די פּויערים זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אין דער אַרמיי און ערטערווייז אפילו געשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד.

די יידישע באַפעלקערונג האָט קיין ענלעכן ווידערשטאַנד נישט געקענט שטעלן, ווייל מען האָט איר אפילו אַזאַ געלעגנהייט נישט געוואָלט געבן.

אויב פאַר דער פּויערים־פראַגע איז לכל־הפּחות געווען אַ געוויסער געזעלשאַפטלעכער רעזאָנאַנס, איז פאַר דער יידן־פראַגע אפילו אַזאַ טעאָרעטישער אינטערעס נישט געווען בנמצא. אין די ערשטע טעג פון דער בהלה, וואָס האָט באַלד באַוויזן די אומבאַהאָלפנקייט פון דער רעגירונג, האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז יידן האָבן צוליב ספּעקולאַציע באַהאַלטן גאָלד און זילבער. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אין גיכן „וועט מען אויסשעכטן די יידן, אַז בלוט וועט זיך גיסן אין די גאַסן און אַז דאָס פאָלק וועט אויסראָטן אַלע בעלי־בתים". אין די יידישע גאַסן האָט מען טאַקע געראַבעוועט געשעפטן, די רעגירונג האָט אָבער אונטערדריקט די דאָזיקע אומרוען. ווי די ערשטע טויב פון אַ „יידישן פרילינג" איז געקומען דאָס אָפּשאַפן דעם „טאָג־צעטל". אָבער די דאָזיקע גוטע בשורה איז נייטראַליזירט געוואָרן דורך אַן אַנדער בשורה, אַז מען וועט יידן אין דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע נישט נעמען, ווייל מען נעמט צו נאָר בירגער. געגעבן האָט מען קלאָר צו פאַרשטיין, אַז יידן מעגן אָרגאַניזירן אייגענע מיליטערישע פאָרמאַציעס און אַז די רעגירונג איז גרייט צו באַלוינען יידן־וואָלאָנטירן מיט בירגער־רעכט. אינספּירירט פון אַזאַ צוזאָג, האָט אַ תלמיד פון דער ראַבינער־שול, סני הערניש, אַ מחבר פון עטלעכע שלעכטע לידער אויף פּאַטריאָטישע מאָטיוון, זיך באַמיט צו קריגן אַ דערלויבעניש צו גרינדן אַ יידישן רעגימענט. דאָס איז אים אָנגעקומען אָן שוועריקייטן. אַ סך שווערער איז אָבער געווען צו פּועלן ביי דער וואַרשעווער קהילה, אַז זי זאָל שטיצן אַזאַ מיליטערישע אונטערנעמונג. פאַר די אַסימילאַטאָרן איז די פראַגע פון אַ רעגימענט געווען פּרינציפּיעל נישט אָננעמבאַר: אַזאַ פאָרמאַציע וואָלט געווען אַ מאַניפעסטאַציע פון סעפּאַראַטיזם; דערפאַר זיינען זיי געווען קעגן דעם. פאַר די אָרטאָדאָקסן איז דער גאַנצער ענין געווען אַ געפערלעכער פון ריין־רעליגיעזן שטאַנדפּונקט. די רעגירונג האָט געמוזט גיין אויף קאָמפּראָמיסן און צולאָזן אין די רייען פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע יענע יידן, וואָס זיינען גרייט מקריב צו זיין זייערע... בערד און פּיאות אויפן מזבח פון מאַרסן. די פראַגע פון צולאָזן בערדיקע יידן אין די מיליטערישע פאָרמאַציעס — איז געווען אַ גראָטעסקע פראַגע, געלופטערט אין אַ טראַגישער סיטואַציע. די אָרטאָדאָקסן האָבן באַנייט זייערע בקשות וועגן אָננעמען יידן מיט בערד אין דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, און מאָטיווירט, אַז „דאָס גאָלן די בערד דריקט נישט אויס קיין פריינטלעכקייט צום לאַנד און גיט נישט צו קיין העלדישקייט". מיט אַ פלינקייט, דיקטירט פון דער דרינגענדיקער סיטואַציע, איז תיכף געפונען געוואָרן אַ קאָמפּראָמיס. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן, דערווייל נאָר אין וואַרשע, אַ שטאָטישע גוואַרדיע פון יידן, אַ מין זיכערקייט־פּאָליציי — וואו יידן מיט בערד זאָלן אויך אַריינגענומען ווערן, אָבער נאָר אַזעלכע וואָס פאַרמאָגן אַ געוויסן מינימאַלן קאַפּיטאַל. אויף אַזאַ אופן האָט מען פאַרמאַכט די טירן פאַר „עמך", צווישן וועלכן עס זיינען געווען מער צוגעפּאַסטע קאַנדידאַטן פאַר שטאָט־שומרים, איידער צווישן דעם יידישן מיטלשטאַנד־קלאַס און דער בורזשואַזיע.

די אָרימע שיכטן, בפרט די בעלי־מלאכות, האָט מען מאָביליזירט פאַר די מיליטער־וואַרשטאַטן און מען האָט אפילו געפּועלט ביי די רבנים צו געבן אַ היתר אויף אַרבעטן שבת, ווייל דאָס לאַנד געפינט זיך אין אַ סכנה. אויף דער פּראָווינץ איז בדרך כלל געווען אַ גרויסע גלייכגילטיקייט, הגם דאָ און דאָרט האָבן יידן מאַניפעסטירט זייער גרייטקייט צו העלפן דעם אויפשטאַנד. גענומען האָט זיך די דאָזיקע גלייכגילטיקייט פון די שרעקלעכע נגישות, וואָס יידן האָבן

געמוזט אויסשטיין פון די פּוילישע מיליטערישע אָפּטיילונגען.

סאָלדאַטן און אָפיצירן פלעגן אויספירן טויט־אורטיילן אויף יידן, כלומרשטע שפּיאָנען, אָן שום געריכט. מען האָט געהאָנגען יידן, געמאַכט פּאָגראָמען אויף זיי „אַזוי פּשוט צוליב טעראָר", ווי עס שרייבט אַ פּוילישער גענעראַל אין זיינע מעמואַרן. די יידן, שרייבט אַ פּויליישער פּאָליטיקער פון יענער צייט, זיינען געווען „צום שטאַרקסטן איבערגעשראָקן, געשטאַנען גרופּנווייז אויף די גאַסן, זיך קעגנזייטיק געטיילט מיט פאַרשידענע קלאַנגען און זיך מיישב געווען, וואָס צו טאָן".

אין וואַרשע איז אָבער די לאַגע געווען אַ סך בעסער. דאָ האָט פאָרט געהערשט אַ געזעלשאַפטלעכע מיינונג: אונטער דער השפּעה פון די מיליטערישע מפּלות האָט זי אפילו אָנגעהויבן אָפּן רעדן וועגן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן. לכתחילה זיינען די דאָזיקע רייד אַרויס פון די ראַדיקאַלע קלובן, וואו עס איז געווען אַ באמת דעמאָקראַטישער עלעמענט. כדי אָבער צו קענען יורידיש דורכפירן די עמאַנסיפּאַציע פון יידן, האָט מען קודם־כל געמוזט אָפּשאַפן דעם רעקרוטן־שטייער, וואָס יידן האָבן געצאָלט און פאַרבייטן אים מיט אַ געזעץ פון מיליטער־דינסט פאַר יידן.

בעת אין אָנהויב איז די רעוואָלוציאָנערע טעמפּעראַטור פון דער אַסימילירטער יידישער יוגנט אין וואַרשע שטאַרק געשטיגן, האָט זי אָבער געמוזט באַלד פאַלן צוליבן רעזולטאַט פון דער גרויסער יידישער דעבאַטע, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּוילישן סיים, אין חודש מאַי פון יאָר 1831.

עס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל אויף איין יאָר העכערן דעם יידישן רעקרוטן־שטייער אויף פיר מאָל אַזוי פיל. דער דאָזיקער פאָרשלאָג איז מאָטיווירט געוואָרן מיט דעם, וואָס די אַרמיי איז אויך אויף אַזוי פיל פאַרגרעסערט געוואָרן, ממילא מוזן די יידן צוטראָגן אַ פיסקאַלישן עקוויוואַלענט. בעת דער דאָזיקער דעבאַטע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נאָר איינצלנע דעפּוטאַטן האָבן געטראַכט אין די טערמינען פון רעכט פאַר יידן. אייניקע האָבן געהאַלטן, אַז די צייט איז נישט פּאַסיק פאַר „רעפאָרמירן" די יידן. אַנדערע האָבן געטענהט, אַז מען מעג צונעמען פּריווילעגיק יידן און זיי באַפרייען פון רעקרוטן־שטייער. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם, האַלטנדיק, אַז דער רעקרוטן־שטייער איז זייער אוממאָראַליש און איז בכלל שעדלעך. דריי־פערטל יידן זיינען אָן מיטלען צו לעבן און נאָר איין פערטל איז פאַרמעגלעך, — האָט איין דעפּוטאַט געטענהט, און דערפאַר האָט ער פאָרגעשלאָגן אַרויפלייגן אַ העכן שטייער אויף די יידישע גבירים, און די אָרימע לייט נעמען אין מיליטער און גאַראַנטירן זיי בירגער־רעכט.

די פּריצישע איינשטעלונג פונם קריגס־מיניסטער מאָראַווסקי האָט אָבער איבערגעוואויגן אַלע ראיות קעגן דעם מלוכה־פאָרשלאַג. „דעם פּאָליאַק וועט זיין אָנגענעם צו הערן — האָט ער געזאָגט — אַז אין קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט האָט ער זיך נישט געניטיקט אין דער הילף פון פרעמדע פעלקער. עס וועט אָבער זיין זייער אומאָנגענעם אים צו זאָגן, אַז אין דעם זעלבן קאַמף האָט ער זיך נישט געקענט באַגיין אָן ישראלס הילף". די דאָזיקע מאָטיווירונג האָט דעצידירט, און דער פאָרשלאַג פון דער רעגירונג איז אָנגענומען געוואָרן. אין דער פּרעסע האָט די רעזאָלוציע טיילווייז אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט. די מערהייט אָבער האָט געהאַלטן, אַז יידן ווי אַ כלל טויגן נישט פאַר קיין סאָלדאַטן. אַנדערע האָבן אונטערגעשטראָכן די אוממאָראַלישקייט פון אַ סיטואַציע, אין וועלכער דער ייד צאָלט פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פון דעם נישט־יידן.

די אָרטאָדאָקסיע איז — אין תוך — געווען צופרידן מיטן רעזולטאַט פון דער דעבאַטע, ווייל דעם רעקרוטן־שטייער האָט זי מיט גרויס מי אויסגעקעמפט אין 1812 צו דער קעגנזייטיקער צופרידנקייט פון ביידע צדדים. בעת מען האָט אין 1816 צוריק איינגעפירט מיליטער־דינסט פאַר יידן, האָט מען אין יענעם יאָר גענומען אינגאַנצן 500 יידן, און פון זיי האָבן זיך נאָר 144 געשטעלט אין די קאַזאַרמעס. דאָס האָט גורם געווען די ענדערונג פון מיליטער־דינסט אויף אַ רעקרוטן־שטייער, הגם אַ סך פּאָליטיקער, צווישן זיי אויך סטאַניסלאַוו סטאַשיץ, האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם. איצט אינם טראַגישן מאָמענט, ווען די פּוילישע אַרמיי האָט געהאַט אַ גרויסע מפּלה לעבן אָסטראָלענקאַ, — האָט מען אפשר באַדאַרפט האַנדלען אַנדערש, אָבער די אַלטע שלאַכטישע פאָראורטיילן לגבי פּויערים און יידן האָבן גובר געווען.

אַ שפּאָר ביסל יידן האָבן פאָרט געקעמפט אין דער פּוילישער אַרמיי, אייניקע פון זיי ווי באַוואוסטזיניקע פּאָליאַקן, אַנדערע — ווי יידן, וואָס האָבן מיט זייער קאַמף אויף די שלאַכט־פעלדער געוואָלט אויסקעמפן רעכט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן. אין סך־הכל איז דער יידישער חלק אין אויפשטאַנד פון 1831 געווען נישט קיין גרויסער. אויב די רעגירונג האָט זיך נישט באמת צוציען די גרויסע מאַסע פּויערים, וואָס איז פאַר די דירעקטע צילן פון דער רעוואָלוציע געווען פון גרויס וויכטיקייט, איז נישט קיין וואונדער, וואָס מען האָט זיך נישט באמת צו טאָן עפּעס לטובת די יידן.

די „פּראָגרעסיווע" יידן האָבן געהאַט זייערע אילוזיעס, די גרויסע יידישע מאַסע אָבער — נישט.

אין די לעצטע שלאַכטן אידער וואַרשע איז געפאַלן, האָט די מאַסע, די פוילישע און די יידישע, העלדיש געקעמפט און העלדיש געפאַלן. דער דאָזיקער מאָמענט איז געווען דער סאַמע העראָאישסטער אין דער געשיכטע פון דער דאָזיקער מלחמה.

דעם 8טן סעפטעמבער 1831 האָט דער רוסישער גענעראַל, פירשט פּאַסקעוויטש, דעראָבערט די שטאָט וואַרשע. די קליינע מלוכה, דאָס קינד פון די דיפּלאָמאַטישע טאַטעס פון ווינער קאָנגרעס פון 1815, האָט אָפיציעל אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די רודימענטן פון דער מלוכהשער זעלבשטענדיקייט זיינען ביסלעכווייז ליקווידירט. דער גורל פון יידן איז אַריבער אין די הענט פון אַ נייעם בעל־הבית, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענעם און גאָר אַן אַנדערן קוק אויפן גאַנצן ענין, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען: די יידן־פראַגע. די יידן פון קאָנגרעס־פוילן ווערן רוסישע בירגער.

די פירער פון דער קליינער פוילישער מלוכה זיינען צוזאַמען מיט די הויפּט־פּאָליטיקער און מי־ליטער־לייט אַוועק אין „גלות". אין פּאַריז, וואָס איז געוואָרן דער צענטער פון דער פוילישער עמיגראַציע, צווישן וועלכער עס האָבן זיך געפונען אויך עטלעכע צענדליק יידן־עמיגראַנטן, האָט מען אָנגעהויבן דורכ־לופטערן די סיבות פון דער מפּלה פון דער רעוואָ־לוציע און אויך די שטעלונג צו דער פויערים־ און דער יידן־פראַגע. פון דער ווייטנס האָט מען געזען דאָס בילד פון דער מעגלעכער ראָלע פון יידן אין די געשעענישן פון 1831 — אין שטאַרק־גוזמאדיקע קאָלירן. אַזאַ שרייבער ווי מוריצי מאָכנאַצקי האָט איבערגעטריבן די רייכקייט פון די פוילישע יידן, כדי צו ווייזן, וואָס פאַר אַ היזק דאָס לאַנד האָט געליטן צוליב דער יידישער אַבסטינענץ. אַן אַנדער עמיגראַנט האָט אַזוי געשריבן וועגן דער וויכטיקייט פון יידן בעתן אויפשטאַנד: „מיר האָבן זיך גענויטיקט אין הילף, און געהאַט האָבן מיר צווישן אונז אַ פאָלק, וואָס האָט געקענט שאַפן אַ וואָגיקע אַרמיי. מיר האָבן זיך גענויטיקט אין גאָלד, און מיליאָנען האָבן צווישן אונז דאָס געהאַט און געשטעלט צו אונזער רשות. אונזערע באַמיאונגען זיינען געווען צו פאַר־קלענערן די מיליטער־מאַכט פון שונא. מיר האָבן געקענט דאָס אויפטאָן דורך שאַפן יידישע לעגיאָנען, וואָס זאָלן אָפּשלעפּן פון צאַר די פּולקן, וואָס זיינען געווען צוזאַמענגעשטעלט פון יידן. מיר האָבן גע־וואָלט אַנטוויקלען אַ פּראָפּאַגאַנדע — און ווער איז מער פּאַסיק פאַר אַזאַ אַרבעט, ווי יידן, וואָס האָבן ברייטע און פאַרצווייגטע באַציאונגען אין אַלע ווינק־לען פון רוסלאַנד, פּונקט אַזוי ווי אין פוילן".

אַזעלכע פאַנטאַסטישע באַגריפן וועגן דעם כוח און גבורה פון די פוילישע יידן האָט געשפּינט און פאַרשפּרייט די פוילישע פּאָליטישע עמיגראַציע נאָכן יאָר 1831.

דער היסטאָריקער יאָאַכים לעלעוועל (1861—1786) האָט אין זיין „געשיכטע פון פוילן" געגעבן אַן אינטערעסאַנטן איבערבליק איבער דער ראָלע פון יידן אין דער רעוואָלוציע פון 1831. דאָס דאָזיקע קאַפּיטל איז אינגאַנצן געבליבן אומבאַמערקט און איז נישט אויסגענוצט אין די אַרבעטן איבער די יידן אין 1831. דער גרויסער היסטאָריקער האָט געהאַלטן, אַז דער טעות פון דער רעוואָלוציע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אירע פירער האָבן נישט געהאַט קיין מוט צו באַקעמפן די פאָראורטיילן פון דער פוילישער געזעלשאַפט. מען האָט באַדאַרפט לאָזן פריי פאָרן יידן צו באַשטימען וואָס ער וויל טאָן: וויל ער מיטקעמפן מיט די פּאָליאַקן, וועט ער זיין באַלוינט מיט בירגער־רעכט; די וואָס ווילן שטיין אָן אַ זייט אָדער פאַרשטייען נישט די וויכטיקייט פון דעם קאַמף, דאַרף מען לאָזן בכלל צו רו. לע־לעוועל איז געווען זיכער, אַז אַזאַ לייזונג פון דער פראַגע וואָלט שטאַרק פאַרגרעסערט דעם לאַגער פון „די מענער פון פּראָגרעס" און ממילא די צאָל פוילישע בירגער.

„דאָס איז ליידער נישט פאָרגעקומען — שרייבט לעלעוועל. — גאָט האָט אין זיינע פעלקער נאָך נישט דערוועקט דעם חוש פאַר אחדות. דאָך האָבן איניקע יידן געבראַכט גרויסע קרבנות אויפן מזבח פון בשותפותדיקן פאָטערלאַנד. אַנדערע האָבן העלדיש געקעמפט אין די רייען פון דער אַרמיי. עס זיינען אפילו געווען געגנטן, וואו די גאַנצע באַפעלקערונג האָט זיך אויפריכטיק אַרויסגעזאָגט לטובת דעם פאָלקס־קאַמף. דאָס באַרעכטיקט צו האָפן, אַז להבא וועט דאָס פאָלק ישראל צוזאַמען מיט דער פויל־ישער נאַציע מיטאַרבעטן כדי צוריק־אויפבויען איר זעלבשטענדיקייט און פאַרדינען די פּאָליטישע רעכט, וואָס וועלן זיין ווי אַ לוין פאַר דער דאָזיקער הילף".

אָט די געדאַנקען פון לעלעוועלן זיינען געוואָרן אַן אָביעקט פון טעאָרעטישע וויכוחים אויף דער עמיגראַציע. דער פּלאַטאָנישער ליבעראַליזם האָט געפונען אַ וואַרימען אָפּקלאַנג ביי די דעמאָקראַטיש־געשטימטע גרופּעס פון די מערב־אייראָפּעאישע פעלקער. די פּאָלאָנאָפילישע באַוועגונג, וואָס האָט זיך אַזוי פאַרשפּרייט אין מערב־אייראָפּע ערב דעם אויפשטאַנד פון 1831, בעתן אויפשטאַנד און נאָך דער טראַגישער מפּלה, — איז אין אַ גרויסער מאָס געווען די אַרבעט פון יידן. וועגן דער שטיצע פון פראַנקפורטער ראָטשילד פאַר דער פוילישער אַרמיי אין 1831 האָט מען געשריבן אין דער פּרעסע און קאָמענטירט, אַז דאָס איז אַן אויסדרוק פון שנאה צו רוסלאַנד, וואָס האָט איינגעפירט אַ „גהינום־קאַזאַרמע

פּאַר יידישע קינדער״, מיינענדיק דעם קאַנטאָניסטן־סיסטעם.

די פּוילישע פּאָליטישע עמיגראַציע האָט געוואוסט, ווי אַזוי צו דיסקאָנטירן די שטאַרקע אַנטי־רוסישע שטימונגען ביי יידן אין מערב־אייראָפּע. אָבער אויך די שטימונגען האָבן לאַנג נישט געדויערט. די ווירקלעכקייט האָט דיקטירט יידן אַ וועג פון קאָמפּראָמיסן מיט רוסלאַנד, און דאָס האָט ביי די פּני פון דער פּויליִשער עמיגראַציע אַרויסגערופן שטאַרקע אַנטי־יידישע טענער.

קיין פּוילן גופא זיינען די דאָזיקע טענער דערגאַנגען אַ סך שנעלער, ווי די תשובה־טענער פונם פּעריאָד פון דער עמיגראַציע. די ווירקונג פון דאָזיקן אידעאישן קאַמף געהערט אָבער צום קאַפּיטל וועגן דער פּאַסקעוויטש־תקופה.

# V. די יידן אין גרויס־פירשטנטום פויזן

## (1847—1815)



עם 13טן פעברואַר 1813 האָט דאָס פראַנצויזישע חיל פאַרלאָזן די שטאָטן פויזן. דעם זעלבן טאָג איז אין שטאָט אַריין אַ רוסישע מילטערישע אָפּטיילונג. מיט אומרואיקע אויגן האָבן די שטאָט־איינוואוינער — פּאָליאַקן, יידן און דייטשן — געקוקט אויפן מאַרש פון דער רוסישער אַרמיי, און זיך באַמיט צו טרעפן: זיינען זיי געקומען צו באַפעסטיקן אַ נייע הערשאַפט אָדער נישט?

אָפיציעל, איז פויזן — ערשט נעכטן אַ טייל פון פירשטנטום וואַרשע — געבליבן אָן אַ פאַקטישער רעגירונג. אומאָפיציעל זיינען נאָך אַלץ געבליבן די דייטשע באַאַמטע, וואָס זיינען דאָרט געווען זינט 1796 און האָבן געזען דעם אויפקום און אונטערגאַנג פון וואַרשעווער פירשטנטום. מיט דער הילף פון בערלינער עמיסאַרן האָבן די דאָזיקע דייטשע באַאַמטע אָנגעהויבן אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידן, אַז זיי זאָלן זיך דערקלערן פאַר פּרייסישע אונטערטאַנען. במשך פון צוויי יאָר, ביז דער גורל פון פויזנער פּראָווינץ איז ענדגילטיק באַשטימט געוואָרן, האָבן די דאָרטיקע שוין פאַקטיש זיך געפילט ווי אין דער צייט פון פּרייסישער ממשלה.

אין ווין איז באַשלאָסן געוואָרן אויפן קאָנגרעס, (דעם 3טן מאַי 1815), אַז פויזן ווערט צוריק פּרייסיש. דעם 15טן מאַי 1815 איז די פּרייסישע אַרמיי אַריין קיין פויזן און אָקופּירט די טעריטאָריע, וואָס האָט אַרומגענומען אַ שטח פון 536 קוואַדראַט־מייל און געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 779,000 נפשות, פון זיי אַן ערך 40 פּראָצענט דייטשן. די טעריטאָריע האָט אַרומגענומען צוויי דעפּאַרטאַמענטן: פויזנער און בראָמבערגער; 93 שטעט און שטעטלעך און 3794 דערפער.

דעם 15טן יולי 1815 האָט דער פּרייסישער אָבער־פּרעזידענט יאָזעף פאָן צערבאָן דע ספּאָזעטי, אַ פאַרפּרייסישטער איטאַליענער, מודיע געווען דער יידישער איינוואוינערשאַפט, אַז די מלוכה האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו ברענגען אָרדענונג אין יידישן לעבן. די גרויסע צאָל יידן פאַרשאַפט דער רעגירונג אַ סך זאָרג, בפרט נאָך אַז אַ גרויסער טייל האָט נישט קיין פעסטע באַשעפטיקונג. צוליב דעם טאַקע וועלן ווייטער בלייבן אין קראַפט די תקנות פון 1797, — ביז די רעגירונג וועט אויסאַרבעטן די נויטיקע פּלענער בנוגע דער אָרגאַניזאַציע פון די יידן.

לויט אַ ווייט נישט קיין פּינקטלעכן באַריכט פון 1816 האָט דער פויזנער דעפּאַרטאַמענט געציילט 37,767 יידן, פון וועלכע 36,371 האָבן געוואוינט אין שטעט און 1396 — אין דערפער. נאָר פינף יידן האָבן געהאַט בירגער־רעכט. אין די שטעט איז געווען נאָר איין ייד אַן ערד־אַרבעטער. 2942 זיינען געווען בעלי־מלאכות, 5263 שענקערס און הענדלער, 202 „קינסטלער און וויסנשאַפטלער", ד"ה כלי־קודש, כלי־זמרים, זייגערמאַכער א. אַ. אין די דערפער האָבן זיך 26 יידן פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט, 372 מיט האַנדל און שענקעריי און 20 זיינען געווען „קינסטלער און וויסנשאַפטלער".

אין בראָמבערגער דעפּאַרטאַמענט האָט געוואוינט 14,187 יידן, פון דעם 13,836 אין די שטעט און 351 אין די דערפער. נאָר דריי יידן האָבן געהאַט בירגער־רעכט. פון די שטאָטישע יידן האָבן זיך פיר פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט, 1130 — מיט מלאכה, 1614 מיט מסחר און שענקעריי און 371 — מיט „קונסט און וויסנשאַפט". אין די דערפער זיינען געווען: 24 יידן ערד־אַרבעטער, 85 — הענדלער און שענקערס, 10 „קינסטלער און וויסנשאַפטלער".

סך־הכל האָט מען אָנגעציילט 51,954 יידן.

אין 1825 האָט פויזן געציילט 65,131 יידן, און אין 1849 קנאַפּע 76,750. דאָס לאַנד איז געווען זייער ווינציק אינדוסטריאַליזירט. אַזאַ שטאָט ווי בראָמבערג, למשל, האָט געציילט 20 פאַבריקן, אין וועלכע עס האָבן געאַרבעט אינגאַנצן 121 אַרבעטער. אין דער שטאָט פויזן זיינען געווען פינף פאַבריקן: צוויי פון לעדער, איינע פון טוך, איינע פון וואָל און אַ ליכט־ און זייף־פאַבריק. פון זיי האָבן דריי געהערט צו דייטשן און צוויי — צו יידן. דער אָפּזאַץ־מאַרק פאַר די פּראָדוקטן איז געווען נאָר די טעריטאָריע פון דער פויזנער פּראָווינץ. אין דער שטאָט פויזן האָט געבליט שענקעריי. אַ סך בעל־מלאכות האָבן אויפגעגעבן זייער מלאכה און זיך גענומען צו שענקעריי.

לויט אַן אויספאָרשונג פון 1816 האָבן יידן אויסגעמאַכט אין האַנדל, אינדוסטריע און קרעדיט — 63.3 פּראָצענט; אין מלאכה — 34 פּראָצענט און אין פאַרשידענע אַנדערע פּרנסות — 2.5 פּראָ־

צענט. באַזונדער גרויס איז געווען די צאָל יידישע שניידערס, — מער ווי אַ העלפט פון דער אַלגעמיינער צאָל בעל־מלאכות.

די ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציע פון פויזנער פראָווינץ האָט זיך שטאַרק פאַרערגערט, ווען עס איז איינגעפירט געוואָרן אַ צאָל־גרענעץ צווישן רוסלאַנד און פרייסן. דאָס האָט רואינירט דעם מסחר בכלל און די טוך־אינדוסטריע בפרט. אַ סך טוך־אויסאַרבעטער האָבן זיך אַריבערגעקליבן קיין לאָדזש און קיין ביאַליסטאָק. אין 1818 ווערן ליקווידירט די יידישע האַנדלס־פאַרטרעטערשאַפטן אין פרייסן און אין שלעזיע. דער עקספּאָרט קיין רוסלאַנד איז כמעט אינגאַנצן ליקווידירט געוואָרן. די פויזנער סוחרים האָבן געליטן פון אַ שרעקלעכן פינאַנציעלן קריזיס. די נויט האָט געטריבן אַ סך סוחרים צו שמוגלעריי. אין פאַרגלייך מיט די פוילישע פאַבריקאַטן זיינען די פויזנער און די שלעזישע — געווען פון אַ סך אַ העכערן קוואַליטעט. מען פלעגט, זיי שמוגלען קיין פוילן און ליטע און פאַרקויפן ווי דאָרטיקע אויסאַרבעטונגען. אין לאַנד גופא איז געוואָרן ענג. די יידן האָבן נישט געהאַט קיין רעכט זיך צו באַזעצן אין אַנדערע טיילן פון דער פרייסישער מאָנאַרכיע, ממילא האָבן זיי פאַרגרעסערט דעם פויזנער געטאָ, נישט קענענדיק אפילו אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש זיך אַריבערציען אין אַ ווייניקער געדיכטן געטאָ פון דער זעלבער פראָווינץ.

פאַר אַזאַ אָרים אַגראַר־לאַנד ווי פויזן איז געווען צופיל סוחרים. די יידישע באַפעלקערונג איז געווען באַטראַכט ווי אַ געפאַר פאַר דער פוילישער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישער עקספּאַנזיע, וואָס האָט זיך שוין צו יענער צייט אָנגעהויבן. די דייטשן האָבן נישט געגלויבט אַז יידן קענען ווערן אַ גערמאַניזאַציע־כוח אין לאַנד. די מאָביליזאַציע פון יידן פאַרן דייטשן אימפּעריאַליזם איז געקומען ערשט שפּעטער. דערווייל האָבן די יידן געהאַט צוויי פראָנטן קעגן זיך: דעם פוילישן און דעם דייטשישן.

די דאָזיקע סיטואַציע האָט זיך נאָך מער פאַרשאַרפט מיטן וואוקס פון נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישן קאַמף צווישן פּאָליאַקן און דייטשן און האָט גורם געווען אַ שנעלן טעמפּאָ פון יידישער עמיגראַציע אויס פויזן. אין דאָזיקן קאַמף האָבן יידן זיך זייער שנעל געשטעלט אויפן צד פון די דייטשן, מיט דער האָפענונג, אַז דאָס וועט פאַרבעסערן זייער פּאָליטישע און ממילא עקאָנאָמישע לאַגע. פון 117 סוחרים מיט פּאַטענטן, וואָס די שטאָט פויזן האָט געהאַט אין 1822, זיינען 37 פראָצענט געווען דייטשן, 11 פראָצענט — פּאָליאַקן און 52 פראָצענט יידן. אין 1830 זיינען אויף 174 סוחרים געווען 30 פראָצענט דייטשן, 7 און אַ האַלב פראָצ. —פּאָליאַקן און צוויי און זעכציק און אַ האַלב פראָצ. — יידן. זיבן יאָר שפּעטער (1837) איז פון די 261 סוחרים געווען 23 פראָצענט דייטשן, 6 פראָצ. פּאָליאַקן און 71 פראָצענט יידן. אינם דאָזיקן קאַמף זיינען אָבער פראָצענטועל די דייטשן געווען שטאַרקער, אַזוי אַז דער יידישער סוחר איז צעריבן געוואָרן אינם צעפלאַקערטן נאַציאָנאַלן קאַמף. די יידישע עמיגראַציע פון פויזן איז געגאַנגען קיין ענגלאַנד און אַמעריקע, שפּעטער אויך קיין אויסטראַליע.

„צווישן די אָרימע יידישע משפחות פון פויזן — שרייבט אַ היסטאָריקער פון דער שטאָט פויזן — האָט זיך אין צווייטן פערטל פון 19טן י״ה קוים געפונען אַ משפחה, וואָס זאָל נישט האָבן איינעם אָדער צוויי זין, בדרך כלל די טיכטיקסטע און ענערגישסטע, וואָס זאָלן צוליב דער ענגשאַפט און אונטערדריקונג נישט אַוועק פון דער היים מעבר לים. אייניקע פון די דאָזיקע אויסוואַנדערער האָבן צוריקגעבראַכט אין זייער פאָטער־שטאָט (ד״ה קיין פויזן) אַ פאַרמעגן וואָס זיי האָבן שנעל געמאַכט, און האָבן זיך גענומען צו נייע געשעפטן; אַנדערע האָבן זיך אומגעקערט פונקט אַזוי אָרים, ווי זיי זיינען געווען, בעת זיי האָבן אויסגעוואַנדערט".

עס ווערט אויסגערעכנט, אַז אין די יאָרן 1844—1871 איז 2 פראָצענט יידן פון פויזנער באַצירק פאַרלאָרן געגאַנגען צוליב עמיגראַציע.

דער פויזנער שניידער האָט אין אַמעריקע אויפגעבויט די גרויסע באַקלייד־אינדוסטריע, אַזוי אַז ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מזרח־אייראָפּעישע עמיגראַציע, האָט דער נייער יידישער אימיגראַנט געפונען באַשעפטיקונג ביי זיינע ברידער פון דייטשן טייל פוילן, וועלכע זיינען אָנגעקומען קיין אַמעריקע מיט דרייסיק יאָר פריער. די פויזנער יידן האָבן אין דער עמיגראַציע זיך באַטייליקט קנאַפּע 12 מאָל מער, ווי זייער פראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָט אויסגעמאַכט.

די אימיגראַציע אין אַנדערע טיילן פרייסן איז זינט 1833 געווען אַ ביסל פאַרלייכטערט און ערשט נאָך 1848 אינגאַנצן דערלויבט. אַזוי אַז אַ סך פויזנער יידן האָבן זיך באַזעצט אין פרייסן, באַזונדערס אין בערלין. פון איבער 19,000 יידן, וואָס האָבן פאַרלאָזן פויזן אין די יאָרן 1835—1852, דאַרף מען רעכענען אַז דריי־פערטל האָט בכלל פאַרלאָזן דייטשלאַנד און איז אַוועק קיין אַמעריקע, ענגלאַנד און פראַנקרייך.

די רעגירונג האָט זיך באַמיט צו פאַרלייכטערן די לאַגע פון די יידן, אויף וויפיל דאָס האָט איר נישט געשטערט אָנצוהאַלטן דעם סטאַטוס פון נישט־בירגערשאַפט. אָנווענדן דעם פרייסישן עדיקט פון 1812, וואָס האָט די יידן אין פרייסן געגעבן טיילווייזע רעכט, האָט זי נישט געוואָלט, ווייל די צאָל יידן אין פויזן איז געווען צו גרויס. פון צייט־צו־

צייט פלעגט אַ ייד, וואָס האָט זיך אַסימילירט און געהאַט אַ פאַרמעגן, זוכה געווען צו באַקומען בירגער־רעכט. ווי אַ נאָרמע האָט אָבער געדינט די פאָרמולירונג פון דער קאָנסטיטוציע פון גרויס־פירשטנטום וואַרשע, ד״ה אַז יידן זיינען נאָך נישט קיין בירגער פון לאַנד.

מיט אַ כאַראַקטעריסטישער פרייסישער פרעציזקייט איז די רעגירונג צוגעטראָטן דערוויל צו מאַכן פראָיעקטן מכוח „אויסבעסערן״ די יידן אין הסכם מיטן ווילן פון די יידן גופא. פאַר דעם צוועק איז אין אַ שטעטל קורניק צונויפגערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג דעם 28טן יולי, 1817, אויף וועלכער עס זיינען געווען אַכט פאַרטרעטער פון קהילות: צוויי פון פויזן און צו איינעם פון מאַריענווערדער, ליסע, אָבאָרניק, לאַבישין, זאַנטאָמישל און קורניק. די דאָזיקע פאַרטרעטער — דאָס רוב דערפאַרענע שתדלנים, וואָס האָבן שוין געהאַט געלעגנהייטן צוצושטעלן כלערליי מעמאָראַנדומס צו דער מלוכה, — זיינען איינגעלאַדן געוואָרן אויסצואַרבעטן פלענער, ווי אַזוי צו פאַרבעסערן עקאָנאָמיש די לאַגע פון די יידן אין לאַנד. וועגן פאָליטישע רעכט האָט דער פאָרזיצער פון דער אסיפה, דער פאָליאַק טשאַרנאָווסקי, וואָס איז געווען דער פויזנער בירגערמייסטער, בכלל נישט געלאָזט רעדן. טשאַרנאָווסקי האָט דערקלערט, אַז יידן וועלן מיט דער צייט באַקומען די בירגער־רעכט, וואָס זיי „וועלן זיין פעאיק אויפצונעמען״. די דעלעגאַטן האָבן אויפגעפאָדערט די פויזנער קהילות צוצושטעלן די נויטיקע מעמאָראַנדומס, און אויף זייער סמך האָבן זיי אויסגעאַרבעט אַ רייע פאָדערונגען פאָרמולירט אין אַ ווייט נישט קיין הכנעהדיקן נוסח. ראשית־כל האָבן זיי געפאָדערט בירגער־רעכט און דאָס רעכט צו וואוינען אויפן גאַנצן שטח פון דער פרייסישער מאָנאַרכיע. זיי האָבן אָנגעוויזן, אַז מען דאַרף בטל מאַכן די אַלטע חובות, וואָס דריקן די קהילות נאָך פון די פוילישע צייטן, אָפּשאַפן די באַגרענעצונגען אויפן געביט פון האַנדל און מלאכה, און פון רעכט צו קויפן, אַרענדירן און באַאַרבעטן לאַנדווירטשאַפטלעכע נהלאות אאַז״וו. אויך האָבן זיי באַשלאָסן צו שאַפן אַ פאָנד כדי יידישע קינדער זאָלן זיך קענען לערנען מלאכות ביי קריסטלעכע מייסטער. זיי האָבן זיך באַקלאָגט, אַז „די רעגירונג באַהאַנדלט די יידן פון פויזן ווי אַ שטיפמאַמע און פאַרשפאַרט זיי דעם וועג צו פאַרבעסערן זייער לאַגע״. זיי ווייזן אָן, למשל, אַז אין ליסע טאָרן די יידן זיך נישט פאַרנעמען מיט טוך־ און אייזן־האַנדל.

דערויף האָט זיי געענטפערט צערבאָני, אַז דער קיסר וויל מאַכן פון יידן „נוצלעכע בירגער״, בפרט נאָך, אַז זיי באַטרעפן אַזאַ גרויסן פראָצענט פון די דאָרטיקע איינוואוינער; ער האָט צוגעזאָגט אַז עס וועט נישט נעמען לאַנג, און די רעגירונג וועט מקיים זיין די יידישע פאָדערונגען.

ווען די קאָנצענטרירטע שתדלנות האָט קיין תיכפדיקע רעזולטאַטן נישט געבראַכט און מען האָט געזען, אַז די רעגירונג איז נישט גענוג אָפּרופיק אויף די יידישע בקשות, האָבן איינצלנע קהילות, — באַזונדערס די, וואָס האָבן צוליב סיבות פון הויך־פאָליטיק נישט אָנטייל גענומען אין דער קורניקער אסיפה, — אָנגעהויבן זוכן מזל אויפן וועג פון אינדיווידועלע פעטיציעס. די גרעסערע שטעט, ווי בראָמבערג, וואָס האָט בכלל קיין גרויסע יידישע באַפעלקערונג נישט געהאַט (דערפאַר אָבער אַ מער „איינראָפּעאיזירטע״), איז נישט געפעלן געוואָרן, וואָס די אַכט שלוחים אין קורניק זיינען געווען אָרטאָדאָקסישע יידן, וואָס האָבן אפילו נאָך אַלץ געטראָגן די אַלטע פויליש־יידישע מלבושים. איבער די קעפּ פון די פויזנער מושלים האָבן די בראָמבערגער יידן זיך געווענדט דירעקט קיין בערלין. זיי האָבן זיך אינגיכן איבערצייגט, אַז ווען עס קומט צו פראַגן פון יידישע רעכט איז צווישן פויזן און בערלין קיין חילוקי דעות נישטאָ און אַז בײדע מלוכה־אָרגאַנען גייען יד־אחת אין זייער פאָליטיק לגבי יידן.

די יידישע שפּיצן זיינען געווען שטאַרק אַנטוישט. זיי האָבן געטאָן אַלץ כדי צו באַווייזן זייער פרייסישע פאַטריאָטישקייט, און דאָך האָט מען זיי באַהאַנדלט ווי פרעמדע. די פאָליאַקן האָבן נישט געוואָלט ווערן קיין גוטע דייטשן, דאָך האָט מען זיי בעסער באַהאַנדלט, ווי די יידן.

דער דראַנג צו אַסימילירן זיך מיט דער הערשנדיקער קולטור האָט זיך שנעל געלאָזט מערקן ביי די פויזנער יידן. דאָס אייגענע איז געווען אַדאַנק דער ווירקונג פון די פרייסישע משכילים, וועלכע איז אין פויזן געווען נישט קיין קליינע. צווישן די, וואָס האָבן שפּעטער זיך דערוואָרבן אַ חשובן פּלאַץ אין רעפאָרמירטן ראַבינאַט פון דייטשלאַנד, זיינען געווען איניקע געבוירן אין פויזנער געגנט. דערצו נאָך האָט די משכילישע טענדענץ געהאַט אין פויזן אַן אונטערשטיצונג מצד דעם דייטשן באַאַמטנטום. פאַר די פרייסישע באַאַמטע איז דער משכיל געווען נישט קיין גלייכער שותף איז פאָרט אַ שטיקל בעל־חלק אין דער „קולטור־מיסיע״, וואָס האָט געמיינט אין דער גערמאַניזאַציע פון די ריין־פוילישע געביטן. די „אויפגעקלערטע יידן״ — האָבן די פרייסישע באַאַמטע געשריבן — וועלן מיט דער צייט העלפן פאַרגרעסערן די צאָל דייטשן אין לאַנד, ווייל יעדער איינער, וואָס רעדט נאָר דייטש — און דאָס טוען שוין די יידן — ווערט פאַררעכנט צו דער דייטשער נאַציע.

די פוילישע באַפעלקערונג, וואָס האָט צו יענער צייט אויסגעמאַכט אין דער שטאָט פויזן גופא 12,000

נפשות לגבי 4000 יידן און 2000 דייטשן, האָט זיך באַפעסטיקט אַרום דער קאַטוילישער קירך, ווי דעם שטאַרקסטן שוץ קעגן דענאַציאָנאַליזאַציע. אמת, עס איז געווען אַ געוויסע צאָל פּאָליאַקן־פּראָטעסטאַנטן אויך. אין 1847 האָט זייער צאָל באַטראָפן — דריי טויזנט. אָבער אין זייער סאָלידאַרישקייט מיטן פוילנטום האָבן די פוילישע פּראָטעסטאַנטן אָנערקענט דעם פּרימאַט פון דער קאַטוילישער קירך אין פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן פון לאַנד. די פּאָליאַקן האָבן נישט געגלויבט, אַז מען קען פאַרגרעסערן זייערע רייען, ווען נישט מיט אַלע, איז לכל הפחות מיט אַ טייל יידן, באַזונדערס פון די העכערע שיכטן, וואָס זיינען געשעפטלעך נאָך אַלץ געווען פאַרבונדן מיט די פוילישע אַריסטאָקראַטן.

אין 1816 ווערט אין פויזן געעפנט די ערשטע פּריוואַטע שול פאַר יידישע קינדער. די שפּראַך פון די לימודים איז געווען נאָר דייטש, בעת אין די פּראָטעסטאַנטישע שולן האָט מען אויך געלערנט פויליש. די דאָזיקע שול האָט געגרינדעט דער פּיאָנער פון דער דייטשער השכלה אין פויזן, דוד קאַראָ (1782—1839). נאָך אין 1812 האָט ער געעפנט אַ לייענגעזעלשאַפט, וואָס האָט פאַרשפּרייט מענדעלסאָנס ביאור. די אַרבעט האָט מען געמוזט טאָן געהיים, ווייל די מערהייט יידן זיינען געווען פרום און האָבן באַקעמפט די משכילים. באַזונדערס שטאַרק איז געווען דער קאַמף צווישן משכילים און זייערע קעגנער, ווען די שטאָט פויזן האָט אין 1815 באַשלאָסן איינצולאַדן ר׳ עקיבא אייגער (1761—1837) אויף דעם פויזנער כסא־הרבנות. די „אויפגעקלערטע גבירים" האָבן אויפגעהויבן אַ פּראָטעסט. אין אויגוסט 1815 זיינען זיך די פּרנסים פון דער פויזנער קהילה צונויפגעקומען אויף אַ געהיימער אַסיפה אין שטעטל מאָשין און באַשלאָסן איינלאַדן אייגערן. די משכילים האָבן געבעטן די רעגירונג בטל מאַכן דעם דאָזיקן באַשלוס, אָנגעבנדיק אַ ריי תירוצים: אייגער איז צו אַלט, וועט נישט קענען פּרעדיקן אין דער דייטשער שפּראַך, די צאָל ישיבה־בחורים וועט זיך פאַרגרעסערן, וואָס מיינט, „אומפּראָדוקטיווע" עלעמענטן.ביידע צדדים זיינען אָבער געקומען צו אַ פּשרהדיקן שלום, וואָס האָט קודם־כל באַגרענעצט די צאָל ישיבה־בחורים. אַזוי אַרום איז דעם 14טן סעפּטעמבער 1815 עקיבא אייגער באַשטימט געוואָרן פאַר רב פון פויזן.

אין די קלענערע קהילות פון פויזן איז קיין קאַמף צווישן „נעאָלאָגן" און אָרטאָדאָקסן כמעט ווי נישט פאָרגעקומען: דאָס רוב פויזנער יידן זיינען געווען פרום, געהאַלטן פון לערנען, אויסגעהאַלטן ישיבות, פון וועלכע אייניקע האָבן זיך דערוואָרבן אַזאַ שם, אַז זיי האָבן געהאַט מער אָנגעפאָרענע ישיבה־בחורים, ווי אייגענע. צו זיי האָט געהערט די ישיבה אין ניישטאָט, אין ראָגאָזין (אין העברעאישע קוועלן: ראגאשני). גאָר באַרימט איז געווען די פּריוואַטע ישיבה פון ר׳ אלי גוטמאַכער, — מער באַקאַנט, ווי דער גריידיצער בעל־שם, — פון שטעטל גרעץ. ער האָט פריער געהאַט אַ ישיבה אין פּלעשן, וואו ער איז געווען רב. אַ תלמיד פון ר׳ יעקב פון ליסע, האָט ער געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער אַנטוויקלונג פון אָרטאָדאָקסישן יידנטום אין לאַנד. אין 1866 האָט גוטמאַכער צוזאַמען מיט הירש קאַלישער אַרויסגעגעבן אַ קול קורא אין די ענינים פון קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע.

די איינציקע קאָנצעסיע, אויף וועלכע די פרומע יידן אין פויזנער פּראָווינץ זיינען איינגעגאַנגען אַ סך פריער, ווי אין אַנדערע פּראָווינצן פון אַמאָליקן פוילן, — איז געווען דאָס לערנען די מלוכה־שפּראַך (דייטש) אין די חדרים. אַ פויזנער ייד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל און האָט שפּעטער עמיגרירט קיין ענגלאַנד, דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז אין זייער שטעטל האָבן פיר פאַרמעגלעכע בעלי־בתים אויסגעשריבן אַ גמרא־רבין. יעדע וואָך איז דער רבי געווען אויף קעסט ביי אַן אַנדער בעל־הבית, און די אַנדערע תלמידים פלעגן זיך לערנען אין דעם הויז, וואו דער רבי איז איינגעשטאַנען. חוץ דעם האָט מען געלערנט דייטש און אין אַ סך היימען אפילו פראַנצויזיש, וואָס איז געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער אין די רייכע יידישע הייזער נאָך בעת דאָס לאַנד איז געווען אַ טייל פון וואַרשעווער פירשטנטום. די סינטעזע פון תלמודישן וויסן מיט וועלטלעכע לימודים האָט געשאַפן אַ קאָנסערוואַטיווע גרופּע כלי־קודש, וועלכע האָט זיך דערוואָרבן אַזאַ שם, אַז אין די מערב־אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנער קהילות האָט מען גענומען איינלאַדן כלי־קודש דווקא פון פויזן. זיי האָבן זיך בעסער אַריינגעפּאַסט, ווי די צו־פרומע יידן פון קאָנגרעס־פוילן אָדער גאַליציע.

די מערסטע לערער פון דער בערלינער קהילה־שול זיינען געווען פויזנער יידן. דאָס זעלבע לאָזט זיך פעסטשטעלן בנוגע אַ סך שולן אין פּרייסן און אין אַנדערע דייטשע טעריטאָריעס, וואָס האָבן צו יענער צייט געהאַט „איזראַעליטישע" שולן. מען קען זאָגן, אַז דאָס יידישע ליכט קיין דייטשלאַנד איז טאַקע געקומען פון מזרח, פונם מזרחדיקן טייל פּרייסן, ד״ה פון פויזן און שלעזיען.

אָבער די באַזונדערע שולן פאַר יידישע קינדער האָבן זיך גראָד דאָ, אין פויזן, נישט געקענט אַזוי שנעל איינבירגערן און ברייט פאַרצווייגן. די רייכע יידן בכלל און אין דער הויפּט־שטאָט פויזן בפרט, האָבן זייערע קינדער געשיקט אין די פּריוואַטע שולן, דאָס רוב פּראָטעסטאַנטישע, ד״ה דייטשע. אין 1799

געפינען זיך 125 יידישע קינדער אין די שטאַטישע שולן, בעת די צאָל קאַטוילישע קינדער אין די זעלבע שולן האָט באַטראָפן איין הונדערט. די גאָר אָרימע עלטערן האָבן אָנגעהויבן שיקן זייערע קינדער אין די ספּעציעלע „קאָנפעסיאָנעלע" שולן. אין 1823 האָט פויזן געהאַט דריי שולן פאַר יידישע קינדער, פיר — פאַר קאַטאָליקן און צוויי — פאַר עוואַנגעליקער. בעת אין די קאַטוילישע שולן איז נישט געווען קיין איין פּראָטעסטאַנטיש אָדער יידיש קינד, איז גראָד אין די פּראָטעסטאַנטישע געווען גענוג יידישע קינדער. די פרומע יידן האָבן ווייטער אָנגעהאַלטן חדרים און ישיבות, וואָס האָבן אָבער אין פאַרגלייך מיט די חדרים און די ישיבות אין גאַליציע און קאָנגרעס-פוילן — אויסגעזען אַ ביסל מאָדערן. מען האָט דאָרטן געלערנט נישט נאָר דעם לשון המדינה, נאָר אויך גימנאַסטיק (שוין אין 1824!).

לויטן דעקרעט פון 14טן יולי, 1824, וואָס איז אין תוך געווען אַ מין פאַרברייטערונג פונם דעקרעט פון 15טן אַפּריל 1815, האָט שוין אַ קינד פון 5 יאָר באַדאַרפט באַזוכן אַ שול. אין אַזעלכע פלעצער, וואו קיין שול פאַר יידן איז נישט געווען בנמצא, האָבן די עלטערן געמוזט זיך פאַרפליכטן צו שיקן זייער קינד אין אַ קריסטלעכע שול, וואו עס איז אָבער באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלער לערער פאַר יידישער רעליגיע. וואָס איז שייך די חדרים האָט מען באַשלאָסן זיי צו פאַרמאַכן. דער דעקרעט האָט אָבער נישט געהאַט קיין פּעולה. די באַאַמטע פון בראָמבערגער דעפּאַרטאַמענט האָבן זיך באַקלאָגט אַז עס קומט אָן „שווער צו פאַרמאַכן די ווינקל-שולן" (ד"ה די חדרים). ווען זיי האָבן געזען אַז מען קען נישט פּטור ווערן פון חדר, האָט די רעגירונג באַשלאָסן פּטור ווערן פון... מלמד, דורך באַשטימען אַזאַ עקזאַמען, וואָס זאָל באַווייזן אַז דער „ווינקל-לערער" איז ראוי צו ווערן לערער. חוץ דעם האָט מען געפּלאַנט (אין 1827) צו עפענען אַ ספּעציעלן לערער-סעמינאַר, וואו מען האָט געהאַט בדעה צו לערנען אַזוי פיל יידישע לימודים, אַז אפילו די אָרטאָדאָקסיע זאָל זיין צופרידן. ווען מען האָט אַרויסגעשיקט אַ קול קורא צו די 114 קהילות פון לאַנד בנוגע ביישטייערונגען אויף אויסהאַלטן דעם סעמינאַר, האָבן נאָר עטלעכע קהילות, די גרעסערע, זיך אָפּגערופן, דערצו נאָך מיט אַזעלכע קליינע סומעס, אַז עס איז געווען קאָנטיק אַז די דאָזיקע נדבה איז נישט מער ווי אַן „אָפּטשעפּעניש". אין דער אמתן האָט קיינער נישט געוואָלט האָבן דעם סעמינאַר.

די בילדונג-פּאָליטיק פון די פויזנער יידן איז געווען זייער אַן אויסטערלישע. פאַר אַ קליין הייפל יידן זיינען די סעפּאַראַטע יידישע שולן געווען צו רעליגיעז, און פאַרן יידישן מאַסן-מענטש פון יענער צייט זיינען די סאַמע גרעסטע הנחות פון דער רעגירונג לטובת דעם יידישן חינוך — געווען נאָך אַלץ אפּיקורסות. די משכילישע עלעמענטן האָבן זיך פאַררופן אויף צערבאַניס מיינונג, אַז „כדי אָנטנאַציאָנאַליזירן די יידן", דאַרף מען האָבן אַלגעמיינע שולן און נישט קיין רעליגיעזע. אָבער די פראַגע רעליגיעזע שולן איז געווען נישט נאָר אַ יידישער ענין. די פוילישע שולן זיינען פאַקטיש געווען די קאַטוילישע. אַזוי אַרום איז די פראַגע געווען ענג פאַרבונדן מיט דער פּאָליטיק פון „דענאַציאָנאַליזירן" די פוילישע נאַציע אין פויזן גופא. פון די מלמדים האָבן זיך זייער ווייניק געשטעלט צום עקזאַמען: סך-הכל 15 קאַנדידאַטן במשך פון די יאָרן 1833—1842.

אַן אויפשוואונג קומט פאַר אין די יידישע שולן ערשט נאָך 1833 אין שייכות מיטן געזעץ פון „נאַטוראַליזאַציע", וועגן וועלכן עס וועט ווייטער זיין די רייד. די פרומע יידן זיינען אָבער נאָך אַלץ געבליבן ביים אַלטן חדר, וואו מען האָט איינגעפירט דעם לימוד פון דייטש, חשבונען א. אַ. אַקעגן, איז געוואַקסן די צאָל קינדער פון יידישן מיטלשטאַנד אין די אַלגעמיינע שולן. עס הויבט זיך אָן דער פּראָצעס פון שפּראַכלעכער אַסימילאַציע, — די פּרייסישע מאַכט האָט דאָס גוט אויסגענוצט פאַר אירע פּאָליטישע צוועקן.

קודם-כל האָט די רעגירונג אָנגעהויבן אויסטיילן די שפּראַכלעך-אַסימילירטע יידן און זיי באַלוינען מיט געוויסע רעכט. די דאָזיקע באַלוינטע יידן האָבן געזאָלט דינען, ווי מיטהעלפער אין דער גערמאַניזאַציע פון די שטעט, וואָס האָבן נאָך אַלץ געהאַט אין זייערע שטאָט-פאַרוואַלטונגען אַ פוילישע מערהייט. הגם יידן האָבן קיין בירגער-רעכט נישט געהאַט, האָט פלאָטוועל, דער פּרעזידענט פון פויזן, געוואָלט געבן די יידן אַ פאַרטרעטערשאַפט אין דער שטאָט-פאַרוואַלטונג פון פויזן, כדי אויף אַזאַ אופן אָפּשאַפן די פוילישע מערהייט. אַזאַ פּלאַן איז אָבער געווען אומגעזעצלעך, ווייל מען האָט געמוזט קודם-כל פאַרמולירן די פראַגע וועגן דער „צייטווייליקער נאַטוראַליזאַציע" פון די דאָרטיקע יידן.

דעם ערשטן יוני 1833 האָט דער פּרייסישער קעניג פרידריך ווילהעלם אַרויסגעגעבן דעם „פּראָוויזאָרישן דעקרעט וועגן דעם יידן-וועזן אין גרויסהערצאָגטום פויזן". לויטן דאָזיקן דעקרעט ווערן די קהילות אָנערקענט ווי אַ „קאָרפּאָראַציע", וואָס רעפּרעזענטירט די ענינים פון די יידן. יעדער ייד, וואָס האָט אַן אייגנטום, וואָס פאַרנעמט זיך מיט מלאכה אָדער האַלט זיך אויס זעלבשטענדיק, האָט וואַלרעכט צו דער קהילה. די באַאַמטע, וואָס אַ קהילה וויילט אויס, דאַרפן קודם כל באַשטעטיקט ווערן פון דער מאַכט. אַ קהילה טאָר נישט מאַכן קיין שום הלוואות, קויפן לאַנד און מאַכן נייע הוצאות — אָן

אַ דערלויבעניש פון דער רעגירונג. אַלע קינדער פון 7 ביז 14 יאָר דאַרפן באַזוכן אַן עלעמענטאַרע שול. זיי קענען אויך גיין אין נישט־יידישע שולן, אַזוי גוט ווי אין יידישע, אָבער אויף צו לערנען זיך פריוואַט דאַרפן זיי האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש. רעליגיע דאַרף זיין געלערנט דורך לערער, וואָס זיינען אָנערקענט פון דער רעגירונג. די שפּראַך פון אַלע לימודים מוז זיין דייטש. די קהילה דאַרף זאָרגן, אַז נאָכן פאַרענדיקן די לימודים זאָל דאָס קינד באַקומען אַן אויסבילדונג אין אַ מלאכה אָדער אין אַ העכערן לערן־אַנשטאַלט. קיינער פון זיי וועט נישט טאָרן זיך פאַרנעמען מיט מסחר.

די יידן, וואָס זיינען „מאָראַליש און פיזיש" פעאיק פאַר מיליטער־דינסט, ווערט דערלויבט צו זיין זעלנער, און די עלטערן פון אַזעלכע סאָלדאַטן וועלן באַפרייט ווערן פון צאָלן דעם רעקרוטן־שטייער. די אַנדערע דאַרפן ווייטער דעם דאָזיקן שטייער צאָלן. אַ ייד מעג חתונה האָבן מיט אַן „אויסלענדערין", אויב די כלה טראָגט אַריין אַ נדן פון 500 רייכסטאָלער.

די יידן ווערן פאַרטיילט אין צוויי קאַטעגאָריעס: נאַטוראַליזירטע און טאָלערירטע. צו דער ערשטער גרופּע געהערן די וואָס קענען דייטש, פירן אַן „אָנשטענדיק" לעבן, האָבן אַ פאַמיליע־נאָמען, קענען באַווייזן אַז זיי וואוינען אין פויזן זינט 1815, פאַרנעמען זיך מיט וויסנשאַפט אָדער קונסט אָדער האָבן אַן ערד־באַזיץ פון אַזאַ שטח, אַז זיי קענען אים אַליין באַאַרבעטן און מפרנס זיין זייער משפחה. אויך יידן וואָס האָבן אַ פאַבריק אָדער אַ הויז אין ווערט פון 2000 רייכסטאָלער אָדער באַזיצן אַ קאַפּיטאַל פון 5000 רייכסטאָלער, — קענען ווערן נאַטוראַליזירטע בירגער.

די וואָס קענען נאָכקומען די דאָזיקע פאָדערונגען וועלן באַקומען „פּראָוויזאָרישע נאַטוראַליזאַציע"־פּאַטענטן און וועלן האָבן דאָס רעכט צו וואוינען אין די גרענעצן פון פויזנער פּראָווינץ אָן שום שטערונגען. אין אַנדערע פּראָווינצן פון פּרייסן מעגן זיי וואוינען נאָר ווען די רעגירונג גיט זיי דערויף אַ באַזונדערע דערלויבעניש. די יידן, וואָס קענען די דאָזיקע פאָדערונגען נישט נאָכקומען, דאַרפן קודם־כל רעגיסטרירט ווערן מצד די קהילות. זיי באַקומען ספּעציעלע סערטיפיקאַטן, וואָס אָן זיי וועלן זיי ווערן אָנערקענט, ווי פרעמדע און ממילא אַרויסגעשיקט ווערן פון לאַנד. די דאָזיקע יידן ווערן אָנערקענט ווי טאָלערירטע. זיי טאָרן נישט חתונה האָבן פאַר 24 יאָר, וואוינען אין די דערפער, פאַרנעמען זיך מיט האַנדל אַאַז"וו. מיט שענקערייַ מעגן זיי זיך פאַרנעמען אויב זיי האָבן אויף דעם אַ ספּעציעלע דערלויבעניש. זיי טאָרן זיך נישט פאַרנעמען מיט „דאָרף־גייערייַ", ד"ה אַרומגיין און פאַרקויפן אין די דערפער. אין דאָרף מעגן זיי וואוינען נאָר דעמאָלט, ווען זיי האָבן אַ נחלה און באַאַרבעטן זי, אָדער ווען זיי אַרבעטן ביי אַ גוט־באַזיצער. פאַרקויפן משקאות אין די דערפער איז זיי שטרענג פאַרבאָטן.

יעדער „טאָלערירטער" ייד קען ווערן אַ „נאַטוראַליזירטער", אויב ער קומט נאָך די תנאים, מיט וועלכע דאָס איז פאַרבונדן: וואָס שייך אויסלענדישע יידן, ווערט זיי אינגאַנצן פאַרבאָטן זיך צו באַזעצן אין לאַנד.

אַזוי אַרום האָט די פּרייסישע פּאָליטיק פאַרטיילט די פויזנער יידן אין צוויי קלאַסן. די דאָזיקע פאַרטיילונג האָט געהאַט אַ טיפע השפּעה אויפן גערמאַניזאַציע־טעמפּאָ פון די דאָרטיקע יידן.

דעם 14טן יאַנואַר 1834 האָט פלאָטוועל, דער אָבער־פּרעזידענט פון דער פּראָווינץ פויזן, אַרויסגעגעבן אויספירלעכע מלואים צום קעניגלעכן דעקרעט, וואָס קלערט אויף די אומקלאָרע פּאַראַגראַפן פון נייעם געזעץ. באַזונדער שטעלט ער זיך אָפּ אויף דער פראַגע פון לערנען דייטש, וועלנדיק מיט דעם אונטערשטרייכן אַז דער וועג צו דער „גאולה" פירט אומפאַרמיידלעך דורך דער דייטשער שול. באַזונדערס שטרייכן אונטער די ווייטערדיקע הוספות צום „גרונט־געזעץ" די פליכטן צו פירן די קהילה־פאַרוואַלטונג אין דייטש, כדי מען זאָל קענען בעסער קאָנטראָלירן די טעטיקייט פון דער יידישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג.

אַדאַנק די דאָזיקע רעגלאַמענטאַציעס איז דאָס ציבור־לעבן פון פויזנער יידן געקומען אונטער אַ שטרענגער קאָנטראָל פון דער דייטשער פאַרוואַלטונג, און געוואָרן אַן אָביעקט פון אַ קאָמפּליצירטער ביוראָקראַטישער אויסטייטשונג.

דער דעקרעט פון 1833 האָט געשאַפן אַ מחיצה צווישן צוויי גרופּן יידן: די „נאַטוראַליזירטע" און די „טאָלערירטע". די צאָל „נאַטוראַליזירטע" איז געשטיגן פון 535 אין יאָר 1834 — אויף 1021 אין 1848. די דאָזיקע פּריווילעגירטע גרופּע האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע אין יידישן ציבור־לעבן. זיי האָבן זיך שטאַרק באַטייליקט אין דער מוניציפּאַליטעט־פּאָליטיק, פון די פויזנער שטעט. אין 1836 זיינען אין דער שטאָט פויזן געווען 933 קריסטלעכע וויילער און 600 — יידישע. בעת ביי די קריסטן זיינען געווען נאָר 291 מיט שטים־רעכט, אין הסכם מיט די וואַל פאָדערונגען, זיינען ביי יידן געווען אַזעלכע גאַנצע 500, — דאָס האָט געמיינט, אַז די פויזנער יידן זיינען געווען פאַרמעגלעכער, ווי די נישט־יידן.

די פּאָליאַקן, וואָס האָבן נאָך אין 1827 זיך דערקלערט לטובת גלייכע רעכט פאַר יידן, זיינען געשטאַנען פאַר אַ זייער קאָמפּליצירטער פראַגע: שטיצן אַ פּראָגראַם פון יידישער עמאַנציפּאַציע אין

פויזן האָבן זיי נישט געקענט, ווייל דאָס וואָלט גע־
הייסן פאַרגרעסערן די דייטשע באַפעלקערונג. די
איינציקע האָפענונג פון די פּאָליאַקן איז געווען, אַז
אינם קאַמף צווישן זיי און די דייטשן וועלן די יידן
זיין נייטראַל. דאָס האָט זיך זייער שנעל אַרויסגעוויזן
פאַר אוממעגלעך. פּאָלאָניזירן די יידן האָבן די פּאָ־
ליאַקן נישט געוואָלט און אפילו נישט געטראַכט. דער
היסטאָרישער אַנטוויקלונג־פּראָצעס פון דער פּוילי־
שער קולטור אין פויזן האָט גורם געווען, אַז בעת
פּוילישקייט האָט זיך אידענטיפיצירט מיט קאַטוי־
לישקייט, האָט זיך דייטשטום געדעקט מיט פּראָטעס־
טאַנטישקייט.

פאַר די אויפגעקלערטע יידן איז פּראָטעסטאַנ־
טיזם געווען מער „פּראָגרעסיוו", ווי דער קאַטוילי־
ציזם. די דאָזיקע פאָרמולירונג פון דער פּראָטעס־
טאַנטישער „פּראָגרעסיוויקייט", וועלכע מיר געפינען
צו יענער צייט ביי אַ ריי דייטשע יידן, איז געווען
נישט מער, ווי אַ פּרואוו צו ראַציאָנאַליזירן אַ פּאָ־
ליטישע ליניע, וואָס איז שוין געווען באַשטימט. אין
גאַנץ פויזן זיינען געווען געציילטע יידן, וואָס האָבן
געהאַלטן מיט די פּאָליאַקן און זיך אידענטיפיצירט
מיט די פּוילישע פּאָליטישע אַספּיראַציעס.

נישט נאָר פּאָליטיש, נאָר אויך עקאָנאָמיש האָבן
זיך די יידן געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון באַ־
שיצער פון פּרייסישע אינטערעסן. אין די יאָרן
1819—1823, ווען פון דעם שכנותדיקן קאָנגרעס־
פּוילן האָבן אָנגעהויבן קומען קיין פויזן סוחרים און
יידישע בעלי־מלאכות האָבן די פויזנער יידן זיך
געווענדט צו דער רעגירונג, אַז מען זאָל זיי פאַר־
טרייבן פון לאַנד, ווי „לעסטיקע אויסלענדער".

כדי מער פאַרבינדן די פויזנער יידן מיטן
פּרייסישן סיסטעם, האָט מען אין 1845 באַשלאָסן:
דער געזעץ פון 1812, לויט וועלכן יידן זיינען פריי
פון מיליטער־דינסט און צאָלן נאָר אַ רעקרוטן־
שטייער, זאָל אָפּגעשאַפט ווערן. שוין אין 1817 האָט
מען אָנגעהויבן פּראָטעסטירן קעגן דער „יידישער
פּריווילעגיע" פון נישט דינען אין דער אַרמיי. דער
קולט פאַר מיליטער־דינסט, וואָס איז אַזוי טיף איינ־
געוואָרצלט אין דער פּרייסישער פּסיכיק, האָט אויך
אַרומגענומען די שפּיץ־יידן. זיי האָבן אין דעם געזען
דעם סימן מובהק פון דייטשן זעלבסט־באַוואוסטזיין
אין ממילא געוואָלט זיך מיט דעם אידענטיפיצירן.
יורידיש האָט דאָס געמיינט אָנערקענען די פויזנער
יידן פאַר בירגער, ווייל אין פּרייסן האָבן יידן גע־
דינט אין דער אַרמיי. פּאָליטיש האָט דאָס געהייסן
ניוועלירן די אויטאָנאָמישע רעכט פון פּירשטנטום
פויזן, וועלכע דער ווינער קאָנגרעס האָט פייערלעך
גאַראַנטירט. פאַר די פויזנער יידן איז די לאַנד־אויי־
טאָנאָמיע געווען אַ שטער צו ווערן פּרייסישע ביר־
גער און צו האָבן דאָס רעכט זיך אַריבערטראָגן אין
די גרויסע, אינדוסטריעלע שטעט פון פּרייסן. פאַר
דער פּרייסישער מאַכט איז עס געווען אַ גוטער לע־
גאַלער תירוץ אָנצואווענדן די פּרייסישע יידן־געזעצן
אויף די פויזנער יידן, און אויף אַזאַ אופן סיסטע־
מאַטיש איינפירן די אַלגעמיינע געזעצן פון פּרייסן
פאַר דער באַפעלקערונג פון פויזן. דורך אַזאַ מאַ־
נעוור וואָלט מיט דער צייט די זעלבסט־פאַרוואַלטונג
פון דער אויטאָנאָמער פּראָווינץ פויזן אויטאָמאַטיש
ליקווידירט געוואָרן.

פון דער צווייטער זייט, איז די פּרייסישע רע־
גירונג געשטאַנען פאַר אַ דילעמע: אַזוי שנעל ווי
פאַר די פויזנער יידן וועלן געעפנט ווערן די טויערן
פון פּרייסן, וועט דאָס זיין פאַר פּאָליאַקן אַ גרויסע
הילף, מחמת דעם, וואָס די צאָל אָפיציעל־אָנערקענטע
דייטשן וועט קלענער ווערן; די קינסטלעכע ווידער־
עמיגראַציע פון דייטשישן עלעמענט פון אַנדערע פּראָ־
ווינצן קיין פויזן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ צו טייערער
ביסן אין פאַרגלייך מיט דער מציאה פון צושרייבן יידן
צום דייטשן מיעוט פון לאַנד.

אַ שטויס פאָראויס אין דער פראַגע פון געבן
יידן בירגער־רעכט און דערביי אָבער האַלטן זיי אין
לאַנד, האָט געגעבן די מפּלה, וואָס די דייטשן האָבן
געהאַט ביי די שטאָט־וואַלן אין פויזן, אין יאָר 1843.

אין יענעם יאָר האָבן די פּאָליאַקן דורכגעפירט
אַן אייגענעם פּאָרזיצער פון שטאָט־ראַט, ווייל זיי
האָבן געהאַט אַ פּאַקטישע מערהייט. די דאָזיקע מער־
הייט האָבן אפילו די דייטשן געמוזט אָנערקענען
פאַר יורידיש באַרעכטיקט. אין דער זעלבער צייט
האָבן די דייטשן אָנגעהויבן צו טראַכטן, וואָס טוט
מען, אַז אין דער פּוילישער שטאָט פויזן זאָלן די
דייטשן האָבן אַ מערהייט, — דאָס איז געווען פון
גרויסן נאַציאָנאַל־פּאָליטישן באַטייט פאַר דער פּריי־
סישער מאַכט. דער וואוקס פון פּוילישן נאַציאָנאַלן
לעבן אין פויזן, דער אויפבלי פון פּוילישער קולטור
האָט אָנגעהויבן וועקן אין די פּאָליאַקן דעם ווילן צו
ווערן פריי אָדער לכל הפּחות באַזיצן די נאַציאָנאַלע
אויטאָנאָמיע, וואָס דער ווינער קאָנגרעס האָט באַ־
רעכטיקט. אין 1846 איז אין פויזן אויפגעדעקט
געוואָרן אַ גרויסע פּוילישע קאָנספּיראַטיווע פּאַטריאָ־
טישע באַוועגונג. די פּוילישע ראַט־מענער האָבן גע־
פאָדערט, אַז די פּרייסישע מאַכט זאָל עפענען אין
פויזן אַ פּוילישן אוניווערסיטעט. אין אַזאַ מאָמענט
האָט פּרייסן געזוכט שותּפים אין לאַנד, וועלכע
וואָלטן צוזאַמען מיט די דייטשן געקענט אָפּשוואַכן
די וואַקסנדיקע פּוילישע אַספּיראַציעס. אַזאַ שותּף
האָט געקענט ווערן נאָר דער ייד, און פאַר אַזאַ פּאָ־
ליטישע שטיצע האָט מען אים געמוזט באַלוינען.

„אינסטינקטיוו האָט מען דערפילט אינם יידנ־
טום אַ הילפס־חייל — שרייבט אַ דייטשער באַאַמ־
טער פון יענער צייט — וועלכער איז בכוח צו העלפן

אָפּשלאָגן די פּוילישע אַטאַקע". איצט האָט מען שוין פאַרקוקט די האַרבע נאַטוראַליזאַציע־תנאים; עס האָט זיך דאָך אין איצטיקן קריטישן מאָמענט געהאַנדלט וועגן פריש בלוט, ד"ה מער מענטשן, וואָס האָבן וואַל־רעכט און וועלן די דאָזיקע רעכט אויסנוצן לטובת די דייטשן.

„כמעט אויף יעדער זיצונג פון די שטאָט־בעלי־בתים — שרייבט יאַפּע, דער היסטאָריקער פון דער שטאָט פויזן — זיינען יידישע איינוואוינער לויט ליסטן אָנגענומען געוואָרן פאַר בירגער־רעכט, און יידישע בירגער זיינען קוואַליפיצירט געוואָרן צום אַקטיוון וואַל־רעכט אין שטאָט־ראַט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די וויילער פון 1846 האָבן פולשטענדיק צוריקגעשטעלט די דייטשע מערהייט".

אין דעצעמבער 1846 האָבן די פויזנער שטאָט־בעלי־בתים אָפּגעשאַפט אפילו די באַשרענקונגען בנוגע פּאַסיווע רעכט פון יידן, — און דאָס האָט געפירט דערצו, אַז די צאָל יידן־ראַט־מענער איז געשטיגן פון 2 אויף גאַנצע — 9.

די דייטשע רעגירונג איז געקומען צו אַזאַ אויספיר: „מען מעג צום אַנטיסעמיטיזם האָבן אַ שטעלונג, וועלכע מען מען וויל", אָבער אין דער דעליקאַטער סיטואַציע, אין וועלכער די דייטשן האָבן זיך געפונען אין דער פויזנער פּראָווינץ, איז ער „נישט אויפן פּלאַץ".

די זעלבע דערשיינונג איז געווען צו מערקן אויך אויף דער פּראָווינץ. פונקט ווי די דייטשן האָבן זיך באַמיט צו פלירטעווען מיט די פוילישע פויערים און אַרויסשטעלן זיך, ווי די באַשיצער פון פויערטום קעגן די פוילישע פּריצים, — אַזוי האָבן זיי אָנגעהויבן וועקן דעם „דייטשן באַוואוסטזיין אין יידישן פאָלקס־מענטש להיפוך צו זיין „יידישן באַוואוסטזיין", וואָס האָט פון אים געמאַכט אַ קנעכט פון דער פוילישער שלאַכטע. מיט אַ ברייטער האַנט האָט מען געטיילט יידן „נאַטוראַליזירונגס־רעכט" אין די קלענערע שטעטלעך, כדי צו פאַרשטאַרקן זייער דייטשן כאַראַקטער. אין אַזאַ שטעטל, ווי ניישטאָט (אין העברעאיש: עיר חדשה; אויף פויליש: לוואוועק), איז אין 1835 געווען נאָר 15 נאַטוראַליזירטע יידן, אָבער אין 1846 — שוין גאַנצע 76, צווישן זיי 22 שניידער, 6 בעקער, 1 גלעזער, 1 היטל־מאַכער, איין זייף־אויסאַרבעטער און 5 קצבים.

אַזוי אַרום האָבן די פאַרלייכטערונגען אינם נאַטוראַליזאַציע־געזעץ מאָביליזירט פאַר די דייטשן נייע כוחות, וואָס אָן זיי וואָלט נישט געווען אַזוי גרינג צו קאָנטראָלירן און באַהערשן די מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונגען פון לאַנד.

פון די מלוכה־קאָלעגיעס אין פויזנער פּראָווינץ האָבן אָנגעהויבן אָנקומען באַריכטן וועגן דעם, אַז יידן האָבן אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אַלס דייטשע בירגער. די אָרימע פוילישע יידן, וואָס אַ פּרייסישער באַאַמטער האָט זיי ערשט אין 1832 געשילדערט אין די שוואַרצסטע פאַרבן, פאַרוואַנדלען זיך ביסלעכווייז אין „פּרייסיש טרייע מענטשן". עס וואַקסט די צאָל „פּראָדוקטיווע" יידן, דאָס הייסט, עס פאַרמערט זיך דער קלאַס בעל־מלאכות און פאַבריקאַנטן. די צאָל קינדער אין די אַלגעמיינע דייטשע שולן וואַקסט פון יאָר צו יאָר. די פּרייסישע באַאַמטע זיינען זייער צופרידן מיטן יידישן אַריינוואַקסן אין „דייטשן באָדן" פון פויזן. נאָר איין „קלאַס מענטשן" - שרייבט אַ פּרייסישער באַאַמטער — טויג נישט: דאָס זיינען די רבנים, זיי שטערן דעם „פּראָגרעס". זיי זיינען בדרך כלל שלעכט געבילדעט און זייער אופן פון דאַווענען און פון לערנען רעליגיע וועקט נישט קיין דרך ארץ"...

עס האָט זיך געדוכט, אַז די ישועה שטייט שוין אויפן שוועל פון יידישן געטאָ און אַז דער נאַטוראַליזאַציע־געזעץ פון 1833 וועט גאָר גיך פאַרביטן ווערן מיט אַן אַקט פון פולער עמאַנסיפּאַציע. די לאָקאַלע באַאַמטע האָבן זיך אָבער נישט געאיילט מיט געבן אַטעסטאַציעס, וואָס זאָל פאַרברייטערן דעם גדר פון די יידישע רעכט. פאַרקערט: אין אַ סך ערטער האָבן די באַאַמטע פאַרטיידיקט דעם „סטאַטוס קוואָ" און וואו אַ שטאָט האָט געהאַט אַ פּריווילעגיע, אַז יידן טאָרן דאָרט נישט וואוינען, — האָבן זיי די דאָזיקע גזירה פאַרטיידיקט. אמת, די פּרייסישע באַאַמטע פון פוילישער נאַציאָנאַליטעט האָבן אין דער דאָזיקער אַרבעט געשפּילט נישט קיין קליינע ראָלע. זייער חשיבות איז אָבער נישט געווען אַזוי גרויס, און זיי וואָלטן נישט געווען בכוח דאָס דורכצופירן, ווען מיט זיי וואָלטן נישט געשטימט אַ סך הויכע פּרייסישע באַאַמטע.

מחמת דעם, וואָס די באַמיאונגען פון יחידים און קהילות צו פאַרברייטערן די בירגערלעכע פּרייהייטן זיינען נישט געווען אָרגאַניזירט אויף אַ קאָלעקטיוון אופן (הגם אין 1842 איז געווען אַ פּרואוו עפּעס אַזוינס צו טאָן), זיינען לאָקאַלע פאַרבעסערונגען געווען מעגלעך, אָבער אויפן אַלגעמיינעם גאַנג פון יידישן לעבן האָבן זיי קיין השפּעה נישט געהאַט.

דעם 23טן יולי 1847 האָט די פּרייסישע רעגירונג אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט וועגן די רעכט פון יידן אין פּרייסן. דאָס איז נאָך נישט געווען קיין אַקט פון פולער עמאַנסיפּאַציע, צוליב דער גרויסער צאָל אויסנאַמען און באַשרענקונגען, הגם אין פאַרגלייך מיט די אַלטע געזעצן איז דאָס געווען אַ טריט פאָרויס. דאָס איז אָבער געווען ווייט פון דעם אויף וואָס די פּרייסישע יידן האָבן געהאָפט.

וועגן די יידן אין פויזנער פּראָווינץ ווערט אין דאָזיקן דעקרעט געזאָגט אין עטלעכע פּאַראַגראַפן, אַז דער „ביז־איצטיקער פאַרטייל פון דער יידישער באַ־

פעלקערונג פון גרויסהערצאָגטום פויזן אויף נאַטוראַליזירטע און נישט־נאַטוראַליזירטע בלייבט ווייטער אין קראַפט". די פויזנער יידן זיינען געווען אַנטוישט. זיי האָבן זיך געפילט אָפּגענאַרט אין זייערע דערוואַרטונגען.

אָבער דער מאָמענט איז געקומען, ווען אויך די פויזנער יידן האָבן זייער שכר באַקומען. דאָס איז געווען אין 1848, ווען די מערץ־רעוואָלוציע האָט אָפּגעשאַפן אַלע באַגרענעצונגען. דער פּאַראַגראַף פינף פון דער פרייסישער קאָנסטיטוציע פון 5טן אַפּריל 1848 האָט בפירוש געזאָגט, אַז דאָס „פּראַקטיצירן שטאַטס־בירגערלעכע רעכט איז פון היינט אָן אומאָפּהענגיק פון דער רעליגיעזער אָנגעהעריקייט". די דאָזיקע דעקלאַראַטיווע פאָרמולירונג האָט ערשט געזאָלט באַקומען אַ פּראַקטישע און פאַקטישע אָנווענדונג אין לעבן.

אויך אין פויזן איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע, אָבער נישט קיין פרייסישע נאָר אַ פוילישע. די יידן זיינען נאָך אַמאָל געשטאַנען על פרשת־דרכים און געמוזט באַשטימען דעם גאַנג פון זייער אייגענעם גורל.

## 1. די יידן אין פויזן

## (1914—1848)

ערב דער רעוואָלוציע פון 1848, איז די גרויסע מאַסע יידן אין די קלענערע שטעט נאָך אַלץ געווען איינגעטונקען אין טראַדיציאָנעלן יידישן לעבן און זיך ווינציק וואָס געמישט אין די פּאָליטישע ענינים פון לאַנד, נישט נאָר דערפאַר, וואָס זי האָט נישט געהאַט קיין רעכט, נאָר אויך דערפאַר ווייל זי האָט נישט געהאַט קיין אינטערעס. די געבילדעטע יידן, — וואָס האָט צו יענער צייט געמיינט די רייכע יידן, — זיינען אַריינגעוואַקסן אין די קרייזן פון העכערן דייטשישן בירגערטום, האָבן געלעבט גאָר מעשה־ברודער מיט די פון פרעמד אַראָפּגעבראַכטע מלוכה־באַאַמטע, ד"ה מיט יענע קרייזן, וואָס זיינען פאַקטיש געווען די פירער פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע אין פויזן.

„די יידישע אינטעליגענץ און די רייכע סוחרים — שרייבט אַ היסטאָריקער פון דער רעוואָלוציע אין פויזן אין 1848 — האָבן בהדרגהדיק אַנטפּלעקט פאַר זיך די ווערטן פון דער דייטשער קולטור און האָבן זיך אָנגעהויבן אַלץ מער און מער פילן ווי דייטשן און זיך באַמיט וואָס שנעלער זיך צו באַפרייען פון זייער איזאָלירקייט".

בנוגע דער גרויסער מאַסע יידן שטעלט פעסט אויך דער דאָזיקער היסטאָריקער, אַז זיי האָבן זיך בכלל געהאַלטן ווייט פון ביידע נאַציאָנאַלע גרופּעס פון לאַנד און האָבן געזאָרגט מער פאַר פרנסה איידער קולטור אָדער פּאָליטישע אָריענטאַציעס. דער



קליין־שטעטלדיקער ייד אין פויזן איז געווען עקאָנאָמיש נאָך אַלץ אָפּהענגיק פון פוילישן פריץ און פוילישן פויער, ממילא האָט ער נישט געקענט אַרויסטרעטן אָדער דעקלאַרירן זיינע סימפּאַטיעס מיטן צד שכנגד.

די רעוואָלוציע פון 1848 האָט אין דער פּראָווינץ פויזן געהאַט גאָר אַן אַנדערע אַנטוויקלונג ווי אין פרייסן. אויב אין פרייסן האָט די רעוואָלוציע געטראָגן אַ דייטש־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער שטרעבונג צו פאַראייניקן אַלע דייטשע פּראָווינצן, זיינען אין פויזן די צוויי הויפּט־טענדענצן געווען אַ נאַציאָנאַל־פוילישע, געשפּאָלטן אין צוויי ריכטונגען — אַ קאָנסערוואַטיוו־אויטאָנאָמיסטישע און אַ ראַדיקאַל־אירעדענטיסטישע; אַ נאַציאָנאַל־דייטשע — אויך מיט צוויי ריכטונגען: אַ ליבעראַל־אויטאָנאָמיסטישע און אַ צענטראַליסטיש־פרייסישע. די ערשטע האָט אָנערקענט דעם דואָ־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון פויזן און דערפון געצויגן די נויטיקע לאָגישע קאָנסעקווענצן; די צווייטע האָט געוואָלט, אַז פויזן זאָל אינקאָרפּאָרירט ווערן אין פרייסן און דער פוילישער כאַראַקטער פון לאַנד זאָל מיט דער צייט אינגאַנצן אָפּגעווישט ווערן.

די פּאָליאַקן האָבן געוואָלט אויסנוצן די שטאַרקע אַנטי־רוסישע געפילן פון די דייטשע ליבעראַלן און טיילווייז אויך פונם פרייסישן הויף און שאַפן אַ פאַרברידערונג מיט די דייטשן אויף דער באַזע פון אַן אַנטי־רוסישער אָריענטאַציע. אַזאַ אָריענטאַציע האָט געמוזט אויפלעבן די פּאָליטישע אירעדענטיסטישע באַוועגונג, וואָס האָט אפילו ביי די ליבעראַלע דייטשן קיין סימפּאַטיעס נישט געפונען. די ראַדיקאַלע פּראָגראַמען פון די פוילישע רעוואָלוציאָנערע אָנפירער אין פויזן, — דאָס רוב פּאָליטישע עמיגראַנטן — האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער פוילישער שלאַכטע און דעם אַדל־קלאַס פון פויזן: זיי האָבן געוואָלט אַרויסנעמען דעם ווינט פון די רעוואָלוציאָנערע מילן דורך אַ פּראָ־פרייסישער אָריענטאַציע, בתנאי אַז דאָס זאָל באַלוינט ווערן מיט אַ גאַראַנטיע פאַרן פוילישן כאַראַקטער פון לאַנד, — אַזוי ווי דער סטאַטוט פון 1815 האָט עס פאָרמולירט.

כל זמן עס איז געהאַנגען אין דער לופטן אַ מלחמה מיט רוסלאַנד, וועלכע האָט עפנטלעך גערופן אויסצוראָטן די „געצנדינער פון רעוואָלוציעס" (מאַניפעסט פון 14טן מערץ 1848), האָט פרייסן קונציק מיטגעמאַכט דעם פּאָלאָנאָפילישן שפּיל: פון בערלין האָט מען געשיקט קיין פויזן דעם גענעראַל וויליזען, אַז ער זאָל רעאָרגאַניזירן דאָס לאַנד לויט נאַציאָנאַל־עטנישע פּרינציפּן. (עס איז אפילו געווען אַ פּראָיעקט צו שפּאַלטן פויזן אויף אַ דייטשישן און פוילישן טייל). דער גענעראַל האָט דערקלערט, אַז

די חלוקה פון פוילן איז געווען דער גרעסטער אַקט פון אומיושר אין דער געשיכטע. וואָס שייך דער הערשאַפט פון די דייטשן גופא אין פויזן, האָט ער אַזוי דערקלערט:

„איך האָב זיך קיינמאָל נישט געקענט באַפרייען פונם קוק, אַז אונזער הערשאַפט איבער די פּאָליאַקן איז געבויט נאָר אויף כוח. דער אומיושר פונם רעכט פון כוח וועט האָפנטלעך סוף־כל־סוף פאַר־געסן ווערן און וועט ווערן אַ רעכט".

אין אַ צווייטער רעדע האָט וויליזען זיך אויס־געדריקט: „די פּאָליאַקן, און בפרט יענע וואָס גע־פינען זיך אין רוסיש־פוילן, זאָלן וויסן, אַז נאָר פרייסן איז זייער איינציקער און אמתער פריינד: נישט וואַרשע, נאָר פויזן זאָל פון היינט אָן ווערן דער מיטלפונקט פון די פוילישע האָפענונגען און באַוועגונגען. מען דאַרף די פּאָליאַקן דערציען, אָבער נאָר דורך פּאָליאַקן און נאָר פאַר פוילן".

אַזעלכע ווערטער פון אַ פרייסישן שליח האָבן געמוזט האָבן אַ ווירקונג אויף דער פוילישער גע־זעלשאַפט אין פויזן. שוין אין די עפנטלעכע אַרויס־טרעטונגען פון די פּאָליאַקן איז געווען קענטיק אַ דראַנג צו אידענטיפיצירן די פוילישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג מיט דער באַוועגונג פון די ליבעראַלע דייטשן. היות די פרייסישע יידן האָבן זיך אידענטי־פיצירט מיט דער דייטשער ליבעראַלער באַוועגונג, האָבן די פּאָליאַקן געהאָפט, אַז נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די פויזנער יידן האָבן געשטיצט די דייט־שע מינדערהייט, וועלן זיי איצט זיכער ענדערן זייער קורס. די פוילישע געזעלשאַפט האָט, אין תוך גענומען, געוואָלט נייטראַליזירן די יידישע אַק־טיוויטעט אין דער פויזנער רעוואָלוציע. ווען אין דער שטאָט קאָשטשאַני האָט אַ פוילישער רעדנער פּאַרטיידיקט דעם פּאָליטיש־נאַציאָנאַלן פּראָגראַם פון דער פוילישער באַפעלקערונג אין לאַנד, האָט ער פאַר־ענדיקט זיין רעדע (דעם 27טן מערץ, 1848): זאָלן לעבן די פרייע דייטשן, די פרייע פּאָליאַקן און די יידן. ער האָט נישט געוואָלט אידענטיפיצירן די יידן נישט מיט פּאָליאַקן און נישט מיט די דייטשן.

דער עלטערער דור פון „נאַטוראַליזירטע" יידן בכלל און אין דער הויפּט־שטאָט פויזן בפרט האָט אין אָנהויב אַרויסגעוויזן אַ פאַרשטענדעניש פאַר די פוילישע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַספּיראַציעס, הגם די פּאָליטיש־מלוכהשע, ד"ה דאָס אָפּרייסן זיך פון פרייסן, האָט ער אַנטשידן אָפּגעוואָרפן. ווען דער פריי־סישער קיניג האָט אין בערלין אויפגענומען אַ דע־לעגאַציע פון פויזנער דייטשן, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען דער ייד מאַמראָט, אַ חשובער סוחר און שטאָט־ראַטמאַן, האָט דער לעצטער זיך אידענטי־פיצירט מיט דער דייטשער נאַציע, האָט אָבער גע־שטיצט דעם פּראָיעקט פון גענעראַל וויליזען, אַז מען דאַרף באַפרידיקן די פאָדערונגען פון די פּאָליאַקן בנוגע רעאָרגאַניזירן דאָס לאַנד אין „פויליש־נאַציאָ־נאַלן זין".

דער יונגער יידישער דור אָבער, וואָס האָט שוין געלעבט אויסשליסלעך אין דער דייטשער קול־טור־ספערע, דאָס רוב קינדער פון נאַטוראַליזירטע סוחרים, זיינען געווען פאַרביסענע קעגנער פון וועל־כע עס איז קאָנצעסיעס לטובת פּאָליאַקן. ווען די דייטשן האָבן געגרינדעט אייגענע קאָמיטעטן, ווי אַ קעגן־אינסטרומענט צו די פוילישע נאַציאָנאַלע קאָ־מיטעטן, האָבן די יידן געשפּילט אין זיי די דאָמי־נירנדיקע ראָלע.

די דאָזיקע אָפענע פּראָ־דייטשע שטעלונג האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַרביטערונג אין דעם לאַ־גער פון די פּאָליאַקן. „דאָס רוב פון אונזערע יידן — האָט געשריבן קאַלפּוס, אַ פּראָמינענטער פוילישער פּעדאַגאָג — זיינען רייך געוואָרן אַדאַנק די פּאָליאַקן און האָבן ביז איצט פאַרקערט הויפּטזעכלעך מיט די פּאָליאַקן". און ער פרעגט: וואָס איז די סיבה פון די יידנס אַנטי־פוילישער שטעלונג?

געווען איז דאָס נישט נאָר אַ שטעלונג קעגן די מאַקסימאַליסטן פון פוילישן לאַגער. אין די דע־מאָנסטראַציעס קעגן דעם ליבעראַלן גענעראַל ווילי־זען, דעם אָפיציעלן שליח פון פרייסישן קיניג, האָבן די יידן אָנטייל גענומען נישט ווייניקער, ווי די דייטשן, און פּראָטעסטירט קעגן די פּראָיעקטירטע הנחות פאַר דער פוילישער באַפעלקערונג.

די פּראָ־פוילישע באַוועגונג האָט זיך סטיכיש פאַרוואַנדלט אין אַ רעוואָלוציע. זי האָט אָנגענומען אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, און דאָס האָט אַרויסגע־רופן אַ ווידערשטאַנד אפילו מצד די ליבעראַלע דייטשן. די פּאָליאַקן האָבן זיך באַמיט צו באַרואיקן דעם פוי־לישן פאָלקס־צאָרן, וואָס האָט דעמאָנסטרירט זיין אומצופרידנקייט מיט די יידן דורך פּאָגראָמירן יידי־שע געשעפטן. די דאָזיקע פּאָגראָמען זיינען אָבער נישט געווען אַזאַ אַלגעמיינע דערשיינונג, ווי עס האָט די דייטשע און דייטש־יידישע פּרעסע וועגן זיי גע־שריבן. ווען אין דער שטאָט מילאָסלאַוו האָבן פוי־לישע אינסורגענטן (דעם 21טן מערץ 1848) גע־ראַבירט יידישע קראָמען, האָט דער פוילישער קאָ־מיטעט תיכף אויסגעצאָלט דעם היזק, וואָס די יידן האָבן דורך דעם געהאַט. די דייטשן האָבן אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן פאַרשפּרייט ידיעות וועגן די „פוי־לישע גרוילטאָטן" איבער יידן. די דאָזיקע פּראָ־פּאַגאַנדע האָט אַרויסגערופן פּראָטעסטן מצד די יידן גופא. אין מילאָסלאַוו האָבן פינף יידן אַריינגעשיקט צום פוילישן קאָמענדאַנט אַ בריוו, אין וועלכן זיי שטעלן פעסט אַז די מעשיות וועגן פּאָגראָמען אויף יידן זיינען אויסגעטראַכט און אַז זיי זיינען גרייט צו העלפן דער „בשותפותדיקער מאָמע־אָיטשיזנע". דאָס

זעלבע איז געווען אין ניישטאָט, וואו עס האָבן נישט נאָר יידן, נאָר אויך ליבעראַלע דייטשן עפנטלעך פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס מען פאַרשפּרייט קלאַגען, אַז די פּאָליאַקן פאַרפאָלגן יידן.

דאָ און דאָרטן זיינען געווען אומשולדיקע יידישע קרבנות, וואָס זיינען אפילו פאַרצייכנט געוואָרן אין די פּנקסים פון די פּויזנער קהילות. אין די גרעסערע שטעט, ווי פּויזן, בידגאשטש, קראָטאָשין, איז די יידישע שטעלונג קעגן פּאָליאַקן געווען אָפענע און אַקטיווע, אָבער דאָס דייטשע מיליטער און באַפעלקערונג האָבן דאָ געקענט שיצן די יידן קעגן פיזישע אָנגריפן פון די קעמפנדיקע פּאָליאַקן. דערפאַר זיינען אין די קליינע שטעטלעך און דערפער, וואו יידן האָבן געלעבט אין אַ געדיכטער פּוילישער אומגעבונג, — געווען אַ סך פאַלן פון אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען, אָפט מאָל טראַגישע. די קאַטוילישע גלחים האָבן גערופן די פּוילישע פאָלקסמאַסן נישט צו באַפלעקן דעם פּוילישן כבוד מיט בלוטיקע אַקציעס קעגן יידן.

די יידן זיינען קעגן דער פּוילישער רעוואָלוציע — האָט געשריבן די „פּאָזנער צייטונג" — ווייל זיי זיינען „פריינט פון רו און אָרדענונג", און די רעוואָלוציע האָט די דאָזיקע רואיקייט צעשטערט. אויף אַ זיצונג פון פּויזנער שטאָט־ראַט האָט דער זעלבער מאַמראָט, וואָס איז שפּעטער נתעלה געוואָרן צו אַ פאָרזיצער פון שטאָט־ראַט, עפנטלעך דערקלערט: „מען טאָר נישט רוען כל זמן דער לעצטער פּאָליאַק האָט נישט פאַרלאָזן די שטאָט פּויזן".

אמת, עס האָבן זיך געפונען צווישן דער העכערער יידישער אינטעליגענץ מענטשן, וואָס האָבן זיך סאָלידאַריזירט דווקא מיטן פּוילישן צד, אָבער קיין גרויסע נאָכפאָלגערשאַפט האָבן זיי נישט געהאַט. קוואַליטאַטיוו זיינען זיי געווען פון גאָר אַ הויכן קאַליבער. איינער פון זיי איז געווען ד"ר משה מאָסע (1808—1865), פון גריידיץ (גרעץ אויף דייטש), דער פאָטער פון דעם שפּעטער באַרימטן בערלינער פאַרלעגער רודאָלף מאָסע; דער צווייטער איז געווען ד"ר ראָבערט רעמאַק (1815—1865), אַ פּויזנער, איינער פון די קלאַסישע רעפּרעזענטאַנטן אין דער נעוראָלאָגיע, וועמען רוסלאַנד האָט אפילו געוואָלט האָבן פאַר אַ פּראָפעסאָר, בתנאי ער זאָל זיך שמדן. רעמאַק איז געווען דער איינציקער ייד אין דער געשיכטע פון פּויזן אונטער פּרייסישן רעזשים, וואָס האָט געשריבן פּויליש און זיך געהאַלטן פאַר אַ פּאָליאַק. מאָסע האָט אָנגעפירט מיט דער פּוילישער פאַרטיידיקונג פונם שטעטל דאָקטאָראָוואָ קעגן דער פּרייסישער אַרמיי.

אין די שטעטלעך איז געוואָרן אַ מהומה. מען איז נישט געווען זיכער מיטן לעבן. יידן האָבן אָנגעהויבן לויפן אין די גרעסערע שטעט, וואו מען איז געווען זיכערער אונטערן שוץ פון דער דייטשער אַרמיי. די דייטשע פּרעסע האָט דאָס אויסגענוצט ווי אַ פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל קעגן די אַנטי־יידישע מעשים פון דער פּוילישער אינסורגענטישער אַרמיי. די שטעלונג פון די פּויזנער יידן האָט אַרויסגערופן צער ביי יידן אין אַנדערע טיילן פון פּוילן. דער פּויליש־יידישער קלוב אין קראָקע האָט זיך געווענדט צו די פּויזנער יידן און געבעטן זיי, אַז אין דאָזיקן קאַמף פאַר פרייהייט זאָלן זיי שטיצן די פּאָליאַקן און נישט די דייטשן. די פּויזנער יידן האָבן געענטפערט: „מיר האָבן זיך תמיד געפילט ווי דייטשן, געליטן מיט זייערע ליידן און זיך געפרייט מיט זייערע פריידן". אמת, עס איז שווער פעסטצושטעלן ווער האָט די דאָזיקע תשובה אָנגעשריבן, ווייל אין דער שטאָט פּויזן איז צו יענער צייט קיין יידישער קלוב נישט געווען; די קהילה ווידער וואָלט זיכער אַזאַ אויפרוף אונטערגעשריבן, ווען ער וואָלט אַרויסגעגאַנגען פון איר.

אויף דער פּראָווינץ זיינען שוין געווען קלובן, געגרינדעט פון יידן אָדער בראש פון וועלכע עס זיינען געשטאַנען יידן. אין ליסע האָבן יידן געשפּילט די אָנפירנדיקע ראָלע אין „פאַראיין צו באַשיצן די דייטשע אינטערעסן פון דער פּראָווינץ פּויזן"; אין אינאָוורעצלאַוו (לעסלע) האָט די קהילה געשטיצט מיט געלט די דייטשע קאָנטער־רעוואָלוציע. אין פּילאַ (שניידעמיל) האָבן יידן עפנטלעך פּראָטעסטירט קעגן דער „דראָענדיקער פּאָלאָניזאַציע פון לאַנד". אין איניקע שטעט האָבן די קהילות געבעטן אָפּשאַפן די אויטאָנאָמיע פון לאַנד און אינקאָרפּאָרירן פּויזן אין פּרייסישן געביט.

די פּאָליאַקן האָבן ווייט נישט גרינג־געשעצט די יידנס ווירקונג. אין אַ ספּעציעלן אויפרוף צו די יידן האָט דער פּוילישער „נאַציאָנאַלער ראַט" גאַראַנטירט יידן פולע רעכט און געבעטן, אַז זיי זאָלן זיך אָנשליסן אין דער פּוילישער זאַך. דאָס זעלבע האָבן געטאָן די פּאָליטישע יידן־עמיגראַנטן פון פראַנקרייך און בעלגיע.

„דער ווילן צו זיין דייטשיש און נישט פּויליש — שרייבט דער היסטאָרקער פון פּויזן, דער ייד מאָריץ יאַפּע — איז שוין ביי יידן פון לאַנג רייף געוואָרן. די יידן גופא, ווען זיי וואָלטן דאָס אפילו געוואָלט, האָבן שוין אין זיך נישט געקענט געפינען די פעאיקייט צו דענקען פּויליש, אַפשיטאָ נאָך צו פילן".

דער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער שטעלונג פון יידן צו די פּוילישע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס — האָט גורם געווען אָט יענע פאַרביטערונג, וואָס הגם זי שפּיגלט זיך נישט אָפּ אין דער פּוילישער ליטעראַטור פון פּויזן פון דער עפּאָכע נאָכן־אויפשטאַנד, האָט זי אָבער געפונען אַ מער סיסטעמאַטישן גוט־אָרגאַניזירטן ווידערקול אין דער פּוילישער עקאָ־

נאָמישער אָרגאַניזאַציע פון לאַנד גופא. די דאָזיקע עקאָנאָמישע רעקאָנסטרוקציע האָט אַוועקגעשטעלט די יידן מחוץ דער פעריפעריע פון פוילישן ווירטשאַפטלעכן לעבן. דאָס פויזנער יידנטום האָט געמוזט נעמען דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט און עמיגרירן פון לאַנד.

די רעוואָלוציע פון 1848 האָט אָפּגעשאַפן אַלע באַגרענעצונגען, וואָס זיינען נאָך געווען חל אויף יידן. די קלאַסיפיקאַציע אויף נאַטוראַליזירטע און טאָלערירטע יידן פאַרשווינדט. אמת, אין לעבן זיינען די פרינציפּן פון עמאַנסיפּאַציע נישט אַזוי שנעל דורכגעפירט געוואָרן. די רעאַקציע, וואָס האָט אָנגעהויבן בושעווען באַלד נאָך דער רעוואָלוציע, האָט קודם־כל געטראָפן יידן. אין אייניקע שטעט פון פויזן האָט מען נישט געוואָלט צולאָזן יידן צו די וואַלן אין די שטאָט־פאַרוואַלטונגען. עס זיינען געווען שטעט, וואו ביז 1861 האָבן יידן נישט געהאַט קיין וואַלרעכט. בדרך כלל אָבער איז שוין 1850 די יידישע גלייכבאַרעכטיקונג אין פויזן געווען אַ ווירקלעכקייט. אין יענעם יאָר האָט דאָס לאַנד פויזן געציילט 1,220,000 איינוואוינער, פון דעם 887,000 פאָליאַקן און 233,000 דייטשן, איינגעשלאָסן די 70,000 יידן, וואָס זיינען שוין אָפיציעל געגאַנגען אויף דער דייטשער נאַציאָנאַלער קאָנטע. די שטאָט פויזן גופא האָט אין 1848 געהאַט 40,000 איינוואוינער, פון זיי 20,000 פאָליאַקן, 10,000 יידן און 10,000 דייטשן — אַזוי אַז די דייטשן האָבן רעקלאַמירט פאַר זיך אַ העלפט פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר באַזיץ, — ער איז פראָקלאַמירט געוואָרן מער אין טערמינען פון נאַציאָנאַלער זעלבסטשוץ, איידער ווי אַ פראַגע פון אַ פאַרגרעסערטן פריוואַט־אייגנטום. דער הויכער ווירטשאַפטלעכער ניוואָ פון דער פוילישער שטאָטישער באַפעלקערונג האָט גורם געווען אַזאַ סיטואַציע: בעת אין פרייסן, מיט וועלכן די רעגירונג האָט געוואָלט אויסגלייכן די פויזנער פראָווינץ, האָט געבליט די מוניציפּאַלע ווירטשאַפט, — איז אין פויזן געווען דווקא דער היפוך; עס איז נישט געלעגן אין די אינטערעסן פון דער פרייסישער רעגירונג צו פאַרגרעסערן די פוילישע רעפּרעזענטאַנץ אין די שטעט. די אינדוסטריע, הויפּטזעכלעך די לאַנדווירטשאַפטלעכע, האָט געבליט אַדאַנק דער אינוועסטיציע פון פוילישן קאַפּיטאַל. דער האַנדל האָט זיך קאָנצענטרירט הויפּטזעכלעך אין די הענט פון יידן און דייטשן.

אין די קלענערע שטעט אָבער האָט ביי יידן געהערשט אַ שרעקלעכער דלות. אין אייניקע פון זיי איז דער פראָצענט יידן געווען צווישן 50 און 60. אין 25 שטעט האָבן יידן אויסגעמאַכט צווישן 30 און 50 פראָצענט פון דער באַפעלקערונג. אין מסחר האָבן יידן רעפּרעזענטירט גאַנצע 44 פראָצענט. הויזירעריי איז ביסלעכווייז פאַרשוואונדן, ווייל דער פוילישער פויער האָט באַקומען אַלץ, וואָס ער האָט באַדאַרפט, פון די גוט־אָרגאַניזירטע פוילישע קאָאָפּעראַטיוון.

ווי טראַגיש עס איז געווען דאָס לעבן פונם יידישן קרעמער אין די קליינע פויזנער שטעטלעך, קען מען צום בעסטן זען פון דער ווייטערדיקער באַשרייבונג, וואָס געפינט זיך אין אַ סטאַטיסטישן באַריכט פון 1870 פונם קרייז אינאָוראָצלאַוו: „די קליינע יידישע קרעמער, וואָס שטעלן פאָר אַ כאַראַקטעריסטישן באַשטאַנד־טייל פון דער באַפעלקערונג אין די קליינע שטעט פון פראָווינץ פויזן, האָבן זיך אין די זיבעציקער יאָרן געפונען אין גאָר אַ טרויעריקער לאַגע. וואָס ווייניקער דאָס געשעפט האָט געבליט, אַלץ מער און מער זיינען זיי פאַראָרימט געוואָרן. נעמען זיך צו עפּעס אַנדערש האָבן זיי [ד״ה די יידן] נישט געקענט ביי זיך פועלן. איז נאָך צום גאַנצן עלנט און נויט צוגעקומען אַ קראַנקהייט, האָט דאָס לעבן אין די זייטיקע איבערגעפּולטע געסלעך, וואו אַ סך משפחות האָבן געלעבט אין איין קליינעם חדר, פאַרגעשטעלט אַ בילד פון העכסטער, מענטשלעכער ירידה. קעגן אָט דער ירידה איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה, ווי אַז די צווינגענדיקע מאַכט פון דער נויט גופא זאָל ענדלעך באַווירקן, זיי זאָלן זוכן נייע פרנסות, בעת די פריערדיקע האָבן פאַרלאָרן זייער רעכט צו עקזיסטירן”.

דער געוואַלדיקער טעמפּאָ פון דער טעכנישער קולטור אין פויזן איז געווען אין אַ שרייענדיקער סתירה צו דער אַלטער, פרימיטיווער פאָרם פון עקאָנאָמישער אַקטיווקייט. די דיאַלעקטיק פון דער דאָזיקער סתירה האָט געפירט אויף צוויי וועגן: קאָנצענטראַציע אין די גרעסערע שטעט, וואו אַן עקאָנאָמישע רעהאַביליטאַציע איז געווען מעגלעך, און עמיגראַציע. דער ערשטער וועג איז ביזן יאָר 1848 נישט געווען מעגלעך, ווייל דאָס באַוועגונגס־רעכט איז פאַר יידן געווען זייער באַשרענקט און געפאָדערט אינדיווידועלע, ביוראָקראַטיש שטאַרק־קאָמפּליצירטע באַהאַנדלונג. דער אייזערנער כוח פון נויט איז אָבער געווען שטאַרקער פון דער פאַפּירענער מאַכט פון פאַרבאָטן, און מען קען פעסטשטעלן אַז אַן אינערלעכע עמיגראַציע אין לאַנד גופא איז יאָ פאָרגעקומען, נישט געקוקט אויף די אַלע מניעות. זינט 1848 האָט אָבער דער אָפּפלוס פון לאַנד אָנגענומען אַ סטיכישן כאַראַקטער. דווקא די עקאָנאָמיש־פּאָזיטיווע עלעמענטן, צווישן זיי בעלי־מלאכות, מיט וועלכע פויזן האָט געשמט, האָבן אָנגעהויבן עמיגרירן. אין יאָר 1852 האָבן די יידן אויסגעמאַכט 5.4 פראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, אין 1864 — שוין 4.6 פראָצענט, אין 1880 —

אינגאַנצן 3.3 פּראָצענט אוןביים שלוס פון 19טן יאָרהונדערט (אין 1900) סך־הכל נאָר 1.9 פּראָצענט.

באַזונדערט גרויס איז געווען דאָס פאַרשווינדן פון יידישן עלעמענט אין די קליינע שטעטלעך. אין פּאָרדאָן, למשל, איז אין 1840 געווען 1422 יידישע נפשות, אין 1871 — סך־הכל 400. אין קורניק איז אין די זעלבע יאָרן געווען: 1170 און 399. צום שטאַרקסטן איז דער אָפּפלוס געווען פון די גאָר קליינע שטעטלעך און אויפן דאָרף, דווקא פון יענע מקומות וואו דער פּוילישער עלעמענט איז געווען זייער שטאַרק. אין די גרעסערע שטעט איז געווען אַ באַדייטנדיקער צופלוס פון יידן. אין בידגאָשטש, למשל, איז אין 1840 געווען 508 יידן, אָבער אין 1871 האָט שוין די דאָרטיקע קהילה געציילט 1963 נפשות. אָנהויבנדיק אָבער מיטן יאָר 1872, פאַרקלענערט זיך די יידישע באַפעלקערונג אין די גרעסערע שטעט אויך. אין 1872 ווערט געגרינדעט די פּוילישע אַגראַר־באַנק, אין וועלכער אגב אויך יידן האָבן געהאַט אַקציעס (אברהם זאהיק און שלעזינגער פון קעמפּן), און זי פירט דורך טראַנזאַקציעס וואָס האָבן רואינירט אַ סך קליינע יידישע באַנקגעשעפטן און תבואה־הענדלער. די „ליגאַ פּאָלסקאַ", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1850 אויפן אָרט פון ליקווידירטן פּוילישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט, האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון פּאָליטישע אַקציעס און האָט פּראָקלאַמירט אַווירטשאַפטלעכע זעלבסטשוץ־אַרבעט, — קודם־כל מיט קיין ניט־פּאָליאַקן נישט פירן קיין געשעפטן. דער ייד איז עלימינירט געוואָרן פון דער ווירטשאַפטלעכער פּעריפעריע פון פּוילישן פריצישן הויף. צו באַדינען די דייטשן איז די צאָל יידישע הענדלערס געווען צו גרויס. אַזוי אַרום איז אויסוואַנדערונג געוואָרן אַן אומפאַרמיידלעכע לייזונג. אין סך־הכל האָבן אין די יאָרן 1871—1890 אויסגעוואַנדערט פון פויזן $17\frac{1}{2}$ פּראָצענט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. אין 1909 האָט די יידישע באַפעלקערנוג אין פויזן געציילט אין גאַנצן 31,000 נפשות און אין 1910 נאָר 26,422, פון וועלכע 26,400 האָבן זיך דעקלאַרירט פאַר דייטשן און 22 פאַר פּאָליאַקן. אָרגאַניזירט אין 106 קהילות, פון זיי דאָס רוב קליינע מיט נישט מער ווי 20 משפחות — זיינען די קהילות אפילו ניט געווען בכוח צו האָבן אייגענע ראַבינערס. סך־הכל האָבן נאָר 20 קהילות געהאַט ראַבינערס. אין די יאָרן 1848—1914 האָבן די פויזנער יידן אויסגעבויט אַ סך וויכטיקע קהלשע מוסדות, ווי שפּיטעלער, מושב־זקנימס, בתי־יתומים א"אַ.

באַמיאונגען צו איבערבויען דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן האָבן זיך דאַטירט נאָך פון דער פאַררעוואָלוציע־עפּאָכע. שוין אין יאָר 1846 האָט דער פויזנער רב, ר' שלמה אייגער (1786—1852), דער זון פון ר' עקיבא אייגער, אָרגאַניזירט אַ געזעלשאַפט פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע. אַ סך פויזנער קהילות האָבן בייגעשטייערט געלט פאַר דער דאָזיקער זאַך. עס האָבן זיך אפילו געמאָלדן איבער טויזנט יידישע משפחות, וואָס זיינען געווען גרייט זיך פאַרוואַנדלען אין ערד־אַרבעטער, דאָס רוב, אגב, געוועזענע בעלי־מלאכות. בעת אייגער האָט אין 1846 אינטערווענירט ביים פּרייסישן קיניג פרידריך ווילהעלם IV לטובת די רוסישע יידן, האָט דער קיניג אים פאָרגעלייגט בעסער צו ווירקן אויף די „אייגענע" יידן, ד"ה אויף די פויזנער, אַז זיי זאָלן זיך נעמען צו לאַנדווירטשאַפט. ער האָט דערביי דערקלערט, אַז די רעגירונג וועט מיט פולער האַנט שטיצן אַזאַ אַרבעט. אָבער אין יאָר 1850 איז שוין די גאַנצע באַוועגונג געווען טויט, ווייל דער צוזאָג פון דער רעגירונג צו געבן פריי לאַנד איז ניט מקויים געוואָרן. געשטיצט האָט אָבער די פּרייסישע רעגירונג יענע יידן, וואָס זיינען געווען רייך גענוג און געקענט קויפן אַ גוט בכלל, און אַ פּוילישן בפרט: דאָס האָט דאָך געמיינט פאַרקלענערן דעם פּוילישן נאַציאָנאַלן באַזיץ. אין יאָר 1859 האָט פירשט וואַסילטשיקאָוו, דער וואָלינער גובערנאַטאָר, וואָס האָט זיך באַמיט צו פאַרקלענערן דעם פּוילישן ערד־באַזיץ אין זיין גובערניע, געשריבן אין אַ געהיימען ראַפּאָרט צו אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, אַז מען דאַרף נעמען אַ מוסטער פון פּרייסן, וואו מען האָט די יידן נישט ליב, אָבער אַז עס קומט צו אַזאַ וויכטיקן ענין, ווי אויסלייזן דעם באָדן פון פּוילישע הענט, שטיצט מען די יידן און די דייטשן און מען גיט זיי קרעדיט, כדי דורכצופירן די דאָזיקע „נאַציאָנאַלע אַרבעט".

די עקאָנאָמישע עליה פון די פויזנער יידן, וואָס זיינען געבליבן אין לאַנד, האָט זיך געלאָזט מערקן פון יאָר צו יאָר. עס איז פאַרקלענערט געוואָרן דער יידישער אָנטייל אין האַנדל, אָבער פאַרגרעסערט געוואָרן אויפן געביט פון אינדוסטריע, פרייע פּראָפעסיעס און באַאַמטנטום. נאָר די צאָל יידן אין שולוועזן (באַזונדערס אין העכערן) און אויך אין די העכערע שטאַפּלען פון באַאַמטענטום — איז נישט פאַרגרעסערט געוואָרן, ווייל נישט געקוקט אויף די „גלייכע רעכט" — האָט מען יידן אַהין ניט צוגעלאָזט.

די קאָנצענטראַציע אין גרויס־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען האָט גורם געווען, אַז די עקאָנאָמישע טעטיקייט פון יידן האָט זיי נאָך מער „פאַרפרייסט", להיפוך צו די פּאָליאַקן, וואָס זיינען אין זייער עקאָנאָמישער עקספּאַנסיע נישט אַרויס פון גדר פון זייער לאַנד און זיינען געווען מער „פאַרפויזנט". דער פויזנער ייד איז געוואָרן מער „רייכס־ייד" און דורך דעם מער וועלט־ייד, בעת דער פויזנער פּאָליאַק איז געוואָרן מער פּראָווינציעל, ממילא מער קאָנסערוואַ־

טיוו. דער דאָזיקער קאָנסערוואַטיזם האָט אין לעצטן סך־הכל פּראָדוצירט אַ טיפּ פון אַ „פּרייס פון פּוילישער נאַציאָנאַליטעט״. בעת די פּוילישע ווירטשאַפט האָט געהאַט אַ נאַציאָנאַל־באַפּאַרבטע פונקציע, האָט די יידישע ווירטשאַפט געטראָגן אַ מלוכהשן כאַראַקטער און ממילא צעבראָכן דעם גדר פון דער ענג־טעריטאָריעלער פּעריפעריע. באַזונדערס איז דאָס געווען בולט נאָכן פּרייסיש־פראַנצויזישן קריג, ווען ביסמאַרק האָט אינקאָרפּאָרירט אין פּרייסישן רייך דאָס גרויס־פירשטנטום פויזן און האָט אָנגעהויבן דעם באַרימטן קולטור־קאַמף קעגן די פּאָליאַקן.

אין יענעם קולטור־קאַמף האָבן די יידן זיך געשטעלט אויפן פּרייסישן צד. די פּוילישע געזעלשאַפט האָט דעם קאַמף באַטראַכט ווי אַ דייטשישן, ממילא פאַלן דורך זייער זעלטן אַנטי־יידישע טענער אינם פּוילישן קאַמף קעגן די דייטשן. די פּאָליאַקן האָבן באַטראַכט די יידן־פראַגע אין פויזן, ווי אַ טייל פון דער דייטשער פראַגע. די שטייגנדיקע פּראָ־רוסישע אָריענטאַציע ביי די פויזנער פּאָליאַקן אין די יאָרן 1872—1890 האָט שוין אַנטפּלעקט די אַנטי־יידישע איינשטעלונג ווי אַן אויסדרוק פון איינשטימונג מיט דער רוסישער פּאָליטיק לגבי יידן. אָבער די פויזנער פּאָליאַקן האָט מער באַאומרואיקט די צוקונפט פון פּוילנטום ווי די קעגנוואַרט פון יידן. הגם די פּוילישע פּאַרלאַמענטאַרע רעפּרעזענטאַנץ האָט אָפטמאָל געשלאָסן אָפּמאַכן מיט רעאַקציאָנערע גרופּעס, וואָס האָבן יידן נישט ליב געהאַט, דאָך איז דער געדאַנק וועגן באַגרענעצן די בירגער־רעכט פון יידן זיי נישט געווען צום האַרצן.

אַוועקשטעלן זיך אויף אַזאַ שטאַנדפּונקט פון אַנטי־עמאַנציפּאַציע, וואָלט פאַר דער פּוילישער געזעלשאַפט געמיינט פאַרלירן די מאָראַלישע שטיצע פון די דייטשע ליבעראַלן און סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע האָבן אין די פּאַרלאַמענטאַרע דעבאַטעס אָפט געשטיצט די פּוילישע רעפּרעזענטאַנץ, הגם זי איז געווען אַ רעפּרעזענטאַנץ פון פּוילישן גרויס־באַזיץ און מיטל־קלאַס. דערפאַר האָבן די פּוילישע פּאָליטיקער זעלטן פאָרמולירט אַנטיסעמיטישע טעזיסן, הגם זייער קאַמף האָט אויך געצילט קעגן ייד.

בעת אין 1859 האָט דער „פשעגלאָנד פּאָזנאַנסקי״ — אַ פּראָמינענטער חודש־זשורנאַל — אָפּגעדרוקט אַן אומבאַקאַנטן אַנטיסעמיטישן פּאַמפלעט פון נעמצעוויטשן, האָט די רעדאַקציע דערקלערט, אַז זי דרוקט עס פון פּיעטעט וועגן פאַר אַ ווערק פון אַ קלאַסיקער פון דער פּוילישער ליטעראַטור און גייט נישט אַריין אין תוך פון דער זאַך.

„מיר זיינען אַלעמאָל געווען און זיינען איצט פאַר פולער גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן (איזראַעליטאָוו) — כדי מען זאָל אונז נישט חושד זיין, אַז מיטן אָפּדרוקן אָט דאָס ווערק האָבן מיר בדעה צו שעדיקן די יידן, באַזונדערס איצט, אין אַ מאָמענט, ווען זי, ד״ה די אידן־פראַגע באַשעפטיקט אַזוי פיל מוחות״*).

אין 1862 האָט די פּוילישע געזעלשאַפט פון פריינד פון וויסנשאַפט אין פויזן אויסגעוויילט דעם וואַרשעווער דאָקטאָר לודוויק נאַטאַנסאָן פאַר אַ מיטגליד, ווען בדיק דערביי אונטערשטרייכן, אַז זי נעמט אַריין אַזאַ יידן, וואָס אידענטיפיצירט זיך מיטן פּוילנטום.

דער קאַמף פון די פויזנער פּאָליאַקן פאַר אַ פּוילישער באַלעבאַטישקייט האָט אין דער פּראַקטיק געטראָגן אַן אַנטי־יידישן כאַראַקטער און דערפאַר געוואָרן אַ מוסטער פאַר די טעאָרעטיקער פון פּוילישן קליין־בירגערטום אין קאָנגרעס־פּוילן און טיילווייז אויך אין גאַליציע. די ביסמאַרקישע ציניש־רעאַליסטישע פּאָליטיק איז פלינק אַריינגעוועבט געוואָרן אין די טעאָרעטישע הנחות פון דער פּוילישער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָס הגם פאָרמולירט פון אַ וואַרשעווער פּאָליאַק, ראָמאַן דמאָווסקי, איז זי אָבער געווען מאָדעלירט לויטן פּרייסישן נוסח. דער אידעאַל פון „נאַציאָנאַלן עגאָאיזם״ האָט פון פויזן געוויזן דער פּוילישער וועלט אַ וועג צום עקאָנאָמישן אַנטיסעמיטיזם, הגם די פּאָליטישע סיטואַציע וואָס האָט זי געשאַפן איז געווען אין פויזן גאָר אַן אַנדערע ווי אין קאָנגרעס־פּוילן אָדער גאַליציע.

אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד האָבן די יידן קיין גרויסע ראָלע נישט געשפּילט. די פּראָמינענץ אין דער דייטשער פּאָליטיק, וואָס איניקע פויזנער יידן האָבן זיך דערוואָרבן, דאַרף גיין גיכער אויפן דייטשישן חשבון, איידער אויפן יידישן. אַזוי, למשל, איז דער ליסער ייד, רפאל יעף קאָש (1812—1872), דער ערשטער וויצע־פּרעזידענט פון דער בערלינער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין יאָר 1848, געווען אַ מיטגליד פון דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי, און האָט זיך מיט דער יידן־פראַגע לגמרי נישט אינטערעסירט. דער צווייטער שטערן אויפן דייטשן פּאָליטישן הימל, עדואַרד לאַסקער (1829—1844), געבוירן אין יאַראָטשין, איז געווען דער גרינדער פון דער נאַציאָנאַל־ליבעראַלער פּאַרטיי און האָט אויך קיין וואָרט נישט געזאָגט אין שוץ פון יידן.

די גייסטיקע אַרבעטער פון העכערער מדרגה האָבן זיך שלעכט געפילט אין ענגן קליין־בירגערלעכן קרייז פון זייער געבוירן־אָרט, זיי האָבן זיך געריסן אין דער גרויסער וועלט, — צו יענער צייט האָט דאָס געמיינט קודם־כל בערלין און שפּעטער

*) אַ רמז אויף דער „פּויליש־יידישער מלחמה״ אין וואַרשע אין 1859, זע דעם קאַפּיטל: קאָנגרעס פּוילן אין די יאָרן 1861—1881.

אַמעריקע. פאַרן אויפבלי פון דער יידישער קולטור אין דעם זין, ווי דער דעמאָלטיקער דור האָט עס פאַרשטאַנען, זיינען געבליבן די היימישע ראַבינער; זיי האָבן געשריבן טענדענציעזע ביכער וועגן יידישן עבר אין פויזנער פראָווינץ, פעלשנדיק דערביי נישט נאָר געשיכטע, נאָר דעם עלעמענטאַרן אות פון אמת. די מער שעפערישע יידישע געלערנטע האָבן פאַרלאָזן זייער „היימאַט", כדי מיט זייערע גייסטיקע בלוט־טראַנספוזיעס צו ראַטעווען פון אונטערגאַנג דעם אָפּגעשוואַכטן קערפּער פון דער דייטשישער „חכמת ישראל", וואָס ר' יום טוב ליפּמאַן צונץ האָט אין 1819 געבראַכט צום לעבן.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון יידישן קליין־בירגערטום אין פויזן האָט געהאַט אַ נעגאַטיווע ווירקונג אויף דער דעמאָגראַפישער אַנטוויקלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג. קודם־כל איז געוואַקסן די צאָל שמדן. פאַר די יאָרן 1812—1846 האָבן זיך אין דער שטאָט פויזן אַליין אָפּגעשמדט 242 יידן. די צאָל חתונות איז שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרן. אין די יאָרן 1824—1873 ווייזן די פויזנער יידן אַ נידעריקערע ראַטע פון חתונות איז פאַרגלייך מיט אַנדערע אמונות. אויף 10,000 נפשות זיינען געווען 73 חתונות ביי יידן, 98 — ביי קאַטוילן און 94 ביי פראָטעסטאַנטן. אויב פאַר יענע יאָרן קען מען פאַר דעם געפינען אַ דערקלערונג אין דער עקאָנאָמישער אומזיכערקייט פון די יידן, איז פאַר די יאָרן 1873—1910, ווען די צאָל יידישע חתונות און געבורטן ווערן אַלץ קלענער, דאַרף מען דאָס דערקלערן מיטן וואוקס פון עקאָנאָמישן וואוילטאָג. אין 1910 האָט די יידישע באַפעלקערונג אין פויזן אויסגעמאַכט נאָר 34.5 פראָצענט פון דער צאָל יידן, וואָס איז דאָרטן געווען אין 1849, ד"ה זי איז פאַרקלענערט געוואָרן אויף צוויי דריטל. בנוגע דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג איז די יידישע באַפעלקערונג געוואָרן פינף מאָל ווייניקער. לגבי 1880 זיינען די געבורטן ביי די פויזנער יידן געפאַלן אויף כמעט צוויי דריטל.

במשך קנאַפּע 70 יאָר האָט זיך דאָס פויזנער יידנטום אינגאַנצן „אַנטפּוילישט" פסיכיש און זיך פאַרגערמאַניזירט קולטורעל און פּאָליטיש מיטן מיליטאַנטישן פרייסנטום פונם „אָסטמאַרק פאַראיין"־טיפּ; הן אין זיינע שריפטן, הן אין זיינע מעשים האָט עס זיך אינגאַנצן אידענטיפיצירט מיטן סאַמע רעאַקציאָנערן דייטשן עלעמענט אין פויזן. עס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש, אַז יידן אין פויזן זיינען נישט בנמצא אין דער לאָקאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אַקעגן שפּילן זיי אַ גרויסע ראָלע אין דער נאַציאָנאַליסטישער דייטשער פּובליציסטיק און ליטעראַטור פון פויזן. די היסטאָריקער פון דער פויזנער פראָווינץ זיינען געווען דאָס רוב יידן, — זיי האָבן אין זייערע שריפטן באַרעכטיקט די ברוטאַלע גערמאַניזאַציע, וואָס די פרייסישע רעגירונג האָט דאָרטן אָנגעפירט.

דאָס יידישע גייסטיקע לעבן איז אין גאַנצן פאַרגליווערט געוואָרן. יידישקייט האָט זיך אויפגעהאַלטן אין די קאַלטע ווענט פון די פּרעכטיק־געבויטע סינאַגאָגעס און אין די ווייניק באַזוכטע קרייזן פון דער „געזעלשאַפט פאַר יידישער ליטעראַטור און געשיכטע", וואָס זיינען געפירט געוואָרן פון ראַבינער, וועלכע האָבן ספאָראַדיש געגעבן איינשפּריצונגען פון קאָנפעסיאָנעלער יידישקייט. פון קיין יידישער סאָציאַלער באַוועגונג איז נישט געווען קיין ושפור. הגם די ערשטע פאַרזאַמלונג פון „חובבי ציון" איז פאָרגעקומען אין קאַטאָוויץ (שלעזיען, אין 1884) איז דאָס אָבער געווען מער אַן ענין פון „אויסלענדישע" יידן. די פויזנער יידן האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס פאַר וועלכע עס איז יידישע באַוועגונגען.

ערשט ווען דאָס לאַנד איז געוואָרן צוריק אַ טייל פון פוילן און עס איז געווען אומבאַקוועם צו בלייבן ווייטער דייטשן און קיין פּאָליאַקן האָט מען נישט געקענט ווערן, האָבן זיך די פויזנער יידן פראָקלאַמירט ווי יידן, נאָך דעם ווי צוויי־דריטל פון זיי האָבן אויסגענוצט דאָס רעכט פון אָפּציע און זיינען אַוועק אין דייטשן „היימלאַנד".

# VI. קאָנגרעס־פּוילן אונטער רוסישער ממשלה

(1856—1831)

## 1. אין דער תקופה פון פּאַסקעוויטש




עם 16טן סעפּטעמבער 1831 האָט דער „מלך" פון פּוילן, ניקאָלאַי דער ערשטער, באַשטימט אַ צייטווייליקע רעגירונג פון לאַנד. די דאָזיקע רעגירונג איז באַשטאַנען פון אַ פּאָרזיצער און פיר אָנפירער פון מלוכה־דעפּאַרטמענטן, וואָס צוזאַמען האָבן זיי ממלא געווען דעם פריערדיקן אַדמיניסטראַטיוון ראַט פון פּוילן. דעם 24טן נאָוועמבער 1831 האָט מען די תושבים פון לאַנד מודיע געווען מיט אַ ספּעציעלן מאַניפעסט, אַז ווי אַ שטראָף פאַר דער רעוואָלוציע וועט דעם 3טן יאַנואַר 1832 איינגעפירט ווערן אַ צאָל־טאַריף צווישן רוסלאַנד און פּוילן. מיט דער דאָזיקער שטראָף האָט מען באַצוועקט קודם־כל אָפּצושאַפן די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג פון לאַנד, והשנית מאַכן פּוילן מער אָפּהענגיק פון רוסלאַנדס עקאָנאָמישע חסדים.

דער פּוילישער „לײמענער טאָפּ וואָס איז געווען צוגעבונדן צו דער רוסישער אײזענער קייט", לויט דער טרעפלעכער באַמערקונג פון מאָריצי מאָכנאַצקי, איז אמת צעבראָכן געוואָרן, אָבער בשום אופן נישט צעשמעטערט געוואָרן. אויפן קליינעם לאַנד איז אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אַ קאָנטריבוציע פון 22 מיליאָן רובל אין גאָלד. חוץ דעם האָט מען געמוזט אויסהאַלטן אַן אַרמיי פון הונדערט טויזנט סאָלדאַטן.

דער צאָל־טאַריף האָט תיכף פאַרקלענערט דעם עקספּאָרט פון סחורות קיין רוסלאַנד אויף גאַנצע 75 פּראָצענט, דערפאַר אָבער פאַרבעסערט דעם רוסישן האַנדל־בילאַנס דורך אַריינפירן סחורות פון רוסלאַנד. דער שאַרפער עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס איז געקומען, ווי אַ פּועל יוצא פונעם צאָל־טאַריף, האָט אָפּגעשוואַכט די אינדוסטריע, האָט זי אָבער נישט חרוב געמאַכט. צו געזונט זיינען געווען די יסודות אויף וועלכע זי איז געבויט געווען אין משך פון די 15 יאָר פון פּוילישער רעלאַטיווער זעלבשטענדיקייט, אַז מען זאָל זי קענען מיט אַ לייכטער האַנט פאַרניכטן. די דאָזיקע זעלבשטענדיקייט איז געווען מער, ווי אַ יורידישע פאָרמולע. היות זי איז אָבער געווען באַזירט אויף אַ רעכטלעכן פּרינציפּ, — האָט ניקאָלאַי דער ערשטער קודם־כל באַשלאָסן אָפּצושאַפן דעם דאָזיקן פּרינציפּ. דעם 26טן פעברואַר 1832 איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דעם צאַרס מאַניפעסט, וועלכער מאַכט בטל די קאָנסטיטוציע, וואָס פּוילן האָט באַקומען פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן. כדי בולטער אונטערצושטרייכן די דעספּאָטישע כוונות פון דער צאַרישער מאַכט, איז איינגעפירט געוואָרן אַ ספּעציעלער סטאַטוט פאַר אַדמיניסטראַטיווע צוועקן, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען: דער אָרגאַנישער סטאַטוט. שוין דער נאָמען גופא האָט מרמז געווען אויף די טענדענצן פון דער מלוכה: זי האָט געוואָלט וואָס גיכער אינקאָרפּאָרירן פּוילן אינם גרויסרוסישן מלוכה־אָרגאַניזם.

לויט די תקנות פון „אָרגאַנישן סטאַטוט" האָט פּוילן נישט געהאַט מער קיין רעגירנדיקע פאַרוואַלטונג, נאָר אַן אַדמיניסטראַטיווע. די דאָזיקע פאַרוואַלטונג איז געווען זעלבשטענדיק אויף אַזוי ווייט, אויף וויפיל עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ליקווידירן פּוילנס מלוכהשע זעלבשטענדיקייט. די אַלטע אַדמיניסטראַטיווע פאַרוואַלטונג איז געבליבן אומבאַרירט. אירע אָנפירער, דאָס רוב אַלטע באַאַמטע, וואָס האָבן געכשרט זייער פּאָליטישע „אומשולד" דורך דעם, וואָס זיי האָבן „באַוויזן", אַז בעתן אויפשטאַנד זיינען זיי געבליבן טריי דעם „פּוילישן מלך" ניקאָלאַי דעם ערשטן, האָבן ווי אַן אויג אין קאָפּ אָפּגעהיט די לעצטע רודימענטן פון דער פּוילישער פאַרוואַלטונג. קיינער האָט נישט געוואוסט, ווי לאַנג די דאָזיקע פּוילישע פאַרוואַלטונג וועט בלייבן. אין פּעטערבורג, וואו דער נצחון פון דער רוסישער אַרמיי איבער דער פּוילישער האָט געהויבן די טעמפּעראַטור פון קאַזיאָנעם פּאַטריאָטיזם, האָט מען געקוקט מיט אַ בייז אויג אויף די דאָזיקע „ליבעראַלע" הנחות פאַר די „אומטרייע" פּאָליאַקן. מען האָט אָנגעוויזן, אַז אַזאַ פאַרוואַלטונג איז שעדלעך, נישט נאָר ווייל זי איז אַ פּוילישע, נאָר ווייל זי איז אַ... גוטע: ממילא רופט זי אַרויס קינאה ביים רוסישן מענטש וועלכער האָט אַזאַ אַדמיניסטראַטיוון אַפּאַראַט נישט פאַרמאָגט. דווקא צוליב דעם, איז מען אין די אָפיציעלע קרייזן נישט געווען גענויגט צו פאַרניכטן זי מיט איין קלאַפּ, ווייל אַזאַ טאַט וואָלט אַריינגעבראַכט אַ כאַאָס אין לאַנד. דאָס איז נישט געלעגן אין די אינטערעסן פון דער רוסישער רעגירונג.

דער „אָרגאַנישער סטאַטוט" האָט אָבער בפירוש פאָרמולירט די כוונות פון דער מלוכה. דאָס איז געווען אַ שטרעבן, אַז „די איינוואוינער פון לאַנד (ד"ה פון פּוילן) זאָלן מהיום והלאה בילדן איין פאָלק צוזאַמען מיט די רוסן, פאַראייניקט מיט די סאַמע האַרמאָנישסטע געפילן פון ברידערלעכקייט".

דער רעכטלעך־מלוכהשער צושטאַנד פון לאַנד איז שטאַרק געביטן געוואָרן: די קאָנסטיטוציאָנעלע פליכט פונם רוסישן צאַר זיך צו קרוינען אין וואַרשע ווי אַ פוילישער מלך — איז בטל געוואָרן. דער טיטל „פוילישער מלך״ איז אָבער ווייטער געבליבן אין לאַנגן רייסטער פון די ראָמאַנאָווס קרוין־טיטלען. די פוילישע געזעצגעבונג און די אויטאָנאָמע אַדמיניסטראַציע איז געבליבן אומפאַרענדערט. די אַרמיי איז אָפּגעשאַפן געוואָרן. עס איז אפילו געווען אַ פּראָיעקט, אַז אַ פוילישע זשאַנדאַרמעריע זאָל בלייבן, כדי עס זאָל זיין גרינגער אויסצופירן די פּאָליצייאישע פונקציעס. אָבער בעקענדאָרף, דער באַרימטער אָנפירער פון „דריטן אָפּטייל״, האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט, און דער ענין איז תיכף ליקווידירט געוואָרן.

די רעכט, וואָס די קאָנסטיטוציע פון 1815 האָט אין פּרינציפּ גאַראַנטירט, זיינען געבליבן דערווייל נישט פאַרענדערט. פויליש איז ווייטער געבליבן די אַמט־שפּראַך פון געריכט און פון דער פאַרוואַלטונג. אַן איינוואוינער פון קאָנגרעס־פוילן האָט אָבער נישט געהאַט קיין רוסישע בירגער־רעכט און ממילא נישט געקענט, אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש, זיך באַזעצן אין רוסלאַנד. פאַרקערט, אַן איינוואוינער פון רוסלאַנד האָט יאָ באַקומען רעכט צו וואוינען אין פוילן, קויפן הייזער, פירן געשעפטן אאַז״וו.

די רעגירונג האָט אפילו צוגעזאָגט פון צייט־צו־צייט צו רופן אַ פאַרזאַמלונג פון רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפטן, וואָס זאָל דינען ווי אַן אַדמיניסטראַטיווער ביי־ראַט, און אויך איינצופירן אַ פאַרשמעלערטע מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונג. דאָס איז אָבער נישט דורכגעפירט געוואָרן.

וואָס האָט באַוואויגן דעם צאַרישן זיגער צו זיין אַזוי „ליבעראַל״ צו די באַזיגטע? קודם־כל האָט מען געוואָלט געווינען די שפּיצן פון דער פוילישער געזעלשאַפט, יענע אַריסטאָקראַטישע משפחות, וואָס האָבן געהאַט זינט אַלעקסאַנדער דעם ערשטן שטאַרקע פאַרבינדונגען מיטן צאַרישן הויף. צווייטנס, האָט מען שטאַרק מורא געהאַט, אַז דער נעכטיקער שונא זאָל נישט וועלן פירן אַ קאַמף קעגן רוסלאַנד דורך סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע, אַן ענין וואָס שפּיגלט זיך אָפּ מיט אַ נערוועזער ממש סיסטעמאַטישקייט אין די געהיימע ראַפּאָרטן פון די רוסישע מאַכט־האָבער פון פוילן.

פאַראַלעל מיט דער כמו־זעלבשטענדיקייט ווערט איינגעפירט קריג־צושטאַנד (אין 1833), — ער איז, אגב, געזעצלעך קיינמאָל נישט צוריקגערופן געוואָרן. דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך געפונען אין צושטאַנד פון אַ באַלאַגערטער פעסטונג.

בראש פון דער פאַרוואַלטונג פון לאַנד איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן פירשט פאַסקעוויטש־עריוואַנסקי (1856—1782), דער באַרימטער באַזיגער פון קאַווקאַז, דער דערשטיקער פון דער אונגערישער רעוואָלוציע אין 1848 און דער שטורמער פון וואַרשע. אַלס „נאַמיעסטניק״ פון פוילן, האָט זיך פאַסקעוויטש געפירט, ווי אַן אמתער דיקטאַטאָר; אין דער זעלבער צייט אָבער האָט ער זיך באַמיט צו געווינען געוויסע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, באַזונדערס די שפּיצן פון דער פוילישער און יידישער געזעלשאַפט. זיין ציל איז געווען אָפּצואווענדן די ענערגיע פון דער פוילישער אינטעליגענץ — פונם נאַציאָנאַלן געדאַנק דורך דערמוטיקן און אפילו שטיצן די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג פון לאַנד. דורך דער פאַרמיטלונג פון אייניקע יידישע און געוועזענע יידישע באַנקירן האָט פאַסקעוויטש סטימולירט דעם צופלוס פון פראַנצויזישן און דייטשן קאַפּיטאַל קיין פוילן.

די פּריצים האָט ער געוואונען מיטן צוזאָג, אַז מען וועט קיין צו ראַדיקאַלע אַגראַר־רעפאָרמעס נישט דורכפירן; די פויערישע דעלעגאַציעס ווידער האָט ער געזאָגט, אַז די פּריצים זיינען נישט נוטה צו געבן לאַנד די פויערים, און דערפאַר זאָלן די פויערים זיך נישט צוהערן, וואָס די פּריצים רעדן און זיך בעסער איינגאַנצן פאַרלאָזן אויפן „צאַר־פאָטערל״, וואָס וועט שוין אַליין זיי באַשענקען מיט ערד.

דאָס שול־וועזן אין פוילן. וואָס האָט אין דער קורצער צייט פון אויטאָנאָמען קאָנגרעס־פוילן געבליט, — האָט פאַסקעוויטש איינגאַנצן דערשטיקט. צו אַ דעלעגאַציע פון יידן האָט ער געזאָגט, אַז ער פאַרטראָגט נישט קיין געבילדעטע יידן, ווייל אַזעלכע יידן הערן אויף קודם־כל צו גלויבן אין גאָט. צו אַ דעלעגאַציע פון גוט־באַזיצער האָט ער דערקלערט, אַז עס איז אין די אינטערעסן פון די פּריצים, די פויערים זאָלן זיין אומוויסנדיק.

מיט איין וואָרט פאַסקעוויטש איז געווען מער, ווי אַ מיליטערישער דיקטאַטאָר פון אַ דעראָבערטן לאַנד. קודם־כל האָט פאַסקעוויטש פאַרדרייפאַכט דעם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט. מיט פאַרשידענע מיטלען איז אים געלונגען צו דעמאָראַליזירן אַ טייל פון דער פוילישער אינטעליגענץ, וואָס איז נישט אַוועק אויף עמיגראַציע, הגם זי האָט אָנטייל גענומען אין אויפשטאַנד. אַ סך פון זיי זיינען אַריינגעטראָטן אין דינסט פון דער רוסישער געהיים־פּאָליציי. ער האָט אפילו אָרגאַניזירט אַן אַנטי־חסידישן שפּיאָנאַזש־דעפּאַרטאַמענט; דאָ האָבן געאַרבעט בלויז יידן; זיי פלעגן, דאָס רוב דווקא אין אַ שוידערלעכן יידיש, שרייבן ראַפּאָרטן וועגן „פּאָליטישע״ אַקטיוויטעטן פון חסידישע רביים אין פוילן.

די צענזור איז געווען אַזוי שטרענג, אַז מען האָט נישט געטאָרט אָפּדרוקן אפילו איין וויזיט־קאַרטל אָן דער דערלויבעניש פון דער מאַכט.

ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבן אָפּשאַפן די

אַדמיניסטראַטיווע אייגנאַרטיקייט פון לאַנד. אין 1837 האָט מען פאַרביטן די אַכט וואָיעוואָדשאַפטן אויף אַכט גובערניעס. אין 1844 האָט מען פאַרקלענערט די צאָל גובערניעס אויף פינף (ראַדאָמער, לובלינער, וואַרשעווער, פלאָצקער און אויגוסטאָווער). אין 1839 האָט מען אָפּגעשאַפט די זעלבשטענדיקייט פון שול־וועזן, און דורך אַ שול־קוראַטאָריע האָט מען די שולן אָפּהענגיק געמאַכט פונם רוסישן בילדונגס־מיניסטעריום אין פעטערבורג. אין 1847 האָט מען פאַרביטן דעם פוילישן שטראָף־קאָדעקס אויפן רוסישן.

באַלד נאָכן אויפשטאַנד האָט מען פאַרמאַכט דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט און געעפנט דערגאַנצונגס־קורסן פאַר יוריסטן און פעדאַגאָגן. מען האָט אָבער זייער שנעל דעם דאָזיקן פּראָוויזאָרישן לערן־אַנשטאַלט אינגאַנצן ליקווידירט. דערפאַר האָט מען אָבער דערלויבט פּאָליאַקן צו שטודירן אין די רוסישע אוניווערסיטעטן, און אָפיציעל האָט מען זיי אפילו געגעבן פּריאָריטעט.

אונטערן דאָזיקן נייעם, שטרענגען פּאָליציי־מיליטערישן רעזשים האָבן זיך אין 1832 געפונען קנאַפּע 400,000 יידן, וואָס האָבן אויסגעמאַכט איבער ניין פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. דאָס רוב יידן האָט געלעבט אין די שטעטלעך אין גרויסער אָרימקייט. „אויף דער גאַנצער וועלט — האָט געשריבן יוזעף גאָלוכאָווסקי, אַ פּראָמינענטער פוילישער פילאָזאָף — איז נישטאָ אַזאַ אומגליקלעך פאָלק, ווי דאָס פאָלק ישראל אין אונזערע שטעטלעך. כדי זיך אין דעם צו איבערצייגן, איז גענוג צו באַזוכן עטלעכע פון די דאָזיקע שטעטלעך... אין איין שטיבעלע, וואו עס הערשט אַ פאַרפעסטעטע לופט, וואוינט אַן ערך 20 יידן, שמוציקע, האַלב־נאַקעטע; באַנאַכט ליגן זיי שורותווייז איינער איבערן אַנדערן אין הענגענדיקע בעטלעך. תמיד קעמפן זיי מיט הונגער, מיט חולאתן, אָפטמאָל מיטן טויט, אָבער שטענדיק אָן רעטונג און אָן האָפענונג אויף בעסערע צייטן. זיי פאַרמאָגן גאָרנישט חוץ גלויבן אין זייער אייגענער עקשנות, וואָס די צרות און קלעפּ פון לעבנס־גורל האָבן אַנטוויקלט אין זייערע נשמות. נישטאָ קיין שרעקלעכער בילד, ווי די דאָזיקע פאַרפעסטעטע שטעטלעך; נישטאָ קיין האַרץ־רייסנדיקערע סצענע, ווי צוזען דעם דלות פון דאָזיקן פאָלק"...

גאָלוכאָווסקי שטעלט אַ פראַגע: פון וואָס לעבן אָט די דאָזיקע יידן? דער ייד קען נישט זיין קיין באַאַמטער. צו לאַנדווירטשאַפט לאָזט מען אים אַזוי לייכט נישט צו. ער קען נישט זיין קיין דאָקטאָר אָדער אַדוואָקאַט, ער ווערט אפילו נישט צוגעלאָזן צו שווערע פיזישע אַרבעטן — איז דער פועל יוצא, אַז ער מוז שטאַרבן פון הונגער. ווי שלעכט עס זאָל נישט זיין דעם פויער, אַרגומענטירט גאָלוכאָווסקי, איז אים נאָך אַלץ בעסער, ווי דעם יידן. „ווי אָרים אונזער פויער זאָל נישט זיין — שרייבט ער — פאַרמאָגט ער אַ ביסל תבואה פאַרן ווינטער, אַ ביסל קאַרטאָפל אָדער גרינס, ער האָט אַן אייגענע כאַטקע, אַ שטאַל, בעת דאָס רוב פוילישע יידן האָט גאָר נישט פון דעם מין"...

אַז די דאָזיקע שילדערונג איז נישט איבערגעטריבן, קען מען זען פון די באַריכטן, וואָס זיינען אָנגעזאַמלט געוואָרן אין 1843, בעת עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן קאָנסטרוקטיווער הילף פאַר אָרימע יידן. אין יענע באַריכטן ווערט געגעבן אַ רעטראָספּעקטיווער איבערבליק איבער דעם עקאָנאָמישן מעמד פון די יידן זינט 1831. פון אונטער דער פּען פון די טרוקענע און ווייט נישט יידן־פריינטלעכע באַאַמטע קומען אַרויס בילדער פון שוידערלעכער אָרימקייט, וואָס באַשטעטיקן גאָלוכאָווסקיס באַשרייבונג.

קודם־כל איז די יידישע אָרימקייט געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון דער מלחמה, פון וועלכער דער ייד בכלל און דער קליינשטעטישער בפרט האָט זייער אַ סך געליטן. אָבער דאָס לאַנד גופא האָט אין דער ערשטער דעקאַדע פון נייעם רעזשים אויך שטאַרק געליטן. די צאָל־גרענעץ האָט קודם־כל רואינירט די טוך־פּראָדוקציע פון לאַנד. אַ סך פאַבריקן האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון פוילן, באַזונדערס קיין ביאַליסטאָק און באַרדיטשעוו. עס זיינען אונטערגעגאַנגען אַזעלכע אינדוסטריעלע צענטערן, ווי פאַביאַניץ, אָזאָרקאָוו, טורעק א"אַ. די מלחמה גופא האָט פיזיש חרוב געמאַכט די טוך־פאַבריקן אין פּולטוסק. די באַרימטע טוך־פאַבריק פון זלמן פּאָזנער אין קוכאַרי איז אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן. אין לאָמזשע האָט מען נישט געקענט עפענען די פאַרמאַכטע פאַבריקן, ווייל די רוסישע אַרמיי האָט באַנוצט די בנינים פאַר שפּיטעלער, צוליב דער עפּידעמיע פון כאָלערע, וואָס האָט געבושעוועט אין פוילן בכלל, און צווישן די רוסישע סאָלדאַטן בפרט. במשך פון עטלעכע חדשים זיינען אין 1831 אומגעקומען פון כאָלערע 80,000 נפשות, וואָס האָט געמיינט 2 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. שפּייז־מיטלען זיינען געוואָרן זייער טייער. דער יקרות איז געוואַקסן אַדאַנק דער אומגעזונטער ספּעקולאַציע און דער דעוואַלואַציע פון געלט. די דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן פון דער געוועזענער פוילישער אַרמיי האָט מען געמוזט באַשעפטיקן ביים בויען שאָסייען, האַקן וועלדער, פאַר וואָס מען האָט געצאָלט אַ גילדן אַ טאָג. אין די גרעסערע שטעט און באַזונדערס אין וואַרשע האָט געראַטעוועט פון הונגער־טויט די באַרימטע בריטישע רומפאָרד זופּע־חברה.

די רוסישע מאַכט האָט זיך באַמיט צו פאַרלייכטערן די שווערע לאַגע פון דער פוילישער מאַסע. אַזוי, למשל, איז אין בודזשעט אַריינגעשטעלט גע־

וואָרן אַ ספּעציעלע סומע צו קויפן פאַר דער רוסישער אַרמיי אין פּוילן — טוך אויסגעאַרבעט אין די היימישע פאַבריקן, כדי אויף אַזאַ אופן נישט פאַרגרעסערן די צאָל אַרבעטסלאָזע.

דער דעמאָביליזירטער פּוילישער סאָלדאַט האָט לכל הפחות געקענט געפינען אַרבעט ביי די שאַפייען. דער דעקלאַסירטער יידישער פאָלקס־מענטש האָט וועגן אַזאַ אומדאַנקבאַרער אַרבעט נישט געקענט אפילו חלומען.

דער וואוקס פון דער יידישער אָרימקייט האָט אָבער נישט אָפּגעשטעלט דעם וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין 1840 האָט די יידישע באַפעלקערונג אויסגעמאַכט 10.5 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג; אין 1845 — 11.5 פּראָצענט און אין 1855 — גאַנצע 12.1 פּראָצענט. נישט קענענדיק געפינען קיין חיונה אין די דערפער און אין די קליינע שטעטלעך, האָבן יידן אָנגעהויבן זיך באַזעצן אין גרעסערע שטעט. בעת אין 1816 האָט אַ דריטל פון אַלע יידן אין לאַנד געוואוינט אין די דערפער, איז אין 1843 דער פּראָצענט געווען: 14.2; ביי די פּאַליאַקן איז געווען גאָר פאַרקערט: 85 פּראָצענט האָט געלעבט אין די דערפער און 15 פּראָצענט אין די שטעט.

באַזונדערס האָט יידן געצויגן קיין וואַרשע, וואו עס זיינען געווען בעסערע מעגלעכקייטן פון פּרנסה און נאָך בעסערע — פון קצבה. געשטיקט אין די געטאָ־געסלעך, האָבן די יידן זיך געטוליעט צו עטלעכע משפחות אין אַ צימערל. די דאָזיקע ענגשאַפט, וואָס האָט אַרויסגערופן אַזוי פיל מיטלייד מצד די צאָלרייכע אויסלענדער, וועלכע האָבן צו יענער צייט באַזוכט די הויפּט־שטאָט, איז געווען אַן אידעאַלער ציל־ברעט פאַר עפּידעמישע קראַנקהייטן און פאַר פּראָסטיטוציע, וואָס האָט זיך דעמאָלט שטאַרק פאַרשפּרייט אין יידישן געטאָ.

אין 1845 האָט וואַרשע געציילט קנאַפּע 44 טויזנט יידן, — זיי האָבן אויסגעמאַכט אַן ערך 27 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון שטאָט; אין 1855 איז געווען — איבער 42,000 יידן. „אַלע יידן אין די פּוילישע שטעט — שרייבט אַ הויכער באַאַמטער אין אַ נישט־פאַרעפנטלעכטן באַריכט — פאַרנעמען זיך הויפּטזעכלעך מיט האַנדל, קרעמעריי, ספּעקולאַציע, פאַרמיטלעריי, וואוכעריי, קליינע אונטערנעמונגען, — און הגם זיי באַשעפטיקן זיך אויך מיט מלאכה, דאָך קוקן זיי אויף מלאכה, ווי אויף אַ זייטיקן צוגאָב צום האַנדל“.

אין מאַי 1832 איז אין וואַרשע פאַרגעקומען אַן אסיפה פון פאָרשטייער פון קהילות מכוח דער יידישער אָרימקייט. דעם 28טן מאַי האָט פּאַסקעוויטש אויפגענומען אַ דעלעגאַציע פון יידן פון אַכט וואָיעוואָדשאַפטן, וועלכע האָט אים אונטערגעטראָגן אַן אויספירלעכן מעמאָראַנדום וועגן דער לאַגע פון יידן אין לאַנד. נישט אָנווייזנדיק קאָנקרעט אויף וואָס פאַר אַן אופן מען קען פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן, בעטן די „יידישע דעלעגאַטן“, אַז די רעגירונג זאָל אַליין געפינען די נויטיקע וועגן, — אָבער דעם „יידן־קאָמיטעט“ זאָל מען די דאָזיקע אַרבעט נישט אָנפאַרטרויען. לויט דער מיינונג פון די מחברים פונם מעמאָראַנדום דאַרף מען בכלל דעם „יידן־קאָמיטעט“ ליקווידירן, ווייל ער רופט אַרויס אַ ווידערווילן ביי דער יידישער עפנטלעכקייט און אפילו ביי די יעניקע, וואָס זיינען פאַר אים לכתחילה געווען באַגייסטערט. באַזונדערס האָט די יידן אויפגעבראַכט די אַנטיסעמיטישע טעטיקייט פון דעם גלח קיאַריני און בכלל דער גאַנצער איינשטעל פונם קאָמיטעט, וואָס האָט געוואָלט אָדער געגלייבט צו לינדערן די יידישע נויט דורך איבערזעצן דעם תלמוד אויף פראַנצויזיש.

פּאַסקעוויטש האָט צוגעזאָגט צו שטיצן די באַשיידענע, נישט־קלאָר־פאָרמולירטע בקשה פון דער יידישער דעלעגאַציע. עס איז געלעגן אין זיינע אינטערעסן צו ווייזן, אַז יושר לגבי פּוילישע יידן וועט קומען דווקא פון רוסלאַנד. ער האָט געמאַכט די יידן אַ קאָמפּלימענט, אַז „זיי זיינען די געטרייסטע איינוואוינער פון פּוילן“. צו זיין בעל־הבית, דעם רוסישן אימפּעראַטאָר, האָט פּאַסקעוויטש געשריבן, אַז מען דאַרף שאַפן אַ קאָמיטעט לויטן נוסח און פאָרם, ווי אין רוסלאַנד, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט „רעגולירן די געזעצן בנוגע יידן“.

דעם 5טן אַפּריל 1832 איז אָבער שוין באַשטימט געוואָרן איין מיטל, וואָס האָט געזאָלט געווינען די סענטימענטן פון דער יידישער באַפעלקערונג: דאָס זיינען געווען די קאָנסענסן־פּריווילעגיעס, — זייער ציל איז געווען צו געווינען אַ טייל יידישע באַפעלקערונג, און דורך די דעקלאַראַציעס פון יידן, וואָס האָבן כלומרשט געליטן בעת דער רוסיש־פּוילישער מלחמה פון 1831, צו באַקומען אַ דעמאָנסטראַטיוון מאַטעריאַל מכוח דער „געטריישאַפט“ פון יידן צו דער „לעגאַלער“ מאַכט.

לויט דער פאָרמולירונג פונם „אַדמיניסטראַטיוון ראַט“ האָבן דאָס רעכט אויף שטיצע פון „קאָנסענסן־פאָנד“ געהאַט: 1) אַלמנות און יתומים פון געהרגטע יידן, 2) יידן, וואָס האָבן געליטן מאַטעריעל צוליב דער מלחמה און האָבן פון ערגעץ אַנדערש נישט קיין שטיצע. די הילף איז געווען אַ דרייפאַכע: 1) אין געלט, 2) אין "קאָנסענסן" אויף שענקען, פאַר וועלכע מען דאַרף צאָלן, און 3) אומזיסטע „קאָנסענסן“. די שטיצע האָט נישט געקענט באַטרעפן מער ווי איין דריטל פון אמתן היזק.

דאָס רעכט אויף צו קריגן „קאָנסענסן“ האָבן געהאַט בלויז די, וואָס האָבן, זיי געהאַט נאָך פריער,

נאָר וואָס האָבן זיי מחמת די באַגרענעצונגען פון דער רעגירונג פאַרלאָרן; ווייטער — די אלמנות פון די שענקערס, און אויך אלמנות מיט אַ סך קינדער, וואָס זיינען פאַראָרימט געוואָרן דורך דער מלחמה, און די, וואָס האָבן געליטן פאַרן זיין „געטריי דער מלוכה". די איבעריקע האָבן געזאָלט באַקומען געלט־שטיצע. באַצאָלטע „קאָנסענסן" האָבן באַקומען „קוואַליפיצירטע יידן", וואָס האָבן זיי שוין געהאַט פון פריער און „איצט קענען זיי נישט אויסקויפן די פאַטענטן מחמת זייער מאַטעריעלער ירידה".

הגם מען האָט דעם טערמין פאַר בקשות אויף דער דאָזיקער שטיצע באַגרענעצט ביזן 15טן יולי, 1832, — דאָך האָט מען אַזוי שפּעט, ווי 1836 נאָך אַלץ אויפגענומען בריוו פון אלמנות, וואָס זייערע מענער זיינען געפאַלן קרבנות פון דער רעוואָלוציע. גאָר גרויס איז געווען די צאָל פון אַזעלכע בקשות אין דער פּראָווינץ.

אויף צו שטיצן די יידן איז באַשטימט געוואָרן אַ סומע פון פיר און אַ האַלב מיליאָן פוילישע גילדן. אַ סך פון די אָנגעקומענע היזקות זיינען געווען פיקטיווע. די באַאמטע האָבן באַקומען אַ חלק פון די כלומרשטע געליטענע און זיך ווינציק געקימערט מכוח דער אויטענטישקייט פון די אָנגעגעבענע פאַרלוסטן. אין דער פוילישער פּרעסע אויף דער עמיגראַציע האָט די דאָזיקע מאַסן־דעקלאַראַציע פון היזקות, בפרט מצד „פּראָגרעסיווע" יידן, וואָס האָבן בשעת דער רעוואָלוציע מיטגעשפּילט דעם פּאַטריאָטישן שפּיל, אַרויסגערופן אַ שטורעם פון אויפרעגונג. אַ פוילישער באַאַמטער, וואָס איז געווען אין דער קאָמיסיע צו באַשטעטיקן די פאַרלוסטן, האָט תיכף צוגעשיקט קיין לאָנדאָן די געהיימע פּרטים פון דער קאָמיסיע, מען האָט זיי דאָרט פאַרעפנטלעכט מיט שאַרפע פירושים וועגן דער האַנדלונג פון די יידן.

די דאָזיקע הנחות זיינען דאָס רוב אַריינגעפאַלן אין די הענט פון פאַרמעגלעכע יידן. די אָרימע האָבן ווינציק וואָס גענאָסן פון די קאָנסענסן־פּריווילעגיעס. דער רוסישער מאַכט איז געווען אַ סך גרינגער צו געווינען די רייכע, איידער די אָרימע. דאָס איז געווען נישט מחמת דעם, ווייל די אָרימע יידן האָבן געהאַט אַ „פוילישע" אָריענטאַציע. זיי האָבן בכלל קיין שום אָריענטאַציעס נישט געהאַט. אויף זיי האָט זיך אָנגעהויבן רוקן באַלד נאָכן זיג איבער פוילן אַ נייע שרעק: מען האָט געטראַכט אויסצוגלייכן די פוילישע יידן מיט די רוסישע אין הלכות מיליטער־פליכטן. די שרעק פאַר אַ קאַנטאָניסטן־סיסטעם האָט געשאַפן אַנטי־רוסישע שטימונגען, וועלכע זיינען אין דער פוילישער פּרעסע אויף דער עמיגראַציע נישט ריכטיק פאַרמולירט געוואָרן, ווי אַן „אַנטי־רוסישע אָריענטאַציע". די פוילישע פּרעסע אויף דער עמיגראַציע האָט אָבער נישט מגלה געווען דעם סוד, אַז די עצה צו נעמען יידן אין מיליטער איז אַרויס דווקא פון די פוילישע באַאַמטע, וועלכע האָבן נאָך אַלץ געאַרבעט אין די קאַנצעלאַריעס פון די פאַרשיידענע דעפּאַרטאַמענטן אין דעראָבערטן לאַנד.

לגבי יידן איז דער פוילישער באַאַמטער, אויף וועמענס רעפאָרטן די רוסישע מאַכט האָט באַזירט אירע גזירות און די רעכטלאָזע געזעצן, געווען דער פאָרזעצער פון דער אַלטער, ממש אַטאַוויסטישער שוואַכקייט צו פאָרמולירן פּלענער ווי אַזוי צו „רעפאָרמירן" די יידישע באַפעלקערונג. די געענדערטע פּאָליטישע קאָנסטעלאַציע האָט דעם פוילישן באַאַמטן ווייניק וואָס געקימערט. ער איז ווייטער געבליבן אויף דער וואַך פון אָפּהיטן די אַלטע אַנטי־יידישע גזירות. אין 1834 האָבן די וואָיעוואָדישע קאָמיסיעס, — נאָך אַלץ געפירט פון פּאָליאַקן און אויף פויליש, — אַריינגעשיקט דער רעגירונג אין וואַרשע אַ ריי פּראָיעקטן מכוח „פאַרבעסערן די לאַגע פון די יידן אין פוילן". „מען מוז אומבאַדינגט נעמען יידן אין דער אַרמיי — שרייבט איינער פון זיי, דער פינאַנץ־קאָמיסאַר פון לובלינער וואָיעוואָדשאַפט — שוין צוליב דעם איין־און־איינציקן טעם, וואָס זיי זיינען מחוייב צו באַשיצן דאָס לאַנד, דאָס רעכט און די רעגירונג. דאָס איז אַ פליכט. חוץ דעם וועט דער ייד, שוין צוליב דעם, וואָס ער וועט דינען אין דער אַרמיי איבער צען יאָר — זיך ממילא באַפרייען פון די פאַנאַטישע אָבערגלויבנס און פאָראורטיילן, וואָס אונטערשיידן אים פון אַנדערע איינוואוינער פון לאַנד".

אין אַ צווייטן פּראָיעקט ווערט פאָרגעשלאָגן צו געבן בירגער־רעכט יענע יידן, וואָס וועלן אויסדינען זייער מיליטער־טערמין. יידן, וואָס וועלן זיך באַזעצן אויף לאַנד אָדער ווערן בעלי־מלאכות און זיך „אויסערלעך אייראָפּעאיזירן", זאָל מען בכלל באַפרייען פון מיליטער־דינסט.

פּאַסקעוויטש האָט די דאָזיקע פּראָיעקטן געלייענט און... אַרכיוויזירט. דאָס, וואָס די פוילישע באַאַמטע, — די זעלבע, וואָס האָבן אין 1831 נישט געוואָלט אַז יידן זאָלן זיין פוילישע סאָלדאַטן, — זיינען איצט גרייט געווען מאַכן פון יידן רוסישע סאָלדאַטן, איז אים נישט געווען צום האַרצן. מען קען איצט פעסטשטעלן מיט דער פולער זיכערקייט, אַז די פוילישע באַאַמטע אין קאָנגרעס־פוילן האָבן מיט זייערע פאָרשלאָגן צו נעמען יידן אין דער אַרמיי — אָפּגעראַטעוועט די פוילישע יידן פון מיליטער־דינסט, ווייל דעם נאַמיעסטניקס שטאַנדפּונקט איז געווען: דאָס וואָס די פּאָליאַקן ווילן, דאַרף ער נישט וועלן. ווען מען האָט אין 1843 אָנגעהויבן נעמען פויליישע יידן אין דער רוסישער אַרמיי, איז די פוילישע פּרעסע אויף דער עמיגראַציע אַרויס מיט פּראָטעסטן קעגן דעם דאָזיקן „אַקט פון באַר־

באַרישקייט". אמת, די מיליטער־דינסט פאַר פוילישע יידן איז געווען אַ סך אַ מילדערע ווי אין רוסלאַנד, דאָך איז דער דאָזיקער דעקרעט פון 1843 געוואָרן אַ צענטראַלער פונקט אין דער פּראָפּאַגאַנדע קעגן רוסלאַנד.

דער רעקרוטן־געזעץ איז געווען אַ גרויסע גזירה פאַר די פוילישע יידן. עס זיינען אָבער געווען אַנדערע גזירות, וואָס האָבן נאָך פריער גורם געווען די פאַרערגערונג פון דער יידישער לאַגע. חוץ דעם, האָט פוילן איבערגעלעבט אַ רייע נאַטור־קאַטאַסטראָפעס און עקאָנאָמישע קריזיסן, וואָס האָבן גורם געווען אַ ירידה פון דער באַפעלקערונג בכלל און פון דער יידישער בפרט. עקאָנאָמישע קריזיסן זיינען פאָרגעקומען אין די יאָרן 1832, 1844—1847 און 1853—1854. עפּידעמיעס האָבן אָנגעמאַכט חורבנות אין די יאָרן 1838, 1840 און 1848. שלעכטע גערעטענישן האָבן איבערגעלאָזט טראַגישע זכרונות אין די יאָרן 1844—1845 און 1850. די שטאַרביקייט פון דער באַפעלקערונג איז מוראדיק געוואַקסן. אין דער ראַדאָמער גובערניע, למשל, איז אין די יאָרן 1840—1850 די שטאַרביקייט ביי יידן געווען צוויי מאָל גרעסער, ווי ביי נישט־יידן.

אין די זעלבע יאָרן וואַקסט די צאָל פאַרברעכער ביי יידן. די יידישע כלל־טוער האָבן געמוזט פאַרטיידיקן די יידן קעגן דעם פאַרוואורף פון פאַרברעכעריי און ריכטיק אָנגעוויזן אויף די סיבות פון דער דאָזיקער טרויעריקער דערשיינונג.

כדי גרינגער צו מאַכן די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע, איז אַן אינערלעכע איבערוואַנדערונג באַטראַכט געוואָרן, ווי אַ פּראַקטישע הילף. אויף וויפיל די געזעצן וועגן יידן־וואוינרעכט האָבן עס דערלויבט, האָבן יידן געוואַנדערט פון איין אָרט אין אַ צווייטן, קודם־כל אין די אינדוסטריעלע צענטערן, וואו עס הויבן זיך אָן אַרום 1840 צו באַווייזן סימנים פון אַן אינדוסטריעלער אויפלעבונג. די פוילישע אינדוסטריע האָט זיך שנעל צוגעפּאַסט צו די געענדערטע באַדינגונגען. די קאָנקורענץ־שוועריקייטן האָבן גורם געווען אַ קוואַליטאַטיווע פאַרבעסערונג פון די אינדוסטריעלע אויסאַרבעטונגען. וואַרשע, וואָס האָט אין 1808 געהאַט אינגאַנצן 9,000 יידן, האָט שוין אין 1857 געציילט 40,922; מלאַווע, אַ שטאָט ביים פּרייסישן גרענעץ, האָט אין 1808 געהאַט 137 יידן; אין 1827 — 792 און אין 1857 אַן עדה פון 1650 יידן. לאָדזש איז פון 468 יידן אין 1827 געשטיגן אויף 1676 אין 1857. קאַליש האָט פאַר די יאָרן 1808—1857 כמעט ווי פאַרטאָפּלט די יידישע באַפעלקערונג. סואוואַלק, וואָס האָט אין 1808 געציילט 49 יידן, איז געוואַקסן אין 1827 אויף 1209 און האָט אין 1865 געציילט 7165 יידישע נפשות.

באַזונדערס האָט זיך די לאַגע געביטן, ווען עס איז אין 1850 אָפּגעשאַפט געוואָרן די צאָל־גרענעץ צווישן פוילן און רוסלאַנד. די גרונט־יסודות פונם נייעם טאַריף, אויסגעאַרבעט דורכן באַרימטן עקאָנאָמיסט טענגאָבאָרסקי, האָבן אַזוי ווייט פאַרזיכערט די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג פון פוילן, אַז די פוילישע אינדוסטריע האָט אין אַ קורצער צייט פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ אין רוסלאַנד.

עס ווערן געשאַפן נייע אינדוסטריעס. די יידן מוזן פירן אַ קאַמף פאַרן רעכט אָנטייל צונעמען אין די נייע אינדוסטריעלע געביטן. אין וואָל־האַנדל פאַרנעמען די יידן אַן אויסשליסלעכן פּלאַץ. זיי אימפּאָרטירן פון דייטשלאַנד 85 פּראָצענט פון באַנוואָל־גאַרן, וואָס דאָס לאַנד פאַרברויכט; אַרום דעם יידישן אויפקויפער באַקומט חיונה אַן אַרמיי פון קליינע סוחרים, פאַרמיטלער און קרעמער.

אינם האַנדל מיט מאַנופאַקטור האָבן די יידן זיך דערוואָרבן אַ שטאַרקע פּאָזיציע. אין 1842, צוואַנציק יאָר נאָך דעם, ווי די דאָזיקע אינדוסטריע איז איינגעפירט געוואָרן אין לאָדזש, רעפּרעזענטירן די יידן אַ העלפט פון אַלע גאַרן־סוחרים. אין אַ לאַנד, ווי פוילן, וואו קיין גרויסע קאַפּיטאַלן צו אַנטוויקלען די אינדוסטריע איז בכלל נישט געווען, — האָבן יידן געשאַפן אַ פאָרמע פון קליין־קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, צושטעלנדיק רוי־מאַטעריאַל דעם האַנטווערקער, וועלכער אַרבעט עס אויס ביי זיך אין שטוב. אמת, די דאָזיקע פאָרמע פון פּראָדוקציע האָט געמאַכט דעם בעל־מלאכה שטאַרק אָפּהענגיק פון זיין אַרבעט־געבער. אַזאַ אינדיווידועלע אַרבעט־געבעריי האָט געמוזט ברענגען צו אַ גרויסער עקספּלואַטאַציע, און דאָס האָט טיילמאָל געפונען אַן אויסדרוק אין שאַרפע סאָציאַלע קאָנפליקטן.

אין 1830 זיינען אין פוילן אַנטשטאַנען 40 נייע יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. אין 1843 האָט מען אָנגעציילט 32 יידישע וואָל־פאַבריקן. עס וואַקסט די צאָל יידן אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, נישט נאָר אין לאָדזש, נאָר אויך אין זגערזש. אויך אין אַנדערע געביטן פון אינדוסטריע הויבן יידן אָן זיך צו באַווייזן, ווי, למשל, אין מעטאַל, אייזן און קופּער־גיסערייען.

אין די יאָרן 1844—1856 בליט אין פוילן די אַגריקולטורעלע אינדוסטריע. עס הויבט זיך אָן צו אַנטוויקלען די צוקער־פאַבריקאַציע. דער ערשטער יידישער צוקער־פאַבריקאַנט האָט זיך באַוויזן אין 1838. דאָס איז געווען הערמאַן עפּשטיין. פאַר אים זיינען יידן בכלל נישט געווען צוגעלאָזט צו דער דאָזיקער אינדוסטריע, ווייל מען האָט עס דערלויבט נאָר די, וואָס האָבן געהאַט אייגענע גיטער. נאָכן אויפשטאַנד בעת אַ סך גוט־באַזיצער זיינען פאַראָרימט געוואָרן, האָט מען אויף ליציטאַציעס אויס־

פּאַרקויפט גיטער. די רייכע יידן האָבן זיך באַמיט צו קריגן אַ דערלויבעניש צו קויפן גיטער. דאָס געזעץ האָט נאָר די, וואָס האָבן פאַרענדיקט די פּוילישע אַגראָנאָמישע שול אין מאַרימאָנט, דערלויבט צו זיין גוט־באַזיצער. שפּעטער האָבן אַזאַ רעכט באַקומען אויך איניקע יידן נעגאָציאַנטן, פאַבריקאַנטן און באַנקירן. דאָס רוב יידישע גוט־באַזיצער זיינען בכלל נישט געווען קאָמפּעטענט אין אַגריקולטור. נאָך איידער די צוקער־אינדוסטריע האָט אָנגעהויבן זיך צו אַנטוויקלען אין פּוילן, איז דאָס באַזיצן אַ גוט געווען פאַרן רייכן יידן מער אַן ענין פון פּרעסטיזש, ווי פון הכנסה.

„אַ יידישער געלט־אַריסטאָקראַט, — שרייבט אַ רוסישער באַאַמטער אין 1857, — וואָס טרעט צו צו אַ קניה פון אַ גוט, האָט זיך זייער ווייניק אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון בנוגע זיינע קענטענישן אויפן געביט פון לאַנדווירטשאַפט. קודם־כל האָט ער געטראַכט וועגן דער געלעגנהייט צו געהערן צום קלאַס „אַביוואַטעלעס", — דאָס האָט געמיינט געניסן די אויסערלעכע רעכט פון אַ פּריווילעגירטן קלאַס". אַ סך יידן גוט־באַזיצער זיינען אָבער געווען טעטיק אויף אַנדערע געביטן, וואָס זיינען געווען בשכנות מיט לאַנדווירטשאַפט. אין 1843 געפינען מיר אין פּוילן 280 פאַרעגיסטרירטע יידישע מילן־באַזיצער און 33 פּאַפּיר־פאַבריקאַנטן.

אויך אויף אַנדערע געביטן זיינען יידן (אָדער משומדים) געווען עקאָנאָמיש זייער רירעווודיק. אין 1839 האָט קראָנענבערג איבערגענומען דעם פּאַכט פון טאַבאַק־פאַבריקן. די אויסאַרבעטונגען פלעגן פאַרטיילט ווערן אין ספּעציעלע קראָמען, וואָס מען האָט גערופן דיסטריבוציעס. יידן האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער דיסטריבוציע פון טאַבאַק־אויסאַרבעטונגען. אין 1843 האָט מען אָנגעציילט 575 יידישע טאַבאַק־דיסטריבוטאָרס, וואָס האָט אויסגעמאַכט 90 פּראָצענט פון אַלע באַשעפטיקטע אין דער בראַנזשע. עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין יענע ערטער, וואו יידן האָבן נישט געטאָרט וואוינען, האָט זיך קראָנענבערג משתדל געווען, מען זאָל דאָרט לאָזן זיך באַזעצן דעם יידישן דיסטריבוטאָר.

אויך דעם זאַלץ־מאָנאָפּאָל, וואָס זינט 1816 איז ער געווען אין יידישע הענט, האָט געגעבן פּרנסה אַ סך יידן. אין 1843 זיינען אין גאַנץ פּוילן געווען 3259 יידישע זאַלץ־הענדלער. די צאָל יידישע זאַלץ־הענדלער אָדער זאַלץ־שענקער, ווי מען האָט זיי גערופן, ווערט ביסלעכווייז קלענער, אָבער אינגאַנצן אַרויסשטויסן זיי האָט מען ישוין נישט געקענט.

די נייע אינדוסטריעס און האַנדל־אונטערנעמונגען האָבן געפאָדערט קאַפּיטאַל. די אַלגעמיינע פּוילישע אונטערנעמונגען זיינען סובסידירט געווען פון דער פּוילישער באַנק, וועלכע האָט דורכגעפירט אַ סך הלוואות, אַדאַנק דער מיטהילף פון אויסלענדישע יידישע באַנקירן. אין 1838 האָט די דאָזיקע באַנק דורכגעפירט אַ גרויסע הלוואה, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט פּראָמינענטע יידישע באַנקירן, ווי אַרטור מענדעלסאָן און יאַקאָבסאָן פון בערלין, סאָלאָמאָן היינע און אַ וואַרשעווער ייד בערגסאָן — ביידע האַמבורגער באַנקירן, דער פּאַריזער ראָטשילד א"אַ. אין די יאָרן 1833—1859 האָט די פּוילישע באַנק אַרויסגעגעבן 90 מיליאָן רובל אין הלוואות. אויך יידן האָבן געגנאָסן פון קרעדיט פון דער פּוילישער באַנק, אָבער נישט אין אַזאַ מאָס, ווי די ראָלע פון יידן אינם אויפבוי פון לאַנד וואָלט געפאָדערט.

אין לאַנד באַווייזט זיך אָבער דער יידישער קאָפּיטאַליסט גופא. דאָס איז דער געוועזענער אַרענדאַר פון מלוכה־שטייערן אָדער פּאַכטער פון יידישע שטייערן, ווי קאָראַבקע. איניקע פון זיי זיינען ביסלעכווייז אַריבער פון היימישער חלפנות אויף דער מער „רעספּעקטאַבלער" פאָרמע פון באַנק־געשעפטן, אָפּמאָל בשותפות מיט אַן אויסלענדישן יידן, בפרט, ווען יענער איז געווען אַ געוועזענער עמיגראַנט פון פּוילן, ווי דער דער האַמבורגער באַנקיר בערגסאָן, למשל. באַזונדערס זיינען דאָס געווען געוועזענע תושבים פון הערצאָגטום וואַרשע; אַ סך פון זיי האָבן נאָך 1812 פאַרלאָזן וואַרשע, אַוועק קיין פּרייסן און קיין פראַנקרייך און באַפעסטיקט די משפּחה־פּעדים דורך פינאַנציעלע טראַנזאַקציעס.

נאָכן יאָר 1831 איז געלט אין פּוילן געווען טייער; ממילא האָבן זיך באַנק־טראַנזאַקציעס בעסער פּראָפיטירט, ווי אפילו אין שכנותדיקן פּרייסן. אין אַ סך ברייוו פון יענער צייט, באַזונדערס פון פּרייסישע יידן חזרט זיך איבער דער מאָטיוו פון גאָלדענע באַנק־געשעפטן אין פּוילן. די דאָזיקע קאָניונקטור ווערט גלענצנדיק אויסגענוצט דורך די יידישע באַנקירן, געלט־לייער און פאַרשידענע בערזע־מעקלער.

מיטן אויסנאָם פון דער קראָנענבערג־פירמע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין 1822 בשותפות מיט יצחק שמעון ראָזען, וועלכער האָט נאָך אין 1813 באַקומען פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן אַ זילבערנעם מעדאַל פאַר זיינע פאַרדינסטן לטובת דעם האַנדל אין פּוילן, — זיינען אַלע באַנק־הייזער געווען געגרינדעט אין די יאָרן 1832—1850. פון 391 יידן געלט־הענדלער, וואָס די סטאַטיסטיק פון 1843 גיט אָן, — האָט וואַרשע גופא פאַרמאָגט 163, וואָס מיינט 43 פּראָצענט. פון די 43 באַנקירן און וועקסלער אין פּוילן האָבן 33 געוואוינט אין וואַרשע. פון די 20 וואַרשעווער באַנקירן אין 1847 זיינען 17 געווען יידן. אין 1850 האָט מען אין וואַרשע אָנגעציילט 41 יידישע באַנקירן. די דאָזיקע באַנק־הייזער, וואָס דאָס רוב פון זיי האָט אָפּערירט מיט אויסלענדישע קאַפּי־

טאַלן, זײַנען געוואָרן די פינאַנציעלע אינספּיראַטאָרס פון האַנדל און אינדוסטריע אין לאַנד.

מיטן וואוקס פון יידישן באַנקיר און נעגאָציאַנט אין עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד — וואַקסט אויך זײַן סאָציאַלע חשיבות אין דער יידישער סביבה; אין די קהילות און צדקה־חברות איז דער יידישער גביר דער טאָן־געבער. ווי מענטשן, וואָס שטייען אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט די הויכע מלוכה־באַאַמטע, האָבן די יידישע גבירים אָפט געשפּילט די ראָלע פון שתדלנים לטובת הכלל. אָבער בדרך כלל האָט די יידישע בורזשואַזיע אין פוילן נישט געוואָלט אויף זיך נעמען דעם עול פון יידן־פאַרזאָרגעריי. די פאַרבעסערונג פון דער פערזענלעכער רעכטלעכער לאַגע האָט געשפּילט אינם עצם מאָטיוו פון קהלן זיך אַ גרעסערע ראָלע, איידער דאָס זאָרגן פאַרן קהל. אין דעם פּרט איז זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז בעת אַ רייכער ייד אין פוילן האָט זיך צו יענער צייט באַמיט צו באַקומען בירגער־רעכט, האָט ער אָנגעגעבן נישט נאָר זײַנע פאַרדינסטן פאַר דער ווירטשאַפט פון לאַנד, נאָר אויך זײַן דינען אין „דאָזור בוזשניטשי", און אפילו די נדבות, וואָס ער האָט צעטיילט. גייסטיק האָט מען נאָך געשטעקט אין דער דייטשער קולטור, אָבער ביסלעכווייז הויבט זיך אָן צו באַווײַזן דאָס איבערגיין צו פויליש. די אַנטוויקלונג פון אַגראַרער אינדוסטריע האָט צוזאַמענגעבראַכט דעם פוילישן פּריץ מיטן יידישן פינאַנץ־אונטערנעמער, און די בשותפותדיקע געשעפט־שפּראַך איז געוואָרן פויליש. דער יידישער גביר וויל מיט זײַן אויסערלעכער און אויבערפלעכלעכער „אייראָפּעאיזאַציע" פאַרדעקן זײַן פלעבעאישע פאַרגאַנגענהייט. די רייכע יידן ליציטירן זיך אין אויספײַנערן זיך מיט זייערע בעלער און רווישיקע פאַרווײַלונגען, וואָס ווערן באַזוכט אפילו פון זײַן עקסעלענץ דעם נאַמיעסטניק פון פוילן. די וואַרשעווער יידישע פלוטאָקראַטיע איז געוואָרן באַרימט, אַז אפילו קיין פּעטערבורג פלעגט מען אײַנלאַדן די עפּשטיינס און די קראָנענבערגס אויף באַראַטונגען.

ווי שטאַרק עס איז געווען די השפּעה פון דער משפּחה עפּשטיין, באַווײַזט דער פאָלגנדיקער פאַקט: אין יאָר 1842 האָט מען אין וואַרשע געשפּילט אַ פּיעסע אונטערן נאָמען: „נאַשע פּשעביעגי" (אונזערע דריידלעך). דאָס איז געווען אַ באַאַרבעטונג און אויך אַ לאָקאַליזירונג פון אַ באַרימטער דייטשער אַנטיסעמיטישער פּיעסע א. נ. „אונזער פאַרקער". אין דער דאָזיקער פּיעסע איז געווען אַ רמז אויף די עפּשטיינס, פאַרשטייט זיך אַ נעגאַטיווער. די עפּשטיינס האָבן זיך דערפילט באַליידיקט, און פאַסקעוויטש האָט באַפוילן, אַז מען זאָל מער ניט שפּילן די דאָזיקע פּיעסע.

פאַרוויגט אין עשירות און לייכט־דערוואָרבענעם כבוד, איז די יידישע פלוטאָקראַטיע געווען זייער פאַראינטערעסירט צו פאַרווישן איר אָפּשטאַם. אויף יענער תקופה פאַלט טאַקע אויס דער פּראָצעס פון נאַציאָנאַלער דעזאינטעגראַציע דורך שמד און געמישטע חתונות, וועלכער האָט נישט קיין גלײַכן אין דער געשיכטע פון יידן אין פוילן. די שמדן זײַנען געווען אַזוי אָפט, אַז דער אַדמיניסטראַטיווער ראָט האָט אין 1850 געמוזט אָננעמען אַ באַשלוס: אַ משומד טאָר נישט בײַטן זײַן נאָמען.

די יידישע פלוטאָקראַטיע האָט אויך אַרויסגערופן אַ געזעלשאַפטלעכע רעאַקציע אין לאַנד גופא. די קאָנסערוואַטיוו־פּריצישע קרייזן האָבן אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן דער אינדוסטריאַליזאַציע פון לאַנד, ווי קעגן אַ צעשטערערישער באַוועגונג, וואָס איז ניט אין הסכם מיטן פּויליש־ן טראַדיציאָנאַליזם. „אויף די חורבות פון אַ שלאָס רויכערט אַ קוימען פון אַ צוקער־פאַבריק אָדער פון אַ בראַנפן־ברענערײַ; די אייניקלעך פון העטמאַן קאָכן סיראָפּ און טרײַבן סם. זייער שליחות און מיסיע איז צו מאַכן געלט, כדי עס צו באַנוצן אויף אַ לייכטזיניקן אופן, און גראָבן אַ קבר פאַר זיך און פאַר דער משפּחה. וואו האָבן זיך אַהין געטאָן די פאַנעס און וואָס איז דער חילוק צווישן זיי און די רייכע יידן און באַנקירן". — אַזוי האָט יוזעף איגנאַצי קראַשעווסקי באַוויינט (אין 1854) די אינדוסטריאַליזאַציע פון פוילן. ער האָט זי באַטראַכט ווי אַ סימן פון דער ירידה פון דער פוילישער שלאַכטע.

די פוילישע מאַגנאַטן האָבן זיך אָבער צו קראַשעווסקיס שטימע נישט צוגעהערט. דווקא אַרום יענער צייט ווערט אין פוילן געשאַפן די ערשטע פאַבריק פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען, און יידישער קאַפּיטאַל האָט זיך אין איר שטאַרק באַטייליקט. דער מאַגנאַט, וואָס ווערט אַ קאַפּיטאַליסט, שליסט יד־אחת מיטן שטאַטישן קאַפּיטאַליסט. גראַף אַנדזשיי זאַמאָיסקי און לעאָפּאָלד קראָנענבערג ווערן שותפים אין דער ערשטער שיף־געזעלשאַפט אין פוילן.

די יידישע פלוטאָקראַטיע האָט זיך באַמיט אויסגלײַכן מיט דער פוילישער אַריסטאָקראַטיע, אויב נישט אין יחוס, איז לכל־הפּחות אין קולטור־מעצענאַטעריי. די דאָזיקע קולטור־אַרבעט לטובת פוילן האָט אַרויסגערופן הייסע פּראָטעסטן מצד די „פּאַטריאָטישע" פּאָליאַקן. זיי האָבן נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק וועגן „פרעמדע" באַשיצער פון דער פּוילישער קולטור. די עמיגראַנטישע קרייזן האָבן געפאָדערט פון די רייכע יידן געלט־שטיצע פאַר די נאַציאָנאַלע קאָנספּיראַטיווע צוועקן. די דאָזיקע קאָנספּיראַציעס זײַנען לויט זייער אידעאָלאָגישן איינשטעל געווען דער היפּוך פון דעם, וואָס די יידישע בורזשואַזיע האָט רעפּרעזענטירט. אין די יאָרן 1833—1848 זײַנען אין קאָנגרעס־פוילן אויפגעדעקט גע־

וואָרן 16 רעוואָלוציאָנערע קאָנספּיראַציעס. דער רעזולטאַט פון די דאָזיקע אויפדעקונגען איז געווען אַ ריי פּראָצעסן, אין וועלכע עס זיינען פאַרמשפּט געוואָרן 574 מענטשן, צווישן זיי אָבער קיין איין ייד נישט.

אין 1848 האָבן פּוילישע קאָנספּיראַטאָרס אין וואַרשע פאַרשפּרייט מאַסנווייז דאָס בילד פון בערעק יאָסעלעוויטש, כדי צו געווינען די יידן, אָבער דאָס איז זיי נישט געלונגען. נאָך אין 1837 האָט מען פון בריסל (בעלגיע) צוגעשיקט אַן אויפרוף צו די יידן אין פּוילן, אַז זיי זאָלן נישט פאַרגעסן דעם יאָרצייט פון 29טן נאָוועמבער 1831, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד. די דערשראָקענע אַדרעסאַטן האָבן די אויפרופן איבערגעשיקט אַנאָנים צו דער געהיים־פּאָליציי.

אין מאַי 1838 האָבן דריי יידישע באַנקירן אין וואַרשע באַקומען אַנאָנימע מעלדונגען, אַז אין גיכן וועט מען זיי צושיקן פון בערלין אַן אויפרוף, וואָס אַפּעלירט צו שלום צווישן יידן און פּאָליאַקן, ווייל עס גרייט זיך אַ רעוואָלוציע. אין דעם אויפרוף גופא ווערט צוגעזאָגט יידן בירגער־רעכט, אויב זיי וועלן זיך סאָלידאַריזירן מיטן פּראָגראַם פון דער קאָנספּיראַטיווער פּאַרטיי. דערביי האָבן די קאָנספּיראַטאָרס געפאָדערט פינאַנציעלע שטיצע פון די רייכע יידן.

די אירידענטישע פּלענער פון דער נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערער פּוילישער יוגנט זיינען געווען אין תוך גענומען אינגאַנצן פרעמד דעם לעגאַליסטישן מוחפונם יידישן גביר און קליינבירגער. די יידישע מאַסע איז געווען אינגאַנצן ווייט פון דאָזיקן קרייז.

דעם באַגריף פון פּוילישקייט האָבן די אַסימילירטע שפּיצן פון דער יידישער געזעלשאַפט באַנומען ווי אַ ריין־אוטיליטאַרע שפּראַכלעכע אַסימילאַציע, ווי אַ נויטווענדיקייט זיך צוצופּאַסן צו דער שפּראַך פון לאַנד און נישט צו דער קולטור פון דער נאַציע. דער נאַציאָנאַלער עלעמענט פון אַסימילאַציע איז געקומען אַביסל שפּעטער, ערב דעם אויפשטאַנד פון 1863, און טאַקע ווי אַ רעאַקציע קעגן דער געשעפטסמעסיק־אויפגעפּאַסטער פּאָלאָניזאַציע.

די ראַדיקאַלן אין פּוילן האָבן זיך געטראָפן אויף אַ בשותפותדיקער בריק מיטן קאָנסערוואַטיוון קראַשעווסקי, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז פּוילן ווערט פאַריידישט. ביי אים האָט דאָס געמיינט אינדוסטריאַליזירט און פאַרקאָמערציאַליזירט. די דאָזיקע רעאַקציאָנערע איינשטעלונג, וואָס האָט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט אין אַ פּוילישן נוסח פון סלאַוואָפילישער פילאָזאָפיע, האָט געפּרעדיקט די אייגנאַרטיקייט פון „סאַרמאַטישן" לעבן, ווי אַן אַנטי־אינדוסטריעלע באַוועגונג. די אַנטי־פּראָגרעסיווע באַוועגונג האָט הילפלאָז געקריצט מיט די ציין און געמוזט צוזען ווי דאָס לאַנד אינדוסטריאַליזירט זיך פאָרט.

דאָס, וואָס די יידן האָבן דערביי געשפּילט, אויב ניט די פּיאָנערישע (פּיאָנערן זיינען געווען די דייטשן), איז אַלנפאַלס אַ וויכטיקע ראָלע, — איז נישט געווען די שולד, ווי אויך נישט דער פאַרדינסט פון יידן.

פרעמדע, וואָס האָבן באַרייזט פּוילן, דערציילן, אַז יידן זיינען געווען דער עקאָנאָמישער נערוו פון לאַנד. אַ דייטשער רייזנדער דערציילט וועגן זיין באַזוך אין וואַרשע אין 1843 אַזוי:

„די גרעסטע קאַפּיטאַ״ליסטן אין ייאַרשע זיינען יידן. די יידישע פינאַנסיסטן אַרענדירן דעם טאַבאַקמאָנאָפּאָל, די לאָטעריע, די שאָסיי־שטייערן אאַ״וו. די טאַבאַק־געשעפטן באַזעצן זיי מיט זייערע מיטברידער, דאָסזעלבע מיט דער לאָטעריע און מיט די שטייער־ערטער. די יידן שפּילן אַ גרויסע ראָלע ביים צושטעלן סחורות פאַר דער רוסישער אַרמיי, אין די הורט־געשעפטן פון וויין, אין דער אַדמיניסטראַציע פון כלערליי מלוכה־הכנסות, ווי אייזן־גרובן, מאָנאָפּאָל פון משקאות, יידישע שטייערן — כשר פלייש, שענקען אאַז״וו. דאָס רוב פון די קרעמער אין וואַרשע זיינען יידן".

דאָס בילד איז ניט איבערגעטריבן, הגם דער מחבר איז ווייט נישט קיין אוהב־ישראל און וואָלט בעסער געוואָלט זען, אַז די נישט־יידן זאָלן ווערן עקאָנאָמיש טעטיקער.

לויט אַ רשימה פון 1849 האָט די שטאָט וואַרשע געציילט 231 יידן — סוחרים, און 208 — נישט־יידן; 891 יידן — קרעמער און 210 נישט־יידן. אַזוי אַרום האָבן יידן אויסגעמאַכט 52,6 פּראָצענט פון וואַרשעווער סוחרים און גאַנצע 81 פּראָצענט פון אַלע קרעמער. אויף דער פּראָווינץ איז דער פּראָצענט יידישע סוחרים און קרעמער געווען אַ סך גרעסער, אין אייניקע שטעט — פולע הונדערט פּראָצענט.

נישט נאָר אין אינלענדישן האַנדל זיינען יידן געווען אַזוי רעפּרעזענטאַטיוו. דער אויסלענדישער האַנדל איז בכלל געווען קאָנטראָלירט פון יידן. אויפן באַרימטן לייפּציקער יריד האָט מען אין 1832 אָנגעציילט 483 יידן סוחרים און 19 נישט-יידן, וואָס זיינען געקומען פון קאָנגרעס־פּוילן; אין 1839 זיינען געווען 189 יידן און 14 קריסטן. דער עקספּאָרט פון האָלץ, קאַרטאָפל און וואָל איז געלעגן אין יידישע הענט. דווקא אין דאָזיקן עקספּאָרט איז די ראָלע פון יידישן פּראָווינץ־סוחר געווען נישט קלענער, ווי פון די וואַרשעווער.

אויב דער יידישער קאַפּיטאַליסט און סוחר האָט געפונען פאַר זיך אַ פעלד פון טעטיקייט; קען מען דאָס אָבער נישט זאָגן וועגן דעם יידישן בעל־מלאכה. אַן אמת שטיף־קינד איז געווען דער יידישער בעל־מלאכה אין דער געזעלשאַפט. דער יידישער האַנדלסמעקלער איז לכל־הפחות צוגעלאָזט געוואָרן צו דער

בערזע, ווען אפילו אין אַ באַגרעניצטער צאָל. דעם יידישן בעל־מלאכה האָט מען אין די אַלגעמיינע בעל־מלאכה־אָרגאַניזאַציעס נישט צוגעלאָזט, הגם דאָס געזעץ האָט דאָס בפירוש נישט געפאָדערט. ווען אַרבעטסלאָזע יידן האָבן אָפּגעשלאָגן די שוועלן פון די קוילן־גרובן און געבעטן אַרבעט, — האָט מען זיך דערמאָנט, אַז לויט די געזעצן פון מלך זיגמונט דעם דריטן פון 1596 און פון יאַן סאָביעסקי אין 1693 — טאָר מען יידן נישט צולאָזן צו אַרבעטן אין די גרובן.

דער טרוקענער בוכשטאַב פון געזעץ האָט געזאָגט, אַז אַ ייד מעג זיין אַ מיטגליד פון צעך, — יידן מעגן ווערן תלמידים, געזעלן און מייסטערס. זיי האָבן אָבער נישט קיין אַקטיווע רעכט, זיי קענען נישט אויסגעקליבן ווערן אין דער פאַרוואַלטונג און גערופן ווערן צו עקספּערטיזעס. אין 1839 האָט דער וואַרשעווער שטאָט־פּרעזידענט דערקלערט בפירוש, אַז פאַקטיש זיינען יידן נישט בנמצא ווי מיטגלידער אין די וואַרשעווער צעכן. אויף דער פּראָווינץ איז די לאַגע נישט בעסער געווען. די יידן האָבן זיך באַמיט צו גרינדן אייגענע אָרגאַניזאַציעס. די יידישע שניידער פון אָפּאָטשנע האָבן אין 1833 געהאַט אַן אייגענע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניקונג, וואָס איז, אגב, באַשטעטיקט געוואָרן פון דאָרטיקן בירגער־מייסטער. די יידישע וועבער פון טשענסטאָכאָוו האָבן אין 1835 געוואָלט גרינדן אַן אייגענעם פאַראיין: די דייטשע וועבער, וועלכע האָבן געהאַט אַ מערהייט אינם אַלגעמיינעם צעך, האָבן שיקאַנירט די יידישע מיטגלידער, געפאָדערט פון זיי אַ סך העכערע שטייערן, ווי די אַלגעמיינע מיטגלידער האָבן געצאָלט. זיי האָבן זיך אויך אָפּגעזאָגט צו שטיצן די יידישע וועבער אין פאַל פון קראַנקהייט. — די וואַרשעווער יידישע שניידער האָבן זיך אויך באַמיט צו האָבן אַן אייגענעם פאַראיין, ווייל „די קריסטן האָבן זיך מיט זיי געמיאוסט". אייגענע פאַראיינען האָבן געהאַט די וואַרשעווער יידישע קירזשנער, בלעכער און שמוקלער, ווי אויך די שניידער פון ביאַלאַ־פּאָדלאַסקאַ.

די וואַרשעווער מוניציפּאַלע מאַכט האָט געשטיצט די פאָדערונגען פון די יידישע בעלי־מלאכות וועגן רעכט אויף אייגענע אָרגאַניזאַציעס. די צעכן האָבן אָבער נישט געוואָלט אויף דעם איינגיין און אויך נישט געוואָלט האָבן די יידן אין זייערע רייען. די יידישע בעלי־מלאכות האָבן אָבער נישט אויפגעגעבן זייער קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט. באַזונדערס, אין די פאַכן, וואו יידן זיינען געווען שטאַרק פאַרטראָטן, האָבן זיי זיך באַמיט מיט אַלע כוחות, אַז מען זאָל זיי דערלויבן זיך אָנשליסן אין די אַלגעמיינע פאַראיינען. אין 1845 האָבן די יידישע שניידער פון וואַרשע זיך געווענדט צום מאַגיסטראַט מיט דער בקשה, מען זאָל זיי אַריינלאָזן אין צעך מיטן רעכט צו וויילן אַן אייגענעם „אונטער־עלטסטן" (פּאָד־סטאַרשי). דער ענטפער איז אָבער געווען אַ נעגאַטיווער. יורידיש האָבן די יידישע בעלי־מלאכות געהאַט רעכט און די רעגירונג איז געווען אויף זייער צד. די מלוכהשע קאָמיסיע פאַר מלאכה האָט געמאַכט אַ קאָמפּראָמיס־פאָרשלאַג, אַז מען זאָל יידן לאָזן זיך פאַרשרייבן, ווי מיטגלידער, אָבער אָן רעכט צו האָבן אַ רעפּרעזענטאַטיוון אַמט. אין דער פּראַקטיק איז אָבער געבליבןביים אַלטן. די נישט־יידישע מייסטערס זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער. מיט גרויס התמדה האָבן זיי זיך באַמיט, אַז מען זאָל בכלל נישט געבן יידישע אונטערנעמער קיין אַרבעט און ביי רעגירונגס־אַרבעט זאָל מען אינגאַנצן נישט באַשעפטיקן קיין יידן.

דער קאַמף צווישן יידישן און נישט־יידישן אַרבעטער האָט אָנגענומען זייער אַ פאַרביסענעם כאַראַקטער. עס האָבן זיך אַריינגעמישט די גלחים. זיי האָבן געהיט דעם קאַטוילישן גייסט פון די צעכן־אָרגאַניזאַציעס און זיי האָבן אָנגעהויבן משפּיע צו זיין די אַרבעטער, אַז זיי זאָלן בכלל זיך אָפּזאָגן פון אַרבעטן ביי יידן. אין לובלין איז אין 1852 אַרויס אַ רוף פונם קאַטוילישן בישאָף, וואָס פאַרבאָט קריסטלעכע בעקער־געזעלן צו אַרבעטן אין יידישע בעקערייען, ווייל זיי זיינען געצוואונגען מחלל צו זיין זייערע יום־טובים. אַן אויסנאַם האָט מען געמאַכט פאַר יידן, וואָס האָבן געדינט אין דער אַרמיי. זיי האָט מען דערלויבט אָנצושליסן זיך אין די צעכן, אויב זיי האָבן זיך אויסגעלערנט די מלאכה זייענדיק אין דער אַרמיי.

אויב דעם יידן איז געווען שווער זיך צו אָרגאַניזירן אין צעכן, און דאָס האָט גורם געווען, אַז אין פאַרגלייך מיט נישט־יידישע בעלי־מלאכות איז ער געווען פאַכמעניש אַ סך הינטערשטעליק, — היינט ווי אַזוי האָט אַ ייד געקענט זוכה זיין צו ווערן אַ פאַבריק־אַרבעטער. אַפילו אויף אַ פאַבריק, וואָס האָט געהערט צו אַ יידן, האָט אַ ייד נישט געקענט אַזוי לייכט אָנקומען פאַר אַן אַרבעטער, ווייל דער אמתער בעל־הבית איז געווען נישט דער פאַבריקאַנט, נאָר דער נישט־יידישער אויפפּאַסער אָדער מייסטער, דאָס רוב אַ דייטש. אין די קרייזן פון די וואַרשעווער משכילים, וואָס האָבן בדרך־כלל נישט אַרויסגעוויזן קיין גרויסן אינטערעס פאַר די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פון דער יידישער מאַסע, האָט מען אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אויסבילדן יידישע בעלי־מלאכות. געווען איז אין דער דאָזיקער טראַכטעניש אויך אַן עלעמענט פון אַפּאָלאָגעטיק, מחמת דעם, וואָס אין דער פּרעסע האָט מען געשריבן, אַז דער יידישער בעל־מלאכה איז אַ „פאַרטאַטש", איז נישט קוואַליפיצירט גענוג און דערפאַר אַרבעט ער ביליקער.

אין 1836 איז געמאַכט געוואָרן אַ פאַרזוך צו

גרינדן אין וואַרשע אַ האַנטווערקער־שול פאַר יידישע קינדער, וואו מען זאָל לערנען דווקא אַזעלכע מלאכות, וואָס זיינען ביי יידן ניט בנמצא און טראָגן אַ מער „פּראָלעטאַרישן" כאַראַקטער, ווי, למשל, שמידעריי און שטעלמאַכעריי. עס איז געווען געפּלאַנט צו עפענען אַ פאַבריק פון קאַראַטן, ווייל דערביי זיינען באַשעפטיקט פאַרשידענע פּראָפעסיעס, ווי רימער און טאַפּעצירער אאַז"וו. לויט פּראָיעקט האָט מען געזאָלט אָננעמען יינגלעך אין עלטער פון 13 יאָר, פון אָרימע עלטערן בכלל און יתומים בפרט. חוץ מלאכה האָט מען געפּלאַנט צו לערנען פּויליש, רעליגיע, שרייבן אַ יידיש־דייטשן בריוו, רעכענען און צייכענען. די קאָסטן אויסצוהאַלטן די שול האָט מען געוואָלט דעקן פונם בילעט־שטייער, וועלכן נישט־וואַרשעווער יידן האָבן געצאָלט ביים אַריינקומען אין שטאָט אַריין. דער פּלאַן איז געווען אַזוי פּרעציז צוזאַמענגעשטעלט, אַז די רעגירונג האָט אים אינגאַנצן פאַרוואָרפן. דערביי איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס די פּוילישע מלוכה־באַאַמטע, וועלכע האָבן רעפערירט דעם ענין, האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם פּלאַן, ווייל די יידן צילן צו פאַרכאַפּן די מלאכה, פּונקט ווי זיי האָבן שוין פאַרכאַפּט דעם האַנדל. אויב מען דאַרף עפענען אַ האַנטווערק־שול, — איז פאַר אַלע, אָבער נישט אויסשליסלעך פאַר יידן.

דער ענין פאַך־שולונג פאַר יידישע בעלי־מלאכות ווערט שפּעטער אָפט באַהאַנדלט. אין 1846 האָט משה מאָנטעפיאָרע געשריבן וועגן דעם זעלבן ענין אין זיינע באַריכטן, וואָס ער האָט צוגעשיקט דער רעגירונג, ווי אַ רעזולטאַט פון זיין נסיעה קיין רוסלאַנד און פּוילן. אין 1851 האָט דער וואַרשעווער צענזאָר, יעקב טוגענדהאָלד, באַנייט זיינע באַמיאונגען פון 1836 צו עפענען אַ יידישע האַנטווערק־שול.

די משכּילישע קרייזן האָבן געקוקט אויפן פּראָבלעם פון מלאכה נישט פון שטאַנדפּונקט פון רעהאַביליטאַציע קעגן דעם פאָרוואורף, אַז יידן זיינען דאָס רוב קרעמער, נאָר פאַרקערט, פונם שטאַנדפּונקט, וואָס צופיל יידן זיינען בעלי־מלאכות און דווקא שלעכטע. און דאָס האָבן די וואַרשעווער פּני געוואָלט פאַרריכטן. אין 1840 האָט מען ביים יידישן הויז פאַר זקנים, יתומים און קאַלעקעס אין וואַרשע געעפנט אַ האַנטווערק־שול. עס האָבן זיך דאָרטן געלערנט בלויז יתומים. נישט האָבנדיק קיין לעגאַלן סטאַטוס פון אַ זעלבשטענדיקן אַנשטאַלט, האָט די שול קיין גרויסע פּעולה נישט געקענט באַוויזן, הגם מען קען נישט פאַרלייקענען, אַז זי האָט צוגעגרייט אַ באָדן פאַר דער אַנטוויקלונג פון געשולטע בעלי־מלאכות ביי די יידן אין פּוילן.

איינער, וואָס האָט גוט געקאָנט די פּויליש־יידישע פּראָווינץ פון יענער צייט, דערציילט: יידן האָבן זיך באַשעפטיקט מיט כלערליי מלאכות. זיי האָבן געהאַקט שטיינער אויף די טראַקטן, פאַרנומען זיך מיט בלעכעריי, גלעזעריי, סטאָלעריי, טאָקעריי, שוין נישט ריידנדיק פון די צוויי ממש „טראַדיציאָנעלע" מלאכות פון פּוילישע יידן, ווי שניידעריי און שוסטעריי.

אין אַזאַ שטאָט, ווי לובלין, למשל, האָבן יידן אויסגעמאַכט 50 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל מוליאַרעס. די פּראָפעסיעס פון בעלי־עגלהס, פּאַקנטרעגער און וואַסערטרעגער זיינען געווען אויסשליסלעך יידישע. בדרך־כלל האָט דער ייד אין פּוילן רעפּרעזענטירט דעם אָפּגעשטאַנענעם בעל־מלאכה, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט די נויטיקע פאַכמענישע קוואַליפיקאַציעס. די היפּערטראָפיע פון יידישע האַנטווערקער און קליינע קרעמער האָט געמוזט געפינען פאַר זיך אַן אויסוועג אין דער ריכטונג פון אינדוסטריאַליזאַציע. דער וועג איז נישט געווען קיין לייכטער. די מניעות זיינען געקומען פונם יידישן פאַבריקאַנט גופא.

אין 1834 האָט גראַף אָסטראָווסקי געשריבן, אַז די יידישע טוכמאַכער האָבן זיך איבערצייגט, אַז דער יידישער אַרבעטער האָט קלענערע השגות ווי דער נישט־יידישער און דערפאַר איז ער גוט. די אָרימקייט האָט געצוואונגען דעם יידישן אַרבעטער צו אַרבעטן פאַר ביליק, און דערפאַר האָט ער געקענט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פונם אויסלענדישן אַרבעטער. פאַרן פּרייז פון אַ הונגער־לוין האָבן זיך פאַרן יידן געעפנט די טויערן פון אייניקע פאַבריקן.

אין אַלגעמיין לאָזט זיך די צאָל יידישע אינדוסטריעלע אַרבעטער פון יענער צייט נישט פעסטשטעלן. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס די פּראָפעסיאָנעלע צעגלידערונג האָט נישט אין די דעמאָלסטדיקע סטאַטיסטישע טאַבעלן קיין פּרעציזע און סטאַבילע קלאַסיפיקאַציע. מען קען אָבער זאָגן, אַז אין אַזאַ שטאָט ווי וואַרשע איז דער פּראָצענט יידן אין מלאכה געווען נידעריקער פונם פּראָצענט יידן אין דער שטאָט גופא. מען קען מיט אַלע וואַרשיינלעכקייטן פעסטשטעלן, אַז אין 1840 האָט אַ פערטל וואַרשעווער יידן געלעבט פון מלאכה און נאָר 5 פּראָצענט פון אינדוסטריע. פון דעם זיינען 25 פּראָצענט געווען באַשעפטיקט אין דער באַקלייד־אינדוסטריע, 20 פּראָצענט אין מעטאַל־אַרבעט און 13 פּראָצענט אין לעדער־פאַך. די פּראָלעטאַריזאַציע פון די יידישע מאַסן ווערט נאָך בולטער פון די ציפערן פון 1842. זיי ווייזן אַ וואוקס אין טעקסטיל־ און מעטאַל־אינדוסטריע און אַ ירידה אין שפּייז־אויסאַרבעטונג. די גרעסטע צאָל יידישע טעקסטיל־אַרבעטער האָבן פאַרמאָגט לובלין, פּלאָצק און קאַליש.

אין 1843 האָט 68 פּראָצענט יידן געלעבט פון פיזישער אַרבעט, איינגעשלאָסן פאַרשידענע מלאכות

און לוין־אַרבעט. דער גרעסטער טייל האָט געאַרבעט אין די באַקלייד־ און שפייז־אינדוסטריעס. אין 1857 איז שוין דער פראָצענט אין די ביידע אינדוסטריע־צווייגן אַזוי געשטיגן, אַז דער שניידער, למשל, האָט שוין נישט געקענט פאַרדינגען אויף קיין מינימאַלער חיונה. די היפערטראָפיע פון יידישע בעלי־מלאכות האָט גורם געווען דאָס פאַרגרעסערן זיך פון די רייען קליינע קרעמער. דער טיפ פון האַלב־בעל־מלאכה און האַלב־קרעמער איז זייער פאַרשפרייט אין דער דאָזיקער תקופה און איז פאַרפיקסירט געוואָרן אין אַ סך אָפיציעלע באַריכטן און מעמואַרן פון יענער צייט.

גרויסע האָפענונגען האָט מען געלייגט אויף דער לאַנדווירטשאַפט, ווי אַ מיטל טיילווייז צו פראָדוקטיוויזירן די יידישע באַפעלקערונג. די טעאָרעטישע פאַר־הנחות פאַרן געדאַנק צו באַזעצן יידן אויף לאַנד זיינען אין דער תקופה געווען אידענטיש מיט די, וואָס די יידיש־משכילישע און די פוילישע פובליציסטיק האָבן פאָרמולירט אין דער פריערדיקער תקופה. די פראַקטישע אָנווענדונג האָט אָבער אויסגעזען גאָר אַנדערש, ווייל די הויפט־דעה ביים דורכפירן אַזאַ קאָלאָניזאַציע איז אין דער פאַסקעוויטש־תקופה געלעגן נישט אין פוילישע הענט.

אין קאָנגרעס־פוילן זיינען סך־הכל געווען 34 יידן, וואָס האָבן געהאַט דאָס רעכט צו זיין גוטבאַזיצער; 5 האָבן געהאַט דאָס רעכט צו אַרענדירן גיטער און מילן, האַלטן פאָסט־פערד און „זיך בכלל פאַרנעמען מיט אַזעלכע פרנסות, וואָס זיינען יידן פאַרבאָטן", און 4 האָבן געהאַט דאָס רעכט צו זיין שענקער און האַלטן פאָסט־פערד.

די געציילטע פריווילעגירטע יידן האָבן זיך מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צו באַגיין אָן דער הילף פון יידישע ערד־אַרבעטער. די פראַגע וועגן צולאָזן ברייטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג צו ערד־אַרבעט האָט געפאָדערט אַ תיכפדיקן ענטפער. אין לאַנד האָט מען אָנגעהויבן צו פאַרשפרייטן קלאַנגען, אַז פאַסקעוויטש וויל פאַרטיילן קאָנפיסקירטע פוילישע גיטער צווישן יידן. „די מלוכה פראָטעזשירט שטאַרק די יידן" — האָט געשריבן דער „קוריער וואַרשאַווסקי" אין 1832 — „און אין גיכן וועלן די יידן ווערן די בעלי־בתים פון אַ העלפט מאַיאָנטקעס אין פוילן".

ערד־באַזיץ איז אין קאָנגרעס־פוילן נאָכן אויפשטאַנד פון 1831 געווען ניט נאָר אַן עקאָנאָמישע פראַגע, נאָר אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס אַ פראַגע אַ פאָליטישע. פאַר די פאָליאַקן איז די פאַריינדלעכע שטעלונג פון פאַסקעוויטשן צום געדאַנק וועגן באַזעצן יידן אויף לאַנד (די דייטש־יידישע פרעסע האָט זיך וועגן דעם אַזוי ענטוזיאַסטיש צעשריבן) געווען שטאַרק פאַרדעכטיק. דער הינטערגעדאַנק איז דאָך געווען צו פאַרקלענערן דעם ערד־באַזיץ פון די פוילישע פריצים.

די יידישע מאַסע האָט געוואָלט גיין אויף לאַנד. באַזונדערס האָט זיך דער דאָזיקער דראַנג פאַרגרעסערט, ווען חוץ די עקאָנאָמישע סיבות איז נאָך צוגעקומען דער פחד פאַר מיליטער־דינסט. דער פאַקט, וואָס אין רוסלאַנד איז דער יידישער ערד־אַרבעטער געווען פריי פון מיליטער־דינסט, האָט געגעבן אַ האָפענונג אַז אויב מיליטער־דינסט פאַר יידן אין פוילן איז אומפאַרמיידלעך — וועלן מסתמא די געזעצן בנוגע פריווילעגיעס זיין די זעלבע, ווי אין רוסלאַנד. ביי דער פייערלעכער געלעגנהייט פון זיין נאָמענסטאָג (דעם 18טן דעצעמבער, 1841) האָט פאַסקעוויטש געהאַלטן אַ רעדע צו דער יידישער דעלעגאַציע, וואָס איז געקומען אים באַגריסן, און ער האָט אויסגעדריקט דעם וואונטש, אַז יידן זאָלן זיך נעמען צו ערד־אַרבעט. מען האָט גערופן כלערליי אסיפות; מען האָט אַרויסגעגעבן ספעציעלע כרוזים. אין פעברואַר, 1843, איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט פאַר באַזעצן יידן אויף לאַנד. לויט די אויסגעאַרבעטע תקנות האָט אַ קאָלאָניסט געקענט ווערן נאָר אַזאַ ייד, וואָס האָט אייגענע 150 רובל במזומנים, אָדער וואָס אַנדערע וועלן זיך מתחייב זיין איינצוצאָלן פאַר אים אַזאַ סומע. באַזעצן יידן דאַרף מען ניט צוזאַמען מיט קריסטן, נאָר באַזונדער, און ניט ווינציקער ווי צו פינף משפחות. אויב דער שטח וואָס די רעגירונג גיט, וועט ניט זיין גענוג, קען מען די יידן דערלויבן זיך צו באַזעצן אויף פריוואַטער ערד. פאַרמעגלעכע יידן מעגן קויפן ניט קיין באַאַרבעטע ערד בתנאי, אַז זיי וועלן דאָרטן קאָלאָניזירן אָרימע יידן. כדי זיך אויסצולערנען די מלאכה פון ערד־אַרבעט, וועט מען יידן דערלויבן אויף אַ געוויסער צייט זיך צו באַזעצן מיט קריסטלעכע ערד־אַרבעטער.

רייכע יידן, וואָס ווילן קויפן פריוואַטע מאַיאָנטקעס, מוזן זיך מתחייב זיין צו באַזעצן 25 יידישע משפחות, געבן זיי פולן אינווענטאַר, איינצאָלן פאַר יעדער משפחה 150 רובל ערבות אאַז"וו.

פונם דאָזיקן פלאַן האָבן פאַקטיש פראָפיטירט נאָר די רייכע יידן. זיי האָבן טאַקע געקויפט גיטער און דורך פאַרשידענע יורידישע דריידלעך זיך באַפרייט פון דער פליכט צו באַזעצן 25 אָרימע יידישע משפחות.

אויף די באַראַטונגען פון די קהילות האָט מען באַשלאָסן צו שאַפן אַ פאָנד. אָבער קיין סך געלט האָט זיך ניט איינגעגעבן אָנזאַמלען. פון די 860 רייכע יידן, וואָס פוילן האָט פאַרמאָגט אין 1843, האָבן סך־הכל 27 אונטערגעשריבן דעקלאַראַציעס וועגן שטיצן די נאָך ניט עקזיסטירנדיקע יידישע קאָלאָניעס.

דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט דער געזעץ פון

מיליטער־דינסט פאַר יידן, און ער איז טאַקע יענעם יאָר (דעם 24טן סעפטעמבער, 1843) איינגעפירט געוואָרן אין קאָנגרעס־פוילן. דער רעקרוטן־שטייער איז אָפגעשאַפט געוואָרן. יעדער ייד אין עלטער פון 20 ביז 25 יאָר איז געווען פאַרפליכטעט זיך צו שטעלן צו מיליטער־דינסט. אַן אויסנאַם האָט מען געמאַכט פאַר רבנים, ערד־אַרבעטער, משומדים און אַזעלכע, וואָס וועלן אויסדריקן אַ וואונטש זיך צו שמדן. עס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ באַזונדערע יידישע עווידענץ־ליסטע. יידן מייסטערס אויף אַ יידישער פאַבריק — זיינען אויך געווען פריי פון מיליטער־דינסט.

עס איז אפילו געווען אַ געפאַר, אַז מען וועט נעמען קינדער פון 12 יאָר אָן. די דאָזיקע גזירה איז אָבער געלונגען אָפצושרייען. פאַסקעוויטש איז אויך געווען קעגן דעם, אַז די קהילות זאָלן דורכפירן דאָס אָפגעבן פאַר רעקרוטן. די 15 יאָר דערפאַרונג אין רוסלאַנד האָט אים באַוויזן — האָט ער געשריבן — ווי גליטשיק און ווי געפערלעך עס איז דער דאָזיקער וועג. די קהילות גופא האָבן געוואָלט נעמען אויף זיך די מיסיע צוצושטעלן דעם רעקרוטן־קאָנטינגענט. אין פאַרגלייך מיט די געזעצן וועגן רעקרוטן פאַר פאָליאַקן, זיינען די געזעצן פאַר יידן אין פוילן געווען אַ סך מילדער: דעם שרעקלעכן קאַנטאָניסטן־סיסטעם פון רוסלאַנד האָבן די פוילישע יידן אויסגעמיטן, אָבער די פאָליאַקן — נישט. נישט געקוקט אויף די אַלע הנחות און פריווילעגיעס, אויסנאַמען און דערלייכטערונגען, האָבן פוילישע יידן געקוקט אויפן רעקרוטן־געזעץ, ווי אויף אַ שרעקלעכער גזירה. מען האָט אָנגעהויבן פאַניש אַנטלויפן אין די שכנותדיקע לענדער, קיין גאַליציע און פרייסן. אין גאַליציע האָט זיך באַוויזן אַ טיפ פון אַ כאַפער — אַ מסור: אַ באַצאָלטער אַגענט, וועלכער פלעגט אַרויסגעבן דער רוסישער מאַכט די אומגליקלעכע קאַנדידאַטן פאַר רוסישע זעלנער, וואָס זיינען אַנטלאָפן קיין גאַליציע.

אין פרייסן בכלל און אין פויזנער געגנט בפרט איז די באַציאונג צו די פליטים געווען אַ סך אַ פיינערע, אפילו מצד דער רעגירונג. אין דער שטאָט פויזן זיינען זיך אָנגעלאָפן אַזוי פיל פליטים, אַז מען האָט געמוזט שאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט. פרייסן האָט נישט געוואָלט אים לעגאַליזירן, ווייל דאָס וואָלט געמיינט איינרייסן מיט רוסלאַנד, אָבער פאַקטיש האָט זי דעם קאָמיטעט טאָלערירט. „יידן — שרייבט דער פויזנער פאָליציי־דירעקטאָר אין 1843 — שמוגלען דורך יונגעלייט בייטאָג און ביינאַכט אין פאַרפלאָמבירטע קאַסטנס און אין זעק. מען קען זיי אפילו ניט אַרעסטירן, ווייל זיי זעען אויס ווי קינדער".

אין לאַנד גופא האָט די רעקרוטן־גזירה אַרויסגערופן אַ מהומה. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן: יידן זיינען געווען אַזוי אָרים, אַז די גובערנאַטאָרס האָבן געבעטן נישט צו רופן ווינטער־צייט קיין יידישע רעקרוטן, ווייל זיי האָבן נישט וואָס אָנצוטאָן. עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז, למשל, אין דער וואַרשעווער גובערניע אַליין האָבן 30 פראָצענט יידן נישט געצאָלט בכלל קיין רעקרוטן־שטייער, ווייל זיי זיינען געווען זייער אָרים, און דערפאַר איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרבייטן דעם שטייער־אָפצאָל אויף רעקרוטן־דינסט.

אין אַזעלכע אומשטענדן האָט מען אין פוילן זיך באַמיט דורכצופירן אַ געזעלשאַפטלעכע אַקציע לטובת אַ יידישער קאָלאָניזאַציע. עס איז ווייט נישט קיין צופאַל, וואָס גראָד דריי חדשים נאָך דעם, ווי דער רעקרוטן־געזעץ איז פראָקלאַמירט געוואָרן, האָבן די רביים פון וואָרקע, סיינע, זדונסקע־וואָליע און אייניקע חשובע באַלעבאַטים אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף צו „די קינדער פון אונזער אמונה" (לבני אמונתנו), אין וועלכן עס ווערט דערציילט וועגן אַן אוידיענץ ביים נאַמיעסטניק פאַסקעוויטש. דער נאַמיעסטניק האָט געזאָלט מוסרן די רייכע יידן פאַר לאָזן זייערע אָרימע ברידער אויסגיין פון הונגער. די רביים ווייזן אָן, אַז נאָר ערד־אַרבעט קען ראַטעווען די יידישע מאַסן. די אמתע כוונות פון זייערע באַמיאונגען האָט מען אָבער ניט געקענט מגלה זיין.

דער אויפרוף האָט געצילט אין די גבירים, יענע האָבן אָבער געשוויגן. די יידישע בורזשואַזיע האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן חשק צו שטיצן אַ באַוועגונג, וואָס וועט סוף־כל־סוף מוזן ברענגען צו אַזאַ סיטואַציע, אַז אירע קינדער וועלן מוזן פאַרפילן דעם רעקרוטן־קאָנטינגענט, טייל אָרימע יידישע בחורים וועלן ווערן ערד־אַרבעטער און ממילא געניסן פון דער אויסנאַם־פריווילעגיע. פון דער אַנדערער זייט, איז אָבער אויך געווען קלאָר, אַז קיין גרויסע פערספעקטיוון פאַר אַ ברייטער יידישער קאָלאָניזאַציע אין פוילן האָבן נישט געקענט זיין, ווייל די כוחות זיינען נישט געווען גרויס גענוג. עס איז אפילו געווען אַ פלאַן צו פאַראינטערעסירן רוסישע און אויסלענדישע יידן מיט דעם ענין. אין לעצטן סך־הכל זיינען אין די יאָרן 1840—1847 געגרינדעט געוואָרן אין קאָנגרעס־פוילן אַן ערך 42 יידישע קאָלאָניעס. אין 1843 זיינען פאָרט געווען קנאַפע 6,000 יידן, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט ערד־אַרבעט. די דאָזיקע איבערשיכטונג האָט אָבער נישט געקענט האָבן קיין גרויסע השפעה אויף דער לאַגע פון די אָרימע יידישע מאַסן.

לויט די אויספירונגען פון דעם פוילישן רעוואָלוציאָנער און עקאָנאָמיסט, אַלעקסאַנדער קראַיעווסקי (1819—1902), וואָס האָט אין 1853 פאַרעפנטלעכט אַ וויכטיקע אַרבעט וועגן די עקאָנאָמישע אויסזיכטן פון די פוילישע יידן, זיינען אין די יאָרן 1844—1850

געווען 1345 יידן דאָרפישע באַלעבאַטים, וואָס האָט געמיינט 8,927 נפשות.

אין יענער צייט האָט ער, אגב, געגעבן אַן עצה, אַז יידן זאָלן זיך נעמען בעסער צו מלאכות און אַז מען דאַרף פועלן, מען זאָל צולאָזן יידן אין די פאַב־ריקן. ער האָט געהאַלטן, אַז צוליב דעם נידעריקן ניוואָ פון ערד־אַרבעט אין פוילן בכלל, קען די פּראָ־פעסיע פון אַן ערד־אַרבעטער ניט האָבן קיין צוציִ־קראַפט אפילו פאַר אָרימע יידן.

דאָס עלנט און די אָרימקייט האָט נאָך שאַרפער אַרויסגעבראַכט די פראַגע פון עמיגראַציע.

אין יאָר 1846 איז קיין פוילן געקומען אַ פראַנצוי־זישער נעגאָציאַנט, איינער יצחק אַלטאַראַס, מיטן ציל צו טראַנספּערירן אַ געוויסע צאָל פּוילישע יידן קיין אַלזשיר. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אַל־טאַראַס האָט בדעה דורכצופירן אַ מאַסן־אויסוואַנדע־רונג. סך־הכל האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ דרייסיק ביז פערציק משפחות. אַלטאַראַס האָט געגלויבט, אַז די ראָטשילדס וועלן סובסידירן אַזאַ אונטערנעמונג. אָבער די מערב־אייראָפּעאישע יידישע כלל־טוערס האָבן געהאָפט, אַז די יידן־פראַגע וועט אין רוסלאַנד און אין פוילן געלייזט ווערן אויפן אָרט, אַזוי אַז עס איז נישט געווען כדאי, לויט זייער מיינונג, צו רעדן וועגן אַ מאַסן־עמיגראַציע.

אין יאָר 1846 האָט משה מאָנטעפיאָרע אין אַן אויספירלעכן באַריכט, וואָס ער האָט צוגעשיקט דעם צאַר, געבעטן אַז מען זאָל לגבי יידן אין פוילן אָנ־ווענדן די זעלבע רעפאָרמען, וואָס מען פּלאַנט פאַר די יידן אין רוסלאַנד. ער האָט אָנגעוויזן אויף די יידישע רעווירן אין די שטעט פון פוילן; ער האָט אויך דערמאָנט אַז עס זיינען פאַראַן שטעט, וואו יידן טאָרן בכלל נישט וואוינען און אַז די דאָזיקע פאַר־באָטענע וואוין־ערטער זיינען לויטן שטח און פּראָ־פּאָרציע אַ סך גרעסער, ווי אין רוסלאַנד גופא.

אמת, עס זיינען שוין געווען סימנים פון אַ פאַר־לייכטערונג פון די געזעצן וועגן וואוין־רעכט פאַר יידן. אין 1832 האָט מען, למשל, אין וואַרשע דערלויבט יידן צו וואוינען אויף עטלעכע ביז איצט פאַרבאָטענע גאַסן. אין 1848 האָט מען די דאָזיקע הנחות אָביסל פאַרברייטערט. מען האָט יידן דערלויבט צו קויפן הייזער און בוי־פּלעצער. געווען זיינען דאָס אָבער הנחות נאָר פאַר רייכע יידן. די רעווירן זיינען נאָך אַלץ געבליבן. אין גאַנץ פוילן זיינען געווען 455 שטעט און שטעטלעך, נאָר אין 246 פון זיי האָבן יידן געמעגט וואוינען אומבאַגרענעצט. 90 שטעט האָבן נאָך אַלץ געהאַט זייערע פּריווילעגיעס פון נישט־אַריינ־לאָזן קיין יידן.

ניט געקוקט אויף די אַלע באַגרעניצונגען, איז די יידישע באַפעלקערונג אַזוי שטאַרק געוואַקסן, אַז אין 1839 האָט זי אויסגעמאַכט 39 פּראָצענט פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג.

פאַרטריבן פון די גרענעץ־שטעטלעך, אויך פון יענע ערטער, וואו עס זיינען געווען קוילן־גרובן, האָבן יידן געהאַט אַלץ מער און מער שוועריקייטן פאַר דער באַשיידנסטער עקאָנאָמישער עקספּאַנסיע. זיי האָבן נישט געטאָרט האַלטן קיין אַפטייקן, זיין אַרכיטעקטן, האָבן צוקער־פאַבריקן (שפּעטער בטל געוואָרן), פאַ־בריצירן מוזיק־אינסטרומענטן אאַז"וו. אין דער מע־דיצינישער פּראָפעסיע זיינען זיי געווען ווינציק פאַר־טראָטן. סך־הכל האָט פוילן אין 1843 געהאַט 37 יידן־דאָקטוירים און 13 משומדים. צו קיין מלוכה־שטעלע האָט מען אַ יידישן דאָקטאָר נישט געוואָלט צולאָזן. אין 1848 באַווייזט זיך דער ערשטער יידישער דענטיסט אין פוילן, ריכטיקער געזאָגט, אַ דענטיסטקע. ערשט אין 1852 האָט מען אָנגעהויבן צו שמועסן וועגן צולאָזן יידן צו אַדוואָקאַטור. עס האָט אָבער גענומען גאַנצע זעקס יאָר, ביז דער דאָ־זיקער ענין איז דערליידיקט געוואָרן . . . נעגאַטיוו.

די פאַרשידענע שטייערן האָבן זיך געלייגט ווי אַ שווערער שטיין אויף די אָרימע יידישע מאַסן. דער כשר־פלייש־שטייער, וואָס האָט אין 1836 אַריינגע־בראַכט אַ סומע פון 264,000 רובל, איז אין 1844 גע־שטיגן אויף 313,000 רובל. אַ פונט כשר־פלייש האָט געקאָסט צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי טריף. עס זיי־נען געווען פאַרשידענע פּראָיעקטן צו פאַרבייטן דעם כשר־פלייש־שטייער מיט אַ שטייער פון „איך", אָדער מיט סתם אַ פּערזענלעכן שטייער. די מאַכט האָט אָבער אויף דעם נישט געוואָלט איינגיין, און גע־טענהט, אַז אויב אָרימע יידן קענען דעם שטייער נישט באַצאָלן, זאָלן זיי נישט עסן קיין פלייש.

אַ געוויסע דערלייכטערונג איז געקומען אין 1850, בעת די גרענעץ צווישן רוסלאַנד און פוילן איז אָפּגעשאַפט געוואָרן. עס איז אויך אָפּגעשאַפט גע־וואָרן די גזירה פון נישט־וואוינען נאָענט פון דער גרענעץ. אין 1851 איז אַרויס אַ דעקרעט, וואָס דערלויבט וואוינען אין אַ שטח פון 21 וויאָרסט פון דער פּרייסישער און עסטרייכישער גרענעץ נאָר יענע יידן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבעט, האָבן אַ פאַבריק אָדער זיינען קוואַליפיצירטע בעלי־מלאכות, האַלטן ברויערייען אאַז"וו.

אַ גרויסע גזירה אין די אויגן פון די פרומע יידישע מאַסן איז געווען דער פאַרבאָט צו טראָגן „יידישע קליידער". אָנגעהויבן האָט מען וועגן דעם צו רעדן נאָך אין יאָר 1842, פּראָקלאַמירט אָפיציעל אָבער ערשט אין 1846. די געזעצן זיינען געווען אַ סך לייכטער, ווי אין רוסלאַנד, אָבער די רעאַקציע אַ סך גרעסער. דעם 8טן יוני 1849 האָט אַ גערער חסיד, אַ געוויסער בירנבוים, אָרגאַניזירט אַ קאַמפּאַניע,

אַז מען זאָל די דאָזיקע גזירה אָפּשאַפן. ער האָט יענעם טאָג זיך געווענדט וועגן דעם צום נאַמיעסטניק פּאַסקעוויטש און האָט אפילו געפּועלט ביי אים אַן אוידיענץ. דער חסידישער דעלעגאַציע האָט פּאַסקעוויטש דערקלערט, אַז לויט דעם, ווי ער איז אינפאָרמירט געוואָרן פון די „עלטסטע פון די קהילות" און פון אייניקע רבנים, איז דאָס טראָגן „יידישע בגדים" נישט קיין דין, און ממילא איז דער פאַרבאָט אין קיין שום סתירה נישט מיט די עיקרים פון דער יידישער אמונה.

אין 1851 איז דער פאַרבאָט נאָך מער באַפעסטיקט געוואָרן. עס זיינען אָבער אַרויס אַ ריי תיקונים, וואָס האָבן אין תוך די גזירה כמעט ווי בטל געמאַכט. מען האָט איינגעפירט אַ געוויסן אָפּצאָל פאַר טראָגן „יידישע בגדים", און יידן האָבן אים געצאָלט. ערשט נאָכן אויפשטאַנד פון 1863 האָט מען זיך ווייטער גענומען בודק זיין דעם דאָזיקן ענין.

דעם 1טן יולי 1853 איז אַרויס אַ יידיש פלוגבלאַט „אַז עס איזט דער יודישען איינוואָהנערן אים קיניגרייכע פערבאָטן להלביש מלבושי יהודית". די תקנות האָבן געעפנט אַ ברייט פעלד פאַר פאַרשידענע הכנסות פון יידן־מוסרים בשותפות מיט פּאָליציי־באַאַמטע. עס איז געווען אַ גרויסע שרעק, אָבער אַ קליינע איבערקערעניש.

אין אַזעלכע סאָציאַל־פּאָליטישע אומשטענדן האָט געלעבט דאָס פּוילישע יידנטום אין דער תקופה 1832—1855. מען האָט ביסלעכווייז געוואָלט אויסגלייכן די יידישע רעכטלאָזיקייט אין פּוילן מיט דער יידישער רעכטלאָזיקייט אין רוסלאַנד. די פּוילישע אינטערווענץ אין דער יידן־פּראַגע האָט מען געוואָלט דערפירן ביז אַ מינימום: אין 1837 האָט מען פאַרמאַכט דעם „יידן קאָמיטעט". פּאַקטיש איז אָבער רוסיפיקאַציע אין פּוילן, געווען אויסגעשלאָסן, און וועגן אַ שפּראַכלעכער אַסימילאַציע האָבן אפילו די פּאַרביסנסטע רעאַקציאָנערן ערנסט נישט געטראַכט.

פּאַסקעוויטש האָט אַלע מאָל אונטערגעשטראָכן די אייגנאַרטיקייט פון לאַנד. ער, דער פּראַוואָסלאַוונער, האָט געהאַלטן, אַז דאָס לאַנד איז קודם־כל קאַטויליש, און ער האָט אָפּטמאָל גענומען אויף זיך די „הייליקע מיסיע" פון זיין אַ טויף־פּאָטער אין אַ פּראָטעסטאַנטישער אָדער קאַטוילישער קירך בעת אַ ייד האָט זיך געשמדט.

די יידישע בורזשואַזיע האָט געהאַלטן מיט פּאַסקעוויטשן, און ער האָט זי געשטיצט, ווייל זי האָט זיך נישט באַטייליקט אין די קאָנספּיראַטיווע באַוועגונגען פון יענער צייט. דאָס וואָס זי איז פּאָלאָניזירט — האָט אים נישט געאַרט: ער האָט געוואוסט אַז זי קען זיך נישט רוסיפיצירן און צו דייטשער קולטור האָט פּאַסקעוויטש געפילט אַ שנאה, מער געבויט אויף פּאָליטישע חשבונות, ווי אויף קולטורעלע.

דעם 31טן מערץ 1843 איז אין וואַרשע פאַרגעקומען די ערשטע מאָדערנע בר־מצוה אָדער קאָנפירמאַציע, — ווי מען האָט עס אַ נאָמען געגעבן. פּאַסקעוויטש איז געווען אַן ערן־גאַסט אויף דער דאָזיקער ערשטער פּוילישער פייערונג פון דער יידישער רעפאָרם־באַוועגונג אין פּוילן. משכילישע מחברים האָבן געשריבן וועגן אים נאָך ביים לעבן פּאַנעגירישע ביאָגראַפיעס און מליצהדיקע שירים אויף לשון קודש, און ער האָט זיי דערפאַר גוט געצאָלט. מען קען זאָגן אַז פּאַסקעוויטש איז דער ערשטער מעצענאַט פון דער השכלה־ליטעראַטור אין קאָנגרעס־פּוילן, — ער האָט אפילו געפירט אַ ספּעציעלע רשימה פון ביישטייערונגען, וואָס העברעאישע און פּויליש־שרייבנדיקע מחברים באַקומען פון אים.

זייענדיק אַ געהיימער שותף צו אַ סך גרויסע דאָס רוב יידישע אונטערנעמונגען אין פּוילן, האָט ער דעמאָראַליזירט דעם יידישן פאַבריקאַנט, סוחר, ליווראַנט און סתם ספּעקולאַטאָר, און זיך גערימט מיט דעם, וואָס אים איז געלונגען צו געווינען די פּני פון דער יידישער געזעלשאַפט. חסידות האָט ער טאָלערירט, ווייל אַלץ וואָס „איז נישט געלערנט — האָט ער געשריבן — איז נישט שעדלעך".

צו די פירער פון די קהילות האָט ער זיך באַצויגן מיט גרויס אומצוטרוי. אין 1836 האָט ער פאַרשטאַרקט די פּאָליציי־אויפזיכט איבער די קהילות. יעדע דריי יאָר האָט אַ קהילה געמוזט צושטעלן איר בודזשעט, און די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע האָט געמוזט איין מאָל אַ יאָר דורכפירן אַ רעוויזיע פון די עטאַטן.

אין לעצטן סך־הכל האָט די תקופה פון נאָכן אויפשטאַנד פון 1831 געבראַכט יידן ווינציקער צרות, ווי דער פּוילישער באַפעלקערונג. פאַר פּאָליאַקן איז דאָס געווען די סאַמע טראַגישע תקופה. פאַר יידן איז עס געווען: די סאַמע שווערע — פאַר די יידישע מאַסן, אַ גינציקע — פאַר דער אויפקומענדיקער יידישער בורזשואַזיע.

די קרימער מלחמה מיט אירע קאָנסעקווענצן האָט געבראַכט אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין לעבן פון קאָנגרעס־פּוילן, ממילא אויך אין לעבן פון די דאָרטיקע יידן.

אין 1855 איז געשטאָרבן ניקאָלאַי דער ערשטער. אין 1856 שטאַרבט דער נאַמיעסטניק פון פּוילן, פירשט פּאַסקעוויטש. מיטן אויפשטייג אויפן טראָן פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע פון יידן אין קאָנגרעס־פּוילן.

## 2. די יידן אין קאָנגרעס־פוילן אין די יאָרן 1855—1863

די איבער האַלב־מיליאָניקע יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך געפונען אין קאָנגרעס־פוילן בעת אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז אַרויף אויפן טראָן, האָט אָנגעהויבן פילן, אַז עס קומען אָן בעסערע צייטן פאַרן לאַנד בכלל און ממילא אויך פאַר יידן. דער דאָזיקער גלויבן איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער אָפיציעלער פראָפּאַגאַנדע, וואָס איז מיט גרויס סיסטעמאַטישקייט געפירט געוואָרן אין פוילן, ווי אויך אַן אָפּקלאַנג פונם געהויבענעם טאָן, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעקלונגען אין דער רוסישער פובליציסטיק פון יענער צייט. אין רוסלאַנד, וואו די געזעלשאַפטלעכע אידייען פון די פראָמינענטסטע שרייבער זיינען געווען לגבי יידן ווייט נישט קיין פילאָסעמיטישע, האָט מען פלוצלונג דערהערט אַ וואָרט לטובת דער יידישער עמאַנסיפּאַציע. אין 1848, בעת דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט נאָך שטרענגער געמאַכט די צענזור־געזעצן, כדי צו פאַרמאַכן די „טויערן פון לאַנד פאַר דער ווילדער מגפה פון רויטן געשפּענסטער", וואָס האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ אייראָפּע, האָט אַן אָדעסער זשורנאַל „אילוסטראַציאַ" אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל, אין וועלכן עס האָט זיך גערעדט וועגן יידן, ווי וועגן מענטשן וואָס זיינען „פּעאיק צו באַווייזן גרויסקייט, שיינקייט, פונקט ווי אַלע אַנדערע געבילדעטע פעלקער".

דער טראָפּ אויף די ווערטער „געבילדעטע פעלקער" האָט מרמז געווען, אַז מען האָט געקוקט אויף יידישע גלייכבאַרעכטיקונג, ווי אויף אַן ענין, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט בילדונג. די רוסישע פובליציסטיק איז אַזוי אַרום געווען איינשטימיק מיט דער אידעאָלאָגיע פון די רוסישע משכילים, וואָס האָבן אין בילדונג געזען די איינציקע ישועה.

אין אָנהויב פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס ממשלה ווערן אַזעלכע אַרטיקלען גאַנץ אָפטע דערשיינונגען. מיט דער צייט ווערט אויך רייף דער געדאַנק פון אַן אייגענער פרעסע אין דער לאַנדשפּראַך (ד"ה רוסיש), כדי צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן, אַזוי ווי דאָס האָט געטאָן די דייטש־יידישע פרעסע, דער מוסטער און מדריך פון די רוסישע יידן. די עפּאָכע פון ניקאָלאַי דעם ערשטן איז פאַרגליכן געוואָרן צו אַ „הינער־פלעט", וואָס האָט ענדלעך זיך פאַרענדיקט. די יידן האָבן אויפגעוואַכט פון טיפן שלאָף — האָט אַ יונגער רוסיש־יידישער זשורנאַליסט געשריבן אין 1854 אין „אַדעסקי וויעסטניק". „מיט בשותפותדיקע כוחות וועלן מיר זיי (ד"ה די יידן) אויפוועקן פון שלאָף; ברידערלעך וועלן מיר אַריינבלאָזן אין זיי אַ ניי לעבן און מיר וועלן זיי מאַכן פּעאיק און ווערט אַריינצוטרעטן אין דער משפּחה פון די אייראָפּעאישע פעלקער."

די צענזור איז מילדער געוואָרן. די מיליטער־דינסט איז פאַרקירצט געוואָרן אויף פיר יאָר, דער קאַנטאָניסטן־סיסטעם איז אָפּגעשאַפט געוואָרן (קאָראָנאַציע־מאַניפעסט פון 1856).

אין אָנהויב פון אַלעקסאַנדערס הערשאַפט איז אָבער נאָך די פּאָליטיק פון באַגרענעצונגען ווייטער פאָרגעזעצט געוואָרן. דער 37 יאָריקער קייזער האָט ווייטער נישט געטרויט די יידן און זיך באַמיט זיי האַלטן דערווייטערט פון דער „קריסטלעכער" באַפעלקערונג. די פראַגע פון אַ ברייטערער רעפאָרם פאַר דער יידישער באַפעלקערונג האָט אים שטאַרק אינטערעסירט, הגם דערווייל נאָר טעאָרעטיש.

אַ ברייטע, פונדאַמענטאַלע רעפאָרמע פון יידישן לעבן אין רוסלאַנד און ממילא אויך אין פוילן האָט געקענט זיין באַזירט נאָר אויף אַ פולער עמאַנסיפּאַציע, לויטן נוסח פון מערב־אייראָפּע, אויף וואָס איינצלנע הויכע רוסישע באַאַמטע האָבן מיט רעכט אָנגעוויזן. דאָס האָט געמיינט קודם־כל אָפּשאַפן דעם תחום המושב. יידן וועלן זיך קענען באַזעצן איבער גאַנץ רוסלאַנד, און ביסלעכווייז וועלן זיי פאַרשלונגען ווערן פון „סלאַווישן ים". וועגן אַזאַ חסד האָבן די „פאָרגעשריטענע" פאַרטרעטער פון דער יידישער בורזשואַזיע אפילו נישט געחלומט. זיי האָבן געהאַלטן אַז דאָס איז בכלל נישט פּראַקטיש.

דער פאָרזיצער פונם קאָמיטעט אויף איינצואָרדענען די יידן, גראַף בלודאָוו, האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף קודם־כל די יידן „פאַרבעסערן מאָראַליש און עקאָנאָמיש". דערביי דאַרף מען אָבער אויך אויסטיילן די „איינפלוסרייכע מענטשן לויט עשירות און בילדונג". די דאָזיקע מיינונג האָט באַקומען די הסכמה פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. די אָפּטימיסטישע שטימונג פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אָבער פאָרט געווען טיילווייז אַ באַרעכטיקטע: זי האָט דערפילט דעם אונטערשייד צווישן דער גרויזאַמער צייט פון ניקאָלאַי און דעם נייעם קורס. דער דאָזיקער נייער קורס איז געווען: נישט אָפּשאַפן רעפּרעסיעס אָבער אויך נישט פאַרשאַרפן, נאָר מילדערן די עקזיסטירנדיקע גזירות און איניקע פון זיי אינגאַנצן אָפּשאַפן.

ענדערן דעם „מאָראַלישן מעמד פון די יידן" — דאָס איז געווען דער נוסח פון אַלע אָפיציעלע באַשלוסן מכוח די ווייטערדיקע רעכטלעכע רעפאָרמען. פרט־ענינים האָבן געקענט געענדערט ווערן לטובת אַ געוויסער גרופּע יידן, אָבער נישט דער עיקר.

ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן מילדערן דעם רעקרוטן־געזעץ לגבי יידן, איז דאָס געשפּענסט פון ניקאָלאַי דעם ערשטן געקומען און אָנגעוויזן דעם טראַדיציאָנעלן וועג. לויט אַ באַפעל פון אויגוסט

1856 האָט מען באַדאַרפט נעמען אין מיליטער־דינסט יידן פון די „נישט סטאַבילע", ד"ה פון אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שטענדיקע באַשעפטיקונג. נאָר אין פאַל פון דוחק אין יידישע רעקרוטן האָט מען געקענט דערגאַנצן די קאַדרען מיט עלעמענטן פון די „נוצלעכע" יידן. דאָס איז געווען אַ רעצידיוו פון דער פריערדיקער תקופה, בעת אַ גרופּע „נוצלעכע" יידן האָט געבעטן דעם צאַר אַרויפלייגן די לאַסט פון רעקרוטשינע אויף די „אומפּראָדוקטיווע" און אַז מען זאָל יענע נעמען צוויי צאָל מער, ווי די אַנדערע.

דער נייער רעזשים האָט פאַרלייכטערט אייניקע גרופּעס יידן צו וואוינען אין די אינעווייניקסטע גובערניעס פון רוסלאַנד; אַנדערע האָט מען גרינגער געמאַכט דאָס באַוועגן זיך אין די גרענעצן פון תחום גופא. די סוחרים פון דער ערשטער גילדיע האָבן באַקומען וואוין־רעכט אין גאַנץ רוסלאַנד. פאַרברייטערן די דאָזיקע הנחות אויף אַנדערע קלאַסן פון סוחרים האָט די רעגירונג נישט געוואָלט. חוץ דעם האָבן אַלע יידן, וואָס האָבן געענדיקט אַן אוניווערסיטעט, באַקומען וואוין־רעכט. עס איז אפילו געמאַכט געוואָרן אַ פאָרשלאָג, אַז כדי צו געווינען די יידן פאַר דער „רוסישער זאַך", וואָס האָט געמיינט אַנטקעגנשטעלן זיך דער קולטורעלער השפעה פון די פּאָליאַקן אין די גובערניעס פון אַמאָליקן פּוילן, — זאָל מען די וואָס ענדיקן אַן אוניווערסיטעט אויסגלייכן רעכטלעך מיט די תושבים פון לאַנד. דער דאָזיקער פאָרשלאָג איז אָבער צוריקגעוויזן געוואָרן אין יאָר 1861.

בעלי־מלאכות, ווי אויך אויסגעדינטע סאָלדאַטן, האָבן באַקומען וואוין־רעכט אין רוסלאַנד. אין 1858 האָט מען דערלויבט יידן צו וואוינען אין שטח פון 50 וויאָרסט פון גרענעץ, בתנאי זיי וועלן באַווייזן, אַז זיי זיינען צוגעשריבן צו די אָרטיקע קהילות און פאַרמאָגן אייגענע הייזער.

אין 1856 האָט מען צוגעלאָזט יידן צו מלוכה־דינסט, חוץ אין קריגס־מיניסטעריום, און נאָר אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט אַ הויכן בילדונגס־צענז. אין 1860 איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן אָנטייל פון יידן אין מוניציפּאַלע וואַלן. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען איז מען געקומען צו אַ קאָמפּראָמיס: למשל, אונטער אַלע אומשטענדן קענען יידן נישט האָבן מער ווי אַ דריטל ראַט־מענער און זיי קענען נישט זיין קיין בירגערמייסטער; די רעליגיעזע קוריעס זיינען אינגאַנצן אָפּגעשאַפט געוואָרן.

אָט דאָס זיינען געווען — אין סומאַרישן איבערבליק — די פּירות פון די הנחות, וואָס די עפּאָכע פון „גרויסע רעפאָרמעס" האָט געבראַכט, און וואָס האָבן אַזוי שטאַרק באַגייסטערט די משכילים. דער דאָזיקער אַנטי־רעפּרעסיווער קורס האָט אויך געהאַט אַ ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער רעכטלעכער לאַגע פון יידן אין פּוילן.

אויך אין פּוילן האָט צווישן די העכערע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג געהערשט די זעלבע אָפּטימיסטישע שטימונג בנוגע דעם „נייעם מאָרגן", וואָס האָט זיך באַוויזן אויף די האָריזאָנטן פון לאַנד. אין פּוילן איז אָבער דער כאַראַקטער פון די דאָזיקע האָפענונגען געווען אַן אַנדערער. די מער קאָנסערוואַטיווע פּאָליאַקן האָבן אויפגעהערט צו זוכן אַ לייזונג פאַר דער פּוילישער פראַגע אין ראָמאַנטישע פּלענער פון אַ נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע און געהאָפט צו געפינען אַן אויסוועג אין אַן אויטאָנאָמישער אַנטוויקלונג.

אין 1856 האָט מען אין פּוילן אָפּגעשאַפט דעם קריגס־צושטאַנד. די אַמנעסטיע לכבוד דער קרוינונג האָט צוריקגעבראַכט אַהיים טויזנטער פּאָליטישע עמיגראַנטן און געוועזענע סיבירער פאַרשיקטע. די צענזור איז מילדער געוואָרן. די לעגאַליזירטע פּאַטריאָטישע שטימונגען אין דער פּוילישער ליטעראַטור האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן באַהערשן די מוחות פונם יונגן דור. דער עלטערער דור, וואָס האָט זיך געשפייזט מיט דער קאָנסערוואַטיוו־אוטיליטאַרער ליטעראַטור פון דער פריערדיקער עפּאָכע, האָט זיך אינגאַנצן אָריענטירט אויף רוסלאַנד און האָט געהאָפט, אַז דער אָרגאַנישער סטאַטוס פון 1832 וועט צוריקגעשטעלט ווערן. אויך די נאַציאָנאַל־ליבעראַלע יוגנט האָט קיין גרעסערע צילן זיך נישט געשטעלט. די פּאָליטישע אַסימילאַציע איז געווען דער ענד־ציל, פאַר קיין נאַציאָנאַלער אַסימילאַציע האָט מען בכלל נישט מורא געהאַט. מען האָט נאָר געוואָלט האָבן אייגענע שולן, כדי זיך אַרויסרייסן פון דער קולטורעלער פאַרגליווערטקייט און אָפּגעשטאַנענקייט, אַ ירושה פון פּאַסקעוויטשעס צייטן.

אין צענטער פון די סאָציאַלע פּראָבלעמען איז געשטאַנען די פּויערים־פראַגע. די געזעלשאַפטלעכע מיינונג איז געווען אונטער דער העגעמאָניע פון פּריצים־קלאַס, פון אַ שיטערן שיכט אינטעליגענץ און באַאַמטע, דאָס רוב אויך פון פּריצישן אָפּשטאַם. וועגן אַ ראַדיקאַלער לייזונג פון דער אַגראַר־פראַגע האָט קיינער פון זיי נישט געוואָלט הערן און וויסן. זיי האָבן געלעבט מיט די היסטאָרישע רודימענטן פון שלאַכטעסקער דעמאָקראַטיע, וואָס האָט געגלויבט אין „גוטן קריסטלעכן ווילן" פון פּריץ לגבי זיין קריסטלעכן אונטערטאַן. די דאָזיקע עפּיגאָנישע אידעאָלאָגיע איז געווען אין אַ שאַרפער סתירה מיט די סאָציאַלע לאָזונגען פון דער תקופה. די היפּערטראָפיע פון אַרבעטס־הענט און הונגעריקע מיילער אין דאָרף האָט געמוזט שטויסן אַ סך יונגע פּויערים אין שטאָט אַריין, וואו דער אימפּעטיקער מאָלאָך פון דער אינדוסטריע האָט זיי גאָר שנעל אַבסאָרבירט. דאָס אַריינפירן מאַשינען האָט אָבער גאָר שנעל פאַרקלענערט דעם נאָכפראַג אויף אַרבעטער־הענט. די צוויי נאָכאַנאַנדערדיקע אומגערעטענישן אין די יאָרן 1859 און 1860 האָבן נאָך

מער בייגעשטייערט צו דער עקאָנאָמישער ירידה פון די פויערים. די דאָזיקע סיטואַציע האָט שפּעטער, בעתן אויפשטאַנד, געהאַט אַ פאַטאַלע ווירקונג: די פויערים זיינען געווען גלייכגילטיק און אין אייניקע ערטער אפילו אַקטיוו פיינטלעך איינגעשטעלט צו דעם אויפשטאַנד, וועלכער האָט נישט געקענט און טיילווייז נישט געוואָלט אַנטקעגן קומען דעם געשריי פאַר ערד פון דעם קלאַס, וואָס איז געווען דער רוקנביין פון דער נאַציע.

אין די שפּאַרונעס פון דעם אויפקומענדיקן קאַפּיטאַליזם אין פוילן האָט זיך געפונען גענוג פּלאַץ פאַר דער עקאָנאָמישער אַקטיוויטעט פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט אין 1856 געציילט 571,678 נפשות און האָט אויסגעמאַכט איבער 12 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. אָבער די זינט 1850 שטאַרק אויסגעברייטערטע ווירטשאַפטלעכע פּעריפּעריע האָט נישט געקענט אַבסאָרבירן קיין גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. די יידישע בורזשואַזיע האָט זיך דערוואָרבן שטאַרקע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. זי האָט געבויט פאַבריקן און גרויסע געשעפטן, געבויט אייזנבאַנען און גרויס־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען. די מאַסע אָבער האָט ווייטער געליטן הונגער און נויט. אַ סך געביטן פון טעטיקייט זיינען „געזעצלעך" געווען פאַר יידן פאַרשפּאַרט, ווי, למשל, האַנדל מיט בהמות. די אַלטע גזירות זיינען נאָך אַלץ געווען אין קראַפט. אין 1856 האָט מען פאַרטריבן 112 יידישע משפּחות פון די בערגבוי־צענטערן אין אָפּאָטשנער און אָפּאַטאָווער פּאָוויאַטן.

די אַלטע רעווירן זיינען נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן. אין מאַי 1856 האָט אַלעקסאַנדער דער צווייטער באַפוילן, אַז מען זאָל אים צושיקן אַ באַריכט מכוח די אַלע שטעט און שטעטלעך וואו יידן טאָרן נישט וואוינען, אָדער וואו זיי מוזן וואוינען אין אָפּגעגרענעצטע קוואַרטאַלן, און וואָס פאַר אַ פּרנסות זיינען פאַר זיי נישט צוגענגלעך.

עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויסגלייכן די תקנות וועגן יידן אין דער אימפּעריע און אין פוילן. פּעטערבורג האָט געוואָלט האָבן די הויפּט־דעה אין דעם ענין יידישע רעכט. מען האָט געהאַלטן, אַז עס איז אַ געפאַר איבערצולאָזן אַזאַ גרויסע באַפעלקערונג אונטער דער השפּעה פון דער פּוילישער געזעלשאַפט, און דערפאַר דאַרף עפּעס געטאָן ווערן. דער לאַנגער וויכוח צווישן דער צענטראַלער מאַכט און דעם שטאַטס־סעקרעטאַר פאַר קאָנגרעס־פּוילן האָט צו קיין פּאָזיטיווע רעזולטאַטן נישט געבראַכט. דער רוסישער נאַמיעסטניק האָט געהאַלטן, אַז מען קען נישט גרינגער מאַכן דעם רעכטלעכן מעמד פון די יידן, כל זמן זיי זיינען נישט „געבילדעט און ציוויליזירט"; דער פּוילישער שטאַטס־סעקרעטאַר האָט געהאַלטן, אַז דער יידישער סעפּאַראַטיזם איז אַ רעזולטאַט פון רעכטלאָזיקייט, און נישט פאַרקערט. דערביי האָט זיך אויך געהאַנדלט וועגן געווינען די יידן פאַר דער רוסישער מאַכט־אידייע אין פּאָליטישן זין. פון קיין רוסיפיקאַציע פון יידן אין פוילן, ווי דאָס איז דעמאָלט געווען דער אָפיציעלער פּראָגראַם אין ליטע און אוקראַינע, האָט מען אפילו אין די „אולטראַ קאַזיאָנע" קרייזן נישט געטראַכט.

די געשעענישן אין פוילן האָבן אָבער געבראַכט אומדערוואַרטע ענדערונגען, וואָס האָבן משפּיע געווען אויך דאָס יידישע לעבן. דער אָפּטימיזם פונם פּוילישן שפּיץ־יידנטום, וואָס האָט באַקומען די הנחות, וועלכע דער נייער מושל האָט געגעבן סוחרים פון ערשטער גילדיע, האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף דער יידישער שטעלונג לגבי די רעכטלעכע אויסזיכטן אין לאַנד.

בעת די דעקלאַסירטע פּוילישע שלאַכטע האָט אין דער פּערזאָן פון יוזעף איגנאַצי קראַשעווסקי באַקומען אַ „פּוילישן ירמיה", וואָס האָט באַוויינט דעם אונטערגאַנג פון אַלטן פּוילישן לעבן און געשריבן אַז „אין הונדערט יאָר אַרום וועט אונז קיינער נישט אונטערשיידן פון יידן, דייטשן און פון דער גאַנצער הענדלער־באַנדע פון קאָסמאָפּאָליטן", — האָט די יידישע בורזשואַזיע געפילט, אַז עס קומט אָן אַ נייע תקופה.

אין 1860 האָט דער „אַרשיוו איזראַעליט" פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף „צו דער יידישער פּרעסע פון דער גאָרער וועלט", מכוח אַ פּראָיעקט פון אַ מאַסן־עמיגראַציע בכלל און קיין אַמעריקע בפרט. די וואַרשעווער צענזור האָט דעם אויפרוף נישט דורכגעלאָזט, מחמת דער צענזאָר יעקב טוגענדהאָלד האָט געשריבן, אַז נאָך אַ באַראַטונג מיט די „פּני פון די געבילדעטע יידן" איז מען געקומען צום אויספיר, אַז אַזעלכע געדאַנקען זיינען שעדלעך, מחמת דעם וואָס דווקא איצט קומען גוטע צייטן פאַר יידן אין פוילן און מען דאַרף נישט דערפאַר קלערן וועגן עמיגראַציע.

דעם דאָזיקן אָפּטימיזם האָט אפילו דער עפּיזאָד פון 1858, באַקאַנט ווי די „יידישע מלחמה", נישט געקענט אָפּשוואַכן. אין יענעם יאָר האָט אַ גרופּע אַנטיסעמיטישע זשורנאַליסטן אַטאַקירט די יידישע בורזשואַזיע אין וואַרשע פאַר כלומרשט באָיקאָטירן אַ קאָנצערט פון צוויי „סלאַווישע שפּילערקעס". די יידן, וואָס פלעגן אָנפילן די וויכטיקסטע פּוילישע קאָנצערטן און טעאַטער־פאָרשטעלונגען, האָבן געהאַט אַ מער־ראַפינירטן געשמאַק, ווי די פּאָליאַקן, און זיינען צום קאָנצערט פון די צוויי פּראָווינציעלע „קינסטלערקעס" נישט געקומען. שוין אין 1857 האָט אַ וואַרשעווער זשורנאַליסט זיך באַקלאָגט, אַז אין „די טעאַטערס, קאָנצערט־זאַלן פאַרנעמט די יידישע געלט־אַריסטאָקראַטיע דעם אויבן־אָן, וועלכער איז

איר פרייוויליק אָפּגעטראָטן געוואָרן דורך אונזער אור־אַלטער אַריסטאָקראַטיע".

דער פינאַל פון דער ליידנשאַפטלעכער אָבער גוט־אָרגאַניזירטער קאַמפּאַניע, אין וועלכער אייניקע האָבן געזען אַ אינטריגע מצד דער פּרייסישער רעגירונג, האָט זיך אָפּגעשפּילט אין געריכט: 23 חשובע וואַרשעווער יידן פון די „העכערע" שטאַרק פאַרפּוילישטע משפּחות, די אָרגאַניזאַטאָרס פון אַ פּראָטעסט־בריוו, האָבן באַקומען תפיסה. די געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג פונם דאָזיקן שטאַרק־איבערגעטריבענעם אינצידענט איז באַשטאַנען דווקא אין דער ווירדיקער שטעלונג פון דער יונגער יידישער פּלוטאָקראַטיע, — און דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון איר סאָציאַלער אומאָפּהענגיקייט און פּאָליטישן אָפּטימיזם. אמת, די שטעלונג פון דער פּוילישער אינטעליגענץ בכלל און פון די פּוילישע שרייבער בפרט האָט נישט געקענט אַרויסרופן קיין אָפּטימיזם: צו דער זעלבער צייט זיינען אין רוסלאַנד 140 פּראָמינענטע רוסישע שרייבער אַרויס מיט אַ פּראָטעסט קעגן דעם זשורנאַל „אילוסטראַציאַ" פאַר זיינעם אַן אָנפאַל אויף יידן; אין וואַרשע האָט מען געוואוסט וועגן דעם עפּיזאָד, און הגם די פּוילישע פּרעסע האָט אים מיט אַ כיוון פאַרשוויגן, דאָך האָט די רוסישע רעגירונג אים פּרובירט דיסקאָנטירן, ווי אַ באַווייז, אַז נייע ווינטן וויען אין די קרייזן, וואָס אין פּוילן האַלט מען זיי נאָך אַלץ פאַר דעספּאָטן און באַרבאַרן.

דער דאָזיקער עפּיזאָד האָט אָבער געהאַט אַ טיפע סאָציאַלע באַדייטונג. מען קען פעסטשטעלן, אַז די דעמאָנסטראַציע פון דער „גאַזעטאַ וואַרשאַווסקאַ", וואו די ערשטע אַטאַקע איז אָפּגעדרוקט געוואָרן, איז געווען דער לעצטער פאַרזוך פון דער פּוילישער שלאַכעצקער רעאַקציע אָפּצושטעלן דעם אָביעקטיוון היסטאָרישן פּראָצעס פון דער פּוילישער אינדוסטריאַליזאַציע. אַלט־פּוילן האָט אין דער פּערזאָן פון די זשורנאַליסטן און פון אַזאַ שרייבער ווי קראַשעווסקי, וואָס האָט זיך מיט זיי צו יענער צייט סאָלידאַריזירט — זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם בוייענדיקן אימפּעט פון יונג־פּוילן. דאָס, וואָס דאָס יונגע פּוילן האָט געהאַט אַזאַ גרויסן עלעמענט יידן, איז געווען נאָר אַ רעזולטאַט פון דער סנאָבישער איינשטעלונג פונם פּוילישן פּריץ בנוגע עקאָנאָמישע ענינים.

דער קאַמף פון דער יונגער יידישער בורזשואַזיע, צו וועלכער עס האָט זיך אָנגעשלאָסן אַ טייל פון דער פּוילישער אַגראַר־אַריסטאָקראַטיע, איז געווען טאַקע קעגן אָט דעם דאָזיקן קולט פון עבר, קעגן אַזעלכע „שטאַנדפּונקטן", אַז די „באַנען זיינען געשאַפן געוואָרן פאַר סחורות און פאַר בהמות, און נישט פאַר מענטשן", ווייל די דאָזיקע באַנען האָט אין פּוילן געבויט דער יידישער (ווען אפילו געשמדטער) אונטערנעמער לעאָפּאָלד קראָנענבערג.

אין לאַנד האָט זיך דערווייל אָנגעהויבן אַ ברויזיקע פּאָליטישע באַוועגונג, וואָס איז געווען אינספּירירט פון דער פּוילישער עמיגראַציע און פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און האָט געמוזט אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער געזעלשאַפט צו וויכטיקערע ענינים, ווי דער איבערגעשפּיצטער יידיש־פּוילישער קאָנפליקט.

דעם 29טן נאָוועמבער 1860 האָט וואַרשע צום ערשטן מאָל אויף אַ באַשיידענעם אופן געפייערט דעם אָנדענק פון אויפשטאַנד פון 1830. די פּוילישע יוגנט האָט זייער שנעל געפונען אַ פאַרבינדעטן אין דער פּערזאָן פון דער יידישער פאַרפּוילישטער יוגנט. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער „פּויליש־יידישער פאַרברידערונג", וואָס איז געווען אין דער זעלבער צייט דער פּראָלאָג צו דער „מאָראַלישער רעוואָלוציע" אין פּוילן. די דאָזיקע „מאָראַלישע רעוואָלוציע" האָט געזאָלט דינען ווי אַ קאָנטר־אַטאַקע קעגן דער „אומ־מאָראַלישער עוואָלוציע", וואָס דער הערשנדיקער פּוילישער קלאַס האָט דורכגעמאַכט אויפן וועג צו דער סערוויליסטישער אָנערקענונג פון דער רוסישער מאַכט אין פּוילן. די האַרבע, רעאַליסטיש־שאַרפע ווערטער פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, בעת זיין באַזוך אין וואַרשע, אין מאַי 1856, אַז די פּוילישע הערן זאָלן אויפהערן צו זיין בעלי־חלומות און אַז די „צוקונפט פון פּוילן ליגט אין דער פולשטענדיקער פאַראייניקונג מיט אַנדערע פעלקער" פון רוסלאַנד — האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף דער דאָזיקער נאַציאָנאַל־געשטימטער פּוילישער יוגנט. אין אָנהויב איז די דאָזיקע באַוועגונג געווען אָן אַ באַשטימטן פּראָגראַם. מען האָט געוואָלט פרייהייט, הגם קיין קלאָרע פאָרמולירונג פון דעם באַגריף האָט מען נישט פאַרמאָגט. אָבער שוין דער פאַקט גופא, וואָס מען האָט קיינעם נישט געוואָלט אויסשליסן פון דער געזוכטער פרייהייט, האָט געמוזט ברענגען אָט יענע עקזאַלטירטע שטימונג פון דער פּוילישער יוגנט, סיי ביי יידן און סיי ביי פּאָליאַקן, וועלכע מען אָבסערווירט צו יענער צייט אין קאָנגרעס־פּוילן.

די דאָזיקע ספּאָנטאַנע מעטאַמאָרפאָזע איז לכתחילה געווען פריי פון וועלכע עס איז אוטיליטאַרע מאָטיוון. די פּריוואַטע בריוו וואָס האָבן זיך אָפּגעהיט פון יענער צייט, גיבן אַ בולטע כאַראַקטעריסטיק פון יענע שטימונגען, אָן וועלכע עס איז אוממעגלעך צו פאַרשטיין די געשעענישן פון יענער תקופה.

„עס וועקט זיך ביי אונז — שרייבט דער 17־יאָריקער אַלעקסאַנדער קרויזהאַר, שפּעטער אַ באַקאַנטער פּוילישער היסטאָריקער, צו זיינעם אַ חבר יוליאַן גאָלדשמיד, אַ יונגן סטודענט אין לייפּציק —

אַ פּאַטריאָטיזם אינם ברייטסטן זין פון וואָרט, וועלכער נעמט אַרום מיט געפילן פון ליבע צום לאַנד אַלע קלאַסן און אַלע אמונות". דער 20 יאָריקער דיכטער הענריק מערצבאַך שרייבט אין אַ בריוו צו דעם זעלבן קרויזהאַרן: „איך זאָג דיר, מיר דאַרפֿן דאַנקען גאָט, וואָס מיר זיינען פּאָליאַקן, ווייל דאָס איז אַן איידל פֿאָלק".

פון קראָקע שרייבט דער ערשטער ייד־פּראָפעסאָר פון דאָרטיקן אוניווערסיטעט, ד"ר יוסף עטינגער, אין דער פראַנצויזישער צייטונג „אָפּיניאָן נאַסיאָנאַל" (24טן יאַנואַר 1861), — אַז די ראָלע פון יידן אין די וואַרשעווער דעמאָנסטראַציעס האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף די קראָקעווער יידן, און זיי גייען איבער ביסלעכווייז פון גערמאַניזם צום פּאָלאָניזם.

דער פּוילישער פּאַטריאָטיזם פון דער יידישער יוגנט איז דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה פון התלהבות, אַז אַ פּוילישער מעמואַריסט פון יענער צייט רופט אָן די יידן־פּאָליאַקן „נעאָפיטן פון דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט". דערביי גיט ער צו, אַז דער ייד־פּאָליאַק איז דער „עקסטרעמער פּאָליטישער ראַדיקאַל" און איז אין זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען אַ פּולשטענדיקער מלוכהשער מאַקסימאַליסט. בעת די פּוילישע פּריצים זיינען געווען זייער מעסיק אין זייערע פֿאָדערונגען און נישט געוואָלט הערן פון אַן אויפשטאַנד, זיינען די פּוילישע שול־יוגנט און די שטאָטישע בעלי־מלאָכות געווען די, וואָס האָבן געשפּאַרט מיט אַלע כוחות צו אַ ברייטער פּאָליטישער אַקציע. די יידישע יוגנט האָט געהאַלטן מיט זיי. דער עלערער דור יידן, די סטאָטעטשנע באַנקירן, פּאַבריקאַנטן און סוחרים, האָבן געהאַלטן מיט די פּריצים.

די חסידים זיינען געווען נייטראַל, הגם דאָ און דאָרט האָט זיך די דאָזיקע נייטראַליטעט צוזאַמענגעבראָכן לטובת מלכות, ד"ה רוסלאַנד. די גרעסערע און קלענערע סוחרים, דאָס רוב מתנגדים, זיינען געווען עקאָנאָמיש אַזוי אָפּהענגיק פון די אַסימילאַטאָרישע קרייזן, אַז זיי האָבן געמוזט מיטמאַכן דעם טאַנץ. מיטגעמאַכט האָט אויך דעם דאָזיקן ערשטן עטאַפּ פון דער פּוילישער פּאָליטישער אַקציע — דער וואַרשעווער אויבער־רב, דוב־בער מייזעלס (1798—1870). אין 1848 איז ער געווען אַ מיטגליד פון קראָקעווער סענאַט און אַ דעפּוטאַט אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט. דאָס האָט אים דערהויבן צו אַ סימבאָל פון פּוילישקייט צווישן די יידן. דער אינסטינקט פון אָפּאָרטוניזם האָט אים דיקטירט זיך צו סאָלידאַריזירן מיט דער באַוועגונג, הגם פּאָליטיש איז ער געווען זייער נישט רייף און האָט אין די מאַסגעבנדיקע פּוילישע קרייזן נישט אַרויסגערופן קיין צוטרוי. זיין נאָמען איז מער אויסגענוצט געוואָרן פאַר פּראָפּאַגאַנדע־צילן איידער ווי אַ נאָמען, וואָס רעפּרעזענטירט עפּעס. זיין פּאָליטישע טעטיקייט, וואָס איז געווען אַ נויטווענדיקייט, ווייל ער איז געווען רב פון אַ הויפּט־שטאָט, האָבן אים זיינע פריינט פון דער קהילה נישט געקענט מוחל זיין. ווען מען האָט אים אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט קיין עסטרייך, ווייל ער איז געווען אַן עסטרייכישער בירגער, האָבן חשובע וואַרשעווער יידן געדאַנקט דער צאַרישער רעגירונג, וואָס זי האָט געהאָלפן דער קהילה פּטור ווערן פון אים.

די צוויי פּוילישע פּרעדיקער: יצחק קראַמשטיק (1814—1889) און דער פּרייסישער בירגער מאַרקוס יאַסטראָוו (1829—1903) האָבן מיט גרויס ענטוזיאַזם באַגריסט די „פּויליש־יידישע פּאַרברידערונג", ווי אַ ליקווידאַציע פונם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם. בעת דער ערשטער איז געווען זייער ראַדיקאַל אין זיינע פּאָלאָניזאַטאָרישע טענדענצן, איז יאַסטראָוו געווען מער געניגט צום קאָנסערוואַטיוו־ליבעראַלן לאַגער און ער האָט גערופן די יוגנט נישט צו פאַרגעסן אַז זי איז אויך יידיש. דורכגעגאַנגען די פּרייסישע שול פון שטאַטס־לעגאַליטעט, האָט ער געקוקט אויף יידן אין קאָנגרעס־פּוילן, ווי אויף רוסישע אונטערטאַנען פון פּויליש'ער נאַציאָנאַליטעט.

די עפּנטלעכע מאַניפעסטאַציעס פאַר אָנערקענען יידן ווי גלייכע בירגער האָבן לאַנג נישט געלאָזט אויף זיך וואַרטן. די דאָזיקע אָנערקענונג איז לכתחילה געווען מער אַ מאָראַלישע, ווי אַ יורידישע, ווייל עס איז נישט געווען אין דער מאַכט פון די פּאָליאַקן צו געבן אַ יורידיש־מלוכהשע אָנערקענונג. די מאָראַלישע אָנערקענונג איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט אויף יידן אָנגעהויבן קוקן, ווי אויף מענטשן. גראַד אין יענע האָניק־חדשים האָט זיך אַרויסגעוויזן, וואָס פאַר אַ תהום עס האָט געהערשט צווישן יידן און פּאָליאַקן, אפילו צווישן די, וואָס האָבן געהערט צו דער זעלבער סאָציאַלער שיכט. אַ רוסישער גענעראַל, וואָס איז געזעסן ביי איין טיש מיט אַ יידן, איז נישט געווען אַזאַ זעלטענע דערשיינונג, ווי אַ קליינער פּריץ וואָס זאָל געזעלשאַפטלעך פאַרקערן אפילו מיט אַזעלכע פּאַטענטאַטן, ווי די עפּשטיינס, וואָס אַ טייל פון זיי זיינען שוין אפילו געווען געשמדט.

באַראַנאָווסקי, דער שפּעטער באַרימטער מעדיקער, דערציילט אין זיינע מעמואַרן וועגן 1863 — אַז איידער די פאַרברידערונג איז פאַרגעקומען, האָט זיין פּאָטער פּרינציפּיעל נישט געגעבן קיין יידן אַ האַנט, און אַ ייד איז אַלע מאָל געשטאַנען אויף אַ חשובן דיסטאַנץ, ווען ער האָט גערעדט מיט זיין פּאָטער.

דאָס פאַרגעקומענע איז געווען אַזאַ מערקווירדיקע מעטאַמאָרפאָזע, אַז אַ סך מיטצייטלער האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק צו פאַראייביקן דעם דאָזיקן פאַקט אין זייערע טאָג־ביכער, בריוו און מעמואַרן. „מיר האָבן

זיך אַלע געפילט ווי פּאַליאַקן, אָן אונטערשייד פון גלויבן, ווייל הגם די צאָל חברים־יידן (אין לובלינער גימנאַזיע) איז נישט געווען קיין גרויסע, דאָך האָבן מיר זיי און זיי זיך — געהאַלטן פאַר פּאַליאַקן" — שרייבט דער פּוילישער ליטעראַטור־היסטאָריקער וואַטשיצקי אין זיינע מעמואַרן.

„די יידן האָבן מיט אונז געשלאָסן שלום — שרייבט אין אַ בריוו צו דער משפחה די באַרימטע פּאָעטעסע נאַרציזאַ זשמיכאָווסקאַ — איך בין זיכער, אַז אין אַ צווייטן בריוו וועל איך אייך האָבן צו שרייבן וועגן דעם מער פּרטים. הלוואי וואָלט איך אייך געקענט שרייבן, אַז אויך די פּויערים האָבן פאַרגעסן אַלע עוולות — און אַז מיר אַלע האָבן ליב אונזער פאָטערלאַנד, און מיר אַלע אַרבעטן לטובת זיין באַפרייאונג".

אַן אַנדערער שרייבט אַריין אין זיין טאָג־בוך, ווי עפּעס אַ היסטאָרישע סענסאַציע, אַז „נעכטן האָט גראַף גראָכאָלסקי דערלאַנגט די האַנט יעקב נאַטאַנסאָנען", וועלכער איז געווען איינער פון די פּראָמינענטסטע טוער פון דער אַסימילאַטאָרישער באַוועגונג אין פּוילן. בעת די פּוילישע נאַציאָנאַלע רעגירונג האָט געוואָלט דעם זעלבן נאַטאַנסאָן שיקן קיין דייטשלאַנד אין אַ פּאָליטישער מיסיע, האָט ער זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט מחמת דעם, וואָס ער איז אַ ייד און מען קען אים זייער ווינציק.

אין תוך גענומען איז די „מאָראַלישע גלייכבאַרעכטיקונג" געווען נישט מער, ווי אַ פאַרשפּיל צו דער „פולער אַסימילאַציע", וואָס מען האָט פון די יידן דערוואַרט. דער פריער דערמאָנטער באַראַנאָווסקי האָט געוואָלט אָנרעדן נאַטאַנסאָנען, אַז ער זאָל אָננעמען קאַטוילישן גלויבן און אויך אַזאַ אויפן אָפּשאַפן די מחיצה צווישן זיין „קריסטלעכער קולטור" און דער פאַרמעלער יידישקייט. נאַטאַנסאָן האָט צוגעגעבן, אַז אין עצם איז זיין קולטור קריסטלעך, ווייל מיט אַלע זיינע געפילן געהערט ער דער פּוילישער געזעלשאַפט. וואָס שייך דעם פאַרשלאָג זיך צו שמדן, האָט ער זיך פאַרענטפערט, אַז אַזאַ אַקט וועט אים שטערן צו אַרבעטן צווישן יידן לטובת דער פּוילישער זאַך.

אין דער זעלבער צייט (1862) האָט אַ פּוילישער פּאָליטישער שרייבער און היסטאָריקער, פראַנציסשעק דורווינסקי, געשריבן אַז „קאַטאָליציזם איז די אמונה פון דער מערהייט פּאָליאַקן. ווער עס וויל אַז די פרייהייט פון אונזער פאָלק (lud) זאָל באמת פּראָגרעסירן, אַלץ איינס צי ער איז אַ לוטעראַנער, אַ קאַלווינער אָדער אַ ייד — מוז אָנערקענען דעם פּרימאַט פון קאַטאָליציזם פון דער פּוילישער נאַציע". אַ ייד, וואָס וויל פּאָליטיש זיין טעטיק אין פּוילן, מוז זיך שטעלן אויפן קאַטוילישן שטאַנדפּונקט.

דער קאַטוילישער שטאַנדפּונקט איז אָבער בעת די געשעענישן, וואָס האָבן געפירט מיט אַן אומפאַרמיידלעכער לאָגיק צום אויפשטאַנד פון 22טן יאַנואַר 1863, געווען נישט מער ווי אַ נאַציאָנאַלער סימבאָל. דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס די יידישע יוגנט האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון אָנטייל נעמען אין פאַרשידענע נאַציאָנאַלע פייערונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די קאַטוילישע קירכעס, — אפילו צו ראַטעווען צלמים בעת קאָזאַקן פלעגן פונאַנדערטרייבן פּראָצעסיעס. דער 17־יאָריקער מאָלער אַלעקסאַנדער סאָכאַטשעווסקי, אַ זון פון אַ שמש אין שטעטל אילאָוו (לאָוויטשער קרייז) און אַ תּלמיד פון דער ראַבינער־שול אין וואַרשע, האָט געמאָלן הייליקע בילדער פאַר די דעמאָנסטראַציעס. דער סטודענט אַלעקסאַנדער עדעלשטיין האָט זיך קונה־שם געווען, ווי דער בעסטער אָרגאַניזאַטאָר פון פּאַטריאָטישע גאָטעס־דינסטן אין די קירכעס בכלל, און אין די דערפער פאַר פּויערים בפרט. דער קאַסירער פון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, דער סטודענט האַפּפענבלום, פלעגט אַרומגיין איבער די קירכעס און זאַמלען בעת די מעסעס געלט פאַר דער באַוועגונג.

דער יידישער סטודענט לאַנדע, וואָס האָט באַצאָלט מיטן לעבן, ווען ער האָט געוואָלט ראַטעווען אַ צלם בעת אַ דעמאָנסטראַציע, וואָס איז באַפאַלן געוואָרן פון קאָזאַקן, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעגענדאַרישע געשטאַלט פון אַ נייעם „קריסטוס־זעלנער". ענלעכע פאַלן זיינען פאַררעגיסטרירט געוואָרן אין אַנדערע שטעט, צווישן זיי אפילו אין דער ליטווישער קאָוונע.

דער אָנטייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די נאַציאָנאַלע לוויות האָט זיך אָנגעהויבן דעם 2טן מערץ 1861, בעת מען האָט באַגראָבן די „פינף הרוגים", די קרבנות פון די דעמאָנסטראַציעס אין וואַרשע אין די טעג פון 25טן ביז 27טן פעברואַר 1861. אין דער דאָזיקער פייערלעכער פּראָצעסיע האָבן אָנטייל גענומען נישט נאָר „פּראָגרעסיווע" יידן, נאָר אויך אָרטאָדאָקסן. מייזעלס צוזאַמען מיט יאַסטראָווען און קראַמשטיקן האָבן רעפּרעזענטירט „דאָס פּוילישע פאָלק פון מאָזאַאישן גלויבן".

ביי דער יאָרצייט־דעמאָנסטראַציע נאָך קאָשטשושקאָ, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 15טן אָקטאָבער 1862 אין דער וואַרשעווער קאַטעדראַלע אויף אַלטשטאָט, זיינען די הויפּט־אָרדענונג־היטער געווען יידישע סטודענטן און יונגע יידן־סוחרים. ווען די סאָלדאַטן האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער קירך, האָבן זיי אַרעסטירט אַכט יידישע אָנטיילנעמער. דער רעזולטאַט פון דאָזיקן אָנפאַל איז געווען, אַז די קאַטוילישע קירך האָט עס אָנערקענט פאַר אַ פּראָפאַנאַציע און האָט געהייסן פאַרמאַכן אַלע קירכעס. ווי אַן אויסדרוק פון סאָלידאַרישקייט האָט דער ראַבי־

נאַט (דאָס הייסט הרב מייזעלס) באַפוילן צו פאַר־
מאַכן אַלע שולן און בתי־מדרשים. דאָס שליסן די
שולן האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף די
פּאָליאַקן. די רוסישע רעגירונג האָט אָנגעהויבן ענער־
גישער אַרבעטן, כדי צו דערשטיקן די וואַקסנדיקע
רעוואָלוציאָנערע אויפברויזונג. מייזלען האָט מען נאָך
אַ פּראָצעס, וואָס האָט געדויערט 4 חדשים, אַרויס־
געשיקט פון לאַנד. דאָס זעלבע האָט מען אויך געטאָן
מיטן ראַבינער יאַסטראָוו.

די באַוועגונג איז אָבער ווייטער געוואַקסן. די
יידישע יוגנטלעכע, וועלכע זיינען אַרויסגעריסן גע־
וואָרן פון די קעמפנדיקע רייען און פאַרשיקט געוואָרן
קיין סיביר אָדער איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסות,
זיינען תיכף פאַרביטן געוואָרן מיט אַ פרישן קאַדער
יונגע יידישע קעמפער. די דעמאָקראַטישע לאָזונגען
פון די פוילישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן זייער
שטעלונג צו דער יידן־פראַגע פאָרמולירט אין פּאַ־
טעטיש־געשריבענע אויפרופן אויף פויליש, העברע־
איש און יידיש, — האָבן צוגעצויגן צום פוילישן
קאַמף וואָלאָנטירן פון די יידישע האַנטווערקערישע
קרייזן. מיט דער דעמאָקראַטיזאַציע פון דער באַ־
וועגונג דעמאָקראַטיזירט זיך אויך איר יידישער טייל.
דאָס מאָל זיינען שוין נישטאָ אַזוי פיל יידן־סטודענטן,
דערפאַר אָבער מער קליינע סוחרים, געשעפט־משרתים
און אַ סך בעלי־מלאכות.

אויפן פּאָן פון דער דאָזיקער „מאָראַלישער רע־
וואָלוציע”, אין וועלכער יידיש בלוט האָט זיך פריי־
וויליק געגאָסן לטובת דער בשותפותדיקער אידיי
פון געגאַרטער פרייהייט, שפּילט זיך אָפּ די „בעל־
הבתישע רעוואָלוציע”: זי האָט זיך אויסגעדריקט
אין די פּאָסטולאַטן פונם קאָנסערוואַטיוון טייל פּוילי־
שער געזעלשאַפט, וואָס האָט געפאָדערט נישט מער
ווי אויטאָנאָמע רעכט, איינשליסנדיק אָבער רעכט פאַר
יידן אין פוילן. די דאָזיקע עלעמענטן האָבן קיין
רעוואָלוציע נישט געוואָלט, בפרט אַז זי האָט אָנ־
געהויבן אָננעמען אַ ראַדיקאַלן כאַראַקטער בכלל און
אַן אַנטי־פּריצישן בפרט. וועגן דער שטעלונג פון
דעם לאַנד־באַזיצער־קלאַס איז שוין גערעדט געוואָרן.
די קאַטוילישע קירך איז אויך געווען קעגן ווייט־גיי־
ענדיקע פאָדערונגען.

דער באַנקיר מאַטיאַס ראָזען, וואָס האָט גע־
שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער „פאַרברידערונג”־
אַרבעט און איז געווען אַ מיטגליד פון דער וואַרשע־
ווער „דעלעגאַציע” אין 1861, איז אָפן אַרויס קעגן
דער ראַדיקאַלער יוגנט. בעת עס איז צו אים געקו־
מען אַ דעלעגאַציע פון פוילישער יוגנט און געבעטן
העלפן דער באַוועגונג, האָט ער זי אפילו נישט גע־
וואָלט אויפנעמען.

די הנחות, אויף וועלכע די רוסישע רעגירונג
איז געגאַנגען, ווי אַ רעזולטאַט פון די געשעענישן
פון 27טן פעברואַר 1861, האָבן אַרויסגערופן אַ
גרויסע צופרידנקייט ביי די מער בעל־הבתישע עלע־
מענטן. עס איז קודם־כל אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ
פּראָיעקט פאַר אַ שטאָטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג,
וואָס להיפוך צו דער ביז־איצטיקער פוילישער און
צו דער רוסישער אָרדינאַציע האָט זי קיינעם נישט
באַגרענעצט אין זיינע וואַל־רעכט, הגם דער וואַל־
צענזוס איז געווען אַ הויכער. די רעזולטאַטן פון די
וואַלן אין די שטאָט־פאַרוואַלטונגען זיינען געווען זייער
צופרידנשטעלנדיקע. בעת אין 17 שטעט האָט מען
אָנגעציילט 318,672 קריסטן אויף 101,974 יידן,
האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די צאָל יידישע ראַט־
מענער איז נישט געווען אַ דריטל, ווי די פּראָפּאָר־
ציע האָט אויסגעמאַכט, נאָר אַ פערטל. קודם־כל האָט
דער אויסגאַנג פון די וואַלן באַוויזן אַ געוואַלדיקן
פּראָגרעס, וואָס די שטאָטישע יידישע באַפעלקערונג
האָט געמאַכט אין באַהערשן די לאַנד־שפּראַך און אויך
אין דעם צוטרוי, וואָס די נישט־יידן בכלל און אויף
דער פּראָווינץ בפרט האָבן אַרויסגעוויזן צו די יידישע
מוניציפּאַלע פאַרטרעטער.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן גרינדן געזעלשאַפטן
מיטן צוועק צו פאַרבעסערן דעם עקאָנאָמישן און קול־
טורעלן מעמד פון לאַנד. די „לאַנדווירטשאַפטלעכע
געזעלשאַפט”, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון גראַף
אַנדזשיי זאַמאָיסקי (1800—1874), האָט געמאַכט אַן
אויספירלעכע אויספאָרשונג וועגן דער יידישער לאַנד־
ווירטשאַפט אין פוילן, כדי פעסטצושטעלן די מעגלעכ־
קייטן פון באַזעצן מער יידן אויף לאַנד. וועגן צולאָזן
יעדן איינציקן, וואָס וויל ווערן אַ מיטגליד, האָט די
מערהייט פון דער געזעלשאַפט נישט געוואָלט הערן.
נאָר יחידי־סגולה, ווי מיקאָלאַי עפּשטיין פון דער וואַר־
שעווער באַנקירן־משפחה, זיינען צוגעלאָזט געוואָרן.
עפּשטיין האָט זיי דערפאַר באַדאַנקט מיט אַ פּויליש
ליד. שפּעטער איז ער אַרויס קעגן דעם אַריסטאָ־
קראַטישן כאַראַקטער פון דער געזעלשאַפט, האָט זיך
באַטייליקט אין אויפשטאַנד און דערפאַר פאַרשיקט
געוואָרן אויף קאַטאָרגע.

די יידישע כלל־טוער האָבן געוואָלט גרינדן אַ
געזעלשאַפט, וואָס זאָל זיך שטעלן פאַר אַ ציל אי־
בערצובויען דאָס לעבן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן
אויף מער פּראָדוקטיווע יסודות. די „לאַנדווירטשאַפט־
לעכע געזעלשאַפט” איז אָבער געווען קעגן דעם. נישט
וועלנדיק ראַדיקאַל לייזן די פּויערים־פראַגע, האָבן
די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט געהאָפט, אַז
דורך שאַפן אַ פוילישן האַנדל־קלאַס, וועט איר גע־
לונגען אַ טייל פּויערים פאַרקערעווען אין דער ריכ־
טונג פון מסחר און אַזוי אַרום ראַטעווען די אייגענע
נחלות פון פאַרצעלאַציע. די דאָזיקע ריכטונג האָט
געהאַט אַ סך אָנהענגער נישט נאָר אין פוילן, נאָר
אויך אויף דער עמיגראַציע. דער געדאַנק וועגן פאַר־

פּוילישן דאָס עקאָנאָמישע לעבן אין לאַנד איז פון מאַטיאַס ראָזען, קראָנענבערג און אַנדערע פאַרטרעטער פון דער פּלוטאָקראַטיע, פאַרשטאַנען געוואָרן אין געאָגראַפישן זין, בעת אייניקע פון די פּוילישע אָנהענגער פון דאָזיקן געדאַנק האָבן עס אינטערפּרעטירט אין אַן ענגען רעליגיעז־נאַציאָנאַלן זין.

צו דער גרויסער מאַסע יידן, ווי צו אַ פּאָטענציעלן רעזערוואואַר פאַרן פּוילישן מיטלשטאַנד, האָבן זיך אפילו די כלומרשטע פאַרטרעטער פון יידן באַצויגן מיט גרויס סקעפּטיציזם. אין דעם פּרט איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש אַ בריוו, וואָס לעאָפּאָלד קראָנענבערג האָט געשריבן צו קראַשעווסקין דעם 18טן יאַנואַר 1860. „מיטן אויסנאַם פון עטלעכע צענדליק אויפגעקלערטע יידן — שרייבט ער — קען דאָס רעשט נאָר באַטראַכט ווערן ווי מאָראַלישע מיסט. הגם די יידן־פראַגע שטייט ביי אונז נישט אויבן־אָן און עס זיינען פאַראַן אַנדערע, אַ סך וויכטיקערע ענינים, דאָך וועט זיך דער גורל פון דאָזיקן אומגליקלעכן שבט נישט לאָזן פאַרבעסערן דורך מינדלעכע אָדער שריפטלעכע וויכוחים. כדי צו ברענגען די יידן אויפן וועג פון טוגנד און אָנשטענדיקייט, פאָדערט זיך אַ באַלדיקע, ענערגישע און טרעפלעכע הילף פון דער מאַכט".

געשריבן זיינען געווען די דאָזיקע ווערטער ערב דער „מאָראַלישער רעוואָלוציע", וואָס האָט אַרומגענומען אויך די יידן.

די יידישע אויפקלערער האָבן זיך מאָביליזירט טאַקע צו דעם „שריפטלעכן וויכוח", פון וועלכן קראָנענבערג האָט נישט געהאַלטן און געגרינדעט אַ צייטשריפט א. נ. „יוטשענקאַ". וואָס איר רעדאַקציע איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם זייער מעסיקן משכיל, דעם געוועזענעם לערער דניאל נייפעלד (1814—1874).

חוץ ריין־אַפּאָלאָגעטישע צילן, וואָס זיינען טראָץ דער „יידיש־פּוילישער פאַרברידערונג" נאָך אַלץ געווען אַ נויטווענדיקייט, האָט די „יוטשענקאַ", זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו זיין „קאָנסערוואַטיוו אין ריין־רעליגיעזע ענינים און „פּראָגרעסיוו" אין סאָציאַלע פראַגן. דער פּראָגראַם פונם דאָזיקן וואָכנבלאַט איז געווען: בהדרגהדיק „ציוויליזירן" די יידן, באַקעמפן די ראַדיקאַלע רעפאָרם־טענדענצן אין ענינים פון אמונה, — אַזוי ווייט, אַז זי האָט חסידות נישט קריטיקירט און אָפט מאָל אפילו געלויבט. חוץ דעם האָט די צייטונג גערופן די יידן זיך צו פּראָדוקטיוויזירן.

די גרעסטע האָפענונג פון די יידן, אָן אונטערשייד פון פּאָליטישער אָריענטאַציע, איז געווען דער מאַרקגראַף אַלעקסאַנדער ווייעלאָפּאָלסקי, אַ קאָנסערוואַטיווער פּאָליטיקער, אַ מאַגנאַט, וואָס האָט געוואָלט זען פּוילן מער אייראָפּעאיזירט און קודם־כל עקאָנאָמיש מער אַנטוויקלט. פּונקט ווי דער פירשט לובעצקי, אין דער צייט פון זעלבשטענדיקן קיניגרייך פּוילן, האָט אויך ווייעלאָפּאָלסקי געהאַט אַ רוסישע אָריענטאַציע און געהאַלטן, אַז דער עבר פון פּוילן איז אַן אָפּגעשלאָסן קאַפּיטל אין דער געשיכטע און אַז די ווירקלעכקייט פאָדערט אַ נייע אָריענטאַציע, וואָס דאַרף קודם־כל זיין אַנטי־דייטשיש. דערפון נעמען זיך די שטאַרקע, אָפּטמאָל זייער מיסטישע, ממש פּאַנסלאַוויסטישע טענער אין דער, אין אַלגעמיין זייער ניכטערער פּאָליטישער שפּראַך פונם „לעצטן גרויסן פּוילישן מאַגנאַט". אויף יידן האָט ער אויך געקוקט ווי אַ מאַגנאַט, וואָס האָט די דעה צו האַנדלען און נישט אָנפרעגן זיך ביי די, וועמענס גורל ער וויל באַשטימען.

ווייעלאָפּאָלסקי האָט געוואָלט מאַכן פון דער יידישער באַפעלקערונג אַ „דריטן שטאַנד" ד"ה אַ שטאָטישן עלעמענט, וואָס וועט זיך מיט דער צייט אַמאַלגאַמירן מיט דער פּוילישער קולטור. געקומען איז ער צום דאָזיקן געדאַנק, ווי ער דערציילט אַליין, אַדאַנק זיין רייזע קיין פּעטערבורג. דאָרטן האָט ער געהערט די פאָרמולירונג פונם רוסישן קריגס־מיניסטער גראַף מילוטין, אַז קיניגרייך פּוילן איז אייגנטלעך אַ לאַנד, וואָס איז באַוואוינט פון דריי פעלקער: פּאָליאַקן, דייטשן און יידן, און עס איז דערפאַר אין די אינטערעסן פון רוסלאַנד אַז דייטשן און יידן זאָלן באַטראַכט ווערן ווי „אַנדערע תושבים־שבטים" און מען זאָל די דאָזיקע צוויי פעלקער באַשיצן קעגן דער פּאָלאָניזאַציע. דעם דייטשישן עלעמענט האָט ווייעלאָפּאָלסקי געהאַלטן פאַר אַ סך אַ טיכטיקערן ווי די יידן און אויך מער צוגעפּאַסט פאַר דער מיסיע צו ווערן אַ „דריטער שטאַנד". ער האָט אָבער נישט געטרויט די דייטשן. און אין ליכט פון דער פּרייסישער פּאָליטיק אין פּויזן האָט ער געהאַלטן: די דייטשן קענען גיכער דערוואַרטן, אַז די רוסן זאָלן זיי העלפן גערמאַניזירן פּוילן, איידער פּוילן קען דערוואַרטן אַז די דייטשן וועלן זיך לאָזן פּאָלאָניזירן.

וועגן יידן האָט ווייעלאָפּאָלסקי געשריבן: אויב מען וועט זיי געבן „אַ באַדייטנדיקע צאָל פּריווילעגיעס", וועלן זיי זיך פילן פאַרבונדן מיטן לאַנד און „אָננעמען זיין שפּראַך און מנהגים". די „פּויליש־יידישע פאַרברידערונג" האָט אים איבערצייגט, אַז יידן וועלן זיך לאָזן פּאָלאָניזירן און מען וועט קענען פון זיי מאַכן אַ פּוילישן שטאָטישן קלאַס. ער האָט אויך געוואוסט (אַזוי האָבן אים פאַרזיכערט די פּני פון דער יידישער פּלוטאָקראַטיע און די מעסיקע משכילים), אַז די ראַדיקאַליזאַציע פון יידן איז אַן אויבערפלעכלעכע און רירט נישט אָן דעם רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די רוסישע רעגירונג האָט קודם־כל באַשטימט ווייעלאָפּאָלסקין פאַרן דירעקטאָר פון בילדונגס־דעפּאַרטמענט אין פּוילן. דאָס איז געווען אַן אמת, וואָס

איז געווען צוגעפּאַסט פאַר אים. וויעלאָפּאָלסקי האָט געהאַלטן, אַז אַן אייגן שול־וועזן איז דער רוקנביין פון נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. פאַר די וויכטיקסטע רעפאָרמען, וואָס זיינען לויט זיין מיינונג געווען דרינגנדיק, האָט ער געהאַלטן: די אַגראַר־פראַגע, דערציאונג, פרייהייט פון פרעסע און די יידן־פראַגע.

אין אַ רעדע וואָס ער האָט געהאַלטן צו אַ יידישער דעלעגאַציע, וועלכע איז אים געקומען צו באַגריסן, האָט וויעלאָפּאָלסקי זיך אויסגעדריקט: ווי וויכטיק ערד־אַרבעט זאָל נישט זיין, דאַרף פּוילן אייגנטלעך מער קיין ערד־אַרבעטער נישט האָבן, ווייל זי האָט זיי שוין אַזוי אויך צופיל; פּוילן נויטיקט זיך אין אַ געזונטן האַנדלס־קלאַס, און דאָס, האָט ער געזאָגט צו די יידן, איז „אייער סאָציאַלע אויפגאַבע”.

ער האָט אויפגעפאָדערט דעם פּרעדיקער קראַמשטיק צוצושטעלן אַ מעמאָראַנדום מכוח בילדונג פאַר דער יידישער יוגנט. אין פּעדאַגאָגישן ראַט האָט ער איינגעלאַדן הרב מייזלס, וואָס האָט שוין אין 1858 איינגעפירט דעם לימוד פון פּויליש אין די וואַרשעווער תלמוד־תורהס. די ראַבינער־שול האָט ער באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען אין אַ לערער־סעמינאַר.

גראַדועל איז וויעלאָפּאָלסקי געקומען צו זיין פּראָיעקט פון יידישער עמאַנסיפּאַציע. קודם־כל האָט ער פאָרגעשלאָגן, מען זאָל אָפּשאַפן די יידישע רעווירן און דערלויבן יידן וואוינען אומעטום און אומבאַגרענעצט. מען דאַרף אָפּשאַפן די יידישע שבועה אין געריכט. אין געשעפט דאַרפן יידן זיך באַנוצן נאָר מיט דער פּוילישער שפּראַך, און דערפאַר זאָלן דאָקומענטן געשריבן אין העברעאיש און יידיש יורידיש נישט אָנערקענט ווערן. יידן דאַרפן צוגעלאָזט ווערן צו אַלע מלוכה־אַמטן. די פליכט פון מיליטער־דינסט איז מחייב די יידן, אַזוי גוט ווי די ניט־יידן. די ספּעציעלע יידישע שטייערן, ווי כשר־פלייש־שטייער און דער „טאָג־צעטל” זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן. אויך אַלע באַגרענעצונגען פאַר יידן אין האַנדל און אינדוסטריע דאַרפן אָפּגעשאַפט ווערן.

לויטן מוסטער פון מערב־אייראָפּע שלאָגט וויעלאָפּאָלסקי פאָר, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַ קאָנסיסטאָריע און אַז דאָס קהילה־לעבן זאָל דערפירט ווערן צו אַזאַ מינימום, וואָס איז נויטיק פאַר רעליגיעזע הצטרכותן.

די געשעענישן אין פּוילן האָבן אָבער נישט דערלויבט תיכף דורכפירן דעם דאָזיקן פּראָיעקט. וויעלאָפּאָלסקי איז געווען געצוואונגען צו רעזיגנירן פון זיין פּאָסטן. און ווען דער גרויס־פירשט קאָנסטאַנטין איז באַשטימט געוואָרן פאַרן נאַמיעסטניק פון פּוילן, האָט ער אייגנטלעך פּרובירט פאָרזעצן וויעלאָפּאָלסקיס פּראָגראַם.

וויעלאָפּאָלסקי איז אָבער באַלד צוריקגערופן געוואָרן קיין פּוילן, ווי דער פירער פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג פון לאַנד. אינם ניי־קאָנסטיטואירטן וואַרשעווער סענאַט האָט מען אָנגעהויבן צו באַטראַכטן די וויכטיקע רעפאָרם־פּראָיעקטן, צווישן זיי אויך דעם פּראָיעקט וועגן יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע, אין וועלכער דער פאַרטרעטער פון די דייטשן האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן גלייכע רעכט פאַר יידן, איז דעם מאַרקגראַפס פּראָיעקט אָנגענומען געוואָרן מיט עטלעכע קליינע ענדערונגען.

דעם 5טן יוני, 1862, איז דער געזעץ וועגן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן אָפיציעל פּראָקלאַמירט געוואָרן. עס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן די יידישע רעווירן און עס איז דערלויבט געוואָרן יידן צו קויפן גיטער. פּרינציפּיעל זיינען יידן אָנערקענט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין דער פּוילישער געשיכטע, ווי גלייכע בירגער. איצט איז געקומען דער צווייטער טייל: פאַרוואַנדלען דעם אות פון געזעץ אין לעבן. דעם 31טן מאַי, 1862, האָט מען אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, אַז יידן מעגן האָבן אַפּטייקן און זיין פעלדשערס. עס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן אַלע מניעות אָנצושליסן זיך אין די צעכן. דעם 1טן יאַנואַר, 1863, איז געזעצלעך בטל געוואָרן דער כשר־פלייש־שטייער און צוויי טעג שפּעטער איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער „טאָג־צעטל”.

דעם 18טן יאַנואַר, 1863, איז שוין געווען פאַרטיק דער געזעץ־פּראָיעקט פון אַ יידישער קאָנסיסטאָריע, וואָס האָט געזאָלט ביסלעכווייז „ציוויליזירן” די יידן פון לאַנד דורך שולן, מאָדערנע ראַבינערס און מעסיקע רעליגיעזע רעפאָרמען.

פון די אַלע גזירות, וואָס זיינען תיכף אָפּגעשאַפט געוואָרן און האָבן אַרויסגערופן גרויס פרייד ביי די יידישע פאָלקס־מאַסן, איז דער „כשר־פלייש־שטייער” געווען בלי ספק דער סאַמע וויכטיקסטער. דער דאָזיקער שטייער האָט זיך געלייגט ווי אַ שווערע משא אויף די יידן, מאַכנדיק אין דער זעלבער צייט רייך אַ גרופּע יידן. נאָך אין יאָר 1846, בעת מאָנטעפיאָרע האָט באַזוכט די רוסישע אימפּעריע, האָט ער געבעטן אָפּצושאַפן דעם דאָזיקן שטייער. דער פּוילישער שטאַטס־סעקרעטאַר טורקול האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף די יידן באַפרייען פון דעם שטייער „אויב די מיטלען פון מלוכה־אוצר קענען דאָס דערלויבן”; אויב ניט, דאַרף מען לכל הפחות אַ טייל פון דעם שטייער באַשטימען לטובת דער יידישער באַפעלקערונג. עס איז אָבער געבליבן ביים אַלטן. אין יאָר 1856 האָט דער וואַרשעווער באַנקיר מאַטיאַס ראָזען זיך געווענדט צום נייעם צאַר און געבעטן, אַז אַ טייל פון דער הכנסה פון כשר־פלייש־שטייער זאָל גיין אויף יידישע הצטרכותן. די פּוילישע באַאַמטע זיינען געווען קעגן דעם ווייל אַזאַ וואָגיקע סומע, ווי 350,000 רובל, האָט מען נישט געקענט דעקן פון אַנדערע הכנסות. אַ יאָר שפּעטער האָט די וואַרשעווער קהילה,

בעטנדיק אָפצושאַפן אַ ריי גזירות, קודם־כל אונטערגעשטראָכן די נויטווענדיקייט אָפצושאַפן דעם דאָזיקן קאָנסום־שטייער. דער פעטערבורגער יידן־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן, אַז אָנהויבנדיק מיטן יאָר 1861 זאָל דער שטייער בטל ווערן. אָבער טימאָווסקי, דער נייער פוילישער שטאַטס־סעקרעטאַר, איז אַרויס נישט נאָר קעגן דעם מען זאָל אָפשאַפן דעם שטייער, נאָר אויך קעגן דעם, אַז אַ טייל פון דער הכנסה זאָל גיין לטובת די יידן.

דער פאַקט גופא וואָס וויעלאָפאָלסקי האָט נישט אָפגעשאַפט דעם שטייער תיכף, נאָר כמעט אַ יאָר נאָך דעם, ווי די גרונט־פרינציפן פון דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג זיינען פאָרמולירט געוואָרן, באַווייזט אַז דער ענין איז בודזשעטאַריש געווען אַ קאָמפליצירטער. אָבער דאָס אָפשאַפן דעם שטייער האָט נאָך נישט געמיינט, אַז די וואַרשעווער קהילה האָט נישט געהאַט קיין רעכט ווייטער אַרויפצולייגן דעם זעלבן שטייער. מען האָט דער קהילה אין וואַרשע דערלויבט, אמת, נאָר צייטווייליק, צו נעמען שטייער פון עופות, געשאָכטן אין אַ שחיטה־הויז. די יידישע מאַסע האָט אָבער נישט געוואָלט אָנערקענען אויך דעם שטייער. בעתן אויפשטאַנד (1863) האָט די יידישע מאַסע געמאַכט אַ „יידישע רעוואָלוציע”: זי האָט פאַרטריבן די שטייער־קאָלעקטאָרס, פאַרניכטעט די אָפיציעלע ליסטעס אַזוי אַז פאַקטיש האָט דער עופות־שטייער עקזיסטירט איין מעת־לעת. כדי אָבער צו דעקן דעם דעפיציט, האָט מען דער קהילה דערלויבט צו נעמען אַ ספעציעלן אָפצאָל פון געבורטס־אַקטן, חתונות, בריתן א״אַ. דאָס האָט אויך אַרויסגערופן פראָטעסטן, און דער רעזולטאַט איז געווען אַז מען האָט איינגעפירט אַ „דאָזאָר־שטייער”, טאַקסירט לויטן פאַרמעגן פון די צאָלערס. פאַקטיש איז דער כשר־שטייער נישט אָפגעשאַפט געוואָרן. ער האָט עקזיסטירט אומאָפיציעל, און דער קאַמף איז אָנגעגאַנגען ביזן יאָר 1871.

עס איז דערפאַר נישט קיין וואונדער, וואָס די וואַרשעווער אָרטאָדאָקסן זיינען נישט געווען צופרידן מיט וויעלאָפאָלסקיס אָפשאַפן דעם כשר־פלייש־שטייער. די אַנדערע רעפאָרמען זיינען אין די אויגן פון דער אָרטאָדאָקסיע געווען סתם געפערלעך, ווייל זיי האָבן באַדראָט דעם רעליגיעזן לעבן פון די יידן.

די „אויפגעקלערטע” יידן זיינען אָבער געווען זייער צופרידן מיטן אַקט פון עמאַנסיפאַציע: איצט האָבן זיי באַקומען אַלע רעכט, וואָס וועלן, ווי וויעלאָפאָלסקי האָט געהאָפט, מאַכן די יידן אויב ניט קעגנעריש איז לכל הפחות אומפריינטלעך צו דער באַוועגונג פון די „רויטע”, וועלכע ער האָט אַזוי ליידנשאַפטלעך באַקעמפט. די יידישע בורזשואַזיע האָט געהאַלטן מיט וויעלאָפאָלסקין; די יידישע ראַדיקאַלע יוגנט האָט זיך סאָלידאַריזירט מיט די, וואָס האָבן באַקעמפט וויעלאָפאָלסקין, ווי דעם ליקווידאַטאָר פון די פוילישע מלוכהשע אַספיראַציעס. די „רויטע” האָבן געהאַלטן, אַז דער גאַנצער אַקט פון עמאַנסיפאַציע איז אַ „שווינדל פון אָנהויב ביזן סוף” און אַז איר ציל איז אָפצוציען די יידן פון דער רעוואָלוציע. אַזוי לאַנג ווי פוילן וועט בלייבן אַ טייל פון רוסלאַנד, קען די יידישע עמאַנסיפאַציע נישט האָבן קיין האַפט, ווייל איינס פון די ביידע: אָדער די יידן אין רוסלאַנד וועלן אויך באַקומען בירגעררעכט, וואָס איז געווען אויסגעשלאָסן; אפילו רוסישע רעוואָלוציאָנער געשטימטע אינטעליגענטן האָבן געשריבן, אַז ווי יושרדיק עס זאָל ניט זיין דער פרינציפ פון גלייכע רעכט, האָט אָבער פוילן צופיל יידן; עס איז דאָ אַ געפאַר — האָט געשריבן איינער פון זיי — אַז יידן פון אַנדערע לענדער, וואו זיי האָבן נישט קיין רעכט, וועלן פאַרפלייצן פוילן. אויב ווידער פוילן בלייבט ווייטער ביי רוסלאַנד, ווי ברייט איר אויטאָנאָמיע זאָל נישט זיין, וועט רוסלאַנד נישט דערלאָזן, אַז אַ טייל פון אירע בירגער זאָל האָבן רעכט, וועלכע אַן אַנדער טייל פון זעלבן גלויבן האָט ניט. וועט זי ממילא מוזן ליקווידירן וויעלאָפאָלסקיס אַקט פון גלייכע רעכט פאַר יידן.

די פויליש־יידישע פאָליטישע עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין אויסלאַנד, האָבן אַפעלירט צו זייערע „אמונה־ברידער”, אַז זיי זאָלן נישט וואַגן צו אַקצעפטירן וויעלאָפאָלסקיס „פאָליטישע מתנה”.

די געהיימע פוילישע נאַציאָנאַלע רעגירונג האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות אָנהאַלטן די הויכע רעוואָלוציאָנערע טעמפעראַטור אין לאַנד. דאָס האָט זיך איר איינגעגעבן נאָר אין אַ קליינער מאָס. וויעלאָפאָלסקי האָט געהאַט אויף זיין צד כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. אויך די מערב־אייראָפעאישע יידן האָבן אים געשטיצט. פיליפסאָן אין דייטשלאַנד, קרעמיע אין פראַנקרייך, גאָלדשמידט אין ענגלאַנד האָבן געלויבט דעם מאַרקגראַפס רעאַליסטישע פאָליטיק, און געפאָדערט אַז די יידן זאָלן אים שטיצן. די היימישע וואָרט־פירערס, ווי קראַמשטיק, יאַסטראָוו און אפילו הרב מייזלס האָבן זיך נישט סאָלידאַריזירט מיט דער רעוואָלוציאָנערער אָנפירערשאַפט און האָבן געשטיצט וויעלאָפאָלסקין.

קראָנענבערג, וואָס האָט נישט געוואָלט זיך אַנגאַזשירן אינעם קאַמף פון די צוויי צדדים, איז פרייוויליק אַוועק אין „גלות” קיין אויסלאַנד. ער האָט געוואוסט, אַז דער אויפשטאַנד איז אומפאַרמיידלעך, און דערפאַר האָט ער זיך באַצייטנס אָפגעטראָגן.

דער אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן דעם 22טן יאַנואַר, 1863. די הויפט־סיבה פאַרן אויסברוך פון אויפשטאַנד, וועלכער איז געווען געפלאַנט פאַר אַ שפעטערדיקער דאַטע, איז געווען דער אומדערוואַרטעטער באַפעל צו רעקרוטירן די יוגנט. דער דאָזיקער

פּרעווענטיוו־מיטל קעגן אויפשטאַנד איז געווען רעקאָ־מענדירט פון וויעלאָפּאָלסקין גופא.

דער אויפשטאַנד האָט שטאַרק אויפגעלעבט דעם רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס ביי אַ טייל יידישער יוגנט. אין פאַרגלייך מיטן אָנטייל אין די פּאָליטישע געשע־ענישן פון די יאָרן 1861—1862, איז דער יידישער אַקטיוו אין אויפשטאַנד גופא געווען לפי־ערך קלענער. „די יידן זיינען אויפן צד פון די אויפשטענדלער — האָט געשריבן די קראָקעווער צייטונג „טשאַס" (1863, נומער 161) — ווייל מען האָט זיי געוואָלט נעמען אין דער רוסישער אַרמיי, און דאָס האָבן זיי געוואָלט אויסמיידן".

זיכער איז דאָס גיין אין די „פוילישע וועלדער" נישט געווען קיין תרופה אויף נישט־גענומען ווערן פאַר סאָלדאַטן.

פונקט, ווי אַ סך „ווייסע" פּאָליאַקן ד"ה קעגנער פון אויפשטאַנד, האָבן געביטן זייער שטעלונג, ווען דער קאַמף איז אויסגעבראָכן, אַזוי האָבן אויך אַ סך יידן, וואָס האָבן געהאַלטן פריער מיט די „ווייסע", אין מאָמענט פון אויפשטאַנד געביטן זייער מיינונג. לפנים וועגן האָט דער עלטערער דור „אויפגעקלערטע" יידן געטאַדלט די, וואָס זיינען געווען פאַראַנטוואָרט־לעך פאַרן אויסברוך פון אויפשטאַנד. פאַקטיש האָבן זיי זייער אַ סך געהאָלפן, ניט נאָר מאָראַליש, נאָר אויך פינאַנציעל. די קינדער פון די רייכע יידן, ווי קענער פון אַ סך שפּראַכן, האָבן זיך געשטעלט בראש פון דער פוילישער פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין וועלכע האָט גע־מוזט שווער אַרבעטן, כדי צו געווינען די מאָראַלישע סאַנקציע אין מערב־אייראָפּעאישע קרייזן. עס האָט זיך געהאַנדלט נישט נאָר וועגן פּראָפּאַגאַנדע, נאָר אויך וועגן איינפלוס אין די דיפּלאָמאַטישע קרייזן, וואָס מען האָט געהאָפט צו קריגן דורך דער פאַרמיטלונג פון יידישע פינאַנץ־פּאָטענטאַטן.

אין אַלגעמיין האָט דער אויפשטאַנד פון 1863 געטראָגן אַ מער דעמאָקראַטישן כאַראַקטער, ווי די אַלע פריערדיקע אויפשטאַנדן און רעוואָלוציעס. ער האָט צוגעצויגן פרייוויליקע פון אַלע לענדער. איטאַ־ליענער, אונגאַרן, טאָטערן, דייטשן, פראַנצויזן און אפילו רוסן האָבן געקעמפט צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן אין די וועלדער פון פוילן פאַר דער פרייהייט פון לאַנד.

וואָס מער דער אויפשטאַנד האָט זיך פונאַנדער־געוויקלט, אַלץ טיפער איז געוואָרן זיין סאָציאַלער אינהאַלט.

די פאַרמעגלעכע פריצים זיינען אָבער צום אויפ־שטאַנד נישט צוגעשטאַנען. בכלל איז דער פוילישער גוטבאַזיצער געווען ווי פאַרגליווערט צוליב דער דע־ליקאַטער סיטואַציע אין וועלכער די געשעענישן האָבן אים אַוועקגעשטעלט. די רוסישע מאַכט האָט געהאַלטן איבער דעם פוילישן פריץ דעם דאַמאָקלעס־שווערד פון דער דראָאונג צו באַפרייען די פויערים פון פּאַנ־שטשיזנע, אויב יענער וועט העלפן דעם אויפשטאַנד. די נאַציאָנאַלע פוילישע רעגירונג האָט גערופן דעם פויער זיך אָנצושליסן אין די קעמפערישע רייען, און דערפאַר וועט ער באַלוינט ווערן מיט ערד אויפן חשבון פון די פריצים. דער פויער האָט אָבער ניט געוואָלט זיך צוהערן צו די הבטחות, אַ פשיטא נאָך ווען ער האָט געוואוסט אַז רוסלאַנד גרייט צו אַן אַגראַר־רעפאָרם, און אין זיג פון אויפשטאַנד האָט ער קיין אמונה נישט געהאַט. דער רעזולטאַט איז געווען אַז דאָס פויערטום איז געבליבן אין אַ זייט פון דעם קאַמף, — וואָס איז, בלי ספק, געווען דער טראַגיש־סטער מאָמענט פון אויפשטאַנד.

עס איז שווער פעסטצושטעלן די צאָל יידן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין אויפשטאַנד, ווי אויך די צאָל פון די וואָס האָבן באַצאָלט מיטן לעבן אָדער מיט קאַטאָרגע פאַר זייער אָנטייל אין קאַמף. לויט די גאָר קאָנסערוואַטיווע ציפערן האָבן זיך אין אויפ־שטאַנד באַטייליקט, ווי אַקטיווע קעמפערס, איבער 1,000 יידן, ניט רעכנענדיק די סימפּאַטיקער, וואָס האָבן געטאָן פאַרשידענע הילפס־אַרבעטן, ווי פינאַנ־סירן דעם אויפשטאַנד, פאַרשפּרייטן פּראָפּאַגאַנדע אאַז"וו. די רשימה יידן — געהרגעטע, פאַרוואונדעטע און פאַרמשפטע — נעמט אַרום איבער 400 (אין אַלגעמיין האָט זיך אין אויפשטאַנד באַטייליקט אַן ערך 25,000 מאַן). באַזונדער גרויס איז געווען די צאָל יידן־אָפיצירן, צווישן זיי איניקע פון העכערן ראַנג, וועלכע האָבן געדינט אין דער עסטרייכישער אַרמיי און זיינען אין געהיים צוגעשטאַנען צו די אויפשטענד־לער. באַדייטנדיק איז אויך געווען די צאָל אַרבעטער, וואָס האָבן געקעמפט אין 1863. אין לאָדזש, למשל, האָבן אַ סך יידישע און דייטשע אַרבעטער געקעמפט צוזאַמען מיט די פוילישע אַרבעטער.

וואָס האָט גורם געווען דעם אַזוי באַדייטנדיקן אָנטייל פון יידן אין אויפשטאַנד פון 1863 ?

אַ בן־דור שרייבט עס צו דעם דעמאָקראַטישן כאַראַקטער פון אויפשטאַנד און אויך דעם פאַקט, וואָס אין דער טעאָריע האָבן די „רויטע" פאַרטיידיקט די רעכט פון יידן אויף אַ פולער עמאַנסיפּאַציע, אַ סך פריער ווי וויעלאָפּאָלסקי.

דער אויפשטאַנד האָט אָבער נישט געקענט גע־ווינען די יידישע בורזשואַזיע און דעם יידישן מיטל־שטאַנד, וועלכע האָבן נישט געקענט תופס זיין דעם פּאָליטישן פּראָגראַם פון די „רויטע". פונקט ווי די פוילישע בורזשואַזיע, האָבן די דאָזיקע שיכטן גע־קוקט אויף קאָנגרעס־פוילן ווי אויף אַ טייל פון דער רוסישער אימפּעריע, און ווי אויפן בעסטן אָפּזאַץ־מאַרק פאַר די פּראָדוקטן פון דער פוילישער אינדוסטריע.

במשך פון 1863 און אַ טייל 1864, ווען די שלאַכטן זיינען אָנגעגאַנגען, האָט — מיטן אויסנאַם פון עטלעכע גרעסערע שטעט — דאָס לעבן בכלל, און

דאָס יידישע לעבן בפרט, שטאַרק געליטן: די יידן האָבן געליטן פון ביידע צדדים — פונם פּוילישן צד, ווייל דער יידישער אָנטייל איז נישט געווען גענוג מאַניפעסטירט; פונם רוסישן צד, ווייל דער אָנטייל לטובת פּוילן איז געווען צו... גרויס. עס האָט זיך פאַרשפּרייט די מאַניע פון באַשולדיקן אין שפּיאָנאַזש, — אַ טראַגישע באַגלייט־דערשיינונג פון אַלע מלחמות. יידן זיינען געפאַלן קרבנות פון האַסטיקע קריגס־געריכטן, פּוילישע אַזוי גוט ווי רוסישע.

די יידישע פאָלקס־מאַסע האָט אָבער געהאַלטן מיט די אויפשטענדלער. אויף דעם זאָגן עדות די יידישע פאָלקס־לידער, די מעשיות און די מסורות, וואָס דאָס פאָלק האָט געזונגען און דערציילט. זיי טראָגן אַלע אַן אַנטי־רוסישן כאַראַקטער. די שנאה צו רוסלאַנד איז געווען מאָטיווירט מיט דעם, וואָס רוסלאַנד האָט מאָביליזירט פאַר איר אַרמיי אַ סך יידן, צווישן זיי אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט ווייבער און קינדער. חוץ דעם פלעגן רוסישע מיליטער־אָפּטיילונגען אַרויפלייגן גרויסע קאָנטריבוציעס, וואָס זיינען געווען אַ סך שווערער, און מיט מער גרויזאַמקייט איינגעמאָנט, איידער די קאָנטריבוציעס, וואָס די דעלעגאַטן פון פּוילישן „זשאנד נאַראָדאָווי" פלעגן אויפמאָנען פון יידן־יחידים און פון יידישע קהילות.

אין לעבן פון קאָנגרעס־פּוילן בכלל און אין לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג בפרט איז דער אויפשטאַנד פון 1863 געווען איינע פון די גרעסטע געשעענישן. די קאָנסעקווענצן פון די דאָזיקע געשעענישן האָבן זיך געלאָזט פילן במשך פון אַ לאַנגער צייט און האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער ווייטערדיקער עוואָלוציע פון די פּויליש־יידישע באַציאונגען.

## 3. צווישן אויפשטאַנד פון 1863 און דעם וואַרשעווער פּאָגראָם (1881—1863)

די ליקווידאַציע פונם פּוילישן אויפשטאַנד האָט אַוועקגעשטעלט דאָס לאַנד פאַר אַ דילעמע: פון דער דרויסנדיקער הילף, אויף וועלכער מען האָט שטאַרק געהאָפט, האָט גאָרנישט זיך אויסגעלאָזט; פון דער צווייטער זייט איז די פיזישע מפּלה פון דער פּוילישער נאַציאָנאַלער אידייע געווען אין דער זעלבער צייט דער גרעסטער מאָראַלישער נצחון פאַר פּוילן. די ליקווידאַציע פון אויפשטאַנד אין קאָנגרעס־פּוילן און אירע קאָנסעקווענצן זיינען טאַקע געווען אַ סך מילדער, ווי מען האָט געקענט דערוואַרטן.

דעם פּוילישן כאַראַקטער פון לאַנד האָט רוסלאַנד אָפיציעל קיינמאָל נישט אָפּגעלייקנט. זי האָט אָבער געוואָלט מאַכן אַ סוף פון דעם פּאָליטישן סילאָגיזם, אַז פּוילישקייט איז אידענטיש מיט אַנטי־רוסישקייט.

דעם 12טן סעפּטעמבער, 1863, האָט ווייעלאָפּאָלסקי באַקומען דימיסיע. מיט פיר טעג פאַר דעם האָט דעם קייזערס ברודער קאָנסטאַנטין, דער „נאַמיעסטניק" פון פּוילן, פאַרלאָזן וואַרשע. אין דעצעמבער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן שיטן אונטערטעניקע אַדרעסן, אונטערגעשריבן נישט נאָר פון „ווייסע" פּריצים, נאָר אויך פון „ראָזאָווע" מיעשטשאַנעס און פאַרעווע יידן.

אין תוך גענומען, איז די פּראָ־רוסישע אָריענטאַציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען מיט אַזאַ אימפּעט, געווען נישט מער ווי אַ קאָלעקטיווע אינטענסיפיקאַציע פון דער פּראָ־רוסישער איינשטעלונג, וועלכע האָט כאַראַקטעריזירט דעם פּוילישן פּאָליטישן געדאַנק זינט פירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי. די מורא פאַר דער פּרייסישער העגעמאָניע און די ראָלע פון פּרייסן אין 1863 האָט אַריינגעבראַכט אין רוסאָפילישן לאַגער נישט נאָר די פּוילישע באַפעלקערונג פון רוסישן פּוילן, נאָר אויך פון פּויזנער געביט.

די פּויערים־פראַגע, וואָס איז געווען די צענטראַלע אַקס פון פּאָליטישע זאָרגן פאַר דער דעמאָקראַטיש־געשטימטער פּוילישער אינטעליגענץ, איז אמת אין פּרינציפּ געלייזט געוואָרן אין 1863 דורך אַ דעקרעט פון דער פּוילישער נאַציאָנאַלער רעגירונג. אָבער עס האָט געפעלט מאַכט כדי פון פּרינציפּ צו מאַכן אַ פאַקט. דער רוסישער „אָרגאַניזיר־קאָמיטעט", וואָס האָט געוואָלט איבערליציטירן די פּוילישע נאַציאָנאַלע רעגירונג, האָט דורכגעפירט אַ טיילווייזע עמאַנסיפּאַציע פון פּוילישן פּויער, באַזאָרגט אים מיט אַ זעלבסט־פאַרוואַלטונג אויף אַזאַ דעמאַגאָגישן אופן, אַז אפילו די נאַציאָנאַל־געשטימטע רוסישע פּובליציסטן האָבן קעגן דעם קנאַפּ פּראָטעסטירט. דער פאָרזיצער פון „אָרגאַניזיר־קאָמיטעט" מילוטין האָט אין פּוילן געשפּילט די ראָלע פון אַ „פאָלק־סאָציאַליסט", בעת אין רוסלאַנד גופא איז דער אַקט פון באַפרייען די פּויערים געווען אַ סך רעאַקציאָנערער, ווי אין פּוילן. עס איז געווען קלאָר, אַז די טענדענץ פון דער רעגירונג איז צו געווינען די פּוילישע פּויערים, וואָס ווען אויס דאַנקבאַרקייט פאַר די „טובות", וועלכע רוסלאַנד האָט זיי געגעבן, בלייבן געטריי דער מאַכט פון פּעטערבורג. עס האָט זיך געהאַנדלט, ווי מילוטין גופא האָט שפּעטער פאָרמולירט, וועגן „רוסיפיצירן די פּויערים פּאָליטיש, אָבער ניט נאַציאָנאַל".

די וואָס האָבן געוואָרנט קעגן אויפשטאַנד, האָבן איצט טריאומפירט און זיינען עפּנטלעך אַרויס מיט ווערטער פון „גאַליקער הנאה".

„דער פייער איז אַריבער, דער רויך איז געבליבן" — האָט געשריבן אין 1864 דער פּובליציסט וואַלערי ווייעלאָגלאָווסקי אַ גרויסער חסיד פון ווייעלאָפּאָלסקין. אויך אַנדערע האָבן פּלוצלונג אָנגעהויבן צו האַלטן, אַז גערעכט זיינען געווען די, וואָס האָבן

געאַרבעט אין די ראַמען פון לעגאַליטעט, וואָס וויעלאָפאָלסקי און זאַמאָיסקי זיינען געווען אירע עקספאָנענטן.

„אַ פאָלק וואָס הערט אויף צו עקזיסטירן ווי אַ פאָליטישע איינס — האָט געשריבן דער קאַטויליש־איינגעשטעלטער לעגיטימיסט פאַוועל פאָפיעל — גייט נאָך נישט אונטער. לאָמיר צאָלן דעם קייזער וואָס עס קומט אים. לאָמיר גיין אין פאָלק, ראַטעווען די רעשטלעך און לאָמיר פרובירן זיך איינאָרדענען אויף די חורבות, ווייל אויף חורבות איז אויך דאָ לעבן, אויב לעבעדיקע מענטשן זיינען נאָך דאָרט פאַראַן".

אין די דאָזיקע ניכטערע ווערטער איז געלעגן דער גאַנצער תמצית פון דער שטעלונג צו דער ווירקלעכקייט כמעט פון אַלע דענקענדיקע פאָליאַקן, אפילו פון די, וואָס זיינען מיטן גאַנצן האַרצן געווען פאַרן אויפשטאַנד.

דער עקאָנאָמיסט סופינסקי האָט געפאָדערט קודם־כל זיך נעמען צו „אָרגאַנישער אַרבעט" און זיך באַפרייען פונם קולט פאַר פאָעזיע און חלומות, וואָס האָבן רואינירט דאָס פאָלק. זאָלן די, האָט ער געשריבן, וואָס קענען זיך צוריקקערן קיין פוילן דאָס טאָן און זיך נעמען צו מסחר, אינדוסטריע און וויסנשאַפט.

דער רוף צו „אָרגאַנישער אַרבעט" איז געווען אַ רוף, וואָס האָט זיך זייער גוט אַריינגעפאַסט אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַזאַ אימפעט נאָך אין 1850, ווען די צאָל־גרענעץ צווישן פוילן און רוסלאַנד איז אָפגעשאַפט געוואָרן, און וועלכע איז טיילווייז פאַראַליזירט געוואָרן דורך די געשעענישן פון 1863.

די באַפרייאונג פון די פויערים האָט ראַדיקאַל געענדערט די סאָציאַלע סטרוקטור פון לאַנד. עס האָבן זיך אַנטפלעקט נייע עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן און ממילא אויך נייע עקאָנאָמישע עלעמענטן. דאָס געביט פון פאָליטישן לעבן איז כמעט ווי פאַרחתמעט געוואָרן, דאָס געביט פון עקאָנאָמישן לעבן האָט זיך ברייט געעפנט. דער עקאָנאָמיזם, דאָס עפיגאָנישע קינד פון מערב־אייראָפעאישן ליבעראַליזם, האָט באַזיגט די מוחות פון דעם נאָכן־אויפשטאַנד־דור: דער דאָזיקער עקאָנאָמיזם האָט געהאַט אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע און דעמאָקראַטישע באַזע, ווייל ער האָט באַטראַכט אַלע וואָס וואוינען אין לאַנד, ווי גלייכבאַרעכטיקטע מיטאַרבעטער אינם נייעם קורס וועלכער דאַרף ראַטעווען דאָס לאַנד פון ירידה.

לגבי יידן איז דער נייער קורס נישט געווען אינגאַנצן אַ המשך פון וויעלאָפאָלסקיס פאָליטישער צוואה, וואָס האָט גערופן צו שאַפן פון דער יידישער באַפעלקערונג דעם דריטן שטאַנד. דער תמצית פון דער דאָזיקער צוואה איז אָבער געבליבן נישט פאַרענדערט. יידן זיינען דער עקאָנאָמישער נערוו פון לאַנד. זיי זיינען דאָס געווען פון קדמונים, ווען פאַרשיידענע מניעות האָבן פאַראַליזירט זייער טעטיקייט;

היינט ווי גרויס וועט ווערן די ראָלע פון יידן אין עקאָנאָמישן לעבן פון פוילן, ווען זיי זיינען אָנערקענט געוואָרן פאַר גלייכע בירגער און ווערן צוגעלאָזט צו יעדער מין טעטיקייט.

נאָך דעם ווי עס איז אָפגעשאַפט געוואָרן דער בילעט־שטייער, זיינען קיין וואַרשע אָנגעפאָרן יידן פון דער פראָווינץ. דאָס האָט אַ שטויס געטאָן די אַנטוויקלונג פון האַנדל און אינדוסטריע אין דער הויפטשטאָט. עס באַמערקט זיך אַ שטאַרקער וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן בכלל. בעת אין 1843 האָט די צאָל יידן אין לאַנד באַטראָפן 523,396 (11.1%), איז זי אין 1860 אַרויף אויף 599,875 (12.6%) און אין 1870 — געשטיגן אויף 815,433 (13.5%). דער גרעסטער וואוקס פאַלט אויס אויף דער תקופה נאָכן אויפשטאַנד. אַ צווייטער כאַראַקטעריסטישער שטריך פונם וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג באַשטייט אין דעם, וואָס די יידן וואַנדערן פון די נישט־אינדוסטריעלע טיילן פוילן — אין די אינדוסטריעלע. אין יאָר 1843 האָבן די צפון־מזרחדיקע גובערניעס (לובלינער, שעדלעצער, לאָמזשער, פלאָצקער און סואוואַלקער) געציילט 61.8% פון אַלע יידן אין פוילן, בעת די דרום־מערבדיקע (וואַרשעווער, פיאָטריקאָווער, ראַדאָמער און קעלצער) — נאָר 38.2%. אָבער אין 1870 איז שוין די סיטואַציע געווען אַן אַנדערע: די ערשטע פינף גובערניעס האָבן געהאַט נאָר 46.8% פון דער יידישער באַפעלקערונג, בעת די צווייטע פינף גובערניעס — די צום שטאַרקסטן אינדוסטריאַליזירטע — 53.2%.

פאַראַלעל מיט דער אינערלעכער אימיגראַציע קומט פאָר אַ שטאַרקע אורבאַניזאַציע. עס פאַלט די צאָל יידן אין דערפער און קליינע שטעטלעך און זי שטייגט אין די גרעסערע שטעט. אַזאַ שטאָט, ווי וואַרשע, וואָס האָט אין 1831 געהאַט 31,384 יידן (25.4 פראָצענט פון דער באַוואוינערשאַפט), האָט אין 1862 געהאַט 42,639 יידן (27 פראָצענט) און אין 1871 אַן עדה פון 89,318 יידן, פון זיי 72,240 שטענדיקע איינוואוינער און 17,078 נישט קיין שטענדיקע. אין 1871 האָט מען אָנגעציילט 11,817 פאַרמעגלעכע יידן. צוויי־דריטל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אָבער נאָך אַלץ געווען פאַררעכנט צו „דעם סאַמע אָרעמסטן פראָלעטאַריאַט".

אין קעלץ איז אין 1861 געווען אין גאַנצן 79 יידן (יידן האָבן נישט געטאָרט דאָרטן וואוינען) און אין 1871 שוין 974. אין אַכט שטעט (וואַרשע, לאָדזש, פיעטראָקאָוו, טשענסטאָכאָוו, לובלין, שעדלעץ, פלאָצק און סואוואַלק) האָט זיך אין 1862 קאָנצענטרירט 17 פראָצענט פון אַלע שטאָטישע יידן. פאַראַלעל מיט דער ענדערונג פון דער געאָגראַפישער קאָנצענטראַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג, ענ־

דערט זיך אויך די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור אירע.

וועגן דער עקאָנאָמישער ראָלע פון די יידן פאַרן יאָר 1863 האָבן מיר אַן אינטערעסאַנטן באַריכט אין אַן אָפיציעלן ראַפּאָרט פון 1860. „די פוילישע יידן — ווערט דאָרטן געזאָגט — געהערן הויפטזאַכלעך צו דעם קלאַס הענדלער און געשעפטס־לייט. די יידישע באַפעלקערונג, וואָס מאַכט אויס העכער אַ דריטל פון די שטאָטישע איינוואוינער, פאַרמערט זיך אין זייער אַ שטאַרקער פראָגרעסיע און שפילט אַ גרויסע ראָלע אין דער פוילישער באַפעלקערונג . . . דאָס גאַנצע קאָכעדיקע שטאָטישע לעבן — דער האַנדל און די אינדוסטריע — געפינט זיך אין יידישע הענט". אַז דאָס איז נישט קיין גוזמא, באַשטעטיקן די באַריכטן פון די גובערנאַטאָרס פאַר די יאָרן 1865—1867 און 1871—1872. דער אויסלענדישער האַנדל איז געווען כמעט ווי מאָנאָפּאָליזירט פון יידן. אין ראַדאָמער גובערניע, למשל, איז דער גאַנצער האַנדל מיט תבואה, האָלץ, באַנוול און אייזן געווען אין יידישע הענט.

אין וואַרשע האָבן האַנדל און מלאכה אויסגעמאַכט 69.3 פראָצענט פון יידישן עקאָנאָמישן אַקטיוו. פון דעם זיינען דער מסחר מיט בהמות, תבואה און פאָדריאַדן — געווען כמעט אינגאַנצן קאָנצענטרירט אין יידישע הענט. אין לאָדזש האָבן יידן דאָמינירט אין אויסלענדישן האַנדל און אין קאָמיסגעשעפטן, געהאַט אַן איבערוואָג אין גרויסן און קליינעם האַנדל אאַז"וו.

באַזונדערס וואָגיק איז געווען די ראָלע פון יידן אין דער אַנטוויקלונג פון באַנק־אינסטיטוציעס אין פוילן. די אַנטוויקלונג פון באַנק־געשעפטן גייט לויט דער זעלבער ליניע, ווי אין דער פריערדיקער תקופה, נאָר מיט איין אונטערשייד: די אינדוסטריעלע נויטן פון פוילן זיינען אָן אַן ערך גרעסער געוואָרן, ממילא זיינען די קליינע חלפנס כמעט ווי געוואָרן אויסגעשפילט. זייער אָרט פאַרנעמען יידן־קאַפּיטאַליסטן, וואָס זייער צאָל איז אַ סך קלענער, דערפאַר זיינען אָבער זייערע קאַפּיטאַלן אַ סך גרעסער.

צווישן די יידן־באַנקירן זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען פריער געווען סוחרים אָדער פאַבריקאַנטן. אַזאַ איינער איז געווען זעליק נאַטאַנסאָן, וואָס האָט אין 1841 געהאַנדלט מיט מאַנופאַקטור, שפעטער געהאַט אַ פאַבריק פון זייף, און אין 1866 געעפנט אין וואַרשע אַ באַנק. דאָס זעלבע איז געווען מיט שערעשעווסקי, וועלכער האָט זינט 1864 געהאַנדלט מיט מאַנופאַקטור און שפעטער אַריבער אויף באַנק־טראַנזאַקציעס און האָט פינאַנסירט אַ סך אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, ווי צוקער־פאַבריקן, למשל. דער זון פון זעליק נאַטאַנסאָן, הענריק, וואָס איז געווען אַ בוכהענדלער, ווערט אין 1866 אַ באַנקיר. הערשל וואַוועלבערג האָט אין 1841 אָנגעהויבן ווי אַ מאַנופאַקטור־סוחר, און ערשט שפעטער ווערט ער אַ באַנקיר. דאָס זעלבע איז געשען מיט דוד מאַליניאַק, אַ געוועזענעם טיי־סוחר.

די קאַפּיטאַלן פון די אינדיווידועלע חלפנס און באַנקירן זיינען נישט געווען גענוג גרויס, כדי אַנטקעגנצוקומען די פאַרשידענע געשעפט־טראַנזאַקציעס, וואָס דער האַנדלס־מאַרק האָט געפאָדערט. נאָר אַזעלכע גבירים ווי קראָנענבערג, מאַטיאַס ראָזען אָדער יאַן בלאָך האָבן געקענט פינאַנסירן אייזנבאַנען, די סאַמע וויכטיקסטע אונטערנעמונגען פון יענער צייט. אין 1869 ווערט געגרינדעט די ערשטע אַקציאָנערע באַנק. דאָס רוב פון די אַקציעס האָבן אויסגעקויפט יידן אָדער געוועזענע יידן.

אַ דאַנק דער איניציאַטיווע פון לעאָפּאָלד קראָנענבערג, ווערט אין יענעם יאָר געגרינדעט די האַנדלס־באַנק, וואָס איר ציל איז געווען צו געבן קורצטערמיניקע הלוואות סוחרים און פאַבריקאַנטן. אין 1870 ווערט געגרינדעט די „קרעדיט־געזעלשאַפט פון וואַרשע", אין 1871 די „דיסקאָנטע באַנק" און אין 1872 די לאָדזשער האַנדלס־באַנק. שפעטער קומען צו אַ ריי נייע באַנק־הייזער. אין 1870 גרינדן יידן די ערשטע אַסעקוראַציע־געזעלשאַפט. אין די אַלע גראַנדיעזע אונטערנעמונגען שפילט קראָנענבערג די הויפט־ראָלע. אים סעקונדירט און מיט אים קאָנקורירט דער געוועזענער ראַדאָמער ייד יאַן בלאָך, וואָס האָט זיך געשמדט אין 1851. אין 1863 האָט בלאָך געעפנט אַ באַנק־געשעפט, אין 1866 האָט ער געבויט די לאָדזשער אייזנבאַן און אין 1869 די ליבאַווער באַן.

קראָנענבערג איז געווען דער ראש המדברים אין ענינים פון פינאַנץ־געשעפטן אין פוילן. אין 1864 האָט ער זיך אומגעקערט קיין פוילן, איינגעלאַדן פון דער רוסישער מאַכט, כדי צו פאַרענדיקן די באַנען, וואָס ער האָט אָנגעהויבן בויען נאָך פאַרן אויפשטאַנד.

קראָנענבערג האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד. ער האָט זיך באַמיט צו פאַרגלעטן די רעליגיעזע קאָנפליקטן, זיי זאָלן נישט שטערן אין דער אַרבעט לטובת דער אַנטוויקלונג פון האַנדל און אינדוסטריע.

עס איז געווען די תקופה פון אמת'ער „יידיש־פוילישער פאַרברידערונג", צווישן די „ריטער פון אַרבעט און זעלנער פון פראָגרעס", ד"ה צווישן דער יידישער און דער נישט־יידישער בורזשואַזיע. נאָכן יאָר 1863 באַווייזט זיך אין פוילן בכלל און אין וואַרשע בפרט דער רוסישער סוחר, — ער באַזעצט זיך אין לאַנד, ווערט טעטיק אין פוילישן „סוחרים־פאַראיין" און לעבט פרידלעך מיט די פוילישע און יידישע מיטגלידער. אַלע דריי האָבן זיך גוט געפילט ביים גרינעם טיש פון די האַנדלס־קאַמערן און פי־

נאַנץ־אָרגאַניזאַציעס, וואו מען האָט מיט דער הילף פון פאַנטאַסטישע דיווידענדן צעמענטירט די „אחדות" פון קאַפיטאַל, אינדוסטריע און האַנדל.

אַ גרויסע הילף פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין פוילן איז געווען דער צאָל־טאַריף פון 1870, וועלכער האָט שווער געמאַכט דעם אימפאָרט פון אויסלענדישע סחורות בכלל און פון דייטשע בפרט. דער זעלבסטשוץ קעגן דער אינוואַזיע פון דער דייטשער אינדוסטריע איז געקומען, ווי אַ רעזולטאַט פון די קאָנפערענצן, וואָס די דייטשע סוחרים האָבן אין די יאָרן 1864—1868 געהאַט מיט די פאַרטרעטער פון רוסישן סוחרטום.

אין 1870 האָט זיך דער סוחרים־פאַראיין, צו וועלכן עס האָבן געקענט געהערן נאָר די קאָרפן־קעפ פון סוחרטום אין פוילן, — געווענדט צו דער רעגירונג מיט אַ בקשה אָפצושאַפן די גזירות בנוגע יידישע סוחרים פון פוילן, וועלכע קומען קיין פעטערבורג צוליב געשעפט. אמת, די רעגירונג האָט געהייסן דעם פאַראיין צוריקציען דעם מעמאָראַנדום, מחמת דעם, וואָס דער ענין איז נישט געווען קיין געזעלשאַפטלעכער, נאָר אַ מלוכהשער און דעריבער דאַרף ער דערליידיקט ווערן אין הסכם מיטן פראָיעקט וועגן אַ נייעם פאַספאָרטן־סיסטעם. דער פאַקט גופא האָט אָבער געמאַכט אַ גוטן איינדרוק און האָט מאַניפעסטירט די סאָלידאַרישקייט פון פוילישע און יידישע סוחרים.

אין 1876 בעת מען האָט אין וואַרשע געעפנט דעם ערשטן האַנדלס־געריכט, איז אַ העלפט ריכטער, אויסגעקליבן לויטן אויפטראָג פון סוחרים־פאַראיין, געווען יידן.

פאַראַלעל מיט דער אינטענסיפיקאַציע פון האַנדל האַנדל און מיט דער גרויס־קאַפיטאַליזירונג פון באַנק־וועזן, ווערן אויך די אינדוסטריעלע האָריזאָנטן ברייטער און האָפערדיקער. אמת, די אינדוסטריאַליזאַציע פון פוילן האָט זיך שטאַרק פאַרשפעטיקט, אין פאַרגלייך מיט מערב־אייראָפע. דאָס לאַנד האָט נישט פאַרמאָגט די נויטיקע קאַפיטאַלן, נישט די פאַך־לייט און אויך נישט קיין געשולטן אַרבעטער־קלאַס. שוין דער פאַקט גופא, וואָס צווישן די ערשטע פיאָנערן פון דער פוילישער אינדוסטריע געפינען זיך אַזוי פיל דייטשן, פראַנצויזן און ענגלענדער, באַווייזט דאָס צום בעסטן. דער דייטשער עלעמענט איז אין דער פוילישער אינדוסטריע געווען דער סאַמע אָנזעעוודיקער. אויף 19 קוילן־גרובן, פון וועלכע גאַנצע 13 האָבן געהערט צו פינף פירמעס, זיינען פיר געווען דייטשע און די פינפטע האָט געהערט צו די... פאָליאַקן, קראָנענבערג און נאַטאַנסאָן.

דער פרעמדער קאַפיטאַל, וואָס האָט באַדינט די פוילישע אינדוסטריע אין איר ערשטער תקופה, האָט אויך פסיכאָלאָגיש געווירקט, אַז דער נאַציאָנאַלער מאָמענט האָט אויפן געביט פון אינדוסטריאַליזאַציע נישט געשפילט קיין וויכטיקע ראָלע. דערפאַר זיינען אין פוילן נישט געווען אָט יענע דערשיינונגען פון נאַציאָנאַלן פאַרטיקולאַריזם, וועלכע צייכענען אויס די רוסישע אינדוסטריע פון יענער צייט.

דער באַגריף „פרעמדע" איז צו יענער צייט פאַרשטאַנען געוואָרן מער אין זין פון מלוכהשער אָנגעהעריקייט. אַ סך פון די דייטשן און פראַנצויזן האָבן זיך אין פוילן שנעל אַסימילירט. „עס הערשט ביי אונז דער גייסט פון קאָסמאָפאָליטישן האַנדלס־נוסח" — האָט געשריבן אַ פוילישע צייטונג. קעגן אָט דעם „גייסט" האָט מען נאָך נישט געקעמפט. דער דאָזיקער גייסט איז געווען צו שטאַרק און צו וויכטיק. די שידוכים צווישן יידישע קאַפיטאַליסטן אין פוילן מיט זייערע „אמונה־ברידער" אין אויסלאַנד האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר גוט פלאַנירטע „דינאַסטישע" געשעפטן. נישט איין האַנדלס־קריזיס אין פוילן איז אויסגעמיטן געוואָרן צוליב אָט דער דאָזיקער קרובהשאַפט צווישן יידן באַנקירן פון וואַרשע, האַמבורג, בערלין און אפילו פאַריז.

הגם דער יידישער אָנטייל אין דער פוילישער אינדוסטריע איז געווען חשוב באַלד פון אָנהויב, דאָך מוז מען פעסטשטעלן, אַז דער סאַמע וויכטיקסטער פראָצעס פון דער יידישער אינפילטראַציע אין דער אינדוסטריע פון לאַנד קומט פאָר ערשט נאָכן יאָר 1860.

אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע ווערן יידן שטאַרק טעטיק אַרום 1887. קודם־כל זיינען יידן פאַרטראָטן אין אויפבויען די דאָזיקע אינדוסטריע אין אַזעלכע אונטערנעמונגען, וואו קיין גרויסע קאַפיטאַלן האָבן זיך נישט געפאָדערט. אויף 17 וועבערייען אין לאָדזש זיינען אין 1867 געווען 6 יידישע ד"ה 35.3 פראָצענט. אין אַלגעמיין זיינען דאָס געווען אַ סך קלענערע אונטערנעמונגען, ווי די נישט־יידישע. אפילו די גרעסטע יידישע וועבערייען פאַרנעמען דעם דריטן און פינפטן אָרט אין סדר פון אינדוסטריעלער חשיבות. די באַנוול־אינדוסטריע האָט אין 1867 געציילט 456 גרעסטע אונטערנעמונגען, פון זיי קנאַפע 50 יידישע, — דאָס רוב קליינע. פאַר אַ גרויסע אונטערנעמונג, למשל, איז געווען פאַררעכנט די זיידן־פאַבריק פון שמואל טשאַמאַנסקי אין לאָדזש, און זי האָט געהאַט 8 וועב־שטולן מיט 10 אַרבעטער. אין אַזאַ שטאָט ווי זגערזש זיינען אין 1867 געווען צוויי אָדער דריי יידישע פאַבריקן מיט קנאַפע 112 אַרבעטער, בעת 43 נישט־יידישע פאַבריקן האָבן געהאַט 786 אַרבעטער.

אין עטלעכע קלענערע אינדוסטריעס אין לאָדזשער ראַיאָן איז דער פראָצענט יידישע פאַבריקאַנטן געווען גרעסער, ווי אין לאָדזש. אין בעלכאַטאָוו, למשל, זיינען אין 1867 87 פראָצענט פון

אַלע טעקסטיל־אונטערנעמונגען געווען יידישע; אין פּאַביאַניץ — 55 פּראָצענט; אין אָזאָרקאָוו — 42 פּראָצענט און אין זדונסקא וואָליאַ — 33 פּראָצענט. וועגן דער יידישער אינדוסטריע אויף דער פּראָווינץ קען מען פעסטשטעלן אַזאַ דערשיינונג: וואָס אָפּגעשטאַנענער עס איז געווען דער מעטאָד פון פּראָדוקציע, אַלץ גרעסער איז געווען דער פּראָצענט יידישע אונטערנעמונגען.

יידן־אונטערנעמער זיינען אויך געווען אין אַנדערע אינדוסטריעס, ווי קוילן־גרובנס, מעטאַל־בערגווערק (אין קאַלישער און מאַזאָווישער וואָיעוואָדשאַפטן) און אַזוי ווייטער.

אין אַ מעמאָראַנדום, וואָס דער וואַרשעווער בערזע־קאָמיטעט האָט צוגעשטעלט אין 1886, ווערט זייער קלאָר פאָרמולירט די ראָלע פון די יידן אין דער אינדוסטריע פון פּוילן. די דאָזיקע ראָלע — שרייבן די מחברים פון מעמאָראַנדום — איז נישט אַזוי שטאַרק, ווי אין מסחר, ווייל אין דער אינדוסטריע דאָמינירן די דייטשן. „לעצטנס האָט זיך דער לאָקאַלער עלעמענט (ד״ה די פּאָליאַקן) גענומען צו פאַבריקאַציע, אָבער דאָס זיינען אויסנאַמען: דאַקעגן, די יידן זינט מען האָט זיי דערלויבט צו קויפן לאַנד און באַזעצן זיך אין די דערפער, האָבן זיך מיט אימפּעט אַ וואָרף געטאָן אויף גרינדן פאַבריקן, און די טעטיקייט זייערע וואַקסט. אין צוקער־אינדוסטריע, טעקסטיל און וועבערייען האָבן יידן אַ סך און חשובע פאַרטרעטער. די פאַבריקאַציע פון פּאַפּיר, טוך, זייד, באַרג־אינדוסטריע, וואַלדעריי, מילן און דיסטילעריעס זיינען מערסטנטייל געפירט פון יידן".

די דאָזיקע אָפּשאַצונג איז נישט איבערגעטריבן: אויף דער פּעטערבורגער אינדוסטריעלער אויסשטעלונג פון 1870 וואָס האָט רעפּרעזענטירט די גאַנצע אימפּעריע, איז פּוילן געווען פאַרטראָטן מיט 200 פירמעס. פון זיי זיינען 131 געווען אויסלענדישע, 30 — יידישע און 39 פּוילישע. אויב מען זאָל צורעכענען אַ טייל פּוילישע פירמעס, וואָס האָבן געאַרבעט מיט אַ באַדייטנדיקן יידישן קאַפּיטאַל, צו די יידישע פירמעס — איז דער אָנטייל פון יידן געווען גאָר באַדייטנדיק.

נאָכן יאָר 1870 ווערט די יידישע עקאָנאָמישע טעטיקייט אין פּוילן נאָך אינטענסיווער. דער גינציקער צאָל־טאַריף האָט פאַרטיידיקט די פּוילישע אינדוסטריע פון דער פּרייסישער קאָנקורענץ. עס וואַקסט דער אָנטייל פון יידן אין דער צוקער־אינדוסטריע. ביז יענעם יאָר זיינען נאָר עטלעכע יידישע באַנקירן געווען אַנגאַזשירט אין פינאַנסירן די דאָזיקע אינדוסטריע. דאָס זיינען געווען: די עפּשטיין־משפּחה און קראָנענבערג. אין 1873 קומען צו די משפּחות טעפּליץ און ווערטהיים, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט קראָנענבערגן געגרינדעט די „וואַרשעווער געזעלשאַפט פאַר צוקער־פאַבריקאַציע", מיט אַ קאַפּיטאַל פון 1,800,000 רובל. שפּעטער איז צוגעקומען די משפּחה בערסאָן, וואָס האָט מיט דער צייט פאַרנומען אַ חשובן פּלאַץ אין דער צוקער־אינדוסטריע פון לאַנד.

אין משך פון די יאָרן 1843—1867 האָט זיך דער יידישער פאַבריקאַנטן־שיכט אין פּוילן מער ווי פאַרטאָפּלט. די גרעסטע צאָל יידישע פאַבריקן איז געווען אין דער שפּייז־אינדוסטריע. בדרך כלל זיינען די דאָזיקע פאַבריקן געווען גרעסערע און ממילא איז דער סכום פון פּראָדוקציע געווען אַ העכערע אין פאַרגלייך מיט די נישט־יידישע פאַבריקן. עס זיינען געווען אַ סך קליינע יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. אַזוי, למשל, זיינען אין לאָדזש און אומגעגנט געווען איבער 200 פאַבריקלעך מיט אַ דורכשניט פון 18 אַרבעטער. אין אַלגעמיין קען מען זאָגן: אורטיילנדיק לויט דער סטאַטיסטיק פון 1885, זיינען די יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען געווען פון אַ גרעסערן פאַרנעם. אין יענעם יאָר איז אין פּיאָטריקאָווער גובערניע (מיט לאָדזש) אויסגעפאַלן 241 אַרבעטער אויף אַ יידישע פאַבריק און 210 — אויף אַ נישט־יידישע.

דעם וואוקס פון יידן אין דער אינדוסטריע קען מען צום בעסטן אילוסטרירן אויף דער שטאָט לאָדזש. ביזן יאָר 1860 זיינען אין לאָדזש געווען 19 פאַבריקן, פון זיי 17 נישט־יידישע און 2 — יידישע (12 פּראָצענט); אין די יאָרן 1861—1880 זיינען אויף 71 פאַבריקן געווען 15 יידישע (21 פּראָצענט) אין די יאָרן 1881—1900 זיינען אויף 156 פאַבריקן געווען 106 יידישע (60 פּראָצענט) און אין די יאָרן 1901—1909 פאַלט דער פּראָצענט אויף 59 (פון 61 פאַבריקן — 36 יידישע).

וואָס פאַר אַן אָרט האָט דער יידישער אַרבעטער פאַרנומען אין דער דאָזיקער אינדוסטריע איז שווער צו ענטפערן. אין לאָדזש, למשל, זיינען אין 1862 געווען אין 41 וועבערייען, וואָס האָבן געהערט צו יידן, 255 יידישע אַרבעטער. אין 1867 זיינען אין אַלע יידישע טעקסטיל־אונטערנעמונגען פון לאָדזש געווען 757 אַרבעטער; וויפיל פון זיי זיינען געווען יידן — איז אומבאַקאַנט; אַז זייער צאָל האָט געמוזט זיין נישט קיין קליינע, זאָגט עדות דער פאַקט, וואָס אין 1856 האָט זיך די קאַטוילישע קירך באַקלאָגט, אַז מען אַרבעט אויף די פאַבריקן זונטיק און חגא. וואָלטן אין די פאַבריקן געאַרבעט נאָר קריסטן, וואָלט מען זיכער זונטיק נישט געאַרבעט. גענוי פעסטצושטעלן דעם אָנטייל פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דער אינדוסטריע פון יענער צייט — איז אָבער אוממעגלעך, ווייל עס פעלן סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן.

אז די יידישע מאַסע האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו פּראָלעטאַריזירן, ווייסן מיר פון אַ סך קוועלן, איינגעשלאָסן די יידישע פּרעסע פון יענער צייט. אין דער „וואַרשעווער יודישע צייטונג" געפינט זיך אַ באַריכט פון אַ יידישער פאַבריק, וואָס האָט עקזיסטירט אין וואַרשע זינט 1848 און האָט באַשעפטיקט 200 „פערזאָנען בלויז יודען". אין אַן אַנדער אָרט באַשרייבט די זעלבע צייטונג די טאַבאַק־פאַבריק פון „געברידער שאַפּיראָ" אין וואַרשע, וואו עס האָבן געאַרבעט 120 יידישע אַרבעטער. די צייטונג אַפּעלירט צו די יידישע גבירים, אַז זיי זאָלן אויפהערן צו זיין וואוכערניקעס און בעסער עפענען פאַבריקן, כדי דער יידישער „אַרבעטס־מענטש" זאָל נישט באַדאַרפן „אין די גאַסן פועל בטל אַרומצוגיין". אַ דריטער באַריכט דערציילט וועגן אַ פאַבריק־אונטערנעמונג פון איינעם יעקב פּיק, וועלכער „שיקט זיינע אַרבעטן נאָך פּעטערבורג און נאָך גאַנץ רוסלאַנד" און וואָס באַשעפטיקט „גרעסטנטיילס יודן אַרבעטער". דער שרייבער פון דאָזיקן באַריכט האַלט, אַז האַנדל איז נישט קיין תכלית: „קען דען אַ ייד נישט זיין איין מאַשיניסט — פרעגט דער שרייבער פון דער „וואַרשויער יודישע צייטונג" — איין אינזשינער, איין בוימייסטער אָדער איין אָרדענטליכער פאַבריקאַנט"?

אין 1865 האָט מען צוריק געעפנט די פאַבריק פון זלמן פּאָזנער אין דאָרף קוכאַרי (פּלאָצקער גובערניע). אין 1866 האָבן אַ פּאָר יידן פון כמעלניק (ראַדאָמער גובערניע) איבערגענומען די דאָזיקע פאַבריק און אויסגעאַרבעט פּויערישן טוך. אין אַ יאָר אַרום האָט זיך אָבער די פאַבריק געמוזט פאַרמאַכן. זי האָט באַשעפטיקט נאָר יידישע אַרבעטער. עס לאָזט זיך פעסטשטעלן, אַז די יידישע פּראָלעטאַריזאַציע אין פּוילן האָט זיך שוין אָנגעהויבן אין די 60ער יאָרן פון 19טן י"ה. אמת, אין אָנהויב האָט דער יידישער אַרבעטער נישט געהאַט קיין צוטריט צו דער פאַבריק־אינדוסטריע. אויף 17 וועבערייען אין לאָדזש, וואָס יעדע פון זיי האָט באַשעפטיקט איבער 25 אַרבעטער, איז אין 1885 סך־הכל געווען צוויי יידישע מייסטערס, און פון די 209 אַרבעטער איז נישט געווען קיין איין ייד. בדרך כלל האָט דער ייד געאַרבעט אין קליינע פאַבריקן, וואָס מען וואָלט גיכער געקענט אָנרופן וואַרשטאַטן. מען קען אפילו פעסטשטעלן אַזאַ דערשיינונג: מיט קליינע אויסנאַמען האָבן יידן פאַבריקאַנטן נישט באַשעפטיקט קיין יידן־אַרבעטער, ווען זייערע אונטערנעמונגען זיינען געוואָרן פון גרעסערן פאַרנעם. דער דראַנג צו אַרבעטן אויף פאַבריקן איז געווען ביי דער יידישער מאַסע אין פּוילן זייער גרויס. אויף דעם זאָגן עדות די צייטונג־באַריכטן און אפילו די אָפיציעלע רוסישע ראַפּאָרטן.

אין דער באַהאַנדלטער תקופה האָט אָבער דער קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט זיך ערשט אָנגעהויבן. בעת פרומע יידן, חסידים־פאַבריקאַנטן האָבן נישט געוואָלט צונעמען קיין יידישע אַרבעטער, ווייל זיי וועלן מוזן מחלל שבת זיין, האָט די פּרעסע גערופן די „פּאָסטעמפּאָווע" (פּראָגרעסיווע) יידן־פאַבריקאַנטן דווקא אָנגאַזשירן יידן־אַרבעטער, ווייל „וואָס קען בעסער אויסראָטן דעם איינגעוואָרצלטן פאַנאַטיזם פון יידן" — פרעגט אַ פּוילישער זשורנאַליסט, — ווי די געמיינזאַמע אַרבעט מיט קריסטן אין פאַבריקן. די פּראָדוקטיוויזאַציע פון די יידישע מאַסן איז אין די אויגן פונם שפּעטער באַרימטן פּוילישן שרייבער באָלעסלאַוו פּרוס — געווען די אידייע פון אַסימילאַציע דורך „נוצלעכע אַרבעט". נישט ערד־אַרבעט און אפילו נישט אינטעליגענטע פּראָפעסיעס, וואָס זיינען לויט זייער עצם באַגרענעצט און קענען נישט באַשעפטיקן קיין סך יידן, נאָר פיזישע אַרבעט, וואָס מיינט פאַבריק־אַרבעט, וועט ברענגען די ישועה פאַר די יידישע מאַסן.

די פראַגע פּראָלעטאַריזאַציע איז אָבער געווען ענג פאַרבונדן מיט דער פראַגע פון פאַכמענישער בילדונג. עס זיינען געמאַכט געוואָרן איינציקע פּרוואון צו שאַפן האַנטווערק־שולן, אָבער צו יענער צייט איז דאָס נישט געלונגען. שטאַרק פאַרטראָטן אין כל־ערליי מלאכות, איז דער יידישער בעל־מלאכה זעלטן געווען אַ קוואַליפיצירטער. ער האָט געאַרבעט בייליקער און ממילא אַרויסגערופן די שנאה פון נישט־יידישן בעל־מלאכה, און דערביי נישט געלייזט זיינע אייגענע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען.

הגם דער געזעץ פון 1865 האָט לייכטער געמאַכט פאַר אַ יידישן בעל־מלאכה זיך צו באַזעצן אין רוסלאַנד, דאָך איז די צאָל פּוילישע יידן, וואָס האָבן אויסגענוצט די דאָזיקע רעכט, געווען זייער קליין. צוויי סיבות האָבן גורם געווען די דאָזיקע אומבאַוועגלעכקייט פון יידישן בעל־מלאכה אין פּוילן: אָרימקייט, ער האָט פּשוט נישט געהאַט אויף הוצאות; עס האָט אויך געשטערט די נישט־קענטעניש פון דער רוסישער שפּראַך.

וועגן דער לאַגע פונם יידישן אַרבעטער אין פּוילן ערב דעם פּאָגראָם פון 1881 — דערציילט פעליקס קאָן, אַן אַלטער פּויליש־יידישער רעוואָלוציאָנער, אַז דער ייד־בעל־מלאכה האָט געחלומט וועגן האָבן אַן אייגענע פאַבריקל, אָבער נישט וועגן זיין אָנגעשטעלט ביי עמיצן. „זיין אַ מייסטער בעל־מלאכה — שרייבט קאָן אין זיינע מעמואַרן — וואָס שלאָגט זיך דורך מיט זיין גאַנצער משפּחה בוכשטעבלעך מיט אַ הערינג און ציבעלעס, הונגערן און ליידן קעלט — דאָס איז יאָ געווען דערלאָזבאַר, דאָס האָט נישט דערנידעריקט; זיין אַן אונטער־מייסטער ביי אַזאַ מייסטער איז אויך נישט געווען קיין שאַנד,

ווייל עס איז געווען די האָפענונג, אַז ווען עס איז — וועט ער אויך ווערן אַ מייסטער, וועט חתונה האָבן, באַקומען נדן און עפענען אַן אייגענעם וואַרשטאַט. זייענדיק אַן אונטערמייסטער, האָט ער זיך געקענט זען אין די מחשבות ווי אַ קומענדיקן בעל־הבית. אָבער דער איבערגאַנג אין פאַבריק האָט אים באַרויבט פון זיינע אילוזיעס מכוח דעם, אַז ווען עס איז וועט ער ווערן אַ זעלבסטשטענדיקער בעל־הבית; דערפאַר איז דאָס גיין אַרבעטן אין פאַבריק באַטראַכט געוואָרן, ווי אַ דערנידערונג, ווי אַ חרפה".

קאָן דערציילט, אַז אין גאַליציע האָט ער באַגעגנט יידישע בעלי־מלאכות פון פוילן, וועלכע זיינען אין דער פרעמד יאָ געוואָרן פאַבריק־אַרבעטער און גענומען דעם בייט זייער קאַלטבלוטיק. אַקעגן, אין פוילן גופא, איז אים אין יענע יאָרן נישט אויסגעקומען צו זען קיין פאַבריק־אַרבעטער יידן, נישט אין וואַרשע, נישט אין פאַביאַניץ און זשיראַרדאָוו, וואו קאָן האָט שוין געפירט סאָציאַליסטישע פראָפאַגאַנדע. יידן — דערציילט ער — האָבן געאַרבעט אין בעקערייען, אין טליתים־פאַבריקן און אויך אין אַנדערע, דאָס רוב קליינע פאַבריקן. עס איז געווען אַ פאַבריק פון ליכט, וואו נאָר יידן האָבן געאַרבעט. בכלל זיינען דאָס געווען פאַבריקלעך, וואו עס האָבן געאַרבעט פיר אָדער פינף אַרבעטער און מען האָט צו זיי קיין צוטריט נישט געהאַט...

אויפן פאָן פון שנעל־וואַקסנדיקן יידישן גרויסקאַפיטאַליסטישן קלאַס און שטאַרקן יידישן אינדוסטריעלן און סוחרישן עלעמענט — בליט זיך פונאַנדער די אידעאָלאָגישע איבערקאָנסטרוקציע, וואָס האָט אויסגעדריקט די סאָציאַלע פילאָזאָפיע פון די דאָזיקע גרופעס. די קולטור־שפראַך פון די דאָזיקע גרופעס איז געווען פויליש. די שפראַך האָט פאַרלאָרן דעם גלאַנץ פון אַ נאַציאָנאַלן פעטיש, ווי דאָס איז געווען אין דער תקופה פאַר און בעת דעם אויפשטאַנד. אין דער פובליציסטיק רעדט זיך שוין נישט מער וועגן פאָלאָניזאַציע אין נאַציאָנאַלן זין, נאָר וועגן דעאיזאָלאַציע אין סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכן זין. פויליש ווערט דעפינירט ווי די שפראַך פון לאַנד און נישט ווי אַ נאַציאָנאַלע קאַטעגאָריע. די נאַציאָנאַל־ראָמאַנטישע פראַזעאָלאָגיע האָט אָפגעטראָטן פלאַץ דעם פאָזיטיוו־רעאַליסטישן דענקען.

דעם אידעאַלן טיפ פון דער דאָזיקער גרופע, דעם טיפ פון אַ „פראָגרעסיוון איזראַעליט", האָט כאַראַקטעריזירט הילאַרי (הלל) נוסבוים (1820—1895), וועלכער האָט דורכגעמאַכט דעם גאַנצן פראָצעס פון פאָלאָניזאַציע פון דער ראַבינער־שול — ביז די פאָגראָמען פון 1881. די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק איז אַזוי אינטערעסאַנט, אַז עס איז כדאַי זי דאָ צו ברענגען אין אַ פינקטלעכער איבערזעצונג. „אַ סך אַ העכערע שטעלונג — שרייבט נוסבוים — פאַרנעמט אין דער געזעלשאַפט דער רייכער פראָגרעסיווער איזראַעליט, הגם אין פראָגראַם פון זיינע לימודים איז רעליגיע ניט אַריינגעגאַנגען, אָדער מען האָט זי (די רעליגיע) אים דערלאַנגט אין זייער קליינע דאָזעס. גלייכבאַרעכטיקט לגבי דעם געזעץ, פילט ער זיך באַרעכטיקט צו גלייכע בירגער־פליכטן לגבי דער געזעלשאַפט. רעליגיע און אָפשטאַם האָבן פאַר אים אַ היסטאָרישן באַטייט, דערפאַר אָבער באַטראַכט ער די נויטן פון לאַנד און די פאָדערונגען פון כלל ווי זיינע אייגענע, און דאָס באַמיען זיך צו באַפרידיקן די דאָזיקע נויטן האַלט ער פאַר זיין הייליקסטן חוב. זיינע קאַפיטאַלן גיט ער אַזאַ אָנווענדונג, אַז חוץ די באַרעכטיקטע ריווחים, וואָס זיי ברענגען אים, זאָלן זיי אויך ברענגען נוצן דעם לאַנד. דערפאַר קויפט ער ליידיקע פלעצער, שטעלט אויף הייזער, פאַרברייטערט די שטאָט, בויט פאַבריקן, מאָביליזירט די אינדוסטריע פון לאַנד, באַטייליקט זיך אין פריוואַטע בענק און העלפט סוחרים און אינדוסטריעלער צו קריגן לייכטער קרעדיט. מיט איין וואָרט, אויף יעדן געביט פון טעטיקייט קאָמבינירט ער דעם פערזענלעכן נוצן מיטן טובת־הכלל. דערביי איז ער דער פאַרשפרייטער פון בילדונג, דער מעצענאַט פון קונסט. ער שטיצט די ליטעראַטור פון לאַנד און פראָטעזשירט די היימישע קינסטלער. ער פאַרנעמט זיין אָרט אויף אַלע וויסנשאַפטלעכע אוטיליטאַרע און סאָציאַלע פאַרזאַמלונגען. מיט זיין קלאָרן קוק אויף זאַכן, מיט זיין געזונטער עצה, לאָגישן און אומפאַרטייאישן אורטייל, דערוואָרבט ער זיך די אָנערקענונג מצד אַנדערש־גלויביקע קאָלעגן. ער ווערט אויך געוויילט אויף ערן־אַמטן. מיר זעען אים אין געריכט, אין דער פאַרוואַלטונג פון סוחרים, און אין אַנדערע קאָמיטעטן פון בירגער. אומעטום דערפילט ער געוויסנהאַפט מיט ערנסט און טאַקט אַלע פליכטן, וואָס מען לייגט אויף אים אַרויף. ער באַטייליקט זיך אַקטיוו אין די ענינים פון זיין קהילה, פירט אַריין סדר און אָרדענונג אין אירע אינסטיטוציעס, גיט אַ נאָרמאַלן טעמפאָ דעם גאַנג פון אירע געשעפטן, גיט אַכטונג אויף דער גאַנצקייט פון אירע פאָנדן. דורך דעם געווינט ער אַ נייעם לאָרבער אין קראַנץ פון כבוד, אַריינגעפלאָכטן דורך דער האַנט פון אַן עולם, וואָס באַגריסט אין אים דעם גוטן בירגער וואָס האָט ליב זיין לאַנד, און דעם איבערגעגעבענעם איזראַעליט וואָס איז צוגעבונדן צום יודאַאיזם."

דעם 7טן יאַנואַר 1866 איז אין וואַרשע אַרויס דער ערשטער נומער פון דעם וואָכנבלאַט „פשעגלאָנד טיגאָדניאָווי", אַרויסגעגעבן פון אדאם ווישליצקי, דעם הויפט־טעאָרעטיקער פון דער נייער סאָציאַל־פאָליטישער שיטה, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען פאָזיטיוויזם. מיט פיר יאָר שפעטער (אין

1870) האָט דער פּאָזיטיוויזם באַקומען אַ גלענצנדיקן פּאַרטיידיקער, וועלכער האָט אונטערן פּען־נאָמען „דער אַפּאָסטאָל פון אמת" אין אַ פּרעכטיקער פאָרם אָנגעוויזן די שעדלעכקייט פון דער נאַציאָנאַל־ראָמאַנטישער איינשטעלונג, וואָס האָט געבראַכט צו דער אומפאַרמיידלעכער קאַטאַסטראָפע פון 1863. — דאָס איז געווען אַלעקסאַנדער שווענטאָכאָווסקי. „אויב די השגחה — האָט ער געשריבן — וואָלט אונז אַוועקגעשטעלט פאַר אַ דילעמע: וואָס ווילן מיר — אַ האַלבן מיליאָן סאָלדאַטן אָדער אַן ענלעכע צאָל פון גרויסע מענטשן, וואָלטן מיר באַדאַרפט אויסקלייבן דאָס צווייטע. ווייל די רעכט פאַר עקזיסטענץ ליגן נישט אין די אויסערלעכע באַפּוצונגען, נישט אין די הבל־הבלימדיקע מאַכט־מיטלען, נאָר אין דעם אַלעמען, וואָס מיר רופן אָן דער געדאַנק פון פאָלק".

לויט שווענטאָכאָווסקין איז דער צענטראַלער פּונקט פון „פאָלקס־געדאַנק" קודם־כל די אַנטוויקלונג פון עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד. איין פאַבריק־קוימען איז אַ סך וויכטיקער ווי אַ פאָלק זעלנער מיטן נאַציאָנאַלן קנעפּל אויפן היטל. ביידע פּובליציסטן, ווישליצקי און שווענטאָכאָווסקי, האָבן געהאַלטן, אַז עס איז נויטיק צו וועקן די אונטערנעמערישע ענערגיע פון דער בורזשואַזיע און סטימולירן די פּאָטענציעלע ווירטשאַפט־בויענדיקע כוחות פון דער פּאָליטיש־אַנטוישטער און סאָציאַל־פאַרשלאָפענער שלאַכטע. מען דאַרף אויסראָטן די סטערילע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען אַריבער בירושה פון די פריערדיקע דורות און וואָס האָבן דעם דאָזיקן קלאַס געמאַכט אומפּעאיק צו וועלכער עס איז קאָנסטרוקטיווער אַרבעט. דער לעצטער תנאי פאַרן „נאַציאָנאַלן וואוילשטאַנד" איז — צו זיין טאָלעראַנט צו פרעמדע בכלל און צו „קאַפּיטאַל־פּעאיקע" בפרט, ווייל דאָס איז אַן עלעמענט, וואָס איז נויטיק פאַרן קאַפּיטאַליסטישן אויפבוי פון לאַנד. פון דער דאָזיקער איינשטעלונג האָט זיך אויך אַנטוויקלט ביידנס קעגנערשאַפט צום סאָציאַליסטישן געדאַנק.

די אַפּאָליטישע אידעאָלאָגיע פון פּאָזיטיוויזם האָט אַדאַנק אירע ברייטע, הומאַניסטישע טענדענצן זיך גוט אַריינגעפּאַסט אין דער עקאָנאָמישער עקספּאַנסיע פונם יידישן מיטלשטאַנד־קלאַס און פון דער יידישער בורזשואַזיע, וועלכע זיינען אין תוך געווען ווינציק פאַראינטערעסירט אין פּאָליטיק.

די יידישע בורזשואַזיע אין פוילן האָט זיך תיכף אָפּגערופן אויף די נייע לאָזונגען. זי האָט געשטעלט אין רשות פון דער פּאָזיטיוויסטישער פּרעסע, ליטעראַטור און וויסנשאַפט — גרויסע סומען געלט. ווישליצקיס וואָכנבלאַט און שפּעטער אויך שווענטאָכאָווסקיס צייטשריפט „פּראַוודאַ" — האָבן געקענט עקזיסטירן נאָר אַ דאַנק דער גרויסער צאָל יידישע אַבאָנענטן. די הומאַניסטישע נאָוועלן פון עליזאַ אָזשעשקאָ זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן באַנקיר וואַווועלבערג, וועלכער האָט מנדב געווען אַ סך געלט פאַר אַלגעמיינער בילדונג אין לאַנד. אַ גרויסע צאָל דעקלאַסירטע פּוילישע פּריצים האָט באַקומען אַרבעט אין די פאַבריקן, געשעפטן און באַנקן וואָס האָבן געהערט צו יידן. קראָנענבערג האָט זיך אפילו אין אַ בריוו באַרימט, אַז ביי אים אין באַנק אַרבעט אַ העלפט פון פּוילנס ליטעראַרישן און וויסנשאַפטלעכן פּאַנטעאָן. דער פּראָטעקציאָנאַליזם פון די יידישע פינאַנץ־פּאָטענטאַטן. לגבי די פאַרארימטע פּוילישע גייסט־פּאָטענטאַטן — איז לכתחילה פון ביידע צדדים אָנערקענט געוואָרן, ווי אַן אַקט פון „גוט פאַרשטאַנענער בירגערלעכער פליכט.". די פּוילישע שריפטשטעלער און פּובליציסטן האָבן געלויבט די טעטיקייט פון יידן אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד. עס האָבן זיך געביטן די יוצרות: די רעוואָלוציאָנערע עמיגראַנטישע אינטעליגענץ, טריי אירע אירעדענטיסטישע אידעאַלן, איז געוואָרן אַנטיסעמיטיש באַפּאַרבט; זי האָט באַשולדיקט די פּאָזיטיוויסטן, אַז זיי האָבן זיך פאַרקויפט צו די יידן, און פאַרגעוואָרפן די יידן, אַז זיי שלעפּערן איין דעם נאַציאָנאַלן ווילן פון פּוילישן פאָלק, כדי זיך רייך צו מאַכן...

עס באַווייזט זיך אין פוילן דער פריץ־קאַפּיטאַליסט; ער אורבאַניזירט זיך זייער שנעל, גייט אַריין אין שידוכים און געשעפטן מיט יידן, כדי „אָפּצוטרייסלען פון זיך די פאָראורטיילן פון דער פריערדיקער תקופה". דער דאָזיקער שידוך צווישן דער יידישער פּלוטאָקראַטיע און דער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע האָט פאַרשנעלערט אין איניקע קרייזן דעם טעמפּאָ פון אַסימילאַציע אַזוי ווייט, אַז שווענטאָכאָווסקי האָט געשריבן: אין איין צענדליק יאָר פון פּאָזיטיוויסטישער אַרבעט האָט די פּאָלאָניזאַציע פון יידן געמאַכט אַ סך אַ גרעסערן פּראָגרעס, ווי אַ האַלב יאָרהונדערט טעאָרעטיזירן וועגן דעם.

אמת, די דאָזיקע פּאָלאָניזאַציע איז געווען אַ ריין אוטיליטאַרע, אַ פּראַקטישע. דאָס איז אַ פּאָלאָניזאַציע — האָט פאָרמולירט ווישליצקי — וואָס מאַכט יידן קודם־כל מער אייראָפּעאיש, נישט אַסימילירן זיך מיטן פּוילישן עבר, נאָר מיט דער קעגנוואַרט פון לאַנד, וואָס איז געוואָרן מער פּויליש, ווייל זי איז מער דעמאָקראַטיש. יידן פאַרלעגער ווערן געלויבט פאַר אַרויסגעבן, אגב מיט גרויס היזק, די ווערק פון דאַרווין און ספּענסער. פאַרן יאָר 1863 האָט אַ יידישער בוכהענדלער אין פוילן, פאַרקערט, זיך נישט געקענט עטאַבלירן אין דער געזעלשאַפט, אויב ער האָט נישט אַרויסגעגעבן אין געהיים די פאַרבאָטענע פרוכט פון דער פּוילישער נאַציאָנאַל־ראָמאַנטישער פּאָעזיע אָדער פּוילישע היסטאָרישע ווערק.

עס וואַקסט אויך די צאָל יידן אין די אַלגעמיינע

שולן אין פּוילן. עס איז געווען אַ גרויסער נסיון בייצוקומען די צביעותדיקע איינלאַדונג פונם רוסישן בילדונג־„פּאָפּעטשיטל״, וועלכער האָט שוין אין 1864 געלאַדן יידישע עלטערן צו שיקן זייערע קינדער אין דער ערשטער רוסיש־פּראַוואָסלאַוונער גימנאַזיע, וואָס האָט זיך געעפנט אין וואַרשע. יענער יאָר האָט מילוטין געשריבן צום צאַר, אַז מען דאַרף זען אָפּהיטן פון פּאָלאָניזירן די „פאַרשידענע שבטים וואָס באַוואוינען פּוילן״. געמיינט האָט ער דייטשן און יידן. די דייטשן איז טאַקע געלונגען צו באַקומען פאַר זיך גאָר ברייטע בילדונג־פּריווילעגיעס. די אידעאָלאָגיע פון דער יידישער פירערשאַפט איז אָבער געווען נישט מער ווי אַ המשך פון דער פריערדיקער תקופה, און דערפאַר האָט זי די „דאַנאַיער מתנה״ פון אַ קאָנפעסיאָנעלן שול־סיסטעם, וואָס די רוסישע מאַכט האָט איר אָנגעבאָטן, נישט געוואָלט אָננעמען. מיט שטאָלץ איז דעמאָלט פעסטגעשטעלט געוואָרן: די אַכט יידן־תלמידים, וואָס האָבן אין 1865 באַזוכט די וואַרשעווער רוסישע גימנאַזיע, זיינען דווקא זין פון „נישט היגע איזראַעליטן״.

אין די גימנאַזיעס פון וואַרשע, בפרט אין די פּוילישע, איז די צאָל יידישע תלמידים געוואָקסן. בעת אין גאַנץ רוסלאַנד האָט מען אין 1863 אָנגעציילט סך־הכל 352 יידן־גימנאַזיסטן, איז אין 1872 געווען אין וואַרשע אַליין 449 און אין גאַנץ פּוילן — 656. אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט איז אין יענעם יאָר געווען 136 יידן־סטודענטן. די גרויסע הוצאות, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט שטודירן, האָבן באַוויזן, אַז נאָר די העכערע שיכטן פון יידישן בירגערטום האָבן געקענט געניסן פון די דאָזיקע בילדונג־אַנשטאַלטן.

פאַר די יידישע מאַסן איז געבליבן נאָר צו שיקן די קינדער אין די 400 חדרים, וואָס וואַרשע האָט פאַרמאָגט, אָדער אין די עטלעכע גמינע־שולן. אויף דער פּראָווינץ איז די לאַגע נישט געווען בעסער, אין געוויסע פּרטים אפילו אַ סך ערגער.

נישט געקוקט אויפן קולט פאַר רעאַלע וויסנשאַפטן, וואָס האָט זיך דעמאָלט פאַרשפּרייט, איז דער פּראָצענט יידן אין די רעאַל־גימנאַזיעס געווען גאָר קליין: אין 1877 זיינען אין די רעאַל־שולן פון פּוילן געווען אינגאַנצן 59 יידן, וואָס האָט אויסגעמאַכט 6.6 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל תלמידים. יידישע יונגע לייט האָבן בדרך כלל שטודירט מעדיצין און יוריספּרודענץ. די גרויסע פּלעיאַדע פון וויכטיקע יידישע דאָקטוירים און נאָך פּראָמינענטערע יידישע יוריסטן, מיט וועלכע פּוילן האָט שטאָלצירט און פון וועמענס רייען עס זיינען אַרויס די נייע אַפּאָסטאָלן פון פּראַקטישער אַסימילאַציע, איז טאַקע אַנטשטאַנען אין 1870—1880. אפילו דער מלוכה־אַמט, וואָס איז לויט די געזעצן פון 1862 נישט געווען פאַרשלאָסן פאַר יידן, האָט זיי נישט צוגעצויגן. אין 1872 איז אין גאַנץ פּוילן געווען סך־הכל 79 יידן באַאַמטע, אַלע אין וואַרשע, פון זיי אַ גרויסע צאָל דאָקטוירים. אַקעגן איז געוואָקסן די צאָל יידן אין דער פּוילישער זשורנאַליסטיק, וויסנשאַפט און ליטעראַטור. אין דער „שיינער ליטעראַטור״ זיינען יידן נאָך נישט בנמצא. אויב עס דערהערט זיך דאָ און דאָרטן אַ פּויליש געזאַנג פון אַ יידן אַ פּאָעט, איז ער צו שוואַך און באַשיידן, אַז דאָס לאַנד זאָל זיך צו אים צוהערן.

אין 1872 האָט דער נאַמיעסטניק גראַף בערג באַפוילן די גובערנאַטאָרס פון פּוילן צוצושטעלן רעפּאָרטן בנוגע דער לאַגע פון יידן. די דאָזיקע באַריכטן האָבן געזאָלט דינען, ווי מאַטעריאַלן פאַר אַ פּראָיעקט אויסצוגלייכן די רעכט פון יידן אין פּוילן מיט דער יידישער... רעכטלאָזיקייט אין רוסלאַנד. דער אָפיציעלער תירוץ פאַרן פּראָיעקט איז געווען: די יידן האָבן זיך אין פּוילן נישט אַסימילירט, ממילא זיינען די געווינסן פון דער עמאַנסיפּאַציע פון 1862 נישט גרויס. „די יידישע באַפעלקערונג אין פּוילן — האָט בערג געשריבן (דעם 12טן אויגוסט 1873) — האָט ווייטער אָפּגעהיט די איזאָלירטע שטעלונג און די שעדלעכע זייטן פון איר טעטיקייט פאַר דער געזעלשאַפט און מלוכה, און האָט זיך באַנוצט מיט די וויכטיקע רעכט, וואָס מען האָט איר געגעבן, נאָר פאַר אירע אייגענע ריין־עגאָאיסטישע צילן״.

ווייטער מאָלט בערג אַ בילד, וואָס זעט אויס, ווי אינספּירירט פון די פּוילישע קרייזן: ווי מיר וועלן שפּעטער זען, האָבן די לעצטע אָנגעהויבן אין דער זעלבער צייט אַ קאַמפּאַניע קעגן דעם עקאָנאָמישן וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג, — די יידן האָבן פאַרכאַפּט דעם האַנדל, די אינדוסטריע, זיי פאַרנעמען זיך רק מיט וואוכעריי, פּאַסעריי, קאָנטראַבאַנדע אאַז״וו. וואָס איז געווען דער אמתער ציל פון בערגס אַנקעטע, איז שפּעטער קלאָר געוואָרן: מען האָט געוואָלט צוריקציען ביסלעכווייז די רעכט, וואָס יידן האָבן באַקומען אין 1862, כדי נישט אויפצורייצן די יידן אין רוסלאַנד, וועלכע האָבן אַזעלכע רעכט נישט געהאַט.

פון די ענטפערס, וואָס די גובערנאַטאָרס האָבן צוגעשיקט, באַקומט זיך אַ בילד וואָס קאָנפראָנטירט מיט אַנדערע קוועלן — גיט עס אַ בליק אין דער יידישער ווירקלעכקייט.

אויף דער פּראָווינץ האָט די פּאָלאָניזאַציע נישט געמאַכט אַזעלכע פאָרשריטן, ווי אין וואַרשע. קודם־כל האָט די פּראָווינץ פאַרמאָגט אַ קלענערן שיכט פאַרמעגלעכע יידן. בעת אין וואַרשע איז עשירות געווען אַ סינאָנים פון „פּראָגרעסיווקייט״, קען מען דאָס וועגן די יידן אויף דער פּראָווינץ נישט זאָגן. אויב וואַרשע האָט געציילט נאָר עטלעכע יידן־אָר־

טאַדאָקסן און חסידים, וואָס זיינען געווען פּאַבריקאַנטן, קאַפּיטאַליסטן און אַפילו גוט־באַזיצער, איז אויף דער פּראָווינץ זייער צאָל געווען אַ סך גרעסער.

דער קעלצער גובערנאַטאָר, למשל, דערציילט: אין אַזאַ שטאָט ווי קעלץ, זיינען אין 1871 געווען סך־הכל 5 יידישע קינדער אין די דאָרטיקע אַלגעמיינע שולן. אין פינטשעווער פּאָוויאַט זיינען געווען זעקס יידישע גוט־באַזיצער, איניקע פון זיי גרויסע ציגל־פּאַבריקאַנטן, און נאָר איינער פון זיי האָט געשיקט זיינע קינדער אין די אַלגעמיינע שולן. די אַנדערע האָבן געהאַלטן מלמדים, ווייל זיי זיינען געווען פרומע יידן. במשך פון 10 יאָר איז אין קעלצער גימנאַזיע געווען סך־הכל פינף יידישע תלמידים.

חסידות האָט געהאַט אַ שטאַרקע אחיזה מערסטנטייל אויף דער פּראָווינץ. די קליינע הייפעלעך אַסימילירטע יידן האָבן זיך אין דער פּראָווינץ־שטאָט געפילט אַ סך מער איזאָלירט פון יידישן קיבוץ, ווי אין וואַרשע. דער אַנטאַגאָניזם צווישן פרומע און נישט־פרומע יידן איז אויף דער פּראָווינץ געווען אַ סך שטאַרקער ווי אין וואַרשע.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון יידן אויף דער פּראָווינץ איז געווען אַ סך ערגער, ווי אין וואַרשע. אין 1869 האָט דער הונגער אין סואוואַלקער גובערניע אָנגעמאַכט חורבונות אין יידישן לעבן. די ערשטע עמיגראַציאָניסטישע פּראָיעקטן זיינען אַרויס נישט פון וואַרשע, נאָר פון דער פּראָווינץ.

דאָס בילד וועגן עקאָנאָמישן וואוילזיין פון די פּוילישע יידן איז בלי ספק געווען איינזייטיק און פּרעפּאַרירט פאַר צוועקן, וואָס זיינען גאָר גיך אויפגעדעקט געוואָרן.

בעת אין 1866 האָבן די וואַרשעווער אַסימילאַטאָרן באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ וואָכנבלאַט, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט יידישע ענינים, איז שוין דער באַשלוס גופא געווען אין סתירה מיט די פונדאַמענטאַלע הנחות פונם פּאָזיטיוויסטישן הומאַניזם, וועלכער האָט קודם־כל אָפּגעוואָרפן די קאָנפעסיאָנעלע פונאַנדערטיילונג פון דער באַפעלקערונג אויף יידן און קריסטן. שוין דער פאַקט, וואָס פאַר אַ רעדאַקטאָר פון דער וואָכנשריפט, וועלכע האָט געהייסן „איזראַעליטאַ“, האָט מען איינגעלאַדן דווקא אַ „ליטוואַק“ פון סואוואַלק, דעם העברעאישן לערער שמואל פּעלטין (1831—1896), איז געווען ביז גאָר סימפּטאָמאַטיש. די דאָזיקע צייטשריפט, וואָס האָט לויטן ראַפּאָרט פון וואַרשעווער גובערנאַטאָר געהאַט אין 1872 סך־הכל 460 לייענער, פון זיי 300 אין וואַרשע, האָט נישט נושא חן געווען אין די אויגן פון דער ראַדיקאַלער פּאָלאָניזירטער יידישער גרופּע, וועלכע האָט געהאַט אַ „פּאָזיטיוויסטישן גלויבן אין דער געזעלשאַפט“ און ממילא נישט געזען קיין נויטווענדיקייט אין אַ פּעריאָדישער שריפט, וואָס זאָל ספּעציעל אונטערשטרייכן „די יידישע זייט פון דער פּוילישער מטבעה“. פּעלטין האָט פאַרטיידיקט די יידישע רעליגיע און באַקעמפט רעפאָרמיסטישע פּלענער, ווי... פריצייטיקע פאַרן פּוילישן יידנטום. די אָרטאָדאָקסן האָבן זיך בכלל מיט דער „איזראַעליטאַ“ נישט אינטערעסירט.

דער פאַקט גופא, וואָס אַזאַ צייטשריפט איז געווען נויטיק, בעת כמעט די גאַנצע פּוילישע פּרעסע איז געווען שטאַרק יידן־פריינטלעך, האָט אָנגעזאָגט אַז שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך באַוויזן אויפן ליכטיקן הימל פון דער „פּויליש־יידישער פאַרברידערונג“, און מען מוז גרייטן אַפּאָלאָגעטישע כלי־זיין פאַר אַן עווענטועלער זעלבסט־פאַרטיידיקונג. די אָרימקייט פון די יידן אויף דער פּראָווינץ, דער ביטערער קאַמף פאַר עקזיסטענץ איז אין דער „איזראַעליטא“ זייער סיסטעמאַטיש באַשריבן געוואָרן. זי האָט געוואָלט נייטראַליזירן די פאַקטן פון די עקאָנאָמישע דערגרייכונגען פון יחידישע יידישע משפחות, וועלכע זיינען אין דער פּוילישער פּרעסע שטאַרק רעקלאַמירט געוואָרן.

דאָס זעלבע האָט געטאָן אויף יידיש די „וואַרשויער יודישע צייטונג“, וואָס איז דערשינען אין 1867—1868 און געהאַט סך־הכל 181 אַבאָנענטן. אויך די דאָזיקע צייטונג האָט גערופן די „גליקלעכע לייטע“ ד״ה די יידישע בורזשואַזיע, אַז זיי זאָלן פאַר „די אַרמע קלאַסן זאָרגן“, ווייל די אָרימקייט צווישן יידן איז זייער גרויס.

דער וואוקס פון דעם יידישן גוט־ און הויז־באַזיץ איז רעקאָרדירט געוואָרן אין דער פּוילישער פּרעסע ווי אַ וואָרענונג קעגן דער עקאָנאָמישער אינוואַזיע פון יידן. די פּרעסע פון 1886 האָט אָנגעוויזן אַז אין די יאָרן 1860—1885 האָבן יידן איינגעקויפט אַ האַלב מיליאָן מאָרג לאַנד, בעת אין 1860 האָט די גרופּע פּריווילעגירטע יידן פאַרמאָגט סך־הכל 50,000 מאָרג. אין 1885 האָט אַ מיליאָן מאָרג געהערט צו די דייטשן אַליין. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט. דער אונטערשייד אין אינטערפּרעטירן די דאָזיקע צוויי פאַקטן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די פילאָסעמיטישע פּרעסע האָט אָנגעוויזן אַז די דייטשע געפאַר איז אָן אַן ערך גרעסער, בעת די שוין זיך פונאַנדערגעבליטע אַנטיסעמיטישע פּרעסע האָט געהאַלטן אַז ביידע זיינען געפערלעך פאַר פּוילן. דער רוסישער שטאַנדפּונקט איז געווען, אַז דער דייטשער באַזיץ איז ווינציקער געפערלעך ווי דער פּוילישער, אַזוי ווייט אַז דער קאַלישער גובערנאַטאָר האָט אין זיין באַריכט פון 1872 געשריבן: דער יידישער הויז־באַזיץ אין זיין גובערניע וואַקסט פון יאָר צו יאָר. אין לענטשיץ, למשל, באַריכט ער, געפינען זיך די מערסטע הייזער אין יידישע הענט. אין אַ וועלכע עס

איז 15 אָדער 20 יאָר וועט די גאַנצע שטאָט זיין ייִדיש. דער גובערנאַטאָר, וועלכער איז געווען קעגן ייִדן נישט ווייניקער, ווי קעגן פּאָליאַקן, האַלט — אַז מען דאַרף פּראָטעזשירן . . . דייטשן.

די דעקלאַסירטע פּאָליאַקן, וואָס האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע גיטער און קומען אין שטאָט אַריין, וואו דער גרויס־קאַפּיטאַליזם האָט זיי סיסטעמאַטיש אַבסאָרבירט נישט נאָר ווי אָנגעשטעלטע אין די כּל־ערליי ביוראָס, נאָר טיילווייז אויך ווי אַרבעטער, — האָבן פאַרגרעסערט די אַרמיי פון אומצופרידענע און באַעוולהטע. נאָך 1863 האָט מען אין פּוילן קאָנפיסקירט 1660 פּריצישע גיטער. אַנדערע גיטער זיינען פון זיך גופא ליקווידירט געוואָרן דורך ליציטאַציעס פאַר חובות. די אַגראַר־רעפאָרמען, וועלכע זיינען אין פּוילן דורכגעפירט געוואָרן אַ סך ראַדיקאַלער, ווי אין דער אימפּעריע, האָבן גורם געווען דעם אויפקום פון 700,000 נייע פּויערישע ערד־באַזיצער און זיי האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ ריזיקע פּעריפעריע פון נייע געברויכער. דער פּויער איז געווען באַשיצט פון דער רוסישער מאַכט, ווייל ער איז פּאָליטיש געווען אומשעדלעך. דער הונגער נאָך ערד האָט פאַרשטופּט אין אַ ווינקל זיין נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, די רוסישע רעגירונג האָט טיילווייז זיין הונגער געשטילט, און דערפאַר איז דער פּוילישער פּויער געווען איר געטריי. דער בונטאַרישער גייסט פונם אומצופרידענעם דעקלאַסירטן פּריץ האָט אַזאַ לייכטע באַפרידיקונג נישט געקענט געפינען. דער נעכטיקער זעלבשטענדיקער בעל־הבית האָט זיך פלוצלונג געפונען אָפּהענגיק פון אַ „פרעמדן" ברויטגעבער. אויב ער איז אים נישט אינגאַנצן געווען פרעמד, איז אָבער אין די מאָטיווירונגען פונם קאָנפליקט אונטערגעשטראָכן געוואָרן די „נישט־פּוילישקייט" פונם גרויסן און קליינעם קאַפּיטאַל אין לאַנד. עס איז דעריבער געווען אַ קאָנפליקט, וואָס האָט די עקאָנאָמישע סתירות סובלימירט אין אַ פאָרמע פון נאַציאָנאַל־פּסיכאָלאָגישע קאַטעגאָריעס.

שוין אַרום 1870 ווייזן זיך די ערשטע סימנים פון דער רעאַקציע קעגן דעם פּאָזיטיוויזם, וועלכער ווערט צוליב פּאָלעמישע צוועקן פאָרגעשטעלט ווי אַ ריין־ייִדישע באַוועגונג. דער שרייבער יוזעף נאַזשימסקי (1839—1872) האָט אָנגעשריבן אַ קאָמעדיע א. נ. „די פּאָזיטיווע", וואו ער שטעלט אַרויס אין אַ נעגאַטיוון ליכט אַ געשטאַלט פון אַ ייִדישן געלט-מענטש. די סענסאַציע מיט דער דאָזיקער פּיעסע איז געווען גרויס שוין צוליב דעם איינציקן וויכטיקן טעם, וואָס מען האָט זי געשפּילט, און ייִדן — דער רוקנביין פון פּוילישן טעאַטער־באַזוכער — האָבן קעגן דעם שטאַרק פּראַטעסטירט. לודוויק יעניקע, דער רעדאַקטאָר פון „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני", איז אַרויס מיט אַ פּראָטעסט און געבעטן דעם מחבר צו באַזייטיקן דעם אַנטיסעמיטישן פּאַסוס אין זיין פּיעסע, ווייל מען טאָר נישט „רייצן קינדער פון איין לאַנד" — האָט ער געשריבן. די דאָזיקע אויפפאָדערונג נישט צו „רייצן" די ייִדן — האָט נאָך מער אויפגערייצט: אַן אַנדער דראַמאַטורג, זיגמונט סאַרנעצקי, האָט אין אַ פּיעסע, א. נ. „דער גאָלדענער פּיבער" (1875) באַשולדיקט די ייִדן־פינאַנסיסטן אין פאַרדאַרבן די „פּוילישע נשמה". קלענערע שרייבער האָבן אָנגעהויבן אָנווייזן אויף דער געפאַר פון געמישטע חתונות, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט שטאַרק פאַרמערט אין די קרייזן פון דער ייִדישער פּלוטאָקראַטיע. די עפּידעמיע פון געמישטע חתונות האָט אָבער אויך געפונען פאַרטיידיקער צווישן אייניקע פּוילישע שרייבער, וועלכע האָבן געזען אין די דאָזיקע זיווגים דעם קולמינירפּונקט פון אַסימילאַציע. שוין אין 1868 האָט דער זייער טאַלענטירטער דראַמאַטורג עדוואַרד לובאָווסקי, וועלכער האָט אַליין געשטאַמט פון ייִדן, געשילדערט אין אַ פּיעסע די „געבענטשטע רעזולטאַטן פון געמישטע חתונות". אים האָט סעקונדירט דער פּאָעט אַדאַם אַסניק אין אַ דראַמע אויף דער זעלבער טעמע. אמת, אין אַסניקס פּיעסע איז דער העלד, דער ייִד וויינבערג, געצוואונגען צו באַגיין זעלבסטמאָרד צוליב דער שנאה פון דער פּרויס פּוילישער משפּחה צו אים, אָבער דער מחבר סימפּאַטיזירט מיט זיין ייִדישן העלד און טאַדלט די אומטאָלעראַנטע פּאָליאַקן.

די סאָציאַלע אָנגעלאָדנקייט פון דער פּוילישער ליטעראַטור אין יענער צייט האָט גורם געווען, אַז איר חשיבות און באַטייט אין באַפעסטיקן דאָס פּויליש־ייִדישע צוזאַמענלעבן איז געווען אַזוי וואָגיק, אַז דער קינסטלערישער ווערט פון די דאָזיקע ווערק איז לחלוטין איגנאָרירט געוואָרן. דאָס האָט געשטימט מיטן דעמאָלטיקן קוק אַז ליטעראַטור האָט אַ געזעלשאַפטלעכע מיסיע.

די נעגאַטיווע באַציאונג צו ייִדן איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון דער היפּערטראָפיע פונם ייִדישן אָנטייל אין געוויסע, מער לוקראַטיווע געביטן פון עקאָנאָמישער אַקטיוויטעט. דער אומגלויבן אין אַסימילאַציע איז נישט געווען אַ פּועל יוצא פון דער דאָזיקער רעאַקציע קעגן דער ייִדישער „העגעמאָניע", נאָר גיכער אַ מין ראַציאָנאַליזאַציע פון דער נייער אומפריינטלעכער שטעלונג צו ייִדן.

די וואָס זיינען געבליבן געטריי די הומאַניסטישע פּרינציפּן פונם ליבעראַליזם, וואָס דער פּאָזיטיוויזם איז געווען זיין פּוילישער נוסח, האָבן פאַרטיידיקט ייִדן פון אַ שטאַנדפּונקט, וועלכן מען וואָלט געקענט אָנרופן: דעמאָקראַטישע אַסימילאַציע. די

רייכע יידן אַסימילירן זיך אויבערפלעכלעך, דערפאַר איז זייער פוילישקייט נישט קיין טיפע, זי איז סטימולירט פון ריין־אוטיליטאַרע מאָטיוון. די דאָזיקע יידן ליקווידירן זייער אמונה, רייסן זיך שנעל אָפּ פון דער יידישער פאָלקס־מאַסע, און דערפאַר זיינען זיי שעדלעך. אַסימילאַציע איז גוט, אָבער די שפּיץ־יידן זיינען מער אַן אָפּשרעקנדיקער ביישפּיל ווי אַן אידעאַלער מוסטער.

דעם דאָזיקן גרונט־געדאַנק אַנטוויקלט אין זיינע פּובליציסטישע שריפטן באָלעסלאַוו פּרוס, וועלכער האָט אין 1875 אָנגעהויבן שרייבן זיינע באַרימטע פעליעטאָנען אין „קורייער וואַרשאַווסקי”. אין דער ליטעראַטור האָבן זיך דערהערט טענער פון גרויסער ליבע צום אָרימען יידישן פאָלקס־מענטש. אין 1879 האָט אינם זעלבן „קורייער וואַרשאַווסקי” דעביוטירט דער פּאָעט וויקטאָר גאָמוליצקי מיט אַ לאַנגער פּאָעמע „אל מלא רחמים”, אין וועלכער עס ווערט באַזונגען אין פּרעכטיקע סטראָפן אַ חתונה אינם אָרימען קוואַרטאַל פון דער יידישער וואַרשע. אין דער זעלבער צייטונג האָט ער (1879, נומער 234) אָפּגעדרוקט אַ ליד א. נ. „שבת” אין וועלכן ער האָט באַזונגען די קדושה פון שבת.

אין פּראָזע האָט דעם דאָזיקן הומאַניזם — אמת, שטאַרק ראַציאָנאַליזירט און אָפּטמאָל שאַבלאָניש אויסגעפירט — רעפּרעזענטירט עליזאַ אָזשעשקאָוואַ (1842—1910). אין די יאָרן 1876—1877 האָט זי געשריבן איר באַרימטן ראָמאַן „מאיר יאָזעפאָוויטש”, וואָס האָט מיט אַ משכילישן צוגאַנג און אַ ביסל צו סענטימענטאַלע טענער געשילדערט דאָס יידישע לעבן. דער ראָמאַן האָט געמאַכט אַ סענסאַציע, וואָס פון ריין־קינסטלערישן שטאַנדפּונקט קען מען זי נישט דערקלערן. דער פאַקט גופא, וואָס דער אָרגאַן פון דער אַסימילאַציע האָט באַגריסט דעם דאָזיקן ראָמאַן, ווי אַ גרויסע בירגערלעכע טאַט, ווייל דער פאַרפאַסער האָט געהאַט דעם מוט צו גיין קעגן דעם שטראָם פון דער אומפריינטלעכקייט צו יידן, וואָס האָט זיך געפילט אין לאַנד — איז געווען ביז גאָר סימפּטאָמאַטיש.

אַנדערש האָבן אָבער שוין אויף דעם אָנגעהויבן קוקן די פּני פון דער פּוילישער פּרעסע, באַזונדערס אַ טייל פון דער קאָנסערוואַטיווער פּוילישער זשורנאַליסטיק. מען האָט געטאַדלט די רייכע יידן און זיי באַשולדיקט, אַז זיי ווילן צענזורירן די ליטעראַטור, דעמאָראַליזירן דעם פּוילישן שריפטשטעלער, שוין מיט דעם אַליין וואָס דער רייכער ייד ווערט דער קונסט־ און ליטעראַטור־מעצענאַט. ממילא מוז דער פּוילישער שרייבער זיך צופּאַסן צום „יידישן געשמאַק”, און זען נישט „צו רייצן די יידן”, האָבן איניקע זשורנאַליסטן געטענהט.

דער קאַמף קעגן פּאָזיטיוויזם האָט אויך אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ סיסטעמאַטישער אַטאַקע — פון שטאַנדפּונקט פון די אינטערעסן פון קאַטוילישקייט, פּוילישקייט און אַספּעקט פון נוצלעכקייט פאַרן עקאָנאָמישן וואוילזיין פון לאַנד.

אַ סך מער אַרגומענטאַציעס און נאָך מער פּאָלעמישן פּילפּול האָט מען באַנוצט ביים אַנאַליז פון דריטן אַרגומענט, דהיינו: איז דער קאַפּיטאַליזם, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעבליט אין פּוילן, אַ פּוילישער קאַפּיטאַליזם אָדער אַ פרעמדער. אַ צווייטע פראַגע איז געווען: וואָס האָט דער קאַפּיטאַליזם געגעבן די פּאָליאַקן גופא? דערביי איז שוין אין דער דיסקוסיע קלאָר פאָרמולירט געוואָרן, אַז היות מען האַלט נישט די דייטשן אין פּוילן פאַר פּאָליאַקן, אפילו ווען זיי רעדן פּויליש, איז מיט וואָס פאַר אַ רעכט ווילן די יידן, מען זאָל זיי נישט אָנערקענען פאַר יידן, נאָר דווקא פאַר פּאָליאַקן. דער באַגריף פּויליש, אַזוי ווי דער אַנטי־פּאָזיטיוויסטישער לאַגער האָט עס אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, האָט געמיינט פּויליש־קריסטלעך. אין אָנהויב האָט מען אינם גבול פונם דאָזיקן טערמין אַריינגענומען אויך די געשמדטע יידן, אָבער אין די 90ער יאָרן האָט מען די משומדים־קאַפּיטאַליסטן שוין אַריינגענומען אין דער ייד׳שער . . . קוואָטע.

דאָס לאַנד — האָבן געשריבן די ראשי־המדברים פון אַנטי־פּאָזיטיוויסטישן לאַגער — האָט פון דער „קאַפּיטאַליסטישער וואַקכאַנאַליע” ווייניק וואָס געהאַט. די צאָל ריין־פּוילישע פירמעס איז זייער קליין. דער ייד און דער דייטש זיינען די ווירטשאַפטלעכע בעלי־בתים פון לאַנד, — דער ייד בפרט, ווייל ער איז שפּראַכלעך מער אַסימילירט, איידער דער דייטש. דערפאַר באַהערשט ער דאָס עקאָנאָמישע און קולטורעלע לעבן פון לאַנד. די בעסטע צייטשריפטן ווערן אַרויסגעגעבן פון יידן, דער פּוילישער בוך־האַנדל געפינט זיך כמעט אינגאַנצן אין יידישע הענט. דער געשריי, אַז די פּוילישע ליטעראַטור איז פאַריידישט, איז געוואָרן אַ בליציק רוף־וואָרט פון די אַנטי־פּאָזיטיוויסטן, — אגב, יידן האָבן אויך זייערע ווערק געהאָלפן אַרויסגעבן, ווי אַ שטייגער, שלמה לעווענטאַל דער שפּעטערדיקער בעל־הבית פון „קורייער וואַרשאַווסקי”.

ווי דער העראָלד פונם אַנטי־יידישן פראָנט, וואָס האַלט זיך אין אָרגאַניזירן, באַווייזט זיך אַ יונגער זשורנאַליסט מיטן נאָמען יאַן יעלענסקי (1845—1909). אַ געוויסע צייט איז ער געווען אַ באַאַמטער אויף דער „יידישער אייזנבאַן” (ד״ה קראָנענבערגס אייזנבאַן), און צוליב עפּעס אַ סכסוך האָט ער געמוזט רעזיגנירן פון זיין שטעלע: דעביוטירט האָט ער אין 1873 דווקא נישט מיט קיין אַנטיסעמיטישער אַרבעט, נאָר מיט אַן . . . אַסימילאַטאָרישער. אין אַ בראָשורע א. נ. „וועגן צוציען יידן צו אַרבעט אין

לאַנדווירטשאַפט", האָט יעלענסקי אויפגעפאָדערט די רייכע יידן צו העלפן די אָרימע, וואָס לעבן אין דחקות אין די קליינע שטעטלעך, אַז זיי זאָלן קענען ווערן ערד־אַרבעטער. דערביי האָט יעלענסקי אָנגעוויזן, ווי אויף אַ מוסטער, די טעטיקייט פון די רוסישע יידן לטובת דער קאָלאָניזאַציע פון יידן.

אין 1874 האָט ער אַרויסגעגעבן צוויי בראָשורן. אין דער ערשטער, וואָס האָט געהייסן „אונזער פינאַנציעלע וועלט", טרעט יעלענסקי אַרויס קעגן דעם „יידישן כאַראַקטער פון דער פוילישער פינאַנץ־וועלט". די פראַגע ווער איז דער פינאַנסיסט אין פוילן — שרייבט יעלענסקי — איז נישט נאָר אַן עקאָנאָמישע פראַגע, נאָר אויך אַ נאַציאָנאַלע. אַ פוילישער זשורנאַליסט, וואָס וויל זיך נישט חנפענען דער יידישער פלוטאָקראַטיע, האָט נישט וואו זיך צו דרוקן, ווייל הינטער דער פוילישער פרעסע שטייט די „פאַרבאָרגענע מאַכט פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, דאָס מיינט, די מאַכט פון יידיש גאָלד" — האָט יעלענסקי געשריבן. אין דעם זעלבן יאָר איז דערשינען זיין באַרימטע בראָשורע „יידן, דייטשן און מיר", וועלכע האָט במשך פון צוויי יאָר געהאַט פיר אויפלאַגעס און איז איבערגעזעצט געוואָרן אין עטלעכע שפראַכן. די דאָזיקע בראָשורע איז נישט בולט־אַנטיסעמיטיש. אמת, איר מחבר שטעלט אַרויס דעם לאָזונג: „פּאָלאָניזירן דעם פוילישן האַנדל און אינדוסטריע", מיינענדיק אונטער דעם דאָס אָפּשוואַכן די דייטשע און די יידישע השפעות אין פוילישן עקאָנאָמישן לעבן. יעלענסקי האָט נאָך געהאַט געוויסע סימפּאַטיעס פאַרן אַסימילירטן יידן ד"ה פאַרן רייכן טייל פון פוילישן יידנטום. ער האָט זיך שטאַרק מייאש געווען אין דער מעגלעכקייט צוו אַסימילירן די ברייטע יידישע מאַסן. יעלענסקי האָט מורא געהאַט, אַז די העגעמאָניע פוןֹ יידן אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד וועט האָבן אַ שעדלעכע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער פוילישער קולטור.

„איך אָנערקען דעם פרינציפּ — האָט ער געשריבן — אַז מיר זיינען מיטבירגער, קינדער פון זעלבן לאַנד. וואָס מיר ווילן אָבער, איז וועקן אין אונזער געזעלשאַפט (ד"ה ביי די פּאָליאַקן) די שטרעבונג אָפּצושאַפן דעם יידישן מאָנאָפּאָל אויף האַנדל, וואָס איז געווען אַ פועל־יוצא פון דורות־לאַנגע פריווילעגיעס" (פון יידן). יעלענסקי באַשולדיקט די יידישע פלוטאָקראַטיע, אַז זי איז נישט פויליש געגנוג לגבי דעם לאַנד און נישט... יידיש געגנוג לגבי די יידישע מאַסן, ווייל זי טוט גאָרנישט אָפּצושאַפן איר „פּאַראַזיטיזם, אומוויסנהייט און פיינטלעכע באַציאונג צו דער פוילישער קולטור".

יעלענסקיס רייד האָט אַ טייל פון דער פוילישער פרעסע שאַרף קריטיקירט. אין דער דאָזיקער קריטיק האָט יעלענסקי געזען אַ באַשטעטיקונג פאַר זיין טעזע, אַז די פוילישע שרייבערס זיינען „באַצאָלטע משרתים פון יידישע פינאַנסיסטן" און דערפאַר פאַרטיידיקן זיי זיי. אין 1875 איז יעלענסקי אַרויס מיט אַ שאַרפער אַטאַקע אויף דער פוילישער פּאָזיטיוויסטישער אינטעליגענץ. די בראָשורע הייסט טאַקע: די „משרתים פון די יידן" ((דוואָראַצי זשידאָוו). דאָס, וואָס יעלענסקיס אַקציעס זיינען פאַנטאַסטיש שנעל געשטיגן, האָט באַוויזן, אַז אין לאַנד איז געווען אַ שטאַרקע רעאַקציע קעגן דעם קולט פון „אָרגאַנישער אַרבעט". דער קאַמף קעגן דער יידישער ראָלע אינם אויפבלי פון אינדוסטריעלן און פינאַנציעלן קאַפּיטאַליזם, איז געוואָרן דער עיקר: דער קאַמף קעגן דער דייטשער השפעה האָט צו קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן נישט געקענט ברענגען.

דער וואוקס פון קאַפּיטאַליזם אין פוילן האָט געמוזט ברענגען אַ שנעלן וואוקס פון פּראָלעטאַרישן קלאַס. דער דאָזיקער פּראָלעטאַריאַט איז עטניש געווען פויליש. די שאַרפע קלאַסן־היפוכים, וואָס האָבן זיך שנעל געלאָזט פילן אין אינדוסטריעלן לעבן פון לאַנד, האָבן אויך געמוזט ברענגען דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק, — און ער האָט טאַקע צו יענער צייט אָנגעהויבן זיך צו באַווייזן אין פוילן.

דער לעצטער פּרואוו פון אַ נאַציאָנאַל־פוילישער פאַרשווערונג איז נאָך געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1876. אין שייכות מיט דער רוסיש־טערקישער מלחמה האָט אַ אַ גרופּע פּאָליאַקן אָרגאַניזירט אַ קאָנספּיראַטיווע „קאָנפעדעראַציע פון פוילישן פאָלק", וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו גרינדן אַ פוילישן לעגיאָן אויף צו קעמפן צוזאַמען מיט די טערקן קעגן רוסלאַנד. שטאַרק דערמוטיקט דורכן בריטישן פּרעמיער לאָרד ביקאָנספילד, וועלכער האָט צוגעזאָגט הילף מיט געווער און געלט, האָט די דאָזיקע „קאָנפעדעראַציע", וואָס איז באַשטאַנען פון אַ הייפל אינטעליגענטן און שלאַכטע, דאָס רוב געוועזענע אָנטיילנעמער פון לעצטן פוילישן אויפשטאַנד, — געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף דער שטיצע פון די יידן, הגם אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע זיינען יידן אינגאַנצן נישט געווען טעטיק. אידענטיפיצירנדיק לאָרד ביקאָנספילד מיטן „גאַנצן ישראל", האָבן די קאָנספּיראַטאָרס אַפּעלירט צו די יידן מיטצואַרבעטן אין דעם קאַמף, וועלכן „דער היסטאָרישער מאָמענט מאַכט מעגלעך". אין אַ געהיימער אינסטרוקציע צו די „באַאַמטע פון דער קאָנפעדעראַציע פון פוילישן פאָלק", אַרויסגעגעבן אין 1876, ווערט געזאָגט וועגן יידן אַזוי: „מיט יידן דאַרף מען זיך באַמיען צו לעבן בשלום, ווייל אין דער איצטיקער מלחמה זיינען אונזערע אינטערעסן און די יידישע אינטערעסן — אידענטיש ד"ה אונז, אַזוי גוט ווי זיי גייט אין דעם, אַז די „מאָסקאַלעס" זאָלן פאַרטריבן ווערן פון לאַנד. אין די קהילות

דאַרף מען זיך באַמיען צו געווינען פאַרבינדעטע צווישן די קהילה־לייט, צום בעסטן דעם רב גופא, אויב ער איז באמת דער ראש הקהל. דאָס רוב טרעפט אָבער, אַז דער ראש־בית־דין אָדער דער דיין זיינען די פירער פון די קהילות. פון די קהילות גופא דאַרף קאָנסטיטואירט ווערן אַ מאַכט, וואָס זאָל אַכטונג געבן אויף די יידן... עס איז ווינציק צו מאַכן יידן אומשעדלעך, מען דאַרף זיי אויך וועקן צו אַקטיווע קרבנות, אויב נישט מיט בלוט — איז לכל הפחות מיט געלט און רעקוויזיציעס. דער אַקטיווער אָנטייל פון די יידן אין דער גרויסער נאַציאָנאַלער אַרבעט וועט די יידן באַשיצן קעגן דער פאַרביסנקייט פון די פאָלקס־מאַסן בכלל, און פון די אוקראַינישע בפרט. עס איז קיין שום ספק נישט — פאַרענדיקט זיך די דאָזיקע מערקווירדיק נאַאיווע אינסטרוקציע פונם לעצטן פּוילישן נישט־געלונגענעם אויפשטאַנד, — אַז רוסלאַנד וועט זיכער וועלן אויסנוצן די דאָזיקע שנאה קעגן דער אינטעליגענץ און דער שלאַכטע בכלל און קעגן די יידן בפרט".

בראש פון דער וואַרשעווער גרופּע „קאָנפעדעראַטן" איז געשטאַנען אַדאַם שימאַנסקי, דער שפּעטערדיקער מחבר פון דער באַרימטער דערציילונג „סרול ז' לובאַרטאָווא".

אויב אין דער לעצטער אירעדענטיסטישער פאַרשווערונג איז קיין ייד נישט געווען בנמצא, — איז דאָס נישט געווען דערפאַר, ווייל די פירער פון דער דאָזיקער קאָנספּיראַציע האָבן דאָס זיך נישט געוואונטשן, נאָר ווייל די יידן אַליין האָבן נישט געהאַט קיין אינטערעס דערצו.

אין דעם יאָר צענדליק 1863—1873 זיינען פאָרגעקומען טיפע סאָציאַל־עקאָנאָמישע שינויים אין לעבן פון לאַנד. די אידעאָלאָגישע ענדערונגען זיינען געווען אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג פונם דאָזיקן איבערברוך.

דער זון פונם פּאָליאַק פון משה רבינו'ס גלויבן פאַרוואַנדלט די נאַציאָנאַלע מיסיע אין אַ סאָציאַלע, און שטאַרק באַאיינפלוסט פון דער רוסישער נאַראָדניטשעסטוואָ, ווערט ער אַ גייער אין פּוילישן פּראָלעטאַרישן פאָלק. שוין דער ערשטער פּראָצעס קעגן סאָציאַליסטן, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין 1878, האָט צום בולטסטן באַוויזן די דאָזיקע מעטאַמאָרפאָזע. אין יענע פּראָצעסן פיגורירן 34 אָנגעקלאָגטע פון פּוילן, פון זיי אַ העלפט אינטעליגענטן און אַ העלפט אַרבעטער. בעת צווישן די אינטעליגענטן־סאָציאַליסטן זיינען געווען פינף יידן, איז צווישן די אַרבעטער נישט געווען קיין איינציקער. די אינטעליגענטן־יידן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, האָבן געשטאַמט פון פאַרמעגלעכע, שטאַרק פאַרפּוילישטע יידישע משפחות; זיי האָבן פון די היימען פון זייערע עלטערן געיירשנט שטאַרקע פּויליש־פּאַטריאָטישע סימפּאַטיעס. דאָס זיינען געווען דאָס רוב סטודענטן און לערער. צווישן זיי איז אויך געווען אַן „אינטעליגענטער פּראָלעטאַריער", דער לערער פון דער יידישער פאָלק־שול ביי דער וואַרשעווער גמינע, יצחק בן שמחה שיידער (געבוירן 1858). די יידישע פּרויען־סאָציאַליסטקעס זיינען אויך געווען פון רייכע הייזער, שטאַרק אַסימילירט. אין פּראָצעס ווערן זיי שטאַרק געלויבט פאַר זייער אַלזייטיקער בילדונג. דער רוסישער פּראָקוראָר האָט כאַראַקטעריזירט די יידישע פּרויען־סאָציאַליסטקעס, ווי „פאַנאַטישע און ליידנשאַפטלעכע יושר־זוכערקעס".

דער סאָציאַליזם האָט אין פּוילן אַריינגעבראַכט אַ נייעם אידייאישן אינהאַלט, וואָס האָט מיט זיין דינאַמישקייט און הומאַניטאַרן פאַרנעם אויפגערודערט די פאַרגליווערטע וואַסערן פון פּאָליטישן געדאַנק אין לאַנד. זיין אַנאַציאָנאַליסטישער און אוניווערסאַלער כאַראַקטער האָט געמוזט צוציען טיילן פון דער יידישער יוגנט, וועלכע האָט זיך געפילט ענג אין די שמאָלע געסלעך פון דער אידייענלאָזער אַסימילאַציע און פון דעם נאַציאָנאַליזם, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעאַקציאָנערע באַוועגונג. אויף איניקע פון זיי האָט דער פאַקט, וואָס סאָציאַליזם וויל קעמפן „פאַר פולע סאָציאַליסטישע גלייכקייט פון אַלע בירגער, אָן אונטערשייד פון געשלעכט, ראַסע און נאַציאָנאַליטעט", — ווי עס האָט דעקלאַרירט די ערשטע סאָציאַליסטישע צייטשריפט אין דער פּוילישער שפּראַך, די „רוּאַווּנאָשטש" (גלייכקייט, אַרויס אין זשענעווע אין 1879, נומער 1) — געמאַכט זייער אַ שטאַרקן איינדרוק.

חוץ דער אידייאישער ווירקונג פון דער רוסלענדישער באַוועגונג, האָט דאָס לאַנד גופא צוגעשטעלט גענוג באַווייזן וועגן דער עקספּלאָאַטאַציע פון אַרבעטער, אַז דער סאָציאַליזם זאָל זיך דאָ אַנטוויקלען. אין 7060 פאַבריקן האָבן אין 1872 געאַרבעט 119,900 אַרבעטער. געאַרבעט האָט מען צו 14 און אפילו צו 16 שעה אַ מעת־לעת. די רוסישע מאַכט איז דווקא אין פּוילן געווען שטרענגער צו די סאָציאַליסטן, ווייל זי האָט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג געזען אַ פאַרמאַסקירטע פאָרמע פון נאַציאָנאַלן קאַמף. אין דעם איז געווען אַ טייל אמת, ווייל אויך די ערשטע סאָציאַליסטן זיינען געווען שטאַרק נאַציאָנאַל, און זייער סאָציאַליזם האָט געטראָגן אַ דעמאָקראַטיש־פאָלקיסטישן כאַראַקטער.

אין אַ לאַנד, וואו דאָס פּאָליטישע לעבן איז געווען אַטראָפירט און די רוסישע מאַכט האָט זיך געפלייסט צו באַפעסטיקן איר הערשאַפט, איז סאָציאַליזם געווען אַ סך מער, ווי אַ ריכטונג, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַרן ענדציל עקאָנאָמיש פאַרבעסערן די לאַגע פון פּראָלעטאַריאַט. דער פאַקט, וואָס דער אַרבעטער האָט זיך געפילט גערודפט ווי אַן אַרבעטער און ווי אַ פּאָליאַק האָט געמוזט משפיע זיין די פּראָגראַמאַטישע איינשטעלונג. איין ריכטונג האָט געהאַלטן, אַז אויף דער־

ווייל, דאַרף דער סאָציאַליזם זיך אינטערעסירן נאָר מיטן עקאָנאָמישן קאַמף; די בונטאַרישע אינסטינקטן פון דער מאַסע וועלן סיי ווי קומען צום אויסדרוק. אַ צווייטע ריכטונג האָט געהאַלטן, אַז דער סאַמע עיקר אין סאָציאַליזם איז ניט דאָס נאַציאָנאַל־פּאָליטישע, נאָר דאָס פּאָליטיש־עקאָנאָמישע. „די אידייע פון סאָציאַליזם — האָט געשריבן דלוסקי, איינער פון די ערשטע פּיאָנערן פון סאָציאַליזם אין פּוילן — איז ברייטער און גרעסער פון דער אידייע פון פּאַטריאָטיזם".

אין פּראָצעס פון פונאַנדערוויקלען די אידעאָלאָגישע לאָזונגען — האָבן די דאָזיקע צוויי ריכטונגען אָנגעהויבן זיך זייער בולט אויסטיילן. די קולטור־ירושה פון די יחידים, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דאָזיקן אידעאָלאָגישן וויכוח, איז געקומען שאַרף צום אויסדרוק. פּונקט ווי מען האָט געפונען אינטעליגענטן און פּריצישע זין אין לאַגער פון די עקאָנאָמישע סאָציאַליסטן, אַזוי האָט מען אויך געזען אַרבעטער, אָנהענגער פון פּאַטריאָטישן סאָציאַליזם. אין ביידע ריכטונגען געפינען זיך יידן. אויב זייער צאָל איז אינם „אַנטי־פּאַטריאָטישן" לאַגער געווען גרעסער, איז דאָס געווען נישט מער ווי אַ רעאַקציע קעגן דער פּויליש־פּאַטריאָטישער איבערלאָדנקייט, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון זייערע היימען. וועגן דעם דערציילן אַ סך יידן־סאָציאַליסטן אין זייערע מעמואַרן.

פאַקטיש ווערט דער דאָזיקער אידעאָלאָגישער קאַמף בולט ערשט נאָכן יאָר 1880, הגם די ערשטע סימנים פון די חילוקי דעות לאָזן זיך אָנמערקן שוין פאַר דער דאָזיקער דאַטע.

אין 1880 האָט לודוויק וואַרינסקי (1856—1889), אַ באַרימטער פּוילישער סאָציאַליסט, גרינדער פונעם ערשטן „פּראָלעטאַריאַט" (אין 1882), געהאַלטן אין זשענעווע אַ רעדע אין שייכות מיטן 50־יאָריקן יובילייי פון נאָוועמבער־אויפשטאַנד פון 1831. אין דער דאָזיקער רעדע האָט ער צווישן אַנדערן געזאָגט:

„היינט זיינען אונז פרעמד די אידעאַלן פון סלאַווישע פּעדעראַציעס, וואָס באַקונין האָט אויסגעחלומט, עס זיינען אונז גלייכגילטיק די אָדער יענע גרענעצן פון דער פּוילישער מלוכה, מיט וואָס אונזערע פּאַטריאָטן פאַרנעמען זיך. די גאַנצע וועלט איז אונזער פּאָטערלאַנד. מיר זיינען נישט קיין קאָנספּיראַטאָרס פון 1830, וואָס זוכן זיך קעגנזייטיק, כדי צו פאַרגרעסערן אונזערע רייען. מיר זיינען נישט קיין קעמפער פון 1863, וואָס פלאַמען מיט אַ שטאַרקער שנאה צום צאַראַט און וואָס פאַלן אויף די שלאַכט־פעלדער פון נאַציאָנאַלן קאַמף... מיר זיינען לאַנדסלייט, מיטגלידער פון איין גרויסער נאַציע, וואָס איז מער אומגליקלעך, ווי פּוילן איז: דאָס איז דאָס פאָלק פון פּראָלעטאַריער... און ווען עס וועט קומען די שעה פון אונזער אויפשטאַנד, וועלן אייך באַגריסן נישט די אויסרופן: „זאָל לעבן פּוילן", אָדער: „זאָל מאָסקווע אונטערגיין", נאָר איין בשותפותדיקער אויסרוף צו דער גאַנצער וועלט פון פּראָלעטאַריער: „זאָל לעבן די סאָציאַלע רעוואָלוציע".

אָבער שוין מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט דערזעלבער וואַרינסקי פאָרמולירט די פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט", און פון איר איז געווען קלאָר, אַז דער נאַציאָנאַלער מאָמענט איז מער נישט קיין ביי־זאַך, הגם אויב נישט דער סאַמע עיקר. דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט — האָט ער געשריבן — איז דערפאַר מער צוריקגעשטאַנען, ווייל ער איז גערודפט פון דער רוסישער מאַכט, און פון אייגענע עקספּלואַטאַטאָרס. דער באַגריף „פּוילישער פּראָלעטאַריאַט" איז אין זיך גופא געווען אַ נאַציאָנאַלער באַגריף און נישט קיין געאָגראַפישער טערמין. אמת, די ערשטע פּראָלעטאַריאַטשיקעס האָבן גערופן צום קאַמף דעם פּוילישן אַרבעטער צוזאַמען מיט די אַרבעטער „פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן". אין פּוילן גופא האָבן נישט וואַרינסקי און נישט די אַנדערע פון זיין קרייז, בתוכם די יידן־רעוואָלוציאָנערן, באַמערקט דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. ערשט נאָך די פּאָגראָמען פון 1881 שווימט אַרויס אין פּוילן, אַזוי גוט ווי אין רוסלאַנד, דער ענין יידישער אַרבעטער־קלאַס מיט אַלע זיינע ספּעציפישע יידישע אינטערעסן.

## 4. יידן אין קאָנגרעס־פּוילן אין די יאָרן 1881—1900

צוויי וואָכן נאָך דעם, ווי די רעוואָלוציאָנערע באָמבע האָט פאַרענדיקט די ממשלה פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, איז אין יעליזאַוועטגראַד אויסגעבראָכן דער ערשטער פּאָגראָם אויף יידן דעם 15טן אַפּריל 1881. דאָס איז געווען אַ פּראָלאָג צו אַ כוואַליע פּאָגראָמען, וואָס האָט אין אַ קורצער צייט אַרומגענומען צענדליקער שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד. אָנהויב מאַי איז די פּאָגראָם־כוואַליע שוואַכער געוואָרן. נאָך אַ קליינער הפסקה, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז יולי, האָט זיך די אַנטי־יידישע כוואַליע ווייטער אַ הויב געטאָן און האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן חודש. איבער הונדערט שטעט, דאָס רוב אין דרום־רוסלאַנד, זיינען געפאַלן קרבנות פון די פּאָגראָמען.

די דאָזיקע געשעענישן האָבן אויפגערודערט די געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון אייראָפּע. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן פּראָטעסט־מיטינגען, מען האָט געזאַמלט פאָנדן לטובת די געליטענע אַאַז"וו. אויך אין פּוילן האָט מען אין דער פּרעסע גענומען שטעלונג צו די אַנטי־יידישע פּאָגראָמען, הגם די צענזור האָט געמאַכט גרויסע שוועריקייטן.

אין חודש מאַי האָבן זיך אין פוילן פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מען גייט „שלאָגן יידן". דער וואַרשעווער ביסקופּ האָט געוואָרנט די קריסטלעכע באַפעלקערונג, זי זאָל זיך נישט לאָזן פּראָוואָצירן. דער ראַבינאַט איז אַרויס מיט אַ קול־קורא, אין וועלכן ער האָט באַרואיקט די יידן אין שייכות מיט די פּאָגראָם־קלאַנגען.

די פוילישע פּרעסע איז געווען טיף איבערצייגט, אַז דאָס וואָס איז פאָרגעקומען אין רוסלאַנד, קען אין פוילן קיינמאָל נישט פּאַסירן.

אַלעקסאַנדער שווענטאָכאָווסקי, וועלכע איז צו יענער צייט אָנערקענט געוואָרן פאַרן רעפּרעזענטאַטיווסטן פוילישן פּובליציסט, האָט אין אַ רייע אַרטיקלען קאָנסטאַטירט: הגם אַ טייל פוילישע צייטונגען איז אַנטיסעמיטיש, און מען האָט די יידן נישט ליב, — דאָך איז אַ פּאָגראָם אויף יידן אין פוילן אַן אוממעגלעכע זאַך. מיט גרויס הנאה האָט שווענטאָכאָווסקי געשריבן, אַז די זעלבע פּרעסע, וואָס געוויינטלעך אַטאַקירט זי יידן, איז אונטערן איינפלוס פון די געשעענישן אין רוסלאַנד געוואָרן אַ סך טאָלעראַנטער. צווישן די שורות פון די דאָזיקע אַרטיקלען האָט מען אָבער געקענט לייענען: די פוילישע געזעלשאַפט פאַרדינט אַ שכר פאַר אַזאַ „פיין" באַנעמען זיך.

שווענטאָכאָווסקי שטעלט פעסט, אַז עס זיינען פאַראַן כלערליי חילוקי־דעות און קאָנפליקטן צווישן יידן און נישט־יידן; עס איז איצט די צייט, אַז יידן זאָלן זיך דערנענטערן צו די פּאָליאַקן ד"ה זיי זאָלן זיך פולשטענדיקער אַסימילירן. „כל זמן די יידן וועלן האָבן ביי אונז זייערע אייגענע בלעטער, אייגענע שולן, אייגענע חברות, אַזוי לאַנג ווי זיי וועלן זיך אומגעשטערט סעפּאַרירן פון דער פוילישער געזעלשאַפט און די פוילישע געזעלשאַפט איז געשטערט צו מאַכן אַ סוף פונם דאָזיקן סעפּאַראַטיזם, — אַזוי לאַנג קען נישט זיין קיין רייד פון אַ פאַראייניקונג" — אַזוי האָט געשריבן שווענטאָכאָווסקי. „היינט, מאָרגן — שרייבט ער — וועט מען נאָך קענען דעם פייער פאַרלעשן. ווער קען אָבער ערב־זיין, אַז פון די באַהאַלטענע פונקען וועט אַמאָל ווידער נישט אַ פלאַם טאָן? ווער קען ערב־זיין, אַז דאָס זעלבע פוילישע פאָלק, וואָס היינט רעאַגירט עס נישט אויף די פאַרברעכערישע העצעס, וועט אין אַ שיינעם טאָג אין אַ מאָמענט פון שוואַכקייט זיך נישט צוהערן צו דעם העצן און וועט זיך נישט נוקם זיין?".

דער „שיינער טאָג" איז געקומען אַ סך שנעלער, ווי מען האָט דערוואַרט.

דער פּאָגראָם אין וואַרשע איז פאָרגעקומען זעקס חדשים נאָך דעם, ווי שווענטאָכאָווסקי האָט אָנגעשריבן די דאָזיקע מעמענטאָ־ווערטער. דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן זונטיק דעם 25טן דעצעמבער, 1881, אין אַ קירך האָט עמיצער געמאַכט אַ פאַלשן פייער־אַלאַרם. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל פאַר אַ דריי־טאָגיקן פּאָגראָם, וואָס האָט אַרומגענומען נישט נאָר די ריין־יידישע גאַסן פון שטאָט, נאָר אויך יענע גאַסן, וואן יידן און פּאָליאַקן האָבן געוואוינט צוזאַמען. אין צענטער פון דעם יידישן קוואַרטאַל, ווי די נאַלעווקעס, האָבן יידן ווייניק געליטן, ווייל דאָרט איז געווען אָרגאַניזירט אַ זעלבסט־שוץ, וואָס איז באַשטאַנען פון משרתים. סאָקאָלאָוו שרייבט אין זיינע זכרונות אַז די משרתים האָבן „ממש נאַפּאָלעאָניש אַריינגענאַרט [די פּאָגראָמטשיקעס] און האָבן געבראָכן די ביינער, כמעט ווי אַ „יידישער לעגיאָן".

במשך פון די דריי טעג זיינען פּאָגראָמירט געוואָרן 1500 יידישע דירות, דאָס רוב פון בירגערלעכע און בעל־מלאכהשע קרייזן. עס זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן 27 יידן, פון וועלכע דריי זיינען געשטאָרבן. דער מאַטעריעלער היזק איז אָפיציעל אָפּגעשאַצט געוואָרן אויף 80.000 רובל — הגם אומאָפיציעל האָט מען אָנגעגעבן אַ היזק פון איבער אַ מיליאָן רובל. לויט דער אויספאָרשונג פון דער אונטערזוכונג־קאָמיסיע, האָבן אַ פאַקטישן היזק געליטן 948 משפחות. דעם גרעסטן היזק האָט געהאַט קליינע סוחרים, גאַסן־הענדלער, בעלי־מלאכות און שענקערס.

אויף דער פוילישער באַפעלקערונג האָט דער פּאָגראָם געמאַכט אַ פּיינלעכן איינדרוק. אַ קאָמיטעט פון פוילישע פּני איז געגאַנגען צום גובערנאַטאָר אַלבעדינסקי און געבעטן, מען זאָל דערלויבן גרינדן אַ בירגער־וואַך פון חשובע פּאָליאַקן, וואָס וועט זיכער העלפן באַרואיקן די שטאָט. דער גובערנאַטאָר האָט תיכף אָנגעפרעגט ביי אַלעקסאַנדער דעם דריטן, און יענער האָט געענטפערט: ער איז צופרידן וואָס דעם פּאָגראָם האָט מען דערשטיקט אָן בלוט־פאַרגיסן; אין איצטיקן מאָמענט איז וויכטיק צו טאָן אַלץ וואָס איז נישט מסוגל „אויפצולעבן די בעלי־חלומישע שטרעבונגען פון די פּאָליאַקן". דער געדאַנק פון אַ פוילישער בירגער־וואַך איז אין פּעטערבורג באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פאָרשפּיל צו אַן אויפשטאַנד, פּונקט ווי דאָס איז געווען אין 1861.

דעם 28טן דעצעמבער האָט דער שעף פון דער וואַרשעווער זשאַנדאַרמעריע איבערגעשיקט קיין פּעטערבורג אַן אויספירלעכן באַריכט וועגן וואַרשעווער פּאָגראָם. דעם זעלבן טאָג איז דער ראַפּאָרט איבערגעגעבן געוואָרן אַלעקסאַנדער דעם דריטן.

„אין דער פרי האָבן זיך די אומרואען באַנייט — שרייבט דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע — מען זעצט פאָר דאָס פּאָגראָמירן יידישע שענקען, קלייטן, דירות; דאָס מיליטער קען נישט אָנגיין מיט אויסמיידן די חורבנות; ביים דערנענטערן זיך אָבער פון מיליטערישע אָפּטיילונגען מאַכט דער המון פּליטה. מען האָט אַרעסטירט איבער פינף הונדערט מאַן, פון

זיי אַ סך שיכורים און מינדעריעריקע. דער עולם סימפּאַטיזירט מיטן חרוב־מאַכן די יידן: די אומרועןווערן פאָרגעזעצט״. אויף דעם ראַפּאָרט האָט דער צאַר צוגעשריבן: „דאָס איז מיאוס און ס׳באַווייזט נאָר, אַז מיר מוזן וואָס שנעלער אַ סוף מאַכן [אונטערגעשטראָכן אין אָריגינאַל] פון דער יידן־פּראַגע״. און ווען פון וואַרשע איז דעם 2טן יאַנואַר 1882 אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע, אַז אין שטאָט איז רואיק, און אַז אין די אַנדערע גובערניעס פון פוילן איז נישטאָ קיין סימנים פון אומרועןּ, האָט אַלעקסאַנדער דער דריטער צוגעשריבן צום ראַפּאָרט:

„זאָל גאָט געבן אַז אַזוי זאָל ווייטער אָנגיין״.

ער האָט שטאַרק מורא געהאַט, אַז די פּאָליאַקן וועלן אויסנוצן דעם פּאָגראָם ווי אַ גוטע געלעגנהייט צו מאַכן אַן אויפשטאַנד. דער שאָטן פון 1863 האָט געשראָקן די פּעטערבורגער מאַכט־האָבער.

דער געוואַלדיקער רושם, וואָס דער פּאָגראָם האָט געמאַכט אין גאַנץ אייראָפּע, האָט די פּוילישע געזעלשאַפט מער איבערראַשט, ווי דער פּאָגראָם גופא. אויף אַ זיצונג פון דער „בירגערלעכער רעסורסע״ — אַ קלוב פון די פּראָמינענטע פּוילישע געשעפטסלייט — האָט דער באַנקיר און פאַבריקאַנט יאַן בלאָך געמאַכט אַ פאָרשלאָג (דעם 27טן דעצעמבער 1881), אַז מען זאָל תיכף אויספועלן און איינפירן קריגסצושטאַנד. ער האָט אויך געזאָגט, אַז מען דאַרף אויפהענגען אַ פּאָר רויבער, כדי אָפּשרעקן די אַנדערע.

אויף דעם האָט געענטפערט גראַף לודוויק קראַשינסקי: ער איז קעגן בלאָכס פאָרשלאָג און ער וויל אפילו נישט, עס זאָל געשאַפן ווערן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט צו העלפן די געליטענע יידן. „דאָרטן וואו עס איז נישטאָ קיין שולד — האָט ער געזאָגט — קען אויך נישט זיין קיין שום רייד וועגן חרפה״. ער האָט פאַרטיידיקט די „פּוילישע קריסטלעכע באַפעלקערונג״ און געזאָגט, אַז נישט זי איז שולדיק, נאָר „אַ באַנדע גאַסן־יינגלעך און אויסוואורפן״.

אַ פּוילישער פּובליציסט — איינער ווזדולסקי — האָט געשריבן, אַז דער פּאָגראָם איז געווען אַ דערשיינונג „וואָס קען אויפרעגן יעדן איינעם״, אָבער די אויספירן, וואָס די פּרעסע האָט געמאַכט וועגן גאַנצן ענין, זיינען „פאַרבלאָזן״.

„מען האָט מיטגעפילט, מען האָט זיך געקאָכט און זיך געשעמט (און מיט רעכט) — האָט ער געשריבן — מען האָט אַרויפגעלייגט די שולד אויף פרעמדע, אָבער די אמתע סיבה פון די טרויעריקע געשעענישן האָט מען קיין איין מאָל בולט נישט געוואָלט אָדער נישט געקענט אַרויסברענגען. מען האָט פאַרגלעט, באַרואיקט און פאַרשמירט דעם גאַנצן ענין אויף פּאַפּיר, בעת אין לעבן איז די יידן־פּראַגע געבליבן דאָס, וואָס זי איז פון פריער געווען: אַ גרויסע סאָציאַל־עקאָנאָמישע און גלייכצייטיק אַ נאַציאָנאַלע פּראַגע. אונז דוכט זיך, עס וואָלט געווען אַ סך נוצלעכער און פּראַקטישער צו זאָגן די יידן, אָנשטאָט אונטערצוטראָגן זיי בלעטלעך פון ליבע און אַחדות, אָט וואָס: ראַבירט נישט רעכטלעך, וועט מען אייך נישט ראַבירן אומגערעכט; און צו אונזערע [פּאָליאַקן]: „באַשיצט זיך און ראַטעוועט זיך, ווייל עס וועט אייך טרעפן פון יידן דאָס, אויף וואָס איר האָט פאַרדינט. עס וועט קומען אַ צייט, ווען איר וועט אויף אייער אייגן לאַנד נישט האָבן קיין שטיקל ברויט״.

די פּראָגרעסיווע פּוילישע עלעמענטן האָבן מיט אים נישט איינגעשטימט. אין די ראַדיקאַל־נאַציאָנאַלע פּוילישע קרייזן האָט געהערשט די מיינונג, אַז דער וואַרשעווער פּאָגראָם איז נישט מער ווי אַ „קליינע אַוואַנטורע״; יידן גופא בלאָזן זי אויף, כדי צו שעדיקן פוילן.

אונטערן איינדרוק פון די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד האָט עליזאַ אָזשעשקאָוואַ אָנגעהויבן פּיבערהאַפט צו אַרבעטן, אַז די פּויליש־יידישע באַציאונגען זאָלן בעסער ווערן און אַז די כוואַליע פון מיליטאַנטישן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט פאַרפלייצט דעם רוסישן תחום, זאָל נישט אַריינשטראָמען קיין פוילן. אין אַ בריוו צום אַדוואָקאַט אַדאָלף קאָן, דעם מיטרעדאַקטאָר פון פּויליש־יידישן וואָכנבלאַט „איזראַעליטאַ״, האָט זי געשריבן (אין אויגוסט 1881): זי שרעקט זיך דער „ענין פון אחדות״ צווישן יידן און פּאָליאַקן זאָל נישט צעשטערט ווערן. „איך ווייס — האָט זי געשריבן — אַז די פּאָליטישע תנאים, אין וועלכע מיר לעבן, און די אוממעגלעכקייט צו שאַפן געזעצן און אויך אינסטיטוציעס, אין וועלכע מיר נויטיקן זיך, — האַלטן אָפּ אין אַלע ספערן דעם פּראָגרעס, ממילא אויך אין דער ספערע פון דער יידן־פּראַגע״.

זי האָט געהאַט צו יענער צייט מאָמענטן פון גרויס יאוש און געטראַכט: אפשר איז „די גאַנצע אַרבעט אַרויסגעוואָרפן״.

גראָד צו יענער צייט האָט זי געשריבן וועגן דעם צו אירן אַ פריינט, ווענען זי האָט געשעצט ווי אַ פּוילישן פּאַטריאָט און אַ שריפטשטעלער. דאָס איז געווען פּולקאָווניק זיגמונט מילקאָווסקי, מער באַקאַנט אונטער זיין ליטעראַרישן פּען־נאָמען יעזש. אַ וועטעראַן פון דער אונגערישער רעוואָלוציע פון 1848, אַ מיטגליד פון דער צענטראַליזאַציע פון דער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט און פון דער פּוילישער נאַציאָנאַלער רעגירונג אין אויפשטאַנד פון 1863, איז יעזש געווען דער לעבעדיקער סימבאָל פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט־באַוועגונג. אַן אַלטער קאָנספּיראַטאָר, אַ גלענצנדיקער שרייבער, האָט ער געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער פּוילישער נאַציאָנאַל־פּאַטריאָטישער יוגנט. אָזשעשקאָוואַ האָט אים

געשריבן וועגן אירע געפילן אין שייכות מיט די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד און אויך מכוח די וואַקסנדיקע אַנטי־יידישע שטימונגען אין פוילן גופא. אויף דעם האָט איר יעזש דעם 23טן מאַי 1881 געענטפערט פון פאַריז, וואו ער האָט דעמאָלט געוואוינט, אַזוי: „איר שרייבט מיר, טייערע פרוי, וועגן דער זאַווערוכע, וואָס האָט באַדראָאָט די יידן. דאָס איז זייער טרויעריק. אָבער וואָס קען מען טאָן? איז דען דאָס נישט פאַר זיי אַ היסטאָרישע הזהרה? אומעטום וואו זיי געפינען זיך אין אַ וואָגיקער מינדערהייט, אין רומעניע, אין דייטשלאַנד און אויך ביי אונז — אומעטום רופן זיי אַרויס דעם ווידערווילן פון כלל... אומעטום פאָדערן זיי גלייכבאַרעכטיקונג און זיי קריגן דאָס... און גרינדן תיכף אַן אַליאַנס איזראַעליט... צו וואָס? כדי זיך צו אונטערשיידן פון דער געזעלשאַפט, וועמענס אינטעגראַלער טייל זיי זיינען, אַזוי ווי אַ באַזונדערע קערפּערשאַפט, ווי אַ געזעלשאַפט אין אַ געזעלשאַפט — ווי אַ מכה, וואָס אין איין פּלאַץ איז זי אַ שטער, און אין אַ צווייטן (ווי ביי אונז) ליידער אַ קרענקלעכע מכה. די דאָזיקע מכה פאָדערט אַ ראַדיקאַלע רפואה: אָנווענדן בילדונג, צוואַנגס־בילדונג, פאַר יידן, אַזוי גוט ווי פאַר קריסטן. אָבער איידער דאָס וועט געשען, מוזן פאַרקומען סאָציאַלע אויפציטערונגען, אָט טאַקע אַזעלכע, ווי עס קומען פאַר ביי אונז אין איצטיקן מאָמענט... דאָס ליגט אין דער נאַטור פון דער זאַך גופא. פון גאַנצן האַרצן איז מיר אַ רחמנות אויף די יידן. ווען איך וואָלט אַזוי געקענט, ווי איך קען נישט, וואָלט איך זיי געגעבן אַן עצה אַרויסרייסן זייער גאווה פון האַרצן, אַראָפּוואַרפן די קאַפּאָטעס און פאות, פאַרוואַרפן די חדרים, אויפלייזן זייערע נאַציאָנאַל־רעליגיעזע האַנדלס־געשעפטן, באַגראָבן די טאָדרעסן [אַ געשטאַלט אין מאיר יאָזעפאָוויטש]... זאָלן זיי לייענער מאירן [יאָזעפאָוויטש] און פאַרברענען דעם תלמוד".

אָזשעשקאָוואַ האָט נישט מסכים געווען מיט יעזשעס אויפפאַסונג פון דער אַנטי־יידישער באַוועגונג. זי האָט אים אויפגעקלערט, אַז פון דער ווייטנס זעען נישט די פוילישע פּאָליטישע עמיגראַנטן דעם ענין אַזוי קלאָר, ווי זי, וואָס געפינט זיך אין לאַנד. פאַרקערט — שרייבט זי — אין פוילן קוקט מען אויף די פּאָגראָמען, ווי אויפן „ערשטן דונער", וואָס וועט נאָך מיטברענגען אַ סך מער נישט לטובת פוילן, נאָר לרעה. מיט יעזשעס „פּראָגראַם" האָט אָזשעשקאָוואַ איינגעשטימט, אָבער „פּאָגראָמען איז נישט קיין לעקציע", — האָט זי געשריבן. פאַרקערט: „קאַפּאָטעס, פאות און חדרים זיינען איצט די יידן צען מאָל טייערער געוואָרן, ווי מיט אַ חודש צוריק" — שרייבט זי צו אים (דעם 29טן מאַי 1881).

יעזש האָט אָבער פאַרטיידיקט זיין שטאַנדפּונקט, און אין אַ לאַנגער תשובה צו דער מחברטע פון „מאיר יאָזעפאָוויטש" באַרעכטיקט זיינע אַנטי־יידישע שטימונגען.

נאָכן וואַרשעווער פּאָגראָם האָט אָזשעשקאָוואַ אָנגעשריבן אַ גרויסע בראָשורע, וואָס איז שוין דעם 26טן יאַנואַר 1882 געווען פאַרטיק צום דרוק. אין אַ בריוו צו יעזשן שרייבט זי: זי דערוואַרט נישט קיין פיינעם קבלת־פּנים, נישט פון דער פּרעסע און נישט פון די פוילישע לייענער, מען וועט זיכער באָיקאָטירן דאָס בוך, ווייל זי פאַרטיידיקט צו שטאַרק די יידן. דאָס געלט אויף אַרויסצוגעבן די אַרבעט האָט זי באַקומען פון איר פריינט, אַ וואַרשעווער יידישער אַדוואָקאַט לעאָפּאָלד מייעט, וועלכער איז געווען באַקאַנט ווי אַ מעצענאַט פון דער פוילישער ליטעראַטור און קונסט.

יעזש קוקט אויפן פּאָגראָם ווי אויף חבלי־לידה פון אַ „נייעם מאָרגן", דערפאַר מינימיזירט ער דעם גאַנצן ענין און בעט אויך אָזשעשקאָוואַן, אַז זי זאָל קוקן אויפן פּאָגראָם דורך זיינע... ברילן.

אויך פון יידישן צד זיינען געווען פּרואוון צו געווינען די פוילישע שריפטשטעלער פאַר אַ קאָלעקטיווער קאַמפּאַניע — שוין נישט אַזוי קעגן דעם פּאָגראָם, וועלכער איז שוין אַריבער, ווי קעגן דער וואַקסנדיקער כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פילן אין לאַנד.

די יידישע כלל־טוער האָבן תיכף דערפילט, אַז די נדבות, וואָס די פוילישע פּרעסע האָט געקליבן פאַר די געליטענע יידן, זיינען געווען אין תוך גענומען אַ לעגאַלע פאָרמע פון באַרעכטיקן די אַנטיסעמיטישע אומרוען. דער שלאָג־וואָרט פאַר די זאַמלונגען איז געווען: שאַפן אַ פאָנד, אַז יידן זאָלן זיך נעמען לערנען מלאכות, — און דאָס איז אויסגעטייטשט געוואָרן: קיינער לייקנט נישט דעם עצם פאַקט, אַז יידן זיינען פּאַראַזיטן און דערפון נעמט זיך די שנאה צו זיי.

דער היסטאָריקער און כלל־טוער הילאַרי (הלל) נוסבוים, וועלכער איז געווען באַפריינדעט מיטן באַרימטן שריפטשטעלער קראַשעווסקי, האָט זיך צו אים געווענדט מיט אַ בקשה, ער זאָל זאָגן זיין וואָרט אינם דאָזיקן פיינלעכן ענין. קראַשעווסקי האָט דערקלערט, אַז דער פּאָגראָם איז אַ... דייטשע אַרבעט. ער באַדויערט זייער, וואָס די אומרוען האָבן אַראָפּגעשלעפּט די יידן פון דעם וועג, וואָס פירט צו אַסימילאַציע, און האָט זיי צוריקגעבראַכט אין געטאָ אַריין. נוסבוים גופא דערקלערט, אַז דער פּאָגראָם האָט אויפגעוועקט אין די יידישע מאַסן אַ ליבע צו דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, און ער באַקלאָגט זייער שטאַרק די דאָזיקע טרויעריקע רעזולטאַטן פון די וואַרשעווער אומרוען.

די אַסימילירטע יידן האָבן באַלד געפונען אַ

תרופה קעגן אַנטיסעמיטיזם. דער אַדוואָקאַט יוזעף קירשראַט, וואָס האָט זיך צוגעגעבן אַ פּוילישן נאָמען: פּראָווניצקי, איז אַרויס מיט אַן אויפרוף אַז יידן זאָלן זען פאַרפּויילישן זייערע נעמען (קוריער וואַרשאַווסקי, 1882, נומער 52).

דער עפּילאָג פון פּאָגראָם איז געווען: מען האָט אַ סך כוליגאַנעס געמשפּט, 142 יינגלעך, וואָס זיינען אַרעסטירט געוואָרן פאַר ראַבירן יידישע געשעפטן, צווישן וועלכע עס זיינען געווען עטלעכע יידישע יינגלעך פון אַסימילירטע משפחות, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר פּאָליאַקן, האָט מען אין דער אַנוועזנהייט פון זייערע עלטערן אָפּגעשמיסן און אָפּגעשיקט אַהיים..

די מאָראַלישע שמיץ פון דער יידישער געזעלשאַפט אין פּוילן האָבן זיך אָבער ערשט אָנגעהויבן. אין אַ פּרעכטיקער דערציילונג „מענדל גדאַנסקי" האָט מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ געגעבן אַן אויסדרוק צו די געפילן פון יידישן פאָלקס־מענטש, וועלכער האָט פּלוצלונג דערפילט, אַז זיין האַרץ האָט זיך „אָפּגעווענדט פון דער דאָזיקער שטאָט".

די מאַסע האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן עמיגראַציע, הגם דער געדאַנק איז נאָך אין פּוילן נישט געווען רייף.

די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג האָט אַ דאַנק דעם פּאָגראָם געפונען אַ גינציקן באָדן פאַר אַגיטאַציע. די פּוילישע פּרעסע האָט נישט געלייקנט די מאָראַלישע שולד פון דער פּוילישער געזעלשאַפט פאַרן שאַפן אַן אַטמאָספערע, אין וועלכער אַזאַ דערשיינונג איז מעגלעך געווען. זי האָט אָבער נישט געוואָלט, אַז דער גאַנצער ענין זאָל ווערן געלופּטערט אין דער פּרעסע פון אויסלאַנד... די וואַרשעווער קהילה האָט דעמאָנסטרירט איר פּוילישן פּאַטריאָטיזם מיטן אָפּזאָגן זיך אָנצונעמען געלט־שטיצע, וואָס יידן פון מערב־אייראָפּע האָבן צוגעשיקט לטובת די קרבנות פון פּאָגראָם. אויפן באַפעל פון שטאָט־פּרעזידענט האָט די וואַרשעווער סוחרים־פּאַראייניקונג גערופן אַ ספּעציעלע זיצונג. עס איז באַשלאָסן געוואָרן זיך ווענדן צו דער פּרעסע מער נישט צו דרוקן קיין העצערישע אַרטיקלען. עס איז אויך אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקער טשיקאַווער באַשלוס (די זיצונג איז פאָרגעקומען דעם 29טן דעצעמבער 1881, אַלזאָ עטלעכע טעג נאָכן פּאָגראָם): „יעדער בעל־מלאכה, געזעל אָדער תלמיד און אַלע אַרבעטנדיקע, ווי אויך „פּאָסלאַנצעס", לאָקייען, דאָראָזשקאָזשעס אאַז"וו מוזן זיך מעלדן צו דער אַרבעט יעדן יום־טוב בכלל, און בעת אומרוען בפרט, — אַז נישט וועט מען זיי מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך, ווי אָנטיילנעמער אין די אומרוען".

אין 1883 האָט יאַן יעלענסקי אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ וואָכן־בלאַט א. נ. „ראָליאַ". אויב אין זיינע פריערדיקע שריפטן האָט ער נאָך פאַרטיידיקט די אַסימילירטע יידן און געהאַלטן זיי פאַר „נוצלעכע עלעמענטן" — האָט ער זיך איצט דעקלאַרירט פאַר אַ פולשטענדיקן אַנטיסעמיט. אָפּערירנדיק מיטן וואָרט „אַסעמיטיזם", וואָס דער גלח מאָראַווסקי האָט אַריינגעפירט וועלנדיק מיט דעם באַצייכענען די שטרעבונג זיך צו באַגיין אָן יידן, — האָט יעלענסקי פאָרמולירט זיין אַנטיסעמיטישן פּראָגראַם, ווי אַ זעלבסטשוץ קעגן יידן. דאָס פּוילישע פאָלק דאַרף ליקווידירן די אַלטע שלאַכטעסקע פאַראורטיילן קעגן מסחר און אינדוסטריע, און צוטרעטן צו שאַפן אַן אייגענעם, פּוילישן מיטלקלאַס. דער מוסטער פאַר יעלענסקין איז געווען דאָס טשעכישע פאָלק. אָבער דער לאָזונג צו שאַפן אַן אייגענעם פּוילישן מיטלקלאַס איז אַרויסגערוקט געוואָרן נישט נאָר פון אַנטיסעמיטן, אויך אָזשעשקאָוואַ האָט גערופן נעמען אַ מוסטער פון די זעלבע טשעכן. אין איר ביכל „וועגן יידן און דער יידן־פראַגע" שרייבט זי: זי איז מסכים, אַז מען דאַרף יידן אויסשליסן פון האַנדל; די צרה איז אָבער, וואָס זי זעט נישט קיין פּוילישע פאַרטרעטער פאַר די דאָזיקע „פּלאַצואווקעס".

יעלענסקי וויל בכלל נישט טראַכטן וועגן יידן; אָזשעשקאָוואַ האָט געוואָלט די יידן „רעפאָרמירן", יעלענסקי וויל קודם־כל פּטור ווערן פון יידן. אַזוי ווי יידן לעבן פון פּאָליאַקן — האָט ער געשריבן — דאַרף מען זען, אַז נאָר פּאָליאַקן זאָלן לעבן פון פּאָליאַקן. דעמאָלט וועלן יידן מוזן עמיגרירן. די וואָס וועלן בלייבן, וועלן מוזן אָננעמען דעם קאַטוילישן גלויבן.

אין די יאָרן 1881—1891 מאַכט דורך דער אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן אַן עוואָלוציע פון אומחן צו אַ געוויסער גרופּע יידן — צו אַ שנאה צו אַלע יידן בכלל. די דאָזיקע עוואָלוציע איז חל נישט נאָר אויף די קלעריקאַל־קאָנסערוואַטיווע קרייזן, נאָר אויך אויף די ראַדיקאַלע.

דער נייער טעאָרעטיקער פון אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן טעאָדאָר יעסקע־כאָינסקי, וועלכער האָט געשפּילט די ראָלע פונם היסטאָריאָזאָפישן פּוסק אין די ענינים פון אַנטיסעמיטיזם, האָט מיט אַ סך יאָרן איידער ער האָט זיך גענומען צו קלייבן נעמען פון געשמדטע פּוילישע יידן — געשריבן, אַז נאָר שמד וועט לייזן די יידן־פראַגע אין פּוילן („וויעק", 1891, נומערן 21—26).

אפילו שווענטאָכאָווסקי, וועלכער האָט מוטיק און קאָנסעקווענט פאַרטיידיקט די יידן און שאַרף באַקעמפט יעלענסקין און זיין זשורנאַל „ראָליאַ", האָט אין אַ בריוו צו אָזשעשקאָוואַ (21טן מערץ 1890) געשריבן: עס איז שווער צו באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם, ווייל דאָס איז אַ שיטה, הינטער וועלכער עס שטייען „מענטשלעכע און מלוכהשע כוחות". געווען איז דער

דאָזיקער בריוו געשריבן אין שייכות מיט אַ געפלאַנטער זאַמלונג פון אַרטיקלען, וואָס אָזשעשקאָוואַ האָט געוואָלט אַרויסגעבן אין 1890, ווייל זי האָט געפילט, אַז די שנאה צו יידן האָט שוין אַרומגעכאַפט אפילו אַזעלכע יחידים, וועלכע האָבן דאָ ניט לאַנג געהויבן זייערע שטימען אין שוץ פון יידן. דער פלאַן איז צו יענער צייט נישט צושטאַנד געקומען, ווייל פוילישע שרייבער האָבן זיך נישט געוואָלט „קאָמפּראָמיטירן" מיט פילאָ־סעמיטיזם.

„איך בין נישט קיין גרויסע אָנהענגערין פון יידן — אָבער איך האָב פיינט אונטערדריקונג און אומיושר. איך וואָלט זיי (די יידן) נישט געקענט ליבן, ווען זיי וואָלטן געווען רואיק (!) און גליקלעך, אָבער ווען זיי זיינען גערודפט — דאַן האַלט איך מיט זיי" — אַזוי האָט געענטפערט מאַריאַ קאָנאָפניצקאַ. קאָנאָפניצקאַס צושטייער צום זאַמלבוך איז געווען די באַרימטע דערציילונג „מענדל גדאַנסקי", פאַרעפנטלעכט אין פעטערבורג, אין זשורנאַל "קראַי", וואָס אַ גרופּע פּראָגרעסיווע פּאָליאַקן האָבן אַרויסגעגעבן. אין לאַנד גופא איז ניין יאָר נאָכן פּאָגראָם געווען אוממעגלעך צו דרוקן אַ דערציילונג, וואָס שילדערט די שטימונג פון אַ וואַרשעווער יידן טאַקע אין שייכות מיטן דאָזיקן פּאָגראָם.

אויב יעלענסקי האָט פאָרמולירט דעם אַנטי־סעמיטיזם ווי אַן עקאָנאָמיש־סאָציאַלע פּראָבלעם, האָט די ראַדיקאַלע אינטעליגענץ געקוקט אויף דער דאָזיקער זאַך פון גאָר אַן אַנדערן שטאַנדפּונקט.

יוזעף פּאָטאָצקי איז געווען איינער פון די ערשטע וואָס האָט זיך באַמיט צו באַפאַרבן זיין נאַציאָנאַליזם מיט סאָציאַליסטישע פראַזן. ווי אַן אַרויסגעבער פון לעגאַלן סאָציאַליסטישן וואָכנבלאַט „גלאָס" (די שטימע), וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין יאָר 1886, האָט ער אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ דער יידן־פראַגע. אַ געוועזענער פייערדיקער פּאָזיטיוויסט, האָט ער דורכגעמאַכט אַן עוואָלוציע, וואָס האָט אים געבראַכט צום פּאַטריאָטישן סאָציאַליזם. אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען האָט פּאָטאָצקי געזאָגט אַ וואָרט, וואָס האָט שטאַרק אויפגערודערט דעם לאַגער פון די „פּראָגרעסיווע" יידן: אַסימילאַציע איז באַנקראָט — האָט ער געשריבן — ווייל אַסימילאַציע העלפט ניט לייזן די יידן־פראַגע, נאָר פאַרשאַרפט דעם קאָנפליקט צווישן דער יידישער און פוילישער אינטעליגענץ. דער דאָזיקער קאָנפליקט איז נישט נאָר אַן עקאָנאָמישער, נאָר אויך אַ פּסיכאָלאָגישער. די יידישע אַסימילאַציע איז אַ ריין־אויסערלעכע, אַ פאָרמעלע. פאַר אַן אמתן פוילישן פריידענקער איז די „יאַסנאַ גורא" אין טשענסטאָכאָוו, וואו עס געפינט זיך דאָס בילד פון דער „הייליקער מוטער", נאָך אַלץ אַ נאַציאָנאַלע הייליקייט, פאַרבונדן מיט די רעליגיעזע קאַמפן פון פוילן; פאַרן סאַמע פאַרפוילישטן יידן — איז דאָס אָבער ניט. דערפון נעמט זיך דער קאָנפליקט. די פוילישע אינטעליגענץ איז „היסטאָריש פויליש", בעת די יידישע אינטעליגענץ איז נאָר „קולטורעל פויליש". ממילא איז די יידישע אינטעליגענץ נישט מסוגל צו פאַרשטיין די אידייען און שטרעבונגען פונם פוילישן אינטעליגענט, וועלכער טראַכט אין טערמינען פון אַ היסטאָרישן המשך און אָנערקענט נישט די איצטיקע פּאָליטישע קאָנסטעלאַציע. עס איז אַ קאָנפליקט צווישן דער אַלטער פוילישער פאַרגאַנגענהייט פונם פוילישן אינטעליגענט מיט דער יונגער פאַרגאַנגענהייט פונם פאַרפוילישטן יידישן אינטעליגענט. דער ייד אָנערקענט דעם פּאָליטישן „סטאַטוס קוואָ" אויפריכטיק; דער פּאָליאַק — נאָר לפנים ווענן, כדי מיט דער צייט דערגיין צום „סטאַטוס אַנטע".

פּאָטאָצקי האָט רעפּרעזענטירט די אידעאָלאָגיע פון דער פוילישער פאָלקיסטישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דער „ליגאַ פּאָלסקאַ", אַ נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1886 און איז געוואָרן דאָס קערנדל פון דער שפּעטערדיקער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (געשאַפן אין יאָר 1897).

עס איז פון גרויס וויכטיקייט צו פאַרשטיין די געשיכטע פון די דאָזיקע אידייאישע שטרעמונגען. געשען איז דאָס אין אַ צייט, ווען פוילישע יידן האָבן אין אַ געוויסער מאָס עקאָנאָמיש זיך עמאַנסיפּירט פונם פוילישן מאַרק, צוליב דעם ווייל זיי זיינען געווען אַנגאַזשירט אין עקספּאָרט־געשעפטן. דער רוף צו שאַפן אַ פוילישן האַנדלס־קלאַס איז געווען נישט מער, ווי אַ וואונטש, וואָס האָט אָבער קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן נישט געבראַכט, ווייל עס האָט אין דער פוילישער באַפעלקערונג געפעלט דער נויטיקער עלעמענט. געווען אַ מאָמענט, ווען עס האָט זיך געדוכט, אַז די צאַרישע מאַכט גייט העלפן די פּאָליאַקן אין זייער קאַמף קעגן דער עקאָנאָמישער „העגעמאָניע" פון די יידן. אין פעטערבורג האָט מען שטאַרק גערעדט וועגן דעם, אַז די באַגרעניצונגען, וואָס די באַרימטע מאַי־געזעצן פון 1882 האָבן איינגעפירט אין רוסלאַנד, וועלן אויך איינגעפירט ווערן אין קאָנגרעס־פוילן. פאַרוואָס איז דאָס נישט געשען, איז לעת עתה נישט אויסגעפאָרשט געוואָרן. אָבער דער פאַקט גופא, אַז אַ טייל פון דער פוילישער פּרעסע איז געווען גרייט אַזעלכע באַגרעניצונגען צו באַגריסן, איז שוין געווען גענוג סימפּטאָמאַטיש פאַר די וואַקסנדיקע אַנטי־יידישע שטימונגען.

די פוילישע פּרעסע האָט נישט געלייקנט, אַז יידן האָבן אַ סך בייגעשטייערט צו דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד. זי האָט אַפילו הנאה געהאַט פון די פּראָטעסטן פון דער מאָסקווער האַנדלס־קאַמער קעגן דער וואַקסנדיקער קאָנקורענץ פון דער פוילישער אינ־

דוסטריע, וועלכע ווערט דורך די דאָרטיקע יידן פאַרשפרייט איבער די ברייטע שטחים פון דער רוסלענדישער אימפּעריע. זי האָט אָבער געהאַלטן אין טענהן: דאָס וואָס דייטשן און יידן טוען אויף אין פוילן האָט גאָרנישט צו טאָן מיט פוילישער אינדוסטריע. אַפילו דער פאַקט, וואָס טויזנטער פוילישע אַרבעטער זיינען באַשעפטיקט אין די גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, האָט אַ טייל פוילישע פובליציסטן נישט באַפרידיקט. זיי האָבן אויף דעם געקוקט, ווי אויף פוילישער שקלאַפעריי ביי נישט־פוילישע בעלי־בתים.

דער וואַרשעווער „בערזע־קאָמיטעט", וואָס האָט פאַרטראָטן דעם גרויס־קאַפּיטאַל פון לאַנד און האָט פאַרמיטלטביים פינאַנסירן אַ סך אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, האָט זיך תיכף גענומען פאַרטיידיקן דעם יידישן אָנטייל אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד; ער האָט געוואָלט אויף אַזאַ אופן אָפּשלאָגן די געפּלאַנטע אַטאַקעס אויף די רעכט, וואָס יידן אין פוילן האָבן נאָך געהאַט. דאָס, וואָס ביידע דעלעגאַטן פון „בערזע־קאָמיטעט" זיינען געווען חשובע רעפּרעזענטאַנטן פון דער יידישער פּלוטאָקראַטיע, איינער שוין אָפיציעל נישט קיין ייד (יאַן בלאָך) און דער צווייטער נאָך אַ ייד, אַ מיטגליד פון אַ „דינאַסטישער" משפחה פון קהל־פּאַרזאָרגער (העגריק נאַטאַנסאָן), — איז נישט קיין צופאַל. עס האָט זיך געהאַנדלט נישט נאָר וועגן וואָגיקע אַרגומענטן, אַז אַזעלכע באַגרענעצונגען, לויטן רוסישן מאָדעל, וועלן אין פוילן זיין מער שעדלעך, ווי זיי זיינען אין רוסלאַנד, נאָר אויך, אַז די אַרגומענטן זאָלן האָבן אַ וואָג אויף די ברעגן פון נעוואַ. בלאָך האָט אין פּעטערבורג געהאַט גרויסע פאַרבינדונגען אין די קרייזן, וואָס זיינען געווען קרוב למלכות.

אין זייער מעמאָראַנדום, וואָס איז אַ רעטראָספּעקטיווע שילדערונג פון יידישע דערגרייכונגען אין קאָנגרעס־פוילן זינט וויעלאָפּאָלסקיס אַקט פון יידישער עמאַנסיפּאַציע, האָבן ביידע דעלעגאַטן מיט אַ סך פאַקטישן מאַטעריאַל אָנגעוויזן, אַז מען קען יידן נישט פאַרבייטן; אַזוי גרויס איז זייער צושטייער צו דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד. אין זייער גוזמאדיקער כאַראַקטעריסטיק פונם יידנס פעאיקייטן פאַר מסחר זיינען די מחברים פונם מעמאָראַנדום געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן כאַראַקטעריזירט די פּאָליאַקן, ווי אַן עלעמענט, וואָס טויג זיך בכלל נישט פאַר די עקאָנאָמישע פונקציעס, וואָס יידן פירן אויס אין לאַנד.

אָט די לעצטע באַמערקונג האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פּראָטעסטן אין דער פוילישער פּרעסע. זי האָט אָנגעוויזן אויף די געוואַלדיקע עקאָנאָמישע דערגרייכונגען פון די פּאָליאַקן אין פּויזנער טייל.

דער פאַקט גופא, וואָס קאָנגרעס־פוילן איז געגאַנגען מיט גיגאַנטישע טריט אין דער ריכטונג פון אינדוסטריאַליזאַציע, און האָט אַבסאָרבירט אַ באַדייטנדיקן טייל יידן, איינגעשלאָסן די ניי־אָנגעקומענע פּליטים פון רוסלאַנד און ליטע, קרבנות פון איגנאַטיעווס אויסנאַם־געזעצן און פון גירוש מאָסקווע — איז געווען אַ סך וויכטיקער פאַר דער אַנטוויקלונג פון לאַנד, ווי די טעאָרעטישע חקירות. אין די יאָרן 1886—1900 האָט דער ווערט פון דער פּראָדוקציע אין קאָנגרעס־פוילן באַטראָפן 17.8 פּראָצענט פון דער גאַנצער רוסישער פּראָדוקציע, בעת פוילנס באַפעלקערונג האָט אויסגעמאַכט נאָר 7 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון דער רוסלענדישער אימפּעריע.

באַזונדערס שטאַרק אַנטוויקלט זיך די טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס איז קאָנצענטרירט כמעט אויסשליסלעך אין דער פּיעטריקאָווער גובערניע, וואו די שטאָט לאָדזש ווערט דער צענטער פון אַ פאַנטאַסטישער בליץ־אַנטוויקלונג. בעת אין 1870 האָבן לאָדזשער יידן אויסגעמאַכט 20 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, איז אין יאָר 1892 זייער פּראָצענט געווען קנאַפּע 25 און אין 1897 כמעט 31 און אַ האַלב. צוויי וויכטיקע פאַקטאָרן האָבן גורם געווען דעם וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג: די אימיגראַציע פון קלענערע שטעטלעך און אויך די אימיגראַציע פון רוסלאַנד. — אַ רעזולטאַט פון דער פּאָגראָם־כוואַליע פון 1881—1882. פון די ביאָגראַפיעס פון די סאַמע טיכטיקע יידישע „קאַפּיטאַנען" פון דער לאָדזשער אינדוסטריע אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן, זעט מען אַז אַ סך פון זיי זיינען געווען נישט קיין פוילישע יידן.

פאַר די יאָרן 1861—1897 האָט זיך דער יידישער אָנטייל אין דער לאָדזשער אינדוסטריע פאַרגרעסערט אויף דריי מאָל. אין דער זעלבער צייט פאַלט דער פּראָצענט יידישע סוחרים אויף איין דריטל, און דער פּראָצענט יידישע באַדינער און אָנגעשטעלטע, ד"ה פון פּראָלעטאַריאַט, האָט זיך כמעט ווי פאַרפירפאַכט.

די שנעלע אינדוסטריאַליזאַציע האָט ממילא פאַרגרעסערט די רייען פון יידישן בורזשואַזן קלאַס. אויב מען זאָל אָבער אורטיילן די רייכקייט פון אַ יידן לויט די שטייערן, וואָס אַזאַ ייד האָט געצאָלט צו דער קהילה, — האָט צום רייכן קלאַס געהערט נישט מער ווי 2.1 פּראָצענט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. דאָס איז געווען דער שפּיץ פון דער סאָציאַלער פּיראַמידע, וועלכע האָט אַנטפּלעקט אַ געוואַלדיקן קלאַסן־קעגנזאַץ, אַ שטאַרקן גורם פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש.

די לאָדזשער יידן שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין כלערליי אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. אין די

יאָרן 1881—1900 זיינען פון 261 אויפגעקומענע פאַבריקן געווען 105 — יידישע. דער צייט־קלימאַקס פאַר יידישע אונטערנעמונגען איז דאָס יאָר 1892, ווען עס קומען אָן אַ סך מאָסקווער פליטים. צווישן די פירמעס וועלכע האָבן זיך צו יענער צייט דערהויבן צום מאָסשטאַב פון וועלט־פירמעס, זיינען פאַראַן אייניקע באמת־פאַנטאַסטישע רעקאָרדן. אַזאַ איינע איז די קאַריערע פון ישראל פּאָזנאַנסקי (1833—1900): אַ קליינער „לוין־פאַבריקאַנט”, ד"ה אַזאַ וואָס גיט אַרויס באַשטעלונגען צו די לוינוועבערס, האָט פּאָזנאַנסקי אין 1860 געעפנט אַ קליין טעקסטיל־פאַבריקל. ער וואַקסט אַדאַנק זיינע ספּעקולאַציעס מיט רוי־באַוול אין דער צייט פון אַמעריקאַנער בירגער־קריג (1864). אין 1873 האָט ער שוין 200 וועב־שטולן, אין 1878 האָט ער אַ קאָלאָסאַלע שפּינעריי מיט 36 טויזנט שפּינדלען. אין 1889 ווערט זיין אונטערנעמונג פאַרוואַנדלט אין אַן אַקציען־געזעלשאַפט מיט אַ גרונט־קאַפּיטאַל פון 5 מיליאָן רובל, וואָס ווערט שפּעטער פאַרטאָפּלט. קיין יידן־אַרבעטער האָט פּאָזנאַנסקי „פּרינציפּיעל” נישט אָנגענומען. דערפאַר האָט ער אָבער אויסגעבויט פאַר יידן . . . אַ שפּיטאָל.

ענלעכע קאַריערעס האָבן דורכגעמאַכט אויך אַנדערע יידישע פאַבריקאַנטן, ווי אָשר (אָסקאַר) קאָן, שאַיע ראָזענבלאַט (1840—1922) מאַרקוס זילבערשטיין און אַ סך אַנדערע

אין 1897 זיינען אויפן שטח פון פּעטריקאָווער און קאָלישער גובערניעס געווען 290 וואָל־פאַבריקן, פון זיי 148 (51%) — יידישע. אין פאַרגלייך אָבער מיט דער פּראָדוקציע פון די נישט־יידישע אונטערנעמונגען, איז די יידישע — געווען אַ סך קלענער און האָט אויסגעמאַכט נאָר 37 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע. בעת אין דורכשניט איז די צאָל אַרבעטער אויף אַ נישט־יידישער פאַבריק געווען 65, איז אויף אַ יידישער געווען נאָר —— 43. אין דער באַוול־פּראָדוקציע זיינען אָבער די יידישע פאַבריקן געווען די גרעסערע. פאַראַלעל צו דעם אַנטוויקלען יידן די זאָקן־, טריקאָטאַזש־ און שפּיצן־אינדוסטריע, באַזונדערס אין קאָלישער געגנט. 49 פּראָצענט פון אַלע פאַבריקן אין די דאָזיקע בראַנזשעס האָבן געהערט צו יידן.

וואָס שייך דעם טעכנישן ניוואָ פון די דאָזיקע פאַבריקן, שרייבט וועגן דעם פיליפּ פרידמאַן אַזוי: „צו יידן האָט געהערט אַ העלפט פון אַלע מעכאַנישע פאַבריקן; אָבער די דאָזיקע יידישע פאַבריקן האָבן באַשעפטיקט דריי מאָל ווייניקער אַרבעטער, איידער די נישט־יידישע, און באַנוצט צוויי מאָל ווייניקער קראַפט. די גרעסטע צאָל יידישע פאַבריקן זעען מיר צווישן די וועבערייען און שפּינערייען, אָבער די נישט־יידישע אונטערנעמונגען זיינען אין דורכשניט גרעסער פון די יידישע.”

דער יידישער אונטערנעמער האָט, מיט קליינע אויסנאַמען, אָפּערירט מיט באַשיידענע געלט־מיטלען. ער האָט דערפאַר געמוזט זיין מער עלאַסטיש, אויסנוצן אַ גינציקע קאָניונקטור, אויסאַרבעטן וואָלוועלע סחורות און אַרבעטן דאָס רוב מיט „לוין־אַרבעטער” („פאַבריקאַנטן אָן פאַבריקן”). אַזאַ מין „פאַבריקאַנט” האָט בכלל נישט פּראָדוצירט אויף זיין אייגענעם חשבון, בפרט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַזאַ קאָמפּליצירטן געביט, ווי די וואָל־אינדוסטריע. אין 1897 האָט לאָדזש געהאַט 55 לוין־שפּינערייען, פון זיי 29 — יידישע.

אַזאַ „פאַבריקאַנט” האָט נאָר באַדאַרפט קויפן גאַרן און שיקן עס אין די „לוין־פאַבריקן”: דאָס זיינען געווען ספּעציעלע געביידעס, וואו מען האָט געקענט דינגען אַ שטוב מיט מאַשינען־איינריכטונג און דאָרטן אויסאַרבעטן די רוי־מאַטעריאַלן. מער ווי אַ העלפט וואָל־שפּינערייען אין לאָדזש איז געווען אָרגאַניזירט אויף אַזאַ אופן. אַ גרויסע צאָל סוחרים זיינען אין דער זעלבער צייט אַזעלכע „פאַבריקאַנטן אָן אַ פאַבריק”, אָדער „פאַרלעגער”, ווי מען האָט זיי גערופן. עס האָבן זיך אפילו געשאַפן ספּעציעלע קאַנטאָרן, וואָס פלעגן זיך באַשעפטיקן מיט אַרויסגעבן גאַרן צו די וועבער־כאַלופּניקעס. אין זדונסקע־וואָליע, למשל, איז אין 1897 געווען אַזעלכע 80 קאַנטאָרן, פון זיי 64 יידישע. אין לאָדזש גופא איז אין 1900 געווען אַזעלכע 65 קאַנטאָרן.

אויף אַזאַ אופן זיינען אַ סך סוחרים געקומען ביסלעכווייז צו פאַבריקאַציע. פון זיי האָט זיך מיט דער צייט אויסגעבילדעט אַ נייער קאַדער פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן אפילו גענומען ספּעציעלע טעכנישע קורסן, כדי זיך צו פאַרפולקאָמען אין זייער פאַך.

די אָפטע אינדוסטריעלע קריזיסן זיינען געווען אַ גוטער פּרוביר־שטיין פאַר דער ווירטשאַפטלעכער סטאַבילקייט פונם יידישן אינדוסטריעלן אונטערנעמער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין די פינף גרויסע אינדוסטריע־קריזיסן, וואָס דאָס לאַנד בכלל און לאָדזש בפרט האָט דורכגעמאַכט אין די יאָרן 1861—1900 — האָבן יידישע פירמעס אַ סך מער געליטן, ווי נישט־יידישע. עס האָבן באַנקראָטירט נישט נאָר קליינע פירמעס, וואָס האָבן געאַרבעט איבער זייערע פינאַנציעלע כוחות, נאָר אויך שטאַרקע און סאָלידע אונטערנעמונגען.

פאַראַלעל מיט דער אַנטוויקלונג פון יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, אַנטוויקלט זיך אויך דער יידישער פּראָלעטאַריאַט. די פּראָלעטאַריזאַציע גייט אין צוויי ריכטונגען: מען גייט איבער פון האַנטאַרבעט צו „לוין־אַרבעט” און דאַן — צו פאַבריק־אַרבעט. די „לוין־אַרבעטער” זיינען דאָס רוב די אַזוי

גערופענע „כאַלופּניקעס“, אָדער לוינערס, און אַ „לוין־פּראָלעטאַריאַט“, וואָס אַרבעט ביי די דאָזיקע לוינערס גופא. די פאַבריק־אַרבעטער זיינען געווען פון צוויי קאַטעגאָריעס: אַזעלכע וואָס האָבן געאַרבעט אין מעכאַניזירטע פאַבריקן, און אַזעלכע וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אין פאַבריקן אָן דאַמף־קראַפט.

הגם עס איז שווער פעסטצושטעלן די צאָל יידן צווישן די „לוין־פאַבריקאַנטן“, „לוין־מייסטערס“ און געזעלן, — דאָך קען מען אָננעמען, אַז אַן איבערוויגנדיקע מערהייט פון זיי זיינען געווען יידן. די אַרבעט פון אַזאַ לוינער איז געווען זייער אַ שווערע. בדרך כלל האָט ער געאַרבעט מיט זיין גאַנצער משפחה, קודם־כל איז דאָס געווען סעזאָן־אַרבעט; דער מינימאַלסטער בודזשעט האָט נישט געקענט געדעקט ווערן פון די פאַרדינסטן. נאָך ערגער זיינען געווען די פאַרדינסטן פון די לוין־געזעלן, וואָס האָבן געמוזט נאָך העלפן זייערע באַלעבאָסטעס אין דער שטוב־אַרבעט.

די פאַבריקאַנטן פלעגן אָפּגעבן די אַרבעט אויף דער פּראָווינץ, ווייל דאָרט איז געווען ביליקער. אויף דעם האָבן זיך באַקלאָגט לאָדזשער יידן־לוינוועבער שוין אין יאָר 1884. עס איז געווען אפילו אַ פּרואוו זיך צו אָרגאַניזירן אין אַ פאַך־פאַראיין, אָבער די רעגירונג האָט דערצו נישט דערלאָזט (אין 1884 און אין 1889).

אין 1899 האָט מען אין לאָדזש אָנגעציילט 3,073 יידישע האַנט־וועב־שטולן. לויט אַנדערע מקורים איז אין 1900 געווען אַן ערך זיבן טויזנט, פון וועלכע פינף טויזנט האָבן געאַרבעט פאַר די לוינקעטניקעס. אויך אין אַנדערע אינדוסטריעס האָט געהערשט דער „לוין־אַרבעט“־סיסטעם, ווי, למשל, אין דער זאָקן־פאַבריקאַציע, אין דער קליידער־אינדוסטריע, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין לאָדזש סוף 19טן י״ה.

וועגן יידישע פאַבריק־אַרבעטער אין לאָדזש האָבן מיר בכלל קיין ידיעות נישט. עס איז אָבער באַקאַנט, אַז ביז 1900 איז זייער צאָל געווען זייער אַ קליינע. פאַרשידענע מניעות — הן פון רעליגיעזן כאַראַקטער (שבת־רו), הן פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן — האָבן גורם געווען די אַבסטינענץ פון יידישע אַרבעטער. דער נישט־יידישער אַרבעטער איז על־פּי־רוב געווען אַ דאָרפישער, ממילא אַ מער גאַנגבאַרער מאַטעריאַל פאַר עקספּלואַטאַציע. צו די בעסער־באַצאָלטע שטעלעס פון מייסטערס און פאַכמענער האָט אַ ייד בכלל קיין צוטריט נישט געהאַט. דאָס רוב מייסטערס זיינען געווען אַראָפּגעבראַכטע דייטשן, און זיי האָבן פּראָטעזשירט זייערע אייגענע „שטאַם־גענאָסן“, ד״ה די לאָדזשער דייטשן. דער הויכער פּרייז פאַר פּראַקטיצירן די מלאכה האָט אויך געשטערט דעם יידישן קאַנדידאַט זיך אויסצולערנען אַ פאַך. אין 1892 איז אויף 1,054 מייסטערס געווען אינגאַנצן 41 יידן, ד״ה קנאַפּע 4 פּראָצענט. דאָס רוב פון זיי האָבן געאַרבעט אין פאַבריקן, וואָס זייערע בעלי־בתים זיינען געווען יידן; ביים סוף פון יאָרהונדערט האָט זיך די צאָל יידישע מייסטערס באַדייטנדיק פאַרגרעסערט, — דאָס זיינען געווען זין פון קליינע פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן זיך געלערנט דעם פאַך אין דייטשלאַנד, אָדער פעאיקע יידישע אַרבעטער, וואָס די פאַבריקאַנטן גופא האָבן געשיקט זיך לערנען.

עס איז געווען נאָך אַן אינסטאַנץ, וואָס האָט געהאַט אַ סך צו זאָגן אין דער פראַגע וועגן צונעמען אַ יידישן אַרבעטער אָדער אַ יידישן מייסטער: דאָס איז געווען די צאַרישע מאַכט. אַזוי איז געווען אין 1894, בעת אַ שטרייק אין אַ פאַבריק אין זאַוויערטשע, וואו עס זיינען געווען אויך יידישע מייסטערס; דער גובערנאַטאָר האָט זיך באַמיט אַרויפצובורענגען דעם סיכסוך אויף אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזן באָדן; ער האָט נאָך אין 1892 געהייסן אַרויסוואַרפן עטלעכע יידן־מייסטערס, צווישן זיי אפילו צוויי משומדים.

יידישע פאַבריקאַנטן האָבן אָפטמאָל געהאַט שוועריקייטן ביים צונעמען יידישע אַרבעטער, טאַקע צוליבן אַריינמישן זיך פון דער רוסישער מאַכט. לויט דער אויספאָרשונג פון „איקאָ“, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין 1902, זיינען אויף 53 יידישע פאַבריקן געווען 465 יידן־אַרבעטער (אויף אַן אַלגעמיינער צאָל פון 1636 אַרבעטער), און אויף 63 „קריסטלעכע“ פאַבריקן זיינען געווען אינגאַנצן 58 יידן (אויף אַן אַלגעמיינער צאָל פון 2450 אַרבעטער). אין נישט־יידישע פאַבריקן האָבן סך־הכל געאַרבעט 121 יידן־אַרבעטער, פון דעם 63 אין די טעקסטיל־פאַבריקן.

אין די יאָרן 1870—1897 קומט פאָר אַ שטאַרקע יידישע אימיגראַציע אין די אינדוסטריעלע גובערניעס אַריין. פון די 1,321,000 יידן, וואָס האָבן געלעבט אין פּוילן אין 1897, איז 63.7 פּראָצענט געווען אין די דאָזיקע גובערניעס. באַזונדערס שטאַרק איז אויסגעוואַקסן די יידישע באַפעלקערונג פון וואַרשע. פענאָמענאַל איז געווען דער וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָדזש. אַ דריטל פון אַלע יידן האָט אין 1897 געוואוינט אין עלף שטעט. דער שנעלער פּראָצעס פון אורבאַניזאַציע און קאָנצענטראַציע האָט משפיע געווען גרויסע ענדערונגען אין דער פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור פון יידן אין פּוילן פון יענער תקופה.

קודם כל איז געפאַלן די צאָל יידן באַשעפטיקטע אין ערד־אַרבעט (פון 6.1 פּראָצענט אין 1857 אויף 2.5 פּראָצענט אין 1897). אין האַנדל, קרעדיט און טראַנספּאָרט איז אויך געווען אַ קליינע ירידה: דערפאַר אָבער איז געוואַקסן די צאָל יידן אין מלאכה און אינדוסטריע (פון 25.1 פּראָצענט אויף 34.3) און אויך אין פרייע באַרופן (אויף 3 פּראָצענט).

עס פאַרקלענערט זיך די צאָל יידן מיט נישט־

קיין־באַשטימטע פראָפעסיעס. דער פאַכטער, דער מעקלער גייט אַריבער אין אינדוסטריע און מלאכה; דער הענדלער — אין אַ העכערער פאָרם פון ווירטשאַפטלעכער אַקטיוויטעט, ווי אינדוסטריע, אויך פרייע פראָפעסיעס. סוף 19טן י"ה האָט 42.6 פראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג געלעבט פון האַנדל, קרעדיט און טראַנספּאָרט; 34.3 פראָצענט פון מלאכה און אינדוסטריע, און 5.3 פראָצענט פון פרייע פראָפעסיעס.

אין מערץ 1885 איז אויף אַ באַפעל פון דער רוסישער רעגירונג דורכגעפירט געוואָרן אין קאָנגרעס־פוילן אַ גענויע ציילונג פון אַזעלכע פאַבריקן, אויף וועלכע עס אַרבעט אַ מינימום פון 25 מענטשן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אַ פינפטל פון אַלע גרעסערע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין וואַרשע און לאָדזש האָט געהערט צו יידן. בדרך כלל זיינען יידישע פאַבריקן געווען גרעסער פון די נישט־יידישע. דער גרויסער צופלוס פון די רוסישע יידן האָט געגעבן אַ שטאַרקן שטויס דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע.

זייער ראָלע ווערט כאַראַקטעריזירט דורכן עקאָנאָמיסט סטאַניסלאַוו קעמפנער אין פאָלגנדיקע ווערטער: „זיי זיינען געקומען אַהער (ד"ה אין קאָנגרעס־פוילן) מיט ידיעות וועגן די רוסישע און מזרחדיקע מערק און צוליב דעם האָבן זיי, אַזוי צו זאָגן, אָנגעהויבן מאָנאָפאָליזירן פאַרשידענע געביטן פון האַנדל: זיי האָבן בייגעשטייערט צו דער פאַרשפּרייטונג פון מאַנופאַקטור אין רוסלאַנד, אָבער אויך צום אימפּאָרט פון רוסישע סחורות אויף אונזער מאַרק. זיי האָבן מאַגאַזינען און קאָמיס־הייזער פון רוסישע פירמעס געגרינדעט אין וואַרשע און אין לאָדזש. זיי זיינען געווען די הויפּט־פיאָנערן פון רוסישע באַוול־ און וואָל־סחורות אין פוילן".

די דאָזיקע „ליטוואַקעס" האָבן דינאַמיזירט דעם האַנדל אין פוילן. נייע פאַרמיטלערישע פראָפעסיעס פון קאָמיסיאָנערן, קאָמיוואָיאַזשערן און סתם האַנדלס־אַגענטן האָבן געגעבן אַ סך יידן פרנסה. דער פוילישער מאַנטשעסטער (לאָדזש) האָט שוין אין 1894 עקספּאָרטירט קיין רוסלאַנד, קליין־אַזיע, פערסיע, כינע א"אַ איבער 60 פראָצענט פון זיין פראָדוקציע. דער דאָזיקער וואוקס פון דער אינדוסטריע קומט פאַר אַדאַנק דער הילף פונם יידישן פאַבריקאַנט און כלערליי פאַרמיטלער.

אַ סך קלענער איז געווען דער צושטייער פון יידישער אַרבעט. נאָך אין 1886 האָט דער רוסישער אָפיציאָז, דער „וואַרשאַווסקי דניעווניק", געשריבן: „די יידישע פאַבריקאַנטן האָבן אַבסאָלוט גאָרנישט געטאָן כדי צוציען יידן צו אינדוסטריע־אַרבעט אין זייערע אונטערנעמונגען, נישט ווי מייסטערס און טעכניקער און אויך נישט ווי אַרבעטער". „וויפיל נוצן — פרעגט דער רוסישער פאַרזאָרגער פון יידישן אַרבעטער — וואָלטן זיי געקאָנט ברענגען דעם יידישן ליידיק־גייערישן פראָלעטאַריאַט, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט נישטיקער קליינער קרעמעריי, וואָס גיט קוים חיונה, מיט מעקלעריי און מיט פאַרשידענע אַנדערע טונקעלע געשעפטן, הכלל מיט אַלץ, חוץ אמת־פראָדוקטיווער אַרבעט".

די צייטונג האָט אַפּעלירט צו די יידישע פאַבריקאַנטן, אַז זיי זאָלן ברענגען די נוצן, וואָס זיי קענען. זאָלן זיי נישט טענהן, אַז יידן קענען נישט אַרבעטן אויף וועבשטולן. מען קען זיי דאָס לייכט אויסלערנען. דערביי טאַדלט דער „וואַרשאַווסקי דניעווניק" דעם לאָדזשער פאַבריקאַנט ישראל פאַזנאַנסקי, אַלמאַי ער דערלאָזט נישט קיין יידישע אַרבעטער אין זיין פאַבריק.

אָנווייזנדיק, אַז שבת־רו איז נישט קיין מניעה צו לאָזן יידן אַרבעטן, — אַ שטאַנדפּונקט, וואָס אויך דער יידיש־רוסישער זשורנאַל „וואָסכאָד" האָט פאַרטיידיקט — האָט דער „וואַרשאַווסקי דניעווניק" געבראַכט זייער אינטערעסאַנטע פאַקטן פון יידישן אַרבעטער־לעבן אין פוילן: אין אַ סך פאַבריקן — דערציילט די דאָזיקע צייטונג — האָבן יידן געאַרבעט צוזאַמען מיט נישט־יידן אָפטמאָל כמעט אין דער זעלבער צאָל. עס וואָלט אויך נישט געווען קיין אומגליק — מוסרט דער „וואַרשאַווסקי דניעווניק" — ווען יידן־פאַבריקאַנטן וואָלטן באַשעפטיקט נאָר יידן־אַרבעטער, וואָס „ליידן נויט און גייען אונטער מאָראַליש, דער עיקר פון אַרבעטלאָזיקייט".

דאָס רוב אַרבעטער אויף די פאַבריקן, וואו מען האָט שוין יידן צוגעלאָזט, זיינען געווען פרויען. אין די גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געהערט צו יידן, זיינען יידן געווען ביורא־אָנגעשטעלטע, אָבער אַן אַרבעטער אַ ייד האָט מען זייער זעלטן דאָרט אָנגענומען.

אין ליכט פון די דאָזיקע אויספירן איז כדאי צו ברענגען אַביסל סטאַטיסטישע פאַקטן: פון די 146 פאַבריקן, וואָס וואַרשע האָט געהאַט אין 1885, זיינען 33, ד"ה 22.6 פראָצענט, געווען יידישע. אויף די דאָזיקע אַלע (146) פאַבריקן האָבן געאַרבעט 370 טעכניקער און פאַרוואַלטערס, פון זיי נאָר 46 יידן, ד"ה 2 מאָל ווייניקער ווי דער פראָצענט יידן פאַבריקאַנטן. די צאָל יידן־אַרבעטער האָט באַטראָפן 1465. איבער 80 פראָצענט פון זיי האָט געאַרבעט אין פאַבריקן, וואָס האָבן געהערט צו יידן. גאַנצע 96 פראָצענט פון אַלע יידישע אַרבעטער אין וואַרשע האָבן געאַרבעט אין טאַבאַק־פאַבריקן, וואו דער לוין איז געווען אַ נידעריקער. אַזוי, למשל, איז אין פאָליאַקעוויטשעס פאַפּיראָסן־פאַבריק געווען 739 יידישע אַרבעטער און 31 נישט־יידישע. אין פאַרגלייך מיט לאָדזש, וואו אויף 21,988 פאַבריק־אַרבעטער איז נישט

געווען קיין איין ייד, — איז די לאַגע אין וואַרשע געווען אַ סך בעסערע.

אין 1897 הויבט זיך אָן צו אַנטוויקלען די גאַלאַנטעריע־אינדוסטריע. זי ציט אַריין אַ גרויסע צאָל יידישע אַרבעטער. די דאָזיקע פאַבריקן, וואָס האָבן זיך געעפנט אין וואַרשע, קאַליש און טשענסטאָכאָוו („דער פּוילישער נירנבערג״), זיינען אמת געווען קליינע, אָבער טעכניש אַוועקגעשטעלט גאָר גוט.

אין סך־הכל זיינען אין 1897 אין קאָנגרעס־פּוילן געווען 1416 יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען מיט 43,011 אַרבעטער. וויפיל פון זיי זיינען געווען יידן, איז שווער פעסטצושטעלן. דערפאַר איז געווען גרויס די צאָל יידישע בעלי־מלאכות. אין זעלבן יאָר (1897) האָט מען אָנגעציילט 63,654 מייסטערס און 55,717 געזעלן, סך־הכל 119,371 יידן, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אין מלאכה. בערך אַ פערטל פון אַלע יידישע בעלי־מלאכות זיינען געווען שניידער. אין די גרעסערע שטעט האָבן יידישע בעלי־מלאכות רעפּרעזענטירט 50 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל בעלי־מלאכות, אין די קלענערע — אָפּטמאָל גאַנצע 80. אויב מיר וועלן נעמען די ציפערן פאַר דער גאַנצער צווייטער העלפט 19טן י״ה, קומט אויס, אַז בעת די צאָל יידישע אַרבעטער האָט זיך פילפאַך פאַרגרעסערט, האָט זיך אָבער די צאָל בעלי־מלאכות פאַרגרעסערט קוים אויף 50 פּראָצענט. דאָס רוב פון זיי זיינען געווען פאַרטראָטן אין באַקלייד־, לעדער־, שפּייז־ און האָלץ־אינדוסטריע. דאָס וואָס דער בעל־מלאכה און ממילא דער קליינער וואַרשטאַט זיינען געווען די שטאַרקסטע יידישע פּראָלעטאַרישע פּאָזיציעס, האָט אויך משפּיע געווען דעם כאַראַקטער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

בעת ביי די פּאָליאַקן האָט די לאַנדווירטשאַפט־גרופּע אויסגעמאַכט 57.8 פּראָצענט פון עקאָנאָמיש־אַקטיווע, האָט זי ביי יידן אויסגעמאַכט נאָר 2 פּראָצענט (10,283 יידן). אין אינדוסטריע און מלאכה איז געווען באַשעפטיקט 15.6 פּראָצענט נישט־יידן, בעת יידן זיינען געווען 39.1 פּראָצענט. אין האַנדל און קרעדיט האָבן נישט־יידן פאַרנומען זייער אַ קליינע פּאָזיציע: סך־הכל 1.5 פּראָצענט, בעת יידן האָבן אויסגעמאַכט 29.3 פּראָצענט. אין קאָמוניקאַציע (טראַנספּאָרט ווי בעלי־עגלות אאַז״וו) זיינען נישט־יידן געווען נאָר 1.6 פּראָצענט און יידן 3.1 פּראָצענט. באַאַמטע און אין פרייע פּראָפעסיעס זיינען נישט־יידן געווען 2.7 פּראָצענט און יידן 4.2 פּראָצענט. אין די נישט־קלאַסיפיצירטע פּרנסות זיינען נישט־יידן פאַרטראָטן מיט 20.8 פּראָצענט און יידן מיט 22.3 פּראָצענט.

יידן זיינען, בכן, אַם שטאַרקסטן געווען פאַרטראָטן אין אינדוסטריע, מלאכה און האַנדל. זיי האָבן אָבער געהאַט אַ גרעסערע צאָל קליינע, כלומרשט זעלבשטענדיקע בעלי־מלאכות; זיי זיינען עקאָנאָמיש געווען ווייט הינטערשטעליק אין פאַרגלייך מיט דעם טייל פּוילישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט געאַרבעט אין די גרויסע פאַבריקן.

אין מסחר האָט דאָס בילד פון דער יידישער אַקטיוויטעט אויסגעזען אַזוי: קנאַפּע 94 פּראָצענט פון אַלע תבואה־הענדלער זיינען געווען יידן. אין לעדער־ און פוטערוואַרג־האַנדל האָבן יידן אויסגעמאַכט איבער 90 פּראָצענט. דאָס זעלבע איז אין מעטאַל־האַנדל (83), אין מאַנופאַקטור און קאָנפעקציע (82), אין האַנדל מיט בהמות (80) און האָלץ (75). עס איז געפאַלן דער יידישער מסחר מיט משקאות, ווייל עס איז איינגעפירט געוואָרן אַ בראָנפן־מאָנאָפּאָל.

עס האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל יידן, וואָס זיינען ווירטשאַפטלעך ניט געווען אָפּהענגיק פון היימישן מאַרק; פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט די יידישע עקאָנאָמישע ווירקלעכקייט געהאַט אין זיך יענע עלעמענטן פון ריזיקע, וואָס זיינען בדרך כלל אומפאַרמיידלעכע באַגלייט־דערשיינונגען פון אַזאַ „גרינדערישער״ עקאָנאָמיק, ווי די פאַנטאַסטישע אַנטוויקלונג פון דער פּוילישער אינדוסטריע האָט אין זיך געטראָגן. די ביאָגראַפיע פון אַ סך יידישע „קאַפּיטאַנען פון אינדוסטריע״ לייענען זיך ווי פאַנטאַסטישע אַוואַנטוריסטישע געשיכטעס פון ירידות און עליות און זיינען אַ בולט בילד פון קינסטלעך־אָנגעשוואָלענע עשירות.

דערפאַר אָבער איז דער דלות ניט געווען קיין קינסטלעכער, און הגם ער איז ניט געווען, אַזוי גרויס, ווי אין גאַליציע, איז ער אָבער געווען גענוג גרויס, שוין צוליב דעם, וואָס דער אינדעקס פון פּרייזן אויף שפּייז איז אין פּוילן געווען אַ סך אַ העכערער, ווי אין גאַליציע.

אין 1897 האָט באָלעסלאַוו פּרוס געשריבן, אַז אַזאַ אומגליקלעך פאָלק, ווי עס זיינען יידן אין פּוילן, האָט ער אין ערגעץ ניט באַגעגנט. „גיט אַ קוק אויף אַ יידן — האָט ער געשריבן — זיין אויסדרוק איז טרויער און מעלאַנכאָליע״. ער האָט דערפאַר געפּסק׳נט, אַז יידן דאַרפן האָבן אַ לאַנד; אַנטיסעמיטיזם איז ניט קיין שנאה צו יידן, נאָר אַ ווידערווילן צום... יידישן עלנט.

אַ פּוילישער דאָקטאָר קאָסקאָווסקי האָט שטודירט די וואוין־באַדינגונגען און דאָס שפּייזן זיך פון די יידן אין די פּוילישע קליינע שטעטלעך — און ער האָט אַרויסגעבראַכט, אַז פּוילישע יידן דעגענערירן פיזיש.

די אויספירונגען פון ד״ר קאָסקאָווסקי זיינען באַשטעטיקט געוואָרן אין אַ ריי אָפיציעלע באַריכטן פונם מעדיצינישן דעפּאַרטמענט פון דער לאַנד־פאַרוואַלטונג. אַ ריי קראַנקהייטן האָט גורם געווען ביי יידן אַ גרעסערע שטאַרביקייט, ווי ביי ניט־יידן. אין 1879 האָט דער פלעק־טיפוס געמאַכט אַ חורבן אין

דער יידישער באַפעלקערונג פון דער פלאָצקער גובערניע. אין 1880 האָבן יידן געגעבן דעם גרעסטן קאָנטינגענט קראַנקע אויף שאַרלעך (סקאַרלאַטין) אין קעלצער, פיאָטריקאָווער און ראַדאָמער גובערניע. אין 1882 האָט די עפידעמיע פון שאַרלעך און דיפטעריט ממש אומגעבראַכט אַ טייל פון יידן אין די שטעט: לאָמזשע, גראַיעווע און ראַדזיווילאָוו. אין זעלבן יאָר האָט די קראַנקהייט פון מאָזלען אָנגענומען דווקא ביי יידן אין אָסטראָלענקער פאָוויאַט אַ פאָרמע פון אַ קאָמפּליצירטע חולאת, פאַרבונדן מיט סקאַרלאַטין, וואָס האָט פאַראינטערעסירט די מעדיצינישע וועלט. אין 1881 איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַ גרעסערע שטאַרביקייט ביי יידן — פון דער כאָלערע. אין די יאָרן 1879—1882 איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אין פוילן, אַז ביי יידן בכלל און אין די קליינע שטעטלעך בפרט נעמען אָן די זעלבע קראַנקהייטן, וואָס ביי ניט־יידן, אַ מער קאָמפּליצירטן כאַראַקטער און זיינען גורם אַ העכערע צאָל טויטפאַלן. די סיבות פון אַזאַ דערשיינונג האָט מען געזען אין די סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונגען, וואָס זיינען געווען אַ פועל־יוצא פון עקאָנאָמישע אומשטענדן. באַזונדערס גרויס איז אין פוילן געווען די שטאַרביקייט פון קינדער. בעת אין די יאָרן 1843—1869 איז אין פויזנער געביט די שטאַרביקייט פון פאָקן געווען אין דורכשניט 0.9 פראָצענט ביי יידן (ביי קאַטוילן 3.13 פראָצענט, ביי פראָטעסטאַנטן 2.267), איז אין קאָנגרעס־פוילן דער פראָצענט געווען אַכט מאָל גרעסער.

אין די געציילטע מעמואַרן פון יענער צייט ווערט דאָס יידישע לעבן געשילדערט אין זייער גרויע קאָלירן. אַ לובלינער ייד באַשרייבט זיין שטאָט אין די ניינציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט:

„עס האָט געהערשט דלות. אין די געשעפטן איז דער חשבון זעלטן געפירט געוואָרן אויף הונדערטער רובל. איינצלנע קונים פלעגן קויפן סחורה אויף גראָשנס. ברויט פלעגט מען קויפן פאַר אַ דרייער (אַ קאָפּיקע און אַ האַלב), פּוטער פאַר אַ גראָשן, הייסע וואַסער אויף שבת פאַר אַ גראָשן אאַז״וו. פאַרטרויערטע פנימער, צעריסענע בגדים, פאַרנאַכלעסיקטער אויסזען״. די רייכע יידן וואוינען זיך באַזונדער. זייער צאָל איז ניט גרויס. ווי געשעפטלייט, מוזן זיי שוין אויסהאַלטן די קאָנקורענץ מצד דער וואַקסנדיקער צאָל רוסישע און פוילישע קלייטן. די מאַסע איז געווען חסידיש. די יחידים, די האַלבע און גאַנצע משכילים האָבן ניט קיין איינפלוס אויף דער מאַסע און אפשר ווילן זיי אויך ניט האָבן. אין אַזאַ שטאָט ווי לובלין, וואָס האָט געציילט דרייסיק טויזנט יידן, איז געווען אינגאַנצן אַ דריי־פיר יידן־דאָקטוירים, און אַן ענלעכע צאָל יידן־אַדוואָקאַטן.

עס קומען אָבער די ערשטע שוואַלבן פון אַ נייער גאולה: אין די משכילישע קרייזן רעדט מען וועגן ציוניזם, אין די בעל־מלאכישע — וועגן סאָציאַליזם. דער פּאָליטישער ציוניזם האָט זיך אין קאָנגרעס־פוילן שטאַרק פאַרשפּעטיקט. עס האָט געפעלט די חיבת־ציוניסטישע טראַדיציע, וואָס גאַליציע האָט פאַרמאָגט. אין 1881 איז אין סואוואַלק געווען אַ געזעלשאַפט צו שטיצן די קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע א. נ. „יסוד המעלה״; אין 1882 — אין מעזריטש. אין דער קאַטאָוויצער קאָנפערענץ פון חובבי ציון, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1884, האָט זיך וואַרשע באַטייליקט מיט צוויי דעלעגאַטן. איינער פון זיי איז געווען לייב דאווידזאָן (1853—1923), אַ מיטגליד פון אַן אַלטער פּאַטריציש־קאָנסערוואַטיווער משפחה; דער צווייטער איז געווען אַ „ליטוואַק״, דער אַדוואָקאַט איזידאָר יאשינאָווסקי. דער פּאָגראָם פון 1881 האָט ניט געהאַט קיין ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פונם פּאַלעסטינע־געדאַנק אין פוילן.

דער עמיגראַציאָניזם איז שוין געווען באַקאַנט אין פוילן אין די ניינציקער יאָר. אין דער פּרעסע האָט מען וועגן דעם אַ סך דעבאַטירט. די פּוילישע פּרעסע האָט שוין צו יענער צייט אַרויסגעוויזן אינטערעס צו אַרגענטינע און בראַזיליע, ווי פּאָטענציעלע קאָלאָניזאַציע־לענדער פאַרן עודף פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. אין 1882 איז אין וואַרשע געגרינדעט געוואָרן אַ געהיימע ביוראָ פאַר יידישער עמיגראַציע. די „איזראַעליטאַ״ האָט דעמאַסקירט דאָס דאָזיקע ביוראָ: זי האָט געהאַלטן, אַז עמיגראַציע איז זייער... „אומפּאַטריאָטיש״. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ יידישע עמיגראַציע קיין אַמעריקע, האָט די זעלבע צייטונג געפאָדערט, אַז די עמיגרירנדיקע יידן זאָלן ניט פאַרגעסן אַז זיי זיינען אויך... פּאָליאַקן.

די חיבת־ציון־באַוועגונג האָט זיך אין פוילן קודם־כל גרופּירט אַרום שולן און בתי־מדרשים. אַזאַ קרייז אונטערן נאָמען „אוהבי ציון״ האָט עקזיסטירט אין וואַרשע שוין אין 1884. דריי יאָר נאָך דער קאַטאָוויצער קאָנפערענץ איז אין דרוסקעניק פאָרגעקומען די צווייטע קאָנפערענץ פון „חובבי ציון״. אין 1890 איז ענדלעך געלונגען צו לעגאַליזירן די אָרגאַניזאַציע. בראש פון דער פּוילישער אַרבעט איז געשטאַנען דער ביאַליסטאָקער רב, שמואל מאָהילעווער.

אין 1893 איז אין וואַרשע געגרינדעט געוואָרן אַן אָפּטייל פונם פאַראיין „בני משה״, וואָס איז געווען די עקספּאָזיטור פון אחד־העמס „גייסטיקן ציוניזם״. די וואַרשעווער געזעלשאַפט האָט אַ סך בייגעשטייערט צו דער גרינדונג פון דער קאָלאָניע „רחובות״ און פונם העברעאישן פאַרלאַג „אחיאסף״.

די קריטיק פון אַסימילאַציע מצד איניקע פּוילישע פּובליציסטן האָט אַ סך יאָרן פאַרן ציוניזם אַרויס־

געבראַכט דעם געדאַנק וועגן אָנערקענען די יידן, ווי אַ נאַציע. איינער פון זיי, אַלעקסאַנדער טשאַרנאָווסקי, האָט געשריבן, אַז עס איז אומיוּשרדיק צו פאָדערן פון אַנדערע זיי זאָלן זיך אַסימילירן, בעת מען וואָלט דאָס נישט געוואָלט לגבי זיך גופא. אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז אַסימילאַציע איז אַ „טרוים, וואָס קען ניט פאַרווירקלעכט ווערן", — אַזוי האָט אין 1890 געשריבן דער באַרימטער יוריסט וולאַדזשימיער ספּאַסאָוויטש. נאָר יחידים קענען זיך אַסימילירן — האָט ער געשריבן, — אָבער נישט קיין מיליאָנען. ער האָט געהאַלטן, אַז יידן און פּאָליאַקן זיינען צוויי „פיינטלעכע סטיכיעס". מען דאַרף טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך עס זאָל הערשן שלום צווישן די צוויי פעלקער. מען דאַרף שטרעבן צו אַ געזעלשאַפטלעכער דערנענטערונג און נישט צו אַסימילאַציע.

אַ סך האָבן זיך אַנטוישט אין דער אַסימילאַציע און אויפגעהערט צו שטיצן די „איזראַעליטאַ", דעם אָרגאַן פון דער דאָזיקער ריכטונג. די דאָזיקע צייטשריפט האָט אפילו נישט געוואָלט דרוקן אַ טשיקאַוון פּראָיעקט וועגן רעפאָרמירן די יידישע אמונה, וואָס איר רעדאַקטאָר, שמואל פּעלטין האָט אָנגעשריבן. פּעלטין האָט געמוזט אַרויסגעבן זיין חיבור אונטער אַ פּסעוודאָנים, געדרוקט ווי אַ מאַנוסקריפּט, כדי אויף אַזאַ אופן נישט אויפצורייצן די יידישע מיינונג. אינם דאָזיקן פּראָיעקט, וואָס איז לויט דעם מחברס ווערטער באַשטימט „נישט פאַר די פאָלקסמאַסן", שלאָגט דער „ליטוואַק" פּעלטין פאָר, אַז מען זאָל אָפּשאַפן ברית־מילה, פאַרבייטן שבת אויף זונטיק, דערמוטיקן צו געמישטע חתונות און אַזוי ווייטער. זיין פּראָיעקט איז שוין געווען אַן אַנאַכראָניזם פאַר די וועמען ער האָט געהאַט אין זינען, ווייל אַ סך פון זיי האָבן זיך שוין אויסגעשמדט.

די רעאַקציע קעגן די דאָזיקע משומדים מצד דער פּוילישער געזעלשאַפט האָט אויסגעדריקט דער פּוילישער שרייבער מאַריאַן גאַוואַלעוויטש אין זיין באַרימטן ראָמאַן „מעכעס" (1893), וועלכער האָט אַרויסגערופן אַ פּחד אין די קרייזן, וואָס האָבן געשטאַמט פון די... פראַנקיסטן. מ'האָט זיי באַשולדיקט, אַז „הגם זיי האָבן אָנגענומען קריסטנטום אין אָנהויב פון פאָריקן יאָרהונדערט, דאָך האָבן זיי אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט די יידן".

שוין אין 1868 האָט די „איזראַעליטאַ" געשריבן מיט גרויס וואַרימקייט וועגן די יידישע קולטור־אוצרות און אפילו גערופן צו זאַמלען יידישע פאָלקס־לידער. דער פאַקט גופא, וואָס אין קאַמף פאַר אַסימילאַציע האָט מען גלייכצייטיק פאַרטיידיקט די קאָנסערוואַטיווע פּאָזיציעס און געטאַדלט, למשל, חיים זעליק סלאָנימסקין, פאַר זיינע ראַציאָנאַליסטישע אויסטייטשונגען פון יידישע ימים־טובים, — איז די בעסטע אילוסטראַציע ווי זיגזאַגיש עס איז געווען דער וועג פון דער אַסימילאַציע אין פּוילן.

ווי אַ „קעגן־סם" צו פּעלטינס ראַדיקאַל־אַריסטאָקראַטישן פּראָגראַם פון פּראַקטישער אַסימילאַציע פאַר יחידי סגולה, באַווייזט זיך אין 1890 דער קאָנסערוואַטיוו־דעמאָקראַטישער פּראָגראַם פון נחום סאָקאָלאָוו. אין אַ ריי אַרטיקלען, געדרוקט אין דער „איזראַעליטאַ" און שפּעטער אַרויסגעגעבן אין אַ באַזונדער בראָשורע, האָט סאָקאָלאָוו פאָרמולירט: די אויפגאַבע פון דער יידישער אינטעליגענץ איז ריידן צום פּראָלעטאַריאַט אין זיין לשון, ד"ה אין יידיש. „מען טאָר נישט — האָט ער געשריבן — גרינגשעצן די פאָלקס־טראַדיציעס, וואָס ריידן צו אים אין זיין לשון און אין זיין גייסט". סאָקאָלאָווס פּראָגראַם איז געווען: רבנים מיט וועלטלעכער בילדונג, רעפאָרמירן די קהילות און די חדרים, שאַפן אַ פאָלקס־ליטעראַטור אויף יידיש, אַנטוויקלען אויף פּויליש אַ חכמת־ישראל־ליטעראַטור, פאַרגרעסערן די צאָל „פּראָגרעסיווע" סינאַגאָגעס און אַזוי ווייטער.

מען דאַרף די יידן לערנען — האָט ער געשריבן אין אַן אַנדער אַרטיקל (אויך אין דער „איזראַעליטאַ") — ליבע פאַר אַרבעט און פאַר וויסן. וואָס פּוילן דאַרף, איז אַ רמב"ם אָדער אַ משה מענדעלסאָן. אַזעלכע געדאַנקען זיינען געווען פאַר יענער צייט אַ גרויסע אַנטפּלעקונג.

די רעוויזיע פונם גאַנצן אידעאָלאָגישן באַגאַזש פון דער אַסימילירטער יידישער אינטעליגענץ האָט געמוזט אויך ברענגען צו דער שפּראַכן־פראַגע. יידיש, וואָס איז אין הסכם מיט דער גאַנצער משכילישער איינשטעלונג באַטראַכט געוואָרן נאָר ווי אַ מיטל, האָט אין פּוילן אפילו אַזאַ הסכמה נישט געקענט באַקומען. איצט האָט זיך אויך אין דעם פּרט אַ סך געביטן. נישט נאָר סאָקאָלאָוו, נאָר אויך אַ סך מער קאָנסעקווענטע אַסימילאַטאָרן, ווי סאָקאָלאָוו איז צו יענער צייט געווען, האָבן געביטן זייער שטעלונג צו יידיש. מען זעצט איבער אַ סך פון יידיש און מען דרוקט אפילו אָריגינעלע אַרבעטן וועגן יידישן פאָלקשאַפן.

די דאָזיקע אידעאָלאָגישע שינויים זיינען פון גרויס וויכטיקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון ציוניסטישן און סאָציאַליסטישן געדאַנק אין פּוילן.

אין 1897, ווען דער פּאָליטישער ציוניזם און דער יידישער סאָציאַליזם קומען צום אויסדרוק, אַנטשטייט אין פּוילן אַ פּוילישע פּאַרטיי, וואָס איר אידעאָלאָגיע איז ענג פאַרבונדן מיט דער אַנטוויקלונג פונם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, — דאָס איז געווען די פּוילישע „נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי". זי איז אַנטשטאַנען ווי אַ המשך פון דער „ליגאַ פּאָלסקאַ" (פּוילישע ליגע), וואָס איז אויפגעקומען אין 1886, ווי אַ פאָלקיסטישע נאַציאָנאַל־פּאַטריאָטישע אָרגאַ־

ניזאַציע. אין אָנהויב האָט די ליגע גרופּירט אַרום זיך מענטשן פון פאַרשידענע פּאָליטישע שאַטירונגען. אין 1893 האָט זי געביטן איר נאָמען אויף „נאַציאָנאַלע ליגע" און געהאַט אין דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג אפילו עטלעכע אַסימילירטע יידן. דער נאַציאָנאַל־פּאַטריאָטישער עלעמענט האָט אָבער איבערגעוואויגן אַזוי ווייט, אַז די סאָציאַליסטיש־געשטימטע עלעמענטן זיינען אַרויסגעטראָטן און אַריין אין פּ. פּ. ס. דעם שטאַרקסטן איינפלוס אויף דער אידעאָלאָגיע פון דער ליגע האָט געהאַט ראָמאַן דמאָווסקי, וועלכער האָט געפּרעדיקט אַז די צרה מיט פּאָליאַקן איז: זיי זיינען תמיד געווען אַ „באַפאַלן פאָלק" און נישט קיין פאָלק וואָס פאַלט אָן אויף אַנדערע. מען דאַרף איבעראַרבעטן דעם פּוילישן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און אַנטוויקלען אַ מיליטאַנטישן טיפּ פון אַ פּאָליאַק, אַזוי ווי דאָס איז, למשל, דער פּויזנער פּאָליאַק. דאָס קען געשען נאָר דורך אַ פּאַן־נאַציאָנאַליזם, וואָס רעכנט זיך נישט מיט קיין סענטימענטן, האָט נישט קיין רחמנות אויף שוואַכע און גלויבט אין „נאַציאָנאַלן עגאָאיזם". די אַלטע פּאַטריאָטן — האָט דמאָווסקי געלערנט — האָבן באַטראַכט די נאַציאָנאַלע פראַגע, נאָר ווי אַן ענין פון פרייהייט און דערפאַר האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען דעם רעאַליסטישן ווערט פון כוח, ווי אַן אינסטרומענט צו הערשן און נישט צו לאָזן זיך זיין באַהערשט, טאַקע אין נאָמען פון פרייהייט. אויב פּאָליאַקן ווילן פרייהייט, איז ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אויך רוטענער, ליטווינער, יידן א. אַ. זאָלן אויך קריגן פרייהייט, ד"ה אַ מעגלעכקייט אויסצונוצן דעם „ווילן צו מאַכט".

די דאָזיקע פּרייסישע שיטה האָט געמוזט ברענגען דעם פּוילישן טעאָרעטיקער פון נאַציאָנאַלן עגאָאיזם אויך צו דער יידן־פראַגע. דמאָווסקי איז אין זיינע אויספירן בנוגע דער יידן־פראַגע געקומען צו יענעם הויך־פּונקט, וואָס פירט צום פּאַרטיידיקן אַ פּערמאַנענטן „מיליטאַנטישן אַנטי־יידיזם" — ווי ער דריקט זיך אויס. די דאָזיקע אידעאָלאָגיע האָט זיך שוין ביי אים אָנגעהויבן צו קריסטאַליזירן אין 1892, הגם ענדגילטיק איז זי פאָרמולירט געוואָרן אין זיין באַרימטן בוך „די געדאַנקען פון אַ היינט־צייטיקן פּאָליאַק" ערשט אין 1903. עס איז כדאי זיך אויספירלעך אָפּצושטעלן אויף דער דאָזיקער סאָציאַלער פילאָזאָפיע, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויפן גאַנג פון די פּויליש־יידישע באַציאונגען ביז דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די יידן — שרייבט דמאָווסקי — האָבן אַן אויסגעקריסטאַליזירטע אינדיווידואַליטעט און דערפאַר קען אַזאַ „יונגער שטאַם, ווי דער פּוילישער" זיי נישט אַסימילירן. „נאָר אַ קליינעם טייל פונם יידישן עלעמענט מוזן מיר און קענען מיר אַסימילירן".

נאָכן אויפשטאַנד — שרייבט דמאָווסקי — איז פאָרגעקומען אַ טיילווייזע אַסימילאַציע, אָבער „זייער אַן אויבערפלאַכלעכע". דאָס איז געשען דערפאַר, ווייל בטבע אַסימילירן זיך יידן נישט נאַציאָנאַל, נאָר מלוכהש. אין פּויזן האָבן זיך די יידן נישט אַסימילירט מיט דער הערשנדיקער נאַציע, נאָר מיט דער הערשנדיקער מלוכה. דאָס זעלבע איז געווען אין גאַליציע, און דאָס אייגענע קומט פאָר אין ליטע. פאַרן יאָר 1864 זיינען געווען „פּוילישע פּאַטריאָטן פון יידישן גלויבן". נאָכן 1864 איז די אַסימילאַציע געוואָרן אַן עקלעקטישע: פּויליש־שפּראַכלעך, רוסיש־מלוכהש, בעת פּאָליאַקן אָנערקענען בכלל נישט די מאַכט פון רוסלאַנד. די אַסימילאַציע האָט פאַרלוירן איר אינטענסיווקייט. אמת, די צאָל „פּאָליאַקן פון משה רבינוס גלויבן" איז געוואַקסן, אָבער דאָס זיינען געווען „טאַנדייטנע פּאָליאַקן", ווייל די אַסימילאַציע איז געווען מער אַ מעכאַנישע, איידער אַן עמאָציאָנעלע. דמאָווסקי זאָגט, אַז די אַסימילאַציע איז געוואָרן אַ געפאַר. זי האָט „פאַריידלט מער פּאָליאַקן, ווי יידן פאַרפּוילישט".

דאָס וואָס יידן ווערן אַלץ מער און מער עקאָנאָמיש אומאָפּהענגיק פונם פּוילישן ווירטשאַפטלעכן לעבן, מאַכט זיי גרינגשעצן דעם פּראַקטישן ווערט פון דער פּוילישער קולטור, ממילא איז אפילו די אוטיליטאַרע אַסימילאַציע פאַרמשפּט אויף דורכפאַל. די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט געהאַלטן, אַז די יידן זיינען נישט קיין נאַציע אין פּאָליטישן זין, ווייל זיי וואוינען נישט אויף קיין באַזונדערער טעריטאָריע. וואָס איז דער פּועל־יוצא פון אַזאַ שטאַנדפּונקט? די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן פאָדערן, אַז יידן זאָלן זיך אַסימילירן מלוכהש, אַזוי ווי פּוילן וואָלט שוין צוריק געווען אַ מלוכה. און אפילו די דאָזיקע „אמתע" אַסימילאַציע איז זי גרייט צו פאַרזיכערן נאָר יענעם טייל יידן, וואָס איז שוין אָרגאַניש פאַרבונדן מיטן פּוילנטום.

דער נאַציאָנאַל־פּאַטריאָטישער פּאַטאָס פון דער נייער פּאַרטיי האָט צוגעצויגן די פּוילישע אינטעליגענץ, באַזונדערס די יוגנט, אַזוי אַז די ענדעציע האָט זיך שנעל דערוואָרבן אַ גרויסן איינפלוס אין פּוילן.

דער לאָזונג וועגן באַפרייען זיך פון „יידישן איינפלוס" האָט געמיינט, אַז די פּאָליאַקן דאַרפן אַנטוויקלען אַן אייגענעם פּוילישן מיטלשטאַנד־קלאַס און בכלל העלפן די יידן... עמיגרירן.

די דאָזיקע עמיגראַציאָניסטישע טענדענצן האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם פאַקט, וואָס דער ציוניזם איז אַזוי וואַרעם באַגריסט געוואָרן פון דער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

דער פּאָליטישער ציוניזם, וואָס איז אַנטשטאַנען אין 1897, האָט אין אָנהייב אין קאָנגרעס־פּוילן גופא קיין גרויסן ווידערקלאַנג נישט אַרויסגערופן. דער פּאָליטישער רעזשים האָט, אמת, געשטערט דעם

ציוניזם זיך צו אַנטוויקלען אין אַ נאָרמאַלע באַוועגונג לויטן מוסטער פון אַנדערע לענדער. געהיימע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען זיינען פאָרגעקומען אין אַ סך בתי־מדרשים און עס זיינען אפילו אויפגעקומען בתי־תפילות פון חובבי־ציון. די וואַרשעווער ציוניסטן זיינען דאָס רוב געווען חובבי־ציון און נישט קיין פּאָליטישע ציוניסטן. די השפּעה פון די רוסישע חובבי ציון, וועלכע האָבן זיך אין אָנהויב אַנטקעגנגעשטעלט הערצלס אידייע פון אַ „יידן־שטאַט", איז אין פּוילן געווען גאָר באַדייטנדיק. אויך דער פאַקט, אַז דאָס רוב חובבי־ציון זיינען געווען נישט קיין פּוילישע יידן, נאָר „ליטוואַקעס", האָט אַ סך בייגעשטייערט צו דער אייגנאַרטיקער אַנטי־ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע עס האָט געפירט יענער טייל בירגערלעכע פּרעסע, וואָס איז נאָך געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון אַסימילאַציע. מען האָט געשריבן, אַז ציוניזם איז ניט קיין „היגער" פּראָדוקט, ער קומט פון „דרויסן". אויך די „איזראַעליטאַ" האָט פאַרטיידיקט אַן ענלעכן שטאַנדפּונקט, הגם איר נייער רעדאַקטאָר נחום סאָקאָלאָוו האָט פאַר חיבת־ציון געהאַט אַ סך סימפּאַטיעס ; ער האָט זי פאַרטיידיקט מער אין פּויליש, ווי אויף העברעאיש, ווייל דער בעל־הבית פון „הצפירה" חיים זעליג סלאָנימסקי איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק בכלל.

די פּוילישע ראַדיקאַלע פּרעסע האָט אָבער באַגריסט דעם ציוניזם, ווי אַ ריכטונג, וואָס וועט אפשר מיט דער צייט העלפן די יידן עמיגרירן פון לאַנד, הגם קיין צופיל האָפענונג האָט זי אויף דעם ניט געלייגט.

אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין באַזעל סוף אויגוסט 1897, איז סאָקאָלאָוו געווען נאָר ווי אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער „הצפירה". אַהיים איז ער געקומען שוין אַן איבערצייגטער פּאָליטישער ציוניסט. אין „הצפירה" פון 12טן דעצעמבער 1897 האָט ער געשריבן, אַז ער איז געווען קעגן הערצלען, ווייל ער האָט נישט געוואוסט וועגן זיינע פּלענער. איצט איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דער ציוניזם איז ראשית כל אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג, וואָס וויל ברענגען די יידישע אינטעליגענץ צום פאָלק, און דערפאַר איז ער גרייט צו שטיצן „די דאָזיקע מעכטיקע און גלויביקע קראַפט, וועלכע שאַפט דעם לעבנס־עליקסיר, וואָס וועט אונזער פאָלקס־קערפּער געבן יוגנטלעכע פרישקייט".

אונטערן איינפלוס פון סאָקאָלאָוון האָט זיך דער פּאָליטישער ציוניזם אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אין פּוילן, און האָט צוגעצויגן אַ סך יונגע אינטעליגענטע כוחות, באַזונדערס פון דער סטודענטנשאַפט. אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט, וואָס האָט אין 1890 געהאַט 193 יידן־סטודענטן (קנאַפּע 20 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל סטודענטן), איז געגרינדעט געוואָרן אַ ציוניסטישער קרייז א. נ. „התחיה", וועלכער האָט זיין גאַנצע אַרבעט געפירט אויף פּויליש. דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע פאַרן דאָזיקן קרייז — איז זיין אָפענע מאַניפעסטאַציע פונם באַנקראָט פון אַסימילאַציע און דער דראַנג זיך צו באַהעפטן מיט דער מאַסע. חוץ דער „התחיה" זיינען געווען אין וואַרשע, לאָדזש, סואוואַלק, לובלין, טשענסטאָכאָוו, פּלאָצק א. אַ. פאַרשידענע ציוניסטישע קרייזן, ווי „אהבת־ציון", „שערי־ציון", „שפה ברורה", „נס ציונה" א. אַ. זיי האָבן אָנגעפירט זייער אַרבעט אויף אַן אומלעגאַלן אופן.

„אונזער גאַנצע אַרבעט — שרייבט סאָקאָלאָוו אין זיינע זכרונות — איז געווען פאַרבאָטן אויפן שטרענגסטן אופן. פיל יונגעלייט האָט מען אויף חדשים לאַנג איינגעזעצט אין תפיסה פאַרן חטא פון שקלים־זאַמלונג. פאַרזאַמלונגען האָט מען געמוזט מאַכן אונטער אַ מאַסקע פון פאַמיליען־שמחות. אַ סך מאָל איז מען איבערגעפאַלן און געשריבן פּראָטאָקאָלן און געשלעפּט אין זשאַנדאַרמסקאָיע אופּראַווליעניע... איך געדענק, ווען איך בין געפאָרן צום ערשטן קאָנגרעס, בין איך בכלל נישט געווען זיכער, אַז איך וועל צוריקקומען אַהיים. נאָכן צווייטן קאָנגרעס בין איך טאַקע געוואָרן אויפגעהאַלטן און האָב געמוזט מאַכן נסיעות אַרום און אַרום מיט פיל שברות־הלב, צייט־פאַרלוסט און הוצאות, כדי צוריק אַהיים קומען". סאָקאָלאָוו שטעלט פעסט, אַז הגם אַזוי איז געווען אין גאַנץ רוסלאַנד, איז אָבער די לאַגע אין פּוילן געווען אַ סך ערגער, ווייל „פּוילן איז געווען — שרייבט ער — אַ גלות בתוך גלות".

דער ציוניסטישער כלל־טוער און שריפטשטעלער י. מ. פרייד דערציילט אין זיינע זכרונות, ווי שווער עס איז געווען צו פאַרשפּרייטן דעם רעיון פון ציוניזם צווישן די פּוילישע יידן. מיטן אויסנאַם פון אַ פּאָר וואַרשעווער סוחרים־גבירים פון די אָרטאָדאָקסישע אָדער האַלב־משכילישע קרייזן, וואָס זיינען געווען „היגע", — זיינען דאָס רוב ציוניסטישע טוער געווען אָנגעפאָרענע יידן. די דאָזיקע דערשיינונג האָט געהאַט אַ ווירקונג — דערציילט פרייד — און האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון ציוניזם אין פּוילן. רוסישע יידן טרייבט מען - ווערן זיי ציוניסטן. פּוילישע יידן זיינען אָבער „היגע" פון דורות, טיף פאַרוואָרצלט אין פּוילישן לעבן, — און דערפאַר איז זיי דער געדאַנק פון ישוב ארץ־ישראל געווען אין אָנהויב פרעמד.

די דאָזיקע אָפּשאַצונג ווערט אויך באַרעכטיקט אין די באַריכטן פון די אָפיציעלע קרייזן : „דער ציוניזם — שרייבט דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע אין פּוילן — אַנטוויקלט זיך אַלץ מער און מער, באַקומענדיק אָנהענגער הויפּטזאַכלעך צווישן

די ייִדן, וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון די אינעווייניקסטע רוסישע גובערניעס און וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַן עלעמענט, וועלכער איז נישט גענויגט צו פוילישער אַסימילאַציע". דאָס איז געווען ריכטיק, אָבער נאָר טיילוויז. דאָס וואָס אַ צאַרישער באַאַמטער האָט געקוקט אויפן ציוניזם מיט ... אַסימילאַטאָרישע ברילען, איז מער פּיקאַנט, ווי אמת. קיין מאַסן־באַוועגונג איז דער ציוניזם צו יענער צייט נישט געוואָרן, ווייל ער האָט רעקרוטירט זיינע אָנהענגער אין די קרייזן פון קליינבירגער און בעל־הביתישע ייִדן, וואָס זיינען פּסיכאָלאָגיש נישט געווען פעאיק צו קאָנספּיראַטיווער אַרבעט. ציוניזם האָט נישט געהאַט יענע דירעקטע רעאַלע לאָזונגען, וואָס זאָלן פירן גרויסע מאַסן צו גרויסע קרבנות, אַזוי ווי דער סאָציאַליזם האָט זיי פאַרמאָגט.

כדי צו פאַרשטיין די אַנטוויקלונג פון סאָציאַליסטישן געדאַנק ביי ייִדן אין פוילן, איז נויטיק צו געבן אַ קורצן איבערבליק איבער דער עוואָלוציע פון סאָציאַליסטישן געדאַנק אין פוילן בכלל. די אייגנאַרטיקייט פון פוילישן פּאָליטישן לעבן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין פוילישן פאָלק האָט טיף געלעבט די טראַדיציע פון אַ מלוכה־פאָלק. די טראַדיציע פון 1863 איז נאָך געווען לעבעדיק. די פוילישע שפּראַך און קולטור האָט דאָמינירט אין לאַנד, נישט געקוקט אויף אַלע רוסיפיקאַטאָרישע טענדענצן פון דער פרעמדער מאַכט. די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג פון לאַנד איז געווען אָן אַן ערך גרעסער, ווי אין רוסלאַנד. ממילא זיינען די נאַציאָנאַלע עלעמענטן געווען שטאַרקער און מער באַוואוסטזיניק. דער קאַמף קעגן דער רוסישער הערשאַפט איז אין פוילן געווען מער אַ נאַציאָנאַל־אָפּאָזיציאָנעלער, איידער אַן אַלגעמיינער באַפרייענדיקער סאָציאַל־פּאָליטישער ענין.

אין 1881 האָט אין וואַרשע אַ גרופּע סאָציאַליסטן־פּאַטריאָטן געגרינדעט אַ פאַראיין אונטערן נאָמען „ליוד פּאָלסקי". צו דער דאָזיקער גרופּע האָבן געהערט אייניקע, וואָס זיינען מיט יאָרן שפּעטער געוואָרן די אידעאָלאָגן פון דער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, ווי זיגמונט באַליצקי, למשל. סאָלידאַריזירנדיק זיך מיטן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם האָבן די מיטגלידער פון דער דאָזיקער גרופּע געשטעלט זיך פאַר אַ ציל אויסצוקעמפן „אַ זעלבשטענדיק נאַציאָנאַל לעבן אין די גרעניצן פון פרייוויליקער גראַוויטאַציע"; דערמיט איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז נאָר יענע טיילן פון אַמאָליקן פוילן וועלן זיך פאַראייניקן, וואו די איינוואוינער וועלן אויף דעם אַליין איינשטימען.

הגם די דאָזיקע גרופּע האָט קיין טיפע השפעה נישט געהאַט, דאַך קען מען נישט פאַרלייקענען דעם פאַקט, אַז איר פּראָפּאַגאַנדע איז געווען פרוכטבאַר. עס זיינען געווען טעטיק נאָך אַנדערע עמיגראַנטישע גרופּעס פון פוילישע סאָציאַליסטיש־געשטימטע פּאַטריאָטן, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון אַ „זעלבשטענדיקער פוילישער פאָלקס־מלוכה". אַזאַ גרופּע איז געווען למשל, די „פּאָבודקאַ", וואָס האָט אין איר פּראָגראַם געפאָדערט, אַז די גרעניצן פון דער צוקונפטיקער פוילישער מלוכה זאָל באַשטימען די רעוואָלוציע, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זי באַקעמפט דעם געדאַנק פון אַן עטנאָגראַפיש־פוילישן שטאַט.

דער שטאַרקסטער קעגנער פון אַ נאַציאָנאַלן פּראָגראַם אין סאָציאַליזם איז געווען סטאַניסלאַוו מענדעלסאָן, איינער פון די וויכטיקסטע און פעאיקסטע טוער פון „פּראָלעטאַריאַט". אַ זון פון אַן אַסימילירטער וואַרשעווער באַנקירישער משפחה, איז מענדעלסאָן געווען צוזאַמען מיט וואַרינסקי דער וואָגיקסטער פאַרטרעטער פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם אין פוילן. נאָכן קראָקעווער פּראָצעס פון 1879, אין וועלכן מענדעלסאָן איז געווען געמשפּט, אָבער באַפרייט געוואָרן, — איז ער אַוועק קיין לאָנדאָן און שפּעטער קיין זשענעווע, וואו ער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע ווי אַ טעאָרעטיקער און רעדאַקטאָר פון פוילישע סאָציאַליסטישע צייטשריפטן.

אין פוילן האָט זיך דערווייל דער סאָציאַליזם פאַרשטאַרקט, דערהויפּט צווישן דער אינטעליגענץ. אין 1887—1888 שאַפט זיך אַ „גרופּע פון פּראָלעטאַריאַט" צווישן די תלמידים פון קראָנענבערגס האַנדל־שול. אין 1889 ווערט געגרינדעט דער „פאַראיין פון פוילישע אַרבעטער", אין וועלכן לודוויק קזשיוויצקי, דער שפּעטער־באַרימטער סאָציאָלאָג, האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע. די אידעאָלאָגיע פון דער דאָזיקער גרופּע איז געווען: די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג מוז אומפאַרמיידלעך פירן צום קאָלעקטיוויזם, דערפאַר דאַרף מען די אַרבעטער אָרגאַניזירן פאַרן עקאָנאָמישן קאַמף, און נישט פאַרן פּאָליטישן. צווישן די טעטיקסטע מיטגלידער פון דער דאָזיקער גרופּע האָט זיך געפונען דער יונגער אַדאָלף וואַרשאַווסקי, אויך פון אַן אַסימילירטער ייִדישער משפחה, שפּעטער באַקאַנט ווי אַדאָלף וואַרסקי.

די פראַגע, ווי אַזוי פאַרבינדט מען סאָציאַליזם מיט דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו אינטערעסירן די סאָציאַליסטן אין פוילן. שוין אויפן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענפאָר אין בריסל (1891) האָט דער זעלבער מענדעלסאָן אַריינגעטראָגן אַ רעזאָלוציע, אַז די פוילישע דעלעגאַציע איז נישט קיין דעלעגאַציע פון פּאָליאַקן, נאָר פונם לאַנד פוילן, וואָס איז, לעת־עתה, פאַרטיילט צווישן דריי אָקופּאַנטישע כוחות. די אויפגאַבע פון פוילישן סאָציאַליזם איז: אַנטוויקלען דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק אינעם פּראָלעטאַריאַט פון פוילן

און באַקעמפן דעם „אינהייטלעכן שונא, ד"ה די שלאַכטע און די פּוילישע בורזשואַזיע".

דאָ איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון סאָציאַליזם אין פּוילן פאָרמולירט געוואָרן אַ פּראָגראַם פון אַן „אַלפּוילישן סאָציאַליזם", וואָס איגנאָרירט די עקזיסטירנדיק־געאָגראַפישע פּאַרטיילונג און וויל ניט, אַז די סאָציאַליסטן אין גאַליציע זאָלן גיין אויפן חשבון פון עסטרייך און די סאָציאַליסטן אין פּויזן און שלעזיע — אויפן חשבון פון דייטשלאַנד. דער ערשטער טראַט איז שוין געמאַכט געוואָרן. ער האָט מיט אַ לאָגישער קאָנסעקווענץ געפירט צום אויספיר, אַז דער סאָציאַליזם אין פּוילן האָט נאָך אַנדערע צילן, אַ חוץ אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע: „דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט — האָט געשריבן סטאַניסלאַוו גראַבסקי, דעמאָלט אַ הייסער סאָציאַליסט און שפּעטער אַן אָנפירנדיקער „נאַציאָנאַל־דעמאָקראַט" — איז דער ליקווידאַטאָר פונם שלאַכטישן פּוילן", — אַ מיסיע אַ סך אַ העכערע, ווי די רוסישע סאָציאַליסטן האָבן זיך געשטעלט.

נאָוועמבער 1892 איז אין פּאַריז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון פּוילישע סאָציאַליסטן. דאָרטן איז שוין קלאָר און דייטלעך פאָרמולירט געוואָרן — און טאַקע אין אַ רעזאָלוציע געשריבן פון סטאַניסלאַוו מענדעלסאָן, — אַז דער ציל פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס איז אויף יענעם צוזאַמענפאָר געגרינדעט געוואָרן — איז אויסקעמפן אַ „זעלבשטענדיקע דעמאָקראַטישע רעפּובליק". וואָס שייך דער נאַציאָנאַליטעטן־פראַגע, האָט דער צוזאַמענפאָר פּראָקלאַמירט דעם היסטאָרישן טראַדיציאָנאַליזם פון פּוילן פאַר דער ערשטער טיילונג (1772); ממילא האָט די נייע פּאַרטיי געהאַלטן, אַז די ליטווישע און רוטענישע (אוקראַיִנישע) אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס דאַרפן קאָאָרדינירן זייער אַרבעט מיט דער פּוילישער פּאַרטיי. בנוגע די רוסיש־יידישע קרייזן אין ליטע און רייסן, האָט דער צוזאַמענפאָר באַשלאָסן זיך צו ווענדן מיט אַן אויפרוף, אַז זיי זאָלן אָפּשטעלן זייער „רוסיפיקאַטאָרישע אַרבעט", ווייל זי איז „אין אַ סתירה מיט די אינטערעסן פון דער פּאָליטישער באַפרייאונג פון ליטע און רייסן, ווי אויך מיט די אינטערעסן פון פרייהייט אין רוסלאַנד גופא".

דאָס אונטערשטרייכן דעם פּוילישן כאַראַקטער פון סאָציאַליזם איז געווען אַ פּועל־יוצא פונם פאַרשטאַרקטן איינפלוס פון דער „ליגאַ נאַראָדאָוואַ", וועלכער האָט אַרומגענומען אַ גרויסן טייל פון דער פּוילישער שטודיר־יוגנט און אויך די מער אינטעליגענטע אַרבעטער. מען האָט געוואָלט איבערליציטירן די פּאָלקיסטישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען דעם שטאַנדפּונקט, אַז פּאָלק מיינט טאַקע נאָר דאָס עכט־פּוילישע פּויערטום, וואָס האָט אַן אינסטינקטיווע שנאה צו דער שלאַכטע און צו די יידן, ממילא זיין פּאָלקיש מיינט זיין אַ ראַסן־אַנטיסעמיט (פּאָפּלאַווסקי אין „גלאָס" 1889). לודוויק קזשיוויצקי האָט באַקעמפט דעם דאָזיקן רעאַקציאָנערן היפּער־פּאָלקיזם. אַן אַנדער פּאָלקיסט וויענצקאָווסקי האָט דעפינירט: פּאָלק איז „אַ נאַציאָנאַלע מאַסע פון אַרבעטנדיקע קלאַסן מיטן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־פּראָלעטאַריאַט בראש".

דער רעוואָלוציאָנערער פּאַטריאָטיזם פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט צוגעצויגן אַ סך פּאַטריאָטישע עלעמענטן, האָט אָבער צוריקגעשטויסן אַ סך סאָציאַליסטן. דער זעלבער מענדעלסאָן איז אין 1893 אינגאַנצן אַרויסגעטראָטן פון דער פּאַרטיי. די „נאַציאָנאַלע ליגיסטן" האָבן באַטראַכט די פּ. פּ. ס., ווי אַ שוועסטער־פּאַרטיי, און איניקע פון אירע מיטגלידער זיינען אפילו גלייכצייטיק געווען מיטגלידער פון דער פּ. פּ. ס.

דאָס איז די היסטאָרישע קאָנווע, אויף וועלכער עס האָט אין קאָנגרעס־פּוילן זיך אָנגעהויבן אויסצוטיילן אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג צווישן יידן. עס איז געווען צו דערוואַרטן, אַז אין ליכט פון דער טעריטאָריעלער קאָנצעפּציע פון פּוילישן סאָציאַליזם, וועט זיך פריער אָדער שפּעטער די יידישע באַוועגונג אָנשטויסן אויף שוועריקייטן, וועלכע וועלן פאַרגרעסערן די „נאָרמאַלע" מניעות, וואָס אַ פּראָלעטאַרישע באַוועגונג האָט בכלל געמוזט דורכברעכן, כדי צו קענען לעבן און ווירקן לטובת דעם אָנגעצייכנטן אידעאַל.

שוין די טראַדיציאָנעלע ניט־קוואַליפיצירטקייט פונם יידישן אַרבעטער האָט געהאַט אַ סך צו זאָגן וועגן דער ספּעציפישקייט פונם יידישן אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן אין פאַרגלייך מיטן ניט־יידישן. דער יידישער אַרבעטער איז געווען אַ בעל־מלאכה. עס איז שוין פריער אָנגעוויזן געוואָרן אויף די דיסקרימינאַציעס מצד יידישע פאַבריקאַנטן לגבי יידישע אַרבעטער. אין 1884 האָט אַ דייטשער פאַבריקאַנט אין טאָמאַשאָוו פאַרגעשלאָגן אויף אַ באַראַטונג מכוח העלפן אַרבעטסלאָזע, אַז יידישע פאַבריקאַנטן זאָלן אָפּזאָגן קריסטלעכע אַרבעטער און אויף זייער אָרט אָנשטעלן יידן, מחמת דעם ווייל דער קריסטלעכער אַרבעטער קען קריגן אַרבעט אומעטום, בעת דער יידישער קען אפילו ביים יידישן פאַבריקאַנט קיין אַרבעט נישט קריגן.

די אַרבעטלאָזיקייט איז דווקא ביי יידן געווען אַ סך גרעסער, ווי ביי נישט־יידן. אין אַ בריוו פון לאָדזש, געדרוקט אין „הצפירה" (1886, 94) לייענען מיר, אַז „טויזנטער יידישע אַרבעטער... אַרבעטן די שווערסטע אַרבעט אין שווייס פון זייער פּנים ביי די וועב־שטולן, און נישט בלויז מענער, נאָר אויך יידישע פרויען און מיידלעך". און ווען אַ יידישע פאַבריק איז אַריבער אויף דאַמפּס־קראַפט, האָבן אַ

סך יידישע אַרבעטער פאַרלאָרן זייער שטיקל ברויט. „די טירן פון יידישע פאַבריקן — שרייבט אַ קאָרעספאָנדענט פון אַ רוסיש־יידישער צייטשריפט — זיינען, צו אונזער חרפה, פאַרמאַכט פאַר יידישע אַרבעטער”.

די נויט האָט אָפטמאָל געפירט צו קאָנפליקטן צווישן יידישע און נישט־יידישע אַרבעטער.

די שווערע לוין־באַדינגונגען האָבן אין די אַכציקער יאָרן אַרויסגערופן אַ ריי שטרייקן. עס זיינען געווען פאַלן, ווען יידישע אַרבעטער האָבן אַרבעטנדיק אין די זעלבע פאַבריקן, וואו קריסטן האָבן געאַרבעט, באַקומען אַ קלענערן לוין. אין אַ קאָרעספאָנדענץ צו דעם „אידישער אַרבעטער” (1896, נומער 1) שרייבט מען פון וואַרשע, אַז „אויף דער פאַבריק פון שלעסער אַרבעטן די קריסטן 12 שעה און די יידן — 13 שעה”. דער שרייבער באַמערקט, אַז „אַזעלכע ביישפילן קען מען ברענגען פיל”.

אין 1882 איז אין וואַרשע געווען אַ שטרייק פון יידישע טאַבאַק־אַרבעטער. שוין צו יענער צייט האָט עקזיסטירט אַ רעוואָלוציאָנערער קרייזל, וואָס ש. ראַבינאָוויטש (דער יידישער איבערזעצער פון דיקשטיינס באַרימטער פראָפאַגאַנדע־בראָשור „פון וואָס איינער לעבט”) און אַ גרופע חברים זיינע האָבן געגרינדעט. דאָס זיינען געווען יידן־גימנאַזיסטן, וואָס האָבן געפירט אַן אויפקלערערישע אַרבעט. געווען איז דאָס אין דער צייט צווישן ערשטן „פראָלעטאַריאַט” (1883—1885) און דעם צווייטן, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1888. די אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט איז געקומען צו אַ שטילשטאַנד. דער דאָזיקער קרייז פון שטודיר־יוגנט איז געווען באַאיינפלוסט פון דער רוסיש־נאַראָדאָוואָלישער אידעאָלאָגיע און האָט זיך אייגנטלעך פאַרנומען מיט פאַרשפרייטן בילדונג. איינער פון די מיטגלידער פון דעם קרייז, אברהם קאָטיק, האָט אָנגעפירט מיט געהיימע קורסן פאַר יידישע אַרבעטער. דאָס רוב פון די טוער האָט געשטאַמט פון ליטע, און ווייל זיי האָבן קיין פויליש נישט געקענט — האָבן זיי געהאַט אַ צוטריט נאָר צו די יידישע אַרבעטער, מיט וועלכע זיי האָבן גערעדט אויף רוסיש.

„קיינעם פון אונז — האָט קאָטיק שפעטער געשריבן אין זיינע זכרונות — איז דעמאָלט נישט איינגעפאַלן צו זוכן אַרבעטער צווישן יידן — געזוכט האָט מען אַריינצודרינגען צו די פוילישע אַרבעטער”. אַ צווייטער טוער פון קרייז, ליבין, האָט געהאַט מיט יידן „אַ קנאַפע מגע ומשא”, ווייל אים האָט געצויגן „צו די אומות העולם”.

נאָך עטלעכע יאָר עקזיסטענץ איז דער דאָזיקער קרייז זיך צעפאַלן (1887). אין זעלבן יאָר גרינדעט זיך אין וואַרשע אַ „חברה פון יידישע אַרבעטער”, וועגן וועלכע עס פעלן אויספירלעכע ידיעות. אין 1888 ווערט געגרינדעט אַ בילדונגס־קרייז אונטער אַן אויסטערלישן נאָמען „געזעלשאַפט פאַר וויסן און קונסט פון יידישן פאָלק”. די דאָזיקע געזעלשאַפט איז געווען פאַרבונדן מיטן צווייטן „פראָלעטאַריאַט”. אירע מיטגלידער זיינען (צווישן זיי אויך ע. ז. פרענק, דער שפעטערדיקער העברעאישער שרייבער און היסטאָריקער) דאָס רוב באַשטאַנען פון יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע פונם שטאַרק־פאַרפוילישטן „פאַראיין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע פון משה רבנוס גלויבן”, איינער פון די עלטסטע פראָפעסיאָנעלע יידישע פאַראיינען אין וואַרשע (געגרינדעט אין 1867). אגב, האָט דער דאָזיקער פאַראיין זיך געוואָלט אין 1880 פאַראייניקן מיטן קריסטלעכן פאַראיין, אָבער צו קיין יידיש־פוילישער פאַראייניקונג איז נישט געקומען. די אויפגאַבע פון דער געזעלשאַפט איז געווען צו ברענגען פויליש „ליכט” צו „די פינצטערע” יידישע אַרבעטער־מאַסן. געווען איז די דאָזיקע אַרבעט ווי אַ המשך פון דער בורזשואַזער אַסימילאַטאָרישער אַרבעט, אָבער מיט שטאַרק דעמאָקראַטיזירטע לאָזונגען. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָבן זיך באַטייליקט די ברידער פאַטערסאָן פון „פראָלעטאַריאַט” און באַזונדערס האַלפערן, וועלכער איז זינט 1891 געשטאַנען בראש פון דער וואַרשעווער שול פאַר יידישע בעלי־מלאכות. די דאָזיקע שול איז געגרינדעט געוואָרן אין 1886. דער גרויסער קאָנטינגענט אָרימע יידישע קינדער פון וואַרשע, ווי אויך פון דער פראָווינץ און אפילו פון ליטע — האָט געשאַפן אַ גינציקן באָדן פאַר אַ פאָלאָניזאַטאָרישער אַרבעט אין סאָציאַליסטישן גייסט. פון דער דאָזיקער שול זיינען טאַקע אַרויס די ערשטע יידישע אָנהענגער פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1892. די דאָזיקע יידן־פעפעסאָווצעס האָבן אין 1894—1895 אָנגעפירט מיט אַ ריי שטרייקן צווישן יידישע אַרבעטער. אין הסכם מיט די פרינצי׳פן פון דער פאַרטיי, וועלכע האָט נישט אָנערקענט קיין אַנדער פאָלק אין פוילן ווי נאָר דאָס פוילישע, און האָט באַטראַכט די יידן, ווי אַ רעליגיעזע גרופע, — האָט מען אָראַנזשירט פויליש־יידישע פאַרברידערונג־אויספלוגן. די אידילישע פאַרווילונגען פון קריסטלעכע אַרבעטער מיט די „קאַפאָטשאַשזעס” האָט אויסגעזען ווי אַן אַנאַכראָניסטיש בילד, וואָס איז לעבעדיקערהייד קאָפירט געוואָרן פון די יאָרן 1861—1862, ערב דעם אויפשטאַנד. איינער פון די הויפט־טוער פון דער יידישער סעקציע פון פ. פ. ס. האָט זיך אויסגעדריקט, אַז די יידן זיינען אַריין אין דער דאָזיקער פאַרטיי, ווייל זיי „האָבן זיך איבערגענומען מיט דער היסטאָרישער קריוודע וואָס מען איז באַגאַנגען לגבי דעם פוילישן פאָלק און אים באַרויבט פון פרייהייט און אומאָפהענגיקייט”.

די דאָזיקע אַרבעט איז אָבער צו יענער צייט

געווען נאָך זייער שוואַך. אין דער גרויסער יידישער פּראָלעטאַרישער וואַרשע האָט מען נאָך פאַר סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען קיין פאַרשטענדעניש נישט געהאַט.

עס איז אָבער געווען אַן אינסטינקטיווער אינטערעס פאַר אַן אָרגאַניזירטער אַרבעט אויף צו פאַרבעסערן די שלעכטע עקאָנאָמישע לאַגע פון די אַרבעטער. דער עקאָנאָמיזם, ווי אַ שיטה אין סאָציאַליזם, האָט אַפּעלירט צום יידישן אַרבעטער מיט דער פּשטות פון גרויער ווירקלעכקייט. די שטרייקן זיינען געווען די צוגרייטונג־קורסן, און די תלמידים־אַרבעטער האָבן אַרויסגעוויזן גרויס התמדה און שטאַרקע דיסציפּלין, ווי אויך חשק זיך וואָס מער צו לערנען פון דער דאָזיקער שול פון פּראַקטישן סאָציאַליזם. אין 1891 האָבן אין וואַרשע געסטרייקט 300 יידישע און קריסטלעכע ווייסגאַרבער. די שטרייקער האָבן געוואונען אַ פאַרקירצונג פון אַ שעה אַרבעט אַ טאָג און אַ לוין־העכערונג פון אַ האַלבן רובל אַ וואָך. דער שטרייק אין פּאָלאַקעוויטשעס טאַבאַקפאַבריק, וואָס איז געפירט געוואָרן דעם זעלבן יאָר, האָט קיין נצחון נישט געבראַכט. דער יידישער פאַבריקאַנט האָט אַרויסגעטריבן 150 אַרבעטער.

אין די יאָרן 1890—1891 האָבן אייניקע ווילנער טוער געשאַפן די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע קרייזן אין וואַרשע *). מחוץ וואַרשע איז נאָך אין ערגעץ נישט געווען קיין סימן פון אַ סאָציאַליסטישער אַרבעט צווישן יידן. אפילו אַזאַ פּראָלעטאַרישע שטאָט, ווי לאָדזש, האָט ערשט אין 1897 געשאַפן אירע ערשטע קרייזן.

די יידישע אַרבעטער האָבן געהאַט זייערע הילף־קאַסעס, וואָס זיינען אייגנטלעך געווען שטרייק־קאַסעס. אָנהויב די ניינציקער יאָרן האָט זיך אין וואַרשע געגרינדעט די ערשטע קאַסע פון יידישע אַרבעטאָרינס, — זי האָט געציילט 60 מיטגלידער. אין 1894 זיינען שוין געווען דרייצן אַזעלכע קאַסעס. אין זעלבן יאָר איז געגרינדעט געוואָרן דער וואַרשעווער „יידישער אַרבעטער־פאַראיין", וועלכער האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער שטרייק־באַוועגונג. די גרעסטע צאָל שטרייקן זיינען פאָרגעקומען אין די יאָרן 1895—1897. אין 1897 האָבן אין וואַרשע געשטרייקט פערצן פאַרשידענע פאַכן. אַ באַזונדערן רושם האָט געמאַכט דער שטרייק פון די בעקער, ער האָט געפונען אַ ברייטן געזעלשאַפטלעכן אָפּהילך.

אין די יאָרן 1893—1894 האָט אַ גרופּע סטודענטן אין וואַרשע געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט צווישן יידישע אַרבעטער. איינער פון זיי בצלאל אָדער סטאַניסלאַוו שטענצעל איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון פּרצעס „יום־טוב בלעטלעך". די דאָזיקע גרופּע האָט געאַרבעט פאַרקאָנספּירירט ווי אַ „חברה צו לערנען אָרימע יידן". אייניקע פון די סטודענטן, צווישן זיי אויך שטענצעל, זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אוניווערסיטעט.

אין 1894 האָט פּרץ געשריבן אין דער „יודישע ביבליאָטעק" (1, ז. 11—14), אַז דריי־פערטל פון אַלע יידישע פּרנסות וועלן אָפּפאַלן און „אַלע וועלן זיך מוזן נעמען צו דער מלאָכה, צו פאַבריקן. אונזער גאַנצע תקוה אויף שפּעטער זיינען נאָר בעלי־מלאכות".

לויט דער סטאַטיסטיק פון „יעקאָ", איז אין פּוילן געווען אין 1897 ביי 12,000 יידישע פאַבריקאַרבעטער, קאָנצענטרירט דער עיקר אין וואַרשע, לאָדזש, קאַליש און טשענסטאָכאָוו, און ביי 119,000 יידישע בעלי־מלאכות; פון זיי מייסטערס 49 פּראָצענט, אַרבעטער — 27 פּראָצענט, לערן־יינגלעך 22 פּראָצענט. צווישן די בעל־מלאכות זיינען געווען 15,000 פרויען.

די צאָל יידישע וואַרשטאַטן איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר. דער געוואַלדיקער אויפבלי פון קאַפּיטאַליזם האָט צעזעצט די פרומע חסידישע משפּחה און געצוואונגען נישט נאָר די יינגלעך, נאָר אויך מיידלעך זיך צו פּראָלעטאַריזירן.

עס האָבן געפעלט יידיש־רעדנדיקע טוער, וואָס זאָלן אַרבעטן אין דער סביבה פון די יידישע אַרבעטער, בעת פּויליש־רעדנדיקע יידן האָבן געפונען פאַר זיך אַ דאַנקבאַר פעלד פאַר סאָציאַליסטישער אַרבעט אין דער נישט־יידישער סביבה. אין פּוילן איז געווען דער היפּוך פון דעם וואָס איז געווען אין ליטע: דאָרטן איז בכלל נישט געווען קיין אַרבעטער־באַוועגונג ביי די נישט־יידן. די יידן זיינען געווען די ערשטע אָנזאָגער פון סאָציאַליסטישן געדאַנק אַזוי גוט ביי יידן ווי ביי נישט־יידן. די יידישע אינטעליגענץ אין ליטע איז געווען רוסיפיצירט, האָט זי דעריבער געקענט אַרבעטן צווישן נישט־יידן. אָבער ביי דער גאַנצער רוסיפיקאַציע אירער האָט זי פאָרט געקענט יידיש. גאַנץ אַנדערש איז אָבער געווען אין פּוילן. דאָ איז די אַסימילאַציע געווען אַ סך אַ טיפערע און אַרומגענומען נאָר געוויסע קרייזן, דווקא די, וואָס זיינען געווען ווייט פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. אָן אינטעליגענטע כוחות, האָט דער יידישער אַרבעטער אין פּוילן טאַקע געהאַט גרויסע שוועריקייטן צוצוקומען צו דער נייער לערע, וואָס אינטואיטיוו האָט ער זי אויפגעכאַפּט אַ סך שנעלער, ווי דער פּוילישער אַרבעטער.

אין אַ קאָרעספּאָנדענץ צום „דער יידישער אַרבע־

*) דאָ און ווייטער ווערט די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, און בפרט פון בונד, אָנגעצייכנט נאָר אין די אַלגעמיינסטע שטריכן פון איר אַנטוויקלונג. אַ גענויע אָפּהאַנדלונג וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג וועט דאַרפן געגעבן ווערן אין אַ באַזונדערער אַרבעט.

די רעדאַקציע

טער", געשיקט פון וואַרשע, דעם 15טן סעפּטעמבער, 1896, געפינען מיר אַזאַ אינטערעסאַנטע באַשרייבונג פון דער לאַגע פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעט צווישן יידישע אַרבעטער :

„מיט וועמען מען זאָל נאָר רעדן וועגן וואַרשע — שרייבט דער קאָרעספּאָנדענט — איז יעדערער איבערציגט, אַז אין דער שטאָט איז די אַרבעטער־באַוועגונג צווישן פּאָליאַקן און יידן זייער גרויס, אַז דאָ איז זי גרעסער, ווי אַנדערש־וואו. וועגן די פּאָליאַקן וועל איך דאָ נישט רעדן. נאָר וואָס געהערט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, איז די אָנגענומענע מיינונג דורכאויס פאַלש. אמת, וואַרשע איז אַ גרויסע שטאָט מיט אַ גרויסער צאָל פאַבריקן און אַרבעטער. אמת, אין וואַרשע טרעטן אַרויס די קלאַסן־קעגנזאַצן, די פיינטלעכקייט צווישן די אינטערעסן פון די בעלי־בתים און די אַרבעטער שאַרפער ווי אַנדערש־וואו. דאָך, פון דעם וואָס דער קלאַסן־באַוואוסטזיין עקזיסטירט אין לעבן — איז נאָך ניט געדרונגען, אַז דער קלאַסן־באַוואוסטזיין עקזיסטירט אין דער זעלבער צייט ביי די אַרבעטער. פון איינע ביז די אַנדערע איז נאָך גאַנץ ווייט, און טאַקע דער קלאַסן־באַוואוסטזיין האָט נאָך ביז דער לעצטער צייט געפעלט ביי די וואַרשעווער אַרבעטער און נאָך איצט פעלט ער אויך אין דעם גרעסטן טייל פון זיי" [אָרטאָגראַפיע מאָדערניזירט].

ווי די הויפּט־סיבה פאַרן דאָזיקן צושטאַנד גיט דער מחבר אָן, אַז די יידישע אַרבעטער־מאַסע פאַרשטייט נישט קיין פּויליש, נאָר יידיש. די גאַנצע פּוילישע ליטעראַטור איז געווען פאַר די יידישע אַרבעטער אַ פאַרמאַכטער אוצר. — „דעריבער איז זי [ד"ה די מאַסע] געשטאַנען גאַנץ אָן אַ זייט פון דער פּאָלנישער אַרבעטער־באַוועגונג. די פאָרשטייער פון דער פּאָלנישער באַוועגונג האָבן אויף איר קיין איינפלוס נישט געהאַט. די פּאָלנישע אַרבעטער־באַוועגונג איז אַלץ געוואַקסן, האָט זיך אַלץ געשטאַרקט, זי האָט אַרומגענומען אַלץ גרעסערע און גרעסערע שיכטן אין דער אַרבעטער־מאַסע". דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער פּוילישער האַנטווערקער האָט געאַרבעט זעלטן מער פון 12 שעה, בעת יידישע אַרבעטער אַרבעטן 14—16 און אפילו 18 שעה. פּוילישע קליידער־נייטערקעס און וועש־נייטערקעס אַרבעטן 10—11 שעה, יידישע אַרבעטאָרינס אין די זעלבע פאַכן אַרבעטן 12—14 שעה.

ווייטער באַקלאָגט זיך דער שרייבער אויף דער יידישער אינטעליגענץ אין פּוילן. זי איז אינגאַנצן פאַרפּוילישט געוואָרן, און עס עקזיסטירט פאַר איר בכלל נישט די יידישע אַרבעטער־מאַסע. דערפאַר איז די יידישע אַרבעטער־מאַסע געבליבן „בלינד, אומאַנטוויקלט, פאַריאָגט, נידערגעשלאָגן, אָן פאַרשטאַנד, אָן פאַרלאַנג צו קעמפן".

אַזוי שילדערט דער קאָרעספּאָנדענט די לאַגע אין וואַרשע צום יאָר 1893. דערביי גיט ער צו, אַז זינט דעמאָלט האָט זיך די לאַגע אַביסל פאַרבעסערט. עס זיינען צוגעקומען „איניקע פּעאיקערע פאַרשטייענדיקע אַרבעטער", און זיי „האָבן זיך גענומען צו באַשיצן זייערע [ד"ה די אַרבעטערס] אינטערעסן".

פון וואַנען זיינען די דאָזיקע „פּעאיקע אַרבעטער" געקומען — ווערט אין דער קאָרעספּאָנדענץ נישט דערציילט. מיר ווייסן אָבער, אַז אין 1894 איז געגרינדעט געוואָרן „דער וואַרשעווער יידישער אַרבעטער־פאַראיין", וואָס האָט אָרגאַניזירט קאַסעס אין איניקע פאַכן. אַז דאָס האָבן אָרגאַניזירט טוערס פון ווילנע איז אַ גוט באַקאַנטע זאַך. אמת, נאָך פריער (אין 1893) האָט אַ ריי אַרבעטער־גרופּעס אין וואַרשע, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, פּרובירט טאָן אַרבעט אויף יידיש. די הויפּט־אָנפירערשאַפט פון דער פאַרטיי האָט אָבער קיין צו גרויסן חשק פאַר אַ „סעפּאַראַטיסטישער" יידישער אַרבעט נישט געהאַט. אין 1895 האָט די פּ.פּ.ס. אַרויסגעגעבן אַ מאַי־אויפרוף, וואָס זאָל זיין, ווי ווייט עס איז באַקאַנט, דער ערשטער יידישער סאָציאַליסטישער אויפרוף אין קאָנגרעס־פּוילן.

די אַרבעט אין דער יידישער שפּראַך האָט אין פּוילן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ גאָר גינסטיקן באָדן. אין ליטע האָט יידיש ביסלעכווייז אַרויסגעשטופּט אין דער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט די רוסישע שפּראַך. אין פּוילן איז אָבער אין אָנהויב געווען גראָד אַ פאַרקערטע טענדענץ : אַרויסשטופּן יידיש און פאַרבייטן יידיש מיט דער שפּראַך פון לאַנד. דאָס איז אָבער געווען אַ צו שווערע אַרבעט, שוין פשוט דערפאַר, ווייל פּויליש איז געווען ווינציקער באַקאַנט צווישן יידישע אַרבעטער, איידער רוסיש אין ליטע אָדער אין ווייסרוסלאַנד. דער יידישער סאָציאַליסט פון ליטע, וואָס איז געקומען אַרבעטן אין פּוילן, האָט געקענט גרינגער צוקומען צו אַ יידישן אַרבעטער מיט דער יידישער שפּראַך. לערנען זיך פּויליש כדי צו האָבן אַ צוטריט צו אַ יידישן אַרבעטער איז געווען אומנויטיק, ווייל דער יידישער אַרבעטער האָט בדרך כלל קיין פּויליש נישט געקענט. וואָס איז שייך אַ צוטריט צום פּוילישן אַרבעטער, איז דאָס פאַר אַ יידישן סאָציאַליסט, וואָס איז נישט געווען אינגאַנצן אַסימילירט, געווען גאָר אויסגעשלאָסן. די ראָלע פון פּויליש, ווי אַ שפּראַך, איז געווען אַ סך מער, ווי אַ ריין־פונקציאָנעלער אינסטרומענט.

די יידישע מיטגלידער פון פּ.פּ.ס. האָבן געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע, אַז יידיש זאָל אָנערקענט ווערן ווי אַ קולטור־בריק אויף אַריבערצוגיין דעם תהום צווישן ייד און נישט־ייד. אַזאַ שטעלונג האָבן געהאַט די יידישע מיטגלידער פון דער גאַליצישער פּוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. זייער שטימע איז קיין קאָנגרעס־פּוילן דערגאַנגען, און מען האָט צו זיי געהאַט

אַ גרעסערן צוטרוי, ווי צו די „ליטוואַקעס" פון ווילנע, ווייל מען האָט זיי געהאַלטן פאַר „פּאָליאַקן". די דאָזיקע עוואָלוציע האָט גורם געווען, אַז ווען די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער, האָט מען שוין וועגן דער שפּראַכן־פראַגע נישט אַזוי פיל דעבאַטירט, ווי בעת זי איז געווען אַן ענין פון קליינע פּראָפּאַגאַנדע־קרייזן.

כדי צו שאַפן אַ ליטעראַטור פאַר דער באַוועגונג, איז אין ניו־יאָרק געגרינדעט געוואָרן די „ייִדיש־סאָציאַליסטישע פּאָסט פון אַמעריקע", וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו שיקן קיין „רוסיש פּוילן" סאָציאַליסטישע שריפטן אין ייִדיש. די גרינדער פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען ייִדן־מיט־גלידער פון דער פּ.פּ.ס., וועלכע האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע. אין יוני, 1896, האָט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע באַקומען די הסכמה פונם צענטראַלן קאָמיטעט פון פּ.פּ.ס., און אין 1897 איז אַרויס די ערשטע בראָשור (פּייגענבוימס: „דאָס גן־עדן התחתון").

אָנהויב 1897 האָבן זיך אין וואַרשע פאַראייניקט דער „וואַרשעווער ייִדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַראיין" מיט אַ ייִדישער אַרבעטער־גרופּע, וואָס האָט געהערט צו דער „פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי". דער דאָזיקער „סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַראיין" איז געגרינדעט געוואָרן פון ווילנער טוערס אין יאָר 1893. אין יאָר 1896 האָט פאַוועל אַקסעלראָד באַקומען פון אים אַ מאַנדאַט צום אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין לאָנדאָן. ביידע גרופּעס האָבן געשאַפן אַ נייע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „ייִדישער אַרבעטער בונד אין פּוילן". דער ציל פון דעם פאַראיין איז געווען צו שאַפן אַן אייגענע לאַנד־אָרגאַניזאַציע. די אָנפירער פון פּ.פּ.ס. זיינען געווען זייער אומצופרידן, וואָס „זייערע" ייִדן גייען האַנט אין האַנט מיט די „ליטוואַקעס". — „איר קענט זיך, מסתמא, פאָרשטעלן דעם סקאַנדאַל — האָט פּילסודסקי געשריבן (דעם 30טן מאַי, 1897) — די וואַרשעווער ייִדן אין אַ רוסישער פּאַרטיי".

עס האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז די פּ.פּ.ס.ישע ייִדן האָבן נישט געקענט אַרבעטן מיט די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, ווייל יענע האָבן ווינציק באַטאָנט דעם פּוילישן כאַראַקטער פון דער באַוועגונג. זיי האָבן קריטיקירט די מאַי־פּראָקלאַמאַציע, ווייל אין איר איז געשטאַנען, אַז די אַרבעטער דאַרפן קעמפן צוזאַמען מיט אַלע אַרבעטער פון רוסלאַנד, בעת די גרופּע פּ.פּ.ס. האָט פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט, אַז אין פּאָליטישע פּראָקלאַמאַציעס דאַרף מען אָנווייזן אויף דער נויטווענדיקייט צו גיין צוזאַמען נאָר מיט פּוילישע אַרבעטער. אין יולי, 1897, טרעטן די פּ.פּ.סניקעס אַרויס פון דער פאַראייניקונג און טרעטן צוריק אַריין אין זייער „מוטער־אָרגאַניזאַציע".

פּילסודסקי איז געווען זייער צופרידן פונם דאָזיקן גט. „דער בונד פון די ליטווישע ייִדן מיט די וואַרשעווער — האָט ער געשריבן (24טן יולי, 1897) — איז זיך איינגאַנצן צעפאַלן. די וואַרשעווער האָבן זיי פאַרלאָזן און קערן זיך אום אויפן שויס פון פּ.פּ.סישן גלויבן. איצט האָפן מיר, אַז מיר וועלן קאָנען צוטרעטן צו אַן ערנסטער ייִדישער אַרבעט".

דער געדאַנק פון אַ „ייִדישער אַרבעט" איז געווען אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס דער „ייִדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַראיין", וועלכער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן זעלבשטענדיק אונטערן נאָמען „דער ייִדישער אַרבעטער בונד אין וואַרשע", האָט זיך באַטראַכט ווי אַ לאַנד־אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרטרעט די אינטערעסן פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט. זי האָט טאַקע געאַרבעט זייער ענערגיש, געפירט שטרייקן, אַרויסגעגעבן פּראָקלאַמאַציעס, וואָס האָבן אויפגעקלערט די אַרבעטער וועגן דער „באַדייטונג און דעם צוועק פון די שטרייקן".

די באַוועגונג איז זיך אַזוי פונאַנדערגעוואַקסן, אַז עס איז קלאָר געוואָרן די נויטווענדיקייט פון אַ קאָאָרדינירטן אַפּאַראַט, וואָס זאָל צענטראַליזירן די צעשפּליטערטע כוחות, וועלכע האָבן זיך סטיכיש באַוויזן אין שטעט און שטעטלעך. „די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּן פון פאַרשידענע שטעט — שרייבט דער אַנאָנימער היסטאָריקער פון דער „געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד און פּוילן" (זשענעוו, 1900) — האָבן די גאַנצע צייט געאַרבעט ביי די זעלבע באַדינגונגען... די ליטעראַטור איז אומעטום געווען די זעלבע. איבער די אַלע אורזאַכן האָבן די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּן אָנגענומען די זעלבע טאַקטיק און פּראָגראַם און דערפאַר איז געווען לייכט צו פאַראייניקן די אַלע צעזייטע גרופּן אין איין גאַנצער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע".

די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציע איז טאַקע געגרינדעט געוואָרן. אין די טעג פון 25טן ביז 27טן סעפּטעמבער, 1897, איז אין ווילנע פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּעס. דער „ייִדישער אַרבעטער בונד אין פּוילן" איז תיכף געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון דער דאָזיקער ערשטער ייִדישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך אַ נאָמען געגעבן: „אַלגעמיינער ייִדישער אַרבעטער בונד פון רוסלאַנד און פּוילן". סוף 1897 איז ער דערקלערט געוואָרן ווי דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד".

די פּ.פּ.ס. האָט געוואָלט קאָנטער־אַטאַקירן די נייע פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי אויף דער ייִדישער גאַס און פאַרשטאַרקן אירע אייגענע ייִדישע רעזערוון. דאָס איז איר נישט געלונגען: דער נאַציאָנאַלער מאַקסימאַליזם פון דער פּ.פּ.ס. איז געווען אַ צו קאָמפּליצירטער ענין פאַרן ייִדישן אַרבעטער; פון דער צווייטער זייט

האָבן די פּראָמינענטסטע יידן־מיטגלידער פון דער דאָזיקער פּאַרטיי נישט געהאַט קיין חשק צו טאָן „געטאָ־אַרבעט".

אויפן 4טן צוזאַמענפאָר פון פּ.פּ.ס., וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע, אין נאָוועמבער, 1897, איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אַז דער „בונד" „אַנטהאַלט אין זיך שעדלעכע סימנים פון אָרגאַניזאַציאָנעלן און פּראָגראַמאַטישן סעפּאַראַטיזם". די דאָזיקע רעזאָלוציע איז געווען געשריבן פון פילסודסקין גופא, וועלכער האָט געזען אין דער עקזיסטענץ פון „בונד" אַן אַקט פון אומסאָלידאַרישקייט מיטן פוילישן און ליטווישן פּראָלעטאַריאַט. אין אַ ספּעציעלן אַרטיקל, געווידמעט דער פראַגע, האָט דער הויפּט־אָרגאַן פון פּ.פּ.ס. געשריבן, אַז דער בונדישער „סעפּאַראַטיזם" וועט פאַרשטאַרקן די אַנטיסעמיטישע כוואַליע אין פוילן.

דער קאַמף קעגן „בונד" איז מצד דער פּ.פּ.ס. געוואָרן אַלץ שטאַרקער. דער „בונד" האָט אויף די דאָזיקע אַטאַקעס געענטפערט און אפילו פאָרמולירט אַ ספּעציעלע רעזאָלוציע (אויפן 3טן צוזאַמענפאָר אין קאָוונע, אין 1899).

דער „בונד" איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט אין פוילן. אין לאָדזש האָט דער „בונד" אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע פּראָפּאַגאַנדיסטישע טעטיקייט. חוץ לאָדזש און וואַרשע, האָט דער „בונד" אין אָנהויב געאַרבעט אין עטלעכע שטעטלעך פון סוואַלקער גובערניע. הגם אין יולי, 1898, איז די פּאַרטיי כמעט ווי צעבראָכן געוואָרן צוליב די אַרעסטן, וואָס האָבן געבראַכט דעם גאַנצן צענטראַלן קאָמיטעט אין תפיסה, צווישן זיי אויך די טוערס פון פוילן, איז די אַרבעט ווייטער פאַרגעזעצט געוואָרן.

די שטרייק־אַקציעס, די אָרגאַניזאַציע פון הילף־קאַסעס, די מאַי־דעמאָנסטראַציעס, די ליטעראַטור־פאַרטיילונג און אפילו די לוויות פון אַרבעטער — דאָס זיינען אַלץ געווען רינגען אין דער קייט פון אַרבעטן, וואָס האָבן געוויזן די דינאַמישקייט פון דעם „בונד" אויף דער יידישער גאַס אין פוילן. די אָפּטע צוזאַמענקומען צווישן פוילישע און יידישע אַרבעטער, ווי, למשל, די מאַי־דעמאָנסטראַציע אין וואַרשע אין 1899, און די סאָלידאַרישע אַרויסטרעטונגען פון ביידע אַרבעטער־קלאַסן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, האָבן אַ סך בייגעשטייערט צום אָפּשוואַכן די אַנטיסעמיטישע נטיות ביי די פוילישע אַרבעטער. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ באַגריף ביים יידישן פאָלקס־מענטש, אַז אַן אַרבעטער וואָס איז אַ סאָציאַליסט קאָן בכלל קיין אַנטיסעמיט נישט זיין.

סוף 19טן יאָרהונדערט האָבן זיך אין קאָנגרעס־פוילן אָנגעהויבן באַוויזן די ערשטע סימנים פון אַ סאָציאַליסטישן ציוניזם.

אין 1896 געפינען מיר אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט אַ נאַציאָנאַל־געשטימטע גרופּע פון יידישע סטודענטן, וואָס האָט זיך באַטראַכט, ווי אַ נאַציאָנאַלע גרופּע. אין 1900 געפינען מיר שוין אין דעם זעלבן אוניווערסיטעט אַ ראַדיקאַל־ציוניסטישע גרופּע „התחיה", וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו „אַרבעטן לטובת דעם אַלזייטיקן נאַציאָנאַל־קולטורעלן ווידערגעבורט פון יידן". די „התחיה" האָט זיך אויך געשטעלט פאַר אַ ציל צו באַקעמפן די אַסימילאַציע — „אַ שטרעמונג וואָס באַליידיקט אונז". איינער פון די הויפּט־פירער פון וואַרשעווער „התחיה" איז געווען דער שפּעטער באַוואוסטער פּעטערבורגער אַדוואָקאַט לודוויק זיידענמאַן, וועמען מען האָט אַרעסטירט און נאָך דער באַפרייאונג אויסגעשלאָסן פון אוניווערסיטעט.

די קערנער פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם און אויך פון אַנדערע מער נאַציאָנאַל־באַפאַרבטע ראַדיקאַלע ריכטונגען זיינען שוין געווען בולט אין קאָנגרעס־פוילן סוף 19טן י"ה. די צייט פון דעם אויפקום און אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע ריכטונגען איז אָבער געקומען ערשט אָנהויב דעם 20טן י"ה, ווען דאָס פּאָליטישע לעבן בכלל און דאָס יידישע בפרט האָט אין רוסלאַנד און אין פוילן באַקומען זיינע, מער מאָדערנע פאָרמען פון אַנטוויקלונג.

## 5. יידן אין קאָנגרעס־פוילן אין די יאָרן 1901—1914

דאָס אויסטיילן די ערשטע פערצן יאָר פון אונזער יאָרהונדערט אין אַ באַזונדער קאַפּיטל איז אין תוך געווען נישט מער ווי אַ קינסטלעכע פּעריאָדיזאַציע. דאָס פוילישע יידנטום איז אַריין אין 20טן י"ה שוין קריסטאַליזירט אידעאָלאָגיש און ווירטשאַפטלעך. דער דאָזיקער צייט־אָפּשניט איז אָבער פון גרויסער וויכטיקייט, ווי אַן עפּילאָג פונם יידישן ציבור־לעבן אין קאָנגרעס־פוילן. עס זיינען שוין אין אַ גרויסער מאָס קאָנסאָלידירט די סאָציאַל־עקאָנאָמישע כוחות, וואָס האָבן שפּעטער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה (1914—1918) און אין די ערשטע יאָרן פון אָרגאַניזירן די פוילישע מלוכה.

אַלע אידייאישע ריכטונגען, וואָס האָבן משפּיע געווען דאָס יידישע לעבן אין פוילן, זיינען אויפגעקומען סוף 19טן י"ה. די צוויי גרויסע יידישע ריכטונגען — דער סאָציאַליזם און דער ציוניזם — זיינען אויפגעקומען אין 1897. די פוילישע נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי (באַקאַנט ווי ענדעציע), וואָס האָט געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין דער עוואָלוציע פון די פויליש־יידישע באַציאונגען, איז געגרינדעט געוואָרן פאָרמעל אין 1897, פאַקטיש שוין אין 1886. די פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז אַנטשטאַנען אין 1892. די ערשטע שפּראָצונגען פון פּראָלעטאַ־

רישן ציוניזם באַווייזן זיך ערשט סוף 19טן י״ה, הגם אין גאַליציע איז די דאָזיקע ריכטונג געווען באַקאַנט זינט 1897, גלייכצייטיק מיטן אויפקום פון פאָליטישן ציוניזם.

ווירטשאַפטלעך איז די דאָזיקע תקופה געווען אַ המשך פון דער פריערדיקער. דער אויפשוואונג פון גרויס־קאַפּיטאַליזם, הויפטזאַכלעך אָריענטירט אויפן רוסישן מאַרק און אויף רוסלאַנד, ווי אַ טראַנזיט־וועג פאַר עקספּאָרט קיין ווייטן מזרח, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַטאַל פאַר דער ווייטערדיקער סטאַביליזאַציע פון דער יונגער פוילישער אינדוסטריע.

די אָפטע, ממש כראָנישע, ווירטשאַפטלעכע קריזיסן האָבן זיך שטאַרק אָפגערופן אויפן לעבן פון לאַנד. די גרויסע פאַבריקן, וואָס האָבן געהאַט דעם נויטיקן קאַפּיטאַל כדי זיך צו מעכאַניזירן און קענען נאָכקומען דעם אימפעטיקן נאָכבאָט אויף סחורות, וואָס דער רוסישער מאַרק האָט געפאָדערט, זיינען געווען אָפטערע און גרעסערע קרבנות פון די קריזיסן, איידער די קליינע וואַרשטאַטן און פאַבריקן, וואָס האָבן געאַרבעט נאָר טיילווייז פאַרן פרעמדן מאַרק און דאָס רוב פאַרן היימישן געברויך. אין דער צייט פון דער יאַפּאַנישער מלחמה און שפּעטער בעת דער רעוואָלוציע פון 1905—1906 האָבן דורכשניטלעך די אַרבעטסלאָזע באַטראָפן גאַנצע 20 פראָצענט. עס האָט צו יענער צייט געליטן נישט נאָר דער לאָדזשער אינדוסטריעלער געביט, נאָר אויך דער וואַרשעווער, ספּעציעל די אינדוסטריע פון קאָנפעקציע און גאַלאַנטעריע. פאַראַלעל מיט די קריזיסן אין אינדוסטריע קומען פאָר קריזיסן אין האַנדל. די דאָזיקע קריזיסן זיינען אָבער נישט געווען אַזוי צעשטערעריש, מחמת די יידישע פּאָזיציע אין פוילישן מסחר איז געווען זייער שטאַרק.

די צאָל יידישע אינדיווידועלע באַנקן איז אַ סך קלענער געוואָרן. דאָס איז אָבער נישט געווען קיין רעזולטאַט פון אַן אַרויסשטויס־פּראָצעס, נאָר מער אַ רעזולטאַט פון קאָנצענטראַציע־טענדענצן פונם יונגן קאַפּיטאַליזם אין פוילן. פון 643 פינאַנץ־אינסטיטוציעס, וואָס זיינען געווען טעטיק אין פוילן אָנהויב היינטיקן יאָרהונדערט, האָבן 140 (ד״ה 22%) געהערט צו יידן. די קלענערע יידישע באַנקן זיינען פאַרשלונגען געוואָרן פון גרויסע אַקציען־געזעלשאַפטן. דער נעכטיקער זעלבשטענדיקער באַנקיר האָט זיך פאַרוואַנדלט אָדער אין אַ דירעקטאָר פון אַ גרויסער באַנק אָדער איז אַריין אין פאַרוואַלטונג־ראַט פון אַ באַנק־אינסטיטוציע, וואָס האָט טיילווייז אָפּערירט מיט זיין קאַפּיטאַל.

אין האַנדל זיינען יידן געווען אַם שטאַרקסטן פאַרטראָטן אין טראַנספּאָרט און עקספּעדיציע (81% פון דער אַלגעמיינער צאָל), אין האַנדלס־אַגענטורן (79%), מאַנופאַקטור (63.4%), פאַפּיר און בוך (51%) אאַז״וו (ציפערן פון 1913).

דער נערוו פון יידישן האַנדל איז געווען עקספּאָרט און אימפּאָרט. פיר־פינפטל פון אַלע טראַנספּאָרט־און האַנדלס־אַגענטורן זיינען געווען אין יידישע הענט. אויך יידישע בעלי־מלאכות האָבן עקספּאָרטירט זייערע אויסאַרבעטונגען.

אַזאַ שטאָט ווי ברזשעזין, די „שטאָט פון יידישע שניידער", האָט עקספּאָרטירט יערלעך קיין רוסלאַנד פאַר אַכט מיליאָן רובל ביליקע מלבושים. אַזאַ שטעטל ווי פלאָנסק איז געוואָרן אַ צענטער פון „יידישער קאָנפעקציע", וואָס איז אויך אין איר גרעסטן טייל געגאַנגען קיין רוסלאַנד.

צוויי־דריטל פון גאַלאַנטעריע און קאָנפעקציע אין פוילן האָבן אין 1909—1912 פראָדוצירט יידישע „כאַלופּניקעס". דער ווערט פון דער דאָזיקער פראָדוקציע איז אָפּגעשאַצט געוואָרן אויף 50 מיליאָן רובל. יידן זיינען געווען שטאַרק פאַרטראָטן אין מסחר מיט טאַבאַק־פראָדוקטן: יידן האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין פאַבריצירן פאַפּיראָסן. אין 1897 האָבן אין די יידישע פאַבריקן געאַרבעט קנאַפּע 2,000 יידישע אַרבעטער. אין 1910 האָט דער עקספּאָרט פון טאַבאַק־אויסאַרבעטונגען פון פוילן קיין רוסלאַנד באַטראָפן אַ מיליאָן רובל אַ יאָר.

געפאַלן איז דער יידישער אָנטייל אין האַנדל מיט אַגראַר־פראָדוקטן: רוסישע סוחרים האָבן אין פוילן באַקומען דירעקטע פאָדריאַדן פאַר דער אַרמיי און ממילא אַליין איינגעקויפט גרויסע סכומים שפייז ביי די פריצים און פויערים, און אויף אַזאַ אופן אַרויסגעשטויסן דעם יידישן פאַרמיטלער. אַרום 1904 באַווייזט זיך אין פוילן דער גרויסער רוסישער פאָדריאַטשיק. ער אַרבעט אָבער נישט דירעקט. זיינע אַגענטן און אונטער־אַגענטן זיינען יידן און זיי שפּינען ווייטער די טראַדיציאָנעלע פעדים פון דער דאָזיקער פרנסה, וואָס איז אין פוילן געווען כמעט ווי אַ יידישע חזקה זינט 1815. אַ גרעסערע ראָלע ביים אַרויסשטויסן יידן פון דעם דאָזיקע האַנדל איז געווען דער וואוקס פון דער פוילישער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

פון 1899 האָט די דאָזיקע באַוועגונג אָנגעהויבן צו וואַקסן. דער אַלגעמיינער אומזאַץ פון אַלע פוילישע לאַנדווירטשאַפט־קאָאָפּעראַטיוון האָט אין 1911—1912 באַטראָפן 23 מיליאָן רובל. אַז יידן האָבן פון דעם דאָזיקן אָרגאַניזירטן געזעלשאַפטלעכן האַנדל געליטן, איז קיין ספק נישטאָ. דאַקעגן, איז דער תבואה־האַנדל נאָך אַלץ געבליבן אין יידישע הענט, נישט געקוקט וואָס די טעכניק פונם דאָזיקן האַנדל איז נאָך אַלץ געווען אַ פרימיטיווע. קליינע סוחרים, גיכער דאָרפסגייער, פלעגן איינקויפן פון די פויערים אין די דערפער די פראָדוקטן און נאָכהער פאַרקויפן די הורט־

סוחרים, וועלכע האָבן פון זייער זייט אָרגאַניזירט דעם עקספּאָרט. דער עקספּאָרט פון אייער האָט אין די יאָרן 1899—1901 באַטראָפן קנאַפּע פיר מיליאָן רובל, און אין די יאָרן 1909—1911 האָט ער זיך כמעט ווי פאַרטאָפּלט. אויך דער האַנדל מיט האָלץ איז נאָך שטאַרק געווען קאָנצענטרירט אין יידישע הענט: די גרויסע זעג־מילן, וואָס זיינען אין פוילן אויסגעבויט געוואָרן אין די יאָרן 1901—1914, זיינען דאָס רוב געווען יידישע.

אַרום דעם יידישן האָלץ־האַנדל, וואָס איז געוואָרן אַזוי סטאַביליזירט, אַז ער האָט אפילו פאַרמאָגט אַן אייגענע פאַך־צייטונג אין דער יידישער שפּראַך, (אַרויס אין 1909), — האָט זיך אַנטוויקלט ווי אַ דירעקטער פועל־יוצא דער יידישער מעבל־קאָאָפּעראַטיוו. עס זיינען דעמאָלט אַנטשטאַנען אַ ריי יידישע אַרטעלן פון מעבל־סטאָליאַרעס, און זיי האָבן עקספּאָרטירט זייערע אויסאַרבעטונגען קיין רוסלאַנד. אַזעלכע אַרטעלן זיינען אויך געווען אין וואַרשע, אין יאָר 1904, — זיי זיינען געווען פינאַנסירט פון אַ גרופּע אַסימילאַטאָרן־קאַפּיטאַליסטן, וועלכע זיינען צו יענער צייט אַרויס מיטן לאָזונג צו העלפן דעם „יידישן פאָלקס־מענטש פּראַקטיש און נישט קאָרמען אים מיט אַבסטראַקטע אידייעס". אַזוי האָט געשריבן איינער פון די פאַרטרעטער פונם אַסימילאַטאָרישן לאַגער, בערנאַרד לויער (1860—1917). אין 1901 האָט ער געשריבן: „אייגנטלעך האָט דער פּאָזיטיוויזם רייך געמאַכט נאָר אַ קליין הייפל יידן. די מאַסע איז געבליבן פינצטער, אָרים און פאַרלאָזן". ער האָט באַשולדיקט די יידישע בורזשואַזיע אין נישט־אינטערעסירן זיך מיטן מעמד פון די יידישע מאַסן. לויער האָט גערופן צו אַ נייער „אַרבעט אויף פונדאַמענטן", דורך שאַפן אַרטעלן פון יידישע בעלי־מלאכות. אין 1904 זיינען אַדאַנק זיין איניציאַטיווע געשאַפן געוואָרן אין וואַרשע פיר יידישן אַרטעלן (שוסטער, קעסטל־מאַכער, הענטשקע־מאַכער און סטאָליאַרעס).

יידן האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין שוך־געשעפט, סיי ווי סוחרים און סיי ווי פאַבריקאַנטן און אַרבעטער. דער יידישער שוסטער־כאַלופּניק איז אומברחמנותדיק עקספּלואַטירט געוואָרן דורכן יידישן „פאַבריקאַנט אָן אַ פאַבריק". לויט אַ סטאַטיסטיק, וואָס די ייק"א האָט דורכגעפירט סוף 19טן י"ה, האָט פוילן באַשעפטיקט אין שוסטער־פאַך 21,813 יידישע מייסטערס, געזעלן און יינגלעך, פון זיי אַ פערטל אין וואַרשע און איר אומגעגנט. דער ווערט פונם עקספּאָרט פון שיך, אויסגעאַרבעט פון יידן, ווערט אָפּגעשאַצט אויף 15 מיליאָן רובל אַ יאָר. אויב דער יידישער שוך־הענדלער און פאַבריקאַנט האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן, איז דאָס אָבער נישט געווען דער פאַל מיטן יידישן שוך־אַרבעטער.

אין די מעכאַנישע פאַבריקן האָט מען נישט צוגעלאָזט קיין יידן. אין דער קאַמפּאַניע קעגן צולאָזן יידישע שוסטערס צו דער מאַשין — האָט נישט קיין קליינע ראָלע געשפּילט אויך דער פּוילישער פאַבריק־שוסטער. אַן אָפּקלאַנג פון אַ לאַנגן סיכסוך, וואָס די יאָרן פון דער רעוואָלוציע (1905—1906) האָבן אויף אַ ווייל דערשטיקט, געפינען מיר אין דעם זייער אינטערעסאַנטן עפּיזאָד פון יאָר 1910: די פּוילישע אַרבעטער־שוסטערס האָבן אין וואַרשע געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע קעגן צולאָזן יידישע אַרבעטער אין די פאַבריקן. די פאַבריקאַנטן, באַזונדערס די גאָר גרויסע, וואָס האָבן געאַרבעט נאָר אויף עקספּאָרט, זיינען דאָס רוב געווען רוסישע יידן. די אַנטי־יידישע אַגיטאַציע איז געווען צום גונסטן פון די דאָזיקע יידישע פאַבריקאַנטן. זיי זיינען געווען זייער צופרידן, וואָס די דאָזיקע מיסיע פון אַרויסשטויסן יידישע אַרבעטער האָבן אויף זיך גענומען די „קריסטלעכע" אַרבעטער גופא. די יידישע שוסטערס האָבן זיך דעמאָלט געווענדט מיט אַ בקשה צו דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (פּ. ס. ד.), אַז זי זאָל זען אָפּשטעלן דעם באָיקאָט אויף יידישע אַרבעטער מצד די קריסטלעכע חברים.

דער הויפּט־טעאָרעטיקער פון דער פּאַרטיי א. וואַרסקי האָט דעם דאָזיקן ענין אַנאַליזירט אין צוויי אויספירלעכע אַרטיקלען (אין פּאַרטיי־אָרגאַן „וואָלני גלאָס", נומער 19 און 20, 1911). וואַרסקי שרייבט: דער „יידישער קאָנסערוואַטיזם" איז שולדיק אין דעם, וואָס יידן לאָזט מען ניט צו אַרבעטן אויף די גרויסע פאַבריקן. „גרויס־קאַפּיטאַליזם — שרייבט ער — קען זיך נישט צופּאַסן צום יידישן לוח, צו די מנהגים און צו דער רעליגיע פון די יידן". „די אייזערנע געזעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג — שרייבט ער — זיינען אין זייערע טענדענצן אַסימילאַטאָריש בנוגע יידן; זי וועט פריער אָדער שפּעטער אָפּראַמען פון איר וועג די יידישע מחיצות, ווי זי האָט אָפּגעווישט אַנדערע מיטלאַלטערישע מחיצות".

עס זיינען דעמאָלט אין וואַרשע אַליין געווען אין אַ סכנה צו פאַרלירן די אַרבעט איבער 2,000 יידן־שוסטערס. די באַוואוסטזיניקע פּוילישע אַרבעטער האָבן פּראָטעסטירט קעגן דער האַנדלונג פון די „קריסטלעכע" שוסטערס. עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אַז ביים עפענען אַ נייע פאַבריק, דאַרפן קודם־כל צוגענומען ווערן די אָפּגעזאָגטע יידישע אַרבעטער, באַזונדערס די, וואָס האָבן געאַרבעט אין די האַנט־וואַרשטאַטן. די פראַגע פון אַ רו־טאָג האָט מען אויך דערליידיקט מיט אַן אַקאַדעמישער רעזאָלוציע, אַז די אַרבעטער פון די פאַבריקן גופא „דאַרפן דערליידיקן דעם ענין אַזוי, אַז עס זאָל נישט שטערן דעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער פאַבריק".

מיר האָבן זיך אויספירלעך אָפּגעשטעלט אויף דעם עפּיזאָד, ווי אַן אילוסטראַציע פון דעם קאַמף

פונם יידישן אַרבעטער פאַר אַ העכערער טעכנישער אויסבילדונג. ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף שטערונגען מצד דעם יידישן פאַבריקאַנט און אויך מצד דעם נישט־יידישן אַרבעטער.

אויך אינם מסחר און פּראָדוקציע פון בערשטעריי זיינען יידן געווען שטאַרק פאַרטראָטן. אַדאַנק זיי איז מעזריטש געוואָרן דער צענטער פון דער בערשטער־פאַבריקאַציע. אין 1910—1912 איז אָפיציעל אָפּגעשאַצט געוואָרן דער ווערט פון דער דאָזיקער פּראָדוקציע אויף איבער אַ מיליאָן רובל. אין דער אמתן איז דער ווערט געווען אַ סך גרעסער. אין דער בערשטער־אינדוסטריע האָט דער בעל־מלאכה געאַרבעט פאַרן הורט־סוחר. וועגן די אַרבעטס־באַדינגונגען אינם דאָזיקן פאַך איז פאַראַן אַן אָפיציעלער באַריכט פון 1899. דער דאָזיקער באַריכט שטאַמט פונם שעדלעצער גובערנאַטאָר — און ער האָט זיכער די לאַגע נישט איבערגעטריבן, כדי צו באַרעכטיקן דעם שטרייק, וואָס איז דעמאָלט אויסגעבראָכן: „ביי די האָר־הענדלער פון דער שטאָט מעזריטש אַרבעטן ביים סאָרטירן די חזיר־האָר יוגנטלעכע, כמעט קינדער, אין ענגע און שמוציקע דירות, ביי די סאַמע ערגסטע היגיענישע באַדינגונגען. עס אַרבעטן אין אָט די אונטערנעמונגען פון 2 ביז 20 אַרבעטער אין אַן אונטערנעמונג". מען האָט געאַרבעט פון 7 אין דער פרי ביז 12 ביינאַכט, ד"ה 17 שעה אַ טאָג. די פאַבריק־אינספּעקציע האָט פאַרקלענערט די צאָל שעהן אויף... 63 אַ וואָך. וועגן די באַדינגונגען, ביי וועלכע מען האָט געאַרבעט, געפינען מיר אין זעלבן באַריכט אַזעלכע פּרטים: „די האָר־סאָרטירנדיקע אונטערנעמונגען זיינען זייער ענגע, שמוציקע, פול מיט שטויב און געשטאַנק. זיי געהערן צו די סאַמע שעדלעכסטע פאַרן געזונט פון אַרבעטער".

אַ גרויסע צאָל יידישע אַרבעטער האָט געאַרבעט אין קליינע פאַבריקן פון זייגערלעך, מוזיק־אינסטרומענטן און שפּיל־געצייג. דאָס רוב פון די דאָזיקע בעלי־מלאכות זיינען געווען קאָנצענטרירט אין וואַרשעווער און פּיעטריקאָווער גובערניעס. שפּיל־געצייג האָבן יידן פּראָדוצירט אין קאָלישער גובערניע און אין טשענסטאָכאָוו — מען האָט זי גערופן „דער פּוילישער נירענבערג".

די דאָזיקע אויסאַרבעטונגען זיינען אָפּגעשאַצט געוואָרן פאַר די יאָרן 1910—1912 אויף דריי מיליאָן רובל; אויף די פּעריפעריעס פון די אַלע אינדוסטריעס האָט זיך אַנטוויקלט אויך דער יידישער האַנדל מיט זייערע פּראָדוקטן. דער דאָזיקער האַנדל איז געווען אַ הורטאָווער. דער דעטאַל־האַנדל פון יידן אין פּוילן איז נאָך אַלץ געווען זייער פּרימיטיוו און האָט טיף געשטעקט אין די קרעמערישע פאָרמען.

לויט דער אויסרעכענונג פונם פּוילישן עקאָנאָמיסט, דעם גלח וואָטשיצקי — זיינען אין 1909 געווען אין פּוילן פאָלגנדיקע פאַבריקן:

אין טעקסטיל־אינדוסטריע: 111 פּוילישע פאַבריקן (ווערט פון דער פּראָדוקציע 19 מיליאָן רובל), 585 — יידישע (94½ מיליאָן), 332 — דייטשע (150 מיליאָן) און 15 אַנדערע (31 מיליאָן).

אין דער מעטאַל־אינדוסטריע זיינען געווען: 650 פּוילישע פאַבריקן (50 מיליאָן רובל), 280 יידישע (17 מיליאָן רובל) און 97 — דייטשע (19 מיליאָן).

אין באַרג־ און הוטן־אינדוסטריע: 220 פּוילישע פאַבריקן (54 מיליאָן רובל), 64 יידישע מיט אַ פּראָדוקציע פון אַ האַלבן מיליאָן רובל, 9 — דייטשע (13 מיליאָן רובל) און 15 אַנדערע (36 מיליאָן רובל).

אין פּאַפּיר־ און דרוק־אינדוסטריע האָבן יידן און פּאָליאַקן געהאַט די זעלבע צאָל אונטערנעמונגען — יעדע צו 240. דער ווערט פון פּראָדוקציע פון די פּוילישע פאַבריקן האָט באַטראָפן 7½ מיליאָן רובל, און פון די יידישע — צען מיליאָן רובל.

אין סך־הכל זיינען אין 1909 געווען אין פּוילן 3300 פּוילישע פאַבריקן מיט אַ פּראָדוקציע־ווערט פון 240 מיליאָן רובל און מיט אַן אַרבעטער־אַרמיי פון 121,000; בעת די יידן האָבן געהאַט 2540 פאַבריקן, וואָס זייער פּראָדוקציע ווערט אָפּגעשאַצט אויף 200 מיליאָן רובל און די צאָל אַרבעטער האָט באַטראָפן 107 טויזנט.

די דייטשן מיט זייערע 543 פאַבריקן און די אַנדערע (פראַנצויזן, בעלגיער און אַנדערע) מיט זייערע 98 פאַבריקן האָבן אין סך־הכל פּראָדוצירט אין אַ ווערט פון 270 מיליאָן רובל און באַשעפטיקט 130 טויזנט אַרבעטער. פון דעם איז צו זען, אַז דער דייטשער און בכלל אויסלענדישער קאַפּיטאַל אין פּוילן איז געווען דער שטאַרקסטער. דעם צווייטן אָרט פאַרנעמען די פּאָליאַקן, און דאַן קומען די יידן.

וויפל יידישע אַרבעטער האָבן געאַרבעט אויף די פאַבריקן, וואָס האָבן געהערט צו יידן, איז זייער שווער פעסטצושטעלן. מען קען זיך אָבער משער זיין, אַז אויף די פאַבריקן פון די נישט־יידן האָבן יידישע אַרבעטער נישט געאַרבעט.

אַז אין פּוילן איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג צו פאַרשפּרייטן מלאכה־קענטענישן צווישן יידן, איז אַ באַקאַנטע זאַך. אַנטשטאַנען ווי אַן אידעאָלאָגיש־אַפּאָלאָגעטישע ריכטונג, אַ מין פאַרשפּעטיקטער ווידערקול פון דער פּראַקטישער השכלה, האָט די דאָזיקע ריכטונג נישט געקענט האָבן קיין גרויסן דערפאָלג, ווייל זי איז געווען באַזירט אויף פאַלשע פילאַנטראָפּישע הנחות. דאָך איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז אין 1908 איז אין קאָנגרעס־פּוילן געווען 6 שולן פאַר יידישע בעלי־מלאכות מיט 1291 תלמידים, אין 1911 איז די צאָל תלמידים שוין געשטיגן אויף 1470. די אָפּטע לעגאַטן פון יידישע גבירים, וואָס מען געפינט

אין יענע יאָרן אין די קהילות פון וואַרשע, פּלאָצק, קאַליש, טשענסטאָכאָוו, לאָדזש און סאָסנאָוויעץ, ווייזן בולט, ווי אַזוי מען האָט זיך באַמיט דורך פּריוואַטער צדקה לייזן די פּראַגע — אינדוסטריאַליזאַציע פון דער יידישער יוגנט אין פּוילן, — אַן ענין, וואָס האָט געקענט געלייזט ווערן נאָר דורך דער מלוכה.

די פּאַראַלעלע טענדענץ צו אַגראַריזירן יידן אין פּוילן — איז אויך געבליבן שטעקן אין אַ טעמפּן ווינקל. די צוויי אַגריקולטור־שולן, איינע געגרינדעט דורך צוויי פילאַנטראָפּן אין 1896, אין טשענסטאָכאָוו, די צווייטע געשאַפן אין 1903 דורך דער געזעלשאַפט צו שטיצן ערד־אַרבעט און מלאכה ביי יידן אין פּוילן, האָבן קיין גרויסע רעזולטאַטן נישט געקענט ברענגען. דער אַלטער פּראָיעקט וועגן צווינגען יידישע גוט־באַזיצער צו באַזעצן יידישע ערד־אַרבעטער אויף זייערע נחלות, האָט זיך נישט איינגעגעבן. לויט אַ סטאַטיסטיק פון 1900 האָבן 8,828 יידן פאַרמאָגט 344,025 דיעסיאַטין ערד אין פּוילן, מער ווי אַ העלפט פון דאָזיקן באַזיץ האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע גרויסע גיטער, פון 500 דעסיאַטין און העכער. יידן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר פּולע פּאָליאַקן — האָבן די דאָזיקע גוט־באַזיצער נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס פאַר אַגראַריזירן די יידישע מאַסן. דאָך איז ביים אָנהויב פון אונזער יאָרהונדערט געווען אין פּוילן קנאַפּע 30,000 יידן, וואָס האָבן געלעבט פון ערד־אַרבעט, — דאָס האָט אויסגעמאַכט עפּעס מער ווי צוויי פּראָצענט פון אַלע יידן אין קאָנגרעס־פּוילן.

די דאָזיקע מער־ווייניקער סטאַביליזירטע ווירט־שאַפטלעכע לאַגע איז שטאַרק פאַרערגערט געוואָרן בעת דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה אין 1904, בעת דער רעוואָלוציע און דער קאָנטער־רעוואָלוציע (1905—1908), ווי אויך בעת די צוויי באַלקאַנישע מלחמות (1912—1913). נאָרמאַל זיינען געווען נאָר די יאָרן 1909—1911, סוף 1913 און אָנהויב 1914, — זיי האָבן אפילו סיגנאַליזירט אַ גרויסן אינדוס־טריעלן אויפשוואונג.

בעת דער מלחמה מיט יאַפּאַן, האָט די טעקסטיל־אינדוסטריע באַקומען אַ שטאַרקן קלאַפּ, ווייל דער רוסישער מאַרק איז געווען אינגאַנצן פּאַראַליזירט. אויב די כעמישע און מעטאַל־אינדוסטריעס האָבן אויפגע־בליט צוליב דער מלחמה, האָט עס די ווירטשאַפטלעכע לאַגע פונם יידישן אַרבעטער נישט פאַרבעסערט, ווייל ער האָט זיך אין די דאָזיקע צוויי גרויסע אינדוסטריעס בכלל נישט באַטייליקט. וועגן דער לאַגע פון יידישן אַרבעטער אינם צענטער פון טעקסטיל־אינדוסטריע, אין לאָדזש, גיט אונז אַ קלאָר בילד אַ באַריכט פון יענער צייט: ביי די וועבער איז געווען 2000 אַר־בעטסלאָזע. די וואָס האָבן געאַרבעט ,האָבן פאַר־דינט אַ העלפט פון דעם, וואָס פריער. מיט די שכירות איז מען נישט געווען זיכער. די אַרבעטער האָבן געמוזט איינגיין אויף דעם, אַז מען וועט זיי באַצאָלן אין אַ פּאָר חדשים אַרום. „אַנדערע אַרבעטן נאָר פאַרן עסן — שרייבט „דער בונד" (1904, נומער 4) — און די געלט זאָגט מען צו אָפּצוגעבן שפּעטער, ווען עס וועט זיין".

איבער אַ העלפט מענער־שניידער אין לאָדזש זיינען געווען אַרבעטסלאָז. דאָס זעלבע איז אויך געווען אין אַנדערע פאַכן. די צאָל אַרבעטסלאָזע יידישע אַרבעטער האָט אין לאָדזש דערגרייכט ביז זיבן טויזנט.

די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה האָט געוויזן די גאַנצע צעפוילטקייט פונם הערשנדיקן סיסטעם. רוס־לאַנד ווי אַ מאַכטהאָבערישער כוח האָט אויפגעהערט צו אימפּאָנירן. די גרויסע גייסטיקע ענערגיע, וואָס פאַרשידענע סאָציאַלע ריכטונגען האָבן אינוועסטירט אין צוגרייטן די פאָלקס־מאַסן צום קאַמף פאַר אַ בע־סערער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, האָט אין איצטיקן מאָמענט פונם באַנקראָט פון צאַרישן אימפּעריאַליזם, אָנגעהויבן צו זוכן אַן אויסוועג. די געשעענישן זיינען געלאָפן מיט אַ קינעמאַטאָגראַפישער שנעלקייט. דעם 28טן יולי 1904, איז געהרגעט געוואָרן דער טיראַן פון רוסלאַנד, פּלעווע. מען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן אַ נייעם פּאָליטישן קורס, וואָס זאָלן האָבן דעם „צוטרוי" פון פאָלק. אין נאָוועמבער 1904 איז אין פּאַריז פאַר־געקומען אַ צוזאַמענפאָר פון רוסישע אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען. צווישן די אָנטיילנעמער זיינען אויך גע־ווען צוויי פּאַרטייען פון קאָנגרעס־פּוילן : די פּ.פּ.ס. און די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן. דער „בונד" און די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנטייל צו נעמען אין דער באַראַטונג. דעם טאָן האָבן אויף דער באַראַטונג געגעבן די רוסישע קאַדעטן, וועלכע האָבן גע־גלויבט, אַז רוסלאַנד גייט שוין אויפן וועג צו אַ קאָנ־סטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע און וועט אויסמיידן דעם וועג פון אַ רעוואָלוציע. אָבער די רעוואָלוציע איז שוין געקומען צום וואָרט. דעם 22טן יאַנואַר 1905 האָט דער גלח גאַפּאָן אַרויסגעפירט אויפן גאַס די „קריסטלעך" איינגעשטעלטע אַרבעטער. דעם 17טן פעברואַר האָט מען געהרגעט דעם גרויס־פירשט סערגיי. עס הויבן זיך אָן „אומרוען" איבערן גאַנצן שטח פון דער גרויסער רוסישער אימפּעריע. דעם 2טן מערץ באַווייזט זיך די צאַרישע הבטחה פון אַ „באַראָט־רעפּרעזענטאַציע". דעם 30טן אַפּריל ווערט אַרויסגעגעבן דער טאָלע־ראַנץ־אוקאַז. אַקאָמפּאַנירט האָט די דאָזיקע „פריי־הייטן" אַ קייט פון מפּלות אויפן פראָנט. דעם 7טן יוני האָט דער „זעמסקער" צוזאַמענפאָר געפאָדערט אַ קאָנסטיטוציע פאַר רוסלאַנד. דעם 19טן אויגוסט באַווייזט זיך דער מאַניפעסט פון בוליגינס כלומרש־טער קאָנסטיטוציע. דעם 20טן אָקטאָבער הויבט זיך אָן דער גרויסער אייזנבאַן־סטרייק, און ער פאַרוואַנדלט זיך ספּאָנטאַן אין אַן אַלגעמיינעם סטרייק. דעם 30טן אָקטאָבער באַווייזט זיך דער באַרימטער מאַניפעסט

פון וויטע וועגן אַ קאָנסטיטוציע, און אויפן צווייטן טאָג גיסט זיך יידיש בלוט אין אַ ריי גוט־אָרגאַניזירטע פּאָגראָמען.

אויך קאָנגרעס־פּוילן איז אויפגעוועקט געוואָרן פונם אידילישן פּאָליטישן דרעמל, וואָס האָט זיך דאַטירט פון 1864. פּוילן האָט אָנגעהויבן זיך צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען, וואָס דער פּאָליטישער און סאָציאַלער קאַמף האָט דיקטירט.

דאָס פּאָליטישע לעבן אין קאָנגרעס־פּוילן האָט זיך געפונען אין אַ גאָר אייגנאַרטיקער סיטואַציע : די גרויסע לאַנד־באַזיצער האָבן נישט געקוקט אויף דער אינדוסטריאַליזאַציע פון לאַנד, געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפן לעבן פון לאַנד. זיי האָבן קיין פּאָליטישן פּראָגראַם נישט פאַרמאָגט. זיי האָבן געהאָפּט אויפן וועג פון פּעטיציעס אויסצובעטלען פאַרן לאַנד אייניקע הנחות, ווי אַ פּויליש שולוועזן, די פּוילישע שפּראַך אין די נידעריקע געריכט־אינסטאַנצן אאַז״וו.

אין 1904 האָט אַ גרופּע פון 23 פּוילישע גוט־באַזיצער און אַריסטאָקראַטן דערלאַנגט דער רעגירונג אַן אויספירלעכן מעמאָראַנדום, אין וועלכן זיי האָבן אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז פּוילן וועט באַלוינט ווערן מיט אייניקע רעפאָרמען. וועגן סאָציאַלע רעפאָרמען האָבן זיי נישט געוואָלט וויסן, ווייל דאָס וואָלט קודם־כל געשעדיקט זייערע קלאַסן־אינטערעסן. זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר פּאָליטישע רעאַליסטן און האָבן בכלל געהאַט אַזעלכע פּרימיטיווע באַגריפן וועגן פּאָליטישע ענינים, אַז מען האָט זיך מיט זיי לחלוטין נישט גערעכנט.

די נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטן האָבן מיט דער פּראַזעלאָגיע פון פּאַן־פּוילישן פּאַטריאָטיזם געוואונען די יוגנט, באַזונדערס פון די אינטעליגענטישע און שטאָט־בעל־מלאכהשע שיכטן. זייער שנעל האָבן זיי ליקווידירט די מאַקסימאַליסטישע „אַלפּוילישע" אָריענטאַציע און אידעאָלאָגיע. די ענדעציע האָט אויפגעהערט צו גלויבן אין די מעגלעכקייטן פון אַן אויפשטאַנד. אין אָנהויב פון דער רעוואָלוציע האָבן די ענדעקעס אפילו פּרובירט זיין... רעוואָלוציאָנער. אין אַ ריי ערטער האָבן זיי אפילו געפירט עקאָנאָמישע סטרייקן אָבער זייער שנעל האָבן זיי ליקווידירט די דאָזיקע אַרבעט. דער פירער פון דער ענדעציע ראָמאַן דמאָווסקי האָט אפילו נישט געוואָלט אויסקעמפן מיט רעוואָלוציאָנערע מיטלען דאָס רעכט אויף אַ פּוילישער שול. אַלץ מוז זיין לעגאַל. דערפאַר איז ער געווען קעגן דעם שול־סטרייק, וואָס איז אויסגעבראָכן אין 1905 אין פּוילן און וואָס זיין ציל איז געווען אויסצוקעמפן אַ שול אין דער פּוילישער שפּראַך. אין דער דאָזיקער אַרבעט לטובת דער פּוילישער שול האָבן דווקא יידן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע. דער ערשטער טעאָרעטיקער פון אַ שול אין דער פּוילישער שפּראַך איז געווען דער יידישער דאָקטאָר הענריק נוסבוים. ער איז דאָס דער מחבר פון דער אַנאָנימער בראָשורע, וואָס איז דערשינען אין 1904 אונטערן נאָמען „דאָס נאַטירלעכע רעכט פון דער מוטער שפּראַך" Prawo przyrodzone mowy ojczystej וועלכע איז געוואָרן די עוואַנגעליע פון די ערשטע קעמפער פאַר אַ פּויליש־נאַציאָנאַלע שול. זאָלן אויך ־דאָ פאַרצייכנט ווערן די נעמען פון די דריי יידן, וואָס האָבן זיך ממש מקריב געווען אין קאַמף קעגן דער רוסיפיצירונג פון די פּוילישע קינדער, — דאָס זיינען געווען : וואנדא האַבערקאַנט, העלענאַ אָרשאַ־ראַדלינסקא (די טאָכטער פון אַלעקסאַנדער רייכמאַן, גרינדער פון דער וואַרשעווער פילהאַרמאָניע) און זיגמונט הערינג. עס דאַרף אויך פאַרצייכנט ווערן, אַז מיט דמאָווסקיס שטעלונג צום שליסל־סטרייק האָט זיך סאָלידאַריזירט דער גרויסער פּוילישער היסטאָריקער שמעון אשכנזי.

די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אונטער דער ווירקונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע אויך צו ביסלעך ליקווידירט איר שטעלונג לגבי דער פראַגע וועגן נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט. דער אידעאָלאָגישער קריזיס אין פּ. פּ. ס. ערב און בשעת די יאָרן פון דער רעוואָלוציע איז פון גרויס וויכטיקייט פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער שטעלונג צו דער פראַגע פון פּוילנס זעלבשטענדיקייט.

וולאַדיסלאַוו סטודניצקי, דער דעמאָלטיקער סאָציאַליסט און שפּעטערדיקער פאַנאַטישער נאַציאָנאַליסט, האָט נאָך אין 1898 געשריבן, אַז פּ. פּ. ס. דאַרף בכלל נישט טראַכטן וועגן צוציען דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין זיינע רייען, ווייל די יידן פאַרשטייען נישט דעם ווערט פון נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט. בעת מאַקס האָרוויץ (דער שפּעטערדיקער קאָמוניסט וואַלעצקי) האָט אין לאָנדאָן אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן וואוקס פון די יידישע אָפּטיילונגען פון פּ. פּ. ס. — האָט סטודניצקי אויסגעדריקט זיין מורא, אַז דאָס וועט ברענגען צו דעם, אַז די פּאַרטיי וועט „פאַרלירן איר פּאָן פון אומאָפּהענגיקייט".

די ערשטע חדשים פון דער רעוואָלוציע האָבן באַוויזן, אַז די פּ. פּ. ס. איז נישט געווען אַזוי איינפלוסרייך, ווי מען האָט לכתחילה געמיינט. דער גענעראַל־סטרייק האָט אין פּוילן אַנטפּלעקט נייע, ביז איצט פאַרבאָרגענע כוחות פון פּראָלעטאַרישער איניציאַטיווע, וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט איינשפּאַנען אין וואָגן פון פּ. פּ. ס. דער ספּאָנטאַנער דערפאָלג פונם גענעראַל־סטרייק האָט שטאַרק צערודערט די פירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דער דאָזיקער סטרייק איז געווען אַ געמיש פון פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע — מיט עקאָנאָמישע פאָדערונגען און מיט אַ שטאַרקן נעבנפּראָדוקט פון ריין־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. עס האָבן

געסטרייקט אַרבעטער און פויערים, אינטעליגענץ און סוחרים און אפילו פאַבריקאַנטן. יעדער איינער האָט אַריינגעלייגט זיין נוסח אינם דאָזיקן סטרייק.

די פ. פ. ס. און די פ. ס. ד. האָבן ערשט באַדאַרפט פעסטשטעלן, וואָס פאַרשטייען זיי אונטער אַ רעוואָלוציע אין פוילן: אַ פוילישע רעוואָלוציע אָדער אַ רעוואָלוציע אין פוילן. די פ. ס. ד. האָט קלאָר פאָרמולירט איר שטעלונג אינם פראָגראַם־אַרטיקל פון איר פאַרטיי־אָרגאַן „טריבונאַ לודאָוואַ" (1905 נומער 1): די רעוואָלוציע אין פוילן איז „אַן אומטיילבאַרער רינג פון דער מלוכהשער רעוואָלוציע". איר פראָגראַם־מאַקסימום איז געווען: אויסקעמפן אַ דעמאָקראַטישע רעפובליק און פאַר פוילן אַן אויטאָנאָמיע מיט אַ שטענדיקן לאַנד־סיים.

די פ. פ. ס. האָט אויך געמוזט קלאָר מאַכן איר שטעלונג. פראָגראַם־רעוויזיאָניסטן זיינען אין דער דאָזיקער פאַרטיי געווען שוין פאַרן יאָר 1905. די גרויסע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט אַרויסגעבראַכט אויך די נאַציאָנאַלע פראַגע. די אַלע נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע כוחות פון לאַנד זיינען אידעאָלאָגיש געוואָרן די פאַרבינדעטע פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, און זי איז אין איר נאַציאָנאַלן פראָגראַם נישט געווען מער איינזאַם.

אין 1905 איז אויפגעקומען די פראַגע וועלכע האָט אויך געהאַט אַ באַדייטונג פאַר דער שטעלונג פון די יידישע אַרבעטער־פאַרטייען, דהיינו: צי קען די נאַציאָנאַלע פראַגע נישט געלייזט ווערן אויף אַן אויטאָנאָמיע־באַזע אין די ראַמען פון דער מלוכה גופא. מ. האָרוויץ האָט אין זיין בראָשורע וואָס איז אַרויס אין 1906 (אונטערן פסעוודאָנים ה. וואַלעצקי) געשריבן: די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן אַזוי פיל נאַציאָנאַליטעטן פון דער צאַרישער אימפעריע וואָס אַלעליידן זיי פונם קאַפיטאַליסטישן סיסטעם, שאַפט פאַרן פוילישן פראָלעטאַריאַט אַ נייע לאַגע. די האָפענונג אויף דער אַנטוויקלונג פון אַ רעוואָלוציאָנער־נאַציאָנאַלער באַוועגונג צווישן די נישט־פראָלעטאַרישע שיכטן פון פוילן האָבן אינגאַנצן אַנטוישט. אין מערץ 1905 איז אויפן זיבעטן צוזאַמענפאָר פון פ. פ. ס. פון רוסיש־פוילן אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וועלכע האָט פאַקטיש ליקווידירט דעם נאַציאָנאַלן ענד־ציל פון דער פאַרטיי. דער ציל פון פ. פ. ס. איז — אויסקעמפן „אַ רעכטלעכע מלוכהשע זעלבשטענדיקייט פון לאַנד"; דערביי דאַרפן גענומען ווערן אין אַכט די „נויטן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס באַוואוינען די דאָזיקע טעריטאָריע". „אָט די זעלבשטענדיקייט וועט דאַרפן באַשטימען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג צונויפגערופן אין וואַרשע, געוויילט אויפן סמך פון אַלגעמיינער, גלייכער, געהיימער און דירעקטער אָפשטימונג — ווי די העכסטע רעכטגעבערישע קערפערשאַפט".

אין 1906 זיינען די אַלטע פאַטריאָטיש־געשטימטע מיטגלידער אַוועק פון דער פאַרטיי. זיי האָבן זיך קאָנסטיטואירט אין אַ „רעכטע" פ. פ. ס. אָדער די „רעוואָלוציאָנערע פראַקציע", וועלכע האָט אונטער דער אָנפירערשאַפט פון פילסודסקי געפירט אַ טעראָריסטישע און שטרייק־טעטיקייט אין הסכם מיט איר איינשטעלונג.

די דאָזיקע ענדערונג פון דער אָריענטאַציע האָט, טעאָרעטיש לכל הפחות, געווירקט אויך אויף דער מער קלאָרער פאָרמולירונג פון דער שטעלונג פון דער פ. פ. ס. צו דער יידן־פראַגע. „אונזער פאַרטיי האָט אין 1905 געשריבן „דער אַרבעטער" אין אַן אַרטיקל א. ג. „די באַציאונג פון פ. פ. ס. צו דער יידישער פראַגע" — איז די פאָרשטייערין פון אַלע אינטערעסן פונם אַרבעטער־קלאַס אין פוילן", — ממילא אויך פונם יידישן. די פאַרטיי איז פאַר פולער גלייכבארעכטיקונג און האַלט אַז דער אַלטער קוק אויף יידיש, ווי אויף אַ זשאַרגאָן איז אַ פאַלשער, זי האַלט אַז יידן דאַרפן האָבן אייגענע שולן. יידן וועלן קענען פריי בילדן זייערע קינדער אין זשאַרגאָנישע אָדער העברעאישע שולן". אויך אין געריכט וועט מען מוזן איינפירן יידיש פאַר די, וואָס פאַרשטייען נישט קיין פויליש. אַזוי האָט די פ. פ. ס. דעקלאַרירט אין איר יידישן אָרגאַן.

די דאָזיקע דעקלאַראַציעס האָבן, אמת, געהאַט אַ געוויסע ווירקונג; די יידישע אַרבעט איז אַביסל אויפגעלעבט געוואָרן, — אָבער קיין גרויסע ענדערונגען אין וואוקס פון דער דאָזיקער באַוועגונג האָט עס נישט אַריינגעבראַכט. וואַקלענדיק זיך צווישן צוויי פראָנטן: דעם פוילישן און דעם יידישן, האָבן די טוער פון דער פ. פ. ס. פאַרשוויגן אין זייערע פוילישע פובליקאַציעס דאָס, וואָס זיי האָבן דעקלאַרירט אין די יידישע. אין די אויגן פון דער פוילישער מיטלויפערישער אינטעליגענץ האָט זי געוואָלט זיין אַזוי נאַציאָנאַל ווי מעגלעך: פאַרן יידישן אַרבעטער האָט זי געוואָלט זיין אַזוי ליבעראַל, ווי עס איז געווען נויטיק, כדי איבערליציטירן דעם „בונד".

מיטן „בונד" האָט די פ. פ. ס. געזוכט מיטצואַרבעטן אין „איינצלנע קאָנקרעטע פאַלן", ווי מאַידעמאָנסטראַציעס וכדומה. איניקע טעאָרעטיקער פון פ. פ. ס., ווי דער יונג־פאַרשטאָרבענער מאַרקסיסט קאַזימיערזש קרויז (לושניא), האָט נאָך אין 1904 געפאָדערט צו אָנערקענען יידן ווי אַ נאַציאָנאַליטעט. קרויזעס אַרטיקל האָט געמוזט זיין געדרוקט אין דער ראַדיקאַלער צייטשריפט „קריטיקאַ" (קראָקע), ווייל די פאַרטיי־צייטשריפט האָט עס ניט געוואָלט דרוקן.

אויך דער „בונד" האָט קלאָר געמאַכט זיין שטעלונג. אויפן 6טן צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען אין ציריך, אין אָקטאָבער, 1905, איז די פראַגע וועגן דער שטעלונג צו דעם ענין אומאָפהענגיקייט פון פוילן

אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן סדר־היום. דער „בונד" האָט געהאַלטן, אַז דער קאַמף פאַר סאָציאַליזם איז ענג פאַרבונדן נאָר מיט דער אַנטוויקלונג פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע, בעת דער קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט איז ענג פאַרבונדן מיט דער „אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטישער קאָניונקטור, וואָס לאָזט זיך נישט פאָראויסזען". דערפאַר האָט דער „בונד" קלאָר געמאַכט, אַז די פאָדערונג ווידערצושטעלן אַ פּוילישע מלוכה קען נישט איינגעשלאָסן ווערן אין פּראָגראַם פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, ווייל אַזאַ פּאָסטולאַט קען „אַראָפּפירן דעם פּראָלעטאַריאַט פון פּוילן — פון דעם אַלגעמיינעם קאַמף פאַר דער דעמאָקראַטיזאַציע פון דער רוסישער מלוכה". די רעזאָלוציע האָט אויך איינגעשלאָסן די פאָדערונג פאַר אַ ברייטער רעכטלעך־פּאָליטישער און נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע פון פּוילן.

הגם צווישן די „לינקע", וואָס האָבן באַהערשט דעם זיבעטן און שפּעטער דעם אַכטן צוזאַמענפאָר פון פּ. פּ. ס. (לעמבערג, פעברואַר 1906), זיינען געווען אַ סך יידן, זיינען אָבער דווקא די דעלעגאַטן פון דעם יידישן אָפּטייל פון פּ. פּ. ס. געבליבן געטריי דעם אַלטן פּראָגראַם, און איניקע פון זיי זיינען טאַקע צוליב דעם אַוועק צו דער „רעוואָלוציאָנערער פראַקציע", וועלכע האָט זיך קאָנסטיטואירט, ווי אַ באַזונדערע פּאַרטיי. דער גרעסטער טייל איז אָבער געבליבן אין דער „לינקער" פראַקציע. דער באַריכט פון סוף 1906, אַז דער יידישער אָפּטייל פון פּ. פּ. ס. האָט געציילט 5200 מיטגלידער, איז זיכער אַ גוזמא.

אין דעצעמבער 1905 האָט „דער אַרבעטער", וואָס איז געווען דער יידישער אָרגאַן פון פּ. פּ. ס., אָנגעהויבן אויפקלערן די יידישע אַרבעטער וועגן דער וויכטיקייט פון אַן אומאָפּהענגיק פּוילן פון שטאַנדפּונקט פון די יידישע פּראָלעטאַרישע מאַסן. „ווען פּוילן זאָל זיין זעלבשטענדיק, — האָט „דער אַרבעטער" געשריבן — וועלן די יידן האָבן אַ בעסערע גאַראַנטיע פאַר זייערע רעכט, ווי ווען פּוילן זאָל בלייבן אַ טייל פון רוסלאַנד". „אויב רוסלאַנד זאָל בלייבן די זעלבע נישט געטיילטע רוסלאַנד, ווי ביז איצט — שרייבט „דער אַרבעטער" — אויב דאָס לאַנד זאָל ווערן רעגירט דורך איין פּאַרלאַמענט אין פּעטערבורג, וואָלטן מיר צוליב דער קליינער צאָל יידן אין באַטרעף צו דער גאַנצער איבעריקער באַפעלקערונג, זאָגאַר ביי דעם בעסטן פאַל, געקאָנט האָבן אַזאַ קליינע צאָל דעפּוטאַטן אין פּאַרלאַמענט, אַז זיי וואָלטן געבילדעט נישט מער ווי 4 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל דעפּוטאַטן. אַזאַ קליינע צאָל דעפּוטאַטן קאָן נישט ווערן גערעכנט אַלס אַ רעאַלע קראַפט, און זיי וואָלטן אין בעסטן פאַל געקאָנט נאָר בעטן, אָבער נישט פאָדערן אונזערע רעכט. דאַקעגן אין פּוילן, וואו די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין באַטרעף צו דער איבעריקער באַפעלקערונג איז שוין באַדייטנדיק גרעסער, וואָלטן די יידן אין פּאַרלאַמענט פון זעלבשטענדיקן פּוילן שטענדיק געקאָנט האָבן פון 15 ביז 20 פּראָצענט דעפּוטאַטן. און דאָס איז שוין אַ קראַפט, וועלכע וועט קענען די יידישע רעכט נישט בעטן, נאָר פאָדערן".

עס איז זייער אינטערעסאַנט, ווי אַזוי די יידישע פּעפּעסאָווצעס האָבן דערקלערט די אומטאָלעראַנץ, וואָס איז געווען צו מערקן אין די רייען פון פּ. פּ. ס.: „דאָס נעמט זיך דערפון — האָבן זיי געשריבן — וואָס די פּוילישע שפּראַך איז נישט סתם אַ שפּראַך, נאָר אַ נאַציאָנאַלער אוצר אין דער תקופה פון קנעכטשאַפט. דערפון נעמט זיך די אומטאָלעראַנץ לגבי פרעמדע שפּראַכן און קולטורן. אָבער אַז פּוילן וועט ווערן פריי, וועט ממילא אָפּפאַלן די מורא פאַר אַ נאַציאָנאַלער ירידה. דעמאָלט וועט אויך יידיש זיך קענען פריי אַנטוויקלען, ווייל די פּאָליאַקן וואָלטן געקאָנט דערלויבן אויף דער גלייכבאַרעכטיקונג פון דעם זשאַרגאָן".

אין נאָוו. 1906 האָט דער יידישער קאָמיטעט פון פּ. פּ. ס. אָנגענומען אַ רעזאָלוציע קעגן דער „רעוואָלוציאָנערער פראַקציע" פון פּ. פּ. ס. און זי געטאַדלט פאַר וועלן „אָפּטיילן אונזער באַוועגונג פון דער באַוועגונג פונם פּראָלעטאַריאַט אין גאַנץ רוסלאַנד".

אויב די פּ. פּ. ס. האָט אַרומגערעדט דעם ענין פון אַ יידישער קולטור־אויטאָנאָמיע, נישט באַנוצנדיק דעם דאָזיקן טערמין, האָט „די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פּוילן און ליטע", וואָס האָט אין אירע רייען נישט פאַרמאָגט אַזעלכע פאָלקסטימלעכע יידן ווי עס זיינען געווען אין דער יידישער פּ. פּ. ס., — די פראַגע געשטעלט זייער קורץ און אָפן. אין יוני 1906 האָט אין וואַרשע אָנגעהויבן אַרויסגיין „די רויטע פאָן", אַ יידישע צייטשריפט פון סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אין די טעג פון 28 און 29טן יולי 1906, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון דעלעגאַטן פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט דער אידעאָלאָגיע פון דער ס. ד. אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ פון „יידישע אַגיטאַטאָרן", (אַזוי האָט אָפיציעל געהייסן דער יידישער אָפּטייל) איז אויך באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. די פּ. ס. ד. האָט געהאַלטן אַז אַזאַ פאָדערונג דרינגט נישט אַרויס פון די אינטערעסן פון פּראָלעטאַריאַט, ווייל זי איז נישט „אַרויסגערופן דורך דער אַנטוויקלונג־טענדענץ פון דער סאָציאַלער גרופּע, וואָס די יידן שטעלן איצטער פאַר און ממילא מוז זי געשטיצט ווערן דורך אַן אַגיטאַציע אין אַ נאַציאָנאַליסטישער ריכטונג". דערפאַר איז די פּאַרטיי געווען קעגן אַזאַ פאָדערונג, — גלייכצייטיק אָבער איז זי געווען פאַר רעכט אויף באַזונדערע שולן פון שפּראַכלעכע מינדערהייטן. דער סאָציאַל־דע־

מאָקראַטישער כאַראַקטער פון „בונד" האָט גורם געווען, אַז די דאָזיקע פּאַרטיי האָט זיך אידעאָלאָגיש געפילט נעענטער צו דער פּ. ס. ד., ווי צו דער פּ. פּ. ס. די „סאָציאַל דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון פוילן" האָט אין יאָר 1902 פאָרגעשטעלט אַ קליינע אָרגאַניזאַציע. זי האָט געהאַט אַ הויכן פּראָצענט אינטעליגענטן, דאָס רוב אַסימילירטע יידן און גראָד פון רייכערע יידישע היימען. פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט בכלל נישט עקזיסטירט קיין יידן־פּראַגע. דערפאַר האָט די פּאַרטיי געלייגט ווינציק אַכט אויף יידישער אַרבעט. מיטן „בונד" איז די פּ. ס. ד. געגאַנגען צוזאַמען, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַקציעס, וואָס האָבן געקענט בעסער דורכגעפירט ווערן מיט בשותפות־דיקע כוחות.

אין די באַרימטע יאַנואַר־טעג פון 1905, ווען די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ רוסלאַנד, האָט דער „בונד" אין פוילן אַרויסגעוויזן אין זיינע קאָלעקטיווע אַרויסטרעטונגען אַ סך ענערגיע און דיסציפּלינקייט. די ידיעה וועגן די פּעטערבורגער געשעענישן האָט דערגרייכט וואַרשע תיכף ומיד, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שטיצן די פּעטערבורגער אַרבעטער. אַ בשותפותדיקע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע פון „בונד", פּ. פּ. ס. און פּ. ס. ד. איז געוועזן אַ לאָגישער פּועל יוצא פון אַזאַ באַשלוס.

אין אַ באַריכט וועגן דעם דאָזיקן שטרייק געדרוקט אין „די אַרבעטער־שטימע" (נומער 39, 1905), ווערט דערציילט, אַז די אַרבעטער האָבן אומעטום געוואָרפן די אַרבעט. „אין אייניקע ערטער — שרייבט דער קאָרעספּאָנדענט — האָבן אונזערע יידישע גרופּן [ד"ה פון בונד. י. ש.], נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין געענדיקט זייער אַרבעט אין די יידישע קוואַרטאַלן, זיך אַוועקגעלאָזט אין די קריסטלעכע. דאָרט האָבן זיי די פּוילישע חברים העכסט פריינטלעך באַגריסט און גערופן צו גיין מיט זיי אין די פאַבריקן און זאַוואָדן. די יידישע אַרבעטער זיינען צוגעשטאַנען צו זיי און געגאַנגען צוזאַמען איינלאַדן צום סטרייק".

אויף זונטיק איז גערופן געוואָרן אַ דעמאָנסטראַציע. די גרויסע צאָל מיליטער אין שטאָט און די נישט־באַוואָפנטקייט פון דער אַרבעטער־מאַסע האָבן אַ סך געשטערט, אַז די געפּלאַנטע דעמאָנסטראַציע זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַזאַ גרויסע געשעעניש, ווי מען האָט לכתחילה דערוואַרט. אין די זעקס טעג פונם שטרייק, וואָס האָט שטאַרק רעוואָלוציאָניזירט די יידישע און די פּוילישע אַרבעטער־מאַסן, איז בולט געוואָרן דער עמאָציאָנעל־סטיכישער כאַראַקטער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן.

מיטוואָך, דעם 21טן יוני 1905 איז אין לאָדזש פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע שחיטה אויף די אַרבעטער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער לוויה פון די יידישע קרבנות, וועלכע זיינען געפאַלן בעת דער דעמאָנסטראַציע פון 18טן יוני. פון די קאָזאַקישע קוילן זיינען יענעם „בלוטיקן מיטוואָך" געהרגעט געוואָרן איבער הונדערט מענטשן. ווי אַ פּראָטעסט קעגן די הריגות האָט דער „בונד" צוזאַמען מיט די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען גערופן אַן אַלגעמיינעם שטרייק. אין שטאָט האָט מען אָנגעהויבן שטעלן באַריקאַדן, ברענען די שנאַפּס־געשעפטן אאַז"וו. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן זיינען צווישן באַוואָפנטע אַרבעטער און רוסישן מיליטער פאָרגעקומען שלאַכטן, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג. עס זיינען געווען אַ סך קרבנות, — און דאָס האָט נאָך מער סטימולירט פאַרצוזעצן דעם קאַמף.

דער אָקטאָבער־שטרייק, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די גרעסערע שטעט פון לאַנד, האָט פאַרשטאַרקט דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט. אָבער עס זיינען שוין געווען סימנים פון אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין דער בורזשואַזער פּוילישער געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער אַרבעטער־באַוועגונג און באַשולדיקט די אַרבעטער־פירער, אַז זיי דינען די „אינטערעסן פון די יידן". שוין דעם 10טן יולי איז אין דער „גאַזעטאַ וואַרשאַווסקאַ" (אַן אַלטע אַנטיסעמיטישע צייטונג) דערשינען אַ לייט־אַרטיקל, אין וועלכן זי האָט באַשולדיקט די יידישע אַרבעטער, אַז זיי צווינגען די „קריסטלעכע אַרבעטער צו פאַלן אויף די באַריקאַדן". בעת דעם אָקטאָבער־סטרייק, וואָס האָט געדויערט 18 טעג, איז די פּאָגראָם־שטימונג געווען אַזוי גרויס, אַז אין אַ סך שטעט, באַזונדערס אין די גרעסערע, האָבן זיך אַלע יידישע פּאַרטייען אָרגאַניזירט אין אַ זעלבסט־שוץ.

דער דעצעמבער־אויפשטאַנד אין מאָסקווע האָט עלעקטריזירט די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג. אין לאָדזש איז אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער שטרייק, אין וועלכן עס האָט זיך צום ערשטן מאָל אַנטפּלעקט די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע איינשטעלונג פון אַ טייל פּוילישע אַרבעטער, וואָס זיינען געווען אָרגאַניזירט פון די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן.

דער מאַניפעסט פון 17טן אָקטאָבער (א. ס.), וואָס האָט פּראָקלאַמירט אַ „קאָנסטיטוציע" און גערופן צו פּאַרלאַמענט־וואַלן (דומע), האָט די אַרבעטער־מאַסן נישט צופרידנגעשטעלט. די רעאַקציע האָט אָנגעהויבן בושעווען מיט נאָך אַ גרעסערן אימפּעט, ווי ביז־אַהער.

„גאַנץ פוילן איז אָפּגעגעבן אין רשות פון דעם אומזיניקן סקאַלאָן און זיינע אַגענטן — האָט געשריבן דער פּוילישער ראַיאָנער קאָמיטעט פון „בונד" אין זיין אויפרוף אין שייכות מיטן „מאַניפעסט", — וואָס מאַכן דאָס לעבן אין פוילן אומדערטרעגלעך. אין טשענסטאָכאָוו שיסט מען אין גאַס מענטשן נאָר דערפאַר, וואָס באַגעגנדיק דעם פּאַטרול, נעמען זיי

אַזוי גייך נישט אַרויס די הענט פון די קעשענעס. דער קאַלישער גענעראַל־גובערנאַטאָר גיט אַרויס אַ באַפעל, אַז מען וועט שיסן יעדערן, ביי וועמען מען וועט געפינען געווער. אויב מען וועט געפינען ביי נישט־דערוואַקסענע קינדער, וועט מען שיסן זייערע עלטערן. אין מעזריטש מאַכן קליינע קינדער אַ מאַניפעסטאַציע, און די סאָלדאַטן באַשיטן מיט קוילן דעם רואיק־שפאַצירנדיקן פובליקום — און עס פאַלן פיל ראַנירטע. אין שעדלעץ אַרעסטירט מען מענטשן אין אַ קאַוויאַרניע, און צעהרגטע פירט מען אָפּ אין שפיטאָל".

דאָס איז געווען די לאַגע אין פוילן, בעת עס זיינען פאָרגעקומען די וואַלן צו דער ערשטער דומע. אין וואַרשע האָבן די אַרבעטער באָיקאָטירט די דאָזיקע וואַלן. פון 114 פאַבריקן, וואָס האָבן געהאַט וואַל־רעכט, האָבן זיך 106 אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון זייער וואַל־רעכט. די יידישע אַרבעטער האָבן בכלל נישט געקענט אויסנוצן די אַרבעטער־קוריע, ווייל זיי האָבן געאַרבעט אין קלענערע וואַרשטאַטן, וואָס זיינען נישט קוואַליפיצירט געוואָרן, ווי פאַבריקן.

קרייזן פון „פועלי ציון" זיינען שוין געווען טעטיק אין פוילן (אין לאָדזש) אין די יאָרן 1902-1903. אין שייַכות מיט דער אוגאַנדאַ־פראַגע, וואָס איז אַרויסגעשוואומען אויפן זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס (1903), האָט זיך אויך אין פוילן אָנגעהויבן אין די „דעמאָקראַטיש־ציוניסטישע" קרייזן אַ וויכוח בנוגע דער פראַגע פאַלעסטינע. צו יענער צייט זיינען געווען אין וואַרשע עטלעכע קרייזן פון „דעמאָקראַטישע ציוניסטן", ווי די סטודענטישע „קדימה", „התחיה", „דבורה" (אַ פרויען־קרייז), „מתתיהו" א. אַ. סוף 1903 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען אַ קליינע באַראַטונג פון דריי ציוניסטישע קרייזן. אייניקע פון די מיטגלידער זיינען שוין געווען באַאיינפלוסט פון סאָציאַליסטישע אידייען, און זיי זיינען טאַקע געוואָרן די פיאָנערן פון „פועלי־ציון" אין פוילן. אין מאַי 1905 איז שוין געווען אָרגאַניזירט „די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע פועלי־ציון אין וואַרשע", וואָס איז געווען אויטאָנאָם פון דער אידענטישער פאַרטיי אין רוסלאַנד. בעת די רוסישע פועלי־ציון זיינען געווען פרינציפיעלע טעריטאָריאַליסטן און געהאַלטן, אַז פאַלעסטינע איז די פאַסיקסטע טעריטאָריע, זיינען די פוילישע חברים געווען פאַר פאַלעסטינע. באַלד נאָכן אָקטאָבער־מאַניפעסט (1905) ווערט אין פוילן געגרינדעט די פועלי־ציוניסטישע פאַרטיי, — און אין דעצעמבער פון זעלבן יאָר האָט זי געהאַט איר ערשטן לאַנד־צוזאַמענפאָר. די פאַרטיי האָט זיך אַ נאָמען געגעבן: „דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פאַרבאַנד פועלי־ציון אין פוילן". זי האָט, אגב, זיך דעקלאַרירט, אַז זי שטייט אויפן שטאַנדפונקט פון זעלבשטענדיקייט פון פוילן. להיפוך צו זייערע חברים אין רוסלאַנד, האָבן די פוילישע פועלי־ציוניסטן באָיקאָטירט די וואַלן צו דער מלוכה־דומע

די פועלי־ציוניסטישע באַוועגונג האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקע צאָל אינטעליגענטן, וועלכע האָבן שפּעטער דורכגעמאַכט פאַרשידענע גילגולים סיי אין דער ריכטונג אויף רעכטס, סיי אויף לינקס. די דאָזיקע היפּערטראָפיע פון אינטעליגענטע כוחות, וואָס איז געווען ווייט נישט אין פּראָפּאָרציע צו דער צאָל פּראָלעטאַרישע עלעמענטן, האָט גורם געווען אַזאַ רחבות פון טעאָרעטישע כוחות, אַז אַ היסטאָריקער פון פועלי־ציוניזם האָט געשריבן: „דער פּראָלעטאַרישער ציוניזם איז געווען אַ תורה שבעל־פה, ווייל יעדער טעאָרעטיקער האָט זיך געהאַט זיין שיטה, און יעדע שטאָט האָט פאַרמאָגט איר אייגענעם טעאָרעטיקער".

אין 1906 איז פאָרגעקומען דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי און עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פאַראייניקונג מיט דער רוסישער פאַרטיי, — די פוילישע פאַרטיי האָט באַקומען די רעכט פון אַן אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע. אין אויגוסט 1906 איז אין טשענסטאָכאָוו... אין טשעכאָטשינעק פאָרגעקומען דער דריטער צוזאַמענפאָר פון די פועלי־ציון.

אין 1905 איז אין פוילן אַנטשטאַנען די סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע (ס. ס.) פאַרטיי. אירע ערשטע טוער זיינען געווען אָרגאַניזירט שוין אין 1903 ווי אַ גרופּע אונטערן נאָמען „אַרבעטער ציוניסטן". סוף יולי 1904 איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אַ פאָר־קאָנפערענץ פון די „רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַריש־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס". די אָרגאַניזאַציע, וואָס איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן, האָט קיין לעבנס־פעיקייטן נישט אַרויסגעוויזן. ערשט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע פון 1905 האָט זיך פון דער אָרגאַניזאַציע אויסגעפורעמט אַ פאַרטיי, — איר איינציקע שטאַרקע פּאָזיציע האָט זי געהאַט אין טשענסטאָכאָוו.

די ס. ס. זיינען געווען איינשטימיק מיטן „בונד" אויף אַזוי ווייט, אויף וויפיל עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן „אַנטוויקלען ביי די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן דאָס פּאָליטישע און קלאַסן־באַוואוסטזיין". אין דעם פּרט האָט די דאָזיקע פאַרטיי געהאַלטן, אַז דער „בונד" דערפילט זיין „היסטאָרישע אויפגאַבע". זי האָט אָבער נישט איינגעשטימט מיטן בונדישן צוגאַנג צום לייזן די יידן־פראַגע. אין די ראַמען פונם יידישן לעבן אין קאָנגרעס־פוילן זיינען די דאָזיקע וויכוחים וועגן טעריטאָריעלע און נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמישע לייזונגען פון דער יידן־פראַגע, געווען אין תוך נישט מער, ווי ריין־טעאָרעטישע ענינים. די יעטאַפּיסטן (יידישע טעריטאָריעלע אַרבעטער פּאַרטיי) האָבן אין פוילן קיין שום אָפּקלאַנג נישט געקענט געפינען. אויך די סיי־

מיסטן האָבן אין פוילן נישט געקענט באַקומען קיין אָנהענגער.

אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע האָט דער ציוניזם אין פוילן זיך שטאַרק אַנטוויקלט, הגם נישט געוואָרן קיין מאַסן־באַוועגונג, אַזוי ווי די פּראָלעטאַרישע ריכטונגען. מיט איניקע אויסנאַמען איז די ציוניסטישע אינטעליגענץ אין פוילן געווען נישט קיין אָרטיק־פּוילישע, אייניקע פון זיי האָבן זיך אָבער גאָר שנעל שפּראַכלעך אַסימילירט. ביי דער נאַציאָנאַל־געשטימטער פּוילישער אינטעליגענץ האָבן זיי געפונען אַ וואַרימען אָפּקלאַנג, וואָס איז פון די קעגנער פון ציוניזם דעשיפרירט געוואָרן, ווי אַ דערמוטיקונג צו פאַרלאָזן די פּוילישע ערד. וואָס מער עס איז פון חיבת־ציון געוואָרן ציוניזם, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן דער דראַנג צו טאָן פּאָליטישע אַרבעט פאַרן לאַנד גופא און צו ווערן אַ באַשטאַנדטייל פון פּאָליטישן לעבן אין לאַנד.

די רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין העלסינגפאָרס (פינלאַנד), אין 1906, — בעת אונטער דעם כישוף פון די קאָנסטיטוציאָנעלע אויסזיכטן, האָבן די רוסישע ציוניסטן באַשלאָסן צו פאָרמולירן אַ „געגנוואַרט פּראָגראַם", — איז געווען פון גרויס וויכטיקייט אויך פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג אין פוילן. די וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער פּאָליטישער אַרבעט פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך לעגאַליזירט אין 1906 און געהאַט אַ פולע אויטאָנאָמיע, — זיינען דאָס רוב געווען רוסישע יידן, ווי פאָדלישעווסקי, סטאַווסקי א. אַ. די דאָזיקע „נאַטוראַליזירטע" יידן האָבן אָבער זיך שנעל צוגעפּאַסט צו דער פּוילישער פּאָליטישער ווירקלעכקייט און האָבן דעקלאַראַטיוו, לכל הפחות, סימפּאַטיזירט מיט די פּוילישע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס. אין אַקטיוון פּאָליטישן לעבן האָט דער פּוילישער ציוניזם נישט געהאַט קיין ברייטע פּעריפעריע פון אַ פּאַרטייאישער נאָכפאָלגערשאַפט. די פּוילישע ציוניסטן זיינען אידעאָלאָגיש געווען נאָענט צו די רוסישע קאַדעטן, צו דער פּאַרטיי וואָס האָט רעפּרעזענטירט דעם קאָנסטיטוציאָנעלן ליבעראַליזם באַזירט אויף אַ ריין בורזשואַזן הומאַניזם. אין פוילן איז קיין פּוילישע ליבעראַלע באַוועגונג נישט געווען. און ווען זי איז שוין אַנטשטאַנען אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע, איז דאָס געווען אַדאַנק די אַסימילירטע יידן, פאַר וועמען די פּלאַטפאָרמע פון דער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיע איז געווען ווי צוגעפּאַסט, וואוהין מען האָט זיי אָבער נישט צוגעלאָזט.

אין די יאָרן פון אוגאַנדיזם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דווקא צווישן די פּוילישע ציוניסטן האָט דער טעריטאָריעלער געדאַנק געוואונען אַ סך אָנהענגער. אַזאַ פּיאָנער פון ציוניזם, ווי אַדוואָקאַט יאַשינאָווסקי, איז אַוועק צו די טעריטאָריאַליסטן. די פּרואוון צו שאַפן אַ טעריטאָריאַליסטישע פּאַרטיי האָבן זיך אָבער אין פוילן נישט איינגעגעבן.

ווען דער ציוניזם אין פוילן איז אַריבער צו „רעאַלער" אַרבעט, האָט זיך ערשט אַרויסגעוויזן ווי אָרים עס זיינען געווען זיינע גייסטיקע כוחות. ווען דער ציוניסטישער פאַראיין „ספרות" האָט אין 1906 אַרויסגעגעבן אויף פּויליש אַ זאַמלבוך אונטערן זעלבן נאָמען, זיינען די מערסטע אַרבעטן געווען איבערזעצונגען. די אַנטי־ציוניסטישע פּרעסע האָט אויסגענוצט דעם דאָזיקן פאַקט, כדי צו באַווייזן, אַז ציוניזם „איז פרעמד דעם גייסט פון פּוילישע יידן".

אין הסכם מיט די דעמאָקראַטישע לאָזונגען פון די רעוואָלוציאָנערע יאָרן האָט דער פּוילישער ציוניזם אויך פּרובירט צו „גיין אין פאָלק". דער „עכט פּוילישער" ציוניסט יאַן קירשראָט (1879—1912) האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט צווישן דער אַקאַדעמישער יוגנט און אויך צווישן די יידישע בעלי־מלאכות פון וואַרשע, לאָדזש און טשענסטאָכאָוו.

פון די אַנדערע בירגערלעכע גרופּירונגען, וואָס האָבן אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע געזוכט אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען פאַר אַ קאָלעקטיווער טעטיקייט, זיינען אויך געווען די אַזוי־גערופענע אַסימילאַטאָרן. עס איז שווער צו פאָרמולירן אין טערמינען פון סאָציאָלאָגישער עקזאַקטקייט די אידעאָלאָגיע פון די פּוילישע גרופּע אַסימילאַטאָרן. אויב אונטער אַסימילאַציע וועט פאַרשטאַנען ווערן דאָס אידענטיפיצירן זיך מיטן לשון פון לאַנד, דאַרף אַזאַ אַסימילאַציע קוואַליפיצירט ווערן אין פוילן אַנדערש, ווי אין רוסלאַנד, אָדער אין פּרייסיש פוילן (פּויזן), למשל. לויט דער סטאַטיסטיק פון 1897 האָבן זיך 46,390 יידן אין פוילן דעקלאַרירט פאַר פּאָליאַקן, פון זיי האָבן 29,564 געוואוינט אין וואַרשע. פון די דאָזיקע דעקלאַרירטע „פּאָליאַקן" זיינען 40 פּראָצ. געווען פּשוטע יידישע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן גוט פּויליש נישט געקענט. ווילן מיר אַראָפּנעמען די דאָזיקע 40 פּראָצענט, וואָס זיינען מסתמא געווען קרבנות פון אַ שלעכט־דעפינירטער סטאַטיסטיש־דעמאָגראַפישער טערמינאָלאָגיע, דעמאָלט קומט אויס, אַז אין 1897 זיינען אין גאַנץ פוילן געווען עפּעס מער ווי 27 טויזנט „פּאָליאַקן פון משה רבינוס גלויבן", — וואָס מיינט נישט קיין גאַנצע צוויי פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג. לויט דער זעלבער סטאַטיסטיק האָבן זיך 4630 יידן דעקלאַרירט פאַר רוסן און 3126 — פאַר דייטשן. דאָך איז די ווירקונג פון דער גרופּע אַסימילאַטאָרן געווען זייער גרויס, נישט נאָר אין לאַנד, נאָר אויך מחוץ פוילן. דאָס איז געווען אַדאַנק דעם, וואָס צו דער דאָזיקער גרופּע האָבן געהערט די פינאַנציעלע מאַגנאַטן פון פוילן און אויך די אינטעליגענץ. „לעגאַליזירט" אין די אויגן פון דער פּוילישער בירגערלעכער געזעלשאַפט,

ווי די אמתע פאַרטרעטער פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָבן די אַסימילאַטאָרן קאָנטראָלירט די קהילות אין פוילן, וואו די חסידישע מאַסע איז געווען די שטים־אַרמיי, וואָס האָט אָנערקענט די דאָזיקע „אַפּיקורסים” פאַר די פירער. פּאָליטיש אָבער איז דער לאַגער פון דער אַסימילאַציע נישט געווען אַזוי קאָנסאָלידירט, ווי אין רוסלאַנד, למשל, וואו דער „פאַראיין צו דערגרייכן בירגער־רעכט פאַר יידן”, איז געווען אַ פּאָליטישע עקספּאָזיטור פון דער אַסימילירטער בורזשואַזיע.

די אַסימילאַטאָרן אין פוילן האָבן זיך געהאַלטן פאַר די „אמתע” טרעגער פון דער אַסימילאַציע: זייערע טוער און אידעאָלאָגישע חברים, וואָס האָבן נאָכן אויפשטאַנד פון 1863 עמיגרירט קיין גאַליציע (צוקער, גאָלדמאַן א. אַ.) האָבן געהאַלטן, אַז זיי האָבן געראַטעוועט די גאַליצישע יידן פון גערמאַניזאַציע: לגבי די רוסישע יידן בכלל און די יידן אויף די „קרעסן” בפרט האָבן די אַסימילאַטאָרן זיך געהאַלטן מיט גרויס רעזערוו. זיי האָבן געקוקט אויף דער אַסימילאַציע מיטן שוואַכן פאָלק — ווי אויף אַן אידעאַליזם. און אויף דער אַסימילאַציע מיטן שטאַרקן מלוכהשן אָרגאַניזם (רוסלאַנד) ווי אויף אַ קאַריעריזם. אין די ראַמען פון צענזור־מעגלעכקייטן האָט עס קלאָר פאָרמולירט העגריק נוסבוים, דער „כהן גדול” פון דער פּאָלאָניזאַטאָרישער ריכטונג אין זיין ווינציק באַקאַנטער בראָשורע „אַ שטימע פון אַ פּוילישן אַנטי־ציוניסט”. געווען זיינען שוין אין די רייען פונם נייעם דור פוילישע אַסימילאַטאָרן אַזעלכע, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם קאַמף קעגן דער רוסיפיקאַציע אין די מויערן פון די רוסישע לערן־אַנשטאַלטן אין פוילן. איניקע פון זיי האָבן דערפאַר באַצאָלט מיט זייערע לעבנס (נייפעלד פון וואַרשע איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ווייל מען האָט אים אויסגעשלאָסן פון גימנאַזיע; זיין לוויה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיקע פוילישע פאַטריאָטישע דעמאָנסטראַציע), אַנדערע מיט זייערע קאַריערעס. דער הויכער אידעאַליזם פון יענע יאָרן, ווען אַפּוכטין, דער בילדונגס־קוראַטאָר פון פוילן האָט געקעמפט קעגן דעם, אַז תלמידים זאָלן רעדן צווישן זיך פויליש, האָט דער אַסימילאַציע געגעבן אַ סך פּרעסטיזש נישט נאָר אין דער פוילישער געזעלשאַפט, נאָר אויך אין מערב־אייראָפּע.

קאָנטראָלירנדיק די שולן פאַר יידישע בעלי־מלאכות און אַ ריי אַנדערע אינסטיטוציעס, וואו די יידישע מאַסע האָט „גענאָסן” אַ ביסל קולטור און אַרבעט־מעגלעכקייט, — איז דער לאַגער פון דער אַסימילאַציע אַרויס אין 1905 מיט אַ פּרוּוו צו מאָביליזירן זיינע כוחות אין פאָרם פון אַן אָרגאַניזאַציע: באַלד נאָך דעם, ווי די „קאָנסטיטוציע” איז פּראָקלאַמירט געוואָרן איז יוזעף קירשראָט אַרויס מיט אַן אויפרוף און אויפגעפאָדערט די יידן, וואָס פילן זיך, ווי „פּאָליאַקן פון משה רבנוס גלויבן”, אַז זיי זאָלן זיך אָרגאַניזירן אין אַ פאַראיין. דער פּראָגראַם פון דער דאָזיקער פאַראייניקונג איז באַשטאַנען אין שטיצן די פוילישע פּראָגרעסיווע פּאַרטייען אויפן פּאָליטישן פראָנט; אויפן סאָציאַלן פראָנט האָט קירשראָט גערופן זיך מער פאַראינטערעסירן מיט די יידישע פאָלקס־מאַסן, דערביי אָבער האָט ער באַטאָנט די נויטווענדיקייט צו „פאַרבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטנדיקע מאַסן אָן אונטערשייד פון גלויבן”.

בעת עס איז געגרינדעט געוואָרן די פוילישע בילדונג־געזעלשאַפט „מאַציעזש שקאָלנאַ”, וואָס איז געווען קאָנטראָלירט פון די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטן, איז פאַר די אַסימילאַטאָרן געשטאַנען די פראַגע, ווי אַזוי נוצט מען אויס די פּאָליטישע קאָניונקטור פאַר דער פּאָלאָניזאַטאָרישער אַרבעט צווישן די יידישע מאַסן. דער אַנטיסעמיטישער כאַראַקטער פון דער „מאַציעזש שקאָלנא” האָט שטאַרק אַנטוישט די אַסימילאַטאָרן. עס איז זיי אָבער געלונגען צו פאַראינטערעסירן די „אַליאַנס איזראַעליט פראַנסעז” וועלכע האָט געגעבן געלט אויף צו עפענען פאַר יידישע קינדער אין פוילן געזעלשאַפטלעכע שולן אין דער פוילישער שפראַך. קירשראָט דערציילט, אַז נאָך אין 1895 האָט די פּעטערבורגער „חברה מפיצי השכלה” געוואָלט עפענען אירע שולן אין פוילן. די וואַרשעווער אַסימילאַטאָרן האָבן צוריקגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג, ווי אַ פּרוּוו צו רוסיפיצירן די פויליש־יידישע קינדער. דער באַנקיר וואַוועלבערג האָט באַווירקט די „חברה מפיצי השכלה”, אַז זי זאָל זיך פון אירע פּלענער אָפּזאָגן.

אַ פּאָליטישע פאַראייניקונג פונם אַסימילאַטאָרישן לאַגער איז אוממעגלעך געווען, ווייל אידעאָלאָגיש האָבן אַ סך אַסימילאַטאָרן געצויגן צו דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע, אַנדערע צו די פּראָגרעסיווע פוילישע ריכטונגען, וואָס זיינען אָרגאַניזאַציאָנעל געווען זייער שוואַך. אַ סך באַוואוסטזיניקע אַסימילאַטאָרן האָט מער באַפרידיקט די פּ. פּ. ס. און אפילו די פּ. ס. ד.

די פוילישע געזעלשאַפט האָט זיך אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע אויך קריסטאַליזירט פּאָליטיש און פאָרמולירט איר שטעלונג לגבי דער יידן־פראַגע. די נאַראָדאָווע־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון דער איינציקער פּאָליטישער בעל־הביתטע פון פוילן: אין טערמינען פון דער פּאָליטישער ווירקלעכקייט האָט דאָס געמיינט אַ קלאָרע אָפּערטע צו העלפן דערשטיקן די רעוואָלוציע אין פוילן („ווייל די דאָזיקע רעוואָלוציע איז נישט קיין פוילישע אַרבעט”) און דערפאַר באַקומען איניקע נאַציאָנאַלע הנחות, ווי אַ פויליש שולוועזן אאַז”וו. די יוגנט האָט זיך אָבער פונם פּראָ־

גראַם פון דער אַמאָליקער „ליגאַ נאַראָדאָוואַ" נישט געוואָלט אָפּזאָגן. דערפאַר האָט זיך געשאַפן אַ מאָדנע לאַגע: בעת דער עלטערער דור פון די „ענדעקעס" האָט אָפּערירט מיט אַנטיסעמיטישע פראַזעס, איז ער אָבער גלייכצייטיק געווען גרייט צו גיין אויף געוויסע הנחות פאַר יידן, און נישט געשטעלט קיין תנאי, אַז זיי מוזן זיך אַסימילירן; פאַרקערט, די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע איז געווען די ערשטע פוילישע פּאָליטישע פאַרטיי, וואָס האָט עפנטלעך דערקלערט, אַז אַסימילאַציע איז נישט נאָר מעגלעך, נאָר אויך נישט געוואונטשן. דער יונגער דור אָבער איז געווען מער מאַקסימאַליסטיש; בעת דער עלטערער דור האָט נאָר געוואָלט, אַז פּאָליאַקן זאָלן האָבן די הויפּט־דעה אין פוילן, האָט דער יונגער דור געשטרעבט, אַז פוילן זאָל זיין אינגאַנצן פויליש. דער אָנפירער פונם יונגן דור, טאַדעאוש דיבטשינסקי איז געווען אַ קלאַס־חבר פון בראָניסלאַוו גראָסער (1883—1912), וועלכער האָט אין 1903 אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון סאָציאַליסטישער יוגנט; ער האָט געוואָלט פאַראינטערעסירן דיבטשינסקין אין סאָציאַליזם, אָבער עס איז אים נישט געלונגען. „די דעמאָקראַטיש־נאַציאָנאַלע אידייען, — האָט געשריבן דיבטשינסקי, — זיינען מיר נענטער געוואָרן אין אַ גרויסער מאָס צוליב דעם, וואָס צו די לידערס פון סאָציאַליזם אין דער גימנאַזיע האָבן געהערט קודם־כל אַזעלכע קאָלעגן, ווי גראָסער, פרענקעל, ברידער גראָסטערן, מענטשן צו וועלכע איך האָב אונטערבאַוואוסטזיניק נישט געהאַט קיין צוטרוי".

דאָס „נישט האָבן קיין צוטרוי" צו סאָציאַליסטן איז אַרויסגעוואַקסן פון דער דעמאַגאָגישער סימפּליפיקאַציע, אַז סאָציאַליזם און יידישקייט איז איינס און דאָס זעלבע. אינם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַראיין, וואָס איז געווען אַ פּראָלעטאַרישע עקספּאָזיטור פון דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע, זיינען די אָנפירער געווען פון דער יונגער גענעראַציע פון דער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיע, אַ סך פון זיי אַנטוישטע סאָציאַליסטן פון פּ. פּ. ס. לאַגער.

די אַנטיסעמיטישע באַפאַרבונג פון דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דער אַנטי־סאָציאַליסטישער איינשטעלונג. דאָס וואָס דער דאָזיקער פאַרטיי איז געלונגען צו באַהערשן די מוחות פון דער פוילישער יוגנט, איז געווען דווקא אַדאַנק דער שטאַרקער נאַציאָנאַל־ראָמאַנטישער פּראַזעאָלאָגיע. דער דראַנג צו זיין „פּאָליטישע רעאַליסטן" איז געווען נישט מער, ווי אַ טאַקטיק.

פוילישער פּאָליטישער ליבעראַליזם האָט אין פוילן בכלל נישט עקזיסטירט. עס האָבן עקזיסטירט „ווילדע" אינדיווידועלע ליבעראַלן, ווי אַ שווענטאָכאָווסקי, אַ גרענדישינסקי, דער פירער פון דער קליינער פּאַרטיי „רעאַליסטן". ביידע זיינען געווען דער־פאַר, אַז מען זאָל יידן אָנערקענען פאַר אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט מיט אַלע קאָנסעקווענצן, וואָס אַזאַ אָנערקענונג פאָדערט. זייער ווירקונג איז אָבער געווען אַ קליינע.

אין די אויגן פון דער פוילישער געזעלשאַפט איז די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיע געווען דווקא די פּאַרטיי, וואָס זוכט די „טובה" פון יידן. זי האָט געהאַלטן, אַז דער „תחום המושב" מוז אָפּגעשאַפט ווערן, ווייל מיט דעם האָט זי פאַרבונדן איר האָפענונג, אַז יידן וועלן עמיגרירן קיין רוסלאַנד און ממילא וועט די יידן־פּראַגע אין פוילן פאַרלירן איר שאַרפקייט.

נישט האָבנדיק קיין דירעקטע פאַרטרעטער אין דער „דומע" זיינען די פוילישע יידן געשטאַנען פאַר אַ דילעמע, וואָס איז געווען פּסיכאָלאָגיש אַזוי קאָמפּליצירט, אַז די רוסישע פּראָגרעסיווע עפנטלעכקייט האָט עס נישט געקענט באַנעמען. די יידן אין פוילן האָבן נישט געקענט דערוואַרטן, אַז די „קאָלאָ פּאָלסקע" (פאַראייניקונג פון אַלע פוילישע דעפּוטאַטן) וועט זיי באַשיצן. די ענדעקעס האָבן אין אָנהויב זיך געשפּילט אַביסל אין... קאַדעטישן ליבעראַליזם. אַדאַנק די צוויי פּראָמינענטע פּאָליאַקן־קאַדעטן, וואָס זיינען געווען פּעטערבורגער תושבים: אַלעקסאַנדער לעדניצקי און לעאָן פּעטראַזשיצקי, האָט די „קאָלאָ פּאָלסקע" געהאַט אַ לויזן קאָנטאַקט מיט דער קאַדעטישער פאַרטיי. אין יולי 1906 האָבן צוויי פוילישע דעפּוטאַטן נאָוואָדוואָרסקי און האַרושעוויטש געוואָלט שליסן אַ טעכנישן בלאָק מיט דער פּאַרטיי פון די קאַדעטן. די פאַרטרעטער פון די קאַדעטן האָבן געשטעלט אַ ריי תנאים פאַר אַזאַ בלאָק, צווישן זיי אַ קלאָרע שטעלונג צו דער יידן־פּראַגע, אַרבעטער־פּראַגע און צו דער פּראַגע, צי די ענדעקעס רעפּרעזענטירן די פוילישע געזעלשאַפט אָדער אַ פוילישע פּאַרטיי. בנוגע דער יידן־פּראַגע האָבן ביידע דעלעגאַטן פון דער „פוילישער קאָלאָ" געענטפערט — אַז „זי עקזיסטירט פאַר זיי בכלל נישט", ווייל „די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע אָנערקענט נישט קיין רעליגיעזע אונטערשיידן". וואָס שייך דער אַרבעטער־פּראַגע, זיינען זייערע אויסגעשפּראָכענע קעגנער פון קלאַסן־קאַמף. אויף דער דריטער פּראַגע האָבן זיי געענטפערט, אַז די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע, רעפּרעזענטירט דאָס גאַנצע פוילישע פאָלק. דערביי האָבן זיי צוגעגעבן, אַז אויב די „קאַדעטן וועלן שטיצן די פאָדערונג פון אַן אויטאָנאָמיע פאַר קאָנגרעס־פוילן, זיינען די פּאָליאַקן גרייט צו פאַרגעסן סוואָראָווס שחיטות אין פּראַגע".

די דאָזיקע שטעלונג האָט פאַרשטייט זיך געמוזט אַרויסרופן אַ יאוש צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס וואָס די יידן־דעפּוטאַטן — נישט אויסגעוויילטע פון פוילן — אָדער סתם ליבעראַלע דעפּו־

טאַטן פון רוסלאַנד וועלן זיך אָננעמען פאַר די קריוודעס פון די יידן אין פּוילן — איז געווען פאַרן פּוילישן אַסימילאַטאָר אַ באַליידיקונג און פאַרן פּוילישן יידן — אַ גרויסע חרפּה. דעם 10טן יולי 1910 האָט העריק נוסבוים פאַרעפנטלעכט אין „קוריער וואַרשאַווסקי” אַ סימבאָלישן אַרטיקל, וועגן „גרונוואַלד און די פּוילישע יידן”. גרונוואַלד, דאָס איז די היסטאָרישע שלאַכט פון 10טן יולי 1410, ווען דאָס „סלאַווישע” פּוילן האָט באַזיגט דאָס „טעווטאָנענטום”. נוסבוים האָט אין דעם אַרטיקל פאָרמולירט: דער פּוילישער ייד איז גיכער דאַנקבאַר זיין „פאָלק־בעל־הבית” פאַר די קריוודעס, איידער „פרעמדע — פאַר די מעשים טובים”.

אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע איז אין פּוילן געשאַפן געוואָרן אַ ברייטע, לעבעדיקע יידישע פּרעסע. די פּובליציסטישע זייט פון דער דאָזיקער פּרעסע איז געווען זייער אַ אומקלאָרע. די דאָזיקע פּובליציסטיק האָט געטראָגן אַ מיטלויפערישן כאַראַקטער, וואָס האָט מער פאַרטומלט, איידער קלאָר געמאַכט די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון יענער היסטאָרישער עפּאָכע. די מער דיסציפּלינירטע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן געהאַט זייערע אייגענע פּאַרטיי־אָרגאַנען, וואָס האָבן אויפגעקלערט און געלערנט, בעת די „אומפּאַרטייאישע” קליינבירגערלעכע פּרעסע, וואָס איז געווען געשאַפן פון יחידים, ווי אַ געשעפט־אונטערנעמונג האָט איר געזעלשאַפטלעכע פונקציע ווייט נישט דערפילט. צום בולטסטן האָט מען דאָס געזען אין די יאָרן פון רעאַקציע, וואָס זיינען געקומען, ווי אַ פּועל יוצא פון דער בלוטיקער ליקווידאַציע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד.

אין פּוילן האָט זיך דער פונאַנדערפאַל פון פּאַרטיי־לעבן זייער שנעל געלאָזט פילן. אין די יאָרן 1905־1906 איז דער טעראָר אין ערגעץ נישט געווען אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט, ווי אין פּוילן. חוץ דעם, האָט זיך אין די פאַרשידענע פּאַרטיי־זעלבסטשוצן אַריינגעגנבעט אַ סך „לאָבוזעס”. די פּאָגראָמען אויף שאַנד־הייזער און שנאַפּס־געשעפטן אין מאַי 1905, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין וואַרשע און אין לאָדזש, האָבן אַנטפּלעקט אַ „ווילד־פלייש”־עלעמענט אין די פּאַרטיי־קרייזן פון יענע מיטלויפערישע יאָרן. דאָס איז געווען אַן עלעמענט, וואָס איז געשטאַנען צווישן דער באַוועגונג און דער אונטערוועלט. באַזונדערס איז דאָס בולט געוואָרן סוף 1906. די פּאַרטייען איז געווען זייער שווער איינצוצאַמען די דאָזיקע סטיכישע צעשטערערישע עלעמענטן, וואָס האָבן אָפּטמאָל אָפּעריִרט מיט דער אַנאַרכיסטישער פּראַזעאָלאָגיע.

פּאַראַלעל מיט דער דאָזיקער דעמאָראַליזאַציע זיינען געקומען די בלוטיקע באַמיאונגען צו ליקווידירן די דערגרייכונגען פונם אַרבעטער־קלאַס אויפן עקאָנאָמישן געביט. אין 1907 האָט זיך פאַרשפּרייט אַן עפּידעמיע פון לאָקאַוטן. באַזונדערס גרויזאַם איז געווען דער לאָקאַוט פון די בערשטער־פאַבריקאַנטן פון פּוילישן ראַיאָן, אויסשליסלעך יידן. עס איז אפילו געבוירן געוואָרן אַ נייער פענאָמען, וואָס איז ביז איצט געווען אומבאַקאַנט: אַנדערע פאַבריקאַנטן האָבן פּראָקלאַמירט „סימפּאַטיע־לאָקאַוטן”, כדי צו העלפן זייערע „קאַמפס־ברידער”. אַדאַנק דעם איז, למשל, אין וואַרשע אינגאַנצן רואינירט געוואָרן דער בעקער־פאַראיין. יידישע פאַבריקאַנטן האָבן אָנגעהויבן ברעכן די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. „דער לאָקאַוט ווילדעוועט אויף דער יידישער גאַס — האָט געשריבן די בונדישע „נאַשאַ טריבונאַ” (1907 נומער 5, פון 10טן יאַנואַר). אין רעכטן ווינטער בלייבן טויזנטער אַרבעטער מיט זייערע משפּחות אָן ברויט און אָן אַ דירה... אויף דער שפּראַך פון דער פּוילישער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע איז דער אַרבעטער־הונגער אין לאַנד אַ מיטל צו ראַטעווען די פּוילישע נאַציאָנאַלע אינדוסטריע”.

די דעמאָראַליזאַציע וואַקסט צוזאַמען מיט כל־ערליי טעראָרן. אין אויגוסט 1906 פאַרשפּרייט זיך דער „ווייסער טעראָר” אין וואַרשע. מיטוואָך דעם 15טן אויגוסט 1906 פירט דורך די פּ. פּ. ס. אַ בלוטיקן טעראָר און הרגעט אויס צענדליקער פּאָליציי־לייט אין וואַרשע. 26—27טן אויגוסט קומט פאָר דער פּאָגראָם אין שעדלעץ, דורכגעפירט פון דער צאַרישער אַדמיניסטראַציע. אין מערץ און אַפּריל 1907 קומען פאָר בלוטיקע קאַמפן צווישן אַרבעטער אין לאָדזש. די רעוואָלוציע איז שוין געווען באַרג אַראָפּ. די אינטעליגענץ איז אַנטוישט אין דער רעוואָלוציע. מען זוכט צו פאַרבייטן קאַמפס־אידעאַלן אויף קולטור־אַרבעט. אין 1908 ווערט געגרינדעט די „יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט”, וואָס האָט געהאַט 120 אָפּטיילונגען אין גאַנץ רוסלאַנד, צווישן זיי 21 אין פּוילן. אין וואַרשע איז דער דאָזיקער פאַראיין געוואָרן אין די יאָרן 1909—1911 דער צענטער פון דעמאָקראַטיש־געשטימטע מענטשן. אין 1908 איז לויטן עדות פון א. ליטוואַק נישט געווען קיין איין „לעבעדיקע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע”. נאָר אין וואַרשע איז געבליבן אַן אומלעגאַלע פאַראייניקונג אין אַ גאַנצער ריי פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אין דער פּאַרטיי־ליטעראַטור ווערט געלופטערט די פראַגע: זאָל מען די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אָנהאַלטן אָדער ליקווידירן. די „ליקווידאַטאָרס” האָבן געזוכט לעגאַלע וועגן פאַר דער פאָרזעצונג פון דער פּאַרטיי־אַרבעט.

פּאַראַלעל מיט דער רעאַקציע איז געקומען אַ ציניִשע באַציאונג צו קולטור־ווערטן און אַן אומגלויבן אין סאָציאַלע אידעאַלן. „דער טאַנץ־קלאַס האָט פאַרביטן דעם פאַראיין; אַ טעשל קאָרטן — די פּראָקלאַמאַציע” — האָט א. ליטוואַק אויפן עפּיגראַמאַ־

טישן אופן פאָרמולירט די סיטואַציע אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פון יענער צייט.

די וואַלן צו דער צווייטער און דריטער דומע האָבן פאַרלאָרן יענע צוציאונגס־קראַפט, וואָס מען האָט נאָך געפילט בעת די ערשטע וואַלן. „דער „בונד" האָט געביטן זיין שטעלונג און אָנטייל גענומען אין די וואַלן צו דער צווייטער דומע. די געזעלשאַפטלעכע אַפּאַטיע אין פוילן איז געווען אַזוי גרויס, אַז צו דער דריטער דומע האָבן אין וואַרשע געשטימט נאָר 27 פּראָצענט פון אַלע באַרעכטיקטע וויילער.

אין לאַנד האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ די היימישע, יידישע רעאַקציע. סוף דעצעמבער 1908 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון רבנים. 150 רבנים און רביים האָבן זיך צונויפגעזאַמלט כדי זיך מתעסק זיין מיט „ענינים פון דת". איינער פון די דעלעגאַטן, דער ראַדזימינער רבי, האָט געמאַכט אַ פאָרשלאָג, מען זאָל זיך משתדל זיין ביי דער רעגירונג, אַז אַלע ביכער, וואָס ווירקן „שלעכט אויף דער יידישער יוגנט און זיינען בכלל שעדלעך פאַר דער יידישער אמונה", זאָלן קאָנפיסקירט ווערן. די רבנים האָבן זיך אָבער געכאַפּט, אַז אַזאַ פאָרשלאָג איז געפערלעך און מען האָט אים צוריקגעצויגן. דער רבי, אַ ברוגזער, האָט פאַרלאָזן דעם צוזאַמענפאָר.

אויך די פוילישע רעאַקציע האָט זיך פאַרשטאַרקט. דער אַנטיסעמיטיזם האָט אַרומגענומען ברייטע קרייזן פון דער פוילישער געזעלשאַפט. אפילו געוועזענע „פּראָגרעסיסטן" האָבן זיך דערקלערט קעגן יידן און אַ נאָמען געגעבן זייער ריכטונג „פּראָגרעסיווער אַנטיסעמיטיזם".

סימנים פון אַ וואַקסנדיקער אַנטיסעמיטישער כוואַליע האָט מען שוין סיגנאַליזירט ביים אָנהויב פון דער רעוואָלוציע פון 1905 בכלל און בעת די וואַלן צו דער ערשטער דומע בפרט. די סתירה צווישן דעם נאַציאָנאַל־באַפרייענדיקן לאָזונג פון דער רעוואָלוציע פאַרן פוילישן קליינבירגערטום און צווישן דעם סאָציאַל־באַפרייענדיקן לאָזונג פון די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן אין פוילן — האָט געבראַכט צו אַזאַ שאַרפן קאָנפליקט, וואָס פוילן האָט קיין מאָל נישט געזען. די פאַרשטאַרקונג פונם פּאָליטישן לעבן האָט די פּוילישע יידן געבראַכט נענטער צו די אַלרוסישע פּראָבלעמען, — און דאָס איז אין פוילן באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מאַניפעסטאַציע פון „פּאָליטישער רוסיפיקאַציע". דעמאָלט איז אויך אויפגעקומען די פראַגע פון די אַזוי־גערופענע „ליטוואַקעס", וואָס הגם זיי האָבן זיך געפונען אין לאַנד זינט 1882 און 1891, דאָך איז דאָס „פּראָבלעם" ביז איצט נישט באַרירט געוואָרן. בעת דער רעוואָלוציע און די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד זיינען קיין פוילן אָנגעלאָפן זייער אַ סך יידן פון רוסלאַנד. אַ טייל פון זיי זיינען געבליבן אין לאַנד אַ קורצע צייט און עמיגרירט קיין אַמעריקע, אָבער דער גרעסטער טייל האָט זיך באַזעצט אין פוילן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן באַשולדיקונגען, אַז די „ליטוואַקעס" ווילן רוסיפיצירן פוילן. דאָס האָט שטאַרק געהויבן די אַנטיסעמיטישע טעמפעראַטור, וואָס איז אָן דעם געווען גענוג הויך.

די אינטערווענץ אין דער רוסישער ליבעראַלער פּרעסע האָט נאָך מער אויפגערייצט די פוילישע געזעלשאַפט. די פוילישע פּרעסע האָט באַטראַכט די דאָזיקע אינטערווענץ ווי דאָס אַריינמישן זיך אין די „אינערלעכע" ענינים פון פוילן.

אין פוילן פאַרשטאַרקט זיך די באַוועגונג פאַר נאַציאָנאַליזירן דעם האַנדל און אינדוסטריע. די פּוילישע אינטעליגענץ נעמט זיך שאַפן נייע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס. אין 1910 שאַפן זיך שולן פאַר אַגריקולטור, מילך־ווירטשאַפט אאַז"וו. די פוילישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג וואַקסט און טראָגט זיך איבער אין די שטעט. דער אַנטי־סאָציאַליזם נעמט אָן אַ פּראָ־קאַטוילישן כאַראַקטער. צווישן דער אַסימילירטער יידישער יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלה. אין די יאָרן 1908—1912 האָבן זיך אין פוילן געשמדט עטלעכע טויזנט יידן. די פּראַגע פוילישקייט און יידישקייט האָט אויפגעהערט צו זיין אַן ענין פאַר דיסקוסיעס; עס האָט שוין אָנגערירט די עקזיסטענץ פון אַ סך יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין די „פרייע פּראָפעסיעס", וואו אויך דער פּאָליאַק איז געווען אַ טייל פון דער קליענטור.

אין 1909 איז די צאָל משומדים געווען אַזוי גרויס, אַז ווען עס איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן איינפירן נאַציאָנאַלע קוריעס פאַר די וואַלן אין דער דומע, האָט די פוילישע פּרעסע געפאָדערט, אַז די משומדים זאָלן אַריינגענומען ווערן אין דער יידישער קוריע, ווייל זייער צאָל איז צו גרויס און זיי קענען נאָך באַאיינפלוסן די פוילישע קוריע.

אין 1910 האָט שוין אַזאַ הייסער אַסימילאַטאָר ווי אַנדזשיי בוימפעלד געהאַט דעם מוט צו פאָרמולירן, אַז די אַלטע טעאָריע פון אַסימילאַציע איז באַנקראָט. „ייד־פּאָליאַק איז אַן אומזין; אָדער מען איז אַ ייד, אָדער מען איז אַ פּאָליאַק. די פוילישע קולטור איז נישט סתם פּויליש, זי איז קודם־כל אַ קאַטוילישע קולטור".

דעם קאַטוילישן כאַראַקטער פון דער פוילישער קולטור האָבן אָנגעהויבן אונטערשטרייכן אַ סך „ליבעראַלע" פּאָליאַקן. מען האָט אויפגעלעבט דעם „ראַסן־פאָלקס־סאָציאַליזם" פון יאַן פּאָפּלאַווסקי, וועלכער האָט אין די 90ער יאָרן פון 19טן י"ה גערופן די פוילישע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ צו בלייבן געטריי דעם קאַטאָליציזם, ווייל „מאָסקווע איז קעגן רוים און ממילא איז אונזער שוץ נישט אין מאָסקווע". די דאָזיקע אידעאָלאָגישע רעוויזיע האָט גורם געווען, אַז אין יענע יאָרן האָט זיך באַוויזן דער יידישער

זעלבסט־האַסער, וואָס האָט אין דער פּוילישער פּרעסע געפונען אַ וואַרימען קבלת־פּנים. די אַסימילאַטאָרן האָבן פאַרטיידיקט דעם נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישן שטאַנדפּונקט, אַז די פּוילישע שטעטלעך זיינען צו יידיש — און דעריבער, וואָלט געווען אַן „אומיושר", אויב יידן אין פּוילן וואָלטן געהאַט די זעלבע רעכט, וואָס די פּאָליאַקן.

די דאָזיקע רעאַקציע איז געוואַקסן מיט אַזאַ טעמפּאָ, אַז זי האָט פאַרכאַפּט אפילו מענטשן, וואָס זיינען זייער גאַנץ לעבן געשטאַנען אין ליבעראַלן לאַגער. אפילו אַזאַ וועטעראַנקע פון הומאַניזם, ווי עליזאַ אָזשעשקאָוואַ, האָט זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון באַשרענקען יידישע רעכט; אַריבערטראָגנדיק די רוסיש־יידישע באַציאונגען אין גראָדנע — אויף וואַרשע, האָט זי באַשולדיקט די „ליטוואַקעס" אין רוסיפיצירן פּוילן.

עס איז געווען אַן אַטמאָספערע פון אַ מלחמה, וועלכע איינער פון די פּובליציסטן, הגם אַליין אַ משומד (לעאָ בעלמאָנט), האָט אָנגערופן „מאָראַלישע מאָביליזאַציע צו אַ פּיזישן פּאָגראָם".

דער עלטסטער פּוילישער זשורנאַל, די קאָנסערוואַטיווע „ביבליאָטעקאַ וואַרשאַווסקאַ", וואָס איז געשאַפן געוואָרן אַדאַנק דער ברייטער שטיצע פון דער יידישער פּלוטאָקראַטיע, האָט די יידיש־פּוילישע באַציאונגען כאַראַקטעריזירט אין פאָלגנדיקע ווערטער: „ווען עס וואָלט עמיצן געגאַנגען אין דעפינירן אין איין וואָרט די שטימונגען פון דער איבערוויגנדיקער מערהייט פון דער היינטיקער פּוילישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג לגבי דער יידן־פראַגע, וואָלטן מיר די דאָזיקע שטימונג אָנגערופן אַנטיסעמיטישע". (באַנד 3, 1912, זייט 391).

די פּראָלעטאַרישע און פּראָגרעסיווע ריכטונגען האָבן די דאָזיקע פּאָגראָם־שטימונג באַקעמפט און אָנגעוויזן די אמע וואָרצלען פונם ברויזנדיקן אַנטיסעמיטיזם. אָבער אַ טייל אַרבעטער־פּאָליאַקן זיינען אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פונם דאָזיקן אַנטיסעמיטיזם. דער „נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַראיין" האָט אָנגעהויבן וואַקסן אויפן חשבון פון די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

די דאָזיקע שטימונגען זיינען געווען בולט ערב די וואַלן צו דער פערטער דומע, וועלכע האָבן די אַנטיסעמיטישע אַטמאָספערע געמאַכט נאָך געדיכטער און דערהויבן צו אַ סיסטעמאַטישער באָיקאָט־אַקציע קעגן יידן. דעמאָלט האָבן די יידישע וויילער אין וואַרשע, האָבנדיק אַ מערהייט אין דער „וואַל־קאַמער", אויסגעוויילט אַ פּוילישן אַרבעטער, דעם סאָציאַליסט יעזשי יאגעלאָ: דער קאַנדידאַט פון די פּוילישע פּאַרטייען, וואָס זיינען געווען נישט איינשטימיק מיט די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטן, דער היסטאָריקער יאַן קוכאַזשעווסקי האָט אויך קוועסטיאָנירט די יידישע פּאָדערונגען פון גלייכע רעכט.

„דאָס איז געווען אַ פונק, וואָס איז געפאַלן אויף פּולווער, פון פריער שוין צוגעגרייט" — שרייבט וועגן דאָזיקן אינצידענט אַ היסטאָריקער פון פּוילישן פּאָליטישן געדאַנק.

די אַנטי־יידישע וואַקכאַנאַליע האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ „נאַציאָנאַלער מלחמה" קעגן יידן. דער אַקט פון אויסקלייבן פאַר אַ דעפּוטאַט אַן „אינטערנאַציאָנאַליסט", אין האַרצן פון פּוילן, איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מלחמה־אַרויסרוף מצד די יידן.

אין דער „דומע" זיינען די פּוילישע דעפּוטאַטן אַרויס מיט אַ פּאָדערונג צו באַגרעניצן די יידישע רעכט אין דער געפּלאַנטער שטאָטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג. איינציקע אַסימילאַטאָרן פון אַלטן דור האָבן געבעטן די יידן איינגיין אויף דעם... די יונגע אַסימילאַטאָרן האָבן געשאַפן אַן אָפּאָזיציע און זיך אָרגאַניזירט אין אַ גרופּע פון „נעאָ־אַסימילאַטאָרן"; זיי האָבן פאַרטיידיקט די רעכט פונם יידן נישט צו זיין אַן... אַסימילאַטאָר. די יחידים, וואָס האָבן געהאַט דעם מוט זיך אַנטקעגנצושטעלן דער באָיקאָט־העצע, זיינען פאַרשריגן געוואָרן, ווי „יידישע משרתים".

לודוויק קזשיוויצקי, אַן אַלטער וועטעראַן פון ליבעראַלן לאַגער, האָט געשריבן: די פּאָליאַקן־באָיקאָטירער פילן אויס די צוואה פון פּלעווען, וועלכער האָט תמיד געטענהט, אַז ווען פּאָליאַקן וועלן זיך אַרומשלאָגן מיט די יידן, וועלן אַלע באַוועגונגען אין פּוילן פון זיך אַליין אויסשטאַרבן און נאָר אַ ראַסן־מלחמה וועט בלייבן.

די יידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען האָבן געפירט אַן אויפקלערונג־אַרבעט צווישן די פּוילישע אַרבעטער קעגן דעם אַנטיסעמיטישן קורס. אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט דער אַרטיקל פון פירער פון „בונד" בראָניסלאַוו גראָסער, וואָס איז געווען געדרוקט אינם פּוילישן סאָציאַליסטישן זשורנאַל „וויעדזאַ" (וויסן), אין וועלכן ער האָט פאַרטיידיקט די רעכט פון דער יידישער פאָלקס־מאַסע אויף אַ באַזונדער קולטור־נאַציאָנאַלן לעבן אין פּוילן.

אויף דער ווינער זעקסטער קאָנפערענץ פון דער „רוסלענדישער פּאַרטיי פּועלי ציון" איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס — זיך צו ווענדן צו די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און אָנווייזן „אַז זייער נעגאַטיווע באַציאונג צו די נאַציאָנאַלע באַדערפענישן פון די יידישע פּראָלעטאַריער גרייט צו צווישן דער פּוילישער אַרבעטערשאַפט אַ גינציקן באָדן פאַר דער באָיקאָט־אַגיטאַציע".

פאַרטשאַדעט פון דער מלחמה פון פּוילישן קליינבירגערטום קעגן דעם יידישן קרעמער און בעל־מלאכה (די יידישע בורזשואַזיע האָט זייער ווינציק געליטן

פון דעם באַיקאָט) האָט מען נישט באַמערקט, ווי ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך באַוויזן סימנים פון אַ נייעם אויפשטייג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פונם אַלגעמיינעם אינדוסטריעלן אויפשטייג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מערקן אין 1912 און איז געוואַקסן טראָץ דעם, וואָס ער איז געווען באַגלייט פון וואָלקנס, וואָס האָבן אָנגעוויזן אַז עס רוקט זיך אָן אַן אינטערנאַציאָנאַלער שטורעם.

קודם־כל האָט וואַרשע געזען אין מאַי 1912 אַ ריזיקע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך זייער שטאַרק באַטייליקט. די יידישע אַרבעטער־יוגנט אין פוילן האָט זיך אויפסניי אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן. דעם 26טן יולי 1910 איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „צוקונפט”. פון אַ ריי אַנדערע גרופּעס פון יוגנטלעכע איז געשאַפן געוואָרן (דעם 1טן מאַי 1911) דער „פאַרבאַנד פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־יונגט”, וואָס האָט זיך שפּעטער פאַראייניקט מיט דער „צוקונפט”. די טעטיקייט פון דאָזיקן פאַרבאַנד האָט זיך אַזוי פאַרצווייגט, אַז ביי דער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין נאָוועמבער 1911, ד"ה פיר חדשים שפּעטער, האָט מען שוין געקענט באַריכטן וועגן דורכגעפירטע לעקציעס, מיטינגען און אַנדערע אַקטיוויטעטן.

ווי אַ מין אָנזאָג פון די אָנקומענדיקע געשעענישן, האָט די פערטע קאָנפערענץ פון די יוגנטלעכע סאָציאַליסטן אָנגענומען אַ רעזאָלוציע קעגן מיליטאַריזם, מלחמה און קעגן דער אַנטיסעמיטישער העצע, וואָס איז געפירט געוואָרן אין פוילן.

דעם 4טן מערץ 1912 האָט די פּאָליציי אַרעסטירט די הויפּט־טוער פון דער „צוקונפט”־אָרגאַניזאַציע. דאָך זיינען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה פאָרגעקומען ווייטערדיקע צוויי קאָנפערענצן און די אַרבעט איז פאָרגעזעצט געוואָרן.

אין סעפּטעמבער 1913 האָט וואַרשע געזען אַ פּראָטעסט־סטרייק פון איבער 20,000 יידישע אַרבעטער, וועלכער איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דורכן צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד”, ווי אַן ענטפער אויף דעם ביילים־פּראָצעס, וואָס דער צאַרישער רעזשים האָט אינסצעניזירט אין קיעוו.

פּאַראַלעל מיטן דאָזיקן פּראָצעס האָבן די פּוילישע פּאַטריאָטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געווען פאַראייניקט אין דער „פּאַרטיי פון קאָנפעדערירטע אומאָפּהענגיקע ריכטונגען” — אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, פּראָטעסטירנדיק קעגן דער אַנטיסעמיטישע העצע, ווייל זי שטערט דעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג. אין דער דאָזיקער דעקלאַראַציע זאָגן די קאָנפעדערירטע פּאַרטייען, אַז אין „פרייען פוילן וועט צעבראָכן ווערן דער ביישפּיל פון רוסלאַנד און די ווירקונג פון דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע, און אין דער זון־ליכטיקייט פון גלייכע בירגער־רעכט וועלן די יידן שנעלער רייף ווערן פאַר גלייכע פּאַטריאָטישע פליכטן; און אין דער ענדלעכער איבערבויאונג פון לאַנד וועט זיך געפינען גענוג פּלאַץ כדי אויסצונוצן די כוחות פון אַלע”.

אין אָט דער פאַזע פון דער יידן־פראַגע אין קאָנגרעס־פוילן — האָט זיך אָנגערוקט די ערשטע וועלט־מלחמה.

# אַ ביבליאָגראַפישער נאָכוואָרט

די דאָזיקע אַרבעט איז באַזירט אויף דרייסיק יאָר סיסטעמאַטישער אַרבעט וועגן די יידן אין פוילן. אָנגעבן אַ פולע ביבליאָגראַפיע פון ניט־געדרוקטן און געדרוקטן מאַטעריאַל, מיט וועלכן איך האָב זיך באַנוצט, וואָלט געמיינט אָנשרייבן אַ קאַפיטל, וואָס וואָלט פאַרנומען זייער אַ סך פלאַץ. עס איז גענוג אָנצואווייזן, אַז די צאָל פון ביבליאָגראַפישע פּאָזיציעס וואָלט אי־בערגעשטיגן 600 טיטלען. דער פאַכמענישער לייענער וועט זיכער קענען פעסטשטעלן די מקורים, מיט וועלכע איך האָב זיך באַנוצט. אין אייניקע פאַלן, דאָרט וואו אַ געוויסער פרט איז נײַ און אויסטערליש, ווערט דער מקור דערמאָנט אין טעקסט גופא.

איך האָב אויסגענוצט די וויכטיקסטע פוילישע, העברעאישע און רוסישע צייטונגען און זשורנאַלן, כמעט די גאַנצע מעמואַרן־ און רייזע־ליטעראַטור וועגן פוילן און די וויכטיקסטע מאָנאָגראַפיעס. די קאַפּיטלען וועגן 1831, וועגן דער פאַסקעוויטש־תקופה, וועגן 1863 און וועגן יידן אין וואַרשע אין די יאָרן 1881—1914 זיינען געשריבן לויט אַרכיוו־מאַטעריאַלן.

די דאָזיקע מאַטעריאַלן האָב איך געפונען אין די פאָלגנדיקע אַרכיוון: טשאַרטאָריסקי־אַרכיוו אין קראָקע, אַרכיוו פון אַלטע אַקטן אין וואַרשע, אַרכיוו פון בילדונג־קוראַטאָר ביים וואַרשעווער אוניווערסי־טעט, פריוואַטע אַרכיוון פון די משפחות בלאָך, טעפליץ און נוסבוים אין וואַרשע, די זאַמלונגען פון דער סי־נאַגאָגע־ביבליאָטעק אין וואַרשע. אַ גרויסן טייל פון זעלטענע שריפטן און אויך אַרכיוו־דאָקומענטן האָב איך אויסגענוצט פון מיינע אייגענע זאַמלונגען, אויך די זאַמלונגען פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע און שפּעטער אין ניו־יאָרק זיינען אויסגע־נוצט געוואָרן אין דער דאָזיקער אַרבעט.

די ביבליאָגראַפיעס פאַר פוילישער געשיכטע פון פינקל, באַלאַבאַן, עסטרייכער, מאַלישעווסקי, מינצלאָוו, טישאָווסקי, באָכולסקאַ (אין כתב־יד) זיינען אויס־גענוצט געוואָרן, כדי אויסגעפינען די געדרוקטע מאַ־טעריאַלן וועגן דעם ענין. אין אייניקע פרטים איז מיר געלונגען אויסנוצן גאָר אַ הויכן פּראָצענט פון גע־דרוקטע מאַטעריאַלן. אַזוי, למשל, איז מיר געלונגען דורכשטודירן פולשטענדיקע קאָמפּלעטן פון אַזעלכע פעריאָדישע שריפטן ווי „קוריער וואַרשאַווסקי", „איז־ראַעליטאַ", „הצפירה", „וואָסכאָד". די מעמואַרן־לי־טעראַטור און די רייזע־באַשרייבונגען וועגן פוילן, וואו עס געפינט זיך אַן אוצר מיט ידיעות וועגן דעם יידישן לעבן אין פוילן — איז מיר געלונגען צו זען און אויסנוצן איבער אַכציק פּראָצענט פון דעם, וואָס איז געווען געדרוקט כמעט אין אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכן.

די גאַנצע אַרבעט איז אַ סינטעז פון דעם ריזיקן מאַטעריאַל, וואָס איך האָב אָנגעזאַמלט וועגן דעם ענין. דערפאַר האָב איך געמוזט אַ סך ענינים אָדער נאָר דערמאָנען, אָדער אינגאַנצן פאַרשווייגן. געוויסע קאַ־פּיטלען פון יידישער געשיכטע, ווי אַרבעטער־באַוועגונג, למשל, פאַרדינען אַ סך אַן אויספירלעכע אָפּהאַנד־לונג, ווי די וואָס איך האָב געקענט געבן אין די ראַמען, וואָס די רעדאַקציע האָט געשטעלט אין מיין רשות. אַ גרויסע צאָל קוועלן זיינען געווען מיינע אַרבעטן גופא. זיי זיינען אַלע אָנגעגעבן אין דער ביבליאָגראַפיע פון מיינע אַרבעטן, וואָס עס האָבן צו־זאַמענגעשטעלט מנשה אונגער און מרדכי קאָסאָווער, און וואָס דער אַמעריקאַנער אָפּטייל פון ייוואָ האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1938.

אַ סך יידישע קוועלן ווערן דערמאָנט אין דער ביבליאָגראַפיע פון די אויסגאַבעס פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, וואָס זענען דערשינען אין ניו־יאָרק אין 1943.

# אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

(1914—1918)

פון וויקטאָר שולמאַן

# אינהאַלט

# יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און דייטשער אָקופּאַציע

## 1918—1914

### אַ ר י י נ פ י ר



די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און ערשטער דייטשער אָקופּאַציע זיינען פאַר די יידן אין פוילן געווען יאָרן פון שווערע ליידן, פון גרויסע נסיונות; עס האָבן זיך קאַטאַסטראָפאַל געענדערט די ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן, עס האָט אָפטמאָל געדראָט אומקום גאַנצע איינגעפונדעוועטע ישובים. און פונדעסטוועגן האָבן די יידן אין פוילן ביי אַזעלכע שווערע באַדינגונגען אַנטוויקלט אין יענעם צייט־פּעריאָד אַ ברייט־פאַרצווייגטע נאַציאָנאַל־ און סאָציאַל־שעפערישע טעטיקייט, וועלכע האָט גורם געווען די טיפסטע ענדערונגען אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן.

דאָס לאַנד האָט זיך באַפרייט פונם יאָך פון דער צאַרישער הערשאַפט, וואָס האָט העכער הונדערט יאָר געפרעסט און געדריקט און נישט געלאָזט קיין שום געזעלשאַפטלעכן כוח צו קומען אויפן אויבערפלאַך. יעטוועדע שפּראָצונג פון געזעלשאַפטלעכער איניציאַטיוו, די מינדסטע אַנטפּלעקונג פון אַ געזעלשאַפטלעכער זעלבסט־טעטיקייט פלעגט דערשטיקט ווערן. ווי אַ פעלזנפעסטע דאַמבע האָט דער פאַרשאָלטענער רעזשים געהאַמעוועט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, וואָס האָט זיך געריסן אויף די וועגן פון נאַציאָנאַלן, פּאָליטישן און קולטורעלן רענעסאַנס.

די יידישע מאַסן פון פוילן זיינען אין הינזיכט פון פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער רעכטלאָזיקייט געווען „אויסגעגלייכט" מיט די די פוילישע; זיי האָבן אָבער ספּעציעל געליטן פון דער ספּעציפישער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון צאַרישן רעזשים, געטראָגן אויף זיך די משא פון ספּעציפישע מיטלאַלטערלעכע באַגרענעצונגען, מיט אַ פאַרברייטערטן געטאָ דערצו — דעם טרויעריק באַרימטן תחום־המושב.

און אָט איז די דאַמבע אויפגעריסן געוואָרן, אמת, דורך אַ פרעמדער מיליטערישער קראַפט, אָבער דאָך האָבן זיך געעפנט וועגן פאַר מער־ווייניקער פרייער געזעלשאַפטלעכער ענערגיע, וואָס איז ביז איצט געווען דערשטיקט אונטער דער ערד; עס האָבן זיך געשאַפן מעגלעכקייטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון ברייטער געזעלשאַפטלעכער איניציאַטיוו. אמת, אין די באַדינגונגען פון מלחמה און מיליטערישער אָקופּאַציע זיינען די ניי־געעפנטע וועגן, די ניי־געשאַפענע מעגלעכקייטן געווען פאַרשטעלט מיט פאַרצוימונגען און באַגרענעצונגען; דערצו נאָך האָט די געשאַפענע דורך דער מלחמה ווירטשאַפטלעכע דעפּרעסיע געהאַמעוועט די אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון די נייע לעבנס־פאָרמען; אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע שטערונגען האָבן זיך פאַנאַנדערגעברויזט די כוואַליעס פון די נייע לעבנס־שטראָמען, זיי האָבן אַראָפּגעריסן די דאַמבעס, אַראָפּגעטראָגן די פאַרצוימונגען און אויף די חורבות פון דער מלחמה האָבן גענומען אויפקומען שפּראָצונגען פון אַ נייעם רענעסאַנס.



מיט אַ ברייטן שוואונג איז אַוועק דאָס פּוילישע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן; מען האָט מיט גרויס אייפער גענומען לייגן די יסודות פון דער שפּעטערדיקער ווידער־געבוירענער אומאָפּהענגיקער מלוכה. עס זיינען אַנטשטאַנען און גענומען זיך אַנטוויקלען נייע פּאָליטישע ריכטונגען, נייע פּאָליטישע אָריענטאַציעס; עס האָבן זיך פאַרשאַרפט די מיינונגס־פאַרשידנקייטן צווישן די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע כוחות וועגן די פאָרמען פון דער ניי־אויפקומענדיקער מלוכה און די מיטלען, מיט וועלכע זי דאַרף אויפגעבויט ווערן. נייע קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען זיינען אַנטשטאַנען — נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע, פּאָליטישע און סאָציאַלע.

אין אַזאַ פאַרוויקלטער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער סיטואַציע האָט געדאַרפט ווירקן דאָס יידישע פאָלק, וואָס איז אין משך פון יאָרהונדערטער געווען איינגעגלידערט אין עקאָנאָמישן אָרגאַניזם פון פוילן, מיט טויזנטער פעדים געווען מיט אָט דעם לאַנד פאַרקניפּט און געבונדן. שאַרף אָנגעשטרענגט זיינען געווען די פּויליש־יידישע באַציאונגען נאָך פון פאַר דער מלחמה. אויפן פאָן פון די אַלגעמיינע צאַרישע דיסקרימינאַציעס און רדיפות האָט נאָך דאָ געווילדעוועט דער געזעלשאַפטלעכער אַנטיסעמיטיזם, דער עקאָנאָמישער באָיקאָט; בעת דער מלחמה איז די אַטמאָספער נאָך מער פאַרגיפטעט געוואָרן מיטן סם פון אַ מוראדיקער שפּיאָנאַזש־העצע קעגן יידן. אין דער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעך פאַרוויקלטער און פּסיכאָלאָגיש זייער שווערער אַטמאָספער איז די יידן אויסגעקומען, אין די ראַמען פון דער ניי־אַנטשטייענדיקער פּוילישער מלוכה, צו פאַנאַנדערבויען זייער אייגענעם נאַציאָנאַל־קולטורעלן לעבן, שאַפן זייערע אייגענע אינסטיטוציעס פאַרן דאָזיקן פאַנאַנדערבוי.

פאַרפעסטיקן זייערע אַלטע און שאַפן נייע ווירטשאַפטלעכע באַזעס פאַר זייער קיום.

פּאָליטיש איז דאָס יידישע לעבן געוואָרן שטאַרק דיפערענצירט; עס האָבן גענומען זיך אויסקריסטאַליזירן פּאַרטייען, ריכטונגען, אידייאישע שטרעמונגען. פּאָליטישע פּאַרטייען, וועלכע האָבן פריער געהאַט זייער אַ באַגרענעצטע ווירקונגס־ספערע צוליבן כאַראַקטער פון זייער אונטערערדישער טעטיקייט, זיינען איצטער אַרויס אויפן אויבערפלאַך, גענומען פּאַנאַנדערוויקלען אין אַ ברייטן פאַרנעם זייערע פּאָסטולאַטן און מאָביליזירן מאַסן צום קאַמף פאַר זייער פאַרווירקלעכונג. געזעלשאַפטלעכע ריכטונגען, וועלכע האָבן פריער וועגעטירט סיי צוליב די פּאָליטישע באַדינגונגען פון צאַרישן רעזשים, סיי צוליב זייער אייגענער בלוטאָרימקייט און מאַנגל פון אַקטיווקייט, — זיינען איצט אויפגעשטאַנען תחית המתים און גענומען פאָדערן פאַר זיך אַ פּלאַץ ביים פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן טיש.

די יידישע אָרטאָדאָקסיע, וואָס האָט ביז איצט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ צעשטויבטע פאַנאַטיש־רעליגיעזע מאַסע, וואָס איז בלינד געהאָרכזאַם געגאַנגען נאָך אירע רבייִם און צדיקים — האָט זיך איצט צעמענטירט אין איר אייגענער אָרגאַניזאַציע, מיט אירע ספּעציעלע פּאָסטולאַטן און אַספּיראַציעס, מיט אירע אייגענע אינסטיטוציעס און פּרעסע; זי האָט זיך אויספאָרמירט אין אַ פּאָליטישן כוח, געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אינם יידישן פּאָליטישן לעבן, האָט אויסגעברייטערט איר ווירקונג אויך אויפן שטח פון דער אַלגעמיינער פּאָליטיק פון לאַנד.

דאָס יידישע קליינבירגערטום — די קליינע בעל־מלאכות, האַנטווערקער, קרעמער, קליינהענדלער, וואָס האָבן פריער געבילדעט אַ פאָרמלאָזע מאַסע, נישט פאַרמאָגט קיין שום אָרגאַניזאַציעס, האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט אין עולם התוהו פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, און זיך געפּלאָנטערט צווישן די מער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעך רייפע, מער אויספאָרמירטע שיכטן, — האָבן איצט אויסגעבילדעט זייער אייגענע פאָלקס־פּאַרטיי, פּראָקלאַמירט זייערע אייגענע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פּאָסטולאַטן, אויספאָרמירט זייערע צענטראַלע און לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס, געשאַפן זייער אייגענע פּרעסע, אַרויסגערוקט וואָרט־זאָגער, געפירט אַן אָרגאַניזירטן קאַמף פאַר פאַרפעסטיקן און אויסברייטערן זייערע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס.

דער יידישער אַרבעטער־קלאַס, וואָס זיינע פאַרטייער, מיטן „בונד" בראש, האָבן געמוזט זיין איינגעשרומפּן אין די שמאָלע ד' אמות פון דער אונטערערדישער אומלעגאַלער טעטיקייט, — האָט איצט ברייט צעשפּרייט זיינע פליגלען. ער האָט געהאַט פאַר זיך צו לייזן זיינע קלאַסן־פּראָבלעמען, סיי אינעווייניקסטע, אין לאָקאַלן, סיי אויסערלעכע — אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב: פּראָבלעמען פון מלחמה און שלום, פּאַטריאָטיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם, אויפבוי פון אַ נייעם אינטערנאַציאָנאַל; פּראָבלעמען פון קאָמונאַלער פאַרוואַלטונג, אויפבוי פון אַ ניי פּוילן. ווי אַ טייל פון יידישן פאָלק האָט דער יידישער אַרבעטער געדאַרפט פון זיין קלאַסן־שטאַנדפּונקט פאַרנעמען אַ שטעלונג צו די אַקטועל־צאַפּלדיקע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען מיט זייער גאַנצער שאַרפקייט און פאַרנעם: יידישע שפּראַך, יידישע שול, יידישע קהילה, קולטור־אויפבוי, ציוניזם, קלעריקאַליזם אאַז״וו.

מיט די אַלע פּראָבלעמען האָט געברויזט דאָס לעבן. איז דאָך געווען אַ צייט, ווען אין דער אַטמאָספער האָבן זיך געטראָגן די לאָזונגען פון פעלקערבאַפרייאונג, צוליב וואָס די דעמאָלטיקע מלוכות האָבן כלומרשט געפירט די מלחמה. מען האָט זיך געדאַרפט גרייטן צו בויען אַ פריי לעבן פון פרייע פעלקער. ווי דער מער אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער כוח אינם יידישן לעבן, וועלכער האָט געהאַט הינטער זיך אַ טראַדיציע פון פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער און אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט, — האָט דער יידישער אַרבעטער־קלאַס אַרויפגעוואָרפן אויפן וואָג־שאָל פון די געשעענישן זיין גאַנצן אימפּעט, זיין גאַנצע אָפּפערוויליקייט, דעם גאַנצן סכום פון זיין גייסטיקער און פּראַקטישער דערפאַרונג.

די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט האָט פאַרלייגט אַ נעץ פון פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע, קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, געשאַפן איר אייגענע פּרעסע, געלאָזט הערן איר שטים און געפונען אַ ברייטן אָפּקלאַנג נישט בלויז ביי די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, נאָר אויך אין דעם גאַנצן אַרומיקן לעבן.

דער דיפערענצירונג־פּראָצעס איז אַוועק נישט בלויז אויפן פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן געביט; אויך אויפן אָפּשניט פון קולטור־טעטיקייט איז במשך פון יענעם שווערן צייט־פּעריאָד פאָרגעקומען אַ טיפגרייכנדיקע, ברייט־פאַרצווייגטע דיפערענצירונג. ווי אַ שפּרודלדיקער קוואַל האָבן גענומען שלאָגן די ביז איצט פאַרבאָרגענע און דרימלענדיקע גייסטיקע כוחות, און אַלע שיכטן האָבן זיך גענומען בויען זייערע אייגענע קולטור־אינסטיטוציעס, שאַפן זייערע אייגענע קולטור־פאָרמען פאַר יענע קולטור־ווערטן, וואָס האָבן אַנטשפּראָכן זייערע בליקן אויפן יידישן לעבן און אויף דעם מהות פון יידישער קולטור־שאַפונג.

עס האָט זיך פאַרפעסטיקט און ברייט זיך פאַרשפּרייט דער יידישיזם, יענער בולטער אויסדרוק פון די קולטור־באַדערפענישן און קולטור־אַספּיראַציעס פון די ברייטסטע יידישע פאָלקס־מאַסן, פון זייער היסטאָרישן וואָג און געוואַלדיקן באַטייט אין יידישן לעבן. אפילו די עקסטרעמסטע אַסימילאַטאָרן, וואָס האָבן

מיט פאַראַכטונג זיך באַצויגן צום „מיאוסן זשאַרגאָן",
זיינען געווען געצוואונגען צו גיין מיטן שטראָם פון
דער צייט און מאַכן געוויסע קאָנצעסיעס דעם יידי־
שיזם, אָנערקענען זיין חשיבות אינם יידישן לעבן;
און פונקט אַזוי האָבן זיי געמוזט קריגן אַכטונג צו
זיינע טרעגער — די ברייטסטע יידישע מאַסן מיט
זייערע אידעאָלאָגיעס (בונדיזם, פאָלקיזם). דער קעמ־
פערישער יידישיזם האָט מיט גרויס אימפעט פאַר־
לייגט אַ נעץ פון יידישיסטישע קולטור־אינסטיטוציעס
— שולן, קינדער־גערטנער, ביבליאָטעקן, קלובן;
געפירט קאַמפּאַניעס, דערלאַנגט דער געהעריקער
מאַכט פעטיציעס וועגן איינפירן פאַר יידן מלוכה־
שולן מיט יידישער לערן־שפּראַך. ס'האָט זיך שטאַר־
קער אַנטוויקלט די פּרעסע אויף יידיש, און זי איז
אַריינגעדרונגען אין אַלע ווינקעלעך און געסלעך פון
די יידישע שטעט און שטעטלעך און איז געוואָרן אַ
באַדייטנדיקער קולטור־פאַקטאָר, אַ וויכטיקער אינ־
סטרומענט אינם קאַמף פון די יידישע מאַסן פאַר אַ
שענערן לעבן. אויך די אָרטאָדאָקסן האָבן פון זייער
זייט פאַקטיש מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון
יידיש־קולטור, זייענדיק ענג פאַרבונדן מיט די פאָלקס־
טימלעכע מאַסן און פירנדיק צוליב דעם זייער גאַנצע
טעטיקייט צווישן זיי אויף יידיש; הגם זיי האָבן זיך
באַזירט אויף גאָר אַן אַנדער אידעאָלאָגיע ווי אַ גרוי־
סער טייל פון די א. ג. וועלטלעכע יידישיסטן, האָבן זיי
אָבער באַנוצט דעם זעלבן אינסטרומענט, די זעלבע
אויסערלעכע פאָרם, פאַר ווייט אַן אַנדערן אינהאַלט.

טריי די טיף איינגעוואָרצלטע רעליגיעזע טראַ־
דיציעס און דער געשיכטלעכער ראָל פון דער יידי־
שער רעליגיע, האָבן די אָרטאָדאָקסן מיט אַ פאַנאַ־
טישן ברען גענומען שטרעבן אַרויפצולייגן אַ רע־
ליגיעזן שטעמפּל אויפן גאַנצן אַרום, מאַכן די רע־
ליגיע פאַר דעם איינציקן פאַקטאָר, וואָס פירט אָן
און רעגולירט דאָס גאַנצע יידישע לעבן. זיי האָבן
געשאַפן אַ ברייט־פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציע „אגודת
ישראל"; האָבנדיק דעם ענגן קאָנטאַקט מיט די רע־
ליגיעזע מאַסן, איז די אָרטאָדאָקסן אָפּטמאָל געלונגען
צו פאַרלייגן נייע רעליגיעזע אינסטיטוציעס אין די
רעכטע געדיכטענישן פון יידישן מאַסן־לעבן. לויט
די מוסטער־פאָרמען פון די וועלטלעכע שיכטן און
ריכטונגען, האָט די אָרטאָדאָקסיע געשאַפן אירע שולן,
ביבליאָטעקן, קלובן, חברות, אָנפילנדיק זיי מיטן
גייסט פון רעליגיע און טראַדיציע. די רעליגיעזע
קולטור, וואָס האָט פריער זיך אויסגעפורעמט בלויז
אין די תפילה־שטיבלעך און בתי־מדרשים, האָט איצט
זיך ווייט אויסגעברייטערט, איז אַרויס אויפן ברייטן
שליאַך פון מאָדערנעם לעבן, אָננעמענדיק פיל נייע
פאָרמען, אָבער בלייבנדיק טיף טריי דעם אַלטן מהות,
דעם אַלטן אינהאַלט.

דער ציוניזם אין פוילן, וואָס האָט פאַר דער
מלחמה — צוליב אַ ריי סיבות, אינערלעכע און אויי־
סערלעכע וויייניק זיך פאַרנומען מיט דער א. ג. „קעגנ־
וואַרט־פּאָליטיק" און מער מיט דער פּראָפּאַגאַנדע פון
דער ציוניסטישער אידייע, מיט פּאָפּולאַריזירן און פאַר־
פעסטיקן די ריין ציוניסטישע אינסטיטוציעס, — האָט
איצט גענומען מאָביליזירן זיינע כוחות אויפן געביט
פון פּאָליטישן קאַמף; אַלע זיינע אָרגאַניזאַציעס און
אַנשטאַלטן זיינען „איבערגרופּירט" געוואָרן צום דאָ־
זיקן קאַמף. ווי אַ פּאָליטישע פּאַרטיי זיינען די ציו־
ניסטן אַרויסגעטראָטן ביי די שטאָט־ראַט־וואַלן, וועל־
כע האָבן ווי אין אַ ברען־גלאָז אָפּגעשפּיגלט די לעבנס־
אינטערעסן — פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע און קול־
טורעלע — פון די יידישע מאַסן און אַרום וועלכע
עס איז דעריבער אָנגעגאַנגען אַ הייסער פּאָליטישער
קאַמף צווישן די פּאַרטייען און ריכטונגען אינם יידישן
לעבן. די ציוניסטן האָבן זיך שטאַרק באַמיט צו שפּילן
אַ דאָמינירנדיקע ראָל אינם דאָזיקן קאַמף, אַרויס־
טרעטנדיק גאַנץ אָפט ווי פאָרשטייער פון גאַנצן יידישן
כלל. די דאָזיקע טאַקטיק איז זיי אָבער נישט געלונ־
גען, אַדאַנק דעם אויסגעוואַקסענעם פּאָליטישן באַ־
וואוסטזיין פון די ברייטע יידישע מאַסן.

אויפן קולטור־אָפּשניט איז ביים ציוניסטישן סעק־
טאָר די דיפערענצירונג אַוועק פונקט אין אַ פאַר־
קערטער ריכטונג, ווי ביי די יידישיסטן און אָרטאָ־
דאָקסן. די העברעאיסטישע אידעאָלאָגיע האָט זיך
פאַרשטאַרקט; דער העברעאיזם, וואָס האָט פריער
מיט זיך פאָרגעשטעלט בלויז איינע פון די פּראָבלע־
מען פון דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַל־ציוניסטישער
אידעאָלאָגיע און איז געווען אַ טעאָרעטישע קאָנ־
צעפּציע, וואָס די ציוניסטן אין פוילן האָבן אין
פּראַקטישן לעבן נישט געפּרואווט אָנווענדן, איז איצ־
טער געוואָרן מער קעמפעריש, אַגרעסיוו, האָט גע־
נומען זיך פאַרמעסטן צו ווערן אַ דאָמינירנדיקער
פאַקטאָר אין יידישן קולטור־לעבן. די ציוניסטן האָבן
געשאַפן אַ נעץ דערציאונג־אַנשטאַלטן — קינדער־
גערטנער, פאָלקס־שולן, אויך אַ מיטלשול — מיט
העברעאיש ווי די לערן־שפּראַך, האָבן געפירט קאַמ־
פּאַניעס, דערלאַנגט פעטיציעס פאַר העברעאיש; אויף
זייערע קאָנפערענצן האָבן זיי אָנגענומען איינשטימי־
קע רעזאָלוציעס וועגן שולן פאַר יידן מיט דער העב־
רעאישער לערן־שפּראַך. זיי האָבן אויף אַזאַ אופן גע־
קרייצט די ברייטע קאַמפּאַניע פון די יידישיסטן פאַר
שולן אין יידיש. פון אַן אינערלעכן קולטור־קאַמף
אין די ראַמען פון יידישן פאָלק גופא, איז דער שטרייט
אַרויסגעטראָגן געוואָרן אין דער אַלגעמיין־מלוכהשער
עפנטלעכקייט. די דאָזיקע ביידע טיילן פון יידישן
פאָלק האָבן מיט רעכט איצט געקוקט אויף זיך ווי
אויף באַרעכטיקטע בירגער פון דער ניי־אַנטשטייענ־
דיקער מלוכה און האָבן געפאָדערט פאַר זיך זייערע

נאַציאָנאַלע רעכט אין דער מלוכה אַזוי ווי יעטוועדער פון זיי האָט דאָס באַנומען.

די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע דיפערענצירונג פונם יידישן לעבן אין פוילן פאַר די פיר יאָר מלחמה און אָקופּאַציע האָט אים צוגעגעבן פיל קאָלאָריט, געמאַכט פאַרבנרייכער, פולבלוטיקער, טעמפּעראַמענטפולער. עס איז געוואַלדיק אויסגעוואַקסן פאַר דער צייט דער פּאָליטישער באַוואוסטזיין פון די יידישע מאַסן, זייער געזעלשאַפטלעכע וואָג און באַטייט. לאָמיר נאָך אונטערשטרייכן, אַז די דעמאָלטיקע נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכע און קולטור־שעפערישע אַרבעט איז אָנגעגאַנגען אין אַן אַטמאָספער פון אַ פיינטלעכן אַרום. יעדער שריט, די מינדסטע איניציאַטיוו האָט אָנגעטראָפן אויף כסדרדיקע שוועריקייטן, האָט געמוזט געמאַכט ווערן ביי אומאויפהערלעכע ראַנגלענישן, האָט געמוזט בייקומען כלערליי מניעות און שטיינער אויפן וועג.

פאַרהאַרטעוועטע אינם קאַמף פאַר זייער ווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן קיום, שטייענדיק מיט מוט און אויסדויער אויף זייערע געשאַפענע און פאַרנומענע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע פּאָזיציעס, זיינען די יידן אין פוילן, נאָך די שווערע פיר יאָר מלחמה, אַנטקעגנגעקומען דעם נייעם עטאַפּ אין זייערע היסטאָרישע אומוואַנדלונגען — דעם אויפקום פון אַ נייער אומאָפּהענגיקער פוילישער מלוכה, וואו עס האָבן זיך אַנטפּלעקט פאַר זיי נייע פּערספּעקטיוון, נייע מעגלעכקייטן און נייע האָפענונגען.

# I. דאָס ערשטע מלחמה־יאָר (1914־15) ערב דער דייטשער אָקופאַציע

## 1. ווירטשאַפטלעכע לאַגע צום אויסברוך פון דער מלחמה



פון אַלע פעלקער, מיט וועלכע יידן זיינען געווען פאַרבונדן אין משך פון זייערע וואַנדערונגען — זיינען פאַליאַקן די יעניקע, מיט וועלכע זיי לעבן צוזאַמען צום לענגסטן.

אין משך פון דורות זיינען יידן געווען אַריינגעוואַקסן אין עקאָנאָמישן אָרגאַניזם פון פוילן און אויסגעפירט אַזעלכע פונקציעס, אָן וועלכע די ווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג פון פוילן אויפן גאַנצן משך פון איר געשיכטע וואָלט געווען אוממעגלעך, אָדער זוייניקסטנס, — אין זייער אַ גרויסער מאָס באַשווערט.

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (יולי 1914) האָט געטראָפן דאָס פוילישע פאָלק (און צוגלייך דערמיט אויך די יידן) איינגעגלידערט אין צוויי ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזמען, צווישן וועלכע פוילן איז געווען צעטיילט (מיר רעדן דאָ נישט וועגן דריטן טייל פון פוילן — פרייסיש־פויזנער קאַנט — צוליב דער נישטיקער צאָל יידן, וואָס ער האָט צו יענער צייט פאַרמאָגט) — רוסלאַנד און עסטרייך־אונגערן. דער רוסישער טייל פון פוילן דאָס א. ג. קאָנגרעס־פוילן, וואָס איז געווען עקאָנאָמיש פאַרבונדן מיטן ריזיקן שטח פון רוסלאַנד — פון באַלטישן ים ביזן פּאַסיפיק, — האָט געהאַט גינסטיקע היסטאָרישע באַדינגונגען פאַר זיין ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. עס איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע אינדוסטריע (לאָדזשער ראַיאָן, ביאַליסטאָקער ראַיאָן און אַנדערע), וועלכע האָט געהאַט פאַר זיך אַ ברייטן און פרייען אָפּזאַץ־מאַרק — דאָס גרויסע רוסלאַנד. צוגלייך מיט דער אינדוסטריע און מלאכה איז געוואַקסן דער צווייטער וויכטיקער פאַקטאָר פון ווירטשאַפטלעכן לעבן — דער האַנדל. יידן האָבן גענומען אַן אָנגעזעענעם אָנטייל אין דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און מלאכה. זיי האָבן ביזן לעצטן צענדליק יאָר פאַר דער מלחמה געשפּילט די וויכטיקסטע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון האַנדל. יידישע וואַיאַזשאָרן פון די לאָדזער און ביאַליסטאָקער פאַבריקן, פון די וואַרשעווער און ווילנער האַנדל־אונטערנעמונגען, פלעגן אָנשפּאַרן מיט זייערע סחורות־מוסטערן אַזש קיין וולאַדיוואָסטאָק און טורקעסטאַן.

פיל קלענער איז געווען די ראָל פון די יידן אין דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון צווייטן טייל פוילן — גאַליציע, וואָס האָט געהערט צו עסטרייך. דער דאָזיקער טייל איז פּאַקטיש געווען אַ קאָלאָניע פאַר דער עסטרייכישער אימפּעריע, אַן אימפּאָרט לאַנד פאַר דער ווינער און טשעכישער אינדוסטריע. דאָ איז די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג און ממילא אויך דער גרויס־האַנדל געגאַנגען מיט זייער אַ שוואַכן טעמפּ. איז דאָ געווען פאַרהעלטניסמעסיק אַ פיל שמעלערע אַרענע פאַר דער איניצייאַטיוו־פעאיקייט און דעם אונטערנעמונג־גייסט פון די יידן.

## 2. פוילן אַ קריגס־פעלד

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט פאַרוואַנדלט ביידע טיילן — גאַליציע און קאָנגרעס־פוילן — אין אַ שלאַכט־פּלאַץ פאַר ביידע פיינטלעכע צדדים — רוסלאַנד, פון איין זייט, און דייטשלאַנד־עסטרייך, פון דער צווייטער. טויט און חורבן האָבן געטראָגן מיט זיך פאַר דער אָרטיקער באַפעלקערונג די פיינטלעכע חילות. מיט האַרמאַטן־קוילן און גראַנאַטן זיינען אַדורכגעאַקערט געוואָרן די יידישע ישובים, הונדערטער און טויזנטער איינגעפונדעוועטע לעבנס און ווירטשאַפטן זיינען צעשמעטערט געוואָרן אינעם הוראַגאַן פון פייער און בלוט און אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד.

צו די געוויינלעכע „נאָרמאַלע" פּלאָגן און יסורים, וואָס די היינט־צייטיקע מלחמות ברענגען מיט זיך פאַר דער פרידלעכער ציווילער באַפעלקערונג פון די מלחמה־געביטן, איז נאָך פאַר די יידן צוגעקומען אַ ספּעציעלע גיהנום־אַטמאָספערע. צו די „נאָרמאַלע" אַנטיסעמיטישע עקסצעסן, באַגרענעצונגען, רעכטלאָזיקייט און ווילקיר־אַקטן אין צאַרישן רוסלאַנד איז נאָך פאַר זיי צוגעקומען די שפּיאָנאַזש־העצע, וועלכע האָט אין די ספּעציפישע מלחמה־באַדינגונגען זיי פאַרוואַנדלט אין אַ הפקרדיקער מחנה פון געיאָגטע און געפּלאָגטע, וואָס פאַר יעטווידן איז אַ געבאָט צו נעמען פון זיי נקמה, אויסגיסן אויף זיי זיין ביטער האַרץ, מאַכן זיי שולדיק פאַרן ים יסורים און פּיין, וואָס די מלחמה האָט מיט זיך געבראַכט.

## 3. ייִדן — דער שעיר לעזאזל

די ביטערע מפּלות, וואָס דאָס צאַרישע מיליטער האָט געליטן אינעם ערשטן מלחמה־יאָר, האָבן אויפגערודערט דאָס גאַנצע לאַנד און די אַרמיי גופא. די צאַרישע מאַכטהאָבער האָבן געמוזט געפינען אַ שעיר לעזאזל, אויף וועמען אַרויפצוּוואַרפן די שולד און אָפּווענדן דעם פאָלקס־צאָרן פון זיך. האָט מען געפונען די ייִדן.

אין דעצעמבער, 1914, גיט אַרויס דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער צאַרישער אַרמיי גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש דעם ערשטן צירקולאַר וועגן דעם „פאַרראַט פון די ייִדן". עס ווערט דאָרטן געזאָגט, אַז די ייִדן זיינען פריינד פון די דייטשן, זיי וואַרטן נאָר, אַז די לעצטע זאָלן פאַרנעמען דאָס לאַנד, און זיינען זיי באַהילפיק מיט אַלץ. זאָל מען דעריבער האַלטן אַן אויג אויף די ייִדן, אַרויסטרייבן זיי פון אַלע ערטער נאָענט צום פראָנט־ראַיאָן, און דאָרטן, וואו דאָס איז נישט מעגלעך — נעמען פון זיי ערובניקעס, וועלכע זאָלן דערשאָסן ווערן ביים ערשטן פרואוו פון פאַרראַט און שפּיאָנאַזש מצד דער ייִדישער באַפעלקערונג פון געגעבענעם געביט.

גלייך נאָכן הויפּט־קאָמאַנדיר האָבן אַרויסגעגעבן ענלעכע באַפעלן די קאָמאַנדירן פון באַזונדערע פראָנט־אָפּטיילן. דער קאָמאַנדיר פון נאָוואָגעאָרגיעווסקן פעסטונג געביט (נאָוואָגעאָרגיעווסק האָט געהייסן דאָס שפּעטערדיקע מאָדלין, נעבן וואַרשע) גענעראַל באָביר שרייבט אָפן אין באַפעל פון 27טן נאָוועמבער 1914, אַז ייִדן זיינען שפּיאָנען, העלפן די דייטשן, אָפט אפילו אָן געלט, און מען מוז זיך פאַר זיי היטן, ווי פאַר געפערלעכע פיינט. דעם 8טן יאַנואַר 1915 גיט אַרויס דער פעטערבורגער פאָליציי־דעפאַרטמענט אַ געהיימן צירקוליאַר, אין וועלכן ער וואַרפט אַרויף אויף די ייִדן די שולד פאַרן יקרות, פאַרן מאַנגל אין קליינגעלט און דאָס גלייכן. „ייִדן זיינען פאַררעטער, זיי העלפן דעם שונא, זיי פאַרברענען די תבואה אויף די פעלדער מיט ספּעציעלע מאַשינעס, וואָס זיי באַקומען פון די דייטשן" — שרייבט אין צירקולאַר פון 23טן יולי 1915 דער פינאַנס־ און שטייער־דעפאַרטמענט.

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, וואָס פאַר אַ מוראדיקע העצע און שנאה צו ייִדן האָבן אַרויסגערופן אַזעלכע בלבולים, פאַרשפּרייט פון די העכסטע רעגירונג־אָרגאַנען. וואָס מער מפּלות מען האָט געליטן, וואָס ווייטער דער פראָנט האָט זיך גערוקט פון די גרענעצן טיפער אין לאַנד אַריין — אַלץ שאַרפער איז געוואָרן די אַנטיסעמיטישע העצע, אַלץ אַ גרעסערן פאַרנעם האָט זי באַקומען, אַלץ מער איז מיט איר געוואָרן דורכגענומען די גאַנצע אַרמיי פון העכסטן מיליטער־אָנפירער ביזן נידעריקסטן, אומבאַוואוסטזיניקן, פרימיטיוון זעלנער.

דער מלחמה־פראָנט סיי אין קאָנגרעס־פּוילן, סיי אין גאַליציע האָט זיך געצויגן דורך געדיכטע ייִדישע ישובים. די מאַסע רוסישע זעלנער, אַראָפּגעבראַכטע פון די ווייטסטע מקומות פון גרויסן און ברייטן רוסלאַנד, וואו זיי האָבן אַ ייִדן אין די אויגן נישט געזען, האָבן זיך דאָ מיט זיי צום ערשטן מאָל צוזאַמענגעטראָפן. די סאָלדאַטן האָבן זיך צוגעקוקט צו די משונהדיקע פאַר זיי קליידער, צו דעם ווילד־פרעמדן פאַר זיי לעבנס־שטייגער, זיך צוגעהערט צו דער שפּראַך, וואָס איז ענלעך (ווי מען האָט זיי פאַרזיכערט) צו דער שפּראַך פון שונא, מיט וועמען די ייִדן קענען זיך פאַרשטענדיקן צו יעדער צייט. האָבן זיי געווינלעך געגלויבט אַלץ, וואָס די אָפיצירן און קאָמאַנדירן האָבן געזאָגט וועגן דאָזיקן אויסטערלישן „אינערלעכן שונא". „ייִדן שיקן מיט עראָפּלאַנען גאָלד פאַר די דייטשן". „אַנשטאָט אַ מת האָט מען גאָר אין אָרון בעת אַ לוויה געפונען גאָלד". „די אינגעווייִדן פון געשאָכטענע גענדז זיינען געווען אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד און שפּיאָנאַזש־דאָקומענטן". „ייִדן האָבן אין אַלע שטעטלעך אייגענע טעלעפאָנען (עירובים — וו. ש.) אויף צו קאָמוניקירן זיך מיטן שונא" — אָט מיט אַזעלכע פאַנטאַסטישע מעשות איז געווען אָנגעזאַפּט די גאַנצע אַטמאָספער פון די פראָנט־געגנטן. די העצע איז געוואַקסן ווי אַ לאַווינע און געבראַכט די שוידערלעכסטע פאָלגן.

## 4. דער אַנטיסעמיטישער באָיקאָט און די שפּיאָנאַזש־העצע

אין דער געשילדערטער אַטמאָספער איז די שנאה צו ייִדן אויפן שטח פון קאָנגרעס־פּוילן נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן. דאָ איז דער באָדן געווען באַזונדערס פרוכטבאַר צוליב דער אַנטיסעמיטישער העצע, וואָס האָט זיך ברייט געפירט צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג אינעם פעריאָד פון די לעצטע פאָר יאָר פאַר דעם אויסברוך פון דער מלחמה, — דעם פעריאָד פון פאַרשאַרפטן ווירטשאַפטלעכן באָיקאָט קעגן די ייִדן.

דער באָיקאָט איז אָפיציעל פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך דער ענדעקישער פּאַרטיי, וועלכע האָט דאַן, מיט איר פירער ראָמאַן דמאָווסקי בראש, געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דעם גייסטיקן לעבן פון קאָנגרעס־פּוילן. דער באָיקאָט האָט זיך אָנגעהויבן גלייך נאָך די וואַלן צו דער פערטער רוסישער דומע (1912), ווען די ייִדן פון וואַרשע האָבן געהאָלפן דורכפירן אין דומע דעם פּוילישן סאָציאַליסט, דעם אַרבעטער יאַגעללאָ (קאַנדידאַט פון פּ.פּ.ס.־לעוויצא און „בונד") און זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער קאַנדידאַטור פון „פּראָגרעסיוון אַנטיסעמיט" יאַן קוכאַזשעווסקי, דעם קאַנדידאַט פון גאַנצן פּוילישן בירגערטום. אָבער דאָס פּראָ־

קלאַמירן דעם ווירטשאַפטלעכן באָיקאָט איז געווען נישט מער ווי אַ צוגעשפּיצטע, פאַרשאַרפטע פאָרם פון דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג אין קאָנגרעס־פּוילן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן סוף פאָריקן יאָרהונדערט און וואָס האָט וואָס ווייטער אַלץ מער זיך פאַרשטאַרקט, ציענדיק איר הויפּט־יניקה פון די געענדערטע ווירטשאַפטלעכע באַציאונגען און פון דעם גרויסן צופלוס פון יידן פון די פאַרשידענע טיילן פון דעמאָלטיקן רוסלאַנד קיין קאָנגרעס־פּוילן.

די אינדוסטריאַליזאַציע פון קאָנגרעס־פּוילן האָט גורם־געווען דעם וואוקס פון די שטעט און האָט דערוועקט צווישן דער שלאַכטע פון דאָרף אַ שטרעבונג זיך איבערצושיכטן אויף נייע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס. עס איז אַנטשטאַנען אַ פּוילישער שטאָטישער מיטל־קלאַס, פאַרבונדן מיט דער אינדוסטריע און האַנדל. די פּוילישע אינטעליגענץ, נישט ווערנדיק צוגעלאָזט דורך דער צאַרישער מאַכט צו מלוכהשע און קאָמונאַלע אַמטן, האָט זיך געוואָרפן צו דער אינדוסטריע, צום האַנדל און צו די פרייע פּראָפעסיעס. דאָ האָבן אָט די עלעמענטן זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט די יידן, און אויפן דאָזיקן קאָנקורענץ־באָדן איז אַנטשטאַנען אַן אַנטיסעמיטישע באַוועגונג. דער גרויסער צופלוס פון רוסישע און ליטווישע יידן קיין פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן אין די 80ער און 90ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. די ערשטע כוואַליע איז אָנגעקומען צוליב די פּאָגראָמען אין דרום־רוסלאַנד, נאָך דער דערמאָרדונג פון צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. עס האָט די יידן געצויגן אין די גרויסע פּוילישע האַנדל־ און אינדוסטריע־צענטערס, וואו זיי האָבן געקענט מאַכן אַ וועלכן נישט איז לעבן — אַלע אַנדערע וועגן זיינען פאַר זיי געווען פאַרשטעלט. אַזוי, למשל, אין יאָר 1882 האָט וואַרשע געציילט 127,917 יידן, מיט 5 יאָר שפּעטער נאָך דער פּאָגראָם־כוואַליע — אין יאָר 1887 — זיינען שוין אין וואַרשע געווען 150,558 יידן. דאָס זעלבע זעען מיר אין די 90ער יאָרן נאָכן גירוש מאָסקווע (1892): וואַרשע האָט אין יאָר 1897 געציילט שוין 212,892 יידן און אין 5 יאָר אַרום (1902) — שוין 263,824 — 35 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג; לויט די מאַגיסטראַט־ציפערן פון 1912 האָט וואַרשע דאַן געציילט 297,977 יידן — 36,28%.

די ניי־צוגעוואַנדערטע יידן פון רוסלאַנד — „ליטוואַקעס", ווי מען האָט זיי גערופן — האָבן נאָכמער פאַרשטאַרקט די אַנטיסעמיטישע שטימונגען צוליב זייער פרעמדקייט צו דער פּוילישער קולטור. זיי האָבן דאָס רוב גערעדט רוסיש, זיינען געווען אויפגעהאָדעוועט און פאַרבונדן מיט דער רוסישער קולטור, אַזוי, אַז צו דער קינסטלעכער געוואַלט־רוסיפיקאַציע, וואָס דער צאַריזם האָט אָנגעווענדט אין אָקופּירטן פּוילן, איז נאָך צוגעקומען אַ פּאַסיווע רוסיפיקאַציע מצד די „ליטוואַקעס".

„די ליטוואַקעס זיינען אַן עלעמענט, וואָס האָט נישט קיין שום געמיינזאַמקייט מיט פּוילן. זיי האָבן אַריינגעבראַכט רוסיפיקאַציע. רוסלאַנד האָט זיי פאַרטריבן, אָבער זיי זיינען געקומען קיין פּוילן אויסצובויען דאָ אַ ניי רוסלאַנד" — אַזוי שרייבט נישט קיין רעאַקציאָנערער ענדעק, נאָר איינער פון די אָנגעזעענסטע טעאָרעטיקער און פירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.), לעאָן וואַשילעווסקי (פּלאָכאָצקי), הגם ער אָנערקענט די פּאָזיטיווע ווירטשאַפטלעכע באַדייטונג פון די ליטוואַקעס. זיי האָבן געגרינדעט, שרייבט ער, גרויסע האַנדלס־פירמעס, וועלכע האָבן פאַרבונדן פּוילן מיטן רוסישן מאַרק. 63,4 פּראָצענט פון מאַנופאַקטור־האַנדל אין פּוילן ליגט אין יידישע הענט *).

דער פּראָקלאַמירטער באָיקאָט האָט געהאַט דעם ציל אַרויסצושטויסן די יידן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און פאַרלייכטערן דורכדעם דאָס אַריינדרינגען פון פּוילישן מיטל־קלאַס אין האַנדל, אינדוסטריע און פרייע פּראָפעסיעס, עפענען פאַר זיי נייע פּרנסה־קוואַלן, חוץ דעם אויך אָפּשוואַכן די פּוילישע עמיגראַציע אויף יענער זייט ים און קיין טיף־רוסלאַנד און, פאַרקערט, פאַרשטאַרקן דעם עמיגראַציע־שטראָם פון די יידן אויף יענער זייט ים. אַ פּאָר ציפערן אילוסטרירן די לעצטע דערשיינונג: האַרט פאַר דער מלחמה — אין יאָר 1913 — האָבן עמיגרירט קיין טיף־רוסלאַנד (דער עיקר אויפן ווייטן מזרח) 60 טויזנט פּאָליאַקן. די וואַרשעווער ביוראָ פון „ייקאָ", וועלכע האָט זיך אויך פאַרנומען מיט יידישע עמיגראַציע־ענינים, האָט אין יאָר 1913 אַרויסגעגעבן 6400 אינפאָרמאַציעס וועגן עמיגראַציע (אין יאָר 1912 נאָר 4600).

דער אויסברוך פון דער מלחמה האָט דעזאָרגאַניזירט און אַנאַרכיזירט אַלע ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן. ממילא איז די דירעקטע באָיקאָט־אַגיטאַציע אין אַ גרויסער מאָס געוואָרן אָפּגעשוואַכט; זי האָט שוין אָבער געהאַט צוגעגרייט די געהעריקע אַטמאָספער און גענוג באַפרוכפּערט דעם באָדן פאַר דער גיפטיקער זריעה פון דער שפּיאָנאַזש־העצע. געוועזן פאַלן, ווען פּאָליאַקן פלעגן אָנווייזן דעם צאַרישן מיליטער אויף יידן ווי אויף שפּיאָנען, פלעגן אַרויסטרעטן אויף די אינסצעניזירטע שפּיאָנאַזש־פּראָצעסן אַלס עדות קעגן די יידן; פלעגן פאַרשפּרייטן די אַלע באָבע־מעשות וועגן עירוב, גאָלד פאַר די דייטשן, כלומרשטע לוויות אאַז"וו. די יאָרנלאַנג כסדר געהעצטע מאַסע האָט זיך אַרויסגעוויזן פּאָליטיש נישט דערצויגן און מאָראַליש שטאַרק געפאַלן אינעם אָנבליק פון דער גרוי־

---

*) די יידן־פראַגע אין קאָנגרעס־פּוילן, אירע שוועריקייטן און איר לייזונג (דייטש), ווין 1915. דערשינען אין פאַרלאַג פון וואָכנשריפט „פּאָלען", דייטשער אָרגאַן פון פּוילישן נאַציאָנאַלן הויפּט־קאָמיטעט (נ. ק. נ.).

זאַמער מלחמה־קאַטאַסטראָפע און אַלע אירע שרעק־לעכע פאָלגן. אפילו די פוילישע בירגערלעך־פּראָגרע־סיווע אינטעליגענץ האָט נישט געמאַכט קיין פּרואוו כאָטש אָפּצושוואַכן די שפּיאָנאַזש־העצע, אַריינוואַרפן אַ וואָרט וועגן דער לעכערלעכקייט פון די נאַרישע, אָבער שוידערלעכע בלבולים. זייער וואָרט־פירער, אַלעק־סאַנדער שווענטאָכאָווסקי, האָט געשריבן: „מיר פאַר־ענטפערן נישט די פראַגע, צי זיינען די מסירות אויף יידן ריכטיק, אָדער נישט. מיר שטעלן נאָר פעסט, אַז די געזעלשאַפט גלויבט אין דעם". אויף אַזאַ אופן האָט ער סאָלידאַריזירט די פוילישע געזעלשאַפט מיט די צאַרישע פּאָגראָם־מאַכער. „יידישע הענדלער — שרייבט די טרויעריק באַקאַנטע אַנטיסעמיטישע צייַ־טונג „דוואַ גראָשע" (5טן יוני 1915) — שטופּן זיך אויף די וואָקזאַלן צו פאַרקויפן די סאָלדאַטן פּראָ־דוקטן; זיי האָבן דערביי צוויי צילן: 1) שלעכטע סחורה פאַרקויפן; 2) אויסהאָרכן פון די סאָלדאַטן, וואָס טוט זיך אין די שוץ־גראַבנס". דער פּעטער־בורגער „גלאָס פּאָלסקי" (21טן יוני 1915) שרייבט: „די יידישע שפּראַך איז נאָענט צו דייטש; די דייטשן, אָרגאַניזירנדיק דעם שפּיאָנאַזש, באַנוצן זיך מיט יידן"**).

## 5. גירושים, פּאָגראָמען

די פאָלגן פון דער שפּיאָנאַזש־העצע האָבן לאַנג נישט געלאָזט אויף זיך וואַרטן. אינם באַפעל פון אויבער־קאָמאַנדיר ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, וואָס איז פונאַנדערגעקלעפּט געוואָרן איבער אַלע שטעט און שטעטלעך פון מלחמה־ראַיאָן, איז געזאָגט געוואָרן: „ס'איז באַוואוסט די פיינטלעכע באַציאונג פון די יידן פון פוילן, גאַליציע און בוקאָווינע צו רוסלאַנד. די יידן פאַרנעמען זיך מיט שפּיאָנאַזש איבערן גאַנצן פראָנט". בכן מוז מען אָננעמען קעגן זיי קעגן־מיטלען: נעמען ערובניקעס פון צווישן די רייכסטע און אָנ־געזעענסטע יידן, פאַר יעדן געכאַפּטן ייד־שפּיאָן — אויפהענגען צוויי ערובניקעס. אַלע יידן אַרויסשיקן פון פראָנט־געביט. אויף אַ שטרעקע פון 200 וויאָרסט ווייט פון שטאָב טאָר קיין ייד נישט וואוינען. די גירושים זיינען אויסגעפירט געוואָרן מיט דער גע־וויינלעכער אַכזריות, ווי מען באַהאַנדלט שפּיאָנען און פאַררעטער אין צייט פון מלחמה; מען האָט ניט גע־שוינט אַלטע און קראַנקע לייט; מען האָט אַרויסגע־שיקט גאַנצע מושב־זקנימס, שפּיטאָלן מיט גייסטיק־קראַנקע אד"גל. די אומגליקלעכע האָט מען צומאָל קיין צייט נישט געגעבן מיטצונעמען די נויטיקע זאַכן. דער גירוש־באַפעל האָט דאָס רוב געדאַרפט אויסגע־פירט ווערן אין משך פון געציילטע שעהן. סאָלדאַטן

**) ציטירט לויט „יעווריעיסקאַיאַ נעדעליאַ", נ. 5, 1915, פּעטערבורג.

פלעגן גיין איבערן שטעטל און מיט די ביקסן קלאַפּן אין די פענצטער פון די הייזער — אַ סיגנאַל, אַז מען מוז שוין אַרויס פון שטאָט. אין צענדליקער ערטער האָט מען גענומען ערובניקעס און חוץ דעם אַלעמען אַרויסגעטריבן. אַזוי, למשל, אין סאָכאַטשעוו — 12 ערובניקעס און די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז פאַרטריבן געוואָרן; אין זשיראַרדאָוו (300 יידן), גראָדזיסק (4000 יידן), פּרושקאָוו (2000) האָט מען געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט אין משך פון 12 שעה; דאָסזעלבע איז געווען אין פּולאַווע (לובלינער גובער־ניע), פּיאָסעטשנע, (ביי וואַרשע). אין פּרושקאָוו האָט מען חוץ דעם גענומען עטלעכע צענדליק ערובניקעס; אין טשעכאַנאָוו — דעם רב מיט נאָך צוויי יידן; אין זשוראָמין — דעם רב מיט צען יידן, אין בזשעזין — — 7 יידן. פון די 12 ערובניקעס אין סאָכאַטשעוו האָט מען דריי גלייך אויפגעהאַנגען אָן אַ פּאַרוואָס. אין קעלץ, רוזשאַן — צו 50 ערובניקעס. אין ראַדאָם, כמעלניק — צו 40. דערביי איז געווען אַ ברייט פעלד פאַר נעמען כאַבאַר: רייכע ערובניקעס פלעגט מען אַרעסטירן צו עטלעכע מאָל און יעדעס מאָל נעמען אויסקויף־געלט. די ערובניקעס פלעגט מען אין די טורמעס באַהאַנדלען ערגער ווי די קרימינעלע פאַר־ברעכער. דעם 26טן יאַנואַר 1915 באַקומט דער פּלאָצקער גובערנאַטאָר אַ לאַקאָנישע דעפּעשע פונם הויפּט־קאָמאַנדיר פון פוילישן פראָנט, גענעראַל רוז־סקי: טרייבט אַרויס אַלע יידן פון פּלאָצקער גובער־ניע *). אין גאָוואָראָווע (לאָמזשער גובערניע) האָט מען אין מיטן נאַכט אַרעסטירט 70 יידן מיטן רב בראש פאַר האָבן אַן אונטערערדישן טעלעפאָן (עירוב). ענלעכעס איז געשען אין צענדליקער שטעטלעך.

בעת די שלאַכטן אין מזרח־פּרייסן האָט דער באַ־רימטער גענעראַל רענענקאַמף אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון די שטעטלעך פון סואוואַלקער גו־בערניע זאָלן אַרויס מיט גראַב־אייזנס צו דער אַרבעט ביים גראָבן טראַנשייען. עס איז געווען גראָד דער ערשטער טאָג סוכות און די גאַנצע קהילה פון קאַל־וואַריע מיטן רב בראש זיינען אונטער דער בייטש פון פּאָליציאַנטן געטריבן געוואָרן צו דער אַרבעט. אויף ביינאַכט האָבן זיי נישט געקענט זיך צוריקקערן אין זייערע היימען, האָט די גאַנצע עדה יידן זיך אויסגעלייגט אויפן מאַרק אויף די הוילע שטיינער. מען האָט אויסגעזוכט עפּעס אַ סוכה, און דער רב האָט דאָרטן געמאַכט קידוש. אויפן פאָן פון די אַלע דערנידערונגען און באַליידיקונגען האָבן ווי אַ ביטע־רע איראָניע געקלונגען די ווערטער פון קידוש:

*) וו. קאָסאָווסקי — „דער חורבן פון די יידן אין רוס־לאַנד" ניו־יאָרק, פאַרלאַג פון „בונד", 1915.

В. Косовский — "Разгром евреев в России", Женева, 1915 г., издание Заграничного Комитета Бунда.

„ורוממנו מכל לשון" (דו האָסט אונז דערהויבן פון אַלע פעלקער). אַ שוידערהאַפטער פאַקט פון הפקרות איז געשען ביים עוואַקואירן די יידן פון סמאָרגאָן (ביי ווילנע): דער זון פון זקן אברהם סאָבאָל האָט געזאָגט דעם קאָזאַקן־אָפיציר, אַז ער קאָן נישט אַרויס פון שטעטל און איבערלאָזן זיין אַלטן קראַנקן פאָטער, וועלכער ליגט אין בעט און קען זיך נישט רירן פון אָרט. „קום מיט מיר צו דיין פאָטער" — האָט דער אָפיציר געזאָגט. ווען זיי זיינען אַריין אין שטוב, האָט דער אָפיציר אַרויסגענומען זיין רעוואָלווער און דערשאָסן אויפן אָרט דעם קראַנקן זקן. „איצט קאָנסטו שוין גיין" — האָט דער אָפיציר געזאָגט צום זון. ביים עוואַקואירן די שטאָט האָט דאָס רוסישע מיליטער אונטערגעצונדן צענדליקער הייזער און עס זיינען דערביי פאַרברענט געוואָרן זקנים און קליינע קינדער, וועלכע די יידן האָבן נישט באַוויזן מיטצונעמען. דעם 20טן סעפּטעמבער 1914 האָבן קאָזאַקן געמאַכט אַ פאָגראָם אין סואוואַלק. געוויסע פּאָליאַקן האָבן דערביי זיי אונטערגעהעצט, דערציילנדיק, אַז בעת די דייטשן זיינען געווען אין שטאָט, האָבן די יידן זיך מיט זיי געפרייט און געחברט**). פּאָגראָמען, רויבערייען זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן כמעט אין גאַנצן ראַיאָן פון מזרח־פּרייסישן פראָנט בעתן צוריקטריט פון רוסישן מיליטער.

די זעלביקע געשיכטעס האָבן זיך איבערגעחזרט אין גאַליציע, הגם אַהין איז די צאַרישע אַרמיי אַריין ווי אַ זיגערין. די אַטמאָספער פון יידן־האַס, מיט וועלכער די אַרמיי איז געווען אָנגעזאַפּט אַדאַנק די שפּיאָנאַזש־באַפעלן פון דער העכסטער מיליטער־מאַכט, האָט אויך דאָ זיך געלאָזט שטאַרק פילן. אויך דאָ האָט מען די יידן אַרויסגעטריבן פון זייערע איינגעזעסענע ישובים, אויך דאָ זיינען פאָרגעקומען מיליטערישע פּאָגראָמען: אין קאָלאָמיי, סטאַניסלאַוואָוו, סטרי, דעליאַטין, אין גאַנצן קאַרפּאַטן־ראַיאָן. אַ העלפט פון די גאַליצישע יידן — איבער 400,000 — זיינען פאַריאָגט געוואָרן אַלס היימלאָזע קיין בעהמען, אונגאַרן, עסטרייך. אין ווין אַליין האָט זיך אָנגעזאַמלט 175,000 יידישע פּליטים פון גאַליציע.

## 6. די שפּיאָנאַזש־העצע און די יידן אין דער אַרמיי

אויב דיליידן פון דער יידישער ציווילער באַפעלקערונג זיינען געווען שוידערהאַפט צוליב דעם שפּיאָנאַזש־בלבול, האָבן די יידן, וועלכע האָבן געדינט אין דער אַרמיי געהאַט אויסצושטיין זייער שווערע מאָראַלישע יסורים. העכער 400,000 יידישע זעלנער זיינען געשטאַנען אויף אַלע מלחמה־פראָנטן; הונדערטער האָבן זיך צוגעשטעלט אַלס פרייוויליקע; הונדערטער האָבן געקראָגן די העכסטע מיליטערישע אויסצייכענונג — דעם געאָרגי־קרייץ; טויזנטער און טויזנטער האָבן געאַרבעט אַלס דאָקטוירים, סאַניטאַרן, קראַנקען־שוועסטער. האָט די שפּיאָנאַזש־העצע אויך אַזעלכע נישט געשוינט. בעת די גירושים האָט מען אויך אַרויסגעטריבן פאַרוואונדעטע יידישע זעלנער, וואָס זיינען געלעגן אין די שטאָטישע שפּיטאָלן, טיפוס־קראַנקע זעלנער, סאַניטאַרן. אויף דער ווילנער באַן זיינען פון 1500 סאַניטאַרן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביים טראַנספּאָרטירן די פאַרוואונדעטע פון פראָנט, 900 געווען יידן. האָט מען זיי אַלעמען באַזייטיקט. רוסישע מיליטער־דאָקטוירים, וועלכע זיינען געווען זייער צופרידן מיט דער אַרבעט פון די יידישע סאַניטאַרן, האָבן מיט טרערן אין די אויגן זיך מיט זיי געזעגנט. אויף אַ סך פראָנט־אָפּשניטן האָט מען פון די טראַנשייען אַרויסגענומען די יידישע זעלנער און זיי אַוועקגעשיקט אויפן קאַווקאַזער פראָנט. די עשעלאָנען מיט די אַרויסגעטריבענע יידן פלעגן באַוואַכט ווערן פון סאָלדאַטן. אויסטערליש־טראַגיש איז געווען דאָס בילד: פראָנט־סאָלדאַטן באַגלייטן אונטער אַ וואַך זייערע קאָלעגן, צווישן זיי פיל פאַרוואונדעטע, מיט וועמען זיי זיינען צוזאַמען אָקאָרשט געווען אויפן שלאַכט־פעלד און וועלכע ווערן איצט אַרויסגעשיקט ווי שפּיאָנען! די העצע־אַטמאָספער איז געווען אַזוי געדיכט, אַז אויף פיל באַן־וואָקזאַלן האָבן קריסטלעכע טרעגער זיך אָפּגעזאָגט צו טראָגן דעם באַגאַזש פון די אַרויסגעטריבענע יידן: „שפּיאָנען ווילן מיר נישט באַדינען" — פלעגן זיי זאָגן. די צענזור פלעגט סיסטעמאַטיש שטרייכן די ידיעות וועגן יידישע העלדנטאַטן אויפן שלאַכט־פעלד און וועגן אויסצייכענונגען פאַר יידישע זעלנער.

העכער 600,000 יידן זיינען אויף אַזאַ אופן פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע פון דורות איינגעזעסענע היימען מיטן שאַנד־צייכן פון שפּיאָנען אויפן שטערן.

## 7. דער שפּיאָנאַזש־בלבול און די רוסישע ראַדיקאַלע געזעלשאַפט

גיהינום־סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף אַלע וועגן, וואָס האָבן זיך געצויגן פון די פראָנטן קיין טיף־רוסלאַנד. די עשעלאָנען מיט די אַרויסגעטריבענע האָבן אָנגעפילט אַלע באַן־וואָקזאַלן; נישט אומעטום האָט מען אין כאַאָס פון דער מלחמה־צייט באַקומען באַן־צוגן; טויזנטער און טויזנטער האָבן זיך געשלעפּט אויף וועגענער, צופוס, זיך געוואַלגערט אויף פעלדער מיט קליינע קינדער, קראַנקע און אַלטע, געפּייניקט פון הונגער און עפּידעמיעס. די פּעטערבורגער קהילה האָט זיך געווענדעט מיט אַ וויי־געשריי צום הויפּט־קאָמאַנדיר דעם גרויספירשט ניקאָלאַי

**) „פנקס", ווילנע, 1922, אַרויסגעגעבן פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אויפן נאָמען פון ש. אַנסקי.

ניקאָלאַיעוויטש — האָט ער אפילו נישט געענטפערט. די ווענדונגען צו דער ציווילער מאַכט זיינען געבליבן אָן רעזולטאַטן — זי האָט זיך פאַררופן אויף דער מיליטערישער. די דומע (פּאַרלאַמענט) האָט געשוויגן. אויף דער יאַנואַר סעסיע 1915 האָבן אפילו די פּאָר יידישע בירגערלעכע דעפּוטאַטן נאָך נישט געהאַט קיין מוט אויפצוהויבן זייער פּראָטעסט־שטים. ערשט אין אַפּריל 1915 האָט אַ גרופּע רוסישע ראַדיקאַלע שריפט־שטעלער מיט מאַקסים גאָרקי און לעאָניד אַנדרייעוו בראש אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע אין דער פּרעסע און אויף דער אויגוסט־סעסיע פון דער דומע האָבן טשכעאידזע (סאָציאַל־דעמאָקראַט), קערענסקי (טרודאָוויקעס), און מיליוקאָוו (קאָנסטיטוציאָנעלער דעמאָקראַט) שאַרף גערעדט פון דער דומע־טריבונע קעגן שענדלעכן שפּיאָנאַזש־בלבול אויפן יידישן פאָלק. אָבער בלויז די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די טרודאָוויקעס האָבן אַרויסגעשטעלט די יידישע פראַגע אין דער גאַנצער ברייט און אַריינגעטראָגן אין צוזאַמענהאַנג דערמיט אַ געזעץ־פּראָיעקט וועגן יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. דער פּראָגרעסיווער בלאָק, וואָס האָט אַרומגענומען כמעט אַלע בירגערלעכע פּראָגרעסיוו־ליבעראַלע גרופּן, מיט מיליוקאָוון בראש, האָט זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן דעם געזעץ־פּראָיעקט, האַלטנדיק, אַז די צייט איז נאָך נישט רייף פאַר אַזאַ געזעץ.

אויף דער זעלביקער סעסיע האָט דער יידישער בירגערלעכער דעפּוטאַט נ. פרידמאַן צום ערשטן מאָל (2טן אויגוסט) גערעדט אין דער פראַגע און געבראַכט אַ מאַסע שוידערלעכע פאַקטן פון די רדיפות און גירושים.

אין דער אינטערפּעלאַציע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע האָט זיך גערעדט „וועגן דער נישט געזעצמעסיקער האַנדלונג פון דער מאַכט בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג און וועגן די פּראָוואָקאַציע־צירקולאַרן פון דער רעגירונג". טשכעאידזע האָט געבראַכט פון דער דומע־טריבונע אַ מאַסע שוידערהאַפטע פאַקטן פון גירושים און פּאָגראָמען. אין יוני, אַ פּאָר חדשים פאַר דער דומע־סעסיע איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון דער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אויף וועלכן עס איז איבערגעלייענט געוואָרן אַ גענויער מעמאָריאַל מיט אַ שלל שוידערהאַפטע פאַקטן, אויסגעאַרבעט דורך די יידישע פירער פון דער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי ווינאַווער, סליאָזבערג און אַנדערע *). מיליוקאָוו האָט אין דער דומע־קאָמיסיע אויפגעוויזן, אַז די יידן־גירושים און פּאָגראָמען שטערן די אונטערהאַנדלונגען וועגן אַן אויסלענדישער הלוואה, וועלכע עס האָט דעמאָלט געפירט דער פינאַנץ־מיניסטער באַרק אין לאָנדאָן, פּאַריזש און ניו־יאָרק.

און אַז מיליקאָוו האָט געהאַט אַ גרונט אַזוי צו ריידן קאָן מען זען פון גוואַלטיקן רושם, וואָס די פּאָגראָמען און גירושים האָבן געמאַכט אין אויסלאַנד, באַזונדערס אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָ זיינען די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס געשטאַנען בראש פון דער אַנטי־צאַריסטישער אַגיטאַציע. אין אַ פּראָטעסט־דעקלאַראַציע*) פון אַלע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס (העכער 300 טויזנט מיטגלידער) ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט: „מיר זיינען ווייט פון צו באַשולדיקן דאָס רוסישע פאָלק פאַר אַזעלכע באַרבאַרייען; מיר מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די דאָזיקע טייוולאָנישע מעשים די רוסישע רעגירונג".

אונטער דער דעקלאַראַציע זיינען אונטערגעשריבן: שיפּליאַקאָף — פון די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן; דר. ראָזענבלאַט — אַרבעטער־רינג; י. ב. סאַלוצקי — יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע; בראַון — יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד; עהרענרייך — פּועלי־ציון.

## 8. די הילף־אַקציע פאַר די מלחמה־געליטענע

פאַר דער יידישער געזעלשאַפט האָט זיך אין איר גאַנצן טראַגישן פאַרנעם אַוועקגעשטעלט די פראַגע — ווי אַזוי צו באַזאָרגן הילף פאַר די הונדערטער טויזנטער אויסגעוואָרצלטע פון זייערע היימען, וואָס זיינען איצט אויסגעשטעלט געוואָרן אויסשליסלעך אויף דער שטיצע פון זייערע ברידער. מען האָט געדאַרפט רעגולירן ווי ווייט מעגלעך אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן דעם שטראָם פון די פּליטים און פאַרטריבענע, און דאָס אין רעכטן מיטן כאַאָס פון מלחמה.

אין וואַרשע אַליין האָט זיך אין מאַי־יוני אָנגעקליבן 80,000 היימלאָזע פּליטים, אַרויסגעטריבענע פון די שטעטלעך אויפן לינקן ברעג ווייסל. אַ העלפט פון זיי האָט געמוזט אויסקומען מיט 10 קאָפּיקעס אַ טאָג, וואָס זיי פלעגן באַקומען פון הילף־קאָמיטעט ביי דער יידישער קהילה. די איבעריקע האָט מען ווי נישט איז איינגעאָרדנט אין פאַרשידענע היימען, וואו די ענגשאַפט איז געווען אַזוי גרויס, אַז הונדערטער פלעגן שלאָפן אויפן דיל, אויף שטרוי. די חסידישע הילף־געזעלשאַפט „עזרה" אַליין האָט ביז דער דייטשער אָקופּאַציע אַרויסגעגעבן אין וואַרשע דריי און אַ האַלב מיליאָן מיטאָגן פאַר היימלאָזע.

אַ באַזונדערע פּאָזיציע אין דער הילף־אַקציע האָבן פאַרנומען די פאַמיליעס פון די יידישע רעזערוויסטן־זעלנער; די יידישע רעזערוויסטן האָבן

*) פאַרעפנטלעכט אומלעגאַל אין אויסלאַנד דורכן אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד", אין די דערמאָנטע בראָשורן פון וו. קאָסאָווסקי.

*) The Jews and the War (Memorandum of Poale-Zion to the International Socialist Bureau), the Hague, 1916, pp. 56-57.

זיך געפונען אויף די שלאַכט־פעלדער, און זייערע פאַמיליעס האָבן לויטן געזעץ געדאַרפט באַקומען רעגולערע שטיצע פון דער רעגירונג. אָבער די מאַסן־גירושים האָבן געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז צענדליקער טויזנטער רעזערוויסטן־פאַמיליעס זיינען אויך פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע וואוין־ערטער, האָבן פאַרלאָרן די פאַרבינדונג מיט די אַנטשפרעכנדיקע אַמטן, וועלכע פלעגן זיי די שטיצע אויסצאָלן. רעזערוויסטן־פאַמיליעס זיינען צוגלייך מיט אַלע אַנדערע אַרויסגעטריבענע פאַרוואָרפן געוואָרן אין נייע מקומות, אָן די נויטיקע דאָקומענטן און באַווייזן, אַז זיי זיינען פאַמיליעס פון די קעמפער אויפן פראָנט. מיט וויינענדיקע עופהלעך אויף די הענט פלעגן זיי באַלאַגערן די יידישע קאָמיטעטן, די קהילות, בעטנדיק שטיצע.

מיט דער הילף־אַקציע האָט זיך פאַרנומען הויפטזעכלעך דער פעטערבורגער יידישער קאָמיטעט צו העלפן די מלחמה־געליטענע. ער האָט פאַנאַנדערגעשיקט זיינע ספעציעלע באַפולמעכטיקטע אין די גרעסערע צענטערס, זיי האָבן געדאַרפט מיטהעלפן, אָפטמאָל אויך דירעקט אָרגאַניזירן די הילף־אַקציע אויף די ערטער. חוץ זיינע אייגענע געלט־מיטלען פלעגט דער פעטערבורגער קאָמיטעט נאָך באַקומען שטיצע פון אַלגעמיינע קוואַלן: פונם קאָמיטעט אויפן נאָמען פון דער גרויספירשטין טאַטיאַנאַ, פון פאַרבאַנד פון די שטעט, פון פאַרבאַנד פון די זעמסטוועס (אָרגאַניזאַציע פאַרן דאָרף). די דאָזיקע קאָמיטעטן פלעגן אויך דירעקט געבן הילף אויף די ערטער צו די יידישע הילף־אָרגאַניזאַציעס. מיט מעדיצינישער הילף האָט זיך פאַרנומען דער קאָמיטעט פון דער געזעלשאַפט אויפן נאָמען פון באַרימטן מעדיקער און הומאַניסט פּיראָגאָוו; די פּיראָגאָוו־געזעלשאַפט האָט אָרגאַניזירט פלי־אַמבולאַטאָריעס, באַוועגלעכע שפּיטאָלן, געשטיצט די אָרטיקע שפּיטאָלן און אַנשטאַלטן פון „אָזע". דער פעטערבורגער יידישער הילף־קאָמיטעט האָט געדעקט 70 פּראָצענט פונם גאַנצן הילף־בודזשעט פון די יידן אין פּוילן.

די מער לינקע עלעמענטן האָבן זיך גרופּירט אַרום דער „פרייער עקאָנאָמישער געזעלשאַפט", וועלכע האָט געלייגט אַ סך אַכט אויף קאָנסטרוקטיווער הילף — בילדן און שטיצן פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַרן מלחמה־געברויך אד"גל. אָט די געזעלשאַפט האָט אין יידישן ראַיאָן געהאַט אָנגעשטעלט צווישן אַנדערע אויך אייניקע טוער פון „בונד", וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן מיט די אומלעגאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און געזאָרגט דערפאַר, אַז די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־מאַסן זאָלן פון דער הילף נישט זיין אויסגעשלאָסן און אַז די הילף זאָל קומען צו זיי אויף אַ פּאַסיקן און אָרגאַניזירטן אופן. פאַר דער קאָנסטרוקטיווער הילף האָבן אויך געאַרבעט די באַפולמעכטיקטע פון „ייקאָ" און „אָרט".

באַזונדער וויכטיק איז געווען די טעטיקייט פון „אָזע", וועלכע האָט אין צענדליקער שטעט אָרגאַניזירט אַמבולאַטאָריעס און שפּיטאָלן, היימען פאַר די פּליטים־קינדער, און אויך סובסידירט און אינסטרואירט אַזעלכע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן מיט אייגענע אָרטיקע מיטלען און כוחות.

די טוער אין די גרעסערע קולטור־צענטערס ווי וואַרשע, ווילנע, ביאַליסטאָק, האָבן גאַנץ ריכטיק פאַרשטאַנען, אַז מען מוז די קינדער פון די היימלאָזע אַרויסנעמען פון דער גרויסער פּליטים־מאַסע און פון דער ספּעציפישער אַטמאָספער אין די אַלגעמיינע אַנשטאַלטן פאַר פּליטים־הילף, און ספּעציעל שאַפן פאַר זיי דערציאונג־ און דערנער־אַנשטאַלטן, אַרומנעמענדיק זיי מיט אַ ספּעציעלער זאָרג. אין וואַרשע האָבן דער דאָזיקער אַרבעט אָפּגעגעבן פיל אויפמערקזאַמקייט י. ל. פּרץ און י. דינעזאָן, אין ווילנע — ד"ר צמח שאַבאַד. די קינדער־היימען זיינען געווען אַן אמתער ליכט־שטראַל אין דער קולטור־פינסטערניש פון ערשטן מלחמה־יאָר אונטערן צאַרישן רעזשים. פון די דאָזיקע אַנשטאַלטן האָט שפּעטער אַרויסגעבליט דאָס מאָדערנע יידישע שול־וועזן אין פּוילן.

אין וואַרשע זיינען געווען 22 אַזעלכע אַנשטאַלטן מיט העכער 6,000 קינדער, אַריינגערעכנט די אָרטאָדאָקסישע. די לעצטע זיינען, אמת, נישט געשטאַנען אויף אַ הויכן פּעדאַגאָגישן ניוואָ, האָבן אָבער געזאָרגט אַ סך פאַר דער געהעריקער דערנערונג פון די קינדער. אין ווילנע האָבן די דעמאָקראַטישע טוער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן: בולאַט (ליטווינער), געוועזענער דומע־דעפּוטאַט, ד"ר שאַבאַד (יידן), פּראָפעסאָר לוצקעוויטש (ווייסרוסן), אינזשענער באַגינסקי (פּאָליאַקן) געשאַפן אַ ספּעציעלן קאָמיטעט פאַר קינדער־פאַרזאָרגונג מיט אַמבולאַטאָריעס און מעדיצינישע פונקטן. מען פלעגט אָפט ברענגען היימלאָזע קינדער מיט אָפּגעפרוירענע פיסלעך און הענטלעך. די פּלאַקאַטן פון דאָזיקן קאָמיטעט פלעגן זיך דרוקן אין 5 שפּראַכן (יידיש, פּויליש, ליטוויש, ווייסרוסיש און רוסיש).

די הילף־אַקציע סיי פאַר די היימלאָזע פּליטים און אַרויסגעטריבענע, סיי פאַר די אָרטיקע מלחמה־געליטענע, סיי פאַר די פאַמיליעס פון די יידישע רעזערוויסטן האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום די יידישע קהילות אין יעדער שטאָט. דאָס זיינען געווען כמעט אומעטום די איינציקע, מער ווייניקער געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן עקסיסטירט אונטערן צאַרישן רעזשים. אין די גרעסערע שטעט פון פּוילן זיינען די קהילות דאָס רוב געווען באַהערשט פון די קלעריקאַלע און אַסימילאַטאָרישע גבירים (אין וואַרשע איז אויך דער מזרחי־ציוניסט העשל פאַרבשטיין געווען שטאַרק טעטיק אין הילף־קאָמיטעט), אין די קלענערע שטעט כמעט אינגאַנצן פון די קלעריקאַלע עלע־

מענטן. אין ווילנע, גראָדנע, ביאַליסטאָק האָבן די אויבערהאַנט געהאַט די אַזוי גערופענע יידישע פּראָגרעסיווע באַלעבאַטים. צוגעוואוינט צו טעטיקייט מיט אַלטפרענקישע מעטאָדן, אָן אַ מינדסטן געזעלשאַפטלעכן קאָנטראָל, זיינען די קהילות, פאַרשטייט זיך, נישט געווען דערוואַקסן צו דער אומגעהויערער, פאַראַנטוואָרטלעכער, פילזייטיקער און פאַרצווייגטער טעטיקייט, וואָס דער מלחמה־שטורעם מיט אַלע זיינע גרויזאַמע פאָלגן האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט. אין די גרעסערע צענטערס זיינען אויך געווען טעטיק די באַפולמעכטיקטע פון די צענטראַלע הילף־אָרגאַניזאַציעס, ווי דער פעטערבורגער קאָמיטעט, „ייקאָ", „אָרט", „אָזע" — דאָס רוב מענטשן מיט אַ געזעלשאַפטלעכן חוש און יאָרן פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, און זיי האָבן זיך באַמיט אַריינצוטראָגן מער געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיוו און רירעוודיקייט אין דער פאַרשלאָפענער אַטמאָספער פון די פּראָווינציעלע הילף־קאָמיטעטן. אַדאַנק דער איניציאַטיוו און מיט־הילף פון פעטערבורגער קאָמיטעט איז אין וואַרשע אויך געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט פון יונגע אַדוואָקאַטן (נ. פּרילוצקי, בערענסאָן, מאַרגאָליס, זיידעמאַן א"אַ), וועלכער האָט געזאַמלט אַלע מאַטעריאַלן וועגן די פּאָגראָמען, גירושים, שפּיאָנאַזש־העצע אאַז"וו.

## 9. די הילף־טעטיקייט פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס

די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, גערודפט דורך דער צאַרישער מאַכט, וועלכע האָט נישט געדולדעט די עקזיסטענץ פון אַ סאָציאַליסטישער באַוועגונג אונטער וואָס פאַר אַ פאָרם דאָס זאָל נישט זיין, האָבן געפירט אַן אומלעגאַלע טעטיקייט. מיטן אויסברוך פון דער מלחמה האָבן פיל אַרבעטער, דער עיקר אַרבעטסלאָזע און משפחות פון רעזערוויסטן, געמוזט אָנקומען צו הילף. דאָס האָט אַוועקגעשטעלט פאַר די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס די פראַגע וועגן אָרגאַניזירן זעלבשטענדיק אַ ברייטע הילף פאַר דער אַרבעטערשאַפט. די אַרבעטער האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן דעם אַלטמאָדישן צדקה־פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער פון די בירגערלעכע הילף־אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן זייער אָפט באַהאַנדלט די נויט־באַדערפטיקע ווי געוויינלעכע שנאָרער. די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַלטן, אַז די הילף פאַר די אַרבעטער דאַרף אָרגאַניזירט ווערן זעלבשטענדיק און טראָגן אַן אויסגעשפּראָכענעם געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, צוגעפּאַסט צו זייערע באַגריפן און געוואוינהייטן. די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן דעריבער געשאַפן זייערע אייגענע הילף־אָרגאַניזאַציעס אין דער פאָרם פון קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון צום ביליקן פאַרקויף פון שפּייז־פּראָדוקטן, זייערע אייגענע ביליקע קיכן און טיי־האַלעס, מיט וועלכע זיי האָבן אַליין פאַרוואַלטעט, שאַפנדיק די מיטלען דערצו דורך ספּעציעלע געלט־זאַמלונגען צווישן די סימפּאַטיקער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. זיי האָבן אָבער דערביי אויך מיט רעכט געפאָדערט רעגולערע שטיצע פון די עקסיסטירנדיקע אַלגעמיינע אינסטיטוציעס (בירגער־קאָמיטעטן, מאַגיסטראַטן, יידישע קהילות), וועלכע פלעגן באַקומען סיסטעמאַטישע סובסידיעס פון פאַרשידענע אַלגעמיין־מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע הילף־קאָמיטעטן. צולאָזנדיק אַ פינאַנציעלן קאָנטראָל מצד די אַלגעמיינע הילף־אינסטיטוציעס, פון וועלכע זיי פלעגן פאָדערן און באַקומען סובסידיעס, האָבן אָבער די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין דער זעלבער צייט בשום אופן נישט דערלאָזט, אַז די בירגערלעכע קאָמיטעטן זאָלן האָבן אין געזעלשאַפטלעכן זין אַ דעה איבער די אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס און זיך אַריינמישן אין זייער פירונג. זייער קאָנסומענטן־מאַסע איז באַשטאַנען דער עיקר פון אַרבעטנדיקע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום די געשאַפענע אייגענע הילף־אינסטיטוציעס. דאָס האָט אויך געגעבן די אַרבעטער אַ מעגלעכקייט זיך אויסצולעבן אידייאיש און אָרגאַניזאַציאָנעל אין אַן אייגענער חברשער סביבה.

אין אייניקע גרעסערע צענטערס, ווי וואַרשע, ווילנע, לאָדזש, האָבן די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, הויפּטזעכלעך די, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון „בונד", געפירט זייער הילף־אַקציע אין ענגן קאָנטאַקט מיט די פּוילישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, שאַפנדיק געמיינזאַמע „אַרבעטער־ווירטשאַפטלעכע קאָמיטעטן", צוזאַמענגעשטעלט פון פאָרשטייער פון אַרבעטער־ראַיאָנען און אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס (לעגאַלע און אומלעגאַלע). אין ווילנע, שוין אין ערשטן חודש פון דער מלחמה (אָנהויב אויגוסט 1914) האָבן 7 פאַרטרעטער (5 יידן און 2 נישט־יידן) פון די לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען דערלאַנגט דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אַ מעמאָראַנדום מיט דער פאָדערונג צו שאַפן ספּעציעל אַ שטאָטישע הילף־קאָמיסיע פאַר אַרבעטסלאָזע און גרינדן פאַר זיי ספּעציעלע קיכן. אין די מאָטיוון איז אָנגעגעבן געוואָרן, אַז אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וועמען די מלחמה האָט געמאַכט אַרבעטסלאָז, קאָנען נישט זיין אין די אַלגעמיינע קיכן צוזאַמען מיט אַלע סתם אָרימע לייט און פּראָפעסיאָנעלע שנאָרער, ווייל דאָס ווירקט פאַטאַל אויף זייער געמיט און מאָראַל. לכתחילה האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג דערין אָפּגעזאָגט. עס האָט געהייסן, אַז זי קאָן נישט שאַפן קיין ספּעציעלע פּריווילעגיעס פאַר די אַרבעטער. סוף כל סוף האָט זי דאָך מסכים געווען צו סובסידירן די קיכן, וואָס די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָבן אַליין געעפנט.

די צאַרישע „אָכראַנע" פלעגט כסדר האַלטן אַן אויג אויף די ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס פון די אַר־

בעטער. די „אָכראַנע” פלעגט דאָרטן אָפט מאַכן
איבערפאַלן, דורכפירן רעוויזיעס און אַרעסטן. פיל
פון די אַרעסטירטע פלעגן אָן אַ געריכט, אויף אַן
אַדמיניסטראַטיוון אופן, פאַרשיקט ווערן אין די ווייי־
טע מקומות פון סיביר. אַזוי זיינען אין וואַרשע, ערב
דעם 1טן מאַי 1915, אַרעסטירט געוואָרן טוער פון
„אַרבעטער־ווירטשאַפטל'עכן קאָמיטעט” און פון „אַר־
בעטער־פאַרמיטלונגס־ביוראָ”. האַרט פאַר דער עוואַ־
קואַציע פון וואַרשע זיינען די אַרעסטירטע פאַרשיקט
געוואָרן קיין סיביר.

איינע פון די וויכטיקסטע פאָרמען פון אַרבעטער־
הילף איז געווען די טעטיקייט פון די אַרבעט־
„פאַרמיטלונגס־ביוראָען” אין די גרעסערע שטעט. די
מלחמה און די גירושים האָבן גורם געווען אַ גע־
וואַלדיקע פּאָופּעריזאַציע פון די אידישע אַרבעטנדיקע
עלעמענטן. אין וואַרשע אַליין זיינען ביז 25,000
אידישע בעל־מלאכות אַרויסגעריסן געוואָרן פון זיי־
ערע אַרבעט־פלעצער. עס איז חרוב געוואָרן באַלד
אין אָנהויב פון דער מלחמה קאַליש מיט איר גרויי־
סער האַפּט־ און וועב־אינדוסטריע, וועלכע פלעגט
פּראָדוצירן די בעסטע סאָרטן טיול און שפּיצן. אין
משך פון אָקטאָבער—נאָוועמבער 1914 האָט די וואַר־
שעווער פאַרמיטלונגס־ביוראָ (סובסידירט פון „ייקאָ”)
פאַררעגיסטרירט ביז 4000 אַרבעטסלאָזע, און דאָס
איז געווען בלויז אַ צענט־חלק פון דער אַלגעמיינער
צאָל יידישע אַרבעטסלאָזע, וועלכע האָבן געפאָדערט
בלויז איין זאַך — אַרבעט. אין ווילנער אַרבעטס־
פאַרמיטלונג־ביוראָ האָבן פאַר די זעלביקע צוויי
חדשים זיך פאַררעגיסטרירט העכער 2,000 אַרבעטס־
לאָזע. אין די קלענערע שטעט, וואו עס איז נישט
דערגאַנגען די גזירה פון גירושים, האָבן געהאַט
אַרבעט בלויז שניידער און שוסטער, וועלכע האָבן
גאַנץ אָפט אויסגעפירט מיליטערישע באַשטעלונגען
פאַר די אָרטיקע גאַרניזאָנען, מיט וועלכע עס
זיינען געווען פאַרפאַקט אַלע שטעטלעך פון הינטערן־
פראָנט־ראַיאָן.

## 10. אַרבעטער־עמיגראַציע קיין טיף־רוסלאַנד

אונטערן דרוק פון די געוואַלדיקע פּראָטעסטן,
וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן צוליב די גרושים און
פּאָגראָמען אויף יידן און מסתמא, נאָכמער, אונטערן
דרוק פון דער נויטווענדיקייט צו האָבן וואָס מער
אַרבעטס־הענט אין דער מלחמה־צייט, האָט די צאַ־
רישע רעגירונג זיך געפונען געצוואונגען צו דערלויבן
יידן צייטווייליק זיך באַזעצן אין די געגנטן פון טיף־
רוסלאַנד אויסער דעם יידישן תחום, וואָס זיינען ביז
דעמאָלט געווען פאַר יידן פאַרשלאָסן אויף זיבן שלע־
סער. דאָס איז געמאַכט געוואָרן נישט אויפן געזעצ־
געבערישן וועג, נאָר אין דער פאָרם פון אַ צירקוליאַר
פון אינערן־מיניסטער צו די גובערנאַטאָרן. די רע־
גירונג האָט אויף אַזאַ אופן פאָרמעל אַקצעפּטירט די
פאַקטיש שוין געשאַפענע לאַגע, ווייל די הונדערטער
טויזנטער קרבנות פון די גרושים זיינען סיי ווי צו־
נויפגעשלעפּט און צעשפּרייט געוואָרן איבער די עכט־
רוסישע שטעט ביים דניעפּר, וואָלגע און ווייטער.
די טויערן פון תחום זיינען פאַקטיש — זאָל זיין
צייטווייליק — געעפנט געוואָרן. אָבער נישט ווי פרייע
בירגער זיינען די יידישע מאַסן אַרויס פון זייער פינ־
סטערער געטאָ. געיאָגטע און געפּלאָגטע, מיטן שאַנד־
צייכן פון שפּיאָנען האָבן זיי זיך געשלעפּט איבער די
ווייטע וועגן פון גרויסן רוסלאַנד, טויזנטער צעריי־
סענע פאַמיליעס, — וואו עלטערן, וואו קינדער, —
האָבן געזוכט אַ מקום מנוחה פאַר זייערע פאַרפּיי־
ניקטע גלידער און צעווייטיקטע געמיטער.

אין די נייע ערטער איז באַזונדערס טרויעריק
געווען די לאַגע פון יידישן האַנדלס־עלעמענט, פון די
אַזוי גערופענע לופט־מענטשן. דאָרטן, אין די קליינע
שטעטלעך פון תחום, האָבן זיי ווי נישט איז געלעבט,
פון וואָס נישט איז געצויגן זייער אָרימע חיונה. אין
די נייע, ווילד־פרעמדע פאַר זיי ערטער, איז זיי גע־
ווען זייער שווער זיך צופּאַסן צום אַרומיקן לעבן, און
זיי זיינען די ערשטע צייט כמעט אינגאַנצן געווען
אויסגעשטעלט אויף צדקה. דאַקעגן די אַרבעטנדיקע
עלעמענטן האָבן זיך געפונען אין אַ פיל בעסערער
לאַגע. דאָס רוב פון זיי האָבן גלייך געפונען אַרבעט
לויט זייערע פאַכן און האָבן אפילו בעסער פאַרדינט
דאָ, איידער פריער אין זייערע אַלטע היימען, אין
תחום. דערביי זיינען טויזנטער און טויזנטער אַר־
בעטער אָנגעקומען אויף זייערע נייע וואוין־ערטער
אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן — דורך די שוין דער־
מאָנטע „אַרבעטער־פאַרמיטלונגס־ביוראָען”. למשל, די
וואַרשעווער אַרבעטער־פאַרמיטלונגס־ביוראָ אַליין
פלעגט אין פרילינג־זומער 1915 אַוועקשיקן יעדן
חודש עטלעכע הונדערט יידישע אַרבעטער קיין רוס־
לאַנד. זיי פלעגן אַוועקפאָרן אויף די ערטער, וואוהין
מען האָט זיי אַנגאַזשירט, און זיי פלעגן באַלד פאַר־
נעמען זייערע אַרבעט־פלעצר. גאַנצע פאַכן און אַר־
בעט־צענטערס פון געוויסע ראַיאָנען זיינען עוואַקו־
אירט געוואָרן. אַזוי למשל, איז דער גאַנצער בערש־
טער־פאַך פון סואוואַלקער און ווילנער געגנטן אַרי־
בערגעפאָרן קיין ניזשני־נאָווגאָראָד (היינט—גאָרקי).
אָנשטאָט דורכשניטלעך 12 רובל אַ וואָך אין דער־
היים, פלעגן די בערשטער דאָ פאַרדינען 35—50 רובל
אַ וואָך. אַ גרויסער טייל פון גאַרבער־פאַך פון גראָד־
נער און ביאַליסטאָקער ראַיאָן האָט זיך אויך אַריבער־
געקליבן קיין ניזשני־נאָווגאָראָד; בלויז אין גרויסן
דאָרף באָגאָראָדסקאָיע זיינען אין האַרבסט 1915 גע־
ווען 50 יידישע גאַרבער־וואַרשטאַטן מיט 800 אַר־

בעטער. אין באָגאָראָדסק (מאָסקווער ראַיאָן) איז ביז דער מלחמה קיין איין ייד נישט געווען, האַרבסט 1915 האָבן דאָרט געאַרבעט 60 יידישע אונטערנעמונגען פון לעדער־אויסאַרבעטונגען, פון וועלכע עס האָבן געלעבט 3000 נפשות. די זאָקן־מאַכעריי פון ווילנע איז אַריבערגעפירט געוואָרן קיין פּאָלטאַווע. צו דער דערמאָנטער צייט האָבן דאָרטן געאַרבעט העכער 1000 יידישע אַרבעטער און אַרבעטערינס. הונדערטער יידישע בחורים האָבן געאַרבעט אַלס מעטאַל־אַרבעטער אין די פאַבריקן פון טולא *). פיל הונדערטער יידישע קליין־הענדלער און לופט־מענטשן האָבן זיך איבערגעשיכט און זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין פּראָצעס פון דער מלחמה־אינדוסטריע און ווירטשאַפט.

## 11. פּאָליטישע לאַגע און פּאָליטישע אָריענטאַציעס אין ערשטן מלחמה־יאָר

די צאַרישע רעגירונג האָט ביי איר גאַנצער טעמפּקייט און ברוטאַלקייט דאָך פאַרשטאַנען, אַז כדי צו געווינען די מלחמה מוז זי האָבן אויף איר זייט די סימפּאַטיעס פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, אויף וועמענס טעריטאָריע די שלאַכטן קומען פאָר. האָבן קעגן זיך אַזאַ מעכטיקן שונא, ווי דייטשלאַנד, און נאָך דערצו אויף אַ פראָנט און אין אַ הינטערלאַנד, וואָס איז באַוואוינט פון אַ פאָלק, וואָס האָט דורות־לאַנג געשמאַכט אונטערן צאַרישן יאָך און נישט אויפגעהערט צו טרוימען וועגן אומאָפּהענגיקייט, אַזאַ לאַגע — האָט אפילו דער האָפערדיקער צאַריזם געוואוסט — איז זייער געפערלעך. האָט זיך דעריבער גלייך אין אָנהויב פון דער מלחמה — 14טן אויגוסט — באַוויזן דער אויפרוף „צו די פּאָליאַקן" פונם הויפּט־קאָמאַנדיר פון די צאַרישע אַרמייען, דעם גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. אינם אויפרוף ווערט צוגעזאָגט, אַז פון דער מלחמה וועט אויפשטיין אַ „פּוילן, פריי אין איר גלויבן, שפּראַך, זעלבסטפאַרוואַלטונג, פאַראייניקט אונטערן סצעפּטער פון רוסישן צאַר". מען האָט גלייך געקענט זען, אַז דאָס איז סתם אַזוי אַ צוזאָג, געגעבן אונטערן דראַנג פון די מלחמה־פאַרהעלטענישן, און געגעבן נישט פון דער הויך פון צאַרישן טראָן, נישט פון צאַר אַליין און זיין רעגירונג, נאָר פון זיין מיליטערישן קאָמאַנדיר. אַזאַ וויכטיקע פּראָבלעם, ווי „פאַראייניקן אַלע דריי טיילן פון פּוילן אונטער אַ פרייער זעלבסטפאַרוואַלטונג", נאָך העכער הונדערט יאָר פאַרשקלאַפונג אונטער דריי גרויסע מלוכות — דאָס ווערט געלייזט אין אַ באַפעל פון אַ מיליטערישן הויפּט־קאָמאַנדיר! דאָך האָט כמעט דאָס גאַנצע פּוילישע בירגערטום, אָנגעפירט פון דער ענדעקישער פּאַרטיי מיט ראָמאַן דמאָווסקי בראש, זיך באַצויגן פּאָזיטיוו צום צוזאָג און זיך באַפרידיקט מיט אים; דער פּוילישער דעפּוטאַט יאַראָנסקי האָט אין שייכות מיט דעם איבערגעלייענט אין דומע אַן אונטערטעניקסטע דעקלאַראַציע פון פּוילישן "קאָלאָ". דמאָווסקי האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיטן וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר זשילינסקי און געבראַכט דערצו, אַז 69 פאָרשטייער פון די פאַרשידנסטע פּוילישע בירגערלעכע גרופּירונגען האָבן אַוועקגעשיקט צום צאַר אַן אונטערטעניקסטע דאַנק־דעפּעשע פאַרן „חסד". דער אָרקעסטער פון וואָליגער גוואַרדיע־פּולק האָט אויף די וואַרשעווער גאַסן געשפּילט דעם פּוילישן הימן „נאָך איז פּוילן נישט פאַרלוירן" (דאָס זיינען די זעלבע „וואָלינצעס", וועלכע האָבן אין די רעוואָלוציע־יאָרן 1905—6 זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע בלוטיקע רציחות אויף די זעלביקע וואַרשעווער גאַסן). לאָדזש איז דעם 18טן אויגוסט געווען באַצירט מיט צאַרישע פענער, לכבוד דעם געבורטסטאָג פון טראָנפאָלגער.

אַזאַ אָריענטאַציע אויפן צאַרישן רוסלאַנד האָט געהאַט אונטער זיך אַ געוויסן עקאָנאָמישן יסוד און אַנטשפּראָכן די אינטערעסן פון דער פּוילישער גרויס־ און מיטל־בורזשואַזיע. די לעצטע איז געווען ענג פאַרבונדן מיטן גרויסן רוסישן מאַרק, וועלכער פלעגט איינשלינגען צוויי־דריטל פון אַלע סחורות, וואָס פּוילן פלעגט פּראָדוצירן. חוץ דעם האָבן די פאַבריקאַנטן פון לאָדזשער טעקסטיל־ראַיאָן, די טאָנגעבער פון דער פּוילישער גרויס־בורזשואַזיע, גלייך ביים אָנהויב פון דער מלחמה באַקומען אַ סך מיליטערישע באַשטעלונגען, וואָס האָט, פאַרשטייט זיך, נאָכמער פאַרשטאַרקט זייער רוסישן ביזנעס־„פּאַטריאָטיזם". וואָס שייך דעם פּוילישן קליינבירגערטום האָט ער זיך איינגעלעבט גאַנץ וואַרעם אונטער די פליגלען פון רוסישן אָדלער. דער דאָזיקער קלאַס האָט בכלל מורא פאַר אויפטרייסלונגען, פאַר רעוואָלוציעס, איז ער מיטגעגאַנגען מיטן שטראָם. בלויז אַ קליינער טייל זיינער, די אינטעליגענץ, איז געגאַנגען מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.), וועלכע האָט אַרויסגעשטעלט אַלס איר פּראָגראַם־לאָזונג דעם קאַמף פאַר אַן אומאָפּהענגיק פּוילן. צווישן די פּריצים ווידער האָבן זיך שוין לאַנג אויסגעוועפּט די שפּורן פון אַמאָליקן אויפשטאַנד־ראָמאַנטיזם, און זיי זיינען געוואָרן רעאַל־פּאָליטיקער (די פּאַרטיי פון די גרויסע פּריצים און גרויס־בורזשואַזיע האָט זיך גערופן „פּאַרטיי פון רעאַלער פּאָליטיק"). אין דער זעלבער צייט איז דער צאַריזם, חוץ דעם צוזאָג פון

*) „יעווריייסקיא וויעסטי" נ. נ. 1 און 2, 1915, פּעטערבורג. די דאָזיקע צייטשריפט האָבן אַרויסגעגעבן אַ גרופּע בונדישע פּובליציסטן, צווישן זיי ה. ערליך, ד. זאַסלאַווסקי (האַמונקולוס), ד"ר מ. וויינרייך און אַנדערע.

ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן, פּאַקטיש מיט גאָרנישט אַנטקעגנגעקומען די פּאָליאַקן. נאָכמער, מען האָט אָפּגעטיילט כעלמער געגנט פון קאָנגרעס־פּוילן, וואָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ שטורעם, אפילו אַן אַלגעמיינעם פּראָטעסט־סטרייק קעגן דער „פערטער צעטיילונג פון פּוילן", ווי מען האָט דאָס אָנגערופן. עס איז אויך נישט איינגעפירט געוואָרן די צוגעזאָגטע פאַרקריפּלטע „זעלבסטפאַרוואַלטונג" פאַר די פּוילישע שטעט, וואָס דמאָווסקי און די פּוילישע דומע־קאָלאָ האָבן אויף איר שוין מסכים געווען. זייער הסכם אויף אַזאַ זעלבסטפאַרוואַלטונג איז געווען פאַרבונדן מיט דעם, וואָס די יידן וואָלטן אַדאַנק איר אינגאַנצן כמעט באַזייטיקט געוואָרן פון די שטאָט־פאַרוואַלטונגען.

די אידישע אַסימילאַטאָרישע בורזשואַזיע (די חסידישע האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך איר אויפן דאָזיקן געביט) איז געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט דער ענדעציע און די „רעאַל־פּאָליטיקער". זי האָט געפאָלגט דמאָווסקיס רוף: מיט פּוילן, אָדער קעגן פּוילן — דאָס האָט געהייסן, אַז קיין אייגענע יידישע פּאָליטיק טאָרן זיי נישט האָבן, זיי מוזן נאָכטאַנצן נאָך דער ענדעציע. מיט פּוילן — דאָס האָט אויף דמאָווסקיס לשון דעמאָלט געהייסן — מיטן צאַרישן רוסלאַנד אָן שום תנאים. אין אַ גרויסן דעקלאַראַציע־אַרטיקל, וואָס ער האָט דעמאָלט פאַרעפנטלעכט אין דער רוסישער פּרעסע שרייבט דמאָווסקי: „רוסלאַנד קאָן גיין מיט פּוילן קעגן די דייטשן, אָדער — מיט די דייטשן קעגן פּוילן, קיין דריטער וועג איז נישטאָ *). די יידישע אַסימילאַטאָריש־חסידישע בורזשואַזע שיכטן האָבן אויף אַזוי ווייט זיך צוגעפּאַסט צו די ענדעקעס, אַז זיי זיינען געווען אפילו קעגן שאַפן, מיט דער הילף פון די רוסישע יידן, באַזונדערע יידישע הילף־אָרגאַניזאַציעס פאַר די מלחמה־געליטענע. זיי האָבן מיט גרויס אומחן זיך באַצויגן צו די פּראָטעסטן קעגן דער אַנטיסעמיטישער העצע אין פּוילן, וועלכע זיינען געקומען פון די רוסישע יידן.

אין „קוריער וואַרשאַווסקי", פירנדיקער אָרגאַן פון דער גרויסבורזשואַזיע און ענדעציע האָבן זיי פאַרעפנטלעכט (דעם 12טן דעצעמבער 1914) אַ דערקלערונג, אונטערגעשריבן פון די וואָרטזאָגער און פירער פון דער אַסימילאַציע פּראָפ. דיקשטיין, נאַטאַנסאָן און אַנדערע, וואו זיי שטרייכן אונטער די יידישע לאָיאַלקייט צו פּוילן. „אונזער ציל — שרייבן זיי — בלייבט: אויפהויבן די יידישע מאַסע דורך אויפקלערונג און דורך סאָלידאַריזירונג מיטן לאַנד און מיט דער פּוילישער נאַציע". „מיר גלויבן אויך, אַז די פּויליש־יידישע פראַגע איז אַ ריין אינערלעכע, אויטאָ־

*) ציטירט לויט „בירזשעוויא וויעדאָמאָסטי", פּעטערבורג, 22טן סעפּטעמבער 1915.

נאָמע, זי קען גינסטיק געלייזט ווערן אויפן היגן באָדן אָן אַריינמישונג פון פרעמדע פּאָליטישע גרופּן". לויט די פאָדערונגען פון דער ענדעציע און אַנדערע, האָבן די דאָזיקע „פירער" פון פּוילישן יידנטום אפילו מסכים געווען אַרויסצולאָזן אַ דעקלאַראַציע אין דעם זין, אַז די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג איז געווענדט נאָר קעגן די „פרעמדע" יידן — די „ליטוואַקעס", אַז צו די פּוילישע יידן באַציט זיך די פּוילישע געזעלשאַפט זייער גוט. אונטער אַזאַ דעקלאַראַציע האָבן געזאָלט זיך אונטערשרייבן אויך פּאָפּולערע חסידישע רביים. ערשט די אַריינמישונג פון די פּעטערבורגער יידישע כלל־טוער, אין וועמענס הענט עס איז געווען די גאַנצע הילף־אַקציע פאַר די יידישע מלחמה־געליטענע אין פּוילן, האָט נישט דערלאָזט צו אַזאַ סקאַנדאַל.

וואָס שייך דעם נאַציאָנאַל געשטימטן טייל פון רוסישן און פּוילישן יידנטום האָט זיך דאַן צווישן זיי אַרויסגערוקט אַ רוסישע אָריענטאַציע, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען סיי פון די ווירטשאַפטלעכע, סיי פון די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אינטערעסן פון יידישן פאָלק, און דאָס — אין צוזאַמענהאַנג מיט די נצחונות פון צאַרישן מיליטער אין גאַליציע. שטאַרק פּראָפּאַגירט האָט די דאָזיקע אָריענטאַציע דאָס ווילנער ראַדיקאַלע וואָכנבלאַט „די וואָך", רעדאַקטירט פון ש. ניגער. מען האָט גערעכנט, אַז דאָס פאַראייניקן אַזאַ גרויסן קיבוץ פון העכער אַ מיליאָן יידן אין גאַליציע און בוקאָווינע מיטן רוסישן פּוילן און דורכדעם מיטן גרויסן רוסלאַנד וואָלט פאַרשטאַרקט די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע וואָג פון די יידן; עס וואָלט זיך אויסגעבילדעט גאָר אַ גרויסער פּלאַץ פאַרן יידישן קולטורעלן שאַפן, די קרעפטן פון יידישן פאָלק וואָלטן געוואָרן אָן אַן ערך רייכער, פילזייטיקער און פילפאַרביקער. אין אַ ריי אַרטיקלען אין דער „וואָך" (אָנהויב 1915) באַגרינדעט ש. ניגער אָט די דאָזיקע אָריענטאַציע בזה הלשון:

„מיר טאָרן זיך נישט לאָזן באַהערשן דורך געפילן, חייל דאָס געפיל ציט זיין זאַפט פון דער רגע. מען מוז האָבן אין זינען דעם צענטער פון יידישן פאָלק, דאָס דאָזיקע צענטער איז דער גרויסער יידישער קיבוץ אין רוסלאַנד. אַ מפּלה פון רוסלאַנד וואָלט גורם געווען צעטיילונג און צעברעקלונג פונם גרויסן יידישן קיבוץ אין רוסלאַנד און דאָס וואָלט געווען צוגלייך אַ צעטיילונג און אַ פיזור פון דער יידישער נאַציאָנאַלער ענערגיע. און פאַרקערט, יעדע פאַרמערונג פון אָט דעם קיבוץ איז אַ פאַרמערונג און אַ קאָנצענטרירונג פון די נאַציאָנאַל־קולטורעלע כוחות פון דעם יידישן פאָלק."

„דאָס איז פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער זייט. דאָס אייגענע איז אויך פון דער עקאָנאָמישער זייט. ליטע איז געווען דער גייסטיקער צענטער פון יידנטום אין רוסלאַנד, פּוילן איז געוואָרן זיין עקאָנאָמישער צענטער. אַ צעטיילונג וואָלט געבראַכט אַן עקאָנאָמישן און גייסטיקן חורבן פון יידנטום."

און ניגער פירט אויס:

„די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון די יידן איז, פונקט ווי די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַנטוויקלונג, פאַרבונדן מיטן ניצחון פון רוסלאַנד. דאָס אָפּנעמען גאַליציע פון עסטרייך וואָלט נאָך פאַרגרעסערן דעם יידישן קיבוץ אויף קרוב אַ מיליאָן און וואָלט ממילא פאַרגרעסערט און פאַרשטאַרקט זיין עקאָנאָמישן, נאַציאָנאַל־קולטורעלן און פּאָליטישן כוח. מען דאַרף זיך פאַרבינדן מיט די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון לאַנד און האָפן, אַז דער פּראָגרעס וועט זיגן סיי אויפן עקאָנאָמישן, סיי אויפן נאַציאָנאַל־קולטורעלן געביט". *)

אַ צווייטער אָרגאַן, דער רוסיש־יידישער „וואָסכאָד" ראַט די יידן פון פּוילן, אַז זיי זאָלן מיט אַלע קרעפטן און מיטלען שטרעבן, אַז פּוילן זאָל אומבאַדינגט און ביי אַלע פאַלן בלייבן נישט אָפּגעריסן פון רוסלאַנד. דאַקעגן דער חודש־זשורנאַל „יידישע וועלט" (ווילנע 1915) האַלט, אַז די עצה פון „וואָסכאָד" וואָלט געווען מצד די יידן פון פּוילן אַ זעלבסטמערדערישע פּאָליטיק. די „יידישע וועלט" ווייזט אָן, אַז אורטיילנדיק לויט דער לאַגע אין גאַליציע, קאָן מען האָבן מער אָפּטימיזם בנוגע דעם גורל פון די יידן אין אַ פרייען זעלבשטענדיקן פּוילן. מען קאָן אָבער, זעלבסטפאַרשטענדלעך, זען, אַז די אויבנגעבראַכטע מיינונגען שפּיגלען בלויז אָפּ געוויסע שטימונגען און געדאַנקען, וואָס האָבן געהערשט אין אַ טייל פון די יידישע געזעלשאַפטלעכע קרייזן. וועגן עפּעס אַן אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכער מיינונג פון גרופּן, אָדער פּאַרטייען האָט דאַן, אין רעכטן מיטן מלחמה־כאַאָס, נישט געקאָנט זיין קיין רייד.

דערצו נאָך האָט די צאַרישע רעגירונג דעם 5טן יולי 1915 אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, וועלכע פאַרווערט די גאַנצע יידישע פּרעסע. אַלע יידישע ציייטונגען זיינען פאַרמאַכט געוואָרן מיט איין קלאַפּ. ביי די זעקס מיליאָן יידן פון רוסלאַנד און פּוילן איז אָפּגעשניטן געוואָרן די צונג. האָט שוין ממילא נישט געקענט קומען צום אויסדרוק קיין שום מיינונג וועגן דער אָדער יענער פּאָליטישער אָריענטאַציע.

## 12. אומלעגאַלע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס

די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־ אָרגאַניזאַציעס — די פּוילישע, ווי די יידישע — זיינען געווען אומלעגאַל, געאַרבעט אונטער דער ערד. אומלעגאַל האָבן אויך געפירט זייער טעטיקייט די פּוילישע אומאָפּהענגיקייט־אָרגאַניזאַציעס, ווי דער פאַראיין פון קליינבירגערלעכע עלעמענטן, הויפּטזאַכלעך שוסטער־האַנטווערקער אויפן נאָמען פון קילינסקי (אַ שוסטער פון פאַך, געווען פּולקאָווניק אין דער אויפשטאַנד־אַרמיי פון קאָשטשושקאָ אין 4—1793), די פּ. אָ. וו. („פּאָלסקאַ אָרגאַניזאַציאַ וואָיסקאָוואַ", פּוילישע מיליטע־רישע אָרגאַניזאַציע), די פּויערים־פּאַרטיי „וויזוואָלעניע" און אַנדערע.

אין וואַרשע האָבן די פּ. פּ. ס. — לעוויצע, ס. ד. ק. פּ. און ל. און דער „בונד" גלייך נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה געבילדעט אַ געמיינזאַמע „צענטראַלע ראַדע" (ראַט) מיט אַ גלייכער צאָל פאַרשטייער פון אַלע דריי פּאַרטייען. די „ראַדע" האָט אַרויסגעלאָזט אַ ריי אויפרופן אין פּויליש, רוסיש און יידיש; זי האָט אין זיי באַלויכטן, פונם שטאַנדפּונקט פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, דעם אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער פון דער מלחמה, אויפגעוויזן אויף דער פאַרברעכערישער פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג פאַר און בעת דער מלחמה, אויפגעקלערט די אמתע כוונות פון די צוזאָגן פון הויפּט־קאָמאַנדיר ניקאָלאַי־ניקאָלאַיעוויטש, געשילדערט די קאַטאַסטראָפאַלע לאַגע אין לאַנד בכלל און באַזונדערס אין פּוילן, די אַרענע פון די מלחמה־אָפּעראַציעס, — די באַציאונג פון די צאַרישע ציווילע און מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען צו דער אָרטיקער באַפעלקערונג, באַזונדערס דער יידישער, מיט דער שפּיאָנאַזש־העצע, פּאָגראָמען און גרושים. דאָס זיינען געווען די איינציקע שטימען ביים מלחמה־פראָנט, וואָס האָבן געקלונגען מיט פּראָטעסט און צאָרן, ווי אַ שאַרפער דיסאָנאַנס קעגן אַלגעמיינעם כאָר פון פּוילישן און יידישן בירגערטום מיט זייערע אונטערטעניקייט־דערקלערונגען און לויבגעזאַנגען פאַרן הערשנדיקן רעזשים. אין אירע אויפרופן האָט די „ראַדע" צווישן אַנדערן גערופן צום קאַמף קעגן די געשאַפענע בעת דער מלחמה ווירטשאַפטלעכע בירגער־קאָמיטעטן מיט זייער אַנטי־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער און צוזאַמענשטעל און זיך אַרויסגעזאָגט פאַר שאַפן זעלבשטענדיקע פּראָלעטאַרישע הילף־אָרגאַניזאַציעס. זומער 1915, ווען עס איז געווען קלאָר, אַז די צאַרישע אַרמיי מוז אַוועק פון פּוילן האָט די „ראַדע" זיך באַטייליקט אין צוגרייטן און שאַפן די „בירגער־מיליץ", וועלכע האָט געדאַרפט נאָך דער עוואַקואַציע פון די צאַרישע מאַכט־אָרגאַנען איבערנעמען די פונקציעס פון דער פּאָליציי.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד", וועלכער האָט דאַן געהאַט זיין זיץ־אָרט אין פּעטראָגראַד, האָט אויסגעטיילט אויף דער צייט פון דער מלחמה אַ באַזונדערע צענטראַלע קערפּערשאַפט — „קאָמיטעט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן". דער קאָמיטעט האָט געהאַט זיין זיץ־אָרט אין וואַרשע. חוץ זיין פאָרשטייערשאַפט אין דער דערמאָנטער צענטראַלער „ראַדע", און זיין טעטיקייט צוזאַמען מיט איר, האָט דער קאָמיטעט נאָך אויסגעאַרבעט אַ ספּעציעלע פּראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן דער שפּיאָנאַזש־העצע און יידן־פּאָגראָמען. די רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן אין די פאַבריקן און

*) ש. ניגער — די מלחמה און מיר יידן, „די וואָך", ווילנע, 1915, נ. נ. 1, 3, 4, 5, 6, 7, 8.

וואַרשטאַטן פון טויזנטער יידישע אַרבעטער און איז אויך פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן צו אַלע קאָנסולאַטן און פאָרשטייערשאַפטן פון אויסלענדישע רעגירונגען אין וואַרשע. דער קאָמיטעט האָט אויך פאַרעפנטלעכט אין פויליש און יידיש אַ דעקלאַראַציע וועגן די פויליש־יידישע באַציאונגען. דאָרטן ווערט אָנגעוויזן אויפן כאַראַקטער און מהות פון די פאַרשאַרפטע באַציאונגען צווישן ביידע פעלקער, וואָס וואוינען באַענט צוזאַמען שוין הונדערטער יאָרן און ליידן אויך איצט גלייך צוזאַמען פון איין און דערזעלבער פינצטערער מאַכט.

מיר פאָדערן — זאָגט די דעקלאַראַציע — די פולשטענדיקע דעמאָקראַטיזירונג פון אַלע פאָרמען פון דער געזעלשאַפטלעכער און פאָליטישער אָרדענונג אין פוילן, אומאָפּהענגיק פון אירע מעגלעכע טעריטאָריאַלע גרענעצן און פעלקער־רעכטלעכער לאַגע; און נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע ווי די איינציקע זיכערע גאַראַנטיע פאַר נאַציאָנאַלע רעכט פון יידישן פאָלק, ווי פון יעדער נאַציאָנאַלער מינדערהייט. אין פאַרווירקלעכן אָט די פאָדערונגען זעען מיר דעם איינציקן יסוד פאַר אַ ריכטיקער לייזונג פון דער פויליש־יידישער פראַגע אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. אין קאַמף פאַר אונזערע פאָדערונגען רופן מיר, יידישע פּראָלעטאַריער, צו הילף קרעפטן מחוץ דעם יידנטום — מיר רופן צו די עקספּלואַטירטע מאַסן, צו וועלכע אויך מיר געהערן, מיר רופן צו דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט פון פוילישן און רוסישן פּראָלעטאַריאַט, מיט וועמען מיר קעמפן צוזאַמען פאַר דער געמיינזאַמער פאַרווירקלעכונג פון אונזערע אידעאַלן *).

אין ווילנע איז דעם זעלבן זומער 1915 פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון בונדישע טוער פון אַ ריי שטעט, דערין אויך פון פוילן, גערופן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד״. אויף דער טאָג־אָרדענונג זיינען געשטאַנען די פראַגן וועגן דער באַציאונג צו דער מלחמה, צו דער הילף־אַקציע פאַר די מלחמה־געליטענע, וועגן דער פּאַרטיי־טעטיקייט אונטערן מלחמה־רעזשים. שטאַרקע מיינונג־פאַרשידנהייטן האָט אַרויסגערופן די פראַגע וועגן דער באַציאונג צו דער הילף־אַקציע, — צי זאָל דער „בונד״ אַריין אין די געשאַפענע בירגערלעכע הילף־קאָמיטעטן. די באַראַטונג האָט באַשלאָסן, אַז דער „בונד״ דאַרף שאַפן אויף די ערטער אייגענעווירטשאַפטלעכע הילף־אינסטיטוציעס, פירן די אַקציע זעלבשטענדיק און נישט באַטייליקן זיך אין די אַלגעמיינע בירגערלעכע הילף־קאָמיטעטן.

## 13. עוואַקואַציע און אָקופּאַציע

די עוואַקואַציע פון רוסישן מיליטער (אָנהויב אויגוסט 1915) איז פאָרגעקומען נישט אומעטום אין דער געהעריקער אָרדענונג. אין די גרעסערע שטעט איז נאָך געווען אַ שיין געזעצמעסיקייט, מען האָט דעם פאַרוואַלטונג־אַפּאַראַט איבערגעגעבן די „בירגער־קאָמיטעטן״, און מען האָט די יידן ספּעציעל נישט שיקאַנירט. אָבער אין די קלענערע פּונקטן האָט זיך ווידער אַמאָל געשאַפן ממש אַ גיהינום פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. אויף ווענדונגען פון יידישע דעלעגאַציעס צו דער מיליטער־מאַכט צוליב די שריפות און רויבערייען, וואָס די זעלנער פלעגן אַדורכפירן ביים אָפּטרעטן, איז דאָס רוב געווען איין ענטפער: „איר, זשידעס, וואַרט דאָך אויף די דייטשן, איר האָט שוין אָנגעגרייט פאַר זיי גאַנצע קעלערס מיט שפּייז און פּראָדוקטן!״ געווען פאַלן, ווען קאָזאַקן האָבן אַרויסגעשלעפּט יידן פון די קעלערס, וואו זיי האָבן זיך באַהאַלטן מיט זייער ביסל האָב און גוטס, זיי געבונדן און געפירט אויסער דער שטאָט צום דערשיסן. מען האָט די עקזעקוציע נישט באַוויזן אויסצופירן, ווייל עס האָבן זיך דערנענטערט די דייטשע אַוואַנגאַרדן. אין פיל ערטער האָבן די אָפיצירן גענומען גרויסע סומעס געלט כאַבאַר, און די שטעטלעך זיינען געראַטעוועט געוואָרן פון שרפות און חורבן. געווען פיל פאַלן, ווען אָנגעהעצטע פּויערים האָבן געגלויבט, אַז יידן זיינען שפּיאָנען, דינען די דייטשן און אַז זיי זיינען שולדיק דערין, וואָס מען פאַרברענט זייער תבואה, זייערע הייזער און זייער ביסל אָרימקייט. געווען פאַלן ווען די פּויערים האָבן נישט אַריינגעלאָזט די יידן אין דאָרף, וואוהין זיי האָבן זיך געראַטעוועט פון די ברענענדיקע שטעטלעך. אימהדיק איז געווען דאָס בילד: ביינאַכט, ביים שיין פון רויטן הימל און ביי אַ גוס רעגן ציען זיך אויף די בלאָטיקע שליאַכן מחנות יידן, אויף וועגענער און צופוס, מיט זויג־קינדער אויף די הענט, אויסגעהונגערטע, אויסגעמאַטערטע און קענען קיין אָרט נישט געפינען.

אין דער צווייטער העלפט 1915 איז שוין גאַנץ קאָנגרעס־פּוילן מיט גראָדנער, ווילנער, קאָוונער און פּאָלעסיער געגנטן געווען אָקופּירט פון דייטשן מיליטער. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ניי־געשאַפענער סיטואַציע זיינען פאַר די יידן אין פּוילן אַנטשטאַנען גאָר נייע פּערספּעקטיוון און פּראָבלעמען.



*) איבערגעדרוקט אין „אינפאָרמאַציאָני ליסטאָק״, אָרגאַן פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד״, זשענעווו, יאַנואַר 1915, נ. 8.

מיר ציטירן לויט דער דייטשער איבערזעצונג אין דער דערמאָנטער זאַמלונג פון מאַטעריאַלן (אין ענגליש און דייטש), אויסגאַבע פון וועלט־פאַרבאַנד פון די פּ. צ. — „די יידן און די מלחמה״, האַג, 1916, ז. 75.

# II. די דייטשע אָקופּאַציע 1918—1915

## 1. די אַלגעמיינע ווירטשאַפטלעכע לאַגע



די אָקופּאַציע האָט איבערגעריסן אַלע פעדים, וואָס האָבן פאַרבונדן ווירטשאַפטלעך קאָנגרעס־פּוילן און ווילנער־ביאַליסטאָקער ראַיאָן מיטן גרויסן רוסישן מאַרק. די דאָזיקע פעדים, ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, זיינען געווען שטאַרקע, געוועבט אין משך פון דורות, ווען די דאָזיקע גרויסע טעריטאָריעס זיינען געווען איינגעגלידערט אין ווירטשאַפטלעכן אָרגאַניזם פון דער ריזיקער רוסישער מלוכה.

לאָדזשער פאַבריקאַנטן זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו עקספּלואַטירן די רייכע באַנוול־פּלאַנטאַציעס פון מיטל־אַזיע, געשאַפן געמיינזאַם טרעסטן און סינדיקאַטן. דער באַקוער נאַפט (נישט דער „נאַציאָנאַל־פּוילישער" פון מזרח־גאַליציע) פלעגט גיין קיין פּוילן. פון פּוילן קיין רוסלאַנד זיינען געפאָרן אינזשינערן און בכלל פיל פון דער אינטעליגענץ אויף מלוכה־פּאָסטנס (אין פּוילן גופא פלעגט די צאַרישע רעגירונג בכלל נישט האַלטן פּאָליאַקן אויף מלוכה־פּאָסטנס). 93 פּראָצענט פון דער טעקסטיל־פּראָדוקציע פון קאָנגרעס־פּוילן און פון ביאַליסטאָקער ראַיאָן פלעגט פאַר דער מלחמה עקספּאָרטירט ווערן קיין רוסלאַנד *) אַהין פלעגט גיין 85 פּראָצענט פון דער ווילנער הענטשקעס־אינדוסטריע ; די דאָרטיקע זאָקן־אינדוסטריע פלעגט עקספּאָרטירן אויף עטלעכע מיליאָן רובל אַ יאָר (ביידע צווייגן כמעט אויסשליסלעך אין יידישע הענט). פון ווילנע, וואַרשע, בזשעזשין און אַנדערע שטעט פלעגט גיין אַ גרויסער עקספּאָרט פון פאַרטיקע קליידער. דאָס זעלבע מיט דער מעכאַנישער שיך־אינדוסטריע. לאָדזשער און ביאַליסטאָקער טעקסטיל־סחורות פלעגן געשיקט ווערן קיין פּינסק מיט דער באַן און פון דאַנען מיטן ביליקן וואַסער־וועג צו די פּונקטן, וואָס ליגן ביים דניעפּר. מיטן זעלבן וועג פלעגט פון פּינסק גיין אירע רייכע האָלץ־אויסאַרבעטונגען פאַר גאַנץ רוסלאַנד. די יידן האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט צוויי־דריטל פון האַנדל. אין אַ סך שטעט און אַ סך צווייגן האָט זייער אָנטייל אין האַנדל דערגרייכט 80—90 פּראָצענט. אַ פערטל פון דער אינדוסטריע איז געלעגן אין יידישע הענט, אין איניקע צווייגן און שטעט זיינען צוויי־דריטל פון די אונטערנעמער געווען יידן.

*) Dzieje Gospodarcze Polski, Warszawa, 1922.



אין ביאַליסטאָק האָט ערב דער מלחמה 88 פּראָצענט וועבערייען געהערט צו יידן. אין לאָדזש איז 60 פּראָצענט פון האַנדל געלעגן אין יידישע הענט.

די אָקופּאַציע האָט אַלע דערמאָנטע הכנסה־קוואַלן פאַרשטאָפּט, דעם לעבנס־נערוו פון די פּוילישע יידן — דעם האַנדל מיט רוסלאַנד — איבערגעריסן. אין די רוסישע בענק זיינען „פאַרפרוירן" געוואָרן פון לאָדזש אַליין ביז צוויי מיליאַרד זלאָטעס. מיט איר רויב־ווירטשאַפט און רעקוויזיציעס האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט דעם דאָזיקן חורבן הונדערטפאַך נאָך פאַרגרעסערט. לויט די אָפיציעלע מאַטעריאַלן פון דער שלום־קאָנפערענץ אין פּאַריז**) האָט פּוילן געהאַט שאָדנס צוליב דער אָקופּאַציע :

1) פון רעקוויזיציעס פון מאַשינען און פאַבריק־אינסטאָלאַציעס אויף אַ סומע פון 3,985,3 מיליאָן פראַנק ; דערביי איז אויפן חלק פון קאָנגרעס־פּוילן (דעם רוסישן טייל) אַליין אויסגעפאַלן 2,972,7 מיליאָן פראַנק.

2) רעקוויזיציעס פון מאַטעריאַלן, רוישטאָפן און פאַרטיקע פּראָדוקטן — 2,154,2 מיליאָן פראַנק ; אין קאָנגרעס־פּוילן אַליין — 1,777,6 מיליאָן.

3) רעקוויזיציעס פון בהמות, עופות אד"גל — 5,677,0 מיליאָן פראַנק.

4) פון די הויפּט־אינדוסטריע־צווייגן האָבן געליטן (אין מיליאָנען פראַנק) :

א) טעקסטיל־אינדוסטריע — 3,792,8

ב) מעטאַל־אינדוסטריע — 1,329,2.

ג) דערנער־אינדוסטריע — 1,381,9,

5) וועלדער זיינען אויסגעהאַקט און צעשעדיקט געוואָרן אויף 1,070,5 מיליאָן.

ווי ווייט פאַראָרימט דאָס גאַנצע לאַנד איז געוואָרן פאַר די פיר יאָר מלחמה און אָקופּאַציע זעען מיר פון פאָלגנדיקע ציפערן : אין יאָר 1913 האָט מען אויפן שטח פון אַלע דריי טיילן פון פּוילן פּראָדוצירט ווייץ און קאָרן 7274 מיליאָן טאָן. נאָך דער מלחמה — 1920 — נאָר 2420 מיליאָן טאָן. אין יאָר 1910 האָט פּוילן (אין די נאָך־מלחמה־גרענעצן) פאַרמאָגט דריי מיט אַ האַלב מיליאָן פערד, אין 1920 נאָר 113,290. חזירים מיט אַ האַלבן מיליאָן ווייניקער ווי פאַר דער מלחמה. די קוילן־פּראָדוקציע איז אין פאַרגלייך מיט פאַר דער מלחמה פאַרקלע־

**) Delegation Polonaise a la Conference de la Paix, Paris, Avril, 1919: Evaluation Approximative des domages de Guerre causes a la Pologne.

נערט געוואָרן אויף 27 פּראָצענט, אייזן־פּראָדוקציע אויף צוויי־דריטל. אין דער טעקסטיל־פּראָדוקציע האָט געאַרבעט העכסטנס צוויי־דריטל אַרבעטער פון פאַר דער מלחמה.

## 2. דיווירטשאַפטלעכע לאַגע פון די יידן

מיר האָבן שוין געזען, ווי ווייט דער חורבן פון מלחמה און אָקופּאַציע האָט געמוזט ווירקן אויף די האַנדלס־באַציאונגען און דורכדעם אויף די יידן, וועלכע האָבן גענומען דעם גרעסטן אָנטייל אין האַנדל פון פּוילן מיט רוסלאַנד. ווי אַזוי די אָקופּאַציע האָט געווירקט אויף דער יידישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג גיבן אונז אַ בולט בילד די סטאַטיסטישע ידיעות, וועלכע עס האָט צונויפגעזאַמלט די אַנקעטע פון „דזשאָינט" שוין נאָכן סוף פון דער מלחמה און אָקופּאַציע אין יאָר 1920 און אָנהויב 1921 *).

די אַנקעטע האָט אַרומגענומען אַ שטח מיט אַ באַפעלקערונג פון 25 מיליאָן. עס זיינען אויסגעפאָרשט געוואָרן העכער 70 טויזנט יידישע אינדוסטריעלע און האַנטווערקער־אונטערנעמונגען, דערין אין וואַרשע 12,414 אין לאָדזש 6,322, אין ביאַליסטאָק 1823, לעמבערג 2512. די מחברים פון דער אַנקעטע פאַרזיכערן, אַז 90 פּראָצענט פון די יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען איז זיי געלונגען אויסצופאָרשן און באַשרייבן. דאָס גיט אונז די מעגלעכקייט צו פאַרגלייכן דעם צושטאַנד פון געגעבענעם אינדוסטריע צווייג, וואָס איז געלעגן אין יידישע הענט צום מאָמענט פון מלחמה־אויסברוך — אויגוסט 1914, — זיין צושטאַנד אין די מלחמה־יאָרן און אָקופּאַציע (צאָל באַשעפטיקטע אַרבעטער, ליקווידאַציע, סיבות פון ליקווידאַציע בעת דער מלחמה) און זיין צושטאַנד נאָך העכער פיר יאָר מלחמה און אָקופּאַציע. די אַנקעטע איז, אמת, דורכגעפירט געוואָרן סוף 1920 און אָנהויב 1921, דאָס הייסט קנאַפּע צוויי יאָר נאָכן פאָרמעלן סוף פון דער מלחמה. אָבער פאַר דער דאָזיקער קורצער צייט, ווען עס האָט נאָך פאַקטיש געהערשט דער כאַאָס פון די מלחמה־יאָרן, האָבן די יידן אין פּוילן נאָך נישט באַוויזן קומען צו זיך אין ווירטשאַפטלעכן זין, בפרט נאָך, ווען אין 1920 איז ווידער אָנגעגאַנגען אַ מלחמה, דאָס מאָל מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד, און עס האָט פאַקטיש געהערשט דער זעלבער צושטאַנד ווי אין די פאַרגאַנגענע פיר מלחמה־יאָרן.

לויט דער אַנקעטע זיינען אין וואַרשע געווען צום 1טן אויגוסט 1914 — 9731 יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען מיט אַן אַלגעמיינער צאָל 63,145 באַשעפטיקטע אַרבעטער אין זיי. אין 1920 זיינען געווען באַשעפטיקט בלויז 20,125 אַרבעטער, ד"ה 31.9 פּראָצענט. פון די אויסגעפאָרשטע צווייגן וועלן מיר נעמען בלויז צוויי — דעם „יידישן" פאַך באַקלייד און — דערנערונג, דער לעצטער איז אַ פאַך, וואָס מוז אַרבעטן ביי אַלע אומשטענדן און אין אַלע צייטן, נישט קיין סעזאָןפאַך. אין די דערמאָנטע 9731 יידישע אונטערנעמונגען זיינען פאַר דער מלחמה געווען באַשעפטיקט 57,240 יידן, נאָך דער מלחמה בלויז 17,923 — 31.3 פּראָצענט. דערפון זיינען אין „יידישן" באַקלייד־פאַך פאַר דער מלחמה געווען באַשעפטיקט 28,158, נאָך דער מלחמה — 8113. אין דערנערפאַכן: 1914—4190, 1920—2029 ד"ה 48.4 פּראָצענט!

די אַנקעטע־ציפערן ווייזן אויף דעם וואוקס פון דער צאָל ליקווידירטע יידישע אונטערנעמונגען אין וואַרשע פאַר די יאָרן פון מלחמה און אָקופּאַציע. אינם ערשטן מלחמה־יאָר זיינען ליקווידירט געוואָרן 21.2 פּראָצענט אונטערנעמונגען, אין 1915 — 30.2 פּראָצענט, 1916 — 35.4 פּראָצענט. דערפון זיינען אין באַקלייד־פאַך ליקווידירט געוואָרן: 1914 — 21.4 אונטערנעמונגען, 1915 — 29.3 פּראָצענט, 1916 — 33.2 פּראָצענט. אין אַזאַ לעבנסצווייג ווי דערנערונג זיינען ליקווידירט געוואָרן: 1914 — 7.8 פּראָצ., 1915 — 30 פּראָצ., 1916 — 34.4 פּראָצ.! כאַראַקטעריסטיש זיינען די אָנגעגעבענע סיבות פון דער ליקווידאַציע: צוליב מאַנגל אין מאַשינען — 8.8 פּראָצ., מאַנגל אין אומזאַץ־קאַפּיטאַל — 12.7 פּראָצענט., מאַנגל אין אָפּנעמער — 14.4 פּראָצענט.

נעמען מיר די וואַרשעווער וואָיעוואודסטווע מיט אַזעלכע קלענערע אינדוסטריע־ און האַנטווערקער־פּונקטן ווי: גראָדזיסק, קאַלושין, נאָווידוואָר, וולאָצלאַוועק, פּלאָצק, מינסק־מאַזאָוועצק א. א., זעען מיר די זעלבע דערשיינונג: אין די אויסגעפאָרשטע 3778 אונטערנעמונגען מיט 10,531 לוינאַרבעטער אין 1914, זיינען סוף 1920 געווען באַשעפטיקט בלויז 4011 אַרבעטער, 38.1 פּראָצענט פון פאַר דער מלחמה. אין דער באַקלייד־אינדוסטריע: אין 1914 — 5400, 1920 — 1944 (36 פּראָצ.). אין דערנער־אינדוסטריע: 1914 — 1156, 1920 — 579 (50.1 פּראָצ.). דערין יידן: אין דער באַקלייד: 1914 — 5215, אין 1920 — 1949 (36 פּראָצ.). יידן אין דער דערנער־אינדוסטריע: 1914 — 890, אין 1920 — 435, 48.9 פּראָצענט. צו די סיבות פון ליקווידאַציע קומט אין וואַרשעווער וואָיעוואודסטווע נאָך צו: צוליב עוואַקואַציע (די אויסגערעכנטע ישובים האָבן איבער־

*) יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין פּוילן, אַנקעטע פון דזשאָינט (אין יידיש, פּויליש, און ענגליש) 3 בענד, וואַרשע, 1921.

געלעבט אַ ריי גירושים פאַרן ערשטן יאָר מלחמה) — 19.8, מאַנגל אין אומזאַץ־קאַפיטאַל — 33,8, מאַנגל אין אָפנעמער — 40.6 פראָצענט.

אין לאָדזש, דעם פוילישן מאַנטשעסטער, וואָס האָט צוזאַמען מיט דער אומגעגנט פאַר דער מלחמה אַרויסגעגעבן 40 פראָצענט פון דער גאַנצער פראָדוקציע פון קאָנגרעס־פוילן, זיינען אין די 4755 אויסגעפאָרשטע יידישע אונטערנעמונגען געווען באַשעפטיקט: אין 1914 — 30,848 לוין־אַרבעטער, סוף 1920 אַ העלפט בלויז — 15,707. יידן זיינען געווען באַשעפטיקט אין טעקסטיל־פאַך: 1914 — 7431, אין 1920 — 3677 (49,5 פראָצ.). אין באַקלייד־פאַך מאַכט דאָ אויס די פאַרקלענערונג פון דער צאָל יידן 60,6 פראָצענט, אין דערנערונג 56,9 (די אַלגעמיינע פאַרקלענערונג — 52,5 פראָצ.). דער פאַרהעלטניס־מעסיק גרויסער פראָצענט פאַרקלענערונג אין דערנערונג־פאַך שטייט געוויס אין פאַרבינדונג מיט דער גרויסער פאַרקלענערונג אין דער טעקסטיל־ און באַקלייד־אינדוסטריעס, וואָס זיינען געווען, פאַרשטייט זיך, באַדינט פון דעם פאַך. פאַר לאָדז איז אָנגעגעבן די סיבות פון דער ליקווידאַציע פון די אונטערנעמונגען: מאַנגל אין מאַשינען 15.2 פראָצענט, אין אָפנעמער — 36.5 פראָצענט.

דעם זעלבן בילד זעען מיר מער־וויניקער אויך אין לאָדזשער וואָיעוואָדסטווע מיט אַזעלכע יידישע טעקסטיל־שטעט ווי בעלכאַטאָוו, טאָמאַשאָוו, זדונסקע־וואָליע, אָזאָרקאָוו, זגערזש, קאַליש און באַקלייד־פונקטן ווי בזשעזשין, נאָוואָראַדאָמסק, פעטריקאָוו און אַנדערע. אין די אויסגעפאָרשטע 4123 יידישע אונטערנעמונגען מיט 18,195 לוין־אַרבעטער אין 1914 האָבן אָנהויב 1921 געאַרבעט בלויז 37.8 פראָצענט. אין באַקלייד מאַכט אויס די פאַרקלענערונג 55.4 פראָצענט, אין דערנערונג 42,9 פראָצענט, אין טעקסטיל 62.7 פראָצענט. די צאָל יידישע לוין־אַרבעטער אין אַלע דריי אינדוסטריעס איז פאַרקלענערט געוואָרן אויף 61.6 פראָצענט! די סיבות פאַר דער ליקווידאַציע פון אונטערנעמונגען זיינען דאָ אָנגעוויזן געוואָרן: 37,1 מאַנגל אין אָפנעמער, 11.6 פראָצענט מאַנגל אין מאַשינען, 12.5 פראָצענט דאָס פעלן פון רוישטאָף, 15.4 פראָצענט — דאָס פעלן פון אומזאַץ־קאַפיטאַל.

ביאַליסטאָק איז אַ יידישע טעקסטיל-שטאָט, הן לויט דער צאָל אונטערנעמער־יידן, הן לויט דער צאָל באַשעפטיקטע יידישע אַרבעטער. אין יאָר 1912 זיינען אין ביאַליסטאָק געווען 750 מעכאַנישע וועבער, דערין יידישע 445, אויף 1116 מעכאַנישע וועבשטולן, דערפון אין יידישע פאַבריקן — 741. אַלע לוין־קעטניקעס זיינען געווען יידן. 88 פראָצענט וועבערייען האָבן געהערט צו יידן. נאָך דער מלחמה האָט אין הינזיכט פון יידישן באַזיץ די לאַגע נאָך מער זיך פאַרבעסערט — אַלע פאַבריקן זיינען אַריבערגעגאַנגען צו יידישע אונטערנעמער (די דייטשע פאַבריק־אייגנטימער האָבן זיך עוואַקואירט, צוזאַמען מיטן דייטשן אָקופאַציע־מיליטער), אַחוץ איין פליושפאַבריק, וואָס האָט געהערט צום לאָדזשער פאַבריקאַנט בעקער (אַ דייטש). צום 1טן אויגוסט 1914 האָבן 1439 יידישע אונטערנעמונגען באַשעפטיקט 10,208 לוין-אַרבעטער, אָנהויב 1921 — נאָר 5303 — אַ פאַרקלענערונג כמעט אויף אַ העלפט. אין דער הויפט־אינדוסטריע פון דער שטאָט — טעקסטיל — האָט די צאָל יידישע אַרבעטער זיך פאַרקלענערט אויף 38.8 פראָצענט (1179 יידישע אַרבעטער), אין באַקלייד אויף 65.9 פראָצענט, דערנערונג — 49.3 פראָצענט. אין 1914 איז ליקווידירט געוואָרן 4.7 פראָצענט אונטערנעמונגען, אין 1915 — 11.6 פראָצ., 1916 — 24.8 פראָצענט. די סיבות ווערן דאָ אָנגעגעבן: דער מאַנגל אין אומזאַץ־קאַפיטל — 45.7 פראָצענט, אין אָפנעמער — 19.8 פראָצענט, אין מאַשינען — 15.8 פראָצענט.

צום ביאַליסטאָקער ראַיאָן געהערן אַ ריי אינדוסטריעלע טעקסטיל שטעטלעך, ווי האָראָדאָק, יאַשינאָווקע, וואַשילקאָווע, מיכאַלאָווע, ווי אויך שטעט מיט אַ פאַרשידנאַרטיקער אינדוסטריע, ווי גראָדנע, לאָמזשע, קרינקי, סאָקאָלקע, סעמיאַטיטש, וואָלקאָוויסק, זאַבלודאָווע און אַנדערע. דער דאָזיקער ראַיאָן האָט געהערט צום אַזוי גערופענעם „עטאַפן־געביט" (נענטער צום פראָנט) פון דער דייטשער אָקופאַציע. דאָ איז דער דרוק פון דער אָקופאַנטישער רויב־ווירטשאַפט געווען נאָך פיל שאַרפער. די אויספאָרשונג באַווייזט דאָ, אַז פון 4478 יידישע אונטערנעמונגען מיט 14,973 לוין־אַרבעטער אין יאָר 1914, האָבן סוף 1920 געאַרבעט בלויז 5626 — אַ פאַרקלענערונג פון צוויי־דריטל! אין באַקלייד־פאַך מאַכט אויס די פאַרקלענערונג 53 פראָצענט, דערנערונג — 49.1 פראָצ., אין טעקסטיל — 44.3 פראָצענט. די צאָל יידישע לוין־אַרבעטער אין די דריי פאַכן איז פאַרקלענערט געוואָרן אויף 62 פראָצענט!

מיר וועלן נאָך נעמען נאָך איין מער אינדוסטריאַליזירטן געביט, ווי קעלצער וואָיעוואָדסטווע און דאָס מער לאַנד־ווירטשאַפטלעכע (אַגראַר) געביט — לובלינער. אין די ביידע געביטן זיינען אויסגעפאָרשט געוואָרן 39 שטעט (בענדין, סאָסנאָוויץ, טשענסטאָכאָוו, קעלץ, ראַדאָם, שידלאָוועץ, כעלם, לובלין, הרוביעשאָוו, לוקאָוו, שעדלעץ און אַנדערע.) אין די יידישע אונטערנעמונגען מיט 35,274 לוין־אַרבעטער אין יאָר 1914, זיינען אָנהויב 1921 געווען בלויז 15,201 — אַ פאַרקלענערונג פון 56.9 פראָצענט. אין באַקלייד־פאַך מאַכט אויס די פאַרקלענערונג 51 פראָצענט, אין דערנערונג 43 פראָצענט.

די אַלגעמיינע פאַרקלענערונג פון דער צאָל יידישע אַרבעטער מאַכט אויס 57.8 פּראָצענט, דערין אין באַקלייד־פאַך — 52.3 פּראָצענט, אין דערנערונג — 45.3 פּראָצענט.

אין ווילנע זיינען צוליב דער מלחמה און אָקופּאַציע 70 פּראָצענט יידישע שניידער געבליבן אָן אַרבעט, 60 פּראָצענט האַנדל־אָנגעשטעלטע האָבן פאַרלוירן זייערע פּאָסטנס. די העכער 4000 זאָקן־מאַכערינס זיינען געבליבן אויף דער גאַס, דאָס רוב, ווי ס'איז שוין דערמאָנט געוואָרן (קאַפּיטל „אַרבעטער־עמיגראַציע אין טיף־רוסלאַנד") האָבן זיך עוואַקואירט ווייט אויסער דעם תחום. אַלע 120 האַנדלס־פאָרשטייערשאַפטן, הויפּטזאַכלעך פאַר רוסלאַנד, טיילווייז פאַר אויסלאַנד זיינען ליקווידירט געוואָרן, 90 פּראָצענט פון זיי זיינען געווען אין יידישע הענט. צום מאָמענט פון אָקופּאַציע (אויגוסט 1915) זיינען אין ווילנע געווען 61,233 יידן (70,000 יידן האָבן זיך עוואַקואירט פון ווילנע) — 43.5 פּראָצענט. אין יאָר 1919, נאָך העכער 3 יאָר אָקופּאַציע, האָט די יידישע באַפעלקערונג אויסגעמאַכט בלויז 46,559 — 36 פּראָצענט. כאַראַקטעריסטיש, וואָס די צאָל קריסטלעכע איינוואוינער האָט פאַר דער זעלבער צייט זיך פאַרקלענערט בלויז אויף אַ קנאַפּן טויזנט (אין 1915 — 76,196, אין 1919 — 75,366). די יידן, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט הויפּטזאַכלעך אויף האַנדל, אויף פאַרבינדונגען מיט דער אַרומיקער וועלט, האָבן אין די יאָרן פון דער אָקופּאַציע זיך מער איינגעבראָכן, ווי די מער איינגעפונדעוועטע און איינגעוואָרצלטע, פאַרבונדענע מיטן דאָרף און לאַנדווירטשאַפט קריסטלעכע באַפעלקערונג.

## 3. רויב־ווירטשאַפט פון די אָקופּאַנטן

ווי אַ שווערער קאָשמאַר האָט זיך געלייגט די אָקופּאַציע אויפן לאַנד. צום מערסטן אָבער, ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרן, האָבן ווירטשאַפטלעך געליטן די יידן — דער האַנדל־עלעמענט, וואָס איז פאַראינטערעסירט אין אַ פרייען פאַרקער איבערן לאַנד און אַ פרייען אויסטויש פון פּראָדוקטן. די אָקופּאַנטן האָבן גלייך אַריינגענומען אין זייערע הענט דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע לעבן פון די אָקופּירטע געביטן, זיי האָבן באַגרענעצט דעם פאַרקער צווישן איין שטאָט און דער צווייטער — כדי צו באַוועגן זיך איבערן לאַנד, האָט מען געמוזט האָבן ספּעציעלע דערלויבענישן — „פּאַסיר־שיינען", „אַנטלויזונג־שיינען" אאַז"וו. פאַר יעדן פּאַפּירל האָט מען געמוזט צאָלן געלט, און „ווער עס צאָלט מיט גאָלד ווערט זאָפאָרט דערליידיקט אויסער דער ריי" — אַזוי פלעגט כסדר דונערן די שטים פון די וואַך־באַאַמטע איבער די לאַנגע רייען, וואָס פלעגן שטיין פאַר די אַמטן, וואַרטנדיק צו באַקומען די נויטיקע „שיינען". עס האָבן גלייך זיך גענומען שיטן „באַקאַנטמאַכונגען" וועגן פאַרשידענע פאַרבאָטן. ממש ציניש האָט געקלונגען די „באַקאַנטמאַכונג" פון 27טן נאָוועמבער 1915 וועגן פאַרבאָט אַרויסצופירן פון די געוועזענע רוסישע געביטן פאַרשידענע סחורות מיטן אויסנאַם: עופות, מילך, אייער, פּוטער, פיש, פלייש, וואורשט, שינקע (העם), פעטס, געמיזע, טיי, צוקער, צוקערוואַרג, זאַלץ און נאַפט, — גראָד אָט די לעבנסנויטווענדיקע פּראָדוקטן האָט מען יאָ געמעגט אַרויספירן (פאַרשטייט זיך קיין דייטשלאַנד), אויף זיי איז נישט חל געווען די „שוץ־פאַראָרדענונג" פון די „באַפרייער" פון רוסישן יאָך.

אין אָפיציעלן בוך „אָבעראָסט"*), וואָס אַנטהאַלט אַ זאַמלונג פון אינסטרוקציעס און אָנווייזונגען פאַר דער ציוויל־באַפעלקערונג און אָקופּאַנטישע באַאַמטע, לייענען מיר אויף דער זייט 127:

„קודם כל דאַרף מען האָבן אין זינען די אינטערעסן פון דער אַרמיי און פאָטערלאַנד; אויף וויפיל די אינטערעסן פון די איינוואוינער פון אָקופּירטן געביט געפינען זיך נישט אין קעגנזאַץ צו די אינטערעסן פון דער אַרמיי און פאָטערלאַנד, ווערן אויך זיי גענומען אין אַכט לויט מעגלעכקייטן."

אָט דעם דאָזיקן אני־מאמין האָט די אָקופּאַציע־מאַכט געהאַלטן הייליק און אויסגעפירט ברוטאַל און בשלימות מיט דער באַקאַנטער דייטשער פּינקטלעכקייט. עס האָבן גענומען אַרבעטן די „לאַנדווירטשאַפטלעכע אויסשוסן" אין די דערפער און די „רוישטאָף־שטעלעס" אין די שטעט. די „אויסשוסן" פלעגן אויסרעכענען, וויפיל יעדער פויער דאַרף האָבן פאַר זיך ביזן נייעם שניט, און דאָס איבעריקע האָט ער געמוזט אָפּגעבן צו אַ פּרייז, וואָס איז געווען 20—30 מאָל ביליקער, ווי אין דער ווירקלעכקייט. ווייץ פלעגט מען אינגאַנצן מוזן אָפּגעבן אָן אַ קאָנטינגענט: די „באַפרייטע" באַפעלקערונג מעג זיך באַגיין אָן ווייסברויט. מען האָט דערביי ביי די פויערים צוגענומען די שטובּיקע מילשטיינער, כדי עס זאָל לייכטער זיין דער קאָנטראָל איבער דעם אויסגעמאָלענעם קאָרן. קאַרטאָפל פלעגט מען מוזן גלייך פון די פעלדער לאָדעווען אין די וואַגאָנען אויף דער נאָענטסטער באַן־סטאַנציע. יעדער אייגנטימער פון אַ קו האָט געמוזט צושטעלן דעם סטאַראָסטע פון דאָרף איין ליטער גוטן מילך יעדן טאָג (שפּעטער 2 ליטער). דער „ווירטשאַפט־אויסשוס" האָט אין די שטעטלעך געהאַט מילכערייען, וואו מען פלעגט אויסאַרבעטן פּוטער, קעז און עס טראַנספּאָרטירן קיין דייטשלאַנד. פאַר פעלשן מילך (אָפּגעשמאַנטע, אָדער צוגעגאָסן וואַסער) פלעגט מען שטרענג באַשטראָפן

*) „אָבעראָסט", אַרויסגעגעבן אין אויפטראַג פון אָבער־באַפעלסהאבער 'אָסט' און באַאַרבעט פון דער פּרעסע־אָפּטיילונג 'אָבער־אָסט', נאָוועמבער 1917.

ביז רעקוויזירן אינגאַנצן די קו (מער ווי איין קו האָט אַ פויער נישט געטאָרט האָבן). פלעגט מען נישט געפינען דעם שולדיקן, פלעגט ווערן באַשטראָפט די גאַנצע גמינע. עופות און בהמות האָט מען נישט געטאָרט שעכטן, אפילו געפגרטע בהמות און פערד האָט מען געמוזט צושטעלן אין די אַזוי גערופענע „פאַרווערטונג"־אַנשטאַלטן. אויבס פון די סעדער. יאַגדעס פון די וועלדער האָט מען פריוואַט נישט געטאָרט פאַרקויפן: אַלץ האָט געמוזט ווערן צוגעשטעלט צו די „אויסשוסן" אויף אויסצואַרבעטן מאַרמעלאַד אויסשליסלעך פאַרן פראָנט. בלויז איין זומער 1917 איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פאַר 20 מיליאָן מאַרק מאַרמעלאַד פון רעקוויזירטע פרוכטן.

אַן אמתע וואַקכאַנאַליע איז געווען מיט די רעקוויזיציעס פון פערד. אַלע האַלב יאָר פלעגט דערקלערט ווערן אַ „מאָביליזאַציע" פון פערד. עס פלעגן דערביי פאָרקומען שוידערהאַפטע סצענעס: די פויערים מיט די ווייבער און קינדער פלעגן מיט געוויין אַרומרינגלען דאָס פערד און נישט לאָזן אים נעמען. מען פלעגט זיי דערביי שלאָגן מכת רצח, אַריינשטופן מיט געוואַלד דאָס ביסל פאַפירענע מאַרקן לויטן אָפיציעלן רעקוויזיציע־פרייז און אַוועקנעמען דאָס פערד, אָפט דעם איינציקן שפייזער פון דער פאַמיליע. די פויערים פלעגן אַלץ באַהאַלטן, באַגראָבן אין די פעלדער און וועלדער, פאַרזעצן אויבן בוימלעך עס זאָל נישט קאָנטיק זיין. טאָג און נאַכט פלעגן אַרומפאָרן איבער די וועגן און שטעגן רייטער־זשאַנדאַרמען, אָפשטעלן און רעווידירן יעדע פור, יעדן פעקל — אמתע רויבער אויפן ברייטן שליאַך! מיט ספעציעל דרעסירטע הינט פלעגט מען זיך אַראָפלאָזן אין די פויערשע ווירטשאַפטן, זוכן, נישטערן און רעקוויזירן.

אין די שטעט האָבן געאַרבעט די „רוי־שטאָף" — (מ'פלעגט זיי רופן רויב־שטאָף) שטעלעס. כמעט אויף אַלע סחורות איז געלעגן אַ סעקוועסטער, אַלץ האָט געמוזט זיין איינגעמאָלדן, אַלע זאַפאַסן פון ברענשטאָף, רוי־מאַטעריאַלן, טאַבאַק, פאַפיר, מעטאַל אאַז"וו, אאַז"וו. עס איז אוממעגלעך געווען אַ וואָסער נישט איז האַנדל. פון הויף צו הויף, פון געשעפט צו געשעפט, פון שטוב צו שטוב פלעגן גיין די באַאַמטע פן די „רויב־שטאָף־שטעלעס", אַלץ פאַרשרייבן, רעקוויזירן, צונעמען. לעדער־פאַבריקן, מילן האָבן געמוזט אַרבעטן נאָר פאַרן מיליטער־געברויך. פון די פאַבריקן פלעגט מען אַרויספירן קעסלען, מאַשינען, טראַנסמיסיע־פאַסן (אַ טייערער לעדער אויף פאָדעשוועס פאַר זעלנער). חוץ די רואינירטע אויף אַזאַ אופן פאַבריק־אונטערנעמונגען איז כמעט די גאַנצע טעטיקע אינדוסטריע געווען איינגעשפאַנט אין דייטשן מלחמה־ווירטשאַפטלעכן אַפאַראַט.

אַזאַ לאַגע האָט געשאַפן אַ באָדן פאַר הפקרות און דעמאָראַליזאַציע. יעטוועדער האָט געזוכט אַ וועלכע נישט איז פאַרבינדונג מיט די ווירטשאַפט־אויסשוסן און רוי־שטאָף שטעלעס. און האָט עמיצער געקראָגן אַהין אַ צוטריט איז ער שוין געווען באַזאָרגט מיט פרנסה בשפע. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ געוואַלדיקע שפעקולאַציע מיט לעבנס־מיטל פראָדוקטן און מיט יעדן מין סחורה. די הויפט־שפעקולאַנטן זיינען דאָס רוב געזעסן אין די דערמאָנטע אַמטן און פאַר אַ גוטן כאַבאַר אין דער פאָרם פון מיט־שותפות, אָדער גאַנץ איינפאַך „אין האַנט אַריין", האָט מען פאַרקויפט די אינטערעסן פון דייטשן „פאָטערלאַנד". דער באַקאַנטער ווילנער געזעלשאַפטלעכער טוער דר. צ. שאַבאַד דערציילט*) אַז עס האָבן געטראָפן פאַלן, ווען מען האָט אָפגעשטעלט אַ שנעלצוג אינמיטן וועג אויף אַ קליינער באַן־סטאַנציע און דאָרטן אָפגעוואָרפן גרויסע טראַנספאָרטן געשמוגלטע סחורה. ער רופט אָן נעמען פון הויכע דייטשע מיליטערישע באַאַמטע, וועלכע האָבן געהאַט שותפות מיט די שמוגלער און שפעקולאַנטן. למשל — מאַטעריאַל פאַר אַ פאַפיר־פאַבריק, וואָס איז געווען נויטיק פאַר סאַפיאָרן ביים פראָנט איז גאָר אַריינגעפאַלן צו די שמוגלער.

עס האָט עקסיסטירט אַן אמתער אָרגאַניזירטער טרעסט פון די באַאַמטע פון די „אויסשוסן" און „שטעלעס", פון די מיליטערישע אייזנבאַנער מיט די שמוגלער און שפעקולאַנטן אין די שטעט און דערפער. די באַאַמטע פלעגן פאַרקויפן זייערע שותפים־שפעקולאַנטן קאָנטינגענט־אַרטיקלען, וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר די ביליקע פאָלקס־קיכן. געלט־זענדונגען פון אַמעריקאַנער לאַנדסלייט פאַר זייערע הונגעריקע קרובים פלעגן די פאָסט־באַאַמטע גאַנץ פשוט נישט אָפגעבן צו די אַדרעסאַטן. די הפקרות־אַטמאָספער פון מלחמה און אָקופאַציע האָט מוראדיק דעמאָראַליזירט דעם „דייטש", וואָס האָט ביז דער מלחמה געשמט פאַר אַ מוסטער פון ערלעכקייט און געזעצלעכקייט. פון העכסטן באַאַמטן ביז דער מאַשיניסטקע פון קאַנצעלאַריע (אָפיס) איז אַלץ געווען פאַרקויפט, גרייט אויף יעטוועדע אומגעזעצלעכע האַנדלונג, אַבי — „כאַפ און פרעס, כאַפ און זויף".

אויף אַזאַ זומפיקן באָדן האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט די דעמאָראַליזאַציע און הפקרות אויך צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג, וועלכע איז אינגאַנצן געווען אויסגעשטעלט אויפן גנאָד און אומגנאָד פון אָקופאַנט. די שענדלעכסטע פרייזן האָט מען געצאָלט פאַרן גנאָד פון אַ וואָגיקן מיליטערישן באַאַמטן פון אַ וועלכער נישט איז „שטעלע", אָדער „אויסשוס". עס האָבן געטראָפן פאַלן, ווען חסידישע פרו־

*) פנקס, אַרויסגעגעבן פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אויפן נאָמען פון ש. אַנסקי, ווילנע 1922.

מאַקעס פלעגן זייערע יונגע ווייבלעך שיקן מיט „מתנות" צו די קאָמענדאַנטן און קרייז־שעפן, כדי אויסצופועלן עפּעס אַ געשעפטל, אַ קאָנצעסיעלע. אַזאַ דעמאָראַליזאַציע האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער דייטש־יידישער פרעסע. אַן אָנגעזעענער פירער פון די דייטשע יידן פּראָפ. מאַרטין פיליפּסאָן האָט אין „אַלגעמיינע צייטונג דעס יודנטומס" געשריבן: „די אָפיצירן און סאָלדאָטן פון אונזער (דייטשער) אַרמיי דערציילן וועגן דער מיאוסער פּראָסטיטוציע, דורך וועלכער אַ סך יידן נוצן אויס זייערע פרויען און טעכטער, אויב זיי קענען נאָר מאַכן אַ גוט געשעפט".

## 4. הונגער און יקרות

אויפן דאָזיקן פאָן פון דעמאָראַליזאַציע פון „אויסדערוויילטע" יחידים, וועלכע האָבן „געקויפט" אַ גוט לעבן ביים אָקופּאַנט, איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג די הונגער־נויט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, באַזונדערס אין די גרעסערע שטעט און שטעטלעך. ביי די אומזיסטע און ביליקע קיכן פלעגן שטיין לאַנגע רייען אויסגעדאַרטע מענטשן מיט געשוואָלענע פּנימער פון הונגער, מיט אויסגעלאָשענע אויגן, — פלעגן שטיין לאַנגע שעהן נאָך אַ שיסעלע וואַסער־זופּקע (אַזוי האָט מען די „שפּייז" גערופן) פון געטריקנטע ברוקווע און צעפוילטע קאַרטאָפל. דאָס איז געווען כמעט די איינציקע שפּייז פון אַ דריטל אָדער אַ פערטל פון דער באַפעלקערונג. פאַר די געוועלבער פון ביליקן ברויט־פאַרקויף, ביים ביליקן פיש־פאַרקויף אויפן מאַרק, פלעגן זיך שטויסן מחנות הונגעריקע און אויסגעשעפּטע. עס פלעגט קומען צו שוידערהאַפטע סצענעס. עס האָבן געטראָפן פאַלן, ווען די דייטשע „אָרדענונג־היטער" פלעגן צעשטעכן מיט באַגנעטן די הונגעריקע מענטשן, אַבי „אָרדענונג מוז זיין"! פרויען־רעזערוויסטקעס, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע מיט וויינענדיקע עופהלעך אויף די הענט פלעגן זיך זאַמלען פאַר די קאָמענדאַטורן, בעטן — ברויט. אַזעלכע דעמאָנסטראַציעס פלעגן ברוטאַל פאַנאַנדערגעטריבן ווערן. הונגעריקע הינט און הונגעריקע מענטשן פלעגן נישטערן איבער די פוסטע גאַסן און ליידיקע מערק נאָך קאַרטאָפל־שאָלעכץ, נאָך סקאָרינקעס פון ליימיקן „באָנע-ברויט". פון 61 טויזנט יידישע איינוואוינער אין ווילנע (1915), למשל, האָבן גענאָסן פון די „זופּקעס" העכער אַ העלפט — 32 טויזנט. אפילו אין אַזאַ קליין שטעטל ווי פּרוזשענע האָבן פון 9000 זיך געשפּייזט אין דער פאָלקס־קיך העכער 2000 פון דער באַפעלקערונג *).

„אַ שרעקלעכע צייט לעבן מיר איבער" — פאַרצייכנט אַ דאָקומענט פון יענער צייט — „דער מלאך־המות מיט זיין חלף שפּרייזט איצט אַרום איבער אונזערע הייזער, קאָסעט אָן אָפּרו אונזערע קינדער, אונזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער. דער מוראדיקער הונגער האָט זיך פעסט באַזעצט ביי אונז און דריקט אַלץ פעסטער צו מיט זיין ביינערדיקן סקעלעט. אַ שרעקלעכע סכנה פון אונטערגאַנג שטייט אונז אַלעמען פאָר."**)

אַ פיינלעכער וויי־געשריי פון אונטער דער ערד! אָפן, לעגאַל, האָבן די דייטשן נישט געלאָזט שרייבן וועגן דער לאַגע.

דער מלאך־המות פון הונגער האָט געשניטן זיין שניט. — „אַלס רעזולטאַט פון דער נישט גענוגנדיקער דערנערונג פון דער באַפעלקערונג — לייענען מיר אין באַריכט פון וואַרשעווער מאַגיסטראַט סוף 1916 — וואַקסט אָן אויפהער די שטערבלעכקייט און נעמט צום מערסטן קרבנות פון צווישן די קינדער. די פאַרהעלטעניש פון טויט־פאַלן צו די געבורטן פאַרגרעסערט זיך שרעקלעך". אויף הונדערט געבוירענע זיינען אין וואַרשע אין יאָר 1915 געשטאָרבן 118 (מינוס 18), אין 1916 — 172 (מינוס 72) און אין 1917 — 357 (מינוס 257), בעת אין 1914 איז געווען אויף יעדע 100 געשטאָרבענע 122 געבוירענע (פּליוס 22). פון טובערקולאָז אַליין זיינען אין וואַרשע געשטאָרבן אויף יעדע צען טויזנט איינוואוינער: 1915 — 31.9; 1916 — 45.8; 1917 — 84.

לויט די ידיעות פון לאָדזשער מאַגיסטראַט האָט די שטערבלעכקייט פון טובערקולאָז באַטראָפן אין לאָדזש: 1915 — 59.2 אויף יעדע צען טויזנט איינוואוינער; 1916 — 76.2; 1917 — 92.5, (פאַר דער מלחמה — אין 1909 — 38.9) ***).

אין ביאַליסטאָק זיינען פאַר די פיר יאָר מלחמה און אָקופּאַציע די צאָל טויט־פאַלן געווען מער ווי צוויי מאָל גרעסער ווי די צאָל געבורטן. אין ווילנע, לויט אַ ספּעציעלער אויספאָרשונג פון דערמאָנטן ד"ר צ. שאַבאַד, איז פאַר די יאָרן פון דער אָקופּאַציע געשטיגן די שטערבלעכקייט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אויף 5 מאָל. בעת אין יאָר 1914 זיינען געשטאָרבן 1302 יידן, זיינען אין 1915 געשטאָרבן 2165 און אין 1917 — 3649. אויף טויזנט געבוירענע קינדער זיינען אין 1915 געשטאָרבן 489, אין 1916 — 345. אין 1917 — 1120! פון שווינדזוכט אַליין זיינען אין ווילנע געשטאָרבן: אין 1915 — 131 יידן, 1916 — 208, 1917 — 496. מיר זעען, אַז דאָס דריטע יאָר פון דער אָקופּאַציע (1917) איז געווען דאָס שרעקלעכסטע אין אַלע הינזיכטן. די דייטשע צענזור האָט נישט אַדורכגעלאָזט אין „ווילנער זאַמלבוך" (1916) אַן אַרטיקל פון ד"ר שאַבאַד,

*) פּנקס פון דער שטאָט פּרוזשענע, פּרוזשענע 1930.

**) מאַי-פּראָקלאַמאַציע פון ווילנער קאָמיטעט פון „בונד", 1917. מחבר — ב. מיכאַלעוויטש.

***) Dz. Zarzadu Miejskiego, Lodz, 15 Maja, 1938.

אין וועלכן ער האָט געגעבן אַ כאַראַקטעריסטיק פון דער לאַגע און אויפגעקלערט די סיבות פון דער שטאַרקער שטערבלעכקייט.

אין די קליינע שטעטלעך איז די לאַגע געווען פאַרהעלטניסמעסיק בעסער ווי אין די גרעסערע. וואָס פאַר אַ דראָט־פאַרצוימונגען די אָקופּאַציע־מאַכט האָט נישט אַוועקגעשטעלט צווישן שטאָט און דאָרף — דורך אַלע זייערע וואַכן, דורך דער קייט פון שפּירהינט פלעגן זיך דאָך די פּויערים אַדורכרייסן אין נאָענטן שטעטל אַריין און דאָרטן פאַרקויפן (צו אומגעהייערע פּרייזן, נאַטירלעך) זייערע פּראָדוקטן. אויך פון די שטעטלעך פלעגן זיך לאָזן גיין אין דאָרף אַריין דורך פאַרשידענע אומוועגן, אין נאַכט־פינצטערניש די אַזוי גערופענע „פּודן־טרעגער", וועלכע פלעגן ריזיקירן אָפטמאָל מיטן לעבן אַבי אַדורכטראָגן אַ זעקל שפּייז פאַר דער פאַמיליע און פריינט. מען האָט זיך אומגעקערט צו די צייטן פון נאַטור־ווירטשאַפט. נישט האָבנדיק קיין צוטרוי צו די דייטשע מאַרקן פלעגן די פּויערים פאָדערן פאַר זייערע פּראָדוקטן זאַלץ, נאַפט, קליידער, שיך, וועש. באַזונדער גרויס איז געווען דער מאַנגל אין זאַלץ. אין פּאָלעסיע, אין ווילנער און גראָדנער געגנטן פלעגן די דאָרפישע אײנוואוינער ממש אויף די קני בעטן ביי די דורכפאָרער אַ ביסל זאַלץ. פאַר אַ הויפן זאַלץ האָט מען אָפטמאָל געקענט קריגן אַ גאַנצן זאַק קאַרטאָפל אד"גל. עס האָט געברענט דער יקרות און געבליט די ספּעקולאַציע. האָט עמיצער געהאַט אַ פּעקל מאַנופאַקטור, לעדער, אַן אויסלענדישן פּראָדוקט אד"גל פלעגן די פּרייזן וואַקסן מיט יעדן טאָג. פלעגט אָפטמאָל איינס אַזאַ פּעקל אַרומוואַנדערן איבערן שטעטל פון איין אייגנטימער צום צווייטן, צו אַ דריטן, ווי אַ שניי־קויל זיך אַזוי קייקלען פון האַנט צו האַנט און וואָס ווייטער אַלץ מער אָנוואַקסן מיט פּרייז, מיט ווערט.

## 5. די שמוגל־ווירטשאַפט

אויפן פאַרפעסטעטן באָדן פון אַזאַ מין קראַנקער פאַרקריפּלטער ווירטשאַפט איז אויפגעקומען אין שטאָט און דאָרף אַ נייע סאָציאַלע גרופּע, וואָס האָט געשפּילט אי אַ געוויסע פּאָזיטיווע, אי אַ נעגאַטיווע ראָל דורך די גאַנצע דריי יאָר אָקופּאַציע, — דאָס איז — די אַזוי גערופענע שמוגלער.

אויבן זיינען דערמאָנט געוואָרן די „פּודן־טרעגער", וועלכע פלעגן ריזיקירן מיטן לעבן און אַריינברענגען פון דאָרף אין שטאָט אַריין אַ ביסל שפּייז־פּראָדוקטן צו דערהאַלטן דאָס לעבן אויף אַ געוויסע צייט. דאָס זיינען געווען דאָס רוב אָרימע מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט בלויז פאַרן אייגענעם געברויך. אַ שמוגלער — דאָס איז געווען גאָר אַ נייאויפגעקומענער סאָציאַלער טיפּ, אַ מענטש, וועלכער שטעלט זיך איין צו פירן אַ האַנדל מיט שפּייז אויפן פּאָן פון ביטערער נויט און הונגער און אַ האַנדל אין וואָס אַ גרעסערן מאַסשטאַב, נישט געקוקט אויף אַלע דראָט־פאַרצוימונגען און פאַראָרדענונגען, ריכטיקער — טאַקע אַדאַנק זיי. צום שמוגל האָבן זיך גענומען מענטשן פון פאַרשידנסטע שיכטן — געוועזענע אַרבעטער, בעל־מלאכות, הענדלער, קרעמער, אפילו כלי־קודש — חזנים, שמשים אדג"ל. די שמוגלער האָבן געשפּילט אַ געוויסע פּאָזיטיווע ראָל אינם ווירטשאַפטלעכן לעבן: אַדאַנק זיי איז דער אויסטויש מיט שפּייז־פּראָדוקטן נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן און גרעסערע סכומים פון די נויטווענדיקסטע לעבנס־מיטלען זיינען ממש אַרויסגעריסן געוואָרן פון די אָקופּאַנטישע לאַפּעס און צוגעקומען צו דער הונגערנדיקער באַפעלקערונג. וואָס ווייטער זיינען די שמוגלער געוואָרן די מאָנאָפּאָליסטן אויפן שפּייז־האַנדל. זיי האָבן אויך געמוזט אַריינגעמען אין שותפות אָקופּאַנטישע באַאַמטע, טיילן מיט זיי דעם ריווח. די „האַנדלסקאָסטן" זיינען אויף אַזאַ אופן געוואַקסן און פּאַראַלעל דערמיט די פּרייזן.

אין פיל געגנטן איז אַנטשטאַנען אַ שמוגל־אינדוסטריע פון בראָנפן. די געהיימע בריזלעך פלעגן „אויפעסן" אַ וואָך הונדערטער פּוד מעל, וואָס פלעגט געגנבעט ווערן (מיט דער הילף, פאַרשטייט זיך, פון די „שותפים") פון אָפיציעלן קאָנטינגענט. האָבן די הונגעריקע מאַסן גענומען שטורמען קעגן די שמוגלערס און ספּעקולאַנטן. איז אפילו אין אַזאַ ווילנע, שוין נישט ריידנדיק וועגן קלענערע שטעטלעך, די הילפלאָזיקייט און נידערגעשלאָגנקייט געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט קיין אַנדער מיטל נישט געהאַט קעגן זיי ווי נאָר — חרם! פלעגן רבנים אויסרופן אין די שולן מיט אַלע מיטלאַלטערלעכע צערעמאָניעס אַ חרם אויף די ספּעקולאַנטן, וואָס נעמען הויכע פּרייזן, אַ חרם אויך אויף די, וואָס צאָלן זיי אַזעלכע פּרייזן, אַ חרם אויף שפּייז־שמוגלערס, אַ חרם אויף בראָנפן־בריזלעך אאַז"וו. האָבן די מער פאַרמעגלעכע, וועלכע האָבן פאַרמאָגט אַ מורא פאַר גאָט אינם האַרצן און די מטבע אין קעשענע זיך אַן עצה געגעבן: מען האָט די ספּעקולאַנטן פאַר ברויט, פאַר פיש, פאַר פלייש, געצאָלט טאַקע לויט די פעסטגעשטעלטע דורך די רבנים און דעת הקהל פּרייזן, דאָס איבעריקע פלעגן זיי געבן דעם ספּעקולאַנט, דעם שמוגלער כלומרשט ווי אַן הלוואה (אויף נישט אָפּצוגעבן), נעמען ביי אים דערויף אַ תקיעת־כף (פּונקט, להבדיל, ווי מען איז מקבל קנין אויף שבת, ווי מען פאַרקויפט דעם גוי דעם חמץ אויף פּסח) און — די מורא פאַר גאָט אין האַרצן איז געבליבן געשטילט, דאָס געמיט — רואיק און דער אָרימאַן —הונגעריק. אַ

גערדיכטע כמאַרע פון האַס, יאוש, הילפלאָזיקייט לגבי דעם הונגער־טויט, מיסטישע דערוואַרטונג פון עפּעס אומהיימלעכעס, וואָס דאַרף קומען האָט אָנגעפילט די גאַנצע אַטמאָספער. פיל שמוגלער און ספּעקולאַנטן האָבן געטראָגן אין זיך אַ טויט־שרעק פאַרן חרם, פאַרן גערעכטן צאָרן פון גאָט.

די שול, דער גאַנצער שול־הויף — לייענען מיר אַ באַשרייבונג פון חרם אין דער גרויסער ווילנער שול *) — איז געווען געפּאַקט מיט אָרימע אויסגעהונגערטע מענטשן, אַזוי אַז די דייטשן האָבן אָפּגעשפּאַרט אַלע געסלעך, וואָס פירן צום שול־הויף און קיינעם מער נישט דורכגעלאָזט. דריי אַלטע גרייז־גראָע רבנים מיט ווייסע בערד און פּאַטריאַרכאַלע פּנימער, אין ווייסע קיטלען שטייען ביים אָפּגענעם אָרון־קודש ביי אָנגעצונדענע שוואַרצע ליכט, מיט ספרי־תורות אין די הענט. ביים אויסרופן דעם חרם הערט זיך אַ שרעקלעך געוויין און יאָמער. עס שאָקלען זיך די פלעמעלעך פון די שוואַרצע ליכט און עס דאַכט זיך, אַז דאָס צאַנקען די נשמות פון די אויסגעגאַנגענע פון הונגער און שוועבן אַרום אונטער די פינצטערע געוועלבן פון דער אַלטער שול. ווען עס האָט געהאַלטן ביים שופר בלאָזן, האָבן זיך דערהערט געשרייען (פון די שמוגלער־ספּעקולאַנטן) האַלט, האַלט! איין שמוגלער האָט געחלשט פון שרעק, איינער האָט זיך פאַרסמט.

דער שמוגל איז געגאַנגען אין אַ ברייטן פאַרנעם איבער אַלע שטעט און שטעטלעך פון די אָקופּירטע געביטן. אין יעדן שטעטל כמעט האָט זיך געבילדט אײן „אַקציע־געזעלשאַפט" — אַ פאַראייניקונג פון די שמוגלער — וועלכע האָט פאַרמאָגט אייגענע לאַסט־אויטאָס, אייגענע קאָמוניקאַציע־מיטלען און „אייגענע" דייטשע קאָמענדאַנטן, וועלכע פלעגן פאַרלייכטערן זיי די גאַנצע אַרבעט. אַזעלכע קאָמענדאַנטן־שותפים פלעגט מען קריגן, דורך גאָר נישט זויבערע מיטלען, ווי שוין אויבן דערמאָנט, אָדער סתם אַזוי פאַר גוטע מזומנים און פאַר גרויסע קוואַנטומס פון די בעסטע פּראָדוקטן אויף צו שיקן פאַר זייערע פאַמיליעס אין דייטשלאַנד.

דאָס רוב איז דאָס שמוגלען געגאַנגען „אויף זיך": גאַנצע גרופּקעס יונגע פרויען און מיידלעך פלעגן זיך „אָנפּעלצן" מיט זעקלעך מעל, שטיקער פלייש, מילכיקס און אַזוי פאָרן אויף פורן, אויטאָס און מיט דער באַן. די באַן־וואַך — אַלץ דייטשע זעלנער — פלעגט אויף יעדער באַן־סטאַנציע נעמען גאַנץ אָפן כאַבאַר מיט פּראָדוקטן. צוזאַמען מיטן געלט פאַרן בילעט פלעגט דער ייִד־שמוגלער, אָדער די פויערטע פון דאָרף שווייגנדיק אַוועקלייגן דורכן קאַסע־פענצטערל אַ צענדליק אייער, אַ שטיק פּוטער,

*) פנקס, ווילנע, 1922, ז. 118.



אַ קעז און אָפטמאָל אַ גאַנצע הון, אָפּהענגיק פון דער גרויס פון דער ריזיקע, וואָס מען שטעלט איין.

דער שמוגל האָט אָנגעפילט אין יענער צייט דאָס גאַנצע יידישע ווירטשאַפטלעכע לעבן אין די קליינע שטעטלעך. דער דאָזיקער טראַגיש־אויסטערלישער צייט־פּעריאָד האָט געפונען אַן אָפּשפּיגלונג אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט אָנגערעגט דאַן דעם יונגן טאַלאַנטפולן עוזר וואַרשאַווסקי צו געבן זאַפטיקע שילדערונגען פון שמוגלער־לעבן, פון דעמאָראַליזאַציע, פונם זנות־כאַבאַר, פונם געיעג נאָך אַ „כלה", פונם הפקרדיקן גוט לעבן מיט די אָקופּאַנטן אויפן פאָן פון עלנט, נויט און הונגער פון דער באַפעלקערונג.

„ריישטל, אַ נאַקעטע, שטייט אויסגעדרייט פון זיי און וויקלט זיך אַרום מיט שטיקער פלייש, פון וואָס עס רינט נאָך דאָס בלוט. זי וויקלט אַרום די בריסטן, אַרום בויך און אַרום די פיס. די פלאַטשיקע שטיקער פלייש קלעפּן זיך אָן צו איר וואַרימער הויט און עס נעמט גיין פון זיי אַ פּאַרע. זי וויקלט און בינדט נאָך אַרום יעדער שטיק באַזונדער מיט שטריקלעך און באַהעפט זיי דערנאָך מיט אַ שטריק איבער די אַקסלען און פאַרפעסטיקט זיי איינער צום אַנדערן".

„אַ נאַקעטער מענטש אַרומגעוויקלט מיט געשניטענע פּאַסן רוי פלייש, האָט עס אויסגעזען, ווי מען וואָלט אַ לעבעדיקן מענטשן די הויט אָפּגעשונדן...*)

די שטאָט ליגט איינגעפּרעסט אין די צוואַנגען פון דער אָקופּאַציע:

„אַלץ אין די גאַסן, אין די שטיבער איז פאַרהילט עפּעס אין אַ חושכדיקן שלייער, וואָס האָט זיך געלייגט איבער דער שטאָט, פּונקט ווי אַ שווערע חושכדיקע מאַסע. איבער די הויפן און גאַסן פון די אָרימע קוואַרטאַלן איז אַרומגעפלויגן אַ שרעקלעכער גייסט — איין זיפץ. און פון ערגעץ אַ פּאַלאַץ, וועלכן די דייטשן האָבן פאַרנומען אויף אַ רעגירונג־אַמט טראָגן זיך פריידיקע קולות פון געזונטע ברוסטן אַרויס..."**)

## 6. צוואַנג־אַרבעט

אַ שוואַרץ בלאַט אין דער געשיכטע פון די אָקופּאַציע־יאָרן איז די צוואַנג־אַרבעט. די מלחמה אויף אַזוי פיל פראָנטן, וואָס האָט געבראַכט צו דער מאָביליזאַציע פון דער גאַנצער מענלעכער באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד אין עלטער ביז 60 יאָר, האָט געשאַפן אַ געוואַלדיקן מאַנגל אין אַרבעטס־הענט. די לאַנדווירטשאַפט אין דייטשלאַנד האָט אויך אין שלום־צייט זיך באַנוצט מיט הונדערטער טויזנטער פּויליש דאָרף־אַרבעטער, וועלכע פלעגן קאָנטראַקטירט ווערן אויף די זומער־חדשים. אין אויגוסט 1914, צום מאָמענט פון מלחמה־אויסברוך, האָבן אין דייטשלאַנד זיך געפונען העכער 300,000 אַרבעטער פון קאָנגרעס־פּוילן, וועלכע מען האָט פאַרהאַלטן אַלכ

*) עוזר וואַרשאַווסקי — שמוגליאַרס, קיעווער אויסגאַבע, זייט 65.

**) דאָרטן זייטן 55—56.

בירגער פון אַ פיינטלעכן לאַנד (רוסלאַנד) און שוין נישט געלאָזט צוריק אַהיים. דאָס איז אָבער אַלץ געווען ווייניק. מען האָט געדאַרפט נאָך און נאָך סיי פאַר דער קריג־אינדוסטריע, סיי צו פאַרטרעטן די מאָביליזירטע דייטשן אין די פאַרשידענע צווייגן פון דער שלום-ווירטשאַפט. האָט מען גענומען ווערבירן אַרבעטער אין די אָקופּירטע געביטן. דורך צוויי וועגן זיינען געפלאָסן שטראָמען פון אַזעלכע אַרבעטער קיין דייטשלאַנד: 1) פון די אינטערנירונג־לאַגערן. גלייך ווי די דייטשן פלעגן פאַרנעמען אַ געביט פלעגן זיי אינטערנירן אין ספּעציעלע לאַגערן טויזנטער מענטשן צוליב נישטיקע סיבות, אָדער גלאַט אַזוי אָן שום סיבה, סתם נישט געוואונטשענע עלעמענטן, סאָציאַלן אָפּפאַל, מענטשן אָן באַשטימטע באַשעפטיקונגען, — אַזוי גערופענע „זיכערהייטס-געפאַנגענע", אין עלטער פון 15—45 יאָר. 2) דורך אַ פרייער ווערבירונג מיט דער הילף פון זייערע ספּעציעל־געשאַפענע „אַרבעט־צענטראַלעס". יידישע אַרבעטער זיינען געפלאָסן קיין דייטשלאַנד מיט ביידע שטראָמען, באַזונדער מיטן צווייטן.

די פּאָופּעריזאַציע פון די יידישע מאַסן, וואָס די מלחמה מיט אַלע אירע פאָלגן האָט אַרויסגערופן, האָט פון זיי געשאַפן אַ גוטן אָביעקט פאַר דער ווערבירונג אויף אַרבעט: צענדליקער טויזנטער סוחרים, הענדלער, קרעמער, אָנגעשטעלטע, „שטעקעלע"-יידן, שוין אָפּגערעדט פון אַרבעטסלאָזע פאַך־אַרבעטער האָבן הונגעריקע מאַסנווייז געשטראָמט צו די „אַרבעט־צענטראַלעס" און זיך געמאָלדן צו פאָרן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט, וואָס פאַר אַן אַרבעט עס זאָל נישט זיין. איצט האָט מען זיי גענומען, הגם פאַר דער מלחמה האָבן די אַגענטן פון די דייטשע ווערביר־אַמטן, וועלכע פלעגן ווערבירן הונדערטער טויזנטער פּאָליאַקן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד, געהאַט אַ בפירושע אינסטרוקציע — קיין יידן נישט צו אַנגאַזשירן, צוליב זייער שוואַכן קערפּער־געבוי, אומפעאיקייט צו שווערער פיזישער אַרבעט. איצט, בעת דער מלחמה זיינען שוין געווען אַנדערע אינסטרוקציעס. דער אַרבעטס־מאַרק האָט געפאָדערט הענט, וואָס מער הענט, האָט מען זיך איבערגעבעטן אויך מיט דער שוואַכער יידישער אַרבעטס-קראַפט. לויט די ידיעות פון דער בערלינער יידישער קהילה, זיינען אין יאָר 1917 געווען יידישע אינטערנירטע אין פאַרשידענע אַרבעט־לאַגערן אין דייטשלאַנד ביז 40,000.

אין יאָר 1917 האָט מען שוין אָנגעהויבן ווערבירן יידישע אַרבעטער פאַר די גרובן פון רור־ און סאַאַר־געביטן. אין דער פאַראָרדענונג צו דער אַרבעט־צענטראַלע ווערט בפירוש געזאָגט: „מען דאַרף די פאָדערונג וועגן אַ געזונטן, קרעפטיקן קערפּער־בוי נישט אַזוי הויך שטעלן בנוגע די יידישע אַרבעטער; ווייל די יידישע באַפעלקערונג פון מזרח־אייראָפּע, צוליב נאַטירלעכע סיבות און צוליב דער אונטערדערנערונג פון די לעצטע יאָרן, האָט אַ שוואַכן קערפּער־געבוי. אַזעלכע מענטשן קען מען צוליב צוועקמעסיקייט באַשעפטיקן אין אַזעלכע ערטער, וואו עס פאָדערט זיך מער אינטעליגענץ ווי פיזישע קראַפט". „אין דער זעלבער צייט — רעדט זיך ווייטער אין דער פאַראָרדענונג — דאַרף מען די ציוויל־געפאַנגענע פון די לאַגערן, ווען זיי זיינען נישט קיין פאַך־אַרבעטער, באַשעפטיקן ביי כלערליי אַרבעט אין די פאַבריקן, אין דרינגענדיקע פאַלן אויך ביי איינצעלנע האַנטווערקער־מייסטער."*).

לויט די אָפּמאַכן, וואָס זיינען אונטערגעשריבן געוואָרן אויף די ווערביר־פלעצער האָט דאָס געזאָלט הייסן, אַז די אַרבעטער פאָרן אַרויס „פרייוויליק" אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. אין די אָפּמאַכן פלעגט בפירוש אָבער געזאָגט ווערן „אויף דער גאַנצער צייט פון קריג," אין זעלטענע פאַלן „אויף 6 חדשים". אָבער אויך די לעצטע האָבן נאָך די 6 חדשים זיך נישט געקענט אומקערן אַהיים און זיי זיינען פאַקטיש געווען פאַרשקלאַפט ביי די אונטערנעמער, און פלעגן ווערן באַהאַנדלט ווי „פיינטלעכע אויסלענדער". קיינער פון די „פרייוויליק"־ווערבירטע האָט נישט געטאָרט ענדערן זיין אַרבעט-פּלאַץ אָן ספּעציעלע דערלויבענישן, נישט געטאָרט אָן אַ דערלויבעניש אַריבערפאָרן פון איין אָרט אויפן צווייטן. די וועלכע פלעגן אַוועקגיין אומלעגאַל פלעגן פאַרשפּאַרט ווערן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן און פלעגן פון דאָרטן שוין געשיקט ווערן מיט צוואַנג אויף פאַרשידענע אַרבעטן, אָן שום אָפּמאַכן און אפילו אָן אַ געהעריקער באַלוינונג. די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד זיינען אין יענע יאָרן געווען פול געפּאַקט מיט אַזעלכע געוועזענע „פרייוויליקע". פאָרמעל, לויטן אָפּמאַך, האָט יעטוועדער געהאַט רעכט אויף אורלויב, אָבער פאַקטיש פלעגט קיין איינער נישט באַקומען אורלויב — מיט אַזעלכע פאָרמאַליטעטן, דריידלעך און שפּיצלעך איז דאָס באַקומען אורלויב געווען אַרומגעשטעלט. פלעגט אימיצער פון אורלויב נישט קומען צוריק, פלעגט אים זיין אונטערנעמער ברענגען צוריק דורך דער פּאָליציי דאָס זעלבע פלעגט געשען מיט קוואַליפיצירטע אַרבעטער — שלאָסער, מעכאַניקער אד"גל, וועלכע פלעגן פון אָנהויב באַקומען אַרבעט אַלס נישט קוואַליפיצירטע און שפּעטער, נאָכן פאַרענדיקן דעם

---

*) Julius Berger — Ostjudische Arbeiter im Kriege.

יוליוס בערגער — אַ באַקאַנטער דייטשער ציוניסט, איז בעת דער אָקופּאַציע, אַלס לייטענאַנט פון דער דייטשער אַרמיי, געווען לייטער פון דער יידישער אָפּטיילונג פון די אַרבעט־צענטראַלעס אין וואַרשע און ווילנע. זיינע מאַטעריאַלן האָט ער פאַרעפנטלעכט אין ציוניסטישן וואָכנבלאַט „פאָלק און לאַנד" (רעד. דוד טריטש) בערלין 1919.

טערמין, אַוועקפאָרן אין די גרויסע אינדוסטריע־צענטערס און זיך שטעלן אַרבעטן אין אַ פאַבריק אַלס קוואַליפיצירטער אַרבעטער. דער ערשטער אונטערנעמער פלעגט מיט פאָליציי אַזעלכן אַרויסנעמען פון פאַבריק און צוריקברענגען אויף זיין פריערדיקן נישט־קוואַליפיצירטן און ערגער באַצאָלטן פאָסטן.

צו די געוועקשאַפטן (יוניאָס) האָבן אַזעלכע „פרייוויליקע" אַרבעטער בכלל נישט געדאַרפט געהערן, — זיי זיינען געווען שוצלאָזע לוין־שקלאַפן ביי זייערע אונטערנעמער. פיל טויזנטער פלעגן דאָך אַנטלויפן פון זייערע גיהנום־פלעצער און זיך לאָזן אין די גרויסע שטעט זוכן אַנדערע אַרבעטס־מעגלעכקייטן, אויסרעכענענדיק אויף דער שטיצע פון די יידישע הילף־אָרגאַניזאַציעס. אָנשטאָט צו שיקן שטיצע צו זייערע הונגעריקע פאַמיליעס אין דער היים, אויף וואָס זיי האָבן אַזוי שטאַרק געהאָפט, ווען זיי זיינען פרייוויליק אַוועק אויף אַרבעט, האָבן זיי איצטער אַליין געמוזט אָנקומען נאָך שטיצע און צדקה. דער יידישער פאָלקס־פאַראיין אין בערלין האָט פאַר דער צייט פון מלחמה און אָקופּאַציע אויפגענומען ביי זיך 158,000 אַרבעטער — מענער און פרויען, אַרויסגעגעבן זיי אָנדערהאַלבן מיליאָן שפּייזפאָרציעס *).

די אָקופּאַציע־מאַכט האָט געדאַרפט האָבן צענדליקער טויזנטער אַרבעטער נישט בלויז פאַר דייטשלאַנד צו פאַרטרעטן די מאָביליזירטע דייטשן. זי האָט אויך געדאַרפט האָבן אַרבעטס־הענט אין די אָקופּירטע געביטן גופא און אין די ראַיאָנען פון פראָנט. דאָ האָט זי זיך שוין נישט באַנוגנט מיט ווערבירן „פרייוויליקע" — זי האָט פאַרעפנטלעכט פאַראָרדענונגען וועגן מאָביליזאַציע אויף צוואַנג־אַרבעט.

אין ווילנער געביט זיינען גלייך נאָכן אָקופּירן די געגנט דערקלערט געוואָרן פאַר מאָביליזירט אויף צוואַנג־אַרבעט אַלע יונגע מענטשן אין עלטער ביז 40 יאָר. מען פלעגט ביי אַזעלכע צונעמען זייערע פּעסער און זיי פלעגן שוין נישט קאָנען רירן זיך פון אָרט, ביז וואַנען מען וועט זיי נעמען צו דער אַרבעט. דעם 26טן אַפּריל 1916 האָט דער לובלינער גענעראַל־גובערנאַטאָר (לובלין איז געווען די הויפּטשטאָט פון אָקופּירטן געביט, וואָס האָט געהערט צו די עסטרייכער) אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג וועגן אַרבעט ביים בויען שאָסייען און וועגן אין דעם גאַנצן ווייסל־געביט. די פאַראָרדענונג אַגיטירט דעם עולם, „אַז די אַלע אַרבעטן זיינען וויכטיק פאַר דעם וואויל פון לאַנד". זאָלן אַרבעטס־פעאיקע מענער זיך רעגיסטרירן צו דער אַרבעט פרייוויליק, וועט מען נישט זיין געצוואונגען אָנצואווענדן צוואַנג־מיטלען. אין אַ חודש אַרום רופט דער זעלביקער גענעראַל־גובערנאַטאָר, מען זאָל זיך מעלדן צו פעלד־אַרבעט אויף פאָלגנדיקע באַדינגונגען: 12 שעה אַרבעט אַ טאָג (אויך זונטיק נאָכמיטאָג!), באַלוינונג — צוויי קראָן טעגלעך פאַר מענער, 1.60 פאַר פרויען און יוגנטלעכע. עס ווערט דערביי צוגעזאָגט די פּוילישע פּויערים צו באַפרייען זיי שפּעטער, ווען עס וועלן זיך אָנהויבן זייערע אייגענע פעלד־אַרבעטן. אויך דאָ איז דער סוף פּסוק — אַז ווער עס וועט זיך נישט מעלדן פרייוויליק, וועט גענומען ווערן מיט צוואַנג. און דאַן וועט ער שוין נישט קאָנען קומען צו זיין אייגענער אַרבעט. מען פלעגט אַרויפלייגן קאָלעקטיווע שטראָפן אויף גאַנצע גמינעס (גמינע — אַדמיניסטראַטיווע איינהייט פון אַ ריי דערפער) פאַר סאַבאָטירן די צוואַנג־אַרבעט. אַזוי ברענגט די צייטונג „קוריער פּאָזנאַנסקי" פון 9טן יוני 1916 אַ וואָרענונג, פאַנאַנדערגעקלעפט אויף די ווענט אין אַלע שטעטלעך און דערפער פון ראַדאָמער געגנט, נעמלעך: די גמינע פּאָטוואָרואָוו האָט נישט צוגעשטעלט אַרבעטער צום טערמין פון 5טן מאַי, געהאָלפן אַנטלויפן די שוין רעגיסטרירטע אויף אַרבעט, האָט זיך פאַרהאַלטן חוצפּהדיק בנוגע די זשאַנדאַרמען, בכן — אַ שטראָף פון 5000 קראָן אויף דער גמינע. וועלן די אַנטלאָפענע זיך נישט שטעלן ביזן 9טן מאַי, וועלן זיי באַשטראָפט ווערן יעדער מיט זעקס חדשים טורמע, אָדער 2000 קראָן.

אין וואַרשע האָט די מאָביליזאַציע אויף צוואַנג־אַרבעט געטראָגן דעם הויכן נאָמען — „קאַמף קעגן אַרבעטסלאָזיקייט". די פאַראָרדענונג (אָקטאָבער 1916) פון גענעראַל־גובערנאַטאָר בעזעלער איז פול מיט הויכע ווערטער וועגן די ליידן פון די אַרבעטסלאָזע און וועגן „עקל צו אַרבעט", וואָס ווייזט זיך אַרויס ביי געוויסע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, וועלכע רעגיסטרירן זיך נישט אויף אַרבעט אין אַזאַ שווערע צייט. עס ווערט געוואָרנט, אַז ווער עס וועט זיך אַרויסדרייען פון דער אַרבעטס־רעגיסטראַציע וועט באַקומען טורמע ביז 3 חדשים אָדער 5000 מאַרק שטראָף. מען וועט אויך אַוועקגעשיקט ווערן אין די ציווילע אַרבעט־באַטאַליאָנען און אַרבעטן פאַר גאָר אַ נידעריקן פּרייז. עס הייסט — בעסער זיך מעלדן „פרייוויליק".

די אָקופּאַציע־מאַכט האָט נאָך געפאָדערט (דאָס שוין נישט אין עפנטלעכע באַקאַנטמאַכונגען) פון די בירגער־קאָמיטעטן, מאַגיסטראַטן און גמינעס צו שאַפן קליידער און שיך פאַר די רעגיסטרירטע אויף אַרבעט. אין די גרעסערע פּונקטן, וואו עס האָט געהערשט אַ מער־ווייניקער אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכע מיינונג, האָבן די מאַגיסטראַטן און בירגער־קאָ-

*) Julius Berger — Ostjudische Arbeiter in Deutschland, Warschau, 1918.

מיטעטן זיך אָפּגעזאָגט צו העלפן אויף אָט אַזאַ אופן דורכפירן די צוואַנג־אַרבעט און האָבן דערקלערט, אַז אַרבעטער קאָנען ווערבירט ווערן נאָר לויט פרייוויליקע אָפּמאַכן, אָן שום צוואַנג־דראָאונג. זיי וואָלטן יאָ געקענט רופן די אַרבעטער אָנצונעמען אַרבעט נאָר אין דעם פאַל, ווען זיי (די מאַגיסטראַטן, בירגער־קאָמיטעטן) וואָלטן געקענט פאַרזיכערן די אַרבעטער גוטע באַדינגונגען און דעם צוריקקער אַהיים. אין די קלענערע שטעטלעך זיינען זיי געווען געצוואונגען צו פאָלגן די באַפעלן פון דער אָקופּאַציע־מאַכט און שאַפן קליידער, שיך און אויך שפּייז אפילו פאַר די צוואַנג־אַרבעטער, נאָכמער דערפאַר, ווייל די פאַמיליעס פון די לעצטע פלעגן באַקומען האַרצרייסנדיקע בריוו וועגן די שרעקלעכע אַרבעט־באַדינגונגען און זיי פלעגן אַלאַרמירן די קאָמיטעטן און קהילות וועגן הילף פאַר זיי.

די צוואַנג־אַרבעט איז דאָך דורכגעפירט געוואָרן מיט דער גאַנצער ברוטאַליטעט, אויף וואָס די אָקופּאַנטן זיינען נאָר געווען פעאיק. ווי הינט־שלעגער נאָך הינט האָט מען זיך געיאָגט נאָך אַרבעטער, מען פלעגט איינאָרדענען פרייע קאָנצערטן און בעתן שפּילן אַרומרינגלען דעם גאַנצן עולם און פאַרשיקן אויף צוואַנג־אַרבעט. מען פלעגט אַרעסטירן עלטערן און זיי האַלטן אַרעסטירט אַזוי לאַנג, ביז זייערע קינדער וועלן זיך מעלדן צו אַרבעט. מען פלעגט באַפאַלן די ביליקע קיכן און פון דאָרטן פאַרשלעפּן. אין לאָדזש האָט מען באַפוילן אינגאַנצן צו פאַרמאַכן די קיכן, פאַרוועהרט דעם מאַגיסטראַט אויסצאָלן שטיצע די אַרבעטער־קיכן און אויף אַזאַ אופן צווינגען די הונגעריקע צו גיין אויף אַרבעט. אין פּינסק, וואָס איז געלעגן ביים סאַמע פראָנט, האָבן די דייטשן, גלייך ווי זיי האָבן פאַרנומען די שטאָט, גאַנץ איינפאַך אַוועקגעשטעלט אַ נאָרמע, אַז בלויז 10,000 איינוואוינער מעגן בלייבן אין שטאָט. די איבעריקע 15,000 האָט מען אָנגעהויבן אַרויסשיקן, יעדן טאָג צו עטלעכע הונדערט, אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. מען פלעגט זיי אַרויסגעבן פּאַספּאָרטן, אַריינפּאַקן אין משא־וואַגאָנעס, דער בירגער־קאָמיטעט האָט געמוזט געבן יעדן אַרויסגעשיקטן צו צוויי פונט ברויט, עטוואָס קליינגעלט און — מאַרש, וואוהין — פלעגט מען קיינמאָל נישט וויסן. דאָס איז געווען דער סוד פון דער מיליטער־מאַכט *).

ווי אַזוי די צוואַנג־אַרבעט האָט געזאָלט זיין „פאַרן וואויל פון לאַנד", ווי די אָקופּאַנטן האָבן זיך צעשריבן אין זייערע „באַקאַנטמאַכונגען", קאָן מען זען פון פאָלגנדיקן פאַקט: אין פּרוזשענע האָבן די אַרבעטער, וואָס דער מאַגיסטראַט האָט שוין ווערבירט,

*) בריוו פון אַמעריקאַנער זשורנאַליסטין גלאָבערט קופּער, „דער טאָג", ניו יאָרק, 1916.

לויט דער פאָדערונג פון דער מאַכט, אויסגעגראָבן קאַרטאָפל פון די פעלדער און עס צוגעגרייט אויף ווינטער — פאַר דער באַפעלקערונג — האָט עס געזאָלט הייסן. דער מאַגיסטראַט האָט די אַרבעטער געצאָלט 3 מאַרק אַ טאָג, באַזאָרגט זיי מיט קליידער און עסן. אָבער, ווען ער האָט צו ווינטער געפאָדערט די קאַרטאָפל אויף פאַנאַנדערצוטיילן צווישן דער נויט־ליידנדיקער באַפעלקערונג, האָבן די אָקופּאַנטן געפאָדערט איינצאָלן פאַר די קאַרטאָפל 600 רובל אין גאָלד! מען האָט דעם גאַנצן מאַגיסטראַט אַרעסטירט, געהאַלטן אויף ברויט און וואַסער אַ גאַנצן מעת־לעת, געדראָט אַרויסצושיקן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דייטשלאַנד און אַזוי אַרום אַרויסגעפּרעסט די 600 גאָלד־רובל! און פאַרן דאָזיקן גאָלד האָט מען זיי אויסגעטיילט זייערע אייגענע קאַרטאָפל, שוין פאַרפרוירענע דערצו **). צו גאָלד האָבן די אָקופּאַנטן בכלל געהאַט אַ שוואַכקייט. אין אָבער־אָסט־געביט (ווילנע, ביאַליסטאָק, גראָדנע, סוּוואַלק א"אַ) איז אין דער פאַראָרדענונג פון 7טן נאָוועמבער 1916 וועגן רעגיסטראַציע אויף אַרבעט אין עלטער פון 17 ביז 60 יאָר, געווען געזאָגט, אַז ווער עס באַצאָלט 600 רובל אין גאָלד, ווערט באַפרייט פון אַרבעט. דאָס גאָלד האָט געזאָלט כלומרשט גיין אויף קליידער פאַר די צוואַנג־אַרבעטער.

דער ווילנער קאָמיטעט פון „בונד" האָט אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפן אויפרוף קעגן דער צוואַנג־אַרבעט און קעגן דעם אויסקויף־געלט. דאָס זעלבע האָבן געטאָן די פּוילישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פּ. פּ. ס. און ס. ד. ק. פּ. און ל. אין אויפרופן אויף יידיש און פּויליש האָבן אַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס גערופן צו אַ פּראָטעסט־סטרייק פון די אַרבעטנדיקע. דער שטרייק האָט געדויערט אַ פּאָר שעה בלויז און איז ברוטאַל געבראָכן געוואָרן מיט שאַרפע רעפּרעסיעס. דער „קאָמיטעט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן" (וואַרשע) האָט אין אַ ספּעציעלן אויפרוף (מחבר וו. מעדעם) סאַרקאַסטיש אויסגעלאַכט דעם „עקל צו אַרבעט", וואָס דער הער בעזעלער האָט אויסגעפונען ביי די אַרבעטער פון פּוילן. אין וואַרשע, לאָדז, טשענסטאָכאָוו, דאָמבראָווער קוילן־ראַיאָן זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן אויפרופן פון פּ. פּ. ס. און ס. ד. ק. פּ. ל. קעגן דער צוואַנג־אַרבעט ***).

ווי ווייט גרויס איז געווען דער „עקל צו אַרבעט" ביי די יידישע מאַסן קען מען זען דערפון, וואָס אין

**) פּרוזשענער פנקס.

***) Przymus Pracy w Polsce i na Litwie.

די בראָשור איז אַרויסגעגעבן געוואָרן 1917, אין לאָנדאָן פון דעם נ. ק. נ. (נאַציאָנאַלן הויפּט־קאָמיטעט), וואָס איז געווען טעטיק אויפן עסטרייכישן געביט.

ווילנע אַליין, האָבן זיך גלייך אין דער ערשטער צייט, איידער עס איז באַוואוסט געוואָרן וועגן די שרעקלעכע באַדינגונגען פון די צוואַנג־אַרבעטער, פאַרשריבן אויף אַרבעט העכער פינף טויזנט יידן, פון ווי בלויז אין דער קיך פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַרייַנען 2,000 מאַן. עס האָבן זיך פאַרשריבן הונדערטער אַזוי גערופענע באַלעבאַטישע קינדער, געטריבן פון הונגער און נויט. די אַלע פאַרשריבענע זיינען פאַרשפאַרט געוואָרן אין טורמעס, אין מיליטער־לאַגערן, פון וואַנען מען האָט זיי צעשיקט אין די אַרבעט־באַטאַליאָנען. די קרובים און עלטערן פון אַזעלכע פאַרשיקטע האָבן נישט געוואוסט, וואו זייערע נאָענטע געפינען זיך. אויף די ווענדונגען צו דער ציוויל־מאַכט, וועלכע האָט די רעגיסטראַציע דורכגעפירט, פלעגט זי ענטפערן, אַז די אַרבעט־באַטאַליאָנען געפינען זיך אין רשות פון דער מיליטער־מאַכט און זי, די ציוויל־מאַכט, קען גאָרנישט וויסן. צוואַנג־אַרבעטער זיינען געווען באַשעפטיקט ביים בויען שאָסייען אין די זומפן פון פינסקער געגנט, אין לעטלאַנד, ליטע, בכלל אין אַלע נאָענטע צום פראָנט געביטן. איינער פון די הויכע פוילישע באַאַמטע זאָל זיך האָבן שפּעטער אויסגעדריקט, אַז יענע שאָסייען זיינען אָנשטאָט מיט קלעצער אויסגעלייגט מיט די קערפּערס פון יידישע צוואַנג־אַרבעטער

די קאָרעספּאָנדענץ פון די אַרבעט־באַטאַליאָנען פלעגט, פאַרשטייט זיך, אַדורך די מיליטערישע צענזור. קיין איין וואָרט וועגן די שלעכטע אַרבעט־באַדינגונגען פלעגט נישט אַדורכגעלאָזט ווערן. זעלטן ווען פלעגט געלינגען אַדורכצושמוגלען אַ בריוו מיט אַ באַשרייבונג. אָט איז אַן אויסצוג פון אַזאַ בריוו:

„מען האַלט אונז אין הילצערנע, אויף שנעל אויסגעבויטע באַראַקן, מיט שפּאַלטן און לעכער אין די ווענט, אַרומגענומען מיט שטעכיקן דראָט. אינעווייניק 2־3 שטאָקיגע נאַרעס צום שלאָפן. 6 פרי ווערט מען געוועקט צום אויפשטיין. יעדער באַקומט אַ פּאָרציע ברויט פון 200 גראַם אויף אַ גאַנצן טאָג, דערצו עפּעס אַ שוואַרצע ביטערע פליסיקייט — „קאַווע" — אויף פרישטיק. דער באַראַק ליגט 5—6 קילאָמעטער פון פראָנט, גייט מען צו דער אַרבעט צופוס. „מאַרודניקעס", דאָס הייסט שוואַכע און קרענקלעכע ווערן אונטערגעיאָגט מיט קלעפּ פון די ביקסן. דאָס רוב איז באָרוועס, אפילו ביי שניי און פרעסט, אַ סך טראָגן צעריסענע לייכטע זומער־רעקלעך, אָן מאַנטלען. עס איז אַ ביטערע קעלט, לויפט מען אונטער קלעפּ און פון קעלט. מען מוז אַרבעטן פלייסיק, אויב נישט — קלעפּ. 12 אַזייגער מיטאָג: אַ זופּ אָן פעטס, אָן פלייש, שוואַרצע אַרבעס, אָדער וויקע (מען פיטערט דערמיט געוויינלעך חזירים), אין אַ גרויסן יום-טוב אַ שטיקל שטינקענדיקע פיש. 6—7 אָוונט צוריק אין באַראַק, אַ טעלער מיט אַ שיטערן מאכל. מען לייגט זיך שלאָפן אין דער פינצטער (קיין ליכט גיט מען נישט), שלאָפט מען איין הונגעריקע, אויסגעשעפּטע. די באַראַקן ווערן פאַרשלאָסן אויף אַ גאַנצע נאַכט, ביז אינדערפרי לאָזט מען קיינעם נישט אַרויס. שוואַכע, קראַנקע דערליידיקן זייערע באַדערפעניש אויף דער נאַרע ... רינט אַראָפּ אויף די וואָס ליגן אונטן. מען שטאַרבט אויס ווי די פליגן ...*)

די ווידערשפּעניקע פלעגט מען פאַרשיקן קיין נאָווע־מיאַסטאָ, וואו עס איז געווען איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלער שטראָף־באַטאַליאָן, אָדער אויפן „טייוול־אינזל", ווי מען האָט גערופן די ביאַלאָוועזשער וועלדער. אויך די פאַרהאַלטענע אין דייטשלאַנד „פרייוויליקע", וועלכע פלעגן פאַרלאָזן זייער אַרבעט־פּלאַץ, פלעגט מען פאַרשיקן אַהער. דאָ זיינען די באַדינגונגען געווען נאָכמער שוידערהאַפט. געווען פאַלן, ווען די אַרבעטער פלעגן אונטערצינדן די באַראַקן, צערייסן די דעקעס אויף אַרומצואוויקלען די באָרוועסע פיס, זיך ספּעציעל צעקאַלעטשען, כדי אָפּגעשיקט צו ווערן אין שפּיטאָל.

אין דער ווינער „אַרבעטער־צייטונג", אָרגאַן פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, איז דעם 30טן אויגוסט 1916, געווען אָפּגעדרוקט אַ באַשרייבונג פון די שרעקלעכע אַרבעט־באַדינגונגען פון די פרייוויליק־ווערבירטע אין די אָקופּירטע געביטן. יענע באַשרייבונג, מסתמא צוליב די באַדינגונגען פון מיליטערישער צענזור, גיט נישט קיין הונדערט־חלק פון דעם, וואָס עס איז געווען אין דערווירקלעכקייט. אין דייטשן רייכסטאַג האָט דער פּוילישער דעפּוטאַט פון פּויזן — סיידא (אַן ענדעק, געווען אויסערן־מיניסטער אין אומאָפּהענגיקן פּוילן און מיטגליד פון דער פּוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן) אין יאָר 1917 אַריינגעטראָגן אַן אינטערפּעלאַציע וועגן דער צוואַנג־אַרבעט. אין נאָמען פון הויפּט־קאָמאַנדיר פעלד־מאַרשאַל הינדענבורג האָט מען געענטפערט, אַז ער איז לכתחילה געווען קעגן אָנווענדן צוואַנג־אַרבעט. דאָס איז שוין אָבער געווען די צייט, ווען די אָקופּאַציע־מאַכט האָט גענומען קאָקעטירן מיט דער פּוילישער באַפעלקערונג, האָט גענומען שאַפן די אינסטיטוציעס פאַר דער כלומרשטער צוקונפטיקער אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן. די צוואַנג־אַרבעט איז טאַקע דאַן אָפּגעשאַפט געוואָרן. עס האָבן אָנגעהויבן קומען צוריק גאַנצע פּאַרטיעס אויסגעמאַטערטע, אָפּגעריסענע, מיט אָפּגעפרוירענע גלידער, קראַנקע און צעבראָכענע. טויזנטער פאַמיליעס האָבן ערשט איצט דערזען דעם צושטאַנד פון זייערע נאָענטע, וועלכע זיינען „פרייוויליק" אַוועק אויף אַרבעט און וועגן וועלכע זיי האָבן די גאַנצע צייט נישט געוואוסט, וואו זיי געפינען זיך און צי זיי לעבן בכלל.

נישט געקוקט אויף די אַלע אויסערסט שווערע באַדינגונגען איז דאָך געלונגען אין דער אָקופּאַציע־צייט אַ גרויסער צאָל יידישע אַרבעטס־מענטשן אַריינצודרינגען אין מלוכהשן ווירטשאַפטלעכן אַפּאַראַט.

---

*) פאַרעפנטלעכט פון באַקאַנטן ווילנער כלל־טוער ד״ר י. וויגאָדסקי, „ווילנער פנקס", 1922.

אין ביוראָען פון פאַרשידענע אַמטן אין די אָקופּירטע געביטן האָבן געאַרבעט זייער פיל יידישע בחורים און מיידלעך, אַדאַנק זייער קענטשאַפט פון דער דייטשער שפּראַך. אויף די באַנען האָבן געאַרבעט הונדערטער יידן ביי דער שוואַרצער אַרבעט פון אויסלאָדן די וואַגאָנעס און אָנלאָדן זיי, אַלס הילף־באַגלייטער פון די משא־צוגן, גאַנץ אָפט אפילו אין די קאַנצעלאַריעס (אָפיסעס) פון די גרעסערע באַן־קנופּן און אין די ווירטשאַפטלעכע אַנשטאַלטן. אין פיל פאַבריקן פון אָקופּירטן געביט, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר דעם מלחמה־געברויך פון די אָקופּאַנטן, זיינען געווען באַשעפטיקט פיל יידישע אַרבעטער.

## 7. די ווירטשאַפטלעכע ראָל פון די בירגער־קאָמיטעטן און פון די יידישע קהילות

די בירגער־קאָמיטעטן זיינען געשאַפן געוואָרן אין יעטוועדער גרעסערע שטאָט אַ קורצע צייט פאַר דער רוסישער עוואַקואַציע. די אָקופּאַנטישע מאַכט האָט זיך באַמיט שאַפן אַזעלכע קאָמיטעטן אומעטום, איבערגעבנדיק זיי די סאָציאַלע זאָרג פאַר דער באַפעלקערונג און דעם גאַנצן אַפּאַראַט, וואָס איז דערצו נויטיק. די אָקופּאַציע־מאַכט האָט, פאַרשטייט זיך, איר גאַנצע ווירטשאַפטלעכע פּאָליטיק דורכגעפירט דורך די בירגער־קאָמיטעטן. זיי זיינען פאַקטיש געוואָרן אַ טייל פון אָקופּאַנטישן פאַרוואַלטונגס־אַפּאַראַט. די דאָזיקע בירגער־קאָמיטעטן זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרן נישט לויט אַ דעמאָקראַטישן סיסטעם, נישט דורך וואַלן, נאָר גאַנץ איינפאַך, מען האָט איינגעלאָדן באַקאַנטע אין שטאָט פּערזענלעכקייטן, נישט רעכענעדיק זיך מיט דער ציפער־פּראָפּאָרץ פון די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, אָבער אין אַלגעמיין האַלטנדיק זיך מער־ווייניקער ביים צוזאַמענשטעל פון די געזעלשאַפטלעכע און נאַציאָנאַלע כוחות. דורך די דאָזיקע בירגער־קאָמיטעטן איז פאַר דער אָקופּאַציע־מאַכט געווען פיל לייכטער דורכצופירן רעקוויזיציעס און אַנדערע נויטיקע פאַר איר ווירטשאַפטלעכע אַקציעס. אין די קלענערע שטעטלעך פלעגט מען רעקווירירן אפילו מעבל אויף באַקוועמער איינצואָרדענען דירות פאַר די אָקופּאַציע־באַאַמטע, פאַרזאָרגן אַלע אַמטן מיט הייץ־מאַטעריאַל, שפּייז אאז"וו.

הגם די בירגער־קאָמיטעטן האָבן געדאַרפט באַפרידיקן די נויטן אויך פון דער יידישער באַפעלקערונג, צוגלייך מיט דער פּוילישער, איז אָבער דאָך די באַזאָרגונג פון די יידן פאַקטיש געלעגן כמעט אויסשליסלעך אויף די יידישע קהילות, באַזונדערס אין די קלענערע שטעט מיט אַ יידישער מערהייט, וואו די קהילות זיינען געווען די איינציקע רעפּרעזענטאַנץ־קערפּערשאַפטן. מען האָט אין אַזעלכע שטעט דאָס רוב אפילו קיין בירגער־קאָמיטעטן נישט באַשטימט. ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרן, האָבן אין די קהילות פון קאָנגרעס־פּוילן געוועלטיקט די חסידים מיט די אַסימילאַטאָרן. אין ווילנער, גראָדנער, ביאַליסטאָקער, פּאָליעסער געביטן — סתם „שיינע באַלעבאַטים", אַלטפרענקישע קהלשע קאָכלעפל אז"גל. אַזוי ווי צו די קהילות און צו דורך זיי געשאַפענע הילף־קאָמיטעטן איז געפלאָסן די שטיצע פון אויסלאַנד, דער עיקר פון אַמעריקע, איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, גרויס געווען די אומצופרידנקייט פון די ברייטע מאַסן מיטן אופן פון באַלעבאַטעווען מיט די הילף־געלטער. אויף דעם באָדן איז געקומען אַפילו צו דעמאָנסטראַציעס מצד די אַרבעטסלאָזע און הונגעריקע, הויפּטזאַכלעך אין די גרעסערע שטעט ווי וואַרשע, לובלין, לאָדזש, ווילנע, ביאַליסטאָק און אַנדערע.

אין די גרעסערע שטעט האָבן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער — יידישע און פּוילישע — געפירט געמיינזאַם דעם קאַמף קעגן די בירגער־קאָמיטעטן. דאָס איז געווען דער עיקר, אין וואַרשע, לאָדזש, טשענסטאָכאָוו, לובלין, בענדין, סאָסנאָוויץ, וואו די אַרבעטערשאַפט האָט ביי די באַדינגונגען פון אָקופּאַציע געשאַפן אירע פּראָפעסיאָנעלע און ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און געפאָדערט פאַר זיך פולשטענדיקע אויטאָנאָמיע אויפן געביט פון דער הילף־אַקציע. די קאָמיטעטן האָבן אָבער פאַוואָריזירט די רעאַקציאָנערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס ווי די קריסטלעכע דעמאָקראַטן (כ. ד.), נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד (נ. ז. ר.) און סתם נאַציאָנאַליסטישע פּוילישע אַרבעטער־גרופּירונגען; די בירגער־קאָמיטעטן האָבן אַריינגענומען פאַרשטייער פון אָט די אָרגאַניזאַציעס און דורכדעם געוואָלט יוצא זיין פאַרן גאַנצן כלל אַרבעטער. די פּוילישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס — ביידע פּאַרטייען (רעכטע און לינקע) פּ. פּ. ס., די ס. ד. ק. פּ. ל., די יידישע — דער עיקר דער „בונד", אין וואַרשע, לאָדזש, פּעטריקאָוו, ראַדאָם און קעלץ טיילווייז אויך די „פּועלי־ציון", אין טשענסטאָכאָוו — אויך די ס. ס. — האָבן אויף דעם באָדן געפירט שאַרפע קאַמפּאַניעס קעגן די בירגער־קאָמיטעטן. אין ווילנע איז פון אָנהויב פון דער אָקופּאַציע געגאַנגען דער קאַמף אויפן נאַציאָנאַלן באָדן: די שטאָט־פאַרוואַלטונג איז נאָך פון די צאַרישע צייטן באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון פּאָליאַקן. האָבן די יידן, ליטווינער און ווייסרוסן געפירט אַ קאַמף פאַר צולאָזן אויך זייערע פאַרשטייער אין מאַגיסטראַט. די יידן האָבן אויך געפאָדערט צו נעמען זיי אויף שטאָטישע פּאָסטנס ,ווייל אַלע אַמטן אין דער ווילנער שטאָט־פאַרוואַלטונג (ווי אין אַלע שטעט) זיינען געווען „יידן־ריין".

אַ גרויסע ראָלע האָט אין ערשטן יאָר פון דער אָקופּאַציע (זינט האַרבסט 1916 איז שוין געווען טעטיק אַ געווײילטער שטאָט־ראַט) געשפּילט דער וואַרשעווער בירגער־קאָמיטעט, מיטן פּרעזידענט פון שטאָט, וועלכער איז געווען באַשטימט פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט — פירשט ליובאָמירסקי. אויפן וואַרשעווער בירגער־קאָמיטעט האָט מען געקוקט ווי אויף דער פּאָליטישער רעפּרעזענטאַנץ פון גאַנץ פּוילן. פון די יידן זיינען אין בירגער־קאָמיטעט געזעסן די באַקאַנטע בירגערלעכע אַסימילאַטאָרן — עדוארד נאַטאַנסאָן און אינזשינער ווייסבלאַט. זיי האָבן אָבער אַלס יידישע רעפּרעזענטאַנטן קיין שום השפּעה נישט געהאַט — און אויך נישט געקענט האָבן — אויפן גאַנג און כאַראַקטער פון זיין טעטיקייט. דער וואַרשעווער בירגער־קאָמיטעט האָט זיך פאַרמאָסטן אפילו צו שאַפן אַ סוראָגאַט פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג און געזעצגעבונג — אַ פאַבריק־אינספּעקציע. אין דער קאָמיסיע אויסצואַרבעטן דעם רעגולאַמין פון דער פאַבריק־אינספּעקציע און איר קאָמפּעטענץ זיינען אַריין פאָרשטייער פון די אַרבעטער־פּאַרטייען, דערין אויך איינער פון „בונד“, דער חבר דוד מייער (איצט אין ניו־יאָרק).

# III. די פאָליטישע לאַגע אונטער דער אָקופאַציע

## 1. די הינדענבורג־קאָנסטיטוציע — טייל און הערש־פאָליטיק



י נייע מאַכט האָט איינגעטיילט דעם פאַרנומענעם שטח אין דריי באַזונדערע אַדמיניסטראַטיווע געביטן : גאַנץ ווילנער געביט, פאָלעסיע, בריסק, ביאַליסטאָק, גראָדנע און אומגעגנט האָבן צוזאַמען אויסגעבילדעט דעם געביט „אָבעראָסט” ; וואַרשע, לאָדזש, קאַליש, פלאָצק, טשענסטאָכאָוו, בענדין, סאָסנאָוויץ, האָבן געהערט צו דער דייטשער מיליטער־מאַכט מיט אַ באַזונדערן גענעראַל־גובערנאַטאָר (בעזעלער) ; לובלין, פעטריקאָוו, ראַדאָם, קעלץ און ווייטער ביז דער גרענעץ פון גאַליציע איז איבערגעגעבן געוואָרן די עסטרייכער. דער שטרענגסטער פאָליטישער רעזשים איז געווען אין „אָבעראָסט”, אינם אַזוי גערופענעם „עטאַפן־געביט”, נאָענט צום מלחמה־פראָנט. אויב פון דייטשישן אָקופאַציע־געביט אין עסטרייכישן פלעגט מען אַמאָל קענען קריגן אַ דערלויבעניש אויף אַריינצופאָרן, איז דאָס געווען אויסגעשלאָסן בנוגע דעם ראַיאָן פון „אָבעראָסט”. די פרעסע־אָרגאַנען פון איין געביט פלעגן ניט אַריינגעלאָזן ווערן אין צווייטן. בכלל האָבן אַלע דריי געביטן עקסיסטירט ווי לחלוטין באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזמען, נישט פאַרבונדן איינער מיטן צווייטן. אין אַלע געביטן האָט פאַרפליכטעט אַ ספעציעלער רעגולאַמין מיט אַ ריי תקנות פון פאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, ווי מען האָט דאָס גערופן, די „הינדענבורג־קאָנסטיטוציע” (הינדענבורג איז אין די ערשטע פאָר יאָר פון דער מלחמה געווען דער הויפט־קאָמאַנדיר פון מזרח־פראָנט). עס איז נישט דערלויבט געווען די עקסיסטענץ פון פאָליטישע פאַרטייען, קיין פאַרזאַמלונגען פון אַ פאָליטישן כאַראַקטער אד"גל. אין אַלגעמיין האָט די אָקופאַציע־מאַכט טאָלערירט בלויז אַזעלכע געזעלשאַפטן און פאַריינען, וועגן וועלכע זי האָט געוואוסט, אָדער מען האָט איר צוגעשטעלט באַווייזן, אַז זיי האָבן עקסיסטירט נאָך פאַר די צאַרישע צייטן. אין ווילנע, למשל, האָבן פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, גלייך אין אָנהויב פון דער אָקופאַציע, קאָלעקטיוו זיך געווענדעט צו הינדענבורגן וועגן דערלויבן זיי אַרויסצוגעבן צייטונגען אין זייער מוטערשפראַך אָן אַ דייטשן טעקסט (מען האָט דאַן געפאָדערט, אַז די גאַנצע צייטונג זאָל אויך דערשיינען אין אַ דייטשער איבערזעצונג ; דאָס איז געווען אַ



שפיצל — די אָקופאַציע־מאַכט האָט גוט געוואוסט, אַז עס וועט זיין אוממעגלעך אַרויסצוגעבן יעדע צייטונג אין צוויי שפראַכן) — האָט ער אָפגעזאָגט. שפעטער, ווען די „קאָנסטיטוציע” איז אַריין אין קראַפט, זיינען דערלויבט געוואָרן בלויז יענע צייטונגען — פויליש און יידישע — וועלכע זיינען דערשינען פאַר די צאַרישע צייטן. אויף אַ ווענדונג פון אייניקע בונדישע טוער מיט ב. מיכאַלעוויטש בראש וועגן דערלויבן אַרויסגעבן אַ צייטונג פון „בונד”, איז געקומען אַן ענטפער, אַז לויט ווי עס איז דער מאַכט באַוואוסט, האָט אַזאַ פאַרטיי פאַר די צאַרישע צייטן נישט עקסיסטירט (לעגאַל, האָט דאָס געמיינט). שפעטער האָט מען געפונען אַנדערע תירוצים : מאַנגל פון פאַפיר מאַנגל אין צענזאָרן, וועלכע זאָלן קענען די אָרטיקע שפראַכן אאַז"וו. די צייטונגען, וועלכע זיינען יאָ דערלויבט געוואָרן, פלעגן באַקומען פון דער מאַכט צו ביליקע רעגלאַמענטאַציע־פרייזן אַ קאָנטינגענט פאַפיר, פאַרב, דרוק און שרייב־מכשירים אד"גל.

בכלל האָט די אָקופאַציע־מאַכט פון אָנהויב זיך געהאַלטן פאָרמעל ביים „סטאַטוס־קוואָ אַנטע”. אַזוי למשל, האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון עסטרייכישן אָקופירטן געביט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אויפן סמך פון דער האַגער קאָנווענץ (וועגן מלחמה־צושטאַנד און אָקופאַציע), אַז אַלע צאַרישע פאַראָרדענונגען בנוגע די יידן ווערן נישט אָפגעשאַפט אויף דער צייט פון מלחמה (יידן האָבן נישט געטאָרט זיך באַזעצן אין די דערפער אד"גל). פאַקטיש אָבער האָט די פאָליטישע לאַגע פון די יידן זיך באַדייטנדיק פאַרבעסערט, און די מאַכט האָט זיי באַהאַנדלט ווי גלייכבאַרעכטיקטע בירגער. ווי עס איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן, זיינען פיל יידן צוגעצויגן געוואָרן אויף פאָסטנס אין די מלוכהשע און קאָמונאַלע אינסטיטוציעס, אין די געריכטן, פאָסט און אויף די אייזנבאַנען. טריי, פאַרשטייט זיך, דעם אָנגענומענעם פרינציפ פון „טייל און הערש”, האָט אויך דאָ די אָקופאַציע־מאַכט טיילווייז געוואָלט אויסשפילן די יידן קעגן די פאָליאַקן, האַלטנדיק, אַז די ערשטע, צוליב דער ענלעכקייט פון דער שפראַך, וועלן דינען אַלס שטיצפונקט פאַרן „דייטשטום”, פאַר דער גערמאַניזירונג פון פוילן, וועלן פאַרלייכטערן דעם היסטאָרישן דראַנג פון די דייטשן „נאַך אָסטן” (צום מזרח). אַ כאַראַקטעריסטישער אַרטיקל איז דערשינען דעם 23טן דעצעמבער 1915 אין „טאַג” (בערלין) פון דעם דייטשן גובערנאַטאָר אין אָקופירטן לאָדזש פאָן פוטקאַמער. ער האָט ביז דער מלחמה 30 יאָר געלעבט אין רוסלאַנד

אין זיינעם אַ גוט אין וויטעבסקער גובערניע און האָט זיך גערעכנט אין דער אָקופּאַציע־צייט אַלס „ספּעץ" אין די רוסלענדישע נאַציאָנאַליטעטן־אָנגעלעגנהייטן. פאַן פּוטקאַמער לויבט שטאַרק די פּוילישע יידן פאַר אָפּהיטן זייער אָפּגעזונדערטקייט, שפּראַך און מנהגים. ער באַטראַכט זיי אַלס ווערקצייג פון דייטשטום קעגן סלאַווענטום *).

„דער זשאַרגאָן — שרייבט פאַן פּוטקאַמער — איז אַ דייטשער דיאַלעקט, געמישט מיט סלאַוויש און העברעאיש; יעדער דייטש פאַרשטייט לייכט דעם זשאַרגאָן. דער זשאַרגאָן קאָן נאָר זיין פאַר דער פאָלק־שול; פאַר מיטעלע און העכערע שולן איז שוין נויטיק די יידן אַן אַנדער שפּראַך. וועלכע? פּויליש אָדער דייטש: מיר דאַרפן זאָרגן, אַז דער איבערגאַנג זאָל זיין צו דייטש".

און אין דער זעלביקער צייט האָבן די פּאָליאַקן (איבערהויפּט די עסטרייכישע) געהאַלטן, אַז די יידן וועלן פאַרשטאַרקן דעם פּוילישן עלעמענט אינם ניי־אַנטשטייענדיקן פּוילן. לעאָן יאַוואָרסקי, פּרעזידענט פון פּוילישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט (נ. ק. נ., געשאַפן אין גאַליציע באַלד אין אָנהויב פון דער מלחמה), מיטגליד פון עסטרייכישן פּאַרלאַמענט און פון גאַליצישן סיים, האָט אין יאָר 1915 געשריבן אין די בערלינער „פּאָלנישע בלעטער", אין אַרטיקל „אונזערע יידן" **):

„די יידישע פּראַגע איז קאָמפּליצירט, זי רוקט אַרויס נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע פּראָבלעמען. ווי אַזוי זיי לייזן? מען דאַרף געבן די יידן גלייכבאַרעכטיקונג, זיכערן זיי אַ נאָרמאַלע עקזיסטענץ, זיי דאַרפן מיטאַרבעטן אויף אַלע געביטן פון בירגערלעכן לעבן. מיר דאַרפן פאָדערן פון זיי, אַז זיי זאָלן זיין טרייע בירגער פון לאַנד, מיטהעלפן זיין אַנטוויקלונג. אַזוי ווי די יידן אין מערב־אייראָפּע זיינען געוואָרן גוטע פראַנצויזישע, גוטע ענגלישע, גוטע דייטשע בירגער, אַזוי זאָלן די פּוילישע יידן ווערן גוטע בירגער פון פּוילן".

אין די ערשטע פאַר יאָר פון דער אָקופּאַציע איז נאָך ביי די צענטראַל־מלוכות נישט קלאָר געווען, וואָס זיי זאָלן מאַכן מיט פּוילן — צי עס זאָל סתם פאַרגרעסערט ווערן דער דייטשער און עסטרייכישער „באַזיץ" דורך איינגלידערן טיילן פון אָקופּירטן געביט צו דייטשלאַנד און עסטרייך, צי עס זאָלן פאַראייניקט ווערן קאָנגרעס־פּוילן מיט גאַליציע און עס זאָל געשאַפן ווערן אַ „בופער־מלוכה", ווי מען האָט דאָס דאַן גערופן, אונטער דער שוץ פון דייטשלאַנד אָדער עסטרייך. דער נ.ק.נ. מיט יאַוואָרסקין בראש האָט זיך געהאַלטן ביי דער לעצטער אָריענטאַציע און געוואָלט האָבן די יידן פון קאָנגרעס־פּוילן „פאַר זיך". דאָס איז געווען דער זין פון אויבן־ציטירטן אַרטיקל, בעת פאַן פּוטקאַמער און די פּרייסן האָבן געוואָלט, פאַרקערט, האָבן די יידן אַלס שטיץ־פּונקט פון „דייטשטום" אויפן מזרח.

אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל פון דער „טייל און הערש"־פּאָליטיק גיט אונז ווילנע. גלייך נאָך דער אָקופּאַציע (1915) האָט די מאַכט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף „צו דער שטאָט ווילנע", וואו עס ווערט שטאַרק קאָקעטירט מיט די פּאָליאַקן. ווילנע ווערט אָנגערופן אַ „פּוילישע שטאָט", אַ „פּערל אין דער קרוין פון קיניגרייך פּוילן". די מיליטערישע צענזור האָט געלאָזט דעם אַנטיסעמיטישן „דזעננניק ווילענסקי" דרוקן פאַרשידענע אינסינואַציעס אויף יידן האָט אָבער ניט אַדורכגעלאָזט אַן ענטפער אויף זיי אין דער יידישער צייטונג „לעצטע נייעס". אין יאָר 1917 האָט מען אָנגעהויבן קאָקעטירן מיט די ליטווינער און דאַן שוין נישט געהאַלטן ווילנע פאַר אַ פּוילישער שטאָט, געבילדעט די ליטווישע „טאַריבאַ" און איר איבערגעגעבן (לפנים, פאַרשטייט זיך) די מאַכט איבער ווילנע און קאָוונע. דעמאָלט האָבן די צענזאָרן געגעבן גאַנץ דייטלעך אָנצוהערן די „לעצטע נייעס", אַז די צייטונג זאָל יאָ פירן אַ קאַמפּאַניע קעגן די פּאָליאַקן. אין וואַרשע האָט דער פּרעסע־שעף פאַרן אָקופּירטן געביט קליינאָוו (אַליין רעדאַקטאָר פון דער האַקאַטיסטישער „גרענצבאָטע", וועלכע האָט געפּריידיקט צוואַנג־גערמאַניזאַציע פון די פּוילישע גרענעץ־געביטן), פאַנאַנדערגעשיקט אַ וואָרענונג צו דער יידישער פּרעסע און געדראָט מיט רעפּרעסיווע מיטלען פאַר אָנפאַלן אויף די פּאָליאַקן, פאַר שרייבן וועגן דעמאָנסטראַציעס קעגן „בירגער־קאָמיטעטן", פאַר קריטיקירן זייער פּאָליטיק לגבי די יידן. און אין דער זעלבער צייט האָט די „דוואַ גראָשע", פּונקט ווי פאַר די צאַרישע צייטן, געהאַלטן אין איין העצן קעגן די יידן און געפאָדערט אַ פּראָצענט־נאָרמע פאַר זיי אין ניי־געעפנטן פּוילישן אוניווערסיטעט און פּאָליטעכניקום.

## 2. דער פלירט מיט דער יידישער אָרטאָדאָקסיע.

די דייטשן האָבן גאַנץ געשיקט אויסגענוצט די שטימונג פון די יידן אין די ערשטע צייטן פון דער אָקופּאַציע, ווען זיי האָבן בנוגע די יידן געשפּילט די ראָלע פון „באַפרייער", נאָך אַזוי פיל פּאָגראָמען און גרושים פאַר די צאַרישע צייטן. נאָך איידער עס איז פאַרענדיקט געוואָרן דער פּראָצעס פון אָקופּירן פּוילן, איז פון אעראָפּלאַנען פאַרשפּרייט געוואָרן אַן אויפרוף „צו די יידן פון פּוילן."

דער אויפרוף איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף יידיש און העברעאיש און איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין

*) מיר ציטירן לויט דער „יידישע פּרעסע", אָרגאַן פון קאָנסערוואַטיוון יידנטום אין דייטשלאַנד (רעדאַקטאָר ד"ר הילדעסהיימער), בערלין, 31טן דעצעמבער 1915.

**) זע אויך: „פּאָלען", וואָכנשריפט פון נ. ק. נ., ווין, 24 סעפּטעמבער 1915, נ. 39.

פיל הונדערטער טויזנטער עקזעמפּליאַרן איבערן גאַנצן שטח פון פּוילן:

מיר ברענגען דאָ דעם פולן טעקסט פונם אויפרוף *):

צו די יידן אין פּוילן.

די העלדישע אַרמיעס פון די גרויסע מיטלאייראָפּעישע רעגירונגען, דייטשלאַנד און עסטרייך־אונגאַרן זיינען אַריין אין פּויקן.

דער מעכטיקער מאַרש פון אונזערע אַרמיעס האָט געצוואונגען די דעספּאָטישע רוסישע רעגירונג צו אַנטלויפן.

אונזערע פאָנען ברענגען אייך רעכט און פרייהייט: גלייכע בירגער־רעכט, פרייהייט פון גלויבן, פרייהייט צו אַרבייטן אומגעשטערט אין אַלע צווייגן פון עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן אין אייער גייסט.

צו לאַנג האָט איר זיך געפּלאָגט אונטער דעם אייזערנעם מאָסקאָוויטישן יאָך.

ווי פריינט קומען מיר צו אייך. די באַרבאַרישע פרעמדע רעגירונג איז אויס!

די גלייכע רעכט פאַר יידן זאָל ווערן געבויט אויף פעסטע פונדאַמענטן.

לאָזט אייך נישט, ווי אַ סך מאָל פריער אָפּנאַרן דורך חנופהדיקער פאַרשפּרעכונג!

צי האָט נישט אייך אין 1905 דער צאַר צוגעזאָגט די גלייכע רעכט פאַר יידן און צי האָט ער נישט דערויף געגעבן דעם העכסטן מאַניפעסט? ווי האָט מען אייך אָפּגעצאָלט דעם דאָזיקן חוב, וואָס מען האָט אויף זיך גענומען פאַר דער גאַנצער וועלט?

געדענקט דאָס אַרויסטרייבן, וואָס מען טרייבט טאָג־טעגלעך די יידישע מאַסן פון זייערע איינגעזעסענע מקומות!

געדענקט קישינעוו, האָמעל, ביאַליסטאָק, שעדלעץ, און פיל הונדערטער אַנדערע בלוטיקע פּאָגראָמען!

געדענקט דעם ביילים פּראָצעס און די אַרבעט פון דער באַרבאַרישער רעגירונג צו פאַרשפּרייטן דעם שרעקלעכן ליגן פון בלוט־געברויך ביי די יידן!

אַזוי האָט דער צאַר געהאַלטן זיין מאָנאַרכיש וואָרט, וואָס ער האָט געגעבן, זייענדיק אין קלעם!

ער איז איצט ווידער אין קלעם! אָט דאָס איז די סיבה פון זיינע פאַרשפּרעכונגען.

אייער הייליקער חוב איז איצט, צוזאַמענצונעמען אַלע קרעפטן, מיטצואַרבעטן ביי דער באַפרייאונג.

אַלע פאָלקס־קרעפטן: אייער יונגער דור, אייערע קהילות, אייערע חברות מוזן זיך שטעלן ווי איין מאַן מיטצוהעלפן צו דער הייליקער זאַך.

מיר דערוואַרטן, אַז איר וועט באַווייזן דורך פאַקטן אייער פאַרשטאַנד און אייער איבערגעגעבנהייט.

ווענדט זיך מיט דעם גרעסטן בטחון צו די קאָמענדאַנטן פון אונזער מיליטער אין די ערטער, וואָס זיינען נאָענט צו אייך.

אַלע סאָרטן ליפערונגען ווערן באַלד און גוט באַצאָלט (דער העברעאישער טעקסט: בעד כל סחורה שתוספק, ישולם טבין ותקילין).

*) אַ פאָטאָגראַפישער אָפּדרוק פון אויפרוף איז געבראַכט אין נומער 37 (פון 10טן סעפּטעמבער, 1914) „דער איזראַעליט", צענטראַל־אָרגאַן פון די דייטשע אָרטאָדאָקסן, וואָס פלעגט דערשיינען אין פראַנקפורט אַם מאַין. מיר דרוקן אים איבער אות באות.



באַהנט דעם וועג צו באַצווינגען אינגאַנצן דעם שונא און צו ברענגען דעם נצחון פון פרייהייט און גערעכטיקייט.

די אָבערלייטונג פון די פאַרבינדעטע דייטשע און עסטרייך־אונגאַרישע אַרמיעס.

דאָס איז געווען דער ערשטער אָפיציעלער שלום עליכם צו די פּוילישע יידן. גלייך אין האַרבסט, אַ פּאָר חדשים נאָכן איינשטעלן די אָקופּאַציע, האָט לודענדאָרף איינגעלאַדן צו זיך אין גענעראַל־שטאַב דריי זייער פּאָפּולערע פּערזענלעכקייטן פון דייטשן יידנטום: ד"ר פּנחס כהן, אויבער־ראַבינער פון אַנסבאַך, ד"ר קאַרלעבאַך, ראַבינער פון קעלן און לודוויק האַאַז פון קאַרלסרוע, אַ דעפּוטאַט פון רייכסטאַג, איינער פון די פירער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און מיטאַרבעטער פון „בערלינער טאַגעבלאַט". ד"ר פּנחס כהן איז דאַן געווען דער פירער פון די דייטשע אָרטאָדאָקסן, שפּעטער דער פּרעזידענט פון דער אַלוועלטלעכער אָרגאַניזאַציע „אגודת ישראל" (געשטאָרבן אין ירושלים, אין יאָר 1941). ד"ר קאַרלעבאַך האָט אויך געהערט צום שטרענג־אָרטאָדאָקסישן, אַגודהשן לאַגער. אין דער אָנוועזנהייט פון נאָך איניקע גענעראַלן האָט לודענדאָרף, וועלכער האָט געפירט דעם פּאָרזיץ פון דער קאָנפערענץ, אויפגעקלערט די דריי יידישע פּאָרשטייער, אַז די רעגירונג האָט גלייך ווי מען האָט פאַרנומען פּוילן באַטראַכט די פראַגע, וואָס פאַר אַ פּאָליטיק זאָל געפירט ווערן בנוגע די יידן פון די נייאָקופּירטע געביטן, צוגעבנדיק, אַז איצט געפינט זיך אונטער דייטשלאַנד און עסטרייך־אונגאַרן העכער 5 מיליאָן יידן. מיט אַזאַ באַדייטנדיקער צאָל דאַרף מען זיך רעכענען און דעריבער וויל די רעגירונג: — ערשטנס, אַז עס זאָלן אָנגעקניפּט ווערן ענגערע באַציאונגען צווישן די יידן פון מיטל־ און מערב־אייראָפּע מיט די יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע און, צווייטנס, וויל זי געווינען די סימפּאַטיע און קאָנקרעטע מיטאַרבעט פון די מזרח־אייראָפּעאישע יידן פאַר דייטשלאַנד און עסטרייך. ער האָט דעריבער איינגעלאַדן צו אַרבעטן אין דער ריכטונג ביידע רבנים, וועלכע קאָנען האָבן אַ ווירקונג אויף די פרומע אָרטאָדאָקסישע יידן און ד"ר האַאַז, אַלס פאָרשטייער פון די וועלטלעכע יידן.

לויט ווי ד"ר פּנחס כהן האָט מיט יאָרן שפּעטער דערציילט *), האָט ער דאַן אויפגעוויזן לודענדאָרפן, אַז עס וועט זיין נישט צוועקמעסיק צו קומען צו די פּוילישע יידן און זיי נעמען באַאיינפלוסן פאַר דייטשלאַנד, זיי וועלן אונז באַטראַכטן — האָט ער געזאָגט — ווי באַצאָלטע אַגענטן, און אונזער טעטיקייט לטובת דייטשלאַנד וועט אויף זיי מאַכן אַ שלעכטן איינדרוק. ער האָט געהאַלטן, אַז פיל בעסער וועט זיין, ווען די דעלעגאַציע זאָל פאָרן קיין פּוילן מיט איין

*) זע „מאָרגן זשורנאַל", ניו־יאָרק, 10טן אויגוסט, 1941.

אויפגאַבע נאָר — צו שאַפן אַ פאַרבינדונג צווישן די יידן פון פוילן מיט זייערע ברידער אין דייטשלאַנד. ווען אַזאַ פאַרבינדונג געשאַפן וועט ווערן, וועט ממילא אויטאָמאַטיש קומען דאָס צווייטע — די סימפּאַטיע און די אַרבעט פאַר דייטשלאַנד. לודענדאָרף האָט מסכים געווען מיט פנחס כהן, צוגעבנדיק, אַז זיי, די ראַבינערס, קענען געוויס בעסער די פּסיכאָלאָגיע פון די יידישע מאַסן אין פוילן. מיט צוויי וואָכן שפּעטער, דערציילט ד״ר פנחס כהן, זיינען מיר אַלע דריי שוין געפאָרן מיט אַן עקסטראַ צוג קיין וואַרשע.

ביידע ראַבינערס און אויך האַאַז האָבן אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט. די ערשטע צוויי האָבן אָרגאַניזירט די חסידישע יידן, געשאַפן אין די שטעט מיט דער הילף פון די קהילות אָרגאַניזאַציעס פון „אגודת ישראל", האָבן אויך אַרויסגעגעבן אַ טעגלעכע צייטונג „דאָס יודישע וואָרט" און געזאַמלט אַרום זיך אַלע פרומע יידן. אונטער זייער איינפלוס און מיט זייער מיטאַרבעט איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אין נאָוועמבער 1916 די פאַראָרדענונג וועגן שאַפן „קולטוס־געמיינדעס" — רעליגיעזע קהילות — אין גאַנצן לאַנד. די דייטשן האָבן דורכדעם געוואָלט שאַפן אין פוילן אַ „רעליגיעזע יידישע געמיינשאַפט", ענלעך צו דער אָרגאַניזאַציע פון די דייטשע יידן — כדי צו האָבן אַן אָרגאַניזירטן כוח, אויף וועלכן זיך צו שטיצן ביים דורכפירן זייער פּאָליטיק אין אָקופּירטן פוילן. לודוויק האַאַז איז געווען טעטיק צווישן די פּראָגרעסיווע יידן, האָט אויך געפּרוּווט איינשטעלן אַ קאָנטאַקט מיט די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, רופנדיק אַ באַראַטונג וועגן יידישער אַרבעט־פאַרמיטלונג קיין דייטשלאַנד, וועגן דער הילף־אַקציע אדג״ל. האַאַז האָט פאַרנומען דעם אַמט פון רעפערענט פאַר יידישע ענינים ביים גענעראַל־גובערנאַטאָר בעזעלער און איז פאַקטיש געווען דער פאַרבינדונג־מאַן צווישן די יידן און דער העכסטער אָקופּאַציע־מאַכט. פאַראָרדענונגען, וועלכע האָבן נאָר געהאַט אַ שייכות צו יידן, זיינען אָן זיין וויסן און מיטהילף נישט דערשינען. חוץ די דערמאָנטע ראַבינער כהן און קאַרלעבאַך, די פאַקטישע שעפער פון דער „אגודה" אַלס פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון פוילישן אָרטאָדאָקסישן יידנטום, זיינען נאָך אויך געווען טעטיק די יידיש־דייטשע אָרטאָדאָקסן: דער באַקאַנטער מאָלער הערמאַן שטרוק (אין ווילנע און וואַרשע) ד״ר פיק (יידישער צענזאָר אין לאָדזש) און אַ ריי אַנדערע. בכלל זיינען גרעסערע גרופּעס פון דייטשע אָרטאָדאָקסישע יידן, וועלכע האָבן געדינט אין מיליטער, צוגעטיילט געוואָרן צו דער „ציוויל־פאַר־וואַלטונג" פון די אָקופּירטע געביטן, האָבן געהאַט צו טאָן מיט יידישע אָנגעלעגנהייטן און האָבן געדינט אַלס שפּראַך־רערן פון די אָקופּאַנטן צו די פּוילישע יידן.

די דייטשן האָבן אויך געשאַפן זייערע אייגענע יידישע פּרעסע־אָרגאַנען. קורץ נאָכדעם ווי זיי האָבן (6טן דעצעמבער 1914) ענדגילטיק אָקופּירט לאָדזש (דער לאָדזשער ראַיאָן איז אין דעם ערשטן מלחמה־יאָר אַ פּאָר מאָל איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט) האָבן זיי אין מערץ 1915 געשאַפן אַ טאָג־צייטונג „לאָדזשער פאָלקסבלאַט", אַוועקגעשטעלט לויטן אייראָפּעאישן מוסטער מיט אַ גלענצנדיקער טעכניק אין אַלע הינזיכטן, מיט זאַץ־מאַשינען, ראָטאַציע־מאַשין אאַז״וו. רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער זיינען געווען אָרטיקע יידישע זשורנאַליסטן — די ברידער לאַזאַר און ישראל קאַהאַן, לאַזאַר פוקס און אַנדערע. עטלעכע שעה נאָכן אַריינמאַרש פון דייטשן מיליטער אין וואַרשע זיינען אויף די גאַסן אַרומגעפאָרן אויטאָמאָבילן מיט דייטשע אָפיצירן, וועלכע האָבן פאַנאַנדערגעוואָרפן פעק פון לעצטן נומער „לאָדזשער פאָלקסבלאַט". אין וואַרשע האָבן זיי דעם 26טן אָקטאָבער 1915 (צוויי מיט אַ האַלבן חודש נאָך דער אָקופּאַציע) אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם „וואַרשעווער טאַגעבלאַט". אויך דאָ איז די צייטונג אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין טעכנישער הינזיכט מוסטערהאַפט. אויפן אַמט פון רעדאַקטאָר איז אַריבערגעפירט געוואָרן פון לאָדזש לאַזאַר קאַהאַן, הויפּט־מיטאַרבעטער איז געווען דער באַרימטער שריפטשטעלער ה. ד. נאָמבערג.

„וואַרשעווער טאַגעבלאַט" איז דערשינען ביז דעם 30טן יאַנואַר 1917. אַזוי ווי די צייטונג איז געגאַנגען מיטן נאַציאָנאַלן קורס, האָט געשטיצט די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלע רעכט, האָט די אָקופּאַציע־מאַכט אָפּגעגעבן דעם „וואַרשעווער טאַגעבלאַט" די אָרטאָדאָקסן און זייער אָרגאַניזאַציע די „אַגודה". די לעצטע האָט קיין אַנדערע פאָדערונגען ווי רעליגיעזע נישט אַרויסגעשטעלט און איז בכלל געווען, דורך אירע גרינדער די דערמאָנטע צוויי ראַבינערס, אין ענגן קאָנטאַקט מיט די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען. איר איינפלוס איז כסדר געוואַקסן; האָט דעריבער די דייטשע מאַכט איר געשאָנקען דעם גאַנצן חסד. אין געזעגענונגס־אַרטיקל צו די לעזער דעם 30טן יאַנואַר 1917 שרייבט די רעדאַקציע פון „וואַרשעווער טאַגעבלאַט" בזה הלשון: „נישט צוליב מאַנגל אין ליטעראַרישע קרעפטן, אָדער לעזער, הערן מיר אויף צו דערשיינען, נאָר צוליב דעם, ווייל מען מוז מאַכן אָרט פאַר אַן אַנדער צייטונג". דער נאָמען „וואַרשעווער טאַגעבלאַט" איז געוואָרן געענדערט אויף „דאָס יודישע וואָרט" וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען גלייך אויף מאָרגן, דעם 1טן פעברואַר, ווי אַן אָרטאָדאָקסישע צייטונג.

אַ כאַראַקטעריסטישער פאַקט: עטלעכע וואָכן נאָכן דערשיינען פון "יידישן וואָרט" איז געווען אָפּגעדרוקט אין פראַנקפורטער האַנדלס־רעגיסטער אַ מעלדונג פון דער אַקציע־געזעלשאַפט „יודישער צייטונגס־פאַרלאַג", וועלכע גיט אַרויס דעם „וואַרשעווער טאַגעבלאַט"; דאָרטן ווערט געזאָגט: „דאָס וואַרשע־

ווער טאַגעבלאַט וועט רעדאַגירט ווערן אין גייסט פון אָרטאָדאָקסישן יידנטום מיטן צוועק צו פאַרזיכערן די מלוכה־אינטערעסן פאַר דער גאַנצער צייט פון דער אָקופּאַציע פון פוילן און וועט בלייבן אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער דייטשער פאַרוואַלטונגס־מאַכט". מען האָט אפילו נישט געפונען פאַר נויטיק צו ענדערן אין רעגיסטער דעם נאָמען פון דער צייטונג. „דאָס יודישע וואָרט" האָט מען גענומען שיקן צו די אַבאָנענטן פון דעם „וואַרשעווער טאַגעבלאַט". אין דער פּרעסע פון יענער צייט געפינען מיר פּראָטעסטן פון אַבאָנענטן, וועלכע קלאָגן זיך, אַז זיי האָבן באַצאָלט פאַרן „וואַרשעווער טאַגעבלאַט" און מען שיקט זיי גאָר אַן אַנדער צייטונג. אַזוי נאָענט איז געווען די פינאַנציעלע קרובהשאַפט פון ביידע פּרעסע־אָרגאַנען . . .

## 3. פּאָליטישע אָריענטאַציעס אונטער דער אָקופּאַציע.

אינם ערשטן יאָר פון דער אָקופּאַציע האָט זיך די פּאָליטישע אָריענטאַציע אין אַלע דריי טיילן פון פוילן ווייניק וואָס געענדערט אין פאַרגלייך מיטן ערשטן יאָר פון דער מלחמה, ווען גאַנץ קאָנגרעס־פוילן און אויך דער ווילנער געביט האָבן זיך נאָך געפונען אונטער דער צאַרישער הערשאַפט (זע אויבן : פּאָליטישע אָריענטאַציעס אינם ערשטן מלחמה־יאָר). די ערשטע צייט איז נאָך אין קאָנגרעס־פוילן געווען שטאַרק דער גלויבן, אַז „דער טאַטע וועט זיך צוריקקערן" *), דאָס הייסט, אַז רוסלאַנד וועט צוריק פאַרנעמען אירע פריערדיקע געביטן. די „קעשענע־אָריענטאַציע" פון דער גרויס־בורזשואַזיע צוליב אירע פאַרבינדונגען מיטן רוסישן מאַרק, איז געבליבן פעסט אויך נאָך דער אָקופּאַציע. אויך די מיטל־ און קליין־בורזשואַזיע און פויערים אין דאָרף האָבן דאָס רוב זיך געהאַלטן ביי דער רוסישער אָריענטאַציע, פּשוט אויס מורא, גלויבנדיק, אַז די אַנטאַנט איז שטאַרקער פאַר די צענטראַל־מלוכות, און זי וועט סוף כל סוף די מלחמה געווינען און צוריקשטעלן דעם שאָדן פון איר פאַרבינדעטן — רוסלאַנד.

אַ פּאָר כאַראַקטעריסטישע פאַקטן : אין בענדין־סאָסנאָוויץ (קוילן־גרובן־ראַיאָן) האָט דער בירגער־קאָמיטעט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָך פאַר די רוסישע צייטן, נישט געוואָלט נאָך דער אָקופּאַציע צולאָזן פאָרשטייער פון די אַרבעטער, דאַקעגן האָט ער איינגעלאַדן דריי איבערגעבליבענע רוסישע באַאַמטע, צוליב זיי געפירט די דעבאַטן אויף די זיצונגען אויף רוסיש, און ווען די דייטשן האָבן די דריי רוסישע באַאַמטע פאַרשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, האָט דער בירגער־קאָמיטעט באַשטימט פאַר זיי צו 100 רובל אַ חודש און רעגולער געשיקט זיי דאָס געלט אין לאַגער אַריין, בעת די אַרבעטער האָבן געדאַרפט פירן אַ העפטיקן קאַמף צוליב דער מינדסטער שטיצע פון בירגער־קאָמיטעט פאַר זייערע הילף־אינסטיטוציעס. — אַזוי שטאַרק איז געווען דער גלויבן אין „טאַטעס צוריקקער". אין דאָמבראָווער קוילן־ראַיאָן פלעגן די אינדוסטריעלער גאַנץ אָפן מודה זיין צו די אַרבעטער, אַז פאַר די קלאַסן־אינטערעסן פון די אינדוסטריעלער איז בעסער, אַז רוסלאַנד זאָל בלייבן : „איר ווילט האָבן די פרייהייטן פון דייטשלאַנד און עסטרייך, פרייהייט פון פאַראיינען, סטרייקן אאַז"וו. פאַר אונז וועט דאָס באַדייטן אַ שווערער קאַמף מיט אייך". ווען פילסודסקיס לעגיאָנען זיינען אַריין אין קעלצער געביט, האָבן זיי געגלויבט, אַז גאַנץ קאָנגרעס־פוילן וועט אויפשטיין קעגן צאַר און זיך אָנשליסן אָן זיי, די קעמפער פאַר אַן אומאָפּהענגיק פוילן. די הויכע גייסטלעכע מיטן ביסקופּ לאָזינסקי בראש זיינען אָבער דאָס רוב געווען קעגן זיי. די פויערים האָבן געפאָדערט פון די לעגיאָנערן אַ שבועה, אַז אין פאַל ווען די רוסן וועלן צוריקקומען, זאָלן זיי בלייבן מיט זיי און נישט אַנטלויפן צוריק איבער דער גרענעץ . . .

בכלל האָט דאָס רוב געזעלשאַפטלעכע שיכטן פון יעטוועדן טייל פוילן זיך געהאַלטן ביי דער אָריענטאַציע פון יענער מלוכה, צו וועלכער זיי האָבן געהערט. אין גאַליציע, ווי סאַ'יז שוין דערמאָנט, האָט זיך אויסגעבילדעט דער נ. ק. נ. (נאַציאָנאַלער הויפּט־קאָמיטעט), וועלכער האָט אַרומגענומען כמעט אַלע פוילישע פּאַרטייען ; אויך די דאָרטיקע פּ. פּ. ס. ד. מיט איגנאַצי דאַשינסקין בראש האָבן געהערט צום נ. ק. נ. די אָריענטאַציע איז געווען — אָנשליסן רוסיש־פוילן צו גאַליציע און בילדן איין איינהייט. אויך די פּילסודסקי־לעגיאָנען זיינען געווען אַ טייל פון עסטרייכישן מיליטער, נאָר מיט אַ באַזונדער אָנפירונג, קליידונג, קאָמאַנדע־שפּראַך אאַז"וו. מען האָט געשמועסט, ס'זאָל געשאַפן ווערן אַ טריאַליסטישע מלוכה: עסטרייך־אונגאַרן־פוילן. דער נ. ק. נ. האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך פון פּראָפעסאָר סטראַשעווסקי „די פוילישע פּראַגע", וואו ער לויבט די האַבסבורגער אין הימל אַריין און זאָגט, אַז זיי האָבן איבערגענומען די אידייע פון די יאַגעלאָנער (געוועזענע ליטוויש־פוילישע דינאַסטיע) און האָבן זי באַדייטנדיק פאַרווירקלעכט אין משך פון הונדערטער יאָרן. אונטערן לאָזונג — קאַמף קעגן באַרבאַרישן צאַריזם איז לייכט געווען צו מאָביליזירן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון די דריי נאַציאָנאַליטעטן, וואָס האָבן באַוואוינט גאַליציע. אפילו די רוטענער (אוקראַינער), וועלכע האָבן געפירט אַ כסדרדיקן קאַמף מיט די פּאָליאַקן, האָבן דאָך געשאַפן אַן אייגענעם „שיסער־פאַראיין".

*) דער נאָמען פון מיצקעוויטשעס אַ פּאָעמע „פּאַוורוט טאַטי" (דעם טאַטנס צוריקקער) פלעגט בעת דער אָקופּאַציע באַנוצט ווערן צו באַצייכענען דעם צוריקקער פון די רוסן קיין פוילן.

די קליינע גרופּע פּראָ־רוסיש אָריענטירטע רוטענער, די אַזוי גערופענע „מאָסקאַלאָפילן", האָבן אינגאַנצן פאַרלאָרן זייער ביסל איינפלוס. וואָס שייך די יידן האָבן זיי גוט געדענקט דעם ביילים־פּראָצעס, די פּאָגראָמען, דעם חילוק צווישן זייער פּאָליטיש־רעכטלעכער לאַגע אין עסטרייך און דער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד. די יידישע סאָציאַליסטן פון גאַליציע האָבן געהאָלפן מאָביליזירן אַלע קרעפטן צום קאַמף מיטן צאַריזם. די ציוניסטן האָבן גענומען שאַפן אַ ספּעציעלן יידישן לעגיאָן.

אין פּויזנער געגנט (דייטשיש־פּוילן), האָבן די פּוילישע פּריצים, בכלל די לאַנדווירטן זיך אָריענטירט אויף דייטשלאַנד, וואו זיי האָבן געהאַט אַברייטן מאַרק פאַר זייערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. דער שטאָטישער קליינבירגער, די אינטעליגענץ האָבן שטאַרק געליטן פון נאַציאָנאַלן דרוק, פון דער גערמאַניזאַטאָרישער עקספּאַנסיע, ווערנדיק אַרויסגעשטויסן פון זייערעווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס דורך די דייטשע קאָנקורענטן. די פּוילישע שפּראַך איז געווען פאַרבאָטן אין די מלוכה־אַמטן, אין שול, אין עפנטלעכן לעבן. אָט די דאָזיקע שיכטן האָבן אָבער, טאַקע צוליבן שטאַרקן נאַציאָנאַלן דרוק, זיך געפונען אונטערן אידייאיִשן איינפלוס פון דער ענדעקישער פּאַרטיי, אָנגעפירט פון די אידעאָלאָגן פון די פּריצים (ברידער סיידא, טראָמפּטשינסקי). די גרויסע מאַסן פּוילישע אַרבעטער פון אויבער־שלעזיע זיינען געווען אונטערן סאָציאַלן יאָך פון דייטשע אינדוסטריעלער, איז דעריבער אויך זייער קלאַסן־קאַמף געווען שטאַרק באַפאַרבט נאַציאָנאַל. זיי האָבן זיך געפונען הויפּטזאַכלעך אונטער דער ווירקונג פון די נאַציאָנאַל־קאַטוילישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס — קריסטלעכע דעמאָקראַטן (כ. ד.) און נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַראיין (נ. ז. ר.). די סאָציאַליסטן האָבן געהאַט דאָרטן פאַרהעלטניסמעסיק זייער אַ קליינע השפּעה. האָט זיך אויך אין פּרייסישן טייל פון פּוילן קיין באַזונדערע אָריענטאַציע נישט אויסגעבילדעט, און עס האָט דאָמינירט די ענדעקיש־פּריצישע „אוגאָדע" (קאָמפּראָמיס)־אָריענטאַציע אויף דעם אַלטן באַלעבאָס — אויף דייטשלאַנד.

## 4. אָקופּאַנטן פּרוואָון בילדן אַ פּוילישע מלוכה מיט אַ מאָנאַרך בראש.

וואָס ווייטער די מלחמה האָט זיך געצויגן, אַלץ מער איז קלאָר געוואָרן, אַז די צענטראַל־מלוכות פאַרשפּילן און עס האָבן אַנטשפּרעכנדיק דערצו זיך געביטן די פּאָליטישע אָריענטאַציעס. עס איז אויפגעוואַקסן און זיך פאַרשטאַרקט די אָריענטאַציע אויף אַ פולשטענדיק זעלבשטענדיקן פּוילן. די צענטראַל־מלוכות פון זייער זייט זיינען אַוועק ווייטער אין זייער דערנעענטערונג־פּאָליטיק צו די פּאָליאַקן אין פאַר־

גלייך מיט די ערשטע פּאָר יאָר מלחמה. אין נאָוועמבער, 1916, האָט זיך באַוויזן דער מאַניפעסט פון דייטשלאַנד און עסטרייך וועגן שאַפן אַן אומאָפּהענגיקע פּוילישע מלוכה מיט אַ מאָנאַרכיסטיש־קאָנסטיטוציאָנעלער אָרדענונג (אַ סיים). די גרענעצן פון דער דאָזיקער מלוכה, ווי אויך פון וועלכער דינאַסטיע זאָל זיין דער קומענדיקער מלך פון פּוילן (אַ האַבסבורגער, צי אַ האָהענצאָלערנער) דאָס איז דערווייל געבליבן אָפן. דער חורבן, וואָס די אָקופּאַציע האָט אָנגעמאַכט אין לאַנד, איר ווירטשאַפטלעכע אויסזויג־פּאָליטיק האָבן פאַרשטאַרקט די אַנטי־דייטשע שטימונגען. די שווערע לאַגע אויף די פראָנטן האָט געצוואונגען די אָקופּאַנטן צו האַלטן דעם הינטער־פראָנט (די אָקופּירטע געביטן) אין אַ וואָס מער רואיקן צושטאַנד און צוּוואַרפן דער באַפעלקערונג איין לעקעכל נאָכן צווייטן. אויף צו פאַרווירקלעכן די נאָוועמבער־מאַניפעסטן האָט מען גענומען שאַפן די אַנטשפּרעכנדיקע צענטראַלע מלוכה־אינסטיטוציעס — אין יאַנואַר, 1917, דעם צייטווייליקן מלוכה־ראַט (ראַדאַ סטאַנו) אין אָקטאָבער — דעם „רעגענטן־ראַט", וואָס האָט געזאָלט דערווייל פאַרטרעטן דעם קינפטיקן מלך. אין יולי, 1917, איז דערשינען אַ דעקרעט וועגן שאַפן אַ פּוילישע אַרמיי (ווערמאַכט). די פּוילישע לעגיאָנערן ווערן איינגעגלידערט אין דער דאָזיקער פּוילישער אַרמיי, אָבער זיינען אונטערגעוואָרפן דער קאָמאַנדע פון די צענטראַל־מלוכות. די לעגיאָנערן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געבן די געפאָדערטע שבועה פאַר די צענטראַל־מלוכות, שטייענדיק אויפן שטאַנדפּונקט פון אַ פולשטענדיק אומאָפּהענגיקער פּוילישער מלוכה. האָט מען די לעגיאָנערן דערפאַר פאַרשפּאַרט אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן (שטשיפּיאָרנע און אַנדערע) און דעם אָנפירער זייערן יוזעף פּילסודסקין אין מאַגדעבורגער פעסטונג.

די פּאָליטישע אַטמאָספערע איז געוואָרן אַלץ מער אָנגעגליט. די רוסישע רעוואָלוציע און די דערקלערונג פון דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג — 30טן מערץ, 1917 — אַז רוסלאַנד האָט נישט קיין שום פּרעטענזיעס אויף פּוילן און אויף אַלע אַנדערע נאַציאָנאַלע געביטן, וועלכע דער צאַריזם האָט אין משך פון דורות געהאַלטן אָקופּירט, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די אומאָפּהענגיקייט־אָריענטאַציע אין גאַנץ פּוילן, גאַליציע איינגעשלאָסן. די גאַליצישע פּ. פּ. ס. ד. האָט זיך אינגאַנצן געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון דער פּ. פּ. ס. פון קאָנגרעס־פּוילן און פון פּילסודסקין, דאָס הייסט, פאַר אַ זעלבשטענדיק פּוילן. זי איז אַרויסגעטראָטן פון „פּוילישן קאָלאָ" אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט און גענומען פירן אַ זעלבשטענדיקע פּאָליטיק. דער „רעגענטן־ראַט", וועלכער האָט געדאַרפט רעפּרעזענטירן די צוקונפטיקע פּוילישע מלוכה, איז באַשטאַנען פון רעאַקציאָנערע אַריסטאָקראַטן, ווי פירשט לובאָמירסקי, גראַף אָסטראָווסקי,

אַרציביסקופּ קאַקאָווסקי. זיי האָבן זיך באַנוגנט מיט דער מאָנאַרכיסטישער בופער־מלוכה, וואָס די אָקופּאַנטן האָבן געוואָלט שאַפן פון ביידע טיילן פּוילן, דעם רוסישן און עסטרייכישן (וועגן דייטשישן פּוילן האָבן זיי אפילו נישט געוואַגט צו טראַכטן). צווישן די ביידע באַלעבאַטים זייערע איז אָבער קיין שלום־בית נישט געווען. עס זיינען כסדר פאָרגעקומען רייסענישן צווישן ביידע מלוכות און זייערע מיליטערישע פירער; אויף אַזוי ווייט, אַז די פאַראָרדענונג וועגן בילדן דעם צייטווייליקן מלוכה־ראַט האָט אַרויסגעגעבן בעזעלער אַליין, אָן די עסטרייכער *). די דייטשן האָבן נישט פאַרגונען עסטרייך די עטלעכע רוסיש־פּוילישע גובערניעס, וואָס דאַרפן פאַראייניקט ווערן מיט גאַליציע און צוזאַמען בילדן אַ מין טריאַליזם — עסטרייך־אונגאַרן־פּוילן. זיי האָבן געפאָדערט (לודענדאָרף איבערהויפּט), אַז דער דאָמבראָווער קוילן־ראַיאָן און לאָדזשער אינדוסטריע־ראַיאָן זאָלן אויסגעשניטן ווערן פון דער בופער־מלוכה און צוגעטיילט ווערן דייטשלאַנד. אַנטשפּרעכנדיק דערצו האָט די גרויסע דייטשע פּרעסע געדונערט: „נישט צוליב דעם האָבן מיר אַזוי פיל בלוט פאַרגאָסן, אַז פּוילן זאָל אויף אונזער חשבון פאַרווירקלעכן אירע פּלענער" („פאָסישע צייטונג"). אין דער זעלבער צייט האָט דער פּרייסישער לאַנדטאַג (סיים) אָנגענומען אַ רעזאָלוציע קעגן פּראָקלאַמירן אַ זעלבשטענדיקע פּוילישע מלוכה, מורא האָבנדיק, אַז דאָס וועט שאַפן דיסידענטישע שטימונגען אין „זייער" פּויזן. דאַקעגן האָבן די אוקראַאינער אין גאַליציע געפאָדערט איינטיילן גאַליציע אין צוויי טיילן — אַ פּוילישן און אוקראַאינישן.

די אומאָפּהענגיקייט־שטרעמונגען זיינען נאָך פיל מער פאַרשטאַרקט געוואָרן נאָכן פאַרעפנטלעכן (יאַנואַר 1918) ווילסאָנס 14 פּונקטן וועגן דער נייער אָרדענונג אין מזרח־אייראָפּע. דער 13טער פּונקט זאָגט צו: „אויסבילדן אַ פאַראייניקטע, אומאָפּהענגיקע פּוילישע מלוכה מיט אַ פרייען צוטריט צום ים". די ענדגילטיקע מפּלה פון די צענטראַל־מלוכות אויפן פראָנט, די נאָוועמבער־רעוואָלוציעס (1918) אין דייטשלאַנד און עסטרייך האָבן אַ סוף געמאַכט אויך צו די אָקופּאַנטישע מלוכה־פּלענער פאַר פּוילן. דעם 14טן נאָוועמבער, 1918, האָט דער רעגענטן־ראַט איבערגעגעבן די מאַכט יוזעף פּילסודסקין, וועלכער

*) זע: Artur Haussner: Die Polenpolitik der Mittelmaechte u. die Oesterreich-Ungarische Militaerverwaltung in Polen waehrend des Weltkrieges, Wien, 1935.

דער מחבר — אַ פּאָלקאָווניק פון עסטרייכישן גענעראַל־שטאַב, איז געווען אַ הויכער באַאַמטער פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג אין עסטרייכישן טייל פון אָקופּירטן געביט.

איז באַפרייט געוואָרן פון מאַגדעבורגער פעסטונג. ער ווערט מלוכה־שעף און הויבט אָן אָרגאַניזירן די פּוילישע אומאָפּהענגיקע מלוכה.

## 5. די יידן בעת די געבורט־ווייען פון דער פּוילישער מלוכה.

די יידן פון פּוילן האָבן איבערגעלעבט די איבערגאַנג־צייט ביזן אַנטשטיין פון אומאָפּהענגיק פּוילן אין פאַרשידענע שטימונגען. די אַסימילאַטאָרישע גרויס־בורזשואַזיע האָט דורכגעמאַכט דעם זעלבן פּראָצעס אין אָריענטאַציע, וואָס די ענדעקעס, „רעאַל־פּאָליטיקער" און אַנדערע „אוגאָדאָוועצעס". צוגלייך מיט די ליובאָמירסקיס און קאַקאָווסקיס האָט זי באַגריסט די נאָוועמבער־„מאַניפעסטן" פון די אָקופּאַנטן און זיך צוגעפּאַסט צו די הערשנדיקע אין יענע קרייזן שטימונגען. דאָס איז ספּעציעל געקומען צום אויסדרוק אויף אַ פייערלעכער פאַרזאַמלונג לכבוד די נאָוועמבער־מאַניפעסטן, אויף וועלכע עס זיינען אַרויסגעטראָטן די וואָרטפירער פון דער אַסימילאַציע, די הערן נאַטאַנזאָן, פּראָפ. דיקשטיין, ד"ר וואַסערצוג, ד"ר נוסבוים, קעמפּנער און אַנדערע. קאַזשימיעזש נאַטאַנסאָן — איינער פון די זיילן פון דער אַסימילאַציע — איז געווען באַשטימט פאַר אַ מיטגליד פון צייטווייליקן מלוכה־ראַט; זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָט ער אין די אויגן פון די אָקופּאַנטן געדאַרפט „רעפּרעזענטירן" דאָרטן דאָס גאַנצע פּוילישע יידנטום.

צו דער עפענונג פון מלוכה־ראַט — 28טן יאַנואַר, 1917 — האָבן די אַסימילאַטאָרן דערלאַנגט אַן אַדרעס. „מיר באַגריסן — זאָגט זיך דאָרטן — די איצטיקע העכסטע פּוילישע מלוכה־מאַכט אין פעסטן גלויבן, אַז דורך איר אַרבעט וועט אינגיכן דערגרייכט ווערן דער גרויסער ציל, צו וועלכן מיר אַלע שטרעבן, נעמלעך: דער אויפבוי פון אַן אומאָפּהענגיקער פּוילישער מלוכה". ...„מיר באַגריסן מיט פרייד די ווערטער אינם מאַניפעסט פון הויכן ראַט, אַז אַלע בירגער אָן אונטערשייד פון שטאַנד און געבורט ווערן גערופן — אין נאָמען פון גלייכע רעכט און פליכטן — צו דינען דעם פאָטערלאַנד. געאייניקטע אין פּילן און שטרעבן וועלן מיר צוטרעטן צו דער אַרבעט פאַרן וואויל פון פאָטערלאַנד".

די „אגודת האָרטאָדאָקסים", וואָס איז נישט לאַנג געגרינדעט געוואָרן מיט דער ברכה און לויט דער איניציאַטיווע פון די דייטשע רבנים קאָן און קאַרלעבאַך (זע אויבן: קאַפּיטל „דער פלירט מיט דער יידישער אָרטאָדאָקסיע") האָט אויך באַגריסט דעם מלוכה־ראַט ווי „די פאַרקערפּערונג פון אַן אומאָפּהענגיק פּוילן" און האָט אויסגעדריקט דעם גלויבן, אַז „ביי רעליגיעזער טאָלעראַנץ וועלן די יידן קענען אַרבעטן צום וואויל פון דער פּוילישער מלוכה ווי טרייע און גלייכבאַרעכ־

טיקטע בירגער". ווייטער פון רעליגיעזער טאָלעראַנץ זיינען די אַספּיראַציעס פון דער אָרטאָדאָקסיע נישט געגאַנגען.

די ברייטע יידישע מאַסן, וועלכע זיינען נישט געווען איינגעשפּאַנט אין קיין שום רייטוואָגן פון די פוילישע בירגערלעכע פּאַרטייען, האָבן מיט אומרו זיך צוגעקוקט צו דעם אַלעמען. זיי האָבן אינסטינקטיוו געהאַט די זיכערקייט, אַז אַ פולשטענדיק דעמאָקראַטישע אָרדענונג, אין וואָס פאַר אַ גרעניצן און אין וועלכע ראַמען זי זאָל נישט אויסגעפורעמט ווערן, וועט אויך פאַר די יידן שאַפן מעגלעכע פאָרמען פון ווירטשאַפטלעכן און נאַציאָנאַל־קולטורעלן לעבן. האָבן זיי געהאַט גרויסע ספקות, צי דאָס נייע פוילן, וואָס דאַרף אַנטשטיין, וועט טאַקע אַנטשפּרעכן זייערע נויטן און באַדערפענישן, שאַפן פאַר זיי אַ וואַרעם פאָטערלאַנד, וואו עס וועט פאַרגעסן ווערן אַלץ, וואָס איז געשען ביז און בעת דער מלחמה.

דער אָרגאַניזירטער טייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, הויפּטזאַכלעך פון „בונד", האָט צוגלייך מיט די אַנדערע צוויי פוילישע אַרבעטער־פּאַרטייען — פּ. פּ. ס. לעוויצע און ס. ד. קּ. פּ. ל.*) — פאַרנומען אַ דעצידירטע נעגאַטיווע שטעלונג בנוגע יענעם פוילן, וואָס ווערט געשאַפן דורך די אָקופּאַנטן אונטערן שילד פון די אָסטראָווסקיס און קאַקאָווסקיס. זייער שטעלונג האָבן זיי געקענט ברענגען צום אויסדרוק אויסשליסלעך — און דאָס זייער זעלטן — דורך אומלעגאַלע אויפרופן. די מיליטערישע צענזור האָט נישט אַדורכגעלאָזט אין דער פּרעסע דעם מינדעסטן רמז אפילו אויף אַ נעגאַטיווער באַציאונג צו די מלוכה־פאָרמען, וואָס מען גייט שאַפן. אין נומער „לעבנס־פראַגן" (וואָכנשריפט פון „בונד", רעדאַקציע וו. מעדעם), וואָס איז דערשינען דעם 17טן נאָוועמבער, 1917, נאָכן פּראָקלאַמירן די נאָוועמבער־„מאַניפעסטן" פון די אָקופּאַנטן, געפינען מיר אַ כאַראַקטעריסטישן ענטפער פון דער רעדאַקציע אין בריוו־קאַסטן: „ח' מ. אייער אַרטיקל „דער 5טער נאָוועמבער" קען נישט געדרוקט ווערן". אָט מיט אַזאַ רמז האָט מען געגעבן צו פאַרשטיין די לייענער, אַז אַן אַרטיקל פון מעדעם (ח' מ.) וועגן די פאָרמען פון דער מלוכה, וואָס די אָקופּאַנטן שאַפן, קען נישט געדרוקט ווערן.

מיר געפינען פאַר נויטיק צו אונטערשטרייכן, אַז אין אַלע פּראָיעקטן פון די אָקופּאַנטן וועגן דער פוילישער צוקונפטיקער מלוכה האָט זיך וועגן ווילנע און איר אומגעגנט נישט גערעדט. די אָקופּאַנטן האָבן וואַרשיינלעך געהאַט בדעה צו שאַפן אויך פון ליטע

*) די ביידע פּאַרטייען האָבן פאַרנומען אַ נעגאַטיווע שטעלונג צו פּילסודסקי'ס לעגיאָנען און זייער פּאָליטיק.

מיט ווילנע בראש אַ מין צווייטע בופער־מלוכה אונטער דייטשלאַנדס שוץ. גלייך נאָך דער רוסישער מערץ־רעוואָלוציע (1917) האָבן זיי געשאַפן אין ווילנע די „טאַריבאַ" (מלוכה־ראַט) פאַר ליטע — אַ מין אָרטיקע פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט געזאָלט רעפּרעזענטירן אַלע נאַציאָנאַלע גרופּעס. די פּאָליאַקן זיינען אָבער געווען פאַר איינגלידערן ווילנע אין פוילן און האָבן די „טאַריבאַ" באַקעמפט. די בירגערלעכע יידישע שיכטן זיינען יאָ אַריין אין „טאַריבאַ". דאָרטן זיינען געזעסן, פּשוט צוליב ריין־אָפּאָרטוניסטישע טעמים, צוויי יידן פון קאָוונע — ש. ראָזענבוים און ראַכמילעוויטש, ביידע ציוניסטן און דער ווילנער ד"ר וויגאָדסקי (אין יענער צייט נישט קיין פּאַרטיי־ציוניסט). די ווייט גרעסטע מערהייט פון דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג — שוין אָפּגערעדט פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער — איז געווען קעגן דער „טאַריבאַ" און קעגן די דייטשן. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין אַ ספּעציעלער דעקלאַראַציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דעם 29טן אָקטאָבער, 1917. די דעקלאַראַציע איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלער קאָמיסיע, אין וועלכער עס זיינען געווען פאַרטראָטן אַלע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע, ווירטשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס, מיט דער באַטייליקונג פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן און פון „בונד" (ב. מיכאַלעוויטש). דאָרטן ווערט דערקלערט, אַז די יידישע באַפעלקערונג קען זיך נישט באַטייליקן אין דער „טאַריבאַ", צוליב פאָלגנדיקע טעמים: 1) די „טאַריבאַ" איז אַנטשטאַנען נישט דורך אַלגעמיינע וואַלן, נאָר זי באַשטייט פון איינגעלאַדענע פאָרשטייער פון איין נאַציאָנאַליטעט (ליטווינער); 2) גרויסע טיילן פון דער גאַנצער געגנט (גראָדנע, ביאַליסטאָק), וועלכע זיינען עקאָנאָמיש און קולטורעל ענג פאַרבונדן מיט ווילנע, זיינען קינסטלעך אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אָנטייל אין דער „טאַריבאַ". די דעקלאַראַציע ווייזט ווייטער אָן, אַז עס דאַרף אויסגעבילדעט ווערן אַן אמתע זעלבסטפאַרוואַלטונג, פריי געוויילט פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. נאָר אַזאַ זעלבסטפאַרוואַלטונג, וואו ס'וועלן זיין פאַרטראָטן דורך וואַלן אַלע נאַציאָנאַליטעטן קען אַרויסהעלפן דאָס לאַנד פון עלנט און נויט. נאָר אַ נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פון יידן פון ליטע און ביאַליסטאָק־גראָדנער געגנטן קען באַשטימען וועגן אָנטייל פון די יידן אין דער „טאַריבאַ". אַזאַ קאָנפערענץ דאַרף צונויפגערופן ווערן אין ווילנע*).

די דעקלאַראַציע איז איבערגעגעבן געוואָרן דער דייטשער מיליטערישער פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט צוגעזאָגט געבן וועגן דעם אַן ענטפער (פון דער העכסטער מאַכט).

*) „ווילנער זאַמלבוך", 2, ווילנע 1918, זייט 232.

דער ווילנער יידישער קולטור־פאַראיין (אָנפירער זלמן רייזן, ג. פלודערמאַכער), וועלכער האָט אַרומגענומען ברייטע שיכטן פון דער יידישער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ, האָט אין יולי, 1917, אָנגענומען די פּלאַטפאָרם פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע און זיך אַרויסגעזאָגט דערפאַר, אַז ליטע מיט ווילנע זאָלן געהערן נישט צו פּוילן און נישט צו דייטשלאַנד, נאָר ווערן איינגעשלאָסן אין דער רוסלענדישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק.



די לייזונג פון דער יידן־פראַגע אין צוקונפטיקן פּוילן האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער ערנסטער דייטשער פּרעסע פון יענער צייט. אין די „פּרייסישע יאַרביכער", אָרגאַן פון באַקאַנטן דייטשן מלוכה־מאַן און געוועזענעם דייטשן אויסערן־מיניסטער האַנס דעלברוק, האָט זיך באַוויזן אַן אַרטיקל „צום פּויליש־יידישן פּראָבלעם" („פון שטאנדפּונקט פון אַ פּוילישן ייד" — גיט צו די רעדאַקציע *) געשריבן פון בערנאַרד לאוער, איינער פון די פאָרשטייער פון דער יידיש־פּוילישער אַסימילאַטאָרישער בורזשואַזיע. ער אַנטוויקלט דאָרט דעם שטאַנדפּונקט, אַז די פּראַגע וועגן די יידיש־פּוילישע באַציאונגען דאַרף געלייזט ווערן אָן קיין שום אַריינמישונג פון דרויסן און אַז דאָס איז אַן אינערלעכער פּוילישער ענין. „מיר, פּוילישע יידן — שרייבט ער — וועלן רעגולירן אונזער היימישן סיכסוך מיט אונזער פּויליש־קריסטלעכער באַפעלקערונג אַליין, אָן שום פרעמדע ריכטער, וואָס זאָלן אונז שיצן". מיט גרויס פאַרביטערונג רעדט ער וועגן דער אַריינמישונג פון דרויסן (געמיינט די רוסישע יידן אין ערשטן יאָר פון מלחמה), און דערקלערט קאַטעגאָריש, אַז אין אַלע באַשולדיקונגען מצד די יידן קעגן די פּאָליאַקן איז קיין אמת וואָרט נישט פאַראַן („קיין וואַהרעס וואָרט"). אינם ערשטן יאָר פון מלחמה, אין דער אַטמאָספער פון שפּיאָנאַזשהעצע און פּאָגראָמען, זיינען געפאָרן פון וואַרשע קיין פּעטערבורג די באַקאַנטע לינקע אַדוואָקאַטן סטאַניסלאַוו פּאַטעק (אַ פּאָליאַק) און לעאָן בערענסאָן (אַ ייד), כדי צו ווירקן אויף די דאָרטיקע יידישע געזעלשאַפטלעכע קרייזן, זיי זאָלן נישט אַזוי אַלאַרמירן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג וועגן דער יידיש־פּוילישער העצע, ווייל אַזאַ „אַריינמישונג" פאַרשאַרפט נאָך פיל מער די אַנטיסעמיטישע העצע מצד די ענדעקעס. די יידישע אַסימילאַטאָרישע פּלוטאָקראַטיע מיט אירע דעמאָלטיקע פירער די נאַטאַנסאָנס און די דיקשטיינס האָבן געטיילט די מיינונג פון די ענדעקישע אַנטיסעמיטן און באַרעכטיקט אין אַ געוויסער מאָס זייער שנאה צו דער יידישער מאַסע פאַר איר אָפּגעזונדערטקייט, ספּעציפישע מנהגים און קליידונג. אין דערמאָנטן אַרטיקל האָט לאוער, אין אַן אָפיציעלן אָרגאַן פון אַ דייטשן מלוכה־מאַן, איבערגעחזרט די זעלבע טענות צו די גרויסע יידישע מאַסן אין פּוילן און צו זייערע „פרעמדע" באַשיצער.

פון נאָך איין זייט איז געקומען צום אויסדרוק אַן ענלעכער שטאַנדפּונקט: די אָפּגעזונדערטקייט און פרעמדקייט פון די פּוילישע יידן איז די סיבה פון די שאַרפע פּויליש־יידישע באַציאונגען און סוף כל סוף וועט די אַסימילאַציע דאָך קומען און עס וועט שוין זיין וואויל און גוט — דאָס איז דער אינהאַלט פון אַן אַרטיקל אין בערלינער „פאָרווערטס", צענטראַל־אָרגאַן פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. „צו דער יידן־פראַגע אין פּוילן" הייסט דער אַרטיקל, געשריבן, ווי די רעדאַקציע באַמערקט, פון אַ „פּאָלנישן גענאָסע". דער דאָזיקער פּוילישער סאָציאַליסט, מסתמא אַ יידישער טוער פון דער פּ. פּ. ס., אָדער ס. ד. ק. פּ. ל., באַהאַנדלט די פראַגע פון „פּראָלעטאַרישן" שטאַנדפּונקט. בלויז די רעליגיע — שרייבט ער — האַלט אונטער די יידן. די הערשאַפט פון דער אָרטאָדאָקסיע איז אַ שרעקלעכער אומגליק פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט. צוליב שבת קען ער נישט אַריינדרינגען אין די גרויסע פאַבריקן, אַרבעטן צוזאַמען מיט זיין פּוילישן חבר. ער איז דעריבער באַשעפטיקט אויסשליסלעך אין דער הויז־אינדוסטריע און קליינע וואַרשטאַטן. דער יידישער אַרבעטער איז אין די אויגן פון זיין פּוילישן חבר מינדערוועַרטיק. דער מחבר ברענגט אַ פאַקט, ווען 100 פּוילישע אַרבעטער אין אַ פאַבריק פון אַ יידישן אייגנטימער **) האָבן בעת דער מלחמה פאַרשטרייקט קעגן צולאָזן צו דער אַרבעט אַ פּאָר יידישע אַרבעטער פון די היימלאָזע. ער קומט אָבער צום אויספיר, אַז די אַסימילאַציע פון די יידן אין פּוילן וועט אפשר פאָרקומען לאַנגזאַם, אָבער פאָרקומען וועט זי זיכער.

מיט אַ מין פּראָגראַם־דעקלאַראַציע וועגן דער יידן־פראַגע אין פּוילן איז אויך אַרויסגעטראָטן דער גייסטיקער וואָרטפירער פון דער אַסימילאַציע סטאַניסלאַוו קעמפּנער ***) רעדאַקטאָר פון „נאָוואַ גאַזעטאַ", טעגלעכער פּרעסע־אָרגאַן פון דער יידיש־אַסימילאַטאָרישער בורזשואַזיע. אינם זשורנאַל „נאָרד אונד זיד" (רעדאַקטאָר פּראָפ. לודוויג שטיין), וואָס איז געווען געווידמעט דער עיקר די פּראָבלעמען פון די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן דייטשלאַנד מיט די שכנישע לענדער און פעלקער, האָט סט. קעמפּנער פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל, וואו ער זאָגט זיך אַרויס

*) „פּרייסישע יאַרביכער", נאָוועמבער 1915, בערלין.

**) עלעקטראָ־טעכנישע פאַבריק פון די אינזשינערן גאָלדע און העלער אין וואַרשע — וו. ש.

***) St. A. Kempner: Die Judische Frage in Polen, Nord u. Sud, 1917, p. 296.

קאַטעגאָריש קעגן נאַציאָנאַלע רעכט פאַר די יידן אין פוילן. פאַר זיי איז גענוג בלויז פולשטענדיקע בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג. דער זשאַרגאָן — שרייבט קעמפנער — איז די שפּראַך פון די האַלב־קולטורעלע, נישט אויפגעקלערטע יידישע מאַסן; די יידישע אינטעליגענץ וואַרפט אָפּ דעם זשאַרגאָן. ער איז געבליבן בלויז אין ליטע, רייסן, טיילווייז אין אָדעס. די רוסיש־יידישע אינטעליגענץ האָט זיך שוין אַסימילירט מיט דער רוסישער קולטור און שפּראַך. דעם יידישן נאַציאָנאַליזם האָבן איינגעפלאַנצט אין פוילן די „ליטוואַקעס". ס'קומט פאָר אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס פון אַסימילאַציע ביי די יידן פון פוילן. מען דאַרף זאָרגן ס'זאָל נישט זיין קיין קעגנזאַץ צווישן דעם יידישן גלויבן, יידישן אָפּשטאַם און דער פוילישער נאַציאָנאַלער אידייע. ס'וועט זיין שעדלעך — שרייבט ווייטער קעמפנער — צו געבן די יידן נאַציאָנאַלע רעכט, — שעדלעך סיי פאַר די יידן גופא, סיי פאַרן לאַנד; יידישע נאַציאָנאַלע רעכט (אין שול, געריכט, אַמטן) וועט פירן צו קאָנפליקטן מיט די פּאָליאַקן. יידן דאַרפן באַקומען בירגערלעכע רעכט; אָבער פוילן דאַרף נישט (די ערשטע אין דער וועלט!) מאַכן אַ פּרואוו צו נאַציאָנאַליזירן די יידן אויף איר לעבעדיקן אָרגאַניזם.

אויך די וואָרטפירער פון די דייטשע יידן האָבן גענומען אַ וואָרט אין דער פראַגע. דער שוין דערמאָנטער פּראָפעסאָר פיליפּסאָן, רעדאַקטאָר פון „אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס", קלאָגט זיך אין דער צייטונג אויפן דריי מיליאָניקן יידישן קיבוץ פון פוילן און גאַליציע, אַז זיי זענען אויס זייער נעבעכדיק עקאָנאָמיש און מאָראַליש (!), ווייל זיי האָבן זיך איינגעשפּאַרט און נישט צונויפגעגאָסן זיך מיטן הערשנדיקן פּוילנטום. אָנשטאָט דער פּוילישער שפּראַך רעדן זיי דעם יידישן זשאַרגאָן... דער געערטער פּראָפעסאָר האָט משמעות מורא געהאַט, אַז מיטן שאַפן די פּוילישע מלוכה אונטער דייטשלאַנדס שוץ זאָלן נישט אָנהויבן אַריינשטראָמען אָט די מזרח־יידן קיין דייטשלאַנד און נאָך קאַליע מאַכן די מערכה פון די אַלט־איינגעזעסענע דייטשע יידן.

און צום סוף נאָך אַ שטים, דאָס מאָל שוין פון אַן עכט דייטשן אַריער, וועלכער אַנטוויקלט דעם שטאַנדפּונקט פון די שפּעטערדיקע נאַציס אין דער יידן־פראַגע. דאָס איז אַ בראָשור „ניי־פוילן" פון איינעם אַ פּראָפעסאָר קראַנץ *) אַרויסגעגעבן מיט דער דערלויבעניש פון פּרעסע־רעפעראַט ביים קריגס־מיניסטעריום, עס הייסט כמעט אַן אָפיציעלער דאָקומענט. די יידן־פראַגע אין פוילן — שרייבט ער — דאָס איז בלויז אַ פראַגע וועגן מיטלשטאַנד אין פוילן. די פּאָליאַקן ווערנדיק זעלבשטענדיק, וועלן קאָנען אַוועקזעצן אויפן אָרט פון דייטשן און יידן אַן אייגענעם געניטן קאַפּיטאַל־קרעפטיקן דורכגעטריבענעם קלאַס פאַבריקאַנטן און סוחרים. די דייטשן פון פוילן וועלן מוזן אַריבערוואַנדערן קיין פּרייסן, די פּאָליאַקן פון פּרייסן קיין פוילן. די פּאָליאַקן וועלן אויך מוזן מיטנעמען פון פּויזן „זייערע" יידן. אין ניי־פוילן וועלן די יידן מוזן אויסוואַנדערן, אָדער אויסשטאַרבן, קיין אַנדער ברירה וועלן זיי נישט האָבן.

*) Neu-Polen, M. Kranz, Lehmann — Verlag, Muenchen, 1915.

## 6. פּרואוו פון דער אָקופּאַציע־מאַכט צו שאַפן אַ „רעליגיעזע יידישע געמיינשאַפט"

אין זעלבן צייט־פּעריאָד, ווען די אָקופּאַנטן זיינען געווען אַזוי פאַרטאָן אין שאַפן די מלוכה־אינסטיטוציעס פון אַ נייעם פוילן, האָבן זיי אויך זיך באַמיט צו „לייזן" די יידן־פראַגע אין פוילן, וועלנדיק שאַפן אַ צענטראַליזירטע יידישע רעליגיעזע קהילה. נאָך די מאַניפעסטן פון 5טן נאָוועמבער 1916, איז דעם 15טן נאָוועמבער 1916 אַרויסגעגעבן געוואָרן די „פאַראָרדענונג וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער רעליגיעזער געמיינשאַפט". דערווייל האָט דאָס געהאַט אַ שייכות נאָר צו די יידן פון דייטשן אָקופּאַציע־געביט; פאַרן עסטרייכישן געביט האָט מען זיך באַנוגנט, משמעות, מיטן איבערלאָזן צייטווייליק דעם סטאַטוס־קוואָ פון די יידן אין גאַליציע פון פאַר דער מלחמה.

דער מחבר פונם סטאַטוט פון דער צענטראַליזירטער יידישער קהילה איז געווען דער שוין דערמאָנטער ד"ר לודוויק האַאַז. דער דאָזיקער „פּראָגרעסיווער" יידיש־דייטשער פּאָליטיקער און געזעלשאַפטלעכער טוער האָט אינגאַנצן מסכים געווען מיט די דערמאָנטע אָרטאָדאָקסישע ראַבינער קאַרלעבאַך און קאָהן און פאַר זיי איבערגעלאָזט די איניציאַטיוו צו דענאַציאָנאַליזירן די יידישע מאַסן פון פוילן און אַרונטערנעמען זיי אונטער די פליגלען פון דער אָרטאָדאָקסיש־רעליגיעזער אידייע און חסידישע רביים. אין דער דאָזיקער ריכטונג איז געגאַנגען דער סטאַטוט:

„די יידן, איינוואוינער פון וואַרשעווער גענעראַלגובערנעמען שטעלן מיט זיך פאָר אַן עפנטלעך־רעכטלעכע רעליגיעזע געזעלשאַפט (§1); בראש פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט שטייט אַ העכסטער יידן־ראַט, וועלכער איז אונטערגעוואָרפן דער מלוכהשער אויפזיכט־מאַכט (§2); די קהילה־פאַרוואַלטונג באַשטייט פון געוויילטע דורך געהיימע און דירעקטע וואַלן, ווי אויך פון נאָמינירטע מיטגלידער (§5). אירע אויפגאַבעס: אויסצוהאַלטן דאָס רעליגיעזע לעבן; דערציאונג פון דער יוגנט; סאָציאַלע טעטיקייט און צדקה; אויפזיכט איבער אַלע אינסטיטוציעס

אין די גרעניצן פון דער קהילה, נעמלעך: שולן און תפילה־הייזער, רעליגיעזע פאַריינען, צדקה־חברות; זאָרגן וועגן בילדן די יוגנט דורך גרינדן אַ גענוגנדיקע צאָל שולן, אויף וויפיל די דאָזיקע באַדערפענישן ווערן נישט באַפרידיקט פון אַן אַנדער זייט (§3). די מלוכה־אָרגאַנען דאַרפן סאַנקציאָנירן די באַשלוסן פון דער קהילה און הויפּט־אויפזיכט־ראָט; זיי מאָנען איין מיט צוואַנג־מיטלען די שטייערן, וואָס די קהילות באַשטימען."

די גאַנצע יידישע פּרעסע — „דער מאָמענט", „וואַרשעווער טאַגעבלאַט", די העברעאישע „הצפירה", שוין אָפּגערעדט פון די בונדישע „לעבנספראַגן" — האָט אויסגעדריקט (ביי די געגעבענע צענזור־באַדינגונגען) איר אומחן צום סטאַטוט; מען האָט אויפגעוויזן, אַז דאָס איז נישט קיין שום קולטורעלע אויטאָנאָמיע, אַז די פּאָליטישע רעכט פון די יידן זיינען נישט באַטאָנט אויף אַזאַ אופן אד"גל. באַגייסטערט זיינען בלויז געווען די אַסימילאַטאָרן. זייער אָרגאַן „נאָווע גאַזעטאַ" האָט אַזוי געשריבן: ענדלעך איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל געמאַכט געוואָרן אַ סוף צום שטרייט וועגן נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע. דורך דער פאַראָרדענונג האָט די מאַכט געזאָגט איר האַרב וואָרט וועגן דער שטרייט־פראַגע: אַ נאַציע מיט נאַציאָנאַלע רעכט, אָדער אַ רעליגיעזע גרופּע מיט אויסשליסלעך רעליגיעזע רעכט.

די הייסע פּוילישע פּאַטריאָטן, די אַסימילאַטאָרן, וועלכע האָבן שאַרף באַקעמפט יעטוועדע אַריינמישונג פון דרויסן אין די פּויליש־יידישע באַציאונגען, האָלטנדיק, אַז דאָס יידישע פּראָבלעם איז אַ ריין אינערלעכער ענין פון פּוילן גופא, — האָבן איצט מיט צופרידנקייט אָנגענומען דעם פּסק־דין פון פרעמדן אָקופּאַנט — אַז די יידן זיינען נישט קיין נאַציע נאָר בלויז אַ רעליגיעזע גרופּע, וואָס עס איז געווען זייער אַסימילאַטאָרישער אני מאמין. זיי האָבן זיך שוין אויך געגרייט צו ווערן, ווי פריער, די גאַנצע דעה־זאָגער אין חער ניי־געשאַפענער רעליגיעזער קהילה. זיי האָבן אויסגעטייטשט די אויספיר־תקנות וועגן די וואַלן צו די קהילות (פאַרעפנטלעכט דעם 23טן אַפּריל, 1917) אַזוי, אַז די גרויס פון שטייער בלייבט ווי פריער — 15 רובל. צוליב אַזאַ הויכן שטייער וואָלט די צאָל וויילער צו דער קהילה באַטראָפן בלויז 5—7 טויזנט פון די העכער 300,000 יידישע איינוואוינער אין וואַרשע.

נאָך אַ ריי פּראָטעסטן און פּעטיציעס האָט די דייטשע מאַכט באַשטימט מינימום איין מאַרק עטאַט אַ יאָר. אַזאַ פאַרקלענערונג פון עטאַט האָט באַוואויגן אויך די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אָנצונעמען אַ פּרינציפּיעלן באַשלוס וועגן באַטייליקן זיך אין די קהילה־וואַלן, נעמענדיק אין באַטראַכט, וואָס אַחוץ רעליגיעזע ענינים געהערן צו דער קאָמפּעטענץ פון דער קהילה אויך געוויסע סאָציאַלע פונקציעס.

די אָקופּאַציע־מאַכט האָט באַשטימט דעם טערמין פון די וואַלן אויף מיטן מאַי, 1918. אָבער דאָס פּויליש מיניסטעריום פאַר רעליגיע און בילדונג האָט דעם טערמין אָפּגעלייגט, וועלנדיק מאַכן ווידעראַמאָל ענדערונגען אין דער אָרדינאַציע. האָט די דייטשע מאַכט באַשטימט אַ נייעם טערמין — 16טן—17טן אָקטאָבער, 1918. דאָס איז שוין אָבער געווען די גסיסה־צייט פון דער אָקופּציע און די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט דעם 10טן אָקטאָבער באַשלאָסן אָפּצולייגן די וואַלן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. בלויז אין אַ ריי קליינע פּראָווינץ־שטעט זיינען פאָרגעקומען וואַלן אויפן סמך פון דער אַרויסגעגעבענער וואַל־אָרדינאַציע. די ווייט גרעסטע מערהייט קהילות מיט וואַרשע און לאָדז בראש האָבן זיך אָפּגעזאָגט דורכצופירן די קהילה־וואַלן לויטן סטאַטוט פון דער אָקופּאַציע־מאַכט.

# IV. אויפשוואונג און אָרגאַניזאַציע פון קולטור־לעבן

## 1. אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון מאָדערנעם יידישן שול־וועזן



ישט געקוקט אויף די גוואַלדיקע רדיפות, פּאָגראָמען, גרושים, אַנטיסימעטישער העצע, זעען מיר שוין אין ערשטן יאָר מלחמה און באַזונדערס שפּעטער, אונטער דער אָקופּאַציע, ווען דאָס לעבן האָט זיך ביסלעכווייז סטאַביליזירט, אַ גוואַלדיקן אויפשוואונג פונם יידישן קולטור־לעבן. דער אינסטינקט פון נאַציאָנאַלער זעלבסטשוץ האָט פאַרפאַנצערט די יידישע מאַסן קעגן דעם גאַנצן פיינטלעכן אַרום און געטריבן זיי צום פאַנאַנדערבוי פון זייער קולטור און צום שאַפן די נויטיקע דערצו אַנשטאַלטן. צום סוף פון די אָקופּאַציע־יאָרן און וועלט־מלחמה, ווען די אַטאָמספערע איז געווען אָנגעזאַפּט מיט די לאָזונגען — רעכט פון אַלע פעלקער אויף נאַציאָנאַלן לעבנסשטייגער, נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט און דאָס גלייכן, האָט דער דאָזיקער קולטור־אויפשטייג נאָך מער זיך אויסגעברייטערט און אַרומגענומען אַלע זייטן פון יידישן מאַסן־לעבן.

פון נויט און פּיין פון די יידישע פּליטים איז אויסגעוואַקסן די מאָדערנע יידישע שול. אין די ערשטע חדשים פון דער מלחמה, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די מאַסן־גרושים פון די ערטער, וואָס זיינען געלעגן ביים פראָנט־ראַיאָן, האָט מען אויף גיך גענומען שאַפן אין ווילנע, וואַרשע, לאָדזש, ביאַליסטאָק און אַנדערע שטעט היימען פאַר יידישע היימלאָזע פּליטים־קינדער. דעם 23טן מערץ 1915, האָט זיך אין וואַרשע געעפנט די ערשטע קינדער־היים, אָנגעפירט דורך אַ קאָמיטעט בראש פון וועלכן עס זיינען געשטאַנען י. ל. פּרץ און יעקב דינעזאָן. צוויי דריטל פון די קינדער זיינען געווען פון די פּליטים. פּרץ האָט זייער פיל מי און האַרץ אָפּגעגעבן דער דאָזיקער רעטונג־אַקציע, האָט אויך געשריבן לידלעך פאַר די קינדער־היימען. אין אָקטאָבער, 1915, האָט זיך געעפנט די ערשטע אַרבעטער־קינדער־היים אין וואַרשע אויפן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם בונדישן פירער בראָניסלאַוו גראָסער. אויך אין לאָדזש האָט די ערשטע קינדער־היים זיך געעפנט אין יאָר 1915 ; די ערשטע יידישע פאָלקס־שול — אין 1916. אין ווילנע האָט מען די ערשטע היימען פאַר היימלאָזע קינדער און אַנדערע דערציאונגס־אַנשטאַלטן גענומען שאַפן אין אָקטאָבער, 1914, אַ דריי חדשים נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, ווען קיין ווילנע האָבן אָנגעהויבן שטראָ־



מען מאַסן פּליטים פון די שטעטלעך, וואָס זיינען געווען האַרט ביים פראָנט. די רוסישע מאַכט האָט נישט דערלויבט פירן לימודים אין די הילף־אַנשטאַלטן, האָט מען געלערנט געהיים, אומלעגאַל.

אין דער אָוונט־שול פאַר אַרבעטער, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין די ניינציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, לויט דער איניציאַטיווע פון די בונדישע טוער אַננע און פּנחס ראָזענטאַל און איז געווען געפירט כמעט די גאַנצע צייט אומלעגאַל, האָבן געלערנט העכער טויזנט שילער. נאָך דער עוואַקואַציע פון די רוסן, האָט זיך די קולטור־באַוועגונג נאָך מער פאַרשטאַרקט, זייענדיק אויך ענג פאַרבונדן מיט דער הילף־אַרבעט פאַר די מלחמה־געליטענע (אַ העלפט פון דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך גענויטיקט אין הילף). אין 1916 זיינען אין ווילנע געווען שוין זעקס יידיש־וועלטלעכע פאָלקס־שולן און די דערמאָנטע אָוונט־שול, צוויי פאָלקס־אוניווערסיטעטן — „אוניווערסיטעט פאַר אַלע", אָנגעפירט פון „בונד" און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, און „פאָלקס־אוניווערסיטעט" — פון דער „חברה מפיצי השכלה". די צאָל קינדער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן האָט צום סוף פון דער אָקופּאַציע (אָנהויב 1919) דערגרייכט אין ווילנע 3,500, אין ביאַליסטאָק (ניין פאָלקס־שולן, דריי קינדער־היימען, דריי אָוונט־שולן) העכער 2,000, אין וואַרשע (13 פאָלקסשולן און קינדער־היימען) 2,500. צום לערן־יאָר 1918 האָט זיך געעפנט אין ווילנע די ערשטע יידישע רעאַל־גימנאַזיע מיט העכער 500 שילער. ווילנע איז בכלל גלייך נאָך דער עוואַקואַציע פון די רוסן אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַ קריטישער לאַגע אויפן געביט פון שול־וועזן, ווייל אַלע מלוכה־שולן מיטן לערער־פּערסאָנאַל, אפילו די לערער פון די תלמוד־תורות זיינען עוואַקואירט געוואָרן, טויזנטער קינדער זיינען געבליבן אָן אַ שול און אָן אַ היים. נישט געקוקט דערויף האָבן די געבליבענע שול־ און קולטור־טוער אַנטוויקלט ביי די ערגסטע באַדינגונגען אַ גוואַלדיקע ענערגיע, און זיי איז געלונגען אַוועקצושטעלן אַ פאַרצווייגטן שול־וועזן.

אין הינדענבורגס פאַראָרדענונג פון 22טן דעצעמבער, 1915, ווערט געזאָגט, אַז אין די פאָלקס־שולן דאַרף געלערנט ווערן אין דער מוטער־שפּראַך, פאַר יידן דאַרף רעליגיע געלערנט ווערן אין העברעאיש. האָבן לכתחילה די אָקופּאַנטן באַפוילן פירן די לימודים אין די שולן פאַר יידישע קינדער אויף דייטש.

די לערער אָבער און די עלטערן, איבערהויפּט אין די גרעסערע פּונקטן, האָבן געפירט אַ האַרטנעקיקן קאַמף קעגן דייטש ווי אַן אונטערריכט־שפּראַך, און מען האָט געפירט די שולן אויף יידיש. בלויז אין די קליינע שטעטלעך, וואו דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן איז געווען ווייניק, אָדער אינגאַנצן נישט אַנטוויקלט, האָט דער דרוק פון אָקופּאַנט אין דער הינזיכט זיך זייער שטאַרק געלאָזט פילן און מען האָט געלערנט אויף דייטש. קעגן דער דייטשער לערן־שפּראַך און פאַר יידיש אַלס מוטער־שפּראַך פון די יידישע קינדער איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פּעטיציע־קאַמפּאַניע. נאָך אַ ריי מיטינגען און פאַרזאַמלונגען איז אין וואַרשע צונויפגעזאַמלט געוואָרן 35 טויזנט אונטערשריפטן און אין לאָדזש 40 טויזנט. אונטער אַזאַ דרוק פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג האָט די אָקופּאַציע־מאַכט זיך צוריקגעצויגן און טאָלערירט דעם יידישן שול־וועזן. זי האָט אָבער מיט פאַרשידענע מיטלען שיקאַנירט די יידישע שולן, פלעגט פאַרנעמען שול־לאָקאַלן פאַר אירע אַמטן. אין פּרוזשענע, למשל, האָט מען אַרויסגעוואָרפן די שול פון איר לאָקאַל און אַריינגעזעצט אַהין אַ היימלאָזן, ווייל זיין דירה האָט פאַרנומען די מיליטער־מאַכט. אין ווילנער געגנט האָט די מאַכט גאָר פאַראָרדנט צו פאַרמאַכן די שולן אויף אַ האַלב־יאָר צייט צוליב דער טיפוס־עפּידעמיע. דאָך האָט מען געלערנט ווידעראַמאָל אומלעגאַל און לערער זיינען געגאַנגען דערפאַר אין תפיסה. אגב זיינען אין דער דאָזיקער אַקציע קעגן דער אָקופּאַציע־מאַכט אַרויסגעטראָטן סאָלידאַריש צוזאַמען מיט די יידן אויך די פּאָליאַקן און ווייסרוסן, ווייל אויך אויף זייערע שולן איז געווען גילטיק דער פאַרבאָט. די דייטשן האָבן די שולן פאַרמאַכט, אַרויסגעטריבן מיט געוואַלט אַלע קינדער און די פאַרוואַלטער מיט די לערער אַרעסטירט. דאָס האָט אַרויסגערופן זייער שטאַרקע פּראָטעסטן. די דייטשן האָבן דערזען, אַז זיי האָבן איבערגעכאַפּט די מאָס, האָבן זיי צונויפגערופן פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַלע שול־קאָמיטעטן און פאָרגעלייגט צו באַצאָלן שטראָף פאַרן עובר זיין אויפן פאַרבאָט, דאַן וועלן די אַרעסטירטע ווערן באַפרייט. אַלע האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אַריינצוטראָגן די געפאָדערטע סומע. צען טעג זיינען אַזוי אַוועק, די לערער זיינען דאָך באַפרייט געוואָרן, און מען האָט צוריק געעפנט די שולן.

ווילנע האָט זיך בכלל אויסגעצייכנט מיט אינטענסיווער טעטיקייט אויפן שול־געביט. חוץ דעם יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן האָבן זיך אויך אַנטוויקלט די לער־אַנשטאַלטן פון דער אָרטאָדאָקסיע — מאָדערנע חדרים און תלמוד־תורהס. אינם רוב אַזעלכע אַנשטאַלטן איז די לערן־שפּראַך געווען יידיש, אין געציילטע פּונקטן יידיש און העברעאיש. די געזעלשאַפט „יעקאָפּאָ" אַליין האָט אין 148 פּונקטן פון ווילנער געגנט אויסגעהאַלטן אָדער סובסידירט 117 וועלטלעכע שולן און חדרים מיט צען טויזנט קינדער. דאָס רוב שולן האָט נישט געהאַט קיין לאָקאַלן, מען האָט געלערנט אין די ווייבערשע שולן פון די בתי־מדרשים אד"גל. דערביי איז דער טיפּ פון אַלטן חדר כמעט אינגאַנצן פאַרשוואונדן אפילו אין דער פּראָווינץ, אַלץ מער און מער זיינען אַנטשטאַנען מאָדערניזירטע חדרים און תלמוד־תורהס. אַ כאַראַקטעריסטישער פּרט: די יידישע שול האָט אַריינגעצויגן אין בילדונגס־שטראָם אַ גרויסע צאָל מיידלעך. לויט דער אַנקעטע פון „יעקאָפּאָ" זיינען פון 883 קינדער אין 15 שולן 602 געווען מיידלעך.

אַ ברייטע אויפקלערונג־קאַמפּאַניע פאַרן יידישן שול־וועזן האָט אַנטוויקלט דער „בונד". איבערן גאַנצן לאַנד זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן (צווייטע העלפט 1916) מאַסן־מיטינגען אין די גרעסערע שטעט, פאָרלעזונגען, אויפקלער־פאַרזאַמלונגען — אין די קלענערע. אין וואַרשע איז די קאַמפּאַניע געפירט געוואָרן (ווי אַלע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע קאַמפּאַניעס פון יענער צייט) אונטער דער פירמע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אין דער רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף אַלע מיטינגען און פאַרזאַמלונגען אין וואַרשע רעדט זיך אַזוי:

„אַרויסגייענדיק פון שטאַנדפּונקט, אַז די יידישע פאָלק־שול דאַרף זיין אַ נאַציאָנאַלע, דאָס הייסט, אַז דער אונטערריכט דאַרף זיין אויף דער מוטער־שפּראַך פון די שילער, — אַז די לער־פּראָגראַם און די אונטערריכט־מעטאָדן דאַרפן זיין צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון דער נאַציאָנאַלער סביבה און אַז די שולע דאַרף זיך געפינען אין רשות פון פאָלק אַליין, — אַז די 300 טויזנטדיקע יידישע באַפעלקערונג פון וואַרשע בילדעט אַ באַזונדערע נאַציאָנאַלע גרופּע — פאָדערט די פאַרזאַמלונג: 1) שאַפן אַ נעץ פון יידישע פאָלקס־שולן מיט יידישער אונטערריכט־שפּראַך (פּויליש, ווי די שפּראַך פון דער מערהייט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג דאַרף פאַרנעמען אין שולע דעם געהעריקן אָרט אַלס לער־קעגנשטאַנד). 2) די שול דאַרף זיין אַן אומזיסטע, וועלטלעכע, אָבליגאַטאָרישע. 3) שאַפן אַ שול־ראַט, געוויילט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג צו פאַרוואַלטן מיט די שולן."

„די חדרים, לויט זייער אינהאַלט און גייסט געפינען זיך אין אַ שאַרפן אומפאַרמיידלעכן ווידערשפּרוך מיט די באַדערפענישן פון מאָדערנעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און מיט די עלעמענטאַרע פאָדערונגען פון דער ראַציאָנאַלער פּעדאַגאָגיק, דינען נישט די אינטערעסן פון פאָלקס־בילדונג, שטעלנדיק זיך בלויז ריין רעליגיעזע אויפגאַבעס".

„דער יידישער גמינע, אַלס אַן אַנטי־דעמאָקראַטישער איינריכטונג, וועלכער עס זיינען לחלוטין פרעמד

די קולטורעלע באַדערפענישן פון די יידישע מאַסן און וועלכע שטעלט בשום אופן נישט פאַר זייערע אינ־טערעסן, — קאָן אַזאַ אַרבעט נישט אָנפאַרטרויט ווערן."

„דעם יידישן שול־ראַט דאַרף איבערגעגעבן ווערן אַן אַנטשפּרעכנדיקער טייל פון די געלט־מיטלען, וואָס דער שטאָט־ראַט האָט אַסיגנירט אויף פאָלקס־שולן".

אָט די שאַרפע און ברייט־פאַרצווייגטע קאַמ־פּאַניע האָט געצוואונגען אפילו די פאַרעקשנטע אַסי־מילאַטאָרן פונם שניט „פּאָליאַקן פון משהס גלויבן" צו ענדערן זייער באַציאונג צום „זשאַרגן". אַזוי שרייבט איינער פון זייערע פירער דער שוין דערמאָנטער סטאַניסלאַוו קעמפּנער אין זייער אָרגאַן „נאָווא גאַ־זעטאַ" *): „דער זשאַרגאָן האָט איצט אויף זיין זייט די קראַפט פון צאָל און די קראַפט פון געוואוינהייט. דאָס זיינען פאַקטן פון לעבן, וואָס מען קאָן ניט באַ־זייטיקן פון דער דיסקוסיע. דער נאַציאָנאַליזירונג־פּראָצעס אין יידישן לעבן פאַר די לעצטע צענדליקער יאָרן האָט פאַרשטאַרקט דעם זשאַרגאָן, אים צוגעגעבן אַ באַדייטנדיקע אינטענסיוויטעט און אַ באַדייטנדיקע עקסטענסיוויטעט אינעם זין פון דער צאָל מענטשן, וואָס באַנוצן זיך מיט דעם דאָזיקן ווערקצייג". דער אויס־פיר איז, אַז מען דאַרף דערוויל געבן די „זשאַרגאָ־נישע יידן אַ זשאַרגאָנישע שול, אָלס אַן איבערגאַנג־שול".

די ציוניסטן האָבן בעת דער אָקופּאַציע אינטענ־סיוו געאַרבעט אויפן געביט פון העברעאישן שול־וועזן. אין 1916 האָבן זיי אין גאָניאָנדז (ביאַליסטאָ־קער קרייז) געעפנט די ערשטע העברעאישע שול, אין 1917 האָבן זיי געעפנט אַזאַ שול אין קרינקי (גראָדנער קרייז); אין ווילנע, צום לערניאָר 1916, געעפנט די ערשטע העברעאישע גימנאַזיע אין די „גלות"־לענדער. דאָ האָבן די ציוניסטן אויך פאַרמאָגט צוויי פאָלקס־שולן מיט צוויי קינדער־גערטנער. אויף די העברעאישע אָוונט־קורסן אין ווילנע זיינען פאַר־רעגיסטרירט געוואָרן ביז 800 באַזוכער. די חברה „חובבי שפת עבר" אין וואַרשע האָט אין יאָר 1916 געפירט אַ פּעטיציע־קאַמפּאַניע פאַר מינדסטנס 2 שעה אַ טאָג לערנען העברעאיש אין די יידישע פאָלקס־שולן. צום סוף פון דער אָקופּאַציע, צום לערניאָר 1918, האָבן די ציוניסטן פאַרמאָגט אין קאָנגרעס־פּוילן 51 לערן־אַנשטאַלטן מיט 2575 תלמידים. אין וואַרשע האָבן אין 1916 זיך געעפנט העברעאישע קורסן פאַר לערער, אָנגעפירט דורכן ראַבינער ד"ר פּאָזנאַנסקי, וועלכע האָבן עקזיסטירט ביז 1932 (זינט 1918 זיינען די קורסן אויס־געהאַלטן געוואָרן דורך דער פּוילישער רעגירונג). אויף די ציוניסטישע קאָנ־פערענצן זיינען אָנגעגאַנגען וויכוחים וועגן דער אונ־טערריכט־שפּראַך — יידיש צי העברעאיש. די דריטע קאָנפערענץ, אָקטאָבער 1917, אין וואַרשע, האָט באַ־שלאָסן העברעאיש, אָבער די פערטע קאָנפערענץ, 1919, האָט שוין אָנגענומען אַ קאָמפּראָמיס־רעזאָלו־ציע, אַז וואו עס איז נישט מעגלעך העברעאיש ווי אַן אונטעררריכט־שפּראַך, זאָל מען לערנען אויף יידיש.

*) ציטירט לויט „לעבנס־פראַגן" נומער 30, 1916, וואַרשע.

## 2. אויפבוי פון קולטור־אַנשטאַלטן, ביבליאָ־טעקן, קלובן

מיטן שול־וועזן אַליין האָט זיך אָבער נישט באַ־גרענעצט די אויפגעוואַכטע קולטור־טעטיקייט. כמעט אין יעדן שטעטל, שוין נישט רעדנדיק וועגן די גרע־סערע ישובים, זיינען געגרינדעט געוואָרן ביבליאָ־טעקן, קלובן, קולטור־געזעלשאַפטן. דאָרטן, וואו די איניציאַטיוו צו גרינדן אַזעלכע אַנשטאַלטן האָט גע־שטאַמט פון פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, האָט מען די אַנ־שטאַלטן דאָס רוב אָנגערופן אויף די נעמען פון פאַרשטאָרבענע פּאָפּולערע פּאַרטיי־פירער, ווי למשל: בראָניסלאַוו גראָסער ביי די בונדיסטן, באָראָכאָוו ביי די פּועלי־ציון, הערצל ביי די אַלגעמיינע ציוניסטן אד"גל. אַנדערש־וואו האָבן די קולטור־אַנשטאַלטן גע־טראָגן דאָס רוב די נעמען פון אונזערע גרויסע שריפט־שטעלער — מענדעלע, שלום־עליכם, פּרץ, כדי צו פאַראייניקן אַרום זיי אַלעמען, אָן אונטערשייד פון פּאַרטייאישע סימפּאַטיעס. די קולטור־געזעלשאַפטן פלעגן איינאָרדענען פאָרלעזונגען, פאָרשטעלונגען, קעסטל־אָוונטן, קאָנצערטן מיט אייגענע קרעפטן פון זייערע דראַמאַטיש־מוזיקאַלישע סעקציעס, דאָס רוב מיט איינגעלאַדענע פון די גרעסערע שטעט.

באַזונדערס מערקווערדיק איז געווען דער טיפער אָפּקלאַנג פונם טויט פון אונזערע צוויי גרויסע קלאַ־סיקער — פּרץ און שלום־עליכם. נישט געווען כמעט קיין איין שטעטל מיט אַ וועלכן נישט איז קולטור־פאַראיין, וואו עס זאָל נישט איינגעאָרדנט ווערן אַ פאָרלעזונג, געווידמעט זייער אָנדענק און כאַראַקטע־ריסטיק פון זייער באַטייט און ווערט פאַר דער יידי־שער ליטעראַטור און קולטור.

אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס האָט די פירנ־דיקע ראָלע אינעם אויפבוי פון יידיש־וועלטלעכער קולטור געהאַט דער „בונד". ער האָט געשאַפן אַ גרויסע נעץ פּראָפעסיאָנעלע, ווירטשאַפטלעכע און קול־טורעלע אינסטיטוציעס און באַוויזן צו קאָנצענטרירן אַרום זיי די ווייט גרעסטע מערהייט יידישע אַרבעטנ־דיקע מאַסן. אין וואַרשע איז געשאַפן געוואָרן אַן אַרבעטער־קלוב אויפן נאָמען פון בראָניסלאַוו גראָ־סער. דער קלוב האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע גרויסע ביבליאָטעק, אַ כאָר. עס פלעגן דאָרטן איינגעאָרדנט ווערן פאָרלעזונגען, שמועסן, קנצערטן מיט טויזנטער צוהערער. אַ צווייטע בונדישע קולטור־אינסטיטוציע — „געזעלשאַפט צו באַקעמפן דעם אַנאַלפאַבעטיזם"

(דעם אומשולדיקן ,נאָמען מיטן סטאַטוט האָט מען געירשנט פון די צאַרישע צייטן און איצטער האָט די טעטיקייט געקראָגן אַן אַנדער אינהאַלט און איז געוואָרן אויסגעברייטערט ווייט איבער די ראַמען פון סטאַטוט), אַ פאָלקס־אוניווערזיטעט מיט קורסן אויף פאַרשידענע געביטן פון נאַטור־וויסנשאַפט, געשיכטע, פּאָליטישע עקאָנאָמיע אד״גל. הונדערטער צוהערער פלעגן סיסטעמאַטיש באַזוכן די קורסן. אין לאָדזש האָט אַן ענלעכע טעטיקייט אַנטוויקלט די בונדישע אַרבעטער־קולטור־געזעלשאַפט „האַרפע". זי האָט אויך פאַרמאָגט אַ רייכע ביבליאָטעק, אַ כאָר, קורסן, פלעגט איינאָרדענען פאָרלעזונגען און קולטור־אונטערנעמונגען, וואָס פלעגן צוציען טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער. חוץ דער „האַרפע" האָט אין לאָדזש דער „שול־ און פאָלקס־בילדונג־פאַראיין" געפירט אַ פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע און דערציערישע אַרבעט. ער האָט אויך אָנגעפירט מיט דער קאַמפּאַניע פאַר יידיש אַלס אונטערריכט־שפּראַך אין די שולן פאַר יידישע קינדער. אין ווילנע האָט אונטער דער אָנפירונג פון „בונד" זיך געפונען דער שוין דערמאָנטער „אוניווערזיטעט פאַר אַלעמען" און דער יידישער קונסט־פאַראיין. דער לעצטער האָט געציילט ביז טויזנט מיטגלידער. די אונטערנעמונגען פון ביידע קולטור־אַנשטאַלטן פלעגן צוציען מאַסן אַרבעטנדיקע, הויפּטזאַכלעך פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אויך אין ביאַליסטאָק, וואו די לאַגע איז געווען זייער אַ שווערע און די געפאַנצערטע פויסט פון אָקופּאַנט האָט זיך דאָ געלאָזט צום שטאַרקסטן פילן (עטאַפּן־געביט), האָט עקזיסטירט אַ בונדישער פאַראיין „יידישע קונסט", וואו עס האָבן זיך גרופּירט אַלע אַרבעטער־עלעמענטן. אַזוי ווי די פּרעסע פון וואַרשע, לאָדזש, ווילנע און אַנדערע צענטערס האָט מען אין ביאַליסטאָק און בכלל אין „עטאַפּן־געביט" נישט אַריינגעלאָזט, פלעגט אין לאָקאַל פון דער אַרבעטער־קיך און טיי־האַלע דערשיינען רעגולער אַ געשריבענע „ביאַליסטאָקער אַרבעטער־צייטונג" מיט מאַטעריאַלן, אַרויסגענומען פון בערלינער „פאָרווערטס", לייפּציקער „פאָלקס־צייטונג", וואַרשעווער „לעבנס־פראַגן" און ענלעכע.

אין לובלין, דער שטאָט פון יידישע האָרעפּאַשניקעס און אָרימקייט, האָט דער „בונד" געגרינדעט אַן אַרבעטער־היים אין אַ גרויסן לאָקאַל, וואו עס האָבן זיך גרופּירט אַלע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס (קיך, טיי־האַלע, קאָאָפּעראַטיוו) און וואו עס פלעגן כסדר איינגעאָרדנט ווערן פאָרלעזונגען, קאָנצערט־מיטינגען און אַזוי ווייטער. אין פּעטריקאָוו איז געפירט געוואָרן אַ ברייטע קולטור־טעטיקייט אונטער דער פירמע פון פאַראיין „הזמיר".

די בירגערלעכע ציוניסטישע יוגנט האָט זיך גרופּירט אין די אַזוי גערופענע „מרכזים" (מרכז הציוני — ציוניסטישער צענטער), וואו זיי פלעגן איינאָרדענען פאָרלעזונגען, דיסקוסיעס און פאַרנעמען אָפּשטעלונג (באַזונדערס פאַר די ציוניסטישע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן) צו אַלגעמיין־פּאָליטישע און יידישע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. עס זיינען אויך געווען ציוניסטישע פאַראיינען אונטערן נאָמען „התחיה", „בית־עם", „הרצליה" און אַנדערע.

די פּועלי־ציון האָבן אין אַ ריי שטעט געגרינדעט „אַרבעטער־היימען", וואו זיי האָבן גרופּירט זייערע מיטגלידער און סימפּאַטיקער און געפירט צווישן זיי אַ ברייטע קולטור־ און אויפקלערונג־אַרבעט. גאָר אַ באַדייטנדיקע קולטור־אַרבעט האָבן זיי געפירט אין לאָדזש, וואַרשע, פּעטריקאָוו, ראַדאָם, קעלץ, נאָוואָראַדאָמסק. באַזונדערס אין לאָדזש און וואַרשע האָבן די „אַרבעטער־היימען" פון די פּועלי־ציון געהאַט אונטער זייער השפּעה גרעסערע מאַסן אַרבעטער און אַנדערע שיכטן, וואָס שטייען לויט זייער סאָציאַלער לאַגע נאָענט צום אַרבעטער־קלאַס.

די פּאַרטיי „ס. ס." (ציוניסטן סאָציאַליסטן) האָט געפירט איר קולטור־אַרבעט אונטער דער פירמע פון „בילדונג־פאַראיין פאַר יידישע אַרבעטער". אַזעלכע פאַראיינען האָט זי פאַרמאָגט אין וואַרשע, טשענסטאָכאָוו, לאָמזשע, נאָווידוואָר.

ווי ווייט שטאַרק עס איז געווען דער דראַנג פון די אויפגעוואַכטע מאַסן צו קולטור, צו בילדונג, צום גייסטיקן געניוס, — זעען מיר פון די באַריכטן, וואָס די אַרבעטער־קולטור־געזעלשאַפטן פלעגן פאַרעפנטלעכן פון צייט צו צייט אין די „לעבנס־פראַגן". אַזוי, למשל, דער פאַראיין „פּראָגרעס" אין אַזאַ פאַרהעלטניסמעסיק קליינעם יידישן ישוב ווי סקערנעוויץ האָט פאַר פינף חדשים איינגעאָרדנט 36 פאָרלעזונגען אויף די פאַרשידענע טעמעס: י. ל. פּרץ, שלום־עליכם, ציוניזם, נאַטור־וויסנשאַפט, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, קולטור־געשיכטע, ליטעראַטור־געשיכטע, קריטיק און אַנדערע. אינם אַרבעטער־שטעטל בעלכאַטאָוו האָבן די אָוונט־קורסן פון פאַראיין „קולטור" באַזוכט רעגולער 120 קינדער אין עלטער פון 8—12 יאָר.

די אַרבעטער קולטור־אינסטיטוציעס זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט דער הילף־טעטיקייט פאַר די אַרבעטסלאָזע און מלחמה־געליטענע. כמעט ביי יעדן קולטור־פאַראיין האָט עקזיסטירט אַ טיי־האַלע, אָדער ביליקע קיך. אין דער שווער־ביטערער צייט פון נויט, אַרבעטסלאָזיקייט און הונגער זיינען די קולטור־פאַראיינען געווען פאַר די אַרבעטער אַ ליכט־שטראַל אין זייער פינצטערן לעבן, געוועקט זיי און אויפגעקלערט, דערמוטיקט און באַגייסטערט צום ווייטערדיקן קאַמף פאַר דעם גרויסן אידעאַל פון אַ נייער ליכטיקער וועלט.

די בירגערלעכע יידישיסטישע עלעמענטן האָבן געפירט אַ קולטור־טעטיקייט, דאָס רוב אונטער דער פירמע פון „הזמיר" (פאַראיינען מיט אַזאַ נאָמען האָבן אין וואַרשע, לאָדזש, לובלין און אַנדערע שטעט עק־

זיסטירט נאָך פאַר דער מלחמה, האָבן אָבער וועגע־טירט אין די באַדינגונגען פון צאַרישן רעזשים). חוץ דעם, ווי עס איז שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן, האָבן די דאָזיקע עלעמענטן געשאַפן ביבליאָטעקן און אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס אויף די נעמען פון יידישע שרייבער־קלאַסיקער.

די חברה „מפיצי השכלה" אין ווילנע האָט גע־פירט אַ ברייטע קולטור־אַרבעט, פאַרמאָגט אַ פאָלקס־אוניווערזיטעט, אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע, וועל־כע פלעגן באַזוכט ווערן פון הונדערטער צוהערער. אין לובלין האָט עקזיסטירט אַ יידישער דעמאָקראַטי־שער קולטור־פאַראיין, וועלכער האָט גרופּירט די דע־מאָקראַטיש־פאָלקיסטישע עלעמענטן. ביים איינלאָדן אים אין יאָר 1916 צו דער פייערונג פון דער קאָנ־סטיטוציע פון דריטן מאַי, האָט דער פאַראיין מסכים געווען זיך צו באַטייליקן מיטן באַדינג, אַז ער זאָל טראָגן אַ פאָן מיט אַן אויפשריפט אויף פויליש און יידיש: „אין פרייען פוילן אַ פריי יידיש פאָלק". אין לאָדזש האָט די „יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט פון גייערס ראַיאָן" אויך גרופּירט די בירגערלעכע יידישיסטישע עלעמענטן.

אין ווילנע און וואַרשע האָבן געפירט אַ ברייטע קולטור־טעטיקייט אויך די די דאָרטיקע פאַראיינען פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, און די גע־זעלשאַפטן פון יידישע לערער. דער ווילנער ליטע־ראַטן־פאַראיין האָט געפירט זיין טעטיקייט נישט האָבנדיק קיין לעגאַליזירטן סטאַטוט, ווייל די אָקו־פּאַציע־מאַכט האָט בשום אופן נישט געוואָלט לעגאַ־ליזירן אַזאַ פאַראיין. ביידע געזעלשאַפטן פון יידישע לערער, אין וואַרשע און ווילנע, האָבן אויך געפירט אַ קאַמפּאַניע פאַר דער יידישער שפּראַך אין די יידישע שולן.

### 3. געזאַנג־כאָרן

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון קולטור־אויפ־שטייג זיינען געווען די געזאַנג־כאָרן, וואָס האָבן זיך אויסגעבילדעט כמעט אין יעטוועדן מער־ווייניקער גרעסערן יידישן קיבוץ. מיט אָרגאַניזירן די כאָרן און אָנפירן זיי האָבן זיך פאַרנומען די באַקאַנטע יידישע מוזיקער ליאָוו, שניאור אין וואַרשע, בערנשטיין און סליפּ אין ווילנע און אַנדערע.

אין וואַרשע איז געווען זייער פּאָפּולער דער אַר־בעטער־כאָר ביים גראָסער־קלוב, אָנגעפירט פון לעאָ ליאָוו (היינט אין ניו־יאָרק), וועלכער פלעגט אויספירן אַרבעטער און פאָלקס־לידער, און אויך קלאַסישע מו־זיק; ווי אויך דער „הזמיר־כאָר", אונטער דער ליי־טונג פון מ. שניאור, וועלכער פלעגט דאָס רוב אויס־פירן קלאַסישע און יידישע מוזיק. די כאָרן פלעגן אַרויסטרעטן אין גרויסע זאַלן און צוציען גרויסע מאַסן. אונטער דער לייטונג פון סליפּ האָט אין ווילנע עקזיסטירט אַן אַרבעטער־כאָר, וועלכער האָט אָנגעהויבן פון פּרימיטיווע אַרבעטער־ און פאָלקס־לידער און שפּעטער דערגרייכט אַזאַ מדרגה, אַז ער האָט אויפגעפירט ערנסטע קלאַסיקער, ווי היידן, הענדל, מענדעלסאָן. אַלע צוויי וואָכן פלעגט דער כאָר האָבן זיינע אויפטריטן אין לאָקאַל פון „בונד", פלעגט אויך איינאָרדענען גרויסע עפנטלעכע קאָנצערטן אין די גרעסערע זאַלן פון שטאָט. אין ווילנע האָט אויך עק־זיסטירט אַ גרויסער כאָר פון די שילער פון יידישער רעאַל־גימנאַזיע, אונטער דער לייטונג פון גערשטיין, אַן אַרבעטער־כאָר פון דער פּראָפעסיאָנעלער שול „הילף דורך אַרבעט", אַ סימפּאָנישער קינדער־אָרקעס־טער פון די שילער פון די שולן, אַ ציוניסטישער כאָר „בני יוסף". עס איז אויפגעקומען אַ נאָכפרעג אויף אויסגאַבן פון יידישע פאָלקס־לידער, עס זיינען דער־שינען לידער־זאַמלונגען מיט נאָטן: קיפּניס (וואַר־שע), בולקין און עפּראָן (ווילנע). דער דערמאָנטער א. בערנשטיין האָט אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון 150 קינדער־לידער, מיט קאָמפּאָזיציעס צו פּאָפּולערע פאָלקס־לידער (ווי רייזענס „העמערל" און אַנדערע).

אינעם חושך פון די אָקופּאַציע־יאָרן און מלחמה, זייענדיק אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער קולטור־וועלט, האָבן די פאַרהונגערטע יידישע מאַסן געגאַרט נאָך זייערע פאָלקס־ניגונים, נאָך זייערע אַרבעטער־לי־דער; דאָס האָט געהייטערט זייערע פאַראומערטע געמיטער, געוועקט ביי זיי מוט און האָפענונג אויף בעסערע צייטן.

### 4. ספּאָרט

אפילו גאָר אַ נייער קולטור־געביט — ספּאָרט, פיזישע דערציאונג, וואָס איז ביז יענער צייט כמעט אינגאַנצן געווען פאַרוואָרלאָזט, ווי אַ פרעמדער ענין פאַר די יידן אין פוילן, האָט גענומען זיך אַנט־וויקלען אין דער אָקופּאַציע־צייט: אין ווילנע, וואַר־שע, לאָדזש, טאָמאַשאָוו, טשענסטאָכאָוו, וולאָצלאַוועק און אַ רייע אַנדערע שטעט האָבן זיך אויסגעבילדעט ספּאָרט־ און טורן־פאַראיינען, דאָס רוב אונטער דער ווירקונג און אָנפירונג פון דער ציוניסטישער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „מכבי". אין 1916 איז אין לאָדזש פאָר־געקומען די ערשטע יידישע טורן־קאָנפערענץ. עס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אַ ספּעציעלער יידישער ספּאָרט־אָרגאַן „דער יידישער טורנער", רעדאַקטאָר — דער באַקאַנטער זשורנאַליסט י. אוגער (פאַרפּיי־ניקט געוואָרן צום טויט דורך די נאַצי־מערדער אין לאָדזש אין 1939), — ער איז אויך געווען וויצע־פּרעזידענט פונם פאַרבאַנד פון יידישע טורן־ און ספּאָרט־פאַראיינען אין פוילן, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1917 אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר פון די דאָזיקע פאַראיינען אין לאָדזש.

## 5. ווילנער טרופּע

אין יענער שווערער צייט האָט זיך אויסגעבויט אויך איינע פון די וויכטיקסטע קולטור־פּאָזיציעס, וועלכע האָט אין משך פון לאַנגע יאָרן נאָכדעם געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אינם יידיש־וועלטלעכן קולטור־לעבן — די „ווילנער טרופּע".

ביי אַ קליינער גרופּע ליבהאָבער פון דראַמאַטישער קונסט אין הונגערנדיקן ווילנע, וועלכע איז געווען אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט, איז אַנטשטאַנען אַ געדאַנק צו גרינדן אַ שטענדיקן יידישן דראַמאַטישן טעאַטער. יידישע שריפטשטעלער, קינסטלער, כלל־טוער האָבן זיי געהאָלפן אין דער דאָזיקער אַרבעט. כמעט אַלע פון דער טרופּע זיינען געווען אַמאַטאָרן, אַחוץ אזרא, שטיין, לאַרעס, וועלכע האָבן געענדיקט רוסישע דראַמאַטישע שולן און קאָוואַלסקי, וועלכער איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער שוישפּילער. עס זיינען צווישן זיי געווען אויך אייניקע אַרבעטער (שניאור, טאַנין), מיטגלידער פון „יידישן אַרבעטער קולטור־פאַראיין", וואו זיי האָבן געמאַכט זייערע ערשטע אַמאַטאָרישע טריט. אַלע האָבן געפירט אַ האַלב־הונגעריקן לעבן און אַלע זיינען געווען באַגייסטערט פאַר דער אידייע צו שאַפן אַ בעסערן יידישן קינסטלערישן טעאַטער.

די אויפפירונגען פון דער טרופּע האָבן פון אָנהייב אָן געהאַט גרויס דערפאָלג אין ווילנע און קאָוונע, שפּעטער האָט די טרופּע באַקומען אַ דערלויבעניש צו שפּילן אין וואַרשע און לאָדזש. די ברייטע יידישע מאַסן און די אינטעליגענץ האָבן די אויפפירונגען אויפגענומען מיט גרויס באַגייסטערונג. אין לאָדזש איז דערשינען אַ ספּעציעלער זאַמלבוך פון אָרטיקע זשורנאַליסטן, לכבוד דער טרופּע. אַרטיקלען וועגן יעדער אויפפירונג פלעגט געבן די „וואַרשויער דויטשע צייטונג", אָרגאַן פון דער אָקופּאַציע מאַכט. די דאַן וועלט־באַרימטע דייטשע צייטונגען „בערלינער טאַגעבלאַט" און „פאָסישע צייטונג" האָבן געגעבן לענגערע אַרטיקלען פון באַקאַנטע יידיש־דייטשע טעאַטער־קריטיקער און געבראַכט אילוסטראַציעס פון די אויפפירונגען.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ וויכטיקע קולטור־אינסטיטוציע, וועלכע האָט אין די שווערע יאָרן פון אָקופּאַציע און מלחמה געטראָגן אַ גרויסע קולטור־מיסיע, געשאַפן דעם ערשטן יידישן קונסט־טעאַטער און פאַרשריבן אַ וויכטיק בלאַט אין דער קולטור־געשיכטע פון די יידן אין פוילן.

# V. די פאַרמען פון דער הילף־אָרגאַניזאַציע

## די הילף פון אַמעריקע — דער דזשאָינט



מיר האָבן אין פריערדיקן קאַפּיטל אונטערגעשטראָכן, אַז דער אויפשוואונג פון דער קולטור־טעטיקייט איז געגאַנגען אויפן פּאָן פון שרעקלעכער פאַראָרימטקייט פון די יידישע מאַסן. פון די באַריכטן פון די הילף־אָרגאַניזאַציעס פון יענער צייט זעען מיר, אין וואָס פאַר אַ תהום פון עלנט עס האָבן געלעבט די יידישע מאַסן אונטער דער אָקופּאַציע. די הילף־אַקציע איז געגאַנגען פון די אַמעריקאַנער יידן דורכן „הילף־פאַראיין פון די דייטשע יידן". דער לעצטער איז געווען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, די איינציקע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער די אָקופּאַציע־מאַכט האָט געהאַט צוטרוי, און אירע דעלעגאַטן האָבן געקענט אַרומפאָרן איבערן גאַנצן אָקופּירטן געביט, פאָרשן די לאַגע אויף די ערטער און געבן שטיצע.

דער פאָרזיצער פון „הילף־פאַראיין פון די דייטשע יידן" ד"ר פּאָול נאַטאַן, איינער פון די אָנפירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון די דייטשע יידן (נאָך דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע אַריינגעטראָטן אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי), איז זיבן מאָל אַרומגעפאָרן איבערן אָקופּירטן געביט. וואָס ער האָט דאָרטן געזען, האָט ער איבערגעגעבן דעם פירער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, שפּעטערדיקן פּרעמיער־מיניסטער פיליפּ שיידעמאַן. דער לעצטער האָט אין פּאָול נאַטאַנס נאָמען איבערגעגעבן זיין באַריכט פאַרן „פאָרווערטס" אין ניו־יאָרק *). די לאַגע אין די גרעסערע ישובים איז אַ שרעקלעכע — שרייבט פּאָול נאַטאַן — אין די קליינע שטעטלעך איז פיל בעסער, ווייל נעענטער צום דאָרף איז לייכטער צו באַקומען שפּייז־פּראָדוקטן. אין די וויכטיקע אינדוסטריע־ און האַנדלס־שטעט הערשט אַ חורבן. פון 340 טויזנט יידן אין וואַרשע האָבן 220,000 געמוזט אָנקומען צו שטיצע. אין ווילנע נויטיקן זיך אין הילף פון דער זייט 75 פּראָצענט פון די יידן. פון 110 טויזנט יידן אין לאָדזש נויטיקן זיך אין שטיצע מער ווי 60 טויזנט, אין קאַליש, וואו פאַר דער מלחמה זיינען געווען 70 טויזנט איינוואוינער, פון זיי ביז 30 טויזנט יידן, איז איצט פאַראַן (נאָכן חורבן אין אָנ-

*) מיר ציטירן לויט דער „נייער וועלט", אָרגאַן פון דער „יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע", ניו-יאָרק, נומער פון 26טן מאַי 1916.



הייב פון מלחמה —וו. ש.) בלויז 20 טויזנט איינוואוינער, פון זיי 12 טויזנט יידן. און פון די 12 טויזנט דאַרפן 10 טויזנט אָנקומען צו צדקה. דער שאָדן וואָס די יידן פון קאַליש האָבן געליטן צוליב דעם חורבן מאַכט אויס 20 מיליאָן גאָלד־רובל. אין סטאַניסלאַוואָוו האָבן פון 36 טויזנט יידן פאַר דער מלחמה גענויטיקט זיך אין פרעמדער הילף אַ 4000, איצט — 20 טויזנט. אין סטרי — 15 טויזנט יידן, העלפט פון זיי לעבט איצט פון צדקה. די זעלבע פאַרהעלטעניש מער־ווייניקער איז אין לעמבערג, קאָסאָוו, ראָהאַטין און אַנדערע שטעט. ד"ר נאַטאַן דערציילט, אַז ער האָט אַליין געזען מיט זיינע אויגן, ווי הונגעריקע קריסטן און יידן וואַרפן זיך אויף אַ געפּגרטן פערד פון דער דייטשער אַרמיי, שניידן פון אים שטיקער פלייש אויף צו שטילן דעם הונגער.

די שטיצע פון אַמעריקע — מוז מען אָנערקענען — איז געגאַנגען מיט אַ ברייטער האַנט פון „דזשאָינט", וואָס האָט זיך דאַן געגרינדעט און אַרומגענומען דריי אָרגאַניזאַציעס: די אַזוי גערופענע „יאַהודים", די אָרטאָדאָקסן און די אַרבעטערשאַפט, וועלכע איז געווען פאַראייניקט אין „פּיפּלס רעליף".

ווי געזאָגט איז דער „הילף־פאַראיין פון די דייטשע יידן" געווען דער פאַרמיטלער צווישן די אַמעריקאַנער יידן און די פּוילישע. די פאַרטיילונג פון דער שטיצע אויף די ערטער איז אָבער נישט אומעטום פאָרגעקומען אויף אַ ראַציאָנעלן אופן, צוליבן מאַנגל פון צוגעפּאַסטע דערצו געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. פּונקט ווי אין ערשטן יאָר מלחמה אונטער דער צאַרישער הערשאַפט, אַזוי אויך איצט, זיינען דאָס רוב קהילות און די אויסגעבילדעטע אַרום זיי ספּעציעלע קאָמיטעטן געווען די איינציקע פאַרטיילונג־אָרגאַנען. דער דערמאָנטער ד"ר נאַטאַן, ד"ר בערנאַרד קאַהאַן, פעלד־ראַבינער ד"ר לעווי האָבן מיט רעכט געפאָדערט, אַז אין די הילף־קאָמיטעטן זאָלן זיין פאַרטראָטן וואָס מער חברות און פאַראיינען, אָבער נישט אומעטום האָט זיך אפילו אַזאַ סוראָגאַט פון אַ געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע געלאָזט שאַפן. אין ווילנע, למשל, איז ביי דער אַזוי גערופענער „צדקה גדולה" (פאַקטיש די קהילה־אָרגאַניזאַציע) געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון פאָרשטייער פון פאַרשידענע חברות און פאַראיינען, אָבער די ווילנער „פּני" האָבן נאָך פאַר די צאַרישע צייטן געענטפערט דעם פּעטערבורגער הילף־קאָמיטעט, אַז זיי האַלטן נישט, אַז די אַרבעטער דאַרפן האָבן זייערע

באַזונדערע קיכן און דאַרפן אויסגעטיילט ווערן פון דער גאַנצער עדה נויטבאַדערפטיקע יידן. דאָך האָבן די אַרבעטער בעת דער אָקופּאַציע געצוואונגען צו קאָאָפּטירן פיר פאָרשטייער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין צענטראַלן הילף־קאָמיטעט.

ווי עס איז שוין פריער באַשריבן געוואָרן האָט ווילנע צום מערסטן געליטן פון דער מלחמה און אָקופּאַציע. אין יאָר 1917 איז דער הונגער געווען אַזוי גרויס, אַז די שטיצע פון אַמעריקע איז נישט גענוג געווען צו באַפרידיקן אפילו די מינימאַלסטע באַדערפענישן פון דער באַפעלקערונג. עס האָט געהאַלטן ביי הונגער־בונטן. אויף אַ באַראַטונג פון דערמאָנטן צ. ק. מיט פאָרשטייער פון חברות און פאַראיינען, האָט דער פאָרשטייער פון „בונד" ב. מיכאַלעוויטש דורכגעפירט אַן איינשטימיקן באַשלוס, אַז מען זאָל אַרויפלייגן אַ צוואַנג־שטייער אויף די פאַרמעגלעכע אין שטאָט. די אָקופּאַציע־מאַכט האָט נאָכדעם דערלויבט אַזאַ שטייער אַדורכצופירן.

אויך אין וואַרשע איז אין סעפטעמבער 1915 געקומען צו אַ העפטיקער דעמאָנסטראַציע פון די פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטע אַרבעטער קעגן דער גמינע וועלכע האָט פון אירע געלטער, הויפּטזאַכלעך אַמעריקאַנער פאָנדן, נישט גענוגנדיק אויסגעטיילט שטיצע פאַר די אַרבעטער־קיכן.

די ערשטע פאָר יאָר זיינען געווען חילוקי־דעות צווישן די „דזשאָינט"־פאָרשטייער און די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אויפן באַדן פון פאַרווענדן די הילף־געלטער אויך אויף קולטור־צוועקן. דער „דזשאָינט" דורך זיין דירעקטן דעלעגאַט פון אַמעריקע ד"ר מאַגנוס האָט דערקלערט, אַז די הילף־געלטער קאָנען פאַרברויכט ווערן אויסשליסלעך אויף באַשפּייזונג און באַקליידונג. די אַרבעטערשאַפט האָט אָבער אירע קולטור־אינסטיטוציעס, ווי מיר האָבן שוין אויבן געזען, פאַרבונדן מיט דער הילף־אַקציע: יעדע אַרבעטער־קיך, טיי־האַלע איז אין דער זעלבער צייט געווען אויך אַ קלוב, וואו מען פלעגט אָפּהאַלטן פאַרזאַמלונגען, איינאָרדענען ליטעראַרישע אָוונטן, אד"גל. עס איז אוממעגלעך געווען אָפּצוטיילן איינס פון דאָס אַנדערע. ענדלעך איז מען דורכגעקומען אין פיל שטעט, אַז אַ געוויסע סומע פון די געלטער (וואו 10 פּראָצענט, וואו עטוואָס מער) זאָל פאַרווענדעט ווערן אויף קולטור־צוועקן. ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרן, האָט איין טייל פון „דזשאָינט", דער „פּיפּלס רעליף", פאַרטראָטן די אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפט. לויט די אָנקלאַגעס פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אָקופּירטן געביט, האָט ז. מעדעם פאַרעפנטלעכט אין די „לעבנס־פראַגן" אַן אָפענעם בריוו „צו די חברים אין אַמעריקע", אין וועלכן ער ווייזט אויף, אַז די הילף־געלטער ווערן נישט יושרדיק פאַרטיילט פאַר די אַרבעטער־אַנשטאַלטן, אַז אפילו געלטער, וואָס זיינען בפירוש געשיקט געוואָרן פאַר די אַרבעטער, אָבער אויפן אַדרעס פון בירגערלעכן הילף־קאָמיטעט, זיינען נישט אויסגעצאָלט געוואָרן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. פאַר די אַרבעטער־קינדער־היימען און שולן, וואָס האָבן זיך געפונען אין רשות פון אַ ספּעציעלן קאָמיטעט „דינעזאָן־מעדעם־רייכמאַן" איז אָנגעקומען פון „פּיפּלס רעליף" צען טויזנט דאָלער אויפן אַדרעס פון דער אַמעריקאַנער סעקציע ביי דער וואַרשעווער קהילה, בראש פון וועלכער עס איז דעמאָלט געשטאַנען דער באַקאַנטער „מזרחי"־פירער פאַרבשטיין. דאָס געלט איז זיי נישט אויסגעצאָלט געוואָרן און איז אַריין אין דער אַלגעמיינער קאַסע. דער „דינעזאָן־מעדעם־רייכמאַן"־קאָמיטעט האָט רעפּרעזענטירט דעם גאַנצן יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן, אָן אונטערשייד פון ריכטונג. אויף די קאָנווענשאָנס פון „פּיפּלס רעליף קאָמיטעט" אין אַמעריקע זיינען וועגן דעם פאָרגעקומען שטורמישע דעבאַטן. שלום אַש, וועלכער איז געקומען קיין אייראָפּע אַלס שליח פון „פּיפּלס רעליף" אין אַמעריקע, האָט אויף דער ערשטער קאָנווענשאָן, אין נאָוועמבער 1917, דערקלערט, אַז ער האָט אויך באַקומען בריוו פון יעקב דינעזאָן און אַנדערע, אַז דאָס געלט ווערט פאַר די אַרבעטער־אינסטיטוציעס נישט יושרדיק פאַרטיילט. דינעזאָן האָט וועגן דעם אויך פאַרעפנטלעכט אַ בריוו (אָקטאָבער 1915) אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס".

פונם באַריכט אויף דער זעלבער קאָנווענשאָן איז צו זען, אַז דער „דזשאָינט" האָט ביז יענער צייט איבערגעשיקט העכער אַנדערהאַלבן מיליאָן דאָלער דורכן „הילף פאַראיין פון די דייטשע יידן" צום אַמעריקאַנער קאָנסול אין וואַרשע (איידער די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען אַריין אין קריג). „מיר וועלן נישט לאָזן באַעוולהן — האָבן די פאָרשטייער פון די אַמעריקאַנער יידישע אַרבעטער דערקלערט אויף דער קאָנווענשאָן — די אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבעטער און אַנדערע ראַדיקאַלע הילף־אָרגאַניזאַציעס. מיר וועלן נישט דערלאָזן, אַז זייערע אינטערעסן זאָלן פאַרבויגן ווערן".

כאַראַקטעריסטיש פאַר די דעמאָלטיקע באַציאונגען צווישן „פּיפּלס רעליף" און „דזשאָינט" און פאַר דער באַציאונג פון לעצטן צו דער זעלבס־טעטיקייט פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע און פוילן, זיינען די דעבאַטן אויף דער צווייטער קאָנווענשאָן פון „פּיפּלס רעליף" דעם 30טן מאַי 1918. די טוערס פון „דזשאָינט" זיינען אַרויסגעטראָטן מיט טענות, הלמאי דער „פּיפּלס רעליף" האָט געשיקט דירעקט 10 טויזנט דאָלער פאַר די דערמאָנטע שולן און קינדער־היימען און נישט דורכן „דזשאָינט", ווי דאָס האָט זיך געפאָדערט לויטן אָפּמאַך. די אַרבעטער־פאָרשטייער האָבן דערקלערט, אַז זיי קענען נישט איבערלאָזן די אַרבעטער־אינסטיטוציעס אין פוילן אויפן

חסד פון די נאַטאַנזאָנס *) און זייערע רחמנות־געפילן. די אַרבעטער־פאָרשטייער, באַקומענדיק אַלאַרמירנדיקע בריוו פון מעדעם און דינעזאָן האָבן געפאָדערט פון „דזשאָינט“ ער זאָל די שטיצע שיקן צו די דערמאָנטע אַרבעטער־אינסטיטוציעס דירעקט און נישט דורך פאַרמיטלונג פון דער אַמעריקאַנער סעקציע ביי דער וואַרשעווער קהילה. דער „דזשאָינט“ האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן, האָבן זיי דעריבער אַליין געשיקט דירעקט. דערביי איז אויף דער קאָנווענשאָן באַריכטעט געוואָרן, אַז דער „פּיפּלס רעליף“ האָט ביז צו דער צווייטער קאָנווענשאָן צונויפגעזאַמלט און איבערגעגעבן דעם „דזשאָינט“ קנאַפּע 200,000 דאָלער (195,420). די דאָזיקע סומע איז געזאַמלט געוואָרן ביי די אַרבעטער, און דער „פּיפּלס רעליף“ האָט געדאַרפט נאָך פירן אַ קאַמף דערפאַר, אַז כאָטש אַ טייל פונם געזאַמלטן געלט זאָל גיין דירעקט צו די נויטבאַדערפטיקע אַרבעטער־אינסטיטוציעס.

די פּראָטעסט־שטימען האָבן געווירקט אויף די טוער פון „דזשאָינט“, און צום סוף פון די אָקופּאַציע־יאָרן האָט זיך די לאַגע אין דער הינזיכט פיל פאַרבעסערט. אויף דער דערמאָנטער צווייטער קאָנווענשאָן פון „פּיפּלס רעליף“ (מאַי 1918) האָט ד"ר באָגין, דער פאָרשטייער פון „דזשאָינט“ פאַר פּוילן, אָנגעוויזן, אַז די שולן פון „דינעזאָן־מעדעם“ טיפּ האָבן ספּעציעלע פונקציעס — זיי דינען אַלס שפּייז־פּונקטן פאַר די יידישע אַרבעטער־קינדער און דאַרפן אַריינגענומען ווערן אין קרייז פונם „דזשאָינטס“ הילף־טעטיקייט. די יידישע אַרבעטערשאַפט, — האָט ד"ר באָגין דערקלערט, — וועט שפּילן און שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אַלע געביטן פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. פאַר דער רעקאָנסטרוקציע פון די יידישע קהילות נאָך דער מלחמה וועלן די שולן האָבן אַ גרויסן באַטייט. אָבער אויך אפילו ווי שפּייז־פּונקטן האָבן די שולן נישט געקענט אַרומנעמען אַלע קינדער, ווייל בלויז 22 טויזנט פון דער אַלגעמיינער צאָל 60 טויזנט יידישע קינדער אין וואַרשע האָבן באַזוכט שולן.

אויפן געביט פון קאָנסטרוקטיווער הילף האָבן זיך אויסגעצייכנט די פאַך־שולן אין וואַרשע, ווילנע, טשענסטאָכאָוו. די שולן האָבן נישט נאָר אויסגעלערנט פאַכן, נאָר פלעגן אויך באַשפּייזן די שילער; זיי האָבן געהאַט אויך געוויסע הכנסות פון פאַרקויפן די פּראָדוקטן, וואָס די שילער פלעגן אויסאַרבעטן. אין ווילנע האָט די געזעלשאַפט „הילף דורך אַרבעט“ (העכער 300 שילער) אפילו איינגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג פון די שילער־אַרבעטן (העפטעריי, שניידעריי און אַנדערע). הויכע דייטשע מיליטערלייט, פּאָליטיקער, רייכסטאַג־דעפּוטאַטן, פּרעסע־פאַרשטייער פון אייראָפּע און אַמעריקע, האָבן באַזוכט די אויסשטעלונג, געקויפט פיל זאַכן און באַוואונדערט די „יידישע אַרבעט“.

---

*) געמיינט די יידישע אַסימילאַטאָרישע גרויס־בורזשואַזיע, אָנגעפירט פון דער פאַמיליע נאַטאַנזאָן — ח. ש.

# VI. יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען און באַוועגונגען

## 1. דער „בונד"



קיין שום פּאָליטישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט אונטער דער אָקופּאַציע נישט געקענט פירן איר טעטיקייט לעגאַל. לויט אַ פאַראָרדענונג פון „אָבערבאַפעלסהאַבער אָסט" (גענעראַל הינדענבורג), האָבן, גלייך נאָך דער אָקופּאַציע, אַלע פאַראיינען און געזעלשאַפטן, פּאָליטישע און אַנדערע, וועלכע האָבן עקזיסטירט ביזן מאָמענט פון דער אָקופּאַציע, געמוזט זיך רעגיסטרירן ביי דער נייער מאַכט. פון איר איז געווען אָפּהענגיק צו דערלויבן אָדער נישט די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע. זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָט דער „בונד", וועלכער האָט ביז דער אָקופּאַציע געפירט זיין אַרבעט אינגאַנצן אומלעגאַל, נישט געמאַכט קיין פרואוו זיך צו לעגאַליזירן ביי דער נייער מאַכט אַלס פּאָליטישע פּאַרטיי. אומדירעקט זיינען געמאַכט געוואָרן פאַרשידענע פרואוון צו לעגאַליזירן ווייניקסטנס אַ קלוב, אָדער אַ פּרעסע־אָרגאַן, וועלכער זאָל אויסדריקן די מיינונג פון „בונד". דער ווילנער קאָמיטעט פון „בונד" האָט דעם 18טן סעפּטעמבער 1915 געבעטן אַ דערלויבעניש צו באַנייען די צייטונג „אונזער צייט" (ביזן אויסברוך פון דער מלחמה דערשינען אין פּעטערבורג אַלס אָרגאַן פון „בונד", זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט אָפיציעל), אָנווייזנדיק, אַז דאָס איז אַ צייטונג וואָס איז דערשינען פאַר די צאַרישע צייטן. קיין דערלויבעניש האָט מען נישט באַקומען נישט אויף אַ קלוב און נישט אויף „אונזער צייט". אין לאָדזש איז דעם „בונד" געלונגען אַרויסצוגעבן אין דעצעמבער 1914 איין נומער „דער לאָדזשער אַרבעטער". ער איז אָבער געווען געדרוקט האַלב־אומלעגאַל אין פּעטריקאָוו, וואו עס האָט געהערשט די עסטרייכישע אָקופּאַציע.

אין וואַרשע זיינען אויך נישט געלונגען איינציקע פרואוון אַרויסצוגעבן אַ נומער פון אַ צייטונג, וואָס האָט שוין פריער עקזיסטירט, ווי דער „שטראַל", „אילוסטרירטע צייטונג", מיט דער האָפענונג שפּעטער עס צו פאַרוואַנדלען אין אַן אָרגאַן פון „בונד". דער פּרעסע־אַמט האָט גאַנץ איינפאַך געענטפערט: נישטאָ קיין פּאַפּיר אויף אַזעלכע צייטונגען. מען האָט דערלויבט בלויז צו דערשיינען דעם „היינט" און „מאָמענט", טעגלעכע צייטונגען, וועלכע זיינען אַרויס נאָך פאַר און בעת דער מלחמה, ביז וואַנען די צאַרישע מאַכט האָט דעם 5טן יולי 1915 פאַרווערט אַלע יידישע צייטונגען. אין וואַרשע און לאָדזש האָט די אָקופּאַציע־מאַכט, ווי עס איז שוין פריער דערציילט געוואָרן, אַליין אַרויסגעגעבן דעם „וואַרשעווער טאַגעבלאַט" און „לאָדזשער פּאָלקס־בלאַט". בלויז אין ווילנע האָט זי דערלויבט איין טעגלעכע צייטונג „לעצטע נייעס", (אָנשטאָט דער רייכער יידישער פּרעסע, וואָס איז דערשינען אין ווילנע פאַר און בעת דעם קריג). זי איז דערשינען פון 13טן יאַנואַר 1916 ביזן 7טן פעברואַר 1919. ענדלעך האָט ו. מעדעם זיך געווענדט נאָך אַ דערלויבעניש צו באַנייען די וואָכנטלעכע „לעבנס־פראַגן", וואָס זיינען דערשינען אין וואַרשע פאַר דער רוסישער צייט. מעדעם איז אַלס איינער פון די רעדאַקטאָרן פון די „לעבנס־פראַגן" געוואָרן אַרעסטירט און פאַרמשפּט צו 4 יאָר קאַטאָרגע. ער איז געזעסן אין וואַרשעווער תפיסה איי באַפרייט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט. ער האָט די דערלויבעניש באַקומען , אָבער בתנאי, אַז עס טאָר נישט זיין די פירמע פון „בונד" אינם קאָפּ פון דער צייטונג. די צענזור האָט אויך אויסגעשטראָכן דעם אונטערקאָפּ „וואָכנטלעכע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־צייטונג" און איבערגעלאָזט בלויז די ווערטער „וואָכנטלעכע אַרבעטער־צייטונג".

דער ערשטער נומער „לעבנס־פראַגן" איז דערשינען דעם 6טן פעברואַר 1916. אויף דעם נומער צום 1טן מאַי 1916 האָט מען געפּרואווט אַרויפשטעלן דעם לאָזונג „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך" און צושטעלן דעם אונטערקאָפּ „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־צייטונג". דאָס לעצטע האָט דער צענזאָר דאָס מאָל אַדורכגעלאָזט, אָבער דעם לאָזונג „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך" אויסגעשטראָכן. ערשט דעם 18טן אָקטאָבער 1918 האָט די צענזור געכשרט דעם לאָזונג. זי האָט דעמאָלט אויך אַדורכגעלאָזט אינם אונטערקאָפּ די ווערטער: „די פּראָגראַם פון די „לעבנס־פראַגן" איז די פּראָגראַם פון „בונד". אָבער דאָס זיינען שוין געווען די גסיסה־טעג פון דער אָקופּאַציע, ערב דער רעוואָלוציע פון 9טן נאָוועמבער אין דייטשלאַנד. נאָכן 18טן אָקטאָבער האָט די רעדאַקציע בכלל אויפגעהערט צו שיקן די נומערן צום צענזאָר. פון פּרעסע־אַמט האָט זיך באַקומען אַן אָפיציעלע שריפטלעכע אָנפראַגע — פאַרוואָס שיקט מען נישט די נומערן צום צענזורירן. די רעדאַקציע האָט אפילו נישט געענטפערט — דער גאַנצער יונקער־רעזשים אין דייטשלאַנד און אויך זיינע אַמטן אין די אָקופּירטע

געביטן זיינען שוין געלעגן אין שאַרבנס. פון 15טן אָקטאָבער 1918 זיינען די לעבנס־פראַגן שוין דערשינען מיטן אונטערקאָפּ: „צענטראַל־אָרגאַן פון „בונד” אין פוילן”, און פון 6טן דעצעמבער 1918 שוין אָנגעהויבן דערשיינען טעגלעך. דעם 5טן דעצעמבער 1918 האָט אויך אָנגעהויבן דערשיינען אין ווילנע „אונזער שטימע”, אַ טעגלעכע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונג, אָרגאַן פון בונד אין ליטע.

די „לעבנס־פראַגן” זיינען געוואָרן דער צענטער פון יידישן אַרבעטער־לעבן אויף אַלע זיינע געביטן. די צייטונג איז אַריינגעדרונגען אין אַלע ווינקעלעך, וואו עס איז נאָר געווען אַ יידישער אַרבעטער. אין די ווייטסטע פונקטן פון די עטאַפּן־געביטן, ביי דער שאָסיי־אַרבעט, ביי אַלע אַנדערע מינים פון דער צוואַנג־אַרבעט זיינען זיי געווען אַ פונק ליכט, וואָס פלעגט באַלויכטן די פינצטערע געמיטער, האָבן געוועקט און געמוטיקט. די יידישע אַרבעטער אויף די באַנען פלעגן ריזיקירן מיט זייער פרייהייט און די צייטונג מיטפירן מיט זיך אין עטאַפּן־געביט, נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט, אויף די דראָט־פאַרצוימונגען, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט צווישן אין אָקופּירטן געביט און דעם צווייטן. יעדער נומער פלעגט ברענגען באַגריסונגען פון די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך, עס פלעגן זיך שיטן פאַרהאָרעוועטע אַרבעטער־גראָשנס אויפן פרעסע־פאָנד פון דער צייטונג, וועלכע האָט אגב אָנגעהויבן דערשיינען מיט אַ גרינדונג־„קאַפּיטאַל” פון גאַנצע 36 רובל. די „לעבנס־פראַגן” זיינען אויך געוואָרן דער צענטער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט בעת דער אָקופּאַציע, מיט זייער שאַרפן טאָן, מיט זייער רופן צו אַקטיווקייט, צו שאַפנדיקער אַרבעט. און דאָס אין אַ צייט, ווען מען האָט זיך געפונען אויף אַן אמתן גייסטיקן אינזל, אָפּגעשניטן פון דער גרויסער ברייטער וועלט דורך דער אייזערנער צוים פון דער אָקופּאַציע, — אין אַ צייט ווען די צענזור האָט געדריקט און געשטיקט יעטוועדן פרייען וואָרט... ווי אַ פיינלעכער ווייגעשריי קלינגען די ווערטער פון פאַרשטאָרבענעם וו. מעדעם וועגן אָט די באַדינגונגען פון צענזור:

„גיי רעד מיט אַ פאַרשטאָפּטן מויל, גיי שרייב מיט געבונדענע פינגער. וואָס זאָג איך, שרייבן, אויסשרייען אין די גאַנצע וועלט דעם פיין און דעם צאָרן.... פאַרשטאָפּט איז אָבער דאָס מויל, פאַרבונדן די הענט. און מיר האָבן געשריבן האַלבע ווערטער! דער לעזער האָט אָבער פאַרשטאַנען דעם גאַנצן זין, געלייענט צווישן די שורות, מען האָט פאַרשטאַנען איינער דעם צווייטן. מיר און די לעזער האָבן געהאַט געמיינזאַמע סודות. מיר האָבן געהאַט אַ חלום וועגן אַ טעגלעכער צייטונג, אפילו דער חלום איז געווען אַן אומלעגאַלער. מען האָט אונז נישט דערלויבט אפילו שרייבן וועגן אַזאַ פּראָיעקט.”*)

די „לעבנס־פראַגן” האָבן געדינט אַלס אָרגאַניזיר־צענטער פאַרן „בונד”, האָבן צונויפגעבונדן מיט גייסטיקע פעדים די קליינע גרופּע רעדאַקציע־מיטאַרבעטער מיט דער גרויסער צעזייטער און צעשפּרייטער יידישער פּראָלעטאַרישער מאַסע, צונויפגעפלאָכטן זיי אין איין גאַנצן פולבלוטיקן אָרגאַניזם, וואָס זיין נשמה איז געווען דער „בונד”. אַלע קאַמפן, וואָס דער פאָרמעל אומלעגאַלער „בונד” האָט געפירט אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון דער אָקופּאַציע אויפן געביט פון ווירטשאַפט, פּאָליטיק, קולטור, די פּראָפעסיאָנעלע אַקציעס פון די פאַראיינען, זייער קאַמף קעגן די בירגער־קאָמיטעטן, קעגן די קהילות, די וואַל־קאַמפן צו די שטאָט־ראַטן, — דאָס אַלץ, נישט געקוקט אויף די שווערע צענזור־באַדינגונגען, האָט געפונען אין דער אָדער יענער פאָרם זיין אויסדרוק אויף די שפּאַלטן פון די „לעבנס־פראַגן”. די צייטונג האָט אויך געדינט אַלס אָרגאַניזיר־צענטער פאַר די יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען פאַרוואָגלט אין דייטשלאַנד אויף פאַרשידענע אַרבעטן, „פרייוויליק”, צי דורך צוואַנג. זיי האָבן דאָרטן אויסגעבילדעט גרופּעס לעזער און פריינט פון די „לעבנס־פראַגן” און געשטאַנען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער רעדאַקציע, וואָס האָט געהייסן — מיטן „בונד”. אַזעלכע גרופּעס האָבן עקזיסטירט אין בערלין, דאָרטמונד, עסען־רור, סאַאר־געביט און אַנדערע.

עס האָבן זיך ווייטער געוועבט און געוואָרן פעסטער די פעדים, וועלכע האָבן פאַרבונדן דעם „בונדס” אונטערערדישע טעטיקייט אינם ערשטן מלחמה־יאָר, אונטער די גרויזאַמע באַדינגונגען פון קריג־צושטאַנד, ביי די מלחמה־פראָנטן — מיט די פיל ברייטערע ראַמען און מעגלעכקייטן פון דער האַלב לעגאַלער עקזיסטענץ אונטער דער אָקופּאַציע. געדיכטער און פעסטער האָט זיך אויסגעוועבט אַ ברייטערע נעץ פון פאַרשידנפאָרמיקע אָרגאַניזאַציעס אויף די פאַרשידנסטע געביטן פון לעבן, וואָס איבער זיי און אין זיי האָט געוואַכט די גייסטיקע טראַדיציע פון „בונד”.

ביי די „לעבנס־פראַגן” האָט עקזיסטירט אַ פאַרלאַג מיטן זעלבן נאָמען, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן בראָשורן מיט אַ מאַרקסיסטישן אינהאַלט, זאַמלביכער („אונזער שטימע”, „קאַרל מאַרקס” און פיל אַנדערע).

אין משך פון דער אָקופּאַציע־צייט, באַזונדערס די לעצטע פאָר יאָר, האָט דער „בונד”, צוזאַמען מיט דער פּ. פּ. ס.־לעוויצע איינגעאָרדנט אייניקע גאַסן־

*) זאַמלבוך „אונזער גרוס”, וואַרשע, 1919, פאַרלאַג „לעבנס־פראַגן”.

דעמאָנסטראַציעס, הגם אונטערן מיליטער־רעזשים פון די אָקופּאַנטן איז דאָס געווען זייער שווער אַדורכצופירן, און די דעמאָנסטראַציעס האָבן קיין ברייטן פאַרנעם נישט באַקומען. אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע (בונד און פּ. פּ. ס.־לעוויצע) איז פאָרגעקומען דעם 17טן פעברואַר 1918 אין לאָדזש, די דייטשע פּאָליציי האָט געשאָסן, ס'זיינען געווען פיל פאַרוואונדעטע און צעשלאָגענע; פון בונדיסטן זיינען אַרעסטירט געוואָרן זינגערמאַן און מילמאַן; דער לעצטער איז געשטעלט געוואָרן פאַר אַ קריגס־געריכט און פאַרמשפּט געוואָרן צו צוויי יאָר מיט דריי חדשים שווערע טורמע („צוכטהויז"). פיל טוער (דער פאַרשטאָרבענער ה' ישראל ליכטנשטיין און אַנדערע) האָבן געמוזט אַ לאַנגע צייט זיך אויסבאַהאַלטן פון דער פּאָליציי.

פון צייט צו צייט האָט דער „בונד" געמוזט נעמען אַ קלאָרע שטעלונג ביי אויסערגעוויינלעכע געשעענישן און האָט נישט געקענט באַנוגענען זיך בלויז מיט אַן עזאָפּישער שפּראַך, אַרויפגעצוואונגען דורך דער צענזור. האָט ער דאַן אַרויסגעלאָזט אומלעגאַלע אויפרופן. אַזעלכע אויפרופן זיינען דערשינען, ווי ס'איז שוין אויבן געווען דערמאָנט, וועגן דער צוואַנג־אַרבעט (אין וואַרשע, ווילנע, לאָדזש) וועגן די „נייע ישועות" (קעפּל פון אויפרוף), וואָס די אָקופּאַנטן ברענגען פאַרן לאַנד מיט זייער „מלוכה־ראַט", „סיים" און אויפבוי פון כלומרשט אַ פריי, אומאָפּהענגיק פּוילן, אַ ספּעציעלער אויפרוף וועגן דער אויסהונגערונג־פּאָליטיק פון דער אָקופּאַציע־מאַכט, וועגן דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, וועגן טראַמוויי־סטרייק אין וואַרשע און פיל אַנדערע. די געשיכטע מיטן טראַמוויי־סטרייק איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּאָליטיק פון די אָקופּאַנטן. אויף די טראַמווייען, וואָס האָבן געהערט צו דער שטאָט, האָט נישט געאַרבעט קיין איין יידישער אַרבעטער, ווי דאָס איז בכלל געווען אין אַלע שטאָטישע אַנשטאַלטן — אַן איינגעוואָרצלטע טראַדיציע נאָך פון די צאַרישע צייטן. דער הונגער האָט געטריבן די שטאָטישע אַרבעטער צו אַ ריי סטרייקן. עס איז אויך אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער סטרייק פון די טראַמוויי־אָנגעשטעלטע. די שטאָט איז געבליבן אָן קאָמוניקאַציע־מיטלען. די אָקופּאַנטן האָבן פּרובירט לאָזן אַ קליינע צאָל וואַגאָנעס מיט דער הילף פון ווערבירטע סטרייק־ברעכער, האָבן זיך אָנגעהויבן סאַבאָטאַזש־אַקטן און די גאַנצע קאָמוניקאַציע האָט סוף כל סוף זיך אָפּגעשטעלט. די אָקופּאַנטן האָבן דאַן גענומען ווערבירן יידישע אַרבעטער פאַר די טראַמווייען, אַרויספאָרנדיק אויפן נאַציאָנאַליסטישן פערדל, און צוגעזאָגט, אַז די ווערבירטע וועלן פון איצט אָן שוין בלייבן אויף שטענדיק אַרבעטן, און ס'וועט שוין נעמען אַ סוף צו דער אַנטיסעמיטישער ווירטשאַפט פון די פּאָליאַקן. דער „בונד" האָט דאַן אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף אין יידיש און פּויליש, אויפקלערנדיק דעם אמתן כאַראַקטער פון דער אָקופּאַנטישער פּאָליטיק און אירע כוונות, אָנווייזנדיק, אַז נישט מיט אַזעלכע מיטלען ווי סטרייקברעכעריי און פאַרנעמען פּאָסטנס פון אַרויסגעוואָרפענע פּוילישע אַרבעטער וועט געלייזט ווערן די ברענענדיקע פראַגע וועגן רעכט אויף אַרבעט פאַר די יידישע אַרבעטער אין די שטאָטישע און מלוכהשע אונטערנעמונגען. „קיין איין יידישער אַרבעטער טאָר זיך נישט באַדעקן מיט דער שאַנד פון אַ סטרייקברעכער", האָט פאַרענדיקט דער אויפרוף, וועלכער האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם צווישן די פּוילישע און יידישע אַרבעטער.

דער שאַרפער טאָן פון די אומלעגאַלע אויפרופן און דער פאַקט פון זייער דערשיינען בכלל האָט געשאַפן אַ געפאַר פאַר די טוער פון „בונד", וועלכע זיינען געווען באַקאַנט, אַדאַנק זייער אָפענער לעגאַלער טעטיקייט. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן. צוערשט איז אַרעסטירט געוואָרן וו. מעדעם. דער שעף פון דער פּאָליטישער פּאָליציי האָט געדונערט אויף אים, האַלטנדיק אין האַנט אַן אומלעגאַלן אויפרוף: „איר זייט דער פירער, איר זייט פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר" און געדראָט אַרויסשיקן אים אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. מעדעם איז דאָך אין קורצן באַפרייט געוואָרן, אָבער די אָקופּאַציע־מאַכט האָט זיך גענומען צו אַרעסטירן און אַרויסשיקן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד אָנגעזעענע טוער פון „בונד". אין וואַרשע (חנינא קראַמאַרסקי, יאַנקעלעוויטש), לאָדזש (שוואַרצמאַן), ביאַליסטאָק (וואָקס). אין ווילנע איז אין אָנהויב 1918 אַרעסטירט געוואָרן ב. מיכאַלעוויטש. צוליב זיין געזונט־צושטאַנד האָט מען אים נישט געשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, נאָר קיין אָטוואָצק (ביי וואַרשע) אונטער פּאָליציי־אויפזיכט. אין לאָדזש איז אַרעסטירט געוואָרן די גאַנצע פאַרוואַלטונג פון דער קולטור־געזעלשאַפט „האַרפע", און אויך פיל מיטגלידער. אַ גרויסער אַרעסט איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין דער נאַכט פון פּסח, דעם 8טן אַפּריל, 1917. עס זיינען אַרעסטירט געוואָרן צען אָנגעזעענע בונדישע טוער: פּאָרטנאָי (נח), אינזשעניער העלער, מ. וואַסער, ג. זיבערט, סאָניע טשעמעלינסקאַ־נאָוואָגרודסקאַ, י. ליפּשיץ (באַסאַק), דוד מייער, ע. נאָוואָגרודסקי, ב. שאַפּראַן, וו. שולמאַן. אין דער זעלבער נאַכט זיינען אויך אַרעסטירט געוואָרן די אָנגעזעענסטע טוער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג — פּ. פּ. ס.־לעוויצע און ס. ד. ק. פּ. ל. די אַרעסטירטע זיינען אָפּגעזעסן אין פאַרשידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד (סקאַלמיעזשיץ, לאָובאַן, האַוועלבערג). אַ טייל פון זיי איז באַפרייט געוואָרן אין נאָוועמבער, 1917, ווען ס'זיינען דערשינען די מאַניפעסטן וועגן שאַפן אַן אומאָפּהענגיקע פּוילישע מלוכה און די אָקו־

פאַנטן האָבן געמוזט, כאָטש צייטווייליק, אָנווענדן אַ מילדערע פּאָליטיק אויך בנוגע דער אַרבעטער־באַוועגונג.

סוף דעצעמבער, 1917, איז אין לובלין (עסטרייכישע אָקופּאַציע) פאָרגעקומען אומלעגאַל די ערשטע לאַנד־קאָנפערענץ פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פוילן. ס'זיינען געווען פאַרטרעטער פון שטעט און ראַיאָנען: וואַרשע, לאָדזש, לובלין, בענדין־סאָסנאָוויץ־דאָמבראָווע, פּעטריקאָוו, כעלם, וואָלצלאַוועק מיטן ראַיאָן, טשענסטאָכאָוו. פאַרטרעטער פון אָבעראָסט־און עטאַפּן־געביטן (ווילנע, ביאַליסטאָק, גראָדנע, בריסק, פּינסק א"אַ) האָבן זיך נישט געקענט באַטייליקן, ווייל די דאָזיקע געביטן זיינען געווען כמעט הערמעטיש אָפּגעשלאָסן, און די אָרגאַניזאַציעס פון יענע געביטן זיינען דעמאָלט געווען אָפּגעריסן פון וואַרשעווער צענטער און האָבן געפירט זייער טעטיקייט זעלבשטענדיק.

די דאָזיקע קאָנפערענץ האָט נאָך געזאָלט פאָרקומען דעם 8טן אַפּריל 1917. זי האָט אָבער געמוזט אָפּגעלייגט ווערן צוליב שאַרפע רעפּרעסיעס, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיטן דערמאָנטן מאַסן־אַרעסט פון 8טן אַפּריל. די קאָנפערענץ האָט געדויערט דריי טעג. זי האָט אויסגעהערט אַ באַריכט פונם „קאָמיטעט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פוילן" און פון דער רעדאַקציע „לעבנס־פראַגן" און האָט באַהאַנדלט אַ ריי וויכטיקע פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן, ווי: די מלחמה און די פּאָליטישע סיטואַציע, קאַמף קעגן דער אָקופּאַציע־מאַכט, פּאַרטיי־סטאַטוט און אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן, פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, באַציאונג צו די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, פראַגן פון יידישן לעבן. די קאָנפערענץ האָט אויך באַטראַכט די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע און די אויפגאַבן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און האָט פעסטגעשטעלט, אַז די ליניע פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פוילן אין דער פראַגע פון מלחמה און אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון אַרבעטער־קלאַס איז אין איינקלאַנג מיט די באַשלוסן, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אויף די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן פון די לינק־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און גרופּירונגען, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין צימערוואַלד און קיענטאַל, שווייץ *). די קאָנפערענץ איז געווען אַ וויכטיקער עטאַפּ אין דער אונטערערדישער אַרבעט פון „בונד" אין פוילן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

צו דער זעלבער צייט האָט אויך גענומען אַנטוויקלען איר טעטיקייט די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט". די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אַנטשטאַנען אַ פּאָר יאָר פאַר דער מלחמה אַלס אומפּאַרטייאישע סאָציאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, האָט זיך איצט אַלץ מער דערנעענטערט צום „בונד". זי האָט געפירט איר טעטיקייט צווישן אַרבעטער־יוגנט און שילער. אָנהויב 1918 ווערט אַרעסטירט דורך דער אָקופּאַציע־מאַכט דער גאַנצער צוזאַמענשטעל פון דער שטאָטישער קאָנפערענץ פון דער וואַרשעווער „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע — אַן ערך 50 פּערזאָן. עטלעכע פון די פאַראַנטוואָרטלעכע טוער, ווי זדזיסלאַוו מושקאַט (פאַרטראָטן דעם „קאָמיטעט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פוילן"), אַ. ציגע — (ערשטער קאַנדידאַט פון בונד צו די שטאָט־ראַט־וואַלן אין וואַרשע) אַלבערט בערנשטאָק (אַ יאָר שפּעטער, ביים אַנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פוילן דערמאָרדעט געוואָרן דורך זיינע אייגענע קאָלעגן, רעאַקציאָנערע סטודענטן, ביי ביאַלאַ פּאָדלאַסקאַ), ה. גוטגעשטאַלט און אַ ריי אַנדערע זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דער מאָדלינער פעסטונג.

אַ וויכטיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון „בונד" פאַר די יאָרן פון דער אָקופּאַציע זיינען געווען די וואַלן צו דעם שטאָט־ראַט אין וואַרשע און דאָס בילדן דעם סאָציאַליסטישן בלאָק פון „בונד" מיט דער פּ. פּ. ס. — לעוויצע. מיט דער דאָזיקער פּאַרטיי איז דער „בונד" געשטאַנען אין נאָענטע באַציאונגען נאָך פון דער צייט, ווען צו דער 4טער רוסישער דומע (1912) איז אויסגעווײלט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט פון וואַרשע דער מיטגליד פון פּ. פּ. ס. — לעוויצע דער אַרבעטער יאַגעללאָ, וועלכער איז אויך געווען געשטיצט פון „בונד". מיט דער טעטיקייט פון יאַגעללאָ אין דומע האָט אָנגעפירט אַ געמישטע קאָמיסיע פון פאָרשטייער פוןביידע פּאַרטייען. אין יענער צייט פון פאַרשטאַרקטער שאָוויניסטיש־נאַציאָנאַליסטישער אַטמאָספער ביי די פּאָליאַקן און טיילווייז אויך ביי די יידן, בעת אַ גרויסער טייל פון פּוילישן אַרבעטער־לאַגער, וואָס איז געגאַנגען נאָך פּ. פּ. ס. — דער רעכטער „פראַקציע", איז געווען דורכגעדרונגען מיט שטאַרק נאַציאָנאַליסטישע און פּאַטריאָטישע שטימונגען, — אין אַזאַ צייט האָט דאָס בילדן דעם וואַל־בלאָק פון פּוילישע און יידישע אַרבעטער געהאַט אַן אויסערגעווײנלעכע באַדייטונג פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון די אינטערנאַציאָנאַליסטישע שטימונגען אין אַרבעטער־לאַגער. אויף גרויסע וואַל־מיטינגען האָבן די רעדנער פון „בונד" און „לעוויצע"־פּ. פּ. ס. — פונאַנדערגעוויקלט די לאָזונגען פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. דער וואַל־קאַמף איז פאָרגעקומען

*) אין צימערוואַלד און קיענטאַל, שווייץ, זיינען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה פאָרגעקומען געהיים אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפערענצן, וועלכע האָבן באַהאַנדלט די פראַגע וועגן דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה; דער מאַניפעסט פון דער צימערוואַלדער קאָנפערענץ האָט פּראָקלאַמירט „אַ שלום אָן זיגער און באַזיגטע, אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס, אויפן סמך פון אַליין באַשטימונגס־רעכט פון די פעלקער".

בלויז אין איין קוריע, זעקסטע, וואו עס האָבן געהאַט וואַל־רעכט די ברייטע פאָלקס־מאַסן. די ערשטע פינף קוריעס האָבן געהערט צו די מער פאַרמעגלעכע. דער ערשטער קאַנדידאַט אויף דער ליסטע פון סאָציאַליסטישן בלאָק איז געווען פון לעוויצע־פּ. פּ. ס., דער צווייטער — פון „בונד". די באַציאונג צום בלאָק איז געווען אַ פיינטלעכע סיי אויף דער יידישער, סיי אויף דער פּוילישער בירגערלעכער גאַס. מצד די אַנדערע יידישע פּאַרטייען האָט מען געהערט דעם אַלטן פּזמון — דער „בונד" האָט זיך פאַרקויפט צו די „גוים" *). פון דער צווייטער זייט האָט מען דער „לעוויצע"־פּ. פּ. ס. פאָרגעוואָרפן, אַז זי האָט זיך פאַרקויפט צו די „זשידעס", די „שונאים פון פּוילן". אויסגעוויילט איז געוואָרן דער ערשטער קאַנדידאַט, דעם צווייטן קאַנדידאַט (בונד) האָט אויסגעפעלט אַ קליינע צאָל שטימען אויף געוויילט צו ווערן. דער אויסגעוויילטער פּ. פּ. ס.־ישער ראַט־מאַן פלעגט סיסטעמאַטיש אַרויסטרעטן אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען פון יידישע אַרבעטער און אָפּגעבן פאַר זיי באַריכטן פון זיין טעטיקייט אין שטאָט־ראַט.

בעת דעם גאַנצן וואַל־קאַמף איז אין די „לעבנס־פראַגן" און אין אַ ריי בראָשורן און אויפרופן אויפגעקלערט געוואָרן די שטעלונג פון „בונד" צו דער פאַרקריפּלטער וואַל־אָרדינאַציע און קוריאַלן וואַל־סיסטעם און עס איז געפאָדערט געוואָרן אמתע דעמאָקראַטיש'ע וואַלן אויפן סמך פון דער פינפפאַכיקער פאָרמול — אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע, געהיימע און פּראָפּאָרציאָנעלע. עס זיינען סיי אין די רעזאָלוציעס אויף די וואַל־מיטינגען, סיי אין דער וואַל־פּלאַטפאָרם און אין דער גאַנצער וואַל־ליטעראַטור ברייט פונאַנדערגעוויקלט און פּאָפּולאַריזירט געוואָרן די נאַציאָנאַלע, פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע פּאָסטולאַטן פון „בונד". דאָס האָט געגעבן דער אָקופּאַציע־מאַכט אַ געלעגנהייט ווידער צו אַרעסטירן רעדנער פון „בונד" און אַרויסשיקן זיי אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן. פיל וואַל־מיטינגען פלעגן דורך דער דייטשער פּאָליציי ווערן פונאַנדערגעלאָזט, ווען די רעדנער האָבן זיך דערלויבט צו קריטיקירן ביי דער געלעגנהייט די פּאָליטיק פון די אָקופּאַנטן.

טריי זיינע טראַדיציעס פון אינטערנאַציאָנאַליזם האָט דער „בונד" זיך באַמיט שאַפן אויף די ערטער אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־קולטור־אַנשטאַלטן, אָבער נישט אומעטום איז דאָס געלונגען. אין ווילנע האָט אין די יאָרן 1916—17 עקזיסטירט אַן אַלגעמיינער אַרבעטער קולטור־פאַראיין, וועלכער האָט פאַראייניקט די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ און אַרבעטער פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, פלעגט איינאָרדענען פּאַרלעזונגען און אָוונטן אויף פאַרשידענע שפּראַכן. די מודעות וועגן זיינע אונטערנעמונגען פלעגט ער דרוקן אויף פינף שפּראַכן: יידיש, פּויליש, ליטוויש, ווייסרוסיש און רוסיש. אין אויגוסט 1917 האָט דער קלוב געציילט 350 מיטגלידער, פון זיי: 24 יידן, 84 פּאָליאַקן, 7 ליטווינער, 9 ווייסרוסן, 5 רוסן, 4 אוקראַינער. אין לאָדזש האָט עקזיסטירט אַ פּויליש־יידישע אַרבעטער־קולטור־געזעלשאַפט „ליכט".

## 2. ציוניסטן

די ציוניסטישע פּאַרטיי האָט פאַר די צאַרישע צייטן געהאַט די מעגלעכקייט צו פירן איר טעטיקייט לעגאַל און אָפן, הגם פאָרמעל איז זי נישט געווען לעגאַליזירט. די וועלט־מלחמה און די אָקופּאַציע האָט פאַר די ציוניסטן פון פּוילן אַוועקגעשטעלט דאָס אָריענטאַציע־פּראָבלעם; אָט די פּראָבלעם האָט אין די ערשטע יאָרן פון דער מלחמה צעטיילט דעם ציוניסטישן לאַגער אויף צוויי קעגנערישע צדדים — אָנהענגער פון בערלינער אָריענטאַציע און פון לאָנדאָנער. דער ענגער אַקציאָנס־קאָמיטעט, וואָס זיין זיץ־אָרט איז געווען בערלין, איז צוליב דער מלחמה געווען אָפּגעשניטן פון לאָנדאָנער ביוראָ און פון אַנדערע הויפּט־אָנפירער פון ציוניזם. סאָקאָלאָוו איז געזעסן אין לאָנדאָן, שמריהו לעווין אין אַמעריקע, מאַקס נאָרדוי איז געוואָרן אַרויסגעשיקט פון פראַנקרייך קיין שפּאַניע. טערקיי, צו וועמען פּאַלעסטינע האָט דאַן געהערט איז געגאַנגען מיט דייטשלאַנד. די ענגלישע בלאָקאַדע האָט אָפּגעשטעלט דאָס שיקן געלט קיין פּאַלעסטינע. עס האָבן זיך אויסגעבילדעט פּאַקטיש צוויי ציוניסטישע צענטערס — אַ לאָנדאָנער און אַ בערלינער. דער ערשטער האָט געהאַלטן מיט דער אַנטאַנט, דער צווייטער — מיט די צענטראַל־מלוכות. קיין פּוילן פלעגט אָפט קומען צו פאָרן דער מיטגליד פון ענגן אַקציאָנס־קאָמיטעט ד"ר האַנטקע, און ער פלעגט דאָ אַרויסטרעטן אויף ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען פאַר דער בערלינער אָריענטאַציע. אָנגעזעענע פירער פון די ציוניסטן ווי ד"ר באָדענהיימער (מיטגליד פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט), דוד טריעטש, רעדאַקטאָר פון ציוניסטישן וואָכנבלאַט „פאָלק און לאַנד" (בערלין), ד"ר נחום גאָלדמאַן (איצטיקער הויפּט־פירער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס), ד"ר קורט בלומענפעלד (רעדאַקטאָר פון ציוניסטישן צענטראַל־אָרגאַן „די וועלט", פון 1920 — מיטגליד פון אַקציאָנס־קאָמיטעט) — זיי אַלע האָבן ברייט זיך צעשריבן אפילו אין דער דייטשער אָפיציעלער פּרעסע וועגן דער דייטש־שפּראַכיקייט

*) ליידער, האָבן אַזעלכע שטימען זיך דאַן געלאָזט הערן אפילו אין ציוניסטישן אַרבעטער־לאַגער. שוין אָפּגערעדט פון די אַלגעמיינע ציוניסטן און פאָלקיסטן. אין דער לעצטער מינוט האָט די פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע גערופן אירע אָנהענגער צו שטימען פאַרן סאָציאַליסטישן בלאָק, בעת די ס. ס. האָבן געגעבן זייערע אָנהענגער פרייע הענט צו שטימען ווי זיי ווילן — פאַרן „בלאָק", אָדער פאַר די פאָלקיסטן:

פון די יידן אין פוילן און אַז יידן און דייטשן האָבן געמיינזאַמע אינטערעסן.

אין אַ ספּעציעלער בראָשור *) שרייבט דוד טריעטש:

לויט זייער היסטאָרישער אַנטוויקלונג ווערן די יידן אין דער ערשטער ליניע באַטראַכט ווי פּיאָנערן (Schrittmacher), וועלכע פאַרשפּרייטן די השפּעה פון דער דייטשער שפּראַך. דער ווייט גרעסטער טייל פון די 12—14 מיליאָן יידן אויף דער וועלט רעדן זייער מוטער־שפּראַך יידיש־דייטש.

ד״ר נחום גאָלדמאַן ווייזט־אויף, אַז צוליב זייער שנאה צום צאַרישן רוסלאַנד בילדן די יידן אַ שטיץ־פּונקט פאַר די דייטשע אינטערעסן אין פוילן; פון אַלע טיילן פון פוילנס באַפעלקערונג זיינען די יידן פיל לייכטער צו געווינען פאַר אַנשליסן פוילן אין צענטראַל־אייראָפּע; זיי וועלן זיין די טרייסטע טרעגער און שטיצער פון אַזאַ פּאָליטיק. עס קומט נאָך צו זייער קרובהשאַפט מיטן דייטשטום צוליב זייער יידיש־דייטשער שפּראַך **)

אַז דייטשלאַנד איז פאַראינטערעסירט אין ציוניזם באַגרינדעט אין אַ גרויסן אַרטיקל ד״ר קורט בלומענפעלד: צו ליב איר מזרח־פּאָליטיק האָט דייטשלאַנד אַן אינטערעס עס זאָל עקזיסטירן אַ ווירטשאַפטלעך און פּאָליטיש שטאַרקע טערקיי; די איינוואַנדערונג פון די יידן וועט ווירטשאַפטלעך שטאַרקן טערקיי; דער ציוניזם וועט אויף אַזאַ אופן ברענגען זייער פיל נוצן דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע און דער דייטשער פּאָליטיק אויפן מזרח. ***)

ד״ר מאַקס באָדענהיימער האָט געשריבן: „יידן פון פוילן האָבן טאַקע ליב די יידישע שפּראַך, אָבער עס איז נויטיק צו ביסלעך צוגעוואוינען די געבילדעטע יידישע שיכטן צו באַנוצן זיך מיט דער הויך־דייטשער שפּראַך. אַ פאָלקס־שול אין יידיש אַלס בריק צו מיטעלע און העכערע שולן אין דייטש״. דאָס אַלץ איז געשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1915—1916, בעת דייטשלאַנד איז געווען גענוג שטאַרק אויפן פראָנט און מען האָט געשמועסט, אַז פוילן וועט איז אַזאַ אָדער אַנדערער פאָרם ווערן אַ טייל פון די צענטראַל־מלוכות.

די בערלינער אָריענטאַציע האָט אָבער געהאַט אַ שוואַכן באָדן אונטער זיך, צוליב די רדיפות אויף דעם ציוניזם אין פּאַלעסטינע. טערקיי, דייטשלאַנדס פאַרבינדעטע, האָט באַטראַכט די ציוניסטן אין פּאַלעסטינע, ווי מלוכה־פאַרברעכער, האָט אַרעסטירט די אָנגעזעענסטע ציוניסטן ווי דיזענהאָף, דוד יעלין, גראַזאָווסקי, ד״ר לוריע און אַנדערע. אַלע ציוניסטישע אינסטיטוציעס, ווי קרן קימת און אַנדערע, זיינען דערקלערט געוואָרן פאַר אומלעגאַל. עס זיינען

*) David Trietsch: Juden und Deutsche eine Sprach-und-Interessen-Gemeinschaft. Wien, 1915, Verlag Levit.

**) Dr. Nachum Goldmann: Zum Polnisch-Judischen Problem. Preussische Yahrbucher. October-December 1915.

***) Dr. Kurt Blumenfeld: Der Zionismus. Preussische Yahrbucher 1915 S. S. 110-111.



געגאַנגען מאַסן־גרושים נישט ערגער ווי אין צאַרישן רוסלאַנד. די באַפעלקערונג פון ירושלים האָט זיך פאַרקלענערט אויף אַ העלפט. יפו האָט פאַר דער מלחמה געציילט 20 טויזנט יידישע נפשות, סוף 1917 — צוויי און אַ האַלב טויזנט. איז טאַקע אָנגעגאַנגען אינם אָקופּירטן געביט פון פוילן אַ ויתרוצצו צווישן די ביידע אָריענטאַציעס — בערלינער און לאָנדאָנער. האָט מען די בערלינער גערופן פּאַסיוויסטן, ווייל זיי האָבן געטענהט, אַז מען דאַרף איצטער נישט אַרויסשטעלן צו טערקיי אַזעלכע שאַרפע פאָדערונגען, נישט רייצן איר, נישט איינרייסן מיט איר, (דאָס הייסט מיט איר פאַרבינדעטן — דייטשלאַנד). זאָלן נאָר די צענטראַל־מלוכות געווינען די מלחמה, וועט שוין אַלץ רעכט ווערן. די ציוניסטן אַקטיוויסטן אָבער, מיט זשאַבאָטינסקין בראש, אָנהענגער פון לאָנדאָן האָבן געהאַט אַן אַנדער אָריענטאַציע פאַר די יידן פון פוילן — די אָריענטאַציע אויפן זיג פון רוסלאַנד צוזאַמען מיט דער אַנטאַנט. זייער בליק איז זיך צונויפגעפאַלן מיט דער אָריענטאַציע פון די ווילנער קולטוריסטן („די וואָך״, זע אויבן): פוילן מיט גאַליציע זאָל געהערן צו רוסלאַנד, עס וועט זיך שאַפן אַ יידישער קיבוץ פון 7 מיליאָן, די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון מזרח־אייראָפּע וואָלט געוואָרן פאַראייניקט אין איין נאַציע. עקאָנאָמיש וואָלט די קבצנישע גאַליציע אין משך פון צען יאָר רייך געוואָרן פון דער באַרירונג מיט רוסלאַנד, די גאַליצישע יידן, דער איינציקער האַנדלס־עלעמענט אין גאַליציע, וואָלטן באַדייטנדיק פאַרפעסטיקט זייער מאַטעריעלן מצב. אַזאַ קיבוץ פון 7 מיליאָן יידן וועט בעסער קעמפן פאַר זיינע רעכט, פאַר אויטאָנאָמיע אדג״ל *).

זעלבספאַרשטענדלעך האָט אונטער די באַדינגונגען פון דער דייטשער אָקופּאַציע די לאָנדאָנער אָריענטאַציע נישט געקענט קומען עפנטלעך צום אויסדרוק ביי די פּויליש ציוניסטן. אַזוי האָט געדויערט ביז נאָוועמבער 1917, ווען עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די „באַלפור־דעקלאַראַציע״, וועלכע דאָס יידישע בירגערטום פון פוילן האָט געפייערט מיט גרויס פּאַראַד.

צו דער זעלבער צייט (זומער 1917) האָבן די ציוניסטן אַדורכגעפירט אַ גראַנדיעזע פּלעביסציט־קאַמפּאַניע פאַר אַ יידישע היים אין פּאַלעסטינע און צונויפגעזאַמלט הונדערטער אונטערשריפטן. אין דורכפירן דעם „פּלעביסציט״ האָבן זיך באַטייליקט באַזונדערס אַקטיוו די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון „מרכז״, די סקויטן־גרופּעס און אַנדערע. אין אַ ספּעציעלן אויפרוף „אל הצעירים העברים״ (צו דער יידישער יוגנט) ווערט געזאָגט: „די אידייע אויפצולעבן אַ

*) וו. זשאַבאָטינסקי, „די טריבונע״ קאָפּענהאַגען, נומער 18, יולי 1916.

יידיש לאַנד אין ארץ־ישראל ווערט אַ רעאַלער פאַקטאָר, וועט שטיין אויף דער טאָג־אָרדענונג פון קומענדיקן שלום־קאָנגרעס". אַקעגן, די דריטע קאָנפערענץ פון די ציוניסטן אין פּוילן (אָקטאָבער 1917), וואָס איז פאַרגעקומען נאָכן „פּלעביסציט", איז געווען פּיל מעסיקער אין אירע רעזאָלוציעס, איידער די לאָזונגען פון „פּלעביסציט". אינם פּראָגראַם־רעפעראַט (ד"ר י. גאָטליב) ווערט געזאָגט, אַז די ציוניסטן זיינען ווייט פון אוטאָפּיסטישן געדאַנק — אַריבערצופירן דעם גרעסטן טייל יידן קיין פּאַלעסטינע. אין דער דעקלאַראַציע רעדט זיך בלויז וועגן שאַפן דאָרטן אַ יידישן קיבוץ. דערפאַר האָבן די עקסטרעמע ציוניסטן באַקומען אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ אַ קאָמפּענסאַציע אין דער רעזאָלוציע וועגן דער לערן־שפּראַך אין די יידישע שולן. בלויז איין רעדנער, דער פּעדאַגאָג גוטמאַן האָט געפאָדערט יידיש אַלס לערן־שפּראַך אָן שום באַוואָרענישן. אַלע איבעריקע זיינען געווען פאַר העברעאיש אַלס לערן־שפּראַך. דער רעפערענט וועגן דער שפּראַכן־פראַגע, דער באַקאַנטער העברעאישער פּעדאַגאָג ש. ל. גאָרדאָן האָט פאַטעטיש אויסגעשריען: „איין לאַנד, איין פאָלק, איין שפּראַך". פאַרן יידישיזם אַרבעט דאָס לעבן, — האָבן דעלעגאַטן געטענהט: מיר דאַרפן אַרבעטן פאַר העברעאיש, וואָס איז אָנמעכטיק. יידיש איז אַן איבערגאַנג־שפּראַך, אַ גלות שפּראַך, יידיש דאַרף מען איינפירן אַלס לימוד, אַלס קעגנשטאַנד, אָבער די אונטערריכט־שפּראַך מוז זיין העברעאיש. די קאָנפערענץ האָט טאַקע באַשלאָסן (בלויז איין שטים איז געווען קעגן!), אַז די לערן־שפּראַך אין דער יידישער שול מוז זיין העברעאיש, מיט יידיש קען מען זיך באַנוצן ווי מיט אַ הילף־מיטל, אַריבערגייענדיק בהדרגה צו העברעאיש. און גראָד אויף דער זעלבער קאָנפערענץ האָבן די ציוניסטישע פירער זיך געקלאָגט, אַז די „היימלאָזע האָבן נישט געוואָלט שיקן זייערע קינדער אין די העברעאישע קינדער־היימען" (ד"ר מ. קלומעל) און אַז די „הצפירה" האָט אין וואַרשע בלויז 600 לייענער (י. ניסנבוים).

אויפן געביט פון אינערלעכער פּאָליטיק האָבן די פּוילישע ציוניסטן זיך נישט דערהויבן צו די פאָדערונגען פון דער צייט. עס זיינען געוואָרן צעבראָכן די אַלטע פּאָליטישע מלוכה־פאָרמען און עס האָבן גענומען זיך אויסבילדן נייע, אָבער די ציוניסטן האָבן בעת די וואַלן צום וואַרשעווער שטאָט־ראָט (זומער 1916) נאָך נישט אַרויסגעשטעלט קיין אייגענע פּלאַטפאָרם, נאָר זיך נאָכגעשלעפּט נאָך די אַסימילאַטאָרן, צוזאַמען מיט זיי געשלאָסן אַ בלאָק מיט דער גאַנצער ענדעקיש־אַנטיסעמיטישער כנופיא, כדי אויסצומיידן וואַלן אין די ערשטע 5 קוריעס.

אויף דער ערשטער פייערלעכער זיצונג פון וואַרשעווער שטאָט־ראָט, דעם 24טן יולי 1916, איז דורכגעלייענט געוואָרן אַ מאַניפעסט־דעקלאַראַציע, אין וועלכער עס ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט: „דער שטאָט־ראָט וועט אָנשטרענגען די קרעפטן און פעאיקייטן אויף אויפצובויען די ווירטשאַפט און די קולטור פון וואַרשע אין נאַציאָנאַלן גייסט און אויפן גרונט פון בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג". קיין איין וואָרט איז אין דער דעקלאַראַציע נישט געזאָגט געוואָרן וועגן נאַציאָנאַלע רעכט פאַר דער יידישער מינדערהייט, וועלכע האָט אויסגעמאַכט אַ דריטל פון דער וואַרשעווער באַפעלקערונג. די דעקלאַראַציע איז אונטערגעשריבן געוואָרן פון 84 ראַט־מענער, אין נאָמען פון 15 פּאַרטייען. די פיר ראַט־מענער־פאָלקיסטן, דער פאָרשטייער פון סאָציאַליסטישן בלאָק, דער פאָרשטייער פון פּ. ס. ד. האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן אין דער דאָזיקער איינהייט־מאַניפעסטאַציע, און זיי האָבן די דעקלאַראַציע נישט אונטערגעשריבן. די ציוניסטן אָבער האָבן די דעקלאַראַציע יאָ אונטערגעשריבן, הגם דאָרטן איז קיין וואָרט נישט געווען וועגן יידישע נאַציאָנאַלע רעכט. נאָכמער, אויף דער פאַר־באַראַטונג פון די פּאַרטייען וועגן אויסאַרבעטן די דעקלאַראַציע האָט דער פאָרשטייער פון די ציוניסטן, אַדוואָקאַט זיידעמאַן דערקלערט: „די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אנערקענט, אַז עס איז קודם־כל נויטיק, אַז פּוילן זאָל ווערן אומאָפּהענגיק, זי האָפט, אַז דאַן וועט דאָס פּוילישע פאָלק אויך די יידן נישט אָפּזאָגן אין זייערע רעכט. דערווייל איז פּריצייטיק אַרויסצושטעלן די פאָדערונג פון יידישע נאַציאָנאַלע רעכט." (וואַרשעווער טאָגעבלאַט נומער 174, 1916). אויף דער פייערלעכער זיצונג פון שטאָט־ראָט האָט דער פאָרזיצער ד"ר ברודזינסקי געפונען פאַר נויטיק צו זאָגן אַ שבח פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אָפּגעלייגט אירע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. ערשט אויף די ווייטערדיקע זיצונגען פון שטאָט־ראָט, ווען עס האָבן געלייענט זייערע דעקלאַראַציעס די פאָרשטייער פון „בונד", פון דער פאָלקס־גרופּע און אַנדערע (פון פּוילישע גרופּירונגען) האָבן אויך די ציוניסטן אַדורכגעלייענט אַ באַזונדערע דעקלאַראַציע, אין וועלכער עס האָט זיך גערעדט וועגן בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט פאַר יידן.

בעת עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ שטאָטישער הלוואה און די סאָציאַליסטישע, ווי אויך די פאָלקיסטישע ראַט־מענער האָבן געשטורעמט דעם מאַגיסטראַט פאַר זיין אַנטי־סאָציאַלע און אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק און געשטימט קעגן דער הלוואה, האָבן די ציוניסטן געשטימט פאַר איר. זייער פאָרשטייער ה' פאַרבשטיין האָט ווידעראַמאָל אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז די יידן וועלן נישט ווערן באַוועלהט דורך דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און זיי וועלן געניסן פון פולע בירגערלעכע רעכט. וועגן נאַציאָנאַלע רעכט האָט ה'

פאַרבשטיין קיין וואָרט נישט געזאָגט — דאָס האָט ער געהאַלטן פאַר פאַלעסטינע. אַ צווייטער ציוניסטישער ראַט־מאַן, הער זיידעמאַן האָט געפונען פאַר מעגלעך צו שטימען קעגן די פאָדערונגען פון די שטאָטישע אַרבעטער וועגן אַ הונגער־הוספה. „לא תעמוד על דם רעך" (זאָלסט נישט שטיין ביים פאַרגאָסענעם בלוט פון דיין חבר) — האָט אויף אַ שטאָטישער קאָנפערענץ פון די ציוניסטן אין וואַרשע איין רעדנער פאָרגעוואָרפן זיידעמאַנען: ווען אָרימע אַרבעטער ווערן געשוואָלן פון הונגער טאָר אַ ציוניסטישע שטים זיך נישט פאַראייניקן מיטן פירער פון די רעאַקציאָנערן און אַנטיסעמיטן — אילסקי — קעגן זיי. די קאָנפערענץ האָט אָבער דאָך אויסגעדריקט צוטרוי זיידעמאַנען.

„די ציוניסטן אין פוילן בעת דער מלחמה האָבן זיך פאַרשטופּט אין ווינקל פון אַרבעט פאַר פאַלעסטינע, וואָס איז דעמאָלט אגב געווען אַ נישטיקע, און פון פילאַנטראָפּיע אויפן חשבון פון די אַמעריקאַנער געלטער. דער אָפּמאַך וועגן אַריינטרעטן אין דער „קאָנסאָלידאַציע" ביי די וואַלן צום וואַרשעווער שטאָטראַט אין 1916 איז נישט געווען קיין גינסטיקער פאַר די ציוניסטן. דערפאַר האָבן די פאָלקיסטן מיטן אַרויסשטעלן נאַציאָנאַלע פאָדערונגען מיטגעריסן מיט זיך די יידישע מאַסן, וועלכע האָבן אין זיי געזען זייערע פּאַרטיידיקער. אַלס נאַציאָנאַלע קעגנוואַרט־פּאַרטיי זיינען די ציוניסטן דעמאָלט אַראָפּ פון דער אַרענע". אַזוי שאַצט־אָפּ די דעמאָלטיקע לאַגע מיט יאָרן שפּעטער *) דער באַקאַנטער פירער פון די פּוילישע ציוניסטן יצחק גרינבוים (ער אַליין איז בעת דער אָקופּאַציע געווען אין רוסלאַנד).

פון די עפנטלעכע ציוניסטישע אַרויסטרעטונגען דאַרף פאַרצייכנט ווערן די גראַנדיעזע ל״ג בעומר־פייערונג אין 1916 אין וואַרשע און לאָדזש, וועלכע זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן זייער אימפּאָזאַנט. דעם 10טן אַפּריל 1917 איז אויף אַ גרויסער ציוניסטישער מאַסן־פאַרזאַמלונג אין לאָדזש אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וועלכע פאָדערט: אָנערקענען די יידן ווי אַ נאַציע, קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער מינדערהייט אין פוילן, געבן די יידן נישט בלויז בירגערלעכע, נאָר אויך נאַציאָנאַלע רעכט, פאַרטרעטונג אין אַלע מלוכהשע און קאָמונאַלע אינסטיטוציעס, אויטאָנאָמע רעכט אין אַלע אינערלעכע נאַציאָנאַלע ענינים.

דעם דריטן יוני 1917 איז לעגאַליזירט געוואָרן די ציוניסטישע פאַראייניקונג אין פוילן. צו דער זעלבער צייט האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן אַרויסגעבן איר פּאַרטיי־אָרגאַן „דאָס יידישע פאָלק", אַ וואָכנבלאַט, אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר י. גאָטליב. אין 1916 איז אויך דערשינען די העברעאישע „הצפירה", אויך דער „היינט" פון ש. י. יאַצקאַן איז דאַן געשטאַנען צו דער דיספּאָזיץ פון די ציוניסטן און האָט באַזונדערס שטאַרק פאַרטיידיקט זייער פּאָליטיק בעת די וואַלן צום וואַרשעווער שטאָט־ראַט און שפּעטער.

## 3. פּועלי־ציון

דער אַרבעטער־סעקטאָר פון ציוניזם — די פּועלי־ציון האָבן צום אויסברוך פון דער מלחמה געהאַט אַ פאַרהעלטניסמעסיק קליינע ווירקונג. בלויז קליינע גרופּן האָבן געפירט אַ שוואַכע טעטיקייט אין וואַרשע, לאָדזש, קעלץ, שעדלעץ, בענדין־סאָסנאָוויץ, ראַדאָם. ביים אָנהויב פון דער אָקופּאַציע האָבן די פּ. צ. געעפנט אין וואַרשע אַן „אַרבעטער־היים", וואָס איז געווען דער צענטער פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע; דאָרטן איז געווען אַ קיך, אַ טיי־האַלע, אַ ביבליאָטעק און אַ קלוב. אַרום דער אַרבעטער־היים האָבן זיך גרופּירט עטלעכע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען פון קלענערע פאַכן מיט אַ פאַרהעלטניסמעסיק קליינער צאָל מיטגלידער.

אַ פיל גרעסערן איינפלוס האָבן די פּועלי־ציון געהאַט אין לאָדזש. זיי האָבן געפירט אַ גרויסע „אַרבעטער־היים", אַ ביבליאָטעק, קיכן, טיי־האַלעס, אַ קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו מיט אַן אייגענער בעקעריי. די דאָזיקע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל בעת די הונגער־יאָרן פון דער אָקופּאַציע און האָבן גרופּירט אַרום זיך גרעסערע מאַסן אַרבעטער, צווישן וועלכע די פּועלי־ציון האָבן געקענט פירן אַ פּאַרטיי־טעטיקייט. ביי די שטאָט־ראַט־וואַלן אין לאָדזש אין 1916 האָבן די פּועלי ציון מיט דער הילף פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, וועלכע האָבן אין דער זעקסטער קוריע ספּעציעל נישט אַרויסגעשטעלט קיין אייגענע ליסטע, נאָר גערופן שטימען פאַר די פּועלי ציון, אַדורכגעפירט צוויי ראַטמענער. צו די שטאָט־ראַט־וואַלן אין וואַרשע האָבן זיי קיין אייגענע ליסטע נישט אַרויסגעשטעלט און אין דער לעצטער מינוט גערופן צו שטימען פאַר דער ליסטע פון סאָציאַליסטישן בלאָק (בונד און פּ. פּ. ס. — לעוויצע). די באַמיאונגען פון די פּועלי־ציון ביי דער אָקופּאַציע־מאַכט וועגן אַרויסגעבן אַ פּרעסע־אָרגאַן זיינען נישט געלונגען. ערשט ביים אַנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פוילן אין יאָר 1918 האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַן אייגענע צייטשריפט „אַרבעטער־צייטונג". פּסח־צייט 1917 איז פאָרגעקומען די ערשטע באַראַטונג פון די פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציעס אין פוילן און אין דעצעמבער 1918 — דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון דער פּועלי־ציוניסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען „יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון".

---

*) „יובל־בוך" פון „היינט", וואַרשע, 1928.

די פּועלי־ציון האָבן זיך אויך מיטבאַטייליקט אינם אויפבוי פון יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן אין פּוילן, געהערנדיק צום אַזוי גערופענעם „דינעזאָן־מעדעם־רייכמאַן"־קמיטעט. רייכמאַן איז געווען דער פאָרשטייער פון פּועלי־ציון אינם קאָמיטעט. ביי דער „אַרבעטער־היים" האָט אויך עקזיסטירט אַ פאַרלאַג מיטן זעלבן נאָמען. דער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן בראָשורן פון פּראָפּאַגאַנדיסטישן כאַראַקטער.

זייענדיק אָנגעשלאָסן אָן „וועלט־פאַרבאַנד פון די פּועלי־ציון", האָבן די פּועלי־ציון פון פּוילן געהאַט די געלעגנהייט זיך אַרויסצוזאָגן וועגן דער יידן־פראַגע בעת עס האָט זיך גערעדט וועגן דער אַנטשטייאונג פון נייעם פּוילן. אין דער דעקלאַראַציע צום האָלענדיש־סקאַנדינאַווישן קאָמיטעט (געשאַפן געוואָרן אין אַפּריל 1917 דורך די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די נייטראַלע לענדער, מיטן צוועק צו ווירקן פאַר אַ שלום) ווערט געפאָדערט „זיכערקייט און אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס פאַר די רעכט פון די יידישע איינוואוינער אַלס בירגער און נאַציאָנאַליטעט. אָן אַזעלכע גאַראַנטיעס קען פּוילן ווערן אַ נאַציאָנאַלער קבר פאַר אַ גרויסן טייל פון אונזער פאָלק". אין דער דעקלאַראַציע ווערט אויך געפאָדערט, אַז דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל זאָל אַרויסגעבן זיין אורטייל וועגן דעם.

אין מעמאָראַנדום צום סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל שרייבט דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון די פּ. צ. אין עסטרייך (ווין, אויגוסט, 1915) וועגן דער יידישער לאַגע אין פּוילן און וועגן די פּויליש־יידישע באַציאונגען און זאָגט זיך אַרויס קאַטעגאָריש פאַר נאַציאָנאַלע רעכט פון יידן אין פּוילן. אַ באַפרייטע פּוילן — ווערט דאָרטן געזאָגט — איז מעגלעך נאָר ווי אַן אינערלעך באַפרייטע, באַזירט אויף די יסודות פון דעמאָקראַטיע און נאַציאָנאַלער פרייהייט פון אַלע פעלקער, וואָס באַוואוינען דאָס לאַנד *).

בכלל אָבער האָבן די פּועלי־ציון בעת דער אָקופּאַציע אויסגענוצט די געענדערטע באַדינגונגען און געשאַפן נייע אָרגאַניזאַציעס, היפּש אויסגעברייטערט די ספערע פון זייערע איינפלוסן און געפירט אַ מער ווייניקער ברייטע טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון אַרבעטער־לעבן.

## 4. פאָלקס־פּאַרטיי

די פאָלקס־פּאַרטיי איז געגרינדעט געוואָרן נאָך די וואַלן צום וואַרשעווער שטאָט־ראַט אין 1916. אָט די וואַלן האָבן טאַקע גורם געווען די אַנטשטייאונג פון דער פּאַרטיי. די יידישיסטיש־פאָלקיסטישע אינטעליגענץ איז געווען קעגן דעם בלאָק, וואָס די אַסימילאַטאָרן, ציוניסטן און אָרטאָדאָקסן האָבן געשלאָסן מיט די פּוילישע רעאַקציאָנער־אַנטיסעמיטישע עלעמענטן, כדי אויסצומיידן וואַלן אין די ערשטע פינף קוריעס. זיי האָבן געגרינדעט אַ „פאָלקס־קאָמיטעט", און זיינען ביי די וואַלן אַרויסגעטראָטן מיט אַ זעלבשטענדיקער ליסטע אונטערן לאָזונג: פולשטענדיקע פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע און נאַציאָנאַלע גלייכבארעכטיקונג פון די יידן. די איניציאַטיוו צו בילדן אַזאַ פאָלקס־קאָמיטעט איז אַרויס פון וואַרשעווער פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן מיט נח פּרילוצקי בראש. דער פאָלקס־קאָמיטעט האָט געהאַט גרויס דערפאָלג ביי די קליינהענדלער, האַנטווערקער און האָט צונויפגעזאַמלט 8,600 שטימען אין דער 6טער וואַל־קוריע און אַדורכגעפירט פיר ראַט־מענער. דער פירער פון די פאָלקיסטן, דער דערמאָנטער נח פּרילוצקי האָט אין שטאָט־ראַט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע שאַרפע אַרויסטרעטונגען קעגן די אַנטיסעמיטן פאַר די רעכט פון די יידן אויפן ווירטשאַפטלעכן, קולטורעלן און נאַציאָנאַלן געביט. דאָס האָט אים — און זיין פּאַרטיי — געמאַכט זייער פּאָפּולער צווישן דער יידישער קליינבירגערלעכער מאַסע, אויף וועלכער די פאָלקס־פּאַרטיי האָט זיך געשטיצט.

אין דער אינערלעכער יידישער פּאָליטיק איז די פאָלקס־פּאַרטיי אָפטמאָל געווען נאָכגיביק לגבי דער אָרטאָדאָקסיע, וועלכע איז, ווי עס איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן, געווען פאַרבונדן מיט דער אָקופּאַציע־מאַכט דורך אירע פאַרמיטלער און פאַקטישע מיטאַרבעטער — די דייטשע רבנים. אַזוי, למשל, האָט די פאָלקס־פּאַרטיי שוין געהאַט אַקצעפּטירט דעם אָרגאַניזאַציע־פּראָיעקט פון יידישע קהילות, וועלכן די אָקופּאַציע־מאַכט האָט געהאַט פאַרעפנטלעכט דעם 15טן נאָוועמבער 1916. לויט דעם דאָזיקן פּראָיעקט האָבן וואַל־רעכט צו די קהילות געדאַרפט האָבן נאָר די צאָלער פון עטאַט (שטייערן) פאַר דער קהילה, וואָס האָט אינגאַנצן אויסגעשלאָסן די ברייטע מאַסע יידישע אָרימקייט פון צו האָבן אַן איינפלוס אויפן גאַנג פון דער קהילה־טעטיקייט.

איינער פון די גרינדער און פירער פון דער „פאָלקס־פּאַרטיי" ש. הירשהאָרן האָט פּרינציפּיעל מסכים געווען אויף אַ בילדונג־צענז פאַר די ווילער, ווי אויך אויף איינטיילן זיי אויף קוריעס („מאָמענט" נומער 268, 1916). אין דער שול־פראַגע האָבן די פאָלקיסטן מסכים געווען איבערצולאָזן דעם אַלטן חדר, מער נישט אים אַ ביסל באַפּוצן, כדי „דער יידישער גייסט, וואָס האָט געשוועבט אין אַלטן חדר, די יידישע שכינה זאָל אויך אין דער נייער שול געפינען אַ פּלאַץ". בכלל האָט די „פאָלקס־פּאַרטיי" די ערשטע צייט פון איר דערשיינען אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע געפּרעדיקט, אַז צו איר „קאָנען געהערן אַלע יידן אָן

*) זע די אויבן שוין ציטירטע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן־זאַמלונג „די מלחמה און די יידן", האַג, 1916.

אויסנאַם" (הלל צייטלין), און אַזוי, „ווי זי פאַרווירקלעכט דעם פראָגראַם־מינימום פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קאָנען אויך סאָציאַליסטן צו איר געהערן" (ש. הירשהאָרן). ביסלעכווייז האָבן אָבער אַזעלכע לאָזונגען פון אַ מין „אכסניה־פאַרטיי", ווי עס האָט זי טרעפלעך כאַראַקטעריזירט וו. מעדעם אין די „לעבנס־פראַגן", זיך אויסגעוועפט ביי די פאָלקיסטן. ה. ד. נאָמבערג, אויך איינער פון די גרינדער פון דער פאַרטיי און איר שפעטערדיקער דעפוטאַט אין ערשטן פוילישן סיים, האָט פאָרמולירט דעם אונטערשייד צווישן די ציוניסטן און פאָלקיסטן אַזוי: ביי די ציוניסטן איז דער עיקר קיום האומה, דער גייסט, אָפגעריסן פון טאָג־טעגלעכן לעבן פון די מיליאָנען יידן, אָבער ביי די פאָלקיסטן איז דער עיקר די שווער פאַרהאָרעוועטע און פון רעכט באַרויבטע מיליאָנען אונזערע ברידער. ציוניזם און פאָלקיזם זיינען צוויי וועלטן („מאָמענט" 1917). די קולטור־קאָנפערענץ, וואָס די פאָלקיסטן האָבן צונויפגערופן אין 1917 אין וואַרשע האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע פאַר אַ יידיש־וועלטלעכע שול, אין וועלכער אַ גרויסן אָרט זאָל פאַרנעמען העברעאיש.

די קלאַסן־באַזע פון דער פאָלקס־פאַרטיי — די ברייטע קליינבירגערלעכע מאַסע — האָט געלייגט איר שטעמפל אויף דעם כאַראַקטער און ליניע פון דער פאַרטיי, וועלכע האָט געמוזט זיין אַ וואַקלדיקע און פשרהדיקע, ווי וואַקלדיק און נישט אויסגעהאַלטן עס איז בכלל דאָס קליינבירגערטום. די גרויסע מאַסע יידישע קליינבירגער — די קליינע הענדלער, קרעמער, בעל־מלאכות — האָבן פון איין זייט, זייענדיק טיף רעליגיעז, זיך געפונען אונטער דעם איינפלוס פון די רביים און רבנים. פון דער צווייטער זייט, האָט זיי זייער סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכע לאַגע געשטויסן צום קאַמף קעגן די יסודות פון דער הערשנדיקער אָרדענונג און נאָכגיין אָפט נאָך די יעניקע, וועלכע האָבן אַרויסגעשטעלט דעם לאָזונג פון אַ פרייער דעמאָקראַטישער אָרדענונג און פולשטענדיקער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג.

אַ כאַראַקטעריסטישער פאַקט, וואָס באַווייזט בולט אָט די וואַקלדיקייט און צוויי־פנימדיקייט פון דער פאָלקס־פאַרטיי: ביי אַ בודזשעט־דעבאַטע אין וואַרשעווער שטאָט־ראַט האָט נח פרילוצקי זייער הייס גערעדט וועגן דער אַנטיסעמיטישער באַציאונג פון דער מיליץ צו דער יידישער באַפעלקערונג. דערביי האָט ער אָבער מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן די פאַקטן פון שלאָגן און אַרעסטירן סטרייקנדיקע אַרבעטער דורך דער מיליץ; וועגן דעם האָט אַריינגעטראָגן אַן אָנפראַגע דער ראַטמאַן פון סאָציאַליסטישן בלאָק (בונד און פ. פ. ס. — לעוויצע) צישעווסקי. דאָס דעקלערט זיך פשוט דערמיט, וואָס די דערמאָנטע פאַקטן האָבן געהאַט אַן אָרט בעת סטרייקן ביי יידישע מייסטערס און קליינע פאַבריקאַנטן, וואָס פיל פון זיי האָבן געהערט צו דער פאָלקס־פאַרטיי.

אין 1917 האָט די פאָלקס־פאַרטיי אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ וועכנטלעכן אָרגאַן „דאָס פאָלק". דעם 25טן נאָוועמבער 1918 איז פאָרגעקומען די ערשטע קאָנפערענץ פון דער „יידישער פאָלקס־פאַרטיי אין פוילן". די קאָנפערענץ האָט פעסטגעשטעלט די פראָגראַם פון דער פאַרטיי. דאָרטן ווערט געזאָגט:

„די יידן, וועלכע וואוינען אין פוילן שוין פיל יאָרהונדערטער און באַטראַכטן פוילן ווי זייער פאָטערלאַנד, האָבן זיך שטענדיק געפילט ווי אַ נאַציע; מיר פאָדערן: פולשטענדיקע בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג, וועלכע זאָל אין דער קאָנסטיטוציע פון דער פוילישער מלוכה אויף אַזאַ אופן זיין געזיכערט, אַז זיי זאָלן שוין קיינמאָל נישט קאָנען באַזייטיקט אָדער פאַרשמעלערט ווערן; אמתע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן אויף אַלע געביטן פון מלוכהשן און קאָמונאַלן לעבן.

„מיר פאָדערן, אַז די פוילישע קאָנסטיטוציע זאָל אָנערקענען די יידן ווי אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט; אויף דעם סמך איינפירן אַ נאַציאָנאַלע יידישע קוריע ביי די וואַלן צו די געזעצגעבערישע קערפערשאַפטן און צו אַלע געוויילטע פאַרטרעטונגען אין די קאָמונאַלע אינסטיטוציעס; פולשטענדיקע פרייהייט פון נאַציאָנאַל־קולטורעלן און רעליגיעזן לעבן, וואָס זאָל אָנגעפירט ווערן דורך אַ יידישע נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע; איר דאַרף איבערגעגעבן ווערן אַן אַנטשפרעכנדיקער טייל פון די מלוכהשע און קאָמונאַלע פאָנדן אויף אָנצופירן מיטן יידישן שול־וועזן און בכלל צו באַפרידיקן אַלע יידישע קולטורעלע באַדערפענישן".

חוץ קולטור־ענינים ווערט נאָך געפאָדערט, אַז אין רשות פון יידישן פאָלקס־ראַט זאָלן נאָך געהערן: „אָרגאַניזאַציע פון ביליקן קרעדיט, קעגנזייטיקע פאַרזיכערונג, קאָנסום־פאַראיינען, פראָדוציר־קאָאָפעראַטיוון, זאָרג פאַר פאָלקס־געזונטהייט און יידישע סטאַטיסטיק".

## 5. ציוניסטן־סאָציאַליסטן (ס. ס.)

פון די אַרבעטער־פאַרטייען, וואָס זיינען געווען טעטיק בעת דער אָקופאַציע דאַרף מען נאָך דערמאָנען די ס. ס., וועלכע האָט עקזיסטירט נאָך פאַר דער מלחמה. נאָך דער עוואַקואַציע פון די רוסן האָט די ס. ס.־גרופע אין וואַרשע באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער דייטשער אָקופאַציע־מאַכט צו גרינדן אַ קולטור־געזעלשאַפט, אונטערן נאָמען „בילדונג־פאַראיין פון די יידישע אַרבעטער". אונטער דער דאָזיקער פירמע זיינען די ס. ס. אַרויסגעטראָטן פאַר דער עפנטלעכקייט, האָבן פאַרמאָגט זייערע גרופעס אין וואַרשע, טשענסטאָכאָוו, לאָמזשע, ביאַליסטאָק, נאָווי־

דוואָר, און נאָך עטלעכע קלענערע שטעט. אין וואַרשע האָבן די ס. ס. געהאַט אַ קליינעם איינפלוס. ישטאַרקער זיינען זיי געווען אין טשענסטאָכאָוו, וואו זיי האָבן פאַרמאָגט אייגענע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, געפירט אַ קאַמף קעגן בירגער־קאָמיטעט און אויך געהאַט אונטער זייער איינפלוס אייניקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. בעת די שטאָט־ראַט־וואַלן אין טשענסטאָכאָוו האָבן זיי דורכגעפירט אַן אייגענעם ראַט־מאַן. אין וואַרשע האָבן זיי צו די שטאָט־ראַט־וואַלן קיין אייגענע ליסטע נישט אַרויסגעשטעלט און, ווי עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, געגעבן זייערע אָנהענגער פרייע הענט צו שטימען פאַר דעם סאָציאַליסטישן בלאָק (בונד און פּ. פּ. ס.—לעוויצע), אָדער פאַר די פאָלקיסטן.

אין נאָוועמבער 1918 איז פאָרגעקומען אַ לאַנדקאָנפערענץ פון די ס. ס. אין פוילן. אויף אָט דער קאָנפערענץ האָבן די ס. ס. באַשלאָסן זיך אָנצורופן „יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי ׳פאַראייניקטע׳ ". דעם צונאָמען „פאַראייניקטע" האָבן די ס. ס. פון פוילן גענומען ביי די געוועזענע רוסלענדער ס. ס., וועלכע האָבן אין מאַי 1917 זיך פאַראייניקט מיט די סיימיסטן, הגם אין פוילן זיינען קיין סיימיסטן נישט געווען און די ס. ס. האָט דאָ נישט געהאַט מיט וועמען זיך צו פאַראייניקן.

די „ס. ס.־פאַראייניקטע" זיינען געשטאַנען אויפן שטאַנדפונקט פון טעריטאָריאַליזם און פאַר רעגולירן די עמיגראַציע: „כדי דאָס יידישע אַרבעט־און וואַנדערונג־פּראָבלעם ראַדיקאַל צו לייזן — זאָגט זיך אין דער רעזאָלוציע פון דער לאַנד־קאָנפערענץ — מוז די עמיגראַציע — גלייך פון איר אָנהויב פּלאַנמעסיק רעגולירט ווערן און ציל־באַוואוסט באַהערשט ווערן אויף אַזאַ אופן, וואָס זאָל געבן די מעגלעכקייט די וואַנדערנדיקע מאַסן טעריטאָריעל צו קאָנצענטרירן זיך אויף יסודות פון קאָלעקטיווער קאָלאָניזאַציע". פּראַקטיש האָט די פּאַרטיי אַרויסגעשטעלט נאָר די פאָדערונג: „פרייהייט פון עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע".

## 6. „אגודת שלומי אמוני ישראל"

אַ רעליגיעז־קלעריקאַלע פּאַרטיי, בקיצור גערופן „אגודה". וועגן איר אַנטשטייאונג האָבן מיר שוין גערעדט אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך. זי האָט אַרומגענומען סיי די רייכע חסידישע בורזשואַזיע, סיי דעם פרומען מיטל־קלאַס און אָרימקייט, אויסאיבנדיק איר איינפלוס דורך די רבנים, רביים און כלי־קודש. זי האָט געשאַפן אירע אייגענע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אירע רעליגיעזע שולן, תלמוד תורהס און ישיבות. אויסערלעכע גינסטיקע באַדינגונגען (פאַוואָריזאַציע פון די מאַכט־האָבער) האָבן בפרט מיטגעווירקט זי זאָל אויסוואַקסן צו אַ שטאַרקן פּאָליטישן כוח אויף דער יידישער גאַס.

„די גרינדער פון דער „אגודה", די דייטשע ראַבינער קאָהן און קאַרלעבאַך האָבן געפונען דעם ענגסטן אָנשלוס אין דער דייטשער (אָקופּאַציע — וו. ש.) פאַרוואַלטונג. זייער פּאָליטיק איז געווען דענאַציאָנאַליזירן די פוילישע יידן, שאַפן פון זיי בלויז אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט, ווי דאָס זיינען געווען די יידן אין דייטשלאַנד. די צענזור האָט מיטגעהאָלפן די אַגודה. „די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז געקומען נישט פון די פוילישע יידן, נאָר פון דייטשלאַנד און האָט געהאַט „גערמאַניזאַטאָרישע" טענדענצן". אַזוי כאַראַקטעריזירט די ראָלע פון דער „אגודה" ווילהעלם שטיין, אַ הויכער באַאַמטער, וועלכער האָט די גאַנצע צייט פון דער אָקופּאַציע געאַרבעט אין דער פּרעסע־אָפּטיילונג ביים גענעראַל־גובערנאַטאָר *).

פונקט ווי די וועלטלעכע פּאַרטייען האָט אויך די „אגודה" גענומען שאַפן אָרגאַניזאַציעס פאַר דער יוגנט, האַלטנדיק מיט רעכט, אַז אָן דער יוגנט, דעם צוקונפטיקן דור, וועט קיין קיום נישט האָבן קיין ישום זאַך, וואָס די רעליגיעזע יידן ווען זיך נעמען צום בויען. אין די גרעסערע שטעט זיינען געשאַפן געוואָרן יוגנט־אָרגאַניזאַציעס ווי „השחר", „התבונה", „בית אולפנא" (אַ מין מאָדערנע ישיבות) און דאָס גלייכן. אונטער דער ווירקונג פון די דייטשע ראַבינער און אָרטאָדאָקסישע טוער האָבן אויך די אָרטאָדאָקסן אין פוילן צוגעגעבן זייערע געשאַפענע אינסטיטוציעס אַ מאָדערנעם אויסזען, זיי זאָלן זיך אונטערשיידן פון די וועלטלעכע אָרגאַניזאַציעס אויסשליסלעך מיט זייער אינערלעכן רעליגיעזן גייסט. אין די תלמוד תורהס און חדרים האָט מען איינגעפירט וועלטלעכע לימודים, פאַרהעלטניסמעסיק אין אַ גרויסן מאַסשטאַב. מען האָט גענומען לייגן פיל אַכט אויף דער דערציאונג פון מיידלעך, וואָס איז ביז דאַן געווען אינגאַנצן אַ פאַרוואָרלאָזט פעלד. עס איז אַוועקגעלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר מאָדערניזירטע און צוגלייך פרום־רעליגיעזע שולן פאַר פרויען, אונטערן נאָמען „בית יעקב". די ערשטע אַזאַ שולע איז אין יאָר 1917 געגרינדעט געוואָרן אין קראָקע אויף פּריוואַטע יסודות. שפּעטער האָט די „אגודה" פאַרלייגט אַ ברייטע נעץ אַזעלכע „בית־יעקב"־שולן איבערן גאַנצן לאַנד.

דער וואוקס פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט געצוואונגען די „אגודה" צו נע־

*) Dr. Paul Roth: Die Politische Entwicklung in Kongresspolen Waehrend der deutschen Okkupation, Leipzig, 1919, s.s. 158-159.

דער מחבר פונם בוך איז געווען דריי און אַ האַלב יאָר אַ הויכער באַאַמטער אין דער אָקופּאַציע־פאַרוואַלטונג; די קאַפּיטלעך אינם בוך וועגן דער יידן־פּאָליטיק האָט געשריבן ווילהעלם שטיין.

מען שאַפן רעליגיעז־פרומע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, אונטערן נאָמען „צעירי יהודה". דער ערשטער אַזאַ פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן אין 1915 אין וואַרשע דורכן באַקאַנטן אגודה־פירער, רעדאַקטאָר פון אַגודה׳שן אָרגאַן „דאָס יידישע וואָרט" נחום לייב וויינגאָט. אינם אויפרוף וועגן דער גרינדונג פון „צעירי יהודה" ווערט געזאָגט, אַז דער ציל פון פאַראיין איז:

„נישט דערלאָזן, אַז רעליגיעזע אַרבעטער זאָלן אַרומגעכאַפּט ווערן מיטן אַלגעמיינעם שטראָם פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. זיי זאָלן לערנען תורה, היטן יידישקייט און נישט גיין אין די „אַרבעטער־היימען", וועלכע פאַנגען אין זייער נעץ אומשולדיקע אַרבעטער, וואָס זייער האַרץ בלוטיקט צו זען און צו הערן ווי אוכלי נבלות און טריפות לאַכן אָפּ פון דער תורה".

און דעריבער — שטייט ווייטער אין אויפרוף — דאַרפן מיר:

„גרינדן אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע פון די תורה־טרייע פּראָלעטאַריער, וואו עס זאָלן געפינען אַ מקום־מקלט די אַלע אנוסים, וואָס מוזן צוליב זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן פאַרקויפן די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינזן".

די „אגודה" האָט זיך נישט באַנוגנט דערמיט, וואָס זי איז אויסגעוואַקסן צו אַ וויכטיקן פּאָליטישן פאַקטאָר, מיט וועלכן די מאַכטהאָבער האָבן זיך שטאַרק גערעכנט און האָבן זי פּאַוואָריזירט אין אַלע הינזיכטן. זי האָט אויך באַקומען די אַמביציע צו פאָדערן פאַר זיך די רעכט צו זיין די דעה־זאָגערין אינם יידישן לעבן, האָבן דעם קאָנטראָל איבער דער דערציאונג פון יונגן דור און דאָס גלייכן. אַזוי, למשל, האָט אויף דער רבנים־קאָנפערענץ אין וולאָצלאַוועק (1916), איינער פון די הויפּט־פירער פון דער אגודה, דער וולאָצלאַוועקער רב קאָוואַלסקי, געפאָדערט, אַז „כדי די יוגנט זאָל נישט קענען לייענען פאַרדאָרבענע ביכער, מוזן די רבנים האָבן אויפזיכט איבער ביבליאָטעקן, אורטיילן וועלכן בוך יאָ לייענען און וועלכן נישט. אין יעדער שטאָט בילדן אַ קאָמיסיע פון עטלעכע באַלעבאַטים, וועלכע זאָלן פּסקענען וועגן יעדן ספר — טריף, צי כשר". אויף דער זיצונג פון „רבנים־קאָמיטעט" אין וואַרשע (1916) האָט דער נאָווידוואָרער רב געפאָדערט, אַז אין יידישן לעבן זאָל דער פּסק־דין פון אַ רב האָבן אַ יורידישע צוואַנג־קראַפט, פונקט ווי אַן אורטייל פון אַ מלוכהשן אָדער שטאָטישן געריכט. די חברה „שומרי־שבת" האָט געפאָדערט, אַז פרומע הויז־באַזיצער זאָלן אַרויסוואַרפן אויפן גאַס לאָקאַטאָרן, וואָס וועלן זיך נישט פאַרפליכטן אָפּצוהיטן שבת

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס אין לאַנד־קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן פון דער אגודה האָבן זיך באַטייליקט די דערמאָנטע פירער פון די דייטשע אָרטאָדאָקסן, וועלכע האָבן אַ לענגערע צייט פאַרבראַכט אין פּוילן, די ראַבינער קאַרלעבאַך און קאָהן. אויפן רבנים־צוזאַמענפאָר פון גאַנץ פּוילן (דעצעמבער 1917) האָט ד״ר קאַרלעבאַך, לויט די באַריכטן פון „היינט" און „מאָמענט", געשפּילט דאָס ערשטע פידל, ער האָט פאַקטיש געפירט דעם גאַנצן צוזאַמענפאָר. אויף דעם צוזאַמענפאָר איז געשטאַנען די „שאלת החינוך" (דערציאונג־פראַגע), און ד״ר קאַרלעבאַך און נאָך אים די רבנים פון פּוילן, האָבן געפאָדערט, אַז די מלוכה זאָל אויסהאַלטן ישיבות, אַז די רבנים זאָלן האָבן די השגחה איבער אַלע דערציאונג־אַנשטאַלטן, אַז די פריי־געשטימטע לערער, „אָט די באַצילן, וואָס פאַרדאַרבן אונזערע קינדער", זאָלן באַזייטיקט ווערן (רעדע פון נאָווידוואָרער רב). „אין לנו אלא תורה בלבד" (מער ווי די תורה איז אונז נישט פאַרבליבן) האָט אויסגעשריען ד״ר קאַרלעבאַך. ער האָט אויך פיל מאָל דערקלערט און צוגעזאָגט צו פועלן וואו מען דאַרף (ד״ה ביי דער אָקופּאַציע־מאַכט), אַז די פּאָסטולאַטן פון רבנים־צוזאַמענפאָר זאָלן גענומען ווערן אין אַכט. צום דאָזיקן רבנים־צוזאַמענפאָר איז אויך געקומען דער דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר רעליגיע און פאָלקס־בילדונג ביים צייטווייליקן פּוילישן מלוכה־ראַט, פּראָפעסאָר מיקולאָווסקי־פּאָמאָרסקי. ער האָט געהאַלטן אַ באַגריסונג־רעדע און אונטערגעשטראָכן, אַז „די ניי־געשאַפענע פּוילישע מלוכה וויל האָבן דירעקטע באַציאונגען מיט די גייסטיקע פירער פון די יידישע בירגער".

## 7. אַסימילאַטאָרן און נעאָ־אַסימילאַטאָרן

די אידייע פון אַסימילאַציע — אַז די יידן דאַרפן אויפהערן צו עקסיסטירן אַלס באַזונדערע נאַציאָנאַלע איינהייט, אָפּזאָגן זיך פון זייער שפּראַך, פון זייער קולטורעלער אייגנאַרטיקייט און איבערנעמען די לאַנד־שפּראַך (פּויליש), בלייבנדיק בלויז אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט, — דאָס האָבן געפּרעדיקט די שוין אַסימילירטע אינטעליגענץ, די יידישע גרויס־בורזשואַזיע, די פאָרשטייער פון פינאַנץ־קאַפּיטאַל, וואו די יידן זיינען געווען שטאַרק פאַרטראָטן. אָט די אַלע שיכטן זיינען, פאַרשטייט זיך, געשטאַנען זייער ווייט פון די יידישע מאַסן און האָבן אויף זיי קיין שום דירעקטן איינפלוס נישט געהאַט. די אַסימילאַטאָרן האָבן אָבער צוזאַמען מיט די חסידים באַהערשט די קהילות, און דאָ האָבן זיי דורך די לעצטע אומדירעקט געקאָנט ווירקן אויף דער ברייטער יידישער מאַסע, דורכפירנדיק אויף פאַרשידענע געביטן די געוואונטשטע פאַר זיי פּאָליטיק.

בעת דער אָקופּאַציע, פאַקטיש פאַר די וואַלן צום וואַרשעווער שטאָט־ראַט, האָט זיך אויסגעבילדעט אַ גרופּע אינטעליגענץ, בראש מיטן באַקאַנטן אַדוואָקאַט לעאָן בערענסאָן (געשטאָרבן אין 1940 אין וואַרשע,

אונטער היטלערס אָקופּאַציע), וועלכע האָט זיך געגעבן אַ נאָמען „נעאָ־אַסימילאַטאָרן".

די דאָזיקע גרופּע האָט פאַרוואָרפן די פּאָליטיק פון די אַלטע אַסימילאַטאָרן מיט זייער פאַראַכטונג צו דער „טשעמנער מאַסע" (פינצטערער מאַסע), וועלכע זיי האָבן געוואָלט בלויז פירן נאָך זיך, ריידן אין איר נאָמען, אַרויפצווינגען אויף איר זייערע באַגריפן און אָנשויאונגען, רעכענענדיק זיך גאַנץ ווייניק מיט אירע רעאַלע נויטן און באַדערפענישן. דאַקעגן, די נעאָ־אַסימילאַטאָרן האָבן געשטרעבט צו גיין מיטן שטראָם פון דער צייט; זייענדיק מער־ווייניקער דעמאָקראַטיש געשטימט, און לויט זייער סאָציאַלער לאַגע ווייט פון די פּלוטאָקראַטישע מאַגנאַטן, האָבן זיי געפּרואווט אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די ברייטערע פאָלקס־שיכטן, זיך צוהערן צו זייער שטים, באַקענען זיך מיט זייערע באַדערפענישן און פאָדערונגען.

פּאַקטיש אָבער, אין דער פּראַקטיק, איז זיי שווער געווען אַרויסצוקריכן פון זייער אַסימילאַטאָרישער הויט און זיי האָבן על־פּי־רוב געהאַנדלט ווי די אַסימילאַטאָרן פון דער אַלטער שיטה.

ווענדיק באַקומען שטימען אין דער 6טער קוריע אויך (אין די ערשטע פינף קוריעס איז, ווי ס'א'יז שוין געווען דערמאָנט, געווען אַ בלאָק פון די אַסימילאַטאָרן, חסידים, ציוניסטן מיט די פּוילישע ענדעקעס און אַנטי־סעמיטן), — זיינען זיי געקומען צו די מאַסן ווילער פון דער 6טער קוריע — מיט אַ נייעם נאָמען. זייער ליסטע האָט געהאַט דעם נאָמען „פאַראייניקטער יידישער קאָמיטעט". זיי האָבן באַקומען סך־הכל 1924 שטימען און נישט דורכגעפירט קיין איין ראַטמאַן. זייער פירער, אַדוואָקאַט לעאָן בערענסאָן (שפּעטער געהערט צו דער פּ. פּ. ס.) איז אַריין אין שטאָט־ראַט דורך דער אַלגעמיינער קאָנסאָלידאַציע. מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט די פּאָליטישע עקזיסטענץ פון די נעאָ־אַסימילאַטאָרן. אויף דער פּאָליטיש־געזעלשאַפט־לעכער אַרענע זיינען געבליבן ווייטער די נאָכשלעפּער פון די אַלטע גוט־באַקאַנטע „פּאָליאַקן פון משהס גלויבן" די נאַטאַנסאָנס, בערסאָנס, נוסבוימס, אייגערס [1]).

בעת דער אָקופּאַציע האָבן די אַסימילאַטאָרן געפירט זייער טעטיקייט אונטער דער פירמע פון „פאַראיין פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט צווישן די יידן פון פּוילן" [2]), וועלכן זיי האָבן געגרינדעט אין דעצעמבער 1917. אין זייער דעקלאַראַציע זאָגט זיך, אַז זייער אויפגאַבע איז: „1) שאַפן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די יידן, זיי זאָלן פרידלעך צוזאַמענלעבן מיט די פּאָליאַקן. דאָס וועט צואיילן, אַז די יידן זאָלן זיין דורכגעדרונגען מיט די הויפּט־אידעאַלן פון פּוילן, וואָס שליסט נישט אויס צו בלייבן טריי די אידעאַלן פון אַלטן גלויבן און טראַדיציע. 2) אַרבעטן אויף אויפ־צוהויבן דעם קולטור־מצב פון יענע יידן צו וועלכע עס איז נאָך נישט דערגאַנגען דאָס באַוואוסטזיין פון די פליכטן פון אַ פּוילישן בירגער, ווייל דערצו האָבן נישט דערלאָזט די קעגנערישע צו אונז גרופּירונגען. 3) מיר האָבן באַקעמפט און וועלן אויך ווייטער באַקעמפן די סעפּאַראַטיסטישע שטרעמונגען. נאָר אונזער פּראָגראַם קען שאַפן פון די ברייטע יידישע מאַסן גלייכבאַרעכטיקטע, באַוואוסטזיניקע און פליכטמעסיקע בירגער, איינוואָרצלען די פּאַקטישע און פּרינציפּיעלע גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן נישט בלויז אין דער מלוכה, נאָר אויך אין דער געזעלשאַפט — דאָס איז אונזער הויפּט־אויפגאַבע".

1) באַרימטע פאַמיליעס, פאָרשטייער פון דער יידישער גרויס־בורזשואַזיע אין פּוילן.

2) Towarzystwo Pracy Spolecznej wsrod Zydow w Polsce.

הגם די אַסימילאַטאָרן האָבן געהאַלטן, אַז די יידן זיינען נאָר אַ רעליגיעזע גרופּע און נישט קיין נאַציע, האָבן זיי דאָך זיך שאַרף אַנטקעגנגעשטעלט דעם פּראָיעקט פון דער אָקופּאַציע־מאַכט צו שאַפן אַ „צענטראַליזירטע יידישע רעליגיעזע געמיינשאַפט" — אַ פאַראייניקונג פון די יידישע קהילות. זיי האָבן דערין איינגעזען אַ געפאַר פאַר דער סואווערעניטעט פון דער פּוילישער מלוכה און זיך באַמיט מיט אַלע כוחות, אַז די וואַלן פון אַ יידישן הויפּט־ראַט (פאַר די קהילות), וואָס די אָקופּאַנטן האָבן פּראָיעקטירט, זאָלן נישט צושטאַנד קומען: „דאָס וואָלט אַרויפגעלייגט אויף אַלע יידן פון פּוילן דעם פלעק פון סעפּאַראַטיזם" — האָבן זיי דערקלערט.*) אינם באַריכט וועגן זייער טעטיקייט בעת דער אָקופּאַציע קלאָגן זיי זיך, אַז „די אָקופּאַנטן האָבן באַגרענעצט די טעטיקייט פון די אַסימילאַטאָרן, זיך באַמיט אַריינצושלאָגן אַ קלין צווישן די יידן און פּאָליאַקן". די אַסימילאַטאָרן האָבן אויך געהאַט אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע „נאַשאַ נאַדזיעיאַ" („אונזער האָפענונג"), וואָס האָט זיך רעקרוטירט הויפּטזאַכלעך פון דער לער־יוגנט און סטודענטן **).

*) דעם פּרינציפּ גופא פון די אָקופּאַנטן — אַז די יידן זיינען בלויז אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט — האָבן זיי אָנגענומען מיט צופרידנקייט. זע אויבן, קאַפּיטל: פּרואוו פון דער אָקופּאַציע־מאַכט צו שאַפן אַ רעליגיעזע יידישע געמיינשאַפט.

**) Sprawozdanie ze Zjazdu Polakow Wyznania Mojzeszowego (10-12 maja 1919) Warszawa.

# VII. פּוילישע פּאַליטישע פּאַרטייען און זייער באַציאונג צו יידן

## 1. בירגערלעכע

אויף דער פּוילישער פּאָליטישער אַרענע האָבן בעת דער אָקופּאַציע געווירקט הויפּטזאַכלעך פאָלגנדיקע פּאַרטייען: „נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן" (נ. ד.), פּראָגרעסיסטן, לודאָווצעס (פּויערשע פּאָלקיסטן), פאַרבאַנד פון אומאָפּהענגיקייט, פאַרבאַנד פון פּאַטריאָטן, קריסטלעכע דעמאָקראַטן (כ. ד.), נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד (נ. ז. ר.) און אַנדערע קלענערע גרופּן. דאָס זיינען אַלץ געווען בירגערלעכע פּאַרטייען (חוץ די כ. ד. און נ. ז. ר., וועלכע האָבן געווירקט צווישן די אַרבעטנדיקע מאַסן) מיט פאַרשידענע סאָציאַל־פּאָליטישע פּלאַטפאָרמעס און פּאָסטולאַטן. די באַציאונג פון דעם גרעסטן טייל פון זיי צו די יידן און דער יידן־פראַגע איז געווען אַ מער אָדער ווייניקער אויסגעשפּראָכן נעגאַטיווע. די נ. ד. איז נאָך פון די צאַרישע צייטן געווען באַקאַנט ווי אַן אויסגעשפּראָכענע אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי, וועלכע האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער באָיקאָט־אַקציע און ווירטשאַפטלעכע דיסקרימינאַציעס בנוגע די יידן. באַטייטנדיק ווייניקער אויסגעשפּראָכן אַנטיסעמיטיש זיינען געווען די לודאָווצעס (פּויערים־עלעמענטן) און די „פּראָגרעסיסטן" (הויפּטזאַכלעך אינדוסטריעלער, פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ אד"גל), וועלכע האָבן אגב געהאַט אין זייערע רייען פיל אַסימילירטע יידן. די כ. ד., אידעאָלאָגיש פּאַקטיש אַ פיליע פון די נ. ד. אויף דער פּוילישער אַרבעטער־גאַס, האָט זיך ווייניק וואָס אונטערשיידט אין איר באַציאונג צו די יידן פון דער נ. ד. גופא. דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד איז געווען אַ בפירוש רעאַקציאָנערע, שאָוויניסטישע, אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי. דער „פאַרבאַנד פאַר אומאָפּהענגיקייט" און „פאַרבאַנד פון פּאַטריאָטן" זיינען געשאַפן געוואָרן בעת דער מלחמה, האָבן קיין באַזונדערע פּראָגראַם בנוגע די יידן נישט געהאַט און האָבן אין די עפנטלעכע באַציאונגען נישט געהאַט נאָך קיין געלעגנהייט זיך אַרויסצוזאָגן און פאָרמולירן זייער שטעלונג. קיין איינע פון די אַלע אָרגאַניזאַציעס האָט נישט אָנערקענט קיין נאַציאָנאַלע רעכט פאַר יידן, פאַר זייער קולטור און אייגנאַרט. אין בעסטן פאַל האָבן זיי טאָלעראַנט באַוויליקט בירגערלעכע רעכט, שטייענדיק פּאַקטיש אויפן שטאַנדפּונקט פון אַסימילאַציע.

## 2. אַרבעטער־פּאַרטייען

פון די אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן געווירקט בעת דער אָקופּאַציעביידע פּ.פּ.ס. („פראַקציע" און „לעוויצע"), די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן (ס.ד.ק.פּ.ל.). וועגן דער פּ.פּ.ס.־לעוויצע האָבן מיר שוין געשריבן. וואָס שייך דער ס.ד.ק. פּ.ל. זיינען צווישן אירע פירער געווען פיל יידן, קינדער פון דער אַסימילירטער יידישער בורזשואַזיע און זייער באַציאונג צו יידן האָט זיך אין דער פּראַקטיק נישט אונטערגעשיידט פון דער באַציאונג פון עלטערן דור אַסימילאַטאָרן. אין זייער וואָכנבלאַט און אויף מיטינגען, באַזונדער בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער שטאָט־ראַט אין 1916, האָבן זיי שאַרף אַטאַקירט דעם „בונד" פאַר זיין „נאַציאָנאַליזם", „סעפּאַראַטיזם", וואָס האָט געמיינט זיינע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, אד"גל, פאַרמאַסקירנדיק אויף אַזאַ אופן בכלל זייער קאָסמאָפּאָליטיש־ניהיליסטישע באַציאונג צום פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, באַזונדערס צו דער יידן־פראַגע. דעם „בונד" איז אויסגעקומען צו פירן אַ שאַרפן קאַמף קעגן אָט דער מינדערווערטיקייט־באַציאונג פון אָט דער פּאַרטיי צו די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, הגם קיין שום איינפלוס אויף די יידישע אַרבעטער האָט די פּאַרטיי נישט געהאַט (צווישן די פּוילישע אַרבעטער איז איר ווירקונג אויפן שטח פון קאָנגרעס־פּוילן געווען פאַרהעלטניסמעסיק געוואָג גרויס). איר איינציקע באַזע אויף דער יידישער גאַס זיינען געווען די בעסער סיטואירטע האַלב־ אָדער שוין גאַנץ־אַסימילירטע ביוראַליסטן און האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן אין וואַרשע, אין לאָדזש, טשענסטאָכאָוו און אַנדערע ערטער זיך גרופּירט אַרום די געזעלשאַפטן פון קעגנזייטיקער הילף פון יידישע האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע, באַקאַנט מיטן פאַרקירצטן נאָמען „קאָמיפאַראיין". פּאַקטיש זיינען די דאָזיקע „פּראָלעטאַרישע" אַסימילאַטאָרן נאָכגעגאַנגען אין דער יידן־פראַגע נאָך דער אידעאָלאָגיע פון די בורזשואַזע אַסימילאַטאָרן און זיך באַמיט זי אַדורכצופירן צווישן דעם א. ג. „ווייס־קאָלנער־פּראָלעטאַריאַט".

ביי די וואַלן צום וואַרשעווער שטאָט־ראַט זיינען די ס. ד. ק. פּ. ל. געגאַנגען אַליין, אָפּזאָגנדיק זיך פון אַ בלאָק מיטן „בונד" און פּ. פּ. ס.־לעוויצע. זיי האָבן דורכגעפירט איין ראַט־מאַן. אין שטאָט־ראַט האָט דער דאָזיקער ראַטמאַן דאָך מסכים געווען אַריינצוטראָגן בשותפות מיטן ראַטמאַן פון סאָציאַליסטישן בלאָק אַ פאָרשלאָג וועגן גרינדן שולן אין דער מוטער־שפּראַך. זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָט ער אויך געשטיצט אַלע פאָרשלאָגן וועגן רעכט אויף אַרבעט פאַר יידישע אַרבעטער און קעגן אַלע שיקאַנעס און דיסקרימינאַציעס פון אַנטיסעמיטישן מאַגיסטראַט בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג.

אין דעצעמבער 1918, גלייך נאָכן סוף פון דער אָקופּאַציע, האָט די ס. ד. ק. פּ. ל. זיך פאַראייניקט מיט דער „לעוויצע"־פּ. פּ. ס. און געבילדעט צוזאַמען די פוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי. אויף דער פוילישער אַרבעטער־גאַס איז געבליבן די רעכטע פּ. פּ. ס., וועלכע האָט גענומען שפּילן אַן אָנגעזעענע ראָל אין לעבן פון דער ניי־אַנטשטאַנענער פוילישער מלוכה. די פּ. פּ. ס.־„פראַקציע" (רעכטע) איז געשטאַנען גאַנץ ווייט פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן און נישט גע־האַט מיט זיי קיין שום באַרירונג־פּונקטן. זי האָט פּראָפּאַגירט די אידייע פון אַ פולשטענדיק אומאָפּהענ־גיקן פוילן און איז געשטאַנען אין ענגן קאָנטאַקט מיט דער גאַליצישער פּ. פּ. ס. ד. די „לעוויצע"־פּ. פּ. ס. און די ס. ד. ק. פּ. ל. האָבן זיך באַצויגן נעגאַטיוו צו די לעגיאָנען און זיך נישט באַטייליקט אין זיי, שטייענ־דיק אויפן שטאַנדפּונקט, אַז אין איצטיקן מאָמענט קאָן נישט זיין די אויפגאַבע פון פּראָלעטאַריאַט צו בויען אַ בורזשואַזע מלוכה. צווישן די אָנגעזעענסטע פירער פון פּ. פּ. ס.־„פראַקציע" אין קאָנגרעס־פוילן זיינען געווען אייניקע יידן, ווי פעליקס פּערל און אַנדערע. בעת דער אָקופּאַציע האָט פּערל געפירט אַ טעטיקייט אין אויבער־שלעזיע. צווישן די טוער פון פּ. פּ. ס. זיינען געווען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן געהאַט אַ קנאַפּן באַגריף וועגן יידישן אַרבעטער־קלאַס און זיינע פּאָסטולאַטן. בעת די וואַלן צום וואַרשעווער שטאָט־ראַט איז אויסגעקומען צו הערן פון פּ. פּ. ס.אישע וואַל־אַגיטאַטאָרן, אַז ס'איז בכלל נישטאָ קיין יידישע אַרבעטער, אַז אַלע יידן זיינען הענדלער, קרעמער, סוחרים און פאַבריקאַנטן. דער אָרגאַן פון פּ. פּ. ס. אין לאָדזש „לאָדזשאַנין" האָט בעת די וואַלן צום שטאָט־ראַט אין סאָסנאָוויץ (1915) פאָרגעוואָרפן דער „לעוויצע"־פּ. פּ. ס. איר נאָענטקייט מיטן „בונד", וועלכער האָט געפּאָדערט וואַלן אויפן סמך פון דער פּינפפאַכיקער פאָרמול. אין סאָסנאָוויצער שטאָט־ראַט זיינען אַזוי אויך געווען 65 קריסטן און 10 יידן, ווען מ'גיט־נאָך דעם „בונד" וואָלטן געווען נאָך מער יידן. עס הייסט — פירט אויס דער „לאָדזשאַנין" — אַז דער „בונד" פאַר־טיידיקט די גרעסטע עקספּלואַטאַטאָרן אויף דער וועלט — די יידישע בורזשואַזיע *).

אין פּילסודקיס לעגיאָנען האָבן געקעמפט ביז 300 יידן, דאָס רוב פון גאַליציע, ווייניקער פון קאָנגרעס־פוילן. העכער 80 זיינען געפאַלן אויפן שלאַכט־פעלד, צווישן זיי בראָניסלאַוו מאַנספעלד (פּסעוודאָנים „חבר"), גרינדער פון פוילישן „סטשעלעץ" אין פּאַריז, אַדאָלף שטערנשוס, געוועזענער אָפיציר פון דער עסטרייכישער אַרמיי, אַריינגעטראָטן אין די לעגיאָנען אַלס פּשוטער זעלנער און פיל אַנדערע. דער באַקאַנטער יידישער מאַלער לעאָפּאָלד גאָטליב (קראָקע), אַ לעגיאָנער, האָט געשאַפן פיל בילדער פון לעבן און קאַמף פון די לע־גיאָנערן. ער האָט אויך געמאָלן פּילסודסקיס בילד מיטן פּנים פון אַ ביבלישן נביא.

*) ציטירט ביי פעליקס קאָן: פוילישע פּאַרטייען און די יידן. „צוקונפט" ניו־יאָרק, 1915.

# VIII. קאַמף פאַר יידישע רעכט אין די שטאָטישע זעלבסט־פאַרוואַלטונגען

די וואַלן צו די שטאָט־ראַטן זיינען פאָרגעקומען, ווי ס'איז שוין דערמאָנט געווען, לויטן רעאַקציאָנערן קוריאַלן וואַל־סיסטעם. די וויילער זיינען איינגעטיילט געוואָרן אין זעקס קוריעס: 1) ערד־ און הויז־באַזיצער, 2) גרעסערע אייגנטימער פון האַנדל־ און אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, 3) געלערנטע, קאַטוילישע גייסטלעכע, פרייע פראָפעסיעס, 4) קליין־אינדוסטריעלער, בעל־מלאכות, קליין־הענדלער, 5) צאָלער פון וואוינונג־שטייער, 6) אַלע, וועלכע האָבן נישט קיין וואַל־רעכט אין די ערשטע 5 קוריעס. פאַסיווע וואַל־רעכט האָבן געהאַט יענע, וואָס קענען ריידן און שרייבן פויליש. אין וואַרשעווער שטאָט־ראַט זיינען געווען 90 ראַט־מענער, פון זיי בלויז 19 יידן, הגם די יידישע באַפעלקערונג האָט אויסגעמאַכט דאַן קנאַפע 40 פראָצענט און 60 פראָצענט פון די שטייערן האָבן געצאָלט די יידן*). דאָס האָבן די יידן געהאַט צו פאַרדאַנקען דער שוין דערמאָנטער „קאָנסאָלידאַציע" מיט די פוילישע פאַרטייען. אין לאָדזש, ביי די וואַלן פון 22טן מערץ 1917, האָבן די יידן אויף 60 ראַטמענער באַקומען 31 (28 אין די ערשטע פינף קוריעס, דריי אין דער זעקסטער). דאָרטן איז צו קיין „קאָנסאָלידאַציע" נישט געקומען און די צאָל האָט אַנטשפּראָכן דעם ווירטשאַפטלעכן וואָג פון די יידן אין לאָדזש אין די פינף קוריעס.

די שטאָט־ראַטן, איבערהויפּט דער וואַרשעווער, וואו עס זיינען געווען קאָנצענטרירט די בעסטע פוילישע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טוער פון בירגערלעכן לאַגער (סאָציאַליסטן זיינען געווען בלויז 4: 1 — סאָציאַליסטישער בלאָק, 1 — ס. ד. ק. פּ. ל., 2 — פּ. פּ. ס.־פראַקציע) איז דאַן געווען די איינציקע אַרענע פון פּאָליטישן, סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן קאַמף. דעם קאַמף פאַר די נאַציאָנאַלע רעכט פון די יידן האָט איבערהויפּט געפירט די יידישע פאָלקס־פאַרטיי (פיר ראַטמענער) מיט איר פירער נח פרילוצקי בראש. די רעאַקציאָנער־אַנטיסעמיטישע מערהייט איז געווען טויב און שטום נישט בלויז בנוגע די נאַציאָנאַלע רעכט, נאָר אויך נישט געוואָלט הערן וועגן עלעמענטאַרער ווירטשאַפטלעכער גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן. זי האָט מיט ציין און נעגל זיך געהאַלטן ביי דער ירושה פון די צאַרישע צייטן און נישט צוגעלאָזט יידן צו קיין שום שטאָטישע שטעלעס, הגם ווי געזאָגט, די יידן האָבן געבילדעט 40 פראָצענט פון דער באַפעלקערונג און געצאָלט 60 פראָצענט פון די שטאָטישע שטייערן.

---

*) דער פראָצענט יידישע וויילער איז געווען נאָך גרעסער: פון דער אַלגעמיינער צאָל 78,567 וויילער זיינען געווען יידן — 34,679.



ביי די בודזשעט־דעבאַטן פלעגט קומען צו שטורמישע סצענעס צווישן די צוויי סאָציאַליסטישע ראַטמענער (פון „סאָציאַליסטישן בלאָק" און ס. ד. ק. פּ. ל.; די צוויי ראַטמענער פון דער פּ. פּ. ס.־פראַקציע, איינער פון זיי דער באַרימטער פוילישער שריפטשטעלער גוסטאַוו דאַנילאָווסקי — האָבן זיך אין דער „יידן־פראַגע" נישט געמישט) און די פּאָלקיסטן פון איין זייט, מיט דער מערהייט פון שטאָט־ראַט, פון דער צווייטער זייט. דער מאַגיסטראַט פאָדערט אַ מיליאָן רובל אויף אויסצוהאַלטן דעם שטאָטישן פערסאָנאַל, צווישן וועלכן עס איז נישטאָ בוכשטעבלעך קיין איין ייד. ער פאָדערט צוויי מיליאָן רובל אויף די שטאָטישע שולן און קיין איין גראָשן ווערט דערפון נישט געגעבן אויף יידישע שולן. נאָכמער, אפילו די פוילישע שולן האָט מען איינגעטיילט אַזוי, אַז פון ניי 16 פונקטן אויף איינצושרייבן קינדער, האָט מען אין די יידישע קוואַרטאַלן געעפנט בלויז 3, און ווען אין איין פונקט, אויף דער יידישער גאַס נאָוואָליפּקי, האָבן שוין געהאַט זיך איינגעשריבן 1,500 קינדער, האָט מען גלייך אָפּגעשטעלט דאָס איינשרייבן. עס איז געפירט געוואָרן אַ סיסטעמאַטישער באָיקאָט פון יידישע אַרבעטער אויף די שטאָטישע עפנטלעכע אַרבעטן פאַר אַרבעטסלאָזע — אויף 12 טויזנט האָט מען קוים צוגענומען 400 יידן. בעת מען האָט ווערבירט אין אָנהויב פון דער אָקופּאַציע די שטאָטישע מיליץ, האָבן זיך פאַרשריבן אַהין פיל יידן, אָבער מען האָט צוגענומען אַ נישטיקע צאָל און דאָס אויך אויף נידעריקע פּאָסטנס, קיין איין יידישער קאָמיסאַר, קיין איין יידישער פאַרטרעטער אין דער קאָמענדאַנטור פון דער מיליץ. אין אַכטן פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, וואו צוויידריטל הויז־אייגנטימער און דריי־פערטל פון דער באַפעלקערונג זיינען יידן, איז געווען סך־הכל דריי יידישע גאַסן־מיליציאַנטן און קיין איין ייד אין דער קאַנצעלאַריע.

די מיליץ האָט זיך באַצויגן ברוטאַל צו דער יידישער באַפעלקערונג, פלעגט שלאָגן יידן אין די קאָמיסאַריאַטן, און דער אַנטיסעמיטישער מאַגיסטראַט פלעגט טאָלערירן אַזעלכע גוואַלדטאַטן. אויף איין קאָמיסאַר פון דער מיליץ זיינען אָנגעקומען העכער 100 אָנקלאַגעס פון יידן, און דאָך איז ער געבליבן אויף זיין פּאָסטן. די מיליץ האָט נישט געלאָזט יידן צו שטעלן סוכות. געווען פאַלן, ווען די מיליץ איז געקומען, אַרויסגעטריבן די יידן פון דער סוכה און די סוכה גופא צעוואָרפן. בעת אַ יום־טוב־פאָרשטעלונג אין יידישן טעאַטער האָט די מיליץ אַרויסגעטריבן אין מיטן דער פאָרשטעלונג דעם גאַנצן גרויסן עולם,

ווייל — די שטאָט האָט עפּעס געמאָנט אַ געוויסע
סומע פון טעאַטער־אייגנטימער קאַמינסקי.

דער פאַראיין פון יידישע האַנדלס־ און ביוראָ־
אָנגעשטעלטע (קאָמי־פאַראיין) האָט דערלאַנגט אַ פּע־
טיציע צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג וועגן באַזעצן יידן
אויף שטאָטישע שטעלעס. די פּעטיציע איז געוואָרן
געשטיצט פון די סאָציאַליסטישע, פאָלקיסטישע און
אַ טייל יידישע ראַט־מענער פון דער „קאָנסאָלידאַציע"
(אַדוואָקאַט לעאָן בערענסאָן, באַנקיר ראפאל שערע־
שעווסקי). דער ראַטמאַן פון „סאָציאַליסטישן בלאָק"
אינזשינער ציִשעווסקי האָט אַריינגעטראָגן אַ שאַרפן
פאָרשלאָג וועגן באָיקאָט פון יידישער אַרבעט. סיי די
פּעטיציע, סיי דער פאָרשלאָג זיינען דורך דער מער־
הייט אָפּגעוואָרפן געוואָרן. דערביי האָט דער פירער
פון דער אַנטיסעמיטישער מערהייט ד"ר אילסקי ממש
געדראָט מיט שאַרפע קאָנסעקווענצן פאַר יידן, אויב
זיי וועלן מאַכן פרואוון אַריינצודרינגען אויף שטעלעס
אין די שטאָטישע אונטערנעמונגען. מיט זייערע
אַרויסטרעטונגען גיבן די יידן בלויז מאַטעריאַל דער
וועלט־פּרעסע און ברענגען שאָדן דער פוילישער זאַך
אין אויסלאַנד — האָט אילסקי דערקלערט: עס וועט
פאַר אייך יידן זיין די שרעקלעכסטע קאַטאַסטראָפע,
אויב איר וועט וועלן אַריינדרינגען אין דער שטאָטי־
שערווירטשאַפט, באַקומען שטעלעס אין מאַגיסטראַט,
איר וועט דערביי נישט גוט אָפּשניידן *).

די דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק בנוגע די יידן האָט
זיך נישט באַגרענעצט בלויז מיט נישט צולאָזן זיי צו
קיין שום שטאָטישע שטעלעס, מען האָט נאָך גלייכ־
צייטיק געשטרעבט אָפּצונעמען ביי זיי יענע ווירט־
שאַפטלעכע פּאָזיציעס, וועלכע זיי האָבן שוין געהאַט
פאַרנומען. אין שטאָט־ראַט איז דעם 26טן אָקטאָבער
1916 אָנגעגעבן געוואָרן אַ פּעטיציע פון די פוילישע
קליין־הענדלער דורך דעם אַנטיסעמיטישן פאַראיין
„ראָזוואוי" (זיין פירער איז געווען דער דערמאָנטער
אילסקי) וועגן איינפירן צוואַנג־זונטיק־רו און פאַר־
ווערן די יידישע הענדלער צו האַנדלען זונטיק. מען
האָט אָפּגעשאַפט פיל פלעצער פון יידישע גאַסן־הענד־
לער אין די הויפּט־גאַסן, ווי מאַרשאַלקאָווסקאַ און אַנ־
דערע און פאַרטריבן זיי אין די יידישע געסלעך, פאַק־
טיש איינגעפירט אַ געטאָ פאַר די יידישע הענדלער פון
האַנדלס־מאַרק „גאָשציני דוואור". דער מאַגיסטראַט
איז געווען אַ ווערקצייג אין די הענט פון די אַנטיסעמי־
טישע באָיקאָט־מאַכער. און ער האָט אויסגענוצט זיין
פאַקטישע מאַכט איבער דער שטאָט אויף עקאָנאָמישן
קאַמף לגבי דער יידישער באַפעלקערונג.

די שטאָטישע זעלבסט־פאַרוואַלטונגען, וואָס אין

*) פּראָטאָקאָל פון דער 16טער זיצונג פון וואַרשעווער
שטאָט־ראַט פון 1916.

זייערע הענט איז פאַקטיש געלעגן די גאַנצע באַשפּיי־
זונג־אַקציע פאַר דער באַפעלקערונג, פלעגן סיסטע־
מאַטיש איגנאָרירן די ווענדונגען פון די יידישע ווירט־
שאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס וועגן פאַרטיילן זיי פּראָ־
דוקטן פון די שטאָטישע סקלאַדעס. אַזוי, למשל, פּראָ־
טעסטירט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון יידישן אַר־
בעטער־קאָאָפּעראַטיוו „איניקייט" (18טן פעברואַר
1917) קעגן דעם, וואָס דער וואַרשעווער מאַגיס־
טראַט האָט נישט פאַרקויפט דעם קאָאָפּעראַטיוו צוקער
און מעל, בעת ער פלעגט פּריוואַטע סוחרים יאָ
פאַרקויפן די דאָזיקע לעבנס־נויטווענדיקע פּראָדוקטן.
דאָס זעלבע איז געווען מיטן בעקער־קאָאָפּעראַטיוו אין
וואַרשע און מיטן קאָאָפּעראַטיוו פון די האַנדלס־ און
ביוראָ־אָנגעשטעלטע (קאָמי־פאַראיין) אין לאָדז און
אַנדערע. די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע באַציאונג איז
נישט אַראָפּגעגאַנגען פון דער טאָג־אָרדענונג פון די
אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די יידישע אַרבעטער־
אָרגאַניזאַציעס און עס פלעגן כסדר אָנגענומען ווערן
וועגן דעם שאַרפע פּראָטעסט־רעזאָלוציעס. פאַררופנ־
דיק זיך אויף אַן אַלטן צאַרישן געזעץ פון 1841 פלעגט
מען אין די וואַרשעווער שטאָטישע שפּיטאָלן נעמען אַ
ספּעציעלן אָפּצאָל פון יידישע קראַנקע.

ברוטאַל־ציניש איז געווען דער ענטפער פון דער
שטאָט־פאַרוואַלטונג אויפן דערמאָנטן פאָרשלאָג פון
די פאָלקיסטישע און סאָציאַליסטישע ראַט־מענער וועגן
שאַפן שטאָטישע שולן פאַר יידן אין דער מוטער־
שפּראַך. די קאָמיסיע פון שטאָט־ראַט האָט זיך פאַר־
רופן אויפן... צאַרישן געזעץ פון 5טן יוני 1862,
וועלכער פאַרווערט צו שרייבן דאָקומענטן אין העב־
רעאישער און דייטש־יידישער שפּראַך, ווייל ביידע
שפּראַכן האָבן נישט קיין עפנטלעך־רעכטלעכן כאַראַק־
טער, און אויפן סטאַטוט פון די אָנפאַנג־שולן פון 11טן
סעפּטעמבער 1864, וועלכער אָנערקענט נישט דאָס
רעכט פון יידיש און העברעאיש אַלס אונטערריכט־
שפּראַכן *).

דער שטאָט־ראַט פון דער רעזידענץ פון נייעם
פוילן, וואָס איז אָקאָרשט באַפרייט געוואָרן פון צאַ־

*) דער דערמאָנטער געזעץ (5טן יוני 1862) האָט אָפּגע־
שאַפט אַ ריי באַגרענעצונגען און אויסגעגלייכט די יידן אין
ציווילע רעכט; דאָס אַרטיקל 7 פון געזעץ זאָגט: „קיין שום
שריפטלעכע ציוויל־ אָדער האַנדל־אַקטן, ווי: צוואות, אָפּמאַכן,
וועקסלען, רעכענונגען, האַנדל־ביכער, ווי אויך אַנדערע דאָקו־
מענטן און אַקטן דאַרפן נישט געשריבן אָדער אונטערגעשריבן
ווערן אין העברעאיש אָדער יידיש־דייטש, אָדער אויף אַן אַנ־
דער שפּראַך מיט העברעאישע אותיות".

די באַגרענעצונג פאַר די שפּראַכן ווערט אין געזעץ מאָ־
טיווירט בזה הלשון: „דאָס צולאָזן יידן צו געניסן פון אַלגע־
מיינע רעכט פון לאַנד פאָדערט פון זיי אָפּצוזאָגן זיך פון
באַנוצן אין ציווילן לעבן אַ באַזונדערע שפּראַך און שריפט".

זע: המליץ, 1862, נ. 39; יוטשענקאַ (פויליש, וואַרשע)
1862, נ. 50.

רישן יאָך, האָט בנוגע די יידן אָנגעווענדעט דעם אַלטן
צאַרישן געזעץ פון די יאָרן 1862 און 1864! און
מיט אַ ציניש שטילשווייגן האָט די ענדעקיש־אַנטי־
סעמיטישע קליקע באַגעגנט די ווערטער פון נח פּרי־
לוצקי: „דאָ אין זאַל — האָט ער געזאָגט — איז
געווען אַ פאָרשלאָג צו באַערן דעם אָנדענק פון אומ־
געקומענעם אויפן צאַרישן עשאַפאָט ראָמואַלד טראַו־
גוט (שעף פון דער אויפשטאַנד־רעגירונג אין יאָר
1863 — וו. ש.). איצט פאַררופט זיך די פאַרטיי פון
אומאָפהענגיקייט אויפן זעלבן צאַר, וועלכער האָט באַ־
פוילן אויפהענגען טראַוגוטן! ס'איז אַ וואונדער, וואָס
זי האַלט זיך נישט אָן די זעלביקע צאַרישע געזעצן
בנוגע די שולן פאַר פאָליאַקן, וואו די אונטעררריכט־
שפּראַך האָט געמוזט זיין רוסיש".

אין אַזאַ הפקר־אַטמאָספער בנוגע די יידן איז
נישט קיין וואונדער, וואָס דער לייטער פון אַ גרוי־
סער פאָלקס־שול אויף זלאָטע 51—53 האָט גאַנץ איינ־
פאַך דעקרעטירט די עטלעכע און זעכציק עלטערן פון
יידישע שילער, אַז זייערע קינדער מוזן גיין שבת אין
שול, קיין רב אויף צו לערנען יידישע רעליגיע וועט
מען נישט צולאָזן און — אַז זונטיק מוזן די יידישע
קינדער גיין אין קלויסטער אַריין. קיין אויסנאַמען
וועלן נישט געמאַכט ווערן.

כאַראַקטעריסטיש איז געווען די שטעלונג פון
דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אויפן געביט פון שול־
וועזן. מיר האָבן שוין געשריבן, אַז די ערשטע צייט
האָבן די דייטשן פאַקטיש גענומען איינפירן דייטשע
שולן פאַר די יידן. ערשט שפּעטער, נאָך אַ האַרט־
נעקיגן ווידערשטאַנד און מאַסנהאַפטע קאָלעקטיווע



ווענדונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן זיי
זיך צוריקגעצויגן. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר בעזע־
לער האָט (אָקטאָבער 1916) צום סטאַטוט וועגן שאַפן
אַ שול־ראַט פאַר גאַנץ פוילן צוגעשריבן: „איך גע־
פין אויך, אַז דער שול־וועזן דאַרף זיך אַנטוויקלען
אויפן גרונט פון נאַציאָנאַלער שפּראַך און נאַציאָנאַ־
לער קולטור. ווי ווייט מעגלעך באַפרידיקן אויך די
גערעכטע פאָדערונגען פון דער מינדערהייט". אין
„שול־ראַט" איז באַשטימט געוואָרן איין „פאַרטרעטער
פון יידישן גלויבן". אַזוי ווי די אָרטאָדאָקסן זיינען
שטאַרק פאַוואָריזירט געוואָרן פון דער אָקופּאַציע־
מאַכט, איז דער דאָזיקער פאַרטרעטער פון „יידישן
גלויבן" אין „שול־ראַט" געווען עפּעס אַ מקורב פון
גערער רבין, און זיינע פונקציעס זיינען באַשטאַנען
אין אָפּהיטן די יידישע רעליגיע אין די פוילישע שולן,
וואו עס לערנען זיך יידישע קינדער. אויף אַזאַ אופן
זיינען שוין „באַפרידיקט" געוואָרן די „גערעכטע פאָ־
דערונגען פון דער מינדערהייט", ווי דער גענעראַל־
גובערנאַטאָר בעזעלער האָט זיי פאַרשטאַנען.

אין אָקטאָבער 1917 האָט די דייטשע אָקופּאַציע־
מאַכט איבערגעגעבן דער פוילישער רעגירונג אַלע
ענינים פון שול־וועזן. דער בילדונג־דעפּאַרטמענט פון
צייטווייליקן מלוכה־ראַט האָט דערקלערט: די לי־
מוד־שפּראַך אין אַלע עפנטלעכע שולן איז פויליש.
באַזונדערע פאָלקס־שולן פאַר יידן קאָנען געגרינדעט
ווערן, נעמענדיק אין אַכט די יידישע רעליגיעזע יום־
טובים און אַנדערע אומשטענדן; דער „חדר" קאָן
ווערן אָנערקענט ווי אַ פריוואַט־שול, אָבער די לימוד־
שפּראַך מוז זיין פויליש.

# IX. פראַפעסיאָנעלע באַוועגונג

## פאַנאַנדערבוי פון לעגאַלע פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען

אינם ערשטן יאָר מלחמה, אונטער דער צאַרישער הערשאַפט האָבן עקזיסטירט בלויז אומלעגאַלע פראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַראיינען, הגם נישט אין אַלע צווייגן. צוליבן כאַראַקטער פון דער אונטערערדישער טעטיקייט האָבן זיך קיין מאַסן־אָרגאַניזאַציעס נישט געקאָנט בילדן *). אָבער ווי נאָר די דייטשע און עסטרייכישע אַרמייען האָבן אָקופירט פוילן זיינען גלייך געשאַפן געוואָרן אָפענע, לעגאַלע פאַראיינען אין כמעט אַלע אינדוסטריע־צווייגן. די איניציאַטיוו און הויפט־ווירקונג האָט אויך דאָ געהאַט דער „בונד“.

די בונדישע אומלעגאַלע טוער אין וואַרשע האָבן באַקומען ידיעות פון לאָדזש, וועלכע איז געווען אָקופירט פריער ווי וואַרשע, אַז די אָקופאַציע־מאַכט דולדעט דאָרטן די עקזיסטענץ פון פראָפעסיאָנעלע־ און קולטור־פאַראיינען, וועלכע האָבן נאָך עקזיסטירט פאַר די צאַרישע צייטן. האָבן זיי אויסגענוצט די אומלעגאַלע פאַרבינדונגען אין די אומלעגאַלע קאָמיסיעס וואָס האָבן כמעט אין אַלע פאַכן אונטערגעהאַלטן די באַציאונגען מיט די ברייטערע מאַסן, און אויף מאָרגן נאָכן אַריינמאַרש פון דער דייטשער אַרמיי אין וואַרשע צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון קנאַפע 70 פאָרשטייער פון אַלע פאַכן. די דאָזיקע פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן צו שטעלן די אָקופאַציע־מאַכט פאַר אַ געשעענעם פאַקט און גלייך בילדן אָפענע לעגאַלע פאַראיינען. עס איז אויפן אָרט אויסגעוויילט געוואָרן אַ צענטראַל־ביוראָ, וועלכע האָט זיך גענומען אָרגאַניזירן די פאַראיינען און האָט געדאַרפט צענטראַליזירן זייער טעטיקייט. אַזעלכע פאַראיינען זיינען געבילדעט געוואָרן צען (שפעטער זיינען צוגעקומען נאָך דריי) אין די הויפט־אינדוסטריעס, ווי לעדער, באַקלייד, פאַפיר, דערנערונג, בוי, מעטאַל, טעקסטיל און אַנדערע. איבער נאַכט ממש זיינען געשאַפן געוואָרן לאָקאַלן פאַר די ביוראָס פון די פאַראיינען, אויפגעקלעפט געוואָרן שילדן אין יידיש און פויליש מיטן נאָמען פון פאַראיין. אין די צייטונגען זיינען געדרוקט געוואָרן די אַדרעסן פון אַלע פאַראיינען און עס איז געמאָלדן געוואָרן דערביי, אַז נייע מיטגלידער (עס האָט געהייסן, אַז די פאַראיינען עקזיסטירן שוין פון לאַנג) ווערן אָנגענומען אין די ביוראָ־שעהן. די אָקופאַציע־מאַכט האָט שפעטער געפאָדערט צושטעלן איר די סטאַטוטן פון

*) אין עסטרייכישן טייל פון פוילן (גאַליציע) האָבן עקזיסטירט לעגאַלע גרופעס פון יידישע אַרבעטער; אָט די גרופעס זיינען געווען דירעקט פאַרבונדן מיט די פאַראיין־צענטראַלעס אין ווין. זיי האָבן בעת דער מלחמה געציילט אַן ערך 5,000 מיטגלידער.



די פאַראיינען. אין די סטאַטוטן איז אין ערשטן פונקט געזאָגט געוואָרן, אַז דער פאַראיין נעמט אַרום אַלע אַרבעטער פון דער געגעבענער אינדוסטריע, אָן אונטערשייד פון רעליגיע, נאַציאָנאַליטעט און פאָליטישע איבערצייגונגען. די פאַראיינען זיינען אינטערנאַציאָנאַלע — דאָס איז געווען דער פרינציפ. פאַקטיש אָבער זיינען פוילישע אַרבעטער געווען אַ גרעסערע צאָל אין טאַבאַק־אַרבעטער פאַראיין (העכער 200), אַ קליינע צאָל אין בעקער־פאַראיין, איינצלנע אין דרוקער־פאַראיין. אַלע איבעריקע פאַראיינען האָבן אַרומגענומען בלויז יידישע אַרבעטער, ווייל גלייכצייטיק האָבן זיך גענומען שאַפן אויך פאַראיינען פון פוילישע אַרבעטער.

אין לאָדזש איז דעמאָלט דער גרעסטער טייל פאַראיינען געווען געמישטע — יידישע מיט נישט־יידישע אַרבעטער צוזאַמען. דאָס שטאָטישע צענטראַל־ביוראָ פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (מיט פאָרשטייער פון די פאַרטייען „בונד“, פ. פ. ס. און ס. ד. ק. פ. ל.) האָט אַרומגענומען 16 פאַראיינען. זיי זיינען געשאַפן געוואָרן אויפן זעלבן אופן, ווי אין וואַרשע. אין לובלין, וואו עס איז געווען דער צענטער פון דער עסטרייכישער אָקופאַציע האָבן די אַרבעטער אויך געבילדעט פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וועלכע האָבן זיך גרופירט אין איין גרויסן לאָקאַל „אַרבעטער־היים“. דאָס זעלבע איז געווען אין כעלם, טשענסטאָכאָוו, קעלץ, פעטריקאָוו און אַנדערע שטעט. אין ווילנע, גראָדנע, ביאַליסטאָק, וואו די באַדינגונגען פון דער אָקופאַציע זיינען געווען פיל שווערערע, זיינען פונדעסטוועגן אויך געשאַפן געוואָרן פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען מיט שטאָטישע צענטראַל־ביוראָען, אַלס אָנפירנדיקע אינסטאַנצן. אין די דאָזיקע שטעט, דער עיקר אין ווילנע, זיינען די פאַראיינען געווען אינטערנאַציאָנאַלע און האָבן אַרומגענומען אויך פוילישע און ווייס־רוסישע אַרבעטער. אין יעדן פאַראיין האָבן דאָרטן עקזיסטירט באַזונדערע נאַציאָנאַל־קולטורעלע סעקציעס אויף אָנצופירן מיט דער קולטור־ און אויפקלערונג־אַרבעט אויף דער מוטער־שפראַך פון די מיטגלידער פון יעדער סעקציע. דער הויפט־קערן פון די פאַראיינען זיינען אָבער געווען די יידישע אַרבעטער. די גרעסערע שטעט האָבן געהאָלפן די קלענערע, וועלכע האָבן אויך, וואו דאָס איז נאָר געווען מעגלעך, אָרגאַניזירט די אַרבעטער אין פאַך־פאַראיינען.

אַזוי ווי דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע לעבן איז צוליב מלחמה און אָקופאַציע געווען דעזאָרגאַניזירט, האָט די אייגנטלעכע פראָפעסיאָנעלע טעטיקייט פון די פאַראיינען נישט געקענט האָבן אַזאַ ברייטן פאַרנעם, ווי אין נאָרמאַלע צייטן. אין אַזעלכע פראָדוקציע־

צווייגן, וועלכע האָבן ווייניקער געליטן פון דער מלחמה, אָדער וואָס האָבן זיך שנעלער געקענט צופּאַסן צו די ניי־געשאַפענע באַדינגונגען, האָבן די פאַראיינען דאָך געפירט אַ ברייטע טעטיקייט. די צערודערטע ווירטשאַפט, דער אַלץ שטייגנדיקער יקרות, די געוואַלטיקע אַרבעטלאָזיקייט האָט געשאַפן אַ הפקרות־אַטמאָספער אין די באַציאונגען צווישן די אַרבעטס־געבער און אַרבעטס־נעמער. עס איז קיין סימן נישט געווען פון לוין־טאַריפן, פון אַ פעסט־איינגעשטעלטן אַרבעטס־טאָג, פון אַ וועלכער נישט איז נאָרמירונג פון אַלע אַנדערע אַרבעטס־באַדינגונגען.

די אויפגאַבע פון די ניי־געשאַפענע פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען איז געווען: רעגולירן די באַציאונגען, אַריינטראָגן פּלאַנמעסיקייט אין די אַרבעטס־באַדינגונגען, זיכערן פאַר די אַרבעטנדיקע כאָטש אַ מינימאַלע מעגלעכקייט פון עקזיסטענץ. אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפיל: אין זאָקנמאַכער־פאַך אין לאָדזש האָבן די אונטערנעמער נישט אַרויסגעגעבן קיין שטריק־נאָדלען די אַרבעטער, אַרויפוואַרפנדיק אויף זיי דעם גאַנצן שווערן יאָך פון שאַפן אַזאַ אַרבעטס־געצייג אין די באַדינגונגען פון מלחמה־צייט. אַ גאַנצן מאָנאַט האָט געדויערט אַ סטרייק פון 250 זאָקן־מאַכערינס און צווישן די געוואונענע פאָדערונגען (60—80 פראָצענט לוין־העכערונג און אַנדערע) איז אויך געווען די, אַז די אונטערנעמער מוזן באַזאָרגן די אַרבעטאָרינס מיט נאָדלען. אַנדערש איז פאַר די אַרבעטער געשטאַנען די דילעמע: קויפן ברויט צו עסן, אָדער נאָדלען צו דער אַרבעט.

די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן געמוזט פירן פאַרביטערטע קאַמפן פאַר פאַרווירקלעכן די הויפּט־פרינציפן פון דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, ווי למשל: אָנערקענונג פון די פאַראיינען מצד די אונטערנעמער, שליסן מיט זיי דויערנדיקע אָפּמאַכן וועגן לוין־טאַריפן, אַרבעטס־צייט, צו נעמען צו דער אַרבעט און אָפּזאָגן אַרבעטער אויסשליסלעך דורכן פראָפעסיאָנעלן פאַראיין, וואָס איז באַזונדער געווען וויכטיק, כדי צו לאָקאַליזירן דעם ווירטשאַפטלעכן כאַאָס פון יענער צייט. דאַן אָפּשאַפן שטיק־אַרבעט, אויסצאָלן דעם לוין רעגולער אין אַ באַשטימטער צייט (יעדע וואָך, למשל) אד״גל.

אַלע דערגרייכונגען, וואָס די אָרגאַניזירטע אַרבעטער האָבן געהאַט אויסגעקעמפט ביז דער מלחמה זיינען איצט צערונען געוואָרן. געווען פאַכן, וואו די אַרבעטס־צייט האָט געדויערט 14—16 שעה אַ טאָג, באַזונדער אין לעדער־ און באַקלייד־פאַכן אין וואַרשע, ראַדאָם, לאָדזש, שעדלעץ, לובלין און אַנדערע. האָבן דעריבער די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען איצט געמוזט פירן עקשנותדיקע קאַמפן פאַר אַ 8־9־10 שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, אָפּהענגיק פון די באַדינגונגען אין געגעבענעם פאַך. אין לובלין, למשל, האָט דער באַקלייד־פאַראיין אויסגעפירט, אַז דער אַרבעט־אינספּעקטאָר זאָל פלאַקאַטירן אין אַלע וואַרשטאַטן, אַז דער אַרבעטס־טאָג קען דויערן נישט מער ווי צען און אַ האַלב שעה (ביז דאַן 13—14). די העפטער־אַרבעטער אין וואַרשע האָבן נאָך אַ סטרייק פון 23 טעג געוואונען אַ 9־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און 25 פראָצענט יקרות־הוספה. די מענער־פריוואַט־שניידער נאָך 12 טעג סטרייקן — אַ לוין הוספה פון 15 פראָצענט. די סטרייקן אין וואַרשע, לאָדזש, לובלין האָבן אָפּטמאָל אַרומגענומען צו עטלעכע הונדערט אַרבעטער גלייכצייטיק, באַזונדער ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן איינשטעלן איינהייטלעכע באַדינגונגען אין אַ גאַנצן פאַך, אָדער בראַנזשע (דאַמען־מאַגאַזין, קאָנפעקציע, קאַמאַשן־מאַכער — וואַרשע, זאָקן־מאַכער — לאָדזש; טאַבאַק־אַרבעטער, באַקלייד־אַרבעטער — לובלין און אַנדערע). דערביי דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז די אָקופּאַציע־מאַכט, הגם זי האָט טאָלערירט די עקזיסטענץ פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט זי דאָך נישט דערלויבט, אַז אין דער פרעסע זאָל דערמאָנט ווערן וועגן סטרייקן. דאָס וואָרט סטרייק האָט די צענזור נישט אַדורכגעלאָזט און אין די „לעבנס־פראַגן״ פון יענער צייט האָבן סטרייקן פיגורירט אונטער פאַרשיידענע פסעוודאָנימען, ווי, למשל: „אויסגעבעסערט די אַרבעטס־באַדינגונגען״, „געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די פאַבריקאַנטן״, „געפירט אַן אַקציע״, „אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען״ אד״גל *).

די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן געהאַט אויסצושטיין שווערע קאַמפן מיט די פאַראיינען פון די אונטערנעמער. סטרייקן ביי איינצלנע אונטערנעמער, באַזונדער אין באַקלייד־פאַך, פלעגן זיך פאַרציען אָפּט לאַנג, צוליב דער שטאַרקער אָרגאַניזאַציע פון די אונטערנעמער, וועלכע פלעגן אָפּט שטיצן איינצלנע פאַבריקאַנטן און נישט דערלאָזן, אַז זיי זאָלן נאָכגעבן די פאָדערונגען פון זייערע אַרבעטער. געווען פאַלן, ווען אונטערן דרוק פון אונטערנעמער־פאַראיין פלעגט דער אונטערנעמער צוריקציען די שוין נאָכגעגעבענע פאָדערונגען, און דער קאַמף פלעגט זיך אָנהויבן פון דאָסניי. דער פאַראיין פון די שניידער־מייסטער אין וואַרשע האָט פאַרעפנטלעכט אין דער פרעסע אַ דערקלערונג, אַז פאָדערונגען פון פראָפעסיאָנעלן פאַראיין אַפילו צו איינצלנע מייסטער מוזן געשיקט ווערן צום פאַראיין פון די מייסטערס, אַנדערש וועלן זיי נישט גענומען ווערן אין אַכט. דער פאַראיין פון די דערנערונג־אונטערנעמער (קאָנדיטאָרייען, צוקערניע־אויסאַרבעטונג) האָט באַפוילן זיינע מיטגלידער נישט צוצונעמען אַרבעטער, אויב זיי ברענגען נישט אַ קוויטל פון פאַבריקאַנט, ביי וועמען זיי האָבן פריער געאַרבעט.

אַ באַזונדערס וויכטיקע פונקציע פון די פראָפע־

*) וו. שולמאַן: זאַמלבוך „אונזער גרוס״, וואַרשע 1919 (זכרונות פון אַ רעדאַקציע־סעקרעטאַר).

סיאָנעלע פאַראיינען איז דאַן געווען — שאַפן שטיצע פאַר די אַרבעטסלאָזע מיטגלידער. דאָס פלעגט געמאַכט ווערן סיי דורך ספּעציעלע געלט־באַשטייערונגען פון די אַרבעטנדיקע, סיי דורך אָפּגעבן אַרבעטסטעג. באַזונדערס האָבן אויף דעם געביט זיך אויסגעצייכנט די דרוקער־ און בעקער־אַרבעטער־פאַראיינען. אין ביידע פאַכן איז געווען אַ כלל, אַז יעדער אַרבעטנדיקער מוז זיין באַשטייערט לטובת די אַרבעטסלאָזע און אָפּגעבן פאַר זיי אַ געוויסן טייל פון זיין אַרבעטס־צייט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ מין שטיצע איז נישט געווען גענוג אויף צו באַפרידיקן די נויטן פון אַלע אַרבעטסלאָזע.

די טעטיקייט פון די פאַראיינען האָט זיך אָבער דאַן קאָנצענטרירט דער עיקר אויף דער הילף־אַקציע פאַר די אַרבעטסלאָזע, וואָס זייער צאָל איז געווען זייער גרויס. אַזוי, למשל, אין וואַרשע האָבן די פאַכן, וואו די אַרבעטער זיינען געווען אָרגאַניזירט אין פאַראיינען, געציילט אין פעברואַר 1917 41 טויזנט אַרבעטער, דער גרעסטער טייל יידישע; פון זיי זיינען 36 טויזנט געווען אַרבעטסלאָז **). אין די קלענערע שטעט איז דער פּראָצענט אַרבעטסלאָזע געווען נאָך גרעסער. ביי אַזאַ לאַגע איז די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון די פאַראיינען געווענדט אויף שאַפן הילף פאַר זייערע מיטגלידער און אויך פאַר די נישט־מיטגלידער. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זיינען אַזוי אַרום געוואָרן דער צענטער פון דער הילף־אַקציע. כמעט ביי יעדן פאַראיין האָבן עקזיסטירט קיכן, טיי־האַלעס, ביליקער ברויט־פאַרקויף. עס זיינען אויך געשאַפן געוואָרן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון פון אַ גרעסערן און קלענערן פאַרנעם.

וועגן דער ראָל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין דער קולטור־אַרבעט האָבן מיר שוין געשריבן אויבן. אָבער אויך אויפן פּאָליטישן געביט האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען געשפּילט אַ גרויסע ראָל: די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זיינען געווען אומלעגאַל, און זיי האָבן אָפט, אונטער זייער אייגענעם נאָמען נישט געקאָנט אַרויסטרעטן. ביי זייערע פאַרשיידענע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אַקציעס, האָבן די פאַראיינען געבילדעט די לעגאַלע באַזע פאַר דער פּאָליטישער פּאַרטיי. אַזעלכע אַקציעס זיינען געפירט געוואָרן קעגן די קהילות, קעגן דער אָקופּאַציע־מאַכט, ווי למשל: וועגן יידישן שול־וועזן, וועגן דעמאָקראַטישן וואַל־רעכט צו די שטאָט־ראַטן און די קהילות, וועגן יידיש־רעדנדיקע בייזיצער אין די געריכטן און אַנדערע. אין הונגעריקן ווילנע האָט דאָס צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אָרגאַניזירט אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע אויפן לוקישקער מאַרק, אַנטקעגן דער דייטשער קאָמענדאַנטור. די דעמאָנסטראַנטן האָבן פּראָטעסטירט קעגן די פּרואוון פון דער אָקופּאַציע־מאַכט צו פאַרקלענערן די פּרייזן אויף די קאַרטן און אין די קיכן. די דעמאָנסטראַציע האָט געהאַט אַזאַ ווירקונג, אַז נישט נאָר עס איז צוריקגעצויגן געוואָרן די פאַראָרדענונג וועגן פאַרקלענערן די פּרייזן, נאָר, פאַרקערט, מען האָט זיי אפילו נאָך פאַרגרעסערט.

אין ביאַליסטאָק, וואָס האָט געהערט צום אַזוי גערופענעם „עטאַפּן־געביט”, וואו דער אָקופּאַציע־רעזשים איז געווען פיל שטרענגער, די פאַראיינען האָבן דאָרטן עקזיסטירט האַלב־לעגאַל און דער צענטראַל־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אינגאַנצן אומלעגאַל (געווען אַן אינטערנאַציאָנאַלער, צו אים האָבן געהערט אויך פאָרשטייער פון פּוילישע און ווייס־רוסישע אַרבעטער), האָט דער לעצטער טאַקע סוף 1917 אָרגאַניזירט אַ סטרייק פון די באַן־אַרבעטער אויף דער גאַנצער באַן־ליניע, ווי אויך אַן אַלגעמיינעם פּראָטעסט־סטרייק אין שטאָט קעגן דער אָקופּאַציע־מאַכט און איר אויסהונגערונג־פּאָליטיק.

הגם די איבערוויגנדיקע מערהייט פון די אַרבעטער אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זיינען געווען אונטערן איינפלוס פון „בונד”, זיינען דאָך אין די פאַרוואַלטונגען און אין די פאַך־קאָמיסיעס געווען פיל אומפּאַרטייאישע און אויך אָנהענגער פון אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען, ווי פּועלי־ציון, ס. ס., פּ. פּ. ס.־לעוויצע יידישע סעקציע, ביי די לעדער־אַרבעטער אויך אַ פּאָר אַנאַרכיסטן, — וועלכע פלעגן אויסגעקליבן ווערן אויף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, אַדאַנק זייער איינפלוס, פּערזענלעכן, אָדער פּאַרטייאישן. די פאַראיינען האָבן זיך געהאַלטן טריי אין דעם אינהאַלט און דעם גייסט פון זייערע סטאַטוטן, נעמלעך – אַז זיי נעמען אַרום אַלע אַרבעטער, אָן אונטערשיד פון ריכטונג און פּאָליטישע איבערצייגונגען. נישט געקוקט אויף דעם האָבן די פּועלי־ציון און ס. ס., וועלנדיק האָבן באַזעס פאַר זייערע פּאַרטיי־איינפלוסן, גענומען זיך צו אָרגאַניזירן באַזונדערע פאַראיינען אין אַ ריי קלענערע פאַכן, אָפּגעריסן פון גרויסן שטראָם פּראָפעסיאָנעל אָרגאַניזירטע אַרבעטער. פון די גרעסערע פאַראיינען האָבן צו די פּועלי־ציון אין וואַרשע געהערט די קעלנער און אַ טייל האַנדלס־אָנגעשטעלטע, צו די ס. ס. די פליישער און טרעגער־אַרבעטער. די פּועלי־ציון האָבן געשאַפן דאָס „אומפּאַרטייאישע צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען” און די „ס. ס.” — דאָס „צענטראַל־ביוראָ פון די אומפּאַרטייאישע פאַך־פאַראיינען”.

די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן זיך באַמיט צו רעגולירן דעם שטראָם פון די „פרייוויליקע” אַרבעטער, וואָס איז געפלאָסן קיין דייטשלאַנד, דורך אָרגאַניזירן ווי געהעריק די אַרבעטס־פאַרמיטלונג. אינם אַרבעט־פאַרמיטלונג־ביוראָ פון די פאַראיינען (די

**) „לעבנס־פראַגן”, 6טן פעברואַר 1917.

ביוראָ וואָס האָט עקזיסטירט נאָך פון די רוסישע צייטן, אויסגעהאַלטן דורך יק״אָ, איז אונטער דער אָקופּאַציע רעאָרגאַניזירט געוואָרן) זיינען פאָרגעקומען איניקע באַראַטונגען מיט די פאָרשטייער פון „הילף־פאַראיין פון די דייטשע יידן״ ד״ר סימאָן, קאַרל נעטער, ד״ר בערנאַרד קאַהאַן, פּראָפ. זאָבערנהיים און לודוויק האַאַז (דער לעצטער, אַ מיליטער־מאַן, האָט אויסגעפירט דעם אַמט פון אַ פאַרבינדונג־מאַן צווישן די פּוילישע יידן און דער דייטשער העכסטער אָקופּאַציע־מאַכט, זע אויבן, קאַפּיטל: דער פלירט מיט דער יידישער אָרטאָדאָקסיע). זיי האָבן געוואָלט, אַז די ווערבירונג פון יידישע אַרבעטער זאָל גיין דורכן אַרבעטס־פאַרמיטלונג־ביוראָ. דאָס איז אָבער נישט געלונגען צו אָרגאַניזירן אין אַ ברייטן פאַרנעם, צוליב די סיבות, וועלכע מיר האָבן אַרומגערעדט אין קאַפּיטל „צוואַנג־אַרבעט״.

# X. יידישע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס

אויך די יידישע בירגערלעכע שיכטן האָבן אויסגענוצט די געענדערטע פּאָליטישע סיטואַציע און גענומען שאַפן נייע, אָדער אויסברייטערן די אַלטע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. אויפן ערשטן פּלאַן גייען די קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון, רוי־שטאָף־פּאַרטיילונג, גמילת־חסדים־קאַסעס אד״גל. דער מאַנגל אין פּראָדוקטן בכלל, די רעגלאַמענטירונג פון גאַנצן ווירטשאַפטלעכן לעבן דורך דער אָקופּאַציע־מאַכט, דער מאַנגל אין אומזאַץ־קאַפּיטאַלן — האָט ממש אוממעגלעך געמאַכט פאַרן קליינעם קרעמער, הענדלער, בעל־מלאכה צו פירן זיין ווייטערדיקע עקזיסטענץ, אָנגיין מיט זיין האַנדל און מלאכה און האָט געשטעלט די ברייטע מאַסן פאַרברויכער, באַזונדערס אין די גרעסערע שטעט, אין אַ לאַגע פון כראָנישן נישט דערעסן און אפילו הונגערן. האָט מען פריער פאַר אַלץ געמוזט זאָרגן פאַרן טאָג־טעגלעכן ברויט— באַקעמפן די ספּעקולאַציע מיט שפּייז־אַרטיקלען דורך גרינדן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון, פאַרזאָרגן די מיטגלידער קאָלעקטיוו, פאָדערן פון דער מאַכט, אַז אַלע קאָנטינגענט־אַרטיקלען זאָלן נישט פאַרטיילט ווערן יעדן יחיד באַזונדער, נאָר איבערגעגעבן ווערן דעם קאָאָפּעראַטיוו פאַר אַלע זיינע מיטגלידער צוזאַמען. אַזעלכע פּראָדוקטן־פאַרטיילונג־קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיך געגרינדעט אַרום יעדער חברה, שול, אַרום יעטוועדער געזעלשאַפט און אָרגאַניזאַציע. אַ קאָלעקטיוו איז אַלע מאָל לייכטער געווען אויסצופועלן ביי דער אָקופּאַציע־מאַכט גרעסערע סכומים פּראָדוקטן, גרעסערע הנחות און דאָס גלייכן.

אַ וויכטיקע אַרבעט אויף דעם געביט האָט געפירט דער צענטראַלער יידישער סוחרים־פאַראיין אין וואַרשע, וואָס האָט געהאַט זיינע אָפּטיילונגען אין אַ רייע גרעסערע שטעט. ער האָט אויף די ערטער געשאַפן קאָאָפּעראַטיוון אויף פאַנאַנדערטיילן די קאָנטינגענט־אַרטיקלען, וועלכע ער פלעגט, מיט גרויסע שוועריקייטן באַקומען ביי דער מאַכט; ער פלעגט אויך דורכפירן אינטערווענצן קעגן באַעוולהן אַ קאָאָפּעראַטיוו אָדער אַ שטאָט ביים פאַנאַנדערטיילן די קאָנטינגענט־אַרטיקלען, און ער האָט אויף אַזאַ אופן געראַטעוועט פיל סוחרים פון אונטערגאַנג. דער צענטראַלער סוחרים־פאַראיין האָט עקזיסטירט נאָך פאַר דער מלחמה. בעת דער מלחמה, אין יאָר 1916, האָט זיך געגרינדעט אין וואַרשע דער צענטראַלער יידישער קליין־הענדלער־פאַראיין. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט נישט געוואָלט לכתחילה לעגאַליזירן אַזאַ פאַראיין, זעענדיק אין אים אַ שטערונג פאַר איר קאָנטראָל און רעגלאַמענטאַציע פון ווירטשאַפטלעכן לעבן, איבערהויפּט פון האַנדל. דער פאַראיין האָט דעריבער די ערשטע צייט עקזיסטירט אויפן סמך פון אַ סטאַטוט פון אַ שפּייז־קאָאָפּעראַטיוו. ערשט אין יאָר 1917



האָט די אָקופּאַציע־מאַכט לעגאַליזירט דעם סטאַטוט פון „צענטראַלן קליין־הענדלער־פאַראיין״.

נאָך פון פאַר דער מלחמה האָט אין וואַרשע עקזיסטירט אַ יידישער האַנטווערקער־פאַראיין, וועלכער האָט אַרומגענומען הונדערטער יידישע קליינע בעל־מלאכות. בעת דער אָקופּאַציע האָט דער פאַראיין געשאַפן קאָאָפּעראַטיוון אויף פאַנאַנדערטיילן די קאָנטינגענטירטע רוי־שטאָפן, וואָס מען פלעגט באַקומען פון דער דייטשער מאַכט; ער האָט אויך פאַרלייכטערט אין אַ גרויסער מאָס דעם הורט־איינקויף פון יענע רוי־שטאָפן, וועלכע מען האָט געקאָנט באַקומען אויפן „פרייען מאַרק״.

ביי די אַלע דערמאָנטע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס האָבן עקזיסטירט אין אַ גרעסערן אָדער קלענערן פאַרנעם ליי־קאַסעס אויף אַרויסצוהעלפן מיט אומזאַץ־קאַפּיטאַל די נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער. די דאָזיקע גמילת־חסדים־קאַסעס האָבן אונטער די שווערע ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען פון דער אָקופּאַציע געהאָלפן ווי נישט איז זיך האַלטן אויף די פיס דעם קליינעם בעל־מלאכה, דעם קליינעם הענדלער. שפּעטער, אינם אומאָפּהענגיקן פּוילן, זיינען זיי, מיט דער הילף פון „דזשאָינט״, אויסגעוואַקסן אין אַ פאַרצווייגטע נעץ מיט צענדליקער טויזנטער מיטגלידער און מיליאָנען אומזאַץ־קאַפּיטאַלן. אין ווילנע האָט דער האַנטווערקער־פאַראיין געגרינדעט אַ קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו פאַר ביליקן פּראָדוקטן־פאַרקויף, און די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט אַרומגענומען העכער טויזנט מיטגלידער און האָט באַדינט ביז 3,000 האַנטווערקער פון אַן ערך 50 פאַכן. דער פאַראיין פון דעטאַליסטן (לאַחדים־קרעמער) האָט געשאַפן אַ קאָאָפּעראַטיוו אויף איינצוקויפן סחורה אין הורט דורך דעם בירגער־קאָמיטעט און עס פאַרטיילן צווישן זיינע מיטגלידער. ווי שוין פריער געשילדערט, איז אין ווילנע די ווירטשאַפטלעכע לאַגע געווען אַ קאַטאַסטראָפאַלע; האָבן אַלע 32 באַזונדערע קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון פון שטאָט אויסגעבילדעט אַ צענטראַלע אויף איינצוקויפן און באַקומען פּראָדוקטן פון „בירגער קאָמיטעט״ און פון דער דייטשער מאַכט. די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון האָבן אַרומגענומען העכער 20 טויזנט מיטגלידער — אַ דריטל פון דער דעמאָלטיקער יידישער באַפעלקערונג פון שטאָט. אין ווילנער געגנט האָט אַ ברייטע טעטיקייט אַנטוויקלט די הילף־געזעלשאַפט „יעקאָפּאָ״; זי האָט אין די ערשטע דריי מלחמה־יאָרן אָרגאַניזירט 42 גמילת־חסדים־קאַסעס; די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט באַדינט ביז הונדערט שטעטלעך פון דער גאַנצער ווילנער פּראָווינץ, און האָט געהאַט אַן אומזאַץ־קאַפּיטאַל פון 6,000 דאָלאַר אַ יאָר, וואָס איז פאַר יענער צייט געווען אַ פאַרהעלטנישמעסיק גרויסע סומע.

אין ביאַליסטאָק האָבן גלייך נאָך דער אָקופּאַציע,

אין סעפּטעמבער 1915, זיך גענומען שאַפן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון. אָנהויב 1916 זיינען שוין געווען רעגיסטרירט 16 קאָאָפּעראַטיוון מיט קנאַפּע 4,000 מיטגלידער. זיי האָבן זיך געבילדעט סיי ביי באַזונדערע פאַכן, ווי וועבער, שניידער, סיי ביי חברות, שולן, בתי־מדרשים. דאָ אין עטאַפּן־געביט איז דער הונגער געווען גרויס, דאָ האָבן די דייטשע באַאַמטע נישט געפילט איבער זיך דעם קאָנטראָל פון די העכערע באַאַמטע, אָדער פון דער געזעלשאַפט, — האָט געבליט דער כאַבאַר און ספּעקולאַציע. אַזוי, למשל, האָבן פּריוואַטע סוחרים באַקומען דעם מאָנאָפּאָל אויף צו פאַרקויפן אַזעלכע וויכטיקע אַרטיקלען, ווי נאַפט, צוקער, בעת די קהילה האָט באַקומען דעם מאָנאָפּאָל בלויז אויף סאַכאַרין. די בעקערייען האָבן פאַר ראש־השנה פאַרבאַהאַלטן דאָס ברויט אויף ספּעקולאַציע, האָבן די צוויי בעקערייען פון די קאָנסום־פאַראיינען ווי וויט מעגלעך פאַרשטאַרקט זייער פּראָדוקציע און אום ראש־השנה פאַרקויפט דאָס ברויט צום געוויינלעכן פּרייז. די קאָאָפּעראַטיווע בעקערייען האָבן געוואָלט אָפּדינגען פאַר זיך אַן אייגענע מיל, האָט אָבער די אָקופּאַציע־מאַכט נישט דערלויבט, וואַרשיינלעך, צוליב די „שיינע אויגן" פון די פּריוואַטע בעקער. זי האָט אויך מבטל געמאַכט די קניה פון אַ גרויסן שטח וואַלד, וואָס די קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון האָבן אָפּגעקויפט אויף צוצוגרייטן האָלץ אויף ווינטער צום ביליקן פאַרקויף. דעם שטח וואַלד האָט די אָקופּאַציע־מאַכט סעקוועסטרירט פאַר זיך. און דאָס איז געווען אין דער זעלבער צייט, ווען די אָקופּאַנטן פלעגן כסדר אויסהאַקן די גרויסע ביאַלאָוועזשער וועלדער און טראַנספּאָרטירן דאָס געהילץ קיין דייטשלאַנד. אַ פלייש־קאָאָפּעראַטיוו ביי דער געזעלשאַפט „לינת הצדק" האָט זיך פאַרנומען ספּעציעל מיט אָפּקויפן דעם אָפּפאַל פון פלייש ביי דער דייטשער מיליטערישער אינטענדאַנטור און עס פאַרקויפן צו „מעסיקע" פּרייזן — 40 קאָפּיקעס אַ פונט. די קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון פלעגן אָפּדינגען גרויסע שטחים קאַרטאָפל־פעלדער, זיי מיט די אייגענע מיטלען פאַרזייען און אויך גראָבן די קאַרטאָפל און דאַן ברענגען אין שטאָט אַריין דעם דאָזיקן טייערן פּראָדוקט, וואָס איז דעמאָלט געווען כמעט דאָס איינציקע שפּייז פאַר טויזנטער משפחות.

וועגן די ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס עס האָבן געשאַפן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, האָבן מיר געשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך. אַרבעטער־קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון האָבן עקזיסטירט אין וואַרשע, לאָדזש, לובלין, פּעטריקאָוו, ביאַליסטאָק, ווילנע, טשענסטאָכאָוו און אַ ריי אַנדערע שטעט. אין טייל שטעט האָבן די אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון פאַרמאָגט אויך אייגענע בעקערייען. פון זייערע הכנסות פלעגן די אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון אויסהאַלטן אָדער אונטערשטיצן די אַרבעטער־קינדער־היימען, וועלכע זיינען דעמאָלט געשאַפן געוואָרן אין אַ ריי שטעט.

אין וואַרשע האָט דער קאָנסום־פאַראיין פון יידישע אַרבעטער, „איינינקייט", פאַרמאָגט אַ ריי געוועלבער. חוץ שפּייז־פּראָדוקטן האָט „איינינקייט" (געגרינדעט 1916) אויך צוגעשטעלט פאַר זיינע מיטגלידער הייץ־מאַטעריאַלן, ווי קוילן, האָלץ. ער האָט אויך טיילווייז באַזאָרגט אַ ריי ווירטשאַפטלעכע אַרבעטער־אינסטיטוציעס — קיכן, טיי־האַלעס ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — מיט פּראָדוקטן. פּרואוון פון באַזונדערע פאַראיינען (טאַבאַק־אַרבעטער־פאַראיין, בעקער־פאַראיין, דרוקער־פאַראיין) צו שאַפן אייגענע, זעלבשטענדיקע קאָנסום־פאַראיינען פאַר זייערע מיטגלידער זיינען נישט געלונגען. זיי האָבן נישט געקענט עקזיסטירן לאַנג, דער עיקר צוליב מאַנגל פון פּראָדוקטן. אגב, צוליב דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון מאַגיסטראַט, אין וועמענס הענט עס איז געלעגן די פאַרטיילונג פון שפּייז־פּראָדוקטן פאַר דער באַפעלקערונג האָבן שטאַרק געליטן אפילו די צענטראַלע יידישע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. אַחוץ דעם קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו „איינינקייט" האָבן אין וואַרשע עקזיסטירט אויך אַ קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו ביי דער „אַרבעטער־היים" (פּועלי־ציון) און „אחדות" (ביי די ס"ס).

אין לאָדזש האָבן עקזיסטירט קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון טיילווייז געמיינשאַפטלעכע מיט די נישט־יידישע אַרבעטער, ווי „ראַבאָטניק", „מעטאַליסט", „זוויאָנזקאָוויעץ". ביים „ראַבאָטניק" האָט עקזיסטירט אַ בעקעריי. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַל־קאָמיסיע פון אַלע אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון אין שטאָט, אויך אַ צענטראַל־ביוראָ, וואָס האָט אַרומגענומען זיבן יידישע קאָאָפּעראַטיוון. אין ווילנע איז די באַזאָרגונג פון די ווירטשאַפטלעכע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס (קיכן, טיי־האַלעס) געלעגן אין די הענט פון קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1915, — אַ פּאָר חדשים נאָכן אָנהויב פון דער אָקופּאַציע. אויך די פאַראיינען פון די יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע (קאָמי־פאַראיינען) אין וואַרשע און לאָדזש, האָבן פאַרמאָגט אייגענע קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע האָבן, נישט געקוקט אויף אַלע שטערונגען, זיך פאַרהעלטניסמעסיק גוט אַנטוויקלט און האָבן באַזאָרגט זייערע מיטגלידער מיט בעסערע פּראָדוקטן צו ביליקערע פּרייזן.

אין די שווערסטע יאָרן פון דעזאָרגאַניזירטער עקאָנאָמיק און ווירטשאַפטלעכן כאַאָס, איינגעפּרעסט אין די צוימען פון די אָקופּאַנטישע רעגולאַציעס און באַגרענעצונגען — האָבן דאָך די יידן אין פּוילן באַוויזן אויסצובויען אַ ריי ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, זיך פאַרפעסטיקן אויף זיי און — שוין ביי נייע געענדערטע באַדינגונגען — פירן ווייטער זייער עקשנותדיקן געראַנגל פאַר אַ מער פעסטן און מער זיכערן קיום.

# תיקון טעות

| זייט | שורה | שטייט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 44 | 19 פון אויבן | קאָדמיר | צאָזמיר |
| 44 | 19 פון אויבן | 14 | 41 |
| 68 | 11 פון אונטן | ברענגען בראָנפן | ברענגען, בראָנפן |
| 73 | 11 פון אויבן | ווען די גרויסע | וועגן די גרויסע |
| 96 | 2 פון אויבן | קראַסנע | קראָסנע |
| 161 | קעפל פון קאַפיטל | אין 18־טן י״ה | און אין 18־טן י״ה |
| 184 | שורה 3 פון אונטן | דאַרף קומען פאַר שורה 2 | |
| 256 | 2 פון אונטן | געווען גענוג | געווען גענוג תקיף |
| 275 | 24 פון אונטן | דערמאָנען | דערגאַנצן |
| 393 | | רינגעלבלום עמנואל | מאהלער ר. און רינגעלבלום עמנואל |